# דאָס אַמאָליקע ייִדישע וואַרשע

## ביז דער שוועל פון דריטן חורבן

**1414 - 1939**

אין :

ליד
באַלאַדע
פּאָעמע
דראַמע
דערציילונג
ראָמאַן
הומאָרעסקע
גלייכוואָרט
פֿאָלקסליד
געשיכטע
זכרונות
עסיי
פּובליציסטיק
זשורנאַליסטיק
רעדע
רעפּאָרטאַזש
כראָניק
פון 139 מחברים

☆ ☆ ☆

און אַנטאָלאָגיע

יזכור־
בלעטער
נאָך
טייערע
נאָענטע
אומגע־
קומענע

אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פון וואַרשעווער יידן
אין מאָנטרעאָל
ה׳תשכ״ו — 1966

## זוך־צעטל



*Jewish Warsaw - That Was . . .*

**A YIDDISH LITERARY ANTHOLOGY**

**PUBLISHED by the FARBAND of WARSAW JEWS in MONTREAL**

PRINTED BY NORTHERN PRINTING & LITHOGRAPHING CO.

1966  MONTREAL, CANADA  5726

# אַ וואָרט פון מאָנטרעאָלער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער יידן

☆ ☆ ☆

מיט דער הייליקער כוונה צוצוטראָגן אונדזער באַשיידענעם חלק צו דער יזכור — און געדענק־ליטעראַטור נאָך דעם פאַרשניטענעם — אין דריטן חורבן — פוילישן יידנטום, געבן מיר אַרויס דאָס דאָזיקע בוך פון נאָענט צו 900 זייטן. עס רופט זיך „דאָס אַמאָליקע יידישע וואַרשע — אין יידישן ליד, דערציילונג, דראַמע, עסיי, פובליציסטיק, געשיכטע, רעפּאָרטאַזש און כראָניק".

איכה ישבה בדד העיר רבתי עם — — אונדזער אַנטאָלאָגיע גייט אויף אַן אייגענעם דרך — נישט דעם „בדד העיר", ווייל זי ברענגען צום אויסדרוק, און נייערט דעם „רבתי עם". אינעם לעבעדיקן שפּיגל פון דער גרעסטער קהילה אין אייראָפּע, אין פאַרלויף פון אַ יאָרהונדערט, זעט זיך נאָך טונקעלער אַן דאָס פאַרשניטענע פּנים פון יידישן וואַרשע, וואָס איז מער נישטאָ.

אונדזערע מיטלען זענען באַגרענעצטע, אַזוי אויך די טעכנישע מיטלען אין די יידישע דרוקערייען פון אונדזער שטאָט. דערפאַר האָט אַזוי לאַנג — כמעט דריי יאָרן — געדויערט דאָס פאַרטיק־מאַכן פון דעם בוך, דעריבער האָבן מיר נישט געקענט איינשליסן אַ בילדער־אָפּטיילונג. מיר בעטן דערפאַר מחילה.

כדי צו געבן אונדזערע חברים, ווי אויך אַלע אַנדערע וואַרשעווער, און אויך נישט־וואַרשעווער פוילישע יידן, די מעגלעכקייט צו דערמאָנען אויף די בלעטער פון אונדזער בוך די נעמען פון טייערע נאָענטע אומגעקומענע, האָבן מיר איינגעשלאָסן אַ יזכור־אָפּטיילונג.

מיר דאַנקען אַלע מיט־טוער ביי דער רעאַליזירונג פון דער דאָזיקער אַנטאָלאָגיע.

גענויער וועגן דעם כאַראַקטער און אינהאַלט פון אונדזער בוך — אין דער הקדמה פון דעם צוזאַמענשטעלער.

**אַבע איגעלפעלד** — פאָרזיצער
**דוד זיסמאַן** — סעקרעטאַר

# איכה ישבה — —
# בדד העיר — —



די חורבות פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אין יאָר 1943

די סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע אין יאָר 1878 ווען וואַרשע האָט
געציילט הונדערט־טויזנט יידישע נפשות



רבתי עם———

שרתי במדינות———

# מאנטרעאלער פארבאנד
# פון
#ווארשעווער יידן

☆ ☆ ☆

עקזעקוטיווע:

**אברהם שוויצמאַן**
ערן־פּאַרזיצער

**אַבע איגעלפעלד**
פּאַרזיצער

**בנציון האַלצמאַן**
וויצע־פּאַרזיצער

**דוד זיסמאַן**
סעקרעטאַר

**בעריש האַלפערן**
טעכנישער אָרגאַניזאַטאָר

**יואל שניידערמאַן**
קאַסירער

**בעלאַ אַלטענבערג**
פּאַרזיצערין פון
פרויען־דיוויזיע

---

אַננאַ באַרטשוק
העניע גאָלדסטעפּ
צפורה גאַרנעק
פעלע גורני
שיינדל גרושקאַ
שמעון גרייצער
גדליה דרעשמאַן
משה זאַלצשטיין
גיטל זשעמיעניאַק
שרה סלאָווּנער
נחמיה פורמאַן

---

רענאַ פיגלאַזש ע״ה

---

העלע קאַבריץ
חוה קאַליך
טאַבטשע קרוליק
לאָלע ראָזענפעלד

★

בוך־קאָמיטעט

דוד אויגענפעלד
אַבע איגעלפעלד
שמעון גרייצער
בעריש האַלפערן
בנציון האַלצמאַן
אברהם וואָלאָווטשיק
דוד זיסמאַן
גיטל זשעמיעניאַק
יוסף סלאָווּנער
יהודה עלבערג
פּאַול טרעפּמאַן
ישראל פאַלק
נחמיה פורמאַן
הערץ קיילעס
אברהם שוויצמאַן
יואל שניידערמאַן

---

**מלך ראַוויטש**
רעדאַקטאָר

**רחל אייזענבערג**
סעקרעטאַרין פון רעדאַקציע

אונדזער
זאַמלבוך,
צונויפגעשטעלט
פון כתבים
פון 139 מחברים,
וויל אויפלעבן
די מראה
פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע,
וואָס איז אין די
לעצטע הונדערט יאָר
געווען דער גרעסטער
און רירעוודיקסטער
יידישער יישוב אין אייראָפּע.
וואַרשע — די עיר הבירה פון פוילן,
די עיר ואם בישראל.

* * *

דאָס זאַמלבוך
וויל אויך זיין
**אַ יזכור־בוך**
מיט אייביק לעבעדיקע נעמען
פון די הייליקע הרוגים
פון וואַרשע
און אַנדערע קהילות אין פוילן,
אין די יאָרן פון דריטן חורבן.

* * *

די יזכור־בלעטער
הויבן זיך אָן אין ד ע ם בוך
נאָך דער זייט 832.
נאָך די יזכור־בלעטער קומט
די כ ר אָ נ י ק פון 525 יאָרן
פון יידישן יישוב אין וואַרשע.

װאַרשע האָט בדרך כלל פֿון קיין גרויסע בלוטיקע פּאָגראָמען נישט געליטן. אָנפֿאַלן, הריגות, רויבערייען — יאָ, אָבער נישט קיין גרויסע פּאָגראָמען לויטן אוקראַיִניש־רוסישן שטייגער. דער ערשטער, איינציקער גרויסער רויב־פּאָגראָם איז פֿאָרגעקומען אין דעצעמבער 1881. נ אָ ך דער געשעעניש האָט אַ פֿאָלקס־מחבר געשריבן אַ קינה „דאָס ליד פֿון ראַבאָניק״. אויף די זייטן 11 און 12 רעפּראָדוצירן מיר דאָס שער־בלאַט און די הקדמה פֿון דער פֿאָלקס־קינה. איבער דורות אַריבער, איבער 60 יאָרן — רופֿט זיך איבער „דאָס ליד פֿון ראַבאָניק״ מיט יצחק קאַצענעלסאָנס — הי״ד — קינה „דאָס ליד פֿון א ו י ס ג ע ה ר ג ע ט ן יידישן פֿאָלק״...

# דאס ליד

## פון

# ראבאניק

מיט אלע זאכען וואס עס האט אין ווארשא אויך נאך שטעם פפאסירט. בעת ווען דיא פאנקלאוויסטען האבן נעריטערט :



איינעגמהום י׳ ב׳ דעם פערלעגערס
נאכדרוק ווירד פארבעהאלטען

# הקדמה

## א

איך גיב מיין ווערק אין דיא דרוק אריין
דעם נאמען מיינעם טוא איך דייטליך ארוס שרייבן
מען האט געבעך אונץ אן געטוהן זייער פיל פיין;
בען האט אונץ נאר גוואלט פון דעם לאנד פערטרייבן

## ב

עס האט זיך שון געלויבט צו גיט געשטילט דער צארען
נור אויף דעם אנדענקונג דאס אומגליק האבן מיר
פערפאסט אליד
וואס זיי האבן גקלערט איז צו נישט גיווארען
אונ מיר האפען דאס עס וועט שון ניט זיין קיין שום
שלעכץ אויף איד

## ג

פאר גאט איז נגאנגען דיא געשרייען פון אונזער קעהל
האט ער דר וועקט דם רחמנות אונ גשיקט אונץ ארעלייזר

## ד

דאס וואס איז גוועון איז איין פערפאלענע זאך
דיא פרנסה איז דורך דעם גווארען גשטערט
נאט ב"ה האט אזו געהייסען איז בוודאי גלייך
מסתמא איז דאס אומגליק מן השמים אונץ אזו גוועון בשערט

איה

# הקדמה



מיט אַ טיפער איבערלעבונג אין דער נשמה דערלאַנגען מיר סוף כל סוף — נאָך עטלעכע יאָרן צוגרייטונג — דאָס דאָזיקע בוך דעם יידישן לייענער. מעג ער זיין פון וואַרשע, אָדער פון כל אַנדערע תפוצות ישראל. מיר רופן אונדזער אַנטאָלאָגיע מיט אַ לענגלעכן נאָמען: ד אָ ס  אַ מ אָ ל י״ ק ע  י י ד י ש ע  ו ו אַ ר ש ע ביז דער שוועל פון דריטן חורבן אין ליד, באַלאַדע, פּאָעמע, דראַמע, דערציילונג, ראָמאַן, הומאָרעסקע, גלייכוווערטל, פאָלקס-ליד, געשיכטע, זכרונות, עסיי, פּובליציסטיק, זשורנאַליסטיק, רעדע, רעפּאָרטאַזש, כראָניק.

אונדזער בוך איז — אין אַ געוויסן זינען — אַנדערשדיק, ווי די יזכור־ביכער; און אַנדערשדיק מיינט — פּיאָנעריש, און פּיאָנעריש מיינט אויך ממילא אַביסל בלאָנדזשען...

מיר האָבן די אויבן אויסגערעכנטע 17 מינים פון ליטעראַרישן אויסדרוק געזוכט ביי אַן ערך 300 מחברים. אַריינגענומען אין דער אַנטאָלאָגיע האָבן מיר בייטראַגן פון בלויז 139 אויטאָרן. אוודאי האָבן מיר אויך געזוכט קינסטלערישן און בכלל ליטעראַרישן איכות אין די זאכן, אָבער אין דער ערשטער ריי האָבן מיר געזוכט דאָס וואַרשעווער טעמאַטישע. מיר האָבן געזוכט וואַרשעווער יידישע פאָלקשאַפט פון אַלע צייטן זינט דעם יאָר 1414 ביז דעם יאָר 1939 — אויפן פאָן פון דער וואַר־שעווער לאַנדשאַפט בכלל און בפרט יידישער לאַנדשאַפט; ווייל וואַרשע, די עיר הבירה, פונקט ווי די פּוילישע יידישע שטעטלעך, האָט אין פאַרלויף פון יאָרהונ־דערטער געשאַפן אַן אויסגעשפּראָכן יידישע לאַנדשאַפט. אויף וויפל אונדז איז באַקאַנט איז נאָר איינער פון די 139 מחברים (ג. באדער) קיינמאָל אין וואַרשע נישט געווען, אַלע אַנדערע האָבן דאָרט געוווילט, דאָרט אַ סכום פון יאָרן, אָדער גאָר זייער לעבן לאַנג געוווינט, אָדער גאָר דאָרט געבוירן געוואָרן.

דעצידירט האָט אָבער נישט דער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער סטאַזש און נייערט: צי האָט דער באַטרעפנדיקער מחבר  ג ע ש ר י ב ן  וועגן יידישן וואַרשע. און אַזוי וועט אַן אויפמערקזאַמער לייענער זיך וווּנדערן: ווי קומט עס, וואָס פלוני בן־פלוני, א באקאנטער שרייבער, איז אין דעם זאמל־ווערק נישטאָ. אַז ער וועט אָבער גענויער נאָכקוקן, וועט ער זיך איבערצייגן, אַז אַ וואַרשעווער לאַנדסמאַן איז ער טאַקע — און אַ בכבודיקער דערצו — אָבער  ו ו ע ג ן  וואַרשע האָט ער קיינמאָל נישט געשריבן; ער האָט בלויז געשריבן  א י ן  וואַרשע.

צוליב אַלערליי סיבות — אַלעמאָל בשוגג, קיינמאָל נישט במזיד — געפינט איר דאָ נישט אַ גאַנצע שורה מחברים, וואָס האָבן יאָ געשריבן וועגן יידישן וואַרשע.

איין סיבה: די זאַכן זענען צעוואָרפן איבער צייטונגען און זשורנאַלן און מיר האָבן זיי פּשוט נישט געקענט געפינען. צומאָל האָבן מיר געפונען, אָבער שוין צו שפּעט. דאָס בוך איז שוין געווען אויסגעזעצט. אַן אַנדערש מאָל זענען די זאַכן געווען צו גרויס און די רעמען פון אונדזער בוך צו שמאָל. און אַז. וו. און — אגב — אונדזער וואַרשעווער אַנטאָלאָגיע איז די ערשטע פון איר מין, אָבער — חלילה וחס! — נישט די לעצטע. וואַרשע של מעלה מאַכט ערשט די ערשטע שריט אין דער יידישער אייביקייט. אַנדערע וועלן קומען און די קריוודעס פאַרריכטן אין אַנטאָלאָגיעס — זעקס־מאָל אַזוי פאַרנעמיק ווי די איצטיקע. פונקט ווי די טעמע — ירושלים — איז נאָך אַלץ נישט אויסגעשעפּט — נאָך יאָרטויזנטער — אזוי וועט עס נעמען יאָרטויזנטער די טעמע וואַרשע אויסצושעפּן.

אויך האָבן מיר געהאַט אָפט אַ שווער פּראָבלעם מיט מחברים, וואָס זענען כולו וואַרשע; הונדערטער, טויזנטער זייטן. גיי און קלויב די שענסטע כוואַליע ביים ברעג פון ים... אַנדערע מחברים — אַ לעבן לאַנג דאָרט געלעבט און קוים אַ בלעטל דאָ און דאָרט וועגן וואַרשע געשריבן. גיי געפין אַ פּערל אין די טיפענישן פאַרזונקען.

אינעם קלויבן די זאַכן פאַר דער אַנטאָלאָגיע האָבן מיר נישט צוריקגעשטויסן און נישט באַזונדערס צוגעדריקט צום האַרצן געוויסע דערשיינונגען אין יידישן לעבן אין וואַרשע. אַלץ, וואָס יידיש און וואַרשעוועריש איז אונדז געווען טייער. מיר וועלן זיך דערוועגן צו זאָגן, אַז די שאָטן-זייטן פונקט אזוי ווי די ליכט־זייטן.

פונקט ווי מיר האָבן נישט געזוכט בכיוון דעם אַפּאָלאָגעטישן גייסט אין די אַריינגענומענע בייטראַגן, אזוי האָבן מיר אויך בכיוון נישט אויסגעמיטן דאָס קריטישע און אפילו סאַרקאַסטישע. די טבע פון אַן אמתדיק בילד איז שוין אַזוי, אַז עס מוז אויך האָבן שאָטנס, כדי די ליכטיקע זייטן זאָלן בולטער ווערן. פונקט ווי ירושלים, איז וואַרשע נישט געווען אַ יישוב פון הייליקע, נאָר אַלץ אין אַלעם און בסך הכל: אַ הייליקער יישוב.

אויב ווילנע איז געווען דער מוח פון מזרח-אייראָפּעישן יידנטום — וואַרשע איז געווען דאָס האַרץ.

מיר מיינען, אַז די טעמע „דאָס אַמאָליקע יידישע וואַרשע ביז דער שוועל פון חורבן" — און „קרבן — און חורבן־וואַרשע" זענען לחלוטין אָפּגעטיילט איינס פון אַנדערן, כאָטש זיי זענען צונויפגעוואַקסן ווי אַ סיאַמער צווילינג... עס וואָלט אונדז צו ווייט אַוועקגעפירט, ווען מיר וואָלטן עס דאָ גענומען מסביר זיין. אַן אַנטאָלאָגיע „חורבן און קרבן וואַרשע" (מיר שטרייכן אונטער דאָס וואָרט „קרבן") דאַרף און מוז און וועט ערשט קומען. די צייט איז נאָך נישט רייף.

☆ ☆ ☆

אונדז זענען ביז איצט באַקאַנט פיר פונדאַמענטאַלע און ברייט־פאַרנעמיקע ווערק, וואָס זייער טעמע איז דאָס יידישע וואַרשע פון אַלע צייטן. (מיר נעמען אין דער רשימה נישט אַריין ווערק, וואָס זייער טעמע איז בעיקר חורבן) אָט זענען זייערע טיטולן:

אנציקלופדיה של גלויות — כרך ראשון — וארשה — העורך יצחק גרינבוים — ירושלים, תל אביב 1953. 814 עמודים.

תולדות יהודי ורשה — 1414־1943. הוצאות עם־עובד, תל אביב. תשי״ג. 416 זייטן. מחבר: אברהם לוינסון.

געשיכטע פון יידן אין ווארשע — באנד 1 — פון די אנהויבן ביזן אויפשטאנד 1831. ייוואָ, ניו יאָרק 1947, 352 זייטן. באַנד 2 — פון 1831 ביזן אויפשטאַנד 1863. ייוואָ, ניו יאָרק, 1948, 314 זייטן. באַנד 3 — פון 1863 ביז 1896. ייוואָ, ניו יאָרק 1953, 460 זייטן. מחבר ד"ר יעקב שאַצקי.

פנקס וואַרשע — ערשטער באַנד, אַרויסגעגעבן פון דעם לאַנדסלייט־פאַראיין פון וואַרשע אין אַרגענטינע. בוענאָס איירעס 1955. 1352 עמודים. רע־דאַקציע: פיניע קאַץ, מאָטל זאַקין, ג. קאַליקשטיין, ש. קאַמינסקי, מ. זאַקס.

מיטן אויסנאַם פון די ביכער פון דעם היסטאָריקער ד"ר יעקב שאַצקי — שליסן די ווערק איין אויך די יאָרן פון חורבן.

☆ ☆ ☆

מיט אַ ציטער אין געמיט האָפן מיר, אַז אונדזער אַנטאָלאָגיע וועט האָבן איר באַשיידענעם אָרט אין דער ריי פון די דערמאָנטע ביכער פון קענטשאַפט און ליבשאַפט פון דער האַלב־יאָרטויזנטיעריקער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע.

מיר האָבן בדרך כלל אַריינגענומען אין דער אַנטאָלאָגיע ווערק געשריבענע אין יידיש, דעם לשון פון די וואַרשעווער יידן. עטלעכע געציילטע יוצאי מן הכלל באַ־שטעטיקן דעם כלל. אַריינגענומען אין דער זאַמלונג בייטראַגן, געשריבענע אין אַנדערע לשונות — העברעיש, פויליש, דייטש לדוגמא — וואָלט כאָטש פאַרטאָפּלט די אַזוי אויך ברייטע רעמען פון אונדזער בוך.

צוליב אַ גרינגערער אָריענטאַציע פונעם לייענער פון אונדזער אַנטאָלאָגיע צו געפינען זאַכן אויף יענע טעמעס, מאָטיוון און יאָרן פון יידן אין וואַרשע, וואָס אים אינטערעסירן ספּעציעל — האָבן מיר צוגעגעבן — חוץ דעם אַלגעמיינעם זוך־צעטל — אויך אַ זוך־צעטל, איינגעטיילט לויט מאָטיוון, טעמעס, יאָרן. וועט אַ לייענער — לאָמיר זאָגן — ווען ווילן וויסן וויאַזוי עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער יידישער ליטעראַטור די כאַראַקטעריסטישע הייף און די געשטאַלטן פון הויז-ווירטן — אָדער „וואַרעטן" אין וואַרשעווער דיאַלעקט — וועט ער גרינג און מיט דער הילף פון דעם טעמעס־זוך-צעטל — קענען געפינען, אויב ער וועט זוכן אין די בייטראַגן פון: אָפּאַטאָשו, האָפער, זאַנשיין, זינגער, טייטעלבוים, טשעמני, קאַגאַנאָווסקי. די דאָזיקע רשימה אַנטהאַלט אַ האַלבן הונדערט טעמעס און מאָטיוון.

דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט זיכער באַמערקן, אַז צווישן די פּופּציקערליי מאָטיוון און טעמעס פון אונדזער בוך זענען דריי צום מייסטן פאַרטראָטן: אָרעמ־שאַפט און נויט — גאַסן, געסלעך, פלעצער און מערק — יצחק לייבוש פרץ. דאָס איז נישט קיין איבעררואַשונג, דאָס איז נאָר נאַטירלעך. די דאָזיקע טעמעס האָבן צום שטאַרקסטן אַפּעלירט צום וואַרשעווער יידישן שרייבער און האָבן גאַנץ נאַטירלעך פאַרנומען דעם אויבן־אָן. אָבער עס איז נאָך געבליבן גענוג אָרט פאַר אַלערליי 47 אַנדערע מאָטיוון.

און צוליב אַ גרינגערער, און באמת עיקרדיקער, אָריענטאַציע בכלל אין דעם גאַנצן פאַנטאַסטיש־פּאַטעטישן און נישט מינדער טראַגישן ענין „אַ האַלב יאָרטויזנט יידן אין וואַרשע" האָבן מיר צוזאַמענגעטראָגן און צוזאַמענגעשטעלט ראשי פרקים צו אַ כראָניק פון 525 יאָרן פון דער געשיכטע פון יידן אין דער עיר הבירה פון פוילן. מיר האָבן די כראָניק קאָמפּילירט פון די ווערק פון פינף מחברים.

אויב דאָס קאַפּיטל וואַרשע פון דער געשיכטע פון אונדזער וועלט־פאָלק פאַר־מאָגט דערהויבנקייט און טראַגישן פּאַטאָס — איז ער דאָ בזעיר אנפּין אין די 158 דאַטעס פון די יאָרן־איין — יאָרן־אויס פון די 525 יאָרן 1414־1939 — ריי דער קייט פון אַנשטרענג, קאַמף, יסורים פון די יידן אין ווארשע. אין אַט כראָניק אונדזערער זענען דאָ זייער אַסך ציפערן, אָבער ציפערן, וואָס פּולסירן מיט לעבעדיקן בלוט — און אַפּט, צו אַפּט, קדושים און מאַרטירער־בלוט.

אוודאי זענען דאָ סיבות ניכטערנע, דערקלערלעכע, וואָס האָבן געווירקט אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער, אַז דער יישוב אין דער עיר הבירה וואַרשע זאָל זיך צעוואקסן און ווערן דער גרעסטער און דינאַמישסטער אין אייראָפּע. און ניט איינמאָל איז עס אזוי אין דער יידישער געשיכטע געווען און איז. בלויז איין דוגמא אָנצורופן — און פון די לעצטע 80 יאָרן — ניו־יאָרק. אוודאי זענען געווען סיבות עקאָנאָמישע, סיבות קולטורעלע, סיבות פּאָליטישע און אויך רעליגיעזע. און בכלל די טענדענץ ביי יידן צו קאָנצענטרירן זיך אין גרויסע מאַסן אין גרויסע שטעט.

אָבער אויך עפּעס אַ דעמאָנישער — און אפשר אַ געטלעכער — ווער ווייסט?! ווער ווייסט?! — כוח האָט כסדר און כסדר געשפּאָרט יידן פון פּוילן, און אויך אַסך אַנדערע לענדער פון אייראָפּע, קיין וואַרשע! קעגן אַלע סכנות, קעגן אַלע טיפסטע תהומען. אַט אזוי ווי וואַרשע וואָלט געווען דער אינדזל פון זיכערקייט אין אַ ים, וואָס ברענט מיט שנאה און אומקום.

אין יאָר 1843 האָט אַדאַם מיצקיעוויטש — פּוילנס גרעסטער און פאַרהיי־ליקטער דיכטער — אין פּאַריז פון אַן אוניווערזיטעטס-טריבונע געזאָגט:... נישט אָן אַ באַזונדערן פּסק דין פון דער געטלעכער השגחה, זיצט אָט דאָס יידישע פאָלק זינט יאָרהונדערטער אין פּוילן און עס זענען זיינע גורלות אזוי ענג פאַרבונדן מיט דעם גורל פון פּוילישן פאָלק.

פּונקט הונדערט יאָר שפּעטער — אין פרילינג 1943 — איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דער לעצטער העראָישער אַקט פון יידישן פאָלק אין צענטער פון פּוילנס ערד, וואָס „זיינע גורלות זענען אזוי ענג פאַרבונדן מיט דעם גורל פון פּוילישן פאָלק".



**געטלעכע השגחה — ווער קען דיך דורכדרינגען?!**

אונדזערע אייגענע ווערטער פאַרלאָזן אונדז ביי דער נעילה פון דער אַרבעט אַרום דער אַנטאָלאָגיע. ווען מיר אויסלייען שורות פון יידישע פּאָעטן און מיט זיי שליסן אָט די הקדמה.

**אָט זענען שורות פון ה. לייוויק:**

גוואַלד, יידן, זייט זיך נישט מייאש!
אַזוי האָבן גערופן די וואַרשעווער יידן
אין זייער ניט־דאָאיקן אויפשטאַנד.
זיי האָבן גערופן,
זיי האָבן די ווערטער געשריבן.
זיי האָבן די אויפשריפט צעהאַנגען

אין הייזער, אין הויפֿן, אין בתי מדרשים —
צו די צען געבאָט אַן עלפֿטן געבאָט:
גוואַלד, יידן, זייט זיך נישט מייאש!

**[illegible] אָט זענען ווערטער פון אהרן צייטלין:**

מיין וואַרשע בויט מען נישט ווידער,
מיין וואַרשע בלייבט אייביק צעשטערט.
— איך קען זי נישט! — זאָגט די לאַנדקאַרט.
עס ווייסט נישט פון איר די ערד.

**[illegible] אַ סטראָף פון יוסף פּאַפּיערניקאָוו:**

וואַרשע אָן יידן; וואַרשע — — אָן יידן,
איז ווי אַ לעבן, וואָס גיט נישט קיין רעגונג,
איז ווי אַ וואַלד פון געפאַלענעביימער,
איז ווי אַ ים, וואָס ליגט טויט, אָן באַוועגונג.

**און פיר שורות פון אברהם סוצקעווער:**

איבער וואַרשע גייט אַ מילכוועג,
נישט קיין שטילער, נישט קיין בלייכער,
נאָר אויס בלוט איז גאָר דער מילכוועג, —
פון דער העלדנשטאָט אַ זכר.

מאָנטרעאָל, אַפּריל 1966

מלך ראַוויטש

## פּ. ס. טעכנישע התנצלותן:

**מיר בעטן אַנטשולדיקונג פאַר דער נישט איינהייטלעכער, כאָטש בדרך כלל מאָדערנער, אָרטאָגראַפיע אין אונדזער אַנטאָלאָגיע. אַ גרויסער טייל פון די בייטראַגן איז געוואָרן איבערגעשריבן פאַרן דרוקן — אָבער נישט אַלע. און די מאַטעריאַלן זענען געדרוקט געוואָרן פון אַלערליי ביכער, פון אַלערליי לענדער, פון אַלערליי צייטן, אפילו פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.**

**מיר בעטן אויך בכלל אַנטשולדיקונג פאַר די טעותי הדפוס, וואָס זענען נישט זעלטן אין דעם בוך. נישט נאָר די יידיש־שרייבערס און לייענערס זענען עלטער געוואָרן, נייערט אויך די זעצערס...**

**אגב — זענען די מאַטעריאַלן קיינמאָל נישט אַריינגעלייגט געוואָרן אין אַ סדום־בעטל פון אַן איינהייטלעכן סטיל, און נייערט דאָ און דאָרט רעטו־שירט, איבערלאָזנדיק דאָס אינדיווידועלע לשון פון מחבר, אָפט כאַראַקטע־ריסטיש וואַרשעוועריש.**



יידישע יינגלעך אויף קראַשינסקי־פּלאַץ אין ווארשע

# דער תוכן





יידן אַרום דער וואַרשעווער יידישער קהילה אויף גזשיבאָווסקע 26

# די בייטראָגן אין דער אַנטאָלאָגיע

לויט

## טעמעס, מאָטיוון, יאָרן



צוליב גרינגער אָריענטירונג אין די עטלעכע הונדערט אַלערלייאיקע בייטראָגן אין אונדזער בוך, געבן מיר דאָ אַ רשימה לויטן אלף־בית פון די טעמעס, מאָטיוון און וואַרשעווער יידישע יאָרן, וואָס ווערן באַשריבן, אָדער דערמאָנט דורך די מחברים פון דער אַנטאלאָגיע. היות ווי דער סדר פון אונדזער ווערק איז שטרענג לויטן אלף־בית פון די נעמען פון די מחברים, געבן מיר אָן בלויז די נעמען זייערע אונטער יעדער באַטרעפנדיקער טעמע, מאָטיוו, היס־טאָרישן יאָר.



### יאָרן

**1596 — ג. באדער, 1776 — מ. באַלאַבאַן, 1794 — ש. דובנאָוו, נ. סאָקאָלאָוו, 1824 י. אָפּאַטאשו, 1846 — מ. אונגער, 1863 — א. אלמי, 1881 — י. מילך, 1894 — מ. בערנשטיין, 1896 — ל. שאַפּירא, 1901 — מ. ווייסמאַן, 1903 — ל. שאַפּירא, 1904 — א. רייזען, 1905 — א. אלמי, א. טייטעלבוים, א. ליטוואַק, י. סערדאַצקי, א. רייזען, 1910 — א. מוקדוני, 1911 — א. אויערבאַך, ב. יאושזאָהן, 1912 — אהרן צייטלין, י. אָפּאטאשו, 1915-1914 — ש. אנ־סקי, ט. אַרצישעווסקא, ש. אש, וו. גראָסמאַן, ע. וואַרשאַווסקי, י. י. זינגער, ש. לעהמאַן, ד. פלינקער, אל. צייטלין, י. דינעזאָן, וו. מעדעם, 1915 — ר. פּרץ, 1925 — ר. אויערבאַך, 1926 — ה. צייטלין, מ. פלאַק־סער, 1931 — י. לעשצינסקי, 1934 — י. גלאַטשטיין, 1936 — י. זרובבל, 1939 — ב. שלעווין.**

### אָרעמקייט און נויט

**י. אַלבערט, ב. אליצקי, י. באשעוויס, פ. בימקאָ, ב. גאָלדשטיין, ש. גילינסקי, ש. גילבערט, י. גלאַטשטיין, ב. העלער, ע. וואַרשאַווסקי, ב. זילבערשטיין, י. י. זינגער, ש. לעהמאן, י. לעשצינסקי, ק. מאָלאָדאָווסקי, א. מאַנגער, פּ. מאַרקיש, ל. מלאך, ה. ד. נאָמבערג, י. סערדאַצקי, י. פּאַפּיערניקאָוו, א. פטאַשקין, ד. פּינסקי, י. ל. פּרץ, י. ל. קאָהן, י. קאָרטשאַק, י. קירמאַן, מ. ראַוויטש, א. רייזען, מ. שולשטיין, י. שטערן ז. ל. שניידערמאַן.**

## אַנטיסעמיטיזם, בלבולים און איבערפאַלן

י. אָפּאַטאָשו, ג. באַדער, מ. באַסאַק, מ. באַריישא, י. מילך, י. עלבערג, ב. שנאַפּער.

## אַסימילאַציע

י. טונקעל, ז. טורקאָוו, י. פּערלע, י. ל. פּרץ, ד. פּרישמאַן, א. רייזען, י. שאַצקי, ב. שלעווין.

## אונטערוועלט

י. באַטאָשאַנסקי, ל. מלאך, י. סערדאַצקי, פּאָלקלאָר.

## באַלעבאַטיש-בורזשואַזער שטייגער

ז. טורקאָוו, מ. ספּעקטאָר, י. פּערלע, י. ל. פּרץ, ד. פּרישמאַן, ב. שלעווין.

## באַנק און פינאַנצן

מ. טורקאָוו, י. פּערלע.

## בוך-דרוק און פאַרלאַג

מ. באַלאַבאַן, ה. שניידערמאַן, ש. ל. שניידערמאַן.

## בונד

ש. אש, ש. טאַפּ, ש. גילינסקי, א. ליטוואַק, וו. מעדעם, ב. שעפּנער.

## גאַסן, געסלעך, פּלעצער, גערטנער און מערק

י. אָפּאַטאָשו, י. באַשעוויס, מ. בורשטין, ב. העלער, א. זאַק, א. טייטעלבוים, פּ. טרעפּמאַן, י. מלאָטעק, ז. סעגאַלאָוויטש, ח. כעמיאַטיצקי, י. פּאַפּיערניקאָוו, ל. פינקעלשטיין, מ. צאַנין, אהרן צייטלין, א. קאַגאַנאָווסקי, א. קאַציזנע, י. רובינשטיין, א. רייזען, ע. רינגעלבלום, מ. שווייד, מ. שולשטיין, א. שומיאַטשער.

## גאַסן-הענדלער און באַזאַרן

י. אַלבערט, פּ. בימקאָ, ב. גאָלדשטיין, ש. גילבערט, מ. טשעמני, ק. מאַלאַדאָווסקי, פּ. מאַרקיש, ה. ד. נאָמבערג, ז. סעגאַלאָוויטש, א. קאַציזנע, א. רייזען.

## געסט אין וואַרשע

ש. אש, ב. מייזיל, מ. נאַדיר, ג. פּאָמעראַנץ, ש. ראָזענבערג, שלום עליכם.

## דאַטשעס

ב. יאושזאָהן, אל. צייטלין, ב. שלעווין.

## דאָקטוירים

ל. וואָולמאַן, מ. ווייסמאַן, יאָנאַס טורקאָוו.

## דערציונג: טראַדיציאָנעל, מאָדערן

ש. גילינסקי, י. י. זינגער, יאָנאַס טורקאָוו, ה. מעטאַלאָוויעץ, י. פּאַט, ח. ש. קאַזדאַן, י. קאַרטשאַק.

## הומאָר

י. טונקעל, ש. לעהמאַן, מ. נודעלמאַן, י. פּערלאָוו, פּאָלקלאָר, ב. י. ראָזען.

## הייף און הויז-ווירטן

י. אָפּאַטאָשו, י. האָפּער, מ. זאַנשיין, י. י. זינגער, א. טייטעלבוים. מ. טשעמני, א. קאַגאַנאָווסקי.

## העברעיש-יידיש

נ. מייזיל, א. רייזען.

## חסידות

מ. אונגער, י. באַשעוויס, פּ. טרעפּמאַן, מ. טשעמני, מ. ספּעקטאָר, י.ל. פּרץ, ש. ראַטשטיין, מ. שוואַרצמאַן.

## טיפּן און געשטאַלטן פון פאָלק

י. אַלבערט, י. אָפּאַטאָשו, י. באַשעוויס, פּ. בימקאָ, ב. דעמבלין, י. י. זינגער, י. י. טרונק, פּ. טרעפּמאַן, ש. לעהמאַן, ק. מאלאָדאָווסקי, נ. מייזיל, ה. מעטאַלאָוויעץ, ז. סעגאַלאָוויטש, מ. ספּעקטאָר, ד. פּינסקי, י. ל. פּרץ, אהרן צייטלין, א. קאַגאַנאָווסקי, ב. קוטשער, מ. קיפּניס, מ. קנאַפּהייס, ב. י. ראָזען, י. רובינשטיין.

## טעאַטער

ט. אַרצישעווסקאַ, ב. דעמבלין, פּ. הירשביין, מ. ווייכערט, יצחק טורקאָוו, א. מאַ־רעווסקי. א. מוקדוני, שלום עליכם.

## יוגנט

ט. אַרצישעווסקאַ, ש. אַש, ב. העלער, ב. זילבערשטיין, ב. יאושזאָהן, י. מלאָטעק, י. עלבערג, מ. צאַנין, א. רייזען, ב. שלעווין.

## יום-טובים און שבתים

י. אָפּאַטאָשו, י. באַטאַשאַנסקי, י. באַשעוויס, מ. זאַנשיין, י. ל. פּרץ, מ. צאַנין, מ. קנאַפּהייס, י. רובינשטיין.

## כאַלופּניקעס

י. באשעוויס, מ. קנאַפּהייס.

## לוויות און בית עולמס

י. באַטאַשאַנסקי, א. זאַק, א. מאַרעווסקי, ה. ד. נאָמבערג, מ. צאַנין, אהרן צייטלין, ב. קוטשער, י. קירמאַן, ב. שלעווין.

## ליטוואַקעס

ה. ד. נאָמבערג, מ. טשעמני, א. קאַציזנע.

## ליטעראַרישע סביבה און טלאָמאַצקע 13

ש. אַש, מ. בראַדערזאָן, פּ. ווייסענבערג, י. י. טרונק, ז. סעגאַלאָוויטש, מ. נאַדיר, ג. פּאָמעראַנץ, י. פּערלאָוו, אַל. צייטלין, ה. צייטלין, מ. ראַוויטש, ש. ראָזענבערג, י. ראַפּאַפּאָרט, ל. שאַפּיראָ, מ. שווייד, שלום עליכם, ה. שניידערמאַן.

## מאַניפעסטאַציעס

ר. אויערבאַך, ש. אַש, א. טייטעלבוים, א. מוקדוני, מ. נאַדיר, ה. ד. נאָמבערג, ג. פּאָמעראַנץ.

## מסחר

י. אָפּאַטאָשו, ה. בערגנער, י. האפּער, י. ל. וואהלמאַן, מ. טורקאָוו, י. מאַסטבוים, מ. צאַנין, א. קאַציזנע, ש. ל. שניידערמאַן.

## מעדיטאַציעס

א. אויערבאַך, ש. אַש, ז. סעגאַלאָוויטש, ל. פינקעלשטיין, מ. שווייד, ז. שניאור, ש. ל. שניידערמאַן.

## משפחות און משפחה־שמחות

י. אָפּאַטאָשו, י. האפּער, י. י. טרונק, מ. טשעמני, מ. ספּעקטאָר, י. עמיאָט, י. פּאַ־פּיערניקאָוו, ד. פּינסקי, י. פּערלע, י. ל. פּרץ, א. קאַגאַנאָווסקי, ב. שלעווין.

## משכילים, מתנגדים

מ. אונגער, מ. שווייד.

## נאַלעווקעס

פּ. בימקאָ, ה. בערגנער, י. האפּער, י. ל. וואהלמאַן, א. זאַק, י. מאַסטבוים, י. מ. ניימאַן, מ. ספּעקטאָר, ל. פינקעלשטיין, מ. צאַנין, א. קאַציזנע, י. רובינשטיין, א. רייזען, ש. ל. שניידערמאַן.

## נגידים

י. באַשעוויס, י. האַפּער, י. י. טרונק, מ. טשעמני, ב. יאושזאָהן, ב. סאָקאָלאָוו, מ. ספּעקטאָר, י. עמיאָט, י. ל. פּרץ, ד. פרישמאַן, ב. שלעווין.

## עקאָנאָמישער צוזאַמענברוך

ה. בערגנער, י. לעשצינסקי, י. מאַסטבוים.

## ערשטע וועלט־מלחמה

ש. אַנ־סקי, ט. אַרצישעווסקא, ש. אַש, י. באַשעוויס, וו. גראָסמאַן, ע. וואַרשאַווסקי, י. י. זינגער, ד. פלינקער, אל. צייטלין.

## פּאָלאַקן און יידן

צ. אייזנמאַן, א. אלמי, מ. באַריישא, ש. דובנאָוו, ש. י. לאַנדינסקי, ב. סאָקאָלאָוו, ז. סעגאַלאָוויטש, י. עלבערג, ב. שנאפּער.

## פּראָווינצער אין וואַרשע

י. י. זינגער, מ. טשעמני, ה. ד. נאָמבערג, א. קאַציזנע.

## פּראָלעטאַרישע קעמפער, קאַמפן, אידעאַליסטן, אָנפירער

ב. אָליצקי, א. אַלמי, ש. אַש, ה. בערגנער, ב. העלער, ב. זילבערשטיין, י. זרובבל, ש. טאָפּ, א. טייטעלבוים, א. ליטוואַק, ק. מאָלאָדאָווסקי, י. מלאָטעק, וו. מעדעם, י. סערדאַצקי, י. ל. פּרץ, י. ל. קאָהן, מ. שולשטיין, ב. שלעווין, ב. שעפנער.

## פּרעסע

מ. בערנשטיין, א. זאַק, י. טונקעל, י. י. טרונק, מ. נודעלמאַן, מ. פלאַקסער, מ. קיפּ־ניס, ב. י. ראָזען, א. רייזען, ב. שעפנער.

## י. ל. פרץ

א. אויערבאַך, ר. אויערבאַך, ש. אַן-סקי, ט. אַרצישעווסקאַ, מ. באַריישאַ, ח. נ. ביאַליק, מ. בערנשטיין, וו. גראָסמאַן, י. דינעזאָן, א. מארעווסקי, א. מוקדוני, ש. מענדעלסאָן, ה. ד. נאָמבערג, א. סוצקעווער, י. פּאַפּירערניקאָוו, ר. פרץ, ד. פלינקער, אהרן צייטלין, ב. קוטשער, ל. שאַפּיראָ, מ. שוויד, שלום עליכם.

## פאָלקלאָר

א. אלמי, ש. לעהמאַן, פאָלקלאָר.

## צדקה

ט. אַרצישעווסקאַ, וו. גראָסמאַן, מ. זאַנשיין, י. י. זינגער, ד. פלינקער.

## ציוניזם

מ. באָכאָק, מ. בורשטין, י. גרינבוים, י. עלבערג, י. פּאַפּירערניקאָוו, ל. שפּיזמאַן.

## קולטור — מאָדערנע — און קולטור-קאַמף

מ. זאַנשיין, י. זרובבל, מ. חלמיש, א. מוקדוני, י. פּאַט, ח. ש. קאַזדאַן.

## קינדער

צ. אייזנמאַן, ט. אַרצישעווסקאַ, י. באשעוויס, ב. גאָלדשטיין, ש. גילבערט, ש. גילינסקי, ב. דעמבלין, יאָנאַס טורקאָוו, פ. טרעפּמאַן, ק. מאָלאָדאָווסקי, י. פּאַפּירערניקאָוו, א. פּטאַשקין, ד. פינסקי, י. ל. קאָהן, י. קאָרטשאַק, א. רייזען, י. שטערן.

## רבנים — רעליגיע

י. באַשעוויס, ז. טורקאָוו, פ. טרעפּמאַן, מ. טשעמני, ד. פרישמאַן, ש. ראָטשטיין, מ. שוואַרצמאַן, נ. שמן.

## שמד

י. עמיאָט, י. ל. פרץ, י. שאַצקי.

## שפּיטעלער

מ. ווייסמאַן, מ. זאַנשיין, ב. זילבערשטיין, א. קאַגאַנאָווסקי.

## תפיסות

ק. מאָלאָדאָווסקי, וו. מעדעם, ש. ל .שניידערמאַן.



די
אנטאָלאָגיע:
139
מחברים
אין אַלערליי
ליטעראַרישע
פאָרמען
און
איין טעמע:

**דאָס**
**אמאָליקע**
**יידישע**
**וואַרשע**

ביז דער שוועל
פון
דריטן
חורבן.

# אפרים אויערבאַך

## שוין מער ווי אַ האַלבער יאָרהונדערט . . .



ביים מענטשן, בפרט ביי אַ מענטשן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער בידנער מלאכה שרייבעריי, זענען דאָ יובילייען, וואָס זענען דורכויס אַ מין רשות היחיד. קיינער פּראַוועט זיי נישט, אָט־די יובילייען, זיי האָבן בכלל נישט קיין כלל׳יקן באַדייט, אָבער פאַרן מענטשן אַליין זיינען זיי פול מיט צוריקטראַכטענישן, מיט דערמאָנונגען, מיט עפּעס אַזוינס, וואָס דער קהל האָט דערצו נישט קיין צוקום. זיי זיינען באַהאַלטן אין טיפע חדרימלעך פונם יחיד.

ביי זיך אַליין, אין זיינע אייגענע איבערלעבונגען, פּראַוועט דער שרייבער פון „אויף דער וואָגשאָל״ דעם יובילײ פון אַ האַלבן יאָרהונדערט מיט אַ שמיצל. און באַלד וועט דער שרייבער אויפהויבן דעם פאָרהאַנג אי אויפן האַלבן יאָרהונדערט און אי אויפן „שמיצל״.

דער האַלבער יאָרהונדערט ווערט זינט ער איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, און דער שמיצל פון אַ האַלבן יאָרהונדערט איז זינט ער האָט געלעבט אין וואַרשע. איז היינטיקס מאָל ברויזן אין אים די זכרונות פונם „שמיצל״, פונם איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, — פון וואַרשע, בעת דאָרטן האָט נאָך געלעבט פּרץ, הלל צייטלין, יעקב דינעזאָן, מרדכי ספּעקטאָר, שוין אָפּגערעדט פון דער גאַנצער פּלעיאַדע יינגערע שרייבער. דער עיקר אָבער, די וואַרשע, וואָס איז נאָך געווען דאָס ליכט פון דער יידישער וועלט. און פאַר מיר, — די וואַרשע, וואָס אין איר האָב איך אַזוי יוגנטלעך געהונגערט און דעם הונגער געוואַרעמט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, מיט פרייד אַפילו.

ווי קומט אַ בחורל פון בעסאַראַביע קיין וואַרשע? און בכלל, וואָס האָט ער געטראַכט וועט ער טאָן אין וואַרשע? איז אַזוי: קיין וואַרשע האָבן זיך אַלע געצויגן, — אַלע מיין איך, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דעם חלום פון יידיש־שרייבעריי. דעם פּראָווינצער בחורל האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָן וואַרשע קען מען נישט ווערן קיין יידישער שרייבער. וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס שרייבן לידער, אַז מען זעט נישט כאָטש איין מאָל פּרצן? און ווער וועט זיך אומקוקן אויף אַ ליד זיינעם, אַז דו האָסט אין זיך נישט אַריינגענומען די לופט פון דער יידיש־שרייבערישער

---

אפרים אויערבאַך — איינער פון די באַרימטסטע יידישע דיכטערס, מחבר פון אַ צענדלינק לידער־זאַמלונגען, זאַמלונגען פון עסייען. געבוירן אין יאָר 1892 אין בעלץ, בעסאַראַביע. אין די יאָרן 1911־1912 געווילט אין וואַרשע. שפּעטער אין ארץ ישראל. זינט 1915 אין אַמעריקע. 1941 — געווינער פון דער לואיס לאַמעד פּרעמיע פאַר זיין לידער־בוך: לויטער איז דער אַלטער קוואַל.

וואַרשע? אמת, איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט אָפּגעדרוקט אַ פּאָר לידער, — איינס פון זיי אין ווילנע, וואָס יעקב פּיכמאַן ע״ה האָט זיך פאַר מיר משתדל געווען ביים רעדאַקטאָר ליפּמאַן לעווין. אין העברעיש האָב איך שוין געהאַט אָפּגעדרוקט אַ כאָר מעשהלעך אין אַ זשורנאַל פאַר קינדער, וואָס מ. בן־אליעזר האָט רעדאַקטירט, און טאַקע אין וואַרשע. ווידער האָב איך שוין געהאַט געדרוקט עטלעכע דערציילונגען אין דער צייטונג „גוט מאָרגן״, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין אָדעס, און דערציילונגען אויף רוסיש האָב איך געדרוקט אין דער צייטונג פון אונדזער אייגענער שטאָט. אָבער ביז עס איז נישט געווען דער חותם פון וואַרשע, איז מען נאָך אַלץ נישט געווען קיין שרייבער. די ייִנגלעך און מיידלעך פון מיין שטאָט האָבן מיך טאַקע שוין געהאַלטן פאַר אַ „פּאָלנעם״ שרייבער, אָבער אין זיך אַליין האָב איך געפילט, אַז עס איז גאָרנישט, אַפילו דעם אָנהויב האָב איך נאָך נישט דערגרייכט, — וואַרשע איז דער שרייבערישער פּאַלאַץ.

קלאַפּט דער אָרעמער טאַטע צונויף עטלעכע רובל און זאָגט דעם בחורל: ווילסט וואַרשע? נאַ, פאָר קיין וואַרשע. דער אמת איז, אַז דער טאַטע, — אלעזר שוחט ע״ה, — וואָלט זיך נישט אַזוי צוגעאיילט צו לייען הונדערט רובל, כדי דער זון זאָל קענען פאָרן קיין וואַרשע, נאָר יעקב פּיכמאַן איז דאָך שוין דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענער העברעישער און יידישער שרייבער און ער, פּיכמאַן, האָט מיר געגעבן סמיכה. דער בעלצער שוחט האָט געזאָגט: אַז יאַנקל עליע פּעסיע׳ס האָט געקענט ווערן אַ שרייבער ביי יידן, איז דאָך זיין זון אוודאי...

נאָר וואָס וועל איך טאָן אין וואַרשע? ווער האָט דערפון דעמאָלט געטראַכט? וואָס הייסט וואָס איך וועל טאָן? כ׳וועל ווערן אַ שרייבער... אין יענע יאָרן, דאַכט זיך מיר, איז דער דראַנג ביי די יוגנטלעכע, וואָס האָבן דערשפּירט אין זיך דאָס קליינע שרייבערישע פייערל, געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז קיין שום מאַטעריעלע אויסרעכענונגען זיינען דערביי ניט געווען.

וויל איך דאָ ניט דערציילן פון די יחידישע ראַנגלענישן, פון די טעג די הונגעריקע, פון דעם גרויסן עלנט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט, אַז עס האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער וואָרעמער היים, נאָך די שוחטישע מאַלצייטן, נאָך דער סביבה, וואָס אין איר ביזטו געווען אַריינגעוואַקסן. דערציילן וויל איך פון דער וואַרשע איבער פופציק יאָר צוריק, פונם איינדרוק, וואָס זי האָט געמאַכט אויף אַ בחורל, וואָס איז געקומען פון אַ ווייטער שטאָט אויפן דרום.

* * *

נישט שייך צו זאָגן, אַז וואַרשע איז ביי מיר דעמאָלט געווען סתם אַ שטאָט. זי איז געווען אַ יידישע מלוכה. פאַרשטייט זיך, אַז געווען זיינען אין וואַרשע די אויסגעפּוצטע גאַסן, וואָס אויף זיי האָבן געוווינט רייכע פּאָליאַקן, אָבער אַהין בין איך כמעט נישט דערגאַנגען. די יידישע גאַסן זיינען נישט געווען, חלילה, קיין געטאָ. זיי זענען געווען אויסגעפילט מיט יידיש און יידישקייט. זיי האָבן געאָטעמט מיט יידישער לופט. זיי האָבן, דאַכט זיך, געהאַט אַן אייגענעם יידישן קלימאַט. וואָס עס האָט זיך געטאָן ווייטער, איז געווען ווי איבער די גרענעצן פון אַ פרעמד לאַנד. ווען האָט געאַרט וואָס אין „פרעמדן לאַנד״ טוט זיך?

אוודאי ווייס איך, אַז איך דערצייל דאָ נישט קיין נייעס. אָבער אַפילו אין איבערדערציילן וואָס אַנדערע פאַר מיר האָבן דערציילט, פיל איך אויך אַן אייגענעם

טעם, — עס איז דער טעם, וואָס איך אַליין האָב אים פאַרזוכט. דער טעם, וואָס מיט אַ פרעמדער צונג און פרעמדן גומען קענסטו אים נישט שפּירן. דער טעם פון וואַרשע איז געווען, ווי שטרעקעס גאַנצע רעדן יידיש. שטרעקעס גאַנצע זיינען באַוואַקסן מיט יידישע זאַנגען. אוודאי קען עס קלינגען, ווי סתם ווערטער, אָבער דאָס איז דאָך געווען מיט איבער פופציק יאָר צוריק, ווען דער בחור פון אַ בעסאַראַבישער שטאָט איז געקומען קיין וואַרשע בפירוש איבערצולעבן יידישע ווערטער, צו פילן זייער טעם.

געווען בין איך פריער אין אָדעס, — און געוווסט האָב איך שוין פון די חכמי אָדעס, ווי ר׳ מענדעלע, ביאַליק, יצחק יואל לינעצקי, לעווינסקי. אָדעס אַליין אָבער איז נישט געווען קיין יידישע שטאָט, נישט אַזאַ יידישע שטאָט ווי וואַרשע. געדאַכט האָט זיך, אַז אָדעס האָט אַ בינטל יידישע און העברעישע שרייבער, וואָס האָבן זיך געשאַפן אַן אייגן אינדזל, וואָס מיט דער שטאָט האָט עס נישט קיין שייכות. וואַרשע איז געווען צונויפגעבונדן און צונויפגעוואַקסן מיט די שרייבער און זיי זענען געווען אַריינגעוואַקסן אין וואַרשע, אין דעם יידישן קלימאַט אירן.

געדענק איך אַ זונטיק, פּרץ האָט פאָרגעלייענט אין אַ ריזיקן זאַל, — דאַכט זיך דער פילהאַרמאָניע — וואָס האָט אַריינגענומען איבער דריי טויזנט מענטשן. דער זאַל איז געווען פול, טויזנטער זיינען געקומען הערן פּרצן לייענען זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". די דראַמאַטישע פּאָעמע, אַפילו אַז איר לייענט זי מיט זיך אַליין, איז אויך היפּש שווערלעך. הייַנט, אַז איר הערט זי און האָט נישט קיין צייט זיך אָפּצושטעלן אויף אַ שורה אויף אַ געדאַנק? דער עולם איז אָבער געקומען, — יונגע יידן, נאָך אָנגעטאָן אין דער פּויליש־יידישער הלבשה, אין די קליינע היטעלעך, אין די לאַנגע, שמאָלע קאַפּאָטקעלעך. נישט פאַרשטיין איז געווען דער עיקר, נאָר פּרץ. נישט די פּאָעמע איז געווען דער עיקר, נאָר דאָס יידישע וואָרט.

* * *

ניי איז פאַר מיר געווען דער פּוילישער יידיש. צו אונדז, קיין בעסאַראַביע, זיינען קיין פּוילישע יידן נישט דערגאַנגען. אפשר זיינען געקומען סוחרים פון פּוילן, נאָר אַזוי ווי די שטוב אונדזערע האָט מיט מסחר גאָרנישט געהאַט צו טאָן, האָב איך נאָר געוווסט, אַז יידן אין פּוילן ר ע ד ן ב ר ייט, אָבער געהערט האָב איך נישט. איז ביי מיר דער איינדרוק געווען אַז יידן אין פּוילן רעדן ניט, נאָר זינגען. און ווי פרעמד מיר איז נישט געווען דאָס אויסגעצויגענע יידישע לשון זייערס, האָב איך עס געשפּירט: דער פּוילישער יידיש, איז ביי מיר אויסגעקומען, איז פון אַן אייגענער מלוכה. ביי אונדז אין בעסאַראַביע האָט מען גערעדט מיטן שאַרפן קמץ, מיט דעם פּתח, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן אין דער לענג. דער דיאַלעקט איז אָבער געווען מיינער און האָט אויף מיר קיין איינדרוק נישט געמאַכט, ווי עפּעס אַ באַזונדערער, אַן אָפּגעטיילטער. דער פּוילישער יידיש האָט מיר געקלונגען, ווי ער איז אויסגעוואַקסן פון אַן אייגענער יידישער וועלט, ער האָט עפּעס געבליט מיט אַן אייגענעם יידישן קאָליר.

קוק איך צוריק אויף וואַרשע פון איבער פופציק יאָר צוריק און לעב ווידער איבער די טעג אין דער געדיכטער יידישקייט, ווו יעדער שטיין איז געווען באַוואַקסן מיט יידישן גראָז. אוודאי האָט איר געהערט אויך פּויליש אויף די יידישע גאַסן,

**אָבער געדאַכט האָט זיך מיר, אַז דאָס פּוילישע לשון רעדט מען אין וואַרשע, — אין די יידישע גאַסן פון וואַרשע, — נאָר כדי צו ווייזן, ווי דאָס אייגענע יידישע לשון איז דער פולער יידישער אויסדרוק.**

**אוודאי בין איך געקומען קיין וואַרשע אָנגעפילט מיט יידישקייט, אָבער אין וואַרשע האָב איך דאָס יידישקייט ערשט דערשפּירט, דער פולער טעם איז אין מיר געוואָרן ווי אַ מין אויסגערייפטער.**

**איז דאָס נישט קיין זכרונות פון וואַרשע, נאָר אַ מין פּריש ווינטל פון זכרונות.**

(פון אַ קאָלום אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל“:
„אויף דער וואָגשאָל“ — 30־טן יולי, 1962)

# רחל אויערבאַך

## אַ דערמאָנונג: ביים אוהל פּרץ — צום צענטן יאָרצייט



עס איז געווען פּונקט מיט 20 יאָר צוריק, חוה"מ פּסח 1925. איך בין דעמאָלט צום ערשטן מאָל אין לעבן געקומען קיין וואַרשע און פאַרפאָרן צו מיינע פריינט יהודית און יענקל מייזיל. צו דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור האָב איך נאָך דעמאָלט קיין שום שייכות נישט געהאַט. עס איז דעמאָלט — צום צענטן יאָרצייט — אויסגעפאַלן דער טאָג פון אָפּהילן דעם אוהל־פּרץ, און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנג צו זיין קבר. אין אַ האַלבער שעה נאָך מיין אָנקומען, זיינען מיר אַראָפּ אין גאַס. די גאַנצע געגנט איז שוין געווען פאַרפּלייצט מיט יידן, און מיר זיינען באַלד מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון אַ ריזיקער דעמאָנ־סטראַציע.

איך האָב דערנאָך געלעבט אין וואַרשע און געזען נישט איינמאָל יידישע מאַ־סן־דעמאָנסטראַציעס. געזען די יידישע אַרבעטערשאַפט, די יידישע שול־יוגנט אין אַן ערשטן מאַי, ביי אַנדערע געלעגנהייטן, — דעמאָלט איז דאָס אָבער געווען צום ערשטן מאָל און איך בין געוואָרן דערשטוינט און דערשיטערט ביז גאָר.

די פאַרשידענע דעלעגאַציעס און פאָרשטייער זיינען פאַרשוווּנדן און פאַרגאָסן געוואָרן דורך אַ ריזן־מחנה יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אין מיצעלעך און קאַשקעטן, אין קאַפּעליושן, יונג און אַלט, סוחרים און אַרבעטער, אַ וואַנדערנדיקער מענטשן־וואַלד. אַ שטיק אַזיע האָט עס דעמאָלט אויסגעזען אין מיינע אויגן — אין לעמבערג האָב איך אַזוינס ביי יידן קיין מאָל נישט געזען. אַלע גאַסן אַרום זיינען געווען שוואַרץ פון די, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויפן אָנקום פון דעם מאַסן־צוג. אַנדערע האָבן

---

רחל אויערבאַך — עסעיסטין, דערציילערין, זכרונות שרייבערין, פאָרשערין פון חורבן — שטאַמט פון אַ שטעטל אין מזרח־גאַליציע — געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1925. איר איז באַשערט געווען צו זיין איינע פון די גרויסע עדות פון אומ־קום. זי איז לעבן געבליבן אויף דער א. ג. „אַרישער זייט". באַלד נאָך דער באַפריי־אונג איז זי געוואָרן אַקטיוו אויף דעם טראַגישן פעלד פון דער חורבן־פאָרשונג. זינט דעם יאָר 1949 וווינט זי אין מדינת ישראל, איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „יד ושם". האָט ביז איצט פאַרעפנטלעכט זעקס ביכער וועגן אומקום — אין יידיש און אין עברית. אויך אַ בוך רעפּאָרטאַזשן „אין לאַנד ישראל". פון איר ערשטן מאמר, אָפּגעדרוקט נאָכן חורבן, אין ערשטן נומער פון „דאָס נייע לעבן" — לאָדזש — נעמען מיר אַרויס רחל אויערבאַכס אויטענטישע דערמאָנונג פון דעם גאַנג צו דער אָפּהילונג פון אוהל פּרץ אויפן גענשער בית־עולם

באַצייטנס פאַרנומען ערטער אויפן בית־עולם און די, וואָס האָבן געפּרוווט פאַרלויפן פאָראויס, כדי צו פאַרכאַפּן אַן אָרט צווישן די מצבות, האָבן זיך ביטער אַנטוישט. אַלע מצבות, אַלע ביימער אַרום דער שרייבער־אַליי זיינען שוין פון גאַנץ פרי געווען באַהאָנגען מיט יידן. איצט האָבן זיך געשטופּט פרישע מחנות און מצבות זיינען געוואָרן אומגעוואָרפן, קרבנות זיינען געווען פון געדראַנג.

די גרויסע רעדע האָט געזאָלט האַלטן שלום אַש. מ׳האָט אים ווי נישט איז געשאַפן פּלאַץ. ער איז אַרויף אויף עפּעס אַ בערגל און מיר האָט דעמאָלט אויף אַ פּאָר מינוט געטון אַ בליץ פאַר די אויגן אַ הויכע, שטאַרקע געשטאַלט, אַ גרויס פּנים און עפּעס ברוינס — אפשר זיין אָנצוג, אפשר די פּעלערינע פון אַ דאַמע, וואָס אַלע האָבן מיט רעספּעקט געטייטלט אויף איר מיט די פינגער און געשעפּטשעט: — מאַדאַם אַש, מאַטילדע אַש!

אומזיסט איז אָבער געווען מיין האָפענונג צו הערן עפּעס דערפון, וואָס אַש האָט דעמאָלט גערעדט. דער זשום פון דער מחנה, ווי דער זשום פון אויפגעברויזטע וואַסערן בשעת אַ פאַרפלייצונג, האָט פאַרהילכט זיין קול.

אָט דאָס איז געווען יידיש וואַרשע און אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט איר באַציונג צו אַן אמתן גייסטיקן אָנפירער אירן. אַזויפיל יידן, וויפל עס זיינען דעמאָלט געקומען אויפן גענשער בית־עולם, פאַרמאָגט נישט היינט גאַנץ פּוילן, שוין מיט די יידן וואָס זיינען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד אינאיינעם.

פון ערשטן נומער „דאָס נייע לעבן,, לאָדזש 1945.

## מנשה אונגער

# דער „שר" — משה מאָנטעפיאָרע אין וואַרשע, אין יאָר 1846



נאָכדעם ווי די רוסישע רעגירונג האָט שוין געהאַט אינגאַנצן אונטערדריקט דעם פוילישן אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער רעגירונג אין יאָר 1831, איז דער רבי ר' מענדעלע קאָצקער צוזאַמען מיט ר' איטשע־מאירלען צוריקגעפאָרן פון לעמבערג קיין פוילן. זיי האָבן זיך נאָר געענדערט די פאַמיליען־נעמען, כדי טאָמער וועט אַריינפאַלן צו דער רעגירונג זייערער אַ „כרוז" וועגן אונטערשטיצן דעם אויפשטאַנד, זאָל מען זיך נישט קאָנען טשעפען צו זיי.

דער קאָצקער רבי האָט געענדערט זיין פאַמיליען־נאָמען „האַלפערן", ווי ער האָט פריער געהייסן, אויף „מאָרגענשטערן" און ר' איטשע־מאיר האָט געענדערט זיין פאַמיליע־נאָמען פון „ראָטענבערג", ווי ער האָט ביז דעמאָלט געהייסן, אויף „אלטער".

דער קאָצקער רבי האָט זיך צוריק באַזעצט אין קאָצק און ר' איטשע־מאירל אין וואַרשע.

* * *

ר' איטשע־מאירל האָט אין וואַרשע צוריק געעפנט זיין ישיבה און ווערבירט חסידים קיין קאָצק, אָבער פּלוצלינג איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאַמף צווישן די חסידים און די משכילים צוליב דעם אָנקומען פונעם „שר" משה מאָנטעפיאָרע קיין וואַרשע.

די משכילים האָבן זיך געגרייט איבערצוגעבן דעם „שר" אַ מעמאָראַנדום וועגן איינפירן וועלטלעכע לימודים אין די יידישע חדרים און בכלל רעפאָרמירן דאָס גאַנצע יידישע דערציונגס־וועזן.

די חסידים, מיטן וואָרקער רבין, קאָצקער רבין און ר' איטשע־מאירלען בראש, זענען אַרויסגעטרעטן קעגן יעדער רעפאָרמאַציע, וואָס וואָלט לויט זייער מיינונג זיכער געוועזן געפירט צו אַסימילאַציע, און דערנאָך שוין געמאַכט אַן אָפענעם וועג — צו שמד.

כדי אָבער בעסער צו פאַרשטיין, די שטאַרקע קעגנערשאַפט פון די חסידים

---

מנשה אונגער — פון גרויסן רבנישן ייחוס — געבוירן אין זשאבנע, גאַליציע אין יאָר 1899. יאָרן אין ארץ ישראל. אין די יאָרן 1922—1934 אין וואַרשע. זינט דאַן אין ניו יאָרק. אויטאָריטעט פון חסידות־קענטשאַפט. מחבר פון אַ רייע ווערק אויף דעם געביט. דאָס קאַפיטל וועגן משה מאָנטעפיאָרעס באַזוך אין וואַרשע אין יאָר 1846 גיט אַ לעבעדיק בילד פון די דעמאָלטיקע באַציונגען צווישן חסידים און משכילים אין פוילנס הויפּטשטאָט.

אַריינצובריינגען רעפֿאָרמען אָדער בכלל וועלכע ס'איז נייעס אין יידישן לעבן, איז נויטיק זיך נענטער צו באַקענען מיטן דעמאָלטיקן עקאָנאָמישן און קולטורעלן מצב פֿון די יידן אין פּוילן:

נאָכן נאָוועמבער־אויפֿשטאַנד פֿונעם יאָר 1830 האָבן זיך די באַציונגען צווישן די יידן און די פּאָליאַקן אין פּוילן גאָר נישט פֿאַרבעסערט. עס איז נאָך אַפֿילו נישט אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן דאָס געדויש פֿונעם געווער, און אין וואַרשע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קאַמפֿן וועגן אַזעלכע „וויכטיקע" ענינים ווי, למשל, וועגן די הייזער אין יענע ראָגעס, וואָס גייען אַרויס צו אַזעלכע גאַסן, וווּ ס'איז נישט דערלויבט די יידן צו וווינען (די יידן האָבן זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אויפֿן גזשיבאָוו און אַרום דעם גזשיבאָוו) צי זאָל מען די הייזער באַטראַכטן אַזוי, ווי דער אַריינגאַנג וואָלט געווען זיין דורך דער גאַס, וווּ די יידן טאָרן נישט וווינען, צי זאָל מען אין אַזעלכע פֿאַלן מקיל זיין, ווייל דער אַריינגאַנג איז דאָך דורך אַ „דערלויבטער" גאַס, נאָר די פֿענצטער גייען אַרויס צו אַ „נישט־דערלויבטער" גאַס.

די יידן אין וואַרשע האָבן געדאַרפֿט אָנהויבן, לויט דעם אַלטן שטייגער, שטודירן מיט התמדה דעם פּלאַן פֿון דער פּוילישער רעזידענץ־שטאָט, כדי צו וויסן וועלכע גאַסן זענען דערלויבט און וועלכע נישט.

און אין יאָר 1832 איז אַרויס אַ דערקלערונג פֿון דער רעגירונג, אַז די יידן וואָס וווינען אין די הייזער פֿון די עק־גאַסן, זענען מחויב איינצושטעלן זייערע אויסגאַנגס־טירן נאָר צו די „דערלויבטע" גאַסן. דערפֿאַר מאַכט מען נישט קיין איבעריקע חומרות מיט די קראָמען פֿון אַזעלכע הייזער.

דערנאָך האָט אַ גרופּע יידן, וועלכע האָט זיך אַליין אָנגערופֿן: „דעפּוטאַטן פֿון די יידן פֿון קעניגרייך פּוילן" זיך געווענדט אין יאָר 1832 צום נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש־עריוואַנסקי מיט אַ ביטע צו פֿאַרברייטערן זייערע בירגערלעכע רעכט.

פּאַסקעוויטש האָט זיך אַפֿילו באַצויגן סימפּאַטיש צו דער יידישער ביטע און זי איבערגעשיקט צום צאַר ניקאָלאַי מיט אַ באַמערקונג, אַז מען דאַרף זיך באַציען צו דער יידישער ביטע מיט אויפֿמערקזאַמקייט, ווייל פֿון צווישן די איינוווינער פֿון פּוילן זענען זיי אַממייסטן טריי דער „געזעצלעכער רעגירונג", — אָבער ס'איז דערפֿון גאָרנישט געוואָרן.

אָנשטאָט דעם זענען די יידן אויסגעגלייכט געוואָרן, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, מיט דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג, בנוגע דער שווערער פֿליכט צו דערפֿילן מיליטער־דינסט.

לכתחילה האָט מען, צוליב דעם טרויעריקן צושטאַנד פֿונעם מלוכה־בודזשעט אין פּוילן, איינגעפֿירט אַ קליינע תקנה, אַז אַ חוץ דעם, וואָס די יידן מוזן דערפֿילן פּאַקטיש די מיליטער־דינסט, זאָל מען ביי זיי ווייטער נעמען דעם רעקרוטן־שטייער, אָבער דאָס דאָזיקע געזעץ איז נישט אָנגענומען געוואָרן.

דאָס איינפֿירן די אַלגעמיינע מיליטער־פֿליכט האָט אָבער אַרויסגערופֿן ביי די רעליגיעזע יידן פֿיל זאָרג, ווייל דער עלטער פֿון מיליטער־דינסט איז באַשטימט געוואָרן פֿון צוועלף יאָר אָן. די חסידים און סתם רעליגיעזע יידן האָבן מורא געהאַט, אַז ווען מען וועט ביי זיי צונעמען די קינדער אַזוי יונג, וועלן זיי דאָרט אָפּגעריסן ווערן אינגאַנצן פֿון יידישקייט, און ווען זיי וועלן דערנאָך צוריקקומען

„אויסגעדינטע”, וועלן זיי זיין פֿאַרגרעבטע מענטשן, אינגאַנצן ווייט פֿון ייִדישן דרך.

ר׳ איטשע־מאירל מיט אַ גרופּע חסידישע דאָזאָרעס פֿון וואַרשע האָבן זיך דערפֿאַר געווענדט מיט אַ ביטע צו פּאַסקעוויטשן, ער זאָל זיך רעכענען מיט די ייִדישע אייגנאַרטיקע באַדינגונגען און נישט נעמען קיין יונגע ייִדישע קינדער צום מיליטער.

אַ דאַנק די שתדלנותן פֿון די חסידישע דאָזאָרעס מיט ר׳ איטשע־מאירלען בראש, האָט מען טאַקע אויסגעפּועלט, אַז די ייִדן וועט מען נעמען צו מיליטער־דינסט ערשט פֿון צוואַנציק יאָר אָן.

אויף אַזאַ אופֿן איז די חסידישע ייִדן פֿון וואַרשע געלונגען אויסצווירקן, אַז דאָס קאַנטאָניסטן־סיסטעם זאָל נישט אָנגעווענדט ווערן בנוגע די פּוילישע ייִדן, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך אַזעלכע גרויזאַמקייטן, און וואָס האָט פֿאַרסמט דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד.

די ייִדן האָבן ווייטער געמוזט צאָלן דעם ספּעציעלן „כשר־אָפּצאָל”, ווי ביז איצט מיטן מאָטיוו, אַז די ייִדן זענען נאָך אַלץ נישט קיין בירגער, הגם מען האָט זיי שוין גענומען אין מיליטער.

מיט דער פֿראַגע פֿון פֿאַרבעסערן די ייִדישע לאַגע אין פּוילן און אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט משה מאָנטעפֿיאָרע, און דעם ערשטן מערץ 1846 האָט מאָנטעפֿיאָרע באַזוכט פּעטערבורג, דערנאָך ווילנע און דאַן וואַרשע.

דער „שר” און שתדלן משה מאָנטעפֿיאָרע האָט אין אַ באַזונדערן מעמאָריאַל צו דער רעגירונג דעמאָלט געשילדערט די טראַגישע לעבנס־באַדינגונגען פֿון די ייִדן אין פּוילן.

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ גאַנצע רייע שטעט, ווו די ייִדן איז לחלוטין פֿאַר־באָטן צו וווינען; אין אַנדערע שטעט, ווידער, האָבן ייִדן דאָס רעכט צו וווינען בלויז אין איינצלנע גאַסן, זיי טאָרן אויך נישט וווינען אינעם גרענעץ־פּאַס. די ייִדישע האַנטווערקער זענען שטאַרק באַגרענעצט אין זייער אַרבעט, צוליב דעם וואָס זיי טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט געזעלן און טאָג־אַרבעטער. זיי טאָרן אויך נישט אָנקומען אויף דער לערע צו קריסטלעכע מייסטערס, כדי אַליין דערנאָך אָנערקענט צו ווערן פֿאַר מייסטער. אַלס באַזונדערע לאַסט ליגט אויף דער ייִדישער באַפֿעל־קערונג דער כשר־אָפּצאָל פֿון פֿלייש און עופֿות. פֿאַרן אַריינפֿאָרן קיין וואַרשע ווערט אויך פֿון די ייִדן איינגעמאָנט אַ באַזונדער אָפּצאָל.

די ייִדן געפֿינען זיך פּאַקטיש אין אַ סך ענינים אויסער יעדן געזעץ. אַזוי, למשל, קאָן נישט אַ ייִד אויפֿטרעטן אין געריכט אַלס עדות קעגן אַ קריסט.

אין די רעגירונגס־קרייזן האָט מען זיך באַמיט, ווי אין רוסלאַנד אַזוי אויך אין פּוילן, אויפֿצוּוואַרפֿן די ייִדן, אַז זיי מײַדן אויס צו טון פּראָדוקטיווע אַרבעט און פֿאַרנעמען זיך מיט קליין־האַנדל, פֿילנדיק אַ ווידערווילן צו יעדער לאַנד־ווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט; זיי ווילן זיך אויך נישט פֿאַרנעמען מיט מלאכות, גאָר באַשעפֿטיקן זיך מיט קאָנטראַבאַנדע; שיידן זיך אָפּ פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג דורך זייער קליידונג און זענען בכלל אַ פֿינצטערע, אָפּגעשטאַ־נענע מאַסע.

דער „שר״ מאַנטעפיאָרע האָט אָבער אין זיין מעמאָריאַל אויפגעוויזן, אַז עס געפינען זיך בעלי־מלאכות צווישן יידן אין אַ גרעסערן פּראָצענט אין פאַרגלייך מי׳ט דער איבעריקער באַפעלקערונג און אַז די יידן פאַרנעמען זיך מיט דער שווערסטער אַרבעט. אַזוי האָט מאַנטעפיאָרע צווישן אַנדערן אָנגעוויזן, אַז עס זענען פאַראַן צווישן די יידן אַ סך מוליאַרעס, שמידן און אַנדערע „שווערע״ בעלי־מלאכות, און אַז די צאָל יידן, וואָס ווילן זיך פאַרנעמען מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט וואָלט זיך אָן ספק פיל פאַרגרעסערט, ווען עס וואָלטן אָפּגעשאַפט געוואָרן די רעכטלאָזע באַגרענעצונגען, וועלכע זיי באַגעגענען אויף יעדן שריט און טריט. דער גרעסטער באַווייז איז — האָט דער „שר״ געשריבן אין זיין מעמאָראַנדום — אַז ווען אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס רעגירונג האָט אויפגעפאָדערט די יידן, זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט, האָבן זיי זיך גערן אָפּגערופן דערויף, נאָר דערפאַר וואָס די מאַכט האָט זיי געלייגט אויפן וועג פאַרשידענע אומגעהויערע שטערונגען, זענען די רעזולטאַטן נישט געווען גאָר קיין געהויבענע.

בנוגע דער באַזונדערער קליידונג — האָט דער „שר״ געשריבן — האָט דאָך די פּוילישע רעגירונג אַליין געצוווּנגען דערצו די יידן מיט דריי הונדערט יאָר צוריק. ווי עס זאָל נישט זיין, נאָר צוליב דעם, וואָס דער מנהג פון טראָגן באַזונדערע מלבושים קאָן זיך נישט שטיצן אויף די פאַרשריפטן פון דער יידישער רעליגיע, וועלן זיך די יידן ביסלעכוויז אַליין אָפּגעוווינען דערפון.

דער „שר״ מאַנטעפיאָרע האָט אָבער געוואָלט אַליין זיך באַקענען מיט די גרויסע יידישע קבוצים פון פּוילן, און דערפאַר האָט ער באַזוכט ווילנע און וואַרשע.

און ווען די יידן פון וואַרשע האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער „שר״ וועט באַזוכן זייער שטאָט, האָבן זיי זיך געגרייט אים מקבל פנים צו זיין מיט דעם גרעסטן כבוד׳. עס איז דעריבער אָנגעגאַנגען אַ שטילער קאַמף צווישן די משכילים און די חסידים. יעדער האָט געוואָלט געווינען דעם „שר״ אויף זיין צד. די משכילים האָבן זיך געגרייט נושא־חן זיין אין די אויגן פונעם „שר״, און די חסידים האָבן געוווּסט, אַז דער „שר״ איז אַ פרומער ייד, הגם ער ווייסט נאָך נישט וואָס עס איז אַזוינס חסידות. די חסידים האָבן לכבוד זיין אָנקומען פאַר־פאַסט אַ „שיר תהלה״.

די חסידים האָבן דעמאָלט געקוקט אויף די משכילים ווי אויף מיסיאָנערן, וואָס ווילן אי͏ַנטערברענגען דאָס יידישקייט, ווייל לויט די דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע פאַרהעלטעננישן און באַדינגונגען האָט געדאַרפט קלאָר זיין, אַז בעתן שטרעבן צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן די יידישע מאַסן, האָט געדאַרפט גלייכצייטיק געשווינט ווערן די הייליקייטן פון דער יידישער רעליגיע. מען האָט דעריבער געדאַרפט אויסמיידן יעדן קאַמף, אַפילו קעגן יענע מנהגים און איינרעדענישן, וועלכע האָבן מיט דער אמתער יידישער אמונה קיין שום שייכות נישט, גלויבנדיק, אַז די אויפקלערונג אַליין וועט אַ סך אָפּגעשטאַנענע מנהגים ענדערן. דער וועג וואָלט אפשר געווען אַ לענגערער, אָבער דערפאַר אַ מער זיכערער

די יידישע משכילישע אינטעליגענץ האָט אָבער געוואָלט אָפּהאַלטן לייכטע נצחונות, און זי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו חברן מיט דער רעגירונג, הגם זי האָט גוט געוווּסט, אַז די רעגירונג איז נישט גינסטיק געשטימט צו די יידן

און אַז די „יידישע מאָראַלישע ווידערגעבורט", וואָס די משכילים האָבן כסדר געפּריידיקט, פאַרשטייט זי נישט אַנדערש, ווי אַלס אויסראָטונג פון יידישקייט בכלל אָדער בעסער געזאָגט, אַלס מיטל צוצופירן די יידן צום הערשנדיקן גלויבן.

און עס האָט זיך טאַקע דעמאָלט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן די נייגונג פון די מאָסגעבנדע קרייזן צו מאַכן פון יידן קאַטאָליקן.

עס איז דעמאָלט אַפילו געגרינדעט געוואָרן אין וואַרשע אַ „ביבלישע געזעל־שאַפט", מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן דאָס קריסטנטום צווישן די יידן. מען האָט געבראַכט פון לאָנדאָן אָנגעזעענע יידישע מיסיאָנערן, וועלכע האָבן באַקומען פאַרשידענע פּריווילעגיעס און באַזונדערע רעכט.

די יידישע משומדים האָט מען אין דער העכסטער פּוילישער געזעלשאַפט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און זיי אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן כבוד. די יידישע משומדים האָבן חתונה געהאַט מיט די גרעסטע פּוילישע אַדללייט און זענען דערנאָך געקרוינט געוואָרן מיט פאַרשידענע אַדעליקע טיטלען. עס איז גענוג צו דערמאָנען די טעכטער פון דער באַרימטער יהודית יאַקובאָוויטש וועלכע האָבן נאָכן אָפּשמדן זיך, חתונה געהאַט מיט די פאָרשטייער פון דער העכסטער פּוילישער און פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע.

און פיל יידישע משכילים האָבן זיך נישט געשעמט גאַנץ אָפן מודה צו זיין, אַז אונטערן וואָרט „אַסימילאַציע" פאַרשטייען זיי אַ פולשטענדיקע יידישע פּאָלאָניזירונג דורך אָפּשמדן זיך. עס איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס אַלע זייערע אונטערנעמונגען און מעשים האָבן ביי די ברייטע יידישע מאַסן און באַזונדערס ביי די חסידים אַרויסגערופן אומצוטרוי. נאָכמער, צוליב דעם, וואָס אַפילו יענע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אפשר דעמאָלט שוין יאָ געווען נויטיק און נוצלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן אונטער זייער איינפלוס באַקומען אַזאַ כאַראַקטער, וואָס אַנטשפּרעכט דורכאויס נישט זייער אייגנטלעכן ציל, ווי, למשל, די ראַבינער־שול אין וואַרשע, וועלכע האָט דערצויגן אַ דור מיט אַסימילאַנטן, וואָס זענען געווען פרעמד צו די יידן און האָבן גאָר פיינט געהאַט די יידישע אמונה.

דעריבער איז געווען אַזוי גרויס דער פּחד ביי די חסידים, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז דער „שר" משה מאָנטעפיאָרע קומט קיין וואַרשע און אַז די משכילים ווילן אים דערלאַנגען אַ פּעטיציע.

און אַזוי ווי דער „שר" מאָנטעפיאָרע האָט אין וואַרשע געהאַט אויפגענומען די אַלע רעגירונגסלייט, וואָס זענען געקומען אים באַזוכן, האָבן זיך געמאָלדן די משכילים, אַז זיי ווילן מיט אים רעדן וועגן דעם מצב פון די יידן אין פּוילן.

אָבער אויך די חסידים זענען נישט געשלאָפן.

ר' איטשע־מאירל האָט איינגערופן אַן אַסיפה אינעם הויז פון זיין שווער, ר' משה חלפן, צו באַטראַכטן, וואָס צו טאָן.

עס זענען געקומען צו דער אסיפה דער וואָרקער רבי און אַ שליח מיוחד פונעם קאָצקער הויף.

אַ גאַנצע נאַכט איז מען געזעסן און געטראַכט: צי מען זאָל אַרויסטרעטן קעגן די משכילים מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, אָדער מען זאָל זיך פריער

דורכרעדן מיט זיי, ווייל טאַמער וועט דער „שר" פּאַרט נישט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס חסידות איז.

דער וואָרקער רבי, וועלכער איז תמיד געווען אַ מליץ־יושר פאַר יידן, האָט דאָס מאָל געהאַלטן, אַז מען דאַרף יאָ גיין צום „שר" און מיט אים רעדן.

ער האָט אויף דער אסיפה געזאָגט צו די חסידים: „איצט איז מיר ווידער קשה דער טייטש פון דער הגדה: „אילו קרבנו לפני הר סיני ולא נתן לנו את התורה — דיינו..." איז דאָך די קשיא: אָן קבלת התורה, וואָס וואָלטן מיר געהאַט דערפון, וואָס מען האָט אונדז צוגעפירט צו דעם הר סיני, און וואָס איז דעריבער דער מיין פון דעם דאָזיקן „דיינו"? — נאָר די וויכטיקייט פון הר־סיני איז, אַ חוץ קבלת־תורה, באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל באַשאַפן אחדות ביי יידן, ווי עס שטייט: „ויחן שם ישראל נגד ההר" (שמות י"ט, ב) — כולם כאיש אחד! דאָס גופא איז שוין אַ וויכטיקע זאַך געווען, און צוליב דעם אַליין איז שוין „דיינו", איז שוין גענוג געווען. „אָבער בעונותינו הרבים". — האָט דער וואָרקער רבי אויסגעלאָזט, — „אַז דאָס אחדות צווישן יידן איז מער נישטאָ, בפרט נאָך צווישן די אַנטרונענע, וועלכע ווילן זיך מער נישט לאָזן אַריינרעכענען אינעם כלל ישראל, און וועלכע מערן זיך פון טאָג צו טאָג, איז טאַקע צוריק די קשיא, וואָס טויג מיר דער „דיינו"?

און אויף דער אסיפה איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער וואָרקער רבי צוזאַמען מיט ר' איטשע־מאירלען זאָלן באַזוכן דעם „שר" משה מאָנטעפיאָרע און אים אויפקלערן, וואָס אַזוינס חסידות איז און ביי אים אויספועלן, ער זאָל נישט וועלן רעפאָרמירן די יידישע חדרים אין פוילן.

* * *

איידער ר' איטשע־מאירל איז צוזאַמען מיט דעם וואָרקער רבין געגאַנגען באַזוכן דעם „שר" משה מאָנטעפיאָרע, איז ר' איטשע־מאירל געגאַנגען צום משכיל מתתיהו ראָזען. ער האָט ביי אים געבעטן, ער זאָל נישט פאָדערן פונעם „שר", אַז מען זאָל רעפאָרמירן די חדרים. אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט פועלן.

מתתיהו ראָזען האָט גאָר געגעבן צו פאַרשטיין ר' איטשע־מאירלען, אַז די משכילים זענען די אמתע יידן, און נאָר זיי האָבן אַ רעכט צו רעדן אין נאָמען פון פאָלק.

נאָכן באַזוך פון ר' איטשע־מאירלען ביי דעם משכיל ראָזען האָט ר' איטשע־מאירל געשריבן וועגן דעם אַ בריוו צו דעם גביר ר' אברהם יאַנאָווער.

און אָט וואָס ר' איטשע־מאירל האָט אין בריוו געשריבן: „מאחר שהוא צדיק בעיניו, אף שעובר על כל התורה כולה, רוצה שגם אחרים יהיו צדיקים כמותו, מה נאמר ומה נדבר, אוי לנו שכך עלתה בימינו. ולא די להם מה שעוברים בפומבי על התורה ואין דובר להם דבר, אבל עוד כקוצים בעיניהם, אשר יזכר שם ישראל בעולם המחזיקים בתורת ד'" (ווייל ער האַלט זיך — געמיינט ראָזענען — פאַר אַ צדיק, כאָטש ער איז עובר אויף דער גאַנצער תורה, וויל ער, אַז אויך די אַנדערע זאָלן זיין אַזעלכע צדיקים ווי ער איז, וואָס זאָל איך זאָגן און וואָס זאָל איך רעדן? ווי איז צו אונדז, אַז דאָס געשעט אין אונדזערע צייטן. און ס'איז זיי נישט גענוג, וואָס זיי זענען אַליין עובר עפנטלעך אויף

דער תורה און קיינער זאָגט זיי נישט קיין וואָרט, איז נאָך ווי אַ דאָרן אין זייערע אויגן יעדער איינער, וואָס דערמאָנט דעם נאָמען ייד אין דער וועלט און די, וועלכע האַלטן זיך נאָך אָן גאָטס תורה).

דער „שר" מאָנטעפיאָרע האָט שוין פון לאַנג געהאַט געהערט, אַז אין פוילן עקזיסטירט אַ חסידישע סעקטע, וואָס נעמט אַרום ס׳רוב פון די פאָלקס־מאַסן און דער עיקר די אָרעמע שיכטן. דער „שר" האָט אָבער קיין גענויע פאָרשטעלונג נישט געהאַט. וואָס אַזוינס עס איז חסידות.

פון דער געשיכטע האָט ער געוווסט, אַז דאָס חסידות איז אויפגעקומען נאָך דער פראַנקיסטישער באַוועגונג, לויט דעם שוואַכן אָפּקלאַנג, וואָס דאָס חסידות האָט נאָך דעמאָלט געהאַט צווישן די יידן, אין מערב־אייראָפּע, האָט זיך דער „שר" פאָרגעשטעלט, אַז די חסידים זענען עפּעס אַ געהיימע מיסטישע סעקטע, וואָס ווערט אָנגעפירט פון די „צדיקים", וועלכע זענען פאַלשע נביאים, אָדער זנאַכערס און נוצן אויס די פינצטערע אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן.

און ווען די צוויי וואַרשעווער משכילים, די גבירים, מתתיהו ראָזען און עפּשטיין, זענען געווען ביים „שר" אויף אַ באַזוך און האָבן אים געשילדערט די לאַגע פון די יידן אין פוילן, האָבן זיי אים דערציילט וועגן דער סעקטע חסידים.

„מיך פאַראינטערעסירט זייער שטאַרק צו זען די פאָרשטייער פון אָט דער סעקטע, — האָט דער „שר" אינעם שמועס געזאָגט — אַלץ, וואָס איך הער פון אייך וועגן זיי, איז מיר זייער אינטערעסאַנט, אָבער כ׳וואָלט מיט זיי געוואָלט אַליין רעדן, באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט אָט די פירער. זענען זיי טאַקע אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן? — האָט ער זיך געווענדט צו די צוויי משכילים און גלייכצייטיק האָט ער צוגעגעבן: — אפשר קאָנט איר מיר אויפקלערן, ווער דער גרינדער פון דער דאָזיקער סעקטע איז געווען און צי זענען זיי טאַקע אָפּטריניקע פון דער הייליקער תורה."

„דער גרינדער פון דער סעקטע — האָט ראָזען מיט ביטול געענטפערט און גענומען לערנען מיטן „שר" אַ פּרק אין חסידות — איז געווען עפּעס אַ דאָרפס־ייד מיטן נאָמען ישראל מעזשיבעזשער, וואָס האָט געהיילט ווייבער מיט פאַרשידענע קרייטעכצער, אַ מענטש אַ גראָבער יונג, אָבער ער האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַ צוציונגס־קראַפט און האָט אַרום זיך געשאַפן אַ חברה גראָבע יונגען, עם־הארצים, מענטשן פון פּראָסטן המון־עם, ער האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „חסידים" און אַליין האָט ער זיך געקרוינט מיט דעם באַשיידענעם נאָמען — האָט ער מיט אַ חוזק־שמייכעלע ווייטער געזאָגט — „בעל־שם־טוב", אָדער „בעש׳ט" ווי זיי רופן אים היינט. זינט דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן צו מערן פאַרשידענע פירערס, אָדער בעסער געזאָגט, פאַרפירערס, וועלכע רופן זיך „צדיקים" אָדער „רביים", זענען אַלע, לא־עלינו, גרויסע עם־הארצים און לערנען די אָנהענגער פון זייער סעקטע אָבערגלויבענישן."

„אָבער נעכטן האָט מיך באַזוכט אַ פּוילישער גראַף — האָט זיך אָנגערופן מאָנטעפיאָרע — וועלכער פאַרנעמט דאָ גאָר אַן אָנגעזען אָרט אין דער רעגירונג

און ווען עס איז געקומען צו אַ שמועס וועגן די יידן, האָט ער מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער האָט אים געזאָגט, אַז ערגעץ אין אַ קליין שטעטעלע, דאַכט זיך, אַז ער האָט דערמאָנט דעם נאָמען קאָזניץ אָדער קאָ־זע־נעץ — האָט דער „שר" אויסגעצויגן דאָס וואָרט — האָט דאָרטן געוווינט אַ צדיק, אַ פירער פון אָט דער סעקטע, איז זיין פאָטער, דער גראַף, צו אים תמיד געפאָרן, כדי זיך מיט אים שואל־עצה צו זיין אין פאַרשידענע ענינים. וואָס דער צדיק האָט אים געזאָגט, אַזוי האָט ער געטאָן, ווייל דער צדיק איז געווען אַ שטיק נביא, האָט דער גראַף דערציילט."

„דאָס איז געווען אַ רב, וועלכער האָט זיך גערופן: „קאָזשעניצער מגיד" — האָט דער משכיל עפשטיין גאָר נישט ניחאדיק געענטפערט — ער האָט צופעליק יאָ געקאָנט אַ סך לערנען און איז געווען זייער קלוג, דערפאַר איז אים געלונגען אָפּצונאַרן די פוילישע אַדל־לייט און צו אים זענען טאַקע געפאָרן גראַפן און פירשטן, וואָס ער האָט דורך פאַרשידענע תחבולות זיי אַריינגענאַרט און זיי געגעבן כלערליי עצות וועגן מסחרים, וואָס ער אַליין האָט דערפון גאָרנישט געוווסט."

„און וואָס איז דער „וונדער־ראַבינער" פון קאָצק, וועגן וועלכן אַ פוילישער גראַף האָט מיר נעכטן דערציילט, אַז ער זאָל עפּעס זיין אַ גאָר אינטערעסאַנטע פערזאָן?"

„עפּעס אַ צעדרייטער נפש — האָט עפשטיין שנעל געענטפערט — האָט צוזאַמענגעשלעפּט אַ המון מיט מענטשן און פראַוועט דאָרט מיט זיי זיינע אויסטערלישע שטיק".

„מיך וואָלט זייער פאַראינטערעסירט זיי צו זען, — ווען וועל איך האָבן אַ פרייען טאָג? — האָט ער זיך פּלוצלינג געווענדט צו זיין סעקרעטאַר דר. לעווי, — וואָלט איך וועלן אַריינפאָרן קיין קאָצק און אַליין שמועסן מיט דעם „וונדער־ראַבינער". איך וועל גלייך וויסן, וואָס פאַר אַ פאַרשוין ער איז".

די צוויי משכילים זענען שוין געווען אין איין ציטערניש, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז טאָמער וועט גאָר דער קאָצקער רבי מיט זיינע שאַרפע רייד און זיין פייערדיק מויל מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויפן „שר", האָבן זיי מיט האַלב־אָפענע מיילער געוואַרט אויף דר. לעוויס ענטפער.

דר. לעווי אַליין איז אָבער אויך געווען אַ שטיק משכיל און ער האָט שוין פון פריער געהאַט אַ ווידערגעפיל צו אָט די אַלע חסידים און רביים, דערפאַר האָט דר. לעווי אַרויסגענומען זיין סעקרעטאַרישן ביכעלע און האָט אָנגעהויבן צו לייענען: מאָרגן קומט דער און דער גראַף, פאַרנאַכט באַזוכן מיר אַנשטאַלטן, אַ וויזיט ביים שטאָט פּרעזידענט.

ער האָט אים אַזוי אויסגערעכנט אַ גאַנצן צעטל מיט וויזיטן און פאַרענדיקט: „מיר דאַכט זיך, אַז מיר וועלן שוין מער נישט האָבן קיין צייט זיך אַריבערצוכאַפּן קיין קאָצק".

— אַ שאָד, אַ שאָד! — האָט דער „שר" געענטפערט. דערביי גענומען דאָס העלפאַנט־ביינערנע טאַבאַק־פושקעלע און צוגעפירט פאַמעלעך צו דער נאָז. ער האָט לייכט אַ פּאָר געגעבן מיטן געעפנטן טאַבאַק־פושקעלע איבער דער נאָז, הין

און צוריק, און האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום פענצטער אַביסל פאַר־טראַכט.

פלוצלינג האָט דער „שר" אַ רוף־געגעבן: דר. לעווי! קומט נאָר אַהער, זעט נאָר דעם צוזאַמענגעלויף, וואָס עס איז אויף דער גאַס, שלאָגט מען חס־ושלום יידן? שיקט תיכף אַ שליח מיוחד צום גובערנאַטאָר זיך דערוויסן וואָס ס'איז געשען — האָט דער „שר" מיט שרעק גערעדט.

אַלע דריי, דר. לעווי און די צוויי משכילים זענען צוגעלאָפן צום פענצטער און זיי האָבן געזען:

אַ שוואַרצע מאַסע פון מענטשן שטופּן זיך אַרום אַ קאָטש, וועלכע פאָרט זייער פּאַמעלעך, אין דער קאָטש זיצן דריי יידן, צוויי אויבנאָן און איינער קעגנ־איבער זיי און אַרום דער קאָטש הענגען הונדערטער יידן און יונגעלייט, וועלכע ווערן געוואָרפן פון אַלע זייטן און צווישן זיי אַלע זעט מען עטלעכע צענדליק פּאָליציאַנטן, וועלכע טרייבן דעם גרויסן המון אויף אַן אכזריותדיקן אופן

דאָס זענען איצט געפאָרן דער וואָרקער רבי מיט ר' איטשע־מאירלען, באַזוכן דעם „שר" מאָנטעפיאָרע. אַלע אַלטע פשיסכער חסידים, וואָרקער און קאָצקער, וואָס האָבן געוווינט אין וואַרשע, זענען געווען אויף דער גאַס, זען דעם וואָר־קער רבין.

די חסידים זענען נאָכגעלאָפן נאָך דער קאָטש, האָבן זיך אָנגעהאָנגען אויף די רעדער און אַרום זיי זענען געלאָפן פּאָליציאַנטן און האָבן זיי געהאַלטן אין איין שלאָגן, ווייל ס'איז געווען אַ באַפעל, אַז מען זאָל נישט דערלויבן קיין יידישע דעמאָנסטראַציעס אין גאַס בשעת דער „שר" מאָנטעפיאָרע וועט זיין אין שטאָט.

האָבן די פּאָליציאַנטן געהאַלטן אין איין שלאָגן, אין איין טרייבן דעם עולם, אָבער די חסידים האָבן אויף גאָר נישט געקוקט, אַזוי ווי זיי וואָלטן גאָר נישט געווען געפילט די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געקראָגן. זייערע אויגן זענען געווען געווענדט צו דער קאָטש, ווו דער וואָרקער רבי איז געזעסן.

ווען די קאָטש האָט זיך שוין געהאַט דערנענטערט צום הויז, ווו דער „שר" איז איינגעשטאַנען, האָבן די צוויי משכילים דערקענט דעם וואָרקער רבין און ר' איטשע־מאירלען און זיי האָבן באַרויקט דעם „שר".

— דאָס זענען צוויי פירער פון די חסידים, צוויי „צדיקים" און אַזוי זעען אויס די חסידים, אַזוי פאַרשוואַרצן זיי אונדז אונדזער פּנים אין די אויגן פון די קריסטלעכע איינוווינער, זיי לויפן נאָך זייערע רביים, ווי אַ מחנה ווילדע מענטשן.

— אָבער זיי מוזן דאָך זיין גרויסע פּערזענלעכקייטן, ווען זיי קאָנען צו זיך צוציען אַזוי פיל מענטשן, וואָס לויפן זיי נאָך מיט אַזאַ באַגייסטערונג. אָט די מענטשן פילן דאָך אַפילו נישט ווי די פּאָליציאַנטן שלאָגן זיי און פאַרוואָס זאָל טאַקע די פּאָליציי זיי שלאָגן? — האָט דער „שר" געפרעגט. — די אויפגאַבע פון דער פּאָליציי איז דאָך נאָר צו מאַכן אָרדענונג, נישט צו שלאָגן רויקע בירגער. אַ באַרבאַריש לאַנד דאָ, מיט באַרבאַרישע זיטן, — האָט דער „שר" ווי צו זיך אַליין געזאָגט. — און צום דר. לעווי האָט ער זיך געווענדט — אויב די „צדיקים" זענען געקומען מיך זען, טאָ לאָז זיי גלייך אַריין.

פאַרן הויז, ווו דער „שר״ מאָנטעפיאָרע האָט געוווינט, זענען געשטאַנען פאַרשידענע פירשטלעכע קאָטשן. פון צייט צו צייט איז אַרויסגעקומען אַן אַנדערע גרעפין, וועלכע האָט באַזוכט די פרוי פון מאָנטעפיאָרען — יהודיתן. דינערס מיט ווייסע פאַרוקן און ווייסע הענטשקעס זענען געשטאַנען פאַר די קאָטשן און האָבן געעפנט די גאָלדענע טירן פון די קאָטשן און צוגעפירט די גרעפינס און די הויפישע דאַמען.

דער וואָרקער רבי און ר׳ איטשע־מאירל זענען כמעט ווי אַריינגעטראָגן געוואָרן פון דעם גרויסן עולם חסידים, אָבער אַריינגעלאָזט אינעם טויער פונעם הויז, ווו מאָנטעפיאָרע האָט געוווינט, האָט מען נאָר די צוויי מענטשן, וואָס זענען געזעסן אין קאָטש און די גרויסע מחנה חסידים איז געבליבן שטיין אין דרויסן.

אין פאָרצימער פון מאָנטעפיאָרעס וווינונג האָבן זיך געפונען אַ סך יידן פון וואַרשע און די אַרומיקע שטעטלעך. זיי זענען געקומען זען דעם יידישן „שר״ און פאַר אים אויסגיסן זייערע ביטערע הערצער, און דער סעקרעטאַר, דר. לעווי, האָט פאַר אַלעמען געהאַט איין ענטפער: „אייער „שר״ מאָנטעפיאָרע איז נישטאָ אין דער היים!״ און ווען דער סעקרעטאַר האָט דערזען דעם וואָרקער רבין, האָט ער אים געהייסן אַביסל צוּוואַרטן, זאָגנדיק אים אין דער שטיל, אַז באַלד וועט ער קאָנען אַריינגיין.

האָט דאָס שטאַרק ווי געטאָן דעם וואָרקער רבין, וואָס מען נאַרט אָפּ די פרעמדע יידן, און ער האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן:

„איצט״, זאָגט דער וואָרקער רבי צום סעקרעטאַר, דר. לעווי, „איז מיר פאַרענטפערט די גמרא: „גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני השכינה״ (שבת קכ״ז, ב)). וואָרום ביי משה רבינו, בעת ער האָט דערזען די שכינה, שטייט: „ויסתר משה פניו״ (שמות ג׳, ו׳) ער האָט בלויז דאָס פּנים באַהאַלטן, די גבירים אָבער, אַז זיי דערזעען אַן אורח, אַן אָרעמאַן — באַהאַלטן זיי זיך אינגאַנצן!״

דר. לעווי האָט דערפילט דעם שטאָך, האָט אַ געצוווּנגענעם שמייכל געגעבן, ער איז באַלד צוריק פאַרשוווּנדן אין צימער, ווו דער „שר״ איז געזעסן.

„זאָלן זיי אַריינקומען!״, האָט דער „שר״ אַ באַפעל געגעבן צו זיין סעקרעטאַר, דר. לעווי.

די צוויי משכילים האָבן הפנים געוואָלט בלייבן אין צימער, בשעת די חסידישע דעלעגאַציע וועט זיין ביים „שר״, אָבער דר. לעווי האָט זיי אַ ווונק געגעבן, זיי זאָלן אַריינגיין אינעם דערבייִיקן צימער, ווייל דער „שר״ וויל קיינמאָל נישט, אַז פרעמדע מענטשן זאָלן זיין דערביי, ווען ער נעמט אויף געסט.

די צוויי משכילים זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם נעבנדיקן צימער און האָבן דאָרטן געוואָלט וואַרטן, ביז די רביים וועלן אַרויסגיין, כדי דערנאָך צונישט צו מאַכן זייערע טענות.

דר. לעווי האָט אַריינגעפירט צום „שר״ אין צימער אַריין דריי יידן און האָט געמאָלדן: דאָס זענען די רביים, און איז אַרויס.

דער „שר״, דערזעענדיק דאָס משונהדיקע אויסזען פון די יידן, מיט זייערע לאַנגע, זיידענע מלבושים, האָט זיך פאַר דרך־ארץ וועגן אויפגעשטעלט פאַר זיי און געהייסן זיי זיצן.

פאַר דעם „שר״ איז געשטאַנען דער וואָרקער רבי, קליין, אויסגעדאַרט, מיט אַ שוואַרץ פּנים, מיט אַ נאָך שוואַרצערער, געדיכטער באָרד, וואָס האָט זיך דורכגעוועבט ווי מיט זילבערנע פעדים־האָר און מיט גרויע ברעמען, אָנגעטאָן אין אַ הויכן ספּאָדיק מיט אַ ברייטן אַטלאָסענעם גאַרטל אַרומגעוויקלט אויף דער זיידענער בעקעשע. נעבן אים, זיין גבאי, משה — אַ הויכער ייד, מיט אַ ביישטרענג פּנים, מיט אַ געלע באַרשטן־באָרד און מיט צוויי לאַנגע הענט, וואָס קאָנען יעדע מינוט פּאַטשן, אויב ס׳וועט ווער וועלן פּוגע בכבוד זיין דעם רבין: ביי דער רעכטער האַנט ר׳ איטשע־מאירל, וועלכער האָט מיט זיין פיגור דערוועקט ביי יעדן איינעם רעספּעקט צו זיך.

„זענט איר אַלע רביים!״ האָט דער „שר״ געפרעגט, נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך געהאַט אַנידערגעזעצט.

„ניין!״, האָט ר׳ איטשע־מאירל געענטפערט. „בלויז דער ייד״, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן וואָרקער, — „איז אַ רבי, און דער צווייטער איז אַ גבאי, און איך בין קוים אַ חסיד״.

לויט דעם אַלעם וואָס דער „שר״ האָט זיך פריער אָנגעהערט, האָט ער איצט דערזען גאָר אַן אַנדער בילד. עפּעס זענען דאָס נישט סתם קיין זנאַכערס, וואָס פאַרפירן אָפּגעשטאַנענע מענטשן, — האָט ער זיך געטראַכט — ניין! דאָס מוזן זיין טיף־דענקנדיקע מענטשן. אַזעלכע פּנימער און אַזוינע אויגן האָבן נישט קיין שווינדלער.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען? — האָט דער „שר״ געפרעגט.

— מיר האָבן געהערט וועגן אייער גרויסקייט און איבערגעבנקייט צו יידן, — האָט דער וואָרקער רבי אָנגעהויבן. מיר האָבן געהערט וועגן אייער נסיעה קיין רוסלאַנד צום צאַר, משתדל צו זיין זיך פאַר דעם יידישן פאָלק, און מיר האָבן מתפּלל געווען צו גאָט, איר זאָלט, גרויסער „שר״, נושא־חן זיין אין די אויגן פון צאַר און פון אַלע שרים, וואָס רינגלען אים אַרום. און דערפאַר זענען מיר געקומען אייך בעטן, איר זאָלט מבטל מאַכן די גזירה וועגן איינפירן נייע מנהגים אין אונדזערע חדרים, וואָס איז געווען דער איינציקער יסוד פאַר אונדזער קיום ביז היינט.

— וואָס? — האָט מאָנטעפיאָרע מיט אַ בייזן טאָן אַ פרעג געטאָן — איר ווילט טאַקע ווייטער, אַז דאָס פאָלק זאָל גאָרנישט קענען לערנען, כדי איר זאָלט קענען עס נאָך מער האַלטן אין פינצטערניש און פאַרשפּרייטן אייער סעקטאַנטישע לערע, דאָס חסידות, וואָס איז קעגן דער תורה?

— אדרבא, — האָט ר׳ איטשע־מאירל געענטפערט געלאַסן, כדי אים צו באַרויקן, — מיר ווילן דאָך טאַקע, אַז מען זאָל נישט איינפירן קיין רעפאָרמען, כדי מען זאָל קאָנען היטן די תורה מיט אַלע מצוות, אַזוי ווי אונדזערע אבות האָבן זיי אָפּגעהיט.

— און איר מיט אַלע חסידים האַלט איר זיך טאַקע אָן די געזעצן פון דער תורה? זענט איר נישט עובר אויף די חוקים פון דער תורה הקדושה? — האָט דער „שר״ געפרעגט, איבערחזרנדיק דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון די צוויי משכילים, וועלכע זענען פריער געווען.

— מיר באַמיען זיך מקיים צו זיין די תורה — האָט הכנעהדיק געענטפערט דער וואָרקער רבי.

— און לערנען קענט איר כאָטש? — האָט דער „שר" ווייטער געפרעגט.

— מיר באַמיען זיך צו קענען, — האָט דער וואָרקער רבי געענטפערט.

און דאָ האָט דער וואָרקער רבי מיט ר' איטשע־מאירלען אָנגעהויבן פאַר־צולייגן זייערע טענות פאַרן „שר". דער שר האָט זייער שלעכט פאַרשטאַנען זייער יידיש, און לסוף האָט ער געהייסן דעם סעקרעטאַר, דר. לעווי, ער זאָל אַריינקומען און זיין דער איבערזעצער. דער וואָרקער רבי האָט פאַרענדיקט דעם שמועס: „נישט מיר ווילן האַלטן די יידן אין גלות, אדרבא, מיר ווילן, אַז מען זאָל דערפילן, אַז די שכינה און די כנסת ישראל זענען אין גלות. אַזוי ווי אונדזער רבי ר' בונם פון פּשיסכע האָט געטייטשט: והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים (שמות ו', ו'), „סבלות" איז פון לשון „סבלו"... דער ערגסטער גלות איז, ווען מען הערט אויף צו פילן דעם גלות, ווען מען ווערט צוגעוווינט צו דעם שעבוד און הכנעה. „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים" — אויב איר האַלט שוין ביי אַזאַ מצב, אַז איר קאָנט שוין סובל זיין דעם גלות און עס אַרט אייך שוין גאָר נישט — דאַן טאָר מען מער נישט וואַרטן, דאַן איז שוין די העכסטע צייט, האָט גאָט געזאָגט, אייך אַרויסצופירן פון דאָרט!"

דר. לעווי האָט די תורה איבערגעזעצט פאַר דעם „שר", וועמענס אויגן האָבן אויפגעלויכטן פאַר פרייד.

און דער „שר" האָט געזאָגט צו דר לעווי: „רוף אַריין די צוויי געסט, וואָס זענען פריער דאָ געווען, זאָלן זיי אויך הערן וואָס מען רעדט דאָ און לאָמיר זען, וואָס זיי וועלן ענטפערן דערויף".

די ערשטע רגע האָט זיך ר' איטשע־מאירל דערשראָקן, דערזעענדיק די צוויי משכילים, אָבער ער האָט זיך באַלד באַרויקט, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוטענהן פאַרן „שר":

דעם גאַנצן וויכוח, וואָס דער וואָרקער רבי און ר' איטשע־מאירל האָבן געפירט מיט די משכילים, האָט דער „שר" נישט צוגעהערט, נאָר ער האָט נאָכגעקוקט די תנועות פונעם וואָרקער רבין. ער האָט פאַר זיך דערזען אַ מענטש, וואָס לעבט אין אַן אַנדער וועלט, אַ מיסטישע, אַ סודותפולע, וואָס אים איז עס פרעמד — נאָר דרך־ארץ האָט ער באַקומען פאַר אים.

און ווען די משכילים האָבן כסדר געשריען, אַז די חסידים זענען מבטל לומדים, די תורה־לערנער, האָט דער וואָרקער רבי געענטפערט:

„צוויי חשובע בערג זענען פאַראַן: דער הר סיני, אויף וועלכן די יידן האָבן מקבל געווען די תורה, און דער הר־המוריה, אויף וועלכן אברהם האָט געפירט יצחקן צו דער עקידה. איז דאָך אין פלוג קשה: פאַרוואָס האָט מען דעם בית־המקדש געבויט אויפן הר־המוריה און נישט אויפן הר־סיני, אויפן באַרג, ווו מען האָט אונדז געגעבן די תורה? איז דער תירוץ: דאָס אָרט, ווו אַ ייד איז גרייט צו שטרעקן דעם האַלדז פאַרן אויבערשטן, איז ביים רבונו־של־עולם פיל חשובער פונעם אָרט, ווו מען האָט געגעבן די תורה... תורה, לומדות — איז אוודאי גוט, אָבער דער עיקר איז האָבן מסירת־נפש פאַר יידישקייט!"

דער „שר“ האָט זייער הנאה געהאַט פונעם וואָרקער רבינס תורה, און ווען ער האָט זיך געזעגנט, האָט מען געמיינט, אַז דער וואָרקער רבי האָט מנצח געווען די משׂכּילים און דער „שר“ האַלט מיט חסידים.

אָבער דעם „שר“ איז פאַרט געווען פרעמד דאָס חסידות. ער אַליין האָט זיך נישט געקאָנט פאַנאַנדערפּלאָנטערן אין דעם קאַמף, וואָס עס ווערט געפירט צווישן די משׂכּילים מיט די חסידים. ווען דער „שר“ האָט איבערגעגעבן דעם מעמאָראַנדום וועגן „דעם צושטאַנד פון יידישער בילדונג אין רוסלאַנד און פוילן“, האָט ער זיך גאָר נישט גערעכנט מיט די בקשות פון דער חסידישער דעלעגאַציע.

(פונעם בוך: „פּשיסכע און קאָצק“, בוענאָס איירעס 1949)

## צבי אייזנמאַן

# אירענאַ



ווען זי איז געקומען אין גראָען פּירקאַנטיקן הויף מיט די אָפּגעשיילטע מויערן, געדענקען בלויז איינצלנע איינוווינער.

אַ צעהיצטער תמוז־טאָג איז דעמלט געווען ווען פּלוצים איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן באַלייגט מיט עפּעס אויסטערליש מעבל, פּריציש־ניט־פּריציש, אָבער אַזעלכעס האָבן יידן פון טוואַרדע גאַס נאָך קיינמאָל ניט געזען.

אין די טירן פון שפּייז־קרעמלעך האָבן זיך באַוויזן נייגעריקע גוידערס. פונב ניי־געעפנטן קאַפּעלושן־געשעפט האָבן צוויי בלייכע מאָדיסטקעס אַוועקגעלייגט די ברייטע קאַפּעלושן מיט די ריזיקע שטרויספעדערן, אַביסל פאַרבויגן די שפּיצן־פאָרהאַנגען און געלאָזט די בליקן זיך אַרויסקייקלען צום אויסטערלישן וואָגן. דער שוסטער, וואָס זיין וואַרשטאַטל שוואַרצט אַרויס אין גאַס אַריין מיט בלאָטיקע שויבן און אויסגעקרימטן שילדל, האָט אַ וויל אויסגעגלייכט דעם איינגעבויגענעם רוקן און נאָכגעשיקט זיין בליק דעם „בייזן ווונדער״, רייבנדיק פאַרטראַכטערהייט די נאָז מיט דער פאַרשמירטער האַנט.

פון עק גאַס, דאָרט ווו עס שיינען אַנטקעגן דער זון די דריי קופּערנע טאַצן איבערן איינגאַנג צום „פעלטשער״, האָט זיך דערהערט אַ נערוועז קלינגעריי פון אַ גלעקל און שוין איז די טיר פון דער „פריזורע״ געשטאַנען צעפּראַלט און דער „פעלטשער״ אַליין מיט די פאַרדרייטע, שפּיציקע וואָנצן האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצער ברייט; פון איבער די אָרעמס האָבן אים אַפּערגעקוקט זיינע צוויי געזעלן מיט די קאַמען פאַררוקט הינטער די אויערן.

אויף טוואַרדע איז מען אָפט געווינט געווען צו זען דעם „פעלטשער״ אַרויס־שפּרינגען פון דער „פריזורע״ מיט כעס און יאָגן די ווייסע חברהניקעס וואָס האָבן פאַרבייגייענדיק אַלעמאָל געעפנט זיין טיר, כדי צו הערן דאָס גלעקל קלינגען. היינט אָבער שטייט ער רויק. די פאַרדרייטע וואָנצן זענען פון נייגעריקייט עפּעס שפּיציקער געוואָרן, אַפילו די וואַקסענע פיגור וואָס אין שוי־פענצטער מיט דער הויכער פריזור און אַרויסשטאַרצנדיקן ביוסט, אויף וועלכער ס׳ליגט אַ געדיכטע שיכט שטויב, — זעט אויך אויס פאַרוווּנדערט...

---

צבי אייזנמאַן — געבוירן 1920 אין וואַרשע. 1939—1946 אין רוסלאַנד. 1946 ביז 1949 וואַנדערונגען. 1949 מדינת ישראל. דערציילער. „אירענאַ״ שפּיגלט אָפּ, דורך דער נשמה פון אַ יידיש קינד, די שיר נישט מיסטישע אָפּפרעמדונג צווישן פּאָלאַקן און יידן אין וואַרשע.

דער וואָגן איז שטיין געבליבן ביי איינעם פון די טויערן און מ׳האָט גענומען אַראָפּשלעפּן די שווערע, דעמבענע שענק מ׳ט גירלאַנדעס און בלומען באַצירט, אַ ברייט בעט מיט משונהדיקע פייגל אויף די האַלב־קיילעכדיקע קאָפּ־שטיק, אַ גלאַנציק, שוואַרצן קלאַוויר מיט שווערע פיס און געשניצטע ראַנדן.

קינדער זענען אַרויסגעלאָפן פונם הויף און מיט אָפענע מיילער נאָכגעקוקט ווי מען טראָגט די אַלע טונקל־לעדערנע פאָטעלן, די קאַנאַפּע מיט צוויי שטײפּע וואַלקעס און הויכן אָנלען באַדעקט מיט פלוש און איינגערעמט אין טונקל האָלץ, ווענעס ברייטער געזימס פון אויבן האָט געדינט אַוועקצושטעלן די פאַרשידענע פאָרצעלייענע פיגורלעך און וואַזעס, און די ברייטע קרעדענץ מיט געשליפענע גלעזערנע טירלעך.

צו די קינדער האָבן זיך צוגעשאַרט עלטערע. מ׳האָט געהויבן מיט די אַקסלען:

— ווער ציט זיך דאָס אַריין? וואָס פאַר אַ „דזשעדזשיץ" האָט אויסגעקליבן אַזאַ ענגן הויף? האָט מען זיך געוווּנדערט און ווייטער געשטאַנען.

עפּעס אַ יידענע האָט צורעכטגעמאַכט דאָס שייטל און אַ ברום געטאָן: — שוין נישט געפונען אין וואַרשע קיין אַנדער מקום נאָר דאָ, — האָט זי אַ פיר געטאָן מיט אַן אויסגעהאָרעוועטער אָדערדיקער האַנט.

דאָס מעבל האָט צוגעצויגן אַלעמענס בליקן, אָבער ס׳האָט פון דעם געווייעט מיט פרעמדקייט און אימה, און ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס טראָגט מען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק אין די דריי ליידיקע צימערן, וואָס שטייען שוין זינט עטלעכע יאָר פאַרקלאַפּט, איז דאָס געזעמל שיטערער געוואָרן. מען האָט זיך געשווינד אוועקגעשאַרט. פיל האָבן אַ באַהאַלטענעם שפּיי געטאָן.

דעם לעצטן איינוווינער, אַ ייד אַ מאַגנאַט, אַ סוחר פון טיף־ראָסיי, האָט מען דאָ געטראָפן איינמאָל אין אַ פרימאָרגן אויפגעהאָנגען. יידן האָבן אויסגעמיטן די וווינונג, עפּעס „שטעקט" דאָרט, האָט מען מער צוגעווינקט ווי גערעדט, און אַלע האָבן שוין געוווּסט וואָס דאָס באַדייט. איז די וווינונג געשטאַנען ליידיק, די שווערע טיר פאַרקלאַפּט און קינדער זענען פאַרציטערט געוואָרן ווען זיי פלעגן זיך אַראָפּלאָזן פון די טרעפּ. ביינאַכט פלעגן עלטערע אויך ניט גערן פאַרבייגיין פאַר דער פאַרקלאַפּטער טיר. און דאָ פּלוצים ציט מען זיך אַריין.

פאַרנאַכט־צו איז זי געקומען. אַ בלאָנדע מיט גלאַטיק פאַרקעמטע האָר, פאַרענדיקט מיט אַ דיקן „גרעק" אינמיטן. אַ לאַנג שוואַרץ קלייד מ׳ט פיל, פיל העקעלעך. פון איר יונגן פנים האָבן אַראָפּגעקוקט אַ פּאָר ברוינע טרויעריקע אויגן. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ גרויסע גאָלדענע בראָש מיט העלפאַנט־ביין באַצירט. די בראָש האָט זיך געהוידעט אויף אַ שוואַרץ־זיידענער לענטע. די לאַנגע הענט פון די בופן־אַרבל זענען געווען בלייך און דעליקאַט.

זי האָט אַרויסגערופן דעם סטרוזש און אויף האַלב־פּויליש האַלב־רוסיש געבעטן דעם שליסל. די שטים איז געווען אַ טיפע. זי האָט פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן אויף די שטיגן מיט אומהערבאַרע טריט. גיכער האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי שוועבט אַרויף.

פון קעלער־שטוב ביז צום פערטן שטאָק האָבן דערשראָקענע בליקן נאָכבאַגלייט דאָס פּאַמעלעכע אַרויפשוועבן פון דער פרוי מיט די טרויעריקע אויגן...

— אַ קריסטין... האָט איין טיר דער צווייטער אָנפּאַרטרויט. אַ קריסטין.. שושקען פּענצטער זיך איבער און פונם שטיקעלע הימל וואָס איבער די דעכער פינקלט דאָס ערשטע שטערנדל מיט פאַרווונדערונג — אַ קריסטין אין אַ יידישן הויף.

* * *

נישט צו וויסן פונוואַנען האָט דער הויף געוווסט צו דערציילן וועגן דער פריילין אירענע (די שפּייז־קרעמערין האָט דעם נאָמען גלייך פאַנאַנדערגעשיקט איבער אַלע שטאָקן) די אויסטערלישסטע געשיכטעס, וואָס ניט בלויז פאַר טווארדע גאַס האָט עס געקלעקט, נאָר ס'האָט זיך אַריבערגעקייקלט צו טשעפּלע, קראָכמאַלנע און אָנגעשפּאַרט אַזש אין „יענע גאַסן". ווען די געשטאַלט אין שוואַרצן קלייד פלעגט זיך באַווייזן אַדורכשפּרייזנדיק יעדן פרימאָרגן צו דער נאָענטסטער טראַמוויי־סטאַנציע, אָפּצוואַרטן דעם צעגרעגערטן טראַמוויי איינגעשפּאַנט אין עטלעכע פערד, האָבן זיך גלייך באַוויזן קעפּ אין די אָפענע פענצטער, ווער פון אַ באַליע פאַרעדיקע זויש און ווער מיט אַ קאַרטאָפל און מעסער אין האַנט. אָבער פריילין אירענע איז אַלץ געווען די זעלבע, דאָס זעלבע שוואַרצע לאַנגע קלייד, און די אויגן טרויעריק ווי שטענדיק...

די קינדער פון הויף האָבן זיך פאַר איר געשראָקן, און פאַרגרעסערט די שרעק האָבן די מוטערס אַליין. ווען אַ קינד פלעגט זיך פאַרזינדיקן, פלעגט מען עס סטראַשען מיט „פריילין אירענע", מיט איר ברומענדיקן „שוואַרצן קאַסטן". ווען זיי פלעגן אין די פאַרנאַכטן הערן ווי פון אירע פינצטערע צימערן קייקלען זיך אַרויס די משונהדיקע קלאַנגען.

זייער שפּעט פלעגן אויפשיינען די פענצטער פון פריילין אירענעס צימערן מיט גרינלעכן גאַז־ליכט. פון אַנדערע פענצטער האָבן קוים אַרויסגעצאַנקט שוואַכע פלעמלעך פון נאַפט־לעמפּ, בלויז פון פריילין אירענעס צימערן האָט זיך צעלייגט און איינגעגאָסן אין נאַכט־חושך דער גרינער פּאַס ליכט.

איינמאָל האָט אַ יידענע אין שפּייז־געוועלבל זיך געשווווירן, אַז זי האָט געהערט פון פריילין אירענעס וווינונג עפּעס אַן אויסטערליש לאַכן און ספּאַזמירן, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז דאָס לשון איז איר אָפּגענומען געוואָרן. זי האָט געוואָלט מאַכן אַ געוואַלד, נאָר דאָס מויל האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט עפענען. האָט זי קוים מיט צרות די האַנט אויסגעשטרעקט און אַ צי געטאָן דעם מאַנס קאַלדרע, אָבער ער האָט אַ מאַך געטאָן פאַרשלאָפענערהייט מיט דער האַנט: — וואָס פאַר אַ ניט־גוטע? לאָז מיך שלאָפן! — זי האָט זיך געשטאַרקט, אַראָפּ פון בעט און געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם, אַז אַלע בני־בית זענען ניט טויט ניט לעבעדיק אויפגעשפּרונגען. דער מאַן, אַ בלאַסער, האָט געבעטן זיין שטיל און זיך צוגעהערט צום הויף, אָבער דער הויף איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפער שטילקייט. — ס'האָט זיך דיר אויסגעוויזן, מיין זוויב, גיי לייג זיך שלאָפן! — נאָר זי האָט זיך געהאַלטן ביי אירס, געהערט און שוין. פאַרן לייגן זיך האָט דער מאַן באַטראַכט די מזוזה און אויס־געלאָשן ס'ליכט.

און אַז נאָך אַ שווערן ווינטער איז אין הויף אויסגעבראָכן אַ טיפוס־קראַנקהייט, האָבן אַלע זיך צעשריען, אַז אַלע צרות קומען פון „דאָרטן" און ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער הויף האָט אָװעקגעשריבן צום פּריסטאַוו, מען זאָל באַזייטיקן פון זייער הויף די „פאַרשווינטע". אָבער פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן. די נעכט זענען

ווייטער צעשניטן געוואָרן פונם גרינלעכן ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון פריילין אירענעס צימערן, פריילין אירענע האָט ווידער פאַרבייגעשוועבט דעם הויף אין די פרימאָרגנס צום טראַמווי, געשפּאַנט אין פערד, און דער הויף האָט אויפסנײַ געמוזט אויסהערן די קלאַנגען פון קלאַוויר, וואָס יעדער אַקאָרד האָט זיך אַרומ־געבלאָנקעט פרעמד און ניט פּאַסיק צווישן די אָפּגעשיילטע מויערן, און לסוף דערטרונקען געוואָרן אין דעם טיפן, פּירקאַנטיקן הויף־ברונעם...

ביסלעכווייז האָט זיך דער הויף איינגעלעבט מיט דעם שוועבנדיקן וועזן אינם שוואַרצן קלייד, אָבער די שרעק איז אַלץ געבליבן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פריילין אירענע ווייס וועגן קיינעם ניט און קען קיינעם ניט, אָבער אין הונגעריקן ווינטער פון 1916, אין צווייטן מלחמה־יאָר, ווען טוואַרדע, טשעפּלע און קראָכמאַלנע זענען אויסגעגאַנגען פון קעלט און הונגער, און אַ שטיקל „באָנע"־ברויט צי אַ געפרוירענע, זיסע קאַרטאָפליע איז געווען טרוים צווישן די פּראָסטיק־באַזילבערטע ווענט פון די ניט־געהייצטע שטיבער, איז זי אויסגעוואַקסן מיטאַמאָל, אַ שוואַרץ געקלײדעטע, און איז מיט אומהערבאַרע טריט אַריין אין קעלער־שטיבל פונם שניידער, וווּ דעם שניידערס ווייב איז געלעגן „צו בעט".

די קינדער האָבן זיך פאַר שרעק צעוויינט, דער שניידער איז געבליבן זיצן און פון די אָפענע הענט איז אים אַרויסגעשפּרונגען די קאַץ, ביי וועלכער ער האָט זיך געוואַרעמט. דאָס קראַנקע ווייב האָט מיט אַ שוואַכער האַנט אָוועקגעשאַרט דעם הויפן „שמאַטעס" מיט וועלכע זי איז געלעגן באַדעקט, אַביסל באַפרייט דעם קאָפּ און געקוקט, געקוקט...

פריילין אירענע האָט שווייגנדיק אַוועקגעלייגט לעבן איר צוויי ווייסע, קיילעכ־דיקע ברויט, וואָס האָבן אויפגעשיינט ווי צוויי זונען. שווייגנדיק איר אַ גלעט געטאָן מיט אַ ווייך־וואַרעמער האַנט, און אין די ברוין־טרויעריקע אויגן זענען געשטאַנען צוויי גרויסע טרערן...

דער הויף האָט די פּאַסירונג צעלייגט אויף „טעלערלעך" און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען וועגן דעם גערעדט. אָבער די שרעק איז נאָך אַלץ פאַרבליבן.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ניט געפוילט, אַראָפּ צום שניידער און באַשווירן ניט צו עסן דאָס ברויט. — ווער ווייס וואָס אין דעם „שטעקט", — נאָר איידער דער שניידער האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, פאַרטיידיקן, האָט דאָס קלענסטע קינד מיטן ציינגל שוין געהאַט אָפּגעלעקט די קרישקעס פונם בענקל.

* * *

ערב פּסח. די זון האָט זיך אַ שפּיל געטאָן איבער טוואַרדע. אויך אין הויף אַריין האָט עפּעס וואָס פון איר העלקייט דערגרייכט. אין די נעכט האָבן קעץ אויף די בוידעמער געוויינט ווי קליינע קינדער. די בלאָטעס האָבן, ניט צו וויסן פון וואַנען, גענומען איינשרומפּן. דער הויף איז עפּעס ענגער און טומלדיקער געוואָרן. אָבער ביי די איינוווינער זענען די געל־אויסגעמאַטערטע פּנימער (אַ זכר פון די שווערע ווינטער־חדשים) נאָך לענגער, נאָך מער פאַרדאגהטער געוואָרן.

אָט איז פּסח און וואָס אָנצוגרייטן איז נישטאָ, כאָטש לייג זיך אין טאָפּ אַריין! און צו דער מלחמה זעט מען ניט קיין סוף. ווי נאָר דער טאָג קומט אָן, לויפן די

מענער צו די „קאָמיטעטן‘‘ און די ווייבער, איידער וואָס איידער ווען, שלעפּן די אַלטע, קרעכצנדיקע בעטן אין הויף אַראָפּ, אַנטבלויזן די קוים זיך האַלטנדיקע טיילן און בריען אָפּ מיט הייס וואַסער די שפּאַרעס. אַנדערע קלאַפּן אויס די אָנקאָלירנדיקע איבערבעטן און קישנס, פון וועלכע עס שיטן זיך אָן אויפהער די פעדערן און נאָך אַנדערע שייערן די קרומע שענקלעך אָן טירלעך מיט אויסגע־בראָכענע פיס.

דער הויף איז ענגער און טומלדיקער געוואָרן. רייבנדיק און וואַשנדיק, רעדט מען זיך אַראָפּ פונם האַרץ. בלויז די קינדער לויפן אַרום איבערן הויף זאָרגלאָז. זיי אַרט ניט וואָס ס׳איז כמעט ניטאָ ווו אַהינצוטאָן זיך פון ענגשאַפט. פאַרקערט, פאַר זיי זענען די אַלע שענק און אַנדערע צעבראָכענע „בעבעכעס‟ ביז גאָר אינטערעסאַנט. אַ סך זענען דעם גאַנצן ווינטער ניט אַראָפּגעגאַנגען — קיין שיך ניט געהאַט, אַנדערע ווידער האָבן שוין פון לאַנג געוואַרט אויף דעם טאָג און זיי רירן זיך ניט אַוועק פונם מיסט־קאַסטן וואָס שטייט אין מיטן הויף און פאַרשפּרייט אַזאַ זיסלעך־גודנעם ריח, אַז דער קאָפּ שווינדלט, אָבער זיי פילן עס ניט. צווישן מיסט קאָן מען געפינען בלישטשענדיקע קנעפּ, קרעלן, שאַכטלען און סתם אומ־נייטיקע זאַכן, וואָס מ׳וואַרפט ערב פּסח אַרויס.

טייל מאַמעס בעטן זיך ביי די קינדער צוצוהעלפן, אָבער ווער טראַכט וועגן דעם, אַז אין מיסט ליגן אַזעלכע אוצרות, אַז מען קאָן זיך שפּילן אין באַהעלטעניש.

די פאַרביטערטע מאַמעס לאָזן אויס זייער שווער געמיט צו די „ממזרים‘‘, צו זייערע קעפּ, צו זייערע געשוואָלענע בייכלעך פון בולבעס און וואַסער, צו זייערע אויסגעקרימטע פיס פון דער „ענגלישער‘‘ קרענק.

אין דעם הויף־געטומל רייסט זיך נאָך אַריין, פון צייט צו צייט, אַן אויסגע־צויגענע מידע שטים — „צו פאַרעכטן, צו פאַרלייטן! — אַלטוואַרג קויף אָך, רוזשנע פאַיאַנס געב אָך פאַר שמאַטעס!‟ — אָדער סתם אַן אביון זינגט אויס מיט אַ ניגון צו די פאַרהונגערטע שטיבער — „יידישע הערצאָ, ווארפט עפּעס אַראָפּ, געטס עפּעס אָף פּסח!‟.

אַלע פענצטער שטייען צעפּראַלט ווי זיי וואָלטן מיט איינמאָל אויסשפּייען די אַלע אָנגעזאַמלטע ריחות פון אַ גאַנצן ווינטער. בלויז פריילין אירענעס פענצטער זענען פאַרמאַכטע און שטומע. די ווייבער, ווי זיי זענען פאַרביטערט און פאַרהאָרעוועט, וואַרפן דערשראָקענע בליקן אַרויפצו. שוין באַלד אַ וואָך ווי די פענצטער זענען פאַרהאָנגען און זי אַליין זעט מען אויך ניט.

אין די ערשטע טעג פּסח ווייסן שוין די שטאָקן, אַז פריילין אירענע איז שווער קראַנק. דער סטרוזש האָט די נייס געבּרענגט און אַז דעם שניידערס פרוי, וואָס איז מיט עטלעכע טעג פריער אויפגעשטאַנען פונם בעט, נאָכן אָפּקרענקען אַ קיילעכדיקן ווינטער, האָט זיך וועגן דעם דערוווסט, — איז זי מיט שוואַכע טריט פּאַמעלעך אַרויפגעקראָכן צום צווייטן שטאָק, צו דער שווערער טיר פון פריילין אירענעס צימערן.

דער מאַן האָט זי באַשווירן ניט צו דערוועגן זיך צו גיין „דאָרטן‟. זי דאַרף נאָך זיין אַ מאַמע צו אירע קינדער, און איבעריקנס, זי וועט סיווי ניט דערקלעטערן איבער די שטיגן. זי אַליין דאַרף הילף. נאָר ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. זי האָט אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ דעם צעריסענעם טערקישן שאַל, וואָס איז נאָך פאַרבליבן

פון יענע יאָרן ווען זי האָט געהאַט אַ פּאָר רויטע באַקן, שוואַרץ־געקרויזלטע האָר און רונדע ברוסטן, וואָס האָבן אַרויסגעשפּאַרט פונם אויסגעוואָקסענעם קליידל. דעמאָלט האָט דער יונג, דער איצטיקער „געשפּאַן", דער „וואַזשנער צעלייגער", זי ניט צורו געלאָזט. געבערענגט איר זיסקייטן, געגאַנגען שפּאַצירן אין פּראַגער וועלדל, און איינמאָל אַפילו זי אָפּגעפירט אין אַ קאָטש צו איר שטעלע, ווו זי האָט געדינט אַלס דינסט־מיידל. די גאַנצע גאַס האָט דעמאָלט געטומלט מיט דעם געשעעניש און די איבעריקע דינסט־מיידלעך האָבן איר אַזאַ גליק פּשוט ניט פאַרגונען, און ווער רעדט נאָך, ווען זי האָט פון אים באַקומען דעם טערקישן שאַל...

אַרומוויקלענדיק זיך מיטן שאַל, האָט זי פּאַמעלעך אָנגעהויבן אַרויפגיין. פון קעלער־שטוב האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן דאָס געיאָמער פון די צום טויט־דערשראָקענע קינדער. זי האָט זיך אָבער ניט פאַרהאַלטן מיט איין האַנט צוגעדריקט פעסטער דעם שאַל און מיט דער אַנדערער אָנגעהאַלטן זיך אין אָנלען פון די שטיגן. אין קאָפּ האָט געהעמערט דער געדאַנק: גיי צוריק, גיי צוריק... און דאָס שוואַכע, קוים הערבאַרע האַרץ האָט געשעפּטשעט: זי איז קראַנק, מען דאַרף איר העלפן, מען דאַרף, מען דאַרף...

יעדער שטיג איז געווען אַן אייביקייט. די שטיגן האָבן אָנגעהויבן טאַנצן איינע איבער די אַנדערע. זי איז געבליבן שטיין, אין פאַרלעגנהייט פאַרמאַכט די אויגן, און דאַן, מיט עפּעס אַן אינערלעכן כוח איז זי בייגעקומען די עטלעכע פאַרבליבענע טרעפּ...

און אַז נאָכן אָפּזיין אין די צימערן פון פריילין אירענע האָט זי אַראָפּגענידערט אין אירע פאַרחושכטע ווענט, איז זי דער מאַן מיט די שכנים באַפאַלן.

— וואָס ווילט איר פון איר? — האָט זי אַרויסגעפּרעסט פון די בלוטלאָזע ליפּן. — זי איז אַ מענטש ווי אַלע מענטשן, נאָר אפשר מער אומגליקלעך ווי אַנדערע!...

אַ חודש נאָך יענער פּאַסירונג איז דעם שניידערס פרוי פּלוצים שטיל און אומהערבאַר אויסגעגאַנגען. איז די שרעק פון יעדן שפּעלטל פון דער אַלטער הויף־מויער אַרויסגעקראָכן און די שטאָקן האָבן זיך ווידער צעוויגט, אַז „דאָרטן" שטעקט עפּעס און ווער ס'וועט איבערטרעטן יענע שוועל, וועט — חלילה — ווי דעם שניידערס פרוי... ווען צווישן די באַגלייטערס פון דער לויה האָט זיך אומגעריכט באַוויזן פריילין אירענע אינם שוואַרצן קלייד, האָבן זיך מענטשן גענומען פון איר אַוועקשאַרן. עס האָט אויסגעזען, ווי זי באַמערקט עס ניט. איר טרויעריקער בליק איז געהאָנגען אויפן שוואַרצן טירל פונם ארון, ווו עס איז געלעגן דעם שניידערס ווייב.

* * *

ווען שימעלע מיט זיינע עלטערן האָבן זיך אַריינגעקליבן אין איינער פון די קעלער־נאָרעס פונם הויף, איז שוין פריילין אירענעס פּנים געווען צעאַקערט און די האָר ווייס. די שאַרנדיק־מידע טריט האָבן שוין גאָרנישט געמאַכט דעם איינדרוק פון לייכטער שוועבנדיקייט. אויך טוואַרדע האָט אַ סך זיך געביטן. די קאַרעטן זענען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן, אויך דראָזשקעס זענען פון טאָג צו טאָג ווינציקער געוואָרן, אָפּטרעטנדיק דאָס אָרט פאַרן עלעקטרישן טראַמוויי, פאַר לאַסט־אויטאָס און אויטאָ־מאָבילן. דעם אָרט פון די גאַז־לאָמפּן האָבן פאַרנומען שלאַנקע, עלעקטרישע לאַמטערן מיט העלע פּנימער.

אויך דער הויף איז ניט הינטערשטעליק געבליבן, כאָטש די מויערן זענען אַלץ נאָך אָפּגעשיילט און גרוי, און דאָס פּיצעלע הימל קלאַמערט זיך אַלץ אָן די פּאַרסאַזשעטע קוימענס און משופּעדיקע דעכער. געביטן האָבן זיך די איינוווינער. די אָרעמקייט האָט אַראָפּגענידערט אין די קעלער־שטיבער, פאַרשטעקט זיך אין די אויסגעקרימטע בוידעם־לעכער, און די שטאָקן האָבן פאַרנומען פריש אויפגעקומענע גבירים, סוחרים פון גזשיבאָוו, בערזע־מאַכערס פון קרולעווסקע. פיל האָט זיך געענדערט.

די שווער דראַפּירטע פאָרהאַנגען פון פריילין אירענעס צימערן האָבן זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט ווי שכנישע פענצטער ציען אַרויף לייכט־טיולענע פאָר־האַנגען און דער גרינער פאַס גאַז־ליכט האָט אין די נעכט נאָך אַלץ מלחמה געהאַלטן מיט די עלעקטרישע שפּיזן, וואָס האָבן פון די נגידישע שטאָקן זיך אָנגעוואָרפן ווי ווילדע וועלף... אויך פריילין אירענעס אָנטאָן האָט זיך ניט געביטן. דאָס זעלבע שוואַרצע קלייד מיט די בופן־אַרבל און פיל העקעלעך, נאָר ס׳איז עפּעס לענגער געוואָרן אויף איר איינגעשרומפּן לייב. די אויגן האָבן דעם ברוינעם קאָליר געהאַלטן, נאָר דער טרויער איז טיפער, געדיכטער געוואָרן.. און פאַרבליבן איז די שרעק, וואָס מ׳האָט אַרום איר און אירע צימערן פאַרוועבט.

קינדער האָבן ווידער איבערגעריסן דאָס שפּילן זיך, ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען, און איינגעצויגענע גאָרסעטן האָבן פונקט אַזוי אַריבערגעבליקט דורך די טיולענע פאָרהאַנגען מיט דעם זעלבן נייגער צו „יענע" פענצטער, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק די פאַרהאָרעוועטע יידענע מיטן פאַרשמאָלצענעם שייטל. און ווען שימעלע איז צום ערשטן מאָל אַרויס אויפן הויף, האָבן אים די קינדער גלייך געוואָרנט ניט צו קוקן צו „יענע" פענצטער, ווייל מען קען אויפהערן וואַקסן און בלייבן אַ נאַר אויפן גאַנצן לעבן. פון „איר" ניט דערוועגן זיך צו נעמען אַ צוקערל. שימעלע האָט אָנגעקוקט זיינע נייע חברים מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק און זיינע שוואַרצע אויגן זענען נאָך אומעטיקער געוואָרן.

ווען ער איז שוין געלעגן אויף זיין געלעגער ניט קענענדיק איינשלאָפן פון הונגער און פון וואַנצן, האָט ער דערהערט אַ מוזיק, וואָס האָט געפלאַטערט צווישן די ענגע הויף־מויערן. אַזוינס האָט שימעלע נאָך נישט געהערט. די טיפע אַקאָרדן האָבן פלאַטערנדיק זיך צוגעבויגן צו די פאַרבעלמעטע קעלער־פענצטער. נישט מיאוסנדיק זיך, זענען זיי אַריינגעדרונגען אַלץ טיפער אין דער קעלער־טונקלעניש, לייכט צוגעשאַרט זיך צו דער באַנק, וווּ שימעלע איז געלעגן. שימעלע וואָס האָט „זי" נאָך ניט געקענט, האָט געוווּסט, אַז טאַקע „זי" שפּילט עס.

צומאָרגנס האָט ער „זי" דערזען.

די קינדער זענען זיך צעלאָפן, נאָר ער האָט זיך נישט גערירט פונם אָרט. אַ פאַרוואונדערטע האָט זי זיך פאַרהאַלטן, דערטרינקענדיק איר ברוינעם טרויער אין זיין שוואַרצן אומעט.

אירענע האָט אַרויפגעלייגט איר איידעלע האַנט אויף זיין קעפּל. פון גרויס איבערלעבונג האָט זי זיך געטרייסלט און רויטע פלעקן האָבן זיך צעבליט אויף איר בלייכן פּנים.

— גאָלובטשיק טי מאָי, טי מניע שיען ניע באָיש, ניע לענקאָש?

— דו האָסט פאַר מיר ניט קיין מורא — האָט זי געשטאַמלט האַלב אויף פּויליש, האַלב אויף רוסיש.

פון יענעם טאָג אָן האָבן די קינדער אים גערופן „שימעלע גאָלובטשיק״. אים האָט נישט געאַרט וואָס זיי רופן אים אַזוי, נאָר פאַרוואָס זיי מאַכן צונישט דאָס אומפאַרשטענדלעכע וואָרט פאַר אים, דאָס וואָרט וואָס איז אין איר מויל אַזוי צאַרט און ווייך געווען ווי די פּיאַנאָ־טענער, וואָס זענען אויך אַזוי אומפאַר־שטענדלעך און דאָך אַזוי ליב, אַזוי פאַרוויגנדיק

אָבער די מוזיק איז זעלטענער געוואָרן, און ער, אַ גליענדיקער פון דערוואַרטונג, איז ביז שפּעטער נאַכט געלעגן מיט צעעפנטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן אויף זיין האַרטער באַנק, אַלץ מיינענדיק אַז ס׳וועט קומען. נאָר אָנשטאָט יענע לייכט־שוועבנדיקע פּיאַנאָ־קלאַנגען האָבן זיך שווער צו אים צוגעקייקלט זיין מאַמעס, דער בייגל־הענדלערינס פון „יאַנושעס הויף״, שווערער שנאָרך, דעם טאַטנס קייכנ־דיקער הוסט און די קינדערס פאַרטויבט געוויין פונם שלאָף.

אָפּטמאָל אומגעריכט, אין אַ זונטיקדיקן טאָג, פלעגן די טענער קומען. זיי זענען עפּעס שטילער געוואָרן, ציטערנדיקער און אַזוי פלוצים אויסגעגאַנגען ווי פלוצים זיי זענען געקומען.

שימעלעס האַרץ האָט אויך ווי די קלאַנגען געציטערט, און ווען יענע האָבן זיך אָפּגעריסן האָט זיך אים געדוכט, אַז אויך זיין האַרץ איז שטיין געבליבן...

מער האָט שימעלע די אַקאָרדן נישט געהערט. אומזיסט איז געווען דאָס וואַרטן אויף זונטיק. ס׳איז נאָך אַ זונטיק אַוועק. בייטאָג האָט ער זיינע פינקלדיק־אומרויקע בליקן געלאָזט אַרומבלאָנקען איבער פריילין אירענעס פענצטער, נאָר די דראַפּירטע שטאָרן האָבן גאָרנישט דערציילט. ער איז שוין אפילו געשטאַנען ביי איר שווער־דעמבענער טיר, נאָר אַריינגיין, אָנקלאַפּן האָט ער בשום אופן נישט געקענט. און אַז אין איינעם פון די טעג האָט מען פלוצים דערהערט דאָס קעצל פון אירענעס צימערן אַרויסמיאַוקען און צום אָוונט איז דאָס מיאַוקען אַריבער אין קאָפּ־לעכערנ־דיקע ספּאַזמען, און אַלע אין הויף האָבן די קינדער אין די שטובן אויסבאַהאַלטן, — איז שימעלע ניט אַוועק פון הויף. זיין בלייך געזיכט איז נאָך בלייכער געוואָרן. אַ פאַרלוירענער האָט ער אַרומגעפּלאָטערט אין די הויף־ווינקלען.

צומאָרגנס איז שטיל פאַרפאָרן אַ שוואַרץ באַזילבערטער וואָגן, פאַרדעקט מיט אַ באַלדאַכין.

דורך די שפּאַרעס פון די פאָרהאַנגען האָט דער הויף געזען, ווי מען טראָגט אַראָפּ די טרומנע. פון ביידע זייטן וואָגן אויף לאַנגע, שוואַרצע דרענגער האָבן געטליעט לאָמטערנס. פון פאָרנט איז געגאַנגען אַ יונגערמאַן מיט אַ שוואַרצן צלם אין האַנט, הינטער אים דער קזשאָנדז מיט אַ קליין זילבערן סידורל, פון וועלכן ער האָט שטיל פאַר זיך אַרויסגעמורמלט די פּסוקים.

טוואַרדע האָט דערשראָקן און צעטומלט נאָכגעקוקט דעם שוואַרץ־זילבערנעם וואָגן, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם געקייקלט איבערן ברוק. נאָר אַ קליין, בלייך יינגל, באָרוועס, מיט צעריסענע הייזלעך, איז פון הינטן נאָכגעגאַנגען און פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן וואָגן...

פון בוך: די באַן, יגור ־ ישראל, 1956.

## יהושע אַלבערט

## אַן ערב־שבת אויף דעם באַזאַר: נאַוואָליפּיע 35—לעשנאָ 40



די מערק זענען געווען דאָס אָרט ווו מען האָט אין וואַרשע געקאָנט זען יידישע נויט, באַזונדערס האָט מען עס געזען אויף די מערק פון די גאַסן: סמאָטשע, מיי־לע, סטאַווקי, וואָלינסקע. אָבער דער אָרעמסטער איז געווען דער מאַרק נאָוואָ־ליפּיע 35. דער נאָוואָליפּיע־מאַרק האָט זיך געצויגן ביז לעשנאָ 40. די הענדלער און הענדלערקעס זיינען באַשטאַנען פון צוויי גרופּן: אַן אָרימע בכלל און אַ גאָר־אָרימע. די אָרימע הענדלערקעס האָבן פאַרנומען דעם האַלבן טייל באַזאַר וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אויף דער גאַס לעשנאָ נומ. 40. אויפן שטיינערנעם ברוק אין הויף האָט מען אויסגעשפּרייט ליילעכער פון אַלטע זעק און אויף די ליילעכער האָט מען גע־קענט געפינען די פאַרשיידנסטע ביליקע אַרטיקלען, ווי קאָפּ־קעמעלעך, ניי־גאָרן, קאָלירטע טאַשמעס, שפּיגעלעך פאַר קינדער און אַ סך אַנדערע קלייניקייטן. די הענדלער און הענדלערקעס האָבן נאָך ווי עס איז געצויגן חיונה. אַמאָל פלעגן זיך אויך אָפּשפּילן סצענעס ווי אַ קינד פלעגט בעטן ביי אַ מוטער אַ צוקערל האָט זי אים אָפּגעפּטרט מיטן זאָג, אַז מען דאַרף דאַנקען גאָט וואָס עס איז פאַראַן אַ שטיקל ברויט, און דערביי פלעגט זי אויסווישן אַליין די אויגן פון נישט קענען צוזען דעם קינדס צער וואָס חלשט נאָך אַ צוקערל. די גאַנץ אָרימע האָבן פאַרנומען דעם טייל וואָס פלעגט אַרויסגיין אויף נאָוואָליפּיע 37־35. זייער סחורה איז באַשטאַנען פון די ביליקסטע פּרוכטן, גרינסן און אַזעלכע קליינע פּילעלעך, אַזאַ געבעקס וואָס די אָרימע לייט האָבן געגעסן. דער גרעסטער טייל זיינען געווען עלטערע פרויען. אַלמנות אָדער פרויען וועמענס מענער האָבן פאַרלוירן די אַרבעט. ליכט איז אין דעם טייל געווען אַזוי פיל, אַז מען זאָל אָנטאַפּן די פינצטערניש. די קויפערס זיינען

---

יהושע אַלבערט איז ביזן דריטן חורבן געווען אַן אָנגעזעענער סוחר און פאַברי־קאַנט אין וואַרשע. פאַרטרעטער פון גרויסע פירמעס פון דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1885 אין גראָדזיסק און בשעת דעם צאַרישן גירוש פון די שטעטלעך אַרום דער הויפּטשטאָט פון פּוילן — אין יאָר 1915 — גע־קומען קיין וואַרשע און דאָ געבליבן ביז די יאָרן פון דריטן חורבן. געוואַלגערט זיך אין געטאָ און אין באַהעלטענישן און צופעליק געבליבן לעבן. 1944 ביז 1948 אין לאָדזש. זינט דעמאָלט אין בוענאָס איירעס. זיינע חורבן־איבערלעבונגען באַשריבן אין אַ בוך פון אַ האַלבן טויזנט זייטן: „יידישע וואַרשע דורך פיין, בלוט און טויט״. בוענאָס איירעס 1958. ער שרייבט אויך זכרונות און רעפּאָרטאַזשען פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע.

געווען די אָרימסטע מענטשן פונעם געגנט. ניט איינמאָל פלעגט זיך טרעפן אַז דער מאַרק איז געווען אינגאַנצן ליידיק. אפילו די אָרימעלייט זיינען נישט געקומען קויפן, ווייל עס איז נישט געווען מיט וואָס צו קויפן. דעמאָלט איז געפאַלן ממש אַן אימה צו קוקן אויף די געזיכטער פון די פאַרקויפערקעס, — מען האָט געפילט ווי דער הימל אַליין איז געפאַלן איבער זייער קאָפּ.

נאָוואָליפּיע 37־35 איז געווען דער מאַרק פון נויט. די נויט איז געלעגן אויף די געזיכטער פון די הענדלער און הענדלערקעס און אויך אויף די פּנימער פון די קויפערס. לויט דער קליידונג האָט מען געקענט זען די „עשירות" פון די קויפער. קויפער און פאַרקויפער זיינען שטענדיק געווען פאַרהונגערט, זייערע קינדער אויס־געמאָגערט־בלאַס. און נאָך שטאַרקער איז געווען דאָס בילד אין די פראַסטיקע ווינ־טער טעג. דער גרעסטער טייל הענדלערקעס און הענדלער האָבן שלום געמאַכט מיט זייער גורל, אָבער איין הענדלערקע, מיטן נאָמען רייזל און צונאָמען „די שרייערקע", האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז אַזוי דאַרף עס זיין. דעם גאַנצן טאָג האָט זי געהאַלטן אין איין שרייען „וואָס וועט זיין?" און זי האָט געהאַט איין טענה: „ווו וועט זי נעמען אויסצוהאַלטן די אָרימקייט אין שטוב?". און איר גאַנצער צאָרן איז געפאַלן אויף די רייכע פּרויען וואָס לויפן מיט פולע בייטלען געלט אין „יענע מערק" און עס שטייט זיי נישט אָן דער אָרימער מאַרק, צו העלפן אַביסל אויך דעם אָרימען הענדלער. זי פלעגט דעמאָלט אַ קוק טאָן אויף איר קוישל עפּל, נע־מען איינס אין דער האַנט און דערביי צושרייען אַביסל, אַז „נאַר ביי די יידישע שונאים זאָל אַזוי פוילן דאָס האַרץ, ווי אָט דער עפּל אין מיין קויש". רייזל האָט שוין געשריגן פאַר אַלע, די אַנדערע האָבן נאָר אונטערגעזיפצט, אונטערגעקרעכצט, באַגלייט פון אַ ווייטיקלעכן „אוי". אַנדערע פלעגן זיך באַקלאָגן, ווו וועלן זיי נעמען געלט אומצוקערן שלמה וויינטרויב, דעם ווילטוער פון דעם מאַרק, דעם גמילות־חסד, אָבער דאָ פלעגט אונטערקומען שלמה וויינטרויב גופא און באַרויקן. „זאָרגט נישט, לאָזט דעם אַלטן חוב שטיין און קומט מאָרגן נאָכמיטיק אין ביוראָ, וועט איר באַקומען אַ נייעם גמילות־חסד, און גאָט וועט שוין העלפן, אַז די וואָך זאָל זיין אַ גוטע, אַ פּרנסהדיקע און איר וועט לייכט קענען באַצאָלן ביידע „גמילות־חסדים". אַזעלכעס פלעגט זיך איבערחזרן כמעט יעדן פרייטיק. שלמה וויינטרויב און זיין פרוי דאָבטשע האָבן רק געטרייסט די פאַרדאגהטע הענדלערקעס און זיי געמוטיקט אַז אָט קומט דער ליבער פרייטיק און וועט זיי געבן אַזוי פיל לייזונג, אַז עס וועט סטאַיען פּרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך.

זאָל שוין דער ליבער פרייטיק קומען, — פלעגן זאָגן די הענדלער און די הענד־לערקעס. פרייטיק דאַרף פאַרגיטיקן די פּרנסה פון דער וואָך און איז אויך אַן אָנזאָג אַז עס קומט דער ליבער שבת־קודש, ווען מען וועט קענען זיצן מיט די קינדערלעך ביים טיש און טאַקע אויך פון אַ גאַנצער וואָך די ביינער אַביסל אויסרוען. דער שבת־טיש איז טאַקע געווען אַן אָרימער, אָבער דערפאַר איז געווען מנוחהדיק אויף דער נשמה.

און פרייטיק איז געווען אַ באַלעבונג אינעם מאַרק. מען האָט געטראָגן די אָפּ־געשפּאָרטע גראָשנס פון דער וואָך עפּעס איינצוקויפן, אויפצונעמען דעם שבת ווי אַ ליבן און חשובן גאַסט. אמת נישט גרינג איז אָנגעקומען אויך צו פאַרזאָרגן דעם שבת, מען האָט באַדאַרפט גוט קלערן ווי אַזוי און אויף וואָס צו פאַרנוצן די אָפּגע־

שפּאָרטע גראָשנס. נישט זעלטן האָט מען געזען מענער און פרויען אַלע מאָל איבערציילן די פּרוטות און בלייבן פאַרמוחט: „וואָס פריער?” נישט קיין גרינגע אויפגאַבע, אָבער דערפאַר האָבן די הענדלערקעס געשריגן און גערוישט. איבערן גאַנצן מאַרק זיינען געהאָנגען און געפאַלן זייערע קולות. „וואָס שטייט איר?” האָט מען געהערט שרייען, „דער טאָג האַלט שוין באַלד ביי אַוועקגיין”. און מער פון אַלע האָט געהויבן איר שטים רייזל די הענדלערקע. „אפשר זאָל מען אייך נאָך אַליץ אַהיים ברענגען, אָפּקאָכן און צום טיש דערלאַנגען!”

די ריכטיקע יידישע נויט פלעגט זיך ערשט זען אין אַ פרייטיק נאָכמיטיק. ביים אַריינגאַנג ביים טויער שטייען צוויי יונגע מענטשן און בעטן אַ נדבה, זיי האָבן נישט אויף שבת. די צוויי יונגעלייט זיינען נישט געווען קיין בעטלער, זיי זיינען געווען אַרבעטסלאָז און קיין אַרבעט געפינט מען נישט, כאָטש נעם און צי זיך אויס און שטאַרב. אין דער היים פייפט דער דלות, קינדערלעך ווילן אַ שטיקל ברויט, נו, זאָל כאָטש עפּעס זיין אויף שבת. און אויסבעטלען ביי די הענדלערקעס קען מען נישט ווייל זיי אַליין זיינען קבצנים... אינעווייניק אין באַזאַר זיינען פאַראַן אַ סך קונים, דער גרעסטער טייל קונים זיינען געקומען נאָכמיטיק, מען האָט געוואַרט די מענער זאָלן קומען פון גאַס און ברענגען די עטלעכע זלאָטעס צום קענען זיך צעפירן די הענט צוצוגרייטן דעם הייליקן שבת, אָבער מיט די עטלעכע זלאָטעס ווייסט מען נישט וואָס פריער צו קויפן. אַז עס סטייעט נישט כמעט אויף גאָרנישט. און דאָ פּילדערן נאָך די הענדלערקעס, און רייזל די שרייערקע, שרייט איבער אַלעמען. און מען הערט רק אירע ווערטער: „וואָס ווילט עץ, מיין לעבן? נאַדיר, אַלע קומען אָן געלט און ווילן קויפן, וואָס־זשע זאָל ד' אינעץ אַוועקגעבן, מיין ביסל סחורה און אַליין בלייבן מיט די צרות?...”

פרייטיק איז דער באַזאַר געווען פול מיט אָרימעלייט, וואָס זיינען אויך געקומען פּשוט בעטלען. פרייטיק איז געווען דער בעסטער טאָג פאַר די בעטלער, ווייל שבת טאָר מען נישט לאָזן קיינעם פאַרהונגערן. אַזוי איז איבערן גאַנצן באַזאַר געהאָנגען איין יאָמער־געבעט: „שענקט אויף שבת אַ נדבה, יידישע הערצער לאָזט נישט פאַרהונגערן אַ גאַנץ הויז־געזינד”. בכלל פלעגן די אָרימעלייט זיך פילן זיכערער אין די אָרימע באַזאַרן, מען איז געווען דרייסטער ביים בעטלען. און זיי האָבן גוט געקענט די אָרימע יידישע פרויען וואָס זיינען געקומען איינקויפן אויף שבת. מען האָט טאַקע געהאַט ווייניק געלט פאַר זיך, עס האָט געדרייט דער קאָפּ וואָס פריער צו קויפן, פונדעסטוועגן האָט מען פון די פאַר אָרימע גראָשן אָפּגערסין אַ נדבה אויך פאַר אַן אָרימאַן. מען איז געווען אָרעם, אָבער דאָס האַרץ איז געווען אַ גוטס.

פאַראַן אָרימעלייט, וואָס ווילן נישט מען זאָל זיי שענקען נדבות. אַזעלכע האָט מען געטראָפן אינעם דערמאָנטן באַזאַר... זיי האָבן פאַרמאָגט זייער אייגנס אַ האַרמאָניע, דער צווייטער אַ פלייט, אַנדערע האָבן אַ שטים צו זינגען, אַנדערע קענען מאַכן גראַמען, צווישן זיי זיינען אויך געווען קונצנמאַכער און זיי האָבן געוואָלט פאַרדינען זייער שטיקל ברויט כשר און ערלעך פון אַרבעט.

אַזוי איז איינמאָל אין אַ פרייטיק אונדז אויסגעקומען צו שטיין נעבן אַ וואַנט. און דאָ האָט זיך פאַר אונדז אָפּגעשפּילט אַ בילד, וואָס מען האָט געקאָנט טרעפן נאָר אינעם יידישן וואַרשע. און אַזוי ווי מיר רעדן, דערזעען מיר ווי אַ קליין יינגל פירט אַריין אין באַזאַר דעם באַקאַנטן און פּאָפּולערן בלינדן לייזער. אונטערן אָרעם

טראָגט ער אַ גרויסע האַרמאָניע און דאָס ייִנגל טראָגט אַ קליין בענקעלע. דאָס ייִנגל, פֿירט צו דעם בלינדן צו אַ וואַנט, זעצט אים אַוועק אויפֿן בענקעלע. לייזער דער בלינדער נעמט אַראָפּ דאָס היטל מיט דעם גלאַנציקן דאַשעק און מען זעט ווי ער איז זיך מכין צו אַרבעט.

לייזער דער בלינדער איז געווען אַ נידעריקער און דיקער, אַלט אַ יאָר זיבע־ציק, דאָס פּנים אַ קײַלעכדיקס, ראָזירט, מיט דיקע וואָנצעס, דאָרט ווו די אויגן — צוויי לעכער, מיט אַ קאָפּ גרויע האָר, פֿאַרקעמט ביז אויפֿן נאַקן, טאַקע ווי ביי אַ קינסטלער. ער פֿלעגט זיך האַלטן שטאַלץ מיט זיין שטאַרקן באַריטאָן. ער האָט געוווסט, אַז אַלע האָבן ליב אים צו הערן זינגען, באַגלייט אויף זיין האַרמאָניע. ווען ער פֿלעגט וויסן אַז עס זיינען פֿאַראַן ווייניק מענטשן, האָט ער נישט ליב גע־האָט צו זינגען. דער באַזאַר איז געווען זיין שטענדיקער פּלאַץ, דאָרט פֿלעגן אַלע דורכגייער אים וואַרפֿן אין היטל די גראָשנס. יעדעס מאָל ווען ער פֿלעגט קומען שפּילן, פֿלעגט ער ציען זיינע פֿאַרמאַכטע אויגן ווי ער זאָל ווען עפּעס זען, אָנקוקן, פֿלעגט נעמען דרייען מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן און פֿלעגט טראַכטן צי עס זיינען דאָ אַרום אים אַ סך אָדער ווייניק מענטשן. אַזוי פֿלעגט ער בלייבן אַ פּאָר מינוט פֿאַרמחשבותט, פּלוצים אַ קרעכץ טאָן און אַ פֿרעג טאָן ביים ייִנגל, צי אין באַזאַר זיינען פֿאַראַן מענטשן. גאַנץ שטיל פֿלעגט לייזער אַ בורטשע טאָן, אַז דאָס זיינען אַלץ שנאָרער, און נאָך אַ ווײַלע פֿלעגט ער אַ צי טאָן די האַרמאָניע אויף זיינע צוויי הענט און פֿלעגט אָנהייבן שפּילן און צוזינגען מיט זיין באַריטאָן. זיין זינגען איז געווען אַ טרויעריקס, מען פֿלעגט אים הערן איבערן גאַנצן באַזאַר און ער פֿלעגט מער אויס־ווײַנען ווי אויסזינגען זיין ליד, וואָס ער אַליין פֿלעגט פֿאַרפֿאַסן.

„איך בין בלינד געבוירן,
כ׳האָב קיינמאָל נישט געזען די וועלט,
איך גיי שוין באַלד פֿאַרלוירן,
איך, לייזער, שטענדיק דער בלינדער העלד.״

ער פֿלעגט זינגען וועגן דעם, אַז ער איז געשטראָפֿט נישט צו זען די ליכטיקע זון און ווייסט נישט פֿאַר וועלכע זינד. אַפֿילו די בעטלער פֿלעגן זיך צוהערן צו זיין געזאַנג און אויפֿהערן אויסשרייען „שענקט אַ נדבה״. די הענדלערקעס פֿלעגן פֿאַר־לייגן די הענט, ווער אויפֿן האַרץ און ווער הינטער אַ שערץ, אויב זי האָט אַזעלכן געהאַט אויף זיך, און האָבן ווישנדיק אַ טרער, געקוקט אויפֿן בלינדן לייזער. און מאָדנע: לייזער פֿלעגט שפּירן די בליקן און דעמאָלט ערשט האָט ער זיך ריכטיק צעלאָזט מיטן געזאַנג אַז ער איז פֿון אַ שטיין געבוירן. אויך רייזל די שרייערקע, וואָס האָט געהאַט אַ מײַלעכל אויף שרײַפּעלעך, איז געבליבן אַנטשוויגן, האָט גע־האַלטן אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט אויפֿן שערץ און פֿלעגט זאָגן, אַז לייזער האָט אַ שטים, ווי אײַנער וואָס ווײַנט און יללהט אין אַ קעלער.

אָבער דאָס עיקרדיקע האָט זיך אַלץ נאָך נישט אָנגעהויבן, באַלד וועלן ערשט אָנקומען מחנות בעטלער, מען וועט קומען פֿון אַלע אַנדערע באַזאַרן, ווייל גראָד דער באַזאַר איז ווי אַ פּאַסאַזש, אַ דורכגייענדיקער, און יעדער ייד גיט דאָ אַ נדבה. און אָט איז טאַקע אַ מאַן פֿון אַ יאָר דרייסיק, ער שטייט ביים אַריינגאַנג, בינדט

זיך אַרום דעם קאָפּ מיט אַ ווייס טאַשנטיכל. מיט דעם האָט ער געוואָלט באַווייזן אַז ער איז קראַנק און מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן און שענקען אַ נדבה, אָבער ער וועט דערפאַר מיט עפּעס וואָס אַלעמען פאַרשאַפן פרייד. און ער נעמט אַרויס פון טאַש פאַרשריבענע בלעטער און הויבט אָן לייענען גראַמען:

„ווייבעלעך הייבטס אָן צו געבן געלט,
וועט איר האָבן ביי אייערע מענער אַ ליכטיקע וועלט,
און טאָמער וועט איר אַנטלויפן,
וועט איר נישט האָבן אויף שבת איינצוקויפן.״

די ווייבער זיינען געווען צופרידן פון זיינע גראַמען, פלעגן אים אַרומרינגלען און געבן אויך גרויסע נדבות. די עלטערע פרויען ווידער זיינען געשטאַנען נעבן לייזער דעם בלינדן, געווישט די אויגן פון טרערן, הערנדיק זיין געזאַנג און אַריינגעוואָרפן זייערע נדבות. און לייזער האָט זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן, די הענדלערקעס פלעגן זאָגן, אַז לייזער, און דעם יונגערמאַנס קומען אין באַזאַר איז אַ סגולה צו פּרנסה, מען פאַרקויפט מער און בעסער די אַרטיקלען אויף שבת. „קויפט שיינע רויטע עפּעלעך״, „קויפט לעבעדיקע פישעלעך, אַקאָרשט פון וואַסער אַרויסגענומען״, אַנדערע שרייען „אַ נדבה אויף שבת, פאַרגעסט נישט אַז אויך דער אָרימאַן האָט נשמה״, — דאָס אַלץ פלעגט זיך צוזאַמענגיסן מיט לייזער דעם בלינדנס געזאַנג און שפּילן מיטן יונגערמאַנס גראַמען און אינמיטן פלעגן זיך אַריינרייסן אַ מחנה קליינע קינדער, קונדייסים, ווייל פון ווייטנס האָבן זיי שוין דערזען: די קונצנמאַכער קומען אָן.

קונצנמאַכער אין וואַרשע, ווער עס ווייסט, זיינען געווען אַ באַזונדערע אומה, וואָס האָט זיך נישט דערלויבט צו נעמען נדבות. זיי האָבן געוואָלט מיט פאַרשאַפן פרייד דעם עולם, פאַרדינען זייער ברויט. דער באַזאַר איז געווען פאַר זייער אַרבעט אַ פּאַסיק אָרט. דאָרט האָבן זיי אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסן עולם. די גרופּע קונצנמאַכער איז באַשטאַנען פון פיר פּערזאָן. דער ערשטער פלעגט זיך באַווייזן דער „קאַטערינאַרזש״, די „קאַטערינקע״ האָט ער געטראָגן אויף די פּלייצעס צוגעבונדן מיט אַ לעדערנעם פּאַס אויפן נאַקן. אין באַזאַר נעמט ער אַראָפּ דעם „אינסטרומענט״ און לאָזט גלייך אין גאַנג זיין מוזיק. דער צווייטער איז געווען אַ ריזיקער מאַן, אַ פּאָליאַק, אין האַנט האָט ער געטראָגן אַ קאָלירטן ליילעך, דעם ליילעך האָט ער אויסגעשפּרייט איבערן באָדן און געמאַכט פאַרשידענע אַקראָבאַטישע קונצן, באַגלייט מיט דער מוזיק פון דער קאַטערינקע. די לעצטע פלעגן זיך באַווייזן: אַן עלטערער ייד מיט אַ שוואַרץ מיידל וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע זיבן חנען. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קליין פייקל, וואָס האָט ביי די עקן געהאַט גלעקלעך, זי שאָקלט דאָס פייקל און די גלעקלעך גיבן אַרויס פריידיקע טענער. אַלע טראָגן זיי געפּאַסטע הויזן. אָבער די הענדלערקעס איז נישט געפעלן געווען וואָס אַ מיידל טראָגט יינגלשע הויזן און מען האָט זי געגומען טרייבן פונעם באַזאַר. „אַז ווו אַ שנאָרער קומט ער אַהערצו״. און ביי אַזאַ געלעגנהייט פלעגט רייזל די שרייערקע געבן ממש אַ קאָנצערט פון שריי־מוזיק. רייזל איז בכלל געווען אַן אָבערגלויבערישע און האָט רק געשריגן אַז צוליב דער יידישער „חצופה״ וועט מען האָבן אַ ביטערן פרייטיק און אַ פאַר־

שטערטן שבת. אָבער די קונצנמאַכערס האָבן זיך ווייניק צוגעהערט צו די געשרייען, אַפילו ווען מען האָט זיי געדראָט מיט פּאָליציי. זיי האָבן געוווסט אַז די פּאָליציי וועט זיי גאָרנישט טאָן און די קונצנמאַכערס פלעגן אָנגיין מיט זייערע קונצן. דער ריזיקער פּאָליאַק האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן ליילעך, און גלייך פלעג דער על־טערער ייד אַרויפשפּרינגען אויף די אויסגעשטרעקטע הענט זיינע און דאָס מיידל פלעגט מיט אַזאַ קונציקן שפּרונג אַרויף אויפן יידן, אַז דער עולם פלעגט בלייבן פאַרגאַפט, רייזל די שרייערקע, פלעגט אויך באַוואונדערן, אָבער דאָך האָט זי צוגעגעבן, אַז אַזעלכעס קען נאָר אַ מכשפה. אין צווישן האָבן די דריי קונצנמאַכערס געמאַכט אַ פּיראַמידע און דער עולם האָט אַפּלאָדירט.

אָבער מיט דעם אַליין איז נאָך נישט אַלץ פאַרענדיקט געוואָרן, ערשט ווען דאָס מיידל איז מיט אירע שיינע פיס געשטאַנען אויפן יידס פּלייצעס, האָט זי איין פוס אויסגעצויגן, מיט דער רעכטער האַנט אָנגעכאַפּט דעם פוס און אַזוי זיך באַגריסט מיטן גאַנצן באַזאַר־עולם. נאָך דעם פלעגט זי אַ שפּרונג טאָן אין דער לופט און מיט אַ דריי ווי אַ בייגל זיך אַראָפּלאָזן אויפן ליילעך, מאַכן אַ פּאָר „פּירועטן” און אַזוי נעמען דאָס פּיקל אין דער האַנט און גיין איבערן צוקוקנדיקן עולם. און עס זיינען געפאַלן מטבעות, דערווייל האָבן דער ייד און דער פּאָליאַק געפּראַוועט ווייטערדיקע קונצן. דער קאַטערינאַרזש האָט ווייטער געדרינקעט אויף דער קאַטערינקע און אַ פּאָפּוגיי פלעגט זיך צעשרייען ריין אויף יידיש: „ווייבעלעך אַ קוויטל”. און וואָס פאַר אַ פרוי האָט נישט געוואָלט וויסן וואָס פאַר אַ מזל זי דערוואַרט? אויך רייזל די שרייערקע האָט נישט געקענטביישטיין דעם נסיון און ציען אַ קוויטל, באַצאָלנדיק אַ פּאָר גראָשן. און אַזוי איין מאָל ווען זי האָט אַרויסגעצויגן אַ קוויטל האָט זי אויסגעשאָסן אַ געלעכטער אַז דער גאַנצער באַזאַר האָט גענומען מיטלאַכן. אינעם קוויטל האָט מען איר אָנגעזאָגט, אַז אויף איר וואַרט אַ גרויסער פאַרמעגן פון אַ ירושה. רייזל די שרייערקע אַליין האָט נישט געקענט לייענען, פלעגט זי בעטן עמעצן איר איבערלייענען וואָס פאַר אַ „גליק” מען שרייבט איר אָן דאָרט אין קוויטל.

דער טאָג גייט צו ענדע, דער פרייטיק הייבט אָן אָפּצוטרעטן דאָס אָרט פאַרן שבת. דער געפּילדער אין באַזאַר ווערט אַלץ שוואַכער, דער טאָג איז גראָד אַ האַרבסטיקער און דעך הימל האָט אויסגעזען ווי ביי די הענדלערקעס אויפן האַרץ, — טונקל, פינצטער, קיינער האָט נישט געוואָלט אַריינפאָרן אין שבת. מען איילט זיך פאַרפּאַקן די איבערגעבליבענע סחורות, וואָס מ׳האָט ניט באַוויזן צו פאַרקויפן און מיט אַ קרעכץ פאַרלאָזט מען די שטעל און מען לויפט גיכער אַהיים. דינסט־מיידלעך און אָרימע פרויען טראָגן דורכן באַזאַר דעם טשאָלנט צום בעקער, — דאָס איז פאַר דער מאָרגנדיקער שבתדיקער סעודה, פונדעסטוועגן ערגעצוווו שטייט נאָך אַ פאַרשפּעטיקטער בעטלער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, אפשר וועט נאָך עמעצער אַריינוואַרפן אַ גראָשן. אין דער זייט שטייט אַן אָרעמער ייד און שרייט־אויס „טייערע האָניק־קיכלעך, שיינע עפּעלעך און צוקערבאָבעס לכבוד דעם הייליקן שבת”. אָבער אָט באַווייזן זיך שוין די שומרי שבת און ער מוז אין געאייל זיך פאַרנעמען מיט זיינע זאַכן, ווייל די שומרי שבת האָבן קיינעם נישט געשאַנעוועט. איינער פון די שומרי שבת שטעלט זיך אַוועק אין מיטן באַזאַר און רופט־אויס: — „יידן, יידענעס, גייט אַהיים, עס איז שבת קודש און עס איז אַ גרויסער חטא מחלל שבת זיין. וועט איר אָפּהיטן שבת, וועט איר האָבן פּרנסה און איר וועט זוכה זיין צו הערן

שופר של משיח און אים גיין אַנטקעגן". אָבער רייזל די שרייערקע קען נישט פאַר־טראָגן קיין עוולות און זאָגט צום שומר־שבת: „רעב ייד, אין דעם קלייד קען איך נישט אַנטקעגן גיין משיחן און קיין אַנדערס האָב איך ניט און מיין שבת איז אויך אויף אַלע שונאים געזאָגט געוואָרן..." אָבער דער שומר שבת ענטפערט איר, אַז משיח דאַרף נישט קיין שיינע קליידער, נאָר מען זאָל היטן שבת... און אַלע שומר־שבתניקעס נעמען טרייבן אַלעמען פונעם באַזאַר. די הענדלערקעס דעקן איבער אויף שנעל מיט אַלטע זעק זייערע סטראַגאַנעס און דער באַזאַר בלייבט ליידיק. עס ווערט מיט אַמאָל אַזאַ שטילקייט ווי אויף אַ בית־עולם, בלויז ערגעצוווּ נאָך אין אַ ווינקל הערט מען אַ טרויעריקע שטים, וואָס שרייט שוין ממש אין דער נאַכט אַריין: „האָניק־קיכלעך", אפשר וועט די נאַכט און דער אָנקומענדיקער שבת מאַכן ווייכער די הערצער און מען וועט אים דאָך געבן עפּעס צו לייזן...

פון דער צייטונג: „די פּרעסע", בוענאָס איירעס, 1962.

## ברוך אַליצקי

# אין וואַרשע



בײַ אַ טויער שטייט אַ זינגער
מיט אַ געמיט, ווי אַ בלויער לייכטנדיקער לאַמטערן,
און שליידערט קלאַנגען אויסגעמישט מיט שיין.
עס הוידעט זיך זיין גרויע, בעטלערישע האַנט,
ווי אַן אָסיענדיקע צווייג
מיט צען טויטע וואָראָבייטשיקעס, —
דאָס בין איך.

אַן אַרבעטסלאָזער פאַלט אַנידער אויפן טראָטואַר
און קייעט די יונגע לבנה, ווי אַ זילבערנע באַנאַנע,
לע׳ם די פאַרבראַכענע הענט פונעם אייגענעם שאָטן, —
דאָס בין איך.

אַ שכן אַן אַ דאַך, מיטן איבעריקן טשעמאָדאַן פון זיין לעבן
בעט זיך אויס אַ געלעגער אין דער ווייסל
ביים ליכט פון טרערן, —
דאָס בין איך.

עמעץ האָט פאַרוואָרפן אַ פענדל אויפן טעלעגראַפן־דראָט, —
דאָס פלאַטערט מיין האַרץ אַקעגן דער וועלט.

---

ברוך אַליצקי — פּאָעט — געבוירן אין טריסק, וואָלין, אין יאָר 1907. אין די יאָרן 1934 ביז 1938 געוווינט אין וואַרשע. 1941 — אומגעקומען אין שטעטל לאַכאָ־וויץ. איינער פון דער פויליש־יידישער פּלעיאַדע פון פּאָעטן פון אַ דור ביים תהום. אין זיינע לידער היפּערמאָדערניסטישע השפעות, און אויך אַסך אייגנאַרטיקער טאַ־לענט. אידעיש — ראַדיקאַל־לינקס אָריענטירט.

## וואָס טוט מען מיט די מאַמעס פון דזשיקע און פּאַוויע?



אוונטס קומען זיי אַליין אין וויזיט
צו די זיבן טויערן פון מיין געמיט
מיט דעמער און בייגל אין קערב
און פליסטערן שטיל־און־שאַ
אַן אַ מויל:

„אייגענע קינדער
ווילן נישט עסן דער מאַמעס האַרץ,
גיבן מיר עס שטיקלעכווייז אַוועק דער גאַס
אין ריטעם פון אָרקעסטערס און טראַמווייען . . ."

באַטראַכט איך מיינע הענט
און שטוין אַ שטוינונג:
זיי האַלטן נישט קיין שער
און שערן נישט די וואָל ביי לעמער,
נאָר מיין קאָפּ איז געבויגן נידעריק
צו שטויב פון ערד,
און ס׳הענגט מיין געוויסן איבער דעכער פון שטאָט,
ווי אַ רעקלאַמע־לענטע,
מיט פלעקן פון זינד . . .
וואָס טוט מען מיט די מאַמעס פון דזשיקע און פּאַוויע?

פונעם בוך: „מיין בלוט איז אויסגעמישט". ניו יאָרק, 1951

# א. אלמי

## די פאַרשאָלטענע שטוב



ביז אַרום דעם יאָר 1880 איז אויף מוראַנאָוו געשטאַנען אַ גרויס הויז, וועלכעס האָט געהערט צו איינעם קאַרטאָווסקי און דערפאַר האָט מען עס נישט אַנדערש גערופן ווי „קאַרטאָווסקיס הויז". אין דעמדאָזיקן הויז, וואָס האָט נאָך עקזיס־טירט פון פאַר דער „פּאָוסטאַניע", האָבן שטענדיק געוווינט בלויז בעטלערס וועלכע פלעגן זיך יעדן פרימאָרגן אַרויסלאָזן איבערן שטאָט מיט זייערע ווייבער און קינדער און בעטן נדבות.

אין דער פּאָוסטאַניע־צייט יאָר 1863, האָט זיך אינם הויז אַריינגעצויגן אַ גרויסע פאַמיליע, וועלכע האָט פאַרנומען עטלעכע צימערן, ווי דאָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אָרימע לייט. די מיטגלידער פון דער פאַמיליע האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון זייערע בעטלער־שכנים, מיט קיינעם פון זיי נישט פאַרפירט קיין באַקאַנטשאַפט און בכלל זיך אויפגעפירט זייער געהיימניספול. צווישן די בעטלער, וועלכע האָבן גוט געקענט איינער דעם אַנדערן, האָט די אומבאַקאַנטע מערקווירדיקע פאַמיליע אַרויסגערופן אַן איבערראַשונג. זיי האָבן אויסגעקלערט אַלערליי מעשיות וועגן זיי און איינע איז גע־ווען מוראדיקער פון דער צווייטער: טייל האָבן דערציילט, אַז דאָס זענען פאַלשע געלט־מאַכערס, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זענען „געפאַלענע", דאָס הייסט גבירים, וואָס זענען פאַראָרימט געוואָרן, געמאַכט באַנקראָט און באַהאַלטן זיך ספּעציעל אין קאַרטאָווסקי׳ס הויז. אין דער „אמתן" איז דאָס טאַקע געווען אַ באַוווסטע רייכע פאַמיליע, מעלזאָן, אָבער נישט קיין געפאַלענע.

זי האָט זיך טאַקע אַריינגעצויגן אין קאַרטאָווסקיס הויז, כדי זיך צו באַהאַלטן, אָבער נישט צוליב באַנקראָט, נאָר צוליב גאָר עפּעס אַנדערש. די אַריסטאָקראַטיש־יידישע פאַמיליע מעלזאָן האָט זיך פאַרנומען מיט צופּן שאַרפּין, מיט וועלכע מען

---

א. אלמי — געבוירן אין יאָר 1892 אין וואַרשע, פסעוודאָנים פון א. ח. שעפּס. אין אַמעריקע זינט 1913 פאַרענדיקט זיין לעבן מיט אייגענעם ווילן דעם 24־טן סעפּ־טעמבער 1963. — — פּאָעט, עסעיסט, פּאָפּולאַריזאַטאָר פון פילאָזאָפישע שיטות, פעלעטאָניסט, זשורנאַליסט, פּאָלעמיסט, מעמואַריסט, אויטאָביאָגראַף. איינער פון די קאָמפּליצירטסטע יידישע שרייבערס — אָבער זיין שרייבן גופא אַלעמאָל קלאָר און לאָגיש און מיט הומאָר. זיינע ביכער: מאָמענטן פון אַ לעבן און — 1863, יידישע פּאָוסטאַניע־מעשהלעך, זענען כמעט כולו־וואַרשע. אָבער אין אַן אַנטאָלאָגיע קען מען ברענגען נאָר מוסטערן. האָבן מיר דאָס געטאָן. א. אלמי האָט פאַרעפנטלעכט 26 ביכער. אייניקע פון זיי זיינען אויך אַרויס אין העברעיש, ענגליש און פויליש.

פלעגט באַנדאַזשירן די רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער פּאָווסטאַניע און צוליב דעם האָט זי זיך אַרויסגעצויגן פון דער רייכער גאַס, ווו זי האָט פריער געוווינט, אויף מוראַנאָוו, אין קאַרטאָווסקיס הויז, ווייל אַ הויז, ווו עס וווינען בעטלער, וועט די פּאָליציי נישט חושד זיין אין קיין שלעכטס...

מיט צופּן „שאַרפּין" האָבן זיך פאַרנומען מעלזאָנס פרוי און זיינע צוויי טעכטער. זיי זענען געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך, אַז זיי פלעגן פאַרגעסן אָן עסן און אָן שלאָפן. ווען עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ סך שאַרפּין, האָט עס איינע פון די צוויי שוועסטער אָוועקגעטראָגן אין לאַגער פון די „פּאָווסטאַנצעס" און אָפטמאָל פלעגט דער פאָטער מיט איר מיטשיקן אַ היפּשע מטביע. אָממייסטנס פלעגט אָפּטראָגן דעם „שאַרפּין" די יינגערע טאָכטער רחלע, וועלכע איז געווען זייער געשעצט ביי די פּאָווסטאַנצעס און איינער פון זיי, אַ פּוילישן דאָקטאָרס אַ זון, לודוויק, האָט זיך אין איר שטערבלעך פאַרליבט. רחלע האָט געוווסט פון זיין ליבע צו איר, און זי האָט אים אויך נישט ווייניקער ליב געהאַט. זי האָט אָבער אויסערלעך זיך באַצויגן צו אים קאַלט. זי האָט געוווסט, אַז כאָטש אירע עלטערן זיינען אויפגעצויגן פּויליש, זיינען זיי גענוג יידישלעך און וועלן קיינמאָל נישט מסכים זיין, אַז זי זאָל זיך פאַרבינדן מיט אַ קריסט.

פלוצלונג האָט מען לודוויקן אַרעסטירט. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. עס איז אים אָבער געלונגען זיך אויסצודרייען און ער איז אַנטלאָפן קיין קראָקע. פון דאָרט האָט ער רחלען אָנגעהויבן צו באַוואַרפן מיט בריוו, אין וועלכע ער האָט איר געשריבן ווי שטאַרק ער ליבט זי און כסדר געבעטן זי זאָל צו אים קומען. רחלע איז צו אים געפאָרן, צוזאָגנדיק די עלטערן אינגיכן צוריקצוקומען. זי האָט אָבער איר וואָרט ניט געהאַלטן, כמעט ווי פאַרגעסן אין די עלטערן, צו זיי ווייניק געשריבן, זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט לודוויקן. ווען די עלטערן זענען דערפון געוואָר געוואָרן, זענען זיי שעקלעך פאַרצווייפלט געוואָרן. דער פאָטער איז באַלד געפאָרן קיין קראָקע און געפּרוווט ווירקן אויף זיין טאָכטער, אַז זי זאָל צוריקקומען קיין וואַרשע, נאָר רחלע האָט פון גאָרנישט געוואָלט הערן, זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין דערויף זיך צו שיידן מיט לודוויקן. דער פאָטער איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. אָבער כאָטש צרות האָבן זיי געפּלאָגט, האָט די פאַמיליע מעלזאָן, אין גרעסטן צער פון זייער טאָכטער, נישט אויפגעהערט צו צופּן „שאַרפּין" און דאָס צושטעלן די „פּאָווסטאַנצעס".

איינמאָל, ווען די מוטער מיט דער עלטערער טאָכטער זענען געזעסן פאַרטיפט אין זייער טרויער און געצופּט די לייוונט, האָט זיך די טיר אויפגעהאַקט מיט שטורם און אין שטוב זענען אַריין אַ מחנה „בודניקעס", צו מאַכן אַ רעוויזיע און, פאַרשטייט זיך, אַלץ אַנטדעקט. זיי האָבן געבונדן די גאַנצע פאַמיליע און איבערגעפירט אין טורמע, ווו מ'האָט זיי אין עטלעכע טעג אַרום אויפגעהאָנגען.

ווען רחלע האָט אין קראָקע דערהאַלטן די שרעקלעכע בשורה, האָט זי אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר און באַלד געפאָרן קיין וואַרשע. דאָ האָט זי באַגעגנט אירע אָמאָליקע באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערן און זיי, מורא האָבנדיק, מ'זאָל זיי אויך נישט אַרעסטירן, האָבן זי נישט געלאָזט גיין אין קאַרטאָווסקיס הויז אַריין און זי אָפּגעפירט אין אַ געהיימער וווינונג אויף שוויענטאָיאַנסקע גאַס. די פּאָליציי האָט זיך אָבער אויך דערוווּסט פון דער געהיימער וווינונג און געקומען אַרעסטירן רחלען מיט אַנ־

דערע „פּאָוסטאַנצעס“, וואָס האָבן זיך דאָרטן אויפגעהאַלטן. ווען די פּאָליציי איז אַהין אָנגעקומען, איז גראָד רחלע דאָרט געווען אַליין און ווען זי האָט דערזען די „בודניקעס“ דורכן פענצטער, האָט זי פעסט פאַרמאַכט די טיר און באַשלאָסן זיך נישט איבערצוגעבן אַ לעבעדיקע און זי האָט איר באַשלוס דורכגעפירט: ווען די פּאָליציי האָט געקלאַפּט אין טיר, האָט זי זיך דערזוייל אויפגעהאנגען און ווען די „בודניקעס“ האָבן די טיר אויפגעבראָכן, איז זי שוין געווען טויט.

לייט דערציילן, אַז דריי טעג נאָך איר טויט, האָט אין וואַרשע און אומגעגנט געבושעוועט אַ שרעקלעכער שטורם, וואָס האָט אָפּגעריסן דעכער און אָנגעמאַכט גרויסע חורבנות... דורך דער גאַנצער צייט האָבן זיך פון דער ווינונג, ווו רחלע האָט זיך אויפגעהאנגען, געשאָטן שטיינער פון פענסטער, וועלכע האָבן אַ סך מענשטן די קעפּ געשפּאָלטן און די ווינונג האָט מען אָנגעהויבן רופן „די פאַרשאָלטענע שטוב“... ווו מ׳האָט מורא געהאַט זיך אַריינצוציען עטלעכע יאָר כסדר...

---

## בערזעס פון אידעאַלן...



דאָס וואָרט „בערזע“ קלינגט מיט געלט, מיט געשעפט, מיט ווערט־פּאַפּירן, שפּעקולאַציעס — אפילו אַ קבצן ווייסט וועגן די גרויסע געלט־בערזעס אין די הויפּטשטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע, ווו מענטשן ווערן איבער נאַכט אָדער גרויסע גבירים, אָדער גרויסע קבצנים, אָדער גייען אַרויס מיטן קרן. עס ווענדט זיך, צי ס׳הייבט זיך, צי ס׳פאַלט, צי ס׳איז אויף דער בערזע עליה, אָדער ירידה; נו, און וועלכער ייד האָט נישט געלייענט — און; דערביי געלאַכט און געוויינט — אונדזער שלום־עליכמס מעשיות וועגן די געשעפטן, דרייעניש, פאַרדרייעניש און צודרייעניש פון אייביק־לויפנדיקן, שמאַיעדיקן מנחם מענדל?

אָבער אין וואַרשע האָבן מיר געהאַט אַנדערע בערזעס — דער עיקר אין די יאָרן פון רעוואָלוציע און חלומות פון פרייהייט, גלייכקייט און אַלמענטשלעכן גליק — אין די יאָרן פון אַרום 1905 ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה: דאָס זענען געווען בערזעס פון אידעאַלן, פון חלומות, פון פאַרבאָרגענע בענקשאַפטן און צוקונפט־מוזיק. יעדע פאַרטיי, יעדעס קלייזל, יעדע שיטה האָט זיך געהאַט איר אייגענע בערזע — אָדער „בירזשע“, ווי די ליטוואַקעס האָבן דאָס גערופן; יעדע פון זיי האָט געהאַט אַ חזקה אויף אַ באַשטימטער גאַס און קיין אַנדערע פאַרטיי, אָדער ריכטונג האָט אַהין נישט געהאַט קיין דריסת הרגל.

איבערהויפּט האָט זיך געקאָכט מיט רעוואָלוציע און מיט חלומות אין די וואַרשעווער יידישע קוואַרטאַלן, ווו עס האָבן געוווינט די געדריקטסטע פון די געדריקטסטע, די באַרויבטסטע פון די באַרויבטסטע; די טרוימער פון דער געטאָ, וואָס האָבן געזוכט משיחן אָדער אין די אייגענע יידישע אידעאַלן, אָדער אין אַלגעמיין־מענטשלעכע אידעאַלן. זענען די מיינסטע בערזעס טאַקע געווען אין די אָרימע יידישע

גאַסן אין די גאַסן פון אַרבעטער און הענדלער, וואָרום אין די רייכע יידישע גאַסן האָט מען נישט געחלומט פון צוקונפט־מוזיק, נאָר פון וואָס מער און וואָס שטאַרקער זיך צופּאַסן צו דעם איצט, צו דעם נישט־יידישן אַרום, ווו מען האָט געוואָלט וואָס טיכטיקער אָפּמעקן דעם יידישן צלם־אלוהים.

פּאַרטייען און קלייזלעך זענען אויף דער יידישער גאַס געווען אַ סך, זייער אַ סך און זיי זיינען געוואַקסן, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן: בונד, פּועלי־ציון, ס. ט. (ציוניסטן־טעריטאָריאַליסטן), סיימאָווצעס, וואָס האָבן געשטרעבט דערצו, אַז יידן זאָלן קריגן זעלבסט־פאַרוואַלטונג, מיט אַן אייגענעם סיים, אויף דער אייגענער יידישער שפּראַך; פּע־פּע־עס (פּוילישע סאָציאַליסטן), וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער זעלבסט־שטענדיקייט פון פּוילן, וואָס איז דעמאָלט געווען צעריסן צווישן די דריי אימפּעריאַליסטישע לייבן: רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך; סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַנאַרכיסטן און — ווער קאָן זיי דען געדענקען און אויסרעכענען, די אַלע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך אויף דער יידישער גאַס?

זיי אַלע האָבן געהאַט „בערזעס" — אויסער די אַלגעמיינע, אָדער בירגערלעכע ציוניסטן, וואָס האָבן ניט געגלויבט, אַז די אַלגעמיינע אידעאַלן פון באַפרייאונג וועט ברענגען די יידישע גאולה. די בערזע איז געווען — רעוואָלוציע. שוין דאָס אַליין, וואָס אַ פּאַרטיי איז אַרויס אין גאַס, כאָטש גאַסן־פאַרזאַמלונגען זענען אונטערן צאַריזם געווען פאַרבאָטן, איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער שריט. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך באַגנוגנט מיט די שולן און בתי מדרשים און מיט אסיפות צווישן פיר ווענט, ווו זיי האָבן געשפּונען דעם חלום פון שיבת־ציון, דעם חלום פון די נביאים און פון דר. הערצל.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף די בערזעס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט שפּיאָנען, וואָס האָבן צוגעלייגט אַן אויער, זיך געזוכט אַריינצוקריגן אין די פּאַרטייען און גאַנץ אָפט איז דאָס זיי טאַקע געראָטן אויך. די בערזעס זענען געווען באַוועגלעכע, מחמת שטיין אויף אַן אָרט וואָלט שוין געהייסן אַ גאַסן פאַרזאַמלונג, וואָס דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן געווען. איז מען כסדר געגאַנגען, געמאַרשירט און גערעדט, זיך געדונגען וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט און פון יידישן פאָלק. יעדע פּאַרטיי פלעגט אונטערשיקן אירע מענטשן, אַגיטאַטאָרן, אַזעלכע „אַפּאָסטאָלן", אויף די בערזעס פון די אַנדערע פּאַרטייען, צו „פאַנגען נשמות", איבערצוצייגן די יונגעלייט און מיידלעך, אַז נאָר ביי „זיי", ביי די אַנדערע, איז דער גאָלער אמת, אַז נאָר „זיי" קענען און וועלן ברענגען די גאולה פאַר דער מענטשהייט און פאַר דעם פאָלק ישראל.

די בערזעס פלעגן זיך, נאַטירלעך, „עפענען" אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, נאָכן אָוונטברויט. אָפּגעכאַפּט דאָס אָרעמע מאָלצייט, האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער בערזע. און מען האָט מיט דורשט, מיט אָפענע נשמות, געשלונגען די רייד פון די אַגיטאַטאָרן, פון די אייגענע און פון די „פרעמדע", פון די אונטערגעשיקטע פון די אַנדערע פּאַרטייען. אַמאָל פלעגט עס קומען צו הייסע צוזאַמענשטויסן, אפילו קלעפּ, צווישן די אייגענע און די אונטערגעשיקטע אַגיטאַטאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן, וואָס זענען געקומען אַרויסכאַפּן חברים און חברטעס פון „דער" בערזע פאַר אַן אַנדערער בערזע פון אַן אַנדער פּאַרטיי. מען פלעגט טאַקע אַמאָל זען ווי אַן אַגיטאַטאָר, וואָס האָט געהאַט אַ שאַרף צינגל, פלעגט זיך באַווייזן אויף אַ בערזע און אין אַ שעה אַרום האָט ער א זיגרייכער, ווי א גענעראל, וואָס האָט געוואונען א שלאכט, אוועקמארשירט

צוריק צו זיין בערזע — און נאָך אים האָבן נאָכגעמאַרשירט „געפאַנגענע" יידישע בחורים און מיידלעך, וועמען ער האָט איבערצייגט, אַז אויף זיין בערזע, אין דער שכנותדיקער גאַס, איז דאָ דער גאַנצער אמת.

געווען אַזעלכע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס כמעט יעדע נאַכט זענען זיי געווען אויף אַן אַנדער בערזע, „איבערצייגט" געוואָרן, הייסט עס, אין דעם אמת פון אַן אַנדער פּאַרטיי. איך האָב אַמאָל פאַרפירט אַ שמועס מיט אַזאַ איינעם, אַ שניידער־געזעל, דער זון פון אונדזערס אַ שכן, וואָס האָט כסדר געהאַלטן אין בייטן די פּאַר־טייען. און ער האָט מיר מיט זיין גאַנצער אויפריכטיקער תמימות דערקלערט: „איך הער אויס דעם בונדיסט און איך זע, אַז ער איז גערעכט; קומט צו מיר דער פּעפּעסניק און רעדט אין מיר אַריין — אַזאַ גוט יאָר זאָל איך האָבן, ווי גערעכט ער איז! קומט צו מיר דער פּועל ציון און דערציילט מיר וועגן אַ יידישער מלוכה, ווו אַלע וועלן זיין גלייך — איז ער דען נישט גערעכט?"

און אַזעלכע, ווי דער דאָזיקער שניידער־געזעל, זענען געווען אַ סך. אַלע זענען גערעכט. די וועלט דאַרף זיין פריי. פּוילן דאַרף זיין פריי. יידן דאַרפן זייער אייגן לאַנד. אַ טעריטאָריע דערווייל ערגעץ אַנדערש? — מהיכי תיתי! ארץ ישראל איז אַוודאי גוט! טאָ וואָס איז זיך דאָ צו דינגען, צו רייסן? בנאמנות, זיי וואָלטן אַלע גע־דאַרפט מאַכן יד־אחת, זיך פאַראייניקן, אַז פון אַלע פּאַרטייען זאָל ווערן איין פּאַרטיי. מיט אַזעלכע איז געווען שווער צו אַרגומענטירן. פאַר די אַגיטאַטאָרן זענען זיי געווען אַ לייכטער ביסן — מען האָט זיי לייכט איבערצייגט; אָבער פאַר דער פּאַרטיי זענען זיי געווען אַ האַרטע נוס. זיי האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די אַנדערע פּאַרטיי, אָדער שיטה טויג נישט? ס'טייטש, זיי ווילן דאָך אַזעלכע גוטע זאַכן און צו זיי געהערן דאָך אַזעלכע וויכטיקע מענטשן.

אַלע יונגעלייט אויף אַלע בערזעס האָבן שפּאַצירט און מאַרשירט מיט שטעקנס. די שטעקנס זענען בכלל געווען דעמאָלט אין מאָדע אין גאַנץ אייראָפּע. אָבער אויף די בערזעס איז דער שטעקן אויך צונויף־געקומען ווי אַ קאַמפּס־געווער. האָט מען דערשנאַפּט אַ שפּיצעל, אַ שפּיאָן — נו, נו, האָט אים מער נישט געפעלט! פון אַלע זייטן האָבן געהאָגלט שטעקנס אויף זיין קאָפּ, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַרבלו־טיקטער. דאַן האָט די בערזע, ווי דורך אַ כשוף, זיך אָפּגעליידיקט. אויך די זייטיקע מענטשן זענען פאַרשוווּנדן. אויף אַ ליידיקער, נאַכטיקער, האַלב־טונקעלער גאַס, איז געלעגן אַ פאַרבלוטיקטער מענטש און זיך געראַנגלט אין יסורים, ביז פּאָליציי איז אָנגעקומען און אים אַוועקגעפירט. נישט איינמאָל איז דער געשלאָגענער געווען אַן אומשולדיקער קרבן, עפּעס אַ נייגעריקער פאַרבייגייער, וואָס האָט צוגעלייגט אַן אויער צו דעם און צו יענעם און אַרויסגערופן מיט זיין אויפפיר פאַרדאַכט, ביז עמיצער האָט אַ שושקע געטאָן: אַ שפּיצעל! דעם מורמל האָבן אויפגעכאַפּט אַנדערע, ביז פון דעם געמורמל איז געוואָרן אַ געשריי: אַ שפּיצעל, אַ שפּיאָן!

איבעריק צו זאָגן, אַז די בערזעס פלעגן צייטנווייז אַרומגערינגלט ווערן פון פּאָ־ליציי, אָדער סאָלדאַטן, אין אַזאַ פאַל איז געוואָרן אַ געלאַף, נישט, חלילה, אויס פּחדנות נאָר פּשוט אויסצומיידן אַרעסט, קלעפּ, אָדער לשם קאָנספּיראַציע, וואָרום אַ סך פון זיי האָבן אין די קעשענעס געהאַט פּראָקלאַמאַציעס. וואָס־וואָס, נאָר קיין פּחדנים זענען די דאָזיקע יונגעלייט און מיידלעך נישט געווען. אַז ס'איז געקומען צום קאַמף, צום אָפענעם פאַרמעסט, אַן ערשטע מאַי דעמאָנסטראַציע,

אָדער אַ דעמאָנסטראַציע אין מיטן יאַר — האָט מען געקעמפּט מוטיק און העלדיש. אָבער כל־זמן מען האָט געקאָנט אויסמיידן אַ צוזאַמענשטויס, האָט מען דאָס געטאָן, אויב אַזאַ צוזאַמענשטויס איז נישט נויטיק געווען און נישט געווען אין די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי אין יענעם מאָמענט.

טיילמאָל פלעגט די פּאָליציי זיך אַרויסלאָזן אין די גאַסן, נישט אויף מאַכן אַרעסטן, נאָר אויף „אַנטוואַפענען" די יונגעלייט. ווו די פּאָליציי האָבן געזען אַ יונ־גנמאַן מיט אַ שטעקן, האָט מען דעם שטעקן קאָנפיסקירט און דעם יונגנמאַן גע־לאָזט גיין. עס איז געווען קאָמיש, צו זען פּאָליציאַנטן — און אַמאָל סאָלדאַטן — מאַרשירן מיט גאַנצע הויפנס שטעקנס — זייערע קריגס־טראָפייען... איך וועל זיך דאָ באַרימען, אַז כאָטש איך האָב אַלעמאָל שפּאַצירט מיט אַ שטעקן, האָט די פּאָליציי קיין איין מאָל מיין שטעקן נישט צוגענומען, הגם נישט איינמאָל בין איך אַריינגעפאַלן אין מיטן פון אַזאַ שטעקן־קאָנפיסקאַציע. איך האָב אָנגעווענדט אַ פשוט פּאָרטל, אָדער „טריק", ווי מען זאָגט עס אויף ענגליש: אַזוי שנעל ווי איך האָב באַמערקט, אַז די פּאָליציי קאָנפיסקירט שטעקנס, האָב איך זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַליקע, אַ לאָמען, וואָס קאָן אָן אַ שטעקן נישט מאַכן קיין שריט . . די פּאָליציאַנטן האָבן מיך דעריבער דורכגעלאָזט מיט מיין שטעקן, נאָך אָפּגעטרעטן דעם וועג . . .

איך שטעל זיך פאָר, אַז עס זענען געווען אַ סך אַזעלכע חכמים, ווי איך, וואָס האָבן דער פּאָליציי נישט פאַרגונען דאָס פאַרגעניגן אַוועקצונעמען זייערע שטעקנס און זיי אפשר דערנאָך פאַרקויפן, אָדער מיט זיי באַהייצן זייערע אויוונס . . . אָבער צווישן מיינע חברים האָב איך געגאָלטן פאַר אַ גרויסן אויפטוער און זיי האָבן גע־טענהט, אַז ווען איך זאָל נאָר וועלן, קאָן איך ווערן אַ וואָזשנער אַקטיאָר. אַזאַ מיינונג וועגן מיינע אַקטיאָרישע פעיגקייטן האָבן זיי געהאַט נישט נאָר צוליב מיין לאָם ווערן בעת די שטעקן־בהלות, נאָר אויך צוליב אַנדערע שפּיצלעך, וואָס איך פלעג אָפּטאָן. אַזוי, למשל, האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז בעת איך האָב געטראָגן פולע קע־שענעס מיט פּראָקלאַמאַציעס פון אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע, איז אָנגעקומען אַ פּאַטרול פון סאָלדאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון אַן אָפיציר, און אָפּגעשטעלט יעדן יוגנט־לעכן, אים געפרעגט אויף דאָקומענטן, באַזוכט און אויב ער איז פאַרגעקומען פאַר־דעכטיקט — אַרעסטירט.

דער פּאַטרול האָט אַזוי אומגעריכט זיך אַריינגעדרייט פון אַן אַנדער גאַס, אַז פון אַנטלויפן האָט קיין שום רייד נישט געקענט זיין. וואָס טוט מען? כהרף־עין האָב איך זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַליקע, ווי בעת אַ שטעקן־בהלה. אַן איינגעבויגענער אין דרייען האָב איך זיך שוין געהאַט דורכגעשלעפּט ממש ביי די פיס פון די סאָלדאַטן — אַן אומבאַמערקטער, אַן „איגנאָרירטער". אָבער פּלוצים האָט זיך דער אָפיציר אַ לאָז געטאָן צו מיר, מיך אָנגעכאַפּט ביי אַן אַקסל און מיט כעס און פאַראַכטונג מיך געפרעגט ווו איך, אַזאַ וויסטער קאַליקע, שלעפּ זיך ביינאַכט. אין דעם מאָמענט בין איך געוואָרן טויב און שטום. אויף שטום לשון האָב איך דעם אָפיציר געוויזן, אַז נישט איך קאָן הערן, נישט איך קאָן רעדן. מיט אַ פאַראַכטלעכן בליק האָט ער געקוקט אויף דעם פילפאַכיקן קאַליקע — טויב, שטום, לאָם און צעהויקערט, — דאַן מיטן פוס מיר אַ בריק געטאָן און מיך געהייסן גיין...

צווישן די יונגעלייט און מיידלעך, וואָס זענען געקומען אויף די בערזעס, זענען

געווען אַ סך, וואָס זיי האָט אַהינגעצויגן נישט בלויז אידעאַליזם, דער קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, נאָר אויך — ראָמאַנטיזם . . . איבערהויפּט זענען פון דעם ראָמאַנטישן מאָטיוו, אָדער אפשר זאָגן: פון דעם פּראַקטישן שידוך־מאָטיוו — באַוויגן געווען אַ היפּש ביסל מיידלעך. אויף די בערזעס האָבן זיך באַגעגנט ביידע געשלעכטער, געשפּאַצירט זייט ביי זייט, דיסקוטירט וועגן קאַרל מאַרקסן, דר. הערצלען, מענטשהייט, ארץ ישראל, אַנאַרכיזם, אָבער אין זייערע הערצער האָט דערביי געזונגען שיר־השירים . . . נישט איין שידוך איז געשלאָסן געוואָרן אויף די דאָזיקע באַוועגלעכע בערזעס און נישט איין יידישער דור איז דער פּועל־יוצא פון יענע דיסקוסיעס אין די נעכט פון זומער, פרילינג און האַרבסט אויף די וואַרשעווער גאַסן, ווי אויף די גאַסן פון אַנדערע גרויסע יידישע שטעט אין פּוילן.

חוץ די בהלות מיט צוזאַמענשטויסן צווישן „פיינטלעכע" אַגיטאַטאָרן, שפּיאָנען און פּאָליציי, פלעגן פון צייט צו צייט אויסברעכן אויף די בערזעס אויך אַנדערע סאָרטן בהלות, אַ חסידישער טאַטע, אָדער אַ פרומע יידישע מאַמע פלעגט זיך באַווייזן, גיין פון איין גרופּקעלע צו דער אַנדערער און זוכן מיט די אויגן, ביז מען האָט דערשנאָפּט די טאָכטער, וואָס איז אַראָפּ פון דרך־הישר, אַוועק צו די „ציציליסטן", זיך פאַרטשעפּעט מיט דעם קיסר און דרייט זיך אויף די בערזעס מיט הפקר־יונגען. אַ בייזער טאַטע האָט די טאָכטער אַ כאַפּ געטאָן ביים צאָפּ, אָדער זי אויסגעפּאַטשט אין מיטן דער גאַס; אַ מאַמע האָט מיט גוטן, מיט געוויין, געבעטן איר טאָכטער, אַז זי זאָל מיט איר אַהיימגיין, זי נישט מאַכן צו לייטיש געלעכטער. אַמאָל האָט די טאָכטער, אַ פאַרשעמטע, איבערגעלאָזט די בערזע און אַהיימגעלאָפן; אַמאָל האָט אַזאַ טאָכטער זיך טראָציק געשטעלט קעגן דעם טאַטן, אָדער דער מאַמען און הויך געשריגן, אַז זי איז נישט קיינעמס שקלאַף, אַז זי איז אַ פרייער מענטש און זי קאָן טאָן, וואָס זי וויל.

טיילמאָל פלעגט אַזאַ טאַטע, אָדער מאַמע אויפגענומען ווערן פון די „בערזעניקעס" מיט אַ „הוראַ", מיט געלעכטער, אָדער מיט אַלערליי אויסרופעניש. בלויז איין פאַל געדענק איך, ווען עס איז געקומען צו קלעפּ, בעת אַ חסידישער ייד, אַ געזונטער, אַ ברייטפּלייציקער, האָט זיך געוואָרפן אויף זיין טאָכטער מיט די פויסטן. די יונגעלייט, וואָס האָבן מיט איר שפּאַצירט, האָבן פאַרשטעלט דאָס מיידל און ווען דער ייד האָט זיך אויף זיי פאַרמאָסטן מיט די פויסטן, האָבן זיי אים מכבד געווען מיט זייערע שטעקנס איבערן קאָפּ און דער ייד האָט געמאַכט אַ גוואַלד, אַז מען דערהרגעט אים.די טאָכטער האָט זיך אַריינגעריסן צווישן איר פאָטער און אירע פאַרטיידיקער, כדי אים צו באַשיצן, אָבער אין פלאָנטער און טומעל האָט זי געכאַפּט אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן און — געפאַלן אין חלשות. דער פאָטער האָט געלאָזט זיין טאָכטער ליגן, שרייענדיק צו איר:

— גוט פאַר דיר, דו חצופה! — און ער האָט אויף איר אַ שפּיי געטאָן.

די יונגעלייט האָבן די געחלשטע מיט גרויס צערטלעכקייט אויפגעהויבן און זי אַריינגעטראָגן אין אַ טויער פון אַ הויז.

באַלד נאָך דעם אינצידענט איז די בערזע אָפּגעליידיקט געוואָרן.

וואונדערלעכע בערזעס, ווו נישט געלט־געשעפטן, נאָר צוקונפט־חלומות זענען געווען אייערע ווערט־פּאַפּירן!

# נח פרילוצקי



פון סמאָטשע, סטאווקע, ניזקע, שליסקע
און פון די שטעטלעך — נאָענט און ווייט —
עס ציט זיך פאָלק צו שוויענטע־קזשיסקע,
זקנים, ווייבער, יונגעלייט.

מיט פעקלעך און מיט הוילע פּאָלעס
קומט ס׳פאָלק צו נחן צו גיין;
פרילוצקיס הויז איז פול מיט גלות
מיט קרעכץ און פאָלקסליד און געוויין.

מען נעמט פון יידן צו פרנסה,
„אוי, ראַטעוועט, הער אַדוואָקאַט!״
נאָר דאָ האָט נח אָ בקשה:
„זאָגט־איבער ס׳ווערטל אַקוראַט!״

פרילוצקי שרייבט, פאַרשרייבט פּאַפּירן:
משפטים — לידער — רעדנסאַרט;
זיין פעדער איילט נישט צו פאַרלירן
אָ יידיש ווערטל, קלוג און צאַרט.

ער הערט און פאָרשט אַיעדע מינע
און שעפּט זיך אָן מיט יעדנס צער;
און טיילמאָל איז אָ ליד, אָ תחינה
זיין איינציקער און העכסטער שכר.

(פון די ביכער: 1863 — יידישע פּאָוסטאַניע־מעשהלעך — וואַרשע 1927; מאָמענטן פון אַ לעבן — בוענאָס איירעס 1948; לעצטע געזאַנגען בוענאָס איירעס 1954.)

## ש. אַנ־סקי

### פּרץ און דינעזאָן: פּרץ אין זיין לעצטן יאָר



אינגיכן נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט פּרצ'ן אין יאָר 1906 בין איך געווען אין וואַרשע, ווו איך האָב געקענט זען פּרצ'ן אין זיין אַלטעגלעכן לעבן, אין זיין געוויינלעכער סביבה.

אין די לעצטע יאָרן האָבן יידישע נאַציאָנאַל־געשטימטע אינטעליגענטן אָנגעהויבן איינצואָרדענען זייערע וווינונגען אויף אַ יידישן שטייגער, אין יידישן סטיל. אויף די ווענט קאָפּיעס פון יידישע בילדער, כמעט אומעטום דיזעלבע („שלעכטע נייעס", „גלות" אד"גל), אויף די טישן אַלערליי יידישע זאַכן, בצלאל־אַרבעט.

ביי פּרץ'ן אין וווינונג האָב איך נישט געפונען נישט איינע פון די געוויינלעכע יידישע בילדער, און דאָך איז עס געווען די יידישלעכסטע וווינונג, וואָס איך האָב געזען. אויף יעדער וואַנט, אין יעדן ווינקל יידישע בילדער, גראַווורן, סקולפּטאָרישע גרופּן, באַרעליעפן און אַנדערע זאַכן פון יידישער קונסט. צווישן זיי קינסטלערישע אַדרעסן און יובילעום־מתנות, אַלטע יידישע אַנטיקן. די אַלע נייע קונסט־זאַכן זיינען געווען אָריגינאַלן, ווערק פון יידישע קינסטלער, מיט וועלכע פּרץ האָט זיך געפונען אין נאָענטער פאַרבינדונג, געהאָלפן זיי אַרויסגיין אין דער פרייער וועלט. גענוג געווען איין בליק אין דער וווינונג, מען זאָל פאַרשטיין, אַז דאָ לעבט אַ מענטש, וואָס געפינט זיך אין צענטער פון דער נייער יידישער קולטור, וואָס, דורכשטראָמענדיק, זעצט זי דאָ אָפּ איינקע פון אירע עלעמענטן.

---

ש. אַנ־סקי — שלמה זיינוול ראַפּאָפּאָרט — געבוירן אין יאָר 1863 אין טשאַשניק, ווייסרוסלאַנד. געווינט אין אַן אומצאָל שטעט אין רוסלאַנד. שפּעטער פון 1892 ביז 1905 אין פּאַריז, בערלין. נאָך 1905 אָפּט — חדשים־לאַנג, אין וואַרשע. פון 1918 שטענדיק אין וואַרשע, דאָ געשטאָרבן — נאָוועמבער 1920 און געקומען צו קבר ישראל אויפן גענשער בית עולם,, נעבן די קברים פון י. ל. פּרץ — זיין דערהויבנסטן פריינד — און יעקב דינעזאָן. איבער די דריי קברים — אברהם אסטשעגאס גרויסע קינסטלערישע מצבה. זי רופט זיך אהל־פּרץ; דער פאַרהייליקטער ציון פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. — — פּאָעט — מחבר פון דער בונדישער „שבועה", דערציילער, דראַמאַטורג — מחבר פון דעם דערפאָלגרייכסטן — אויך אינטערנאַציאָנאַל — יידישן טעאַטער־שטיק „דער דיבוק"; דאָס ערשטע מאָל אויפגעפירט אין וואַרשע. איינער פון די גרעסטע — אפשר דער גרעסטער זאַמלער פו פאָלקלאָר ביי יידן. ווען נאָר אין וואַרשע, איז פּרץ'ס היים געווען זיין היים — און סוף־סוף איז פּרץ'עס לעצטע היים געוואָרן אַנ־סקיס לעצטע היים.

אין וואַרשע האָב איך זיך פּערזענלעך באַקענט מיט יעקב דינעזאָן, מיט וועלכן איך בין שריפטלעך שוין פריער באַקאַנט געווען. איך האָב אים געטראָפן ביי פּרץ'ן אָדער פּרץ האָט מיך געפירט צו אים — און נאָכדעם האָב איך שוין כמעט שטענדיק זיי ביידן געטראָפן צוזאַמען. און וואָס נענטער איך בין מיט זיי באַקאַנט געוואָרן, האָב איך אַלץ טיפער געפילט זייער אינטימע פריינדשאַפט צווישן זיך, ביז זיי זיינען געוואָרן אין מיין זינען — און אויך ביי מיר אין האַרצן — אומגעשיידט. איינעם אָן דעם צווייטן האָב איך זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן.

עס איז דאָ אַ פאָלקס־אויסדרוק וועגן דער העכסטער פאָרם פריינדשאַפט און ליבע צווישן צוויי מענטשן: „איין נשמה אין צוויי גופים". וועגן פּרצן און דינעזאָנען האָט מען געקאָנט דאָס זעלבע ווערטל זאָגן פאַרקערט: „צוויי נשמות אין איין גוף". שווער פאָרצושטעלן זיך צוויי כאַראַקטערן, צוויי אינדיווידואַליטעטן, וואָס זאָלן זיין אַזוי ווייט איינער פונעם אַנדערן, ווי די דאָזיקע פריינד, וועלכע זיינען געווען אינטים באַהעפט און אומגעשיידט יאָרנלאַנג.

פּרץ מיט זיינע פינקלענדיקע וווּנדערבאַרע קלוגע אויגן, מיט לעבהאַפטע באַוועגונגען, מיט זיינע בליצנדיקע און בלאַנקענדיקע ווערטער האָט ביי מיר שטענדיק אַרויסגערופן די פאָרשטעלונג פון אַ גרויסן טייערן פילפאַכיק געשליפענעם בריליאַנט: ווי אַ בריליאַנט איז דער מענטש געווען ריין און ליכטיק, ווי אַ בריליאַנט האָט ער געפינקלט מיט יעדן געשליפענעם קאַנט, ווי אַ בריליאַנט איז ער געווען שטאַרק אין זיינע מיינונגען, און אויך ווי אַ בריליאַנט האָט ער אַן אַנדערש מאָל שאַרף געשניטן די יעניקע, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דעם וועג צו זיין היכן ציל. דינעזאָן — מיט זיין שטילער געלאַסנקייט, מיט זיין ליבלעכן בליק, וועלכער שטראַלט מיט אַן אומענדלעכער צאַרטקייט, רחמנות און איבערגעגעבנקייט, מיט זיין שטענדיקער גרייטקייט אָפּצוגעבן זיך אינגאַנצן דעם צווייטן; דינעזאָן, וועלכער איז אָרגאַניש אומפעיק צו זאָגן אַ שאַרף וואָרט, פאַרשאַפן וועמען דעם קליינסטן צער, איז געווען אין פיל פּרטים דער היפוך פון דעם שטורמיש פלאַמנדיקן שטאַרקן פּרץ'ן און די ביידע פריינד זיינען געווען ווי באַהעפט אין איין גוף. עס איז נישט געווען קיין זאַך, קיין ליטעראַרישער פּלאַן, קיין אויפטו, קיין רעיון פון איינעם, וואָס דער אַנדערער זאָל עס נישט וויסן. ביידע געלעבט מיט דעמזעלביקן לעבן, מיט דיזעלביקע אינטערעסן, מיט דיזעלביקע פריידן און דאגות. ביי פּרצן אין הויז איז דינעזאָן געווען דערזעלביקער בעל־הבית, ווי פּרץ. ער האָט געוווּסט, ווו יעדעס פּאַפּירל ליגט, פלעגט אָפט נישט פרעגנדיק פּרצן ענטפערן אויף זיינע בריוו.

— פּרץ, פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געענטפערט אויף מיין בריוו? האָב איך אים איינמאָל געפרעגט.

— איך האָב גערעכנט, אַז דינעזאָן האָט אייך אויף אים געענטפערט.

וואָס געענטפערט? — דאָס האָט דינעזאָן, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט וויסן אַזוי גוט ווי ער אַליין.

זייער נאָענטשאַפט האָט שוין אפילו איבערגעשטיגן די מדרגה פון פריינדשאַפט. אַזאַ אינטימער צוזאַמענבונד טרעפט נאָר ביי אַן אַלטן פּאָר־פאָלק, וואָס אָפּ־

לעבנדיק צוזאַמען אַ האַלבן יאָרהונדערט אין ליבע און טרייהייט, פאַרלירן זיי איי־נער בנוגע צום אַנדערן די גרעניצן פון דעם אייגענעם „איך".

און חוץ דינעזאָנען — קיינער נישט! נישט אין נאָנטן מענטשן האָט פּרץ גע־האַט נעבן זיך. שטייענדיק אין צענטער פון דער זיך שאַפנדיקער יידישער ליטע־ראַטור, כמעט פון דער גאַנצער נייער יידישער קולטור — איז פּרץ געווען שרעק־לעך עלנד. דאָס איז געווען אַ גרויסע טראַגעדיע פאַר דעם ריזיקן מענטשן.

זייענדיק דער גייסטיקער אָנפירער פון גאַנצע דורות פון יידישע שרייבער, פילנדיק די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם פּאָסטן, וועלכן ער האָט פאַר־נומען — האָט פּרץ נישט געהאַט קיין סביבה, נישט געפילט קיין באָדן אונטער די פיס. אַלץ האָט זיך געפונען אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד, נישט רייף, נישט אָרגאַני־זירט, גרייט פאַרשטערט צו ווערן, צו פאַרשווינדן. און פּרץ האָט אַליין געמוזט וואַרפן זיך אויף אַלע זייטן, אַרבעטן אויף אַלע געביטן. ער האָט שטענדיק געמוזט אָפּרייסן זיך פון זיינע קינסטלערישע שאַפונגען און אַרויסטרעטן ווי אַ פּובליציסט, אַ קריטיקער, אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר, רעדאַקטירן און אַרויסגעבן „בלעטלעך", מאַ־נאַטשריפטן, וואָכנשריפטן, זאַמלביכער, האַלטן פאָרטראַגן, אאַ"וו. נאָר מער פאַר אַלץ, צייט און קרעפטן האָט ער אָפּגעגעבן די יונגע שרייבער. ער האָט אויפגע־צויגן, אויסגעהאָדעוועט גאַנצע דורות מיט ליטעראַטן. כמעט די אַלע, וועלכע האָבן איצט אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור, זיינען דורכגעגאַנגען זיין חדר, דאַר־פן אים פאַרדאַנקען זייער ליטעראַרישע דערציונג. און אויף וויפל ער איז גע־ווען שאַרף און שטרענג מיט יענע הונדערטער און טויזנטער יונגעלייט, וואָס האָבן אים געדולט אַ קאָפּ מיט טאַלענטלאָזע שרייבעכצן, אויף אַזויפיל איז ער געווען צאַרט און צוגעלאָזן צו יענע, ביי וועלכע ער האָט באַמערקט אַ פונק טאַלענט. זיי האָט ער אָפּגעגעבן זיין צייט, זיין אַרבעט, געשטיצט זיי, געהאָלפן אַרויסטרעטן אין דער ליטעראַטור.

מיט פּרץ'ס טויט איז פאַר'יתומט געוואָרן נישט נאָר די יידישע לעטעראַטור, נאָר אויך דער גאַנצער דור יידישע שרייבער!

* * *

נאָך דעם ערשטן קומען קיין וואַרשע בין איך דאָרט געווען נאָך עטלעכע מאָל. צוויי־דריי מאָל איז פּרץ געווען אין פּעטערבורג — און מיט יעדן מאָל האָבן מיר זיך אַלץ מער דערנענטערט איינער צום אַנדערן. נאָר פאַרשטאַרקט האָט זיך אונ־דזער פריינדשאַפט מיט אַ יאָר דריי־פיר צוריק, בעת איך האָב אָרגאַניזירט אין די יאָרן 1911־1914 די יידישע עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע, אָנגעהויבן אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און זאַמלען פאָלקס־מעשיות, לעגענדעס, לידער, ניגונים וכדומה. פּרץ און דינעזאָן זיינען געווען אָנטציקט פון דער דאָזיקער אונטער־נעמונג. יעדעס מאָל, ווען איך בין געווען אין וואַרשע, פלעגט פּרץ מיך „אַנידער־זעצן" דערציילן אים חסידישע מעשיות. אָפּטמאָל פלעג איך שעהן-לאַנג זיצן און דערציילן אים איין מעשה נאָך דער אַנדערער. ער האָט צוגעהערט און נישט געקאָנט זיך אָנזעטיקן. דערביי האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צוצוזען ווי עס קומט פאָר די שעפערישע אַרבעט פון פּרץ'ס גייסט. דאָ גופא, בעת איך האָב נאָך די מעשה דערציילט, האָט פּרץ זי שוין אויפגענומען, אַסימילירט, אַרויסגע־וואָרפן פון איר די נישט קינסטלערישע שטריכן, צוגעגעבן נייע, צוזאַמענגעבונדן

מיט פּרטים פון אַן אַנדער מעשה. און איך האָב נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו ענדיקן, ווי פּרץ האָט שוין מיר דערציילט די אייגענע מעשה אַן איבערגעאַרבעטע אין אַ „פאָלקסטימלעכער געשיכטע”, וועלכע איז געווען אַזוי ווייט פון דעם ערשטן נוסח, ווי אַ געשליפענער בריליאַנט פון אַ נאַר־וואָס אויסגעגראָבענעם בריליאַנטן־שטיינדל. אויף מאָרגן איז איינע אַזאַ מעשה געווען אָנגעשריבן און אין אַ פּאָר טעג אַרום געדרוקט מיט דער ווידמונג „אנ־סקי׳ן: דעם זאַמלער”.

פּרץ און דינעזאָן זיינען געווען אַזוי פאַראינטערעסירט מיט דער עקספּעדיציע, אַז זיי ביידע האָבן באַשטימט צו נעמען אָנטייל אין איר און אַ פּאָר וואָכן אַרומפאָרן מיט מיר איבער די שטעטלעך. פאַר צוויי יאָרן זומער, בעת פּרץ און דינעזאָן האָבן זיך געפונען צו גאַסט אויף דער זומער־וווינונג ביי ב. א. קלעצקין׳ען, האָבן מיר זיך וועגן דעם דורכגעשריבן. איך האָב געוואַרט אויף זיי, נאָר באַקומען אַ דעפּעשע אַז איניקע אומשטענדן (דוכט זיך דער געזונט־צושטאַנד) דערלויבן זיי נישט צו פאָרן.

* * *

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך געזען מיט פּרצן סוף יאָר 1914, בעת איך האָב פאַרבראַכט אין וואַרשע צוויי חדשים, נאָוועמבער און דעצעמבער. איניקע וואָכן אין דער צייט האָב׳ איך געוווינט ביי פּרצן.

די צייט איז געווען אַ שרעקלעכע. וואַרשע, וועלכע האָט נאָר וואָס איבערגעלעבט דעם שטורמישן אָנקום פון די דייטשן קיין פּוילן אין די אָקטאָבער־טעג, האָט זיך געריכט אויף אַ נייעם, נאָך אַ שטאַרקערן אָנפאַל. דער פיינד איז שוין געווען ביי סאָכאַטשאָוו, ביי באָלימאָוו. אין וואַרשע האָט זיך דייטלעך געהערט, ווי ווייטע דונערן, די קאַנאָנען־שיסעריי, איבערן שטאָט זיינען געפלויגן עראָפּלאַנען, וואָס האָבען געוואָרפן באָמבעס. די שטאָט איז געווען פול מיט מיליטער, די גאַסן געפּאַקט מיט „אָבאָזן”, מיט סאַניטאַר־וואָגנס, מיט אַרטילעריע. דאָס לעבן אין שטאָט האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון נערוואָזיטעט.

נאָר פאַר אונדז יידן האָט דאָס אַלץ, האָבן די סכנות פון ערד־און לופט־מלחמה אָפּגעטראָטן אַן אַ זייט אַקעגן דעם שרעקלעכסטן אומגליק, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך... יעדן טאָג פלעגן אָנקומען הונדערטער און טויזנטער אַנטלאָפענע, אַרויסגעיאָגטע, זיי פלעגן קומען צופוס, נאַקעטע, באָרוועסע, הונגעריקע, פאַרפרוירענע, דערשראָקענע און הילפסלאָזע. און אַרום האָט געקאָכט און אַלץ שטאַרקער פונאַנדערגעברענט זיך די פּוילישע מלחמה אַקעגן יידן, די אויפהעצונגען, בלבולים און מסירות. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע שרעקן, נייע צרות, נייע גזרות און מען האָט זיך געריכט נאָך אויף ערגערע.

אָט אין דעם העלישן גיהנום האָט געלעבט די גאַנצע צייט פּרץ, וועלכן די מלחמה האָט דערצו אינגאַנצן רוינירט מאַטעריעל... דערצו נאָך האָט פּרץ געאַרבעט אין דער יידישער גמינע, ווהין עס האָבן זיך געצויגן נאָך הילף גאַנצע מחנות היימלאָזע און פאַרוואָגלטע...

די שרעקלעכע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע האָט מיטאַמאָל אָפּגעשוואַכט פּרץ׳ס כוחות, זיין געזונט־מצב האָט אים צעבראָכן. אַז איך בין געקומען, בערך אין מיטן

נאָוועמבער, האָב איך גלייך דערזען, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע ענדערונג עס איז אין אים פאָרגעקומען.

פּרץ האָט פיינט געהאַט צו רעדן וועגן אייגענע שמערצן און קראַנקייטן, פלעגט זיך נישט אונטערגעבן קיין קראַנקייט. אָבער דאָ האָט ער נישט געקאָנט פאַרלייקענען זיין פיזישן צושטאַנד: ער איז געווען שטענדיק מיד, פאַרטרויערט, איז נישט גערן אַרויסגעגאַנגען פון הויז. עטלעכע מאָל, אַז מיר זיינען געגאַנגען שפּאַצירן, האָבן מיט אים געטראָפן האַרץ־אָנפאַלן, און ער האָט געמוזט גלייך אומקערן זיך. ביינאַכט איז גענוג געווען דער מינדסטער רעש, ער זאָל זיך אויפכאַפּן — און האָט שוין מער נישט געקאָנט איינשלאָפן און איז נאָכדעם אַ גאַנצן טאָג געווען אַ מידער, אַ קראַנקער.

און נאָך אַ גרעסערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט די אומענדערונג אין פּרצ׳ס גייסטיקן צושטאַנד. איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אַנדער פּרצן: אַ צובראָכענעם, אַ צוטרייסלטן. ער האָט פאַרלוירן זיין זיכערקייט. אין די אויגן האָט זיך באַוויזן גאָר אַ נייער אויסדרוק: אַן אומזיכערע פראַגע, ווי ער וואָלט פאָרשן און זוכן אַן ענטפער אויף דעם, וואָס קומט פאָר.

עס האָט זיך אומגעביטן זיין באַציונג צום „יידישן פּעטערבורג״, וועלכן ער האָט פריער נישט צוגעגעבן קיין ווערט, ווייל זיין אַרבעט איז נישט קיין אינערלעך־יידישע, נאָר אַן אויסנווייניקסטע. איצט האָט ער זיך צוגעהערט מיט קאָפּ צו דעם, וואָס מען טוט אין פּעטערבורג, האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דער ריכטונג פון דער אַרבעט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פּרץ האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע צייט און זיינע קרעפטן די הימלאָזע. ער האָט געגרינדעט אין „הזמיר״, וו ער איז געווען דער פאָרזיצנדער, אַ היים פאַר עטלעכע הונדערט אַנטרונענע, האָט געזאָרגט וועגן מיטלען פון זייערט־וועגן. מיט דערברייטער האַנט, צו וועלכער ער איז געוווינט געווען, האָט ער אָפּגעגעבן אויף אַ לאָטעריע פאַר די הימלאָזע אַלע שיינע און טייערע מתנות, וואָס ער האָט באַקומען צו זיינע יובילעען און פון זיינע פאַרערער .

נאָר אָט די גאַנצע אַרבעט און די אַלע קרבנות האָבן אַ האָר נישט באַרויקט פּרצן. זיין מיד קראַנק האַרץ האָט געווייטיקט, איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט, און זיין שטאַרקער ריזיקער גייסט האָט שטענדיק געזוכט אַן ענטפער אויף דעם היסטאָרישן חורבן אין יידישן לעבן. דעם ערשטן טאָג, אַז איך בין געקומען, האָבן מיר געהאַט אַ לאַנגן שמועס וועגן דער לאַגע. און איך האָב פון פּרצן דערהערט אַ וואָרט פון ביטערן און שטאַרקן יאוש אין דער מענטשהייט.

און אַז איך בין שפּעט ביינאַכט צו אים ווידער געקומען, האָב איך אים געפונען ביים שרייב־טיש מיט דער פּען אין האַנט. נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ האָט ער צו מיר געזאָגט:

— זעץ זיך, איך וויל דיר לעזן מיין איבערזעצונג פון „קהלת״. איך אַרבעט אויף דעם די לעצטע חדשים.

און ער האָט מיר געלייענט דאָס, נאָך מיין מיינונג מוזיקאַלישסטע ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן: זיין קהלת, און איך האָב געפילט, אַז זיין געבראָכענער גייסט האָט זיך נישט צופעליק פאַרטיפט אין קהלת, ווו צוגלייך מיט דעם „הבל הבלים״ זיינען דאָ שטאַרקע און זיכערע יסודות, „דור הולך ודור בא, והארץ לעולם עומדת״.

איך האָב געפילט, אַז ד אָ זוכט ער אַן ענטפער אויף דער שרעקלעכער פראַגע פון היינטיקן טאָג.

איך האָב אים אומישנע געפרעגט, אויב ער רעכנט איבערצוזעצן „איכה". ער האָט זיך אַ קרים געטאָן.

— ניין. אַ קלאָג אָן בילדער, אָן אַ געדאַנק וועגן צוקונפט...

און אויף מאָרגן האָט ער מיר געזאָגט:

— איך בין זייער צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען. דו וועסט מיך אָפרייסן פון דער אַרבעט, איך דאַרף עטלעכע טעג פאַרגעסן אָן איר, כדי איך זאָל זי קאָנען נאָכ־אַמאָל איבעראַרבעטן.

און נאָך אין אַ פּאָר טעג אַרום:

— איך האָב געהאַט אַ טעות. איך האָב גערעכנט, אַז איך וויל זיך אָפרייסן נאָר אויף אַ פּאָר טעג פון דער אַרבעט, עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב פאַרלוירן צו איר דעם חשק, דעם אינטערעס, נישט דאָס...

אין אַ טאָג אַרום האָט ער מיר דורכגעלייענט די דערציילונג „נעילה אין גיהנום". אַז ער איז געקומען צום אָרט, ווי דורך דעם חזנ'ס ניגון ווערן באַפרייט פון גיהנום אַלע זינדיקע, נאָר דער חזן אַליין בלייבט דאָרט, האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט.

— און ווי וועל איך ענדיקן די מעשה?

— איך ווייס נישט.

— איך ווייס אויך נישט.

און ער האָט זי טאַקע נישט געענדיקט.

אויפן צווייטן טאָג פון מיין קומען, האָט ער מיך גערופן גיין אין „הזמיר", צו די היימלאָזע.

— די היימלאָזע זיינען נישט אינטערעסאַנט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט טרויער, — געוויינלעכע אָרימע יידן, וואָס ווילן עסן, אַ נדבה, אינטערעסאַנט איז דאָרט דער מענטש, וואָס האָט זיך אינגאַנצן מקריב געווען פון זייערטוועגן, ל.־ע. דאָס איז אַ זעלטענער מענטש, קוק זיך צו צו אים. און נאָך אינטערעסאַנט זיינען די קינדער, צו זיי גיי איך.

אָט אַזוי האָט זיך געוואָרפן פּרצ'ס געבראָכענער גייסט פון דעם גרייז-אַלטן אייביקן „קהלת" צו דער לעבעדיקער האָפנונג פון פאָלק, צו די קינדערלעך, האָט געשאַפן טרוימען וועגן אַ מעגלעכקייט געראַטעוועט צו ווערן פון די קעסלען פון גיהנום. עס איז מעגלעך, אַז דער מעכטיקער גייסט פון דעם ריזיקן מענטשן האָט געפונען אַן ענטפער אויף דעם שרעקלעכן פּראָבלעם פון יידישן לעבן, האָט מנצח געווען דעם צווייפל, אָבער דאָס קראַנקע מידע האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן.

און פּרץ איז אַוועק פון אונדז.

ער האָט אונדז איבערגעלאָזן אַ גרויסע און אומשטערבלעכע ירושה. אָבער די שענסטע, די אידלסטע, די מוזיקאַלישסטע פּאָעמע — פּרצ'ן אַליין — האָבן מיר פאַרלוירן.

פון: געזאַמלטע שריפטן, באַנד 10, וואַרשע 1928.

# אַפּאַטאָשו

## אין וואַרשע



ס איז געווען אָנהייב אלול, אַכצן פיר־און־צוואַנציק.

די יידישע וואַרשע איז געווען זייער אומרויק. נאָך אַ חודש, נאָך אַ חודש און דער נייער גירוש וועט ווערן אַ געזעץ. 10 וואַרשעווער גאַסן וועלן ווערן יידן־ריין, און עטלעכע טויזנט יידן וועלן בלייבן אָן דירות. און נישט בלויז דאָס. דאָס רשעותדיקע פּוילן איז געגאַנגען קריק איינפירן דעם „טאָגצעטל". וועט קומען אַ ייד קיין וואַרשע, קיין פּראַגע, וועט ער ווידער מוזן צאָלן צוואַנציק גראָשן פאַר יעדן טאָג, וואָס ער וועט בלייבן אין שטאָט.

די וואַרשעווער קהילה, וואָס האָט געשיקט פּעטיציעס צו דער רעגירונג, גע־שיקט באַנקירן, ליוועראַנטן, וואָס האָבן געהאַט אַ „פּיסל" אין די הויכע פענצטער, — אַלע האָבן געפּרוּווט אָפּשרייען די גזירה. חסידים זיינען געלאָפן קיין פּשיסכע. און דער פּשיסכער צדיק, ר' שמחה בונם, שוין דעמאָלט אַ סגינהור, איז געווען זי־כער, אַז נישט אַזוי זיין חסיד, בערעק בן שמואל, נאָר בערעק'ס ווייב, די צדקת טעמערל, וועט אָפּשרייען די גזירה. און אין דער גזירה האָט דער פּשיסכער געזען

---

יוסף מאיר אַפּאַטאָווסקי — פּען־נאָמען: י. אַפּאַטאָשו — איז געבוירן געוואָרן אין אַ וואַלד־גוט נעבן מלאַווע, פּוילן, אין יאָר 1886. אין די יאָרן 1901־1906 שטו־דירט אין וואַרשע. אין די יאָרן 1922 און 1929 באַזוכט וואַרשע, און — דער עיקר — אין יאָר 1922 געהאַט ממש אַ טריומפאַלע אויפנאַמע. מייסטער פון דער קליינער דערציילונג, וואָס ער האָט געשריבן אין די הונדערטער, מייסטער פון ראָמאַן בכלל און יידישן היסטאָרישן ראָמאַן בפרט. פון יאָר 1907 ביז דער פּטירה אין יאָר 1954 שטענדיק אין ניו יאָרק. פון פאַך אינזשעניער, אָבער בלויז אַ קורצע צייט זיך מיט דער פּראָפעסיע פאַרנומען. זיין ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער" — אַרויס אין יאָר 1921 — איז פילמאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און איבערגעזעצט אין אַ סך שפּראַכן. געלערנט אין וועלטלעכע לימודים — אַ תלמיד חכם אין געביטן פון יידישן וויסן. אידענטיפיצירט מיט דער גרופּע „יונגע" אין אַמעריקע. טעטיק אין די וויכטיקסטע יידישע קולטור־געזעלשאַפטן, באַזונדערס אין „ייוואָ". כאָטש זיין טעמאַטיק נעמט אַרום מערערע יידישע תקופות און לענדער — באַטראַכט ער זיך קודם כל אַלס פּויליש־יידישן שרייבער. די וואַרשעווער לאַנדשאַפט און פאָלקשאַפט דערשיינט גאַנץ אָפט אין זיינע — בעיקר די קלענערע — דערציילונגען. מיר נעמען פון זיי אַרויס דריי — לויט די יאָרן, וואָס זיי שילדערן: 1824, 1912 און 1938 — קנאַפּ פאַר דער צייט פון דריטן חורבן.

אַ שטראָף, וואָס די וואַרשעווער „אויפגעקלערטע" יידן ווילן ווערן איינס מיט די פּאָליאַקן, ווילן ווערן איינס מיט די רוסן, ווילן ווערן אויס יידן. דער פּשיסכער האָט נישט געררוט. ווו אַ חסיד אַ ליוועראַנט ביי מיליטער, ווו אַ חסיד אַ בויער פון הייזער, פון שאָסייען, אַ צוקער־פאַבריקאַנט, אַ טוך־פאַבריקאַנט, אַן אַרענדאַר פון זאַלץ־גרובן — די אַלע האָבן זיך געדרייט אין די קולואַרן פונעם פּאַלאַץ מאָסטאָווסקי, ווו דער סעים האָט זיך געפונען. יעדעס שטיקל נייעס האָט מען איבערגעשיקט קיין פּשיסכע. און דאָ איז שוין אלול. נאָך אַ חודש, נאָך אַ חודש — און ס'וועט זיין סוף חשון. איז ביז סוף חשון דאַרף מען אָפּשרייען די גזירה. איז וואָס טוט מען? האָט דער פּשיסכער צדיק געלאָזט וויסן זיין לייב־חסיד, ר' מעכל דאַנציגער, וואָס האָט אין נאָווידוואָר געבויט פאַר דער רעגירונג נייע קאַשאַרן — „הזהר והזהר, אויב קלייבסט זיך, מעכל, צו קומען קיין פּשיסכע אויף ראש השנה, טרעט פריער אָפּ אין וואַרשע, ווער געוואָר וואָס ס'הערט זיך אין ,פּאַלאַץ מאָסטאָווסקי' אויפן פּזשעיאַזד, וואָס רעדט מען וועגן דער גזירה אויף יידן."

אַ וואָך פאַר ראש השנה איז ר' מעכל דאַנציגער שוין געווען אין וואַרשע. בייטאָג האָט ער פאַרבראַכט אין די סעים־געביידעס, גערעדט מיט די מיטגלידער פונעם „יידן־קאָמיטעט", זיך אַריינגעכאַפּט אויף טוואַרדע גאַס, צו לייבלען אין דער גאָרקיך, ווו יידישע יוגנט האָט געוווסט אַלע שטאָט־ און קהילה־סודות. און ווי ס'איז נאַכט געוואָרן, האָט ר' מעכל געדונגען אַ לאַמטערנע־טרעגער, וואָס האָט אים געפירט איבער די פינצטערע וואַרשעווער גאַסן, אים געפירט דאָ אין בית המדרש אויף דער אייזן־גאַס, ווו ר' איטשע מאיר אַלטער איז געזעסן און געלערנט מיט די חסידישע שאַרפע קעפּ פון וואַרשע, דאָ אויף וואָלאָווע גאַס, ווו ר' איטשע מאיר האָט געהאַט זיין שניטקראָם. און אַזוי איין אויפדערנאַכט נאָכן אַנדערן. ר' איטשע מאיר מיט דער רויט־פלאַמיקער באָרד, האָט אויסגעהערט ר' מעכל'ען, און פון מאָל צו מאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. ערשט אויפן דריטן אויפדערנאַכט האָט ר' איטשע־מאיר אַ זאָג געטאָן, און ס'פּנים זיינס, אַ ווייס, אַ דורכזיכטיק ווייס, וואָס מ'זעט בלויז ביי מענטשן מיט רויטע האָר, — ס'פּנים זיינס האָט זיך אַ צינד געטאָן און ס'האָט אויפגעלויכטן, נישט פון פרייד, נאָר פון טיפער חכמה. ער האָט געציילט די ווערטער און געזאָגט:

— אַוודאי דאַרף מען יעדע גזירה אויף יידן אָפּשרייען. מען דאַרף די גזירה אויך אָפּשרייען. איין זאַך אָבער איז מיר קשה: פאַרוואָס רייסן זיך אין די גוייִשע גאַסן דווקא הפקר־יידן? אויף מאַרשאַלקאָווסקע, נייע־וועלט, לעש ווווינען יידן, וואָס ווילן נישט וויסן פון קיין חדר, פון קיין בית המדרש, נעמען זיך איבער וואָס זיי פאַרשטייען קיין יידיש נישט, וואָס זיי זיינען „יידישע פּאָליאַקן". ווי ווייט, מיינסטו, מעכל, איז אַזאַ ייד פון שמד? בלויז אַ טראָט! ווייסטו, מעכל, פון וואַנען דאָס נעמט זיך? ווייל דער „אויפגעקלערטער" ייד וויל דווקא גיין „בחוקי העכום". די אמתע, גוטע יידן ווווינען דאָך אויף דער אייזן־גאַס, אויף דער וואָלאָווער, אויף דער פראַנצישקאַנער... או אַז מען קלערט אַריין אין דעם תוך פון דער זאַך, איז נישטאָ וואָס איינצורייסן וועלטן — — ווייל דער „פּרוץ גדרו" ווערט במילא אַ „פּורץ גדר", וואָס מיר האָבן עס געזען אין דייטשלאַנד און ווי מיר זעען עס אין פּויזנער געגנט. און אַז דער רבי וועט דיך פרעגן, צי דו האָסט גערעדט מיט מיר, בעט איך דיך,

מעכל, זאָג אים אין מיין נאָמען: ווערט מען אָפּשרייען — איז לטובה, אלא נישט — איז „יצא הפסדו בשכרו”. און אַצינד — פאָר בשלום.

ר׳ מעכל האָט נישט געטראַכט, אַז די וואָלאָווע גאַס איז שלעכט ברוקירט, אַז צווישן די אויסגעריסענע שטיינער שטייען לוזשעס וואַסער. אַ שלעכטער טראָט און מען קאָן אַ פוס אויסלענקן. ער האָט געהאַט גרויס שברת־הלב פאַרוואָס ער האָט נישט איבערגעפרעגט איטשע־מאירן וואָס ער מיינט מיטן „יצא הפסדו בשכרו”. שוין איבער צוויי יאָר ווי יידן ווילן אָפּשרייען די גזירה. בערעק זביטקאָווער, זיין ווייב טעמערל, ער, מעכל, אַליין — אַלע אַרבעטן מעשים. קומט צו גיין איטשע־מאיר און זאָגט, אַז ס׳איז נישט קיין רעש — ווערט מען נישט אָפּשרייען די גזירה, וועט זיין „יצא הפסדו בשכרו” — וועט פון דעם שאָדן גאָר אַרויסקומען אַ טובה.

ס׳האָט זיך מעכלען נישט געלייגט אויפן שכל. ער איז שלעכט געשלאָפן יענע נאַכט. ערשט אינדערפרי, נאָכן דאַווענען, נאָכן איבערבייסן, ווען ער איז אַוועק אויף דער האַלב־באַבויטער פראַנצישקאַנער גאַס, פון וואַנען ער האָט געזאָלט אָפּפאָרן אין אַ בויד קיין פשיסכע, ערשט דעמאָלט האָט ער געגומען באַנעמען ר׳ איטשע מאיר אַלטער׳ס רייד.

דאָס געזשום, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די געוועלבער, פון די סקלאַדן, פון די צעעפנטע שפייכלערס, ווו מען האָט אָנגעלאָדנט און אויסגעלאָדנט דראָנגאָווע וועגענער סחורה, — דאָס געזשום האָט אים אויפגעהייטערט. און נישט אַזוי דאָס געזשום, ווי ס׳קינדער־געזאַנג פון די חדרים, ווי דער ניגון פון די בתי מדרשים, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די געוועלבער אויף די הייף, זיך אויסגעמישט מיטן געזשום פון די סוחרים, וואָס האָבן אין מיטן מסחר זיך אַ לאָז געטאָן אין די בתי־מדרשים אריין צו כאַפּן אַ „קדושה”.

אברהמל בעל־עגלה, אַליין אַ חסיד, וואָס האָט געפירט חסידים פון וואַרשע קיין פשיסכע און קריק, האָט פון דערווייטנס דערזען ר׳ מעכלען און איז אים אֶנט־קעגנגעקומען מיט אַ ברייטן „גוט־מאָרגן”. די פּאַסאַזשירן זיינע האָט ער אויפן חסידישן שטייגער „געדוצט”, אפילו אַזאַ גביר ווי מעכל דאַנציגער. ער האָט אים געוויזן דעם פּלאַץ אין דער בויד, אַ מיטלסטער, באַקוועמער פּלאַץ, ווו די רעדער טרייסלען נישט אַזוי, און צוגעגעבן:

—אין אַ האַלבער שעה אַרום פאָרן מיר. און אַז דו ווילסט אַ שנאַפּס, צי אַ גלאָז קאַווע מיט פרישע פלאַם־פלעצלעך, כאַפּ זיך אַריין צו משהלען קאָזשניצער.

ר׳ מעכל איז אַרויס פון הויף. ער איז זיך געגאַנגען מיטן שמאָלן טראָטואַר און געקוקט אין די הויפּט־געוועלבער. דאָ — שניט־סחורות, טיכער און פּאַטשייל־קעס. דאָ — קאָלאָניאַל־סקלאַדן. דאָ — מיל־שטיינער און מעל־שענקן. דאָ — אייזנוואַרג און דאָ — ווייַן־שענקן. אומעטום קונים, אומעטום פּאַקט מען סחורות, מען לאָדנט זיי אָן און מען לאָדנט זיי אויס. און דער האַנדל גייט אָן. מען באַטרעט, מען דינגט אָפּ, מען באַטרעט ווידער און מען קלאַפּט צו מיט די הענט. און דער פרימאָרגן, אַ צעקלונגענער פון ברייטן, פוילישן יידיש, דורכגעוואָרפן מיט בעל־עגלה׳שן, מיט טרעגער־לשון, מיט פערד־הירזשען, פּראַלט און הויבט זיך איבער דער פראַנצישקאַנער גאַס, ווו אין דער לופטן ציען זיך שוין אלול־פעדים און ס׳הערט זיך יעדעס מאָל פון אַן אַנדער זייט, ווי יידן פרוון שוין אויס דאָס שופר־בלאָזן.

ר׳ מעכל דאַנציגער איז צוריק אַריין אין הויף, ווו אברהמל בעל־עגלה האָט שוין אָנגעצויגן די פּלאָנען אַרום די בויד־רייפן. ר׳ מעכל האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ וואָגן־פּלאַטפאָרמע, וואָס איז געלעגן אויף קלעצער. ער האָט זיך צוגעהערט, ווי צוויי טרעגערס, אַרומגעגאַרטלטע מיט שטריק, וואָס זיינען געזעסן אויף דער פּלאַט־פאָרמע, רעדן צווישן זיך. איינער מיט אַ רויטער באַרד, דער צווייטער מיט אַ שוואַרצער. זאָגט די רויטע באָרד:

— ווי מען האָט גענומען איבערבויען די פראַנצישקאַנער גאַס, איז דאָ, געלויבט השם־יתברך, פּרנסה ברווח. זאָג מיר טאַקע, ווען האָט אַ וואַרשעווער טרעגער פאַר־דינט דריי גילדן אַ טאָג?

— אַ גילדן, אָנדערהאַלבן, איז געווען אַי־אַי־אַי! — האָט די שוואַרצע באָרד געענטפערט. — און ווי לאַנג איז, ווען אַ האַלבער גילדן האָט אויך געהייסן „פּדיון”?

די רויטע באָרד האָט געשמייכלט, געקוקט דער שוואַרצער באָרד אין די אויגן אַריין. לויט די אויפגעהייטערטע פּנמיער, איז געווען קענטיק, אַז מיט פּרנסה איז מען פאַרזאָרגט. און די שוואַרצע באָרד האָט אַ זאָג געטאָן:

— מעגסט הערן: נעכטן האָב איך פאַרהאָרכט מיין משהלען. ער לערנט „וירא”. איז מיר געווען קשה דער פּסוק, ווו ס׳רעדט זיך וועגן אברהמ׳ען מיט אבימלכ׳ן. ס׳שטייט: „ויכרתו שניהם ברית’’ — און זיי האָבן ביידע געשלאָסן אַ בונד. דאָס וואָרט „שניהם” — ביידע — איז דאָך איבעריק. דאָרטן זיינען דאָך בלויז געווען אבימלך און אברהם, וואָלט דאָך געווען גענוג צו זאָגן: „ויכרתו ברית” — און זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד.

ס׳איז טאַקע אַ קשיה, — האָט די רויטע באָרד אָנגעקוואָלן. — ווייסטו אָבער וואָס דער תּירוץ איז?

— כ׳ווייס נישט, — האָט די שוואַרצע באָרד אַ הויב געטאָן די פּלייצעס און צענומען די הענט.

—וועל איך דיר זאָגן, — האָט די רויטע באָרד זיך אַ בויג געטאָן צו דער שוואַרצער. — מיר שיינט, אַז דאָס איז דער פּירוש: אברהם אָבינו, עליו השלום, האָט געזען בנבואה, אַז מיר, יידן, וועלן זיין צעוואָרפן אין גלות צווישן גויים, אַז מיר וועלן האַנדלען מיט די גויים און מיר וועלן דאַרפן אָנקומען צו זיי וועגן פאַר־שידענע זאַכן. האָט אברהם אבינו, עליו השלום, מורא געהאַט, מיר יידן זאָלן זיך נישט אָפּלערנען פון זייערע שלעכטע מעשים, האָט ער געשלאָסן אַ בונד מיט אבימלכ׳ן זיי זאָלן דווקא זיין און בלייבן „שניהם” — צוויי — נישט קיין אחדות זאָל זיין צווישן זיי, זיי זאָלן נישט ווערן איינס אין די שלעכטע מעשים, חס ושלום, ווי די יידישע „דייטשן”, וואָס וווינען אויף די גויישע גאַסן, זיינען עס געוואָרן, און דאָס איז דער פּירוש: „זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד צו זיין ‚שניהם’ — צו בלייבן צוויי, נישט ‚אחד’, נישט צו ווערן איינס מיט די גויים.”

ר׳ מעכל דאַנציגער האָט געשלונגען די ווערטער. ערשט איצט זיינען אים קלאָר געוואָרן ר׳ איטשע מאיר׳ס רייד. וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער זיך געהאַלטן אין רייבן די אויגן. — זיצט ער טאַקע צווישן וואַרשעווער טרעגערס, צי אפשר טאַקע צווישן צוויי למד־וואָווניקעס? און דאָס אין סאַמע האַרץ פון וואַרשעווער מסחר, אויף פראַנצישקאַנער גאַס!

אברהמל בעל־עגלה האָט גערופן:

— מעכל דאַנציגער, מיר פאָרן!

— אָט קום איך, אברהמל, — האָט ר׳ מעכל זיך אַ הויב געטאָן און געזאָגט צו די טרעגערס:

— יידן, דאָס פאָר איך קיין פשיסכע צום רבין ר׳ בונם. אייער פירוש וועט ביי אים זיין שטאַרק אָנגעלייגט. יאָ, וויפיל פאַרדינט איר אַ טאָג? צוויי, דריי גילדן? דער פירוש אייערער איז אַ מציאה אַ וואָך שכירות. — און ר׳ מעכל האָט אָנגע־ציילט זעקס־און־דרייסיק גילדן. — דאָ האָט איר אויף יום טוב צוויי מאָל ח״י.

די טרעגערס האָבן צוגענומען די זעקס־און־דרייסיק גילדן. מיט פאַרחידושטע אויגן, ס׳געלט אין די הענט, זיינען זיי נאָכגעגאַנגען ר׳ מעכל׳ען. און אַז ער איז שוין געזעסן אין דער בויד, געזעסן אַ צעגאַרטלטער און אַ זאָג געטאָן צו די טרעגערס מיטן גאַנצן האַרץ: „בלייבט געזונט, יידן״, זיינען זיי נאָכגעגאַנגען דער בויד און גע־האַלטן אין איין איבערחזרן:

— פאָרט געזונט! פאָרט געזונט!

---

## יום־הדין



ר׳ שמחה פּיזשיץ איז נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון דאַווענען. ער האָט אויסגעטאָן די געהאַקטע קאַפּאָטע, אויסגעטאָן דעם צילינדער און אין אַ שוואַרצן סאַמעטענעם שלאַפראָק, לויז פאַרגאַרטלט, אין אַ קליין קאַפּעלע אויפן גרווילעכן קאָפּ האָר, איז ער אַרויס אויפן באַלקאָן, וווּ רויטע גערלאַניום־בלומען זיינען גע־וואַקסן אין גרין־געפאַרבטע קעסטלעך.

ס׳איז געווען אַכט אינדערפרי. און כאָטש די זון, אַ יונגע, האָט זיך נאָך אַלץ געריסן פון מזרח, איז דער פרימאָרגן, אַ רייפער, שוין געהאַנגען איבער הייזער, איבער גאַסן, האָט געעטעמט מיטן זאַפטיקן ריח פון האָניק־באַרנעס.

פונעם באַלקאָן, וואָס אויפן זעקסטן שטאָק, האָט פּיזשיץ געזען האַלב וואַרשע. פאַר די אויגן האָט זיך געצויגן דער פשעיאַזד, וואָס איז געווען ברייט אין דער מיט און שמאָל פון ביידע עקן.

די ברייט פון פשעיאַזד איז געווען געפּאַקט מיט דראָזשקעס, מיט אָנגעלאָדענע לאַסט־וועגענער, מיט טרעגער איינגעשפּאַנט אין שטופּ־וועגעלעך, מיט דורכגייער אין די הונדערטער.

אַלץ — דער גאַנצער געדרענג — האָט זיך געריסן צו די שמאָלע דורכגענג, וואָס האָבן געפירט פון איין זייט אויף נאַוואַליפּקי, פון דער צווייטער — אויף לעשנע.

די שמאָלע טראָטואַרן זיינען נישט געווען דורכצוגיין. פון גאַסן, געסלעך און הינטערגעסלעך האָבן זיך געשאָטן מענטשן — אַ שטראָם אַרויף, אַ שטראָם אַראָפּ — פאַרפלייצט דעם פשעיאַזד.

ווו אַ קער — מאַנצבילן, ווייבער, קינדער. מען איז געשטאַנען איבער קוישן פריש־געבעקס, קוילישן מיט לייטערס, קוילישן מיט צוגעברוינטע פייגל. מען

איז געשטאַנען איבער קעסטלעך יום כּפּור־ליכט — סטרינגע, וואַקסענע. די וואַקסענע ליכט האָבן ליכטציער געצויגן אַרום דעם באַנוול, וואָס מען האָט דערמיט געמאָסטן ס׳אַלטע פּראַגער בית־עולם. עולם האָט זיך געקליבן אַרום שטופּ־וועגעלעך מיט טרויבן, מיט עפּל, מיט באַרנעס, מיט פלוימען. יידן, מיט טלית און תפילין זעק אונטער די אָרעמס, האָבן זיך געאיילט פון מקוה, דינסטמיידלעך מיט געשאָכטענע כּפּרות האָבן זיך געאיילט אַהיים.

און כאָטש ס׳געדרענג אויפן פשעיאַזד איז היינט גרעסער געווען ווי אַלע־מאָל, איז אָבער דער טומל געווען קלענער. די פּאַרקויפערס האָבן כמעט ווי נישט אויסגערופן זייער סחורה. די קויפערס — האָבן זיך נישט געשטופּט. נישט דרייסטע זיינען זיי אונטערגעקומען. מען האָט זיך געדונגען מיט אַ האַלב מויל. אַ גראָשן אַרויף, אַ גראָשן אַראָפּ — מען האָט באַצאָלט און מען איז ווייטער געגאַנגען. ווו אַ טראָט — אַ נעבעכדיק פּנים און אַן אויסגעשטרעקטע האַנט. כמעט קיינער איז נישט פאַרבייגעגאַנגען. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער אויסגעשטרעקטער האַנט. מען האָט אַריינגעלייגט אַ נדבה, און דער טראָט איז געוואָרן לייכטער, זיכערער.

ס׳איז געווען ערב יום כּפּור תרע״ג.

ר׳ שמחה פּיזשיץ איז געווען אויפגעלייגט, וואָס יידן גרייטן זיך אַזוי צום יום־הדין. ער איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט נישט בלויז געווען דער ווירט פון זיין אייגענער מויער, נאָר דער באַלעבאָס פון גאַנץ וואַרשע. זיין גלייכער וווקס און די ברייטע פּלייצעס האָבן אים געמאַכט אויסזען העכער. די בלאָנדע קיילעכדיקע באָרד, אַן אויסגעקעמטע, האָט זיך געשפּרייט איבער דער וועסט, ווי אַ פּעכער, און אין די אויגן, נישט קיין גרויסע, בלויע אויגן, איז געלעגן חכמה, יידישע חכמה.

ר׳ שמחה פּיזשיץ איז געווען דאָזאָר אין וואַרשע. אי חסידים, אי מתנגדים זיינען געווען צופרידן מיט אים. פּיזשיצעס עלטער־זיידע, אַ רייכער וואַלד־סוחר, איז געווען אַ פאַרברענטער קאָצקער חסיד. פּיזשיצעס זיידע און טאַטע — פון די אָנגעזעענסטע חסידים אין גער. ער אַליין, ר׳ שמחה פּיזשיץ, וואָס איז שוין יאָרן צו קיין רבי נישט געפאָרן, איז אין תוך פאַרבליבן אַ שטיק חסיד, פון די חסידים, וואָס לערנען מורה־נבוכים, וואָס האָבן ליב אַ שווער שטיקל אבן־עזרא און רעדן נאָך אַלץ וועגן ר׳ מענדעלע קאָצקער מיט אַ ציטער.

ביי פּיזשיצעס זיידע, צי ביים פאָטער, זיינען די וואַלד־שרייבער געווען רביים׳שע לייב־חסידים. ביי פּיזשיצן זיינען די וואַלד־שרייבער געווען פרומע משכּילים. נישט איין אָרעמער משכּיל, וואָס האָט פּיזשיצן מסביר געווען אַ שווער שטיקל אבן־עזרא, אים געהאָלפן טרעפן אבן־עזראס אַ חידה, איז ביי אים געוואָרן אַ וואַלד־שרייבער.

ר׳ שמחה פּיזשיצעס קינדער זיינען שוין קיין חסידים נישט געווען. ער האָט געהאַט דריי זין. פון די עלטערע צוויי האָט ער, אויבן־אויף, געהאַט גרויס נחת. ביידע — אָנגעזעענע דאָקטוירים אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל. ביידע האָבן געהאַט ווייבער, געהאַט קינדער. ביידע זיינען אָבער געווען ווייט פון יידן, ווייט פון יידישקייט. אָט דעם נחת האָט פּיזשיץ פונעם יונגסטן זון, פונעם דריי און צוואָנציק יאָריקן דוד, שוין נישט געהאַט. דוד איז געווען אַ שטיק סאָציאַליסט, אַ שטיק

יידישיסט. אויפן פאָטערס חשבון האָט ער זיך יאָרן אָפּגעוואָלגערט אין רוים, אין פּאַריז. דערנאָך איז ער אַ שטיק צייט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן. ער איז אַהיימגעקומען אַ סקולפּטאָר. דוד האָט זיך פאַרקליבן צום פאָטער אין הויז אַריין אויפן העכסטן שטאָק. דאָרט איז ער שוין ס׳צווייטע יאָר געזעסן און געקלעפּט מענטשן, זיי אויסגעהאַקט אין מירמל־שטיין.

פון די דריי זין האָט בלויז דער יונגסטער, דער סקולפּטאָר, זיך געקענט צונויפריידן מיטן פאָטער, ליב געהאַט אַריינצוקוקן אינעם פאָטערס ספרים. פּיזשיץ האָט אים דערפאַר ליב געהאַט, אפשר ליבער געהאַט פון די עלטערע צוויי. ער האָט עס אָבער קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן. ער האָט שטענדיק געהאַט טענות, אַז דער יונגסטער וועט זיך קיינמאָל צו קיין תכלית נישט דערשלאָגן, וועט שטענדיק זיצןביים פאָטער אויפן קאַרק.

איצט אָבער, ווען פּיזשיץ איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן און האָט געזען, ווי דער עולם אויף דער גאַס שאָקלט פון זיך אָפּ דאָס טאָג־טעגלעכקייט, האָט זיך אין פּיזשיצן אַ וועק געטאָן דער יום כפור ציטער, וואָס איז געזעסן אין אים נאָך פון די קינדער יאָרן. ער האָט געוווּסט, אַז זיינע עלטערע צוויי זין זיינען שוין פאַראיאָרן צו כל־נדרי אויך נישט געווען אין דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. דערפאַר איז דעם יונגסטן, דודן, ענג געוואָרן דעם פאָטערס גערער שטיבל און ער האָט יום כפור געדאַוונט ביי די בראַצלאַווער חסידים, ביי די יגיעי־כפּימניקעס. ער האָט געזען אינעם זון אַ שטיק טאַטע. איז דאָך בחור־וויז פּיזשיצן אויך ענג געוואָרן ס׳גערער שטיבל. ער האָט געבענקט נאָך מענדעלעס אַ וואָרט, נאָך ר׳ איטשע מאירס אַ וואָרט. נישט איינמאָל האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט אויף יום כפור קיין גער, געוואָלט הערן ווי דער רבי זאָגט פאַר גאָר נאָענטע מענטשן תורה. דעם „שפת אמתעס״ תורה האָט זיך אָבער צו אים נישט צוגעקלעפּט. ס׳איז מער נישט געווען קאָצק, ניט דער „חדושי־הרי״ם״. געבליבן איז אים אָבער די נסיעה אין אַ בויד מיט חסידים איבער אַ שליאַך, וואָס האָט זיך געצויגן פון וואַרשע קיין גער.

פּיזשיץ איז אַריין צו זיך אין קאַבינעט. אַרום די ווענט — שוואַרצע, מאַסיווע ספרים־שענק. אויף דער וואַנט איבערן שרייב־טיש — דעם רמב״ם׳ס בילד. פּיזשיץ האָט אַ לענגערע צייט געשפּרייזט איבערן קאַבינעט. מיטן שפּרייזן האָט ער אָפּגעשאָקלט פון זיך די מויער, די וועלדער, די פּאָדריאַדן. דער טראָט איז געוואָרן לייכטער, די פּאָלעס פון שלאָפראָק זיינען זיך עטוואָס צעפלויגן. אַן אויפגעלייגטער האָט ער געעפנט אַ שופלאָד, ווו ס׳זיינען געלעגן בריוו. ער האָט אַרויסגענומען אַ בריוו, וואָס ר׳ איטשע־מאיר האָט געשריבן צו פּיזשיצעס זיידע. דער בריוו איז געווען אין יידיש. מיט פופציק יאָר קריק, עטלעכע טעג פאַר יום כפור האָט ר׳ איטשע מאיר געשריבן דעם בריוו. פּיזשיץ האָט געקוקט אויפן אָפּגעריבענעם כתב, אויפן האָריקן פּאַפּיר און צום הונדערטסטן מאָל גענומען לייענען דעם בריוו מיט אַ זוהר־ניגון:

— — — אם אין אני לי, מי לי — אַז איך וועל נישט טאָן מיין אַרבעט, ווער וועט זי פאַר מיר טאָן? יעדער מוז זיין אַרבעט אַליין אָפּטאָן. ואם לא עכשיו, אימתי? — פרעגט זיך, ווען וועט זיין דער „עכשיו״? דער איצטיקער „עכשיו״, אין דער מינוט, וואָס מיר ריידן, איז דאָך פון בריאות־עולם אָן נישט געווען. פריער איז געווען אַן אַנדער „עכשיו״, שפּעטער וועט זיין אַן אַנדער „עכשיו״. און אין יעדן

„עכשיו" איז די אַרבעט, איז די עבודה, אָן אַנדערע. דאַרף מען ווערן אַ מחותּן מיטן כלל. אַז מען טוט אין כלל, האָט מען פון כלל. מען האָט פון כלל נאָך מער, וויפל מען טוט אין כלל. ווייל מען קען האָבן פון יעדן יידנס ע כ ש י ו, אויב דער ייד האָט אין זיין ע כ ש י ו געטאָן עפּעס גוטס. וואָרן — כשאני לעצמי מה אני — טוט אַ מענטש אַ גראָבקייט און וויל תשובה טאָן, טראַכט ער דאָך וועגן דער געמיינקייט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. און וועגן וואָס מען טראַכט, אין דעם ליגט מען. מען ליגט מיטן גאַנצן נפש אין דער געמיינקייט. דער מח ווערט פאַרגרעבט, ס'האַרץ — פאַר־וואַקסן. און דאָס ברענגט דעם מענטש צו עצבות. דער מענטש נעמט זיך מוטשען. מוטשע אַהער די בלאָטע, מוטשע אַהין די בלאָטע — ס'בלייבט אַלץ בלאָטע. יאָ גע־זינדיקט, נישט געזינדיקט — וואָס האָט מען אין הימל דערפון? אין דער צייט, וואָס איך טראַכט וועגן זינד, קען איך דאָך זיין אַ נוקב־מרגליות, כ'קען דאָך דרילן אָר־ליאַנסקע פּערל, אַז אין הימל זאָל מען דערפון עפּעס האָבן. דעריבער — סור מרע — קער אַוועק פון שלעכטס, קלער דערפון נישט — ועשה טוב — און טו בלויז גוטס. האָסט געטאָן עבירות — פאַרגעס אָן זיי. ס'וועט באַלד זיין יום כּפור. און ערב יום כּפור דאַרף דער מענטש אַזוי אַרבעטן איבער זיך, ער זאָל מער נישט טראַכטן וועגן די אָפּגעטאָנענע עבירות. מען דאַרף זיין גרייט צו טאָן בלויז מצוות מתוך שמחה. דער מענטש דאַרף זיין פריילעך. און ביים דאַווענען דאַרף מען דורכלויפן „על חטאים" וואָס שנעלער, נישט ליגן אין די חטאים, נישט טראַכטן וועגן זיי. מען דאַרף דאַווענען מתוך שמחה, אַ געזאַנג דאַרף אויפגיין אינעם מענטש, ווי ס'שטייט אין „תומר־דבורה": האדם ראוי שיתדמה לקונו — דער מענטש איז ראוי ער זאָל זיך פאַרגלייכן צום באַשעפער.

פּיזשיק האָט לאַנג געקוקט אויפן בלאַט פּאַפּיר, ווו צווישן די ווערטער איז נישט געווען קיין פּינטל, קיין אָפּשטעל. אותיות, ווערטער, שורות — אַלץ האָט זיך געקייטלט, אַלץ האָט זיך געשפּרייט ווי אַ טייך.

אַ זיכערקייט איז אויפגעגאַנגען אין דעם פיר און פערציק יאָריקן פּיזשיק. נישט די זיכערקייט פון די אייגענע הייזער, פון די אייגענע וועלדער, נאָר די זיכער־קייט פון אַ ר' משה קאָרדאָווירער, ווען ער האָט געזונגען צו גאָט זיין „תומר דבורה"; די זיכערקייט פון אַ ר' איטשע מאיר, ווען ער האָט געשריבן דעם בריוו צו פּיזשיצעס זיידע.

ווען ער, פּיזשיק, וואָלט איבערגעבן אָט די זיכערקייט דעם יונגסטן זון דודן? ס'האָט אים אַ צי געטאָן צום זון, וואָס איז געזעסן מיט אַ שטאָק העכער, גע־זעסן און געקלעפּט, און געפורעמט זיינע מענטשן. און ווי ער האָט זיך געקליבן אַרויפצוגיין צו אים, האָט דער טעלעפאָן, וואָס איז געשטאַנען אויפן שרייב־טיש, זיך צעקלונגען.

פּיזשיק האָט אַוועקגעלייגט דעם בריוו און אַ הויב געטאָן ס'טרייבל צום אויער. ס'האָט גערעדט פּיזשיצעס פאַרוואַלטער, אוליאַנד, אַ ציכטיק מענטשל, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן אין האַנט אַ גוט־פאַרשניצטע בליי־פעדער, האָט באַגלייט יעדעס וואָרט מיט אַ ציפער. אוליאַנד האָט גערעדט שטיל, מען האָט אָבער געקענט הערן יעדעס וואָרט זיינס:

—פּאַניע פּיזשיק, ס'איז געווען אַ טעלעפאָן פון גענעראַל־שטאַב. דער נייער

פּאָלקאָווניק, סמירנאָוו, האָט געבעטן איר זאָלט זיין ביי אים צוויי נאָך מיטאָג. ווי איך פאַרשטיי, וויל ער אייך איבערגעבן דעם גאַנצן געהילץ־פּאָדריאַד.

— היינט? ערב יום כפור? — האָט פּיזשיץ געהאַט טענות צום פאַרוואַלטער זיינעם, — נישט איך קען דעם נייעם פּאָלקאָווניק, נישט איך קען זיך דורכרעדן מיט אים. הערט, אוליאַנד, אפשר וואָלט איר אַריבערגעגאַנגען?

—כ׳וואָלט גערן געגאַנגען, פּאַניע פּיזשיץ, נאָר דער פּאָלקאָווניק האָט באַפוילן, אַז ער וויל ריידן מיט אייך, נישט מיט מיר. איז דאַרפט איר גיין. מען דאַרף זען, אַז אַחוץ אייך, פּאַניע פּיזשיץ, זאָל קיין ליוועראַנט נישט האָבן קיין דריסת הרגל אין שטאַב. נעמט מיט דודן. ער וועט שוין פאַר אייך ריידן.

— גוט, נו, כ׳וועל שוין צוגיין.

פּיזשיץ האָט אויפגעהאָנגען ס׳טרייבל. ער איז נישט געווען צופרידן מיטן טעלעפאָן. דער וויזיט אין שטאַב, און דווקא היינט, איז פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. ער האָט קריקגעלייגט אין שופלאָד אַריין ר׳ איטשע מאירס בריוו און אַ נישט־אויפגעלייגטער זיך געזעצט צי ער זאָל פריער אַרויפגיין צום זון, צי ער זאָל פריער איבערבייסן. דערצו האָבן פון קיך זיך געטראָגן ריחות פון פרישׁ געבעקס, ריחות פון געבראָטענע כפרות.

אין דער אָפענער טיר איז געשטאַנען מאַדאַם פּיזשיץ. זי איז געווען אָנגעטאָן אַזוי, ווי זי וואָלט זיך געקליבן מיט אַ וויזיט. די שוואַרצע האָר, דורכגענומען אַרום שטערן מיט אַ גרוילעכן פּאַס, זיינען געווען פאַרנומען אויפן קאַרק אין אַ קאָקס, ס׳לענגלעכע, מאַטע פּנים, די בריליאַנטענע קעפּלעך אין די קליינע אויערן, די גאָלדענע אַלט־פרענקישע בראָש — אַלץ האָט דערציילט פון אַלטן יידישן יחוס. זי האָט באַגעגנט דעם מאַן מיט אַ פאַרליבטן מאַמע־שמייכל:

— צייט עפּעס איבערצובייסן, שמחה.

— אָט גיי איך.

— כ׳בעט דיך, שמחה, קלינג אָן די קינדער זיי זאָלן אַריבערקומען פאַרפאַסטן.

— וואָס דאַרפן זיי פאַרפאַסטן, אַז זיי פאַסטן נישט?

— איך בעט דיך, שמחה.

— איך וועל נישט קלינגען און זיי וועלן נישט קומען.

— ביסט אַן עקשן!

ס׳ווייב איז געגאַנגען אויף אַפּריר. טריט, קליינע, דראָבנע, האָבן זיך געקייקלט איבערן פּוטרירטן דיל. נאָך איר — דער מאַן. אין מיטן גיין האָט ער זיך אַ צי געטאָן, זיך אויסגעגלייכט, פעסטער פאַרצויגן דעם גאַרטל פון שלאָפראָק, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אָפּטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט. ער איז אַריין אין באָד־צימער, איז געגאַנגען זיך וואַשן צום עסן.

אינעם באָד־צימער, געמאַכט פון ווייסע קאַכלעס, האָט די וואַנע פאַרנומען אַ דריטל. אין אַן אָנגעלאָזטער וואַנע וואַסער זיינען אַרומגעשווומען דריי העכט און אַ קאַרפּ. ס׳וואַסער האָט אויסגעזען גרינלעך. די העכט, מיט פאַרשפּיצטע פליספעדערן, האָבן זיך געטראָגן הין און קריק, פאַרטריבן דעם קאַרפּ אין אַ ווינקל, אויפן באָדעם פון דער וואַנע, ווו ער איז געזעסן, האָט געדרייט מיטן פעכער־ווידל, געגלאָצט מיט די קיילעכדיקע גלעזערנע אויגן און מורא געהאַט אַרויפצושווימען.

פּיזשיץ האָט זיך געוואַשן די הענט. זיי געווישט אין אַ האָריק האַנטעך און האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מענטש, יום־הדין און אכזריות גייען האַנט אין האַנט.

# אויפן גזשיבאָוו



משה קלאַפּטער, דער אייגנטימער פון דריי לאַסטוועגענער, פון צען דראָזשקעס, האָט פאַרנומען דעם גאַנצן דריטן הויף ביי יאַקובן אויפן גזשיבאָוו.

די ערשטע צוויי הייף, טונקעלע, מיט געוועלבטע אַריינגאַנגען, האָבן זיך געצויגן ווי טונעלן. אַ הויף אין אַ הויף. אַז מען האָט פאַרריסן דעם קאָפּ — פענצטער און באַלקאָנען, וואָס האָבן זיך געהויבן ביז איבערן פערטן שטאָק. די הייף האָבן נישט גערוט. מאַנסבילן — יונג און אַלט — האָבן פאַרענדיקט די אויף שנעל אויפגעקלאַפּטע סוכות, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די באַלקאָנען אין די הייף. ס'איז געווען אַ געגיי, אַ געאייל, אַ געלויף. פון די אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן א זשומעריי, אַ גערעדעריי, אַ געקלאַפּעריי. די הייף זיינען פול געווען מיט יום־טובדיקע ריחות, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם, גערייצט דעם אַפּעטיט. ס'האָט געשמעקט מיט געהאַקטע פיש, מיט געפילטע פיש, מיט געקאָכטע פיש. ס'האָט געשמעקט מיט פאַרבראָקטע הינער יויכן, מיט געבראָטענע קאַטשקעס און גענדז, מיט זיסע ציבלקעס געהאַקט מיט פרישע, קרוכלע גריוון. ס'האָט געשמעקט מיט איינגעקאָכטע, פאַרברוינטע צימעסלעך — מערן, פלוימען, שעפּטאַלן.

דער דריטער הויף, וואָס איז ענלעכער געווען אויף אַ שטיק פערד־מאַרק, ווי אויף אַ וואַרשעווער הויף, האָט קיין מגע ומשא נישט געהאַט מיט די ערשטע צוויי הייף. די פערד, די הינט, די יונגען — דאָס אַלץ האָט אָפּגעהאַלטן די שכנים צו גיין אַהין. איבער איין האַלבן הויף האָבן זיך געצויגן הילצערנע שאָפעס, ווו די וועגענער זיינען געשטאַנען. איבערן צווייטן — געמויערטע פערד־שטאַלן. איבער די פערד־שטאַלן — אַ דירה פון צען צימערן, ווו משה קלאַפּטער האָט געוווינט מיט זיינע „קעסט־קינדער". אַזוי האָט ער גערופן די יונגען, וואָס האָבן געאַרבעט ביי אים. פון די פערד־שטאַלן, פון די צוויי בערג מיסט, וואָס האָבן זיך געפּאַרעט אינעם שטייפן נאָכמיטאָג, האָט זיך געטראָגן אַ שאַרפער גערוך, דערמאָנט דעם גערוך פון געווייקט לעדער, געווייקטן דאָמב, וואָס האָט אויסגעוועפּט און פאַרשלונגען די ריחות פון די יום טובדיקע מאכלים.

דעם גאַנצן ערב יום טוב האָט משה קלאַפּטער געמייסטרעוועט אַרום דער סוכה. ס'איז אים געגאַנגען אין לעבן, אַז זיין סוכה זאָל זיין שענער פון די באַלעבאַטישע און חסידישע סוכות, וואָס אין די שכנישע הייף. די פיר ווענט אַרום דעם הילצערנעם דיל האָבן זיך געהאַלטן אויף קייטלעך. די מזרח־וואַנט האָט ער באַהאָנגען מיטן ווייבס טערקישן שאַלטוך. אויף די איבעריקע ווענט — לוויוויטשער „קילמס", וואָס מען דעקט מיט זיי צו צוגאָווע פערד. אויפן גערעקטן טיש — זילבערנע לייכטערס, „גאָנשערס" וויין, אַ געפּלאָכטן קאָשיקל בראָנפן. משה קלאַפּטער מיטן ווייב זיינען געזעסן אויבנאָן. פוןביידע זייטן — די קינדער. נאָך די קינדער — די „יונגען" לויט דער עלטער. צוויי יונגען האָבן געסאַרווירט. אַנדערע צוויי האָבן געהאַלטן אַן אויג אַז קיין „יאָלד" פון די אַנדערע הייף זאָל אַהער נישט אַריינשמעקן. האָט זיך פאַראַיאָרן פאַרגנבעט אַ חסיד אַ „צלאַפּ", געוואָלט זען, ווי דער באַלעבאָס משה קלאַפּטער, פּראַוועט טיש, האָט אים אַ יונג אַזאַ גלעט געטאָן איבער דער לעבער, אַז ער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן אַהער נישט אַריינצושמעקן.

ס'איז שוין געווען נאָך די געפּילטע פיש, נאָך דער שיסל לאָקשן מיט „רעסע־לעך", נאָך דעם געבראָטענעם אינדיק. משה קלאַפּטער האָט צעעפנט דעם געשטרייפּ־טן ריפּסענעם שלאַפראָק, די קאָלירטע ריפּסענע וועסט. ער האָט זיך אַ גלעט געטאָן איבערן בויך, ווי איבער אַ באַראַבאַן און זיך גענומען צו דער שיסל מייערן. די מייערן, געשניטן אין קיילעכדיקע פּענעצלעך, געקאָכט אין האָניק, האָבן גע־בלישטשעט, ווי דוקאַטן. ער האָט גרויס הנאה געהאַט פון די מייערן, געגעסן מיט ביידע באַקן און אין מיטן עסן אַ זאָג געטאָן צו די יונגען:

— וואָס טרינקט איר נישט, חברה?

די יונגען, אויפגעלייגטע, האָבן זיך אַ שאַר געטאָן מיט די רעכטע אַקסלען. די העלדזער פון די „גאַנשערס" האָבן זיך אויסגעצויגן, אָנגעפילט די גלעזער מיט אַ געבולבעריי. „גראַדול" האָט נאָך דער ערשטער כוסה געלאָזט פאַלן אַ וואָרט:

— אויפן „מקום" האָט מען געשלאָגן יידן.

— ווו, אויף אַלט־שטאָט?

— און אין זאַקסישן גאָרטן אויך.

— אויפן גזשיבאָוו וועלן זיי נישט קומען — האָט משה קלאַפּטער מיט די בלויזע ציין געקנאַקט די האַרטע קערן פון שעפּטאַלן און איבער אַלעמענס קעפּ אַרויסגע־שפּיגן די צעבראָכענע שאָלן דורך דער אָפענער טיר.

— אַז יידן לאָזן זיך שלאָגן אויף אַלט־שטאָט, לאָזן זיך שלאָגן אין זאַקסישן גאָרטן — האָט שלמה ביקל לויזער געמאַכט דעם פּאַסעק אויף אַ לעכל — וועלן זיי זיך אויפן גזשיבאָוו אויך לאָזן שלאָגן.

— אפשר דו, ביקל — האָט גראַדול אים אַ שאַר געטאָן מיט די פינף פינגער פון דער גאָמבע ביז צום שטערן — נישט איך, נישט שימעלע גראַדול. און די שלעגער זיינען גאָר קיין שלעגער נישט. די סטודענטן מיט די זשילעט־מעסערלעך אויף די שטעקנס. אַזאַ איינעם איז גענוג אַ גלעט צו טאָן איבער דער לעבער, איז ער פאַרטיק, איז ער אויס קאַפּעליוש־מאַכער.

דער וויין האָט לויזער געמאַכט די שרייפלעך און די יונגען האָבן זיך צערעדט. און ווי זיי האָבן זיך צערעדט, האָט זיך אויף אַ פריער צעבילט איין הונט, דערנאָך אַ צווייטער.

— ס'קומט עמיצער? ווער קומט? — האָט משה קלאַפּטער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו די יונגען און בשעת מעשה אַ רוק געטאָן פון זיך דעם לאַנגן טיש, ס'זאָל לייכטער זיין אַפירצוגיין.

אַ יונג איז אַרויס פון דער סוכה. נאָך אים — אַ צווייטער. באַלד זיינען זיי צוריק־געקומען מיט אַ האַלבן מנין איבערגעשראָקענע שכנים.

משה קלאַפּטער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ריפּסענעם שלאַפראָק און איז אַנטקעגנגעגאַנגען די שכנים:

— וואָס, מען שלאָגט אויפן גזשיבאָוו?

— מען באַוואַרפט די סוכות מיט שטיינער, מען צינדט אונטער דעם סכך.

— אַ לופט זיי אין די אויגן!

— אַ בראַנד זיי אין די גערערים!

— קומט חברה! — האָט משה קלאַפּטער אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ לעדערנע קורטקע.

— וועסט נישט גיין, — האָט ס'וויב זיך אים אַ שטעל געטאָן אין וועג אַריין.

— מאַכסט שוין שטיק, מלכהלע? האָט קלאַפּטער אַוועקגעשאַרט ס'וויב, — נעם די קינדער און גיי אַרויף אין שטוב אַריין.

ס'איז געווען שטיל אויפן הויף. קלאַפּטער מיט די יונגען האָבן זיך אַ ווייל געפּאָרעט אינעם פערד־שטאַל. דערנאָך זיינען זיי אַרויס צו צווייִ, צו דרייִ, זיך גע־לאָזט מיטן הויף אין גאַס אַריין.

ס'איז געווען שטיל און פינצטער אויפן גזשיבאָוו. פון הייף האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע קולות. ס'איז געווען שווער עפּעס אויפצוכאַפּן. מיטאַמאָל האָט זיך אַריינגעשניטן אַ געשריי:

— יידן, מען שלאָגט!

אַ צעשלאָגענער ייד האָט זיך געטראָגן פון איין טראָטואַר אויפן אַנדערן. נאָכן צעשלאָגענעם ייד — אַ צווייטער, נאָכן צווייטן — אַ דריטער.

— וואָס לויפט איר? לויפט נישט, יידן!

— אַז מען יאָגט זיך נאָך אונדז.

אַ מאָן צוואַנציק, מיט אויפגעהויבענע שטעקנס אין די הענט, האָבן זיך גע־טראָגן איבערן גזשיבאָוו, זיך געיאָגט נאָך די יידן, געהאַקט בשעת־מעשה שויבן און נישט באַמערקט משה קלאַפּטערן מיט דער חברה.

משה קלאַפּטער אויף אַ פריער. נאָך אים — ביקל און גראַדזל — ווי צע־שפּרייטע פליגל האָבן זיך אַריינגעשניטן צווישן די שלעגערס. מעסער־קלינגלעך האָ־בן געבליצט. דאָ און דאָרט אַ לאַנגער, צעצויגענער קוויטש — „אָלאַ באָגאַ״ — דאָ און דאָרט אַ פּאַל מיט דער נאָז אויפן אַספּאַלט, אויף די שטיינער. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזוי שנעל און מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מען האָט בלויז געזען, ווי די גויים לויפן און די יידן יאָגן. און געיאָגט האָט שוין נישט קלאַפּטער מיט זיינע יונגען, נאָר סתם יידן. יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן געריסן פּרענטעס, שטאַ־בעס, זיינען אַרויס פון די הייף מיט שטיינער, מיט ציגל, געווען בייז אויף די יידן, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן גוישע שלעגערס.

גזשיבאָוו, פון דער גמינע ביז גראַניטשנע, איז נישט געווען דורכצוגיין — קעפּ אויף קעפּ. אַלע האָבן גערעדט, אַלע האָבן געטענהט:

— צוריקשלאָגן!

— דאָס איז דער איינציקער וועג!

— צוריקגעשלאָגן!

פון די ביכער: „יידן־לעגענדע״ און „ווען פּוילן איז געפאַלן״.

# טעאַ אַרצישעווסקאַ

## מרימל — דאָס נײַנטע בילד — די פּאַרזאָרגערס



וואַרשע. עמיגראַנטן־הויז.

(עס טרעטן אַרויס פון די היימלאָזע קינדער, וועלכע שפּילן אויף די הויפן, צוויי יינגלעך מיט פידלען, אַ מיידעלע אַ זינגערין. רחלע טאַנצט פריער אַליין, נאָכדעם צוזאַמען מיט די קינדער. זיי שפּילן און זינגען אַ פאָלקס־ליד, אַ חסידיש ליד און ענדיקן מיט אַ מאַרש. אין דעם מאָמענט באַווייזט זיך דיווירטין פון הויז.)

מ ר י מ ל: **טאַנצט! צירעלע, רחלע, טאַנצט!**

ו ו י ר ט י ן: **די פּרעזעסאָווע גייט.** (פאַרשווינדט)

מ ר י מ ל: **פּרעזעסאָווע, סאָווע.** (לויפט אַרויף אויף די טרעפּ, קוקט אַריין, רופט צו דער שוחטקע) **צום קאָפּ צוגעקלעפּט אַ פּנים, אַ באָרוועסער קאָפּ, צו די הענט אַ צוגעטשעפּעטער מענטש. ער איז אויפגעשטאַנען, ער שטופּט אַ גרויסן בויך, און ער גייט, זי... גייט, זיי גייען אַלע, אַלע!**

ש ו ח ט ק ע: **עס קומען די גרויסע לייט!**

מ ר י מ ל: **די יום־טובדיקע סדרה גייט.**

אַ ל ע: **ש... ש... ש...**

פּ ר ע ז י ד ע נ ט י ן: (אַלעגאָרישע פיגור, באַווייזט זיך מיט אַ לאָרניאָן קוקט זיך אום) **זייער פיין...**

פ י ג ו ר ן: **זייער פיין! זייער פיין!** (עס קומט אַריין די ווירטין שטיל אויף די שפּיץ פינגער)

מ ר י מ ל: (צו דער פּרעזעסאָווע) **זייער פיין, אַ ביין מיט כריין. ווי אַ גבאי, אַלץ בשמחה רבה... זאָג, האָסט פון אויבערשטן אפשר אויף מצות אַ הכשר? איך בין נישט מסכים! צו וואָס ביסטו אַהער געקומען? וואָס טוסטו דאָ?**

ש ו ח ט ק ע: **זי האָט דאגות און רחמנות...**

---

טעאַ אַרצישעווסקאַ — (אויך באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים: מרים איזראַעלס) שוישפּילערין, רעזשיסאָרין; געשריבן לידער, זכרונות, אַ דראַמע. שטאַמט פון פּויליש־יידישן יחוס. געבוירן אין מלאַווע אַרום יאָר 1890. פון איר 15טן לעבנסיאָר — אין וואַרשע. בשעת דריטן חורבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. זינט 1946 אין פּאַריז. געשטאָרבן אין יאַנואַר 1962. — — — האָט געהערט צום נאָענטסטן פּרץ־קרייז. איר דראַמע „מרימל״, הקדמה פון י. אָפּאַטאָשו, (1954 באַקומען קולטור־קאָנגרעס־פּרעמיע) איז אַ מיסטיש בילד פון צער פון יידישע פּליטים־קינדער אין וואַרשע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. טעא א. איז געווען דער אויטענטישער פּראָטאָטיפּ פון עטלעכע אידעאַלע פרויען־געשטאַלטן אין פּרץ׳עס דראַמעס.

**מ ר י מ ל : זאָג דעם אמת? בנאמנות? ביסטו אָנגעטון אין בלויז סאַטין! סאַמע גאָלד מיט עכט פּלאַטין!**

**ק י נ ד ע ר :** (זאָגן נאָך) **זי איז אָנגעטון אין בלויז סאַטין! סאַמע גאָלד מיט עכט פּלאַטין.**

**מ ר י מ ל :** (צו דער פּרעזעסאָווע, רירט אָן דעם זוים פון איר קלייד) **אַ שיין מענטעלע... מיט אַ פאַלש קענטעלע...** (צו אַלע) **אויסגעפּוצטע שדים, פאַרשטעלטע רוחות...**

**פ י ג ו ר ן :** (די דאַמען קוקן זיך אום, הערן זיך צו צו מרימלען)

**מ ר י מ ל :** (שטיל) **איך וויל דיר עפּעס זאָגן, איך קען דיך נישט פאַרטראָגן...** (לאַכט) **צדקה און נדבות, מלאכים... מלאך־המות...** (גייט צו צו שלוימען)

**ר ח ל ע :** (צו מרימלען) שווייג... רעד נישט... **וועט מען מיינען אַז דו ביסט קלוג...**

**צ י ר ע ל ע : פאַני! פאַני!** מרימלען האָט מען געגעבן צו עסן בלויזיטשקע ביינער...

**ה י י מ ל אָ ז ע :** שווייג! שווייג!

**מ ר י מ ל : פאַרשווונדן די זעקלעך, קליידער און רעקלעך, ליכט, זייף און רייז — עסן אויף די מייז.** (פויזע, קוקט זיך צו איר צו) **אויף דיר קריכן נישט אַרום קיין לייז!** (בסוד) **די שטוב איז אויסגעשאַיערט, מען האָט דיך אָפּגענאַרט...** (לאַכט)

**ש ו ח ט ק ע :** (דערשראָקן) **וואַרפט זי אַרויס... משונהדיקע רייד...**

**מ ר י מ ל : אונטער דער ערד איז אַלץ פאַרקערט!**

**ה י י מ ל אָ ז ע : מרימל!**

**מ ר י מ ל : דאָס פּסחדיקע און דאָס חמצדיקע, דאָס כשרע און דאָס טריפה, אויף אַלעם וועט קומען אַ שרפה מיט אַ מגפה!**

**פּ ר ע ז י ד ע נ ט י ן :** (קאַלט, מעכאַניש) **ווער איז זי?**

**ש ו ח ט ק ע : אַן אוקראַינער יתומה, פון אונדזער שטעטל, דעם דיינס טאָכטער, אַראָפּ פון זינען.**

**כ ר י מ ל : ווער איך בין? אַ פליג, אַ שפּין. ווער בין איך?** (מאַכט נאָך דער שוחטקע) **אַראָפּ פון זינען,** (נעמט אַרויס אַ שטיקל שפּיגעלע) **זעסט דאָס שפּיגעלע, שפּיגל דיך אָן... מאַדאַם ראָז, זע ווי דו זעסט דאָרט אויס...**

**ש ו ח ט ק ע : דער דיין עליו השלום איז געווען אַ גרויסער למדן...**

**מ ר י מ ל : מיין טאַטע ליגט אין די זאַמדן... דאָרטן וואַקסן מאַן־בלימעלעך און גאָלדענע גלעקלעך, זון בעכערלעך, ווי האָניק כוסעלעך.**

**פּ ר ע ז י ד ע נ ט י ן : המ... המ... המ...** (אַלע הערן זיך צו)

**ש ל ו ם :** (קומט אַריין פון דער לינקער טיר איבערראַשט, קוקט, באַטראַכט די פיגורן)

**מ ר י מ ל : כ׳האָב ליב קליינטשיקע בלימעלעך און פּיטשינקע בלעטעלעך, מיט זיידענע אָדערלעך** (פויזע) **נעמט מיר נישט צו!**

**פּ ר ע ז י ד ע נ ט י ן :** (ריטמיש, קאַלטבלוטיק, מעכאַניש) **וואָס וואָר דען מיט דעם מעדל?**

**ש ו ח ט ק ע : וואָס איר איז געשען...**

**ה י י מ ל אָ ז ע : וויפל די קינדער האָבן אויסגעליטן... מיט זיי איז דער טויט מיטגעגאַנגען אויף יעדן טריט און שריט...**

**פּ ר ע ז י ד ע נ ט י ן : ערצעהלט!** (אַלע געסט חזרן איבער) **ערצעהלט!**

**ה י י מ ל אָ ז ע : צו וואָס? דאָס בלוט וועט אייך פאַרגליווערט ווערן.** (בייז, נישט

געדולדיק) צו וואָס טויגן רייד... צו וואָס דאָס קלאָגן זיך, דערציילן גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט, ווען עס נאָר זיין אַ טראָפּן, אַ שאָטן...

פּרעזידענטין: ערצעהלט...

מרימל: (רעדט געשווינד) פּאַני! פּאַני, איך ווייס אַלץ... (הערט זיך צו, הינטער ז׳ער בינע נישט דייטלעכע שטימען, צוזאַמען ריטמיש, מרימל פאַרהערט, רעדט ווי אַ ווידערקול) פופציק טויזנט, פינף הונדערט, דריי און דרייסיק יתומים... וואַלגערן זיך אַרום... און אַ מיליאָן... מיליאָן... מיליאָסן... ליגן אָן קעפּ... אָן פיס... אָן הענט... טויטע קינדער...

שוהטקע: משוגע, וואָס אין איר שטעקט...

מרימל: וואָס אין מיר שטעקט... שרעקט...

היימלאָזע: וואָס ווייסט איר, געמאַטערט און געברענט אונדז, ווי קין...

מרימל: געהאַנגען דעם אַלעקסאַנדרער רבינס זון...

קינדער: (זאָגן נאָך) דעם רבינס זון...

מרימל: דעם פּלאָצקער רב דערשאָסן...

קינדער: (זאָגן נאָך טראַגיש, דאָך קינדעריש, מיט שרעק און וווּנדער) דעם רב דערשאָסן!

פיגורן: שש... שש... שש...

שוהטקע: שווייגן!... שטיינער זאָלן פאַלן אויף זיי פון הימל!... און פאַרשריבן זאָלן זיי ווערן צום טויט!...

באָבע: שוהטקע, זינדיקע רייד, קללות! מיר זיינען ווערעמלעך נאָר. אפשר וועט נאָך קומען דער טאָג, ווען די רשעים וועלן זיך שלאָגן על חטא...

מרימל: אַ רשע על חטא — וואָס די באָבע רעדט?...

שלום: אַ שלאַנג, אַ מעכטיקע שלאַנג קריכט איבער דער וועלט!

באָבע: אויב דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די שלאַנג, מן הסתם דאַרף זי לעבן.

מרימל: באָבע, ביסט אַ גוטע, ווי דער הימל, (בסוד) מלאכים וואַרטן אויף דיר, גרייט זיך באָבע, זיי גרייט!... (זינגט מיט אַן אומזיניקער רויקייט) אַדורכגעגאַנגען אַלע טויערן, כ׳האָב געהאַט אַ טייערן חלום, כ׳האָב אים אָנגעווווירן... ווו ביסטו שלום...

שוהטקע: שווייג! (באַטראַכט די פיגורן) ווער איז דער... אויף אונדזערע צרות?...

מרימל: ביי משרתים אַ משרת...

שוהטקע: (נייגעריק אין אַ זייט) ווער זיינען זיי?...

מרימל: דער איז אַ לץ... (ווייזט אָן) און די, זיינען קעץ...

שוהטקע: זיי איז וויל אויף דער וועלט... ווייסן נישט... (עמעצער וויינט)

פיגורן: שש... שש... שש... (באַטראַכטן אַלע אַרום)

מרימל: איך ווייס נאָך מער... דעם שמש האָט מען געהאַנגען אויף דער לאַמטער! דו ווילסט ווייסן? דעם טאַטן האָט מען געוואָרפן, געריסן... אין פייער פאַרברענט... (וויינט) זע, ווי ער ליגט... דאָ ליגט ער... (פויזע) גיי אַהין... גראָב די ערד! זע! זע! וואָס עס ווערט...

היימלאָזע: פאַרוואָס פירט מען זי נישט אַרויס?

שלום: רירט זי נישט!

באָבע: טוט איר נישט! אירע טרערן זיינען פערל... אונדזער צירונג... זאָל זי דערציילן...

פ י ג ו ר ן : (קאַלטבלוטיק, מאַריאָנעטיש) מען דאַרף נישט דערציילן, מען דאַרף נישט רעדן... שטיל איז בעסער... מען דאַרף שווייגן...

מ ר י מ ל : אַ גוטע רפואה... גיין צו דער תליה, ביסט אַ ליימענע בריאה... אין די נאַרעס, מיט די ווערעם גאַנצע כמאַרעס?...

ב אָ ב ע : אין וואָס פאַר אַ וועלט לאָזן מיר איבער אונדזערע קינדער? גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב דערבאַרעם דיך!...

ש ל ו ם : קינדער וועלן משפטן אַליין!... אויף וואָס האָבן זיי דאָ געקוקט?

מ ר י מ ל : ווי מען ברענט און ווי מען שטיקט...

פ י ג ו ר ן : (צוזאַמען, ריטמיש) מען דאַרף שווייגן... מען דאַרף נישט שרייען... שטיל... שטיל... שטיל...

מ ר י מ ל : שטיל... שטיל... אַלע יידן נאַקעט געבונדן מיט שטריק, אַלע געפּירט דורך אַ שוואַרצע בריק, אַלע קרובים, זיי ליגן אַלע אָן טליתים, מיין טאַטע ליגט אָן אַ טלית, אָפּגעפּסקנט אַלע שאלות!!

ש ו ח ט ק ע : שוואַרצער שטן הער אויף!... זי דערשלאָגט אונדז מיט די רייד אין גאַנצן.

מ ר י מ ל : באַריניעס, אַזוי פיל גוטע בשורות... גייט אַהיים טאַנצן! פאַרברענט צוויי הונדערט פּופּציק שטעט! לאָמיר טרינקען ווײַן און מעד!...

פ י ג ו ר ן : שטיל!... שטיל!... שטיל!... (שטייען די גאַנצע צייט אומבאַוועגלעך, הערן)

מ ר י מ ל: שוחטס ווייב! ווו איז דער בורא?<br>
מען דאַרף אים רופן צו אַ דין־תורה! (פּויזע)<br>
און ווו זיינען די עדות?<br>
אונדזערע טאַטעס! אונדזערע זיידעס!...<br>
(שטאַרק) ווו זיינען די עדות?!...

(עס טונקלט די ליכט, שטילע מוזיק ווערט פאַרוואַנדלט לאַנגזאַם אין אַ ריטם פון וואַלצער, אונטער וועלכער די מאַריאָנעטן־פיגורן, פאַרשווינדן פאַמעלעך טאַנצנדיק אויף די טרעפּ, שוועבנדיק ווי געשפּענסטער. אַלע קוקן און שווייגן.)

**פ אָ ר ה אַ נ ג**

---

## י. ל. פרץ מאָנט זיין טעאַטער



מיר זענען אַלע געווען יונג. אָבער י. ל. פרץ איז געווען יונגער פון אונדז אַלע; יונג מיט זיין גלויבן און מיט זיין אומדערמידלעכן בויען דעם הויכן טורעם פון יידישער שיינקייט.

שוין אין מיינע פריסטע יאָרן האָט דער נאָמען פרץ פאַר מיר געקלונגען ווי אַ לעגענדע און אויך די ווייטערדיקע יאָרן, ביז זיין ענדע, זענען פאַרבליבן אין מיין זכרון ווי אַ וווּנדערבאַרער חלום, ווי די שענסטע מתנה וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַקומען.

עס איז מיר נאָך אַלץ שווער צו שרייבן, רעדן און דערציילן וועגן פּרצן, פון וועלכן איך האָב אַזויפיל געלערנט און זיינע ווערק געשפּילט. פּרצעס בילד איז פאַר מיר פאַרבליבן ווי געוועבט פון שטראַלן, און עס איז נישט מעגלעך וועגן אים צו רעדן מיט וואָכעדיקע, קאַלטע ווערטער. איך וואָלט געוואָלט אים קענען אויס־מאָלן כּאָטש מיט אַ פּאָר פאַרבן און שטריכן.

דאָס ערשטע אינם פּרץ־געשטאַלט פון וועלכן מען איז גלייך ווי געפאַנגען געוואָרן, זענען געווען די פּרץ־אויגן: גרויסע, גרין־שטראַלנדיקע, אונטער געדיכטע למדנישע ברעמען. אַ קלוגער, יוגנטלעכער שטערן, אונטער אַ זילבערנער קרוין פון לעבעדיקע האָר. אַ קלאַסיש־געשניצט פּנים מיט שטאָלצע, פּריצישע שטריכן. דאָס גאַנצע פּריצישע געשטאַלט האָט געהאַט אין זיך דעם אומרו וואָס האָט מיך דערמאָנט אָן אַ לייב.

זיין שטאַרקע, ווי קנאַלנדיקע שטים און זיין דייטלעך־אויסגעהאַמערטע שפּראַך, האָט געקלונגען ווי מעטאַל.

הערנדיק זיינע שטורמישע רעדעס, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק ווי עס וואָלט געשאַלט. ער האָט טיילמאָל אויסגעזען ווי אַ צעפּלאַמטער בויב...

דער סטיל פון זיין רעדן, די פראַזן, אָפּגעהאַקטע, קאַרגע; אָבער דער מיין איז געווען שטענדיק קלאָר און דייטלעך, דער זאַץ פעסט און דינאַמיש.

די רויקע, לירישע מאָמענטן ביי פּרצן האָבן זיך באַמערקט נאָר דעמאָלט, ווען ער איז געווען פון עפּעס באַזונדערס גערירט.

פּרץ האָט זעלטן געלאַכט, אָבער געשמייכלט האָט ער אָפט; און זיין שמייכל האָט שטענדיק עפּעס אויסגעדריקט.

* * *

איך האָב פּרצן געזען, איך האָב פּרצן געהערט, געהערט זיין קול און זיין וואָרט, וואָס איז פאַרבליבן פאַר מיר ווי די שענסטע צירונג וואָס איך טראָג מיט שטאָלץ. פּרץ פלעגט אָפט פאַר אונדז, יונגע קינסטלער און נאָענטע פריינט, לייענען פראַגמענטן פון זיינע ווערק. געלייענט האָט פּרץ און אינטערפּרעטירט זיינע זאַכן, שאַפנדיק זיין אייגענעם טעאַטראַלן נוסח.

פּרץ האָט געלייענט זיין „גאָלדענע קייט״ אומפאַרגעסלעך. מיר בינע־קינסטלער, דערצויגענע אויף דעם ערנסטן, פּוילישן טעאַטער, זענען געבליבן ווי פאַרכישופט פון זיין פּאַטאָס און קראַפט.

שווער זיך פאָרצושטעלן פּרצעס פייער און באַגייסטערונג, ווען ער האָט אונדז דערקלערט זיינע דראַמאַטישע געשטאַלטן, זיין טעאַטער־וויזיע; ווען ער האָט געוואָלט אונדז אַריינפירן אין די טיפענישן פון זיינע סימבאָלן.

ווען פּרץ האָט מיר דערקלערט מיינע ראָלן פון זיינע ווערק, האָט ער מיך געלערנט אויפנעמען און פאַרשטיין די סודות פון זיין קינסטלערישן זען. פּרץ האָט געוואָלט, אַז דאָס וואָרט אין טעאַטער זאָל זיין געשליפן, נאַטירלעך; דער טאָן זאָל האָבן אַ קאָליר און אַ ריטם. די יידישע שפּראַך זאָל ווערן אויסגעזונגען. ער האָט געוואָלט נייע אַקאָרדן.

אויף די טעאַטער־פּראָבן האָט אונדז פּרץ באַוואָרפן מיט צענדליקער בליציקע געדאַנקען און אייגענע, פאַר אונדז נייע אַנטפּלעקונגען.

אין זיינע פאָלקסטימלעכע טיפּן אויף דער בינע האָט פּרץ געזוכט פּשוטקייט, און דעם רייץ פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, דעמאָלט ווען אין זיינע מיסטישע,

סימבאָלישע געשטאַלטן האָט ער דורכויס געוואָלט עפּעס אַנדערש: די מאָדערנע אויפפאַסונג, סטיליזירט און דערביי טיף יידיש.

פּרץ האָט ווי מיט ליכט, געזוכט יונגע מענטשן מיט טעאַטער־בילדונג, ווייל פּ־אָפעסיאָנעלע שוישפּילער — פלעגט ער זאָגן — זענען שוין ווי פאַרסמט פון דער שלעכטער רוטין.

טאַלענט און תמימות איז געווען דער שליסל צו פּרצעס צוטרוי.

י. ל. פּרץ האָט אפשר נישט פאַרמאָגט קיין טעאָרעטישע טעאַטער־ערודיציע, ער האָט אָבער פאַרמאָגט דאָס, וואָס נישט יעדער געניטער טעאַטער־רעזשיסאָר וואָלט געווען בכוח אַריינצוטראָגן; די פּרץ־פליגל, זיין ווייט־זעעוודיקער קינסט־לערישער בליק, זיין הויכע מדרגה, די יום־טובדיקע אַטמאָספער, וואָס האָט אונדז פאַרטראָגן אין אַ דערהויבענער וועלט.

פּרץ האָט פון אונדז געפאָדערט אַ פאַנאַטישע ליבע צו יידישער פאָלקס־שיינקייט, צו דעם אינדיווידועלן יידישן גייסט און סטיל, וואָס איז פאַר מיר נאָך געווען ניי. ער האָט געחלומט זיינע ווערק צו זען אין טעאַטער, גלויבנדיק אַז דאָס וואָרט פון דער בינע, דערגרייכט ברייטער און שטאַרקער צום פאָלק.

לויט פּרצעס ערנסטער באַציונג צום בינע־קינסטלער, איז געוואָרן פאַר אונדז קלאָר, אַז די שליחות פון דעם איבערגעבער איז אפשר נישט קלענער, ווי די שליחות פון דעם דראַמאַטורג, וואָס שיקט דורך אים זיין וואָרט.

פּרץ האָט מיר געשאָנקען אַ סך פון זיין צייט און קינסטלערישער מי, האַלטנדיק, אַז איך בין די, וועלכע וועט פעיק זיין צו שאַפן און פאַרקערפּערן זיינע סצענישע פּרויען־געשטאַלטן. ער האָט נישט איינמאָל, אייגנהענטיק אויסגעשריבן פאַר מיר די ראָלן, מיט זיינע אייגנאַרטיקע, אויסגעזוכטע אָנווייזונגען.

שפּעטער ווען איך בין עלטער און רייפער געוואָרן, האָב איך מיך אַריינגעקוקט און אַריינגעטראַכט, אין יעדן זיין אות, אין יעדן וואָרט. און אַלץ מער פאַרשטאַנען פּרצעס קינסטלערישע צילן.

ער האָט געזוכט דעם טעאַטראַלן איבערגעבן דעם ריכטיקן אויסדרוק און די געהעריקע באַוועגונג. ער האָט געוואָלט אַריינברענגען אינם יידישן טעאַטער, עסטעטיק, איידלקייט, דינקייט און אינערלעכקייט.

דאָס אַלץ האָט ער נישט געקאָנט געפינען אינם דעמאָלטיקן נאָך רויען, פאַר־וואָרלאָזטן יידישן טעאַטער.

איך האָב אַממייסטן פאַרברענגט צווישן מאָלער און שרייבער, מיין גאַנצע וועלט איז געווען קונסט און טעאַטער. איך האָב שוין דעמאָלט געקענט די דראַ־מאַטורגישע וועלט־ליטעראַטור. אָבער פּרצעס דראַמאַטישע פּאָעמען, האָבן אויפ־געוועקט אין מיר די אייביקע פונקען, וואָס האָבן געגליט אין מיין וועזן. פאַרבליבן פון מיין אַלטן דור, פון מיין פרומער היים און מיין גאַנצן שטאַם. איך האָב מיט מיין אינטואיציע דערזען אין פּרצ׳ס סימבאָלישע ווערק די געניאַלע אָפּשפּיגלונג פון אונדזערע גרויסע יידישע ווערטן. און איך געדענק, ווי אַ באַגייסטערטע פון פּרצעס ווערק, האָב איך פּשוט געליטן, הערנדיק די אָפּשאַצונגען פון דעם אַרום.

טייל יידישע קריטיקער האָבן געהאַלטן פּרצעס דראַמאַטישע ווערק פאַר נישט גענוג כצענישע, נישט גענוג טעאַטראַלע און נישט דערזאָגטע. נאָכמער האָבן פּרצן קריטיקירט די אַלטע, פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן. זיי איז נישט געווען

פאַרשטענדלעך פּרצעס „פינטעלעך", די פּויזעס אין די דיאַלאָגן. פאַר זיי איז געווען פרעמד דאָס אַלעגאָריש־סימבאָלישע און מיסטישע. פרעמד די שטילע, דיסקרעטע איבערלעבונג אויף דער בינע.

זיי האָבן נאָך נישט געהאַט די קינסטלערישע מיטלען דאָס אַרויסצוברענגען.

איך געדענק אַן אָוונט, ווען איך בין מיט פּרצן און זיין פרוי געווען אין יידישן טעאַטער, ווו עס איז געשפּילט געוואָרן פּרצעס איינאַקטער: „עס ברענט".

מיר זענען געזעסן אין טעאַטער פאַרשווייגענע און פאַרצערטע. מען האָט פּשוט נישט געקאָנט פּרצעס איינאַקטער דערקענען. עס האָט זיך געוואָלט לאַכן; אָבער נאָך מער וויינען.

איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט פּיינלעכע שעהן, זעענדיק פּרצן צום ערשטן מאָל אַזוי דערשלאָגן. מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס טעאַטער אָן ווערטער. פּרץ אַן אײַסגעלאָשענער און פאַרשעמטער האָט ביים געזעגענען זיך, מיט אַ מאַטער שטים געזאָגט:

— קיין איין מאָמענט... קיין איין וואָרט איז נישט געזאָגט געוואָרן ווי מען דאַרף... מיר האָבן נישט קיין טעאַטער...

* * *

צו די טעאַטער־פּראָבן מיט דוד הערמאַן, ווו מען האָט געגרייט פּרצעס איינ־אַקטער „פרימאָרגן" איז כמעט שטענדיק י. ל. פּרץ אָנוועזנד געווען. פּרץ איז געווען זייער עמפּינדלעך אויף יעדן טאָן, יעדן ניואַנס. צוליב אַ פאַלשן טאָן זענען אָפּט אויף די פּראָבן פאָרגעקומען „דראַמעס" אין די דראַמען. אין אַ מאָמענט ווען דער אַלטער זיידע פון „פרימאָרגן" דערציילט דעם אייניקל רבקה, אַז דעם גבירס זון האָט היינט חתונה, דאַרף דאָס מיידל אָוועקפאַלן אין חלשות. די יינגערע שוועסטער לאה, די גייסטיק־שוואַכע רעדט צו רבקה'ן, בעט איר זי זאָל עפענען די אויגן, אויב נישט וועט מען זי באַגראָבן. רבקה דאַרף ענטפערן: — „מען האָט מיך שוין באַגראָבן"...

צוליב דעם איינעם וואָרט: „באַגראָבן" האָט זיך געטאָן חושך, ווייל קיין איינע פון די יונגע שילערינס האָט נישט געקאָנט דעם מאָמענט ווי געהעריק איבערגעבן און דאָס וואָרט אויסשפּילן.

אויף דער צווייטער פּראָבע איז ביי דעם אומגליקלעכן וואָרט „באַגראָבן" פּרץ צוגעלאָפן צו איר און אויסגעשריגן:

— שטעלט אייך פאָר... אַז אייער אייגענער חתן... וועלכן איר האָט ליב... פאַרלאָזט אייך... און האָט חתונה מיט אַן אַנדערער... וואָס וואָלט איר געפילט?... ווי אַזוי וואָלט איר דעמאָלט גערעדט?

דאָס מיידל האָט אַ פאַרציטערטע אַרויסגעשטאַמלט:

— הער פּרץ... רעדט נישט אַזוי... איר קאָנט אַרויסזאָגן... חלילה... אין אַ שלעכטער שעה...

— אַט אַזוי!... ווי איר האָט עס איצט געזאָגט... דאַרף מען רעדן און שפּילן...

— האָט פּרץ פעסט און האַסטיק אַ זאָג געטאָן, און האַרציק זיך צעלאַכט.

* * *

קיינער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די ביטערע אַנטוישונג, וואָס י. ל. פּרץ האָט איבערגעלעבט אין זיין לאַנגיאָריקער אַרבעט פאַר אַ יידיש קינסטלעריש

טעאַטער. אָט דער קאַמף פֿאַר אַ טעאַטער איז געווען דער טראַגישער מאָטיוו פֿון זיין לעבן. ער האָט אַ סך געשריבן פֿאַר דער בינע, און געוואָלט אַ טעאַטער אין וועלכן עס זאָלן געשפּילט ווערן זיינע ווערק, ווי אויך די ווערק פֿון אַנדערע.

פּרץ איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַזאַ טעאַטער שאַפֿן, און האָט אַלע אַרום זיך אינספּירירט און באַגייסטערט פֿאַר דער אידעע.

עס איז געווען אַ צייט ווען מיט פּרצעס איניציאַטיוו, האָט זיך געגרינדעט אַ טעאַטער־געזעלשאַפֿט פֿון אָנגעזעענע שרייבער און טוער, צווישן וועלכע עס זענען געווען: ש. אַש, ש. אַנ־סקי, אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג, יעקב דינעזאָן, א. ווייטער, ד״ר מוקדוני און אַנדערע.

עס זענען אויך געווען אַ סך יחוסדיקע נעמען פֿון די וואַרשעווער יידישע מעצענאַטן און כלל־טוער.

פּרץ אַליין איז געפֿאָרן קיין פּעטערבורג, צו באַקומען דעם גרויסן פֿאָנד פֿון די פּעטערבורגער יידישע מאַגנאַטן. שלום אַש איז צוליב דעם צוועק געפֿאָרן קיין ריגע, אויך דער נאָבעלער, איבערגעגעבענער פּרצן מיט האַרץ און נשמה, דראַמאַטורג א. ווייטער איז אַ צייט לאַנג אַרומגעפֿאָרן און געזאַמלט מיטלען פֿאַר דער טעאַטער־געזעלשאַפֿט.

ליידער האָט פּרצעס פּלאַן אויך דאָס מאָל זיך געמוזט לעשן פֿון דעם קאַלטן ווינט וואָס האָט געבלאָזן פֿון די אַסימילירטע יידיש־רוסישע באַראָנען. אויך דאָס מאָל איז פּרצעס חלום נישט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.

* * *

אָבער י. ל. פּרץ האָט נישט פֿאַרלוירן זיינע האָפֿענונגען צו שאַפֿן זיין אויס־געחלומט ווערק, דאָס טעאַטער.

נאָך אַ צייט האָט פּרץ ווידער געהאַט נייע טעאַטער־פּלענער וועגן וועלכע ער האָט מיר פֿיל דערציילט, און גערעדט מיט אַ נייעם כּוח און ברען. ווידער האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט טעאַטער־טרוימער און קינסטלער. ווידער איז פּרצעס שטוב פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאַטער־סטודיאָ.

דעם טיש האָט פּרץ באַצייכנט ווי אַ בינע, זיין שרייב־טיש ווי די קוליסן, די טיר פֿון זיין זון לוציאַנס צימער ווי דעם הינטערגרונט אָדער דעם פּאַליש פֿון דער שול. גאַנצע שעהן פֿלעגט מיר פּרץ אויפֿקלערן און אָנווייזן ווי ער שטעלט זיך פֿאָר די אויפֿפֿירונג.

דער קינדעריש־שמייכלענדיקער אַלטער פּרץ־פֿריינט יעקב דינעזאָן, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און געמאַכט פֿאַר פּרצן פּאַפּיראָסן, איז טיילמאָל אין אַזאַ מאָמענט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ העלד פֿון פּרצעס פּיעסע אָדער אין אַ דעקאָ־ראַציע. פּרצעס פֿרוי, מאַדאַם העלענאַ, איז אָפֿט אַריינגעקומען מיט אַ גוטער בשורה, אַז זי האָט געפֿונען עפּעס, אַן אַלט טערקיש טוך, וואָס וועט גוט פּאַסן פֿאַר דער „מומע״ פֿון „נאָך קבורה״ אָדער פֿאַר אַן אַנדערן טיפּ, דאָ ווייטער האָט זי געפֿונען אַן אַנדער רעקוויזיט נאָך פֿון „זאַמאָשטשער בוידעם״.

מען האָט נישט אויפֿגעהערט צו קלינגען ביי דער טיר. יעדעס מאָל איז דער אַלטער דינעזאָן, אָדער פּרץ אַליין געלאָפֿן עפֿענען מיט זיין יוגנטלעכן שפּאַן. אָט איז געקומען דער, אָדער יענער מאָלער מיט אַן אויפֿגעצייכנטן פּראָיעקט פֿון אַ דעקאָראַציע, מען רעדט, מען באַטראַכט, פּרץ איז אַנטציקט:

— דאָס האָב איך געוואָלט... — קנאַקט זיין שטים. ער גייט פעסט איבער דער שטוב, צופט דאָס גאָלדענע קייטל ביים זייגער. דאָס גאַנצע הויז ווערט אָנגעפילט מיט טעאַטער־לופט. כ׳מיין אַז איך בין די גליקלעכסטע אויף דער וועלט. נישט מיינע פּראָפעסאָרן אין דער דראַמאַטישער שול, נישט מיינע רעזשיסאָרן אויף דער פּוילישער בינע האָבן מיר נישט געקאָנט געבן אַזאַ שעפערישע התלהבות.

מען קלינגט ווידער, ס׳קומט דער רעזשיסאָר דוד הערמאַן, דער גרויסער פּרץ־חסיד, ער ברענגט צו פירן אַ נייע אַרטיסטישע „קראַפט”, אַ שילער פון דער פּוילישער דראַמאַטישער שול. פּרצן גלאַנצן אויף די אויגן, אפשר וועט דער אויפלייכטן אויפן יידישן טעאַטער־הימל, אפשר וועט דער זיין דער אויסלייזער פון דעם טעאַטער־גלות.

— יונגערמאַן... זאָגט פּרץ — איר זענט יונג... די וועלט איז אייערע... זאָגט עפּעס... וואָס קענט איר...

דער יונגערמאַן האָט בשום אופן נישט אויסגעזען ווי אַן אַרטיסט, ער האָט גיכער אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ רבי.

עס ווערט שטיל, מען וואַרט, דער יונגערמאַן זאָגט נישט דרייסט:

— כ׳קאָן זאָגן „קעניג ליר”...

— וואָס נאָך... — פרעגט פּרץ.

— ר׳ שלמה פון דער „גאָלדענער קייט”...

און דער יונגערמאַן הויבט אָן ברומען מיט זיין נידעריקן באַס.

זיין „קעניג ליר” איז דווקא געווען יידיש. דערפאַר אָבער איז ר׳ שלמה פון דער „גאָלדענער קייט” געווען דווקא גוייש.

— יידיש... מער יידיש... — האָט פּרץ געשריגן — ס׳איז גוייש... נישט יידיש...

דאָך איז פּרץ געווען אויפגעלעבט און צופרידן, ווייל ער האָט אין אים דערזען אַ טעאַטער־טאַלאַנט.

אינם לעצטן יאָר פון זיין לעבן האָט פּרץ מיר פאַרטרויט, אַז ער וויל עטלעכע פון זיינע חסידישע און פאָלקסטימלעכע געשיכטן איבעראַרבעטן אין אַ דראַמאַטישער פאָרם, ליידער האָט ער דאָס שוין נישט באַוויזן.

* * *

די מלחמה און באַזונדערס די יידישע פּיין, האָבן צוגענומען זיין צייט, זיין האַרץ און גיך אויך — זיין לעבן.

איך האָב אין די טעג פּרצן געזען אַ נידערגעשלאָגענעם, אַ פאַרצווייפלטן פון דעם גרויסן יידישן אומגליק. ער האָט נישט געהאַט קיין כוח איבערצוטראָגן, אַממיינסטן דעם עלנט פונעם יידישן קינד.

* * *

ער האָט שוין נישט גערעדט וועגן טעאַטער, אַ ניין.

ער האָט נאָר געטראַכט און גערעדט וועגן די היימלאָזע, געפּלאָגטע קינדער, ווי אַזוי זיי צו העלפן.

היינט, נאָך גאַנצע פערציק יאָר, שטייען מיר ווידער פאַר דעם לײדיקן אָרט, אין דער אייגענער אַרומיקער גלייכגילטיקייט, פאַר דעם אייגענעם יידישן טעאַטער־דלות, וועלכער האָט פּרצן דאָס גאַנצע לעבן פאַרפאָלגט.

געציילטע זענען פאַרבליבן פון די פאַרשווונדענע, צו בויען אַ יידיש טעאַטער, אין פּרץ־גייסט.

עס איז אַוועק דער פאַרליבטער אין פּרצעס וואָרט, זיין טיפער אויסטייטשער דוד הערמאַן. עס זענען אַוועק אַנדערע שטילע, גלויביקע ריטער, וואָס זייערע נעמען האָבן קיינמאָל ניט דורכגעקלונגען.

אויך מיינע פּרוּוון פאַר די אַלע יאָרן, אין פאַרשידענע צייטן, אין פאַרשידענע פאַזן, און אין פאַרשידענע פאָרמען, האָבן דערפירט צו מיין ציל און מיין קינסט־לערישן חוב פּרצן.

פּרצעס סימבאָלישע דראַמען און זיינע קאָמעראָלע איינאַקטערס, זענען פון צייט־צו־צייט אויפגעפירט געוואָרן אין פוילן, דורך אונדזערע באַוווסטע און בעסטע מאָדערנע רעזשיסערן ווי זיגמונט טורקאָוו, יאָנאָס טורקאָוו, אויך די באַרימטע ווילנער טרופּע, און אַפילו דאָס קליין־קונסט־טעאַטער „אַזאַזעל״ האָט געאָטעמט מיט דעם קולט פאַר פּרצעס סצענישן וואָרט.

אויך איינער פון די אמתע מייסטער און טרעגער פון יידישן שאַפן, הערץ גראָסבאַרד, זינגט אויס דעם פּרץ־ניגון איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, ביז היינט. אָבער בויען אַן אייביקן, יידישן, קינסטלערישן פּרץ־טעאַטער, וואָלט געקאָנט נאָר דאָס געוויסן, און דער מעכטיקער ווילן פונם גאַנצן פאָלק.

פּרצעס תּלמידים און טרייע פאַרערער גייען שוין אויך אַוועק אין דעם ווייטן וועג צו אים. און וועט אונדז פּרץ פרעגן דאָרט, צי האָבן מיר פאַר דער לאַנגער צייט אויפגעשטעלט אַ ווירדיק יידיש טעאַטער, וועלן מיר אַראָפּלאָזן די קעפּ, און שווייגן.

ווייל קיין ענטפער דערויף וועלן מיר נישט געפינען.

1954

פון די ביכער: מרימל — דראַמאַטישער ציקל אין פופצן בילדער און אַלמאַנאַך, פאַריז 1959 און 1955.

# שלום אַש

## וואַרשע — 1914



איבער די וואַרשעווער גאַסן ציען זיך טרויעריקע רייען פון מענטשן. די מאַניפעסטאַציע פון קריג. עס גייען יידן אין אָפּגעריסענע בגדים, מיט די שבת־היטלעך אויף די קעפּ און האַלטן אויף די פּלייצעס און אין די הענט פּעקלעך. דאָס באַקאַנטע בעטגעוואַנט־פּאַק איינגעבונדן אין ליילעכער. דאָ האָט זיך איינער פאַרגעסן און טראָגט אין זיין פּאַק זיין שבת־מלבוש און דער יידענעס זיידענע קלייד, און פון פּאַק קוקט אַרויס דאָס נייע שייטל. אַן אַנדערער ייד האַלט אין דער האַנט צוויי שבת־לייכטערלעך, זילבערנע, מיט אַ מחזור אונטערן אָרעם — דאָס האָט ער געמיינט איז דאָס גרויסע פאַרמעגנס, וואָס ער קען אַרויסראַטעווען פון שטוב ווען מען פאַריאָגט אים. די עלטערע יינגלעך גייען ביי די טאַטעס. אַ טייל פון זיי העלפן מיט טראָגן פּעקלעך: אַ בינטל לעדער פון קרעמל אַרויסגענומען, אַ צוויי שטיקלעך סחורה, אָבער די מערסטע פון זיי טראָגן די גרויסע גמרות, מדרשים, חומשים, וואָס זיי האָבן פון טאַטנס ספרים־שראַנק אַרויסגענומען, ווען דער באַפעל איז געגעבן געוואָרן אין צוויי שעה דאָס שטעטל צו פאַרלאָזן און פון אייליעניש האָט מען נישט געוווסט וואָס צו כאַפּן. די יינגערע קינדער גייען מיט די מאַמעס, האַלטן

---

שלום אַש איז געבוירן געוואָרן אין קוטנע אין יאָר 1880. דעביוטירט אין יאָר 1900 און אין זעלבן יאָר דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין וואַרשע. י. ל. פּרץ האָט דער ערשטער אַש׳ס גרויסן טאַלענט אַנטדעקט. נאָך פּרצ׳ס טויט אין יאָר 1915 איז אַש, ביז זיין אייגענער פּטירה אין יאָר 1957 — געווען דער געקרוינטער פון דער ליטעראַטור אין יידיש. אַזוי ביי זיין פאָלק און אַזוי ביי דער וועלט. צענדלינקער ראָמאַנען, צענדלינקער דראַמעס, הונדערטער דערציילונגען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין צייטונגען, צייטשריפטן און אַ דריי טוץ ביכער. צענדלינקער ווערק זיינע זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין מערערע לשונות — בעיקר ענגליש, עברית, שפּאַניש, פראַנצויזיש, רוסיש. אַש האָט מיט קליינע איבעררייסן געוווינט אין וואַרשע ביז דעם יאָר 1914 — און ווידער אין די יאָרן 1924־1926. ער האָט אָפט געביטן די ווינטער — פּאַריז, ניו יאָרק, לאָס אַנדזשעלעס, לאָנדאָן, תל אביב. געשטאָרבן איז ער אין לאָנדאָן. כאָטש טיף געבונדן מיט יידיש־פּוילן בכלל און יידיש־וואַרשע בפרט, און כאָטש איינס פון זיינע הויפּטווערק רופט זיך „וואַרשע" — איז די וואַרשעווער לאַנדשאַפט און פאָלקשאַפט נישט אַ צו אָפטער גאַסט אין די — מסתמא צענטויזנט בוך־דיטן פון זיינע ווערק. ער האָט זיך — אַלס וואָרט־מייסטער — פריי באַוועגט אין אַלע צייטן און וויטן פון אייביקן יידישן וועלט־פאָלק.

זיך אָן ביי די שערצן, אָדער זיי העלפן די מאַמעס טראָגן די זויגנדיקע. נאָר אַם מערסטן זיינען ענערגיש די מיידלעך. די צען־יעריקע און די אַכט־יעריקע און אפילו די זיבן־יעריקע. זיי זיינען די מוטערס פון די קליינטשיקע זויגנדיקע, האַלטן זיי אױ־בערן גאַנצן וועג און שטילן איין זייער געוויין מיט יידישע לידלעך, וואָס זיי זינגען זיי איבערן וועג.

צווישן די ווייבער און די קינדער גייט אויך חיים פישער. דאָס איז אַן אַלטער, אויסגעהאָרעוועטער ייד, מיט אַן אָפּגעבערענט פנים און קודלעוואַטע האָר און פאות. ער טראָגט אויף זיינע הענט, ווי די ווייבער, אַ קינד, און אַ ספר־תורה אין אַ טלית איינגעוויקלט. דאָס קינד איז אַ פרעמדער יתום, און דאָס ספר־תורה האָט ער גע־לאָזט שרייבן פאַר די „חברה־תהילים", האַלט ער עס ווי אַן אייגן קינד, ווארעם אייגענע האָט ער נישט. האָט ער נישט געוואָלט, ווי די אַנדערע, אַרויפלייגן אויפן וואָגן, נאָר מיט די ווייבער, וואָס טראָגן זייערע קינדער, אויף די הענט ווי אַ קינד געטראָגן.

און די יידן פרעגן אים: „חיים, וואָס מאַכט דיין קינד?" קושט ער דאָס ספר־תורהלע און זאָגט: „עס מאַכט גוט".

צווישן דער עדה, פון פאַרנט פון וואָגן, גייט דער רב פון שטעטל, מיטן דיין, מיטן חזן־שוחט. דער רב גייט אָנגעטאָן ווי אַ פּראָסטער ייד, אין אַ פויערשן פּעלצל. זיין איינציקן אויבער־מלבוש האָט ער אויסגעטאָן און צוגעדינט דערמיט די ספרי־תורות אויפן וואָגן. און אַזוי ווי עס האָט געשנייט און געגעבן אויף דעם לאַנגען וועג, פון וואַנען זיי גייען פון זייער שטעטל, האָט אים דער קצב ר' משה נישט אָפּ־געלאָזט, אַז ער זאָל אָנטאָן זיין פּעלץ. די פאות ציטערן ביים רב, און די שרעקנדיקע יידישע אויגן קוקן אַרויס פון איידעלן געזיכט און פרעגן די ליכטיקע שיין: „פאַר־וואָס?". מיט דרך־ארץ און הילף קוקן אויפן רב די עדה יידן, ווילן הערן עפּעס פון אים, אַז ער זאָל זיי זאָגן: „פאַרוואָס" און „ווי לאַנג?" און דער רב שווייגט.

דער ערשטער לויפט צו צו רב זלמנען דער מעקלער, וואָס איז באַקאַנט פאַר דעם גרעסטן חוצפּהניק אין דער שטאָט. האָט ער זיך דאָ אויך נישט פאַרגעסן און שרייט צום רב:

— רבי, צום ערשטן ברויט פאַר די קינדער!

און דער רב ענטפערט אים מיט אַ גוטן שמייכל:

— וואָס איז שייך, מיר קומען דאָך צו יידן.

נאָכן רב, צווישן דער עדה, גייט דער וואָגן פּאַמעלעך, ווי דער ארון וואָס יידן האָבן געפירט אין זייער וועג פון דער מדבר. אַרום דעם וואָגן גייען די שיינע בעלי־בתים פון דעם שטעטל, העלפן מיט אַ האַנט אונטערשטופּן אַ ראָד, ווארעם נאַטע בעל־עגלהס „יידישע" פערד, דאָס איינציקע פערד, וואָס מען האָט געלאָזט יידן פון שטאָט אַרויספירן איז מיד געוואָרן פון וועג. ווארעם דער וואָגן איז אָנגעלאָדן מיט הייליקייט, אויף אים זיינען אָנגעפּאַקט די ספרי־תורות פון אַלע שולן, בתי־מדרשים, חב־רות, חסידים־שטיבלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל, איבערגעדעקט מיט טליתים מיט עטרות.

צווישן די ספרי־תורות אין אַ ווינקל פון וואָגן געפינען זיך אויך די צוויי עופה־לעך מתים, די צוויי קליינע יידישע קינדער, וועלכע זיינען אויסגעאַנגען אויף דעם לאַנגן וועג, נישט קענענדיק אויסהאַלטן די שנייען און די רעגנס.

הינטער דעם וואָגן גייען נאָך די מוטערס פון די מתים, ווי אבלים נאָך אַ מיטה.

אין אַן אַנדערן עק פון וואָגן, אָפּגערוקט פון די מתים און פון די ספרי־תורות, ליגט ר׳ אהרן משהס כלה־מיידל, פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט אַ טוך, ווארעם צייט עס האָט זיך מיט איר געטראָפן דאָס אומגליק, צייט מען האָט זי געפונען אַ האַלב לעבעדיקע אין שטאַל צווישן די פערד, ווו די קאָזאַקן זיינען איינגעשטאַנען, וויל זי נישט די ליכטיקע שיין זען און האָט פאַרדעקט דאָס פּנים...

ווען מען האָט פּלוצעם געהייסן די יידן דאָס שטעטל פאַרלאָזן, האָבן זיי נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט דעם מיידל, ווארעם ר׳ אהרן משהס כלה־מיידל, צייט עס האָט זיך מיר איר דאָס אומגליק געטראָפן, איז געלעגן אין אַ בעט, פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט אַ טוך, און ניט צוגעלאָזט קיין מענטש צו זיך. איז דער רב אַליין צוגע־גאַנגען און האָט גענומען דאָס מיידל אויף זיינע הענט און האָט זי אַליין אויפן וואָגן געטראָגן, צווישן די ספרי־תורות אַוועקגעלייגט. און אַז די שיינע בעלי־בתים האָבן אָנגעקוקט דעם רב מיט דערשטוינען: „זי מיט די ריינקייטן!" האָט דער רב געזאָגט אין דער שטיל צום דיין: „זי איז מאלה התמימות והקדושות" און זי איז ראוי צו זיין צוזאַמען מיט די ריינקייטן — ווייל זי איז אַ יידישע געפייניקטע...

* * *

די „יערוסאלימסקע אַלעע", די ברייטע שיינע גאַס, ווו עס וווינען די אַריסטאָ־קראַטן פון וואַרשע, אויף וועלכער די טרויעריקע פּראָצעסיע איז אָנגעקומען פון סקערנעוויצער וועג, איז געווען באַלעבט. די גאַנצע שליאַכטע פון די אַרומיקע פּראָ־ווינצן האָט זיך אין דער צייט פון דער מלחמה צוזאַמענגעקליבן קיין וואַרשע און וווינט אין דער פּראָמינענטסטער טייל פון שטאָט.

דער טאָג איז אויך געווען אַ שיינער, אַ פאָר־פרילינג טאָג אין וואַרשע, ווען די זון אויפן הימל איז שוין פּסחדיק אויסגעלויכטן, און די גאַסן זיינען נאָך חמצ׳דיק, פייכטלעך פון דעם צעגאַנגענעם שניי.

אויף די ברייטע טראָטואַרן האָבן שפּאַצירט די עלעגאַנטע שלאַנקע פּוילישע דאַמען און מיידלעך, וואָס האָבן אין דער צייט פון קריג נישט פאַרגעסן זייערע פּי־גורן און געשמאַקפולע טואַלעטן.

דערזעענדיג די טרויעריקע פּראָצעסיע פון די שמוציקע יידן מיט די באַשמאָ־דערטע ווייבער און די שרייענדיקע יידישע קינדער, האָבן זיי געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— די יידן פאַרפּלייצן וואַרשע, די מלחמה וועט אונדז נאָך קאָסטן אַ פופציק טויזנט יידן, וואָס די הויפּט־שטאָט וועט ווערן מיט זיי באַזעצט, און זיי וועלן פאַר־סמען אונדזער לופט ווי די מייז אין אַ מעל־שפּייכלער.

דערווייל האָבן זיך געוויזן אין דער גאַס יידישע בחורים מיט יידישע מיידלעך. טרויעריקע געזיכטער מיט ברענענדיקע אויגן, וואָס מען איז געוווינט געווען צו זען אין וואַרשע אין די צייטן פון דער רעוואָלוציע. די בחורים נעמען שוין די פּעק־לעך פון די יידנ׳ס פּלייצעס. די מיידלעך טראָגן שוין די קליינע קינדער אויף די הענט, נעמען אַרויס פון זייערע טאַשן זעמל, צוקערלעך, צעטיילן די קינדער, און איינער, שוין פאַראויס, רופט: „נאָך מיר, יידן, צו דער יידישער גמינע!"

עס איז שבת. די יידן זיינען אַריינגעקומען אין שבת. דער רב האָט געהייסן מחלל שבת זיין. די יידישע געוועלבער פון גזשיבאָוו זיינען פאַרשלאָסן, און די יידן

מיט די ווייבער, נישט ווי אַמאָל שבת, נאָר אין טרויעריקע וואָכעדיקע מלבושים, דרייען זיך אַרום איבער די טראָטוארן מיט פאַרשמאַכטע ליפּן, צוקנדיקע אויגן און אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ. אויפן גזשיבאָוו, פאַר דער גמינע, איז שוואַרץ פון מענטשן. יידן אין קאַפּאָטעס, ווייבער אין טיכער, קינדער אין שבת־היטלעך, און אַלע טראָגן זיי פּעקלעך אויף די הענט. טעלער איינגעוויקלט אין טיכלעך; דאָ טראָגט אַ ייד אַ שטויס חלות, אַ יינגל שלעפּט אַ גרויסן טאָפּ טשאָלנט. דער ריח פון די געבראָטענע קאַרטאָפל מיט די בעבלעך פאַרשמעקן אין געסל. אַ יידענע שלעפּט אַ זאַק קאַר־טאָפלעס; יידישע בחורים ברענגען אַרויס פון אַ הויף צעהאַקטע ברעטער, איינער האָט נאָך ערגעץ געפונען אַ שטיק קויל, — דאָס האָט די יידישע געמיינדע אין וואַר־שע געבראַכט זייער שבת־עסן די „פּרעמדע". מען טראָגט עס אין הויף צו די אָנגע־לאָפענע יידן.

אויף די טרעפּלעך פון דער גמינע שטייט דער גרויסער יידישער דיכטער י. ל. פּרץ. זיין געדיכטער קאָפּ האָר, וואָס האָט אָנגעהויבן אין דער לעצטער צייט גרוי צו ווערן, איז איצט שיטערער. דער קורצער שטערן האָט זיך פאַרקנייטשט אין גאַנצן, און די טאָרבעלעך מיט די טרערן אונטער זיינע גרויסע אויגן זיינען גע־וואָרן איינגעפאַלן. דער שטרענגער שניט אַרום זיינע פלייִשיקע ליפּן און נאָז איז איצט ווייכער געוואָרן, און אַ שמייכל ציטערט איבער זיין מויל און עס דערמאָנט אָן אַן אַנדער מויל, אָן דעם ליבן מויל פון דעם טייערן פעטער דינעזאָן. דער דיכ־טער איז הייזעריק פון אַרויסגעבן באַפעלן צו די בחורים און מיידלעך, וועלכע ברענגען צוזאַמענצושלעפּן דאָס עסן, וווהין מען זאָל עס טראָגן, וועמען מען זאָל עס צעטיילן.

אין דעם קומט צו לויפן צום דיכטער דער בחור, וואָס האָט אָהער געפירט די טרויעריקע פּראָצעסיע.

— פּרץ, די סאָכאַטשעווער קהילה איז אָנגעקומען.

דער אַלטער גרויסער יידישער דיכטער ווערט לייכט ווי אַ דרייצן־יעריק יינגל, שטופּט אָוועק אַלע פון זיך און מאַכט זיך אַ וועג צווישן די יידן. אין אַ מינוט איז ער שוין ביי דער סאָכאַטשעווער קהילה.

* * *

זאָגט דער דיכטער:

— וועמען האָט איר אויף דער פור?

— ספרי־תורות, טויטע קינדער און אַ געשענדעטע מיידל.

— די ספרי־תורות שטעלט אַריין אין דער גמינע, ווו אַנדערע ספרי־תורות שטייען. די טויטע קינדער דאַרף מען אויפן בית עולם אָפּשיקן, און רופט מיר אַהער דעם דאָקטאָר מיטן קעטשל פון דער גיכער הילף.

די מיידלעך האָבן געוואָלט צוגיין צום וואָגן און אַראָפּנעמען דאָס געשענדעטע כלה־מיידל.

דער אַלטער דיכטער האָט אַ מינוט געקלערט:

— ניין, איר גייט נישט צו, — זאָגט ער צו די מיידלעך — איר זייט מיידלעך, פאַר אייך וועט זי זיך שעמען. אויך נישט איר, דאָקטאָר, איר זייט נאָך אַ יונגער מאַן, פאַר אייך וועט זי זיך אויך שעמען. איך בין שוין אַן אַלטער מאַן, פאַר מיר איז זיך שוין נישטאָ וואָס צו שעמען.

און ער איז צוגעגאַנגען און ווי דער רב פון שטעטל האָט ער גענומען דאָס מיידל אויף זיינע הענט און איבערגעטראָגן אין קעטשל, וואָס האָט זי געפירט אין יידי־שן שפּיטאָל.

— און איצט יידן מיט מיר!

* * *

די ווייבער און די קינדער פון דער שכנהשאַפט, דערהערט אַז די סאָכאַטשעװער עדה איז אָנגעקומען, האָבן געבראַכט צו שלעפּן פון די שטובן אַרויס וואָס האָט נאָר געהאַט אַ חלה, פיש, אַ טשאָלענט, אָדער אַ פּאָר געבראָטענע קאַרטאָפלעס. פון די אַרומיקע שטובן האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן שטרוי, שעניקעס און אָװעקגעזעצט די מידע ווייבער און די שלאָפנדיקע קינדער.

די יינגלעך פון דער גאַס זיינען געקומען צו לויפן, געהאַלטן אין די הענט די שטיקלעך חלה, וואָס די מוטערס האָבן זיי געטיילט, אָװעקגעגעבן די סאָכאַטשעװער יינגלעך, אָנגענומען זיי ביי די הענט און מיטגעשלעפּט אַהיים.

— קום מיט מיר אַהיים, וועסט ביי אונדז וווינען — שרייט אַ צען־יעריק חדר־יינגל צו אַ סאָכאַטשעװער חבר, און שלעפּט אים מיט זיך.

— שלמהלע, וואָס טוסטו? ווו וועסטו אים לייגן? שלאָפסט דאָך אויפן בלויזן שעניק אין דער קיך, צייט די מומע מיט די קינדער וווינען ביי אונדז.

— מיט מיר וועט ער שלאָפן, מאַמעשי. וועסט מיר נישט געבן מער צו עסן ווי דו גיסט מיר; איך וועל מיך שוין מיט אים טיילן — שלעפּט דער וואַרשעװער יינגל דעם סאָכאַטשעװער חבר.

אַז די דערוואַקסענע האָבן געזען וואָס די קליינע טוען, האָט זיך דער רב פון שול אָװעקגעשטעלט ביי איין זייט טיר, דער דיכטער פון דער צווייטער זייט טיר און געזאָגט:

— קיינער גייט נישט פריער אַהיים, ביז די סאָכאַטשעװער קהילה וועט זיין באַזאָרגט.

און טרויעריקע וואַכעדיקע יידן מיט דעם טויט אין די אויגן: וואָס וועט זיין מאָרגן — זיינען אַדורכגעגאַנגען דורך דער טיר, דורך דעם רב און דורך דעם דיכ־טער, און יעדער האָט אַהיים גענומען ווער אַ מוטער מיט קינדער, ווער קינדער אַליין, צו טיילן זיך מיט זיי מיטן לעצטן שטיקל ברויט און מיטן לעצטן שטיקל קישן. און די שול איז געבליבן אַ ליידיקע פאַר אַ נייער עדה יידן.

---

## אַן ערשטער מאַי



עס איז געקומען דער פרילינג, און ווי יעדעס יאָר, צוזאַמען מיטן גרינעם גראָז, מיטן בליען פון די ביימער און מיט די דערלייכטערטע, אויפלייזנדיקע ווינטן, האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון רעוויזיעס און אַרעסטן.

וואַרשע איז געווען אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד. קיינער האָט נישט געוווּסט, צי ער איז זיכער מיט זיין פרייהייט. מען האָט פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג, גע־

מאַכט אַן „אַבלאַווע״ אויף קאַפּע־הייזער. פּאַטרולן האָבן זיך געדרייט אין די גאַסן, אָפּגעשטעלט די דורכגייענדיקע און געפרעגט אויף פּעסער, צוגענומען די מענטשן און געפירט אין צירקל אַריין, אָדער איבערגעפאַלן אין אַ שיינעם העלן טאָג אַ הויז און אַוועקגעפירט די מענטשן אין ראַטהויז.

מען האָט זייער אָפט געזען, ווי פּאַטרולן פירן דורך די גאַסן אַרעסטירטע גרופּעס ציוויל־געקליידטע מענטשן, מענער און פרויען, יידן און קריסטן. ביינאַכט איז גאָר געווען אַ שרעק אַרויסצוגיין אין גאַס. אויף די עקן זיינען געשטאַנען „רעוויראָוועס״ און ציוויל־געקליידעטע שפּיצלען, און מען האָט יעדן פאַרבייגייער אָפּגעשטעלט און אַוועקגעפירט. עס איז געווען אַן אימה צו שלאָפן אין די אייגענע היימען. יעדע פאַרדעכטיקע שטוב האָט מען ביינאַכט אויפגעוועקט דורך אַ שטאַרקן קלימפּערן אין טיר־גלאָק מיט דעם באַקאַנטן שפּרוך: אַ „טעלעגראַם!״ מ׳האָט שוין געוווּסט, וואָס דאָס מיינט.

דורך די שטילע, אויסגעשטאָרבענע גאַסן האָט זיך געהערט אַן איינזאַם רעשן פון דראָזשקע־רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק. דאָס האָט מען געפירט, צווישן אויפגעשטעלטע זעלנערישע ביקסן, אַרעסטירטע איינוואוינער, צוגענומענע פון די בעטן.

ביי די הורוויצעס האָט מען זיך געריכט יעדע נאַכט, ווי אין יעדן פאַרדעכטיקן הויז, אויף אַ רעוויזיע. רחל־לאה, וועלכע איז שוין געווען אַ געפּרוווטע, האָט געמאַכט אַ „בדיקת חמץ״ און איבערגעקערט די קעשענעס פון איר יינגל, דעם גימנאַזיסט, יעדן אָוונט, איידער זי האָט זיך שלאָפן געלייגט. נישט איינמאָל האָט זיך די מאַמע אויף עפּעס־וואָס געריכט. נאָר אַזוי ווי מען וואָלט רחל־לאהן פאַרגעסן. ביי אַלע באַקאַנטע האָט מען שוין געמאַכט נאַכט־וויזיטן, רחל־לאהן האָט מען אויסגעמיטן, אַזוי ווי מען וואָלט זי געוואָלט פאַרשעמען.

— עפּעס האָבן זיי היי־יאָר אָן אונדז פאַרגעסן, — זאָגט דער לערער אַמאָל צו זיין משפחה ביים טיש, — ביי באַקאַנטע זיינען זיי שוין געווען.

— עס געפעלט מיר נישט זייער שטיל־שוויגן — האָט דאָס ווייב אין נאָכדענקען געענטפערט.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער ערשטער מאַי, און די גאַנצע פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. פון דער אַרומיקער געגנט האָט מען אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן מיליטער אַרום דער שטאָט, און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער שרעקלעכער וואָלינער פּאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מערדערישער אכזריות קעגן דער באַפעלקערונג, האָט באַקומען טאָפּלטע אַמוניציע, מיטן באַפעל צו שיסן אין דער באַפעלקערונג, ביים קלענסטן ווידערשטאַנד. דאָך האָט דאָס נישט אָפּגעשראָקן די מאַניפעסטאַנטן. פאַרקערט, עס איז געווען אַ פאַרמעסטן זיך מיט די כוחות, אַ שטיל געוועט, ווער וועט וועמען מנצח זיין.

צום ערשטן מאַי איז פון פרימאָרגן אָן אַלץ געווען אויף דער גאַס. ביידע צדדים האָבן זיך געשטעלט. די ברייטע ברוקן האָבן פאַרנומען פּאַטרולן, „רעוויראָוועס״ מיט פּאָליציסטן, איינצלנע גרופּעס קאָזאַקן אויף פערד, באַוואָפנט מיט נאַגייקעס אין די הענט און מיט שיס־געווער אין זייערע באַהאַנגענע טאָרבעס, פון וועלכע עס האָבן זיך געצויגן די רויטע שנורן פון זייערע רעוואָלווערן.

די טראָטואַרן, ווידער, האָט פאַרנומען א יום־טובדיק באַקליידעטע, אַ יום־טובדיק שטראָלנדיקע באַפעלקערונג, אַ געמיש פון פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן.

אַן ערנסטע, טונקל־באַקליידעטע אַרבעטער־מאַסע, צוזאַמען מיט אַן אויסמישעכץ פון אינטעליגענטן, גוט־געקליידעטע הערן און רייך־אָנגעטוענע דאַמען. אין אַ טייל קלאַפּעס האָבן זיך געראויטלט קליינע, רויטע בענדלעך. ביי די גוט־באַקליידעטע אינטעליגענטן מיט די ווייכע היט, האָט מען פון די קלאַפּעס געזען אַרויסגליען רויטע נעלקן. דאָ און דאָרט האָט אַן עלעגאַנטע יונגע דאַמע גאָר קאָקעטירט מיט אַ בונט רויטע מאָן. בלימעלעך, וועלכע זי האָט זיך אַריינגעשטעקט אין איר הוט, וואָס האָט אַרויספאָדערנדיק אַרויסגעגליט פון די גרוי־באַקליידעטע, ערנסטע און שווער־באַוועגלעכע, געדיכטע אַרבעטער־מאַסן...

צוערשט איז דער געראַנגל אָנגעגאַנגען אין דער שטיל, אָן ווערטער און מעשים.די פּאָליציי האָט זיך געטאָן דאָס איריקע, און די מאַסן — דאָס זייעריקע. די גאַסן זיינען געווען יום־טובדיק אויסגעראָמט פון טראַמווייען און דראָזשקעס, ווי מען וואָלט איבערגעלאָזט אַ פרייען פּלאַץ פאַרן קאַמף, וואָס דאַרף זיך אין זיי באַלד אָפּשפּילן. די געוועלבער פון די הויפּט־גאַס, זיינען געווען פאַרמאַכט. דאָ און דאָרט האָט אַ פּאָליציסט געקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע טירן פון די געוועלבער מיט דער שייד פון זיין שווערד, אַז מען זאָל זיי עפענען.

די זייטן־גאַסן, וואָס פירן צו דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, וועלכע איז געווען דאָס טראַדיציאָנעלע אָרט פון ערשטער־מאַי־מאַניפעסטאַציעס, זיינען געווען אָפּגעשלאָסן דורך פּאָליציסטן און זעלנערשע פּאַטרולן. אַזוי אויך דער איינגאַנג צום זאַקסישן גאָרטן, כדי נישט צוצולאָזן די מאַסן פון די אַנדערע טיילן שטאָט צו קאָנצענטרירן זיך אויף דעם מאַניפעסטאַציע־פּלאַץ.

אָבער די מאַסן האָבן געטאָן דאָס זייעריקע. ווי צודרינגלעכע וואַסער־שטראָמען, וואָס רייסן זיך אַרויס פון אַן איבערגעפילטער קאָריטע, האָבן זיך די מאַסן אויסגעבויערט וועגן מיט זייער צודרינגען צו דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס דורך הויפן, דורך פּלויטן און דורך זייטיקע גאַסן, וואָס די פּאָליציי האָט פאַרגעסן צו פאַרשפּאַרן. אַזוי, אַז שוין אין די ערשטע שעהן פון טאָג זיינען די טראָטואַרן פון דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס געווען איבערגעשווענקט פון גרוי־געקליידעטע אַרבעטער, שטאָטישע סוביעקטן און אָנגעשטעלטע, מחנות בלייכע, ווייס־געקליידעטע, מיט רויטע בענדער באַפּוצטע אַרבעטער־מיידלעך, ווי אויך מיט עלעגאַנט אויסזעענדיקע דאַמען.

די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס אַליין איז געווען אָפּגעשלאָסן פון אַלע זייטן. ביי קרולעווסקע, פאַרן זאַקסישן גאָרטן, איז געשטאַנען אַ שווער־באַוואָפנטער, מיט קאָזאַקן־רייטער פאַרשטאַרקטער פּאַטרול. אַזוי אויך ביים צווייטן עק, ביים ווינער באַנהויף. אַלע זייטן־גאַסן, וואָס פירן־אַריין און אַרויס פון דער מאַרשאַלקאָווסקע, זיינען געווען פאַרמאַכט מיט פּאַטרולן. אַזוי אויך די רייען פון די הייזער. די אויפזעערס האָבן באַקומען אַ שטרענגן באַפעל צו האַלטן די הויפן און די קאָרידאָרן פאַרשלאָסן. אין פילע הויפן זיינען געווען פאַרשטעקט פאַרשטאַרקטע פּאַטרולן פון קאָזאַקן אויף פערד, מיט נאַגייקעס אָדער קאַלט געווער אין די הענט.

די געוועלבער זיינען געשטאַנען פאַרמאַכט. די שטומע, מיט ברעטער פאַרהאַקטע שויפענסטער, אָפּגעשלאָסענע טירן און טויערן האָבן געבילדעט די אייזערנע ווענט פון דעם לאַנגן טורמע־קאָרידאָר, אין וועלכן די ברייטע גאַס האָט זיך איצט פאַרוואַנדלט. זי האָט געהאַלטן געפאַנגען צווישן אירע ווענט די יום־טובדיקע

מאַסע, וואָס האָט שוין נישט געהאַט קיין אַנטרינונג, און אויף די פּנימער פון די מענטשן האָט אָפּגעשיינט די אומרויקייט, די דערוואַרטונג און אויך די קאַמף־לוסט, וואָס יעדער איינער האָט געפילט אין זיך.

פאַרשטענדלעך, האָט זיך פון פרימאָרגן־אָן געפונען אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע רחל־לאה מיט די איריקע. דער ערשטער מאַי איז שוין געווען אַ טראַדיציאָנעלער פאַמיליען־יום־טוב ביי די הורוויצעס אין שטוב. דער מאַן, האָט, פאַרשטייט זיך, נישט מיטגעמאַכט. פאַרקערט, ווי יעדעס יאָר, האָט ער געבורטשעט און תרעומות געהאַט, נאָר צו שטערן צו גיין אין דער ערשטער־מאַי־מאַניפעסטאַציע — איז שוין געווען נישט פאַר זיינע כוחות. ער האָט איר שוין געלאָזט טאָן, וואָס זי האָט גע־וואָלט, ווייל ער האָט געוווסט, אַז ער וועט סיי ווי סיי זיך גאָרנישט קאָנען העלפן אַנטקעגן זיין ווייב.

דעם אָוונט פריער האָט זי זיך אַליין געוואַשן און געריבן אין דער שיסל מיט מולענעס, געצוואָגן די קעפּ פון אירע טעכטער, ווי אויף אַ גרויסן יום טוב. היינט פלאַטערן רויטע בענדער אין די צעפּ פון העלענקעס און זאָשקעס פאַרקעמטע האָר. רחל־לאה איז שוין צו אַלט פאַר רויטע סטענגעס. אָבער זי איז אויסגעקליידט יום־טובדיק, אין דעם בעסטן, וואָס זי האָט, אין דעם שוואַרצן זשאַקעטל, און אויפן קאָפּ — דאָס קליינע היטעלע מיט דער גרויער פעדער, וואָס די עלטסטע טאָכטער, העלענקע, וועלכע איז אַ בריה אויף די זאַכן, נייט איר איבער און ריכט עס איר אויס מיט אַ נייעם שוואַרצן באַנד אויף יעדן ערשטן מאַי.

דערפאַר אָבער האָט זי זיך אַריינגעשטעקט אין איר בוזעם די רויטע נעלקע, וועלכע מירקין האָט איר געבראַכט לכבוד יום־טוב, אַז מען זאָל דערקענען איר קאָליר. דער גימנאַזיסט, וועלכן זי האָט אַ נאַכט פריער אויספאַרריכט די הויזן און אָפּגעשמירט די שיך, כדי צו פאַרשטעלן די לעכער, איז אָנגעטאָן אין אַ ווייכן הוט, אָנשטאָט אין זיין גימנאַזיסטישן קאַשקעטל, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען.

אירע לייט, דער „זשאַכלינער”, איטשעלע, מוזן זיך דאָ אויך געפינען, נאָר זיי זיינען ערגעץ־ווו פאַרשטעקט אין זייערע גרופּעס. אַזוי איז אויך איר זון, דער גימנאַזיסט. ער איז ערגעץ־ווו פאַרפאַלן געוואָרן. זי גייט מיט אירע צוויי טעכטער, און מירקין שלעפּט זיך נאָך פון הינטן, אַ באַרוישטער און נייגעריקער, וואָס עס וועט דאָ זיין.

דערווייל הערשט אַ טויטע שטילקייט אין גאַס. די מאַסן באַוועגן זיך אַהין און צוריק אויף די טראָטואַרן, ווי זיי וואָלטן שפּאַצירט, און וואַגן נישט אַראָפּצוגיין אויפן ברוק צו פאַרנעמען די פרייע גאַס, אויף וועלכער עס געפינען זיך די פּאָליציסטן און די פּאַטרולן, אַזוי אויך די פּאָליציי. שיטער צעוואָרפן איבער דער שבת־רוענדיקער, שטילער גלאַנצנדיקער גאַס, באַפאַלט זיי אַן אינערלעכער פּחד פאַר דער פּוסטקייט פון דער גאַס, און אַן אומבאַוווסטקייט קוקט אַרויס פון זייערע אויגן און פּנימער. „רעוויראָוועס” מיט די בלוט־אָנגעגאָסענע קאַרקן און העלזער, שטייען באַ־אומרויקטע מיט צעפלאַמטע פּנימער, און עס דאַכט זיך, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט אַזאַ שווער שטיק פלייש, אין רעוויראָווע־מונדיר, אומפאַלן פון אַ פּאַפּלעקסיע, פאַר אויפרעגונג.

די געוויינלעכע פּאָליציסטן שטייען מיט אימהדיקע, צוגעדריקטע, באַזאָרגטע פּנימער מיט אַ מינע פון תמעוואַטע אָקסן, וואָס מען שלעפּט אין שעכטהויז אַריין.

די זעלנערשע פּאַטרולן גייען פּאַרלאַנגווייליקטע מיט הילצערנע, האַרטע טריט איבער די שטיינער. מיט זעלנערשער גלייכגילטיקייט קוקן זיי זיך צו צו די באַוועגלעכע מאַסן און שמייכלען מיט זייערע ווייסע ציין פּאַרשעמטע. אַזוי וואַגט זיך נישט איין צד דעם אַנדערן אָנצוגרייפן און אַריינצוטרעטן אין זיין איינגענומענער טעריטאָריע.

באַלד אָבער בילדן זיך געדיכטע שיכטן פון מאַסן אויף איין שטיק טראָטואַר. עס ווערט שוואַרצער און אָנזעענדיקער אויף דעם אָרט. פון די טיפענישן פון פאַרטרונקענע לייבער און קעפּ וויקלט ווער פון זיין ברוסט אַ רויט שטיקל טוך אַרויס און מיט אַן ערנסט געזאַנג, ווי צו אַ לויה, מיט קולות פון שרעקנדיקע, אויפגערעגטע שטימען און הערצער, הייבט זיך אָן די געדיכטע מאַסע אַראָפּצוקוילערן אויפן פרייען שטיק ברוק. הענט פלעכטן זיך אין הענט, אָרעמס אין אָרעמס. לייבער קנעטן זיך צו לייבער, ווי מען וואָלט געוואָלט געפינען שוץ איינער ביים אַנדערן.

„און די קאָליר זיינע איז רויט —

וואָרום אויף אים איז אַרבעטער־בלוט״.

פון די טראָטואַרן אַראָפּ גיסט זיך שוין איצט די מענגע צעברעסוויז אין דער געדיכטער מאַסע, פון וואַנען עס הערט זיך דאָס געזאַנג, כדי אָנצושליסן זיך אין די רייען. עמיצער וויקלט אויף ביים לויפן אַ צווייטע רויטע פאָן און מיט אַן אומפאַרשטענדלעך געזאַנג, וואָס איז מער ענלעך צו שרייען, — לאָזט מען זיך וואָס שנעלער, איבער די קעפּ פון דער פּאָליציי און פּאַטרולן, צו די מאַניפעסטאַנטן.

אָבער די פּאָליציי און די פּאַטרולן האָבן זיך פלינקער צוגעאיילט. פון אַ הויף שפּרינגען זיי אַרויס, איינער נאָכן אַנדערן. קאָזאַקן וואַרפן זיך אַריין מיט די אימפּעט געיאָגטע פערד אין די מאַסן. שרעקנדיקע הייבן־אָן צוריקלויפן אויף די טראָטואַרן. אין דער געדיכטער רייע ווערט אַ מהומה. עס פאַלן־אָפּ די אויבערשטע שיכטן, פיל אַנטלויפן פון ברוק צוריק אויפן טראָטואַר.

ביי די מאַניפעסטאַנטן איז געבליבן אַ קליינע קופּקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוליב דער געפאַר נאָך ענגער צוגעדריקט און צוגעקנעטן איינער צום אַנדערן. און וואָס נענטער עס קומען־אָן די מיט שוים שפּריצנדיקע קאָזאַקן מיט די פאָכנדיקע נאַגייקעס אין די הענט, אַלץ האַרצרייסנדיקער, אַלץ שרייענדיקער ווערט דאָס געזאַנג:

„און די קאָליר זיינע איז רויט״.

שוין קלאַפּן די נאַגייקעס איבער די קעפּ, ווי אַ פייערדיקער רעגן. די צעווילדעטע פערד וואַרפן זיך אַריין אין דער מענגע, ווי אין אַ שטורמדיקן טייך. דאָ און דאָרט זעט מען אַ נאַקעטע האַנט אויפשווינגען אין דער הויך איבער די קעפּ און פרוווט פאַרהאַלטן אַ צעיאַכמערט פערד. דאָ און דאָרט זעט מען, אַ ווייבערשער קאַפּעליוש פליט־אַראָפּ פון אַ קאָפּ, אַ מענער־הוט וואַלגערט זיך איבערן ברוק. ער ווערט געטראָגן פון דעם ווינט. די רויטע פאָן פאַרשווינדט אין דעם ים פון לייבער. און די מענגע צעפאַלט זיך, ווי באַזונדערע טראָפּנס. זיי שטויסן זיך צוריק, מישן זיך אויס מיט די מאַסן, וואָס געפינען זיך אויף די טראָטואַרן.

אָבער באַלד חזרט זיך איבער דאָס שפּיל אויף אַן אַנדערן עק גאַס.

אויף אַ צווייטן עק, וואָס איז אויף אַ ווילע באַפרייט געוואָרן פון פּאַטרולן און

פּאַליציי, בילדן זיך רייען. און ווידער הויבט זיך אויף אין דער זון, איבער די קעפּ, אַ רויטער פלעק, אַרום אים גרופּירן זיך מאַסן. עס שליסן זיך רייען, וואָס בילדן זיך פון די צוגעפלויגענע, צוגעלאָפענע מאַסן פון אַלע טראָטואַרן. די רייען ווערן ברייטער, די מענגע געדיכטער, פאַרנעמען וואָס אַמאָל מער אַ גרעסערן שטיק שטח פון גאַס.

מיטן בליק פון אויג וואַקסט די מאַסע. אַלץ לויפט צו איין פּונקט: דאָרט, ווו עס האָט זיך אויפסניי געבילדעט די מאַניפעסטאַציע. יעדער איינציקער ווערט אַ טראָפּן וואַסער. יעדער טראָפּן פאַרגרעסערט, פאַרברייטערט דעם שוואַרצן טייך. עס איז שוין נישט מער איין רויטע פאָן, נאָר מערערע פענער שווימען שוין אַרויף איבער די קעפּ פון פאַרשידענע גרופּקעס, מיט פאַרשידענע אויפשריפטן. פאַרשידענע געזאַנגען אין פאַרשידענע שפּראַכן מישן זיך צוזאַמען און ווערן איין שרייענדיק מעכטיקער קול פון איין קעל אַרויס:

„און די קאָליר זיינע איז רויט —
וואָרום אויף אים איז אַרבעטער־בלוט".
און הינטער אים קלינגט ווו אָפּ, ווי פאַרשעמט, ווי צוריקגעהאַלטן:
„מיר שווערן, מיר שווערן —
אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן".

עס נעמט אַ שטיקל צייט, ביז די פּאָליציי כאַפּט זיך, וואָס דאָ איז געשען. זי האָט אַ שטיקל וועג צו לויפן צו די ניי־געבילדעטע רייען. דערווייל וואַקסט די מאַניפעסטאַציע. זי צעגיסט זיך וואָס אַמאָל ברייטער. הענט שליסן זיך ווידער אין הענט, אָרעמס צו אָרעמס. קערפּערס קניפּן זיך אין קערפּערס, און עס ווערט איין שטאַרקע, סאָלידע וואַנט, מיט רויטע, שרייענדיקע פענער איבער די קעפּ, מיט שרייענדיקע געזאַנגען, וואָס צינדן זיך אָן וואָס אַמאָל מער מיט באַגייסטערונג און פלאַם. און ווען די שווער־אָטעמדיקע „רעוויראָוועס" מיט די נאַקעטע שווערדן אין די הענט און די פּאָליציסטן מיט די ביקסן נאָך זיי, קומען צולויפן, טרעפן זיי שוין אָן אויף אַ געדיכטער, אויסגעהאַמערטער, אייזערנער וואַנט פון ברוסטן, פּנימער, וואָס באַוועגט זיך מיט שטאַרקע, פוס־טריט פאַראויס, פאַראויס.

די „רעוויראָוועס" מיט די סטראַזשניקעס ווערן אַ מינוט דערשראָקן און קוקן זיך אום אומבאַהאָלפן אויף די קאָזאַקן, וועלכע זיינען אויף יענער זייט גאַס נאָך פאַרנומען מיטן צעטרייבן די מאַסן. זיי מאַכן אַ טריט צוריק. דאָס גיט דער מענגע מוט. זי גייט איבער צו אַן אָנגרייפנדיקן שריט. די געזאַנגען ווערן פרייער, שטאַרקער, און פאַרלירן שוין דעם פאַרצווייפלן שרעק־מאָטיוו און ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ טריאומפירנדיק, זיגרייך געשריי. דאָ און דאָרט ציט זיך אויס אַ האַנט און גיט אַ שלעפּ־אַריין אַ „רעוויראָווע" צי אַ פּאָליציסט אין די רייען אַריין, און ער ווערט דאָרט באַלד דערטרונקען, ווי אַ שטיינדל אין טייך. די איבריקע פּאָליציסטן לויפן־צוריק מיטן גאַנצן כוח און רופן מיט זייערע שרעקנדיקע געשרייען צו די קאָזאַקן.

נאָר די קאָזאַקן רירן זיך נישט, כאָטש מען קאָן זיי גוט זען פון דער ווייטנס. זיי שטייען מיט זייערע פערד ווי צוגעשמידט צו זייערע פּלעצער. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס איז געשען. עס גייען־אַרום בשורות: „די קאָזאַקן האָבן זיך צעבונטעוועט. זיי ווילן נישט שיסן אין די מאַסן".

אַן אומדערהערטע באַגייסטערונג פלאַמט־אויף צווישן דער מענגע. די שטימען

ווערן העכער, טריאומפירנדיקער. עס וואַקסט דער וואַלד פון רויטע פענער און דעקט די קעפּ צו. די גאַנצע מאַרשאַלקאָווסקע ווערט פריי און ברייט פאַר די זינ־גנדיקע. פון אַלע פנימער שטראַלט אַראָפּ באַגייסטערטע פרייד. אויגן ברענען, הענט שטרעקן זיך אין דער לופטן און די מאַסע טרעט פאָראויס. זי טרעט־אַריבער גרענעצן, וואָס קיינער זעט נישט, נאָר זיי זיינען דאָ. זי ברעכט־אויף פאַרשלאָסענע טירן, וואָס האָבן פאַרצוימט וועלטן, וועלכע קיינער זעט נישט, — נאָר זיי זיינען דאָ. זי טרעט אין אַנדערע וועלטן אַריין און טראָגט מיט זיך באַפרייאונג און דערליי־זונג, נישט נאָר פון צאַרן און טיראַנען, נאָר אויך פון אינערלעכע צוימען, וואָס האָבן זי באַענגט, — ווי אַן אייז־באַפרייטער טייך, וואָס טראָגט זיך פון זיין געפאַנ־גענער קאָריטע איבער פרייע פרילינגדיקע פעלדער און פלאַכן.

---

## 1926 — געזעגנונגס-רעדע אין וואַרשע
## אויף אַ באַנקעט אין ליטעראַטן-פאַראיין



פאַרוואָס כ׳בין איצט געקומען קיין וואַרשע — וועגן דעם איז מיר שווער צו רעדן. ס׳איז דאָ אַ חסידישע מעשה פון אַ רבין, וואָס איז געפאָרן צו אַן אַנדער רבין און געהאַט דערביי בלויז איין ציל, אַז יענער זאָל אים מוסר זאָגן און צעברעכן דאָס האַרץ. איך אַליין האָב דאָס געפיל יעדעס מאָל, ווען כ׳שטיי פאַר אַ נייער אַרבעט. כ׳פיל דעמאָלט אַ מורא און כ׳דאַרף מ׳זאָל מיר מוסר זאָגן. אַ ביסל דערפאַר בין איך איצט געקומען קיין וואַרשע. מיינט נישט, אַז דאָס איז בלויז אַ וואָרט. כ׳בין מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט אַלע היגע מענטשן. אמת, כ׳בין פאַרבונדן אויך מיט די אַמעריקאַנער, אָבער אין אַמעריקע איז גענוג גוט, מ׳זאָל עס קענען ליב האָבן. אַמעריקע איז פייכטע ערד און צי מ׳וויל יאָ צי נישט, ווערט מען דאָרט איינגעפלאַנצט.

טייערע חברים, כ׳בין זיך מודה, אַז כ׳שטיי פאַר אייך מיט אַ צעבראָכענער נשמה. פון איין זייט פיל איך, אַז פוילן איז מיין היים, אַז דאָ דאַרף איך זיין און שאַפן. פון דער צווייטער זייט אָבער, איז עס מיר אוממעגלעך. כ׳האָב צעבראָכן מיין לעבן. מיינע קינדער זיינען אין אַמעריקע, האָבן זיך דאָרטן איינגעבירגערט און כ׳קען זיי פון דאָרטן נישט אַרויסרייסן. איך אַליין בין דאָ און דאָרט, אָבער דער־פאַר אפשר אין ערגעץ נישט אין גאַנצן. אַממייסטן האָב איך עס געקענט פילן אין די צוועלף יאָר זינט דער מלחמה. ביי אייך האָט זיך געגאָסן בלוט. וואָס האָב איך געקענט טאָן מער ווי וויטיקן? — כ׳האָב מיין חוב לגבי אייך נישט געטאָן, ווייל כ׳האָב אים נישט געקענט טאָן. אין אַמעריקע האָב איך נישט געקענט זיין הונגעריק און אומזיכער. אַממייסטן האָט זיך דאָס אָבער אָנגעזען ביי מיינע קינדער, מיין קינד האָט שוין בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך לייד. איך האָב מיך געפילט, ווי אַ וואָרצל, וואָס איז אַרויסגעריסן און מען קען אים מער נישט איינ־פלאַנצן.

ס׳איז אַ מאָדנע זאַך: אין אַמעריקע זיצנדיק, האָב איך נישט אויפגעהערט אויף

קיין איין ווילע צו זען פוילן. מיין בוך „מאַטקע גנב״ האָט זייער אַ סך פון פוילן.

און גראָד אין פוילן זע איך אַמעריקע. כ׳האָב געפּרוווט מאַכן פאַר מיין היים פראַנקרייך, אָבער נאָר אויף דערווייל. אַ סך זיינען גורם דערצו פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן. אין אמת בין איך אַ היגער און דאַדורך פאַרשטיי איך פּאַקטיש נישט די גאַנצע געשיכטע מיטן באַנקעט. דאַדורך, וואָס איר מאַכט מיר אַ באַנקעט, מאַכט איר מיך פאַר אַ גאַסט. איך וויל אָבער זיין אַ היגער.

איך דאַנק אייך זייער פאַר די וואַרעמע ווערטער, וואָס כ׳האָב היינטיקן אָוונט דאָ געהערט.

טייערע חברים: כ׳באַדויער זייער, וואָס כ׳קען נישט זיין היינט אָפּטימיסטיש. ס׳געשעט שוין מיט מיר עטלעכע מאָל דאָס זעלבע: כ׳קום אַהער קיין פוילן, כדי צו שעפּן פון אייער קוואַל, פול מיט האָפענונג, צום סוף פאַל איך גאָר אַריין אין אַ גרעסערן צווייפל. איך האָב מורא, אַז קיינמאָל איז נאָך ניט געווען אַזוי ברענענדיק די פראַגע פון זיין, אָדער נישט זיין ביי אונדז. מיר דוכט זיך אַלץ מער, אַז מיר ווערן פאַרכאַפּט פון שלעכטער אַסימילאַציע. איך האָב נישט קיין מורא אונטערצוגיין, נאָר אויב אונטערגיין — איז אויף אַ שיינעם אופן. די האַלבע אַסימילאַציע, די האַלבע אינטעליגענטישע אַסימילאַציע — זי עקלט מיך. קען זיין, אַז כ׳טרייב איבער. סוף כל סוף טאָר מען נישט פאַרגעסן אויך אין דעם פּאָזיטיוון, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די לעצטע יאָרן: די יידישע שולן מיט די צענדליקער טויזנטער קינדער, דער גרויסער אידעאַליזם, וואָס הערשט דאָרטן. אָבער דאָס איז דאָך נאָר אַ טראָפּן. הלואי זאָל פון דעם טראָפּן ווערן אַ ים. איר ווייסט ווי שטאַרק איך וויל דאָס. זייער שלעכט איז אויך מיט דער שפּראַכן־פראַגע, מיט דעם אומפרוכטבאַרן קאַמף צווישן יידיש און העברעיש. קיין שריפטשטעלער זעט נישט אַזוי דעם מלאך־המוֹת פאַר די אויגן, ווי דער יידישער. אָפטמאָל דוכט זיך, אַז די גאַנצע אַרבעט איז אומזיסט...

אַ דאַנק אייך, חברים, פאַר אַלץ און לאָמיר האָפן, אַז ס׳וועט בעסער ווערן. מיר טאָרן נישט אונטערגיין און מיר וועלן עס נישט!

פון די ביכער: „דאָס בוך פון צער״ — און „וואַרשע״ — ביידע — וואַרשע 1930, און פון די „ליטעראַרישע בלעטער״ — אָקטאָבער 1926, וואַרשע.

# גרשם באַדער

## צוויי יידן שטאַרבן אין וואַרשע אין יאָר ה׳שנ״ו אויף קידוש־השם

וואַרשע איז געוואָרן אַ צענטער פאַר אַ יידישקייט אַ סך שפּעטער ווי ווילנע. אַלס הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ מאַזאָוויע האָט וואַרשע אין משך פון לאַנגע יאָרן געהאַט דאָס רעכט זי זאָל נישט מוזן טאָלערירן יידן אין די גרענעצן פון אירע מויערן. גאַנץ אָפיציעל איז אין 1525 אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ, אַז יידן טאָרן זיך נישט געפינען אין וואַרשע. דערנאָך איז דאָס דאָזיקע געזעץ איבער־געחזרט געוואָרן דורך קעניג זיגמונד דעם ערשטן, אַזוי ווי דורך זיגמונד אויגוסט. שפּעטער ווען קעניג זיגמונד דער דריטער האָט געמאַכט וואַרשע פאַר זיין רעזידענץ און מען האָט שוין געמוזט עפענען די טויערן פון דער שטאָט פאַר יידן, ווייל די פּריצים האָבן עס פאַרלאַנגט, האָט דער מאַגיסטראַט פון וואַרשע צוזאַמען מיט דער בירגערשאַפט אָגעווענדט אַלע מעגלעכקייטן נישט צו דערלאָזן, אַז יידן זאָלן דאָרט מעגן וווינען. עס האָט זיך אפשר געמאַכט אַז געוויסע יידן זיינען אַהין יאָ אַריינגעקומען בשתיקה. זיי האָבן אָבער, אין דער צייט ווען זיגמונד דער דריטער האָט רעגירט, נישט געקענט זיך באַזעצן אין וואַרשע אויף אַ לעגאַלן אופן. די געשיכטע פון יענער צייט קען נישט קיין שום יידישן גדול אין וואַרשע. דערפאַר קען זי אָבער די נעמען פון צוויי יידן, וואָס זיינען דאָרט דעמאָלסט געשטאָרבן אויף קידוש השם.

כמעט אין אַלע פּוילישע און ליטווישע שטעט פלעגן אין יענע יאָרן פאָרקומען בלבולים אַז יידן נוצן בלוט צו די מצות, אָדער זיי שענדן די „האָסטיעס״. קיין שום ייד איז דאַן נישט געווען זיכער, צי גרייט נישט עמעצער קעגן אים אַ בלבול, פאַר וועלכן ער וועט דאַרפן באַצאָלן מיטן לעבן. געזעצלעך האָט מען אַפילו געדאַרפט האָבן צו אַזאַ בלבול אַ געוויסע צאָל יידישע עדות. דאָס האָט מען אָבער נאָר געדאַרפט האָבן צום פאַרמשפּטן, אָבער נישט צום חשד, ווייל צום חושד זיין אַ יידן אין אַ בלוט פאַרברעכן אָדער האָסטיעס־שענדונג איז געווען גענוג די מסירה פון איין גוי. האָט מען באַלד דעם יידן אַרעסטירט און אים אַזוי לאַנג אינקוויזיטאָריש געמוטשעט, ביז ער איז געשטאָרבן אין דער אינקוויזיציע, אָדער ער האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די יסורים און ער האָט זיך מודה געווען אין אַ פאַרברעכן וואָס ער איז נישט באַגאַנגען.

---

גרשם באַדער — געבוירן אין יאָר 1868, אין קראָקע, געשטאָרבן אין יאָר 1953 אין ניו־יאָרק. שריפטשטעלער, רעדאַקטאָר, פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור אין גאַליציע. זינט דעם יאָר 1912 אין אַמעריקע. מחבר פון פּאָפּולערע היסטאָרישע עסייען, זכרונות, דראַמעס, אַלערליי פאָלקלאָר־זאַמלונגען. צווישן זיינע היסטאָרישע מיניאַטורן — אַ גרויסע צאָל וואַרשעווער יידישע געשטאַלטן.

דער גלויבן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט צו די מצות איז דעמאָלסט געווען אַזוי פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג, אַז עס האָט זיך אַזש געקענט טרעפן אַ מעשה, אַז עס איז געקומען אַ פּויער פון אַ דאָרף מיט זיינעם אַ קליינעם שייגעצל פון פיר יאָר צום רב אין בריסק, די בריסקער קהילה זאָל דאָס שייגעצל קויפן, אויף צו קוילען אים לכבוד פּסח...

די דעמאָלסדיקע לאַגע פון די יידן אין פּוילן ווערט געשילדערט אינעם פּנקס פון דער פּויזענער קהילה מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „אַ בראָך נאָך אַ בראָך קומט איבער אונדז און גיט אונדז נישט קיין רגע מנוחה. בלבולים שרעקלעכע ווערן אויף אונדז אויסגעטראַכט און אָפט מאָל איז נויטיק אַוועק צו געבן פיל מתנות אָפּצוראַטעווען יידן פון טויט און תפיסה. אויסערדעם ווערן מיר געיאָגט און געפּלאָגט דורך באַרבאַרישע פּריצים און גלחים. וואָס לייגן אויף אונדז אַרויף אַזעלכע שווערע אָפּצאָלונגען, אַז אונדזערע פּלייצעס ברעכן זיך אונטער זייער לאַסט, ווייל מיר קענען זיי נישט דערטראָגן״.

האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע צוויי ברידער גבירים, גרויסע סוחרים, משה בן יקותיאל און יהודה בן יקותיאל, וואָס האָבן אָנגעפירט גרויסע געשעפטן מיט די איינפלוסרייכסטע פּריצים און מיטן קעניגלעכן הויף — און עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, זיי זאָלן קריגן ווױן־רעכט אין וואַרשע. האָט זיי אָבער דער וואַרשעווער מאַגיסטראַט נישט געוואָלט האָבן; האָט מען אויף זיי אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז זיי זיינען געקומען קיין וואַרשע אויף צו קויפן אַ „האָסטיע״, וואָס זיי האָבן אַרומגעשיקט איבער גאַנץ פּוילן, צו צאַפּן פון איר בלוט און אָנצוטאָן איר בזיונות.

ווער עס האָט דעם בלבול אויסגעטראַכט האָט מען נישט געוווּסט. עס האָט זיך בלויז אַרומגעטראָגן ווערגן דעם אַ קלאַנג איבער דער שטאָט. דאָס איז אָבער געווען גענוג מען זאָל די צוויי מענטשן אַרעסטירן און אָנפירן קעגן זיי אַן אונטער־זוכונג מיט אַלע אינקוויזיטאָרישע מיטלען, זיי זאָלן זיך מודה זיין אין זייער חטא. האָבן זיי אָבער אַריבערגעטראָגן געדולדיק אַלע יסורים פון דער אינקוויזיציע און האָבן זיך נישט מודה געווען — און די אינקוויזיציע איז געווען אַזאַ שרעקלעכע, אַז משה בן יקותיאל איז אַזש פון איר דער ערשטער געשטאָרבן.

געווען איז עס אין 1596 (שנ״ו). אַרעסטירט האָט מען די צוויי יידן אַ טאָג ערב פּסח און 14 טאָג אין חודש אייר איז משה בן יקותיאל געשטאָרבן אונטער דער האַנט פון זיינע פּייניקער. האָבן זיי זיך נישט באַנוגנט מיט זיין טויט, ווייל ער איז געשטאָרבן און די אינקוויזיציע האָט פון אים גאָרנישט אַרויסבאַקומען, האָט מען דעם טויטן אָנגעטאָן אַלערליי בזיונות פאַר די אויגן פון זיין ברודער, טאָמער וועט דאָס אים דערברענגען צו מודה זיין זיך אויף זיין פאַרברעכן. מען האָט דעם טויטן אויסגעטאָן אַ נאַקעטן, צוגעבונדן אים צום עק פון אַ פערד און אַזוי אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט. דערנאָך האָט מען אים צוגעשלאָגן צו אַ קרייץ מיט גרויסע אייזערנע נעגל, אויף דעם שטייגער פון קריסטוסעס קרייציקונג.

האָט אָבער דאָס אַלץ נישט געהאַט קיין ווירקונג אויפן ברודער פונעם טויטן און ער האָט אַלץ כסדר געשריגן אַז ער און זיין ברודער זיינען אומשולדיק. האָבן די אינקוויזיטאָרן איינגעזען, אַז מען דאַרף אָנווענדן שאַרפערע מיטלען... און

דאָן, פיר טאָג נאָך משה׳ס טויט (18 טאָג אין חודש אייר) איז געשטאָרבן זיין ברודער יהודה בן יקותיאל אונטער דער האַנט פון זיינע אינקוויזיטאָרישע פייניקער.

אין יענער צייט, ווען עס איז אָנגעפירט געוואָרן דער פּראָצעס פון די דאָזיקע צוויי ברידער, זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשע די באַראַטונגען פון אַ סעים. מען ווייסט נישט צי די פריצים פונעם סעים, וואָס האָבן גוט געקענט די צוויי אָנגעקלאָגטע יידן, האָבן נישט געוואָלט זאָגן פאַר זיי אַ גוט וואָרט, אָדער זיי האָבן אפשר יאָ געזאָגט, נאָר מען האָט זיי נישט געוואָלט הערן. איין זאַך איז זיכער, אַז דער קעניג האָט פון דער דאָזיקער מעשה גאָרנישט געוווסט, און ווען ער איז פון איר געוואָר געוואָרן, זיינען שוין ביידע יידן געווען טויט. דער קעניג האָט זיך ווי עס זעט אויס זייער געבייזערט, ער האָט שוין אָבער גאָרנישט געקענט העלפן, האָט ער בלויז געגעבן אַ באַפעל מקבר צו זיין די ביידע קדושים אויפן חשבון פון דער קעניגלעכער קאַסע. און אַזוי ווי עס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין וואַרשע קיין יידישער בית־עלמין, האָט מען די צוויי קדושים אַוועקגעפירט אין אַ שטעטל דריי מייל נעבן וואַרשע, ווו מען האָט זיי געבראַכט צו קבר ישראל.

דער טאָג פון דער קבורה איז געווען כ״א אייר שנ״ו — און אַזוי ווי מען פלעגט נאָך דעמאָלט אַזעלכע מעשים טיף איבערלעבן, האָט אַ נאָמענלאָזער יידישער פּייטן אָנגעשריבן וועגן דעם דאָזיקן געשעעניש אַ שיר קינה, וואָס איז שפּעטער אַריינגעגאַנגען אין די „סליחות כמנהג ליטא״ (געדרוקט אין אַמסטערדאַם), ווו עס געפינען זיך צווישן 24 פיר־שורהדיקע חרוזים די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע פיר סטראָפן:

...דברו עלי כזבים ושמו עלילות דברים,
אשר פיהם דבר שוא והעידו עדות שקרים,
אמרו: נארבה לדם לצוד נפשות יקרים —
ונלכדו ברשתם שני אחים קדושים וטהורים.

הנחמדים מזהב ומפז רב, אלהים בראשם,
משה ויהודה בני יקותיאל נפלו בפח מוקשם,
על קדושת השם הנכבד והנורא מסרו נפשם, —
יעלו לרצון על מזבחו כחטאת וכאשם.

וינקשו מבקשי נפשם בעלילותם אשר גבר,
והעלילו למשה ויתפסוהו והוא לא ידע דבר,
ויוגד ליהודה בצרת אחיו והשבר —
ויאמר לו: באשר תמות אמות ושם אקבר.

. . . לא הניחו ענוי אשר לא ענו אותם,
באש וגפרית וזפת שרפום ושברו כל עצמותם,
וישרפו להם ברית קדש פתוחי חותם —
בל אסיך נסכיהם מדם ובל אשא את שמותם.

און אינעם פנקס פון דער חברא קדישא אין קראָקע געפינט זיך וועגן די צוויי קדושים דער פאָלגנדיקער אל מלא רחמים:

...ונשמת האחים הנעימים בחייהם ובמותם, הקדושים ר׳ משה ור׳ יהודה בני יקותיאל מק״ק גומבין, אשר עמדו בנסיון ונבחנו ונצרפו בענויים גדולים בעיר וואַרשא... זכותם יעמוד לנו ולכל ישראל עם נשמת אברהם יצחק ויעקב ונשמת כל הקדושים, אשר מסרו נפשם...

ווי שוין באַמערקט, האָט מען נאָך דעמאָלט אַזעלכע געשעענישן טיף איבער־געלעבט, מען האָט וועגן זיי געשריבן קינות און מען האָט אויך מזכיר געווען די נעמען פון די אומגעקומענע אין אַלע פוילישע שטעט. שפּעטער אָבער האָבן זיך אַזעלכע געשעענישן צו אָפט און צופיל איבערגעחזרט...

(פון בוך: דרייסיק דורות יידן אין פוילן, ניו־יאָרק 1927)

## יעקב באַטאַשאַנסקי

## אַ כל נדרי אויף דעם גענשער בית עולם



פאַראַן איבערלעבונגען, וואָס כאָטש זיי זענען נישט קיין פּערזענלעכע, קען מען זיי בשום אופן קיינמאָל נישט פאַרגעסן. פאַר מיר איז דאָס הערן, אַ פּאָר יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, כל נדרי אויף דעם באַוווּסטן גענשער יידישן בית עולם אין וואַרשע, אַזאַ מין אויסערגעוויינלעכע און אפשר טאַקע פאַנטאַסטישע איבערלעבונג.

איך בין דעמאָלט געווען צום צווייטן מאָל אין וואַרשע. די דאָזיקע שטאָט האָט פאַר מיר געהאַט אַ צוציונגס־קראַפט מיט איר גרויסן און גאַנצן יידישן לעבן. ווען איך בין געווען צום ערשטן מאָל אין דער הויפּטשטאָט פון פּוילן, איז דאָרטן דאָס יידישע לעבן געווען אין אַ כמעט בליענדיקן צושטאַנד, כאָטש קיין אַנטיסעמיטיזם האָט אויך דעמאָלט נישט געפעלט דאָרטן. און ווען איך בין געווען צום צווייטן מאָל אין דער זעלביקער שטאָט און אין גאַנצן פּוילישן לאַנד, איז דאָס יידישע לעבן דאָרט געווען דערשלאָגן און דערדריקט. דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געקומען סיי מצד די מאַסן און סיי מצד דער רעגירונג, האָט צוגענומען דעם מוט ביי די מערסטע יידן. ווען זול. זשאַבאָטינסקי ע״ה און יצחק גרינבוים יבדל לחיים האָבן געמאַכט זייערע דערקלערונגען וועגן דעם אַז עס איז פאַראַן אַ מיליאָן איבעריקע יידן אין פּוילן, האָט דאָס אַלעמען פאַרדראָסן, אָבער אינעווייניק טיף ביי זיך האָט מער ווי אַ מיליאָן יידן זיך געפילט איבעריק אין פּוילן.

די אָרעמקייט און די רעכטלאָזיקייט האָבן אָנגענומען ווילדע פּראָפּאָרצן. פריער האָט די רעכטלאָזיקייט געבוירן די אָרעמקייט. ווען אַ ייד און אַ פּאָלאַק האָבן געהאַט טיר ביי טיר צוויי גלייכע קראָמען און דער פּאָליאַק האָט געהאַט אַלע פּריווילעגיעס און דער ייד בלויז פאַרפליכטונגען און ער האָט געדאַרפט צאָלן אַ פּילפּאַכיקן שטייער, ווען דער שכן האָט גאָרנישט געצאָלט, האָט דאָס במילא רייך געמאַכט דעם פּאָלאָק און פאַראָרעמט דעם יידן. יידישע סוחרים זענען חרוב געוואָרן און זיי האָבן שוין במילא זיך געמוזט לאָזן אויף הפקר־וועגן קעגן געזעץ. די גאַסן פון וואַרשע זענען

---

יעקב באַטאַשאַנסקי — געבוירן 1895 אין אַ שטעטל אין בעסאַראַביע. זינט 1926 אין בוענאָס־איירעס. דערציילער, ראָמאַניסט, הומאָריסט, דראַמאַטורג, מעמו־אַריסט, רעפּאָרטאַזשן־שרייבער, זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע״, בוענאָס־איירעס, קולטור־טוער, ליטעראַטור־קריטיקער, פּאָפּולאַריזאַטאָר פון ליטעראַרישע ווערק, רעזשיסער פון קליינקונסט־פאָרשטעלונגען, רייזעס איבער אַמעריקע, אייראָפּע, פיל־מאָל אין מדינת ישראל. פון די בעסטע און הומאָרפולסטע אָראַטאָרן ביי אונדז. איינע פון די דינאַמישסטע פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט־מלוכה — יידיש. עטלעכע מאָל באַזוכט וואַרשע. געשטאָרבן פּלוצלונג אין דרום־אַפריקע, אָקטאָבער 1964.

פול געווען מיט יידישע הענדלער, וואָס האָבן זייערע „געשעפטן" געהאַט אויף שטופּ־וועגעלעך און זיי האָבן נישט פאַרדינט גענוג צו קענען צאָלן דעם פּאַטענט, וואָס איז פון זיי געקומען. זיי פלעגן אַלעמאָל אַרעסטירט ווערן און פאַרלירן בשעת מעשה דאָס גאַנצע דאָברע־מזל זייערס. אַ סך פון אָט די הענדלער פלעגן זיך באַווייזן אין די גאַסן ערשט שפּעט ביינאַכט און שטאָט צו צאָלן פּאַטענט, פלעגן זיי צאָלן אַ כאַבאַרל דעם גאָרן־פּאָליציסט. מען האָט זיי גערופן, אָט די הענדלער, „חסדלעך" (כעסעדלעך), ווייל זיי האָבן געלעבט מיטן חסד פון דעם פּאָליציי־מאַן. מען האָט געדאַרפט זען יענע „הענדלער". קיין מער אומגליקלעכע און פאַרשעמטע מענטשן האָט מען נישט געקענט זען. זיי פלעגן דווקא אַרומדרייען זיך אין די רייכערע גאַסן פון וואַרשע און זיי זענען געווען אַ קאָשמאַרער קאָנטראַסט צו דעם לוקסוס און דער הפקרות, מיט וועלכע יענע גאַסן זענען געווען פול.

און ווען אַזאַ „חסדל" האָט אַמאָל נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם שומר פון דער אָרדענונג פאַר דעם גנאָד, וואָס ער האָט אים אַרויסגעוויזן, אָדער דעם פּאָליציי־מאַן איז פּלוצים אָנגעקומען אַ רשעות און אַן אַנטיסעמיטישער „קראַמף", האָט מען געדאַרפט זען מיט וויפל ברוטאַליטעט ער האָט אַ מאַרדעווע געטאָן מיט זיין „פּראָטעזשירטן" און ווי אַזוי ער האָט אים אַרעסטירט און זיין ביסל סחורה געלאָזט אויף הפקר. דער אַזוי גערופענער חסד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער גרעסטער אכזריות.

מיר איז גראָד אויסגעקומען צו פאַרבלייבן אין וואַרשע אויף יום־כיפּור. עס איז געווען סוף זומער און אָנהויב הערבסט. די שטאָט וואַרשע איז געווען מוראַדיק פול מיט דעם קאָנטראַסט פון אַביסל גאָר רייכע און פון אַ סך שווידערלעך אָרעמע. די שטאָט אַליין איז געווען שיין און פול מיט באַוועגונג. די טעג און די נעכט זענען געשטאַנען שיינע, לויטערע און נישט קיין סטאַבילע. אָט איז נאָך געווען שטאַרק הייס און אָט איז געוואָרן קיל. עס האָט געשמעקט מיט פאַרוועלקטע בלעטער, פאַרלעגערטע פּרוכטן און מיט בלומען וואָס הייבן אָן צו וויאַנען. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט דעם זעלביקן ריח, וואָס דער האַרבסט. אויך די פּאַרפומען, וועלכע האָבן זיך דאָ געטראָגן פון די פרויען מער ווי אין אַמעריקאַנער און אויך אַנדערע אייראָפּעישע שטעט, האָבן געהאַט דעם זעלביקן האַרבסט־ריח.

די גאַנצע צייט פון די עשרת ימי תשובה בין איך געווען אין די מערסטע שילן, בתי־מדרשים, סינאַגאָגעס, קליזלעך און שטיבלעך. איך בין געווען אין די אָרעמסטע, מיטעלע און רייכע יידישע געבעט־הייזער. איך בין געווען אין חסידישע שטיבלעך פון פאַרשידנסטן שטייגער. אין אַזעלכע שטיבלעך, ווו מען האָט געדאַוונט אויף אַזעלכע קולות, אַז עס איז געווען אַ חידוש, וואָס די סטעליע האָט זיך נישט געשפּאָלטן, און אין אַזעלכע שטיבלעך, ווו מען האָט געדאַוונט שטיל און בנעימותדיק. איך בין געווען אין אַזעלכע געבעט־הייזער, ווו די דאַוונער האָבן אויסגעזען ממש מיטלאַלטערלעך און אין אַזעלכע שילן, ווו עס האָבן געדאַוונט יאָלדיש באַלעבאַטישע יידן, האַלב מאָדערנע מענטשן, גאַנץ־מאָדערנע. איך האָב געהערט חזנים, וואָס האָבן געהערט צו די בעסטע אין דער וועלט. אייניקע פון זיי האָבן טאַקע געהאַט וועלט־נעמען. און איך האָב געהערט חזנים וואָס האָבן אינגאַנצן קיין שטימען נישט געהאַט און זיי האָבן מער געשריען, ווי געזונגען. אייניקע האָבן דאָס געטאָן מיט שרעקלעך באַנומענע און הייזעריקע קולות. אין זייער אַ סך שילן האָבן אַלע

מתפּללים געזונגען אינײנעם מיט דעם חזן און אַ סך פון זיי האָבן געהאַט שענערע שטימען און מער מתיקות ווי ער. אייניקע מתפּללים האָבן געהאַט שטימען, וואָס זענען געווען טאַקע שאגת הארי און זיי האָבן מיט זיי געשאָקלט די ווענט.

און אָט איז געקומען דער טאָג פון ערב יום־כּפּור. ניט זײענדיק קיין פרומער ייד, האָב איך דאָך געפילט אַ נייטיקייט צו גיין ערגעץ צו כל־נדרי. דערצו האָב איך אויך געפילט, אַז ווי אַ יידישער שרייבער דאַרף איך זען ווי עס זעט אויס וואַרשע צו כל נדרי. איך האָב שוין געהאַט געזען אַ סך, אַ סך גרויסע שטעט צו כל נדרי, סיי אין דער אַלטער היים, סיי אין דער נייער. איך האָב געזען צו כל נדרי בערדיטשעוו, אָדעס, קעשענעוו, בוקאַרעשט, ווין, בערלין, פּאַריז, לאָנדאָן, ביז ניו־יאָרק. כ׳ייט פאַראַן קיין אין שטאָט אין דער וועלט, ווו מען זאָל נישט דערפילן אַ ציטער צו כל נדרי, אויב דאָרט איז נאָר פאַראַן אַ באַדייטנדיקער יידישער קיבוץ. איך קען נישט פאַרגעסן אַ כל נדרי־נאַכט אין בוקאַרעשט, בעת דעם ערשטן וועלט־קריג אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. מיר האָבן זיך דעמאָלט דערלויבט אַ מין ביטערן שפּאַס. איך און מיין חבר, דער איצט באַפרייטער סאָוויעטיש־יידישער דיכטער יעקב שטערנבערג, אַן אונגאַרישער יידישער אָפיציר און אַ גאַליציאַנער יידישער סאָלדאַט, האָבן זיך אַרויסגעלאָזן איבער דער צענטראַלסטער גאַס פון דער רומענישער הויפּטשטאָט איבער דער „קאַלעא וויקטאָריע״ און אָפּגעשטעלט מענטשן און ביי זיי געפרעגט „מי הוא זה מלך הכבוד״? עס האָבן אונדז געענטפערט צו דער זאַך אַ סך מער מענטשן וויפל מיר האָבן דערוואַרט. אַ פרוי האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז צו כל נדרי און זי האָט זיך צעוויינט.

איך בין געשטאַנען פאַר דעם פּראָבלעם: וווהין גייט מען צו כל נדרי. איינער פון מיינע פריינד האָט מיר פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— איך אויף אייער אָרט וואָלט געגאַנגען אויף דעם בית עולם.

— אויף וועלכן בית עולם? — האָב איך געפרעגט אַ דערשטוינטער.

— אויף דעם גענשער יידישן בית עולם.

— מען זאָגט דאָרט כל נדרי?

— אוודאי זאָגט מען.

— זוער און ווי אַזוי?

— וואָס דאַרפט איר אַזוי פיל פרעגן? גייט, וועט איר זען.

איך האָב געפאָלגט און איך בין געגאַנגען. איך בין אומישנע געגאַנגען צו־פוס, כאָטש עס איז געווען גאַנץ ווייטלעך. איך האָב געוואָלט זען וואַרשע ערב יום כפּור. איך בין דורכגעגאַנגען זייער אַ סך אָרעמע גאַסן און געסלעך. איך בין דורכגעגאַנגען די סמאָטשע גאַס, וואָס איז געווען באַרימט מיט איר דלות און מיט איר אונטערוועלטישקייט. דאָרט איז געווען אַ קליין שולעכל, וווהין עס פלעגן אָפט קומען גנבים. פלעגט מען זאָגן, אַז אין פאַליש פון יענער שיל איז געווען אַ מעלדונג, אַז דער דאָזיקער, וואָס וויל פאַרמאַכן די אויגן ביים זאָגן שמע ישראל, מעג דאָס טאָן, אָבער בלויז אויף אייגענער אחריות.

די גאַנצע שטאָט האָט געפיבערט און עפּעס ווי געציטערט. אפילו די פאַר־דעכטיקטע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך געדרייט אין יענער געגנט, וואָס האָט געפירט צום בית־עולם, האָבן אויסגעזען עפּעס אַנדערש ווי שטענדיק. זיי האָבן אויסגעזען אויפגערוימטע און יום־טובדיק. זיי האָבן געקוקט מילדער און מיט

ווייניקער פֿאַרדאַכט אויף די מענטשן וואָס זיי האָבן באַגעגנט. עס האָט זיך געפֿילט אַ געוויסע פֿרייד אין יענע אָרעמע געסלעך, אָבער די פֿרייד איז געווען אַ טרויעריקע און אַ געצווימטע. פֿרומע פֿרויען האָבן נישט אויפֿגעהערט קוקן אַרויף צום הימל און זיי האָבן שוין באַצייטנס געבעטן ביי גאָט, אַז ער זאָל באַשערן געזונט און פּרנסה און ער זאָל מוחל זיין אויף די עבירות.

עס איז שוין געווען פֿאַרנאַכט, ווען איך בין צוגעקומען צום געגנשער בית־עולם און איך האָב באַמערקט, אַז דער וועג אַהין איז פֿול געווען מיט מער מענטשן ווי מען זעט דאָרט געוויינלעך. און אַנדערע מענטשן זענען דאָס געווען. זיי האָבן אויסגעזען זייער גרוי און וואָכעדיק און עפּעס האָט דאָך געציטערט פֿון זיי מיט יום־טוב. די אָרעמקייט האָט אַראָפּגעיאָמערט פֿון זייערע קליידער און זייערע פּנימער און עפּעס איז זי דאָך געווען פֿאַרפּוצט, די אָרעמקייט. און קאַליקעס זענען געווען צווישן די מענטשן, וואָס האָבן זיך געצויגן צום בית־עולב. אַלערליי קאַליקעס. אַ מענטש מיט אַ הויקער איז שוין דאָ געווען אַ העלד. עס זענען געגאַנגען מענטשן מיט בלינדע אויגן. ווער עס איז געווען בלינד אויף איין אויג, וואָס איז געווען אויסגערונען, אָדער האָט געהאַט אַ בעלמע, און ווער ס'איז געווען בלינד אויף ביידע אויגן. פֿאַר די לעצטע איז אַ בלינדער אויף איין אויג געווען אַ קעניג. עס זענען געגאַנגען מענטשן מיט קוליעס. אייניקע האָט געפֿעלט איין פֿוס און די הויזן האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, אַנדערע האָבן געפֿעלט ביידע פֿיס און זיי האָבן זיך געשלעפּט אויף וועגעלעך, וואָס זיי האָבן אַליין געשטופּט, אָדער אַנדערע האָבן זיי געהאָלפֿן שטופּן. מענטשן אָן הענט האָבן אויך געהערט צו די „אַריסטאָקראַטן" צווישן די קאַליקעס. געווען מענער און פֿרויען מיט אַזעלכע דעפֿאָרמירטע פּנימער, אַז עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן.

איך האָב נישט געוואָלט קוקן אויף דער שוידערלעכער אויסשטעלונג פֿון מומים, אָבער איך האָב נישט געקענט. עס האָט מיך געצויגן ווי אַ מאַגנעט. וואָס פֿיינלעכער עמיצנס אויסזען איז געווען, אַלץ מער האָט מיך געצויגן צו קוקן אויף אים. איך האָב געהאַלטן אין איין אַריבעריאָגן די קאַליקעס און איך האָב אַלץ נישט באַוויזן צו זיין פֿאַר זיי אַלע. די גאַנצע צייט האָט זיך נאָך געצויגן אַ שערענגע פֿאַר מיר. און אָט בין איך שוין ענדלעך אויף דעם בית־עולם. ביים אַריינגיין איז געווען אַ געדרענג. עס איז נאָך געווען פֿרי און דאָך האָט מען זיך געאיילט. איך האָב נישט געקענט פֿאַרשטיין, וואָס עס איז דאָס איילעניש, אָבער ווען איך בין אַריינגעקומען האָב איך דאָס פֿאַרשטאַנען. דער בית־עולם איז שוין געווען פֿול מיט מענטשן. און לעבן דעם עמוד מיט די גרויסע וואַקסענע ליכט איז שוין קיין פּלאַץ נישט געווען.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט. דער בית־עולם איז פֿול געווען מיט ברענענדיקע ליכט. עס האָבן געברענט געלע, וואַקסענע ליכט, און עס האָבן געברענט ווייסע, סטעאַרינענע ליכט. עס האָבן געברענט גאָר גרויסע ליכט, מיטעלע און אויך קליינע. די ליכט, וואָס מען צינדט אָן אויף יום־כּפּור, הייסן נשמה־ליכט. די פֿרומע יידענעס לייגן קנייטלעך פֿאַר די נשמות פֿון די טויטע. און דאָ האָבן די נשמה־ליכט געברענט אויף דעם סאַמע בית־עולם, ווו עס ליגן די טויטע, פֿאַר וועמען מען צינדט אָן די ליכט. די ברענענדיקע ליכט האָבן פֿאַרשפּרייט אַ היפּשלעכן טשאַד, כאָטש עס איז דאָך געווען אין דרויסן און ס'איז געווען גאַנץ לופֿטיק. פֿון צייט צו צייט האָט

אַ ווינטל אַ שטאַרקערן בלאָז געטאָן און געלאָשן אויף העלפט די ליכט. אַנדערע האָט דאָס אינגאַנצן אויסגעלאָשן. די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס פון די ליכט, וואָס זענען אויסגעלאָשן געוואָרן, זענען צוגעלאָפן איבערגעשראָקענע און זיי ווייטער אָנגעצונדן.

איך האָב זיך פאַרקוקט אויף דעם עולם. ער איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער. אין די אויגן אַריין האָבן זיך זייער שטאַרק געוואָרפן די קאַליקעס. אינעווייניק זענען געווען אַ סך מער נאָך וויפיל איך האָב געזען אויף דעם וועג, אָבער אייניקע פון זיי האָבן אויסגעזען נאָך ערגער ווי יענע. איך האָב שוין געזען אין פאַרשידענע שטעט פון אייראָפּע און אַזיע באַרימטע רעזערוואַטן פון קריפּלס. איך האָב געזען אויף די מאַרקן פון בעטלער עכטע און פאַלשע קאַליקעס. איך האָב אין אַ געוויסער געגנט פון דער יידישער ווילנע געזען אָן אַ שיעור קריפּלס. אַזאַ פאַנטאַסטישע „אויסשטעלונג" פון מענטשלעכע מומים, ווי איך האָב געזען דעמאָלט אויף דעם בית־עולם אין וואַרשע, האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען.

איך האָב באַהערשט אין זיך די פיינלעכקייט, וואָס די קאַליקעס האָבן ביי מיר אַרויסגערופן און איך האָב באַקוקט דעם אַנדערן עולם. געווען גענוג אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פעלער און זיי האָבן אויסגעזען נישט ווייניקער אומגליקלעך. אייניקע פון זיי, סיי עלטערע און סיי יינגערע, סיי מענער און סיי פרויען, האָבן אויסגעזען אַזוי נעבעכדיק, אַז זיי האָבן נישט געדאַרפט קיין מום אַרויסצורופן רחמנות, עס איז געווען גענוג, אַז זיי זאָלן אַ קנייטש־טאָן דאָס פנים און אויסשטרעקן אַ האַנט, אַז זיי זאָלן אויסזען שרעקלעך רחמנותדיק. איך האָב זיך געקלערט, אַז ווען גאָט וואָלט געגעבן אַ ריכטיקן קוק אויף זיי און ער וואָלט טאַקע געווען אַ גאָט פון רחמנות, וואָלט ער זיי געדאַרפט העלפן.

און לעבן די אָרימעלייט מיט און אָן פיזישע פעלער איז געווען אויף דעם בית־עולם צו כל נדרי די אונטערוועלט פון וואַרשע. מען האָט געקענט דערקענען העלדן פון אַלערליי יידישע שרייבער. מען האָט זיך געקענט אָנשטויסן ווער עס איז „בלויז" אַ גנב און ווער עס איז אויך אַן אַלפאָנס. און צווישן די גנבים האָט מען געקענט דערקענען ווער עס איז אַ פלינקער יאַט, אַ גאָלדן הענטל און ווער עס איז אַ גבר, אַ בחור מיט אַ האַנט ווי אַ לאַפּע פון אַ בער, וואָס קען מיט איין ריר פאַרטויבן זיין קרבן און ביי אים צונעמען אַלץ. און מען האָט אויך דערקענט די עלטערע אונטערוועלטניקעס, די „סאָלידערע" גנבים, וואָס זייער אַרבעט איז שוין מער געבן עצות, ווי טאַקע גנבענען אַליין. און געווען עלטערע באַלעבאַטים פון „הייזלעך", וועלכע זענען באַקאַנט אונטערן נאָמען „שאַפּשאָוויטשעס". זיי זענען געווען מיטליאָריקע מענטשן, מיט בערד, וואָס האָבן שוין אויך געהאַט גרויע פאָסן און מיט שווערע בייכער. זיי זענען אַלע געווען אויסגעפּוצט יום־טובדיק און אייניקע פון זיי האָבן געוויזן אויף די בייכער זילבערנע און אַפילו גאָלדענע קייטן פון זייגערס. עס קען מיר נישט אַרויס פון זכרון איין יאַט, וואָס האָט אויסגעזען פונקט ווי עס האָט אויסגעזען דער באַוווסטער וואַרשעווער שוישפּילער אייזיק סאַמבערג, ווען ער האָט געשפּילט „מאָטקע גנב". און איינער האָט אויסגעזען פונקט ווי מאָריס שוואַרץ אין דער ראָליע פון „יעקל שאַפּשאָוויטש" אין דער פּיעסע „גאָט פון נקמה". מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט פרעגן ביי אים, צי ער האָט נאָכגעמאַכט שוואַרצן, אָדער שוואַרץ האָט אים נאָכגעמאַכט...

געווען צווישן אַט די אונטערוועלטניקעס אויך איניקע, וואָס האָבן געטראָגן חסידישע קליידער. זיי האָבן נישט געטראָגן קיין היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס, ווי אַלע אַנדערע, נאָר קליינע היטעלעך מיט שטאָפענע דאַשקעס, אַזוי ווי עס האָבן געטראָגן די חסידישע יידן אין פּוילן. און אויך לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן אייניקע פון זיי געטראָגן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אייניקע פון זיי „אַרבעטן" אַליין אַלס גנבים און טאַקע זייער פרום אויסזען העלפט זיי אין זייער „פאַך". מען האָט מיר געזאָגט, אַז אויף דעם בית עולם זענען דעמאָלט געווען אייניגע גנבים מיט אַ גרויסן שם אין דער אונטערוועלט. זיי זענען געווען, ווי מען רופט דאָס, „טייז". איך האָב זיך געחידושט און איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס פּאָליציי פּאַלט נישט איבער דעם בית־עולם אין יענעם מאָמענט. איך האָב זיך דערנאָך דערוווּסט, אַז עס איז געווען אַ ווונק פון אויבן, אַז מען זאָל אין יענער נאַכט צו רו לאָזן די יידישע אונטערוועלטניקעס, פּונקט ווי מען האָט אין די קריסטלעכע יום טובים צורו געלאָזט די גוישע אונטערוועלטניקעס, וואָס זייער צאָל איז געווען אַ סך גרעסער, ווי די יידישע. און אפשר האָט פּאָליציי אויך געכאַפּט אין דער יד אַריין, אַז זי זאָל אַהין נישט צופיל אַריינקוקן. עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז אַרום און אַרום האָט דאָך קיין פּאָליציי נישט געפעלט, אָבער זי האָט זיך געהאַלטן פון דער ווייטן און איז געווען גרייט זיך אַריינמישן בלויז אין פאַל פון אַן אומאָרדענונג.

אויך צווישן די פרויען האָבן נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס געהערן צום תהום, אויסער בעטלערנס, וואָס האָבן אויך פאַרמאָגט אַ גאַנץ ווולגאַרע שפּראַך צווישן זיך און מעקלערנס פון דינסטן און טאַקע דינסטן און קעכנעס זענען געווען אַ סך פון דער סאַמע אונטערוועלט. עס זענען געווען יונגע גאַסן־פרויען, מיט פאַרריסענע אויסזענס, וואָס האָבן זיך פאַרקעמט מיט „פּאות" אויף די באַקן און וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט צו באַווייזן זיך מיט אַלע טיילן פון קערפּער. און עס זענען געווען אויך עלטערע גאַסן־מיידלעך, וואָס האָבן אויסגעזען פאַרוועלקט און אָפּגעקראָכן און די פאַרב און די פּודרע, וואָס זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט, האָבן זיי שוין נישט געהאָלפן צו פאַרגלעטן די קנייטשן. ביי אייניקע האָבן זיך שוין געוויזן בולטע סמנים פון געוויסע קראַנקהייטן. בחורים און אויך עלטערע מענער האָבן געקוקט אויף זיי מיט באַדויערן. און עס זענען געווען אויך עלטערע פרויען, וועלכע ווערן גערופן „מומעס". זיי זענען געווען געפּוצט אין עסיק און אין האָניק און זיי האָבן געטראָגן אַ היפּש ביסל צירונג אויף די פינגער, אויף די אויערן און אויף די ברוסטן. די דאָזיקע פרויען האָבן געמאַכט דעם ערגסטן און אָפּשטויסנדיקסטן איינדרוק. זיי האָבן געווירקט פיינלעכער אַפילו ווי די קאַליקעס.

די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין. לעצטע שטראַלן האָבן זיך נאָך דאָ און דאָרט געשפּילט מיט די קברים. אייניקע האָבן זיך געטראָפן אין שכנהשאַפט מיט די ברענענדיקע ליכט און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז עס גייט אָן אַ קאָנקורענץ צווישן די טוקנדיקע פלעמלעך און שפּילנדיקע שטראַלן. מען האָט זיך גענומען גרייטן צו כל־נדרי.

אייניקע האָבן זיך אָנגעטאָן אין קיטלען, טליתים האָבן די מערסטע אָנגעטאָן. נאָר די בחורים האָבן קיין טליתים ניט אָנגעטאָן. און עס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, אַז די צאָל אומפאַרהייראַטע איז געווען קליין. איך האָב זיך צוגעקוקט צו די טליתים. געווען צווישן זיי זייער אַ סך אַלטע, פאַרגרינטע, פאַרגעלטע,

צעריסענע און פאַרלאַטעטע. אייניקע האָבן געהאַט עטרות פון זילבער, וואָס זענען געווען צעריסן און עס זענען געפאַלן שטיקער פון זיי. די זילבערנע פעדים האָבן זיך געטריפעט. אייניקע האָבן געטראָגן גאָר לאַנגע טליתים, אַנדערע האָבן געטראָגן קורצע, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שאַרפלעך, און אויך צווישן די קורצע האָבן נישט געפעלט קיין אַלטע און קיין צעריסענע.

כ׳האָב באַמערקט ווי אַ יונגערמאַן מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק און מיט אַ זייער פראָסטן פנים און אויך גאַנץ פראָסטע קליידער, האָט אַרויסגענומען פון אַ טלית־זעקל אַ נייעם טלית, אַ שימערירנדיקן פאַר ווייסקייט, אַ שיינעם און אַ ריינעם און ער האָט זיך איינגעהילט אין אים. איך האָב זיך געחידושט, וואָס אַ מאַן מיט אַזאַ פראָסטעוואַטן אויסזען, האָט אַזאַ שיינעם און פיינעם טלית. און מיר איז איינגעפאַלן אַ פאַרדאַכט, אַז ער האָט מיט אַ פאָר טעג פריער, אָדער אפשר נאָר מיט איין טאָג פריער ערגעץ צוגעגנבעט דעם דאָזיקן טלית. פאַר אים איז גנבענען נישט קיין פאַרברעכן, נאָר אַ פרנסה. און זאָגן כל נדרי אין אַ שיינעם טלית איז פאַר אים אַ גרויסע מצווה.

אין דער צייט, וואָס די מענער האָבן אָגעטאָן די טליתים, האָבן די פרויען אויך זיך גענומען גרייטן צו כל נדרי און די דאָזיקע, וואָס זענען נאָך געגאַנגען מיט די בלויזע קעפּ, האָבן זיי פאַרדעקט מיט טיכלעך און שאַליקעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די פלייצעס. עס האָט אויסגעזען שוידערלעך־פייערלעך. יום־טובדיק, שרעקלעך און עפּעס ערגערס. מען האָט געהערט זאָגן די „תפילה זכה״, דאָס געבעט, וואָס מען זאָגט פאַר כל־נדרי. דאָס דאָזיקע געבעט האָט אַ גאַנץ שווערן עברי און פונדעסטוועגן האָט מען פון אייניקע געהערט זאָגן די ווערטער זייער ריכטיק און מיט דעם ריכטיקן געפיל. מען האָט דערקענט, אַז עס פעלן דאָ נישט אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט אין אַ חדר און אפשר נאָך מער. עס האָט זיך געהערט אַ קרעכצן פון מענער, וואָס איז באַלד באַגלייט געוואָרן פון אַ העשען פון פרויען. און דאָס וויינען האָט געמאַכט פונקט אַזאַ מאָדנעם איינדרוק, ווי דאָס גאַנצע בילד. די זאַך איז געוואָרן מער ווי מאָדנע. אויף אַ בית־עולם, ווו עס ליגן יידן פון פאַרשידענע שיכטן, אייניקע פון גרויסן יחוס, זענען זיך צונויפגעקומען מענטשן, וואָס זייער רוב טוט אַלצדינג וואָס גאָט האָט פאַרבאָטן און זיי בעטן דאָך ביי גאָט. אין דער נאָענט זיינען געווען קברים פון באַרימטע רבנים, מיוחסים און גבירים, וואָס האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פון די פוילישע יידן פון פוילן כלל. און ווי ווייט איז עס געווען פון דעם „אוהל פרץ״, ווו עס ליגט יצחק לייבוש פרץ, אינאיינעם מיט יעקב דינעזאָן און ש. אַנ־סקי. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע דאָ אַ וואַריאַנט פון פרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״.

דער חזן האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסצוהוסטן. כאָטש ער האָט זיך שטאַרק געהילט אין טלית, וואָס האָט אים פאַרשטעלט כמעט דאָס גאַנצע פנים, האָב איך באַוויזן אים צו זען. ער איז געווען אַ מאַן עפּעס מער ווי מיטליאָריק און ער האָט שוין געהאַט אַ ווייסע באָרד. ער האָט געהאַט נישט קיין שטאַרק אידל פנים, אָבער זיינע אויגן האָבן געהאַט אַן אידעלן און טרויעריקן ברי. אָט־אָט און דער חזן וועט זאָגן די אַלטע תפילה, וואָס רופט אַרויס אַזאַ ציטער ביי יידן און האָט אַרויסגערופן אַ סך ציטער אויך ביי נישט יידן.

און פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ געקלימפּער, ווי פון אייזערנע קייטן, אַלע האָבן געווענדט די אויגן צו דעם טויער, פון וואַנען דער געקלימפּער האָט זיך געלאָזט הערן. עס איז אַריינגעקומען אַ פּוילישער פּאָליציימאַן מיט צוויי מענטשן, וואָס זענען געווען געשמידט אין קייטן. אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען לעבן חזן און וואָס איז מסתמא געווען דער אײַפּזועער איבער דעם כל־נדרי זאָגן אויף דעם בית־עולם, איז צוגעלאָפן מיט אימפּעט צום טויער. די דערשיינונג איז סיי ווי שוין יעדן געווען פאַרשטענדלעך. מען האָט געבראַכט צוויי פאַרברעכער, וואָס האָבן געוואָלט הערן כל נדרי. זיי זענען מסתמא געווען אַזעלכע געפערלעכע, אַז מען האָט זיי מורא געהאַט אויסצוטאָן די קייטן. מען האָט די קייטן נישט געזען, זיי זענען פאַרדעקט מיט זייערע קליידער, אָבער מען האָט זיי געהערט.

עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז וואַנען די אויפרודערונג איז איינגעשטילט געוואָרן. אַ לאַנגע צייט זיינען נאָך אַלעמענס בליקן געווען געווענדט צו דעם טויער, וו די צוויי געשמידטע זיינען געבליבן שטיין. דער זעלביקער מאַן, וואָס איז געגאַנגען זיך אינפאָרמירן ביים פּאָליציימאַן וועגן די צוויי „געסט", וואָס ער האָט געבראַכט, האָט ביים צוריקגיין אויף זיין פּלאַץ געמוזט אַ סך מאָל קלאַפּן מיט דער האַנט אין מחזור אַריין, ביז אַלץ האָט זיך איינגעשטילט און דער חזן האָט גענומען זאָגן מיט אַ פּראָסט און שטאַרק קול „על דעת המקום ועל דעת הקהל" — מיטן וויסן פון גאָט און מיטן וויסן פון קהל „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה", ביי דער אויבערשטער זיצונג און ביי דער אונטערשטער זיצונג, „אנו מתירין להתפּלל עם העברינים" — דערלויבן מיר צו דאַוונען מיט די זינדיקע. כאָטש די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אין לשון קודש, די שפּראַך, וואָס די מערסטע האָבן דאָ נישט פאַרשטאַנען, האָבן אַלע רעאַגירט אויף די אַרויסגעזאָגטע ווערטער, גלייך ווי זיי האָבן זיי פולשטענדיק פאַרשטאַנען. אפשר האָט מען זיי אַמאָל דערקלערט, וואָס די דאָזיקע ווערטער באַטייטן, אפשר האָבן זיי דערפילט מיט זייערע אינסטינקטן, אַז דאָס איז אַ קורצע תפילה, וואָס איז זיי נוגע... און אפשר האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז זיי רעאַגירן אַזוי.

עס איז שוין געווען טונקל. דאָ און דאָרט האָט אין לויטערן הימל גענומען פינקלען אַ שטערן. און דער חזן האָט אָנגעהויבן זינגען די אַלטע ווערטער מיט דעם אַלטן נוסח. און כאָטש זיין שטימע איז געווען האַרט, איז זי געוואָרן עפּעס ווייכער און זי האָט געקלונגען האַרציק. ביים אָנהויב האָט זיך געהערט אַ שטיל העשען. פריער בלויז פון ווייבער און דערנאָך אויך פון מענער. און ווען דער חזן האָט געזאָגט די ווערטער „מיום כפּורים זה עד יום כפּורים הבא", איז געוואָרן אַ גרויס געיאָמער. עס האָט זיך געהערט אַ כליפּען פון דעם גאַנצן עולם. עס האָט זיך געדאַכט, אַז נישט נאָר די לעבעדיקע וויינען, נאָר די טויטע יאָמערן אַרויס פון די קברים.

דריי מאָל האָט דער חזן געזאָגט, ווי דער שטייגער איז, כל נדרי און יעדעס מאָל איז זיין שטימע געוואָרן אי שטאַרקער, אי רירנדיקער און דאָס געוויין, וואָס האָט אים באַגלייט, איז אויך געוואָרן שטאַרקער און רירנדיקער.

איך האָב באַקוקט מיינע שכנים און אַלע מענטשן, אויף וועלכע מיינע בליקן האָבן נאָר געקענט פאַלן. איך האָב זעלטן געזען אַ פּאָר אויגן, וואָס זאָלן נישט זיין פול מיט טרערן. איך האָב זיך געפרעגט: וואָס ווערט דאָ אויסגעדריקט מער

פון אַלץ? איז עס שרעק, איז עס ווייטיק, איז עס סתם געוויין? און איך האָב זיך געענטפערט, אַז עס איז אַלץ אינאיינעם. מענטשן האָבן דאָ אַ געלעגנהייט אַראָפּצווייגען פון די הערצער פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן געליטן, זיי האָבן אויך אַ געלעגנהייט צו בעטן ביי גאָט, אַז עס זאָל זיי ווערן בעסער און זיי האָבן מורא, אַז עס וועט נישט ווערן און זיי שרעקן זיך. און דערפאַר איז פאַראַן אַזוי פיל פּחד אין זייערע אויגן.

ווען דער חזן האָט געענדיקט כל נדרי צום דריטן מאָל, האָבן אַלע נאָך אַ היפּשע צייט געהעשעט און געוויינט און זיי האָבן מיט שווערער מי איינגעשטילט דאָס יאָמערן. די מערסטע פון זיי האָבן זיך גענומען אויסווישן די אויגן. אַ סך האָבן דאָס געטאָן מיט קליינע, ווייסע טיכלעך, אַנדערע האָבן ארויסגענומען פון די קעשענעס שווערע רויטע טיכער. אייניקע האָבן זיך אויסגעווישט די אויגן מיט די טליתים.

דער חזן איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דעם דאַוונען. ער האָט געזאָגט די אַלטע תפילות און געזונגען אַלטע געזאַנגען און מען האָט אים געהאָלפן פון אַלע זייטן און מען האָט אים אויך פאַרשריען פון פאַרשידענע זייטן. געווען דאָרט ייִדן, וואָס האָבן געהאַט זיסערע שטימען ווי ער האָט געהאַט און אפשר אויך שטאַרקערע. אייניקע האָבן סתם געשריען אַזוי הויך, אַז זיי איבערשרייען האָט קיינער נישט געקאָנט. עס זענען געווען אייניקע תפילות, וואָס דער חזן האָט געזאָגט זייער האַרציק און זיי האָבן געקענט רירן אַפילו אַ שטיין, אָבער באַלד ווי כל נדרי איז געענדיקט געוואָרן, האָט מער ווי אַ העלפט פון עולם שוין נישט אַרויסגעוויזן דעם זעלביקן אינטערעס ווי פריער. דער פּאָליציי־מאַן האָט אַוועקגעפירט די צוויי „געסט", וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט פּונקט איידער מען האָט אָנגעהויבן זאָגן כל נדרי. ווידער האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון די קייטן. און ווידער האָט דער עולם נאָכגעקוקט די אַרעסטירטע. נישט איינער פון די נאָכקוקער האָט זיך געטראַכט, אַז איבעראַיאָר קען דאָס זעלביקע פּאַסירן מיט אים. און אפשר האָט דאָס שוין געהאַט פּאַסירט מיט אים. זייער אַ סך פון די מתפּללים האָבן שוין פאַרזוכט נישט איינמאָל דעם טעם פון טורמע.

דאָס קלימפּערן פון די קייטן האָט זיך געהערט אַ שטיקל צייט. עס איז גראָד געווען אין אַ מאָמענט, ווען מען האָט געדאַוונט שטיל. און דער קייטן־געקלאַנג האָט אי געמאַכט טרויעריק, אי געוואָרפן אַ שרעק. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קלימפּערן פון די קייטן האָט צוריק אומגעקערט די אויפמערקזאַמקייט צום דאַוונען פון דעם דאָזיקן טייל, וואָס איז שוין געווען גלייכגילטיק צו דעם. איין מאָל נאָך האָט דאָס דאַוונען ווידער אַ רודער געטאָן דעם גאַנצן עולם. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען דער חזן האָט זיבן מאָל אויסגעשריען „ה' הוא האלוקים" — גאָט איז גאָט! זיבן מאָל האָט דאָס דער חזן געזאָגט. שוין צום ערשטן מאָל האָט ער דאָס געזאָגט מיט אַזאַ שטאַרקן קול, מיט אַזאַ לייבן־געשריי, אַז די קברים האָבן זיך געשאָקלט. ביים זיבעטן מאָל האָט דער געשריי פון חזן ממש איינגעלייגט וועלטן.

נאָך דעם איז טאַקע נאָך געבליבן דאַוונען אַ באַדייטנדיקער טייל פון עולם, אָבער זייער אַ סך האָבן אַוועקגעלייגט די מחזורים און האָבן אויך אויסגעטאָן די טליתים. עס איז געוואָרן אַזאַ געגיי אַהין און אַהער און אַרויס און אַריין, אַז דער אויפזעער האָט געדאַרפט אַ סך מאָל און זייער שטאַרק קלאַפּן מיט דער האַנט אין מחזור

אַריין, אַז עס זאָל זיין שטיל. און מען האָט אים נישט צופיל געפאָלגט. דער חזן האָט דווקא האָפערדיק געזונגען אַ זמר וועגן דעם, אַז דער מענטש איז ביי גאָט, ווי ליים אין שעפערס האַנט, אָבער נישט אַלע האָבן זיך צו אים צוגעהערט. אייניקע האָבן זיך פאַררוקט אין די פאַרשידענע ווינקלען און געשמועסט צווישן זיך און אַנדערע זענען אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען.

און איך בין אויך אַוועקגעגאַנגען זען, ווי עס זעט אויס די כל נדרי נאַכט אין אַנדערע שולן און בית־המדרשים פון וואַרשע. דעם סאַמע עיקר האָב איך דאָך שוין געהאַט געזען און געהערט. איך האָב געזען און געהערט ווי אַזוי בעטלער און אונטערוועלטניקעס פון אַלערליי שיכטן און פוןביידע מינים זאָגן כל נדרי. איך האָב געפיבערט מיט מיין גאַנצן זיין און איך האָב זיך געטראַכט, וואָס פאַר אַ מאָדנע פאָלק דאָס יידישע איז.

די האַלבע לבנה, וואָס האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן אויפן לויטערן הימל, האָט מיך באַגלייט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי העלפט טרעפן מיינע געדאַנקען, וואָס זענען מיר אַליין נישט געווען קלאָר. אַריבער צוואַנציק יאָר זענען שוין פאַרגאַנגען זייט איך האָב געהערט און געזען כל נדרי אויפן וואַרשעווער גענשער בית־עולם און האָב נאָך אַלץ דאָס טשיקאַווע־גרויזאַמע בילד פאַר די אויגן און איך זע אַפילו אין דעם די גרויסקייט פון פוילישן יידנטום.

(געדרוקט אין „די פרעסע" — 1956)

מאיר באַלאַבאַן

## אַ פּרוּוו צו גרינדן די ערשטע העברעישע דרוקעריי אין וואַרשע



אין דער צווייטער העלפט פונם 18טן יאָרהונדערט, ווען דער חסידיזם האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט, זיינען אויף די מזרח־קאַנטן פון דער רעפּובליק, אין אַלעקסיניעץ, פאָריצק, סלאַוווטע א. אַ. אַנטשטאַנען קלענערע דרוי־קעריען, וועלכע ווירקן אַ געוויסע צייט און גיבן אַרויס פיל חסידישע און אַנדערע ספרים.

אין דער זעלבער צייט איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו גרינדן אַ דרוקעריי אין וואַרשע. נאָך פון די צייטן פון די מאַזאָוויעצקער פירשטן האָט וואַרשע געהאַט די פּריווילעגיע, אַז יידן איז נישט דערלויבט געווען דאָרט צו וווינען. די וואַרשעווער שטאָטישע בירגער („מיעשטשאַנעס") האָבן שטאַרק אָפּגעהיט זייער פּריווילעגיע, און נאָר בשעת די סיימען — ווען עס זיינען אָנגעפאָרן פיל פון דער שליאַכטע און פרעמדע סוחרים — איז אויך פאַר יידן געווען דערלויבט צו קומען און האַנדלען אין דער הויפּט־שטאָט. נאָכן ענדיקן פון אַ יעדן סיים האָט דער טרומייטער פון מאַרשאַלעק „אַרויסגערופן" די יידן פון שטאָט. אָבער די יידן האָבן שטענדיק געפונען אַן עצה, צו מאַכן אַ היתר־עסקה, און הינטער די ראָגאַטקעס פון שטאָט — ביי דער פּראָטעקציע פון די אייגנטימער פון די פאָרשטעטישע „יורידיקעס" — האָבן זיי געגרינדעט דאָס נייע ירושלים („נאָוואַ יערוזאַלימאַ") און ניי־פּאָטאָק, און דאָ האָבן זיי געפירט דעם האַנדל אין דער צייט צווישן איין סיים און דעם אַנדערן.

---

פּראָפעסאָר ד"ר מאיר שמואל באַלאַבאַן — איז געבוירן געוואָרן אין לעמ־בערג אין יאָר 1877. אפשר דער גרעסטער קענער פון דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן. אים האָבן נישט אינטערעסירט אַזוי שטאַרק די דאַטעס, ווי פיל מער דער מענטש, דער ייד הינטער די דאַטעס: דער מענטש, זיין משפחה, זיין הויז, זיין טאָג-טעגלעכקייט. באַלאַבאַן האָט זיך אין יאָר 1920 באַזעצט אין וואַרשע און דאָ איז ער, אין יאָר 1942, געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין געטאָ. זיינע ביכער אין פּויליש, דייטש, יידיש, העברעיש זיינען צאָלרייך, זיינע היסטאָרישע אַרטיקלען — אָן אַ צאָל. ער האָט נישט נאָר געשריבן יידישע געשיכטע אין פּוילן — ער האָט זי מיטגעלעבט אין רעטראָספּעקטיוו. דער מאמר, וואָס מיר ברענגען דאָ, דערציילט וועגן אַ נישט געלונגענעם פּרוּוו צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי אין וואַרשע אין סוף פון 18טן י. ה. אין דעם זעלבן וואַרשע, וואָס האָט הונדערט יאָר שפּעטער געדאַרפט רוישן מיט דער גרעסטער צאָל יידישע דרוקעריען אין אייראָפּע.

אָבער די וואַרשעווער „מיעשטשאַנעס" האָבן נישט געוואָלט פּאַרטראָגן די געפער־לעכע קאָנקורענץ און זיך באַמיט אַרויסצוטרייבן די יידן אויך פון די פּאַרשטעטישע ישובים. זיי איז דאָס געלונגען אין יאָר 1776, און באמת האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די פּאַרשטעט און זייערע קראָמען גלייך־געמאַכט מיט דער ערד.

אין יענער צייט פון דער „יידישער צעשטערונג" האָט זיך אָנגעהויבן די באַ־מיונג צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי אין וואַרשע. דער האַנדלס קאָמיסאַנט פונם קעניגלעכן הויף און דער ליפעראַנט פון דער קייזערלעכער מינץ־פּאַלאַטע, לייזער איזאַקאָוויטש (בן יצחק) פון קראָטאָשין באַקומט פונם מלך סטאַניסלאַוו אויגוסט אַ פּריווילעגיע צו עפענען אַ העברעישע דרוקעריי „אין זיין ירושה־אָרט גאַלענדזי־נאָוו אין פּראַגע ביי וואַרשע". דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס דער קעניג האָט איינ־געזען, „אַז די יידישע דרוקערייען זיינען אַרונטערגעקומען", און אַז באַדייטנדע סו־מען „גייען אַרויס יעדעס יאָר פון לאַנד קיין אויסלאַנד, צו ברענגען יידישע ביכער, סיי פאַר זייערע תפילות, סיי לוחות און אַנדערע, און היות ווי יידן אין קרוין־פּוילן און אין ליטע זיינען נישט קיין קליינער טייל פון די איינוווינער, און צום געברויך פון ביכער, וואָס געהערן צו זייער גלויבן אין די געבעט־הייזער, שולן און פּריוואַטע הייזער... זיינען זיי געצוווּנגען אין אויסלאַנד צו קויפן".

דער קעניג גיט איבער די מאַכט און השגחה אויף דער דאָזיקער דרוקעריי דאָס רעכט צו ברענגען מענטשן, מאַשינען און מאַטעריאַלן דעם זעלבן לייזער איזאַקאָ־וויטש און זיין איידעם יאָנאַס (יונה) יאַקובאָוויטש, און דערמיט „ווערן אָפּגעשאַפט די פּריווילעגיעס, וואָס זיינען דורך אים אָדער זיינע פאָרגייער אַרויסגעגעבן גע־וואָרן אַלע אַנדערע יידישע דרוקערייען". די צוויי דערמאָנטע „פּריווילעגירטע" איז אויך דערלויבט צו ברענגען פון אויסלאַנד „תלמודישע ספרים" אויף אַזאַ אופן: קודם־כל זאָל ער אין יעדער שטאָט און שטעטל פון קרוין־פּוילן אין ליטע פונ־אַנאַנדערטיילן פריער צו איין באַנד פונם דערמאָנטן ש"ס אויף פּרענומעראַטע, ד.ה., אָפּנעמענדיק פאָראויס אַ העלפט פון דעם, וואָס אַלע עקזעמפּלאַרן פון תלמוד וועלן קאָסטן, און די צווייטע העלפט דאַן, ווען דער גאַנצער תלמוד, וועלכער באַשטייט פון 12 בענדער, וועט צוגעשטעלט ווערן. צווייטנס: אַז אין גרעסערע שטעט זאָלן זיי אויספאַרקויפן די גרעסערע ש"סן — און אין די קליינע שטעט — די קלענערע שס"ן און דערביי נאָר צו איין עקזעמפּלאַר... דריטנס: כדי די שולן און די פּריוואַטע מענטשן, וועלכע וועלן געבן געלט אויף דעם דאָזיקן תלמוד, זאָלן זיין זיכער, אַז פאַר זייער געלט וועלן זיי באַשטימט באַקומען דאָס גאַנצע ווערק פון תלמוד, באַ־שטימען מיר צו די אויבנדערמאָנטע יידן: לייזער און יונה אַלס גענעראַל קאַסירער דעם בירגער אַדאַם זימאַן, אַ סוחר פון דער אַלטשטאָט וואַרשע; ביי זיינע סובאַל־טערנען (אָנגעשטעלטע) דאַרף זיך געפינען די קאַסע פון הכנסה און הוצאה, און אין זיין נאָמען וועלן די דאָזיקע סובאַלטערנען אַרויסגעבן אַ קוויט איטלעכער שטאָט אויף דעם איינגעצאָלטן אַבאָנאַמענט־געלט און וועלן איר ערוב זיין, אַז דער גאַנצער תלמוד וועט באַשטימט צוגעשטעלט ווערן".

האָבנדיק אין טאַש די קעניגלעכע פּריווילעגיע, האָט לייזער קראָטאָשינער אָנ־געהויבן זוכן שותפים. הגם ער איז געווען אַ קאָמיסאַנט אין ברעסלוי אין משך פון 25 יאָר, האָט ער נישט געמאַכט קיין פאַרמעגן, און די אויסלענדישע בוכהענדלער אין אַמסטערדאַם, פראַנקפורט אאַ"וו האָבן געזוכט אַ זיכערערן קונה, ווי לייזער.

ער האָט אַלזאָ אָנגעהויבן לאָזן אויסרופן און דרוקן באַקאַנטמאַכונגען אויף יאַרידן און מערק און האָט צו זיי צוגעגעבן „פּונקטן אויף שותפות, ווער עס וואָלט וועלן צוטרעטן צו אַ פּריווילעגיע, אַרויסגעגעבן אויף אַ דרוקעריי". ווייל אָבער עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דרוקן און פאַרשפּרייטן רעליגיעזע ספרים, האָט ער זיך באַמיט און באַקומען פון דריי באַוווסטע רבנים הגאונים הסכמות, וועלכע ער האָט אויך געהייסן אויסרופן אין די שולן, בשעת די יאַרידן אין יאַראָסלוי, לובלין, קראָקע אאַ"וו.

די דאָזיקע הסכמה פון די רבנים — אַ מין מאָראַל־ציִיגניש פאַרן „פּריווילעגירטן ייד" — איז געווען געשריבן אויף לשון קודש און איז אין דערזעלבער שפּראַך באַקאַנט געמאַכט געוואָרן צווישן יידן, אָבער צו די קאָנצעסיע־אַקטן איז בייגעלייגט געוואָרן אַ פּוילישע איבערזעצונג, וועלכע איז זייער כאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט. דאָרט ווערט געזאָגט:

„צו אַלערערשט גיבן מיר אַ לויב, אַזוי דעם דורכלויכטיקסטן קעניג אויף דער ערד געזען, ווי דעם אַלערהעכסטן קעניג אין הימל, לויט אונדזער אמונה! הערט, יידן, און קוקט זיך צו. היינטיקן טאָג האָבן אונדזערע אויגן געזען וווּנדער, וואָס גאָטס חסד האָט אונדז באַוויזן צו אונדזער גוטס, אַז זיין האַנט נויגט זיך צו אונדז שטענדיק, ווי דער רבונו של עולם האָט מבטיח. הגם מיר וועלן זיין אין קנעכטשאַפט, וועט ער דאָך אַריינגעבן אין האַרץ פונם מלך, מיר זאָלן האָבן פון אים חסדים, ווי מיר זעען יעצט די גנעדיקע האַנט פונם דורכלויכטיקסטן קעניג פון גאַנץ קרוין־פּוילן און ליטע, דעם פעסטן, באַרמהאַרציקן, זיין שטול זאָל דערהויבן ווערן איבער אַלעמען און זאָל לייכטן ווי די זון לעולם ועד, אַזוי אַז זיין באַפעל זאָל זיין איבער אַלע גלויבנס, און די פיינט זאָלן פאַלן פאַר זיינע פיס, עס זאָל זיין פרידן פאַר זיין קעניגרייך, און זיינע קינדער זאָלן אויך האָבן די מלוכה מיט די געהיימע מיניסטאָרן, זיין ליבער נאָמען זאָל אים געבן רחמנות אויף אונדז, יידן, און מיר אַלע, אונטער זיינע פליגלען, מיר זאָלן זיך אין פרידן, און אַלץ, וואָס גאָט וועט אַריינגעבן אין זיין האַרצן, זאָל ערפילט ווערן אָן שום ענדערונג! דאָ איז געגעבן געוואָרן אַ פּריווילעגיע פונם דורכלויכטיקסטן קעניג אויפצושטעלן אַ יידישע דרוקעריי, כדי צו דרוקן לוחות, תלמוד און פאַרשידענע אַנדערע ספרים, וואָס קומען צו יעדעס יאָר אין אונדזערע למודים, וועלכע זיינען פריער געדרוקט געוואָרן אין קראָקע, אין לובלין, נאָר צוליב די שווערע צייטן זיינען חרוב געוואָרן די דרוקן, גלייך ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען און קיין צייכן פון זיי איז נישט פאַרבליבן, נאָר מען באַדאַרף זוכן אין פרעמדע לענדער און פאַר אונדזער געלט דאָרט דרוקן. און יעצט האָבן מיר געזען, נישט בלויז געהערט, די פּריווילעגיע פונם דורכלויכטיקסטן קעניג, אונדזער גנעדיקסטן האַר, אין די הענט פונם געטרייען אליעזר יצחק, וועלכער איז דורך 25 יאָר אויך מיט אַ פּריווילעגיע פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט דער קאָמיסאַנט אויף אַלע סחורות אין ברעסלוי, אויף וואָס ער האָט דאָקומענטן פון אַלע פּוילישע סוחרים, גאָט זאָל אים העלפן אויך צו דער דאָזיקער טעטיקייט; די דרוקעריי, וואָס זאָל געשטעלט ווערן אין גאָלענדזינאָוו, באַשטימט אויף די יעניקע פּונקטן, וועלכע מען קאָן מיט דאָקומענטן און ערלעך אויסווייזן, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער פּריווילעגיע. דערפאַר באַדאַרפן מיר אָפּגעבן אַ שבח צו גאָט, וואָס ער האָט גענויגט דאָס האַרץ פון דורכלויכטיקסטן מלך אונדזער גנעדיקן האַר,

מחדש צו זיין אונדזערע ספרים אומקערן, און באַנייען וואָס ער האָט באַוויליקט דורך זיין גנעדיקן באַפעל און מיר, די אונטערגעשריבענע, באַשטעטיקן מיר לויט אונדזער דת און מיט אַ שבועה, אַז קיינער זאָל זיך נישט אונטערשטעלן צו דרוקן ספרים אויף זייער נאָמען, אַז קיינער זאָל אים נישט שטערן אין דעם, וואָס ער וויל דרוקן... זייער דרוקעריי וועט אויסווירקן, אַז עס זאָלן נישט קומען קיין פרעמ־דע מענטשן פון אויסלאַנד, צו טון זיי אַן אומרעכט... נעמענדיק דאָס אין אַכט, ווי עס האָבן גענומען אויך אונדזערע אבות־אבותינו די רבנים, אַרויפלייגנדיק אַ קללה אויף די, וואָס שטערן איינע די אַנדערע, לייגן מיר אויך אַרויף אַ חרם אויף אַזעלכע מענטשן, וואָס שטערן אויפצושטעלן אַ דרוקעריי פון יידישע ספרים אויף 10 יאָר. דערויף גיבן מיר אַ לויב און אַ שבועה און אַ ברכה, אַז די מלוכה זאָל וואַקסן און לייכטן, ווי די העלסטע שטערן אין הימל, און אַן עצה דעם, וואָס ער וועט אויס־טראַכטן, אַז גאָט דער האַר זאָל העלפן אַלץ צום גוטן דעם דורכלויכטיקסטן קעניג, אַז זיין שטול זאָל דערהויבן ווערן, ווי דער אויפגאַנג פון דער זון.

15־טן יולי, 1776.

העשול, רב אין ריטשוואַל.

יפת (יאַפעט), רב אין נאָווע־מיאַסטאָ.

לוי (לעוועק), רב פון זשאַרקי".

נישט פיל האָבן געהאָלפן די הסכמות פון די רבנים און די פאַרעפענטלעכונג פון די „פונקטן" און פון דער פריווילעגיע אויף די ירידים און אין די שולן. קיין שותף האָט זיך נישט געפונען. ווי עס שיינט האָט די צעשטערונג פון „נאָווא יערוזאַלימאַ" און „נאָווי פאָטאָק" אָפּגעשראָקן די קאַפּיטאַליסטן, אַריינצולייגן געלט אין אַזאַ נישט־זיכערער אונטערנעמונג. דער „פריווילעגירטער" נאָמן לייזער קראָטאָשינער האָט זיך געוואָרפן און געזוכט פאַרשידענע מיטלען און איינפאַלן, אָבער אומזיסט. גאַנצע דריי יאָר נאָכן באַקומען די פריווילעגיע איז ער נאָך אַלץ נישט צוגעטראָטן צום עסק, נאָר געזוכט אַ שותף און צוגלייך די פּראָטעקציע פון פאַרשידענע שררות, כדי צו באַקומען אַ צוטריט צום קעניגלעכן הויף. די געפּלאַנטע דרוקעריי איז נישט געגרינדעט געוואָרן און די קעניגלעכע פריווילעגיע איז געבליבן אַ טויטער בוכשטאַב, אַן אַקט פאַרן אַרכיוו, אַ צייגעניש פון אַ גוטן רצון, ווי ס'זיינען געווען פיל אין יענער צייט אין פוילן נאָך דער ערשטער צעטיילונג.

ערשט נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן, און נאָכדעם ווי וואַרשע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די פּרייסן, הייבט־אָן דאָרט דרוקן העברעישע ספרים פּיאָטר זאַוואַדזקי, און נאָך זיין גיכן טויט — זיין אלמנה מאַדאַם זאַוואַדזקאַ (1800). צו־ערשט אין נאָווי־דוואָר און שפּעטער אין וואַרשע.

פון בוך: יידן אין פוילן, ווילנע 1930

## מ ש ה  ב אַ ס אָ ק (בסוק)

# דער שאָס אין גראָכאָוו



א

נאַכט.
טוליען פעלדער צו זיך דאָס געזיי.
ווי מוטערס, ווי יונגע, ביינאַכט איבער קינד —
וואַכן זיי.

האַלב־צו — שמייכלען אויגן פון פעלדער צום שלאָף,
נאָר וואַך דאָס געהער:
עס אָטעמט אַ לעבן און זויגט פון דער טיף,
געשפּראָץ און געבלי מורמלט אונטער דער ערד — — —

טוליען פעלדער צו זיך דאָס געזיי,
צעשמייכלט און מיד
פון זיך און פון אייגענעם גליק,
פאַרוויגט פונם אייגענעם ליד — —

און פּלוצלונג — אַ פלייץ אַ צעלאַכטער פון ליכט:
דאָס האָט זיך צעלויכטן די שטוב פון דערביי
ווי מוטיקער טרוים אויף דער וואָר
אין מאָנאַט פון כישוף, אין מאַי — —

---

משה באַסאָק (אין העברעיש: בסוק), דיכטער אין העברעיש און יידיש רעדאַקטאָר פון צייטשריפטן און זאַמלביכער, איבערזעצער און צונויפֿשטעלער פון דער גרויסער אַנטאָלאָגיע „מבחר שירת יידיש" (נעמט אַרום זעכציק יידישע דיכ־טער), תל אביב 1963. געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1907, זינט 1920 אין ווילנע. אין וואַרשע פון 1932 ביז 1936 — ווען עולה געווען קיין ארץ ישראל. אין גראָכאָוו, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, איז געווען אַ רייע יאָרן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע פערמע פון „החלוץ", וואָס זיין צענטער איז געווען אין וואַרשע. די באַלאַדע „דער שאָס אין גראָכאָוו" דערציילט אַ טראַגישע געשעעניש פון יאָר 1935, פון די צייטן פון גליענדיקסטן פאַרמלחמהדיקן אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, די „ימי פשיטעק". די קויל־געטראָפענע האָט געהייסן פרידא וואָלקאָוויסקא.

כאַפּן פעלדער זיך אויף — אַ מוטער גערעגטע פון חלום:
אַה, ליכטיק די וואָר.
צעשמייכלט די שטוב און דאָס קינד. אויף מוטערשער אַקסל
צעפּאַטלט זיך גליקלעך די האָר — —

ב

שטייט אַ שטוב אין מיטן נאַכט צעהעלט,
שטייט אַ שטוב באַגייסטערט דאָ אין מיטן פעלד.
שווער אַליין צו שטיין, אומעטיק אַליין צו לייכטן
אין דער חושכניש פון וועלט — —

אָט שטרעקט די שטאָט אַהער אויס שינעס — הענט,
אָט ברענגט אַן איינלאַדונג אַ העפלעכע דער טראַם —
נאָר דרייסטע לעבנס דרייען אויס דעם רוקן:
אַ דאַנק דיר, שטאָט, און מוחל, גנעדיקע מאַדאַם!

איז וואָס, אַז שטאָט קאָן כישופן, און נאַכט
צעכוואַליעט זיך מיט ליכט אַריבער ברעג —
אַז עס בלאַנקען דאָ די טעג ווי קאָסעס,
ווי סנאָפּעס פאַלן נעכט אַוועק — —

עפּעס שושקעט זיך די חושכ׳ניש אַרום:
זי גייט מיט קויל און גרויל אויף אַלץ וואָס העלט.
נאָר קענסטו אויסבאַהאַלטן פלאַם אויף הויכן באַרג?
צי צובינדן דעם פרייען ווינט אין פעלד? — —

ג

און היינט איז העל די שטוב און העלער,
און פינצטער איז און פינצטערער די גאַס.
עס האָט אין שטוב זיך היינט צערעדט דאָס ליכט׳
עס האָט אין שטוב זיך היינט צערעדט אַ גאַסט.

אַ ראַד, און ראַד אין ראַד. אָט קומט אַריין די ווייט
און זעצט אַוועק אין מיטן זיך — און שטיל.
און חברה שעפּן מוט, און חברה טרינקען שיין
פון הויכקייטן די הויכע פון גליל — —

— האָט מען דאָס היינט זיך אָנגעהאַרעוועט!
— איז דאָס געווען אַ טאָג פון מי!
— — — „זיי זיינען בראַוו ווי בערג, ווי לייוונט איינפאַך
און חולה וועט צעלאַכן זיך אין בלי“ — —

אַט גייט אַראָפּ פון באַרג, אַט קומט ער צו
דער חבר מיט אין האַנט — —
עס עפנט טיר און וועג זיך — און בענקשאַפט גייט
און גייט, פאַלט צו צום ווייטן לאַנד — — —

ד

אַ קנאַל — און פאַרוואונדעט די שויבן. אַ פייף —
פון הינטער דעם פלויט
האָט אַריין זיך געריסן אין שטוב דאָ
דער טויט. — — —

אין הויכן, אין בלויע, די גאָלדענע פאַווע
האָט פליען געוואגט —
אַ קויל האָט די פליגלען, די יונגע, די צוויי,
איצט אונטערגעהאַקט — —

אַ פלאַטער. אַ צאַפּל פון פליגלען. אַ לעבן
פאַרבויגט זיך באַזאַכט,
פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ, לאָזט אַראָפּ זיך
אין אייביקער נאַכט — —

ה

— — — אַמאָל איז אין גראַכאָוו, אין קיבוץ,
אַ מיידל געווען;
מיט פנים — פון זון און פון ווינט,
מיט גאָלדענע הענט — —

לייוונט דאָס קליידל, דאָס ווייסע,
און באַרוויס די פיס;
דאָס טיכל פון קאָפּ שפּילט מיט ווינט זיך
ביים רויז און נאַרציז — —

אַמאָל איז אַ מיידל געווען,
געזונגען אין מי.
אַרויסגעשוועבט האָט פון איר ליד
אַ שטיל אינדערפרי — —

דעם פעלד׳ס איז געווען זי אַ קינד,
און אַ מוטער פון פעלד:
געאיילט, טאָמער הייס איז אַ פלאַנץ,
טאָמער וואַסער פאַרפעלט — —

דעם אָוונט באַגעגנט — ווי שבת:
אַ ציכטיקע, ווייס;
די נאַכט קומט איר רופן צום שלאָף —
פון ביכל, פון קרייז — —

דעם פרייטיק, אַ מידע, נאָך רו, און
נאָך שבת געגאַרט —
א, ווייַ אונדז: אויף שבת מיט אונדז
זיך מער נישט דערוואַרט — — —

פון דער זאַמלונג „ברענענדיקע טעג“, וואַרשע 1936

# מנחם באַריישאַ

## פראַגמענטן פון דער פּאָעמע „פוילן"



אין שנעלן לויף פון יוגנט־יאָרן זיינען
צוזאַמען מיטן טוי פון יינגלשקייט צערונען
די ברידערשע חלומות וואָס כ'האָב דאָ געשפּונען.
ווילד־פרעמד אין דיינע גאַסן שפּרייז איך איצטער אום.
ס'איז נישט די פרעמדקייט פון די ערשטע טעג ווען שטום
און טויב צום קלאַנג פון דיינע רייד, האָב איך אין זיי
געוואָלט אַנטפּלעקן דאָס וואָס האָט באַהאַלטן
אין מיר אַליין געלעבט — איצט הער איך און פאַרשטיי:
אָט טראָגן זיי זיך אין דער גאַס — געשטאַלטן
מיט אַקסל בלעכענע און שטייפע קעפּ אויף שרויפן,
די שטערנס — אייז און בליקן שפּיזלדיק צעלויפן,
די ליפּן איינגעפּרעסט, און דאָך ווי גרייט און מילד
אַ שמייכל צביעותדיק אין יעדן ווינקל שפּילט;
איך הער דיין ווייבער־שפּראַך ווי בויגיק און געשיקט
זי וויקלט זיי אַרום — פון חניפות אויסגעשטריקט,
מיט צביעות אויסגעהאָפטן און באַצירט מיט חנדלעך

---

מנחם באַריישאַ — פען־נאָמען פון מנחם גאָלדבערג — איז געבוירן געוואָרן אין בריסק אין יאָר 1888. קיין וואַרשע געקומען אין יאָר 1905. דאָ געבליבן און געווען אַ בן בית ביי פּרץ'ן ביז דעם יאָר 1914, ווען אַוועק קיין אַמעריקע. גע־שטאָרבן אין יאָר 1949. אויב די וואַרשעווער פּרץ־סביבה האָט געהאַט איר אייגענע פילאָזאָפיע — באַריישא האָט זי באַנומען און געבראַכט צום אויסדרוק דורך כמעט אַלע זיינע שאַפונגען. זיין הויפּטווערק — „דער גייער" — אַ ספר, אַ פּאָעמע, וואָס מעדיטירט טיף אויף אַ האַלבן טויזנט זייטן איבער גאָט, גוי און ייד. — — די פּאָעמע „פוילן", וואַרשע 1913, אַ יידישער פּראָטעסט אין ליד קעגן דעם פּוילישן אַנטי־יידן־באָיקאָט. מיר נעמען פון דאָרט אַרויס יענע פראַגמענטן, וווּ וואַרשע איז די לאַנדשאַפט. — — דער פראַגמענט פון „מיט דעם דור" וויזט אונדז פּרץ'ן דעם שטרענג־מילדן פּאָטער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, דעם געניוס פון דער וואַרשעווער ליטעראַרישער סביבה אין לעבעדיקער טאָג־טעגלעכער נאָענטקייט. באַריישאַ האָט באַזוכט וואַרשע אין יאָר 1926, דאָ אויפגענומען געוואָרן אויף אַ גרויסן אָוונט אין קאַמינסקי־טעאַטער דורך אַ טויזנט אירע.

ווי אַן אַקטריסעס קרוין מיט גראַשנדיקע שטיינדלעך,
און ס'דאַכט מיר צייטנווייז — איך בין פאַרפלוכט,
פאַר צופיל ברידערשאַפט און אמת וואָס געזוכט —
צו וואַגלען אין אַ לאַנד וואָס האָט פאַרלאָרן
אין צביעות אייביקער דעם פאָדעם צווישן האָרץ און וואָרט,
אַ לאַנד וואָס איז באַהערשט פון בלויז אַקטיאָרן,
קאָמעדיע־שפּילערס פון אַ יעדער מין און סאָרט.
אָט שטייען דאָ פּאַלאַצן אַלטע — לעבעדיקע עדות
פון מאַכט און הערשאַפט פון די עלטער־זיידעס.
דער גלאַנץ פון דורות טוט אַ שמייכל ווען עס איז
פון אַ באַלויכטן ווינקל, פון אַ גאָלד־באַפּלאַסענעם קאַרניז,
און ווערט צערונען אין דער גראָקייט פון די שווערע ווענט,
ווי פונקען אויף אַ גלאָווניע וואָס האָט אויסגעברענט.
איך זע דיין גלות דאָ — עס שמערצט מיך נישט.
אָט שטייען דאָ די דענקמאָלן פון דיינע גייסט־געקרוינטע זין —
פּאָעטן גלויביקע, וואָס האָבן פון דיין חורבן דיר געשפּינט
גאָטספאַרכטיקע חלומות פון אַ ווידער־אויפשטייאונג אַ נייער
אין ברידערשאַפט און ליבשאַפט פון אַ גאָט־געזאַלבטער פרייהייט.
איצט זע איך דיינע נייע פירער און דערלייזער —
פאַרריסענע, פאַרביסענע, מיט שוים פון גאַליקן געבייזער
אויף די וואָס טוען חוצפּהדיק ביי דיר אונטער דער נאָז
חוץ דיינער אויך אויף אייגענער גאולה האָפן.
ווי וואָגן זיי, די שלעפּער? ס'ווערט אַמאָל געמילדערט דער פאַרדרוס
ווען מען דערמאָנט זיך וויפיל פון די שלעפּער שלאָפן
אויף די מלחמה־פעלדער ווו דו האָסט דיין קרוין פאַרלאָרן.
און נאָך ווערט איינגעשטילט אַמאָל דער צאָרן
ווען בליקן אומגערן פאַרבלאָנדזשען אין די געטאָ־שטיבער
און שבת־ליכט, וואָס פונעם חושכדיקן דלות לייכטן,
דערמאָנען — ס'איז געווען אַ מאָל אַ גאָט פון ליבע...
ווי לויטער מען דערשפּירט זיך ווען רחמנות־טרערן פייכטן
דעם האַרטן בליק! ווי פריציש־הויך און פרום־געדעכט
עס מאַכט אַ ביסל מיטלייד צום געפאַלענעם קנעכט!

## מיט דעם דור



אין די ערשטע וואָכן פון 1906 איז איינמאָל אַ פּרייטיק אין דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון דער וואַרשעווער צייטונג „דער וועג" דערשינען אַ ליד אין בלאַנקן פערז — פון דעם ליד געדענק איך בלויז צוויי שורות — פון אַ נייעם מחבר: מנחם. די אָפּטיילונג איז רעדאַקטירט געוואָרן פון י. ל. פּרצן, און נאָך איידער דאָס ליד איז געוואָרן אָפּגעדרוקט איז שוין דער מחבר פון פּרצן אַריינגעפירט געוואָרן אין דער „ליטעראַטור" אויף אַן אינטימען אָוונט ווו שלום אַש האָט פאָרגעלייענט זיינע אַ דראַמע. פאַר אַ בחור פון אַכצן איז עס געווען אַ „זיגרייכער" אַריינשפּאַן אין דער ליטעראַטור. דער „זיג" איז געווען נאָך גרעסער צוליב דעם, ווייל ערשט מיט דריי חדשים פריער האָט דער קריטיקער בעל־מחשבות דעם זעלביקן בחור אָפּגעזאָגט דאָס לעבן: געהייסן גיין צוריק צו דער לאַטיינישער גראַמאַטיק. אָבער טאַקע צוליב דער זעלביקער סיבה איז דער „זיג" אינגיכן פאַרזייערט געוואָרן.

אין דער אמתן האָט אויך פּרץ נישט אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע ליד וואָס איך האָב אים געבראַכט. זיין אורטייל ביי דער באַגעגעניש אין רעדאַקציע איז געווען:— דאָס ליד טויג נישט, אָבער איר טויגט. די ערשטע לידער צום דרוק זיינען אָפּגעקליבן געוואָרן שפּעטער ביי אים אין הויז. און נאָכן צווייטן ליד, ווען בעל־מחשבות האָט זיך דערוווסט ווער מנחם איז, האָט ער פּרצן אויסגעחוזקט און צווישן די צוויי איז געוואָרן אַ באַטאַליע. עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז בעל־מחשבות האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצופאָרן אויף אַן אָוונט אין אַ דערבייאיקער שטאָט, ווייל פּרץ האָט מיך דווקא געוואָלט מיטנעמען. קיין געזונט איז מיר פון דער מלחמה איבער מיר נישט צוגעקומען.

שפּעטער האָט בעל־מחשבות אַליין געדרוקט מיינע לידער און אַרטיקלען — אין „טעלעגראַף", אַ יידישע צייטונג וואָס די „הצפירה" האָט אַ קורצע צייט אַרויסגעגעבן, און אין „פריינד". ער האָט אפילו אין 1913 אָנגעשריבן אַ גינסטיקע רעצענזיע וועגן „פּוילן". אָבער וואָס ער האָט געשריבן וועגן די „תפילות" אין אַן איבערזיכט וועגן די „ליטעראַרישע מאַנאַטשריפטן" איז געווען אַ מוסטער פון ראַפינירטן ליטעראַרישן מאָרד. און נישט לאַנג פאַר זיין טויט, אין אַ פערזענלעכן בריוו פון בערלין אין 1920, האָט ער געקרימט מיט דער נאָז אויפן בוך „זאַמד" און מיר ווייטער אָפּגעזאָגט דאָס לעבן.

אויך פּרץ האָט אין די אַכט יאָר פון מיין אַריינקומען צו אים אין הויז געהאַט פון מיר — דאַכט זיך — מער צער ווי נחת. ער איז געווען אַ געדולדיקער רבי און האָט פאַרמאָגט אַ שלל מיט ליבשאַפט. צייטנווייז איז עס דערגאַנגען ביז פאַרליבטקייט, נאָך וועלכער עס פלעגט אַלעמאָל קומען אַ רעאַקציע פון אָפּקערן זיך און איגנאָרירן ווי ער זאָל וועלן אי זיך אי מיך פאַר עפּעס באַשטראָפן. אָבער דאָס האָט אים ווי געטאָן און צו לאַנג פלעגט ער נישט קענען אויסהאַלטן. איינמאָל נאָך אַ לענגערן ברוגז אַזאַ האָט ער מיך געכאַפּט אויף דער גאַס, אַוועקגעשלעפּט צו זיך אין אַ וואַלד־געגנט הינטער וואַרשע און אַריינגעפירט צום ווייב מיט די ווערטער:

— אָט איז ער, איך האָב אים געבראַכט!... נאָר אַרײַנקנעלן די תורה אין מיר איז אים אָנגעקומען שווער. פון אָנהויב פלעגט ער אַלײן באַאַרבעטן מײַנע לידער. אַ פּאָר מאָל האָב איך זיך פּשוט געכאַפּט בײַם קאָפּ לײענענדיק דאָס „באַאַרבעטע". דערנאָך האָט ער אויפגעהערט. איך האָב אַלײן געדאַרפט מאַכן „בעסער". אָבער איך פלעג כסדר קומען אַלץ מיט אַזעלכע זאַכן וואָס ער האָט נישט געקענט פאַרדײַען. אײנמאָל איז עס געווען אַ לאַנגע, אין פּראָזע געשריבענע, פּאָעמע וועגן טויט, פול מיט אַבסטראַקציעס און פּאַטאָס. ער האָט מיך — ווי דער שטײגער — געדולדיק אויסגעהערט, צוגעפירט צו דער וואַנט ווו עס איז געהאָנגען אַ גרופּע לעוויטאַנ'ס פּײזאַזשן, זיך אָפּגעשטעלט בײַ אײנעם מיט נאַקעטע בײמער, אַ קאַלטן סטאַוו און אַ פאַרקאַן אַרום אַ כאַטע און געזאָגט:

— איר זעט — דאָ איז טויט און לעבן און אַלץ.

וואָס ער מײנט האָב איך קלאָר געוווּסט. אָבער עס איז מיר אויף דעם נישט געלעגן. איך האָב ווײַטער געטאָן דאָס מײַניקע. ער האָט שפּעטער הנאה געהאַט פון אַ פּאָר זאַכן מיטן נאָמען „שוואַרצע רויזן" און אַלײן געדרוקט אין זאַמלבוך „יידיש" אַ פראַגמענט פון „שלמה", זאַכן וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט אײן מאָטיוו — טויט. די אויגן האָבן אים געלויכטן נאָכדעם ווי ער האָט געלײענט „קדוש" און עס האָט אים ווײ געטאָן ווען עמעצער האָט די זאַך פאַרטשעפּעט. אָבער נאָך די „תפילות" איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער איבערן שטוב, נישט געוואָלט מיר ווײ טאָן, און אַ לאַנגע צײַט גערעדט אַלץ אויף דער זעלביקער טעמע:

— מען קען נישט דעם יידישן גאָט אַזוי מיט גוואַלד אַראָפּשלעפּן אויף דער ערד. ער שטײט נישט אויף סלופּעס אויף דאָרפישע וועגן.

ערשט מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער האָט ער מיר אָפן געזאָגט, אַז די זאַך איז אים נישט געפעלן געוואָרן און איצט, נאָך קנאַפּע פערציק יאָר, זע איך וויפיל ליבשאַפט מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן צו קענען נאָך אַ נישט־געלונגענער זאַך צוגײן צו אַ תלמיד וואָס קריכט אויף גלײַכע ווענט, אים אַרומנעמען מיט אַ וואַרעמקײט, וואָס מײַן אײגענער טאַטע האָט קײנמאָל נישט אַרויסגעוויזן, און זאָגן: — פאָרט אַהײם (קײן בריסק, הײסט עס) און שרײַבט ווײַטער!... און אַ פינף יאָר שפּעטער, נאָך דער פּאָעמע „פּוילן", איז די קריטיק געווען אַזאַ:

— איך בין נעכטן אַ שטיק נאַכט נישט געשלאָפן. געלעגן, געלײענט אײַער פּאָעמע. דערנאָך, אַז איך בין אײַנגעשלאָפן איז די פּוילישע מאַטקע באָסקע געקומען אין חלום מיך וואַרגן צוליב אײַך. מען קען נישט אַזוי רײדן צו אַ גאַנץ פאָלק!

עס איז אים אַ סך גרינגער געווען מיט אַנדערע וואָס זײער וועג האָט זיך געצײכנט דײַטלעך און קלאָר. מיט מיר האָט ער נישט געוווּסט ווו ער האַלט. האָט עס אײנמאָל אָפן דערקלערט אין אַ רעפעראַט וועגן די יונגע: — דער מנחם וועט אָדער קריגן שטאַרקע פליגל און אַ פלי טאָן הויך, אָדער עס וועט פון אים ווערן גאָרנישט. און אין די טענות מיט מיר האָט זיך איבערגעחזרט אײן פּזמון:

— לערנט, לערנט! אַנדערע דאַרפן עס אפשר נישט. איר מוזט. איר מוזט אַ סך לערנען.

פון בוך „אַ דור", ניו יאָרק, 1947.

# יצחק באַשעוויס

## די רייזע קיין וואַרשע און וונדער איבער וונדער



די „קאָלעיקאַ" — ווי מ'האָט גערופן די קליינבאַן — איז געפאָרן. איך בין געזעסן ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט. מענטשן זענען געגאַנגען עפּעס ווי אויף הינטערוויילעכץ. פורן זיינען געפאָרן אויף צוריק. טעלעגראַף־שטאַנגען זיינען געלאָפן צוריקוועגס. נעבן מיר זיינען געזעסן די מאַמע און מיין שוועסטער הינדעלע וואָס האָט געהאַלטן דאָס קינד, מיין ברודער משה'לע.

מיין ברודער יהושע איז געפאָרן מיט דער פור זאַכן — די בעבעכעס אונדזערע. דער טאַטע איז שוין געווען אין וואַרשע. ער האָט געהאַט געדונגען אַ דירה אויף דער קראָכמאַלנע גאַס און איז דאָרט געוואָרן אַ מורה־הוראה. אַ ווינקל־מורה־הוראה, נישט אָנגעשטעלט ביי דער קהילה.

דאָס ציען זיך פון לענטשין קיין סענצימין און פון דאָרט קיין וואַרשע איז געוועזן פאַר די דערוואַקסענע אַן עול און אַ צרה. אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גליק. איך האָב מער נישט באַדאַרפט גיין אין חדר צו פישל מלמד. יעדע רגע האָבן

---

יצחק באַשעוויס — יצחק בן בת שבע זינגער — געבוירן אין בילגאָריי אין יאָר 1904. קינדהייט אין וואַרשע און שפּעטער — אין יאָר 1923 שטענדיק אין דער שטאָט ביז 1935, ווען ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. וווינט אין ניו יאָרק יינגערער ברודער פון דעם גרויסן יידישן דערציילער און ראָמאַניסט י. י. זינגער (1893־1944) און דער דערציילערין אסתר זינגער־קרייטמאַן (1891־1954). דעביוטירט אין יאָר 1924 און באַלד דערקענט ווי איינער פון די שטאַרקסטע פּראָזע־טאַלענטן אין יידיש. אַרויסגעגעבן עטלעכע זאַמלונגען פון דערציילונגען און עטלעכע ראָמאַנען. איבערגעזעצט אין מערערע שפּראַכן — בעיקר ענגליש — און האָט אַן אָרט אין דער היינטצייטיקער וועלט־ליטעראַטור, ווי אַ הויכקינסטלערישער נאַראַטאָר אויף די סאַמע אויסטערלישסטע און דאָך אַלעמאָל אין יידישן פאָלקלאָר פאַרוואָרצלטע טעמעס. געווינער פון ליטעראַרישע פּרייזן, סיי יידישע און סיי אַלגעמיין־אַמעריקאַנישע. די וואַרשעווער יידישע לאַנדשאַפט און פאָלקשאַפט פאַרנעמט אַ גאַר געהויבן אָרט אין באַשעוויסעס שאַפונגען. זיין גרויסער ראָמאַן „די פאַמיליע מושקאַט" איז כולו וואַרשע. אוודאי זיינען די דריי פראַגמענטן פון די ווערק פון יצחק באַשעוויס, וואָס מיר ברענגען אין דער אַנטאָלאָגיע, נישט גענוג. אָבער אַזוי איז שוין דאָס מזל פון צו שפּעדיקע שרייבער אין אַלע אַנטאָלאָגיעס. איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון ניו יאָרקער „פאָרווערטס".

זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר נייעסן. דער לאָקאָמאָטיוו (דאָס סאַמאָוואַרל האָט מען עס גערופן) האָט געפּייפט מיט אַ קוויטשעדיק קול׳כעל. פון מאָל צו מאָל האָט עס גע־נומען זעצן מיט רויך און צישן מיט פּאַרע. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דערפלעך, כאַטעס מיט שטרוי־דעכער, געמויזעכצער, וווּ עס האָבן זיך געפּאַשעט קי. דאָ און דאָרט זיינען אויפן גראָז געשטאַנען פערד. איין פערד האָט אַריבערגעלייגט דעם האַלדז איבער דעם אַנדערן. אויף די פעלדער זיינען געשטאַנען „סטראַשידלעס" אָנ־געטאָן אין שמאַטעס, און פייגל זיינען געפלויגן אַרום מיט אַ קראַקעניש און אַ גע־שריי. כ׳האָב געהאַלטן אין פרעגן דער מאַמען פראַגן. וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? די מאַמע האָט מיר געענטפערט, די שוועסטער האָט געענטפערט, פרעמדע ווייבער האָבן מיר געפרווווט אויפקלערן דעם באַדייט פון די זאַכן. אָבער ס׳איז אַלץ נישט געווען גענוג. איך בין געוואָרן פאַרצערט פון נייגיר און פון אַ דורשט נאָך וויסן.

פאַרוואָס עסן קי גראָז? פאַרוואָס גייט פון קוימען אַ רויך? פאַרוואָס האָבן פייגל יאָ פליגל און אַ קאַלב האָט נישט קיין פליגל? פאַרוואָס גייען טייל מענטשן צופוס און אַנדערע פאָרן אין פורן? די מאַמע האָט זיך אַנגעכאַפּט ביים שייטל.

—דער יונג מאַכט מיך משוגע!

די גאַנצע נסיעה האָט געדויערט קנאַפּע צוויי שעה צוזאַמען מיט אַלע סטאַציעס, אָבער איך האָב באַקומען אין איר אַזוי פיל איינדרוקן אַז אין מיין זכרון איז זי גע־בליבן ווי אַ לאַנגע רייזע. וואָס נענטער צו וואַרשע, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרן די ווונדער. ס׳זיינען אויסגעוואַקסן הויכע הייזער מיט באַלקאָנען. מיר זיינען פאַר־ביי אַ ריזיק בית־עולם מיט טויזנטער מצבות. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ רויטער טראַמוויי. ס׳האָבן אויפגעטויכט פאַבריק־געביידעס מיט הויכע קוימענס און מיט פאַרקראַטעטע פענצטער. איך האָב באַנומען, אַז ס׳האָט מער נישט קיין זין צו פרעגן און איך בין געוואָרן פאַרשטומט. מיט אַמאָל האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און מיר זיינען איינ־געזעסן אין אַ דראָשקע.

די דראָשקע האָט געפירט איבער דער פּראַגער בריק. פון ביידע זייטן האָט זיך געצויגן אַ טייך. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז די ווייסל, וואָס איך האָב געזען אין לענטשין. אָבער ווי אַזוי קאָן אַ ווייסל זיין אַזוי לאַנג?... איך האָב צום ערשטן מאָל געזען שיפן. זיי זיינען געשוווּמען אין דער ווייסל. איין שיף האָט געפּייפט און געברומט אַזוי הויך, אַז כ׳האָב זיך געמוזט אָנכאַפּן ביי די אויערן. אויף אַן אַנדער שיף האָט אַן אָרקעסטער געשפּילט מוזיק. די מעשענע אינסטרומענטן האָבן גע־בליצט אין דער זון, מיר פאַרבלענדט דעם בליק.

מיר זיינען אַריבער די בריק און ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ נייער חידוש:דער דענקמאַל פון קעניג זיגמונט. אונטן האָבן געהויערט פיר שטיינערנע פאַרשוינען, האַלב־מענטש, האַלב פיש. זיי האָבן געטרונקן פון ריזיקע בעכערס. כ׳האָב געוואָלט פרעגן וואָס דאָס איז, אָבער איידער איך האָב געעפנט דאָס מויל, האָבן זיך אַנגעקייקלט נייע ווונדער. די גאַסן זיינען געווען אויסטערליש שיין, מיט ריזיקע הייזער, פול מיט אויסגעפּוצטע מענטשן וואָס זיינען נישט געגאַנגען, נאָר עפּעס ווי אונטערגעטענצלט. פרויען האָבן געטראָגן היטן פול מיט קאַרשן, מאַרעלן, פלוימען, וויינטרויבן. ביי טייל איז דאָס פּנים געווען פאַרשלייערט. מאַנסלייט האָבן געהאַלטן שטעקעלעך. פון אומעטום זיינען אָנגעפאָרן טראַמווייען — טייל אויף פערד, אַנדערע אָן פערד, מיט בויגנס, וואָס האָבן זיך געריבן אין דראָטן און עס האָבן גע־

שפּריצט פון זיי פונקען. מיין שוועסטער האָט געזאָגט, אַז ס׳איז עלעקטרע. איך האָב צום ערשטן מאָל געזען זשאַנדאַרמען אויף פערד, פייערלעשער מיט מעשענע קאַס־קעס אויף די קעפּ, קאַרעטעס וואָס האָבן זיך געקייקלט אויף גומענע רעדער. די פערד האָבן געהאַט פאַריסענע קעפּ און קורצע ווידלען. דער פורמאַן פון אונדזער דראָשקע, אין אַ בלויער קאַפּאָטע און אין אַ צעראַטן היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק, האָט גערעדט יידיש און אָנגעוויזן די פּראָווינצער די חידושים פון וואַרשע. ער האָט אויסגעשטרעקט די בייטש צו אַ טורעם וואָס זיין הויך האָט שיר נישט דערגרייכט צום הימל און אַ זאָג געטאָן:

— דער טורעם פון ראַטהויז...

איך בין געזעסן אַ געפּלעפּטער פון די אַלע וווּנדער. כ׳האָב דערשפּירט אַ סאָרט שפלות. וואָס אַ באַטרעף האָט אַ קליין ייִנגעלע קעגן אַזאַ גרויסער און געדיכטער וועלט? און ווי אַזוי קאָן מען עפּעס דאָ געפינען דעם טאַטן? און ווי אַזוי וועט זיך דאָ אָפּזוכן מיין ברודער יהושע מיט דער פור זאַכן? אַ דרך־ארץ געמישט מיט שרעק האָט מיך אָנגענומען פאַר די דערוואַקסענע וואָס ווייסן אַלץ און האָבן, אַפּנים, דאָס אַלץ אויפגעבויט, בעת איך זיץ דאָ אַ קליינינקער און די שוועסטער האַלט מיך ביים הענטל כ׳זאָל נישט אַראָפּפאַלן. ווען די דראָשקע נעמט זיך אויסדרייען, דרייט זיך מיט איר דער הימל, די הייזער און אין מיין קאָפּ נעמט זיך שאָקלען דער מאַרך ווי אַ יאָדרע אין אַ נוס...

מיט אַמאָל האָט דער פורמאַן אַ זאָג געטאָן:

— אָט איז די קראָכמאַלנע...

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אַ גאַס אויסטערליש שמאָל און דעריבער האָבן די הייזער אויסגעוויזן נאָך העכער ווי ערגיץ אַנדערש. די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן. דער אָנגעלויף, דער געשריי, דאָס געפּילדער האָט מיך דערמאָנט אָן דער שרפה אין סענצימין, און כ׳בין געווען זיכער, אַז ס׳ברענט דאָ אַ פייער. יונגען האָבן געליאַרעמט, געפייפט, זיך געשטופּט, געשטויסן. מוידן האָבן געלאַכט מיט הילכיקע געלעכטערן. דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן און אַ פאַרשווין מיט אַ לאַנגן שטעקן האָט אָנגעצונדן די גאַז־לאַמטערן. ווייבער האָבן אויסגעשריגן אַלערליי סחורהס. פון קוימענס זיינען אויפגעגאַנגען רויכעס. די דראָשקע איז צוגעפאָרן צו אַ הויז און איך האָב דערזען מיין ברודער יהושע. די פור מיטן מעבל איז געהאַט געקומען פריער. די מאַמע האָט געפרעגט אויפן טאַטן און יהושע האָט געענטפערט:

— געגאַנגען דאַווענען מנחה־מעריב.

— וויי איז מיר, ס׳איז דאָ אַ גיהנום — האָט די מאַמע זיך אָנגערופן.

— אַ פריילעך געסל.

— וואָס זיינען זיי עפּעס אַלע אינדרויסן?

מיר זיינען אַריין אין אַ טויער. דערנאָך האָט מען מיך געפירט איבער טרעפּ. איך בין קיינמאָל פריער נישט געגאַנגען איבער קיין טרעפּ און דאָס גיין פון איין שטיגל צום אַנדערן איז מיר פאָרגעקומען אויסטערליש אינטערעסאַנט און געפער־לעך. אין מיטן די טרעפּ איז אָנגעקומען אַ יידענע און אַ זאָג געטאָן:

— עץ זענט די רביצן? ווי געשריגן, מ׳האָט דאָך ענק באַ׳גנבעט פין קאָפּ ביז די פיס... אַ מאַלעיר זאָל כאַפּן די גנבים, אַ שוואַרצע בראַנד, אַ פייער אין די

קישקעס... אַזוי ווי מ׳האָט אָפּגעלאָדן די זאַכן, אַזוי האָבן זיי אַלץ צעשלעפּט. — שלעפּן זאָל מען זיי שוין אויפן גוטן אָרט, טאַטע פאָטער אין הימל!

— פאַרוואָס האָסטו נישט געהיטן? — האָט די מאַמע געפרעגט יהושען.

—מ׳קאָן זיי נישט דערהיטן. הויבסט דיך אָן קריגן מיט איינעם און דערבײַ שלעפּן צען הענט פון אַלע זייטן...

— ס׳בעטגעוואַנט איז כאָטש געבליבן?

— עפּעס האָבן זיי איבערגעלאָזט.

— יידישע גנבים?

— ס׳זיינען דאָ ניטאָ קיין גויים...

מ׳האָט געעפנט אַ טיר און מיר זיינען אַריין אין אַ קיך, די ווענט אָפּגעפאַרבט אויף רויז. דערנאָך זיינען מיר אַריין אין אַ גרויסער שטוב מיט אַ פענצטער און אַ באַלקאָן און איך בין געווען סיי אין שטוב און סיי אין גאַס. אונטן האָט געליאַרעמט דאָס געזעמל. אויבן, איבער די דעכער, האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער פּאַס הימל און ס׳איז אין אים געשטאַנען אַ לבנה, געל ווי מעש. אין אַלע פענצטער האָבן זיך גע־לויכטן לאָמפּן און ווען איך האָב פאַרמרוזשעט די אויגן, האָבן זיך געצויגן צו זיי פייערדיקע שטריַיען, מיטאַמאָל איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער האַרמידער. פון ערגיץ איז אָנגעריטן אַ פייערלעשער אויף אַ ווילד פערד. די מעשענע קאַסקע זיינע האָט געלויכטן ווי פייער. די יונגען האָבן גענומען שרייען:

—דער אויסרייטער! דער אויסרייטער!...

איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז מ׳האָט אין דער גאַס צו אָפט אָפּגענאַרט די פייערלעשער און ווען מ׳האָט זיי טעלעפאָנירט, האָבן זיי געשיקט פריער אַ רײַ־טער ער זאָל זיך דערוויסן צי ס׳איז טאַקע אַ שׂרפה אויף אַן אמת.

יאָ, דאָסמאָל איז אויף אַן אמת געווען אַ שׂרפה. פון אַ פענצטער האָט געזעצט אַ רויך און ס׳האָבן געשפּריצט פונקען. אַלע פענצטער, אַלע באַלקאָנען זיינען געוואָרן באַלאַגערט. ס׳זיינען אָנגעקומען וועגן צוגעשפּאַנט צו ווילדע פערד. פייער־לעשער זיינען געלאָפן מיט העק, מיט לייטערס, מיט גומענע קישקעס. פּאָליציאַנטן האָבן געיאָגט דעם עולם מיט שווערדן, אָבער מ׳האָט זיך נישט געקאָנט אָפּיאָגן פון דעם נייגעריקן המון.

מיין שוועסטער האָט אָנגעצונדן אַ נאַפט־לאָמפּ. די מאַמע האָט גענומען איבער־קוקן אירע זאַכן. יאָ, מ׳האָט גע׳גנבעט. ביים אָפּלאָדן און אויפלאָדן האָט מען אויך געהאַט צעבראָכן אונדזער מעבל, דאָס חמץ׳דיקע געפעס, דאָס פּסח׳דיקע געפעס. אונדזערע שטובן האָבן געשמעקט מיט פאַרב און אייל. פון די שכנות׳דיקע שטובן האָבן זיך דערטראָגן קולות. מיין ברודער האָט געזאָגט אַז דאָס זיינען גראַמאָפאָנען. אַ חזן האָט געזונגען ווי אין שול; אַ מויד האָט געקוויטשעט; ווייבער האָבן זיך גע־קריגט; אָבער ס׳איז אַלץ געווען נישט אויף דער וואָר. די קולות זיינען אַרויסגע־קומען פון ריזיקע טרובעס. מיין ברודער האָט שוין געוווּסט ווער ס׳האָט דאָס דער־פונדן: איינער עדיסאָן פון אַמעריקע.

— ווי אַזוי שרייען עפּעס די טרובעס?

— מ׳רעדט אין זיי אַריין און זיי רעדן צוריק אַרויס.

— ווי אַזוי?

— מיט אַ מאַגנעס...

—ס׳איז אַלץ פון עלעקטרע — האָט מיין שוועסטער געזאָגט.

— מ׳דאַרף לייגן ס׳קינד שלאָפן — האָט די מאַמע גע׳פסקנט נאָך אַ וויל.

מ׳האָט מיך איסגעטאָן און איך האָב זיך נישט אָקעגנגעשטעלט. איך בין געווען צו מיד. מ׳האָט מיך אַריינגעלייגט אין אַ בעט און איך בין גלייך איינגעשלאָפן. כ׳האָב געעפנט די אויגן און די שטוב איז געווען פול מיט זון. דער דיל איז געווען אַ נייער. די פענצטער זיינען געשטאַנען אָפן. איך בין אַרויס אויפן באַלקאָן. די אייגענע גאַס וואָס איז נעכטן געווען איינגעטונקען אין נאַכט, איז איצט געווען באַטאָגיש ליכטיק. אין געוועלבן האָבן זיך געשטופּט קונים. יידן זיינען געגאַנגען דאַוונען מיט טלית־זעק אונטערן אָרעם. פאַרקויפערינס האָבן געהאַנדלט מיט קויבערס ברויט, קוישן בייגל, זעמל, געווענדזלטע הערינג, הייסע אַרבעס, באַב, עפּל, בארן, פלוימען, וויינשל. אַ יונג האָט געטריבן אין מיטן גאַס אַ מחנה אינדיקעס. זיי האָבן זיך געפּרוווט צע־לויפן, אָבער ער איז זיי קונציק אונטערגעלאָפן מיטן שטעקן און זיי געצווונגען זיך צו האַלטן צוזאַמען...

דער טאַטע איז שוין געזעסן ביים טיש און אַריינגעקוקט אין אַ גמרא. ער האָט מיך דערזען און מיט מיר געזאָגט מודה אני. ער האָט געזאָגט:

— וועסט דאָ גיין אין חדר אַריין.

— ביי פישל׳ען?

— נאַרעלע, פישל איז אין סענצימין און דאָ איז וואַרשע.

— כ׳על ניש וויסן ווו.

— אַ בעלפער וועט דיך פירן.

מ׳האָט מיר געגעבן צו עסן אַ מאכל וואָס כ׳האָב קיינמאָל פריער נישט געגעסן: בייגל מיט מילך.

ס׳איז אַריינגעקומען אַ ייד, א שכן, און ער האָט גענומען דערציילן וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. די סטרייקערס האָבן געשאָסן מיט רעוואָלווערן. מ׳האָט געמוזט פאַרמאַכן אַלע געוועלבן. פּאָליציאַנטן האָבן געהאַקט קעפּ מיט בלויזע שווערדן. דער ייד האָט דערמאָנט דעם בלוטיקן מיטוואָך, ברוך שולמאַן, אַנגערופן נאָך אַנדערע נעמען. עמיץ האָט געוואָרפן אַ באָמבע. ביי דער מאַמען איז גלייך געוואָרן דאָס שייטל צעקאָדלט. דער טאַטע האָט זיך אָנגענומען ביי דער באָרד. אַ פּאָר יאָר זיינען שוין געהאַט אַריבער, אָבער די יידן אין גאַס האָבן, אַפּנים, נאָך אַלץ נישט געקאָנט פאַרגעסן די בהלה. אַ סך סטרייקערס זיינען נאָך געזעסן אין די קרימינאַלן. אַנדערע האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר. אַ סך זיי־נען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. דער טאַטע האָט געפרעגט:

— וואָס האָבן זיי געוואָלט?

— אַראָפּזעצן דעם קייסער.

די מאַמע איז געוואָרן ווייס.

— כ׳וויל נישט ס׳קינד זאָל הערן.

— וואָס פאַרשטייט ער?

אָבער כ׳האָב זיך צוגעהערט סיי־ווי סיי.

די טיר האָט נישט גערוט. עס זיינען געקומען שכנים, שכנ׳טעס. ווייבער זיינען גלייך געקומען פרעגן שאלות. די גאַס האָט נישט געהאַט קיין מורה־הוראה. מ׳האָט

גערדאַרפט גיין פון דאַנען פרעגן שאלות אויף דער גנאַינע צו ר׳ שכנא׳ן אָדער אויף דער זשימנע, צו ר׳ מאָטעלע קלעפפיש.

אַ יידענע האָט געפרעגט אַ שאלה:

— מעג איך זיין מיטן מאַן.

— יאָ.

— הייליקער צדיק, אַ געזונט אויף אייך. הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָלט איר לעבן!...

— גייט געזונטערהייט.

דאָס ווייבל איז אַוועק. איך בין געשטאַנען אַ דערשטוינטער פון די אויסטער־לישע רייד, אָבער כ׳האָב שוין געוווסט אַז ס׳איז אומזיסט מיין פרעגן. מ׳האָט מיר אַלעמאָל געגעבן איין ענטפער: ס׳איז נישט פאַר קיין קינדער. אין מיין מוח האָבן זיך צונויפגעמישט די צוויי אויסטערלישע זאַכן: יענע וואָס ווילן אַראָפּזועצן דעם קייסער און דאָס ווייבל וואָס וויל זיין מיטן מאַן. ס׳איז אַלץ געווען איין גרויסער סוד וואָס בלויז דערוואַקסענע קאָנען דאָס באַנעמען. . .

## איך ווער אַ גובה



א ווינקל־מורה־הוראה האָט נישט באַקומען קיין פענסיע פון דער וואַרשעווער גמינע, אָדער דער קהילה. די יידן אין גאַס האָבן אים געצאָלט וואָכנגעלט. אַ גובה איז אומגעגאַנגען יעדע וואָך מיט קוויטלעך און די באַלעבאַטים פון דער גאַס האָבן געצאָלט: דריי קאָפּיקעס, פינף קאָפּיקעס, וויפיל איינער האָט זיך געשטעלט. די יידן האָבן גערן געצאָלט פאַר דעם מורה־הוראה, ווייל זיי האָבן גע־דאַרפט פרעגן שאלות, און דער מורה־הוראה וואָלט געהאָט פרנסה. אָבער ערשטנס האָט דער גובה אַראָפּגענומען פאַר זיך צוואַנציק פּראָצענט. צווייטנס, האָט ער גע־גנב׳עט. אמת, דער גובה האָט באַקומען קוויטלעך מיט סטעמפּלען, און ער האָט אָדער געדאַרפט צוריקברענגען דאָס קוויטל, אָדער געלט. אָבער די יידן אין גאַס האָבן געצאָלט אָן דעם קוויטל אויך, און דאָס האָט געגעבן דעם גובה אַ געלעגנהייט אַראָפּצונעמען פאַר זיך.

פריער האָבן מיר געהאַט אַן ערלעכן גובה, אַ בחור, אָבער ער האָט חתונה גע־האַט און האָט זיך געלערנט זיין אַ שוחט. נאָך אים זיינען געקומען גנבים. איין גנב איז געווען גרעסער פון דעם אַנדערן. צום סוף איז דערגאַנגען צו אַזאַ שטופּע, אַז דער גובה האָט כמעט אַלץ צוגענומען פאַר זיך. מיין פאָטער האָט זיך פשוט געשעמט חושד צו זיין אַ ייד. יענער האָט יעדע וואָך געברענגט ווייניקער געלט און דערביי האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מ׳צאָלט נישט!

אָדער ער פלעגט אַ זאָג טאָן:

— ס׳איז אַ יקרות, ס׳איז אַ קריזיס.

ס׳איז דערגאַנגען ביי אודז דערצו, אַז ס׳איז איינפאַך נישט געווען קיין ברויט

אין שטוב. דער קרעמער האָט אויפגעהערט באַרגן. איך האָב מער נישט באַקומען יעדן טאָג דעם צווייער אויף צוקערלעך און שאָקאָלאַד. דער טאַטע איז געבליבן שולדיק דירה־געלט און דער ווירט האָט געדראָט מיט אַפּשרייבן דאָס מעבל און מיט מאַכן אַ ליציטאַציע, ביים בענטשן, ווען ס'איז געקומען צו די ווערטער „ואל תצריכני לא לידי מתנת בשר ודם ולא לידי הלוואתם", האָט דער טאַטע אויפגע־הויבן די אויגן צום הימל און געזיפצט העכער ווי אַלעמאָל. ווי קאָן מען לערנען תורה און זיין אַ ייד, אַז ס'איז נישטאָ אויף שבת?

איינמאָל האָט דער טאַטע פאַר מיר זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ, און איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל זיין דער גובה!

דער טאַטע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ דערשראָקענער.

— דו ביסט אַ יינגל, דו דאַרפסט לערנען.

— כ'וועל לערנען אויך.

— ווען די מאַמע זאָל דאָס וויסן, וואָלט זי געשריגן געוואַלד.

— זי דאַרף נישט וויסן.

דער טאַטע האָט זיך לאַנג געקווענקלט. צום סוף האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, פּרווו.

איך האָב גענומען אַ פּאַק קוויטלעך און זיך געלאָזט גיין איבער די אַדרעסן. ווו איך בין געקומען, האָט מען מיר אָקעגנגעטראָגן דאָס געלט. דער גובה האָט גע־זאָגט אַז יידן גיבן נישט, אָבער אַלע האָבן געגעבן. מיר האָבן געהאַט אָפּגעשאַפט דעם גובה דעם גנב און אַ סך מענשן האָבן באַצאָלט פאַר עטלעכע וואָכן. אין אַ שעה צייט איז מיין קעשענע געוואָרן פול מיט קופּער־געלט און זילבער. אין צוויי שעה זיינען ביידע קעשענעס געוואָרן פול. איך האָב געפונען, אַז איך האָב אַ בוזעם־קעשענע אויך און הויזנקעשענעס.

ווען איך בין אַרויס פון שטוב, האָב איך מיך געשעמט מיט דעם וואָס איך טו. דאָס פּנים האָט מיר געפלאַמט. אָבער וואָס לענגער איך בין געגאַנגען, אַלץ מער איז פון מיר אָפּגעטאָן געוואָרן די בושה. מ'האָט מיך אויפגענומען אומעטום מיט אַזאַ כבוד! יידן האָבן מיר געטאָן אַ קניפּ אין בעקל. יידענעס האָבן מיך געבענטשט און מיך מכבד געווען מיט אַ קיכל, אַ פּרוכט, אַ צוקערל. טייל ווייבער האָבן גע־לויבט דעם טאַטן, אים גערופן טייערער ייד, צדיק. איך בין געגאַנגען איבער אומ־צאָליקע טרעפּ און אַנגעקלאַפּט אין ווער ווייסט וויפיל טירן. איך האָב געקאָנט די קראַכמאַלנע גאַס פון פריער, אָבער איצט האָט זי זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר פון אינעווייניק.

איך בין אַריין צו שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרס, פעלצנמאַכער, בערשטל־מאַכער, און אַלערליי בעל־מלאכה'ס. אין איין שטוב זיינען געזעסן מיידלעך און געצויגן קרעלן אויף שנירלעך. דאָס איז געווען זייער אַרבעט. די קרעלן אָדער פּאַטשערקעס האָבן געלויכטן מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. אומעטום, אויף דעם

טיש, אויף שטולן, אויף די בעטן, אויפן דיל, זיינען געלעגן קופּעס מיט „אידל־שטיינער״.מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך בין אַריין אין אַ פאַר׳כישופטן פּאַלאַץ פון דעם מעשה־ביכל.

אין איין שטוב, ווען איך האָב געעפנט די טיר, האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. אויף דער ערד זיינען געלעגן טויטע חיות. דער ייד האָט געהאַנדלט מיט האָזן. ער האָט אויפגעקויפט געשאָסענע האָזן ביי יעגער און זיי אַרומגעטראָגן צו פּריצים, אָדער אין גויישע רעסטאָראַנען. אין אַן אַנדער שטוב האָב איך געזען אַ מאַשין אַזאַ, וואָס האָט געוויקלט זיידענע פעדים אויף קלעצלעך. רעדלעך האָבן זיך געדרייט און מיידלעך מיט פעדים אין די צעפּאַטלטע האָר האָבן מיט פלינקע פינגער זיך געפאָרעט אַרום דער מאַשין און געזונגען לידער פון יידישן טעאַטער.

גאָט אין הימל, ווי יעדע שטוב איז אַנדערש! אין איין שטוב זיינען אין מיטן טאָג געזעסן מאַנסלייט און פרויען ביי אַ טיש און אַלע האָבן געשפּילט אין קאָרטן. אין אַן אַנדער שטוב איז געשטאַנען אַן אַלטער ייד מיט אַ ווייסער באָרד, מיט ווייסע פאות, און געהובלט אַ ברעט. אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט שניצלעך און קלעצלעך. אַן אַלטע יידענע מיט אַ קאָפּקע האָט געדאַוונט פון אַ סידור. אויף דער קיך האָט זיך דערביי געקאָכט אַ טעפּל עסן. איך בין אַריין צו אַן איינבינדער און געזען, צו מיין שרעק, אַז סידורים, חומשים וואַלגערן זיך אויף דער ערד, און די געזעלן האָבן איבער זיי געטראָטן. ספרים אָון שמות האָבן דאָ נישט געהאַט קיין שום ווערט.

אין איין שטוב האָב איך געזען אַ פרוי אַ פאַרזעעניש. איר קאָפּ איז געווען אויבן שמאָל און אונטן ברייט, ווי אַ היטל צוקער. אויגן האָט זי געהאַט גרויסע ווי ביי אַ קאַלב. דער קערפּער איז געווען משונה ברייט און דיק. די פרוי האָט גערעדט שטום־לשון און אַרויסגעלאָזט געשרייען אַזוינע וואָס האָבן מיך דערשראָקן. ווי אויסטערליש, נאָר זי האָט געהאַט אַ מאַן. פאַרוואָס אַ מאַנסביל זאָל חתונה האָבן מיט אַזאַ מין קאַלב איז פאַר מיר ביז היינט אַ רעטעניש.

אין איין שטוב האָב איך געזען ליגן אַ פּאַראַליזירטן ייד. ער איז נישט געלעגן אויף אַ בעט, נאָר אויסגעשטרעקט אויף אַ סאָרט טאַפּטשאַן. זיין פּנים איז געווען געל ווי ביי אַ טויטן. אַ יידענע האָט אים אָנגעקאָרמעט און דאָס עסן האָט זיך אים פאַרגאָסן אויף דער איינגעשרומפּענער באָרד. די אויגן זיינע זיינען געווען עפּעס ווי איבערגעדרייט. איך האָב געעפנט די טיר און גלייך צוריק פאַרקלאַפּט. איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אין דער דאָזיקער שטוב.

איך בין אַרויף מיט טרעפּ וואָס האָבן געפירט צו אַ פּאַציאַטע. אויף די שטיגן האָט זיך געוואַלגערט מיסט. באָרוויסע קינדער זיינען געזעסן אויף טרעפּ און זיך געשפּילט מיט שערבלעך, מיט בלאָטע. איין יינגעלע האָט געהאַט אַ פּאַרך. ביי אַן אַנדער יינגעלע איז דאָס קעפּל געווען אָפּגעגאָלט און עס זיינען געבליבן אַ פּאָר לאַנגע צעשויבערטע פאות. דאָס פּנימל זיינס איז געווען בלאַס, אָן בלוט, און די אויערן אויפגעבלאָזן. אַ מיידעלע האָט אים אָפּגעשפּיגן און ער האָט אַ רוף געטאָן:

— מיט בלוט און מיט אייטער!

איך האָב אַרויסגענומען אַ קוויטל, איבערגעלייענט און געפרעגט:

— ווו וווינט דאָ יענטע פלעדערבוים?

— אין דער שטשאָנקע...

אַ שטשאָנקע האָט מען גערופן אין וואַרשע אַ פינצטערן קאָרידאָר. איך האָב מורא געהאַט, נאָר עפּעס האָט מיך אָנגענומען יענעם טאָג אַן אויסטערלישער קוראַזש. איך בין עפּעס נישט געווען איך, נאָר בין ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עמיצן אַנדערש. איך בין געקראָכן אין דעם פינצטערן גאַנג און זיך אָנגעשלאָגן אין קוישן, קאַסטנס. עפּעס האָט דאָ געגרודערט, געשאָרכט, ווי מייז וואָלטן אַרומגעלאָפן. איך האָב געהאַט ביי מיר אַ קעסטל שוועבעלעך און אָנגעריבן אַ שוועבעלע. די טירן האָבן דאָ נישט געהאַט קיין נומערן. עס זיינען אפילו נישט געווען קיין קליאַמקעס. איך האָב אַ שטופּ געטאָן אַ טיר און דערבליקט אַ מוראדיק בילד: אויף דער ערד איז געלעגן אַ טויטער, איבערגעדעקט מיט אַ טוך. מ׳האָט געקאָנט אַרויסזען דאָס געשטאַלט פון קאָפּ, די פיס. צוקאָפּנס האָבן געברענט צוויי ליכטלעך. אויף אַ פּוסבענקעלע איז געזעסן אַ יידענע און געוויינט, געבראָכן די הענט, עפּעס געשריגן צום מת. דער שפּיגל אַקעגנאיבער איז געווען פאַרהאָנגען. אַזאַ פּחד האָט מיך אָנגענומען, אַז עס איז מיר אַזש געוואָרן קאַלט אין די ריפּן. איך האָב געטאָן צוריק אַ פאַרקלאַפּ די טיר און בין געבליבן אין דער פינצטערניש. פייערדיקע פינטלעך האָבן זיך געוויגט פאַר מיינע אויגן. אין די אויערן האָט גענומען קלינגען ווי מיט גלעקער. איך האָב גענומען לויפן אויף צוריק, אָבער איך האָב מיך פאַרטשעפּעט אין אַ קויש, אָדער אַ קאַסטן. „עמיץ" האָט מיך ווי אָנגעכאַפּט ביי דער פּאָלע, געריסן אויף צוריק. איך האָב באַשיינפּערלעך געשפּירט ווי ביינִיקע פינגער קלאַמערן זיך איין אין מיר און געהערט אַ גרויליק געשריי. איך בין אַרויס מיט אַ צעריסענער קאַפּאָטע, אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס. מער גיין מיט די קוויטלעך האָב איך נישט געקאָנט. איך בין ערגעץ אַוועק און געבראָכן. אַ שוידער איז מיר געלאָפן איבער די גלידער. עס איז מיר אפילו געווען שווער צו גיין, ווייל דאָס קופּערגעלט האָט מיך אַראָפּגעוויגן. איך האָב געהאַט אַן אויסטערליש געפיל: גלייך ווי איך וואָלט אין דעם איינעם טאָג געוואָרן מיט אַ סך יאָרן עלטער.

איך האָב נישט געהאַט געגעסן פון אינדערפרי אָן, אָבער איך בין נישט געווען הונגעריק. פאַרקערט, דער בויך איז מיר געווען ווי אָנגעפּוישט. איך בין אַריין אין אַ חסידים־שטיבל. בייטאָג איז דאָרט קיינער נישט געווען. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און זיך אָפּגערוט ווי אַן אַלטער ייד. די פיס האָבן מיר וויי געטאָן. דער קאָפּ האָט מיר געהאַקט איך האָב געכאַפּט אַ בליק אויף די ספרים. געוויינלעך זיינען מיר ספרים געווען נאָענט, נאָר איצט זיינען מיר די ספרים אין שאַנק פאָרגעקומען ווייט און מיר האָט זיך געדוכט אַז איך האָב פאַרגעסן דאָס לערנען.

מיט אַמאָל איז מיר געוואָרן קלאָר אַז איך האָב אָפּגעטאָן אַ מיאוסע זאַך. אַ בושה האָט מיר אָנגענומען און אַ מיגל צו זיך אַליין. מיר דוכט זיך אַז איך האָב יענעם טאָג אָנגענומען אַ באַשלוס וואָס דויערט ביז היינט: קיינמאָל נישט אָפּצוטאָן קיין קרומע זאַך צוליב געלט; קיינמאָל זיך נישט אַריינלאָזן אין שנאָרעריי, טובות, געשאַנקען... ניין, איך בין נישט געבוירן דערצו. איך האָב וואָס גיכער געוואָלט ווערן לויז פון דער מיאוסער לאַסט.

איך בין געקומען אַהיים. די מאַמע איז גראָד נישט געווען אין קיך. אין ביתדין שטוב האָט דער טאַטע אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט פאַרזאָרגטע אויגן.

— וווּ ביזטו אַהינגעקומען אַ גאַנצן טאָג?

און מיט אַמאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ס'האָט מיר שוין באַנג געטאָן די גאַנצע זאַך... דו דאַרפסט לערנען, נישט זיין קיין גובה...

איך האָב אויסגעשאָטן דעם באַרג געלט. איך האָב אין דעם איינעם טאָג צו־נויפגעזאַמלט מער וויפיל דער גובה אין אַ חודש. יענער האָט אַלץ צוגע'גנב'עט.

דער טאַטע האָט דאָס געלט אפילו נישט איבערגעציילט און עס אַריינגעלייגט אין אַ שופלאַד. ס'איז מיר געוואָרן משונה גרינג.

— טאַטע, כ'על דאָס מער נישט טאָן.

— חס ושלום!

דער טאַטע האָט צוגענומען אַ נייעם גובה, אָבער יענער האָט אויך גע'גנב'עט. נאָך אַ ווייל האָט דער טאַטע אינגאַנצן אויפגעהערט נעמען וואָכנגעלט ביי דער גאַס. ער האָט געלאָזט אַרויסהענגען אַ פּאַפּיר, אַז מען זאָל מער נישט געבן קיין שום גובה קיין געלט. ער האָט געפּרוווט זיך אויסהאַלטן פון דין תורה'ס, חתונות און גט'ן.

מיט דער פּרנסה איז געוואָרן אַלץ ערגער. דער טאַטע האָט אָנגענומען בחורים צום לערנען, אָבער זיי האָבן זיך לאַנג נישט געהאַלטן. די מאַמע איז אָוועקגעפאָרן קיין בילגאַריי צו איר פאָטער ער זאָל איר אַרויסהעלפן אין דער נויט. אַ נסיעה אין יענע קאַנטן האָט דאַמאָלס געדויערט דריי טעג. די מאַמע האָט זיך אָפּגעזאַמט וואָכן.

די שטוב איז געוואָרן הפקר. מיר האָבן געגעסן טרוקנס. ס'איז מער נישט גע־ווען ווער עס זאָל אויף מיר אַכטונג טאָן. אָבער גראָד אין יענער צייט האָט מיך אָנגענומען אַ גרויסער חשק צום לערנען. עפּעס ווי פון זיך אַליין האָב איך אָנגע־הויבן „לייענען" אַ בלאַט גמרא און אפילו פאַרשטאַנען אַ תוספות. איך האָב גע־נומען בלעטערן אין רמב"ם, אין שולחן ערוך, אין ספרים אַזוינע, וואָס זיינען ערשט נישט לאַנג געווען פאַר מיר פאַרהוילן. אין איינעם אַ טאָג האָב איך געפונען ביים טאַטן אין שאַנק אַ קבלה־ספר. ס'איז געווען דער „עמוד העבודה" פון ר' ברוך קאָסאָווער. אַ סך וואָס איז דאָרט געווען געשריבן האָב איך נישט פאַרשטאַנען. אָבער דאָ און דאָרט האָב איך יאָ עפּעס באַנומען. ס'איז געווען ווי אַ פאַרזיגלטער קוואַל וואָלט זיך געעפנט אין מיין מוח. איך האָב דערפילט דעם גרויסן פאַרגעניגן פון לערנען . . .

# שמחת תורה



פון דעם אָפּהילך פון האַרמאַטן האָבן שוין אין וואַרשע געציטערט די שויבן. די דייטשן זיינען געשטאַנען נישט ווייט. די רוסן האָבן געמאַכט אַ קאָנטער־אַטאַקע.

איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן מאַרשירט צום פראָנט צאַרסקע פולקן פון אַלערליי סאָרטן: קאָזאַקן, טשערקעסן, כונכוזן, קאַלמיקן. די שפּיטאָלן זיינען געווען פול מיט פאַרוווּנדעטע. אָפּיציר'ן און באַאַמטע האָבן שוין באַצייטנס אַרויסגעפירט די פאַמיליעס. מ'האָט געשמועסט, אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאַקט זיך און אַז מ'האָט מינירט די פּראַגער בריקן. שמועות זיינען אַרומגעגאַנגען, אַז איידער פּאַניע וועט אָפּטרעטן, וועט ער אונטערצינדן די שטאָט. פונדעסטוועגן האָבן יידן היי־יאָר שמחת תורה געהוליעט גלייך ווי אַלעמאָל. די מאָנאָפּאָל־געוועלבן זיינען געווען פאַרמאַכט, אָבער מ'האָט געקראָגן בראָנפן פון טריפהנע ברייזלעך. ס'האָט נישט אויסגעפעלט נישט קיין ווייַן, נישט קיין ביר. אין ביאַלאָדרעווונער שטיבל האָט מען אָנגעהויבן טרינקען שמיני־עצרת בייטאָג. שמחת־תורה אינדערפרי, צו די הקפות, זיינען די חסידים געווען שיכור. די צוויי בעסטע עליות האָבן נאָך אַלץ געקריגן די בני־מושקאָט. פּיניעלע האָט געקויפט חתן־תורה, אַבראַם — חתן־בראשית. ניוניע איז נישט געקומען דאַוונען, ווייל דאָס ווייב דאַכע, איז געלעגן שלאַף. צו כל הנערים, ווען מ'האָט אַלע קינדער אַרונטערגענומען אונטער איין טלית, איז געוואָרן אין שטיבל אַ מעקעניש, ווי פון ציגן. אבראַם האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ באַנק, אין אַ זיידענער קאַפּאָטע און אין אַ שטריימל, געוופן:

— צאן קדשים!

און די ייִנגלעך האָבן אַלע געענטפערט מיט איין קול:

— מע־ע־ע! . . .

אין שטיבל איז געווען הייס. אין די רויטע עפּל, וואָס זיינען געזעסן אויף די פענער, האָבן געברענט ליכטלעך. כאָפּטעס מיידלעך און ווייבער זיינען געקומען קושן די תורה. בחורים און יונגעלייט האָבן אָפּגעטאָן אַלערליי שטיקלעך: אַריינגעגאָסן וואַסער אין קעשענעס, צונויפגעבונדן ציצית, באַהאַלטן טליתים, יאַרמולקעס, שטריימלעך. דער בעל תפילה האָט געדאַוונט מוסף, נאָר קיינער האָט נישט מיטגעדאַוונט. פּיניעלע, דער למדן, האָט אויסגערופן, אַז די כהנים, וואָס זיינען פאַרשנאַשקעט, טאָרן נישט דוכנען. דאָס ליכט, וואָס האָט געברענט אין ליידיקן ארון־קודש, אויפן אָרט פון די רייניקייטן, איז אומגעפאַלן און ס'איז שיר נישט געווען אַ שרפה. נת'לע מושקאַט איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר גבאי. נת'לע האָט געטענהט, אַז ער איז שלאַף און קאָן זיך נישט פאַרנעמען מיט קהלשע ענינים. דערצו איז דער ברודער, יואל, געווען מסוכן קראַנק. אָבער חסידים האָבן נישט געוואָלט קיין תירוצים. נאָכדעם ווי נת'לע איז געוואָרן גבאי, האָבן יונגעלייט אים אַ כאַפּ געטאָן, אַוועקגעלייגט אויפן טיש, אָפּגעשמיסן. ווער ס'האָט געפּאַטשט מיט דער האַנט און ווער ס'האָט געפּיצקעט מיט אַ גאַרטל. נת'לע איז געלעגן מיטן גראָבן בויך, ווי אַ שעפּס. ער האָט שווער געסאַפּעט, געכאָרכלט, און די קעסט־קינדער האָבן גערופן:

אחת ואחת!
אחת ושתים!
אחת ושלוש! . . .

נאָכדעם ווי מ׳האָט נת׳לען אָנגעהאָקט דאָס אונטער־חלק, האָט ער פאַרבעטן דעם עולם אויף קידוש. סאָלטשע, נת׳לעס ווייב, האָט געזוסט פאַראויס, אַז נת׳לע וועט זיין גבאי און זי האָט צוגעגרייט וויין, מעד, ווישניק, טאָרט, פלודן, ניס. אין קיך האָט זיך געקאָכט אַ גרויסער טאָפּ קרויט. מ׳האָט אין אים אַריינגעטאָן ראָזשינ־קעס, זאַפּערן, רייב־לעקעך, קרימעטארטע. אין באַק־אויוון האָבן זיך געבראָטן צוויי געגנדז אין דער זזיע. ס׳האָט פאַרשמעקט אַלע שטובן. אַבראַם האָט געבראַכט אַ גאַנצן שטאָף בראָנפן, וואָס ער האָט געהאַט שטיין פון פאַר דער מלחמה. ער האָט אויסגעטאָן די קאַפּאָטע, די שיך, און געטאַנצט אין די זאָקן אויף נת׳לעס דעמבענעם רוק־טיש. ער האָט געזונגען אַ ביאַלאָדרעווונער ניגון:

די ערשטע מעלה, די ערשטע מעלה:
אום אני חומה;
די אַנדערע מעלה, די אַנדערע מעלה:
ברה כחמה;
כאַטש, כאַטש, כאַטש
גולה וסורה,
פאַרט, פאַרט, פאַרט:
דמתה לתמר.
די דריטע מעלה, די דריטע מעלה:
ההרוגה עליך;
די פערטע מעלה, די פערטע מעלה:
ונחשבת כצאן טבחה;
כאַטש, כאַטש, כאַטש
זרויה בין מכעיסיה,
פאַרט, פאַרט, פאַרט:
חבוקה, ודבוקה בך . . .

סאָלטשע האָט זיך געבעטן ביי אַבראַמען ער זאָל אַראָפּקלעטערן, ווייל ער צע־ברעכט דעם טיש, נאָר אַבראַם האָט נישט געוואָלט הערן. זי האָט געוואָרנט די חסידים, אַז די פּאָדלאָגע איז געוועקסט און מ׳קאָן זיך נאָך אויסגליטשן, נאָר קיי־נער האָט זי נישט געהאָרכט. יידן האָבן זיך אָנגענומען אין אַ ראָד, געזונגען טרי־ליקע ביאַלאָדרעוונער ניגונים, געטאַנצט מיט די שווערע שטיוול. יינגלעך האָבן זיך אַריינגעדרייט אין מיטן, מיטגעהאָפּסעט. שכנישע ווייבלעך און מיידלעך האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער ווינונג, געפּאַטשט מיט די הענט, זיך פאַרגאַנגען אין גע־לעכטערן. ווען סאָלטשע האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנדז אין אַ בעקן, האָבן די חסידים גענומען רייסן שטיקער מיט די הוילע הענט. אין אַ מינוט איז געבליבן אַ קופּע ביינער. פּיניעלע איז געוואָרן היזעריק פון שרייען און געפּרווט קושן סאָלטשען, די שוועגערין. נת׳לע האָט אַזוי שטאַרק געלאַכט, אַז דער בויך האָט זיך אים גע־טרייסלט.

— אַזוי, פּיניעלע! — האָט ער געדופן — הגם לכבוש את המלכה עמי בבית?

— שמחת־תורה איז יעדער ייד אַ מלך! — האָט פּיניעלע געענטפערט מיט תקיפות.

סאָלטשע איז אַנטלאָפן, אָבער פּיניעלע האָט זי נאָכגעיאָגט. די נקבות אין קיך האָבן גענומען לויפן, קוויטשען. אבראַם איז פּיניעלען נאָכגעלאָפן, אָנגעכאַפּט אים ביים קאָלנער, געשריגן:

חמור־איזל, ווייבערניק! טריפהנער ביין! . .

— מאַמעליו קרוין, קוקטע זיי נאָר אָן! — האָט געשריגן אַ ווייבל. — יאַך האַלט עס ניש' אָהס!...

— אברהמעלע, מ׳קאָן דיך! — האָט פּיניעלע גערופן מיט אַ יינגלש קולכל.
— דו אַלטער הינער־פרעסער!...

— אוי, מענטשן, האַלטע מיאָך צו! — האָט זיך צעהירזשעט אַ גרויסע יידענע מיט אַ מעכטיקן גרעק אין שייטל. — יאַכ׳ל פּלאַצן פון געלאַכטער!...

— אוי, ווי קומיש, מאַנע זאַטן!...

— נו, ווייבער, ווער האָט ענק געראַטעוועט? איך, אַבראַם!.. דו יצר־הרעניק! דו בופלאָקס! דו עוג מלך הבשן!...

און אברם האָט אַ כאַפּ געטאָן פּיניעלען אויף די הענט און אַרויסגעטראָגן פון קיך. פּיניעלע האָט געוואָרפן מיט די פיסלעך, זיך צעהוילט ווי אַ חדר־יינגל ביים שמייסן...

פון נת׳לען זיינען די חסידים אַוועק צו פּיניעלען. חנה, די קורלענדישע און אירע פיר טעכטער האָבן זיך פון אינדערפרי אָן געגרייט צו דער כאַליאַסטרע. די עלטסטע, באַשע־דבורה, האָט שוין געהאַט אַ קינד. די יינגסטע, דאָשע, האָט ערשט געמאַכט מאַטורע. חנה האָט באַצייטנס אַרויסגענומען פון דער סאַלע די טעפּיכער, אָפּגערוימט אַלע געשטעלעכלעך, טישלעך, וואַזעס, בלומען־טעפּ, שמאָכטעס, וואָס די לאַפּאַצאַנעס קאָנען צעברעכן. חנה האָט צוגעגרייט פּאָראויס אַ שטרודל און אַ פלאַש וויינשל־זאַפט. די חסידים האָבן געפּרוווט זוכן מעדנים אין דער קרעדענס, אין באַק־אויוון, אין די שופלעדער, נאָר אַלץ איז ביי דער קמצנית געווען פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן. די חסידים האָבן אין דער גיך אָפּגעזונגען און זיינען אַוועק צו אַבראַמען. ביי אַבראַמען האָט מען זיך שוין געריכט אויף דער חסידאַרניע. חמא און די אויס־געגעבענע טאָכטער, ביילע־איטע, האָבן געהאַט אָפּגעקאָכט אַ קרויט, קלאָפּסן, און אָפּגעבראָטן אַ גאַנדז כאָטש אַ גענדזל האָט געקאָסט אַכט רובל. מ׳האָט צוגעגרייט האָניג־לעקעך, קיכלעך, באַבקע,ווישניק, שנאַפּס. אַבראַם האָט נאָך פאַר יום טוב געוואָרנט חמאן, זי זאָל אים נישט פאַרשעמען מיט איר קאַרגשאַפט. חמא האָט גע־טראָגן אַ יום־טובדיק קלייד און אָנגעהאָנגען דאָס צירונג. די גאָלדענע קייט, די פינגערלעך, די אויערינג, די בראש האָבן אויסטערליש נישט געפּאַסט צו חמאס קבצנישער צורה. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשטעלטע. ביילע־איטע האָט אָנגעטאָן די מלבושים פון אויסשטייער. אביגדור, אַבראַמס איידעם, איז דאָ אויך געווען. אביגדור איז געווען צו דער חתונה אַן אלמן. ער האָט געהאַט אַ שניט־געוועלב אין דער צווייטער האַליע. אביגדור איז געווען אַ חסידישער יונגערמאַן, אַ בן־תורה, מיט אַ בלאַס קיילעכיק פּנים און אַ פּאָר ברילן מיט משונה־גראָבע גלעזער. אבראם האָט געוואָלט אַביגדור זאָל דאַווענען אין ביאַלאָדרעוונער שטיבל, אָבער אביגדור איז געווען אַ סאָכאַטשעווער חסיד. אַבראַם האָט געטאָן אַ געשריי:

— גוט יום־טוב, גן־עדן מיינער, ביסט שיכור, אָדער ניכטער?

— יאָך, שווער, בין קיינמאָל נישט שיכור!

— אויב אַזוי, טויגסטו אויף אַ כפרה!

— אַבראַם, וואָס טוט זיך מיט דיר? ווי אַזוי רעדסטו צו אביגדורן? — האָט חמא אַ רוף געטאָן מיט וואָרעניש.

— אַ מאַנסביל דאַרף קאָנען טרינקען. ווען ניש׳, קאָן ער נישט מאַכן קאַ׳ ברית!...

— פע, אַבראַם, פאַרשאַפסט מיר בושות און חרפות!..

ביי חמאן איז גלייך די נאָז געוואָרן צונטער־רויט. אין די אויגן האָבן זיך אוועקגעשטעלט טרערן. אַבראַם איז שוין, אַפּנים, געווען בגילופין. ביילע־איטע איז צוגעלאָפן צום פאָטער, געפּרוווט אים איינרוימען אַ סוד. אבראַם האָט זי אַ כאַפּ געטאָן, גענומען קושן.

— טעכטערל מיינס, ס׳זאָל אַ רוח אין דיין געפּגרטן טאַטן!...

— שיכור ווי לוט — האָט חמא געפּסקנט.

— לוט האָט ניש׳ געהאַט קאַ׳ זאָרג מיט די טעכטער!

— פע, אבראַם, רעדסט שוין פון-דיר! — האָט פּיניעלע אים געוואָרנט. — וועיז בעסער דיין אַניק!...

— יאָ פּיניעלע, ביסט גערעכט!...

און אַבראַם האָט אים אָנגעכאַפּט ביים בערדל און גענומען ציען ווי אַ באָק. צווישן די שכנטעס איז געוואָרן אַ לאַכעניש, אַ קוויטשעריי. ערגעץ פון אַ לעצט שטיבל איז אַריין סטעפע. סטעפע האָט רעכט נישט געדענקט, אַז ס׳איז שמחת־תורה. זי האָט געהערט געוואַלדן, איז זי געקומען טאָן אַ קוק. סטעפע איז געווען שיר נישט אַזוי הויך ווי אַבראַם. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויט קלייד און אין אַ שוואַרצן לאַקירטן פאַס. סטעפע איז אַלט געווען זיבן־און־צוואַנציק יאָר. אָבער זי האָט אויסגעזען ווי נאָך די דרייסיק. זי האָט געהאַט אַ גרויסן בוזעם, ברייטע היפּטן. דאָס טונקעלע פּנים האָט נאָך געהאַט חן: זי האָט געהאַט שוואַרצע אויגן, אַ גלייכע נאָז, וואָס ס׳זיינען זיך איבער איר צוזאַמענגעקומען די ברעמען, פולע ליפּן. אָבער עפּעס אַ מידקייט איז געלעגן אין איר צורה. דער סטודענט פון מעדיצין, וואָס מיט אים האָט סטעפע זיך אַרומגעפירט די לעצטע פיר יאָר, האָט נישט געענדיקט אויף דאָקטאָר, נישט געוואָלט חתונה האָבן. מ׳האָט זיך געסודעט אין דער משפחה, אַז סטעפע איז שוין געווען פון אים טראָגנדיק און אַן אָקושערקע האָט איר געהאָלפן מפּיל־זיין. לעצטנס איז סטעפע געווען אַ בוכהאַלטערין אין אַ פאַבריק פון מעטאַלענע בעטן און פאַרדינט צוואַנציק רובל אַ וואָך. אַבראַם האָט וויפל מאָל מיט איר איינגעטענהט זי זאָל אַוועקוואַרפן דעם נישט־דערקוילעטן סטודענט, נאָר סטעפע האָט געענטפערט:

— זאָל פּאַפּאַ זיך נישט מישן אין מיינע געשעפטן!

ווען די חסידים האָבן דערזען סטעפען, זיינען זיי עפּעס ווי געוואָרן ביי זיך בטל. די יונגעלייט האָבן זיך פאַרשעמט, גענומען זיך אָפּרוקן אויף הינטערוויילעכץ. די עלטערע יידן האָבן זיך אָנגענומען ביי די בערד. אַבראַם האָט זיך געמאַכט קוראַזש.

— גוט יום־טוב, שבע! — האָט ער געטאָן אַ געשריי. — ס׳איז שמחת־תורה ביי ייִדן!..

— גוט יום־טוב, גוט־יאָר.

— ברענג אַריין די גוטע זאַכן. ביסט אַ ייִדישע טאָכטער!

— ווער לייקנט דען?...

סטעפע האָט זיך אומגעקערט פון וואַנען זי איז געקומען. ס׳איז איר נישט געפעלן, וואָס דער פאָטער האָט זי גערופן שבע. זי האָט נישט געליטן ווען ער האָט גענומען מאַכן פרומע שטיק. וואָס׳ערע קונצן פּראַוועט ער, דער היפּאָקריט? ר׳איז טויזנט מאָל ערגער פון מיר .ס׳איז זיין שולד, וואָס כ׳בין געבליבן אויפן וואַסער, אָן אַ גאָט און אָן אַ מאַן...

סטעפע איז אַוועק צו זיך אין שטיבל, צוויי מאָל איבערגעדרייט דעם שליסל. זי האָט אַרויסגענומען פון דער עטאַזשערקע אַ ראָמאַן, זיך אויסגעצויגן אויף דער קאָשעטקע, געפּרוווט לייענען, נאָר די ווערטער זיינען איר נישט געקראָכן אין קאָפּ. וואָס האָבן זיי עפּעס אַזויפיל ימים־טובים? — האָט סטעפע געטראַכט. — ראש־השנה, יום־כפור, סוכות, שאַנעראַבע. וואָס איז די שמחה אויף זיי? אַ באַנדע אָפּגעריסענע שמעגדעס!.. פון יענער זייט טיר האָבן זיך געהערט געזאַנגען, אַ טופּעניש פון פיס. אַבראַם איז אַרויף אויפן טיש. די באַבקעס, וואָס חמא האָט אַריינגעבראַכט, האָט אַבראַם געהאַלטן אין דער הויך, געטיילט שריים, ווי ישראל־אלי שמש אין ביאַלאָדרעוונע. ער האָט גערופן מיט אַ בדחנישן ניגון:

—גבירים, נגידים, קבצנים, בטלנים, איצט קומט די בבא קמא!

— יונגעלייט, משכנתא־מאַכערס, מחוצפים, עזות־פּנימער, איצט קומט די בבא מציעא!

— שקצים, שנעקעס, קונדסים, עכברושים, איצט קומט די בבא בתרא!

— ר׳ אבראַם. מיאָ, מיאָ, מיאָ! — האָבן געשריגן די ייִנגלעך. — יאָך האָ׳ נאָך גאָרניש׳ געהאָט!

— שרייץ ניש׳, מ׳עט ענק ניש׳ פאַרטיילן!

חמא האָט געפּרוווט באַהאַלטן אַביסל ווישניק און שנאַפּס פאַרן אייגענעם געזינד, נאָר אַבראַם האָט אַלץ אויסגעזוכט, געהאַלטן אין איין שטעלן פאַר די פאַרזאַמלטע כיבוד. ער האָט געשיקט ייִנגלעך צו היימישע קרעמער און יענע האָבן אין מיטן יום־טוב געעפנט די געוועלבן און אַרויפגעשיקט עפּל, באַרנעס, וויינטרויבן, אַרבוז, וועלשענע ניס. פון ר׳ שלמה וויינמאַכער האָט מען געבראַכט אַ קויש געצערטן וויין, די פלאַשן — באַשמירט מיט בלאָטע. מ׳ האָט ערגעץ געקריגן אַן אַכטעלע ביר און אַ צאַפּן. אַבראַם האָט אַרויסגעזועצט דעם שפּונד, געצאַפּט. דער שוים איז געלאָפן איבער די קופלעס. די געזאַנגען זיינען געוואָרן רוישיקער. ס׳זיינען זיך אָנגעקומען נייע חסידים, פון יענע גאַסן. אַבראַם האָט שוין געהאַט אַ חזקה, אַז שמחת תורה האָט מען ביי אים געהוליעט. ער איז דאָך עפּעס געווען חתן־בראשית. יעדעס מאָל, וואָס ס׳איז געוואָרן צווישן דער עדה שטילער, האָט אַבראַם געמונטערט:

— לעבעדיק, ייִדן! שלאָפט ניש׳! שישו ושמחו בשמחת תורה!

— ייִדן לחיים, לשנה הבאה בירושלים!...

חמא האָט זיך געשפּאַרט אין דער טיר צוזאַמען מיט אַ כאַפּטע ווייבער. זי האָט געשאָקלט מיטן שייטל, געלאַכט, געוווישט די טרערן. ווען ער וואָלט אַזוי גע־קאָנט זיין אַ גאַנץ יאָר! — האָט חמא געטראַכט. — וואָס ווייסן זיי ווי מיין בלוט ווערט געוואַשן?... אַבראַם האָט איר צוגעטראָגן אַ גלאָז ביר.

— טרינק, חמא! לחיים!

— דו ווייסט, אַבראַם, אַז ס'שאַדט מיר!

— טרינק, דער רוח ט'דיך ניש' נעמען! נאַ!...

און ער האָט איר דערלאַנגט אַ קוש בפני כל עם ועדה.

חמא איז געוואָרן רויט פון בושה און פון פרייד. צווישן די ווייבער איז גע־וואָרן אַ פּאַטשעניש, אַ כאַכעניש. חמא האָט האַלב געטרונקען, האַלב פאַרגאָסן. פון ערשטן שלוק האָט איר דאָס שיכרות אַ שלאָג געטאָן אין די געהירן. ר' מרדכי גבאי האָט אָנגענומען ר' זיינוועלע סראָצקער ביים עלנבויגן:

— אַ קל, אָבער אַן אונדזעריקער! אַ חסיד מיט דיביינער!..

(פון די ביכער: מיין טאַטנס בית־דין שטוב — און די פאַמיליע מושקאַט; אויך פון „פאָרווערטס".)

# מיכאל בורשטין

## די מאַריאַנסקע־גאַס נומער צען

נישט ווייט פון גזשיבאָוו, וואָס פירט אין דער יידישער געגנט, ליגט, איינגע־קוועטשט צווישן צוויי הויפּט־גאַסן פון יענעם קוואַרטאַל, דאָס מאַריאַנסקע געסל.

דער טומלדיקער און מענטשן־ווימלדיקער גזשיבאָוו ציט זיך אויס האַלב־רונדיק און שלינגט איין די ערומיקע גאַסן און געסלעך, אָנפילנדיק זיי מיט קלאַנגען און מעלאָדיעס, היסטערישע קולות און נערוועישע העויות און תנועות. נעבן די גרויסע אייזן־מאַגאַזינען שטייען יונגען מיט גרויסע בעקנס אויף די קעפּ און רופן אויס די פאַרשידענע מינים סחורה, שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך טראָגן אַרום גלעזערנע קרוגן מיט העל־רויטן געטראַנק, גרייט צו שטילן דעם דורשט פון די הונדערטער מעקלערס, לאָטעריע־יידן, געלט־טוישערס, טרעגערס, פּור־מאַנעס און יונגע באַלעבאַטימלעך, וואָס זוכן אין גזשיבאָווער טומל אַ תכלית. ביי די טויערן זיצן יידענעס מיט טריבע אויגן, אַרומגעוויקלט די קעפּ מיט דערעלעך, און מעסטן אָפּ פאַר די חדר־יינגלעך מעסטלעך באָב און ארץ ישראל ניסלעך. פון הייסן באָב שלאָגט אַ פאַרע און מישט זיך אויס מיט דעם אייל און נאַפט־גערוך פון די אַרומיקע זייף־געוועלבער. פּראָווינצער יידן מיט צעשראָ־קענע אויגן און פאַרפלאָמטע פּנימער, אָנגעטאָן אין הויכע יוכטענע שטיוול און קאַפּאָטעס ביז די קנעכלעך, לויפן איבער די טראָטואַרן, מאַכנדיק זיך אַ וועג מיט די הענט. קומען אָן איילנדיק פון דער באַן און גייען אָפּ מחנותוויז, באַלאָדן מיט פּעק. און טרעפט מען זיך מיט אַ שכן אָדער באַקאַנטן פון אייגענעם שטעטל אין דעם ים פון מענטשן, איז די שמחה געוואַלטיק גרויס, ווי מ׳וואָלט זיך שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען, ווי פון דער „אַכטער באַן", מיט וועלכער מען איז געקומען צוזאַמען, וואָלטן אַריבער אייביקייטן.

אַביסל פאַרשעמט, נישט דרייסט פאַרפאָרן אין דראָשקעס „קופּצעס", נייע געוועלבניקעס, ווייסן ווו צו קויפן אויפן גזשיבאָוו ביליק סחורה ביי יידן און זי שפּעטער, אינדערהיים, נאַציאָנאַליזירן... זיי דרייען זיך אַרום אומגעדולדיק, ווי

---

מיכאל בורשטין — דערציילער, ראָמאַניסט. פון פאַך — גימנאַזיע־לערער; געבוירן אין בלוינע, ביי וואַרשע — 1897. אין וואַרשע זינט 1912. מחבר פון פיר ביכער. 1939 אַוועק קיין מזרח. געווען אין געטאָ קאָוונע. אומגעקומען אין דאַכאַו 1945. — — — אַלע זיינע ווערק — עלעגיעס פון אונטערגאַנג פון פּוילישן יידנטום אין די יאָרן צווישן די מלחמות. איין ליכטשטראַל פון האָפענונג — ארץ ישראל. דער פראַגמענט שילדערט אַ פּאָפּולערן וואַרשעווער אַנשטאַלט — דעם „פּאַלעסטינע־אַמט".

די ערד וואָלט דעם טריט געבריט, כאַפּן זיך אַריין בגנבה אין די סקלאַדעס, פֿאַרפּאַקן די סחורה און פֿאָרן זייטיק אָפּ צו דער באַן.

איבער די מויערן פֿון גזשיבאָוו טורעמט זיך די קירך פֿון „אַלע הייליקע", קעניגט דאָ איבער אַ פֿרעמד קעניגרייך. דער פֿאַסאַד פֿון דער קירך, די פּאָרטאַלן און קאָלומנעס פֿון שפּעטערן רענעסאַנס שאַפֿן מיט זיך אַ קאָנטראַסט צו די איין און צוויי שטאָקיקע געלע הייזלעך, באַקלעפּטע מיט בלעכערנע שילדן און געדעקטע מיט פּאַפּע־דעכער.

אונטער דער קירך, אין די היילן, געפֿינט זיך אַ גרויסער גע־וועלבטער זאַל. נידערן אַראָפּ דאָרט אַהין נאָך דעם pacem requiem eternam די מתפּללים און הערן אויס די פֿייערדיקע דרשות פֿון גלח קאַלעוווסקי. דער גלח שיט מיט פּעך און שוועבל אויף די שונאים פֿון דער קירך און צינדט אָן אין די הערצער פֿון די גלויביקע דעם פֿלאַקער פֿון אמונה. ברענט דאָס פֿייער, ברענט, און ווערט עס פֿאַרלאָשן, טליעט עס... ביז אַ צייט, ביז אַ צייט. אָ, עס וועט קומען די צייט. דאָס פֿילן, דאָס וויסן ביי זיך די גלויביקע.

עס מאַכט זיך אַמאָל — אַ יונגערמאַן פֿון אַ רייכן טאַטן אין גזשיבאָווער געגנט ציט זיך אַריבער אויף קראָקעווער פֿאָרשטאָט, אויף „די נייע וועלט", צי גאָר אין די אַלעען — דאַן קומט ער נאָך יאָרן, ווי פֿאַרבענקט נאָך דעם היימישן, גייט אַריין אין דער קירכע פֿון „אַלע הייליקע", און דער גלח גאַלעוווסקי באַשפּריצט אים מיט הייליק וואַסער און איז אים משנה שם. האָט אַזוינער געהייסן חיים שלמה, באַקומט ער דעם נאָמען פֿראַנצישעק סאַלעזי, איז זיין מעטריקע־נאָמען הערש, בלייבט ער שוין הענריק. נאָר די ביינעמען ווערן נישט געענדערט. לעווענטאַל בלייבט לעווענטאַל און נוסבוים איז נוסבוים. אָט אַזוי ווערט די באַציונג צו דער קירך אַ היימישע, כמעט אַ פֿאַמיליאַרישע צו וואָס גיין אין פֿרעמדע קירכן, אַז דאָ איז אַלץ אַזוי נאָענט און באַקאַנט נאָך פֿון די יוגנט־יאָרן.

גאָר אין אַ זייט ליגט דאָס מאַריאַנסקע געסל. דאָ דערגרייכן קוים די קלאַנגען פֿון רוישיקן גזשיבאָוו. די איינוווינער האָבן דאָ געלעבט פֿון שטענדיק אָן שטיל, באַשיידן. ביז, ביז די צייטן האָבן זיך געענדערט און דער נאָמען „מאַריאַנסקע" האָט אָנגעהויבן קלינגען אין אַלע עקן פֿון דער פּוילישער רעפּובליק. דאָס מאַריאַנסקע געסל איז געוואָרן מער פּאָפּולער, ווי די נאַלעווקעס, מער פּאָפּולער, ווי דער מיניס־טער גראַבסקי, און אויף די קרעסן האָט דער נאָמען „מאַריאַנסקע" געוועקט נייע האָפֿענונגען...

אין יענעם יאָר האָבן טאָג־איין, טאָג־אויס דורכן גזשיבאָוו געשטראָמט אין מאַריאַנסקע געסל אַריין הונדערטער מענטשן. דאָס הויז נומער צען איז פֿון די פֿריסטע מאָרגן־שעהען אָן ביזן שפּעטן אָוונט געווען ממש באַלאַגערט. דער פּאַלעס־טינע־אַמט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ קליין מלוכהלע. אויף די עטלעכע שטאָקן זענען געווען צוזאַמענגעפּרעסט פֿאַרשידענע אָפּטיילונגען. ס'האָט געמאַכט דעם איינ־דרוק פֿון אַ מין אויסערן־מיניסטעריום, אַ שיפֿס־געזעלשאַפֿט, קאָנסולאַט און עמיגראַ־ציע־ביוראָ צוזאַמען. ביי די טירן זענען, אָנשטאָט פּאָליציי, געשטאַנען די „וואַזשנעס" און געקעמפּט מיט די „עולים", וואָס האָבן שוין נישט געהאַט קיין געדולד צו זיצן און וואַרטן אינדערהיים אויף די סערטיפֿיקאַטן און דרישות. מען האָט זיך געשטויסן צו די „מחלקות". אין יעדער אַזאַ „מחלקה" איז זיך געזעסן דער לייטער און מעשה־

באַלעבאָס אויסגעהערט די שטייענדיקע יידן און פרויען. גלייכגילטיק און טרוקן האָט געקלונגען דער ענטפער: „יאָ" אָדער „ניין". אין אַ באַזונדער קאַלט צימער האָט מען אויסגעטאָן נאַקעט די עלטערע יידן, געמאָסטן זייערע כוחות און געזוכט שפּרענקעלעך אויף די צעקנייטשטע לייבער מיט די איינגעפאַלענע ברוסטן. אין אַן אַנדערן „זאַל" האָבן זיך געקוועטשט אין דער ריי מאַמעס מיט קינדער, וואָס פאָרן צו טאַטעס, כלות — צו חתנים, מיידלעך מיט געשוירענע האָר און אין קורצע קליידלעך — אין די קבוצות ביי יעדן האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ און די ליפּן האָבן געשעפּטשעט: ווי קומט מען שוין אַדורך... די ענגלישע קאָנטראָל איז געווען די הויפּט־זאָרג און גרעסטע מאַטערניש פון יעדן עולה.

לוי איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אין דער גרויסער ענגשאַפט געוואָרפן אין זיינע אויגן און דערפרייט זיין נשמה, זענען געווען די העברעישע אויפשריפטן. עס האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן מיט ארץ ישראלדיקער לופט און אַ טיפער ציטער איז אַדורך איבער זיין לייב. אָט דערנענטערט ער זיך שוין אין גלות צו זיין אידעאַל. זיין חלום ווערט אַ ממשותדיקע זאַך. פּלוצלינג האָט זיך אָבער ווי אַ כמאַרע אַראָפּגעלאָזט אויף זיין פּנים און צעשטערט דעם דערהויבענעם איינדרוק. לוי האָט באַמערקט אַזוינס, וואָס ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט געקאָנט מוחל זיין: די העברעישע אויפשריפטן זענען געווען נישט געניי על פּי דקדוק. הייסט עס, אַז דאָ, אין דעם מקום קדוש (לוי האָט שטענדיק געדרונגען, אַז די הייליקסטע זאַך איז ישוב ארץ ישראל און במילא ווערט יעדעס אָרט, וואָס האָט אַ שייכות צו דער מצווה — הייליק), דאָ זיצן מענטשן, וואָס קענען נישט לשון קודש ווי געהעריק. ס'איז געווען פאַר אים אַ שווערער קלאַפּ. אָבער באַלד איז אַלץ קלאָר געוואָרן און עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרץ. הינטער די אָפּצוימונגען ביי די פענצטערלעך זענען געזעסן ביי די טישלעך מיידלעך און יונגעלייט אָן און מיט יאָנסעלעך. פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט אַ קלינגענדיק געלעכטער. דאָס געשפּרעך איז געפירט געוואָרן אין אַ פרעמדער שפּראַך. זאַטע און צופרידענע פּנימער, רויקע אויגן האָבן געקוקט מיט גלייכגילטיקייט און גרינגשעצונג אויף די „עולים". די טעלעפאָנען האָבן כסדר געקלונגען צו לויס אויערן האָבן זיך דערטראָגן אָפּגעהאַקטע ווערטער וועגן דאָלאַרן, פונטן, זלאָטעס. עס האָט אויסגעזען, ווי די אַלע באַאַמטע אינטערעסירט נאָר איין זאַך: דער קורס אויף דער גילדע.

ביי דער קאַסע איז געשטאַנען אַ פרוי פון מיטעלן עלטער. זי האָט וויינענדיק אַריינגערעדט אין פענצטערל:

— תאַטס גאָט אין האַרצן, כ'האָב איינגעצאָלט פאַר אַ האַלב יאָר צוריק האַנט־געלט אויף שיפסקאַרטן, רעכנט איר מיר לויטן היינטיקן קורס פון דאָלאַר! איר נעמט דאָך ביי מיר צו אַ דריטל פון דעם, וואָס איך פאַרמאָג!

דער עולם אין דער ריי האָט נישט געהאַט קיין געדולד, און די פרוי, נישט דערוואַרטנדיק זיך קיין ענטפער פון קאַסירער, איז אָפּגעשטויסן געוואָרן אָן אַ זייט. מען האָט זי געטרייסט:

— אומזיסט אייער טרחה, יידענע, ס'וועט אייך גאָרנישט העלפן. איר זענט נישט איינע. זיי טענהן כלומרשט, אַז זיי האַלטן די גאַנצע צייט די זלאָטעס.

ביי דער „מחלקת העבודה" זענען געשטאַנען יונגען און געוואַרט אויפן עקזאַמען. דערווייל האָבן זיי זיך געגרייט:

— געדענק, שמואל, אויב מ׳וועט דיך פרעגן, ווער עס איז דער פירער פון די פועלי־ציון, זאָלסטו ענטפערן — וועלכע פועלי־ציון. די רעכטע, צי די לינקע?

אַ מיידל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, קענטיק פון דאָרף, איז צוגעגאַנגען צו לוין; זיין אויסזען האָט דערוועקט ביי איר צוטרוי.

— אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, ר׳ ייד: וואָס איז דער אונטערשיד פון אַ „מושב עובדים" און אַ קבוצה?

און נאָך אַ ווײַלע, ווי זי וואָלט זיך וועלן אויסטייטשן:

— איך פאָר צו מיין ברודער קיין עין־חרוד.

אין דער מינוט איז פון איינעם פון די צימערן אַרויסגעלאָפן מיט אַ געשריי אַן עלטערער ייד מיט אַ גרויליכער באָרד. ער האָט געסטראַשעט מיט די פויסטן:

— געדענקטס! ס׳וועט אייך נישט אַזוי גלאַט דורכגיין. מ׳עט עס באַשרייבן אין די בלעטער און מאַכן אַ קאָמיסיע, אַלץ וועט מוזן ווערן אויסגעפאָרשט. אַ דין־וחשבון וועט איר אָפּגעבן פון יעדן דאָלאַר און פון יעדן פונט.

די טיר האָט זיך פאַרהאַקט. איינער פון די אָרדנער האָט אַוועקגעפירט דעם צעהיצטן ייד אַן אַ זייט.

— אויב איר וועט מאַכן סקאַנדאַלן, וועט מען אייך אַראָפּוואַרפן פון די טרעפּ. לוי האָט זיך געמאַכט אַ וועג דורכן עולם.

ער האָט געטראַכט:

יעדע זאַך זעט אויס אין רעיון אַנדערש, ווי אינדערעמתן. זיין חלום שפּינט זיך צענדליקער יאָרן. ער איז געוואָרן אַ טייל פון זיין האַרץ. אַ פערטל יאָרהונדערט האָט ער געוואַרט אויף דעם מאָמענט. אין ראָזע פאַרבן האָט זיך אים די צייט פאַרגעשטעלט. און אָט איז זי געקומען — משיחס צייט. ס׳איז אָבער נישט דער זון־אויפגאַנג, אויף וועלכן ער האָט געוואַרט. נישטאָ דער פּלאַם, וואָס זאָל אַרומכאַפּן אַלעמען, דאָס גאַנצע פאָלק. עס פעלט עפּעס. זאָל עס זיין דאָס פאָלק אָדער די מנהיגים, די פירער? עמעצער איז דאָ שולדיק. אָדער אפשר איז דאָ שולדיק דאָס לעבן, דאָס וואָכעדיקע לעבן, וואָס וועגט און מעסט, ציילט און רעכנט, און ווער ווייסט, אויב דאָרט, אין דעם הייליקן לאַנד, וועלן יידן נישט זיין אין גלות איינע ביי די אַנדערע. זאָל טאַקע יידל מלמד זיין גערעכט, אַז אַלץ איז חומריות, אָדער ווי זיי רופן עס: מאַטעריאַליזמוס, אַלץ איז דער בויך?... און די נשמה, דאָס האַרץ — פאַרוואָס צאַפּלט אַלץ אַזוי אין אים? פאַרוואָס גייט ער אויס אין בענקשאַפט נאָך ציון? יענער שמאָלער פּאַס ערד ביי די ברעגעס פון ים התיכון, וועגן וועלכן יהודה הלוי האָט געזונגען: „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך". וואָס זאָל ווערן פון דעם לאַנד? אַ „מרכז רוחני", ווי אחד־העם האָט געוואָלט, אַ מדינה מיט פּאָלי־ציאַנטן און סאָלדאַטן, ווי זשאַבאָטינסקי מיינט, אָדער גאָר געוועלבער אין תל־אביב מיט: „ווער טוישט דאָלאַרן", ווי אויפן גזשיבאָוו? צי זאָל זיין ציון, זיין אויסגעחלומט ציון, ווערן אַ מין צווייטע נאַלעווקעס מיט גאַנצן „שלילת הגלות"? ניין, דאָס נישט. ער וועט זיי אַלעמען עפענען די פאַרבלענדטע אויגן, ער וועט קעמפן פאַר דער ריינקייט פון חלוציזם, ער וועט — און לוי האָט דערפילט אַ שטאַרקן שטויס אין

דער זייט. נעבן אים איז געשטאַנען איינער פון די „וואָזשנעס״, אַ יונג מיט אַ מגושמ־דיק פּנים, און געקוקט מיט רוצחישע אויגן.

— וואָס פּלאָנטערט איר זיך צווישן די פיס? דרייט זיך אַרום, ווי אויפן עולם התוהו! נעמט די פיס און מאַכט זיך אין וועג אַריין. דאָ זענען די טרעפּ.

לויס געדאַנקען האָבן זיך איבערגעריסן. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין. ער האָט געוואָלט אַזאַ איינעם זאָגן אַ פּאָר ווערטער און לערנען מיט אים אַ פּרק אין ציונות, יענער איז אָבער שוין פאַרשוווּנדן.

לוי האָט זיך אָוועקגעשטעלט וואַרטן אין דער רייע.

(פונעם בוך: „איבער די חורבות פון פלוינע״. בוענאָס איירעס, 1949)

# חיים נחמן ביאַליק

## אַ בריוו אין יידיש צו יעקב דינעזאָן נאָך פּרץ׳עס פּטירה



ח. נ. ביאַליק, אדיסא

יום 3 לחודש מאַי שנת תרע״ה (1915)

ליבער און טייערער פריינד ר׳ יעקב דינעזאָן!

**פּרץ׳עס טויט האָט עפּעס אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ מין „עלה בסערה״; זיין שאַפן איז דאָך אויך געווען אַזוי: „ברכב אש וסוסי אש״. שטורמיש איז ער דורכגעפלויגן אין זיין פייערדיקער מרכבה, און בליצן זיינען געלאָפן אים פאָראויס און נאָך אים. מיר דאַכט זיך אַז ער וועט זיך נאָך נישט איינמאָל באַווייזן, און דווקא אַ גוטמוטיקער, פּונקט ווי יענער אַלטער זיידע... ער איז דאָך, ווי יענער קנאי בן קנאי, נישט געשטאָרבן.**

**קומען אויף דער אסיפה — קען איך נישט, און טאַקע מהאי טעמא, וואָס ראַבניצקי איז נישט מיט אַלעמען, מוז איך זיין נעבן געשעפט. איך אַליין ווידער בין אויך לא־עליכמדיק. מוז איך זיך, בכן, באַנוגענען מיט אַן עצה פון ווייטנס. איך האָב זי אייגנטלעך שוין אייך איבערגעשיקט בעל־פּה דורך דרויאַנאָוון, וואָס פאַרברענגט איצט אין וואַרשע. איצט ביי דער געלעגנהייט, חזר איך איבער: ווילט איר שאַפן לזכר פּרץ עפּעס אַ דבר של קימא, זאָלט איר נישט כאַפּן צופיל מיט אַמאָל. נעמט נישט אויף זיך צו גרויסע אויפגאַבן. ס׳וועט דערפון גאָרנישט אַרויסקומען. וואָס**

---

חיים נחמן ביאַליק — דער געניוס פון דער העברעישער ליטעראַטור פון דער רענעסאַנס־תקופה איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1873 אין דאָרף ראַדי, וואָלין, און איז נאָך אַ שטורמיש און גרויס־שעפעריש לעבן געשטאָרבן אין ווין אין יאָר 1934 — געקומען צו אייביקער רו אין תל אביב. ער איז געווען מיט 21 יאָר יינגער פון דעם געניוס פון דער גאָלדענער תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור — יצחק לייבוש פּרץ. זיי האָט פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט, וואָס שטייט איבער חברישע ליטעראַרישע געמיינזאַמע אינטערעסן. זיי האָט פאַרבונדן די פריינדשאַפט פון גאונים, אַ פריינדשאַפט אין דער אייביקייט. ביאליק האָט אַ גאַנץ יאָר פון זיין לעבן געוווינט אין וואַרשע — 1903־1904 — און דאָס יאָר האָט צוליב כמה טעמים, אויך צוליב דער נאָענטשאַפט צו י. ל. פּרץ׳ן, איבערגעלאָזן טיפע שפורן אין זיין נשמה. געניטער וועגן דעם אין ביטראג פון נחמן מייזיל אין דער דאָזיקער אַנטאלאָגיע. מיר געבן דאָ אין עקסטענזא ביאליקס בריוו מיט עטלעכע אומשטאַרביקע ווערטער וועגן פּרץ׳ן, געשריבן צו יעקב דינעזאָנען, קנאַפּ נאָך פּרץ׳עס אַוועקגאַנג.

מען קען יאָ און וואָס סע פּאַסט טאַקע פאַר פּרץ׳עס נשמה איז דאָס, לויט מיין מיינונג, שאַפן אַ פאָנד פאַר קינדער־ליטעראַטור, און בפירוש אויף בײדע שפּראַכן, אויף העברעיש און יידיש. דערצו דאַרף מען נישט פיל געלט. מען קאָן דאָס אויספירן מיט זייער באַשיידענע מיטלען. גענוג אַזעלכע פינף טויזנט רובל. און ווי געזאָגט שוין — בפירוש אויף בײדע שפּראַכן. לאָזט נישט פאַרשלעפן פּרץ׳ן אין אַן ענג קלייזל אַריין. ער אַליין וואָלט דאָס נישט געקענט איבערטראָגן. דאָס איז מיין עצה בקיצור, און אַז ווויל וועט זיין דער זאַך, אויב איר וועט מיך פאָלגן.

וועגן פּרץ׳עס ערשטן העברעישן באַנד „מפי העם״, האָט איך שוין געשריבן ראַבניצקי. ס׳וואָלט געווען גלייך קומען קיין וואַרשע און ברענגען די זאַך אין אָרדענונג — קענען מיר אָבער נישט. אפשר איז צווישן פּרץ׳עס כתבים געבליבן עפּעס נאָך אַ פּאָר פאָלקסגעשיכטן אויף העברעיש — טאָ שיקט זיי צו. און אפשר זאָלן מיר מצרף זיין צו דעם „מפי העם״ אַביסל פון פּרץ׳עס העברעישע חסידות — ס׳איז דאָך אויך „מפי העם״ — כדי ס׳זאָל זיך באַקומען אַן אנשטענדיקער באַנד. שרייבט אייער מיינונג.

אייער איבערגעגעבענער

ח. נ. ביאַליק

פון: ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומער 17, יאָר 1931.

# פ י ש ל   ב י מ ק אָ

## מיינע שאָנקייטן, מיין צער — — —



וואַרשע פאַרטאָג.

גראָע, צעדריוולטע שטיקער פון וועבענע לייוונטן גייען דאָ העכער, דאָ נידעריקער, איבער די הייזער פון איינגעשלאָפענע גאַסן אין יידישן וואַרשע. באַלד וועט זי אויפמאַכן די אויגן, זיך אָפדעקן ס׳פּנים, וואָס איז נאָך שעמעוודיק פאַרשלאָפן, און עס וועלן זיך צעבליען אירע באַקן. די גאַנצע דרימלדיקע און פאַרחלומטע שטילקייט וועט אויפרייסן אויף דער זון, מיט אַ געקלימפּעריי ווי אויף גאַלדענע טאַצן. עס שפּרייט זיך אַ געהירזשעריי פון צעיושעטע פערד, וואָס מען זוכט צו צוימען מיט לייצן און הוילנדיקע בייטשן, ווייל דער שלאָף קאָן נישט אַזוי גרינג אַרויס ביי זיי פון די פיס; עס נעמען זיך מיט אַמאָל עפענען טירן. טירן פון יידישע שטיבן; עס צערוקן זיך פאַרהאַנגען איבער פענצטער, ווו דאָס שטילע וואַרשע פון אינעווייניק וויל ווערן איינס מיט דער דרויסנדיקער צעשריגעניש, וואָס טרייבערט די געדערעם פון דער שטאָט אויפן ניכטערן מאָרגן.

* * *

אין׳ שטיי, כ׳שפּאַר זיך אָן מיטן רוקן אין אַ וואַנט פון אַ הויז און קוק אויף די נאַלעווקעס. ווו מען קערט זיך זיינען די גאַסן און געסלעך אָנגעפּראָפּט מיט יידן. דאָ הייבט זיך אַ לעבעדיקע מאַסע פון יידן און ווייבער, זי הייבט זיך אין צעפּליקטן

---

פישל בימקאָ — דער דראַמאַטורג און דערציילער — איז געבוירן געוואָרן אין קיעלץ אין יאָר 1890. גאָר פרי אַנטדעקט אין זיך זיין ספּעציעלן דראַמאַטישן טאַלענט. מערערע פון זיינע דראַמעס זיינען אויפגעפירט געוואָרן אין די בעסטע יידישע טעאַטערס איבער גאָר דער וועלט. צוו. אַנד. „גנבים״ אין דער ווילנער טרופּע און אין מאָריס שוואַרצעס קונסט־טעאַטער. מערערע מאָל געווילט אין וואַרשע. אין יאָר 1921 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. אין די שפּעטע צוואַנציקער יאָרן געווינט אַ לאַנגע צייט אין וואַרשע, דאָ געדרוקט זיינע ווערק. אויף אונדזער אָנפרעג מכוח זיין ביטראַג אין דער אַנטאָלאָגיע, האָט ער געענטפערט, אַז וואַרשע איז דעו־ צענטער פון יידישן פוילן און צום צענטער געהערט אויך די פּעריפעריע, גאַנץ יידיש־פוילן — און דאָס איז די לאַנדשאַפט פון אַלע זיינע ווערק... פון זיינע שריפטן נעמען מיר אַרויס די דינאַמישע באַשרייבונג — ממש אַ ליד אין ריטמישער פּראָזע — וועגן אַ וואַרשעווער יידישן פרימאָרגן. בימקאָ׳ס ווערק — די דראַמאַטישע און דערציילערישע, זיינען דערשינען אין צענדליקער בענד. געשטאָרבן אין ניו יאָרק — אַפּריל 1965.

גראָען פאַרטאָג, און דאָך שטייט זי ווי אויף אַן אָרט. עס זעצן פון איר אַרויס פלאַמען, פלאַמען און רויך, ווי פון אַן אייביק אומגעשטילטן פייער, דער אַלטער יידישער פלאַם! עס שרייען זייערע בערד, פאַרריסענע, פאַרקאָלטנטע ווי גערדיכטע שטיקער וואַלד, ווען אַ רעגן טאָרעט זיי ביי די קעפּ; און אויך לייטיש פאַרקעמטע בערד, זיידענע, קענטיקט זיך אין דעם פאַרטאָגן־גראָ, בערד אין וועלכע מען קען אָנציילן אַ האָר ביי אַ האָר. עס וואַרפן זיך שייטלען ביי די ווייבער אויף די קעפּ, זיי הייבן זיך — געלע, שוואַרצע, ברוינע און נאָך, נאָך אַזוינע... זוייבער, ביי וועלכע ס׳יערט דער שמאָדער אין די פאַלדן פון זייערע קליידער ווי דאָס זויערטייג ביים בעקער אין דער בייט. ווייבער, וואָס פאַרקערן מיט זייערע שלימפּערס ווי מיט בעזעמער די גאַסן. די טייערע אַלטע יידישע שלימפּערס! די פיס זייערע — מיט אויסגעקאָשליעװעטע צעדרייטע שיך, אין וועלכע זיי ברעכן זיך איבער, און פיס געטאָקטע, אין שיכעלעך אויף הויכע אָפּצאַסן, פּיסלעך נאָר אויסצוקושן. דאָ הייבט דער ווינט קאַפּאָטעס אין דער לופטן, קאַפּאָטעס אויף מאָגערע, דינע יידן ווי לולבים, און קאַפּאָטעס ווי צוגעקלעפּטע צו ברייט־לייביקע גופים, פון הינטער וועלכע עס שפּאַרן זיך בייכער גאווהדיק. דאָ קען מען הערן דאָס קוויטשען פון פאַרשייטע און אָפּגעריסענע יינגלעך, שלמהלעך, משהלעך, זייערע שפּיציקע קולעכלעך פון די הייף, פון די אַלטע יידישע וואַרשעווער הייף! און מען זעט קאַליקעס, געלע, האָרבאַטע בעטלערס מיט פאַרבעלמעטע אויגן, די וואָס פּויקן אויף מעשענע טאַצן צום טאַקט, צו זייערע וויינענדיקע מזמורים: „הערט מיך אויס, מיינע לי—בע מענט—שן!" דאָ הערט מען „דאָס מאָלן" פון די דאַוונערס אין די מנינים, בתי מדרשים. זיי צעמאָלן די ווערטער מיט די ציין, ווי זשאַרנעס אונטער מילשטיינער. אָט גייען פאַרקנייטשטע, פאַרדבקהטע בחורימלעך ווי די גרינע ערבות ביים וואַסער — מיט דינע טריטעלעך גייען זיי אויסגעטאָן פון אַלעם, גייען מיט יראה אויף די בלייכע באַקן, און מיט אַזוי פיל תורה אין די אויגן, — גרויסע, שוואַרצע, יידישע אויגן! פאַר זיי זיצן דאָ און אַרום אויף די ראָגן פון די געסלעך זייערע פאַרחושכטע מאַמעס ביי הויכע קאָשיקעס בייגל און רייסן זיך אויס די העלדזער, שרייענדיק: „דריי פאַר אַ פינפערל!" דאָ שטייען טרעגערס אויף די ראָגן, אַרומגעגאַרטלט מיט שטריק, — יענע וואַרשעווער טרעגערס, וואָס ציטערן־אויף ביים מינדסטן קוויטש פון אַ ווייבל, וואָס ווערט באַפאַלן ערגעץ אין אַ הינטער־געסל, צי עפּעס פון אַ יידן, — זיי זיינען די ערשטע זיך צו גיין מוסר־נפש זיין פאַר זיי; די טרעגערס שטייען גרייט פאַר די אָפּענע קראָמען, ווי די שומרים, און זוכן אַרויפצוכאַפּן אַ קאַסטן סחורה אויף די פּלייצעס ווי דער אָקס אויף זיינע הערנער. זיי לאַכן גראָב צו די פאַרבייגייענדיקע ווייבלעך: „פאַרדעק דיר אַ ביסל מער די יאַקע, מ׳זאָל נישט אַרויסזען די חרפּה". דאָ זיצן יידישע דראָשקאַרעס אויף די קאָזלעס, מיט ווייסע און מעש־געלע בלעכן אויף די היטלען, זיינען פאַרטיפט אין אַ יידיש בלאַט. זיי באַלעקן זיך מיטן באַשריבענעם און מיט יענעם וואָס האָבן דאָס געשריבן: „אַזוינע ממזרישע קעפּ, אַז דער רוח זאָל זיי נעמען!" דאָ שרייט דאָס יידישע וואַרשע, דאָ לאַכט דאָס יידישע וואַרשע, דאָ וויינט דאָס יידישע וואַרשע, אַלץ אינאיינעם און אויף אַ מאָל, און מ׳קען נישט צענעמען איינס פונעם אַנדערן.

און וואָס מען זאָל דאָ נישט אָנכאַפּן, איז עס איינס, יידישס: אַ שמחה — נישט דיינע, ביסטו אַ מחותן אויף איר; עפּעס אַ שמויגער קלעפּט זיך צו צו דיר — איז

ער דיין שמויגער און מוזט מיטלאַכן מיט אים, אפילו מיט טרערן; אַ לוויה גייט פאַר־בײַ — מוזטו אַראָפּלאָזן נ׳קאָפּ, פאַרלירן אַ טרער. ווער איז דער בר־מינן? וועלכע יידישע שטוב איז נאָך אים געוואָרן לײדיק? עס איז געבליבן נאָך אים אַ געזינד זאַלבע אַכט? ער גייט דיך אָן אַזוי פיל ווי יענעמס שמחה, יענעמס ברית, יענעמס חתונה. אַ ייד איז געשטאָרבן? אַ יידיש קינד געוואָרן אַריינגעברענגט לבריתו של אברהם אָבינו? מ׳האָט ביי אַ כלה צעפלאָכטן די צעפּ? אָ, יידישע מאַמע! אייביקע יידישע מאַמע, ווי האָסטו געקענט צוזען ווען מ׳האָט ביי דיר צוגענומען דיינע עופעלעך צו דער שחיטה? (ווער זאָגט עס אַז זי האָט געקענט?) אָ, גוטער, פאַר־דאגהטער יידישער טאַטע, וואָס דער עול פרנסה בייגט אים אַראָפּ צו דער ערד, ס׳ברויך זיך קיינער נישט אָנקערן מיט דיר, — דאָס אַלץ איז ווי אַ שטיק פון דיר, עס קומט פון דיינע געדערעם.

פון דער זאַמלונג: וואַרשעווער יידן, בוענאָס איירעס 1959

# הערץ בערגנער

## באַנקראָט



**אין אַ האַרבסטיקן אָונט, ווען די רעגנס האָבן שוין געגאָסן דעם דריטן טאָג נאָכאַנאַנד, האָבן זיך פלוצים דערהערט קולות אין הויף. ס'האָבן זיך באַלד געעפנט די פענצטער אין הויז און שכנים האָבן זיך איבערגעפרעגט, פון וואַנען עס קומען די געוואַלדעס. אויף שטום־לשון האָט מען זיך איבערגעוווּנקען און לכוף אָנגעוויזן אויף די פענצטער פון ר' שמואל שעמיאַנס דירה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער וועש־קראָם זיינער.**

**קופּקעס שכנים האָבן זיך שוין געזאַמלט אין הויף, זיך פונאַנדערגעפאַלן און זיך צוריק באַהאָפטן. די מענטשן זענען בהלהדיק געשפּרונגען פון איין קרענצל צום אַנדערן, זיך געטוליעט צו דער פינצטערניש, צו די מויערן, געדרונגען און געטייטשט פאַרשידנס. אַ דינער רעגן האָט נאָכאַנאַנד געשמיסן אין דער קרום, ווי ער וואָלט וועלן באַהעפטן דעם הימל מיט דער ערד, געקלונגען אין די דעכער, געוויקט די מויערן, די מענטשן. דער הימל האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט, אָנגעלאָדנט מיט פּחד און מיט האָריקע קנוילן וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געדיכט און שוואַרץ געוויקלט. אָבער די שכנים האָבן נישט געפילט, נישט דעם רעגן, וואָס האָט זיי נאָכאַנאַנד געוויקט, נישט דעם בייכיק־אָנגעלאָדנטן הימל און נישט די פינצטערניש, וואָס איז אַלעמאָל געדיכטער געוואָרן און געפּלאָנטערט זייערע טריט. זיי האָבן זיך געטוליעט צו די מויערן, געשפּרונגען אין בהלה פון איין רעדל צום אַנדערן און אָנגעוויזן, פול מיט סוד, אויף ר' שמואלס פענצטער, וואָס האָבן געברענט עפּעס צו ליכטיק און צו יום־טובדיק אין דער רעגנדיקער צעוויינטער נאַכט. די יום־טובדיקייט איז געווען אַ צו רעשיקע אין דער וואָכעדיקייט פון דער נאַכט, געריסן אין די אויגן און אָנגעוואָרפן אַ מורא...**

---

הערץ בערגנער, געבוירן אין 1907 אין רעדים, גאַליציע. 1915—1917 אין ווין. 1923—1938 אין וואַרשע. זינט דאַן אין אויסטראַליע. 1951 — וועלטרייזע: אַמעריקע, אייראָפּע, מדינת ישראל. דערציילער און ראָמאַניסט. מחבר פון זעקס ביכער. צווימאָל געווינער פון ליטעראַרישע פּרייזן. עטלעכע ביכער זיינע זענען איבערגעזעצט אין ענגליש און אין העברעיש. זיין „ליכט און שאָטן" איז דער ערשטער אויסגעשפּראָכן אויסטראַליש־יידישער ראָמאַן. די וואַרשעווער טעמע אין זיינע נאָוועלן שטאַרק אויטענטיש, אָבסערווירט פון דער נאָענט. בערגנער האָט אין אַלע זיינע וואַרשעווער יאָרן געוווינט אויף די נאַלעווקעס. ער האָט גוט געקענט דעם פּאַרהאַוועטן, ערלעכן נאַלעווקער סוחר, און נישט וויניקער די געפּייניקטע פּאַרטיי־אידעאַליסטן. אָט די ביידע כאַראַקטעריסטישע אַספּעקטן קומען צום אויסדרוק אין די דערציילונגען, וואָס מיר ברענגען דאָ.

די טירן פון ר׳ שמואלס דירה זענען שוין געשטאַנען צעפּראַלט — מיט אָפענע אָרעמס. ווער ס׳האָט נאָר געהאַט אַ האַנט און אַ פוס האָט איצט געקענט אַהער אַריין. אין די גרויסע שטובן האָט געבלאָזן אַ קעלט און ס׳האָט זיך דאָ געיאָגט מיט זיך אַליין אַ ווינט. ס׳האָט געשמעקט מיט יענער הפקרות, ווי אין די דירות, וווּ מען טראָגט אַרויס אַ מת. אויף די שיינע שפּיגלדיקע פּאָדלאָגעס האָבן מענטשן אָנגעטראָגן די חושכדיקע נאַכט און דעם רעגן פון דרויסן און די קאַלוזשעס וואַסער האָבן זיך צעגאָסן, זיך אויסגעשניטן אין אומעטיקע פלעקן... פון אָט די פלעקן האָט ר׳ שמואל, וואָס איז געזעסן אויבן־אָן ביים טיש בשום־אופן נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי די דינסט, אַ פאַרפלאָמטע און אַ דערצערנטע, לויפט נאָך יעדן איינציקן, וואָס קומט צו אים אַריין, און הייסט זיך אָפּווישן די פיס. אָבער מען הערט זי אינגאַנצן נישט און מ׳רייסט זיך צו אים אין די שטובן אַריין מיט אַ רעש און מיט יענער זיכערקייט, ווי אַלעמאָל אין אַן עת־סכנה.

ר׳ שמואל קוקט נישט אויף קיינעם. ער קוקט אַלץ אַראָפּ אויף די פיל באַשטיוולטע און באַשוכטע פיס, וואָס ברענגען אַריין מיט זיך די פינצטערע נאַכט און דעם רעגן פון דרויסן. ער זעט, ווי די קאַלוזשעס אויף די שפּיגלדיקע פּאָדלאָגעס זיינע ווערן גרעסער, צעוואַקסן זיך משונהדיק אין דער לענג און אין דער ברייט אין גרויסע מענטשלעכע קעפּ, מיט ווילדע צעשויבערטע בערד... די שטובן האָבן שוין אָנגעווירן זייער אייגענעם היימישן ריח און שמעקן מיט פרעמדע אויסגעווייקטע מלבושים און מיט אַן אומהיימלעכער, פאַרנדיקער נעץ. דאָס ווייב, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, לויפט ככדר אַרום מיט גיכע, אומרויק־פאַרזאָרגטע הענט, וואָס פלאַטערן אַרום איבער דער שטוב, ווי צעשראָקענע פייגל, און פרוּוון אַלץ פאַרשטעלן און פאַרווישן. זי שפּרינגט פון איין מענטש צום אַנדערן און בעט זיך, מען זאָל שטיל זיין, מען זאָל נישט ליאַרמען:

— וואָס דאַרף די גאַנצע וועלט וויסן פון דער בראָך, וואָס האָט מיך געטראָפן?
— בעט זי זיך — פון דער גרויסער חרפּה, וואָס שיילט מיר אָפּ דאָס פּנים!...

אָבער מען הערט נישט איר געבעט און מען קוקט זיך אויף איר נישט אום. זי האָט שוין באַלד נישט צו וועמען צו רעדן. עס קומט אויס, זי רעדט צו זיך אַליין, צו די ווענט, צו דעם מעבל, וואָס שטייט ביי איר אין דער דירה. אָבער זי לאָזט נישט אָפּ. דאָ הויבט זי אויף אַ בענקל, וואָס מען האָט אין דער בהלה אומגעוואָרפן, דאָ מאַכט זי גלייך דאָס טישטוך, וואָס האָט זיך אָנגעלאָדנט מיט ווינט, בייכיק פאַרהויבן איבערן טיש, ווי זי וואָלט מורא געהאַט מען זאָל נישט דערזען זיין נאַקעט לייב. מיט גרויס געלאַסנקייט גלעט זי נאָכאַנאַנד און גלייכט אויס דאָס טישטוך, ביז עס ליגט צוריק מיט מנוחה אויסגעשפּרייט אויפן טיש. נאָר דער עיקר האַלט זי אין איין צומאַכן די טירן, וואָס די מענטשן האַלטן דווקא אין איין אויפפּראַלן מיט אַ טראַסק. זי ווערט נישט מיד כסדר די טירן צוריק צו פאַרמאַכן מיט אַזאַ בנעימות־דיקייט, גלייך דאָ, אין די שטובן, וואָלט גאָרנישט נישט געשען. אַלעמאָל לויפט זי אַקעגן די אַלע נייגעריקע צוקוקערס, פאַרשטעלט מיט די הענט די חרובע שטובן אירע, מען זאָל נישט דערזען, וואָס אינעווייניק טוט זיך:

— גייט׳ץ... גייט׳ץ געזונטערהייט!... — באַמיט זי זיך אויסצובאַהאַלטן די טרערן אין אירע אויגן — וואָס האָט עטץ דאָ דערזען אַזוינס?... ס׳זענען געקומען צו מיר עטלעכע מענטשן... צו גאַסט... ס׳איז גאָרנישטאָ וואָס צו זען...

ר׳ שמואל זעט ווי די מענטשן רייסן זיך דווקא נאָר צו אים. עס פאַלן אויף זיין אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ קולות:

— קוקט׳ך נאָר אָן, ווי ער זיצט דאָס, ווי אַ שטיל כומיקל!... גאָט די נשמה שולדיק!

— ווי עטץ קוקט אים אָן קען ער נישט קיין צוויי ציילן!...

— זעט׳ך נאָר דעם צדיק אין פעלץ!...

— פריער ביסטו אויך געזעסן מיט אַזאַ אַראָפּגעלאָזט קעפּל?...

— ווו האָסטו אַהינגעטאָן די סחורה פון דער קראָם?...

— גזלן!...

— רויבער!...

— מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן!...

— מיט אונדזערע געלטער האָט ער זיך אַזוי ברייט געשטעלט! געפירט גרויסע געשעפטן!...

מער פון אַלע האָט זיך געריסן צו אים אַ הייזעריקלעך קול און אַ פּאָר קאַלט־בלישטשענדיקע, אויסגעפּוצטע שייבעלעך פון ברילן, וואָס האָבן כעסדיק געטאַנצט אויף אַ בלויער נאָז:

— כ׳וויל מער נישט פון אים, נאָר אַ וואָרט זאָל זיין אַ וואָרט!... — האָבן זיך די אויסגעפּוצטע שייבעלעך געוואָרפן — ער האָט מיר צוגעזאָגט אויף היינט דאָס געלט!... ס׳גייט מיר אין זיין וואָרט!... מעה גייט מיר שוין אין גאָרנישט!

מען האָט אים געזאָגט „דו״. די זעלבע מענטשן, וואָס האָבן ערשט יענע וואָך זיך געבעטן ביי אים מיט תחנונים, געציטערט, האָבן איצט געשריגן אויף אים גראָב און באָפּעלעריש.

די מענטשן, וואָס האָבן נאָך איצט בשום־אופן זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו ליאָרמען אויף אים מיט העזה, האָבן זיך שטיל געבעטן:

— מיך באַעוולט נישט ר׳ שמואל!... איך קען נישט ליידן!... איך בין אַ בלוטיקער אָרעמאַן... גלויבט מיר, אַז כ׳זאָג אמת!...

אַן אלמנה פון דעם הויף, אַ קליינע און אַ דאַרע יידענע, וואָס האָט געהאַט „גאַנץ וואַרשע אויף איר קאָפּ״ צוזאַמען מיט אַ ברוין, אָפּגעשאָסן שייטל, וואָס איז אַרומגעפּאָרן ביי איר, ווי אַ לעבעדיקע זאַך, האָט געשלעפּט הינטער זיך אַן אויסגעצירטע מויד, אַ גרויסע און אַ שווערע. די מויד איז וואָס אַמאָל רויטער געוואָרן, געפּלאָמט אינגאַנצן פון גרויס חרפּה. זי איז געווען אויסגעסטראָיעט אין עסיק און אין האָניק, אין אַ רוישנדיק, זיידן קלייד, ווי צו דער אייגענער חתונה, און בשום אופן נישט געוואָלט פאָלגן דער מאַמען, וואָס קען איר נאָך אָנמאַכן די גרעסטע בושות און אויסשטעלן צו לייטיש געלעכטער. די אלמנה איז געווען זייער אַ רירעוודיקע, פול מיט אויפטועדישקייט, האָט זי צוגעשלעפּט די טאָכטער אירע צו ר׳ שמואלן און זי אים געשטופּט גלייך אין פּנים אַריין:

— אָט דאָס מלכותדיקע קינד מיינס, טרייבט איר אין דער ערד אַריין, געדענקץ!...

— האָט זי אים געוואָרנט מיט אַ פינגער האַרט פאַרן פּנים — אָט דאָס לאַכטיקע כלה־מיידל וועט מוזן צוליב אייך פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ אַריין!... איר זענט אַ מלאך־המות איבער איר יונג לעבן!... כ׳האָב אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל . . . צוזאַמענגעקליבן פאַר איר דעם נדן... אַזאַ בריליאַנטן קינד... אַזאַ שטילע טויב!... זי וואָלט דאָך געקענט איינשטיין ביים קייזער!...

זי האָט באַוויינט איר טאָכטער, צוגעטראָגן אַלעמען צו די אויגן די אייגענע אויסגעשטופטע אַרבל, די צויטן און לאַטעס אויף דער שאַל:

— זעט׳ץ האַרצעדיקע מענטשן, ווי אַלץ איז אויף מיר אָפּגעשיילט!... קוקט׳ץ נאָר אָן דעם הולך מיינעם!... און דאָס איז מיין יום־טוב און מיין אינדערוואָכן...

מיט אַ ירגזון האָט זי געשלעפּט די אויסגעצירטע טאָכטער, ווי זי וואָלט וועלן אַראָפּרייסן פון איר די שיינע מלבושים. זי האָט געוואָרפן די מויד פון איין אָרט אויפן אַנדערן, גלייך זי וואָלט נישט געווען קיין לעבעדיק נפש, נאָר עפּעס אַ חפץ. די מויד האָט זיך געפילט שלעכט, סיי מיט איר גרויסקייט און אָנזעעוודיקייט און סיי מיט איר אויסגעפּוצטן הולך, ווי צו דער אייגענער חתונה. וואָס האָט זיך אַהער אינגאַנצן נישט געפּאַסט, און זי האָט זיך איינגעקורטשעט, מען זאָל זי וואָס ווייניקער אַרויסזען. צום סוף האָט זי אַראָפּגעוואָרפן די בושה, פאַרגעסן אין אירע שיינע מלבושים און גענומען צוגלייך שרייען מיט דער מאַמען אירער...

ר׳ שמואל האָט זיך צוגעקוקט, ווי מען צעזעצט זיך ביי אים אין די שטובן, די מענטשן הויבן זיך אָן דאָ צו פילן ווי ביי זיך אינדערהיים. טאַטע־מאַמע באַדינען זיך מיט זייערע קינדער, שיקן זיי אַראָפּ גענג, שרייען עפּעס אַלעמאָל צו זיי אַריבער. עפּעס אַ געפּאַקטער ברייטער ייד, וואָס ר׳ שמואל האָט אַפילו נישט געדענקט איצט, ווי נאָך ער הייסט, האָט אויסגעטאָן געמיטלעך דעם אויבערמלבוש, די קאַלאָשן, מיט די אַריינגעשטעקטע צייטונגען, צוליב גרויסקייט. דאָס שטעקעלע מיטן מאָנאָגראַם און זילבערנעם הענטל האָט ער אָנגעלענט אָן דער טיר און ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש. פאַרן זעצן זיך האָט ער צענומען די עקן פון זיין קאַפּאָטע, זיי זאָלן זיך נישט צעקנייטשן. ער האָט זיך געגלעט נאָכאַנאַנד דאָס זילבערנע בערדל, וואָס איז געווען פאַרשוירן אין אַ לאַפּאַטקעלע, אַרויסגענומען געלאָסן פון דער קעשענע אַ פּעקל וואַטע, געציפּט דערפון ברעקלעך און זיי פאַוואָליע אַריינגעשטופּט אין די אויערן. מיט די פינגער האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ פּויק געטאָן איבערן טיש, אַ בלאָז געטאָן מיט די ליפּן און זיך בנעימות אומגעקוקט איבער דער שטוב מיט אַ מבינישן בליק. די אַלע מענטשן אַרום זיך האָט ער נישט געזען, געקוקט אַריבער זיי און זיך אָנגערופן צו שמואלן מיט אַ פעסטקייט און אַ געזעצטקייט, ווי דאָס גאַנצע געשטעל זיינס:

— אַ גאַנ׳ן פיין דירהלע!... האַ, וואָס זאָגט עטץ?... כ׳על מיך דאָ אַריינציען מיט מיין ווייב און קינדערלעך, זיי זאָלן מיר געזונט און שטאַרק זיין!... האַ, וואָס זאָגט עטץ צו דעם?... עטץ זאָגט עפּעס?...

ר׳ שמואל האָט גאָרנישט געזאָגט. די טירן פון זיין דירה זענען געשטאַנען שוין אינגאַנצן הפקר, מיט פונאַנדערגענומענע אָרעמס צעפּראַלט. דאָס ווייב האָט זיך אַלץ געפּאָרעט אַרום די מענטשן, געפּרוווט צוריקברענגען די שטוב צו אַ שטיקל לייט. אירע הענט האָבן אַרומגעפלאַטערט מיט אומרויקייט און פאַרזאָרגטקייט, ווי מידע פייגל. אָבער באַלד איז אַלץ צוריק געלעגן צעזייט, ווי אַ בייזער ווינט וואָלט דאָ אַריבער. דער געפּאַקטער ייד האָט אים אַלץ נישט אָפּגעלאָזט, ככדר אַריינגערעדט אין אים:

— וויפל האָט עץ געגעבן אָפּטרעט־געלט פאַר דעם דירהלע?... — האָט ער זיך געהאַלטן אין איין אומקוקן געלאַסן איבער די שטובן, אויסגעטאָן דעם קאַפּעליוש און אַרויסגענומען אַ קאַפּל פון בוזים־קעשענע — ס׳האָט געמוזט ענק קאָסטן אַ

שיינע מטבע!... און עטץ האָט עס געמוזט קויפן אין אמתן פייער, ווען דירות זענען געשטאַנען מיט גאָלד צוגלייך!... האַ, וואָס זאָגט עטץ?... עטץ זאָגט עפּעס?...

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער טיר, מיט איין פינגער אַ קלאַפּ געטאָן אין האָלץ, כדי אויסצופּרוּוון, צי זי איז גענוג מאַסיוו. דערנאָך האָט ער באַקוקט די ווענט, דעם סופיט און מיט די פיס אַ געזונטן טרעט געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע, זיך איבערצייגט, אַז זי איז נאָך גענוג שטאַרק. ער האָט זיך צוריקגעקערט אויף זיין אָרט, זיך גוט אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, געלאַסן זיך אויסגעגלייכט. באַלד האָט ער זיך אַריבערגעבויגן צו ר׳ שמואלן, אונטער־געשטעלט אַן אויער, ווי אַ טרייבל:

— האָץ... וואָס זאָגט עטץ?... עטץ זאָגט עפּעס?... די פּוטרינעס פון די פענצטער זענען גאָרנישט קיין שטאַרקע!... און ווען קומט אויס צו צאָלן דאָס דירה־געלט?... כ׳על מיך דאָ אַריינציען מיט מיין ווייב און קינדערלעך, זיי זאָלן מיר נאָר געזונט און שטאַרק זיין!... וואָס זאָגט עטץ צו דעם?... ביי מיר וועט עטץ מיר אָפּצאָלן דאָס געלט ביז צו אַ גראָשן!... באַרעס געלט וועט עטץ מיר אויסצאָלן!... כ׳קען עפּעס פון קאַפּיטאַל אַראָפּלאָזן... כ׳קען מיך מיט ענק רעגולירן... אָבער ס׳איז נישט הפקר אַ וועלט!... עטץ הערט, וואָס מ׳רעדט צו ענק!...

ר׳ שמואל האָט נישט געהערט. די אלמנה פון דעם הויף האָט זיך שוין געבעטן ביי איב מיט זייער אַ שטיל קול, וואָס מען האָט קוים־קוים פאַרשטאַנען, ער זאָל איר אָפּגעבן דעם נדן פון דער טאָכטער. צו דער טאָכטער האָט זי געשריגן:

— בעט אויך ביי ר׳ שמואלן!... אפשר וועסטו זיין האַרץ רירן!... אפשר וועסטו ביי אים עפּעס פועלן!... וואַרף זיך אַנידער צו זיינע פיס און בעט!...

אַ גאַנצע משפּחה — אַ מאַן און אַ ווייב מיט קינדערלעך — האָבן זיך איצט אַריינגעריסן מיט געוואַלט צו אים, מיט אַזאַ פאַרהאַוועטקייט און פאַרסאָפּעטקייט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עפּעס צו פאַרשפּעטיקן. דאָס ווייב האָט געמאַכט קולות, אַז שוין פון היינט אָן וועט זי דאָ נעכטיקן מיט אירע קינדערלעך. זי האָט געהערט, אַז ר׳ וואָלף יאַבלאָנקע, דער אָנגעשטאָפּטער, אָנגעפּאַקטער גביר, וויל זיך דאָ אַריינציען, איז זי בילכער. אָנגעלאָדנט איז זי געווען מיט קיך־מכשירים, מיט פאַרסאַזשעטע טעפּ און לעפל, און געשריגן, אַז שוין שטעלט זי זיך אַוועק אָפּקאָכן אַביסל וויעטשערע. באַלד וועט זי לייגן די קינדערלעך שלאָפן. זי האָט זיי טאַקע אויף גיך אויסגעטאָן. די קינדערלעך, אין די בלויזע העמדלעך, האָבן מורא באַקומען פאַר די אַלע מענטשן דאָ, פאַר די געשרייען און פאַר די אַלע שאָטנס, וואָס זענען אויף דער וואַנט געשפּרונגען משונהדיק־ווילד און שנעל:

— אַהיים, מאַמע־ע!... האָבן זיי געוויינט, פול מיט פחד.

אָבער די מאַמע האָט זיך אויף זיי אָנגעבייזערט.

— ניטע!... מען טאָר נישט וויינען!... דאָ איז ענקער היים!... די מאַמעליו דאַרף מען האָרכן!...

זיי האָבן זיך געריסן צו איר אויף די הענט, האָט זי זיי מיט כעס אַוועקגעזעצט אויפן טיש איינס נאָכס אַנדערע, אַז זיי האָבן זיך נאָך העכער צעוויינט, צוליב גרויס ווייטיק. זי האָט מיטגעוויינט מיט זיי, געטוליעט זיי צו זיך:

— די מאַמעליו האָט ווי געטאָן... — האָט זי זיך געבעטן — נו, ווו האָט די מאַמעליו ווי געטאָן?... זאָל מיר זיין פאַר אייער מינדסט נעגעלע... נו, שלאָפט׳ץ, שלאָפט׳ץ... איי־ליו־ליו... איי־ליו־ליו...

זי האָט זיך פּלוצים צעזונגען טרויעריק און לאַנג, אַריינגעוואָרפן די קינדער אין די הויך־פּאַרדעקטע בעטן. ווען זי האָט באַמערקט, אַז אין בעטל, ווו ס׳זענען געלעגן ר׳ שמואלס קינדער, איינגעקורטשעטע אין שרעק, איז דאָ נאָך אַ פריי שטיקל אָרט, האָט זי אירס אַ יינגעלע דאָרט אַריינגעשטופּט. די קינדער האָבן זיך אָנהויב מיט מורא אָוועקגערוקט פון פרעמדן יינגעלע, אים הינטנאַרום, קיינער זאָל נישט זען, אָנגעהויבן צו קנייפּן. זיי האָבן אָבער באַלד פאַרגעסן פון דער שנאה, זיך צונויפגערוקט אַלע און זיך צוזאַמען געשפּילט מיט די שאָטנס אויף דער וואַנט, וואָס האָבן זיך ווילד געשלאָגן...

ר׳ שמואלן האָט אַרומגענומען אַזאַ גלייכגילטיקייט צו דעם אַלעמען, וואָס האָט זיך געטאָן אַרום איִם, ווי די שטובן וואָלטן נישט געווען זיינע. ס׳האָט אים אַפילו איצט באַנג געטאָן, וואָס ער האָט אַוועקגעשיקט די טעכטער, די דערוואַקסענע כלה־מיידלעך פון שטוב. זיינע שוואַרצע אויגן זענען געווען מאַט און אויסגעלאָשן. די יחסניש־ברייטע, געפּוצטע באָרד — פאַרשפּיצט און לאַנג, ווי אַ קלין. שטענדיק אַ בעל־בטחון, וואָס האָט זיך ברייט געשטעלט און געפירט שטאַט איבער די כוחות, האָט ער זיך איצט געפילט אינגאַנצן פאַרלוירן. ער האָט זיך אויף זיך אַליין געחידושט, געוווסט, אַז ער דאַרף זיך אויפהויבן פון אָרט, ליאַרמען און שרייען, אָבער ער האָט זיך נישט גערירט. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי פרעמדע אויגן עסן זיך איין מיט זשעדנעקייט אין די שטוב־חפצים זיינע און פרעמדע הענט באַטאַפּן זיי, שאַצן אָפּ זייער ווערט, ווי נאָך אַ גוטן מקח. אַ פּאָר ברייטע, מענערישע הענט האָבן זיך פּלוצים אויסגעצויגן צום שטיי־זייגער און אַ מענערישער קאָפּ, מיט אַ גרויסער, געשוואָלענער באָרד, האָט זיך מיט זיכערקייט אַראָפּגעבויגן צו אים, אונטערגעשטעלט אַן אויער און זיך איינגעהערט, צי ער גייט. דערנאָך האָבן די זעלבע הענט אויפגעמאַכט מיט פּאָרזיכטיקייט, ווי ביי אַן אייגענער טייערער זאַך, וואָס איז אַ שאָד זי צו צעברעכן, די גלעזערנע דעק און זיך צוגעקוקט צום געווערק. די באָרד האָט זיך דערביי נחתדיק צעצויגן אין דער ברייט. די הענט האָבן גענומען מייסטרעווען ביים זייגער, אַרויסציִען פון אים די גרויסע מעשענע וואָגן און דעם גאַנצן מעשענעם אינגעווייד, וואָס האָט זיך הויך צעקלונגען. דער זייגער האָט אַ כאָרכל־געטאָן, ווי אַ דערוואָרגענער, אָנגעהויבן שנעל־שנעל און הויל צו אָטעמען, גלייך ער וואָלט אויסגעשפּיגן מיטאַמאָל די לונגען. אָן דעם ציפערבלאַט איז ער שטיין געבליבן, ווי אַ בעל־מום מיט אַן אויסגעהאַקט בלינד אויג...

ר׳ שמואלס אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיטן ליידיקן, בלינדן בליק פונם זייגער. ער האָט געזען, ווי די פּאָר הענט, וואָס האָבן ביי אים אַרויסגעצויגן דאָס מעשענע געווערק, טראָגן עס איצט אַרויס פון שטוב. באַלד האָבן זיך אָבער די זעלבע הענט צוריק אומגעקערט, זיך אויסגעצויגן צום ליידיקן קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען פאַרשעמט אין ווינקל שטוב. דער קאַסטן האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון אָרט, זיך שווער צעוויגט און איבערגעלאָזט אויף דער וואַנט אַ גרויסן פּיר־עקיקן פלעק און איבערגעהאַקטע, סאַמעטענע שטיקלעך שפּינוועבס, ווי צעריסענע פייגלשע פליגעלעך...

פאַוואָליע האָט זיך ר׳ שמואל אַ הויב־געטאָן פון זיין אָרט, פאַוואָליע צוגעגאַנגען צו דעם באַלעבאָס פון די הענט און פּונקט אַזוי פאַוואָליע אויפגעריסן דאָס העמד אויפן האַרץ און אויסגעשטרעקט דעם האַלדז צו אים:

— נעמט׳ץ אַ מעסער און שעכט׳ץ!... — האָט ער געזאָגט מיט אַ רויק קול
— וואָס דאַרפט׳ר אַזוי לאַנג באַלאַמוטשען?... ר׳ווילט מיך באַגראָבן, גראָבט׳ץ דאָ אויס אַ גרוב און לייגט׳ץ מיך אַריין!... דערווייל בין איך נאָך נישט געשטאָרבן! כ׳האָב נאָך דערווייל קיינעם נישט אָנגעזעצט!... דערווייל הייס איך נאָך שמואל שעמיאָן!...

ער איז געווען אינגאַנצן רויק. אָבער דווקא פאַר דער רויקייט זיינער האָט מען זיך דערשראָקן. מען האָט די גאַנצע צייט געוואַרט אויף זיינס אַ טרייסט־וואָרט, אָבער אַז עס איז נישט געקומען, האָט מען זיך שוין לחלוטין נישט אומגעקוקט אויף אים, זיך צוגעוווינט צו זיין שטילקייט. אַז ער האָט זיך פלוצים צערעדט, האָט מען זיך דערשראָקן פאַר זיין קול, ווי אַ בר־מינן וואָלט באַקומען לשון. ס׳איז דאָ אַזוי שטיל געוואָרן, אַז מען האָט דערהערט פלוצים, ווי דער רעגן קלינגט אין די רינעס און דעכער. בלויז דאָס ווייב האָט איבערגעריסן די שטילקייט. זי איז צוגעלאָפן צום מאַן, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, מיט קרומע אַקסלען, אַראָפּגעלאָזטע צו דער ערד. מיט ביידע הענט האָט זי אים אָנגעכאַפּט, ווי זי וואָלט אים ווען פאַרשטעלן פאַר די פרעמדע בליקן, פאַר די פרעמדע מענטשן, געגלעט אים איבער דער ציטערדיקער פלייצע, איבער די צעקרומטע אַקסלען, איבער די שווערע אָרעמס. זי האָט זיך צעשריגן אין דער רעגנדיקער נאַכט אַריין, מיט אַ לאַנג, שפּיציק, אויסגעצויגן קול, ווי זי וואָלט באַוויינט אַ טויטן:

— וואָס האָט עטץ געמאַכט פון אים!... — האָט זי געקלאָגט און אים כסדר געגלעט, ווי זי וואָלט אויסגעפּרוווט, צי האָט ער נאָך דאָס חיות אין זיך — וואָס האָט עטץ געוואָלט פון אים האָבן?!... קוקט׳ץ נאָר אָן, ווי ער זעט אויס!... ער איז דאָך שוין אויס מענטש!... אַז פינצטער און וויי איז מיין לעבן!...

כדי אויפצווייזן, אַז ער איז שוין טאַקע אויס מענטש, האָט זי מיט אים אַ טרייסל־געטאָן, אַז ער איז שיר נישט אומגעפאַלן. ער האָט געלאָזט טאָן מיט זיך, וואָס נאָר איר האַרץ האָט באַגערט. ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן בגנבה און איינציקווייז אַרויסשאַרן פון דער שטוב. מען האָט זיך אויסגעמיטן צו קוקן אין די אויגן אַריין, זיך געשעמט איינער פאַרן אַנדערן...

אין די שטובן איז געבליבן אַ נעץ און ס׳האָט זיך געפילט מיט פרעמדע, האַרבע ריחות. דער זייגער, אָן דעם געווערק, איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, מיט אַן אויפגעריסענער דעק, ווי אַ שוואַרצער ליידיקער ארון... ר׳ שמואל איז אַ גאַנצע נאַכט אויבן־אָן אויף זיין שטענדיקן אָרט, ביים טיש געזעסן, און דאָס ליכט האָט געברענט צו רעשיק און צו יום־טובדיק ביזן העלן טאָג אַריין...

---

## חברטעס



דאָס געפיל, אַז ביי איר אין בויך צאַפּלט אַ לעבעדיק נפש, האָט אסתרן נישט געפרייט, נאָר אָנגעפילט מיט מורא. זי האָט זיך לאַנגע שעהן צוגעהערט צו דעם צאַפּל אין בויך, זיך אויסגעמאָלן, ווי דאָס קינד וועט אויסזען. זי האָט געזען אַרומלויפן לעבן זיך אַ ייִנגעלע, אינגאַנצן געראָטן אין טאַטן, אין בנימינען, וואָס מען האָט אין מיטן נאַכט ביי איר צוגענומען און איינגעזעצט אין

תפיסה. עס וועט האָבן זיינע גרויע אויגן און בלאָנדע שקאָציש־גלייכע האָר. בייטאָג האָט זי זיך נישט קיין אָרט געפונען און אין די נעכט האָט זי נישט צוגעטאָן קיין אויג. זי האָט נישט געקענט ליידן, ווי די חברטע אירע, דבורה, שלאָפט געשמאַק מיט אַן אָפן מויל און צעוואָרפענע הענט ווי אַ צלם. דבורהס געזונט און רעגלמעסיק אָטעמען האָט זי אַרויסגעבערענגט פון די כלים, אַז עס האָט נישט געפעלט קיין סך, זי זאָל אַראָפּרייסן פון איר די קאָלדרע און זי אויפוועקן אין סאַמע מיטן געשמאַקן שלאָף. דערצו זענען די נעכט געווען פאַרנע, אַז זי האָט נישט געקענט דעם אָטעם כאַפּן אין דעם קליינעם לעצטן שטיבל, וואָס זי האָט אויף דער וואָלינסקע־גאַס געדונגען נאָך צוזאַמען מיט בנימינען. דאָס פענצטער איז געווען אָפן, אָבער קיין לופט איז נישט אַריינגעקומען. זי האָט זיך צוגעהערט צו די שפּעט־נאַכטיקע טריט פון די איינציקע פאַרבייגייער, צו דעם פאַרשלאָפענעם בייזן קול פונם סטרוזש און הייזעריק־גרילצנדיקן סקריפּ פונם טויער ביים עפענען. זי האָט געהערט, ווי די מענטשן, וואָס זענען געשלאָפן צוליב דער היץ אויפן הויף, אויסגעבעט אין די באַלעגאָלישע פּלאַטפאָרמעס, האָבן זיך געקריגט איבער אַ בעסער געלעגער:

— נו, אַ סוף, רוק זעך!... — האָט זיך דייטלעך דערטראָגן צו איר אַ פאָנפעוואַטע־פאַרשלאָפן קול — זע נאַר, ווי ער האָט זיך דאָס צעוואַליעט, ווי ביים טאַטן אין ווייַן־גאָרטן!...

וויפל מאָל זי איז פון מידקייט אַנטדרימלט געוואָרן, האָבן די קולות זי צוריק אויפגעוועקט. אויפן פענצטער האָט זיך געטריקנט דאָס העמד, וואָס זי האָט זיך פאַרן שלאָפן גיין אויסגעוואַשן. די דעכער האָבן זיך ענג פאַרפלאָכטן אין ווייסן לבנה־שיין. פול מיט מתיקות האָט זיך דבורה געטוליעט צום קישן, דאָס מויל אָפן, די הענט צעוואָרפן, ווי זי וואָלט וועלן מיט זיי עמיצן צוטוליען צו זיך. אַלעמאָל, בעת אסתר, אַן אַנגעווייטיקטע, אַן אויסגעבענקטע, האָט איר געוואָלט עפּעס פאַרן אַנטשלאָפן ווערן דערציילן, איז זי שטענדיק אין מיטן אויסהערן אַנטדרימלט געוואָרן. זי האָט צוגעשאָקלט אַזוי לאַנג צו אַלץ מיטן קאָפּ, כסדר איבערגעחזרט אויף אַלעמען „יאָ“, ביז צו אסתרן האָט זיך פלוצים דערטראָגן אַ געזונט כראָפּען פון עפּעס אַ וויטן ווינקל, כאָטש דבורה איז געשלאָפן מיט איר אין איין בעט.

גאָר אַ סך האָט אסתר דבורהן געהאַט צו דערציילן פון די נעכט פאַרברענגטע ביים ברעג ווייסל, ווען בנימין איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויף איר שויס און זי האָט מיט די פינגער געפירט איבער זיינע פאַרמאַכטע אויגן און ציטערדיק־הייסע ליפּן. אַ פוילע מידקייט האָט זיך געגאָסן אין אירע פאַרשלאָפענע קניען, ווען ער האָט געקושט די שפּיצן פון אירע לאַנגע פינגער, צעראַצטע פון אַרבעט, און צעפלאָכטן אירע בלאָנדע האָר און זיי געוויקלט אַרום זיין פנים און האַלדז.

די נעכט זענען אַוועק און ס'איז געקומען דער צאַפּל אין בויך, וואָס פילט זי אַן וואָס אַ טאָג מיט מער שרעק און פרייד אינאיינעם. און בנימינען האָט זי דערפון ביז איצט נאָך נישט געשריבן. וויפל מאָל זי האָט אים וועגן דעם געוואָלט אָנשרייבן, האָט זי אין דער לעצטער רגע חרטה באַקומען און אים מיטגעטיילט וועגן אַלע קלייניקייטן אין דער וועלט מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט, ווי דאָס וואָלט אַ גרויסן ווערט פאַר אים געהאַט. אָבער, אַז זי וועט שוין בקרוב אַ מאַמע ווערן,

האָט זי פאַרשוויגן... איין מאָל האָט זי אים שוין אָנגעשריבן אַפילו אַ בריוו, ווו זי האָט דערפון דערמאָנט, אָבער אים צעריסן אויף פיץ־פיצלעך. ס'קען אָבער אויף ווייטער נישט אַזוי פאַרבלייבן. ווי וועט ער דאָס אַלץ אויפנעמען?... אין זיינע לאַנגע, ברודיק־צעקנייטשטע בריוו פון תפיסה — אָנגעפּיקעוועטע האַלב מיט בלייפעדער, האַלב מיט טינט, מיט אַ דראָבנעם, קוים־לעזבאַרן כתב, פון וועלכן עס גיט אויף איר שטענדיק אַ ווייע מיט קראַטעס — דערמאָנט ער איצט קיינמאָל מער נישט וועגן זייער היים. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער וועט אין כעס זיין אויף איר, הלמאי זי האָט נישט געפאָלגט דבורהס עצה און נישט געלאָזט זיך פירן פון איר איבער די קרומע, ברודיק־געדרייטע טרעפּ, דאָרט אַרויף אויפן פערטן גאָרן — און איז פון מיטן וועג אַנטלאָפן. דאָרט, אויפן פערטן גאָרן האָט זיך אין אַ ווינקל באַהאַלטן אַ נידעריקע, שמאָלע טיר. דבורה האָט איר אַ סך אָנדערציילט, מיט איר געזונט, פריש קול וועגן אָט דער שמאָלער, נידעריקער טיר. דאָרט וואָלט אסתר באַלד „פטור געוואָרן פון אַלעמען". דער פערטער גאָרן איז אויסגעוואַקסן ביי איר אין אַ סוד. זי האָט כסדר געזען דעם אָפּשיין פון ווייס־קאַלטע דאָקטאָרישע מכשירים, געפילט שוין די שאַרפקייט זייערע אין איר אייגן צעהיצט לייב.

אסתר מאַכט אָפּ ביי זיך, אַז מער וועט זי שוין דבורהן גאָרנישט דערציילן, אָבער אַז עס קומט ביינאַכט, פאַרגעסט זי אין דעם, דבורה ווערט, ווי געוויינלעך, אינמיטן אויסהערן אַנטשלאָפן, און אסתרס קול בלאָנדזשעט אום איבעריק און פאַרשעמט אין דער פינצטערניש.

אינגאַנצן צופעליק האָט זי זיך מיט דבורהן געטראָפן, נאָכדעם ווען מען האָט בנימינען ביי איר צוגענומען. זיי האָבן זיך באַלד דערקענט, גלייכצייטיק זיך אין מיטן גאַס אָפּגעשטעלט און זיך צעקושט. ביידע האָבן זיי אין דער זעלבער צייט דערזען די צוויי רייען קאַשטאַן־ביימער, וואָס פירן אַוועק פון שטעטל, טאַטע־מאַמע צווישן אומעטיק־פאַרלאָזטע ווענט, די קליינע, פאַררויכערטע באַן־סטאַנציע, און לייבעלע־פיאַקער מיטן צעשאָטענעם וועגעלע און איין־אויגיקן אויסגעדאַרטן פערדל. אין די ערשטע טעג, ווען דבורה האָט זיך אַריינגעצויגן צו אסתרן, האָבן זיי זיך געהיט איינע פאַר דער אַנדערער, אַרומגעגאַנגען מיט סודות. דערנאָך האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז זיי האָבן זיך נישט וואָס צו היטן — און גערעדט אָפן צווישן זיך. און אַז איינע פון זיי האָט געדאַרפט האָבן דעם „לאָקאַל", האָט זי נישט געמוזט מער אויסגעפינען כלערליי תירוצים פון אונטער דער ערד, אַז עס דאַרף קומען צו איר אַ באַקאַנטער, אַז עס זענען געקומען אירע קרובים פונם שטעטל...

אָבער אסתר איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרלוירענע און אַ זייטיקע, ווען דבורה האָט פאַרבעטן צו זיך די חברים, וואָס זענען געלעגן צעלייגט אויפן קרעכצנדיקן פעלד־בעטל און אָנגעפילט די שטוב מיט געשריי און געזאַנג. זי האָט זיך זייטיק צוגעקוקט, ווי דבורה שפרינגט פון איין חבר צום אַנדערן, פאַרוואַרפט די בויגעוודיקע, שלאַנקע הענט יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערנס אַקסלען. דבורה האָט שטענדיק ליב געהאַט צו זיין דאָס אויבערשטע פון שטויסל. ווען זי האָט שפּאַצירט אין גאַס, אַרומגערינגלט פון אירע בחורים און אירע לאַנגע לאָקן האָבן זיך געשפילט מיטן ווינט, האָט זי ליב געהאַט אַלעמאָל אַרויסצולאַכן אַזוי הויך, אַז אַלע זאָלן זיך אומקוקן אויף איר. פון אסתרן האָט זי חוזק געמאַכט, וואָס זי וויל בנימינען „באַשטאַטן" מיט אַ

קינד, ווען ער וועט זיך פון תפיסה אומקערן. אַמאָל האָט זי איר דערציילט אַפילו, אַז אויך איר בחור „זיצט" און זי בענקט נאָך אים זייער שטאַרק, אָבער באַלד האָט זי פאַרגעסן וועגן וואָס זי האָט פאַר אַ מינוט גערעדט און ס'האָט זיך צוריק דערהערט איר געלעכטער, נאָך פריילעכער ווי פריער.

אסתר האָט זיך געפילט שוואַך. זי האָט געפילט, ווי דאָס קינד וואַקסט ביי איר אין בויך און זי האָט זיך מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן, ווי זי וואָלט עס נאָך געקענט פאַרלירן. אַ שווערע מידקייט האָט אַנגעגאָסן אירע אברים. כאָטש זי האָט געוווסט, אַז זי דאַרף זיך אָסך באַוועגן, איז זי פונדעסטוועגן געזעסן אויף איין אָרט, ווייל ס'האָט זיך איר נאָכאַנאַנד נאָר געדאַכט, אַז אָט גייט זי געווינען. אין די נעכט איז איר אַ פּחד באַפאַלן פאַר דעם נייעם אומבאַקאַנטן געפיל, וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט אַלץ מער, ווען ס'האָט זיך דערנענטערט די צייט פון געבוירן. איר הייסן, צעגאָסן־ווייכן גוף האָט זי צו דבורהן געטוליעט, זי געוועקט פון שלאָף. די וואַסער־לייטונג ביי דער באַלעבאָסטע אין שטוב האָט כסדר איינגעגעסן געקאַפּיעט, געקלאַפּט, ווי מיט אַ העמערל, איבערן צעהיצטן מוח. זי האָט געשריגן, געוועקט און געריסן דבורהן, אָבער יענע איז געשמאַק געשלאָפן און גאָרנישט געהערט.

אַזוי זענען אַוועק אַ סך נעכט, אַלע ענלעכע איינע צו דער אַנדערער. אָבער די לעצטע נאַכט פאַרן געווינען, האָט זי דבורהן אַזוי שטאַרק געריסן פון שלאָף, אַז יענע איז געבליבן זיצן אַ דערשראָקענע אויפן געלעגער. אסתר איז שוין געלעגן אין גרויסע ווייען. זי האָט זיך פּלוצים אַ ציִ־אויס געטאָן אין דער לענג, אַז זי איז מיט אַ שטיק גרעכער געוואָרן. די פיס זענען איר אַראָפּגעהאַנגען, און מיט בלייכע ציטערדיק־שוואַכע הענט האָט זי נאָכאַנאַנד אומזיניק און מיט עקשנות געריסן דעם קאָפּ־שטיק פונם בעט, ווי דאָס וואָלט איר געבראַנגט אַ לינדערונג. זי האָט אַזוי שווער מיט די הענט געאַרבעט, אַז גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן זיך איר געבלעזלט אויפן פנים און דאָס העמד האָט זיך איר פאַרקאַשערט הויך איבער די קיילעכדיק־פולע, וואַרעמע קניען.

דבורה האָט זי קוים באַוויזן אָפּצופירן אין שפּיטאָל. אין דער דאָראָזשקע האָט זי זיך פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, אַז מען האָט זי קוים אַרויסגעזעצן. זי האָט זיך געשעמט צו שרייען און מיט פאַרהאַקטע ציין געצויגן איין און דעם זעלבן ניגון, ווי זי וואָלט זיך אים איינגעחזרט. זי האָט זיך איינגעהערט אין איר אייגענעם ווייטיק, וואָס האָט זי אַלעמאָל מער אַרומגעכאַפּט און זי צעשפּאַרט.

אין די לאַנגע פאַרשלאָפענע שפּיטאָל־קאָרידאָרן האָט מען זי געשיקט פון איין דאָקטאָר צום אַנדערן. אַ סך ווייבער האָבן זיך דאָ פאַרלוירן אַרומגעשלעפּט און שטיל געקרעכצט. זיי האָבן זיך געקלאַמערט יעדעס מאָל אין אַנדערע דאָקטאָרישע טירן, נאָר דער שפּיטאָל־דינער האָט זיי געענטפערט מיט אַ וויץ:

— מען געווינט נישט אַזוי שנעל, ווי מען מאַכט עס...

לאַנג האָט זיך אסתר אַרומגעוואַלגלט אין קאָרידאָר, ביז מען האָט זי צוגענומען. פּונקט אַזוי לאַנג האָט געדויערט דאָס אויסשרייבן, ווען זי האָט שוין געטוליעט צו זיך אַ קליין רויט פנימל, איינגעהילט אין אַ שאַל. אַליין איז זי אַרויס פון שפּיטאָל־טויער אַ ווייסע און אַ לויטערע און ס'האָט געאָטעמט פון איר מיט פרילינג און בראשית...

— ס׳געפעלט דיר?... — האָט זי באַלד, אַ גליקלעכע, געשטעקט דבורהן צו די אויגן דאָס רויטע נפשל אין דער שאַל.

— ס׳געפעלט מיר... — האָט דבורה געענטפערט און נישט געקוקט אינגאַנצן אויפן קינד, ווייל זי האָט זיך געמיאוסט פון דעם דאָזיקן רויטן נפשל מיט די פאַרקלעפטע אייגעלעך, ווי ביי אַ קעצל...

אין שטוב האָט געשמעקט מיט ווינדעלעך און מילך. ביז אין די האַלבע נעכט איז דבורה נישט געווען אין שטוב. זי האָט כסדר געבעטן, דאָס קינד זאָל שוין אַביסל אונטערוואַקסן. ווי שטענדיק איז זי אַרומגעפלויגן, אַרומגערינגלט פון אירע בחורים. ווען זי איז אַהיימגעקומען האָט אסתר איר אונטערגעטראָגן דאָס קינד צום פּנים, זיך געפרייט, וואָס האָט בנימינס גרויע אויגן און זיינע בלאָנדע שקאָציש־גלייכע האָר, און איר דערציילט, אַז ס׳רעדט שוין. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס עס האָט אַרויסגעפּלאַפּלט איז געווען „טאַ־טאַ״.

דבורה האָט צוגעשאָקלט מיט אירע לאַנגע לאָקן און בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי מען קען זיך אַזוי פרייען מיט אַ קינד.

נאָר איין מאָל, ביינאַכט, בעת זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי אסתרן נישט געטראָפן, און די שטוב איז געשטאַנען אַ ליידיקע, ווי אַ חורבה. אָנשטאָט דעם ריח פון מילך און ווינדעלעך האָט דאָ געשמעקט מיט ווינט און גאַס. אסתרס בעט איז געשטאַנען אויפגעריסן, מיט אַן אַראָפּגעפליקטן קאָץ און דאָס קיישל אירס, אַ צעוואָרפנס, האָט זיך געוואַלגערט אינמיטן שטוב. די עטלעכע ביכער, וואָס זענען שטענדיק געלעגן אויף דער שאַפע, זענען צעזייעט און צעשפּרייט געווען איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע.

אין שטוב האָט זיך אַריינגעכאַפּט די באַלעבאָסטע אין בלויזן העמד און דער באַלעבאָס אין די בלויזע גאַטקעס און יאַרמעלקע אויפן הינטערשטן טייל קאָפּ און געזאָגט, אַז מען האָט אסתרן ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק אַוועקגעפירט. עס זענען דאָ געווען עטלעכע פאַרשוינען מיט אַ פּאָליציאַנט, איבערגעדרייט די שטוב מיט די פּיס אַרויף, אויסגעפרעגט אסתרן פאַרשידנס אויף בנימינען און זי צוגענומען מיט זיך...

די באַלעבאָסטע איז געווען אין איין מורא:

— גוט, וואָס זי זענען נישט געווען... — האָט זי געזאָגט צו דבורהן — אַז נישט וואָלט מען איהנען אויך צוגענומען... ווער וואָלט זיך פאַרנומען מיטן קליינעם עופהלע?...

זי האָט אַריינגעבראַכט דאָס קינד פון זיך. דבורה האָט עס אומגעלומפּערט אויף די הענט גענומען און אַוועקגעלייגט אויפן בעט. „אַ מאַמע גיי איך ווערן״, האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

באַלד אָבער האָט זי פאַרגעסן אָן קינד און זיך גענומען אויסטאָן. זי האָט פּאַוואָליע צוזאַמענגעלייגט די זאַכן אין שטוב און געקעמט אירע לאָקן אַקעגן קליינעם שפּיגל, וואָס איז געשטאַנען אָגעשפּאַרט אין פענצטער. נאָר פּלוצים האָט זי דערפילט, אַז זי איז נישט אַליין און עס קוקט זי ווער גלייך אָן. ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט, האָט זי דערזען פאַר זיך אַ פּאָר גרויסע וואַכע אויגן, וואָס באַטראַכטן זי מיט קלוגשאַפט, קוקן נאָך איר יעדן קער, איר יעדע באַוועגונג, וואָס זי מאַכט.

זי האָט זיך אויסגעדרייט פון קינד, געוואָלט דערין פאַרגעסן, אָבער זי האָט שוין גאָרנישט געקענט טאָן, כסדר געפילט אויף זיך די אויפגעריסענע אויגן און זי האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען.

דבורה איז צוגעגאַנגען צום קינד, זיך אַריבערגעבויגן און אַ לאַך געטאָן דערצו אין פנימל אַריין. דאָס קינד האָט צוריקגעלאַכט, זיך פאַרגאַנגען אַלעמאָל העכער, מיט די דיקלעך־פולכנע הענטלעך זי אַרומגענומען אַרום האַלדז און געפּלאַפּלט צו איר מיט אַ וואַרעם קולעכל אומפאַרשטענדלעך־קינדערישע רייד, ווי עס וואָלט איר ווען עפּעס צו פאַרשטיין געבן. פון די קינדעריש־פולכנע הענטלעך, פון דעם קינדעריש־אומפאַרשטענדלעכן קולעכל, איז דבורהן וואַרעם געוואָרן און אַ צופרידענע רויטקייט האָט אָנגעצונדן אירע באַקן. זי האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט, צוגעדריקט אירע באַקן צו די קינדעריש־ווייכע בעקעלעך, צו די קינדעריש־זיידענע האָר...

— מאַ־מאַ... מאַ־מאַ... — האָט דאָס קינד צו איר פריילעך געפּלאַפּלט.

(פון בוך: „דאָס נייע הויז״, מעלבאָרן, אויסטראַליע, 1941)

# מרדכי וו. בערנשטיין

## פרץ׳עס וואַרשעווער יום־טוב־בלעטלעך



**שוין דער פאַקט, וואָס פון 848 פאַרשידענע פעריאָדישע פובליקאַציעס אין יידיש, וואָס זיינען דערשינען אין די יאָרן 1862 ביז 1915 אין מזרח איי־ראָפּע — זיינען בערך 300 יום־טוב־בלעטער און הומאָריסטישע אויסגאַבעס, רעדט שוין וועגן דעם גאָר־באַזונדערן אָרט וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין דעם דעמאָלטיקן יידיש־געזעלשאַפטלעכן פאָלקס־לעבן.**

**מיר וועלן פּרוּוון פאַרענטפערן צוויי וויכטיקע פראַגעס פון דעם דאָזיקן געביט: פאַרוואָס? וואָס איז געווען די סיבה פון אַזאַ שלל „פריילעכע" און יום־טובדיקע אויסגאַבעס? וואָס פאַר אַ שמחה איז עס געווען, וואָס מען האָט אַזויפיל זיך געוויצלט און געיומטובט?**

**ציל און כאַראַקטער? וואָס האָבן געוואָלט דערגרייכן די דאָזיקע, וואָלט איך גע־זאָגט „לאַכן מיט יאַשטשערקעס"־בלעטער? ווי אַזוי האָבן זיי עס געטאָן?**

**אין אַ ספּעציעלן ביבליאָגראַפישן זשורנאַל, וואָלט זיך געפאָדערט אַ גענויערע באַשרייבונג פון די דאָזיקע קרוב 300 איינסן און אויך אַ ברייטערן און טיפערן אַנאַ־ליז פון זייער אינהאַלט. דאָ וועלן מיר זיך בעיקר פאַרנעמען מיט דעם לבוש, מיט זייער חיצוניות. פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן נישט קענען אינגאַנצן אויסמיידן זיי־ער אינהאַלט, די פנימיות, דאָס וואָס איז געווען באַהאַלטן „צווישן די שורות".**

**דעם אָנהויב פון דעם מין האָט געמאַכט י. ל. פרץ מיט זיינע באַרימטע „יום־טוב־בלעטלעך", וואָס זיינען דערשינען אין צוויי סעריעס אין די יאָרן 1894־1896.**

---

מרדכי וו. בערנשטיין איז געבוירן געוואָרן אין ביטען, גראָדנער גובערניע, אין יאָר 1905. יונגערהייט צוגעשטאַנען צום „בונד", מיטגעאַרבעט אין בונדישע אויס־גאַבעס, געווען אָנגעשטעלט אין אַלערליי פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציעס. יאָרן־לאַנג געוווינט אין וואַרשע. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — פאַרשיקט אין רוסלאַנד. 1946 זיך אומגעקערט קיין פּוילן. שפּעטער יאָרן אין דייטשלאַנד און אַ יאָרצענדלינק אין אַרגענטינע. זינט 1962 אין ניו יאָרק, רעדאַקטאָר פון „וועקער". פאָרשער פון יידישער געשיכטע אין מערב־איירָאָפּע. מחבר פון פאַרנעמיקע ווערק. צוו. אַנד.: „דאָס איז געווען נוסח אשכנז" — אויפגאַנג און שקיעה פון אַ טויזנטיאָריקער תקופה. פון זיינע פילצאָליקע פאָרש־אַרבעטן אויפן געביט פון נאָענטן עבר פון יידן אין וואַרשע געבן מיר אין דער אַנטאָלאָגיע אַ פראַגמענט וועגן די „יום־טוב־בלעטלעך" פון י. ל. פרץ, וואָס זיינען געווען דער זאָמען פון דעם שפּעטערדיקן צעצווייגטן בוים פון דער וואַרשעווער יידישער **פּרעסע.**

דאָס זיינען געווען איינמאָליקע, מיט פאַרשידענע טיטלען פון צייט צו צייט אַרויס־געגעבענע העפטן, אָבער זיי האָבן געהאַט דעם כאַראַקטער פון כמו־פעריאָדישקייט.

צוליב דער גרויסער ראָלע, וואָס די דאָזיקע „בלעטלעך" האָבן געשפּילט, וועלן מיר זיך אויף זיי אָביסל לענגער פאַרהאַלטן. בסך־הכל זיינען דערשינען 17 העפטן פון די „יום־טוב־בלעטלעך". די ערשטע סעריע 10 העפטן און די צווייטע 7. תחילת האָט אַ העפט געהאַט 32 זייטן, שפּעטער שוין 64. יעדעס „בלעטל" האָט געהאַט אַ יום־טובדיקן טיטל. אָט זיינען די נעמען פון פּרצעס 17 „יום־טוב־בלעטלעך":

(ביים ברענגען די נעמען פון די בלעטלעך און אונטערטיטלען נוצן מיר די היינטיקע אָרטאָגראַפיע. ביי פּרצן למשל איז אומעטום פאַראַן „בלאַטעל", אונטערן אַלף אַ סגל.)

1. „לכבוד פּסח" — אַ יום־טוב בלעטל;
2. „דער פייל און בויגן" — אַ ל"ג בעומר בלעטל;
3. „גרינס" — אַ שבועות בלעטל;
4. „דער תענית" — אַ בלעטל אויף שבעה עשר בתמוז;
5. „די טרייסט" — אַ בלעטל אויף שבת נחמו;
6. „דער שופר" — אַ בלעטל אויף ימים־נוראים;
7. „הושענא" — אַ בלעטל אויף סוכות און הושענא-רבה;
8. „דאָס ליכטל" — אַ בלעטל לכבוד חנוכה;
9. „שבת־אויבס" — אַ בלעטל לכבוד שבת;
10. „המן־טאַש" — אַ בלעטל אויף פּורים;
11. „כל חמירא" — אַ בלעטל לכבוד פּסח;
12. „דער עומר" — אַ בלעטל אויף ל"ג בעומר;
13. „ביכורים" — אַ בלעטל אויף שבועות;
14. „תמוז" — אַזוי אַ בלעטל!;
15. „לשנה טובה" — אַ בלעטל אויף ימים־נוראים;
16. „חמשה עשר";
17. „עונג שבת".

ווי מיר זעען האָבן מיר דאָ אַלע יום־טובים פון יידישן לוח. די, וואָס קענען נישט דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע „בלעטלעך" וועלן זיכער מיינען, אַז דער אינ־האַלט זייערער איז מן־הסתם אַ יום־טובדיקער — און טאַקע וועגן דעם געגעבענעם יום־טוב, וואָס געפינט זיך אין טיטל פון העפט. עס איז אָבער נישט אַזוי. דער טיטל איז סתם צוגעטשעפּעט צום אינהאַלט פון יעדן העפט. דער ציל פון די בלעטלעך איז ווייט נישט געווען די יום־טובים. די יום־טובים זיינען געווען אַן אויסרייד. מען האָט מיט די דאָזיקע קעפּלעך מאַסקירט דעם ריכטיקן ציל פון די פּובליקאַציעס. עס איז געווען אַ מין „אָפּנאַרן" דער צענזור. עס איז דאָך, אין דער צייט פון דער צאַרישער שאַרפער צענזור בכלל און אויף יידישע אויסגאַבעס בפרט, נישט געווען מעגלעך אַרויסצוגעבן אַ שטענדיקע, אַ פּערמאַנענט־פּעריאָדישע ליטעראַריש־געזעל־שאַפטלעכע צייטשריפט. מיט די באַזונדערע קעפּלעך, דערצו אַזעלכע יום-טובדיקע נעמען ווי „שופר", „הושענא", „ביכורים" וכדומה האָט מען דערגרייכט דעם ציל.

די איניציאַטאָרן און אַרויסגעבער האָבן טאַקע געמוזט „צאָלן" פאַר דעם דאָזיקן שפּיצל מיט אַ יומטובדיקן „לייט־אַרטיקל" אָדער מיט אַ ליד מעניני דיומא... דאָס האָט געכשרט די גאַנצע, אין תוך־גענומען, דאַן רעוואָלוציאָנערע אונטער־נעמונג.

עס איז שוין פאַראַן אַ גענוג־רייכע ליטעראַטור וועגן דער ראָלע פון פּרצעס בלעטלעך אין יענע יאָרן, ווען עס הויבט זיך אָן די פאָרמירונג פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג. אַרום די „בלעטלעך" גרופּירן זיך יענע ראַדיקאַלע קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ און אַרבעטער, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַ בוי־ענדיקע ראָלע אין דער אויפגעקומענער יידישער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעטער באַוועגונג. די „בלעטלעך" זיינען געווען ווי אַ מין אויפקלער — און פּראָפּאַגאַנדע־טריבונע פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג אין פּראָצעס פון איר שאַפונג. עס האָבן זיך אַרום די „בלעטלעך" גרופּירט די יידישע שרייבער, וואָס האָבן נישט מסכים געווען מיט די „עברית או רוסית"־משכילים; חוץ פּרצן האָבן דאָרטן מיט־געאַרבעט דוד פּינסקי, מרדכי ספּעקטאָר און אַנדערע.

די פרייהייט־באַוועגונג אויף דער רוסישער גאַס האָט אויך געווירקט אויף דער יידישער סביבה. יידישע אינטעליגענץ, שטודירנדיקע יוגנט און ישיבה־לייט וואָס זיינען „קאַליע געוואָרן" זיינען געווען די יעניקע, וואָס האָבן אין די „בלעטלעך" גע־לערנט פשט; געפּרוווט לייענען צווישן די שורות; אַריינטייטשן אין די פּינטעלעך פון די נישט־פאַרענדיקטע, אָדער איבערגעהאַקטע, זאַצן פאַרשידענע רמזים. דאָ האָט מען געזוכט אויסצולאָדן די אומצופרידנקייט קעגן די תקיפים, די בעלי־טאַק־סעס. די „בלעטלעך" זיינען געוואָרן די טריבונע פאַר די אַלע וואָס זיינען געווען פול מיט פּראָטעסט, מיט רעוואָלט קעגן די „פּני" פון שטעטל, קעגן די מזרחדיקע און יחוסדיקע שיכטן — דאָ איז דערקלערט געוואָרן אַ קאַמף דעם מצרים־חושך פון יידישן גושן (זייערע ווערטער).

האָט מען געמוזט שרייבן אין די „בלעטלעך" פאַרזיכטיק, זיין זייער „קלוג" און מיט אָנדייטונגען. עמך שער און אייזן האָט טאַקע געוווּסט וואָס די שרייבער מיינען, אַריינגעטייטשט אין די משלים די נויטיקע נמשלס.

אין די דאָזיקע „בלעטלעך" זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די לידער, וואָס זיי־נען שפּעטער גאָר ברייט געזונגען געוואָרן אויף די אַרבעטער־סכאָדקעס און „מאַ־יווקעס" און די „בירזשעס" און „ליאַמעס". אַזוי געפינען מיר אין דעם „המן־טאַש" פון 1895 פּרצעס ליד „דאָס געבעט". דאָס בלעטל איז טאַקע לויטן נאָמען אַ פּורים־דיקס, אָבער נישטאָ דאָרטן קיין איין שורה וועגן פּורים. דערפאַר איז דאָרטן, ווי דער „לייט־אַרטיקל", פאַראַן דאָס דערמאָנטע ליד. האָט עולם תחילת דעקלאַמירט און שפּעטער צוגעפּאַסט אַ ניגון און אין הונדערטער שטעטלעך האָט מען געזונגען:

. . . רבונו של עולם
נאָך ווייניק געליטן —
ווען ווּעסטו, רבונו
של עולם, פאַרשיטן
דעם אָפּגרונט, דעם טיפן

וואָס טיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע,
אויף לעמער און שינדער . . .

האָט מען אַריינגעטייטשט אין דעם „געליטן" — נויט, עקספּלואַטאַציע, אונ־טערדריקונג. דער ‚אָפּגרונט' — מיינט דאָך זיכער רעאַקציע, פּריץ, תקיף, די זעלבסט־הערשונג, דער צאַר. פאַרשטייט זיך, אַז די ‚שטאַרקע' און ‚שוואַכע', די ‚לעמער' און ‚שינדער' האָט מען נישט געדאַרפט דערקלערן וואָס און וועמען מען האָט אין זינען. טויזנטער אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס וואָלטן נישט געקענט האָבן אַזאַ פּעולה ווי פּרצעס „געבעט" און דווקא צום... רבונו של עולם.

אין דעם ל"ג־בעומרדיקן „פייל און בויגן" געפינען מיר די באַקאַנטע „נאַכט־וועכטער", וואָס איז גאָר אָפט רעציטירט געוואָרן אויף אַרבעטער־אונטערנעמונגען ביז דעם נאַצי־חורבן. וויפל נמשל האָט מען אַריינגעלייגט אין די ווערטער:

אַ נאַכט אַ מחיה! דאָס נעכטל איז טייער
נאָר היט זיך פאַר פייער! היט זיך פאַר פייער!

אין דעם פּסחדיקן „כל חמירא" גייט אויפן ערשטן אָרט פּרצעס „דריי נייטאָ־רינס" (דאָרטן הייסט דאָס ליד „די נייטאָרין").

קלאָר, די יום־טובדיקייט איז דאָ געווען אַ שירם, אַ צודעק פאַר אַ „געפער־לעכן" ציל און דער אינהאַלט איז געווען אַזאַ, וואָס האָט דעם ציל דערגרייכט.

מען דאַרף דערמאָנען אַ צווייטע סעריע פון דעם מין „בלעטלעך", פון זעלבן בוי און כאַראַקטער, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן מרדכי ספּעקטאָר אין יאָר 1894.

ספּעקטאָרס „בלעטלעך" מיט די פאַרשידענע נעמען („דער ווידער־קול", „דער לאָמטערן", „דער שפּאַקטיוו") האָבן געהאַט אַ להיפּוכדיקן אונטערקעפּל ווי פּרצעס, ביי אים איז געווען אָנגעגעבן אַ וואָכעדיק בלעטל. משמעות אַז די דאָזיקע „וואָכע־דיקייט" פון ספּעקטאָרן איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער „יום־טובדיקייט" פון פּרצן...

ספּעקטאָר איז געווען אַ שותף (אויפן שער־בלאַט) פון פּרצעס ערשט בלעטל „לכבוד פּסח". עס איז דאָרטן אין יידיש געווען אָנגעגעבן: פּרץ־ספּעקטאָר און אין דער רוסישער סיגנאַטור איז פאַראַן: אַרויסגעגעבן פון פּרצן און ספּעקטאָרן. אין די ווייטערדיקע העפטן האָט שוין ספּעקטאָר נישט פיגורירט און דאָס איז געווען די סיבה פון זיינע, ספּעקטאָרס, וואָכעדיקע בלעטלעך.

דאַרף מען אויך זאָגן, אַז די דאָזיקע „בלעטלעך" האָבן אַרויסגערופן אַ רע־אַקציע אין די משכיליש־קנאישע, באַלעבאַטיש־יחסנדיקע קרייזן. עס איז זיי נישט געווען צום האַרצן דער ראַדיקאַלער בונטאַרישער טאָן פון פּרץ־פּינסקי. זיי זיינען אַרויס מיט פאַמפלעטן קעגן די „יום טוב בלעטלעך" אימיטירנדיק אין פּאַראָדיעס די יום טוב נעמען. אַזוי האָט דוד פרישמאַן (אונטערן פּסעוודאָנים א. גאָלדבערג)

**אַרויסגעגעבן 2 פּאַראַדיעס מיט די טיטלען: „לאָקשן" און „אַ פּלוי פון תשעה באָב". בײדע פּובליקאַציעס זײנען אַרויס אין וואַרשעווער פאַרלאַג „אחיאָסף".**

• • •

**דער פּעריאָד פון פּרצעס יום טוב בלעטלעך איז געווען אַ מין אַרײנפיר, אויך מאָדעל, פאַר די ווייטערדיקע הונדערטער פּובליקאַציעס פון דעם מין. אין משך פון די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך ממש אַ שאָט געטאָן אַ שפע פון די פאַרשידנסטע לכבוד-יום־טוב אויסגאַבעס.**

פראַגמענט פון אַן אַרבעט אין „יידישן קעמפער", ניו יאָרק 1962

# משה בראָדערזאָן

## צו די שטערן



מיר, יונגען, מיר — אַ פריילעכע, צעזונגענע כאַליאַסטרע,
מיר גייען אין אַן אומבאַוווסטן וועג,
אין טיפֿע, מרה־שחורהדיקע טעג,
אין נעכט פון שרעק —
Per aspera ad astra!

און ס׳ווערן שטערן — טרערן,
און טרערן ווערן — שטערן,
און טויבע הייבן־אָן צו הערן,
און טויטע הייבן־אָן — באַגערן,
און אלדאָס גוטס — מקוים ווערן:

— ס׳איז שווער דער וועג, וואָס פירט צו שטערן?!
היי, ווייניקער אַ ביסל קלערן!
וואָס ס׳איז באַשערט, וועט אונדז באַווערן!
די פרייד ט׳זיך פרוכפּערן און מערן,

---

משה בראָדעזאָן — איינער פון די באַרימטסטע יידישע דיכטערס, א גרויסער וואָרט־מייסטער. געבוירן אין מאָסקווע אין יאָר 1890. קינדהייט און יוגנט — אין לאָדזש; יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין מאָסקווע; פון 1918 ביז 1939 אין לאָדזש; יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ביז 1956 — ווידער אין מאָסקווע, אין 1956 — געקומען קיין וואַרשע און דאָ פלוצלינג געשטאָרבן — אויגוסט 1956. מחבר פון צוויי צענדלינק לידער־זאַמלונגען; רעדאַקטאָר פון „יונג־יידיש״, גרינדער און אָנפירער פון קליינקונסט־טעאַטערס. אָפט אַ באַליבטער גאַסט אין וואַרשע. די וואַרשעווער גרופּע „כאַלאַסטרע״ (א. צ. גרינבערג, י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש, מ. ראַוויטש) האָט בראָדערזאָנס ליד „צו די שטערן״ גענוצט ווי אַ מאָטאָ אין אירע אויסגאַבעס. פון דעם ליד שטאַמט דער נאָמען „כאַלאַסטרע״ פון דער דינאַמישער, שאַרף־באַקעמפטער גרופּע, וואָס האָט זיך בלויז עטלעכע יאָרן צוזאַמענגעהאַלטן (1921־1924). פון משה בראָדערזאָנס אַ בריוו פון יאָר 1923 (געפינט זיך אין אַ חברישן אַרכיוו) איז קלאָר, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פּראָיעקטירט דעם „אוהל־פּרץ׳ דעם פּאַרהייליקטן ציון פון דער יידישער ליטעראַטור אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע. דאָס לעבעדיקע וואַרשע איז אומגעקומען — דער בית־עולם מיט דעם אוהל־פּרץ איז געבליבן לעבן . . .

**און הערן וועלן הימלען גערן,**
**און בקדושה טרייהייט שווערן;**
**כאַ־כאַ — דערווײַלע טאַנצן בערן!**
**Per aspera ad astra!**

**מיר גייען! גייען מיר אין אומבאַוווסטן וועג!**
**אין טיפֿע מרה־שחורהדיקע טעג,**
**אין נעכט פֿון שרעק —**
**מיר, יונגען, מיר — אַ פֿריילעכע צעזונגענע כאַליאַסטרע.**

פֿונעם בוך: אויסגעקליבענע שריפֿטן — בוענאָס איירעס 1959.

# בערנאַרד גאָלדשטיין

## בייגל-בעקער און בייגל-הענדלער



ביים בעקער־פאַראיין האָט אויך עקזיסטירט אַ סעקציע בייגל־בעקער. די סעקציע איז ניט געווען אַריינגעצויגן אין די אַלגעמיינע קאַמפן פון פאַראיין זי איז געשטאַנען ווי אין אַ זייט און איז געווען כמעט אינגאַנצן אויטאָנאָם. כאָטש צרות האָט דער פאַראיין געהאַט פון איר אַסך צוליב די כסדרדיקע קאָנפליקטן מיט די מ׳שטיינס געזאָגט באַלעבאַטים פון די בייגל־בעקערייען, וואָס זיינען געווען אפשר נישט קיין קלענערע אביונים ווי זייערע אַרבעטער. אויב די מערסטע וואַרשעווער יידישע בעקערייען זיינען געווען אָרעם, אומהיגיעניש׳ ענג און פינצטער, זיינען זיי נאָך אַלץ געווען פּאַלאַצן אַנטקעגן די בייגל־בעקערייען אין די קליינע קעלערשטיבלעך, ווו מען האָט זיך קוים געקענט אויסדרייען. געוויינטלעך האָבן אין אַזאַ בייגל־בעקעריי געאַרבעט דער „באַלעבאָס" אַליין, זיין פרוי און טייל מאָל אויך די קינדער. אָבער אין אַ טייל בעקערייען האָט מען אויך באַשעפטיקט אַ געדונגענעם אַרבעטער אָדער העכסטנס צוויי. כסדרדיקע קאָנפליקטן זיינען אָנגעגאַנגען סיי מיט די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געאַרבעט אַליין און פון וועלכע מען האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן צונעמען כאָטש איין אַרבעטער, סיי מיט די וועלכע האָבן יאָ באַשעפטיקט אַן אַרבעטער און פון וועלכע מען האָט פאַרלאַנגט אויסצובעסערן זיינע אומדערטרעגלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען.

דער וויכטיקסטער טוער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די סעקציע און האָט מיט איר

---

בערנאַרד גאָלדשטיין — איינער פון די אינטערעסאַנטסטע, ערלעכסטע און אַקטיווסטע העלדן פון וואַרשעווער „בונד" — איז געבוירן געוואָרן אין שעדלעץ אין יאָר 1889. פון יאָר 1906 ביז דעם יאָר 1945 — מיט איבעררייסן (אויף קאַטאָרגע, אין קיעוו, אין פעטראָגראַד — צו אַ יאָר, אָדער צוויי) אין וואַרשע. אויך אין די חורבן־יאָרן, אין אונטערגרונט און אין געטאָ. אין 1946 געקומען קיין ניו יאָרק און דאָ געשטאָרבן אין דעצעמבער 1959. זיין בוך „פינף יאָר אין וואַרשעווער געטאָ" איז דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס — אויך איבערגעזעצט אין פינף שפּראַכן. זיין בוך זכרונות „20 יאָר אין וואַרשעווער בונד" — איז כולו וואַרשע, עכט, אויטענטיש, טיף אין פשוטו, ערלעכן פאָלק פאַרוואָרצלט. פון דאָרט וואָלטן מיר דאָ געדאַרפט אַרויסנעמען אַסך קאַפּיטלעך, דער עיקר וועגן די וואַרשעווער יידישע טרעגערס, וואָס בערנאַרד איז געווען זייער אָרגאַניזאַטאָר און גייסטיקער פאָטער. אָבער מיר מוזן זיך באַגנוגענען בלויז מיט דעם כאַראַקטעריסטישן און טראַגישן קאַפּיטל וועגן די בייגל גאַסן־הענדלערס.

אָנגעפירט, איז געווען הערשל „פילאָזאָף", אַ סימפּאַטישער, באַוווסטזיניקער אַרבעטער, אַ בונדיסט. ער איז נאָך אין די צוואָנציקער יאָרן אַוועק קיין אַמעריקע. דאָ, אין אַמעריקע, האָט אַ מאַשין אים אָפּגעריסן אַ האַנט ביי דער אַרבעט. ער וווינט איצט אין ניו יאָרק.

בייגל זיינען געווען אַ באַליבט געבעקס ביי יידן. דער גאַסן־האַנדל מיט בייגל אין וואַרשע האָט געבליט, ספּעציעל — אין די אָוונטן. אין דער יידישער געגענט האָט מען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין געקענט זען די בייגל־פאַרקויפער מיט גרויסע קוישן בייגל וואָס האָבן מיט אַ זינגנדיקן קול אויסגערופן: „פרישע, הייסע, קאָכעדיקע בייגל, צוויי פאַר אַ דרייער, (אָדער פינף פאַר אַ זעקסער)". אפילו אַרום 1 ביי נאַכט האָט מען נאָך געקענט זען קינדער פון אַרום 8־10 יאָר, אָדער עלטערע פרויען, מיט קוישן בייגל, אָנגעלענט אין אַ מויער, רופנדיק די קונים צו קויפן די „הייסע, קאָכעדיקע בייגל". אַזוי איז מען געשטאַנען אויך אין קעלט, אין רעגן, אויפן פראָסט און אין אַ זאַווערוכע. און געשטאַנען איז מען מיטן קויש בייגל ביז אַזוי שפּעט דער עיקר דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַ מנהג ביים טעאַטער־עולם אַהיימגייענדיק, צו קויפן הייסע בייגל און זיי גלייך אויף דער גאַס אויפעסן. די בייגל־פאַרקויפער האָבן געוואַרט אויף דער גאַס ביז דער פאַרוויילונגס־עולם איז אַהיים געגאַנגען.

געווען נאָך איין גרויסע גרופּע בייגל־קויפער, די גאָר אָרעמסטע און די אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן נישט געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן און האָבן פאַרשטאָפּט דעם מאָגן מיט עטלעכע הייסע בייגל פאַר אַ דרייער אָדער פאַר אַ פינפער, וואָס מען האָט ערגעץ אויסגעקראַצט. וויפל פראָווינצער יונגעלייט׳ וואָס זיינען געקומען קיין וואַרשע זוכן אַרבעט, אָדער זיינען געוואָרן אַרבעטסלאָז און האָבן אין וואַרשע קיין היים און קיין נאָענטע נישט געהאַט, — וויפל אַזעלכע אַרבעטסלאָזע האָבן איבערגעלעבט דעם טאָג מיט עטלעכע טרוקענע בייגל, אַמאָל אויך מיט אַ הייסער גלאָז טיי וואָס מען האָט געקויפט אין פאַראיינס־בופעט? — מיט בייגל האָט מען בעסער געקענט אַדורכשטופּן דעם טאָג ווי מיט טרוקן ברויט, ווייל זיי זיינען געווען געשמאַקער און דערצו זיינען זיי געווען וואַרעם און פריש.

איין ביטערן שונא האָבן געהאַט די אָרעמע בייגל־הענדלער: — דאָס איז געווען די פּאָליציי. די בייגל־פאַרקויפער האָבן דאָך קיין קאָנצעסיעס אויף גאַסן־האַנדל נישט געקענט אויסקויפן (פון וואַנען וואָלטן זיי געהאַט געלט?), האָבן די פוילישע פּאָליציאַנטן מיט דער גרעסטער רשעות געיאָגט און געפּלאָגט די בייגל־הענדלער. ווען אַ פּאָליציאַנט האָט געכאַפּט אַזאַ איינעם, האָט ער אים געשלעפּט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, דאָרט האָט מען אים צוגענומען דעם קויש בייגל, טייל מאָל אַריינגעזעצט אויף אַ גאַנצער נאַכט און נישט זעלטן אויך גוט אָנגעבראָכן די ביינער. די קלעפּ — ווי די קלעפּ — דער עיקר איז געווען דער היזק פון קויש בייגל, דאָס איז דאָך טייל מאָל געווען דער גאַנצער „קאַפּיטאַל" פונם בייגל־הענדלער. פלעגן די בייגל־הענדלער איינשטעלן אַן אייגענע „זיכערקייט־סיסטעם": די מאַמע איז געשטאַנען מיטן קויש בייגל, לעבן איר איז געשטאַנען אַ יינגערער זון (זיי האָבן זיך געטוישט מיטן פאַרקויפן די בייגל) און דער טאַטע איז געשטאַנען אַ ביסל ווייטער און האָט געהיט פון אַלע זייטן צי עס גייט נישט קיין פּאָליציאַנט. האָט אַ פּאָליציאַנט זיך באַוויזן, האָט דער זון אַ ריס געטאָן דעם קויש בייגל פון דער מאַמעס

הענט אַרויס און האָט גענומען „ציען“ (אַנטלויפן). אויך זייטיקע מענטשן האָבן דערביי געהאָלפן: האָט עמיצער געזען פון דער ווייטנס אַ פּאָליציאַנט, האָט ער געגעבן אַ רוף: „זעקס, זעקס!“ אָדער „צי“, און דער עולם בייגל־הענדלער און אַנדערע גאַסן־הענדלער זיינען זיך פונאַנדערגעלאָפן און זיך באַהאַלטן ווו עס האָט זיך געלאָזט. גייענדיק אויף דער גאַס האָט מען טייל מאָל געזען אַזאַ סצענע: אַ מחנה בייגל־הענדלער און אַנדערע גאַסן־הענדלער לויפן אין מיטן גאַס מיט די לעצטע כוחות, אַנטלויפנדיק פאַר אַ פּאָליציאַנט. פּלוצלונג קומט אונטער פון דער אַנדערער זייט אַן אַנדערער פּאָליציאַנט. גענומען צווישן צוויי פייערן, האָבן זיי שוין נישט געהאַט ווו צו אַנטרינען. אין אַ מינוט — האָבן די צוויי פּאָליציאַנטן געפירט די בייגל־הענדלער צום קאָמיסאַריאַט און דער עולם אויף די טראָטואַרן האָט זיך טרויעריק צוגעקוקט צו דער פּראָצעסיע. למען האמת מוז מען זאָגן, אַז ווען עס האָט זיך אַמאָל געטראָפן אַ לייטישער פּאָליציאַנט, און אַ בייגל־הענדלער איז אים אונטערגעקומען און ער האָט אים געמוזט אַרעסטירן, ווייל אַזוי „פאַרלאַנגט“ דאָס „געזעץ“, האָט דער פּאָליציאַנט מיט אַ געבייזער פּאַרטריבן די „לוויה“ וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען, און ווען אַרום זיינען שוין נישט געווען קיין צוקוקער, האָט ער אַ זאָג געגעבן צום יינגל — „אוטשיעקיי“ (אַנטלויף!) און דאָס יינגל האָט „געמאַכט פּיס“. אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע צרות' האָט דער בייגל־האַנדל „געבליט“. אַ שיין ביסל יידישע אָרעמקייט האָט פון אים געצויגן חיונה אָדער אַ ביסל צופּאַרדינט צו אַן אַנדער ביטערער פּרנסה.

פון בוך: 20 יאָר אין וואַרשעווער „בונד“, ניו יאָרק, 1960.

## שלמה גילבערט

# אַ הוליע געטאָן...



**א** געיעג מיט באַנדיטן! אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע! אַ רייזע צו דער לבנה! אַזוי האָבן צוזאַמען, אין כאָר, געשריגן צוויי יינגלעך. דער עלטערער האָט גע־האַלטן אַ פּאַק צייטונגען אונטערן אָרעם. זיי זיינען געגאַנגען לייכט אָנגעטאָן, האָבן זיי זיך געקאָרטשעט פון קעלט, מיט רויט־געפרוירענע הענט און מיילער.

ס'איז נאָך געווען ליכטיק. פאַרלעך האָבן שפּאַצירט איבער די גאַסן. די לאָמ־טערנעס האָבן שוין געברענט און זייערע קלאָרע פלעמלעך זיינען געשטאַנען ווי פרעמדע אין קאַלטן ליכטיק־טונקעלן אָוונט.

פאַר אַ גרויס ליכטיק פענצטער פון אַ פרוכטן־געוועלב זיינען זיי שטיין גע־בליבן. זיי זיינען געשטאַנען און געשוויגן, צוגעקלעפּט מיט די פּנימ'ער צו דער ליכטיקער שויב.

מיט אַזעלכע פלוימען קען מען זיך אָנעסן, און אַזעלכע גרויסע עפּל און גוטע באַרנעס!

זיי זיינע געשטאַנען און געבלישטשעט מיט די אויגן איבער די פרוכטן און זיסוואַרג.

---

ער האָט אויפגעשריבן עטלעכע קליינע דראַמעס און אַן ערך פערציק קליינע דערציילונגען אין זיין לעבן — שלמה גילבערט, וועמעס טאַלענט מען האָט אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע קרייזן זייער הויך געשאַצט. ער איז געבוירן געוואָרן אין ראַדזימין אין יאָר 1885 און געווױנט לרוב אין וואַרשע, אָדער אין אָטוואָצק, צוליב זיינע קראַנקע לונגען. געלעבט אַלע מאָל אין טיפסטער נויט. טעג־לאַנג, נעכט לאַנג געקענט אָפּזיצן — אָדער אין אַ בית מדרשל ביים זוהר, אָדער אין ליטע־ראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקיע 13 — אין מאָדנע מיסטישע שמועסן מיט חברים, אַליין נישט גלויביקע — האָבן געוווּסט, אַז גילבערט גלויבט אין יעדן וואָרט, וואָס ער זאָגט. איינער פון די ביז גאָר אינטערעסאַנטע געשטאַלטן פון דער וואַרשעווער יידיש־ליטעראַרישער וועלט. גילבערטס ווערק זיינען דערשינען אין עטלעכע קלע־נערע אויסגאַבעס. די פולסטע אויסגאַבע האָט צונויפגעזאַמלט זיין יוגנט־חבר מלך גראַפשטיין (1893־1960) אין לאָנדאָן־קאַנאַדע אין יאָר 1954. גילבערט איז אין יאָר 1942 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. די דערציילונג „אַ הוליע געטאָן...” איז אַ בילד פון דער אָפּגרונטיקער נויט און אָרעמקייט פון וואַרשעווער יידישע קינדער, וואָס גילבערט האָט געקענט מער ווי ווער נישט איז.

— אפשר וועט מען עפּעס קויפן? — פרעגט דער גרעסערער. ער לייגט איבער פון איין קעשענע אין דער צווייטער, ציילט דאָס געלט.

— די מאַמע וועט נישט האָבן מאָרגן אויף פּרנסה! — זאָרגט דער קלענערער און קוקט אַרויף מיט אַ פראַגע צום ברודער. זיי גייען אַוועק און זיפצן אָפּ בגנבה איינער פון צווייטן.

— אַ געיעג מיט באַנדיטן! אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע! אַ רייזע צו דער לבנה!

— דער סוחר פונם געוועלב האָט אפשר מער פון הונדערט פונט פלוימען און עפּל און באַרנעס! ווען ער גיט אונדז איין פונט, וואָלט אויך גוט געווען — ניין?

— אַ סוחר גיט נישט! ווייסטו וואָס, לאָמיר אַריינגיין אין געוועלב און שרייען, וועל איך הינטן־אַרום עפּעס נעמען.

— כ׳וויל נישט. מ׳קען נאָך כאַפּן און מען וועט אונדז שלאָגן!

— שלאָגן איז גאָרנישט, מען קען אַרעסטירן!

— אַ געיעג מיט באַנדיטן! אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע! אַ רייזע צו דער לבנה!

— דו ווייסט וויפיל דער היינטיקער טאָג וועט ברענגען פאַרדינסט? צוויי גילדן!

— וועט מען קאָכן אַ וועטשערע. די מאַמע וועט זיין פריילעך, און מאַטעלע וועט ליגן רויק און שפּילן זיך מיט די הענטלעך און רעדן!

עס קומט צו אַ מאַן קויפן אַ צייטונג.

—גיט אַ בלאַט, חברה! און וואָס טוט דער טאַטע, די מאַמע?

— מיר האָבן שוין נישט קיין טאַטן, און די מאַמע מוז זיין אין דער היים,ביים קליינעם קינד!

דער עלטערער שטופּט אים אָפּ און שמייכלט. — אַ נאַר דאָס איז! — ער שטעלט זיך און ענטפערט — מיר פאַרדינען אויף דער פּרנסה!

דער מענטש קוקט אויף זיי און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. ער נעמט אַרויס אַ מטבע, גיט עס זיי און גייט גיך אַוועק. זיי שטייען און קוקן איינער אויפן אַנדערן.

— ער האָט דאָך געגעבן אַ האַלבע זלאָטע און נישט גענומען קיין רעשט!

— איצט וועט מען קויפן פלוימען און באַרנעס! — איז דער קלענערער צוגע־שפּרונגען אויף איין פוס.

— אַ געיעג מיט באַנדיטן! אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע! אַ רייזע צו דער לבנה!

—אַ, זע נאַר, אַ גזלן מיט אַ שרעקלעך פּנים!

— זע נאַר דאָ, אַזוי פיל ווילדע מענטשן אויף פערד! און ווי זיי פליען איבערן פעלד!

זיי זיינען געשטאַנען פאַר אַ קינאָ מיט גרויסע פלאַמיק־קאָלירטע פּלאַקאַטן און רוישיק־בלענדענדער ליכטיקייט. זיי זיינען געשטאַנען און געקוקט, פאַרטאָן אין יענע געהיימניספולע ערטער אויף די קאָלירטע פאַפּירן.

זיי האָבן געזען יינגלעך, מיידלעך גייען אַריין. פון אינעווייניק האָט אַרויסגע־הויכט אַ ליכטיקע וואָרעמקייט, זאַפטיקע טענער פון מוזיק.

— לאָמיר אַריינגיין, די גאַנצע רעשט פון האַלבן זלאָטע איז דאָך אונדזערס!

— און פון יענעם געלט וועט מען גאָרנישט נעמען! — האָט דער קלענערער געוואָרנט.

— מען וועט מוזן נעמען, ס'פעלט נאָך צו צוואַנציק גראָשן!

— אוי ווי, וואָס וועט מען טאָן?... — האָט דער קלענערער געקרימט אַ גרימאַסע.

— עס שאַדט נישט איין מאָל, אַנדערע ייִנגלעך גייען שטענדיק!

— מיר זיינען אויך קינדער, דאַרף מען אויך אַמאָל גיין, — האָט דער קלע־נערער אויפגעוויזן.

פאַר זייערע אויגן האָבן זיך אויפגעוויקלט ליידיקע וויסטענישן און ברוין־היטיקע מענטשן מיט קרום־ווילדע פּנימער.

דער קליינער זעט דאָס אַלץ דאָס ערשטע מאָל, זיצט ער און קוקט אין איין אָטעם. דער גרעסערער ציט אים ביים אַרבל:

— זע נאָר ווי זיי ליבן זיך!

אין דער פינצטערער רייע פאַר זיי זיצט אַ פּאָרל צוזאַמענגעפלאָכטן. דער קלע־נערער וויל נישט זען:

— לאָמיך אָפּ!

ווען דאָס בילד רייסט זיך איבער און עס ווערט מיט אַ מאָל ליכטיק, אָטעמט ער אָפּ, ווי פון אַ שווער שטיקל אַרבעט. זיין פּנים איז דערהיצט. דער גרעסערער פרעגט אים:

— ס'איז געווען גוט?

— אַ פראַגע, — ענטפערט ער אין גיך. ער האָט נישט קיין צייט. ער האַלט אין איין אַרומקוקן זיך. אַ ליכטיקער נעפּל, אַ געטומל און אַ גערויש פון אַזוי פיל קעפּ, פאַר אים און הינטער אים.

איבערן לאַנגגען דורכגאַנג גייט אַ ייִנגל און טראָגט אַ פולע טאַץ צוקערקעלעך און שאָקאָלאַדקעס, געוויקלט אין גאָלד און זילבער־פּאַפּירלעך. דאָס ייִנגל מיט דער טאַץ קומט אַלע מאָל נענטער.

— אפשר וועט מען אַראָפּנעמען נאָך צען גראָשן?

— איך ווייס, ווי דו ווילסט!

— וועט דאָך שוין פעלן דרייסיק גראָשן! — איז דער גרעסערער אין פאַרלעגנ־הייט.ביידנס אויגן גלאַנצן און שוועבן דאָרט אַרום, אויף דער טאַץ.

— זאָרג נישט, ס'איז אַזוי אויך גוט! — טרייסט דער קלענערער, און ער גיט זיך אַ נערוועזן זעץ איבער. — ווען וועט שוין ווערן פינצטער?

איצט איז געגאַנגען אַ צווייט בילד. פאַר זייערע אויגן האָבן זיך פאַרבייגעצויגן היימישע און פרעמדע זאַכן. גערטנער, בלומען, ברייטע ליכטיקע צימערן, שיינע מענטשן.

— הערסט, זיי קושן זיך! רוימט דער גרעסערער איין דעם קלענערן און ווייזט אָן אויפן פּאָרל, וואָס זיצט אין דער פינצטערער רייע פאַר זיי. — זיי ליבן זיך.

נאָר דער ייִנגערער הערט דאָ גאָרנישט. ס'איז אים אַזוי גוט! ס'איז וואַרעם, ס'איז פינצטער — און מען שפּילט! ער גיט אַלעמאָל אַ וואָרף אַהינטן מיט אַ פוס פון צופיל פאַרגעניגן.

ווען זיי זיינען געקומען אַהיים איז דאָס לעמפּל געווען אַראָפּגעדרייט. די מו־טער איז געלעגן אויפן בעט אין די קליידער. דאָס קינד איז געלעגן לעבן איר.

— וואָס זענט עץ געקומען אַזוי שפּעט? — האָט זי געקרעכצט און פויל גע־צויגן פון שלאָף אַרויס.

דער עלטערער האָט אַרויפגעדרייט דאָס לעמפּל און אַרויפגעלייגט דאָס געלט אויפן טיש — מען האָט נישט געלייזט האָט מען געמוזט שטיין ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין!

די מוטער איז צוגעקומען צום טיש — אַ יונגע פרוי מיט אַ לענגלעך־טונקל געזיכט און גרויסע שטילע אויגן. זי האָט געקוקט אויף אירע קינדער:

— ס׳איז אייך קאַלט. אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, וואָס וועל איך אייך איצט געבן ?

— מאַמעשי, ס׳איז אונדז נישט קאַלט! — האָט פלוצלונג דער קלענערער אויס־געריפן, שטייענדיק ביי אַ ווינקל פון טיש.

זינט זיי זיינען אַריינגעקומען שטייט ער דאָ, קוקט זיך אַרום איבערן שטיבל, אויף זיין מאַמען, און זיין יונג הערצל איז איינגעקאַרטשעט — דאָרט האָט ער געזען די גרויסע ליכטיקע וועלט, דאָ זעט ער ענגשאַפט און צרות!

— מיינע טייערע קינדער! — האָט די מוטער פאַרשטיקט דעם געוויין. — דאָס געוועלבל איז שוין צו! — האָט זי פרעמד געקוקט אויפן געלט.

— מיר האָבן געגעסן אין גאַס! האָט דער עלטערער אַרויסגעוואָרפן אַ ליגן.

דער קלענערער האָט געקוקט צום קינד, וואָס איז געלעגן אויפן בעט און גע־שלאָפן. ער האָט געזען דאָס קיילעכיק־בלייכע פּנימל, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַ שטילע טרער איז פאַרבליבן אויפן בעקל. ער איז נישט צוגעגאַנגען, ווי אַלע־מאָל, ער האָט זיך היינט געפילט שולדיק פאַר זיין קליין ברידערל.

ביינאַכט האָט דאָס קינד געוויינט. די מוטער האָט עס געשאָלטן, גערעדט און געבעטן זיך ביי אימיצן אין דער פינצטער, אַז דאָס האַרץ טוט איר וויי.

די צוויי ברידערלעך האָבן זיך געדרייט אויפן געלעגער און נישט געקענט איינשלאָפן פון הונגער. זיי האָבן שטיל צווישן זיך גערעדט, צוגעזאָגט און זיך גע־שווירן, אַז מער וועלן זיי אין קינאָ נישט גיין.

פון בוך: דערציילונגען און דראַמעס — לאָנדאָן־קאַנאַדע, 1954.

# שלמה גילינסקי

## די מעדעם-סאַנאַטאָריע



די לעבנס־געשיכטע פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין ביי וואַרשע הויבט זיך אָן דעם 18־טן יאַנואַר 1926 ווען טיר און טויער האָבן זיך גע־עפנט פאַר דער ערשטער גרופּע פון 14 קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין וואַרשע. צו דעם טאָג האָט מען זיך לאַנג געגרייט אין די „ציש"א־שולן און אַרבע־טער־קרייזן. און דער טאָג איז געווען אַ שטילער אָבער אמתער יום־טוב פאַר אַלע פריינד און באַזונדערס פאַר די עלטערן און לערער פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן.

די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז לכתּחילה פאַרטראַכט געוואָרן אַלס הייל־אַנשטאַלט פאַר קינדער באַדראָהטע פון טובערקולאָז. די צאָל אַזעלכע קינדער איז בעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אומגעהויער גרויס, און נישט געווען דאַ־מאָלסט אין פּוילן קיין איין־איינציקער הייל־אַנשטאַלט פאַר יידישע קינדער. אָט די קראַנקע קינדער זיינען געווען די גרעסטע זאָרג פאַר זייערע עלטערן און נישט קיין קלענערע זאָרג פאַר די פריינד פון יידישן קינד, באַזונדערס פאַר די לערער, דאָק־טוירים און טוער פון יידיש־וועלטלעכע שולן, ווו עס האָבן זיך געלערנט די קינדער פון דער גרעסטער יידישער אָרעמקייט און נויט: ביים מינדסטן חשד פון טובער־קולאָז האָט אַזאַ קינד געמוזט פאַרלאָזן די שול, און דאָס האָט גאַנץ אָפט באַטייט פאַרן קינד שיר נישט אַן אורטייל אויף אַ פּאַמעלעכדיקן אונטערגאַנג. די שול איז דאָך אין

---

שלמה גילינסקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטעטל לינגמיאַן, אין דער ליטע אין יאָר 1888. געלערנט אין חדרים, ישיבות, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן. אַ גאָט־געבענטשטער פּעדאַגאָג. זיין גאַנץ לעבן אויסגעפילט מיט אָט דער שליחות. פון יאָר 1910 אין וואַרשע. מיטבאַטייליקט אין אַלע וועלטלעכע יידיש־יידישע שול־פּראָיעקטן און אָרגאַניזאַציעס. צוּמאָל ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָטראַט, אַן אַנדערש מאָל פּרנס אין דער וואַרשעווער קהילה. מחבר פון יידישע לערנביכער, דער עיקר מאַטעמאַטישע. אַז די קרוין פון די יידישע פּעדאַגאָגיש־היגיענישע, פון גאַנץ אייראָפּע באַוווּנדערטע, אַנשטאַלטן, די „מעדעם־סאַנאַטאָריע", ווערט אין 1926 געגרינדעט — ווערט גילינסקי איר אָנפירער ביז דעם יאָר 1939, דעם יאָר פון איר סוף אין דער נאַצי־תּקופה. דורך ווילנע, יאַפּאַן איז גילינסקי אין יאָר 1941 אָנגעקומען קיין ניו יאָרק. דאָ געווען עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע אין יידיש. געשטאָרבן סעפּטעמבער 1961. מיר ברענגען דאָ אַ פראַג־מענט פון גילינסקי׳ס אויטענטישער און אויטאָריטאַטיווער באַשרייבונג פון איינער פון די אידעאַלע און אידעאַליסטישע יידיש־וועלטלעכע וואַרשעווער אינסטיטוציעס.

יענעם פעריאָד געווען נישט בלויז אַ לערן־אַנשטאַלט נאָר אויך אַ היים פאַרן קינד; אַ היים, וואָס האָט אים באַשפּיזט, באַקליידט און געזאָרגט פאַר זיין גוף און נשמה. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע ביים אַרויסנעמען די קינדער אויף אַ זומער־קאָ־לאָניע.דאָ האָבן די דאָקטוירים געמוזט זיין נאָך שטרענגער. און דווקא די קינדער, וואָס האָבן זיך אַממערסטן גענויטיקט אין דער קאָלאָניע, האָבן פון איר נישט גע־קאָנט געניסן.

מען האָט געהאַלטן אין איין זוכן וועגן און מיטלען ווי צו העלפן אָט די קינ־דער — ביז אין 1921 האָט דער מעדעם־דינעזאָן־רייכמאַן שול־קאָמיטעט (די דאָ־מאָלסדיקע אָנפירונג פון די יידיש־וועלטלעכע שולן) מיט דער הילף פון „פּיפּלס רעליף" און פון „דזשאָינט" געגרינדעט אין אָטוואָצק הינטער וואַרשע, אַ ספּעציעלע קאָלאָניע פאַר קינדער באַדראָטע פון טובערקולאָז. די ספּעציעל אויסגעטיילטע פאַר־וואַלטונג פאַר דער קאָלאָניע (דאָקטאָרין אנא ברוידע־העלער, דאָקטאָרין א. קרוק, דוד מייער, ש. אַבראַמסאָן, דאָקטאָר ב. אייזענשטאָט און ש. גילינסקי) האָט געהאַט בדעה צו פאַרוואַנדלען די קאָלאָניע אין אַ פּערמאַנענטן אַנשטאַלט, אָבער צוליב מאַנגל אין מיטלען האָט זיך דאָס נישט געלאָזט רעאַליזירן. צוליב דער זעלבער סיבה האָט מען אויך אַ שפּעטערדיקן פּרווו פון אַזאַ קאָלאָניע אין מיכאַלין געמוזט אויפגעבן. ערשט סוף 1922, ווען דער גרויסער פריינד פון יידישן קינד וולאַדימיר מעדעם (שוין דאַמאָלסט אין אַמעריקע) האָט געהאַט געשאַפן אויף דעם צוועק עט־לעכע טויזנט דאָלאַר, איז די „צישא" צוגעטראָטן בויען אין אַ וואַלדיקער געגנט, אין מיעדזעשין לעבן וואַרשע, אַ סאַנאַטאָריע פאַר קינדער באַדראָטע פון טובער־קולאָז. דאָס בויען האָט צוליב די קליינע און מאַגערע מיטלען ווידער געמומען אי־בער דריי יאָר און ערשט דעם 18־טן יאַנואַר 1926 איז דער חלום וועגן אַ הייל־אַנשטאַלט פאַר די אומגליקלעכע קינדער געוואָרן אַ פאַקט, אַ פאַקט פון גאָר גרויס באַדייטונג אין יידישן לעבן אין פּוילן.

* * *

די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז באַקאַנט געוואָרן אין פּוילן ווי אויך אין אייראָפּע נישט בלויז אַלס הייל־אַנשטאַלט נאָר — און הויפּטזעכלעך — אַלס הייל־דערציע־רישע קינדער אינסטיטוציע. דער דערציערישער כאַראַקטער איז נאַטירלעכערווייז אַהער איבערגעטראָגן געוואָרן פון דער „צישא"־שול און פון דער זומער קאָלאָניע. דאָ איז ער אָבער פאַרטיפט און אויסגעברייטערט געוואָרן. די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז אָרגאַניזירט און אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ לערער (דעם שרייבער פון די שו־רות), וועלכער האָט אין דער ענגסטער צוזאַמענאַרבעט מיט דער דאָקטוירים קאָ־מיסיע (אנא ברוידע העלער, נ. שפּילפאָגעל־ליכטענבוים, ט. סימכאָוויטש, א. קרוק) איינגעשטעלט דעם נויטיקן מעדיצינישן רעזשים אַזוי, אַז אין אַנשטאַלט זאָל נישט הערשן קיין שפּיטאָל־גייסט.

דער גאַנצער צוגאַנג צום קינד איז דאָ געווען אַ דערציערישער. מען קען נישט אָפּטיילן ביים קינד דעם גוף פון דער נשמה. וויל מען היילן דעם גוף, דאַרף מען איינצייטיק היילן די נשמה. און אויף צו היילן דעם גוף און די נשמה דאַרף מען חוץ אַנדערע קוואַליפיקאַציעס פאַרמאָגן גאָר אַ סך ליבע און פאַרשטענדעניש פאַרן קינד. אָט דער הייל־דערציערישער צוגאַנג צום קינד האָט מיט דער צייט געגעבן אַזעלכע

צופרידנשטעלנדיקע רעזולטאַטן, אַז די פּאָפּולאַריטעט פון אַנשטאַלט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די קינדער פלעגן אַהער קומען מיט אומעטיקע, אויסגעלאַשענע אויגן און מיט בלוטלאָזע פּנימער, און גאַר אין אַ קורצער צייט פלעגן זיי זיך דאָ פּאַנאַנדערבליִען פּיזיש און גייסטיק. דער רוף פון דער סאַנאַטאָריע איז געגאַנגען פון קינד צו קינד, פון מאַמען צו מאַמען און פון לערער צו לערער. טויזנטער ייִדישע קינדער פון שטעט און שטעטלעך אין פּוילן האָבן געחלומט וועגן אַריינקריגן זיך אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין דעם „גן־עדן פאַר קינדער". אויך געזונטע קינדער האָבן געטרוימט וועגן דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. קינדער פלעגן פרעגן ביים שרייבער פון די שורות: „ווען וועט מען שוין אויפבויען אַ סאַנאַטאָריע פאַר געזונטע קינדער?"

אין פאַרהעלטעניש צו דער גרויסער צאָל קינדער אין פּוילן, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הייל־אַנשטאַלטן, איז די צאָל ערטער אין סאַנאַטאָריע געווען זייער קליין. פון 70 אין אָנהויב איז די צאָל אין די לעצטע יאָרן דערגאַנגען ביז 140 אין די ווינטער־חדשים און צו 350 — אין די זומער חדשים. קינדער, וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס גליק אָנגענומען צו ווערן אין סאַנאַטאָריע, האָבן געוואַרט חדשים און אַמאָל אפילו אַ יאָר אויף אַ פרייען פּלאַץ. די סאַנאַטאָריע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און אין איין פאַנאַנדערבויען זיך, אָבער צוליבן שטענדיקן מאַנגל אין מיטלען איז דאָס צוגעגאַנגען גאַר פּאַמעלעך. קינדער פלעגן דאָ פאַרברענגען פון צוויי ביז זעקס חדשים און אין איינצעלנע פאַלן — אַ יאָר און מער. אַ גרויסע צאָל קינדער פלעגן אַהער קומען צום צווייטן, דריטן און אפילו צום פינפטן מאָל. דאָס פאַרברענגען אין סאַנאַטאָריע האָט זיי אויפגעהאַלטן און אין גאַנצן געזונט געמאַכט. אַט די „אַלטע סאַנאַטאָריסטן", ווי מען האָט זיי געוויינלעך גערופן, זיינען שטענדיק געווען דער רוקן־ביין פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און פון גאַנצן לעבן אין אַנשטאַלט. און אָט די קינדער, אָדער בעסער — יוגנטלעכע, זיינען שפּעטער אונטער די נאַציס, אַליין געווען די לערער און פירער פון דער סאַנאַטאָריע.

ליבע צום קינד איז געווען דער יסוד פונעם לעבן אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. ליבע צום קינד איז געווען דער העכסטער פּעדאַגאָגישער געבאָט פאַר יעדן לערער, פאַר יעדן דערציִער און מיטאַרבעטער. דאָקטוירים, לערער, סאַניטאַרינס און טעכנישע מיטאַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַשאַנקן פון דער נאַטור מיט גרויס ליבע צום קינד, האָבן זיך אַליין געצויגן צום אַנשטאַלט. אַלע אָן אויסנאַם האָבן געהאַט פאַר זיך איין ציל: שאַפן באַדינגונגען, אַז דאָס קינד זאָל וואָס מער געניסן פון זיין זיין אין סאַנאַטאָריע. די פרייד און די הנאה פונעם קינד איז געווען די פרייד און די הנאה פונעם לערער, פונעם דאָקטאָר און פון יעדן מיטאַרבעטער פון פּערסאָנאַל. אַ יום־טוב פאַרן קינד איז געווען דער גרעסטער יום־טוב פאַר יעדן פון די דערוואַקסענע. יעדער דערפאָלג פון אַ יחיד איז געווען דער דערפאָלג פונעם גאַנצן אַנשטאַלט. מיט ליבע צום קינד און צו זיין אַנשטאַלט איז געווען דורכגעדרונגען אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אין באַרירונג מיט אים. און אָט די ליבע איז געווען דער יסוד און דער סוד פון דער גרויסער שעפערישקייט און פון אַלע דערגרייכונגען אויפן פּעדאַגאָגיש־דערציערישן געביט.

* * *

די זעלבס־פאַרוואַלטונג פון די קינדער איז דער בעסטער אופן צו דערציען זיי

צו זעלבשטענדיקייט, צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט און געזעלשאַפטלעכקייט. אין קאָמפּעטענץ פון דער זעלבסט פאַרוואַלטונג גייען אַריין אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צום לעבן פון די קינדער אין סאַנאַטאָריע און אַ צאָל פונקציעס, וואָס ווערן אויסגעפירט דורך די קינדער. די העכסטע אינסטאַנץ פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג איז די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך אַלע קינדער חוץ די גאָר קליינע (ביז 8 יאָר). די פאַרזאַמלונג ווילט דעם קינדער־ראָט און טיילט אויס פון זיך אויפזעער, קאָמיסיעס און פאַרשיידענע אַמטן. טייל אויפזעער ווערן געוויילט אויף איין וואָך, אַנדערע אויף צוויי וואָכן. עס זיינען אויך דאָ חודשדיקע אַמטן (ביבליאָטעק־קאָמיסיע, קאָאָפּעראַטיוו, רעדאַקציע, פאַרוויילונגס־קאָמיסיע א.א.).

* * *

אויפן געביט פון שפּראַך האָט מען צוזאַמען מיטן לערער, מיטן דאָקטאָר און מיטן גערטנער געזוכט אויסצוגעפינען שוין־פאַראַנאַנע און צו שאַפן נייע ווערטער — נעמען פאַר זאַכן, מיט וועלכע מען האָט ביז דער סאַנאַטאָריע נישט געהאַט צו טאָן אָדער פאַר וועלכע מען האָט פריער באַנוצט פּוילישע נעמען. אויף די ווענט אין ביאָלאָגישן מוזיי האָט מען ביי דער זייט פון פּוילישע אויפשריפטן געקאָנט לייענען אַזעלכע יידישע נעמען: וואַנדערנדיקע צווייגעלעך (אינסעקטן וואָס זיינען ענלעך צו צווייגעלעך), וואַסער־ליבעלעך, ים־שטערנס, אַכטפוס, איידל־ווייס, פעדערגראָז א. אַנד. די קינדער האָבן צוגעטראַכט זייער געלונגענע צונעמען פאַר די אויספירער פון פאַרשידענע סאַנאַטאָריע־אַמטן: די קאָרעספּאָנדענטן פון דער טעגלעכער צייטונג „אונדזער ראַדיאָ“, למשל, האָבן געהייסן: שאַרף־אויער, שפּיץ־בלייער, לופט־כאַפּער און ענלעכע. די גאַסן און אַלעעס אין סאַנאַטאָריע האָבן געהאַט אַזעלכע נעמען: פלאַץ פון גוטן אַפּעטיט (עס־ארט אין דרויסן), פלוידער־ווינקל, חברשאַפט־געסל, פאַרגעסענער ווינקל, בענקשאַפט־אַלעע (ווו די קינדער פלעגן אַפּוואַרטן זייערע עלטערן־געסט). אָפט האָט מען איינגעאָרדנט קאָנקורסן אויף געלונגענע נעמען פאַר פאַרשיידענע געביטן פון אַרבעט.

* * *

אין סאַנאַטאָריע האָט געהערשט פולע טאָלעראַנץ צו אַנדערש־דענקענדיקע קינדער און באַזונדערס צו די איינצעלנע רעליגיעז־געשטימטע חבריב. די לעצטע פלעגן נאָך עטלעכע טעג זיין אין סאַנאַטאָריע פילן זיך פולשטענדיק פריי. ביים פאַרטיילן אַמטן האָט מען שטענדיק געזאָרגט, אַז די פרומע זאָלן נישט דאַרפן טאָן געוויסע אַרבעטן אום שבת און נישט אין די פרימאָרגנס ווען די פרומע ייִנגלעך האָבן געדאַרפט דאַווענען. אַדאַנק אָט דער טאָלעראַנץ און פרייהייט האָבן די פרומע זיך שנעל אַסימילירט מיט די איבעריקע קינדער.

פראַגמענט פון „לערער־יזכור־בוך“, ניו יאָרק, 1952־1954.

## יעקב גלאַטשטיין

## אין וואַרשע — אויפן וועג קיין לובלין



האַלב־איינגעפאַלענע כאַלופּעס. פּויערים באַגלייטן דעם צוג מיט פאַרשלאָפענע און טרויעריקע אויגן. באָרוועסע פּויערטעס שטייען ווי מאַטקעבאָסקעס מיט קינדער אין די אָרעמס, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען מיט זיי און געבעטלט, ווי זיי וואָלטן זיי געהויבן צו אונדזערע אויגן: נאַט, נעמט כאָטש צו ביי אונדז די קינדער, מאַכט לייכטער אונדזער לאַסט. די קינדער ליגן געליימט אין די אָרעמס פון די מאַמעס און האָבן אַזעלכע טרויעריקע אויגן ווי די אַלטע פּויערים. די אויגן בעטלען. די רעדער אַנטלויפן שנעלער. די אויגן באַגלייטן: ברויט! די אַנטלויפנדיקע רעדער ווערן פאַרשאָלטן צו קלאַפּן: ברויט! ברויט! שווער צו פאַרגעסן אַזעלכע אויגן.

פינצטערע קוימענס, רויך, סאַזשע און אַן אומגלויבלעך וואָרט — וואַרשע.
וואַרשע — 1934.

דער דראָזשקאַזש האָט אַ צי געטאָן די לייצן און דאָס אויסגעביינטע פערדל האָט אַ̇יועקגעטאַנצט מיט דער העצקנדיקער דראָזשקע. די וואַרשעווער גאַסן זיינען נאָך געלעגן האַלב־פאַרשלאָפן. עס איז געווען הייס, אומגעוויינלעך הייס פאַר אַן אינדערפרי. די מידקייט פון אַנדערטהאַלבן מעת לעת אויפן צוג האָט מיך צוזאַמענגעקאָר־

---

יעקב גלאַטשטיין — דיכטער, דערציילער, ראָמאַניסט, עסעיסט, ליטעראַטור־קריטיקער, פובליציסט, זשורנאַליסט, לעקטאָר, רעדאַקטאָר, געזעלשאַפטלעכער טוער — פון די גרעסטע אין איכות און פּרוכטבאַרסטע אין כמות אין דער יידישער ליטעראַטור, איז געבוירן געוואָרן אין לובלין אין יאָר 1896. מחבר פון צוויי צענדליגק בענד לידער, דערציילונגען, ליטעראַטור־קריטיק. צו זיינע 13 יאָר דאָס ערשטע מאָל פאַרבראַכט אין וואַרשע, באַקענט זיך מיט די דאָרטיקע באַרימטע שרייבערס, אויסגענומען מיט זיינע בכורים, אָבער דעביוטירט ערשט אין אַמעריקע, באַלד נאָך זיין אָנקומען אין יאָר 1914. אויסשטודירט אויף אַדוואָקאַט, אָבער אַלע זיינע יאָרן זיך פאַרנומען נאָר מיט שרייבן. איינער פון די אָריגינעלסטע שאַפערס אין ליד און פראָזע אין יידיש. אין יאָר 1934 האָט ער באַזוכט זיין היים, פאַרבראַכט אין וואַרשע אַ קורצע צייט. די רייזע האָט אים אינספּירירט צו צוויי פראָזע־ביכער: ווען יאָש איז געפאָרן; ווען יאָש איז געקומען. פון דעם ערשטן פון די צוויי ביכער נעמען מיר אַרויס די פראַגמענטן, וואָס מיר ברענגען אין דער אַנטאָלאָגיע. אין זיי קומט צום ביטערן, הויך־קינסטלערישן אויסדרוק די גאַנצע יאושדיקייט פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע ערב איר אריינגעשטויסן ווערן אין תהום פון רשעות.

טשעט לעבן מיין געפּעק. די גאַסן האָבן זיך געשיילט און געוויקלט איינע פון דער אַנדערער מיט אַ מערקווירדיקער פּרעמדקייט. דער קאָפּ איז געווען שווער און איך האָב אים דווקא געריסן הויך, ווי איך וואָלט אים געמינטערט. עס איז געווען ווי איך וואָלט גאַנצע צוואָנציק יאָר זיך אויסגעמאַטערט וואַרטנדיק אויף דעם איצטיקן מאָמענט און איצט, אַז דער מאָמענט איז שוין דאָ, בין איך צו מיד אים צו געבן שלום עליכם.

די פּרימאָרגנדיקע וואַרשע האָט מיר נאָך קיין שלום נישט אָפּגעגעבן. דאָס אייגנטימלעכע פון דער שטאָט איז נאָך אַלץ געלעגן פאַרשלאָפן. איך האָב מיין הייסן יאַכמער באַהאַלטן פאַר לובלין, די שטאָט פון מיין חלום, די שטאָט פון מיין דער־שראָקענער יידישקייט, וואָס האָט זיך שטענדיק אויסבאַהאַלטן צווישן דיביידע פיינטלעכע גלעקער, רוסישע און קאַטוילישע.

דאָס וואָס איך פאָר איצט צו מיין מומען דורך ניו יאָרק, איז מיר אויסגעקומען, ווי איך וואָלט פאַרלייגט אַ שטיק וועג, אַריינגעפאָרן דורך אַן אַנדער טויער, און אָנגעקומען דורך אַ הינטער-טיר. אַמאָל פלעג איך פאָרן דירעקט פון לובלין קיין וואַרשע, איצט פאָר איך גאָר פון לובלין קיין ניו יאָרק דורך, פאָלג־מיך־אַ־גאַנג, צוואָנציק יאָר קיין וואַרשע, און ערשט פון וואַרשע צוריק קיין לובלין.

דירעקט פון לובלין קיין וואַרשע בין איך געפאָרן אויף באַזוך, בין איך געפאָרן זיך גרויסשטעטלען, בין איך געפאָרן אָפּקלאַפּן די טירן אין די רעדאַקציעס, בין איך געפאָרן אָפּגעבן עקזאַמען אין קרינסקיס שולע.

די מידקייט האָט מיר איצט געקיצלט יעדן ביין. איך האָב ווי דורך גלאָז גע־קוקט אויף די וואַרשעווער גאַסן און זיי געזוכט צו דערקענען אין רעטראָספּעקט פון יאָרן.. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ פאַרשלאָפענע אָרדענונג. די דראָזשקע איז שוין איצט געלאָפן איבער דער בריק קיין פּראַגע. אין די צוואָנציק יאָר פון וועלט־איבערקערעניש וווינט נאָך אַלץ מיין מומע אין זעלבן הויף.

אָבער מיין מומע האָט דאָך דורכגעמאַכט אַ שטיקל ענדערונג. שטאָט וואָס זי האָט אַמאָל געוווינט רעכטס, וווינט זי איצט לינקס. פאָרט פאַרלאָפן צוואנציק יאָר.

ווי שטיל און אומבאַמערקט האָב איך געוואָלט זיך דורכגליטשן, איז עס מיר נישט געלונגען. אַ קליין מיידעלע האָט גענומען לויפן. צוויי יינגלעך האָבן זיך אָנ־געכאַפּט ביי די הענט און אָנגעהויבן שפּרינגען איבערן הויף ווי קוריערן. אַ יידענע מיט אַן איבערגעוואַקסענער נאָז, די גרויס פון אַ קאַרטאָפליע, האָט אַ פרעג געטאָן וועמען איך דאַרף. אַ ייד מיט אַן אונטערגעבונדענער באָרד האָט גענומען שרייען איבער דעם גאַנצן הויף. עטלעכע ווייבער זיינען אַרויס אויף די באַלקאָנען. דער גאַנצער הויף האָט גענומען רודערן.

ווען איך בין אַרויף אויף די טרעפּ, האָט מיך שוין מיין מומע באַגעגנט, האַלב־וועגס, מיט אַ פּאַטש אין די הענט און מיט אַ וויינענדיק פּנים.

די מומע האָט מיך אַריינגעפירט אין הויז מיט אַ געוויין.

דיין מאַמע איז אַ גרויסע צדקת, אַז זי האָט דאָס דערלעבט! דיין מאַמע מוז ערגעץ האָבן אַ גרויסן זכות אין הימל, אַז זי האָט דיך דערלעבט צו זען.

אַ ווייל האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ וואַקס־מוזיי. עטלעכע וואַקסענע פיגורן זיינען געשטאַנען און מיך אָנגעקוקט. אויף אַ ניט־פאַרבעט געלעגער, האָבן זיך געוואַלגערט קינדערלעך. איין קינד מיט אַ קורץ נעזל,

ווי אַן אָפּגעהאַקטער עק ביי אַ הינטל, און מיט עטלעכע אויבערשטע ציינדלעך, האָט גענומען מאַכן פּיסקעס קוקנדיק אויף מיר, אַ צווייט קינד, אַ ביסל אַן עלטערס, האָט זיך צעוויינט, אַן אַנדער קינד איז אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט און פאַרשוווּנדן אין אַ צווייטן צימער. די וואַקסענע פּנימער האָבן אַלץ געקוקט אויף מיר מיט שרעק.

דערקענסט זיי נישט? דאָס זיינען דאָך מיינע טעכטער. דאָס איז דאָך די יינגסטע. נאָך דער באָבע דרעזל. און די מיטלסטע געדענקסטו אויך נישט? און די עלטערע האָסטו שוין אפילו פאַרגעסן?

איך האָב נאָך קיין מאָל אַזוי נישט געטראַכט פון די פאַרלאָפענע צוואַנציק יאָר אין טערמינען פון מלחמה, הונגער, פּאָגראָמען, שרעק, דלות, דחקות, ווי איצט, קוקנדיק אויף די דריי פאַרגעלטע פּנימער. נאָך קיין מאָל איז מיר נישט אויסגעקומען צו טראַכטן פון די צוואַנציק שרעקלעכע יאָר אפילו אין דעם פּשוטן באַגריף פון אַ פאַרלאָפן שטיק צייט, ווי איצט ווען איך בין געשטאַנען אַ צוגעקאָוועטער צום אָרט און געקוקט אויף די דריי פּנימער. זייער שרעק האָט מיך אָנגעשטעקט, ווייל די פּנימער זיינען געווען פאַרשעמט, וואָס די צייט האָט אַזוי, אָן רחמנות, אויסגעפּאַטשט; אָבער איבער אַלץ זיינען זיי געווען דערשראָקן, וואָס מען האָט זיי געכאַפּט נישט צוגעגרייטערהייט. זיי זיינען געווען דערשראָקן ווי דאָס נישט פאַרבעטע געלעגער, ווי דאָס קינד וואָס האָט נאָך אַלץ געמאַכט פּיסקעס. זיי האָבן זיך געשראָקן צי איך וועל זיי פאַרגעבן, וואָס זיי האָבן אַזוי צעפּטרט מיינע צוואַנציק יאָר, וועלכע זיינען פאַרלאָפן זייט מיר האָבן זיך געזען. כ'האָב זיי געפּאַקט ביי דער האַנט אין מיטן אַלט ווערן פאַר דער צייט.

איצט שטייען זיי אַנטקעגן מיר מיט אַ דערשראָקענער פאַרגליווערטקייט, און וואָס מער איך דערקען די שפּורן פון יענע דריי קינדישע פּנימער, אַלץ ענגער ווערט מיר אין האַלדז. איינע ליידט פון אַ גוידער, און די אויגן אירע זיינען שטיקער גלאָז, ביי אַ צווייטער, פעלן שוין באַלד אַלע ציין און דער אונטערשטער טייל איז דריי מאָל אַזוי ברייט ווי דער אויבערשטער. די דריטע, די יינגסטע, האָט דווקא דאָס עלטסטע און פאַרזאָרגטסטע פּנים.

פון אַ זייטיק צימער קומען אַרויס צוויי יונגעלייט. איינער ווערט מיר פאָרגעשטעלט אַלס דער מאַן פון דער עלטסטער. ער האָט אַ פאַרביסן און קאָספּיראַטיוו פּנים. ער גייט גלייך אַוועק. ער איז אַן אַרבעטסלאָזער בעקער און ער איילט זיך צו אַ פּאַך-מיטינג.

דער צווייטער יונגערמאַן, איז דער מומעס זון. ער איז געבוירן געוואָרן צוויי יאָר נאָך מיין אָפּפאָרן. אָבער נישט קוקנדיק אויף זיינע אַכצן יאָר, האָט ער שוין אַ שפּיגלדיקן ליסעקאָפּ און אַ פּנים פון אַ מידן סוחר.

איך טו זיך אַ ביסל איבער אין קיך, און איך וואַש זיך אַרום ביים פאַרזשאַווערטן זליוו. די פּאָדלאָגע, די ווענט און דער פּאָלעפּ זיינען בוכשטעבלעך פון דעם זעלבן שוואַרץ. די מומע האָט זיך קיין מאָל נישט אויסגעצייכנט מיט צופיל זויבערקייט, אָבער דאָס מאָל איז עס נישט קיין נאַכלעסיקייט, נאָר דלות. דער אונטערשיד וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן. דער קאָליר פון דלות — נישט שוואַרץ, נאָר בלאָטיק־שוואַרץ, ערד פון זאַכן, וואָס האַלטן זיך שוין ביים אויפליזן.

ווען איך בין צוריק אַריין אין צווייטן צימער, איז שוין אויך געזעסן דער פעטער-און געזופּט אַ גלעזל וואַרימס. ער האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסע, שוואַרצע

באָרד פון אַ ברייטן טשינאָווניק. איצט איז פון דעם געוואָרן אַ קליין, גרוי בערדל, וואָס קוקט אויס ניט געשוירן, נאָר פשוט אויסגעקראָכן. ער האָט מיר דערלאַנגט שלום מיט אַן אַלטער האַנט. עס איז אין אים ניט געווען צו דערקענען קיין סימן פון דעם אַמאָליקן געזונטן פלייש־הענדלער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גבורה אין פנים, אַז ער האָט אַלע מאָל אויסגעקוקט ווי ער האַלט אָט־אָט ביי קריגן אַן אַפּאָפּלעקציע פון צופיל געזונט. איצט האָב איך אים קוים דערקענט לויט זיין רעדן אונטער דער נאָז און דעם כיטרען שמייכעלע, וואָס האָט אַלע מאָל געשפּילט אַרום זיינע אָנגעגאָסענע אויגן מיט אַ וואָרענונג, אַז — מיךְ וועט איר נישט אָפּפּרייערן.

לאָמען עפּעס שטעלן צום טיש. ס׳מוז דאָך אים חלשן דאָס האַרץ, — האָט דער פעטער באַפוילן זייטיק, ניט וויסנדיק געגנוי צי ער מעג מיך נאָך דוצן. אָבער איך האָב, נישט געקוקט אויף מיין שרעקלעכן הונגער, פאָרזיכטיק געטרונקען אַ גלעזעל טיי, און אַלץ געטראַכט פון דעם דלותדיקן שוואַרץ.

אַ מאַן פון זעקספוסיקער הויך, אפשר נאָך מיט אַ שמיצל, מיט אַ שווערן קאָפּ און מיט אַ בויך ווי אַ קעסלפויק, וואָס האָט זיך דורכגעפּלאַצט אַ וועג דורך די ברייטסטע הויזן, איז אַריין אין הויז. ער איז גלייך צוגעלאָפן צו מיר, און מיר דערלאַנגט אַ גרויסע, האַרטע האַנט.

שלום־עליכם, שלום! שוויגער, דאָס איז ער? האָט ער זיך געוואָלט איבערצייגן אויב עס איז טאַקע אמת.

די מומע האָט מיר גלייך דערקלערט, אַז דאָס איז דער „גאַניידעם״ אירער, דער מיטלסטערס מאַן.

איך בין אים געווען אמת דאַנקבאַר, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין הויז אַן אַנדער אַטמאָספערע. ער האָט מיט זיין גבורה און זיין בויך גלייך אויסגעקערט דאָס גאַנצע דערדריקעניש.

וואָס שוויגט מען דאָ, ווי ביי אַן אבל? הער נאָר, אַ מענטש איז ערשט געקומען קיין פוילן, און מען דערלאַנגט אים שוין געברוינטע צרות. וואָסי, ער וועט חלילה פאַרשפּעטיקן?

דער גרויסער בויך זיינער האָט פאַרמאָגט אַ מאַסע ענערגיע. אַזאַ שווערע קוועקזילבערדיקייט האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געזען. ער איז גאָרנישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט. ער האָט געטאַנצט פון איינעם צום צווייטן מיט דער לייכטקייט פון אַ טענצער.

שוויגער! וואָס מאַכט איר אַ זויער פנים? איר האָט דאָך מיך ליב, אַז איר קריגט אַזש די ניכפּה פאַר מיר.

ער האָט געגעבן אַ קוש דער שוויגער, געקושט דאָס ווייב, און מיר דערקלערט אין איין אָטעם, אַז איך בין געלאַדן צו אים אין הויז פאַר מיטאָג. אַליין איז ער אַרויס ווי אַ שטורעמווינט איינקויפן און צוגרייטן.

אַז זיין ווייב איז אויך אַוועק, האָט מיר ערשט די מומע גענומען דערציילן זיין גאַנצע „כיסטאָריע״. ער שטאַמט פון רייכע מענטשן. עס איז געווען אַ גליקשידוך, אַז זיינע עלטערן האָבן קיינמאָל נישט מסכים געווען.

* * *

ווען איך בין געזעסן ביי אים אין הויז, האָט ער אַרום מיר געפּאַדעט. מיר האָבן געטרונקען ווייסן, פּוילישן שפּירט, און ער האָט מיך פּשוט געקאָרמעט און געשטאָפּט.

וואָס עסטו ווי אַ פייגעלע? האָט ער מיך גלייך געגומען דוצן. — כוח ליגט אין דער שיסל. עסט דאַרפן האָבן אַ שיין ביסל כוח אַ היים פאָרנדיק צו אַ קראַנקער מאַמען.

און וואָס מער ער האָט געגעסן און געטרונקען אַלץ רעדעוודיקער איז ער געוואָרן.

ווען ער האָט מיך צוגעפירט צום וואָקזאַל און אַרויפגעזעצט אויפן צוג קיין לובלין, איז ער צו מיר צוגעפאַלן מיט זיין שווערן קאָפּ און זיך מיט מיר צעקושט. ער האָט מיט מיר נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין קנעלן, אַז מען מוז גיין צוריק צום מינדסטן פאָלקסלידל און צום לעבן.

שלינגט שטיקער לעבן! פרעסט, זויפט, וויפיל עס לאָזט זיך, און זייט וואָס ווייניקער העלד.

נישט מער, רוימט ער מיר איין אַ סוד, און קומט אַזוי נאָענט צו מיר, ווי דער בויך זיינער דערלויבט, אַז מען לעבט אין פוילן און מען זעט די פאַר׳צרהטע יידישע פנימער, פאַרגייט דער אַפּעטיט צום לעבן. פאַר איך טאַקע דערפאַר גאָר אין גיכן צוריק קיין מאָנטעווידעאָ. דער זיד-אַמעריקאַנער שפּאַניער ווייסט נאָך אַ ביסל ווי צו לעבן. און ער לאָזט נאָך אַ ביסל לעבן. לעבן און לעבן לאָסן, האָט נישט פאַראיבל פאַר דעם אָפּגעריבן ווערטל, אַבי עס מיינט צום לעבן.

ער האָט מיר געגעבן אַ שטאַרקן קוועטש די האַנט, אַרונטערגעשפּרונגען פון דעם לויפנדיקן צוג און נאָכגעלאָפן, מיט דעם שווערן בויך פאָראויס היפּשע עטלעכע טריט, פאָכנדיק ענערגיש מיט אַ נאָזטיכל.

פון בוך: ווען יאָש איז געפאָרן. ניו יאָרק, 1938

## וולאַדימיר גראַסמאַן

# אין ערשטן יאָר פון ערשטן וועלט-קריג



דאָס וואָס די פּאָליאַקן האָבן זיך אַזוי שטאַרק געוווּנטשן, — אַז די גאַנצע וועלט זאָל ווערן פאַראינטערעסירט אין זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומ־אָפּהענגיקייט און נעמען אַן אָנטייל אין זייערע אַספּיראַציעס, — איז געוואָרן אַווירקלעכקייט. דער פאַרהאַסטער צאַריזם איז געצוווּנגען געוואָרן צו קאַפּיטו־לירן; רוסלאַנד האָט פּראָקלאַמירט אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר פּוילן און עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די מלחמה וועט ברענגען פּוילן פולע אומאָפּהענגיקייט. דער פּוילישער נאַציאָנאַליזם האָט זיך צעפלאַקערט. דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך גע־חנפעט. די גאַנצע רוסישע־פּרעסע האָט זיך געבויגן און געטאַנצט פאַר זיי און זיי האָבן נאָר געשמייכלט, קוים געענטפערט אויף די אַלע חניפות. עס וועט נישט לאַנג דויערן, האָבן זיי געפילט, אַז זיי וועלן ווערן די סוווערענע הערשער איבער פּוילן — און איבער די דריי און אַ האַלב מיליאָן פּוילישע ייִדן... דעם פּאָגראָם אויף ייִדן האָבן סיסטעמאַטיש דורכגעפירט די רוסן — די פּאָליאַקן האָבן זיך געדאַרפט באָר צוקוקן און שעפּן נחת. פון אַלע עקן פּוילן האָבן מאַסן אַרויסגע־טריבענע ייִדן געשטראָמט קיין וואַרשע. ווען איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע, אַ צוויי חדשים נאָך דעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, זיינען שוין אין וואַרשע געווען איבער אַכציק טויזנט פּליטים. קינדער זיינען געשטאָרבן ווי פליגן און מען האָט מער נישט געקאָנט געפינען קיין לאָקאַלן ווו מען זאָל קאָנען איינריכטן די „פּשיטולקעס״, קינדער־היימען.

די גאַסן פון וואַרשע זיינען געווען פאַרפלייצט פון רוסישע סאָלדאַטן, פּאַטרולן און „אָבאָזן״ — מיליטערישע קאָלאָנעס — מיט אַמוניציע און מיט פּראָדוקטן פאַר

---

וולאַדימיר גראָסמאַן — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1884 אין אַ שטעטל אין צפון־קאַווקאַז. שטודירט אויף די אוניווערסיטעטן פון בערלין, אָדעס און פּעטער־בורג. זשורנאַליסט און שריפטשטעלער אין ייִדיש, רוסיש, דעניש, פראַנצויזיש. געזעלשאַפטלעכער טוער, באַזונדערס ביים „אָרט״. געוווינט און געווען אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און זשורנאַליסטיש אין אַ טוצן שטעט אין איראָפּע און אַמעריקע. אַלס סאַניטאר פון „רויטן קרייץ״ און קאָרעספּאָנדענט פון רוסישע צייטונגען גע־ווילט אין וואַרשע אין די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען אַ יוצא ונכנס ביי פּרץ׳ן. זע אויך די ביטראָגן פון ד. פלינקער, טעאָ אַרצישעווסקא און ש. אַנ־סקי אין ד ע ר אַנטאָלאָגיע וועגן יענע וואַרשעווער ייִדישע גורל־יאָרן. גראָסמאַן איז אַ תושב אין דער שווייץ.

דער אַרמיי, און אין דער אייגענער צייט האָבן פון אַלע פאָרשטעט זיך באַוועגט וועגענער, אָנגעלאָדן מיט בעטן, אַלערליי בעבעכעס און שמאַטעס — און מיט אַלטע מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו גיין אויף די פיס.

וואַרשע איז געווען קוים צו דערקענען. אינעם גרויסאַרטיקן האָטעל „בריסטאָל" האָבן זיך געפונען די שטאַבן פון עטלעכע אַרמייען, עס האָבן געוווינט דאָרט עטלעכע גרויספירשטן, גענעראַלן און אַנדערע הויכע אָפיצירן, רוסישע קאָרעספּאָנדענטן און וויכטיקע געסט. יעדע שעה, יעדע מינוט האָט מען דאָ באַקומען די לעצטע נייעס פון דעם פראָנט. מען האָט געוווּסט, אַז די דייטשן רוקן זיך שטאַרקער און שטאַרקער און אַז די רוסישע פאַרלוסטן זיינען אומגעהויער גרויס.

אויף גזשיבאָווסקע גאַס, אין אַן אַנדער טייל פון שטאָט, האָט זיך געפונען די יידישע גמינע, די קהילה, וווהין עס זיינען געלאָפן אַלע אָנגעקומענע היימלאָזע פליטים פון דער פּראָווינץ. דער גרויסער הויף איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט וואָגנס, איבערגעלאָדן מיט זאַכן און מיט אַלערליי אַלטוואַרג. אין דעם גרויסן זאַל פון דער גמינע האָט געאַרבעט אַ קאָמיטעט פון שטאָט בעלי־בתים, וועלכע האָבן פאַרזוכט צו ראַטעווען דאָס ביסל וואָס האָט זיך אפשר נאָך געלאָזט ראַטעווען.

אויף אַלע וועגן וואָס האָבן געפירט קיין וואַרשע זיינען געגאַנגען מאַסן יידן, אָפט גאַנצע געמיינדעס, גאַנצע קאַראַוואַנען, געטריבן פון דעם אומברחמנותדיקן אייגענעם שונא. ס'איז נישט געווען צו וועמען צו אַפּעלירן. די רעגירונגען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, רוסלאַנדס פאַרבינדעטע אין דער מלחמה, האָבן אפשר געהאַט אַ געוויסע אידעע וועגן דעם וואָס פאַר אַ דראַמע עס שפּילט זיך אָפּ הינטער דעם רוסישן פראָנט, אָבער מען האָט נאָך נישט געוואַגט צו וואָרענען די אָנפירער פון דער מעכטיקער אימפּעריע. עס איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז די גרויסע רוסישע אַרמיי שטעלט מיט זיך פאָר אַ ליימענעם גולם און אַז די דייטשן וועלן פאַרנעמען גאַנץ פּוילן. דער פּאָגראָם אויף דעם פּוילישן יידנטום איז אָנגעגאַנגען ווייטער.

איך האָב דאָ דערמאָנט די יידישע גמינע און פאַר מיינע אויגן וואַקסט אויס אַ גאַנץ באַזונדערע פיגור צווישן דעם ים מענטשן וואָס מען האָט דאָרט געטראָפן אין יענע פינצטערע טעג, אַ צענטראַלע פערזענלעכקייט אין יידישן עפנטלעכן לעבן פון וואַרשע: אונדזער גרויסער דיכטער י. ל. פּרץ.

ביי אַ פענצטער וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף פון זיין צימער, ווו ער האָט צענדליקער יאָרן געאַרבעט אַלס באַאַמטער פון דער געמיינדע, איז ער שעהן לאַנג געשטאַנען, געשוויגן און איינגעקוקט זיך אין דעם גערויש און טומל פון די אָנגעקומענע אַרויסגעטריבענע יידן. עס האָבן געפעלט ווערטער אויף אויסצודריקן דעם צער ביים באַטראַכטן די שרעקלעכע בילדער. די גרויסע, אויסדרוקספולע אויגן פון פּרץ'ן האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס וואָס אין זיין טיפן אינערן האָט זיך געטאָן. אַזוי גוט ווי יעדן טאָג, ווען איך פלעג קומען פון דעם פראָנט קיין וואַרשע, האָב איך אים באַזוכט אין דעם דאָזיקן צימער און אָפט באַגלייט אים אַהיים. עס איז אים געווען שווער צו רעדן. די קאַטאַסטראָפע און ליידן פון אומשולדיקע מענשן זיינען געווען צו גרויס.

פאַר דער מלחמה איז וואַרשע געוואָרן דער צענטער פון אַ גאָר שטאַרק אַנטוויקלטער יידישער פּרעסע. „דער היינט", „דער מאָמענט", די „לעבנס־פראַגן" האָבן געהאַט אַ מאַסן־צירקולאַציע פון הונדערטער טויזנטער קאָפּיעס. דעם טאָג

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז „דער היינט" פאַר וועלכן איך בין אין פאַרלויף פון יאָרן געווען דער פּעטערסבורגער קאָרעספּאָנדענט, געדרוקט געוואָרן איבער 120 טויזנט עקזעמפּלאַרן. די דאָזיקע פאַר יידישע פאַרהעלטענישן פון יענער צייט געוואַלדיק גרויסע צייטונגס־אַרבעט איז מיט אַמאָל אונטערגעהאַקט און ליקווידירט געוואָרן. די אייזנבאַנען זיינען פאַרנומען געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט פון מיליטער און מען האָט נישט געקענט מער פונאַנדערשיקן די צייטונגען. די יידישע באַפעלקערונג וואָס האָט געשעפּט אַלע אינפאָרמאַציעס פון די צייטונגען איז געבליבן אָן איזאָלירטע און פאַרלוירענע מאַסע. אנשטאט צייטונגס־ידיעות האָט מען זיך געהאָדעוועט מיט קלאַנגען. דאָס צעווילדעוועטע רוסישע מיליטער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד און געהייסן האָט עס פאַקטיש, אַז וואָס גיכער דער דייטש וועט פאַרניכטן די בעסטיע, אַלץ גיכער וועט קומען די גאולה. אויף די דאָזיקע יידישע סענטימענטן האָבן געשפּילט די דייטשן און אַ געוויסע דייטש־יידישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּוילישע יידן לטובת פון דייטשלאַנד.

הונדערטער מיטאַרבעטער פון יידישע צייטונגען זענען געבליבן אויפן וואַסער — אָן אַרבעט, אָן מיטלען צו לעבן, אָן אַ שום האָפענונג אויף אַ שנעלער ענדערונג פון דער געפערלעכער לאַגע. פאַרקערט, עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די מלחמה וועט לאַנג דויערן און אַז די צוקונפט איז פול מיט איבעראַשונגען פאַר דער גאַנצער וועלט און אַז פאַר דעם פּוילישן יידנטום קומען זייער שווערע צייטן...

* * *

אַ קורצע צייט פאַר דעם ווי די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט י. ל. פּרץ אָנגעהויבן שרייבן אין וואַרשעווער „היינט". דאָס זיינען געווען זייער קורצע אַרטיקעלעך אין אַ באַזונדערער רובריק וואָס האָט געהייסן „אין מיין ווינקעלע". ווי איז דאָס געשען, אַז אין דער צייטונג, אין וועלכער דוד פרישמאַן האָט אַזוי שאַרף און אַזוי לאַנג אַטאַקירט דעם דיכטער, זאָלן זיך באַווייזן פלוצלונג זיינע אַרטיקלען, איז מיר נישט געווען קלאָר. איך בין אָבער געווען אַן עדות פון דעם ווי מען פלעגט נעמען אַ לענגערן מאַנוסקריפּט פון דעם דיכטער, אויסמעקן און אַרויסשניידן דעם גרעסטן טייל זיינעם און אַרויסוואַרפן אין פּאַפּיר־קאָרב. און געטאָן איז עס געוואָרן מיט אַ געוויסן סאַדיזם. עס האָט געהייסן, זאָל ביי אונדז אין דער צייטונג זיין דער נאָמען פון דעם גרויסן דיכטער, אָבער זאָל ער נישט מיינען, אַז מיר קענען נישט אויסקומען אָן אים...

„אין מיין ווינקעלע" — דאָס איז געווען דער ריכטיקער נאָמען אויף צו כאַראַקטעריזירן די פּאָזיציע פון י. ל. פּרץ אין דעם יידישן וואַרשע די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט זיך דערווייטערט פון דער שרייבערישער משפּחה און די משפּחה האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט טאָלערירן זיין האַלטן זיך און זיין גרויסקייט ביי זיך. מען איז געווען אינגאַנצן צעריסן.

עס איז נישט קיין צווייפל, אַז י. ל. פּרץ האָט שטאַרק געליטן פון זיין איינזאַמקייט אין אַ צייט ווען דער גאַנצער ישוב איז געווען אַרומגעכאַפּט פון אַ פּאַניק און דאָס פייער האָט זיך צושפּרייט אין אַלע זייטן. ער איז געשטאַנען אין כאַמע מיטן פון די אומגליקלעכע מאַסן, ער האָט יעדן טאָג, יעדע שעה געזען זייערע ליידן, געהערט זייער געוויין און קלאָגן. אָבער אין זיין איינזאַמקייט האָט ער פאַרט געפונען אין זיך גענוג כוחות אָפּצוגעבן זיך זיין ליטעראַרישער אַרבעט. און

זיין גאַנצע פרייע צייט, האָט ער פאַרבראַכט ביים שרייבטיש — ביי יענעם שרייב־טיש, ביי וועלכן ער האָט מיט עטלעכע חדשים שפּעטער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. זיין קאָפּ איז געווען קלאָר און פריש.

איך האָב געהאַט דעם זכות צו זיין אַ בן־בית אין הויז פון איינעם פון דעם דיכטערס נאָענטסטע פריינט, דר. מינץ, אַ באַרימטער ספּעציאַליסט פון מאָגן־קראַנקייטן און אַ העברעישער שרייבער.

דאָס זיינען געווען פאַר מיר אומפאַרגעסלעכע אָוונטן ווען דר. מינץ און זיין פרוי פלעגן זיצן אַרום דעם טיש פון דעם דיכטער און הערן אים לייענען פון די ריין און שיין באַשריבענע פאַפּירלעך די ערשט פאַרענדיקטע איבערזעצונגען פון קהלת, פון רות אאַ״וו. פרץ פלעגט צענדליקער מאָל ריין איבערשרייבן זיינע מאַנוס־קריפּטן, ווידער און ווידער זיי „רייניקן״ און אויסבעסערן.

איך פלעג ברענגען די אַלע נייעסן פון דעם פראָנט וואָס פלעגן אויפגענומען ווערן מיט אַ ברענענדן אינטערעס. אָבער אין וואַרשע גופא האָב איך אויך געהאַט אַ „פראָנט״, דער פראָנט פון די באַרימטע רביים, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון זייערע שטעט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש. דר. מינץ האָט מיך אַריינ־געפירט ביים רויט־בערדיקן ראַדזימינער רבין, וועלכער איז געווען זיינער אַ פּאַ־ציענט און אין גיכן האָב איך געהאַט אַ באַזונדער מזל אויפגענומען צו ווערן פון דעם גרערער רבין אַליין. דער חסידישער גרערער גדול ר׳ יואל וואַגמייסטער, וועל־כער האָט אַראַנזשירט פאַר מיר די דאָזיקע אודיענץ און איז געווען אָנוועזנד בשעת דעם שמועס, האָט נאָך דעם אַרויסגענומען זיין זייגער און מיר פייערלעך דער־קלערט: „איר זענט אין אַ זיידענעם העמדל געבוירן, דער רבי האָט מיט אייך גע־רעדט 29 מינוט...״

אָבער פיל אינטערעסאַנטער זיינען געווען די באַגעגענישן מיט די אַלטע רבנים וואָס זיינען אָנגעקומען מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג פון זייערע שטעטלעך, אָפּט צו פוס פון אַ מהלך פון צענדליקער מיילן. זייער איבערגעגעבנקייט צו זייערע קליי־נע קהילות, זייער זאָרגן זיינען באמת געווען רירנדיק. די רבנים האָבן געבילדעט זייער אייגענעם קרייז, זיך אָפּט פאַרזאַמלט און אויסגעאַרבעט זייערע פּלענער, זייער אַרבעט. זיצנדיק ביי די פאַרזאַמלונגען פון די רבנים האָב איך געמוזט זיך דערמאָנען אין רעמבראַנד׳ס בילדער פון אַמאָליקע רבנים. די שכינה האָט אויף זיי גערוט.

די לאַגע פון אַלע פליכטלינגע מיט וועלכע וואַרשע איז געווען איבערגע־פּאַקט איז געווען שרעקלעך. עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז דאָס מיליטע־רישע הויפּט־קוואַרטיר טראָגט זיך אַרום מיט דעם געדאַנק צו עוואַקוירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. נעמענדיק אין באַטראַכט די ווילדקייט און ברוטאַליטעט פון דער פאַרברעכער־באַנדע וועלכע איז געזעסן אי־נעם גענעראַל־שטאַב, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז זיי וועלן אויך דאָס קענען אָפּטאָן. אַ פאַקט איז אָבער, אַז אַזאַ עוואַקואַציע וואָלט פיזיש נישט מעגלעך געווען דורכצופירן: אַ האַלב יאָר נאָכן אָנהויב פון דער מלחמה האָט הינטער דעם פראָנט געהערשט אַ פולשטענדיקער כאַאָס. מען האָט מאָביליזירט אַזאַ מאַסע מענטשן און זיי געשלעפּט צום פראָנט נישט קענענדיק צוגרייטן פאַר זיי קיין קליידער, קיין שיך, קיין ביקסן.

אינמיטן פון דעם כאַאָס און דער פּאַניק צווישן די פּליכטלינגע האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ ספּעציפיש יידישע קינדער־דראַמע: אַלע האָבן געוואָלט „ראַטעווען" די קינדער, אָבער אַלע האָבן געוואָלט דערביי מאַכן פּאָליטישע געשעפטן — קיין אַנדער וואָרט קען מען דאָ נישט באַנוצן. די גרופּע פון די פרומע דאָזאָרעס פון דער גמינע מיט פאַרבשטיינען אין דער שפּיץ האָבן אָרגאַניזירט שטרענג העברעישע קינדער־היימען. די אַסימילאַטאָרן מיט דער פרוי פון דעם קאָנסול יעגער אין דער שפּיץ האָבן געשאַפן קינדער־היימען שטרענג פּוילישע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער געיעג נאָך יידישע קינדער נשמות. עס זיינען געווען צענדליקער טויזנטער היימלאָזע יידישע קינדער און יעדער ווער עס האָט נאָר חשק דערצו האָט זיך געקענט איינהאַנדלען אַ פּאַרטיע קינדער און מען האָט געהאַנדלט, מען האָט זיך נישט געשעמט — נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט...

די דאָזיקע אומדערטרעגלעכע הפקר־לאַגע האָט געפירט דערצו אַז די וויכטיקסטע קולטור־טוערס מיט י. ל. פּרץ אין דער שפּיץ זיינען סוף כל סוף אַרויסגעטרעטן מיט אַ פאָדערונג תיכף צו שאַפן אַ יידיש־וועלטלעכע שולע פאַר יידישע קינדער. די ערשטע נישט פאָרמעלע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון י. ל. פּרץ. דער רוף צו ראַטעווען יידישע ־קינדער נישט נאָר פון הונגער און קראַנקייטן, נאָר אויך פון די אייגענע נשמה־כאַפּערס האָט זיך געצויטיקט אין אַן אויטאָריטעט. די אַרבעט האָט פאַרלאַנגט ריינע הענט און אַן אָרנטלעכן צוגאַנג צום גאַנצן פּראָבלעם פון דערציען יידישע קינדער, בפרט אין אַזאַ עת צרה. וואַרשע האָט נישט געהאַט קיין גרעסערן גייסטיקן אויטאָריטעט ווי דעם דיכטער. דער רוף האָט געפירט צו גרויסע רעזולטאַטן.

אַן אומגליקלעכער צופאַל, די קראַנקייט און דער פריצייטיקער טויט פון מיין שוועסטער, האָט מיך געצוווּנגען פלוצלונג צו פאַרלאָזן וואַרשע אויף עטלעכע טעג. ביים אָנקומען קיין פּעטערסבורג האָב איך דערהערט די נייעס, אַז י. ל. פּרץ איז געשטאָרבן פון האַרץ־שלאַג. ערשט מיט אַ פּאָר טעג פריער זיינען מיר געגאַנגען צוזאַמען פאַרביי דעם וואַרשעווער ווינער באַן־הויף אַהיים פון דער גמינע צו י. ל. פּרצ'ן, וועלכער האָט דעמאָלט געווינט אויף יערוזאַלימסקע אַלעע. פונעם באַן־הויף האָט זיך אַרויסגעשאָטן אַ מאַסע יידן, ערשט אָנגעקומענע פון אַ וויטן עוואַקוירטן שטעטל. עס איז געווען אַ בילד פון טיפן יאָמער. יידן אָנגעלאָדן מיט קאַסטנס און פּעק, פרויען, קינדער, זקנים. פּרץ איז געבליבן שטיין, באַקומען אַ שאָק אין אַ פוס, נישט געקענט ווייטער גיין. אין עטלעכע מינוט אַרום איז מען געגאַנגען ווייטער, אָבער דאָס האַרץ האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן...

פון בוך אַמאָל און היינט; פּאַריז 1955.

# יצחק גרינבוים

## משה קערנער



די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, ווי די שענסטע יאָרן אין פוילן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ חלק פון רוסלאַנד. עס זיינען געווען לויטערע פרילינגס־יאָרן. אפשר דאַכט זיך מיר אַזוי, ווייל דאָס זיינען געווען מיינע יוגנט־יאָרן און אויך די יוגנט־יאָרן פון די יידישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. דער ציוניזם האָט דעמאָלט געמאַכט די ערשטע דעראָבערונגען זיינע. דער יידישער סאָציאַליזם האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן אַרויסצופירן די יידישע אַרבעטער־מאַסן אויף די גאַסן און זיי לערנען און דערציען צו רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

מיר זיינען געווען דעמאָלט אַ קליינע גרופּע פון סטודענטן פון אוניווערזיטעט און פּאָליטעכניקום אין וואַרשע, פול לעבן און ענערגיע. פול דערוואַרטונג און אומאויפהערלעכע שפּאַנונג פלעגן מיר דורכגיין די גאַסן פון דער שטאָט און זוכן אין זיי די צייכנס פון מאָרגן, דעם ווונדער וואָס דאַרף געשען, דער ווונדער פאַר וועלכן מיר האָבן זיך געראַנגלט, אים גערופן, וועגן אים געטרוימט. אייניקע פון אונדזערע חברים זיינען געגאַנגען פאַר דער צייט פון דער וועלט, אַ טייל פון זיי — נאָך פאַר דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן נישט געזען דעם בלוטיקן מבול. אַנדערע זיינען געשטאָרבן אין דער צייט פון דער מלחמה. זיי זיינען געשטאָרבן, פול מיט האָפענונג, אַז די וועלט וועט אַרויס פון דער מלחמה אַ באַנייטע, אַ בעסערע און מער גערעכטע, און דאָס יידישע פאָלק וועט

---

יצחק גרינבוים — איינער פון די מנהיגים פון פוילישן יידנטום, איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1879. באַקומען יוריסטישע אויסבילדונג, אָבער דאָס גאַנצע רייפע לעבן זיך פאַרנומען מיט דער ציוניסטישער פּאָליטיק. ביזן יאָר 1933, ווען זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, חוץ אין וואַרשע, אויך געוווינט — אָפּטמאָל אַ יאָר, אָדער צוויי — אין ווילנע, פּאַריז, פעטערסבורג, יאָרן־לאַנג דעפּוטאַט אין פּוילישן סעים. אַ דינאַמישע פערזענלעכקייט, אַן אינדיווידואַליסט, אַ קעמפערישער רעדנער, אַ שרייבער אין העברעיש, יידיש, פויליש און רוסיש. מחבר פון מערערע ביכער אין העברעיש און יידיש. רעגולערער מיטאַרבעטער אין די „לעצטע נייעס" און „על המשמר" אין תל אביב. רעדאַקטאָר פון באַנד וועגן וואַרשע פון „אנציקלופּדיה של גלויות". פון גרינבוימס בוך „פון מיין דור", אַכציק עסייען וועגן פערזענלעכקייט — אַסך וואַרשעווער — נעמען מיר אַרויס דעם עסעי וועגן משה קערנער, איינעם פון די פּאָפּולערסטע, קאָנסטרוקטיווסטע און באַליבסטע פירערס פון ציוניזם אין וואַרשע.

זוכה זיין צו פאַרווירקלעכן זיינע אידעאַלן. עס זיינען אַוועק פון אונדז יאַן קירשראַט, נח דאַווידזאָן, נחום סירקין. זיי זיינען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך געשטעלט בראש פון דער באַוועגונג און אָנגעצייכנט דעם וועג. די וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן נישט איבערגעריסן זייער מאַרשרוט אויפן וועג פון קאַמף און אויפבוי, נישט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען, חרוב געוואָרענע אילוזיעס אין די טייכן בלוט און ליידן פון די יידישע מאַסן נאָך פאַר דער מלחמה. זיי האָבן נישט פאַרשעמט זייערע יונגע יאָרן, און זיי זיינען נישט געבליבן אומטריי דעם לויטערן און איידעלן געפיל, וואָס האָט באַלויכטן די ערשטע פרילינגס־יאָרן.

* * *

משה קערנער איז געווען איינער פון די עלטערע סטודענטן אין אונדזער גרופּע, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און אָנגעהויבן אַן ענערגישע ציוניסטישע טעטיקייט.

קערנער איז געווען אַ מענטש מיט אַ רויקן טעמפּעראַמענט. ניט געררעש'ט, ניט געברויזט, נישט געזוכט און נישט געגריבלט. נישט באַמיט זיך צו אַנטלויפן פון זיין סביבה און פון זיין געוויינטלעכן לעבנס־שטייגער. אים איז געלונגען צו קאָאָרדינירן זיין פּריוואַט און פּראָפעסיאָנעל לעבן מיט זיין ציוניסטישער טעטיקייט. ער איז געווען מער אַרכיטעקט און אויספירער ווי אַ קעמפער און מנהיג. זייענדיק אַן אינזשעניער פון באַרוף, אַ מענטש פון טאַט און פּראַקטיק, איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן פון גרויסע שטרעבונגען, ער האָט אָבער געקענט אַוועק פון טומעל אין זיין ווינקעלע און דאָרט טון זיין שטילע, גרויע טאָג-טעגלעכע אַרבעט. דעמאָלט האָבן זיינע חברים געוווסט, אַז ערגעץ אין אַ פאַבריק אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסק, אָדער לידע, נעבן ווילנע זיצט קערנער, איינער פון זיי, און לעבט מיט פונדערווייטנס זייערע ראַנגלענישן.

געווען דעמאָלט אַ גרויסע צייט. די יאָרן נאָך הערצלס טויט און דעם דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די הויכע כוואַליעס פון די יידישע און נישט יידישע באַוועגונגען זיינען אַראָפּגעפאַלן נידריק און טיף. יעדער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין די ד' אמות פון זיין פּריוואַטן לעבן. די וואָס זיינען נאָך געשטאַנען אויף די פּאָסטנס האָבן אַלץ געטאָן אַז דאָס פייער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן, אַז עס זאָל זיך ווידער צופלאַקערן אויפסניי ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

* * *

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט צעזייט און צעשפּרייט אונדזער גרופּע. אייניקע זיינען געבליבן אין פּוילן, אַנדערע זיינען געווען געצוווּנגען אַריבער קיין רוסלאַנד צוליב דער פּרנסה זייערער. קערנער האָט געהערט צו די לעצטע. אין רוסלאַנד האָט ער זיך געפילט ווי אין גלות. ער האָט זיך נישט באַטייליקט אין קיין שום אַרבעט. מיטן ערשטן רעפּאַטריאַנטן־צוג איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן, ווו עס זיינען געבליבן זיין פרוי און צוויי קינדער.

אין דעם זעלבסטשטענדיקן פּוילן האָט זיך געעפנט פאַר אים אַ ברייט אַרבעט־פעלד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די מלחמה־יאָרן זיינען נישט געגאַנגען לאיבוד. מיר האָבן דערוואָרבן דעם צוטרוי פון יענע ציוניסטישע קרייזן, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. פיל פון אונדזערע חלו־

מות וועגן וועלכע מיר האָבן געפירט שעה'ן־לאַנגע דיסקוסיעס זיינען געוואָרן ווירק־לעכקייט. מיר האָבן באַדאַרפט באַווייזן, ווי ווייט מיר זיינען בכוח צו רעאַליזירן אונדזערע טעאָריעס און טרוימען אין דער געגעבענער ווירקלעכקייט. אָט אַזאַ ראָל האָט קערנער צוזאַמען מיט אונדז דערפילט אינעם וואַרשעווער שטאָט־ראַט און שפּעטער אין שטאָט־מאַגיסטראַט און אין פּוילישן סענאַט.

זיין פעיקייט צו באַנעמען יעדן ענין פון דער קאָנסטרוקטיווער זייט זיינער, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אין זיין גאַנצער חשיבות. זיין פּרעסטיזש איז געוואַקסן נישט נאָר ביי אייגענע, נאָר אויך ביי פרעמדע און קעגנער. קערנער האָט זיך תמיד אויס־געצייכנט מיט זיין יושר און ערלעכע כוונות. נישט געהאַט קיין חוש פאַר פּאָליטישן „שפּיל", נישט באַזיצט קיין טאַלאַנט פאַר פּאָליטישע פּאַרטל און אינטריגעס. שטענדיק מורא געהאַט און זיך געהיט אַז זיין נאָמען זאָל נישט בלאַמירט ווערן.

* * *

ווען קערנער איז אַלט געוואָרן 60 יאָר, זיינען געקומען שווערע טעג פאַר די יידן אין פּוילן, פאַרן ציוניזם, און פאַר אים אַליין. ער האָט נישט געקענט געפינען זיין פּלאַץ צווישן מנהיגים, וואָס אפשר זייער איינציקע מעלה איז געווען, זייער פעיקייט צו פּשרות־מאַכן, לאַווירן, כדי צו קענען בלייבן אויף זייער פּלאַץ. אין יענער תקופה איז קערנער געשטאַנען מן הצד.

אין באַפרייטן פּוילן, האָט קערנער אויסגעפירט פאַרשיידענע אויפגאַבעס, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן פעיקייט, פלייסיקייט און איבערגעגעבנקייט.

אפילו די פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן (ענדעקעס) שונאי־ישראל, האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט כבוד. אין פּוילישן סענאַט האָט ער באַלד פאַרנומען איינעם פון די ערשטע ערטער. ער איז געשטאַנען דאָרט אויף דער וואַך, צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן.

אין דער יידיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אויפ־בוי אַרבעט ממש. ער האָט אויפגעבויט דאָס יידישע אַקאַדעמיקער־הויז, די צענטראַלע ביבליאָטעק, וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַ לערן־פּלאַץ, פאַרן אינסטיטוט פון יודאַיסטישער וויסנשאַפט.

ביידע בנינים שטייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג, אָבער דאָס ביבליאָטעק־הויז איז איבערגעגעבן געוואָרן יידן. עס געפינט זיך דאָרט דער אינסטיטוט פאַר פאָרשן דעם יידישן אומקום און אַ צענטער פאַר פאָרשן די יידישע געשיכטע אין פּוילן.

קערנער האָט געהאַט מזל, ער האָט פאַרלאָזן פּוילן אין די ערשטע חדשים פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט עולה געווען קיין ארץ-ישראל.

## שמעון דובנאָוו

## בערעק יאָסעלעוויטש און זיין יידישער פאָלק



פּוילן האָט געגוססט. די קאָנסערוואַטיווע קעגנערס פון דער מאַי־קאָנסטיטוציע האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם וועג צום ליבעראַליזם. עס איז געוואָרן די טאַרגאָוויצער קאָנפעדעראַציע, עס האָט אויפגעפלאַקערט אַ בירגער־קריג (זומער 1792). יידן זיינען בכלל געווען ווייט פון פּאָליטיק, דאָך האָבן זיי געהאַלטן מיט די קעמפערס פאַר דער נייער קאָנסטיטוציע אין פּוילן. די מאַי־קאָנסטיטוציע האָט טאַקע יידן קיין סך נישט געגעבן, אָבער אַ סך פּראָגרעסיווע יידן האָבן געפילט צו איר גרויס סימפּאַטיע און האָבן געלייגט האָפענונגען אויף עמאַנציפּאַציע דורך איר. צום ערשטן יאָרטאָג פון אָננעמען די קאָנסטיטוציע, דעם 3טן מאַי 1792, האָט מען אין די וואַרשעווער שולן און אין עטלעכע פּראָווינצער שטעט אָפּגעריכט פייערלעכע תפילות. אין וואַרשע איז ארויס אויף פיר שפּראַכן (העברעיש, פּויליש, דייטש און פראַנצויזיש) אַ הימען לכבוד דעם מלך סטאַניסלאַוו אויגוסט, ווי דעם פּאַרטיידיקער פון פרייהייט און דעם באַשיצער פון אונטערדריקטע. לויבנדיק דעם „קלוגן און גוטן” קיניג, האָבן „ די דעפּוטאַטן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין וואַרשע” אויסגעדריקט די האָפענונג אַז ער זאָרגט זיך אויך וועגן דעם „הויז פון יעקב”, וועגן פאַרבעסערן „די טרויעריקע דאָליע פון די וואָס מען האָט זיי אין די פינצטערע

---

פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו — איינער פון די גרעסטע יידישע היסטאָריקערס פון אַלע ציטן — איז געבוירן געוואָרן אין מסטיסלאַוו — ווייסרוסלאַנד אין יאָר 1860. ער איז דער מחבר פון דער גרויסער צענבענדיקער „וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק”. ער האָט זי געשריבן אין רוסיש. זי איז איבערגעזעצט אין אַ רייע וועלט־לשונות. די איבערזעצונג אין יידיש האָבן דורכגעפירט: י. ראַפּאַפּאָרט, ל. האָדעס, ז. קלמנאָוויטש, נ. שטיף, יודל מאַרק, ח. ש. קאַזדאַן. דובנאָוו האָט געוווינט אין פאַרלויף פון יאָרן אין אָדעס, ווילנע, פּעטערסבורג, בערלין, קאָוונע, ריגע. אין וואַרשע האָט ער נאָר צייטווייליק מערערע מאָל פאַרבראַכט ביי זיין טאָכטער סאָפיא דובנאָוו־ערליך און זיין איידעם הענריק ערליך. געשיכטלעכע פאַקטן וועגן וואַרשעווער יידן דערשיינען אין פיל צענדלינקער שטעלן אין דובנאָווס וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק. פון דאָרט נעמען מיר אַרויס דעם פראַגמענט פאַר דער אַנטאָלאָגיע. (די איבערזעצונג פון נחום שטיף און יודל מאַרק). דעם 1טן דעצעמבער 1941 איז שמעון דובנאָוו אין ריגע דערשאָסן געוואָרן דורך אַ נאַצי. געקומען צו קבר ישראל אין אַ מאַסן־גרוב מיט צענדלינקער קדושים צוזאַמען — אויף צו מאַרגנס נאָך זיין מאַרטירער־טויט.

יאָרהונדערטער געטראָטן מיט די פיס, גאָר פאַרגעסנדיק דערביי אַז זיי זיינען מענטשן." גאַנץ מעגלעך אַז די „דעפּוטאַטן" וואָס האָבן דורכגעפירט די פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציע זיינען געווען פון דער זעלביקער גרופּע וואָס האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן קיניג, ער זאָל משפּיע זיין דעם סיים און אַרויסקריגן פון דאָרטן אַ גינציקע פאַרענטפערונג פון דער יידן־פראַגע.

פון דער אייגענער גרופּע איז אַפּנים אויך געקומען דער רוף צו פּאַטריאָטישע געשאַנקען פאַר דער פּוילישער אַרמיי. יידישע שניידערס אין ווילנע האָבן זיך גענומען אומזיסט אויפניייען צוויי הונדערט מונדירן פאַר דער פרייהייטס־אַרמיי. סאָכאַטשעווער און פּולאַווער קהילות האָבן געגעבן געלט אויף פּאַטריאָטישע צוועקן. באַרדיטשעווער יידן זיינען מיטגעווען אין דער דעפּוטאַציע פון אָרטיקע סוחרים, וואָס האָבן מקבל פּנים געווען דעם פירער פון דער פּוילישער אַרמיי יוזעף פּאָניאַטאָווסקי, זיי האָבן אים דערלאַנגט אינסטרומענטן פאַר די פאָלק-מוזיקאַנטן. יידישע קהילות אין וואָלין און אין פּאָדאָליע האָבן שטאַרק געליטן פון די קריגס־אָפּעראַציעס. די אָסטראָהער קהילה האָט איבערגעלעבט די באָמבאַרדירונג פון דער שטאָט דורך רוסישן מיליטער (יולי 1792). אָבער דאָס לאַנד איז נישט געהאָלפן געוואָרן. אין יאָר 1793 איז פאָרגעקומען די צווייטע צעטיילונג פון פּוילן צווישן רוסלאַנד און פּרייסן. רוסלאַנד האָט צוגענומען וואָלין מיט אַ טייל קיעווער געגנט, פּאָדאָליע און מינסקער קאַנט. פּרייסן האָט צוגענומען דעם צווייטן טייל גרויס־פּוילן (קאַליש, פּלאָצק) מיט דאַנציק און טאָרן. פון פּוילן איז ווידער אָפּגענומען געוואָרן אַ גרויסער טייל לאַנד מיט הונדערטער טויזנטער יידן. די באַליידיקטע פּוילישע נאַציע האָט געפילט אַ שמערצלעכן ווייטיק פון דעם נייעם ריס — עס האָט אויפגעפלאַקערט די רעוואָלוציע פון 1794.

קאָסטיושקאָ, דער פירער פון דעם אויפשטאַנד, וואָס האָט געהאַט אויף זיך די השפּעה פון צוויי גרויסע רעוואָלוציעס, פון דער אַמעריקאַנער און דער פראַנצויזישער, האָט געהאַט אַ סך העכערע באַגריפן פון פּאָליטישער און בירגערלעכער פרייהייט איידער די שליאַכטע אין פּוילן, וואָס האָט געקעמפט פאַר פרייהייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס קאָן נישט זיין קיין פרייע מלוכה, ווען פּויערים זיינען פאַרשקלאַפט פון די בירגערס, נישט גלייך אין זייערע רעכט. דעם פירערס דעמאָקראַטישע שטרעבונגען האָבן צייטנווייז אויפגעבליצט אין ברען פון קאַמף פאַר באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד. די געדריקטע קלאַסן האָבן געפילט, אַז דאָ קומט פאָר עפּעס מער פון אַ שליאַכטישער רעוואָלוציע, אַז די באַפרייונגס־מלחמה קען פירן צו אינעווייניקסטער בירגערלעכער פרייהייט.

די באַגייסטערונג פאַר פרייהייט האָט פאַרכאַפּט אויך אַ טייל יידן. דאָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט בעת וואַרשע איז אַ צייט געווען באַלאַגערט (זומער און האַרבסט 1794) דורך דער רוסיש־פּרייסישער אַרמיי און די גאַנצע באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן צו פאַרטיידיקן די רעזידענץ. די אייגענע יידן, וואָס קורץ פאַר דעם פלעגט מען זיי באַפאַלן אין גאַס און די אַדמיניסטראַציע פלעגט זיי טרייבן פון וואַרשע, זיינען איצט געשטאַנען אויף דער וואַך מיט זייערע פּלאָגערס גלייך. צוזאַמען האָט מען געמאַכט גראָבנס און שאַנצן צו פאַרטיידיקן די שטאָט. אָפּט פלעגן די דאָזיקע פרייוויליקע קומען אויפן ערשטן אומרויקן סיגנאַל מיט געווער אין האַנט צו געבן אַ ווידערשטאַנד די באַלאַגערערס. אונטערן פייפן פון קוילן און

פייער פון גראַנאַטן פלעגן זיי אָפּוואַרפן דעם שונא צוזאַמען מיט אַלע וואַרשעווער, אַנווערנדיק דערהרגעטע און פאַרווונדיקטע. ביי וואַרשעווער יידן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די שטאָט, איז אויפגעקומען אַ געדאַנק צו מאַכן אַ באַזונדערן יידישן לעגיאָן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. בראש פון דער דאָזיקער גרופּע פּאַטריאָטן איז געווען בערעק יאָסעלעוויטש.

בערעק יאָסעלעוויטש איז געבוירן בערך אין יאָר 1765 אין דעם זאַמעטער שטעטל קרעטינגע. ער האָט דורכגעמאַכט דעם שווערסטן לעבנס-וועג, וואָס אַלע יידישע יונגעלייט צו זיין צייט: פריער דער חדר, דערנאָך אַ פאַקטאָר ביים פּריץ. ער איז אָנגעקומען אויף אַ שטעל צום ווילנער בישאָף מאַסאַלסקי, און דאָ הויבט זיך אָן זיין אויסטערלישע קאַריערע. מאַסאַלסקי פלעגט אָפט פאָרן קיין אויסלאַנד, דערהויפּט קיין פּאַריז, מיטנעמען מיט זיך זיין קערעוודיקן פאַקטאָר. בערעק האָט זיך אויסגעלערנט פראַנצויזיש און האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך צוצוקוקן פון דער זייט צו פּאַריזער סאַלאָנען, ווו זיין פּאַטראָן פלעגט פאַרקערן. דאָ האָט ער דערזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער וועלט. ער האָט דערשפּירט די נייע אידייען וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דער וועלט־שטאָט ערב דער רעוואָלוציע. צו דער צייט פונעם פּיריאָריקן סיים האָט בערעק, שוין דעמאָלט אַ פאַמיליע־מאַן, פאַרלאָזן די שטעל ביי מאַסאַלסקין און האָט געוווינט אין וואַרשע אין דער פאָרשטאָט פּראַגע. דאָ, אין דער אַטמאָספער פון פּאַטריאָטישער באַגייסטערונג, זיינען ביי בערעקן רייף געוואָרן די פּאָליטישע איינדרוקן, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פאַרקערן מיט די פּריצים און פון נסיעות אין אויסלאַנד.

דער אויפטריט פון דעם העלד קאָסטיושקאָ און דאָס באַלאַגערן וואַרשע האָט פאַרקערפּערט בערעקס נעפּלדיקן פּאָליטישן געדאַנק אין אַ קאָנקרעטער אידעע; מען דאַרף קעמפן פאַר באַפרייען פּוילן, פאַר ראַטעווען די רעזידענץ, ווו דער פיינד האָט פאַרשאַפט צרות סיי יידן און סיי קריסטן; מען דאַרף באַווייזן, אַז דעם פאָטערלאַנדס שטיף־קינדער קאָנען אויך קעמפן אין איין ריי מיט אירע זין און אַז זיי פאַרדינען אַ בעסערע מערכה. סעפּטעמבער 1794, אין רעכטן ברען פון פאַרטיידיקן וואַרשע, האָט בערעק יאָסעלעוויטש דערלאַנגט דעם הויפּט-קאָמאַנדיר קאָסטיושקאָ אַ בקשה, ער זאָל דערלויבן צו מאַכן אַ באַזונדער אָפּטייל גרינגע קאַוואַלעריע פון יידישע וואָלונטירן. קאָסטיושקאָ האָט גערן צוגעשטימט און האָט דאָס מיטגעטיילט אין אַ באַזונדערן באַפעל דעם 17טן סעפּטעמבער. אין דעם באַפעל לויבט ער שטאַרק דעם פּאַטריאָטישן ברען פון די פרייוויליקע, וואָס געדענקען דאָס לאַנד ווו זיי זיינען געבוירן געוואָרן, און זיי פאַרשטייען, אַז פון פּוילנס פרייהייט וועלן זיי אויך געניסן גלייך מיט אַנדערע. בערעקן האָט מען געמאַכט פאַר קאָמאַנדיר פונעם יידישן פאָלק. ער האָט אָנגעהויבן ווערבירן וואָלונטירן און זאַמלען געלט אויף וואָפן.

דעם 1טן אָקטאָבער איז אין דער וואַרשעווער „רעגירונגס־צייטונג” אָפּגעדרוקט בערעק יאָסעלעוויטשעס אויפרוף צו יידן אויף פּויליש, נאָר אין אַן אַלטן העברעישן סטיל:

„הערט קינדער פונעם פאָלק ישראל, איר אַלע וואָס איר האָט אין האַרצן דעם גרויסן גאָט, איר אַלע וואָס איר ווילט העלפן פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד!... ווייסט, איצט איז געקומען די צייט אָפּצוגעבן דערפאַר אַלע כוחות... אַ סך גרויסע פּריצים. שליאַכטישע קינדער און גרויסע זיינען גרייט זיך מפקיר צו זיין פאַרן פאָטער־

לאַנד. פּאַרוואָס־זשע זאָלן מיר, געדרודפּטע, זיך נישט נעמען פאַר געווער, בעת מיר זיינען געפּלאָגט מער פאַר אַלע אויף דער וועלט?... פּאַרוואָס זאָלן מיר נישט מיט אונדזער פּראַצע זיך דערשלאָגן צו פרייהייט, וואָס מען האָט אונדז צוגעזאָגט פּונקט אַזוי פעסט און ערלעך, אַזוי ווי אַלע אַנדערע?... אָבער פריער דאַרף מען פאַרדינען פרייהייט... מיך האָט געטראָפן אַ גליק באַשטימט צו ווערן פאַר פּאָלקאָווניק. וואַכט־זשע אויף צו באַפרייען דאָס געפּלאָגטע לאַנד פּוילן! ברידער געטרייע, לאָמיר מל־חמה האַלטן פאַרן פאָטערלאַנד ביזן לעצטן טראָפּן בלוט! אויב מיר וועלן דאָס ניט דערלעבן (די באַפרייאונג), זאָלן וויניקסטנס אונדזערע קינדער לעבן פריי און רויק, נישט וואַנדערן ווי ווילדע חיות. וואַכט אויף אַזוי ווי לייבן און לעמפּערטן!...״

בערעקס שפּראַך איז זייער נאַיוו, זיין פּאָליטישער געדאַנק — אויך. ער רופט יידן בלוט צו פאַרגיסן פאַר פרייהייט מיט „גרויסע פריצים״ באַגלייך, און פאַרגעסט, אַז פריצימס פרייהייט הייסט נאָך נישט יידישע פרייהייט, וואָרעם זייער וויניק זיי־נען געווען פריצים אַזוינע הומאַניסטן ווי קאָסטיושקאָ. ער האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען מערב־יידן האָבן געשטרעבט צו באַווייזן, אַז זיי זיינען געטרייע ביר־גערס. מסתמא האָבן געשוועבט פאַר זיינע אויגן יידישע געשטאַלטן, וואָס האָבן אין יאָר 1789 געדינט אין פאַריזער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע... בערעקס באַגייסטערונג האָט אים געבראַכט אַ היפּשע צאָל וואָלונטירן. אין אַ קורצער צייט איז געוואָרן אַ פּאָלק פון 500 מאַן. דער יידישער מיליטער־טייל, באַוואָפנט אויף גיך אויף קאַרגע מיטלען פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונגס־קאַסע און פון נדבות, האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ פּאָלקס־מיליציע, אָבער דאָס פליכט־געפיל איז ביי זיי אַלע געווען פעסט, כאָטש זיי האָבן דאָס ערשטע מאָל געהאַלטן אַ ביקס אין דער האַנט. דער יידישער פּאָלק האָט באַוויזן זיין פעיקייט זיך מקריב צו זיין דעם אומגליקלעכן טאָג פון 4טן נאָוועמבער, ווען סוואָראָווס מיליטער האָט געשטורעמט פּראַגע. צווישן די 15 טוי־זנט פּאָליאַקן, וואָס זיינען אומגעקומען אויף די וואַלן פון פּראַגע, אין די גאַסן פון וואַרשע און אין די כוואַליעס פון ווייסל, איז געווען אויך דער יידישער פּאָלק. דער גרעסטער טייל איז געפאַלן אויף די פעסטונגען פון רוסישע קוילן און שפּיזן. בערעקן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד אינאיינעם מיט אַנדערע פירערס פון דער פּוילישער אַרמיי. נאָך אַ צאָל אַוואַנטורעס אין דער עסטרייכישער גאַליציע (בערעק יאָסעלעוויטש זאָל האָבן פאַרגעלייגט דער עסטרייכישער רעגירונג צו אָר־גאַניזירן אַ יידישן אָפּטייל קעגן די פראַנצויזן), איז בערעק אין איטאַליע און טרעט אַריין אין די רייען פון די פּויליש־פראַנצויזישע לעגיאָנערן אונטער נאַפּאָלעאָנס פאַן.

אויף מאָרגן נאָך דער שלאַכט אין דער פאָרשטאָט פּראַגע, ווען מען האָט גע־פירט פאַרהאַנדלונגען וועגן איבערגעבן די שטאָט סוואָראָוון, איז דאָס שלאַכט-פעלד נאָך געווען באַדעקט מיט מתים, געפאַלענע יידישע זעלנערס, און מיט פאַרוווּנדיקטע יידן וואָס מען האָט נאָך נישט באַוויזן צו קומען זיי צו הילף. דער רייכער ייד פון פּראַגע, שמואל זביטקאָווער, אַ צושטעלער פון דער רוסישער אַרמיי, האָט אָוועק־געשטעלט ביי זיך אין הויף צוויי פעסלעך: איין פעסל מיט גאָלדענע דוקאַטן און אַ צווייט פעסל מיט זילבערנע רובלס, — און ער האָט געמאָלדן אַז׳ יעדערער וואָס ברענגט אַ פאַרוווּנדיקטן יידן קריגט אַ גאָלדענעם דוקאַט, און ווער עס ברענגט אַ מת מקבר צו זיין — קריגט אַ זילבערנעם רובל. האָט מען גאַנץ גיך צונויפגענומען

**אַלע פֿאַרוואונדיקטע און מקבר געווען אַלע מתים. נאָר דער פּאַטריאָטיזם וואָס ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן און די קרבנות וואָס זיי האָבן געבראַכט האָט נישט געווירקט אויף די פֿאַרביסענע ייִדן־פֿיינד. דער וואַרשעווער מאַגיסטראַט האָט געבעטן דעם פֿירער פֿון דער רוסישער אָקופּאַציע־אַרמיי בוקסהעוודן, מען זאָל אַרויסשיקן ייִדן פֿון דער הויפּטשטאָט אויפֿן סמך פֿון דער אַלטער פּריווילעגיע וואָס עס האָבן די שטעטישע. בוקסהעוודען האָט אָפּגעוואָרפֿן די ווילדע פֿאָדערונג. אין אָנהייב האָט ער איינגעשטעלט אַ באַזונדערן שטייער פֿאַר ייִדן פֿאַרן רעכט צו וווינען אין וואַר־שע, אָבער שפּעטער האָט ער פֿריי געלאָזט דאָרטן וווינען אַלע וואָס האָבן געלעבט אין וואַרשע ביז צו דער מלחמה.**

פֿון: די וועלט־געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. באַנד 8.
בוענאָס איירעס־ניו יאָרק, 1954.

# יעקב דינעזאָן

## אַ בריוו צו ש. אַן־סקי



וואַרשע, 26טן אַפּריל, 1915.

טייערסטער, ליבסטער און נאָך אונדזער זעליקן פּרצן שוין מיין איין־איינציקער פריינד ש. אנ־סקי!

קיין ווערטער ניט געהאַט מיין ווייטיק, מיין טרויער דיר אויסצודריקן. איך האָב נאָך איצט אויך נישט. אָבער וואָס קענען די ווערטער מער זאָגן, ווי עס זאָגט דיר דיין טריי־פילנדיק האַרץ אַליין? איך שעם זיך פאַר דיר, ווי פאַר יעדן, וואָס ווייסט אַזוי ווי דו,ווי ענג צוזאַמענגעבונדן איז מיין לעבן געווען מיט אים. איך שעם זיך, וואָס איך לעב נאָך, בעת ער, דער וואָס איז גאַנצע אַכט און צוואַנציק יאָר געווען דער קוואַל פון מיין לעבן, לעבט שוין נישט מער און באַלעבט נישט מער מיין גייסט און נשמה, ווי אַלע מאָל פריער, בעת ער האָט נאָך געלעבט.

אָבער מיין לעבן וואָלט ווירקלעך אַ שאַנד געווען, ווען איך זאָל אַזוי שלעכט זיין ווי אַלע אַנדערע און גלייבן ווי זיי, אַז פּרץ, אונדזער ביידנס, און באַזונדערס מיין פּרץ, איז באמת געשטאָרבן! איך הייב נישט אָן אין דעם צו גלויבן. די אַלע אותות ומופתים, וואָס דערמאָנען מיר אָן אויפהער פון זיין טויט, זיינען צו שוואַך אויך מיין האַרץ צו איבערצייגן אין דער ווירקלעכקייט פון דעם אומענדלעכן אומ־

---

יעקב דינעזאָן — איינער פון די ראַרימטסטע און פּאָפּולערסטע סענטימענטאַלע יידישע פאָלקס־ראָמאַניסטן איז געבוירן געוואָרן אין ניי־זאַגער ביי קאָוונע אין יאָר 1856. שוין אַלס מחבר פון אַ ראָמאַן „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק“ — 1877, דערשינען אין צענדלינקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן — איז ער אין יאָר 1885 געקומען קיין וואַרשע. געוואָרן י. ל. פּרץ׳ס נאָענטסטער און געטרייסטער פריינד — ממש אויף לעבן און טויט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז צו אָט דער חברשאַפט צוגעשטאַנען ש. אנ־סקי. כאָטש אַ תושב אין וואַרשע מער ווי דרייסיק יאָר — איז די וואַרשעווער יידישע פאָלקשאַפט און לאַנדשאַפט זעלטן צו געפינען אין דינעזאָנס ווערק. אגב האָט ער אין די לעצטע 15 יאָר פון זיין לעבן בכלל ווייניק געשריבן, אַוועקגעבנדיק אַל זיינע טאַלענטן, ענערגיעס און צייט — פּרץ׳ן. ער איז געשטאָרבן אין אויגוסט 1919. איבער זיין, פּרץ׳עס און אַן־סקיס קברים איז דאָ דער „אוהל פּרץ“. דער בריוו דינעזאָנס, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז אַ דאָקומענט פון דער דערהויבנסטער וואַרשעווער יידישער ליטעראַרישער פריינדשאַפט.

גליק! דאָס האַרץ מיינס, וואָס האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט אַזוי פיל געפילט אין פולסירט פאַר אים, פילט אים נאָך איצט אַ לעבעדיקן און זיך אין בענקט נאָך אים ווי נאָך אַ לעבעדיקן... זעלבסט ווען איך שטיי נעבן זיין קבר, שטייט ער אַ לעבעדיקער ביי מיין זייט און לייענט צוגלייך מיט מיר דאָס קליינע דערוויילִיק מצבה־ברעטל: „פ״נ יצחק לייבוש פרץ ז״ל שנפטר י״ט ניסן תרע״ה תנצב״ה״ — — אין קייקלט זיך מיר אַרויס אַ הייסע טרער פון מיינע אויגן, באַמערקט ער עס באַלד און מיט זיין אויפמונטערנדיקן שמייכל לאַכט ער פון מיר, וואָס איך האָב אַ טבע פון אַ יידענע באַלד צו וויינען.

— נו, וואָס וויינסטו? — פרעגט ער — וואָס זאָגן דיר די פאָר ווערטער דאָ אויפן מצבה־ברעטל? נאַרישער מענטש, זיי האָט אויפגעשריבן דיין קברות־ייד, וואָס ווייסט וועגן לעבן און טויט נישט מער פאַר אַ טויטן! פאַר אים איז אפשר יצחק לייבוש פרץ געשטאָרבן, פאַר דיר אָבער לעבט ער דאָך, אָט שטיי איך דאָך נעבן דיר! פילסטו דען מיך נישט? אָדער קענסטו אין ווילסטו מיך אפשר פאַרגעסן ווי מען פאַרגעסט אַ טויטן?

און אַז איך ווער פאַרציטערט, הערנדיק דאָס וואָרט „פאַרגעסן״, דוכט זיך מיר, הער איך ווי ער טרייסט מיך באַלד: „זיי ניט אין כעס, מיין ליבער ר׳ יעקב, נישט דו קענסט און נישט דו ווילסט און נישט דו וועסט מיך כאָטש איין רגע אין דיין לעבן פאַרגעסן. איך ווייס עס אין בין אין דעם גאָר קיין מאָל אין ספק נישט געווען״.

און אַזוי הערנדיק זיינע זיסע ווערטער מיטן קול פון מיין אייגענעם האַרצן, פיל איך מיך געטרייסט, און איך צעשייד זיך מיט זיין קבר מיט דעם צוזאָג: מאָרגן ווידער צו קומען, ווי איך בין געווינט געוועזן מיטן זעלבן צוזאָג זיך צעשיידן מיט אים יעדן טאָג גאַנצע אכט און צוואַנציק יאָר כסדר.

מיין ליבער אַנ־סקי! נישט דאָרט אויפן וואַרשעווער יידישן בית עולם ביים קבר מיטן מצבה־ברעטל „פ״נ יצחק לייבוש פרץ״ פיל איך זיך עלנט און פאַריתומט, נאָר דאָרט אויף יערוזאַלימסקאַ 89, וווהין איך גיי נאָך יעדן טאָג, געצויגן פון אַזאַ לאַנגער געוווינהייט. דאָרט וויינט און טרויערט מיין באַקלעמט האַרץ אין מיר. דאָרט פעלט שיין די שכינה, וואָס האָט מיר אַלע מאָל ליכטיק געמאַכט אַלע פיר ווינקעלעך. דאָרט איז פון גרויסן, ליכטיקן פרץ געבליבן נישט מער ווי אַ פינצטערער טרויער־וואָלקן, אַ חורבן... אין ערשט דאָ דערפיל איך, וואָס איך האָב אַזוי פלוצלונג פאַרלוירן... און וואָס אַ טאָג אַלץ שווערער און פינצטערער ווערט דאָ דער טרויער פאַר מיין נשמה. מיט אַ פאָר טעג צוריק איז נאָך כאָטש זיין אַרבעט־צימער גאַנץ אין ריין געווען. איצט וווינט שוין אין אים אַ ציפעליקער שכן פאַר עטלעכע ריבל דירה־געלט וואָס ער צאָלט. און אויף פרצס שטול, נעבן פרצס שרייבטיש, דעם מזבח פון קונסט און הייליקער דינסט פאַר זיין פאָלק אין זיין ליטעראַטור, זיצט איצט אַ קריסטלעכער סטודענט, צי אַזוי עפּעס איינער מיט אַ קאָקאַרדע, און פייפט זיך אונטער עפּעס אַ פרעכע מעלאָדיע, אַן עכאָ געוויס פון אַ קאַפע־שאַנטאַן...

צוקוקנדיק אַזוינס, שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ אין מיר פון ווייטיק און פאַרדראָס אין איך קען דעם חילול הקודש נישט אַריבערטראָגן...

פרץ האָט אַ זון, אַ יורש געלאָזן, אָבער נישט מער ווי אַ זון אַ יורש, וואָס צו

אים געהערט די אַלע רעכט אויף אַלץ, וואָס איז געבליבן פון זיין גרויסן פאָטער, וועלכן ער, דער יורש, האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט פאַרשטיין און קענען, נישט אין לעבן און נאָך וויניקער נאָך זיין טויט...

און דאָס, ליבער פריינד, איז דאָס פיינלעכסטע, דאָס ביטערסטע און דאָס טרויעריקסטע, וואָס איך לעב איצט אַריבער, און דאָס שרייב איך דיר פערזענלעך, נאָר דיר, און איך וויל דיך פרעגן, צי איז נישט מעגלעך ווי עס איז צו שטאַנד צו ברענגען, אַז פרצעס אַרבעט־צימער מיט אַלץ, וואָס איז אים ליב און טייער געווען, זאָל אָפּגעקויפט ווערן פאַרן יידישן פאָלקס־מוזעאום גלייכפיל ווו ער וועט זיך גרינדן, צי אין פעטראָגראַד, צי אין ווילנע. נאָר פרצעס אַרבעט־צימער, אין וועלכן ער האָט פאַרן יידישן פאָלק אַזוי פיל שיינע און שאַצבאַרע אוצרות געשאַפן, אַזוי טריי און ערלעך פאַר דער יידישער ליטעראַטור געאַרבעט, וויל איך, זאָל בלייבן אַ פאָלקס־אייגנטום, א פאָלקס־רעליקוויע.

איך בעט דיך, טו ערנסט אַ טראַכט וועגן דעם און, אויב דו ווילסט פאַר מיר כאָטש אַ ביסל טרייסט געפינען, קענסטו זי געפינען נאָר אין פאַרווירקלעכן אָט־דעם הייסן ווונטש מיינעם.

איך קאָן דיר איצט מער נישט שרייבן, נאָר ווייס, אַז שרייבן צו דיר האָב איך איצט מער ווי פיל. דו מוזסט מיר אָבער, ערשטנס, ענטפערן צי קומען דיר אָן מיינע בריוו און דערקלערן מיר, צווייטנס, די אמתע סיבה פון דיין נישט שרייבן מיר די גאַנצע צייט אפילו איין וואָרט, כאָטש דו ווייסט אַליין ווי איך בענק נאָך דיינס אַ טרייסטווואָרט און ווי נייטיק דיינס אַ וואָרט איז איצט צו מיין זעל־צושטאַנד. גיב מיר דיין האַנט, ליבער פריינד, לאָז איך זי דריקן און מיט הייסע טרערן באַגיסן.

ווי עלנט פיל איך מיך אַצינד, טראַכטנדיק, אפשר ביסטו מיר שוין אויך נישט דער, וואָס דו ביסט געווען איידער מיר האָבן אים פאַרלוירן. זאָל דיר גאָט מוחל זיין דיין שווייגן.

קוש דיך האַרציק, דיין

י. דינעזאָן

פון בוך: יאָסעלע, דער קריזיס, בוענאָס איירעס, 1959

# ב. דעמבלין

## דאָס ערשטע מאָל אין טעאַטער . . .



יעדן שבת נאָכן עסן איז דעם פעטער שמואלס געוועלב־שטוב געווען פול מיט יונגוואַרג, קאָלעגן און קאָלעזשאַנקעס פון דער מומע גאָלדעס צוויי יינגערע ברידער,אהרן און שמוליאַק און אַ שוועסטער בלימע, וואָס אַלע זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אַהער זיך פאַרווײַלן, זינגען לידער, טאַנצן.

שמוליאַק, דער יונגערער פון דער מומע גאָלדעס צוויי ברידער, אַ בחור נאָך פאַר די צוואָנציק, אַ דינער, אַן אָפּגעצערטער, מיט שוואַרצלעך־געלע זעקעלעך אונטער די אויגן ווי ביי אַן אַלטן מאַן, כאָטש אַ פּראָסטער שוסטער, איז ער אָבער געווען אַ פראַנט אין לאַק־שיך, מיט אַ זיידן טיכעלע אין ברוסט־קעשנקעלע פון גוט־געפּאַסטן גאַרניטער. דער קאָפּ זיינער פאַרקעמט מיט אַ ווייסן שרונט אינמיטן, האָט שטענדיק געגלאַנצט פון דער אָנגעשמירטער פּאָמאַדע. אַ פייערדיקער טענצער, איינער פון די בעסטע אין די וואַרשעווער טאַנץ־זאַלן האָט ער אין די שבתים נאָכן עסן, אָנגעפירט מיט די טענץ ביים פעטער שמואל אין געוועלב־שטוב, געפאָכעט מיטן זיידענעם טיכעלע:

— אננא וואַ! — און די ריי פּאָרלעך, פאַרטראָגענע, גליקלעכע, האָבן אים נאָכגעפאָלגט אין אַן אונגאַרישן טשאַרדאַש, אין אַ פאַטיסבאַן, אין קאָמפּליצירטע ווענגערקעס.

צווישן איין טאַנץ און צווייטן, האָבן זיך די דאַמען איבערגעפּודערט, זיך געפאָכעט איבער די רויט־פאַרשוויצטע פּנימער מיט גרויסע פעדער־פעכערס, פאַרביקע ווי די צעשפּרייטע עקן פון פאַוועס. די קאַוואַליערן, אָן רעקלעך, די העמד־

---

ב. דעמבלין — פּסעודאָנים פון יוסף בנימין טייטעלבוים — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1897 אין מאדזשיץ־דעמבלין. געאַרבעט ווי אַ היטל־מאַכער אין די יונגע יאָרן אין ראַדעם, שפּעטער — פון 1913 ביז 1919 — אין וואַרשע. אין יאָר 1921 — נאָך איין יאָר אין פּאַריז — געקומען קיין אַמעריקע. דערציילער און ראָמאַניסט. מחבר פון מערערע פּראָזע־זאַמלונגען. פאַר זיין ראָמאַן „ערב־נאַכט” באַקומען די לואי־לאַמעד־פּרעמיע אין יאָר 1954. גוטער קענער און אויטענטישער מאָלער אין וואָרט פון דער וואַרשעווער פּראָלעטאַרישער אָרעמשאַפט. „דאָס ערשטע מאָל אין טעאַטער” איז דער קאַפּיטל 32 פון צווייטן באַנד פון אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „ערב נאַכט”, דערשינען אונטערן נאָמען „אויף אייגענעם באַראָט”. עס איז אַ קינסטלעריש שטייגער־בילד פון יידישן געדיכטן וואַרשע פון אַרום דער סמאָטשעגאַס — קנאַפּע עטלעכע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַרבל פאַרשאַרצט, כאַטש אַליין אויך פאַרשוויצטע, האָבן געפּאַדעט אַרום זייערע
טאַנץ־פּאַרטנערקעס, מיט קאַלטע געטראַנקען: אַ גלעזל סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע־
זאַפּט, אַ גלעזל שוימיק ביר, נאָר־וואָס אָנגעצאַפּט פון אַ הילצערן פעסעלע. פאַר־
נאַכט־צו, דער עיקר ווינטער, ווי נאָר מ׳צינדט אָן אַ ליכט, שיקט מען אויף דער
יידישער סמאַטשע נאָך הייסע וורשטלעך מיט מוסטאַרדע, נאָך אויפשניט מיט אוי־
גערקעלעך, נאָך געבייטלט ברויט, מ׳זיצט אַרום טיש, אַ לאַנגער, אַ צונויפגערוק־
טער, מ׳לענט זיך אונטער די הערצער, דערביי שפּילט מען אַ טערנישקע, אַ דאָמינאָ,
אַן אָקע, אַן איינאונצוואַנציק.

היינט אָבער, שבת נאָכן עסן, ווען די צוויי ברידערלעך זיינען צוגעקומען צו
דער זומערדיק־אויפגעפּראַלטער טיר פון פּעטער שמואלס געוועלב, האָט קיינער נישט
געטאַנצט. די קאַוואַליערן, אין העלע אַנצעגער מיט געלע, סקריפּנדיקע שיך אויף
די פיס און האַרטע שטרוי־קאַפּעליושן, פלאַכע, ווי איבערגעקערטע טעלער אויף די
קעפּ, די מיידלעך, אויסגעפּיאָקעוועטע פּריצהטעס אין שאָרכנדיקע קליידער פון
טאַפּעטע, פון מאָרעי, אויסגעפּאָסטע אַרום די הויכע ביוסטן, ענג אַרום די פּעטע
טאַליעס און לאַנג ביז איבער די הויכע שיך־אָפּצאַסן, זיי אַלע האָבן געוואַרט גרייטע
אַוועקצוגיין, נאָר וואַרטנדיק האָבן די מיידלעך דערווייל זיך איבערגעקעמט די
האָר, אַרומגעבייגלט האַרטער דעם וואַלעק, איבערגעלייגט דעם קאָקס, איבערגע־
רוקט אַביסעלע מער צו רעכטס דעם שטרוי־הוט, וואָס אלע זיינען זיי געווען מיט
ברייטע ראַנדן, אָנגעלייגטע מיט בינטלעך קינסטלעכע בלומען, קינסטלעכע קאַר־
שען און וויינשלען און איבער יעדן פון די ראַנדן האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ וואַלקע,
אַ רויטע, אַ גרינע, אַ בלויע, וואָס אַלע האָבן זיי צוגעגעבן שלויקייט, אפילו רייץ,
צו די פאַרהאָנגענע אויגן און אַזוי אײדל פאַרשאָטנט די רויט־אָנגעשוויצטע, פּעט־
לעכע פּנימער פון די מיידן.

שטאָט טאַנצן איז דאָס יונגוואַרג היינט געגאַנגען צו קאָמפּאַניעצן אויפן
„פינטעלע ייד". זיינען זיי פריער זיך צונויפגעקומען אַהער מיטצונעמען דעם פּע־
טער און די מומע, זיי פונדעוועגן בילעטן אין טעאַטער אַריין, אַ מין פאַרגיטיקונג
פאַרן דערלויבן זיי צו האָבן דאָ זייער אָפּלאָג, זיך צונויפקומען אַהער אין די שבתים
זיך ווײלן, טאַנצן, זינגען לידער.

דער פּעטער מיט דער מומע, ווי וווילּ ער איז שוין געווען נאָענט צו די פער־
ציק און זי בלויז מיט צוויי־דריי יאָר יונגער און טאַטע־מאַמע פון זעקס קינדער,
וואָס די עלטסטע, טעמעלע, איז שוין אַ כלה־מויד אין פופצנטן יאָר, האָבן זיי דאָך
מיטגעטאַנצט און מיטגעהוליעט מיטן יונגוואַרג ווי זייערסגלייכן און איצט זיינען זיי
ביידע פאַרפאָרעט ביים אָנטאָן זיך מיטצוגיין אין טעאַטער. זי, די מומע, איז גע־
שטאַנען ביים שפּיגל נאָך אין אונטערקליידל, די נאַקעטע אָרעמס פאַרהויבן ביים
פאַרלייגן דעם בינט האָר, בלאָנדע, ווייכע האָר אין אַן אויפגעטורעמטן קאָקס אין
מיטן קאָפּ און דער פּעטער, צווישן טומלענדיקן יונגוואַרג אין מיטן שטוב, האָט
זיך בלינדערהייט, אָן צו קוקן אין אַ שפּיגל, געבאָרעט מיט דער צו קורצער ספּינקע,
אַריינצוקנעפּלען זי אין די לעכלעך פון העמד, פון דער שטייפער פורלאַגע, פון צו־
ענגן, פּאַפּירענעם קאָלנער, אַן אויפגעשטעלטער מיט צוויי איינגעבויגענע שפּיצלעך
אונטער דער גלאַט־ראַזירטער מאָרדע.

מיט די יינגלעכס באַוויזן זיך אויפן בריקל פון דער אויפגעפּראַלטער טיר, זיינען אי דער פעטער, אי די מומע, אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרלעגנהייט. וואָס טוען זיי איצט? אַוועקגיין און איבערלאָזן דאָ די יינגלעך, ווען אפילו טעמעלע גייט אין טעאַטער? וואָסער פּנים וועט דאָס האָבן?

— גוט שבת, — איז זיי דער פעטער אַקעגנגעגאַנגען. — נו, ווי דערגייט עס ענק אויף די ערטער?

— גאַנץ גיט, — האָט אברם יאנקל האַפערדיק אָפּגעפּטרט דעם פעטער. צו וואָס אַרויסלייגן פאַר אים זיינע צרות? אַ סך גייט ער דעם פעטער אָן? דער פעטער האָט זיך דען איינמאָל אַריינגעוויזן אויף זיין פריערדיק אָרט, מ׳זאָל כאָטשט וויסן אַז ער, אברם יאנקל, איז נישט הפקר!

— און דיר? — האָט זיך דער פעטער געווענדט צו נתן חיימען.

— מיע? — האָט דאָס יונגערע פלימעניקל אים צוריקגעפרעגט און דערביי געהויבן די אַקסלען, — ווי זאָל מיע׳ דאַגיין?

באַלד איז די מומע צו זיי צוגעקומען. זי האָט זיי אַקעגנגעטראָגן שבתדיקן כיבוד, צוויי גלעזער סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע זאַפט.

— אַ דאַנק, — האָט אברם יאַנקל געזאָגט, — כ׳בין נישט דאָרשטיק. — אויך נתן חיימל האָט איר געדאַנקט:

—צו וואָס דאַרף ער סאָדע־וואַסער?

די מומע אָבער קען שוין די פּראָווינצערלעך. זי האָט זיי אַריינגעשטופּט די גלעזער וואַסער אין די הענט:

— צום ערשט טרינקט מען און דערנאָך דאַנקט מען.

די צוויי ברידער, אהרן און שמוליאַק, האָבן אָפּנים באַמערקט די פאַרלעגנהייט פון דער שוועסטער מיטן שוואָגער צוליב די צוויי אומגעריכטע געסט. זיי האָבן זיך איבערגעוווּנקען, זיך געסודעט מיט די פּזשיאַטשעלעס און באַלד האָט אהרן זיך געווענדט צו אברם יאַנקלען:

— אין אַ טעאַטער ביסטו שוין געווען?

— ווער? יעך? — האָט ער אים צוריקגעפרעגט. — דערווייל נאָך נישט.

— און דו? האָט אהרן זיך געווענדט צו נתן חיימען.

—ווי קים יעך צו טעאַטער? — האָט דאָס יינגל געהויבן מיט די אַקסלען.

— נו, ,עט עך היינט גיין מיט אונדז אין טעאַטער אַריין.

די צוויי ברידערלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. עפּעס איז דאָס געווען אַזוי אומגעריכט, אַז זיי זיינען געווען צעטומלט, נישט ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט גיין אין טעאַטער. אדרבא, ביידן איז דאָס האַרץ שוין לאַנג אויסגעגאַנגען צו זען וואָס אַזוינס טעאַטער איז, וואָס אַזוינס געשעט דאָרטן, וואָס מענטשן זינגען נאָך און מאַכן נאָך חדשים נאָכדעם ווי זיי זיינען דאָרט געווען. עס פּאַסט אָבער נישט פאַרצוקומען ווי אַ שנאָרער, גלייך צו זאָגן יאָ, בפרט נאָך פאַר זיי, יערמע דודס בנים, וואָס היטן זיך ביי עמעצן עפּעס אָנצורירן, דערצו נאָך האָט זיך נתן חיים געקווענקלט צוליב חילול שבת. אָבער אָפּצוזאָגן זיך אינגאַנצן האָבן זיי נישט געהאָט קיין כוח.

צו שטאַרק האָט עס זיי געצויגן אַהין, האָבן זיי סתם אַזוי נאַרישעוואַטע איבער־געפרעגט:

— אין טעאַטער אַריין? צו וואָס? וואָס זעט מען דען דאָרטן?

— דאָס 'עט עץ שוין שפּעטער זען, — האָט דער פעטער זיך אַריינגעמישט אַ צופרידענער וואָס די צוויי שוואָגערס האָבן אים אַרויסגענומען פון דער פאַרלע־גנהייט.

געווײנלעך וואָלט דאָס יונגוואַרג, אפילו מיטן פעטער שמואל, אַרויס מיט דער אָקאָפּאָווע אויף לעשנע, אַריין דאָרטן אין אַ טראַמווײ און — באַץ אַראָפּ אויף מו־ראַנאָוו, צום ווינע־פּלאַץ, ווו קאָמפּאַניעעצס טעאַטער איז. איצט אָבער, מיט דער מומע גאָלדע אין קרענצל, האָט זיך דער עולם, וואָסערע צען, עלף פּאָרלעך, געלאָזט צופוס איבער דער דזשעלנע גאַס. פּאָרל הינטער פּאָרל איז מען געגאַנגען גע־אָרעמט, מיט די געעפּנטע פּאַראַסאָליקלעך איבער די קעפּ, כאָטש אַביסעלע שאָטן קעגן דער גליאיקער זון.

הינטער דעם יונגוואַרג איז געגאַנגען דער פעטער שמואל אין שוואַרצן ראָק, אַ קורצער ביז די קני, אין פאַרגעלטן פּאַנאַמע־קאַפּעלוש. אויף זיין רעכטן אָרעם האָט זיך געטוליעט די מומע גאָלדע מיטן שוואַרצן טערקישן שאַל איבערן קאָקס האָר, איבער דער ווייסער בלוזע. אויף זיין לינקן אָרעם — דאָס טעכטערל, טעמעלע, אַ פּופּצן־יאָריק פּאַניענקעלע מיט שוואַרצע אויגן און שוואַרצע צעפּ איבערן ווייסן קליידל און אַ שטרוי־הוט מיט אַ ברייטן ראַנד אויף איר קאָפּ. ערשט הינטער זיי זיינען נאָכגעקראָכן די צוויי ברידערלעך:

— זעסט די מיידן? — האָט אברם יאַנקל שטיל איינגערוימט דעם ברודער אין אויער און דערביי מיט אַ ווונק פון די אויגן אים געוויזן אויף די רייען, וואָס פאַר זיי. — זעסט, רעד מיט זיי, זיינען זיי אַלע אָקריטשע־שניידערקעס, וועש־נייטאָרינס. היטן־פּוצערקעס, אינדעראמתן זיינען זיי אַלע קעכינס, איינע אין איינע!

— פאַרוואָסזשע זאָגן זיי ליגן? — האָט נתן חיים תמימותדיק, שטיל געפרעגט.

— ביסט אַ נאַר! יעדער האָט זיך ליב צו באַרימען, צו מאַכן אַן אָנשטעל.

נתן חיים האָט גאַנץ ווויל געהערט דעם ברודערס רכילותל, אפילו איבערגע־פרעגט דעם זין דערפון, אָבער זיין געדאַנק איז גאָרנישט געווען דערביי. דער מומע גאָלדעס איצטיק אָקעגנטראָגן אים כיבוד, בפרט זייער באַשטיין ער און אברם יאנקל זאָלן מיט זיי מיטגיין אין טעאַטער, אָט דאָס אַלץ האָט נאָך מער איינגעפּלאַטשט ביי אים דעם קידער־ווידער, וואָס דער ברודער האָט נאָך אינדערהיים געהאַט אויפגעבו־רעט אין אים צום פעטער שמואל, דער עיקר אָבער צו דער מומע גאָלדע, פאַר זייער נישט מקרב זיין אים, אברם יאַנקלען, אַ לייבלעכן שוועסטערן־זון, מיט אַ געלעגער אויף אַ נאַכט און אפשר אויך מיט אַ מאָלצייט, איידער ער קריגט אַן אָרט צו דער אַרבעט.

אַז דער פעטער שמואל איז נישט קיין גביר, דאָס האָט ער, נתן חיים, נאָך אָפּגעפּאַסט ביי זיך יענעם זונטיק באַגין אויף זיין וועג אַהער מיטן קופערטל. אַ פאַר־מעגלעכער מענטש פאַרציט זיך נישט אַזוי ווייט אויסער דער שטאָט, אַזש לעבן גענשער בית עולם. ער, נתן חיים, וואָלט נישט געוווינט דאָ, ווען מ'גילט אים אָפּ! לעבן טויטע? דערצו נאָך אין אַזאַ אַלטע, הילצערנע כאַטע, מיט אַ שינדל־דאַך פול מיט גרינעם מאָך. דאָס איז וואַרשע? ווי קאָן ער, אברהם יאַנקל, גאָר פאַרגלייכן

די מומע גאָלדעס געוועלב־שטוב מיט שיינדעלעס וווינונג אין ראָדעם? יענע, ס'זאָל איר נישט פאַרשטערט ווערן, באָדט זיך דאָך אין שווילטאָג און אַ דירה האָט זי, ווער אים גוטס גינט, בעת זיי דאָ האָבן איין שטוב פאַר זיך מיט זעקס קינדער! ווי קאָנען זיי דאָ האָבן נאָך אַ געלעגער פאַר אַ גאַסט? דעסגלייכן מיט אויפנאַמעס. ווי קאָן די מומע גאָלדע פאַרבעטן עמעצן צום טיש, אַז פון לאַטען מיט די אייגענע צען פינגער אַלטע כאָדאַקעס, דאַרף דער פעטער שמואל שפייזן אַכט מיילער, אָן עין הרע!

אברם יאַנקל איז געגאַנגען לעבן ברודער, זיך איינגעהערט אין זיינע טענות מיט אַן אומשולדיק מינעלע, גלייך ער וואָלט שוין גרייט געווען צו געבן אים גערעכט. ערשט אַז נתן חיים איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער זיך אויף אים אַרויפגעכאַפּט:

— אַזוי? זיי קאָנען נעבעך נישט? פאַרוואָס קאָן דער טאַטע יאָ, אַז דער פעטער שמואל קומט קיין מאָדזשיץ, אפילו מיט דער מומע, אַמאָל נאָך מיט אַ קינד, אָווירט זיי די מאַמע ווי דעם קיסר. דעסגלייכן מיט אויפנעמעניש. דער טאַטע איז ווייניקער גביר נאָך פון פעטער, פונדעסטוועגן שטעלט ער פון זיין כבוד וועגן אַ פלעשל אָקעוויט און די מאַמע צעשניידט אַ הערינג מיט ציבעלעס, מיט עסיק ווי אַ פאַר־שפייז צו דער וועטשערע. ערשט די וועטשערע אַליין! און וואָס איז דער מער מיטן פעטערס דירה! — איז שוין אברם יאנקל אויף אַן אמת בייז. — ס'איז דאָך אַ שטוב ווי אַ פעלד, מיט אַ פענצטער און אַ שויבן־טיר אין גאַס אַרויס. זומער שטעלט מ'דאָ אַרום שטולן פאַר דער טיר און מ'זעצט זיך אויף גאַנצע אָוונטן כאַפּן פרישע לופט. אמת, צוליב די גאַרבאַרניעס אַנטקעגן איבער, איז די לופט נישט אַזוי גוט. האָבן זיי דאָך דערפאַר באַלד לעבן זיי דעם געגשער בית עולם. אויף אַלע יידן געזאָגט גע־וואָרן אַזאַ גרויס בית עולם מיט טיפע גראָזן און אַזויפיל שאָטן־ביימער. וואָרט, וואָרט — האָט ער ווי געסטראַשעט דעם ברודער. — איך האָב דיך עקסטרע נישט געוואָלט אַריננעמען ווייזן ווו איך שלאָף. היינט נאָכן טעאַטער, 'על יעך דיר ווייזן מיין מיינסטערס דירה, אויך אַ פאַרפאָלק מיט זעקס קינדער. איין ווינקל אין פעטערס שטוב איז דאָך גרעסער ווי מיין מיינסטערס גאַנץ געוועלב. מאָל דיר, דאָס קליינע געוועלבל, האָט מען ערשט צעטיילט אויף צוויי העלפטן און די הינטערשטע העלפט האָט מען ווידער צעטיילט אויף צוויי העלפטן לויט דער הייך, אַריינגעבויט אַ פאָד־לאָגע אין מיטן און געמאַכט אַן ערשטן שטאָק, אַרויפגיין אַהין אויף אַ לייטערל. נידעריק איז אויבן אַז אפילו די מיינסטראָווע, אַ ווייבעלע ווי אַ יענגאָלקע, קאָן ניט דאָרט שטיין גלייך זי זאָל זיך נישט אָנשלאָגן דעם קאָפּ אָן סופיט. איז דאָס די „ספּאַל־ניע” די שלאָף־שטוב, הייסט עס, און עס שטייען דאָרטן די צוויי בעטן פאַרן פאָר־פאָלק, דאָס וויגל פאַרן קינד, אַ ניין־חדשימדיק מיידעלע און אַ שענקל אויף וועש. מיטן פאָטער אין בעט שלאָפט אַ גרעסער מיידעלע פון דריי יאָר און מיט דער מו־טער, נאָך אַן עלטערס פון פינף יאָר. אונטן, אונטער דער צוגעבויטער פאָדלאָגע, פאַרהאָנגען מיט אַ שווערער קאָלדרע, קונים, וואָס קומען אַריין זיך לאָזן פאַרריכטן די שיך, זאָלן נישט זען וואָס דאָרטן טוט זיך, אָט אין דעם פינצטערן לאָך, באַלויכטן פון אַ פאַרקאָפּטשעט, פינפער נאַפט־לעמפּל, איז די גאַנצע וווינונג. דאָ איז די קיך, דאָ איז די „יאַדאַלניע”, די עס־שטוב, הייסט עס, און דאָ איז אויך די סאַליע אויפ־צונעמען אַ גאַסט, צו רעדן מיט אַ מענטש אַ וואָרט. דאָס שטיקעלע פראָנט איז דאָס גאַנצע געוועלב. דאָרטן שטייט דער שוסטער־וואַרשטאַט און ביינאַכט, בעט ער,

אברם יאנקל, אויס אויף דעם אספאַלט דיל, צווישן די אַלטע כאַדאָקעס און אָפּפאַל, אַ ברייט געלעגער פון אַלטע שמאַטעס פאַר זיך און דעם מיינסטערס דריי עלטערע יינגלעך, פון זיבן, פון ניין און עלף יאָר.

מילא, וועגן דער פּאַשע ביי דעם מיינסטער, ווייל ער שוין נישט רעדן, אברם יאנקל. ביי בערעלע יאָסקעס אין ראַדעם, האָט ער דאָך אויפן טעלערל געגוג גע־קריגן אַ קרענק אין דער לענג און אַ ווייטיק אין דער ברייט. דאָ אָבער קריגט ער נאָך מיט אַ פּאַדעם דערונטער. ער רעדט אָבער יאָ וועגן שלאָפן דאָ, בפרט איצט, שבועות־צייט, ווען די היצן זיינען אָנגעשטאַנען. ווי קאָן ער, נתן חיימל, פאַרגלייכן אַזאַ לאָך, ווי זיין מיינסטערס געוועלב, מיטן פעטער שמואלס רחבותדיקע דירה? און ביי זיין מיינסטער איז דאָך נישטאָ קיין פענצטער און ביינאַכט, פאַרן לייגן זיך, מוז מען פאַרמאַכן די שויבן־טיר און אַראָפּציען די זאַלוזיע, די שטאַלענע וויקל־טיר און מען בלייבט אַלע אָן אַ טראָפּן לופט!

* * *

די רייע מיט פּאָרלעך, אַלע אונטער געעפנטע פּאַראַסאָלן, האָט אָפּנים געשפּאַנט גיך, וואָרעם אָט, איידער זיי האָבן זיך רעכט אומגעקוקט, די צוויי ברידערלעך, האָט מען זיך שוין אַריינגעדרייט אין נאַלעווקעס, באַלד אין מוראַנאָוו און אָט איז מען שוין אויפן וווינע־פּלאַץ, לעבן קאָמפּאַניעצעס טעאַטער.

דאָס טעאַטער, אַ הילצערן געביי, ווי אַ שאָפּע פאַר פייערלעשער, איז געשטאַ־נען אין מיטן פעלד, אַ זאַמדיקס, אָן איין קוסט, אָן אַ סימן פון אַ בוים, אַרומגענומען מיט אַ הילצערנעם פּלויט, ווי אין אַן אָפּגעשלאָסענעם הויף.

אין די שבתים, זומערדיקע צי ווינטערדיקע, אַבי נאָר מ׳האָט געשפּילט אַ שלאָגער, איז שוין דאָ, לאַנג נאָך פאַר דער בייטאָגיקער פאַרשטעלונג, געווען פול דער אָפּגעצוימטער פּלאַץ מיט קאָמפּאַניעצעס פּאַטריאָטן, פורמאַנעס און טרעגער פון דער סטאַווקע און ניזקע, אַלפאַנסן מיט זייערע כלות פון דער נייער קאַרמעליצקע און אָסטראָווסקע, גנבים און פּאַסער פון דער דזשיקע און מילע, ערשט געזעלן־יונגען און נייטערקעס פון דער גענשע און פּאַווע, פון דזשעלנע און נאָוואָליפּקע, אַלע האָבן זיי דאָ שוין פריער פּראָמענאַדירט געאָרעמטע מיט זייערע ווייבער און געליבטע אַרום דעם לענגלעכן שטיק אָפּגעצוימטן פעלד, אַ נאַקעטס, אַ שטויביקס. די יונגערע, פון צופיל אומרו, האָבן זיך געכראַבערעט, געסטאַוויעט פאַר זייערע כלות, געשטויסן איינער דעם אַנדערן, צומאָל אפילו עקסטרע אַרויסגערופן אַ גראַטשקע, אַן אָנגעלויף, אַ קאָלעגע זייערס זאָל דערווייל קאָנען אויספירן אַ שטיקל אַרבעט אין אַ קעשענע פון וועלכן וויטישן יאָלד דאָ.

צווישן די אַקטן איז דער עולם אַרויסגעקומען זיך אָפּקילן און ווידער פּראָמע־נאַדירט אַרום און אַרום דעם פאַרצוימטן שטיק פעלד. ווייבער האָבן זיך געפעכערט מיט ברייט־צעעפנטע פעדער־פעכערס און די הערן האָבן געפּאַדעט אַרום זיי, גע־פונדעוועט זיי אַן איריס, אַ גלעזל קאַלטן לימאָנאַד, אַ געלבלעך געטראַנק מיט אַרומ־שווימענדיקע פּעניצלעך ציטרין און פּאָמעראַנץ, אָנגעצאַפּט פון אַ פּעסל מיט מע־שענע, בלישטשענדיקע רייפן, וואָס אַ נידעריק פאַרשווינדל אין ווייסן, האָט גע־טראָגן אויף די פּלייצעס, מיטן קראַן ביי זיין רעכטער האַנט און אַ קעסטעלע מיט גלעזער אַראָפּגעהאָנגען אויף אַ לעדערל פון קאַרק איבער זיין ברוסט. ער האָט גע־צאַפּט דאָס געטראַנק אין די גלעזער אַריין און נישט אויפגעהערט צו רופן:

— אַ קאַלטס און אַ גיטס! אַ קאַלטס און אַ גיטס!

אין מיטן אָפּפרישן זיך מיט אַ טרונק האָבן טייל פּאַטריאָטן שוין געפּרוווט נאָכזינגען אַ קופּלעטל, נאָכקרימען דעם קאָמיקער, דערביי האָט מ׳געסמאַקעוועט:

— אוי, האָט ער אַוועקגעלייגט אַ שפּילן, דער ממזר! ווי הייסט ער? ווינער?

— און וואָס איז דער מער מיט דער סוברעטין? שוין איינמאָל אַ נקבהלע!

— אַזאַ יאָר אויף מיאַ׳ ווי יאַך אָף איאַ׳.

— העי, דוּ מאַך צי׳נ שמיעטניק! — איז איינער פון די פּאַטריאָטן פּלוצים געוואָרן צניעותדיק.

— אין אַז ניש׳?

— ׳על יאַך עים דיע׳ פּא׳מאַכן!

די צוויי פּאַטריאָטן,ביידע מיט שוואַרצע, גלאַנציק־פּאָמאַדירטע וואָנסעלעך, אַרויפגעדרייט ווי פּראַגע־צייכנס צו די נעז, זיינען שוין גרייט געווען איינער דעם אַנדערן צו דורסן, האָט גראָד דער גלאָק, ביי די ברייטע שאָפּע־טירן, זיך צעקלונגען און עמעץ האָט פון דאָרטן גענומען רופן אין די טומלדיקע געזעמלען אַריין:

— אַקט דרוגי! צווייטער אַקט!

די צוויי ברידערלעך, נתן חיים און אברם יאַנקל, האָבן זיך נישט פאַרגונען אַרויסצוגיין צווישן די אַקטן. זיי זיינען געזעסן אויף דער גאַליאָרקע ווי צוגעשמידט צו די בענקלעך, באַרוישט, פאַרטראָגן, ווי אויף אַן אַנדערער וועלט. יונגען אַרום זיי, האָבן אין מיטן שפּילן זיך איבערגערופן מיט דער בינע. אַז דער ליבהאָבער האָט גענומען די ליבהאָבערין אין זיינע אָרעמס, האָט אַ יונג פון דער גאַליאָרקע אַ געשריי געטאָן:

— העי פּראַאמייער! נישט אַזוי שטאַרק, ׳עסט זי נאָך צעקוועטשן!

באַלד האָט עמעץ פון דער פינצטער אַרויס אַ געשריי געטאָן:

— העי, געבראָטענער טאַריק! פאַרמאַך די יאַפּע!

אַ פאַרווירטער איז נתן חיים געזעסן אין מיטן דעם גערזשומעריי, געשטרעקט זיך פאָראויס, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אַריבעררצופליען דעם ים מיט קעפּ דורך דער פינצטער, אַהין צו דער בינע. זיין בליק איז כסדר געווען אָנגעהעקלט אָן די מענטשן דאָרט וואָס אָט לאַכן זיי, אָט וויינט עמעץ און אָט גאָר קושט מען זיך און איינער זינגט גאָר אין מיטן דערין:

אַ ייד צו זיין איז טייער
אַ ייד צו זיין איז גוט!

ער האָט געגאַפט געוואָלט וויסן וואָס דאָרטן גייט אָן. ווי קומען יידן מיט בערד, אין אַטלאסענע זשיפּעצעס, אין סאַמעטענע קאַשקעטן אויף די קעפּ און לאָטשן מיט ווייסע זאָקן אויף די פיס, זיך צו פּלאָנטערן צווישן נקבות, אויסדעקאָלטירטע ביז טיף אין די בריסט, מיט נאַקעטע אָרעמס ווי די חציפות, דערביי טראָגט מען נאָך אַרום ספרי־תורות און סיי די נקבות און סיי די מאַנצלייט אין די זשיפּעצעס, האָפּסלען און טאַנצן אַרום זיי, און די נקבות קושן זיך מיט די מאַנצלייט! וואָס איז דאָ? אַ נפקא־בית? וויזשע קומען אַהער יידן אין זשיפּעצעס מיט ספרי־תורות? איז עס ווידער אַ מקום קדוש? פון וואַנען־זשע נעמען זיך אַהער אַזויפיל אויסגעלאַסענע נקבות, האַלב־נאַקעטע חציפות?

— וואָס טיט זעך דאָ? — האָט ער געמורמלט מער צו זיך איידער צום ברודער

אין זיין רעכטער זייט. — ס׳איז דאָך היינט נישט שמחת־תורה, וואָסזשע טאַנצן זיי הקפות מיט ספרי־תורות? און וואָס טוען דאָ אַזויפיל פּאַרשייטע ווייבער?

— נאַראָל, — האָט אים אברם יאַנקל שטיל געשושקעט אין אויער אַריין. ס׳איז דען ספרי תורות? ס׳איז דאָך בלויז אָנשטעל, מ׳זאָל מיינען.

נתן חיים איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. פריער, וועגן די מיידלעך וואָס קומען אַריין צום פעטער שמואל, האָט דער ברודער אים געזאָגט: אָנשטעל. איצט, להבדיל, וועגן די ספרי תורות, זאָגט ער אים ווידער: אָנשטעל. ער איז געטאָן אַ שפּרונג אויף פון בענקל פול מיט רוגזה:

— אין דאאן וואַרשע איז אַלץ אָנשטעל — און שוין געוואָלט אַנטלויפן פון טעאַטער אַרויס.

— סעק דיך אַנידער! — האָט עמעץ הינטער אים אַ ברום געטאָן און שוין האָט נתן חיים דערפילט יענעמס לאַפּע אויפן קאַרק, אַ לאַפּע, וואָס האָט אים געטאָן אַ זעץ אַראָפּ אויף דער שטול מיט אַזאַ כוח אַז לאַנג נאָך דעם ווי דער אַקט איז געווען אָפּגעשפּילט און אין טעאטער איז ווידער געוואָרן ליכטיק, האָט ער נאָך אַלץ מורא געהאַט זיך אויפצושטעלן ווי ער וואָלט געווען געליימט פון שרעק.

אַ קאַפּיטל פון ראָמאַן „אויף אייגענעם באַראָט“, ניו יאָרק 1961.

# יחיאל האָפּער

## דער מאַרק



דער מוראַנאָוו איז געלעגן אַ קורצער און אַ ברייטער ווי אַ בריק צווישן מוראַנאָווער פּלאַץ, ווו עס איז געווען אַ באַזאַר, און צווישן אַ גרויס שטיק „ווינעם פּלאַץ”, ווו עס איז פריער געווען אַ פּאַרק, אין וועלכן עס איז געשטאַנען די הילצערנע געביידע פון קאָמפּאַניעיעצעס יידיש טעאַטער.

דער מוראַנאָווער פּלאַץ איז געווען אַרומגעשטעלט מיט הויכע, פעסטע, געמויערטע הייזער און האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ גרויסער הויף, איידער אַ פּלאַץ צווישן אָפענע גאַסן. ער איז געווען אַ פּירעקיגער און אַ פלאַטשיקער ווי אַ טאַץ. געווען אויסברוקירט מיט גרויע, ווי שטאָלענע, שטיינער. דער פּלאַץ איז געווען געדיכט באַשטעלט מיט בלויע ביידלעך, ווי געשטעלן פון גאָר אַלטע ברונעמער אין אַמאָליקע קליינע שטעטלעך. אין די ביידלעך זיינען יידישע ווייבער און מיידלעך געשטאַנען און פאַרקויפט פאַרשידענע סחורות: עסנוואַרג, צעלניק, שניט, אייזערנע טעפּ, בלוי־געפעס און גלאָזוואַרג.

אַמפריילעכסטן איז אויפן מאַרק געווען אין די זומער־טעג. די יונגע מיידלעך אין די בוידן האָבן מיט פלינקע באַוועגונגען און מיט צעשפּילטע אויגן פונאַנדערגעוואָרפן די פאַרשידענע געפאַרבטע קרעטאָנען, וואָס האָבן געבלענדט די אויגן פון די קריסטלעכע דינסטן, דאָרפס־שיקסעס, וועלכע האָבן געדינט אין די יידישע הייזער פון דער מוראַנאָווער געגנט. די מיידלעך פלעגן פונאַנדערוויקלען די בונטקאָלירטע קרעטאָנען און באַטיסטן, אפילו דעמאָלט, ווען קיינער האָט זיך אויף סחורות נישט געפרעגט. עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי זיי וואָלט גאָרנישט געגאַנגען אין מסחר, נאָר אין אָנזעטיקן די אויגן פון די דורכגייערס מיט די קאָלירן פון זייערע פאַרשידענע שטאָפן.

עס האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג די זיידענע בענדער צו קאָקאַרדעס אין די האָר

---

יחיאל האָפּער — געבוירן אין יאָר 1906 אין וואַרשע. דיכטער, דערציילער, ראָמאַניסט, מעמואַריסט, עסעיסט. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד. אין יאָר 1948 אין פאַריז. זינט 1951 אין מדינת ישראל. דאָקטאָר פון דער מעדיצין, אָבער גיט זיך אָפּ בלויז מיט שריפטשטעלערישער אַרבעט. מחבר פון פינף ביכער — אַרום 1,500 זייטן — אַ ברייטפאַרנעמיקער וואַרשעווער יידישער עפּאָס. געשטאַלטן, גאַסן, מערק, עפּיזאָדן, טיף אָבסערווירט און גרינטלעך באַשריבן. פון אָט די ביכער ברענגען מיר דאָ די פּאָר פראַגמענטן. אייגנטלעך זיינען האָפּערס ווערק אַליין אַ יחידישע אַנטאָלאָגיע פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע.

און צו שאַרפן אַרום די טאַליעס פון די קליידער. עס האָבן געמיניעט די פאַרשידענע זיידענע מאָרעס וואָס האָבן געשפּילט אַ באַהעלטעניש־שפּיל מיט זייערע פאַרבן.

אין די ווינטערדיקע טעג האָט זיך אַמיינסטן געראַיעט אויפן פּלאַץ אין די דאָנערשטיקע אָוונטן. די בלויע בוידן זיינען געווען באַדעקט און אַרומגעזוימט מיט ווייסן שניי־פּוטער. די ווייבער, אָנגעטאָן אין וואַטענע שפּענצערס אָדער אין שמוישענע פּעלצלעך, פאַרבונדן די קעפּ אין וואָלענע טיכלעך, זיינען געזעסן אויף פייערטעפּ. די יונגע מיידלעך זיינען געשטאַנען מיט פאַרוויטלטע פון פראָסט פּנימער און הילכיק געקלאַפּט מיט זייערע שמאָלע, לאַנגע הענט, ווי די באָטשאַנעס קלאַפּן מיט זייערע פליגל ווען זיי גרייטן זיך אַוועקצופליען.

אין די ווינטערדיקע אָוונטן זיינען די בוידן געווען באַלויכטן מיט לאַמטערנעס אין וועלכע עס האָבן זיך געברענט צו איינצלנע חלבנע ליכט. דאָס ביסל אָרעמע, רויטע העלקייט האָט געטראָגן אויף זיך, אויף זיין איידעלער דינקייט, דיקע, ברייטע, געוועלבטע שאָטנס, ווי אַ שווערע משא. אַלץ איז איצט געווען דיק און שווער. די לייכטע, פאַרביקע קרעטאָנען און באַטיסטן זיינען געווען פאַרטרעטן פון דיקע בייעס, פלאַנעלעס, וואַטע, וואַטאָלין און טונקעלע, גרויסע טיכער. שוואַרצע, אייזערנע טעפּ און דיניצעס האָבן פאַרשטופּט אין אַ ווינקל דאָס לייכטע בלויע געפּעס. דאָס אָרט פון פרישן גרינצייג האָבן פאַרכאַפּט געווענדזלטע הערינג און שיליאַוועס.

נאָר די יונגע מיידלעך, די פאַרקויפערינס, זיינען אין די ווינטערדיקע טעג געווען פּונקט אַזוי פריילעך און לעבעדיק ווי אין זומער. כאָטש זיי האָבן אויך געטראָגן פוטערנע, אויסגענייט מיט קאָלירטן שוטאַזש, בעז־רענקאַווניקעס און וואָלענע הענטשקעס, זיינען זיי געווען לייכט און רירעווודיק. דווקא איצט, אויף דעם פראָסט, האָבן זיי משונהדיק הנאה געהאַט פון דער אינערלעכער וואַרעמקייט, פון זייער הייס בלוט, פון יונגן לעבן וואָס האָט געריזלט אין זייערע פרישע לייבער. זיי האָבן געשלעפּט די גרויסע, דיקע שטיקער בייעס מיט דער זעלבער לייכטקייט, ווי די דינע באַטיסטן. אין זייערע אויגן איז געווען עפּעס שטיפערישס אָפּלאַכנדיקס, ווען זיי האָבן געריסמט פאַר די עלטערע פרויען די מחיהדיקע וואַרעמקייט פון די באַרכאַנעס, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט אויף ווינטערדיקע אונטערוועש.

* * *

אין די דאָנערשטיקע ווינטער־אָוונטן זיינען אַרום די ווענט פון די געמויערטע הייזער, אַרום דעם פּלאַץ געשטאַנען געדיכט אויסגעשטעלט ווייבער מיט קוישן טויטע, געפרוירענע פיש. די קוישן זיינען געווען אָנגעלענט אָן די ווענט, אויסגעבעט מיט שטרוי, באַזוימט מיט שניי און באַלייגט מיט שטיקלעך אייז. אויף אַ פלאַטשיקן באַקביין פון אַ גרויסן פיש איז געווען צוגעטריפט אַ ברענענדיק ליכט, וואָס האָט באַלויכטן דעם גאַנצן קויש. דאָס ליכט האָט זיך טעמפּ צוריקגעשלאָגן פון די פאַרגלייזטע אויגן פון די פיש און באַלויכטן די פאַרבלוטיקטע, איידעלע, קליינע דרייעקיקע קעפּ, די זילבערנע בייכער און טונקעלע רוקנס פון די סענדאַקעס און לעשטשעס געבראַכט פון טיף ראַסעי.

אינדערהויך איבערן מאַרק, איז געהאָנגען אַ טונקל־בלויער הימל מיט אַ לבנה פון פאַרגעלט זילבער; צופוסנס — אַ טיפער, ווייסער, פוכיקער שניי, און אינדערמיט די קוים באַלויכטענע בלויע ביידלעך מיט געדיכטע שאָטנס פון מענטשן, וואָס האָבן ווי אויסגעפירט משונהדיקע פאַנטאָמימעס. אַרום די ביידלעך אַ קייט פון

באַלויכטענע מיט ליכט קוישן. עפּעס צוציענדיקס און אָפּשרעקנדיקס איז געווען אין דעם מאָדנעם בילד, אין דעם ווינטערדיקן, שנייענדיקן אַרום מיט די קוישן פיש אויפן יידישן שבת. אַרום די פיש זיינען געשטאַנען איבערגעבויגענע אין דער העלפט ווייבער מיט קיישלעך אין די הענט. דאָס פייער פון די חלבנע ליכט האָט באַלויכטן זייערע צונויפגעצויגענע אין ערנסט פּנימער. זייערע געהויקערטע, גרויסע, אָנגעטועגע אין דיקע פּאַלטענעס, גופים, האָבן געוואָרפן שרעקעוודיקע שאָטנס אויף די ווייסע ווענט פון די הייזער, אַרום וועלכע די קוישן פיש זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט.

די פישערקעס זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין שאַרע וואַטענע שפּענצערס און אין שאַרע טיכלעך אַרום די קעפּ און פּנימער. זיי האָבן געהאַט האַסטיקע באַוועגונגען. מיטן גראָבן פינגער פלעגן זיי אויפרייסן די צוגעפרוירענע באַקן־ביינער פון די פיש און גיך צוטראָגן די קונהטעס צו די נעז. זיי פלעגן וואַרפן די פיש אויף די וואָגן, מיט שאַרפע מעסערס שניידן פון זיי שטיקער. צוואַרפן אָדער אַראָפּוואַרפן פון דער וואָג. די אָפּגעוואוויגענע פיש פלעגן זיי אַריינוואַרפן די קויפערינס אין די קיישלעך. טאָמער האָט זיך אַ קונהטע צו שטאַרק געדונגען, פלעגט אַזאַ פישערקע אַ דריי אויס טאָן די קונהטעס קוישל, און די פיש זיינען צוריק אַריינגעפאַלן מיטן זעלבן אימפּעט צו איר אין קויש אַריין.

ווינטער, בעת די פרעסט, האָבן די פישערקעס נישט געשריגן, נישט אויסגעלויבט זייער סחורה און פּרייז מיט זייערע הויכע, ברייטע און הייזעריקע שטימעס, אַזוי ווי זיי פלעגן דאָס טאָן אין זומער. ווינטער זיינען זייערע מיילער געווען פאַרשטעלט מיט די שאַרע וואָלענע טיכלעך מיט וועלכע זיי האָבן אַרומגעבונדן די קעפּ. זיי האָבן אַריינגעעטעמט אין די וואָלענע טיכלעך און אָנגעוואָרעמט די קאַלטע לופט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן פון דרויסן אין זייערע טרוקענע, מיט צעפּאַדערטע ליפּן, מיילער.

דעם גאַנצן אימפּעט פון די נישט אויסגעשריגענע געשרייען, וואָס זיי האָבן געשטיקט אין זיך, האָבן די פישערקעס אויסגעלאָדן אין די האַסטיקע באַוועגונגען, אין דעם וואַרפן די פיש. נישט איין קויפערין האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם אַריינוואַרפן און אַרויסוואַרפן די פיש פון איר קוישל. אַזאַ קונה פלעגט זיך באַליידיקן און צוגיין קויפן ביי אַן אַנדערן קויש. דעמאָלט פלעגט די פישערקע אַוועקשאַרן דאָס טוך פון מויל, פּרווון איבערבעטן די באַליידיקטע, רעדן צו איר יאַנדעס (יהדות), און ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, פלעגט זי זי נישט זעלטן מכבד זיין מיט אַ שפּאָרע פּאָרציע דריישטאָקיקע „ברכות"...

* * *

די רייכערע „גאָספּאָדעס" (באַלעבאָסטעס) פון דער מוראַנאָוועד געגענט האָבן נישט געקויפט קיין פיש אויפן מאַרק. זיי האָבן געקויפט ביי מאַניאַלען די פישערקע, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב פון פיש אין איינעם פון די הייזער אויף מוראַנאָוו. איר מאַן איז געגאַנגען אין אַ קליין יידיש היטל, אין אַ געפּוצטע קאַפּאָטע און געהאַט אַ קליין גרוי, צוגעשוירן בערדל, ווי ביי אַ סאַרוועד. זי האָט אויך געהאַט עטלעכע דערוואַקסענע טעכטער, וואָס זיינען געגאַנגען געקליידט לויט דער לעצטער מאָדע.

ביי מאַניאַלען האָט מען געקריגן פיש אַ גאַנצע וואָך, ניט נאָר אין דאָנערשטיק.

אין בלעכערנע וואַננעס זיינען ביי איר אַרומגעגאַנגען לעבעדיקע פיש, דאָס רוב אונגאַרישע קאַרפּן מיט טונקל־סאַמעטענע און גאָלדענע שיפּן. ביי איר האָט מען אויך געקויפט לעבעדיקע קאַראַשן פאַר קראַנקע און דער עיקר פאַר רייכע קימ־פעטאָרינס.

די פיש פלעגט מען אַרויסכאַפּן פון די וואַנעס מיט אַ שיטקע, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ גרויסער קאָך־לעפל געמאַכט פון דראָט. דאָס וואַסער פלעגט זיך גיך אַדורכזייען און די קאַראַשן האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף זייערע קליינע קעפּלעך, אָנגעצויגן די ברייטע זילבערנע בייכלעך ווי אַ בויגן, און גיך געעטעמט פון טרו־קענער איבעראַשונג און פון צופיל לופט.

ביי מאַניאַלען האָט מען זיך ניט געדונגען, מען האָט נישט געוואָרפן די פיש זיי האָבן זיך אַליין געוואָרפן. מאַניאַלע האָט געהאַלטן נאָר לעבעדיקע פיש. מען האָט זיי דעריבער נישט געדאַרפט שטופּן צו די נאָז. מאַניאַלע האָט געהאַט גע־שווירענע גאָספּאָדעס. ווען עס האָט זיך אַמאָל אַרויסגעוויזן אַז די פיש זיינען קראַנק אויף פּאָקן, האָט זי יעדן צוריקגעגעבן דאָס געלט און גענומען דעם גאַנצן היזק אויף זיך. אַמאָל האָבן די פישערס געמאַכט יד אחת און סתם געהויבן דעם פּרייז פון פיש, אַזוי אַז די אָרעמעלייט האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרגינען זיי צו קויפן. אין שייכות דערמיט האָט דער ראַבינאַט אַרויסגעגעבן אַ קול־קורא מיט אַ פאַרבאָט, אַז קיינער זאָל נישט קויפן קיין פיש אפילו אויף שבת. קויפן פיש האָט מען גע־מעגט נאָר אויף אַ שמחה. מאַניאַלע האָט געהאַלטן מיט די אָרעמעלייט. זי האָט אויף דער צייט פון איסור אינגאַנצן פאַרמאַכט דאָס געוועלב.

* * *

שבת האָט דער מוראַנאָווער באַזאַר גערוט. ער איז געלעגן אַ צוגעראַמטער און אַן אויסגעוואַשענער, און די ביידלעך אויף אים האָבן געדרעמלט אַ בלויען דרעמל אונטער אַ בלויען הימל. בלויז אין סאַמע עק באַזאַר, האַרט נעבן דעם מוראַנאָוו, איז איין ביידל געשטאַנען אָפן אין שבת. עס איז אין אים געזעסן אַ פרוי אין אַ הויכער, קיילעכיקער פריזור, ווי אַ גרויס טיף שייטל, און פאַרקויפט ברויט. די שבתדיקע קונים זיינען געווען זייער זעלטענע און די פרוי איז כמעט אַ גאַנצן טאָג געזעסן אומבאַוועגלעך. זי איז געווען פאַרטראַכט און טרויעריק. ווען עס איז שוין צוגעקומען צו איר אַ קונה, האָט זי זיצנדיק געשניטן דאָס ברויט, זיצנדיק גע־לייגט עס אויף דער וואָג און נאָכן געלט האָט זי אויסגעצויגן די האַנט אין וועל־כער זי האָט געהאַלטן אַ טאָוול, בכדי זיך נישט דאַרפן אויפשטעלן. זי איז געווען אַ קריסטין, נאָר צוליב איר פריזור און איר אָנטון, וואָס איז געווען פונקט ווי ביי אַלע מאַרק־הענדלערקעס, האָט זי אויסגעזען ווי אַ יידישע. ווען די יידן זיינען פריי־לעכע אַהיימגעגאַנגען פון די שטיבלעך און בתי־מדרשים, האָבן זיך אַלעמאָל אַ סך פון זיי אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף דעם אָפענעם אין שבת ביידל. איך האָב קיינ־מאָל נישט געוווסט, צי איז די פרוי אַזוי טרויעריק ווייל זי זיצט אַן איינזאַמע אויפן מאַרק, צי דערפאַר ווייל זי איז אַ קריסטין און מוז „מחלל שבת" זיין...

## מאַנופאַקטור



זעלמאַן כייקין איז געווען אין וואַרשע פון די ערשטע באַקאַנטע, גרויסע מאַנופאַקטור־קאָמיסיאָנערן. ער איז אַהערגעקומען צוזאַמען מיט די ערשטע יידישע שניט־סוחרים, וואָס האָבן געעפנט זייערע געשעפטן אויף די גאַסן נאַלעווקי, גענשע און פראַנציסקאַנער און דאָ געשאַפן דעם אָנהויב פון דעם שפּעטערדיקן גרויסן און ברייט פונאַנדערגעוואַקסענעם יידישן מאַנופאַקטור־צענטער. די יידישע סוחרים האָבן אַהערגעבראַכט זייער פלייס, אויפטוערישקייט און געלט. זיי האָבן געדונגען גרויסע פראָנטאָווע דירות, אויסגעהאַקט און איבערגעשטעלט ווענט, אַרומגעשטעלט אַרום זיי ברייטע, אָפענע שענק און פּאָליצעס הויכע ביז די סאַמע סופיטן אַרויף. מען האָט אויסגעהאַקט טירן, וויסטאַוועס און סתם פענצטער. איבער די טירן און פענצטער האָט מען אויפגעהאָנגען לאַנגע, בלעכענע שילדן מיט גאָלדענע רעליעף־אותיות, וואָס האָבן אויף רוסיש און פּויליש אין קורצן דערציילט, וואָס עס פאַרמאָגן די געשעפטן מיט די טיפע טונקעלע שטובן. צווישן די פענצטער האָבן געהאָנגען קלענערע שילדן און אויף זיי זיינען מיט יידישע אותיות געווען אויפגעמאָלן: „נידערלאַגע פאָן וואָללע, טוך אונד פערשידענע מאַנופאַקטור־וואַרען”. די שניט־געשעפטן האָבן אַהערגעבראַכט דעם שאַרפן ריח פון צייג, אַ ריח פון פרישער פאַרב האָט זיך געטראָגן פון די געעפנטע באַלנס געבלימלטע קרעטאָנען, אַ געדעמפּטקייט איז געגאַנגען פון די פּעק דיקע, געקעסטלטע טיכער און אַ שטילער, אַ ווייטער, האַלב־זיסלעכער גערוך פון שעפּסן האָט זיך געפילט פון די וואָלענע סחורות און איבער דעם אַלעם האָט זיך געטראָגן דער ריח פון פּאַקליוונט, ווי דער שטאַרקער, פאַרשיכורנדיקער ריח פון טרוקן היי.

עס האָט זיך אין די געשעפטן געהערט דער שווערער אַראָפּפאַל פון די סאָלידע, געדיכטע טוך־סחורות, עס האָט זיך געהערט דאָס ברעכן זיך פון די שטייפע, ווייסע קאַפּעס אין וועלכע די שטיקער טייערע טוכן זיינען געווען איינגעהילט און עס האָט נישט אויפגעהערט דער אידעלער, שטילער געשאָרך פון דעם עכטן, פראַנצויזישן זייד. עס האָבן ווייך געגלעט דאָס אויג די סאַמעטן מיט די וועלוועטן און דער גאָלדענער און זילבערנער בראָקאַט האָט געבלענדט מיט רייכקייט. יידישע סוחרים, סתם באַלעבאַטישע מענטשן און חסידישע יידן זיינען נישט נאָר געפאָרן נאָך סחורות קיין לאָדזש און טאָמאַשאָוו, נאָר דורך בערלין, פּאַריז האָבן זיי דערגרייכט אַזש קיין ליאָן, ווו זיי האָבן איינגעקויפט פאַר זייער רייכער קונדשאַפט פון וואַרשע און די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט, סאַמעט און זייד, האַפטן און שפּיצן, בראָקאַט און אַדאַמאַש.

עס האָבן זיך אַ ראָיע געטאָן אַרום די מאַנופאַקטור־געשעפטן יידישע סוחרים און קליינע קרעמער פון דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ. אין די סעזאָן־צייטן ערב־ פריילינג און ערב־האַרבסט איז אויף די גאַסן נאַלעווקעס און גענשע געווען אַ געדראַנג נישט דורכצוגיין. פּראָווינצער סוחרים מענער און פרויען אין זייערע שבת׳דיקע אויבער־מלבושים מיט קוישלעך און וואַליזקעס אין די הענט האָבן פאַרפולט די טראָטואַרן, גייענדיק מיט איילעקע טריט, באַטראַכט און מיט אַ פּלאַן. פּלייצע־טרעגער האָבן אַרויסגעטראָגן פון געשעפטן סחורות געפּאַקטע אין פּאַק־

לייוונט מיט אויפגעמאָלטע אויף זיי מיט שוואַרצן טינט נעמען פון די סוחרים, צו וועמען די פּעק האָבן שוין איצט געהערט. די טרעגער האָבן געטראָגן די פּעק אין „זאַיאַזדן" אויף באַניפראַטן גאַס, ווו עס האָבן אויף זיי געוואַרט הויכע בוידן באַדעקטע מיט קיילעכדיקע פּלאַנדעקעס. קורצע, ברייטביייניקע יידן, אין וואַטענע שפּענצערס, מיט אָפּגעברענטע פּנימער, באַוואַקסענע ביז צו די קין־באַקן מיט געדיכטע געלע בערד, מיט בלויע, גויישע אויגן און מיט יידישן דרך־ארץ פאַר נגידים, האָבן צוערשט, אין דער טיף פון דער בויד, אויף די סאַמע בעסטע ערטער פאַרלאָדן די גרויסע פּעק מאַנופאַקטור פון די רייכערע פּראָווינצער סוחרים. ערשט דערנאָך האָבן זיי גענומען די פּעק פון מיטעלע און צום סאַמען סוף פון גאָר קליינע סוחרימלעך.

* * *

נאָך די ימים־טובים און דער עיקר סוכות, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון זיך גרייטן אויף חתונות, פלעגן פאַר די שניט־געשעפטן פאַרפאָרן דאָראָזשקעס פון וועלכע עס זיינען אויסגעשטיגן עלעגאַנטע דאַמען מיט יונגע כלה־מיידלעך — אויף איינקויפן וויפּראַוועס. די דאַמען זיינען געגאַנגען אָנגעטון אין ראָטאַנדעס (פּעלערינעס) פון סאַמעט אָדער טוך, פון שוואַרץ אָדער טונקל־גרינעם קאָליר, אונטערגעשלאָגן מיט דעם בעסטן פיינעם פוטער. פון אונטער די ראָטאַנדעס האָט מען אַרויסגעזען אַ שטיק פונעם קלייד, וועלכעס איז געווען אינגאַנצן אין זיידענע און סאַמעטענע פּאַסן. די זיידענע פּאַסן זיינען געווען אויסשעמערירט מיט זילבערנעם אָדער גאָלדענעם שוטאַזש. די ראָטאַנדעס האָבן אויך געהאַט פון זעלבן פיינעם פוטער שאַלאָווע קראַגנס. אויף די העלדזער האָבן די דאַמען געטראָגן שנורן געקנייטשטע, ראָזלעכע פּערל, אָדער דיקע, גאָלדענע קייטלעך מיט בריליאַנטענע קאָליעס. פון די שוואַרצע „מעטינקעס" האָבן זיך אַרויסגעזען די שפּיצן פון זייערע ווייסע פינגער און אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן הוטן מיט שטרויס־פּעדערן.

די כלה־מיידלעך זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין פּאַלטנס פון קאָלירטן טוך, הויכע שיך און הוטן מיט אַ סך בלומען. ווי נאָר אַזאַ דאָראָזשקע איז פאַרפאָרן פאַר אַ שניט־געשעפט פלעגט דער פּרינציפּאַל אָדער דער הויפּט־משרת אַנטקעגנלויפן אויפצונעמען די רייכע קונדן. עס האָבן זיך באַלד אַרומגעשטעלט אַרום זיי עטלעכע משרתים און אָנגעהויבן אָנוואַרפן פּלאַטשיקע שטיקער זייד, פּודלעס מיט קיילעכדיקע שטיקער סאַמעט און וועלוועט, זילבערנעם און גאָלדענעם בראָקאַט, וועלכע די פרויען האָבן מיט פאַרגעניגן געגלעט מיט זייערע לאַנגע, אויסגעצערטלטע פינגער. טיילמאָל פלעגט אַן עלטערע דאַמע אויפזוכן פון צווישן די פאַלדן פון דער ראָטאָנדע דעם גאָלדענעם „לאָרניאָן", וועלכער איז דאָרט געהאָנגען אויף אַ דין קייטעלע, אָננעמען אים ביי זיין עמאַלירט הענטל מיט אַ באַוועגונג פול מיט גראַציע אים צולייגן צו אירע רויקע אויגן, און מיט אַ בליק פול מיט דיסטינקציע און איינצייטיק מיט פאַרבאָרגענער באַוואונדערונג קוקן אויף די סחורות, שענקענדיק דערביי זעלטן אַ בליק די משרתים.

ווען אַלץ איז שוין געווען אָפּגעקליבן, אַוועקגעלייגט און פאַרצייכנט, האָט דער פּרינציפּאַל אָדער דער משרת צוגעטראָגן דעם פאַרצייכן־צעטל צו דעם אָרט, ווו אויף אַ פּאָדיום, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן איבער די טישן, איז געזעסן נעבן אַ הויך קאַנטאָר־טישל, ווי נעבן אַן עמוד, אַן עלטערער מענטש אין גאָלדענע ברילן

אויף אַ שוואַרץ זיידן שנירל. נעבן אים איז געלעגן אָפן דאָס „קאָנטאָ־בוך" און אַביסל צו דער רעכטער זייט צו אַ האָלצערנער ציילער.

אין דעם מאָמענט ווען מען האָט צוגעטראָגן דעם צעטל צום קאָנטאָר, האָבן די דאַמען געהאַלטן זייער ענין פאַר דערליידיקט. זיי האָבן זיך פּאַמעלעך אויפגע־הויבן פון די שטולן, אויף וועלכע זיי זיינען די גאַנצע צייט געזעסן, זיך אויסגע־דרייט מיט די פּנימער צו דער טיף פון געשעפט, ווי פרומע יידן דרייען זיך אויס ביי מודים צו דער מזרח־זייט און טוענדיק לייכט אַ בויג מיט די קעפּ, שנעל פאַר־לאָזט דאָס געשעפט, באַגלייטע דורך דעם אייגנטימער און עלטערע משרתים.

אויב נאָכן פאַרלאָזן דאָס געשעפט האָט מען נאָך געהאַט איינצוקויפן ווייסע שטאָפן אויף וועש, האָט מען דאָס כלה־מיידל מיט איין עלטערער דאַמע אָפּגעשיקט אַהיים. בלויז די עלטערע דאַמעס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם אינטימען טייל פון דער כלה׳ס „וויפּראַווע": מיטן צוקלייבן וועש, באַטיסט און אַדאַמאַש אויף אי־בערצוג און אונטערוועש.

* * *

טיילמאָל פלעגן פאַר די געשעפטן פאַרפאָרן „גומקעס" (דראָזשקעס אויף גו־מענע רעדער), פון וועלכע עס פלעגן אויסשטייגן פרויען אין קאָטיקענע סאַלאָפּעס און די קעפּ אַרומגענומען מיט שוואַרצע, שווערע, זיידענע ליאָנער שאַלן. באַלד ווי די גומקעס פלעגן זיך אָפּשטעלן זיינען פאַרפאָרן דראָזשקעס מיט איינעם אָדער צוויי יידן אין לאַנגע שוואַרצע פּאַלטנס, אין גרויסע טוכענע אָדער סאָמעטענע היט־לען און אין הויכע שטיוול. די פרויען דאָס זיינען געווען רביצינס, ווייבער פון באַ־קאַנטע פּוילישע רביים, פרויען פון רייכע רבישע הייף און זייערע קרובות. די מע־נער זיינען געווען גבאים און שמשים, וואָס די רביים, פלעגן מיטשיקן זיי זאָלן זיין ביי־הילפיק די פרויען ביים איינקויפן. די רביצינס פלעגן נישט נאָר קומען קויפן סחורות אויף כלה־וויפּראַוועס, זיי האָבן אויך איינגעקויפט חתן־וויפּראַוועס, ווייל נישט די רביים פונקט ווי די רבישע חתנים האָבן זיך מיט אַזעלכע זאַכן נישט פאַר־נומען. ווען די פרויען פלעגן זיך אַוועקזעצן, האָבן זיי אָפּגעקנעפּלט די נידעריקע קנעפּ פון דער סאַלאָפּע, אַוועקגעשאַרצט די ברייטע פּאָלעס און דורך די אָפּגע־דעקטע טיילן פון די זיידענע קליידער האָט זיך אָנגעזען די פולקייט פון זייערע היפטן, וואָס האָבן מיט הנאה זיך צעשפּאַרט אויף די קליינע, קיילעכדיקע בענק־לעך. פון די שטויסן דערלאַנגטע סחורות, פון דער רחבות׳דיקער מעגלעכקייט צו קויפן אַלץ וואָס זייער האַרץ גלוסט, פון די יונגע משרתים, וואָס האָבן אַזוי נאָענט געדרייט זיך נעבן זיי און צו זיי גערעדט אַזוי העפלעך מיט פרישע שמייכלען אויף זייערע יוגנטלעכע פּנימער, האָט אויף די פרויען געשלאָגן מיט אַ פאַרשיכורנדיקער וואַרעמקייט. זיי האָבן פונאַנדערגעוויקלט די שאַלן און זיי לויז געמאַכט אַרום די ווייסע ווי אַלאַבאַסטער פולע העלדזער. זיי האָבן אָפּגעקנעפּלט די אויבערשטע קנעפּ פון די סאַלאָפּעס און פון די דעקאָלטן פון זייערע זיידענע, צי דראַדידאמענע קליידער האָט אַרויסגעקוואָלן מיט פולע, העל־ראָזע לייבער, וואָס זיינען געווען אָנ־געפילט מיט רויקייט און זאַטקייט און געטראָגן אין זיך דעם רייץ פון גלוסטונג און אָפּגעהיטנקייט. דאָס זיינען אַממערסטנס געווען יונגע פרויען, יונגע מאַמעס, וואָס האָבן זיך שוין געגרייט חתונה מאַכן זייערע גאָר יונגע קינדער. דאָס זיינען גע־ווען פרויען, וואָס האָבן פון אַזוי יונג געוווסט דעם סוד פון לעבן. דאָס האָט זיי

געמאַכט קלוג, מיט אַ ספּעציעלן מין לעבנס־חכמה. פון דער פריער רייפקייט, פון די פרי־אַנטפּלעקטע סודות, האָבן זיי געטראָגן אין זייערע לייבער עפּעס אַ באַזונדערע זיסקייט. זיי האָבן זייער אַ סך פאַרשטאַנען, געווען נאָכגיביק און דערביי שטאָלץ און הערשנדיק. זיי האָבן געטראָגן די רייכסטע שטאָטן און אויף די אָפּגעגאָלטע קעפּ — קופּקעס מיט ציטער־שפּילקעס אָדער מיט זיידענע בענדער, וועלכע זיי האָבן איצט פאַרבאַהאַלטן אונטערן געדיכטן שלייער פון די שוואַרצע שאַלן.

ווען די רביצינס האָבן זיך שוין געהאַט אָפּגעקליבן די סחורות, האָבן די גבאים דערליידיקט דעם געלט־ענין מיטן אייגנטימער פון געשעפט און די פרויען פלעגן אַוועקפאָרן אויף די „גומקעס”, וואָס האָבן אויף זיי אין דרויסן געוואַרט.

פֿאַמעלעך און מיט בנעימותדיקע טריט פלעגן אַריינקומען אין די געשעפטן יידן אין די מיטעלע יאָרן, מיט פיין אויסגעקעמטע בערד, אָנגעטון אין זייערע שבת־יום־טובדיקע מלבושים. נעבן זיי פלעגט גיין אַביסל אַ פאַרשעמטער, אַ שמאָל בחורל, מיט קוים שפּראָצנדיקע וואָנסעלעך און מיט נאָך גאָר אַ קאַרגן אָנזאָג אויף אַ בלאָנד צי שוואַרץ בערדל אַרום זיינע בלייכע באַקן. דאָס זיינען געווען אַ טאַטע מיט אַ זון, אַ חתן, און אַ פעטער אַ מבין, וואָס זיינען געקומען נעמען אויף אַן אויסשטייער פאַרן חתן. דאָ איז נישט געווען קיין סך צו קלויבן. דער „נוסח” איז שוין געווען באַקאַנט. שטאָף אויף אַן אַטלאַסענער קאַפּאָטע און אויף אַ זיידענער (צי ריפּסענער), שוואַרצן טוך אויף אַ געהאַקטער קאַפּאָטע מיט זיידענע קלאַפּעס, קאַמגאַרן מיט זייד אויף אַ מער טעגלעכער קאַפּאָטע, געשטרייפטן קאַמגאַרן־שטאָף אויף עטלעכע פּאָר שטוטשקאָווע הויזן, זיידענעם אַדאַמאַש אויף אַ לייכטערן שלאָפראָק און געדרוקטן סאַמעט, אָדער וועלוועט אויף אַ ווינטערדיקן שלאָפראָק.

מען איז געזעסן ביים טיש, אָדער ביי דער הויכער שטול אויף וועלכער עס זיינען געלעגן אַביסל פונאַנדערגעוויקלט די סחורות. מען האָט גערויכערט שאַפּאָשניקאָווס שטאַרקע פּאַפּיראָסן „סמירנא”, מען האָט געשמועסט. דער פעטער, דער מבין, האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעצויגן אַ פאָדעם פון די דערלאַנגטע סחורות און אים געדרייט אין די פינגער, אָדער אָנגעצונדן אַ זאַפּאַלקע, צוגעלייגט דאָס פייער צום וואָלענעם פאָדעם, געזען צי ער ברענט און געשמעקט צו דעם אָפּגעברענטן טייל. טיילמאָל האָט אַזאַ פעטער, אַ מבין, ביי דער געלעגנהייט פון פּרוּוון דעם פאָדעם, געוויזן היינטערווייליכץ דעם געשעפטס־אייגנטימער אַ האַנט מיט אויסגעשטרעקטע פינף פינגער, וואָס דאָס האָט געזאָלט באַדייטן, אַז ער וויל דערביי פאַרדינען פינף פּראָצענט...

פון די ביכער: „אַ הויף אויף מוראַנאָוו”, און „אַ הויף אויף פּאָקאָרנע”. תל אביב, 1959 און 1962.

# פרץ הירשביין

## וואַרשע — דער לעצטער אַקט פון מיין טעאַטער־טרופּע



**אַז איך בין ווינטער 1910 געקומען קיין וואַרשע איינצואָרדענען די גאַסטשפּילן פאַר אונדזער טרופּע — האָב איך דאָרט געפונען אַ טעאַטראַלע עקרה, אין געשטאַלט פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט", וואָס האָט זיך איינגע־רעדט אַ קינד אין בויך. די עקרה האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ טעאַטראַלן אַקושער, וואָס האָט ביי איר אַרויסגערופן ווייען. דאָס איז געווען דר. מוקדוני, וואָס איז מיט אַ יאָר פריער אָנגעקומען קיין וואַרשע פון אויסלאַנד.**

**אין זיינע „זכרונות פון אַ יידישן טעאַטער־קריטיקער" (אַרכיוו פאַר דער גע־שיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע) דערציילט ד"ר א. מוקדוני וועגן זיך אַזוי:**

**„אין מיטן זומער 1909, פּונקט מיט צוואַנציק יאָר צוריק, בין איך, אַ יונגער דאָקטאָר, אָנגעלאָדן מיט ענערגיע, פול ווי אַ לאַגל מיט גרויסע פּלענער און מיט הייסן פאַרלאַנג צו דינען דער יידישער קולטור, געקומען קיין וואַרשע — — — פון אַלע גרויסע און וויכטיקע מיסיעס, וועלכע איך האָב זיך געפילט ממש ווי געבוירן דורכצופירן זיי אין לעבן, איז די „טעאַטער־מיסיע" מיר געווען די נאָענטסטע און קלאָרסטע — — — אין וואַרשע בין איך געקומען נאָך פּריש מיט די איינדרוקן פון דעם אייראָפּעישן טעאַטער, און בין בכלל געווען ביז טשאַד אָנגעלייענט מיט טעאַטער-ליטעראַטור. — — — קומענדיק קיין וואַרשע האָב איך זיך פריער פון אַלץ**

---

פרץ הירשביין — דער גרויסער דראַמאַטורג, מחבר פון פיל צענדליקער טעאַ־טער־שטיק, דערציילער און ראָמאַניסט, איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף ביי קלעש־טשעל אין דער גראָדנער גובערניע, ביי אַ טאַטן אַ מילנער פון אַ וואַסער־מיל, אין יאָר 1880. הירשביין האָט אָנגעהויבן שרייבן העברעיש — און בעיקר דראַמעס. שפּעטער אַריבער אין יידיש און אויך צו דער דערציילונג און דעם ראָמאַן. אין יאָר 1908 געגרינדעט אין אָדעס — און אויך אָנגעפירט אַ קינסטלערישן טעאַטער. נאָך אַ צוויי־יעריקער עקסיסטענץ, שטורמישע דערגרייכונגען און אויך מפּלות — האָט די טרופּע אין פרילינג 1910 געהאַט דערפאָלגרייכע אויפטריטן אין וואַרשע, אָבער בקרוב זיך צעפאַלן — און געבליבן אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער ווי אַ פּיאָנערישער אויפטו. הירשביין האָט — צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער דיכטערין אסתר שומיאַטשער — אַרומגערייזט און באַשריבן גאָר די וועלט. פון 1911 איז זיין היים געווען אין ניו יאָרק, שפּעטער לאָס אַנדזשעלעס — ער האָט אָבער כסדר גע־וואַנדערט. אָפּט געווילט לאַנגע חדשים אין וואַרשע, אין די צוואָנציקער יאָרן — כמעט אַ גאַנץ יאָר. געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס אין אויגוסט 1948.

אַ וואָרף געטאָן אויפן יידישן טעאַטער, אין אַ משך פון אַ פּאָר וואָכן האָב איך זיך פולשטענדיק אָריענטירט אין דעם קליינעם און אָרעמען יידישן טעאַטער־וועלטל אין וואַרשע, און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיין אַנטוישונג איז געווען אַ גרויזאַמע — — —"

איצטער קען מען זיך פאָרשטעלן ווי גרויזאַם עס האָט דעמאָלט געמוזט זיין מיין אַנטוישונג, אַז איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע, און אין איין האַלבער שעה תופס געווען פון וועמען איך באַדאַרף בעטן שטיצע און וואַרעמקייט פאַר אַ טרופּע, וואָס לעבט שוין, שפּילט און האָט הינטער זיך מער ווי א יאָר שווערע דערפאַרונג און פּרוכטבאַרע טעטיקייט. דער טאָטאַלער אַקושער האָט דעמאָלט ענערגיש גע־פאָדערט, אַז די עקרה מוז געבוירן אַ קינד און דווקא מיט אייגענע ווייען.

איך האָב פונדעסטוועגן אָנגענומען פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט — אייגנטלעך פון פּרצן — אַ טייל רייזע־קאָסטן; געדונגען ביי קאָמפּאַניעצן זיין מוראַ־נאָווער טעאַטער אויף זיבן פאָרשטעלונגען און אַוועק צוריק קיין אָדעס צוצוגרייטן אונדזער רייזע.

מישטיינסגעזאָגט, וואָס פאַר אַ גליקן האָב איך שוין געקענט דערוואַרטן פון די זיבן פאָרשטעלונגען אין וואַרשע. ווען אפילו דער באַזוך זאָל זיין אַ גרויסער, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, וואָלטן די זיבן פאָרשטעלונגען נישט געווען בכוח צו דעקן די הוצאות פון אַ גאַנץ גרויסער טרופּע, וואָס האָט זיך באַדאַרפט אַריבערפּעקלען קיין וואַרשע אַזש פון אָדעס. בפרט, וואָס אין מוראַנאָווער טעאַטער האָט געשפּילט קאָמפּאַניעץ מיט זיין אייגענער טרופּע, און פאַרן אָפּטרעטן מיר זיין, פון ברעטער־צונויפגעשלאָגענעם, שמוציקן באַלאַגאַן, האָט ער געוואָלט, אַז איך זאָל אים אָפּגילטן. די באַדינגונגען, וואָס ער האָט מיר געשטעלט, זיינען געווען רויבע־רישע, איך האָב שוין געהאַט גענויע אַנדערטהאַלבן יאָר דערפאַרונג, און מיר איז קלאָר געווען, אַז אין שייכות מיט אונדזער קומען קיין וואַרשע שטעלן מיר צופיל איין. מער נישט, וואָס צו מיר האָט דאָך אַ ביסל געשיינט די פּראָווינץ: אַזאַ געדיכטע יידישע באַפעלקערונג — און טאַקע אַ יידישע ווי אין פּסוק שטייט. מיר האָט אויך אַרויסגעוויזן, אַז אין פוילן ווערט דאָס יידישע טעאַטער נישט אַזוי שטאַרק פאַרפאָלגט פון דער פּאָליציי.

גוטע פריינד האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז אַ שטיקל פעלער, וואָס ביי מיר אין רעפּערטואַר פעלט אַ גאַנצע פּיעסע פון י. ל. פּרץ. דער עיקר וואָלט גוט געווען, ווען מיר קענען אין וואַרשע שפּילן „די גאָלדענע קייט". מען האָט מיר נאָך אַ פּאָר קלייניקייטן אַריינגעלייגט אין מויל אַריין... נאָר דעם אמת זאָגנדיק, ווען נישט י. דינעזאָן און א. ווייטער, וואָס האָבן אָן קיין שום פּניות געהאָפט, אַז אונדזער טרופּע וועט ביי דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט לייזן דאָס גאַנצע טע־אַטער־פּראָבלעם, — וואָלט איך אין דער לעצטער מינוט חרטה געהאַט פון דעם גאַנצן עסק. קומענדיק קיין אָדעס, האָב איך פאַר דער טרופּע נישט באַהאַלטן מיין פּערזענלעכן איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען פון וואַרשע. אָבער דער פאַרלאַנג פון דער טרופּע צו פאַרלאָזן אָדעס האָט איבערגעוויגן מיינע פּערזענלעכע געפילן. מיט אַ שווער געמיט האָט מען זיך אַוועקגעלאָזן אין וועג אַריין. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז דאָס געווען אין חודש מערץ.

די טרופּע איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע עטלעכע טעג פאַר דער ערשטער

פאַרשטעלונג, און וואָס אַ שעה נענטער צו דער פאַרשטעלונג, זיינען די אַקטיאָרן אַלץ נערוועזער געוואָרן. מיר האָבן זיך געבראַכן דעם קאָפּ ווי אַזוי צו באַפּוצן אַ ביסל דעם מוראַנאָווער באלאגאן. קאָמפּאַניעיץ האָט אין דער לעצטער מינוט ווען איך האָב געפאָדערט, לויט דעם קאָנטראַקט, ער זאָל מיר געבן די אַלע נויטיקע זאַכן, וואָס איך באַדאַרף פאַר די פאַרשטעלונגען — זיך פון מיר אויסגעלאַכט. איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער די קראָמען פון אַלטוואַרג, צונויפגעשלעפּט שמאַטעס און לאַכעס, מעבל און דעקאָראַציעס. אין בין פון די ערשטע עטלעכע טעג אין וואַרשע געוואָרן געבויגן אין דרייען.

וועלנדיק אָנהייבן מיט אַ דורכאויס יידישער פּיעסע — האָבן מיר געמאַכט אַ שטיקל פעלער, אויסקלייבנדיק פאַר דער ערשטער פאַרשטעלונג „מיטן שטראָם" פון שלום אשן. דעם אָוונט האָט מען באַדאַרפט פאַרענדיקן מיט „מענטשן" פון שלום־עליכם, אין דוד הערמאַנס רעזשי. (דוד הערמאַן האָט די דאָזיקע פּיעסע ביי אונדז אויפגעפירט בשעת ער האָט געוויילט ביי אונדז אַ פּאָר וואָכן אין יעקאַטע־רינאָסלאָוו).

עס האָט זיך צונויפגענומען אַ ריזיקער עולם. די גאַנצע וואַרשעווער יידישע אינטעליגענץ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין מוראַנאָווער טעאַטער. אונדזערע שוישפּילער זיינען פון אָנהויב געווען שטאַרק נערוועז; איך האָב זיי ממש נישט דערקענט. מיר האָבן אַלע געפילט אַז מיט דער פּיעסע האָבן מיר געמאַכט אַ שלעכטן אויסוואַל. אָבער, ווייט, ווייט איז די פאַרשטעלונג געווען פון אַ דורכפאַל. דער עולם אין טעאַטער איז געזעסן ווי עלעקטריזירט. צום סוף האָבן די שוישפּילער שטאַרק אויפגעלעבט, ווען מען האָט געשפּילט שלום עליכמס קאָמעדיע. זיי האָבן זיך געפונען ווי ניי־געבוירן, און די שטימונג פון טעאַטער האָט זיך איבערגעטראָגן צו אונדז אויף דער בינע.

די פּרעסע, דער עיקר דער „פריינד", האָט די ערשטע פאַרשטעלונג אויפגע־נומען זייער גוט. די שטאַרקסטע לויב־געזאַנגען האָבן מיר געקראָגן פון ד"ר מוק-דוני, וואָס האָט דעמאָלט געשריבן אין „פריינד". דער מוראַנאָווער טעאַטער איז, לויט זיין מיינונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעמפּל.

דעם צווייטן אָוונט האָבן מיר געשפּילט „אין שטאָט" פון ס. יושקעוויטשן. די פאַרשטעלונג איז געווען אַ קרעפטיקע; דער דערפאָלג — נאָך אַ גרעסערער. און ווידער איז מוקדוני געווען דער, וואָס האָט געלויבט די גאַנצע דערשיינונג פון דער טרופּע.

פון דער דריטער פאַרשטעלונג אָן, האָט ד"ר מוקדוני אין זיך דערשפּירט זיין באַרוף. ס' האָט זיך אין אים אָפּגערופן זיין „אָנגעלייענטקייט ביז טשאַד אין טעאַטער־ליטעראַטור". ער האָט אין זיך דערטאַפּט דעם לאָגאַל, אָנגעפילט מיט אייגענע גרויסע פּלענער, מיט דער וויכטיקער טעאַטער־מיסיע און — און — ער האָט אָנגעהויבן האָגלען אויף דער טרופּע, מיט וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט אין זיין טינטער. די איבעריקע צייטונגען, וואָס זיינען געווען פיינטלעך צו דער ליטעראַרישער געזעל־שאַפט, און האַלטנדיק אונדזערע גאַסטראָלן פאַר אירער אַן אונטערנעמונג — האָבן זיי אונדז אינגאַנצן פאַרשוויגן. ד"ר מוקדוני האָט פון זיין טריבונע אין „פריינד" געשאָלטן און געבענטשט; געבענטש און געשאָלטן און אויסגעלאָזן: „אַז די הירשביין־טרופּע איז אַ טויט־געבוירן קינד, אַ מפּיל."

איך האָב אויף אַ גאַנץ אויפריכטיקן און נאַיוון אופן זיך געווענדט צו דער

ליטעראַרישער געזעלשאַפט, זי זאָל איבערנעמען די טרופּע; אפילו איבערנעמען די לייטונג אירע. דער איינציקער מענטש, וואָס האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט אַ פּראַקטישן צוגאַנג צו אַ טרופּע איז געווען דוד הערמאַן. ער האָט נאָך אָבער דעמאָלט נישט געהאַט קיין חשק צו לעבן אַ ציגיינעריש לעבן. און כאָטש מוקדוני שרייבט וועגן זיך אין די זכרונות: „אין פּאַריז האָב איך מיט דעם יידישן מאָלער אבעל פּאַן אויפגעפירט אויף אַ גאָר מאָדערנעם אופן פראַגמענטן פון י. ל. פרץ און שלום עליכם און מחוץ דעם בין איך געווען אַ פּאַרקאָכטער אין טעאַטער״ — אין מיינע אויגן האָט ער דעמאָלט אויסגעזען, ווי איינער, וואָס איז מיט ליידיקן אַוועק אין אויסלאַנד, און איז אַ צופיל „אָנגעלאָדענער״ צוריק געקומען צו אונדז, אין אונדזער יידיש וועלטל אַריין. אַז טעאַטער מיינט ביי אונדז דערציונג, — דאָס האָט ער נישט באַגריפן.

מיין פאָרשלאַג, אַז נאָמבערג און אַש זאָלן איבערנעמען די טרופּע, וואָס מוקדוני דערמאָנט איצטער — אין דעם האָט שוין גיכער געשטעקט אַ ביטערער וויץ... אַ סך וויצן האָב איך צונויפגענומען אין אונדזער טרופּע פאַר די פּאָר וואָכן פון אונדזער ווײַלן אין וואַרשע.

נישט חלילה מוקדוני איז שולדיק אין דעם אונטערגאַנג פון מיין טרופּע, כאָטש פון זיינע זכרונות איז צו פאַרשטיין, אַז מען האָט אים אין דעם באַשולדיקט. דעם ערשטן ערנסטן קלאַפּ האָט די טרופּע געקריגן אין אָדעס דורך דעם פּאָליצמייסטער טאָלמאַטשאָוו. דעם צווייטן קלאַפּ האָט די טרופּע געקריגן אין ווילנע פון גובערנאַ־טאָרס ווייב גאָר. די טרופּע איז נישט צעפאַלן געוואָרן גלייך נאָך וואַרשע, ווי מוקדוני שרייבט, מיר האָבן נאָך שפּעטער אַרומגעוואַנדערט בערך פיר חדשים צייט און געגעבן אַריבער זעכציק פאָרשטעלונגען.

פון וואַרשע האָבן מיר זיך געלאָזן קיין מינסק. ביי מיר איז דאָס געווען די צייט פון חשבון־הנפש.

(ליטעראַרישע בלעטער — וואַרשע 1930)

# בינם העלער

## סמאָטשע מיין היים



אַ, סמאָטשע — מיין היים פון די קינדערשע יאָרן —
גייסט אויף אין פאַרלאָפענעם בליק.
עס היפערן דורך אין פאַרווישטן זכרון
די הילצערנע טרעפ אויף צוריק.

איז וואָס זשע, אַז ליכט און אַז לופט איז גאָר קנאַפּ דאָ
אין קאַנטיק־געמויערטן הויף?
אין זומער פאַרנאַכט פלעגט אַ זון זיך פאַרדראַפּען
צום קוימען אַרויפצו, אַרויף.

אין אָפענע פענצטער פאַרקלייבן זיך שאָטנס,
אַ שויב פלאַטערט אויף ווי אַ פאָן,
און קינדער אויף טרעפּלעך, פאַרטוליעט, פאַרקנאָטן —
אין וווּנדער פון מעשה פאַרטאָן.

„געקומען אַ גזלן אַ ווילדער צו רייטן,
מיט שפּיציקן מעסער אין האַנט"...
נאָר פלוצלינג ווערט שטיל, און דער הימל ווערט ווייטער —
דערהערט האָבן קינדער געזאַנג.

---

בינם העלער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1908. די משפּחה — אָרעמע חסידישע יידן. פּאָעט און רעדאַקטאָר פון ליטעראַרישע צייטשריפטן, אַנטאָלאָגיעס. פון דער יוגנט אָן (ער האָט דעביוטירט אין יאָר 1930) ביז עטלעכע יאָר נאָך דער אומברענגונג פון די גרויסע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד — אידענטיפיצירט מיט דער סאָוועטישער ליניע. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד. 1947 — אין פוילן. 1956 אין פראַנקרייך, בעלגיע. זינט 1957 אין מדינת ישראל. איינער פון די טאַלענטירטסטע פּאָעטן פון יינגערן דור אין יידישן וואַרשע. מחבר פון פופצן זאַמלונגען. זיינע לידער — ליריש, ראָמאַנטיש, געמאָסטן אין דער פאָרם, קלאָר אין אינהאַלט. ביז 1955 — פּראָ־סאָוועטיש, זינט דעמאָלט — חרטה־שטימונגען, נאַציאָנאַלע פּאַרטיפּטקייט. זיינע שטאַרקסטע לידער וועגן וואַרשע האָט העלער געשריבן נאָך דעם חורבן. אין די לידער, וואָס מיר נעמען דאָ אַריין — געשריבענע אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן — קומען צום פּאָעטישן אויסדרוק די איבערלעבונגען פון אַ גרויסן טייל פון דער פאַרמלחמהדיקער יידישער פּראָלעטאַרישער אידעאַליסטישער יוגנט אין וואַרשע.

אַ פורפורנער אָפּשיין אויף ווענט און אויף דעכער,
און שוסטערשע קלעפּ אין געאייל,
און אָט הייבט אַ ליד זיך אַלץ העכער און העכער,
און — ווידער ווערט שטיל אויף אַ ווייל.

די אָפענע פענצטער — פון שאָטנס פאַרנומען,
און האַסטיקער נייט אַ מאַשין.
דאָס ליד פון דער אַרבעט, פון נויט און פון אומעט
העלפט אונטער אַ מיידלשע שטים.

ביי קינדער אויף טרעפּלעך — פאַרטייעטע אָטעמס:
...אַוועק איז דער גזלן אין וואַלד...
אין אָפענע פענצטער — געדיכטער די שאָטנס,
און באַלד וועט שוין נאַכט זיין, אָט באַלד.

## איך צי זיך



אָפּט צי איך זיך איבער,
טראָג זיך פון דירה צו דירה.
און מיר איז גרינג
אַליין צו זיין דער טרעגער — —

און דאָ איז סמאָטשע,
און דאָרט איז מוראַנאָוו.
נאָר אַלע גאַסן שווינדלען אין אַ קרייז,
אַלע ליגן זיי איינגעדרייט
און אָן אַ סוף,
און אינערגעץ, אינערגעץ,
איז קיין אַנטרינען נישטאָ,
פאַר דעם טונקעלן ריח פון דער נויט.

אָפּט צי איך זיך איבער —
נאָר אומעטום
הענגען אין דער זון
קיילעכדיקע רינגען פון שטויב.
און אין שטילע נעכט
פלאַמען־אויף די ווענט:
אין קריגערייען,
אין אימהדיקע יללות.

אומעטום
גלאָצן פון דעם באַלקן
געלע, צעגאָסענע פלעקן.
און אינערגעץ, אינערגעץ
איז קיין אַנטרינען נישטאָ
פאַר דעם טונקעלן ריח פון דער נויט.

---

## מיין גאַנג



צי וועט איביק שוין זיין
מיין גאַנג —
ווי אויף זאַמענהאָף־גאַס —
אין געדראַנג
פון אַרבעטלאָזע,
פאַליציי,
און פאַראומערטע יידן,
פאַרקלאַפּטע אין לאַנגע מלבושים,
ווי אין שוואַרצע ארונות?

וועט איביק שוין זיין
מיין גאַנג — אָט אַזאַ,
און כסדר, און שטענדיק
וועט אין רוקן —
ווי נאַכט —
מיר קילן טעראָר?
צי וועט זיין
אויך דער סוף אָט אַזאַ,
און מיט שוואַרצע פסוקים,
און מיט גרויסע שטיוול,
וועלן קברנים טאַנצן,
וועלן קברנים טופּען,
פאַרטופּען
די ערד אויף מיין קאָפּ?

און איך
וועל אַנטקעגן נישט גיין —
יאָרן מיינע,
געמאָרדעטע
אין שטויביקן וואַרשטאַט?

**און איך אַליין**
**וועל קיינמאָל נישט זען:**
**מיין היים —**
**אַ גייענדיקע**
**מיט שטיינער פון איר ברוק**
**צו שויבן פון אויאַזדאָווער אַלייען?**

**צי וועט אייביק שוין זיין**
**מיין גאַנג — אָט אַזאַ? — —**

פון בוך: „דאָס ערשטע ליד״, וואַרשע 1956.

# יהודה-לייב וואַהלמאַן

## די וואַרשעווער נאַלעווקעס



דאָס יידישע וואַרשע האָט געהאַט אירע צוויי הויפּט-צענטערס: דעם נאַלעווקע-געגנט און דעם גזשיבאָווער געגנט. נאַטירלעך אַז עס זענען אין וואַרשע געווען פיל רייכע יידן, וועלכע האָבן געוווינט אויף דער רייכער מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס, אָדער אויף דער „קראָקעווער פאָרשטאָט", און נאָך אַנדערע רייכע גאַסן; נאָך אַנדערע — און דאָס זענען שוין געווען די גאַנץ אָדער האַלב-אַסימילירטע יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף דער אויאַזדאָווסקאַ-אַלעע, אָדער אויף דער „אַלעאַ שוכאַ", אָבער אויף יענע גאַסן איזביים פּשוטן ייד געווען דער נאָמען „די קריסטלעכע גאַסן", אָדער די „גוישע געגנט".

ביים אַריינגאַנג צו די נאַלעווקעס איז ביי דער נאָוואָליפּקי-זייט געשטאַנען דאָס ספרים-געשעפט פון אליעזר-יצחק שפּיראָ (שפּעטער: דוד קאָזאַק) און ביים אַריינגאַנג פון דער ביעלאַנסקאַ-זייט איז געשטאַנען דאָס ספרים-געשעפט „אחיאסף" (שפּעטער: אפרים גיטלין). דער העברעישער שריפטשטעלער א. ל. לעווינסקי ז"ל האָט זיך אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט, אַז יענע צוויי ספרים-געשעפטן ביים אַריינגאַנג צו די נאַלעווקעס, מאַכן אויף אים דעם איינדרוק פון „מזוזות" ביים אַריינגאַנג צו אַ יידיש הויז.

די נאַלעווקע-הייזער זענען געווען געבענטשט מיט דאָפּלטע הויפן, און אַמאָל איז אויך אַזאַ הויז באַשטאַנען פון דריי ריזיקע הויפן איינער נאָכן צווייטן. אין די דאָזיקע הויפן האָבן יידן טאָג ווי נאַכט געהאָרעוועט צוזאַמען מיטן ווייב און די קינדער אויפן שטיקל פּרנסה. אַזאַ דירהלע פון אַ צוויי צימערן מיט אַ קיך, איז פאַרטיילט געוואָרן אויף אַן אַרבעט-וואַרשטאַט און אויף אַ וווינונג פאַר „טאַטע, מאַמע, קינדערלעך". דער טאַטע אין „העמד-הויזן און טלית-קטן" איז געווען דער פאַבריקאַנט, און דאָס ווייב האָט, צווישן קאָכן און רוימען, אונטערגעהאָלפן דעם מאַן ביי דער אַרבעט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די קינדער; קוים זענען זיי אַהיימגעקומען פונעם חדר, איז — אָפּגעגעסן און גלייך גענומען העלפן דעם טאַטן ביי עפּעס אַ גרינגער אַרבעט, אָדער מיט אַ גאַנג צו וועמען דער טאַטע האָט אַהינגעשיקט.

וואָס האָט מען דען נישט אויסגעאַרבעט אין די דאָזיקע נאַלעווקע-הויפן? מען האָט אויסגעאַרבעט הערלעכע מענער-וועש און דאַמען-וועש; שעלקעס און קראַוואַטן;

---

יהודה-לייב וואָהלמאַן — געב. 1880 אין קאָנסקיע-וואָליע. פון 1900 ביז 1925 אין וואַרשע. שפּעטער אין ארץ ישראל. זשורנאַליסט, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג. געשטאָרבן אין תל אביב — 1955. י. ל. וו. האָט גרינטלעך געקענט און פיל געשריבן וועגן וואַרשעווער יידן, באַזונדערס דעם סוחרים-שטאַנד.

פאַראַסאָלן און שפּאַציר־שטעקעלעך; שפּיגלען און שפּיגעלעך; שאָקאָלאַדע און צוקערקעס; לעדערנע פּאָרטפּעלן און בריוו־טאַשן; שמעקנדיקע זייף און שנוראָוואַדלעס צו שיך; העפטן פאַר דער שול־יוגנט און קינדער־אָנצוגלעך; זאָקן, טאַשמעס און סטענגעלעך מכל המינים און אין אַלע פאַרבן; עלעגאַנטע דאַמען־טאַשן און ביליקע געלט־בייטעלעך פאַרן פּראָסטן עולם; אָפּטישע גלעזער און אַלערליי קייטעלעך צו זייגערלעך; גאַרדינען צו פענצטער און אַלערליי טאַשן־טיכלעך; געזילבערטע טיש־באַשטעק און שפּילצייג פאַר קינדער; געקרויזטע שטרויס־פעדערן און שוויס־בלעטער צו דאַמען־קליידער; מענער און דאַמען־שיך און עלעגאַנטע קאַפּעלושן; קעם און שפּילקעס פון אַלערליי מינים און נאָך צענדליקער אַנדערע אַרטיקלען, פון וואָס דער הויף איז פאַרטויבט געוואָרן פון די רוישנדע מאַשינען, און פון דער געקלאַפּעריי פון אַלערליי האַמערס.

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן בלויז פאַר די זעקס וואָכנדיקע טעג. וואָרעם ווען עס איז אָנגעקומען דער פרייטיק פאַר נאַכט, האָט מען פאַרדעקט מיט ווייסע ליילעכער דעם וואַרשטאַט, צוזאַמען מיט דער אָנגעוואָרפענער האַלב־פאַרטיקער סחורה, און די גאַנצע דירה האָט געאָטעמט מיטן ליכט־בענטשן און מיט די שמעקנדיקע צוויי חלות, אונטערן צניעותדיקן חלות־טישטעכל, דער מאַיעסטעטישער הימנע פון „אשת חיל״, דעם „קידוש״ און די פריילעכע שבתדיקע זמירות. שבת־צו־נאַכטס נאָך דער הבדלה פלעגן אַריינקומען די וואַיאַזשאָרן, מיט וועלכע מען האָט געהאַנדלט, האָבן זיי גענומען מוסטערן פון דער סחורה, כדי צו שיקן פון מרחקים גרויסע באַשטעלונגען.

אין יענע יאָרן איז דאָס גרויסע און ברייטע רוסלאַנד נאָך געווען אָפן פאַר וואַרשע, האָבן חברה וואַיאַזשאָרן, פלינקע און פעיקע יונגען, פאַרקויפט די נאַלעווקע־סחורות אַזש קיין וויאַטקאַ און אַרכאַנגעלסק. נאָך אַנדערע האָבן פאַרבונדן וואַרשע מיט סיביר און מיט טאַשקענט.

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן וועגן די נאַלעווקעס פון די הויפן, יענע וואָס האָבן פאַבריצירט אין דער גרעסטער ענגשאַפט. אויסער דעם איז אויך געווען אַ נאַלעווקעס פון פראָנט. יענע נאַלעווקעס מיט די ריזיקע הורט־געשעפטן פון אַלערליי זייד־סחורות און פון סאַמעט. די סאַמע אָנגעזעענסטע פירמעס פון יענע יאָרן זענען געווען יעקב ברוידאָ, לייזער בריל, אליהו פישער און נאָך אַנדערע ליטווישע יידן. מענטשן מיט אַ גאַנץ אַנדערן „הילוך״ ווי מען איז אין וואַרשע געוווינט געווען צו זען. די דאָזיקע ליטווישע סוחרים, מיט די שיינע בערד און רויקן גאַנג, האָבן געטראָגן צעקנייטשטע קורצע רעקלעך מיט לאַנגע נישט־אויסגעפּרעסטע הויזן, און אויפן קאָפּ האָבן זיי געטראָגן אַ האַרטן שוואַרצן קאַפּעלוש, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן איבער־געדרייט אייזן־קעסעלע. דאַן ווען די געבוירענע וואַרשעווער רייכע יידן פלעגן זיין געקליידט „פּאַ קופּיעצקו״ (סוחריש), וואָס מיינט אַ פיינע געהאַקטע קאַפּאָטע מיט אַ שפּאַלט; אויפן קאָפּ — אַ קליין טיכן היטל פון בייניש פאָסטבריווס מלאכה, און די עלעגאַנטע הויזן זענען געווען אַריינגעשטעקט אין שיינע אויסגעפּוצטע שטיוועלעך. זייערע בערד זענען אין מערסטן טייל שוין געווען קיילעכדיק צוגעשוירן מיט דער שער, און יעדנפאַלס זענען זיי געווען געהעריק פאַרקעמט.

די ביידערליי וואַרשעווער סוחרישע יידן, סיי די ליטווישע זייד־סוחרים פון די נאַלעווקעס און סיי די געבוירענע וואַרשעווער אייזן־סוחרים פונעם גזשיבאָוו, זענען

זיי אַלע געווען ערלעכע מענטשן, וואָס אויף זייערס אַ וואָרט האָט מען זיך געקאָנט פאַרלאָזן מער ווי אויף אַן אייזערנער בריק. דאָסגלייכן זענען די דאָזיקעביידע גרופּעס געשטאַנען מיט ביידע פיס איינגעוואָרצלט אין תורה און מעשים טובים. ביידע גרופּעס האָבן זיך גאַנץ גוט געקענט. און אַ פשיטא אַז מען האָט געהאַנדלט און געוואַנדלט צווישן זיך. אָבער צו אַ גרעסערער נאָענטקייט, ווי למשל אין שידוכים איינער מיטן צווייטן, האָט דאָס פּאַסירט גאַנץ זעלטן. נאָך מער: אַפילו דאָס לערנען תורה אין די שבתים און אין די לאַנגע ווינטער־נעכט איז אויך געווען אין גרופּע באַזונדער פון דער צווייטער. די ליטווישע יידן האָבן זייער „חברה־ש״ס" געהאַט אויף די נאַלעווקעס און די פּוילישע „חברה־ש״ס" איז געווען אויף דער טוואַרדע גאַס.

דער דאָזיקער טייל מאַנופאַקטור־סוחרים איז ספּעציעל מעכטיק געווען אויף גענשע־גאַס, וואָס איז געווען דער „לינקער אַרבל" פון די נאַלעווקעס. ווי באַקאַנט, איז נאָך דעם ווי דער גרויספירשט סערגיי, דער דעמאָלטיקער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון מאָסקווע, האָט אַרויסגעגעבן זיינע ביטערע גזירות אויף מאָסקווער יידן, האָבן פיל יידישע מאַנופאַקטור־סוחרים איבערגעטראָגן זיך פון מאָסקווע קיין וואַרשע און אויף גענשע־גאַס האָבן זיי אויפגעעפנט זייערע קראָמען. האָט נישט לאַנג געדויערט ווי די רוסישע פאַבריקאַנטן פון מאָסקווע האָבן זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דער וואַרשעווער גענשע־גאַס און האָבן דאָרטן אויפגעעפנט זייערע פיליאַלעס. אַזוי איז די גענשע־גאַס באַהאָנגען געוואָרן מיט ריזיקע רוסישע שילדן מיט ברייט־צעפליגלטע רוסישע אָדלערס. אַנדערע מאָסקווער פאַבריקאַנטן האָבן זייערע פיליאַלעס איבער־געגעבן צו וואַרשעווער פאַרטרויאונגספולע יידישע סוחרים. ביסלעכווייז איז ביי די מאָסקווער קאַצאַפּעס געוואָרן ממש אַ פּרעסטיזש־פראַגע צו האָבן אַ פיליאַלע ביי וועמען אויף דער גענשע־גאַס. אַזוי למשל נאָך דעם ווי דער מאַגנאַט סאַוואַ מאָראָזאָוו האָט זיין פיליאַלע אויפגעעפנט אויף דער גענשע־גאַס ביי הערץ הופנאַגעל (אגב: אַ גרויסער תלמיד־חכם און משכיל), האָבן זיינע קאָנקורענטן זאַכאַר מאָראָזאָוו און וויקולאַ מאָראָזאָוו אויך דאָס זעלבע געטאָן (דעם ערשטנס פאַרטרעטער איז געווען נאָווינסקי, דער איידעם פונעם מאָסקווער סוחר ט. ד. גורלאַנד, און דעם צווייטנס פאַרטרעטער איז געווען יוסף לעוויטע).

אויסער די מאָסקווער סחורות איז די גענשע־גאַס אויך געוואָרן דער צענטער פאַר דער ברייט־אַנטוויקלטער פּוילישער מאַנופאַקטור־פאַבריקאַציע, ווי היינצעל און קוניצער, שייבלער, זשיראַרדאָוו און אַנדערע פאַבריקאַנטן, יידישע און פּוילישע, און אויך דייטשע גרעסערע און קלענערע פון לאָדזש, זגערזש, פּאַביאַניץ, אָזאָרקאָוו און זאַוויערטשע. אַזוי איז די וואַרשעווער גענשע־גאַס געוואָרן אַ וויכטיקער האַנדלס־צענטער פון מאַנופאַקטור, און יידישע סוחרים פון גאַנץ פּוילן, ליטע, וואָלין, פּאָדאָל און אַ שטיק ווייסרוסלאַנד זענען אַהערגעקומען קויפן מאַנופאַקטור־סחורה.

פון בוך: פּוילישע יידן, בוענאָס איירעס, 1959.

# עוזר וואַרשאַווסקי

## דער הונגער גייט...



אין וואַרשע איז נישטאָ קיין ברויט! ווייס ברויט און זעמל זיינען גאָרנישט בנמצא. נאָך מער: מען טאָר עס פּאַר די אויגן נישט ווייזן, אויב עס האָט עס ווער יאָ. מ'שמועסט, אַז די דייטשן נעמען אַלץ צו, פירן אַרויס צו זיך, אין זייער לאַנד אַריין... אויף די גאַסן שטייען קופּקעלאַך מענטשן. מען רעדט, מען מאַכט מיט די הענט, נאָר אַז עס באַווייזט זיך אין דער נאָענט אַ „שפּיץ", ווערט מען פאַרפאַלן, ווי אין דער ערד אַריין...

דאָס שטיבל אויפן שמאָלן געסל איז פאַרשלאָסן. קיינער איז איצט דערין נישטאָ, אַלע דריי מיידלעך שפּאַצירן אין גאַס, דרייען זיך, קוקן אַהין, אַהער, טרעפן זיך אין פּנים מיידן זיך אויס און טרעפן זיך ווידער.

— ס'איז קאָ הינט צומאָל נישטאָ. — זאָגט סטעפקע.

— וועמען ליגט „דאָס" איצט גאָר אין זינען. — מאַכט סטאַשע אַ פילאָסאָפישע באַמערקונג.

מ'דאַרף אָבער קויפן ברויט, — זאָגט נאַטשע.

קומען זיי צו צו אַ געוועלבל, גייען אַריין און הייסן זיך געבן ברויט.

---

עוזר וואַרשאַווסקי — איינער פון די טאַלענטפולסטע און טראַגישסטע יידישע פּראָזאַיקערס — איז געבוירן געוואָרן אין סאָכאַטשעוו ביי וואַרשע אין יאָר 1898. צו זיינע 22 האָט ער אויפגעשריבן זיין ראָמאַן „שמוגלאַרס" — וועגן שמוגל פון לעבענסמיטלען פון די שטעטלעך אַרום וואַרשע אין דער טויט־הונגעריקער הויפּט-שטאָט אַריין, בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג. דאָס בוך האָט וואַרשאַווסקין באַרימט געמאַכט, דערשינען אין מערערע אויפלאַגעס אין מע־רערע לשונות. א. מ. ווייסענבערג איז געווען זיין אַנטדעקער. 1920 באַזעצט זיך וואַרשאַווסקי אין וואַרשע, 1924 וואַנדערט ער אויס קיין פּאַריז. ער שרייבט ווייטער, אָבער ווייניק, גיט אַרויס נאָך אַ ראָמאַן — אָבער מיט אַ קנאַפּן דערפאָלג. דער־נענטערט זיך צו די קינסטלער־קרייזן, פּלאַנירט צו ווערן אַ מאָלער. לעבט אין גרויסער נויט. די יאָרן פון דריטן חורבן וואַנדערט ער, באַהאַלט זיך אין אַלערליי ערטער אין פראַנקרייך און איטאַליע. אין יאָר 1944 ווערט ער דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ... זיין בוך „שמוגלאַרס" האָט אַ סך וואַרשעווער קאַפּיטלעך, כאָטש די הויפּט־לאַנדשאַפט איז דאָרט דאָס שטעטל. פון דאָרט דאָס קליינע — 13־טע — קאַפּיטל פון 1־טן טייל וועגן די ערשטע טעג פון אָנקומענדיקן הונגער אין וואַרשע, וואָס האָט געפירט צום גרויסן שמוגל.

— נישטאָ, נישטאָ קאָ׳ ברויט. — מורמלט דער קרעמער.

— וואָס הייסט — נישטאָ?

— נישטאָ — איז נישטאָ. אַ באַפעל אַזעלכער איז דאָ, ווו מ׳עט זען ברויט, וועט מען עס צונעמען און נאָך באַשטראָפן... נו, מאַכט דער קרעמער, — גלוסט זיך נישט צו האָבן מיט זיי צו טון...

גייען זיי אַריין אין אַ צווייט געוועלבל, אין אַ דריטס, — אומעטום דער איי־ גענער ענטפער. נאָר אַז זיי האָבן געצאָלט, וויפל דער קרעמער האָט געפאָדערט, האָבן זיי סוף־כל־סוף באַקומען ברויט. אָבער לויט דער טייערקייט, האָבן זיי גע־ מעגט נאָר בלויז קוקן דערויף, נישט עסן...

ביים אַוועקגיין האָט זיי דער קרעמער געטרייסט:

ס׳עט זיין ברויט, ס׳עט זיין, מ׳עט טיילן אויף באָנעס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נייס ווידער?...

און גאַנץ וואַרשע, — ס׳פאַרשטייט זיך נישט די אויבערשטע טייל פון שטאָט, נאָר די אונטערשטע, — האָט געקרעכצט, געהיצט זיך און געשריען. אין פיל הייזער — צומיינסט אין די טונקל געפּאַרבטע, אָדער אינגאַנצן הילצערנע און אין קעלערס צווישן שוואַרץ־פאַרקראַכענע ווענט — זיינען געלעגן קינדער מיט פאַרטריקנטע מיילער; מיט צינגלעך, ווי שטיקלעך לעדער; און זיי האָבן געריסן פון די מאַמעס:

— ברויט, מאַמע, אַ שטיקל ברויט!

און די מאַמעס, אַ קלאָג איז צו זיי, ס׳אַרן זיי שוין גאָרנישט זייערע אייגענע פאַרטריקנטע מיילער און ברוסטן, אַבי זיי זאָלן נאָר פאַר דעם יינגסטן כאָטש אַרויס־ באַקומען אַ לעק מילך, כאָטש די ליפּלאַך אויפצופרישן, נאָר קוועטש, צי, — אויסגעטריקנט...

אין טייל ווידער קליינע, טונקעלע צימערלעך קומען זיך צונויף יונגע מענטשן און מ׳רעדט עפּעס סודותדיקס... ס׳קומען בליצן אַרויס פון די שוואַרצאַפּלען און מ׳שפּירט, אַז עס ווערט עפּעס נישט היימלעך... גאָט ווייס וואָס דאָ וועט זיך טאָן... וואָרן אַלץ, אי די גאַסן, אי די שטיבן זיינען פאַרהילט עפּעס אין אַ חושכדיקן שלייער, וואָס האָט זיך געלייגט איבער דער שטאָט, פונקט ווי אַ שווערע חושכדיקע מאַסע.

איבער די הייף און גאַסן פון די אָרעמע קוואַרטאַלן איז אַרומגעפלויגן אַ שרעקלעכער גייסט — איין זיפץ.

און אין די ברייטע, מיט האַלץ געפלאַסטערטע גאַסן, שטויסן זיך מענגעס־ מענגעס שפּאַצירנדיקע. עס איילן אויטאָמאָבילן, עס רוישט און עס זשומט דער טראַמווייען געקלאַנג אָן אויפהער, אויסמישנדיק זיך מיט די קולות פון מענטשן־ טומל.

און פון ערגעץ אַ פּאַלאַץ, וועלכן די דייטשן האָבן פאַרנומען אויף אַ רעגירונגס־ אָרט, טראָגן זיך פריידיקע קולות פון יונגע, געזונטע ברוסטן אַרויס. און פאַר־ נאַכט־צו, אַז די זון נעמט זיך טוקן און לאָזט זיך אַראָפּ אויף מערב, ווי אַ גרויס קיילעכדיק רויט איי, איבער וועלכן די נאַכט וועט זיך באַלד זעצן ווי אַ הון מיט אירע שוואַרצע פליגל, הייבט דורך די פענצטער פון דעם פּאַלאַץ אָן צו פאַרטויבן די גאַס די מוזיק פון די „זיגערס״. קלינגען אָפּ די שטאָלצע קולות: „דער רהיין,

**דער רהיין״... וועלכע רייסן זיך פון דאָרט אַרויס און צעפליען זיך ווייט און ברייט אַרום און אַרום...**

**און נישט נאָר צענדליקער און נישט נאָר הונדערטער שטעלן זיך אָפּ און נייגן צו די אויערן צו דער ,,מוזיק״. און אַז זי ענדיקט זיך, די לעצטע קלאַנגען מיט דער זון פאַרגייען און פאַרזונקען, לאָזן זיך ערשט דעמאָלט די פּאָרלאַך אַוועק אין דער ברייטער אַלעע און אין די גערטנער אַריין.**

פון בוך: שמוגלארס — וואַרשע, 1921.

## ד״ר לייב וואולמאַן

## ד״ר גרשון לעווין — דער ייד און דער דאָקטאָר



זייער ווייניק מענטשן האָבן די זכיה און די פּריווילעגיע אָנגערופן און דערמאָנט צו ווערן, נישט נאָר מיט זייער פאַמיליע־נאָמען אַליין, ווי עס פּירט זיך גע־זויינטלעך, נאָר אויך מיט אַ צוגאָב פון זייער ערשטן, אייגנטלעכן נאָמען אויך. צו די זעלטענע פאַלן געהערט דער נאָמען פון דר. גרשון לעווין.

יידן פון אַלע עקן פון אַמאָליקן, פאַרמלחמהדיקן פּוילן האָבן געשטראָמט צו דר. גרשון לעווין קיין וואַרשע נישט בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז ד״ר לעווין איז אַ גרויסער מומחה אויף לונגען־קראַנקהייטן, אַ שעף־אַרצט אין גרעסטן יידישן שפּיטאָל, און זיי קענען ביי אים באַקומען די בעסטע עצה און באַהאַנדלונג. זיי האָבן אויך געוווסט, אַז ער איז נישט בלויז ד״ר לעווין, נאָר הויפּטזעכלעך ד״ר גרשון לעווין. דער פאָלקסטימלעכער מענטש, דער יידישער דאָקטאָר, וואָס שעמט זיך נישט מיט זיין יידישן נאָמען, און דאָס האָבן זיי געשעצט נישט ווייניקער ווי זיין באַהאַוונטקייט אין מעדיצין.

זיי האָבן טיף אין האַרצן געפילט, אַז טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז אַ יידישער דאָקטאָר, וואָס איז טיף דורכגעדרונגען מיט יידישקייט, וואָס רעדט יידיש מיט זיינע פּאַציענטן — וועט ער זיי בעסער פאַרשטיין, זיי וועלן זיך קענען לייכטער אויסרעדן מיט אים, און ממילא וועלן זיי קענען באַקומען די ריכטיקע און פּאַסיקע עצה אין זייער קראַנקייט.

זיי פלעגן קומען צו ד״ר לעווינען, ווי צו אַ גרויסן מומחה און ספּעציאַליסט, כדי צו געפינען אַ תרופה אין זייערע פיזישע ליידן, און האָבן געפונען רו, מנוחה און געזעליקייט ביי גרשונען, דעם דאָקטאָר, דעם ייד, וועלכער האָט אַזוי איינפאַך, אין פשוטן יידישן לשון זיי מסביר געווען זייער קראַנקייט און וואָס מען דאַרף דערצו טאָן.

זיי האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַרן „קאָנסיליאַזש״, פאַרן דאָקטאָר, פאַר זיינע קענ־

---

ד״ר לייב — לעאָן — וואולמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887 אין בער־דיטשעוו. פון יאָר 1910 געקומען קיין וואַרשע, דאָ אויסגעשטודירט אויף דאָקטאָר־מעדיצין, דאָ געווען שטאַרק אַקטיוו אין יידישע מעדיצינישע געזעלשאַפטן, געשריבן ביכער אויפן געביט פון פאָלקס־היגיענע און רעדאַגירט צייטשריפטן. מיטאַרבעטער אין אויסגאַבעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. אין יאָר 1939 געקומען קיין אַמעריקע. נאָענטער פריינד און מיטאַרבעטער פון ד״ר גרשון לעווין (1868־1939) — דעם יידישן פאָלקס־דאָקטאָר פון וואַרשע.

טעניש און גרויס וויסן. זיי האָבן זיך מסתמא געפילט דערשראָקן און פאַרלאָרן, אָנקוקנדיק די גרויסע פּאָליצעס מיט ביכער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם דאָקטאָר אין זיין קאַבינעט, די מאָדערנע אינסטרומענטן און אַפּאַראַטן, וואָס ער האָט באַנוצט ביי דער אונטערזוכונג. אַ מחיצה, אַ דיסטאַנץ איז געווען צווישן זיי און דעם מענטשן אין ווייסן פאַרטוך. דאָס אַלץ איז אָבער באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווען עס האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט, אינעם ד״ר לעווין, דער יידישער גרשון, דער מענטש, וואָס האָט מיט זיין גאַנצן אויסזען, מיט זיין יידישן הדרת פּנים אַזוי געמיטלעך און באַרויקנדיק געווירקט אויף זיינע יידישע פּאַציענטן. די מורא, שרעק און פאַרלאָרנקייט אינעם דאָקטאָרישן קאַבינעט האָט זיך איינגאַנצן ביי זיי אָפּגעטאָן, ווען דער גרויסער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבן מיט זיי צו רעדן נישט אין גרויס־פּוילישן לשון, פון אויבן אַראָפּ, נאָר איינפאַך, מענטשלעך, אין אַ פּשוטן מאַמע־לשון און ענטפערן זיי מיט אמתער יידישער חריפות און געזונטן פאָלקס־הומאָר אויף זייערע שאלות וועגן זייערע קראַנקייטן. זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַ באַרימטן דאָקטאָר וואָס רעדט צו זיי אַזוי יידישלעך און מענטשלעך, מיט איינזען און פאַרשטאַנד און דאָס האָט באַרויקט זייערע אויפגעשרויפטע נערוון, געשטילט זייער געבראָכן געמיט און רויקע פלעגן זיי פאַרלאָזן זיין קאַבינעט מיט בטחון אין אַ רפואה שלימה בקרוב...

ד״ר לעווין האָט גערעדט יידיש נישט נאָר ביי זיך אין דער היים, נאָר אויך אין שפּיטאָל — מיט די קראַנקע, מיט קאָלעגן־דאָקטוירים, וועלכע האָבן גערעדט און פאַרשטאַנען יידיש און אויך מיטן שפּיטאָל־פּערסאָנאַל.

דאָס איז געווען אַ סענסאַציע אין יענער צייט, אין סאַמע אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט, ווען די אַסימילאַציע צווישן יידן אין פּוילן האָט אַזוי שטאַרק געבליט.

ד״ר גרשון לעווין האָט געשטאַמט פון קאָנגרעס־פּוילן, איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין דער אַלטער פּוילישער שטאָט לובלין, און זיין רעדן יידיש בפרהסיא איז געווען דעמאָלט ממש ווי אַן אַרויסרוף, אַ רעוואָלט. עס האָט געגאָלטן דעמאָלט ווי אַ נישט געשריבענער געזעץ, אַז דאָקטוירים דאַרפן, כדי אַרויסצורופן רעספּעקט צו זיך, רעדן מיט זייערע יידישע פּאַציענטן בלויז פּויליש, און יידיש־לשון — גערופן מיטן חוזק־נאָמען „זשאַרגאָן" — פּאַסט נישט פאַר אַ דאָקטאָר.

דער דאָזיקער געזעץ, וואָס איז געווען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, האָט אָנגעהאַלטן צענדליקער יאָרן ביזן לעצטן קריג און חורבן פון פּוילן.

אין וואַרשעווער יידישן דאָקטוירים־פאַראיין האָט מען קיינמאָל נישט געהערט קיין יידיש וואָרט, אין קעגנזאַץ צום ווילנער יידישן דאָקטוירים־פאַראיין, ווו יידיש איז געווען די דאָמינירנדיקע שפּראַך פאַר רעפעראַטן און דיסקוסיעס.

אין די דאָזיקע באַדינגונגען איז דאָס רעדן יידיש ביי דר. לעווין אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אין שפּיטאָל, אין טראַמוויי און מיט פּאַציענטן אין דער היים געווען אַ געוואַלדיקער אויסנאַם, כמעט אַ דרייסטקייט, וואָס האָט געווירקט אָנציענדיק אויף די יידישע פאָלקסמאַסן אין לאַנד, אין זייער קאַמף פאַר יידיש לשון, פאַר נאַציאָנאַלע רעכט.

מיט יאָרן שפּעטער האָט ד״ר לעווין איינגעפירט אַ נייעם אויפטו, וואָס איז ווידער געווען אַן איינברוך אין דער אָנגענומענער טראַדיציע פון דער יידישער מעדיצינישער פּראָפעסיע אין פּוילן. ער האָט נעמלעך געמעלדעט, אַז מהיום והלאה

ווען ער אָנהויבן אויפנעמען פּאַציענטן אויך זונטיק און ווען האָבן זיין אָפּרו־טאָג פרייטיק, אָנשטאָט זונטיק. ער האָט דעם נייעם איינפיר דערקלערט דערמיט, וואָס יידישע פּאַציענטן, באַזונדערס רעליגיעזע יידן, האָבן זונטיק דעם איינציקן פרייען טאָג, ווען זיי קענען קומען צו אַ דאָקטאָר, און פרייטיק ווידער איילן זיך יידן צו קבלת שבת און ווילן אויסמיידן מחלל שבת צו זיין. ער האָט דעריבער אויפגעגעבן פרייטיק אַלס אויפנאַם־טאָג און פאַרביטן אים אויף זונטיק.

דער שטראָם פון אַסימילאַציע האָט אין יענער צייט פאַרפלייצט אַ סך יידישע אינטעליגענטע הייזער, האָט באַהערשט דאָס אייגענע הויזגעזינט פון ד״ר לעווין און האָט געדראָט אַריינצורייסן זיך אין זיין קאַבינעט, אין זיין אינטימען לעבן. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן שטראָם מיט די וואָפנס, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין טאַטן — דעם חזן אין דער גרויסער שול אין לובלין — מיט יידישקייט, יידיש לשון, יידישער ליטעראַרישער אַרבעט, מוזיק און כלל־טועריי. דאָ האָט ער זיך אויסגעלעבט, געפונען זיין אינערלעכע מנוחה און געווען אינגאַנצן מיט זיך אַליין. אָפּזיצנדיק אָוונטן גאַנצע ביי זיין שרייבטיש, ביים שרייבן פעלעטאָנען צוערשט אין דער „הצפירה״ און שפּעטער אין „היינט״, צי קאַפּיטלען פון זיינע זכרונות, צי גאָר אַ פּאָפּולערן אַרטיקל אין אַ מעדיצינישער צייטשריפט, אָדער שפּילנדיק וויאָלאָנטשעל אין אַ טריאָ פון קאָלעגן מוזיק־ליבהאָבער — איז ער געווען ווייט, ווייט פון זיין אַרומיקער וועלט, פון זיין אייגן הויז, שפּיטאָל, דאָקטוירים־משפּחה. ער איז געווען אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון זיינע אייגענע חלומות און בענקשאַפטן, צוריק אינם אַלטן לובלין פון זיין צאַרטער יוגנט.

אין ד״ר לעווינען איז לאַנגע יאָרן אָנגעגאַנגען אַ טיפער אינערלעכער געראַנגל צווישן צוויי הויפּט־שטרעמונגען אין זיין פּערזענלעכקייט, צווישן דעם יידישן גרשון, דעם לובלינער שטאָט־חזנס זון, און דעם געבילדעטן, אויסגעשטודירטן דאָקטאָר־מעדיצין.

דר. לעווין איז געווען אַ גוטער, באַהאַוונטער און דערפאַרענער אַרצט, האָט ערנסט זיך באַשעפטיקט מיט זיין פּראָפעסיע און געוויסנהאַפט דערפילט זיינע מעדיצינישע פליכטן. ער האָט באַנומען זיינע מעדיצינישע פליכטן אין אַ פיל ברייטערן זין, ווי געוויינטלעך. לויט אים איז די ראָל פון דאָקטאָר באַשטאַנען נישט נאָר פון בלויז היילן קראַנקהייטן, נאָר אויך זיי צו פאַרמיידן און פאַרהיטן, נישט נאָר פון פאַרריכטן די שוין פאַראַנענע פאָלגן פון קראַנקייטן, נאָר איבערהויפּט אויסוואָרצלען און באַזייטיקן די סיבות זייערע דורכן פאַרבעסערן פון די אַלגעמיינע לעבענס־באַדינגונגען. דערמיט דערקלערט זיך דער גרויסער אינטערעס וואָס ד״ר לעווין האָט געהאַט פאַר דער טעטיקייט פון דער יידישער געזונט־שוץ־געזעלשאַפט „טאָז״, וועלכע ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע כלל־טוער פאַרלייגט און אָנגעפירט מיט אַזוי פיל גלאַנץ און דערפאָלג אין משך פון לאַנגע יאָרן, ביז די סאַמע לעצטע טעג פון זיין לעבן. דאָך אָפּגעזעען דערפון האָט ד״ר לעווין זיך נישט אויסגעלעבט פולקאָם אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט און פּראַקטיק און נישט געפונען אין זיי קיין פולע באַפרידיקונג פאַר זיינע נשמה־באַגערן, פאַר זיין גייסט.

די דאָזיקע באַפרידיקונג האָט אים אָבער געגעבן זיין ליטעראַרישע אַרבעט, זיין באַשעפטיקונג מיט יידישע קולטור־ענינים, זיין ברייטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָ האָט ער זיך אַנטפּלעקט מיט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין רייכער פּערזענ־

לעכקייט, וואָס האָבן אים געשאַפן אַזוי פיל ליבשאַפט און אָנערקענונג אויף דער יידישער גאַס.

אינטערעסאַנט איז, אַז צו דער יידישער ליטעראַטור איז ד״ר לעווין געקומען דווקא פון דער מעדיצין, פון דער מעדיצינישער פּראַקטיק.

אַלס אינטערניסט און לונגען־ספּעציאַליסט האָט ער געהאַט צווישן זיינע פּאַציענטן אַ סך אָנגעזעענע יידישע ליטעראַטן און שרייבער. צווישן זיי זיינען געווען ה. ד. נאָמבערג, בעל־מחשבות, יעקב דינעזאָן, ש. אַנ־סקי, י. מ. ווייסענבערג, ז. סעגאַלאָוויטש און אַנדערע. באַקענענדיק זיך מיט ד״ר לעווינען נעענטער און הערנדיק ווי ער דערציילט וווּנדערבאַר וועגן פאַרשידענע געשעענישן און איבערלעבונגען מיט אַזויפיל געזונטן און פיינעם הומאָר און אין אַ זאַפטיקער יידישער שפּראַך — האָבן זיי אים באַוויגן צו שרייבן און צו דערציילן. ביסלעכווייז איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ליטעראַרישער משפחה, אָנגעהויבן זיך צו דרוקן און איבערגענומען אַ שטענדיקן וועכנטלעכן פעליעטאָן אין „היינט״ און מיט דער צייט געוואָרן דער פּאַטראָן פון אַ סך ליטעראַטור־ און קולטור־אונטערנעמונגען אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ. ד״ר לעווין איז געווען גרינדער און לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון וואַרשעווער „הזמיר״; ער האָט אָנגעפירט מיט די באַרימטע „קעסטל־אָוונטן״, וואָס י. ל. פּרץ האָט אַראַנזשירט, געווען פּאָרזיצער פון ש. אַנסקי־פאָנד, און שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — טיכטיקער אָנפירער פון דעם י. ל. פּרץ־אוהל־קאָמיטעט. בכלל איז ד״ר לעווינס קאַבינעט אויף מיאָדאָווא 11 געווען דאָס וויגעלע פון אַ סך געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. דאָ איז געגרינדעט געוואָרן דער „הזמיר״, דאָס יידישע אַקאַדעמישע הויז, דער יודאַיסטישער אינסטיטוט, דער ש. אַנסקי־פאָנד, „בריאות״, „טאָז״, שול־קולט און אַ ריי אַנדערע געזעלשאַפטן. ער האָט זיי געווידמעט פיל צייט און ענערגיע און איז געווען אַ לאַנגע צייט זייער פאַראַנטוואָרטלעכער פירער און עסקן. צו גלייכער צייט האָט ער געפירט זיין גרויסע מעדיצינישע פּראַקטיק און פאַרנומען זיך מיט אינטענסיוון שרייבן, אַרויסלאָזנדיק דריי ביכער מיט זכרונות וועגן רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, ערשטער וועלט־מלחמה און דער כאָלעראַ־עפּידעמיע, אַ מאָנאָגראַפיע וועגן י. ל. פּרץ און אַ ריי בראָשורן וועגן טובערקולאָז, היגיענע און געזונט ביי יידן לויט דעם תנ״ך און תלמוד א. אַ.

ד״ר ג. לעווין איז געשטאָרבן תיכף נאָכן אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, גלייך נאָכן אַריינטריט פון די דייטשע חילות קיין וואַרשע.

גרוילעך, אומהיימלעך איז געווען די לוויה פון ד״ר לעווין. אין אַ שטאָט, וווּ קינד און קייט האָבן אים געקענט, וווּ עס איז נישט געווען כמעט קיין איין יידיש הויז, וועלכן ער זאָל נישט באַזוכן אַלס דאָקטאָר, וווּ זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט צו טויזנטער מענטשן — איז ער געקומען צו קבר ישראל אין גרויס איילעניש, באַגלייט בלויז דורך זיין פרוי און קינדער און אַ פּאָר פאַמיליע־פריינט.

פון דער צייטשריפט „פאָלקסגעזונט״, פּאַריז, 1949.

# מיכאל ווייכערט

## מיין אויפפירונג פון שלום אַשס „קדוש השם״



פאַר די דראַמאַטישע טרופּעס איז רעפּערטואַר נישט געווען קיין פּראָבלעם, נאָר אַ צרה. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין קלאָגן: נישטאָ וואָס צו שפּילן. איך האָב געטענהט פאַרקערט: אַזאַ שפע פאַראַן, אַז כ׳ווייס נישט וואָס פריער; איך נעם מיך אונטער צו באַליווערן צען יאָר נאָכאַנאַנד דריי דראַמאַטישע טרופּעס מיט רעפּערטואַר. מען האָט עס געהאַלטן פאַר פּוסטער באַרימעריי.

נישט בלויז רעפּערטואַר איז געווען פאַרטיק פאַר אַ דראַמאַטיש טעאַטער אין וואַרשע, אויך אַנדערע צוגרייטונגען זענען געמאַכט געוואָרן. לויט מיין איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער טעאַטער־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין פאָרשטייערס פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין, אַרטיסטן־פאַריין, שול־אָרגאַניזאַציע, קולטור־אַמט, אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געדאַרפט נאָך צוגעצויגן ווערן; פאַר דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן ה. ד. נאָמבערג, דער דעמלטיקער פאָרזיצער פון ליטעראַטן־פאַריין. כ׳האָב פאָרגעלייגט דעם קאָמיטעט, ער זאָל פירן אַ טעאַטער אויף אייגענעם חשבון ווי די געזעלשאַפטלעכע קאָמיטעטן אין קראָקע און ריגע. דער וואַרשעווער קאָמיטעט האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך קיין התחייבותן לגבי די אַקטיאָרן, ער איז אָבער געווען גרייט צו סובסידירן אַ דראַמאַטיש טעאַטער. דער אונטערנעמער י. באָרקאָווסקי האָט דערקלערט, אַז ער וועט צונויפשטעלן אַ דראַמאַטישע טרופּע אויף גאַזשע, אויב ער וועט באַקומען פון קאָמיטעט אַ סובסידיע פון 15,000 זל. די בעסטע אַרטיסטן מיט א. סאַמבערג און ש. לאַנדוי בראש האָבן זיך שריפטלעך מתחייב געווען צו אַרבעטן אין אַ דראַמאַטיש טעאַטער.

---

ד״ר מיכאל ווייכערט — געבוירן אין יאָר 1890 אין סטאַרע־מיאַסטאָ, מזרח־גאַליציע. קינדהייט און יוגנט אין סטאַניסלע, 1908 אָנטיילגענומען אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ. שפּעטער — ווין, בערלין און זינט 1918 אין וואַרשע. יוריסט, גימנאַזיע־לערער, קולטור־טוער — און איבער אַלץ רעזשיסער און טעאַטער־אויפטוער. גרינדער פון דראַמאַטישע יידישע שולעס, טעאַטער־סטודיעס און עקספּע־רימענטאַלע טעאַטערן. דערציער פון אַ דור יידישע אַקטיאָרן. טעאַטער־פאָרשער און שריפטשטעלער. מחבר פון ביכער וועגן טעאַטער און זכרונות. זיין גרעסטער רעזשי־סערישער דערפאָלג איז געווען די אינסצעניזאַציע פון אַשס „קדוש השם״ — נאָך דעם „דיבוק״ — דאָס מייסט־געשפּילטע יידישע טעאַטער־שטיק אין וואַרשע. — — אין די יאָרן פון דריטן חורבן — אין וואַרשע, שפּעטער קראָקע. צום סוף אין באַהעלטעניש ביז 1945. זינט 1958 אין מדינת ישראל.

עפּענען האָט זיך געזאָלט דאָס דראַמאַטישע טעאַטער מיט שלום אַש „קדוש השם" אין מיין סצענישן צוגויפשטעל. שוין לאַנג האָט מיך גערייצט דאָס איבערפלאַנצן אַ דערציילערישע שאַפונג אויף דער בינע, אַזוי אַז זי זאָל נישט פאַרלירן איר עפּישן כאַראַקטער. מיינע געדאַנקען האָב איך אַנטוויקלט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (נ"ר 9 פון 1927).

פריער פון אַלץ האָב איך באַשלאָסן: פאַר קיין פאַל נישט צו מאַכן אַ „דראַמע" אין אַקטן און נישט צוצושרייבן קיין טעקסט. געפירט האָט זיך סיי אין יידישן און סיי אין אייראָפּעישן טעאַטער, אַז דער באַאַרבעטער לאַטעט מיט אייגענער פּראָזע, ווען ער געפינט נישט ביים מחבר וואָס ער דאַרף. עס טרעפט, אַז אַפילו דאַן, ווען ער קאָן נעמען טעקסט ביים מחבר, באַנוצט ער זיך מיט אייגענעם, ווייל ער האַלט אים פאַר אַ בעסערן. אין יענע יאָרן איז אין אייראָפּעאישן טעאַטער צוגעקומען אַ פרישער שותף צום מחבר: דער מאָדערנער רעזשיסער. אויך ער האָט אַריינגעבראָכט אייגענע פּראָזע, ווען ער האָט זי געדאַרפט צוליב רעזשיסערישע איינפאַלן. איך האָב געהאַלטן — און האַלט עד היום —ביידע זאַכן פאַר נישט דערלאָזלעך. אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל האָב איך געשריבן: „שפּראַך איז דער טיף־אייגנסטער מאַטעריאַל פון דיכטער. דער אורקוואַל, פון וועלכן ער שעפּט. צושרייבן אים טעקסט — הייסט: שפּייען אין זיין ברונעם."

גאָרנישט הרגעט אַזוי אָפּ די פּליסיקייט און דעם חן פון אַ דערציילונג ווי דאָס אַריינפּרעסן זי מיט כוח אין דריי צי פיר פעסטגעבויטע אַקטן. האָב איך אויסגעקליבן די פאָרם פון בילדער, וואָס זענען אויסן בלויז צו אילוסטרירן סצעניש די דערציילונג. כ'האָב געוווסט, ווי גרויס ס'איז די סכנה פון לויזע בילדער פאַר דער בינע. זיי ווילן דאָס אויג, אָבער זיי דערוואַרעמען נישט דאָס האַרץ פון צוקוקער. זיי לאָזן אויפציטערן אַ געפיל, אָבער דערלאָזן עס נישט פאַנאַנדערוואַקסן, אויסהאָבן זיך. יעדעס בילד וועקט פאַראינטערעסירונג און יעדעס ווייטערדיקע פירט זי איבער; איידער עס באַוויזט נאָך אָנצוואַרעמען, קומט אַ דריטס.

כדי אויסצומיידן די דאָזיקע סכנה, וואָס איז געווען מסוגל צו באַגראָבן די גאַנצע אויפפירונג, זי זאָל נישט אויפשטיין קיין תחית המתים, האָבן זיך געפאָדערט שטאַרקטע מאָסמיטלען. איך האָב איינגעזען: די בילדער מוזן פאַרכאַפּן איינציטיק אויג, אויער און האַרץ פון צוקוקער; זיי מוזן זיין קורצע און אָנגעלאָדענע מיט געהאַמעוועטן כוח; זיי מוזן אָנוואַקסן אַזוי, אַז יעדעס קומענדיקע זאָל זיין שטאַרקער פון פריערדיקן; זיי מוזן זיך אָפּוויקלען כמעט אָן איבעררייס; זיי מוזן פאַרבונדן ווערן אויף אַ קינסטלערישן אופן אין איין גאַנצקייט.

קיין בעסער מיטל צו פאַרבינדן די בילדער ווי מוזיק האָב איך נישט געפונען. אין יידישן טעאַטער איז מוזיק געוויס נישט געווען קיין נייעס. כידוע האָבן אין דער אָפּערעטקע און מעלאָדראַמע פאָלקסטימלעכע און אָפט גאַסיקע מעלאָדיעס געכשרט דעם גאַנצן אומזין פון אַקציע, סיטואַציעס, כאַראַקטער־צייכענונג. אין דער דראַמע פלעגט מוזיק לויטן אייראָפּעישן מוסטער צושפּילן צו אַ געזונגען לידל, אונטערמאָלן אַ שטימונג, אילוסטרירן אַ סצענע. אין אַלע דריי פאַלן איז זי געווען אַ צוטשעפּעניש, אַ באַפּוצונג, אַ טפל. אין דער אינסצעניזאַציע פון „קדוש השם" האָט זי געדאַרפט זיין דער עיקר. אין איר האָט געדאַרפט זיין איינגעבעט דער גאַנצער ספּעקטאַקל. די אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע האָט געדאַרפט וואַקסן אָרגאַניש

פון דער מוזיק פון מחברס וואָרט און דורכוועבן די גאַנצע אויפפירונג. נאָכן פאַר־ענדיקן די אינסצעניזירונג בין איך אַריינגעפאַרן קיין לאָדזש צו הענעך קאָנען, איבערגעלייענט אים דעם טעקסט און דערציילט, ווי איך שטעל מיר פאָר די מוזיק.

ה. קאָן האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענעם חוש פאַר סצענישער מוזיק. ער האָט געקאָנט אַריינדרינגען אין די כוונות פון רעזשיסער, אַריינפילן זיך אין דער אַטמאָס־פער פון אַן אויפפירונג, אין דער סיטואַציע פון אַ סצענע. די מוזיק צו „קדוש השב" האָט ער באַהאַנדלט לייטמאָטיוויש. וואַריאַציעס פון די לייטמאָטיוון האָבן אויסגעפילט די קורצע מוזיקאַלישע אַריינפירן צו יעדן פון די פיר טיילן, האָבן פאַרבונדן די איינצלנע בילדער אויף אַזאַ אופן, אַז די מוזיק האָט אונטערגעכאַפּט די לעצטע ווערטער, מיט וועלכע אַ בילד האָט אויסגעקלונגען און צוגעפירט צו די ערשטע ווערטער פון ווייטערדיקן בילד. אַזוי אַרום האָט זיך פאַרוועבט אין איין קלאַנגלעך געוועב דאָס וואָקאַלע מיטן מוזיקאַלישן, דאָס גערעדטע וואָרט, דער רעטשיטאַטיוו, דער געזאַנג מיט דער אינסטרומענטאַציע.

דאָס צווייטע מיטל, וואָס האָט געדאַרפט פאַרבינדן די איינצלנע בילדער, איז געווען די דעקאָראַטיווע איינרעמונג. די 25 בילדער האָבן זיך געדאַרפט אָפּשפּילן אין איין סצענישער רעם. דער מאָלער וו. וויינטרויב האָט פּראָיעקטירט רעכטס און לינקס צו צוויי פילאָרן פאַרבונדענע אויבן אין דער קווער דורך אַ באַלקן. די דאָזיקע רעם איז געבליבן בעת דער גאַנצער פאָרשטעלונג, אויסבייטן האָט מען געדאַרפט בלויז קליינע לייוונטענע געמעלן אין פאָן און שטיקער באַמאָלטע דיקט אויף דער בינע. דאָס האָט געדאַרפט פאַרקומען ביים אָפענעם פירהאַנג אין דער פינצטער און האָט נישט געטאָרט געדויערן לענגער ווי אַ מינוט. זי איז געווען אויסגעפולט מיט מוזיק אַזוי, אַז דער צוקוקער זאָל נישט פילן דעם מינדסטן איבעררייס פון בילד צו בילד.

די בילדער גופא האָבן געמוזט זיין קורצע. דער כלל איז געווען: צימצומדיקייט. יעדעס בילד נישט פאַרענדיקט, נאָר אָפּגעהאַקט. אַ יוצא מן הכלל זענען געווען די פינאַלן פון די ערשטע דריי טיילן. כ'האָב איינגעטיילט די דאָזיקע טעאַטראַלע וואָקאַל־מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע אין פיר טיילן ווי אַ סימפאָניע איז איינגעטיילט אין פיר זאַצן. דריי פינאַלן האָבן אויסגעקלונגען ברייט, דער פערטער ווי אַ שפּי־ציקער טורעם האָט געקרוינט דעם בנין.

די צימצומדיקייט פון יעדן בילד האָט זיך געפאָדערט צוליב נאָך אַ טעם. תורה־לערנען, ליכט־בענטשן, אשת־חיל־זינגען, דאַווענען, מסדר קדושין זיין, אקדמות, ווידוי, תהילים, שמע ישראל, ספרי תורות, חופּה־שטאַנגען — דאָס זיינען סיטואַציעס און רעקוויזיטן הונדערטער מאָל אָפּגענוצטע, פאַרשוועכטע, געשענדעטע אין אָפּערעטקעס און מעלאָדראַמעס. אַלט יידיש טעאַטער האָט האָלט געהאַט אַזעלכע סצענעס ברייט צו צעגיסן און צעשמירן ביז איבלקייט. האָב איך נישט געטאָרט דערלאָזן, יענע שמן־זיתדיקייט זאָל זיך אַריינרייסן כאָטשבי אויף איין רגע. קאַרגע ווערטער, איינגעהאַלטענע באַוועגונגען, פעסטע מיזאַנסן, אַן אָנמערק פון דעקאָראַציע, לייכט סטיליזירטער קאָסטיום, מוזיק פון וואָרט און קלאַנג — דאָס אַלץ האָט געדאַרפט דערהויבן דעם ספּעקטאַקל צו ראָמאַנטישן רעאַליזם.

מוזיק האָט מיר אויך אַרויסגעהאָלפן ביים פינאַל. אַז די טראַגעדיע פון ת"ח קאָן זיך נישט פאַרענדיקן — ווי ביים מחבר — אויפן לובלינער יאַרמאַרק, ווו דאָס

שניידערל שטייט פאַר אַ ליידיק געוועלבל און פאַרקויפט בטחון — איז גלייך פאַר מיר קלאָר געוועזן. אָבער אויך מיט דבורהלעס טויט בקדושה ובטהרה פון פאַר־ליבטן קאָזאַקס שאָס האָט נישט געקאָנט אויסקלינגען דער מוראדיקער חורבן פון יידישן ישוב אין אוקראַינע. פאַרן טויט על קדוש השם וואָלטן אויך די שטאַרקסטע ווערטער געווען צו שוואַך. בלויז מוזיק האָט געקאָנט אויסדריקן דאָס, וואָס איז געווען די הויפּט־אידעע פון דער אויפפירונג: דערהויבנקייט און הערויזם.

דאָס דראַמאַטישע טעאַטער איז נישט צושטאַנד געקומען. און געשען איז גאָר עפּעס אַנדערש.

• • •

אין יענער צייט איז די „ווילנער טרופּע" צוריקגעקומען פון רומעניע, האָט זיך באַזעצט אין לעמבעריק, געשפּילט א. דימאָווס „דער זינגער פון זיין טרויער" אין יעקב שטערנבערגס רעזשי, אויפגעפירט יעקב פּרעגערס „נסיון" און פרידריך העבבעלס „יהודית און האָלאָפערנעס" אין דוד הערמאַנס און פראַנטשישעק לאַנגערס „פּעריפעריע" אין יעזשי וואַלדענס רעזשי. ויהי היום, וואַקסט אויס ביי מיר מ. מזאַ"ה און לייגט מיר פאַר גלייך — ווי זיין שטייגער איז — כ'זאָל אויפפירן „קדוש השם" ביי די „ווילנער".

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז ס'איז סחורה? איר האָט דאָך אַפילו נישט געהערט די פּיעסע! ווער קויפט דאָס אַ קאַץ אין אַ זאַק?

— איך פאַרלאָז מיך אויף אייך.

— אָבער ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער, אויב זי וועט שוין אַרויס פון זאַק? די טרופּע זיצט אין לעמבעריק, איך בין אין וואַרשע אַ מלמד אין גימנאַזיע. אַריבער־כאַפּן זיך צו אייך וואָלט איך געקאָנט בלויז פּסח־צייט, ווען די לימודים קומען נישט פאָר, אויף צען טעג. פיר יום־טוב־טעג שפּילט מען נאָכמיטאָג, בלייבן אויף פּראָבעס זעקס. און איך דאַרף האָבן אויף די צוגרייטונגען פולע פיר וואָכן.

— וועט די טרופּע קומען קיין וואַרשע.

— צוליב די רעפּעטיציעס צו „קדוש השם"?

— אויך צוליב דעם. מיר ווילן נישט בלייבן פאַרשפּאַרט אין דער פּראָווינץ, מיר ווילן שפּילן אין וואַרשע. מוזן מיר האָבן נייעם רעפּערטואַר.

— פאַר וואַרשע איז אייער אַנסאַמבל צו שוואַך. אגב, האַלט ער זיך אין קרישלען. „קדוש השם" איז אַ פּיעסע פאַר אַקטיאָרן.

— איר וועט האָבן אַלע אַקטיאָרן, וועלכע איר וועט וועלן.

— ווייסט איר מיט וואָסערע הוצאות די אויפפירונג איז פאַרבונדן? וויינטרויב האָט אויסגערעכנט, אַז דעקאָראַציעס און קאָסטיומען דאַרפן אָפּקאָסטן אַ פיר טויזנט זלאָטעס.

— זיי וועלן געוויס קאָסטן מער. מאָלערס זענען קנאַפּע בעלי־חשבון. אָבער דאָס קאָן נישט זיין קיין אָפּהאַלט.

— האָט איר געלט אויף די הוצאות?

— נישט איין גראָשן.

— ווי אַזוי ווילט איר צוטרעטן צו די פּראָבעס?

— מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלט, ווען מיר זענען צוגעטרעטן צו פּראָבעס, אָבער צו דער פּרעמיערע האָט גאָרנישט געפעלט, וואָס דער רעזשיסער האָט פאַרלאַנגט. אייערע באַדינגונגען, דאָקטאָר ווייכערט?

— כ׳האָב נישט געטראַכט וועגן דעם. איך וויל מיך נאָך מיישב זיין וועגן עצם ענין. כ׳וויל מיך אויך באַראַטן מיט קאַנען און ווײַנטרויבן.

— אַן איבעריקע טירחה. כ׳האָב גערעדט מיט ביידע. זיי זענען מסכים.

— האָט איר מיר, הייסט עס, אָפּגעטון אויף טערקיש?

— ווי איר זעט. באַטראַכט אייך וועגן אייערע באַדינגונגען און גרייט צו אַ שריפטלעכן אָפּמאַך. ווען איך וועל דאָס צווייטע מאָל זיין אין וואַרשע, וועל איך אים חתמנען.

— אין אָפּמאַך וועל איך אַריינשרייבן די נעמען פון די אַקטיאָרן, וועלכע איך וויל האָבן און כ׳וועל מיר באַוואָרענען פולע פיר וואָכן פּראָבעס.

— מיטן שענסטן כבוד.

אינגיכן האָט מזאָ״ה געחתמעט דעם אָפּמאַך. איינצייטיק האָט ער געשלאָסן אָפּמאַכן מיט קאַנען, ווײַנטרויבן און רעכטלעבענען ווי דעם פאָרשטייער פון שלום אַש און האָט געדינגען דאָס טעאַטער „עליזעום״ אויף קאַראַווע. סוף מערץ 1928 איז די טרופּע געווען אין וואַרשע, אָנהייב אַפּריל זענען מיר צוגעטרעטן צו די רעפּעטיציעס.

נאָך דער לייען־פּראָבע האָב איך איינגעטיילט די ראָלן אויסגעשריבענע אויף אַ מאַשינדל. דער יידישער אַקטיאָר איז געווען געוווינט צו וועגן אויף דער האַנט די ראָל, וואָס ער באַקומט. וואָס מער פּראָזע, אַלץ בעסער. דאָ האָט יעדער באַקומען צו דריי בלעטלעך, אויב נישט נאָך ווייניקער. בלויז סאַמבערג און ווייסליץ האָבן געהאַט עטוואָס מער טעקסט. ניי זענען געווען די קורצע בילדער און די קאַרגע ווערטער. מען קאָן נישט זאָגן, די אַקטיאָרן זאָלן זיין באַגייסטערט.

אָבער שוין בעת די ערשטע רעפּעטיציעס האָבן זיי זיך אָנגעצונדן. איך בין געקומען מיט אַ פאַרטיק רעזשי־בוך, ווו אַלץ איז געווען אויסגעאַרבעט ביז אין די קלענסטע פּרטים. די אַרטיסטן האָבן אין מיינע וויזיעס אַריינגעהויכט אַ נשמה, אָנגעפילט מיט זיין לעבן. עס איז געווען ווי אַ נישט־אָפּגערעדטער פאַרמעסט צווישן די אויספירער אפילו פון די קלענסטע ראָלן. יעדער האָט זיך געפלייסט איבערצו־שטייגן דעם צווייטן אין ברען, התמדה, דיסציפּלין, ציכטיקייט פון באַציונג, ריינקייט פון וואָרט, זויבערקייט פון באַוועגונג. אַ חיות איז געווען צו זען, ווי די ראָלן וואַקסן פון פּראָבע צו פּראָבע, ווי זיי באַקומען פלייש און בלוט.

א. סאַמבערגס מענדל איז געווען אַ פעסטע יאָדערדיקע געשטאַלט, ווי אַ בוים פאַרוואָרצלט אין דער ערד. האַרט אין שטאָלץ, פריי פון סענטימענטאַלישקייט. י. ווייסליצס שניידערל — אַ פאָלקסמענטש פול מיט אומענדלעכער גוטסקייט און גרויס ליבשאַפט, אָן דעם מינדסטן ניצוץ פון איבערוועלטישקייט, סימבאָליזם אָדער אַלעגאָריע, כולו מענטש און ברודער, אַפילו דאַן, ווען ער רעדט וועגן גאָט, בטחון, אמונה און תורה. מ. אָרלעסקאַ און ד. ליכט — דבורהלע און שלמהלע — יעדעס וואָרט זייערס — צאַרטסטע ליבע און ריינסטע צניעות. י. קאַמענס קאָזאַק יערעם — תמימותדיק פאַרקוקט אין דבורהלען ווי אין אַ הייליקער, באַגערנדיק זי און ציטערנדיק פאַר איר. ש. נאַטאַנס שיכורער קאָפּ — פולבלוטיק אין זיין אָפּשטויסנ־דיקער עקלדיקייט. י. מאַנסדאָרף און י. קורלענדער — צוויי פּרעכטיקע טיפּן פון פּרנסים, וואָס שפּרינגען פון דער הויט, ווען איינער וויל אָנרירן דעם כבוד פון צווייטנס... פּריץ.

„קדוש השם" האָט געהאַט אַ היבש ביסל א"ג מאָסן־סצענעס, ווי אין יעדן טעאַטער זענען אויך אין יידישן געווען פּראָפעסיאָנעלע סטאַטיסטן און כאָריסטן. צענדליקער יאָרן האָבן זיי באַשיינט אַלע אָפּערעטקעס און מעלאָדראַמעס. איך האָב באין אופן נישט געהאַט בדעה זיי אַרויפלאָזן אויף דער בינע. האָב איך געפועלט ביים דיריגענט מ. שניאור און ביים פאַרוואַלטער פון זיין „פאָלקס־כאָר" מ. דאַנציקערקראָן, אַז צוויי מנינים יונגע מענטשן פון כאָר זאָלן זיך באַטייליקן אין די פאָרשטעלונגען. זיי האָבן זיך געדאַרפט דאָס ערשטע מאָל באַווייזן אויף דער בינע. מיך האָט דאָס נישט געשראָקן. זיי זענען מיר געווען הונדערטער מאָל ליבער איידער די אָפּגעפאָרענע סטאַטיסטן. איך האָב מיט זיי באַאַרבעט דעם טעקסט, ה. קאָן די געזאַנגען, די שוועסטער ראָם די פּלאַסטיק. שוין אויף די ערשטע פּראָבעס האָבן זיי זיך אָנגעצונדן נישט ווייניקער פון די אַרטיסטן, אין ספּעקטאַקל האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ סך יוגנט און פרישקייט. פינף פון זיי זענען אַדאַנק „קדוש השם" געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן: לאָלאַ פאָלמאַן, ש. אָסעוויצקי, ליטעראַ און לעמבערגער — קאָנצערט־זינגער, יואל בערגמאַן איז פאַרבליבן אַן אַקטיאָר אין דער ווילנער טרופּע.

די אַקטיאָרן האָבן דערשמעקט סחורה און האָבן עס באַלד צעטראָגן אין גאַס. איןביידע פעסטונגען פון נישטפאַרגינעריי אין רכילות: טלאָמאַצקע 13 (ליטעראַטן־פאַריין) און לעש 2 (אַרטיסטן־פאַריין) האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. געוואַלד! ווי דערלאָזט מען עס, אַ טרופּע זאָל זיך מיט אייגענע הענט באַגראָבן ניין איילן אין דרערד? ווען האָט שלום אַש געהאַט אַ דערפאָלג אין יידישן טעאַטער? סיידן ער האָט געוויזן אַ „הייזל" ווי אין „גאָט פון נקמה" אָדער „קאַטשקעלעך" (גאַסן־פּרויען) ווי אין „מאָטקע גנב". אַלץ אַנדערע: „דער לאַנדסמאַן", „יחוס", „די יורשים", „אמנון און תמר", „דער זינדיקער" ביי די ווילנער, „אונדזער גלויבן" אין צענטראַל, „אָנקל מאָזעס" אין „וויקט" האָט געכאַפּט אַ סקאָסנע בראָך. ווען ליגט היינט אין קאָפּ גזרות ת"ח? זנות גיט דעם טעאַטער־עולם, זנות! פון ווען אָן איז ווייכערט אַ רעזשיסער? געלערנט ביי ריינהאַרדטן? עס הויבט זיך גאָרנישט אָן! אמת, ער האָט אַ גלענצנדע פעדער און איז אַ גרויסער מבין אויף טעאַטער (כדי צו לייגן דעם רעזשיסער, האָט מען געהויבן דעם שרייבער) — אָבער פון מבינות ביז רעזשי איז פאָלג מיך אַ גאַנג. הערט אַן איינפאַל פון אַ יאָלד! 25 בילדער אויף אַ בינעלע, וואָס איז גרויס ווי אַ טיל ומטר און האָט אַפילו נישט קיין „שנוראָווניע" (ווו מען קאָן אַרויפציען דעקאָראַציעס אין דער הויך אויף שטריק). פאַר אַזאַ אויפפירונג פאָדערט זיך אַ דרייבינע ווי אין „טעאַטר פּאָלסקי". אויף די אַקטיאָרן איז נעבעך אַ ביטער רחמנות, זיי לייגן אַריין דעם טאַטן און די מאַמען אין דעקאָראַציעס און קאָסטיומען און וועלן זיך קיינמאָל נישט אויסבאָדן פון די חובות. געוויס וועט זיך די טרופּע פאַנאַנדערפאַלן. אַ מצווה אויף זיי! זאָלן זיי נישט קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט!

די רכילות־טרייבעריי האָט זיך נישט באַגרענעצט אויף ביידע פאַריינען. אויך אין גימנאַזיע האָט מען געגראָבן. צווישן די באַדינגונגען, וואָס דער פאַריין פון מיטלשול־לערערס האָט אויסגעקעמפט, איז געווען אַ באַשטימונג, אַז לערערס מיט אוניווערזיטעט־דיפּלאָמען באַקומען אַ 20 פּראָצענטיקע הוספה צו דער גרונטיקער שכירות. ניין יאָר האָט מען מיר אויסגעצאָלט די דאָזיקע הוכפה. פּלוצים זאָגט

צו מיר די סערקעטאַרן פון „אסכלה‟, פרוי דאַווידאָוויטש, אונדזערע אַ הויז־פרײַנדין:

— האָט נישט קיין פּאַראיבל, ליבער הער דאָקטאָר, אָבער מען שטעכט אונדז אויס די אויגן, אַז אייער דיפּלאָם איז נישט אין אָרדנונג. האָט איר אינדערהיים אַ קאָפּיע?

— אַ קאָפּיע האָב איך נישט, אָבער דעם אָריגינאַל. מאָרגן וועל איך אים אייך ברענגען.

— מען דאַרף נישט. אייער דערקלערונג איז גענוג. איך וויל מיך נאָר אָפּטשעפּען פון בייזע צינגער.

די פּרעמיערע איז באַשטימט געוואָרן אויפן 2־טן מאַי 1928. אויף דער גענעראַל־פּראָבע איז אַלץ געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. געענדיקט האָט זי זיך נאָך זעקס אינדערפרי. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע. מרים אָרלעסקאַ, מזא״הס פרוי, האָט זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס די קראָען אויף טלאָמאַצקע 13 און לעש 2 האָבן געקראַקעט. אַנדערע אַרטיסטן זענען געבליבן רויק. פאַראַן אַן אַבערגלויבן אין טעאַטער, אַז אויב די גענעראַל־פּראָבע טויג אויף כּפּרות, וועט די פּרעמיערע האָבן דערפאָלג. חברה האָט זיך געקוויקט מיט די דאָזיקע חלשות־טראָפּן.

איך בין צוגעגאַנגען צו מזא״ה:

— איר זענט פּאַרמאַטערט, גייט אַהיים, לייגט אייך אַוועק. נאָר פריער וויל איך אייך עפּעס זאָגן. איך וואָלט עס געקאָנט טון נאָך דער פאָרשטעלונג. אָבער דעמאָלט וועל איך זיין אָדער א חשוב גדול אָדער אַ ביטערער יורד. וועט דאָס געזאָגטע האָבן גאָר אַן אַנדער טעם. אַ טעם פון טובה אָדער פון חניפה. און זאָגן וויל איך אייך אָט וואָס: אייער האַלטונג בעת דער גאַנצער אַרבעט איז געווען פון הויכן מענטשלעכן, קינסטלערישן און חברישן ווערט. איך האָב מיך ברייט פאַרמאָסטן. כ׳האָב געוואָלט, אַז אַלץ אויף דער בינע זאָל זיין פריש און ניי: אינסצעניזאַציע, מוזיק, אַרטיסטן, סטאַטיסטן, דעקאָראַציע, קאָסטיום. איר זענט ווי אַ געטרייער חבר געגאַנגען מיט מיר טראָט ביי טראָט. און קיינמאָל נישט געזאָגט „ניין‟, הגם איר האָט גוט געוווּסט, ווי ריזיקאַליש יעדע נייע אויפפירונג איז .דערפאַר זייט באַדאַנקט!

איך האָב אים פעסט געדריקט די האַנט.

הענעך קאָן האָט געוווינט ביי מיר. מיר זיינען ביידע געווען שטאַרק אויסגע־מאַטערט און מיר האָבן אַהיימגייענדיק נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ווען מיר זענען אַריין אין טויער פון סענאַטאָרסקע 6 און זיך געלאָזט איבער די הייף — געוווינט האָב איך אין פינפטן הויף — איז הענעך, וואָס איז געגאַנגען פאַר מיר, אין אַ געוויסן מאָמענט געבליבן שטיין, האָט אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ, פאַריסן אים אין דער הויך און געזאָגט:

— דאָקטערר, ס׳וועט זיין אַ שאָס!

אויסגעדרייט זיך צוריק און געגאַנגען ווייטער. איך האָב גאָרנישט גע־ענטפערט.

אויף דער פּרעמיערע האָבן די ערשטע צען רייען פאַרנומען פּרעסע־מענטשן. זיי זענען געקומען צו מיין לוויה. און אַזוי האָבן זיי זיך געהאַלטן. ערנסט, אַנגעצויגן,

טייל מיט רחמנות־פנימער, אַנדערע מיט נישט פאַרבאַהאַלטענער שמחה. (מיט אַ פאָר טעג שפּעטער האָט עס אהרן צייטלין באַשריבן אין אַ פעליעטאָן אין „אונדזער עקספּרעס״). די ווייטערדיקע רייען האָט געדיכט באַזעצט עמך. ווען דער פירהאַנג האָט זיך געעפנט, האָט פון די פאָדערשטע שטולן אַ וויי־געטאָן איף דער בינע מיט גליוועדיקער קאַלטקייט.

דער פינאַל פון ערשטן טייל האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אַפּלאָדיז. נאָכן איבעררייס האָט איינצייטיק פון דער בינע און פון די הינטערשטע רייען אָנגעהויבן שטראָמען אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. גענומען אין צוויי פייערן האָבן זיך די ערשטע רייען צעוואַרעמט. נאָך יעדן בילד האָט מען שטאַרק אַפּלאָדירט. אויף די איבעררייסן האָבן די אויגן פון באַזוכער געגליט. די פרעסע־מענטשן האָבן געמוזט קאַפּיטולירן. ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, איז אין גאַנצן זאַל אויסגעבראָכן אַ שטורמישע אָוואַציע. פון אַלע זייטן האָט מען גערופן: ווייכערט! ווייכערט! אויך די פען־לייט זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, האָ׳, געפּאַטשט בראַוואָ און גערופן מיך.

איך בין געווען אין די קוליסן. אַן אַרטיסט איז אַראָפּ פון דער בינע נאָך מיר. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק אַרויסצוגיין. כ׳בין געווען טויט־מיד און אַ מאָדנע ווידערגעפיל האָט מיך געשטיקט אין האַלדז. מזא״ה האָט אויף מיר גוזר געווען, איך זאָל די מינוט אַרויס אויף דער בינע. כ׳האָב אים נישט געפאָלגט. איז סאַמבערג אַראָפּ פון דער בינע און ביידע האָבן מיך מיט כוח אַרויסגעשלעפּט. דער פירהאַנג האָט זיך אַ סך מאָל פאַרמאַכט און געעפנט. דער עולם האָט באַגייסטערט אַפּלאָדירט. די פנימער פון די אַרטיסטן האָבן געשטראַלט פאַר פרייד. ס׳איז געווען אַ שאָס!

250 מאָל איז געגאַנגען „קדוש השם״ אין וואַרשע און שפּעטער אומצאָליקע מאָל אין אַלע גרעסערע שטעט פון פוילן. צו דער 100טער פאָרשטעלונג איז געקומען שלום אַש. ער האָט צום ערשטן מאָל געזען די אינסצעניזאַציע. ער האָט זי פריער אַפילו נישט געהאַט געלייענט, הגם ער האָט זי אויטאָריזירט. נאָכן דריטן טייל איז ער אַרויף אויף דער בינע און האָט געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט באַשיט מיט קאָמפּלימענטן די אַרטיסטן און מיך. צוו״אַנד האָט ער געזאָגט „ד״ר ווייכערט איז דאָס געוויסן פון דער יידישער ליטעראַטור״.

אויפן באַנקעט, וואָס די טרופּע האָט איינגעאָרדנט לכבוד שלום אַשן אין מאַלינע־זאַל פון האָטעל „בריסטאָל״, האָט ער געזאָגט צו מיר: „איר מוזט זייער פיל ווערט זיין, וואָרום איר האָט אַסך שונאים״. כ׳האָב געענטפערט: איך ווייס נישט, צי שונאים זיינען אַ ראיה צו ווערטיקייט איך בין קיינעם נישט קיין שונא. און צי אַנדערע זענען מיר שונאים — טראַכט איך נישט. כ׳האָב פשוט נישט קיין צייט דערצו.

(פון בוך: „זכרונות״ — באַנד „וואַרשע״, תל אביב 1961)

# משה ווייסמאַן

## ד״ר לודוויק זאַמענהאָף אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל



דער באַשאַפער פון „עספּעראַנטאָ״, דאָקטאָר לודוויק זאַמענהאָף, איז געווען ניט נאָר אַ געלערנטער, באַשאַפער פון אַ נייער שפּראַך, נאָר ער איז אויך געווען אַ סענטימענטאַלער מענטש, מיט אַ גוט האַרץ.

איך האָב געהאַט דאָס זעלטענע גליק צו קענען אים פון דער נאָענט, פינף חדשים, זעקס טעג אין וואָך. דעמאָלט האָב איך געזען אַז ער איז נישט ווי אַלע דאָקטוירים, אַז ער איז אַי אַ גוטער דאָקטאָר, און אויך א געפילפולער מענטש (אַז ער איז דער באַשאַפער פון אַ נייער שפּראַך, האָב איך דאַן נישט געוווסט). — אָט דאָס וואָס איך דערצייל איז פאָרגעקומען אין וואַרשע — די אַמאָליקע וואַרשע: די שטאָט אין וועלכער עס האָבן געלעבט הונדערטער טויזנטער יידן, ווען זי האָט געשמט מיט באַרימטע יידישע דאָקטוירים, מיט צדקה־חברות, מיט שפּיטאָלן, און אַנדערע אינסטיטוציעס. דער וואַרשעווער יידישער שפּיטאָל (אויף טשיסטע) מיט זיין גרויסן פאַרנעם, איז פאַר אָרעמע מענטשן געווען, ווי דער לייכט־טורעם פאַר אַ שיף אין אַ צעשטורעמטן ים. פון אומעטום (אויסער וואַרשע אַפילו) איז מען געפאָרן היילן זיך אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל, ווייל דאָרטן זיינען אַריינגע־גאַנגען די גרעסטע דאָקטוירים פון שטאָט.

אין אָקטאָבער 1901 האָט מען מיך אַ קראַנקן געבראַכט אין דעם שפּיטאָל. די אָפּטיילונג נומער פינף, וואוהין מ׳האָט מיך אַריינגעטראָגן, איז פול געווען מיט קראַנקע, האָט מען פאַר מיינעטוועגן אַוועקגעשטעלט אַ בעטל אין קאָרידאָר.

ווייל עס איז געווען פאַרנאַכט ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, האָב איך געדאַרפט וואַרטן אויפן צווייטן אינדערפרי אויף די רעגולערע דאָקטוירים. דערווייל האָב

---

משה ווייסמאַן — מחבר פון עטלעכע ביכער זכרונות — געבוירן אין יאָר 1885 אין סעמיאַטיטש. אין די יאָרן 1901 ביז 1913, ווען אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, אָפּט חדשים־לאַנג געווילט אין וואַרשע. אין אַמעריקע — פריער געווינט אין שיקאַגאָ און זינט 1922 אין לאָס אַנדזשעלעס. — — פון ווייסמאַנס זכרונות ברענגען מיר דאָ דעם פראַגמענט וועגן דעם געניאלן פילאָלאָג, דעם באַשאַפער פון עספּע־ראַנטאָ, דאָקטאָר לודוויקאָ זאַמענהאָף — (געבוירן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1859), וואָס האָט פון זיינע סטודענטן־יאָרן אָן געווינט אין וואַרשע, דאָ פּראַקטיצירט אַלס אַלגעמיינער דאָקטאָר, שפּעטער אַלס אויגן־ספּעציאַליסט — און געהאַט זיין קאַבינעט אויף דער דזשיקע גאַס. נאָך זאַמענהאָפס טויט אין יאָר 1917 (ער ליגט אויף דעם גענשער בית עולם) האָט מען די דזשיקע־גאַס אָנגערופן זאַמענהאָף־גאַס. זאַמענהאָף האָט אויך פאַרפאַסט אַ יידיש־גראַמאַטיק.

איך זיך דערוווּסט, אַז כמעט אַלע קראַנקע זיינען גאַנצע פּריצים דאָ ביי זיך! זיי ליגן זיך אין די בעטן, און אַלץ דאַרף דער וועכטער זיי צוטראָגן.

די נאַכט האָט זיך פאַר מיר אויסגעצויגן זייער לאַנג. אַ הוסטן פון די צימערן האָט זיך געטראָגן צו מיינע אויערן, און שלעכטע רעיונות האָבן מיך גענומען פּייניקן. נאָר דער נאַכט־וועכטער, וואָס איז מערסטנס געזעסן אין קאָרידאָר, איז אַלע ווײַלע צוגעקומען און גערעדט צו מיר: — ער האָט מיך געטרייסט און געגעבן גוטע האָפענונגען אַז פונדאַנען וועל איך אוודאי אַרויסגיין אַ געזונטער, מחמת די דאָקטוירים, און איבערהויפּט דאָקטאָר זאַמענהאָף, וועלן גוט אַכטונג געבן אויף מיר.

אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, זיינען אַריינגעקומען צוויי דאָקטוירים: איינער אַן עלטערער, דער צווייטער אַ יונגער מענטש. דער עלטערער איז געווען פּראָפעסאָר פריידענזאָן. ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ גרויען קאָפּ האָר, מיט אַ געשוירן שפּיציק בערדל. דער יונגער, אַ מיטל־געוויקסיקער, מיט שוואַרצע שיטערע האָר פאַרקעמט אין מיטן, מיט אַ שוואַרץ בערדל וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ לאָפּעטקע, און גאָלדענע ברילן אויף זיין דינער נאָז. איז געווען ד״ר לודוויק זאַמענהאָף.

איך בין געווען אַ נייער קראַנקער, און כ׳בין געלעגן אין קאָרידאָר, זיינען זיי ביידע צוגעקומען גלייך צו מיר. פריידענזאָן האָט געטאַפּט דעם פּולס, געקוקט אין מיינע אויגן אַריין, און גערעדט אויף אַ שפּראַך וועלכע כ׳האָב נישט פאַר־שטאַנען. דערנאָך האָט זאַמענהאָף זיך אָנגעגעזעצט לעבן מיר אויפן בעט, מיך אויסגעהערט מיט זיין טרובקעלע אויף מיין ברוסט, אויסגעקלאַפּט מיינע ריפּן, און געפרעגט ביי מיר עפּעס אין פּויליש. געהערט אַז מיין פּויליש איז ווייט פון צו זיין פּויליש, האָט ער געשמייכלט, און גענומען רעדן האַלב יידיש, האַלב דייטש.

ווידער איז אָנגעגאַנגען צווישן ביידע דאָקטוירים אַ לענגערער געשפּרעך, און זאַמענהאָף האָט פאַטערלעך מיך געגלעט, און געהייסן ליגן אין בעט רויק...

מיט די דאָקטוירים איז אויך מיטגעגאַנגען די הויפּט־שוועסטער (די „פּאַניע״ האָט מען זי דאָרט גערופן) און ד״ר זאַמענהאָף האָט אַ זאָג געטאָן צו איר: — „אים וועט איר מוזן אַריינלייגן אין אַ באַזונדערן צימער. אָט־דאָ איז פאַר אים ניט גוט״. אָבער די „פּאַניע״ קלערט אים אויף אַז ס׳איז נישטאָ קיין ליידיקע צימערן. זאָגט ער ווידער צו איר: „ער איז דאָך אַזוי יונג!... נעמט אַרויס פון אַ צימער עמיצן אַנדערש, און בייט זיי איבער״. און נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך ווי אַ יונגער פּריץ געלעגן אין אַ ריינעם, לופטיקן צימער, און געטראַכט וועגן דעם דר. זאַמענהאָף, ווייל אין מיינע זעכצן יאָר לעבן האָב איך אוודאי שוין געזען דאָקטוירים, אָבער יענע זיינען געווען מיט קאַלטע, אָנגעכמורעטע פּנימער און קאַלטע הערצער.

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו מיר געקומען די „פּאַניע״ און מיר אָנגעזאָגט, אַז דער שערער וועט מיר היינט אָפּשערן מיינע לאַנגע האָר. קיין גוטס האָט זי מיר דערמיט נישט געטאָן. די אויפרעגונג האָט מיין האַרץ פאַרערגערט. איך האָב ליב געהאַט מיינע לאַנגע האָר, און נישט געוואָלט זיי אָפּשערן. ווען ד״ר זאַמענהאָף איז געקומען און מיך אויסגעהערט, האָב איך אים געמוזט דערציילן דעם אמת. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער איז גלייך אַרויסגעלאָפן, און טאַקע גיך זיך צוריק־געקערט מיט דער „פּאַניע״. זי האָט מיר פאַרזיכערט אַז מיינע האָר וועט מען שוין ניט אָפּשערן.

עטלעכע וואָכן זיינען פאַרבייגעגאַנגען. דער ווייסער פּאַפּיר, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו מיין בעט, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער פאַרשריבן, דורך ד״ר זאַמענהאָף. מיין צושטאַנד איז נישט בעסער געוואָרן. אַ פּאָר מאָל אין וואָך איז געקומען צו מיר פּראָפעסאָר פריידענזאָן מיט אַלץ נייע דאָקטוירים, און זיי האָבן צווישן זיך כסדר געהאַט קאָנסיליומס.

אויף דער אַכטער וואָך, אין אַן אינדערפרי, האָבן זיך לעבן מיין בעט אַרומ־געשטעלט עטלעכע דאָקטוירים, און מיט זיי איז געווען אַ באַרימטער כירורג, ד״ר קראָזע; ער האָט מיט זיינע גלאַטע פינגער געטאַפּט מיינע ריפּן, און גערעדט מיט די איבעריקע דאָקטוירים אין לאַטייניש. אויפן אַנדערן טאָג, ווען ד״ר זאַמענהאָף איז צו מיר אַריינגעקומען, האָט ער מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה — אַז אין אַ וואָך אַרום וועט מען מיר מאַכן אַן אָפּעראַציע...

ווען מען ליגט אין אַ שפּיטאָל אַ לענגערע צייט, דערוווסט מען זיך שוין ווער איז ווער. האָב איך אויסגעפונען אַז ד״ר קראָזע איז דער בעסטער ווען עס קומט צו אָפּעראַציעס, כאָטש אַזוי איז ער אַ קאַלטער און אַ שטרענגער מענטש.

צום באַשטימטן טאָג אין אַ אינדערפרי, האָט מען מיך וואַרעם אָנגעטאָן און אַריבערגעפירט אין אָפּטיילונג נומער 2, ווו מען מאַכט די אָפּעראַציעס.

ווען איך בין שוין געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש, און אַ יונגער דאָקטאָר איז געשטאַנען לעבן מיר גרייט אַרויפצולייגן אויף מיין נאָז אַזאַ קיילעכיק זיפּעלע, האָב איך ערשט דערזען אַז ניט קראָזע גייט מאַכן די אָפּעראַציע, נאָר דער ד״ר שפּילריין. אַ דערשראָקענער האָב איך זיך געטאָן אַ זעץ־אויף און געזאָגט, אַז איך וויל ד״ר קראָזע זאָל דאָס טאָן. ניט קיין אַנדערער... איז געוואָרן אַ טומל... און איך האָב זיך דערווייל אַרונטערגעשאַרט פון אָפּעראַציע־טיש, גרייט צו גיין צוריק פון וואַנען איך בין געקומען. איך האָב זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אַריינרופן דעם ד״ר זאַמענהאָף; אַז אָן אים וועל איך ניט לאָזן מ׳זאָל מיך אָפּערירן.

מ׳האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער, און כ׳האָב געוואַרט ביז ד״ר זאַמענהאָף איז געקומען צו מיר. ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז די אָפּעראַציע ווערט אָפּגעלייגט אויף אַ וואָך, ווייל ד״ר קראָזע איז די וואָך פאַרנומען ערגעץ אַנדערש.

— — — אָט אַזאַ מענטש איז געווען דער ביאַליסטאָקער יידישער ד״ר לודוויק זאַמענהאָף, דער באַשאַפער פון אַ נייער שפּראַך, וועלכע וועט, ווי ער האָט געגלויבט, פאַרברידערן די מענטשהייט איבער דער גאַנצער וועלט.

(פון בוך: פון נעכטן און היינט, לאָס־אַנדזשעלעס 1955).

## פערל ווייסנבערג-זילבערבערג

# די לעצטע טעג פון י. מ. ווייסנבערג



ווען מיר זײַנען געוווּיר געוואָרן, אַז ווייסנבערג איז קראַנק, איז שוין געווען צו שפּעט עפּעס צו טאָן, כּדי אים צו ראַטעווען. דאָס איז געווען אין אַ פּאָר־מיטאָג פון מערץ 1938. עס איז געקומען דעמאָלט צו אונדז דר. מילעיקאָווסקי (דער אינטערניסט) אין האָטעל „בריטאַניאַ" אויף נאָוואָליפּיע גאַס, ווו ווייסנבערג האָט לעצטנס געוווינט.

אונטערזוכנדיק אים אַ לענגערע צײַט, האָט דר. מילעיקאָווסקי געזאָגט, אַז דאָס איז טובערקולאָז און אין אַזאַ סטאַדיע, אַז עס איז שפּעט אים צו ראַטעווען, אין דער צײַט, ווען מיט אַן ערך 3־4 חדשים פריער, ווען דער זעלביקער דאָקטאָר האָט אים געהאַט באַטראַכט (ווייסנבערג האָט שוין שטאַרק געהוסט אַ לענגערע צײַט), האָט ער אים פאַרזיכערט, אַז דאָס איז בלויז אַ שטאַרקער בראָנכיט און עס איז גענוג, אַז ער זאָל וואַרפן דאָס רייכערן און ער וועט געזונט ווערן.

ווי אַ וויסטע, שווערע כמאַרע וואָלט זיך פּלוצלונג אָנגערוקט אין אַ מיטן העלן טאָג, אַזוי איז געווען פאַר אונדז די ידיעה. מיר זײַנען נישט געווען צוגעגרייט דערצו, אַז ווייסנבערג קען אַזוי האָפנונגסלאָז קראַנק ווערן און צום ווייניקסטן האָט ער אַליין געקענט וועגן דעם טראַכטן. זײַן זעלטן קרעפטיקער, געזונטער אָרגאַניזם האָט נישט געלאָזט אָנען וועגן אַזאַ מעגלעכקייט. און געשטאַמט האָט ער פון אַ לאַנג־לעבנדיקער פאַמיליע. זײַן באָבע, צום בײַשפּיל, האָט געלעבט 105 יאָר און זײַן מוטער האָט געפונען איר טויט אין טרעבלינקע צו 93 יאָר.

---

פערל ווייסנבערג־זילבערבערג — די ייִנגערע טאָכטער פון יצחק מאיר ווייסנבערג — געבוירן אין זשעלעכאָוו אין יאָר 1914, אין וואַרשע פון 1918 ביז 1939. ביז 1945 אין רוסלאַנד, ביז 1946 אין דײַטשלאַנד, ביז 1948 אין שוועדן, ביז 1954 אין מדינת ישראל. פון דעם יאָר — אין קאַנאַדע, וווינט אין קאַלגאַרי — ווו עס האָט פריער עטלעכע יאָרן געוווינט גנענדל, איר עלטערע שוועסטער און דאָרט יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. פערל שרײַבט דערציילונגען, לידער און עסייען. איר דערציילונג „די וואָך פון די זיבן" איז אין ישראל פּרעמירט געוואָרן און דערשינען אין בוכפאָרם, איבערגעזעצט אויף העברעיש. — — י. מ. ווייסנבערג (1881־1938), דער גרויסער ייִדישער פּראָזאיקער און אייביקער געזעלשאַפטלעכער בונטאַר, האָט כמעט אַלע זײַנע שעפערישע יאָרן געוווינט אין וואַרשע — געווען איינע פון די אָנזעעוודיקסטע געשטאַלטן אין אָט דעם וועלט־צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. די באַשרײַבונג פון זײַנע לעצטע טעג איז אי ליטעראַטור פון קוואַליטעט און אי אויטענטישער דאָקומענט.

יענעם טאָג, ווען איך בין דערגאַנגען, ווי עס האַלט, האָב איך אַ גאַנצן טאָג ביז אין דער נאַכט געוויינט. פאַרשטייט זיך, נישט אין זיין קעגנוואַרט, נאָר אין קאָרידאָר פון האָטעל. אינעם גאַסטצימער, ווו עס האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרצאָגטע זיינע נאָענטע פריינד.

די קרענק האָט נישט נאָכגעלאָזט. אדרבא, זי האָט זיך שנעל געריקט פאָראויס. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער זיך שוין אַוועקגעלייגט אין בעט.

עס פלעגן אָפט קומען זיינע פריינד פון לאָדזש. דערהערנדיק, אַז ווייסנבערג איז אַזוי קראַנק, האָבן זיי אים געראַטן צו גיין אין אַ סאַנאַטאָריע. די וואַרשעווער פריינד האָבן שוין געהאַט אָפגערעדט מיט דעם הויפּט־דאָקטאָר פון דער סאַנאַטאָריע „מאַרפּאַ״ אין אָטוואָצק, אַז ער זאָל קומען אַהין. ער וועט קריגן אַ באַזונדער צימער, כדי נישט צו זיין אין דער אַטמאָספער פון לונגען־ליידנדיקע.

נאָר ס׳האָט נישט געהאָלפן. ווי גוט ער האָט געוווּסט, וואָס עס הייסט אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדיקע, קען מען זען פון זיין נאָוועלע „ווי דער גורל פירט״, געשריבן מיט אַ צייט צוריק, נאָך איידער ער איז אַליין קראַנק געוואָרן. אָך, ווי בולט מען זעט דאָרט אומעטום דעם גרויזאַמען שטעמפּל פון די פאַרמשפּטע צום טויט. און ער האָט געזאָגט: „דאָרט (אין דער סאַנאַטאָריע) וועל איך שטאַרבן״.

אויך פריוואַט ווינען אין אָטוואָצק האָט ער נישט געוואָלט, זאָגנדיק, אַז אין אָטוואָצק איז די לופט אַ שטייענדיקע צוליב דער געדיכטקייט פון דיביימער. „איך דאַרף — האָט ער געזאָגט — זיין אין אַן אָרט, ווו די לופט זאָל זיך בייטן; ווו דער ווינט זאָל זי אַלע מאָל איבערמישן און צוברענגען אַ פרישן שטראָם לופט״.

נאָר, ווי געזאָגט, האָט שוין דאָס אויך נישט דעצידירט דאַמאָלסט, אומאָפּהענגיק דערפון, צי דער אויכוואַל איז געווען אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער.

אין די אָוונטן פלעגן זייער אָפט אַריינקומען ש. י. לאַנדינסקי און יצחק בערנשטיין. העכסט אינטערעסאַנטע שמועסן פלעגט מען דאַמאָלסט הערן ביי אונדז. לאַנדינסקי פלעגט אָפט ריידן וועגן אונדזערע נביאים, וועלכע האָבן דעם יידישן פאָלק, מיט גוטן אָדער בייזן, אָנגעוויזן אַ ריכטיקן, יושרדיקן און שיינעם וועג צום לעבן און דאָס פאָלק האָט זיי פאַרשטיינערט צוליב זייערע אמתן... עס פלעגט אויך גערעדט ווערן אָפט וועגן סאָקראַטעסן, און ווייסנבערג האָט געזאָגט: „ער האָט ניט געקענט אַנטלויפן פון דער תפיסה, כאָטש זיינע תלמידים האָבן אים צוגעגרייט און דערמעגלעכט דאָס אַנטלויפן און זיינען געקומען אים אַרויספירן פון איר. אַזאַ איינער ווי סאָקראַטעס איז דער פּרעסטיזש פון זיין פאָלק און ער האָט בעסער אויסגעקליבן אויסצוטרינקען דעם סם, וועלכן מען האָט אים פאָרגעלייגט, איידער אַנטלויפן. סאָקראַטעס האָט אַנדערש נישט געקענט האַנדלען״. עס איז אויך גערעדט געוואָרן וועגן אַנדערע זעלטענע געשטאַלטן, וואָס זייערע גייסטער שטראַלן אויס ליכט דורך אַלע דורות. אויך דאָס אייביקע פּראָבלעם פון אינדיווידואַליטעט און געזעלשאַפט איז שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן.

לאַנדינסקי פלעגט אויך אָפט זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, דערווייזנדיק וויפיל הויכע פּאָעזיע דאָרט איז פאַראַן. און דאָס רוב מענטשן זאָגן תהילים ניט פאַרשטייענדיק אַפילו די שיינקייט. דערביי פלעגט ער ווערן סענטימענטאַל, ווי אַ קליין קינד.

אַ צווייט מאָל פלעגט ווייסנבערג ריידן וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען און מענטשן אָדער בערנשטיין פלעגט אים שטעלן פראַגעס, וואָס זיין מיינונג איז וועגן

דעם אָדער יענעם. יצחק בערנשטיין פלעגט נאָטירן די ענטפערס אַזוי, אַז ווייסנ־בערג זאָל דאָס נישט באַמערקן.

צו יענער צייט האָט בערנשטיין זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער פּרעסע און זייער אָפט פלעגט מען זען זיינע אַרטיקלען אין „מאָמענט" אָדער אין „היינט". בכלל האָט ער אָנגעהויבן גיין אין די דרכים, וועלכע זיינען ווייסנבערגן געווען דערווידער. דערויף האָט אים ווייסנבערג איין מאָל געזאָגט:

„בערנשטיין, אַז איר גייט ווערן אַ גנב, זאָלט איר כאָטש ווערן אַ גוטער גנב, אויב נישט וועט מען אייך אַלע מאָל אַראָפּפּאַטשן דאָס היטל איבער די אויגן..."

ווייסנבערגס פרוי איז אַמאָל געקומען פון גאַס מיט איינגעקויפטע פּראָדוקטן און דערציילט מיט אַ געלעכטער, אַז זי האָט געקויפט זעמל עפּעס ביי אַ „משוגענעם" בעקער, וואָס איז געשטאַנען אויף מילע גאַס מיט אַ קויש זעמל און געשריען און געשאָלטן: „נאַט, פרעכט אייך אָן, 5 זעמל פאַר 10 גראָשן!" צו יענער צייט האָבן 3 זעמל געקאָסט 10 גראָשן.

ווען ווייסנבערג האָט אויסגעהערט איר דערציילן און לאַכן פונעם בעקער, האָט ער אָנגעהויבן פרעגן זי מיט צעצויגענע ווערטער, אַ פויזע מאַכנדיק נאָך יעדער זילב, וואָס דאָס איז געווען אַן סימן, אז ער איז זייער בייז: „בייל־טשו, און דו האָסט אויך גענומען 5 זע—מל פאַר 10 גראָ־שן?! פאַרשטייסטו דען נישט, אַז ווען איינער שעלט שוין פאַרקויפנדיק זיין סחורה, איז ער שוין גוט צוגעדריקט צו דער וואַנט?! זאָלסט שוין אַהינגיין אויף מילע גאַס און צוריקגעבן דעם בעקער 2 זעמל, אַזוי אַז דו זאָלסט האָבן געקויפט 3 זעמל פאַר 10 גראָשן און נישט קיין 5".

זי האָט געמוזט צוריקגיין און צוריקגעבן אָדער צוצאָלן דעם אונטערשייד.

יחיאל לערער האָט געשיקט פרעגן, צי זיין פריש אָנגעשריבענע פּאָעמע „מיין היים" געפעלט ווייסנבערגן. ער האָט געזאָגט „יאָ", הגם די פריערדיקע זאַכן זיינע, ווי די „תהילים־געזאַנגען", זיינען נאָך בעסער. דער שליח האָט שפּעטער דערציילט, אַז לערער איז געווען גאָר גליקלעך דערמיט, וואָס ווייסנבערגן געפעלט זיין פּאָעמע. אַליין האָט לערער זיך געוואַקלט צו קומען, נישט ווויסנדיק, צי ווייסנבערג וויל עס. ווי באַוווסט, איז צווישן זיי געווען אַ ברוגז, ווייל אויך לערער, — ווענען ווייסנבערג האָט אַריינגעפירט אין דער ליטעראַטור — איז שפּעטער, ווי כמעט אַלע זיינע תלמידים, אַוועק פון אים דאָרט, ווו מען האָט געקאָנט האָבן פּרנסה פון שרייבן.

ווייסנבערג האָט בעת זיין קראַנק זיין נישט איבערגעריסן די אַרבעט פון אַרויסגעבן זיינע ווערק ביכלעכווייז און זיי פאַרשפּרייטן. נאָך דעם 2טן באַנד „אין דער טיפער אייביקייט", וואָס איז געווען נישט לאַנג דערשינען, האָט ער געגרייט אַ בוך פּאַמפלעטן און אַ בוך אַלטע דערציילונגען, איבערגעאַרבעט א. נ. „דערציילונגען פון מיין ערשטן פעריאָד שאַפן", אַרויסגעגעבן דורך זיינע וואַרשעווער פריינד, וואָס איז שוין דערשינען צו זיינע שלושים. דאָס בוך איז אַרויס דורך אַ טעות א. נ. „דערציילונגען פון מיין ערשטן פעריאָד שרייבן".

פאַרשפּרייט די ביכער האָט ער די לעצטע יאָרן צווישן פריינד, באַקאַנטע און לויט רעקאָמענדאַציעס פון באַקאַנטע דורך זיין סעקרעטאַרין, פריילין וואלפיש. איינקאַסירן דאָס געלד פאַר די ביכער פלעגט אַן אינקאַסענטין .

בכלל איז אים גאָר פרעמד געווען דער געדאַנק, אַז ער וועט אַמאָל שטאַרבן, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַזוי ערנסט קראַנק. און ער האָט זיך נאָך געקליבן צו באַאַרבעטן זיין 10־בענדיק ווערק „אין דער טיפער אייביקייט“, ד. ה. די 8 בענדער, וואָס זיינען נאָך געווען אין מאַנוסקריפּט, ווייל די ערשטע 2 בענדער פון דעם דאָזיקן ווערק זיינען שוין געווען אַרויסגעגעבן. ער האָט נאָך געוואָלט איבעראַרבעטן זיין נישט פאַרעפנטלעכטע פּאָעמע „אסתר“ און אויך זיין דראַמע „קנאה און תאווה“, וועלכע איז שוין געווען לאַנג דערשינען, נאָר ער האָט זי געוואָלט מאָדערניזירן. ער האָט אויך געהאַלטן אין שרייבן אַ פריש ווערק; אַ ראָמאַן אין דער פאָרעם פון בריוו. מיט איין וואָרט, ער האָט נאָך געהאַט אַ מאַסע פּלענער אויף דער צוקונפט.

קורץ פאַר זיין אַרויספאָרן קיין לעגיאָנאָוואָ האָט ער אויך געשריבן אַן אַרבעט וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט די לעצטע ליטעראַרישע געשעענישן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ געוויסן פּראָזאַיקער, וואָס האָט צו יענער צייט געמאַכט אַ רושם אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט. ווייסנבערג האָט אָבער געזאָגט, „דאָס איז אַ טאַלענטל פאַר אַ גראָשן“.

די דאָזיקע אַרבעט האָט ער אַליין נישט געשריבן, נאָר דיקטירט, ווייל שרייבן וואָלט אים שוין צופיל אָנגעשטרענגט צו יענער צייט. עס פלעגט קומען צו אים יעדן טאָג אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין „דזשאָינט“, אַ געוויסער פיש און אויך מאַרוויל, וועלכע האָבן געשריבן לויט ווייסנבערגס אָנווייזונג.

סמאָליאַזשן האָט ער פאָרגעזאָגט אַ צוקונפט ווי אַ פּראָזאיקער.

די וווינונג אין לעגיאָנאָוואָ זיינען געפאָרן דינגען זיינע פריינד טשעליאַדניצקי, ערליך, גאָלדסאבעל און אויך איך. ווייסנבערג איז באַלד אַרויסגעפאָרן. פאַרן פאָרן האָט ער אַליין איינגעפּאַקט די מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען באַשטאַנען פון אַ היפּש און שווער פּעקל און אויך די איינגעבונדענע ביכער („אין דער טיפער אייביקייט“).

אויף זיי האָט ער געהייסן נעמען אַן אָרט ביים בעל הבית פון האָטעל און נאָר דאָס פּעקל מאַנוסקריפּטן האָט ער מיטגענומען מיט זיך. איך בין דעמאָלט געפאָרן מיט אים. אַרויסבאַגלייט האָט אים מ. ב. שטיין.

לעגיאָנאָוואָ האָט אויף אים די ערשטע צייט גוט געווירקט. ער איז געוואָרן פרישער און איז אפילו די ערשטע טעג אַרומגעגאַנגען אָדער געזעסן אויף דער וועראַנדע. נאָר דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. באַלד האָט ער זיך אַוועקגעלייט פעסט אין בעט.

איין פרימאָרגן, ווען איך בין געקומען צו פאָרן פון וואַרשע, האָב איך באַ־מערקט, אַז ער איז זייער גוט געשטימט און צופרידן. ער האָט מיר באַלד דערציילט, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט געשפּילט אַ האַרמאָניע און אַ פידל, ווייל דאָ נישט ווייט איז ביי איינעם פון די פּויערים־איינוווינערס פאָרגעקומען אַ חתונה. ער האָט זייער ליב געהאַט דאָרפישע מוזיק.

יענעם נאָכמיטאָג האָט ער מיך געהייסן פאָרלייענען אים זיין פּייזאַזש „אַ זומער־רעגן“. איך האָב געלייענט מיט אַ מידקייט, נישט פילנדיק אוודאי די אויסערגע־וויינלעכע שיינקייט פון יענער נאַטור־באַשרייבונג. ער האָט מיך דעריבער אין מיטן לייענען אַן אומצופרידענער אַ פרעג געטאָן: „וואָס הערט זיך עפּעס אין דער וועלט פון שלאָף?“...

אין אַן אויסערגעוויינלעכן טעמפּאָ האָט די קרענק געפרעסן זיין אָרגאַניזם. איך געדענק, ווען כ׳בין געהאַט צוריקגעקומען פון ביאַליסטאָק נאָך 6 וואָכן נישט זען אים (זיין פרוי איז געפאָרן פאַרשפּרייטן די ביכער אין ווילנע און איך אין ביאַליסטאָק) האָב איך אים קוים דערקענט.

איך האָב געטראָפן דאַמאָלט אַרויסגיין פון שטוב מיין שוועסטער גנענדל, אַ פאַרביטערטע, ווייל ווייסנבערג האָט זיך געהאַט עפּעס שרעקלעך אויפגערעגט איי־בער אַ קלייניקייט. דאָס אויפרעגן זיך איז געווען ביי אים אַן אויסדרוק פון בונט קעגן זיין מאַכטלאָזיקייט קעגן דער קראַנקייט. איך בין אַריין אין שטוב מיט דעם געדאַנק אָנצובייזערן זיך אויף אים פאַר זיין אויפרעגן זיך, נאָר ווי איך האָב אים דערזען, האָב איך קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען.

און מערקווירדיק, וויפיל כוח ער האָט פאַרמאָגט אפילו ביי דעם דאָזיקן צו־שטאַנד. — אַזוי קראַנק זייענדיק האָט ער געוואָלט בלייבן איינער אַליין אין דער דירה אויף ביי נאַכט. גנענדלען און מיך האָט ער געהייסן אין אָוונט פאָרן אַהיים קיין וואַרשע און אין דער פרי קומען אויף אַ גאַנצן טאָג. אַז מיר פלעגן אים זאָגן, ער זאָל פאַרשליסן די טיר אויף ביינאַכט, האָט ער דאָס אויך נישט געוואָלט, זאָגנ־דיק: אַ גנב וועט קיין מאָל נישט אַריינגיין דאָרטן, ווו עס איז אָפן אַ טיר.

עס פלעגן דעמאָלט אָפט קומען צו אים לאַנדינסקי, סמאָליאַזש, טראַיאַנאָוו, מילער, דאַן; פון לאָדזש — בוימאַץ, פרידמאַן און אַנד.

גנענדלען און מיך פלעגט ווייסנבערג פּשוט אַרומיאָגן, אַז מיר זאָלן פירן טיש; מכבד זיין די געסט, ווי ער פלעגט זיך נוהג זיין אַלע זיינע יאָרן געזונט זייענדיק. פאַרשטייט זיך, אַז נישט מיר, נישט די באַזוכערס האָבן געהאַט דאָס געמיט דערצו. נאָר עס פלעגט גאָרנישט העלפן. מען האָט אים געמוזט פאָלגן און מען האָט געמוזט עסן, ווען אפילו מען האָט באמת נישט געקענט עסן.

בוימאַץ פלעגט זיצן מיט אים גאָר נאָענט צוגעבויגן ביים שמועסן. מערקווירדיק, ווי ער האָט נישט קיין מורא געהאַט זיך אָנצושטעקן.

לאַנדינסקי פלעגט אים אַלע מאָל ברענגען די שענסטע פרוכטן און מיט אַ גרויסשטאָטישער ברייטקייט. טרוסקאַווקעס צ. ב. פלעגט ער אים ברענגען אַ גאַנצע לובינקע און פון די שענסטע פרוכטגעשעפטן אין וואַרשע. דאָס איז זייער געפעלן געוואָרן ווייסנבערגן, כאָטש ער פלעגט קנאַפּ וואָס טועם זיין דערפון (ער פלעגט שוין דאַמאָלט זייער שוואַך עסן). עס איז אים אָבער געווען געפעלן דער ברייטער זשעסט.

אין אַ שמועס מיט הענעך ערליך, טשעליאַדניצקי און גאָלדסאָבעל וועגן דער יידישער ליטעראַטור און זיין קאַמף אין איר, האָט ווייסנבערג געזאָגט, אַז ווען ער וועט געזונט ווערן, וועט ער מאַכן אַ באַל און וועט פאַרבעטן לעאָ פינקעלשטיין און יהושע פּערלע און זיי זאָגן, אַז זיי איז ער אויךן מוחל.

ש. י. לאַנדינסקין האָט ער דיקטירט זיין הקדמה צו דעם לעצטנס בוך לידער א. נ. „אין פּאַריז״.

פון ש. דאַן האָט ער דאַמאָלט באַקומען אַ קאַרטל. ווייסנבערג איז שוין צו יענער צייט געווען גאָר שוואַך. ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון בעט, כדי זיך צו זעצן אַ ביסל אויף אַן אָנלענשטול. זיצנדיק האָט זיין גוף געציטערט אין גאַנצן פון

שוואַכקייט. נאָר דאָנען האָט ער געהייסן ענטפערן, אַז אין האַרבסט, ווען ער וועט געזונט ווערן, וועט ער אָנהייבן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל.

נישט געוואָלט האָט ווייסנבערג שטאַרבן און אפילו טראַכטן דערוועגן. עס איז אַמאָל געקומען צו אים זיין שוועסטער פון זשעלעכאָוו. זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט דער מוטער. ער האָט איר געזאָגט, אַז ווען ער וועט געזונט ווערן, וועט ער אַראָפּקומען אין שטעטל און איינאָרדענען די מוטער אַזוי, אַז זי זאָל האָבן אַ באַקוועמע עלטער.

די שוועסטער, אָנקוקנדיק זיין מעמד, האָט עפּעס טרויעריק אַ זאָג געטאָן: „הלוואי גאָט זאָל דיר נאָר העלפן, דו זאָלסט געזונט ווערן"...

ווי ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ געשריי געגעבן אויף איר מיט דער גרעסטער רציחה: „פּאַסקודסטוואָ דו!"

אַזאַ אומגעהויערער דראַנג צום לעבן איז ביי אים געווען. „דער טויט איז מיאוס", פלעגט ער אַלע מאָל זאָגן, וואָס דאָס קומט אויך בולט צום אויסדרוק אין זיינע שאַפונגען. און צו דער גרעסטער מצווה האָט ביי אים געהערט צו דערהאַלטן יענעמס לעבן, זאָל דאָס זיין פון דעם מינדסטן באַשעפעניש אפילו.

ער האָט איינמאָל באַמערקט, אין בעט ליגנדיק, ווי אַ זומער־פייגעלע האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פיסל אָדער פליגעלע אָן דער וויטרינע פון פענצטער אין דער כאַמע הייך. ס'האָט זיך שוין געמוזט אַ לענגערע צייט מאַטערן אַזוי און געפלאַטערט מיט די פליגעלעך וועלנדיק זיך אָפּרייסן פונעם פענצטער. עס איז אָבער נישט געווען בכוח און סוף כל סוף וואָלט עס אויסגעגאַנגען פון די כוחות. ווי ווייסנבערג האָט דאָס דערזען, האָט ער געזאָגט גנענדלען, זי זאָל נעמען געשווינד די באַרשט און עס אָפּטשעפּען. און אָנגעזאָגט האָט ער איר, אַז זי זאָל עס מאַכן מיט דער גרעסטער אָפּגעהיטקייט.

טראָיאַנאָוו פלעגט אים אַלע מאָל ברענגען ווייסע נאַרציסן. ער פלעגט אָפּזיצן שעהן לאַנג אַנטקעגן ווייסנבערגס בעט און שווייגן, אַרויסקוקנדיק אומעטיק דורכן פענצטער.

— „טראָיאַנאָוו, — האָט ער אים איין מאָל געזאָגט — אייער שווייגן זאָגט מיר מער ווי אַן אַנדערנס ריידן"...

בכלל האָט אויף ווייסנבערגן אַלע מאָל געווירקט מער דאָס שטילע איבערלעבן זאַכן, ווי דאָס רעשיקע.

איין מאָל, דאָס איז געווען שוין 2 וואָכן פאַר ווייסנבערגס טויט, זיינען געקומען צו אים טשעליאַדניצקי, ערליך און גאָלדסאָבעל. די לעצטע צוויי האָבן זיך געהאַלטן אַ ביסל רעשיק, ד. ה. גערעדט, געפרעגט, ווי געוויינלעך. טשעליאַדניצקי אָבער איז געזעסן אינגאַנצן שטיל. ווייסנבערג האָט זיך דאַמאָלט בעסער געפילט (דאָס איז געווען די בעסערקייט פון פאַרן טויט), די טעמפּעראַטור איז געפאַלן און דער אַפּעטיט האָט זיך ביי אים פאַרבעסערט, און אַ גרויסע האָפענונג צוגלייך מיט דער גרעסטער זיכערקייט, אַז אָט ווערט ער שוין געזונט, איז אין אים אַריין. האָט ער זיך אויפגעזעצט אויפן בעט, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און גערעדט — כ'וואָלט געזאָגט מיט אַ באַרימעריי — אַז איצט ווערט ער שוין געזונט.

טשעליאַדניצקי האָט געקוקט אויף אים און געשוויגן.

אין אַ מינוט אַרום האָט ווייסנבערג אים געפרעגט: „וואָס שווייגט איר אַזוי, טשעליאַדניצקי?" און אַזאַ רירנדיקע ווייכקייט איז געווען אין דעם קול, ווי ער וואָלט גאָר טשעליאַדניצקין וועלן טרייסטן...

די בעסערונג האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און עס איז געקומען דער לעצטער עטאַפּ: נידעריקע טעמפּעראַטור, מאַכטלאָזיקייט.

דעם לעצטן טאָג, דאָס איז געווען פרייטיק, דעם 12טן אויגוסט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך צולייגן ביי טאָג שלאָפן, ווייל ביי נאַכט וועט ער דאַרפן, אַז כ'זאָל אויף זיין.

ביינאַכט, דאָס איז געווען אַרום 11 אַ זייגער, האָט מיך דער טאַטע אַריינגערופן. ער האָט זיך געוואָלט אויפזעצן און האָט שוין נישט געקענט. ער האָט זיך געהייסן געבן עסן. אייערקיכלעך און ווייסן קעז האָט ער עפּעס מאָדנע געשלונגען אין גע־איַיל, נישט וויסנדיק אַליין צו וואָס ער דאַרף דאָס. דערנאָך האָב איך אים געגעבן קליי, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט אויפן טיש. פאַרזוכנדיק עס האָט ער געזאָגט:

„די עסנס זיינען אַלע זייער גוט, נאָר איך קען זיי נישט עסן". אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

„וואָס איז דער טיש אַזוי ליידיק? — עסן און טרינקען זאָל זיין אויפן טיש" — און געפרעגט מיך:

„וואָס ליידיקסטו מיר אויס די וועלט?"

קיינער איז דערביי נישט געווען, נאָר איך אַליין.

אויפן טיש זענען געשטאַנען עטלעכע בלומען. ראָזע גלאַדיאָלן. די בלומען האָט ער זייער ליב געהאַט. ער האָט זיך אַלע מאָל אָנטציקט מיט זייער ראָזער פאַרב אין עטלעכע טענער. אַ בוקעט איז אים נישט געפעלן, נאָר עטלעכע איינצעלנע בלומען אויפן טיש.

באַלד האָט ער זיך מאַכטלאָז אַנידערגעוואָרפן אויפן בעט. שפּעטער־צו האָב איך עפּעס געהערט אַ געוויש ביי אים אין האַלדז, ווי עס וואָלט זיך עפּעס געקאָכט און געבלעזלט. אין דער אמתן איז דאָס שוין געווען גסיסה, נאָר איך האָב נישט פאַר־שטאַנען. דאָס ערשטע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין ביי אַ גוסס און דאָס — ביי מיין אייגענעם טאַטן.

זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

„צי האָב איך צו פיל אמת געזאָגט די מענטשן?"

פאַרטאָג, ווען דער ערשטער זונענשטראַל האָט זיך געוועקט, האָט ער באַשיינט דעם שוין קאַלט געוואָרענעם קערפּער פון יצחק מאיר ווייסנבערג.

„פרייע אַרבעטער שטימע", ניו יאָרק, 1961

# משה זאַנשטיין

## „גוט-שבת יידעלעך"



„גוט שבת, יידעלעך, גוט שבת! די חברה מחזיקי־חולים איז דאָ! גיט אַראָפּ, ברענגט אַראָפּ, וואַרפט אַראָפּ: חלות, ברויט, פיש, פלייש, צוקער. שנעלער, שנעלער, יידעלעך! נישטאָ קאַ צאַט! מ׳דאַרף גיין אין אַנדערע הייף. ווער ס׳קען נישט אַראָפּברענגען, וועל׳מיר אַרויפגיין. גיט, גיט, יידעלעך, די קראַנקע וואַרטן! גיכער, גיכער, יידעלעך, האַלטן נישט אויף. גיט אַראָפּ: פוטער, שמאַלץ, אייער, פּאָמעראַנצן, עפּל די קראַנקע דאַרפן עפּעס גוטס אין מויל אַריין, זיי דאַרפן זיך אונטערלענען די הערצער!".

מוזיק. שבת־מוזיק אין די יידישע הייף פון יידישן וואַרשע — אויסגעשפּילט דורך האָרעפּאָשנע יידן, אויסגעהאָרעוועטע, אויסגעבלייכטע, פאַרדאגהטע יידן. פאַר־חושכטע פון יאָגן זיך אַ גאַנצע וואָך נאָך פּרנסה, האָבן זיי שבת נישט גערוט, נישט אַוועקגעלייגט זיך אויסגלייכן די ביינער, נאָר געשלעפּט זיך מיט ריזיקע קוישן איבער די וואַרשעווער יידישע הייף צונויפנעמען פּראָדוקטן פאַר אָרעמע קראַנקע אין די שפּיטעלער.

צענדליקער גרויסע צדקה־חברות — חוץ הונדערטער קליינע זענען געווען אין וואַרשע: „בית־לחם", „תומכי־עניים" א"אַנד. טויזנטער פּעקלעך זענען יעדן ערב יום־טוב פאַרטיילט געוואָרן, מיט אַלע יום־טוב הצטרכותן פאַר אָרעמע יידישע משפּחות, קעסלען טיי מיט ברויט זענען אַרומגעפירט געוואָרן יעדן ווינטער איבער די וואַר־שעווער יידישע אָרעמע גאַסן. יעדער ייד אין וואַרשע האָט געמוזט האָבן אַ שייכות מיט בית־לחם, תומכי־עניים און אַנדערע צדקה־חברות. ווער ס׳איז נישט קיין נעמער, מוז זיין אַ געבער — דאָס האָט געוווסט יעדער וואַרשעווער ייד. ווי די גרעסטע טראַגעדיע האָט עס איבערגעלעבט אַ יורד, ווען מ׳האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן אין אים און אויסגעמיטן זיין שטוב ביים צונויפנעמען מעות־חטים אויף פּסח אָדער אויף אַנדערע הצטרכותן פאַר אָרעמעלייט. ער האָט דערפון מער געליטן, ווי פון דעם, וואָס ער אַליין האָט נישט געהאַט פאַר זיך אויף יום־טוב.

צענדליקער גרויסע צדקה־חברות, חוץ הונדערטער קליינע זענען געווען טעטיק

---

משה זאַנשטיין — זשורנאַליסט, בעלעטריסט — געבוירן 1906 אין וואַרשע. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד, 1946 ווידער אין פּוילן, שפּעטער פּאַריז, זינט 1948 אין ישראל, געשטאָרבן אין ירושלים 1960. אַ וואַרשעווער דורך און דורך. זיין בוך „יידיש־וואַרשע" — 28 רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען, וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט אין גאַנצן אַריין אין אָט דער אַנטאָלאָגיע. אָבער . . . מיר מוזן זיך באַגנו־גענען נאָר מיט צוויי פון די הויכקינסטלערישע און האַרציקע רעפּאָרטאַזשן.

אין וואַרשע צו העלפן נויטבאַדערפטיקע. ס׳זענען אויך געווען לאָקאַלע „חברהלעך" אויף יעדער גאַס אָדער הויף: פאַר הכנסת־כלה, גמילת־חסדים, תלמוד־תורה. קיין שום חברה איז אָבער נישט געווען אַזוי באַקאַנט און באַליבט אין וואַרשע, ווי די „גוט־שבת יידעלעך".

נישט פאַרזושטעלן זיך אַ יידישן הויף, וואָס זאָל ווערן דורכגעלאָזט דורך די „גוט־שבת יידעלעך". אַ פאַרשטערטער שבת וואָלט דאָס געווען. עס וואָלטן נישט גע־האַט קיין שבתדיקן טעם די געפילטע פיש, די שבת־חלות, דער שבתדיקער טשאָלנט מיטן לאָקשן־קוגל און אָנגעפילטע מעגעלעך. ס׳וואָלט, להבדיל, נישט געהאַט קיין טעם דער „יום זה מכובד", געזונגען פון ר׳ איטשע־מאיר, דעם וואַרשעווער גביר און גערער חסיד, פון דעם דרדקי־מלמד אָדער פון יאָסל טרעגער.

נישט געווען היינט אין הויף די „גוט שבת, יידעלעך", — פאַרשטערט איז דער שבת ביים גביר, וואָס כאָטש ער האָט געווג חלות — ס׳זאָל נאָך בלייבן אויף נאָך שבת אויפצופרעגלען — האָט ער דאָך איין חלה, לכתחילה, צוגעגרייט און באַהאַלטן ספּעציעל פאַר די „גוט שבת, יידעלעך". פאַרשעמט איז דער שבת ביים אָרעמען מלמד, וואָס זיין ווייב האָט קנעטנדיק די טייגלעך אויף חלות אָפּגעציילט אַ חלה צו יעדער סעודה, זי האָט פאַרקלענערט יעדעס איינציקע און אָפּגעשפּאָרט אָן אי־בעריקס פאַר די „גוט שבת, יידעלעך". טרויעריק איז ביי יאָסל טרעגער, ווען צווישן די שוואַרצע ברויטן, וואָס ער האָט געקויפט פאַר זיך אויף שבת—נישט געהאַט אויף קיין חלות — איז געבליבן ליגן דאָס איינציקע חלהלע, וואָס דאָס ווייב האָט אָנגע־גרייט פאַר די „גוט שבת, יידעלעך".

— גוט שבת, יידעלעך, גוט שבת!

אָנגעהויבן האָט זיך דער גוט־שבת־געזאַנג גאַנץ פרי, כדי צו באַוויזן צונויפ־צונעמען ביז מיטאָג די פּראָדוקטן ביי אַלע יידן און גלייך אָפּטראָגן אין די שפּיטעלער, האָבן זיך די „גוט־שבת־יידעלעך" אַרויסגעלאָזט איבער די הייף אין די פרי־מאָרגן־שעהן.

נישט ביי איין פרוי אָדער קינד פלעגט טרעפן, אַז זיי האָבן זיך נאָך נישט געהאַט באַוויזן אָנצוטאָן, ווען ס׳האָט זיך דערהערט דער „גוט שבת, יידעלעך"; מיט אַן אַרויפגעוואָרפענעם פאַלטן אויף די נאַכט־וועש פלעגן די פאַרשפּעטיקטע לויפן איבער די טרעפּ פון די פערטע און פינפטע שטאָקן, נישט צו פאַרזאַמען, חלילה, אַראָפּצוטראָגן די מתנות פאַר די „גוט שבת, יידעלעך".

— האַלטע נישט אויף, יידעלעך, האַלטע נישט אויף! — פלעגן די יידן רופן און מ׳האָט נישט אויפגעהאַלטן. מ׳האָט זיך געאיילט.

— וואָס מער יידעלעך! — האָבן זיי געמאָנט און מ׳האָט געגעבן וואָס מער. ס׳האָבן זיך געדונגען די קינדערלעך מיט די מאַמעס, וועלכע האָבן נאָך פריער מיט זיך אַליין שוין געהאַט זיך געדונגען. מ׳האָט צוגעלייגט נאָך אַביסל, נאָך אַ שטיקל. אַוועקגעגעבן דאָס איינציקע איי, די לעצטע פּאָר שטיקלעך צוקער, כאָטש מ׳האָט גאַנץ אָפט נישט געהאַט פאַר דעם אייגענעם קינד.

צו דריי יידן זיינען געגאַנגען די „גוט שבת, יידעלעך", מיט צוויי גרויסע, טיפע קוישן, מיט צוויי אויערן ביי יעדן קויש. „גוט שבת, יידעלעך, גוט שבת". די קוישן ווערן פולער. די יידן בייגן זיך שוין אונטער דער משא און דער עולם טראָגט כסדר.

— גוט שבת, יידעלעך, גוט שבת!

אויב מען האָט נישט געהאַט פאַר זיך אַליין אָנצוגרייטן אויף שבת, האָט מען קודם געזאָרגט פאַר די „גוט שבת, יידעלעך". צוויי טעמים האָט מען דערביי געהאַט: אָרעמע קראַנקע זענען בילכער, און חוץ דעם: זאָל דער הויף נישט וויסן, אַז מ'האָט נישט אויף שבת.

— אַ גוטן שבת, יידעלעך, אַ גוטן שבת. מיר גייען שוין אַוועק, ווער ס'האָט נאָך נישט געגעבן, קען ברענגען אין צווייטן הויף!

* * *

פון שרהלען האָט מען היינט גאָרנישט אַראָפּגעגעבן. מען שמועסט אין הויף, אַז ביי איר איז נישטאָ קיין פּרנסה. מ'האָט שרהלען נישט געזען אַ גאַנצע וואָך אין יאַטקע ביים קויפן פליש און אויך נישט אין געוועלבל. שרהלע רימט זיך אַפילו, אַז זי האָט געקויפט אַ גאַנדז און פּוטער אין באַזאַר אויף אַ גאַנצע וואָך, אָבער די שכנים גלייבן נישט. פון שרהלען האָט מען היינט גאָרנישט אַראָפּגעגעבן פאַר די „גוט שבת, יידעלעך". די ווייבער אין הויף ווינקען זיך איבער.

מ'וואָלט שטילערהייט געדאַרפט מיט עפּעס העלפן. באַלד הערן זיך אָבער אויף די טרעפּ דראָבנע טריטעלעך. שרהלעס טעכטערל לויפט פון פינפטן שטאָק מיט אַ פּעקעלע אין די הענט. איינגעפּאַקט אין פּאַפּיר טראָגט דאָס מיידעלע עפּעס פאַר די „גוט שבת, יידעלעך". זי לויפט מיט דעם אין צווייטן הויף אַריין. נישט געהאַט קיין חלה, נישט געהאַט קיין פיש, נישט געהאַט קיין פליש און קיין איי און געשעמט זיך פאַר די שכנים. איינגעפּאַקט טראָגט דאָס קינד פאַר די „גוט שבת, יידעלעך" אַ שטיקל ברויט. זאָלן די שכנים נישט זען, אַז זיי האָבן נישט קיין חלה אויף שבת. זי טראָגט עס אין צווייטן הויף, אָדער אין דריטן, צי אין פערטן, דאָרט ווו מ'קען זיי נישט.

— נאָט אייך אַ שטיקל ברויט — דערלאַנגט דאָס קינד אַ פּעקעלע. — די מאַמע האָט געזאָגט, אַז די צווייטע וואָך וועט זי געבן חלה און צוקער אויך — גיט צו דאָס מיידעלע, — אפילו אַ פּאָמעראַנץ! היינט האָט זי נישט, אַ גוטן שבת, יידעלעך, אַ גוטן שבת!

---

## ברעסלערס ביבליאָטעק



דער הויף פון נאָוואָליפּיע 5 איז אַ טונקעלער. אין הויז פון דער לינקער זייט הויף איז אין גאַנצן פינצטער און, אַז מען טרעפט שוין צו אַן אָפענער טיר פון אַ פּאַרטער־וווינונג, לאָזט מען זיך אַראָפּ אויף איין טרעפּל, ווו די פינצטערניש האָט שוין אַ „ממש" — מ'קאָן זי „אָנטאַפּן מיט די הענט".

גייענדיק איבערן קאָרידאָר, קלאַפּט מען זיך כסדר אָן אָן עפּעס באַוועגלעכעס, מען איז זיך משער, אַז עס איז אַ מענטש. דער אָנגעקלאַפּטער גיט נישט אַרויס קיין קול, ער וואָרנט נישט, ער בייזערט זיך נישט פאַר דער אומפאַרזיכטיקייט, געוווינט שוין דערצו.

אָנגעקלאַפּט זיך אָן איינעם און צעשיידט זיך מיט אים, קלאַפּט מען זיך שוין אָן אַ צווייטן — ס'איז אַ באַוועגונג אינעם קאָרידאָר. אויסגעגאַנגען דעם קאָרידאָר,

עפנט מען אַ טיר אין אַ צימער אַריין, וואָס איז באַלויכטן מיט גאַז־ליכט אַפילו אין מיטן טאָג.

פונעם צימער שלאָגט אַרויס אַ פּאַרע אין אין די ערשטע מינוטן קאָן מען זיך נישט אָריענטירן, וואָס אינעווייניק קומט פאָר ווען דאָס אויג געוווינט זיך אַ ביסל צו, דערזעט מען ביכער. פולע פּאָליצעס ביכער, דינע ביכער, גראָבע ביכער, אַלטע, נייע, מיט פאַרשידענע רוקנס פון לייוונט. שוואַרצע לייוונט, גרויע לייוונט, געלע, ברוינע. אויף די רוקנס ווייסע נומערן. פון איינס אָן. איין מאָל איינס, צוויי מאָל איינס, פינף מאָל. פינף מאָל צוויי, דריי, פיר, האַלטסט שוין ביי טויזנט, צוויי טויזנט און ס׳גייט ווייטער.

די שטוב איז פול מיט מענטשן, מענער, פרויען, יונגע און אַלטע. אַרבעטער מיט פאַרשמירטע הענט און בגדים — גלייך פון וואַרשטאַט געקומען טוישן אַ בוך. מענטשן מיט אויסגעמאַטערטע פּנימער, איינגעפאַלענע באַקן, מענער מיט לאַנגע האָר און זינט עטלעכע טעג נישט ראַזירטע בערד — אַרבעטסלאָזע. מענטשן מיט פּנימער פון אינטעליגענטן, יונגע דאָקטוירים, סטודענטן און שילער. אַלטע לייט, גרויע — פון זקנה — איינגעהאָרבטע יידן. יידן מיט בערד און מיט וואַרשעווער קיילעכדיקע טוכענע „יידישע״ היטעלעך. יידן אָן בערד — „ליטוואַקעס״ מיט קאַפּעליושן. יידן מיט גרינע — פון אַלטקייט אָפּגעשאָסענע — „געהאַקטע קאַפּאָטעס״. בחורים מיט פּיאות, אַרונטערגעשאַרטע אונטער די היטלען. יינגלעך מיט קיילעכדיקע היטעלעך אויף די קעפּלעך. מיידלעך מיט צעפּלעך, מיט אַריינגעפלאָכטענע בענדלעך. „מאַדמואַזעלס״ מיט קאַפּעליושן, באַפּוצטע מיט בלומען און אין „מאָדנע״ מאַנטלען. באָבעשיס אין שייטלען און קופּקעס, וואָס ווייזן אָנציינערדיקע יאַסלעס — אַלע מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס.

הינטער דער לאַדע שטייען דריי מאַן, איינער אַ הויכער, אַ דיקער, מיט אַ שיינענדיק פּנים — ברעסלער איז עס.

— „פאַניע ברעסלער, גיט עפּעס גוטס״ — בעט זיך אַ באָבעטשקע. — עפּעס אַזאַס... איך דאַרף דאָך אייך נישט זאָגן.

— נו יואָס, געפאָלן, באָבעשי?

— לעבן און געזונט זייַן זאָלט איר, פאַניע ברעסלער. אויסגעלייענט שוין אַלע צען טיילן. איצט גיט נאָך עפּעס, אַזאַ, אַזאַ. איר ווייסט דאָך אַליין.

ברעסלער שלעפּט פון שאַנק אַ גראָב־בייכיק בוך, באַצויגן מיט דיקער, גרויער לייוונט. — נאַט אייך, באָבעשי, דאָס וואָס איר האָט ליב. ער שטעלט זיך אַוועק מיט דער באָבעשי, דערציילט איר דעם ספּור המעשה. ביי דער באָבע גלאַנצן די אויגן. — „און די גזלנים זענען זיך טאַקע מגייר?״ — פרעגט זי. אַ געזונט אויף אייך, פאַניע ברעסלער. אַ גוטן טאָג.

אָפּגעפאַרטיקט זיך מיט דער אַלטער און שוין רעדט ער מיט אַ שילערין. — „אָגניעם אי מיעטשעם״ שענקעוויטשעס האָט איר שוין געלייענט? נאַט־זשע אייך „פאַראַאָן״.

— און איר, דאַכט זיך, לייענט שלום־עליכמען, צופרידן, האַ?

— און מיר גיט „די ווילדע צילקע״ — שרייט אַ מיידל. — איר ווייסט, פאַניע ברעסלער, איך האָב געזען סעגאַלאָוויטשן. אַזאַ הויכער איז ער, מיט אַ ליולקע.

ס׳שאַרט זיך צו אַן אַרבעטער, ער נעמט מאַרקסן אָדער קאַוטסקין. דאָס פּנים ביי ברעסלערן ווערט ערנסטער, ער שמועסט זיך דורך מיט דעם לעזער. דערלאַנגט אים נאָך אַ גראָב בוך מיט בלעטער באַטריפטע פון ליכט־חלב.

אַזוי וואַנדערן ביכער פון שאַנק צום לעזער, פון לעזער אין שאַנק. ביכער מכל המינים: ביכער, אין וועלכע מיידלעך האָבן אַריינגעוויינט זייער ביטערן גורל. ראָמאַנען באַפלעקטע, פאַרגעלטע פון מיטלייד־טרערן. ביכער מיט בלעטער פאַר־שוואַרצטע, געמישטע דורך פאַרהאַרטעוועטע, אויסגעהאַרעוועטע פינגער. ביכער, ווו מענטשן האָבן געזוכט תשובות אויף אַלע פראַגן, וואָס האָבן זיי געמאַטערט — דעם תכלית העולם האָבן זיי געזוכט, אָדער געוואָלט איבערמאַכן אַלץ און געמאַטערט זיך איבער דער פראַגע, ווי אַזוי?

מיט אַלע האָט ער געשמועסט, ברעסלער. אַלע זיינע לעזער האָט ער געקענט. געוווּסט, וואָס זיי לייענען, געוווּסט, וואָס זיי מאַטערט. געוווּסט אַפילו, ווער ס׳האָט היינט יאָ געגעסן און ווער נישט.

ביים שרייב־טיש איז געשטאַנען אַ פרוי, אַ בלייכע מיט אַ דין נעזל און בינאָקלען — אַן איידעלע, אין די יונגע יאָרן מן הסתם אַ קורסיסטקע געווען. היינט איז זי ברעסלערס פרוי — די ביבליאָטעקאַרין.

זי פאַרשרייבט די קאַוציע — דעם איינגעצאָלטן חודש־אָפּצאָל, דאָס גענו־מענע בוך.

איר זענט שולדיק פאַר זיבן חדשים — רוימט זי איין אַ לעזער מיט איינגע־פאַלענע באַקן, מיט פלאַמענדיקע אויגן און רויטע שווינדזוכט־פלעקן אויפן פּנים.

— איך וועל קריגן אַרבעט, מ׳האָט מיר צוגעזאָגט, וועל איך אייך באַצאָלן פאַר דער גאַנצער צייט.

דער יונגערמאַן פאַרהיקעט זיך דערביי. אויף זיין פּנים ווערן די פלעקן נאָך רויטער — ער ווייסט, ער זאָגט אַ ליגן. ער וועט קיין אַרבעט נישט קריגן און נישט קאָנען באַצאָלן.

די ביבליאָטעקאַרין רויטלט זיך אויך, ווי זי וואָלט שולדיק געווען, וואָס דער יונגערמאַן קריגט נישט קיין אַרבעט. — נו, עס מאַכט נישט אויס, טרייסט זי אים. איר וועט באַקומען אַרבעט, וועט איר באַצאָלן.

— אַ גוטן טאָג, פּאַניע ברעסלער, שרייט שוין איבער אַלע קעפּ דער לעזער.

— וואָס האָט איר גענומען? „דער וועג פון אַנאַרכיזם”? אַז איר וועט ענדיקן דעם בוך, וועלן מיר אַביסל שמועסן.

אַרויף און אַראָפּ איבערן טיש איז געשפּרונגען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר אַכצן מיט אַ לאַנגער נאָז און מרה־שחורהדיקע אויגן. ער האָט דערלאַנגט די ביכער פון שאַנק.

— גיב זיי — רופט ברעסלער — אש׳ס „שטעטל”. — אָה, נומער 1007, מענדעלעס „קליאַטשע” — 898, דינעזאָנס „יאָסעלע” — 825.

אַלע ביכער האָט ער געקענט פון אויסנווייניק. אַלע נומערן געוווּסט. פון אַן אַלט מוסר־ביכל (דאָס איז אויך געווען ביי ברעסלערן) ביז שמר׳ס אַ ראָמאַן און ביז אַ לעצטנס דערשינענעם בוך.

ברעסלערס ביבליאָטעק איז געווען פון די ערשטע ליי־ביבליאָטעקן אין וואַרשע. טויזנטער לעזער האָבן זיך דערצויגן אויף די ביכער, אויסגעבאָרגטע ביי ברעסלערן.

נאָכט־איין, נאָכט־אויס זיינען הונדערטער מענטשן געזעסן ביז באַגינען און געשלונגען יעדעס וואָרט פון די ביכער, געשריבענע אָדער איבערגעזעצט פון יידישע שרייבער און דיכטער.

נאָך ברעסלערן זענען אַנדערע אויפגעקומען. צענדליקער אַנדערע האָבן פאַר־לייגט ביבליאָטעקן, זיי האָבן ברעסלערן אַרויסגעשטויסן, צוגענומען די לעזער. ברעסלער איז געשטאָרבן און זיין ביבליאָטעק איז איבערגעגאַנגען צו אַנדערע, אָבער דורכגייענדיק נאָוואָליפּיע 5, האָט מען זיך נישט געקאָנט נישט אָפּשטעלן, אַריינקוקן אין הויף און שעפּטשען: „ברעסלערס ביבליאָטעק".

(פונעם בוך: „יידיש וואַרשע", בוענאָס איירעס, 1954.

# אברהם זאַק

## נאַלעווקעס

עס ברויזט דער גרויער שטראָם אַ קיילעכדיקע וואָך,
אויף שמאָלע טראָטואַרן ציט ער זיך געדיכט.
עס טראָגן יידן איינגעבויגענע דעם יאָך,
די אויגן זעען נישט פון טאָג דאָס ווייסע ליכט...

עס יאָגט דער גרויער שטראָם אין קרעמערשן געיעג,
סך־הכלס גרילצן גראָשענע: „געקויפט!”... „פאַרקויפט!”...
איז איינעמס גורל — טראָגן פעקלעך גאַנצע טעג;
און ווער מיט קורסן פון דער בערזע האַסטיק לויפט.

ווער „קרעדיט” — „דעבעט” זעט נאָר איילנדיק אין גאַס;
ס׳איז איינעמס קאָפּ פארפול מיט טוך, צי באקאליי...
שנעל! שנעל! גאַלאָפּ! צי פרילינג איז, צי קאַלט אין גאַס —
אַלצאיינס! די זון איז קיין „פרנסה” נישט פאַר זיי...

נאָר „האַנדל, האַנדל!” — ס׳יאָגט דער גורל ווי מיט פערד.
שנעל! שנעל! „געקויפט”! „פאַרקויפט”! — אַ קיילעכדיקע וואָך!
און ערגעץ גרינען פעלדער דאָך, און ערגעץ שוואַרצט די ערד;
אין אַלטע וועלדער לאָקן טעפּיכער פון מאָך — — —

וואַרשע 1931.

---

אברהם זאַק — פּאָעט, דערציילער, ראָמאַניסט, מעמוּאַריסט, זשורנאַליסט, איבערזעצער פון רוסיש — איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטעטל נעבן גראָדנע אין יאָר 1891. פון יאָר 1909 — מיט קליינע איבעררייסן צוליב אַלערליי סיבות — געווינט אין וואַרשע ביז 1939. מיטגעמאַכט אַלס סאָלדאַט די ערשטע וועלט־מלחמה. אין דער צייט פון דריטן חורבן — יאָרן פון ווײ און וואַנדער אין רוסלאַנד. 1946 — לאָדזש, 1948 — פּאַריז, זינט 1952 — אַרגענטינע. מחבר פון אַ צאָל זאַמלונגען מיט לידער, דערציילונגען און אויטענטישע זכרונות פון דראַמאַטישע און טראַגישע איבערלעבונגען, וואָס זיינען אַסך געלייענט און אַסך קאָמענטירט געוואָרן דורך דער ליטעראַרישער קריטיק. זיין בוך „אויף שליאַכן פון הפקר” האָט באַקומען די לואיס לאַמעד־פּרעמיע 1958. א. זאַק איז אַלע יאָרן געווען אַן אַקטיווער טוער אויף „טלאָמאַצקע 13”, אינטעגרירט בלב ונפש אין דער א. ג. „זיבעטער מלוכה” פון יידישן וואַרשע.

## נאָמבערג׳ס לוויה



גייט אַ לוויה דורך וואַרשעווער גאַסן,
ציט זיך פּאַמעלעך און הייליק און שטיל.
קרענץ — — כריזאַנטעמעס תכריכימדיק־ווייס — —
גייט אַ לוויה צום לעצטן אַזיל.

ציט אַ לוויה דורך דזשיקע, דורך גענשע.
קאַלט איז דער הימל, פאַרשנייט איז די ערד.
עס וואַרט שוין זיין קבר — — נירוואנא און רו...
אייביקייטס־וועלטן, זיי ווערן צעשטערט.

טראָגן דעם טרויער נאָך הערצער אַ ים —
ווי נאָכן ארון אַ לעצטן באַלוין.
גייט אַ לוויה דורך גאַסן פון שטאָט.
טראָגט אים נאָך וואַרשע זיין גאָלדענע קרוין.

1927.

---

## דער „היינט" און דער „מאָמענט" נעמען איין וואַרשע



צוריקקומענדיק אומלעגאַל קיין וואַרשע, נאָך מיין אַרעסט און דריי חדשים תפיסה אין יאָר 1910, בין איך באַלד געוואָר געוואָרן וועגן דער סענסאַציע אין ידישן צייטונגס־וועלטל: צבי פּרילוצקי האָט זיך ענדגילטיק צעריסן מיטן אַרויסגע־בער פון „אונדזער לעבן" שאול האָכבערג, איז אַרויסגעטראָטן פון דער רעדאַקציע און גרינדעט אַליין אַ צייטונג: „דער מאָמענט" — לויטן נאָמען פון זיינע טעגלעכע פּאָליטישע לייט־אַרטיקלען אין „אונדזער לעבן". צבי פּרילוצקי איז נישט אַליין: זיינע מיט־גרינדער זיינען: זיין זון נח — דער אַדוואָקאַט און שריפטשטעלער, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — דער פּעדאַגאָג מאַגנוס קרינסקי, דער אייגנ־טימער און דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע אויף מיאָדאָווע גאַס. מ. קרינסקי איז אויך געווען אַ פאַרלעגער. אין זיין פאַרלאַג זיינען דערשינען העברעישע לער־ביכער (טייל זיינע אייגענע), אַ העברעישער קינדער־זשורנאַל, דער יידישער זשורנאַל „ראָמאַן־צייטונג" (אונטער דער רעדאַקציע פון ה. ד. נאָמבערג) א"אַ

צום „מאָמענט" זיינען צוגעצויגן געוואָרן אַ ריי באַקאַנטע שרייבער און זשור־נאַליסטן מיט הלל צייטלינען בראש. אין יענער צייט איז הלל צייטלין שטאַרק פּאָ־פּולער געווען דורך זיינע „בריוועלעך צו דער יידישער יוגנט". אַחוץ דעם איז גלייך אַנאַנסירט געוואָרן די מיטאַרבעט פון גרויסן שריפטשטעלער־הומאָריסט שלום עליכם. די פּראָספּעקטן וועגן „מאָמענט" זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ וואַרשע, צעקלעפּט געוואָרן אויף די ווענט פון די וואַרשעווער גאַסן און געס־

לעך. דאָס דערשיינען פון „מאָמענט" איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין יידישן וואַרשע.

פאַרשטייט זיך, אַז איידער נאָך כ'בין געווען אין „אונדזער לעבן" האָט מיך פריער געצויגן אַרויפצוגיין צו מיין ערשטן רעדאַקטאָר — צו צבי פרילוצקין. כ'בין אַרויף אין רעדאַקציע, ווו אַן עולם שרייבער איז געזעסן ביי שרייבטישן און מ'האָט שוין געגרייט דעם ערשטן נומער. אין רעדאַקטאָרס קאַבינעט איז ביים סעקרעטאַרן־טישל געזעסן מיין חבר א. ח. שעפּס (א. אלמי). איך האָב עס שוין געוווסט פון פריער. היות ווי איך בין דאָך נישט געווען אין וואַרשע, האָט צבי פרילוצקי אַנגאַזשירט א. ח. שעפּסן ווי זיין סעקרעטאַר.

פרילוצקי האָט מיך אויסגעפרעגט ווי עס איז מיר געגאַנגען פאַר דער צייט.

— ביים באַנדיט זייט איר שוין געווען?... — פרעגט ער מיך לסוף.

מיט דער באַצייכענונג „באַנדיט" האָט ער עס געמיינט האָכבערגן... א סברה, אַז יענער איז אים גוט אַריין אין די ביינער...

— דערווייל נאָך נישט — ענטפער איך — אָבער מ'וועט מסתמא מוזן צו אים אַרויפגיין.

— אויב איר וועט האָבן עפּעס אַ דערציילונג — ברענגט. אפשר שפּעטער אַביסל וועט זיך מאַכן אַרבעט פאַר אייך.

דאָס זאָגט ער מיר ביים געזעגענען זיך, אַפּנים פילנדיק זיך אַביסל פאַרפליכטעט לגבי מיר, זיין געוועזענעם סעקרעטאַר אין „אונדזער לעבן".

מיין אַרויפגיין צו האָכבערגן אָבער האָב איך אַביסל אָפּגעלייגט. קודם כל האָב איך געוואָלט איבערוואַרטן די פּאָר וואָכן ביז עס וועט זיך ענדיקן מיין אומלעגאַלקייט אין וואַרשע. אפשר האָט די „אָכראַנע" אַן אויג אויף מיין פריערדיקן אַרבעטס־פּלאַץ? אַ קשיא אויף אַ מעשה...

אין וואַרשע איז דעמאָלט אויך אַרויסגעגאַנגען „די נייע וועלט". די דאָזיקע צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן מיט א יאָר צוריק לערך, אין 1909, דורך מרדכי ספּעקטאָר, בעת ער האָט זיך — נאָך פריער ווי צבי פרילוצקי — צעריסן מיט האָכבערגן און ער האָט אַליין „געמאַכט שבת פאַר־זיך", מיט אַן אייגענער צייטונג. ספּעקטאָר האָט געהאַט אַ סך ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט, האָט ער אויסגעזוכט אַ פּאָר יידן מיט געלט און מיט סענטימענט פאַר אַ צייטונג. אַוועקגייענדיק פון „אונדזער לעבן" האָט ער אויך צוגענומען אַ פּאָר מיטאַרבעטער, צווישן זיי משה טייטשן, און זיי אַריינגענומען אין „די נייע וועלט". ווי אַ הויפּט־מיטאַרבעטער האָט ער אַנגאַזשירט אַלעקסאַנדער קאַפּעלן (דר. א. מוקדוני), וואָס איז געווען אין דער צייטונג אַ „מעדכען פיר אַלעס": האָט געשריבן די לייט־אַרטיקלען, פּאָליטישע איבערזיכטן, דערציילונגען, טעאַטער־רעצענזיעס. ווי אַ רעצענזענט האָט ער נישט געקאַרגט קיין מוטיקע קריטיק און פלעגט אַרונטעררייסן די שונדישע פּיעסן אין דעמאָלטיקן יידישן טעאַטער. ווי אַ קרבן פון אַלעקסאַנדער קאַפּעלס שאַרפער קריטיק איז אויך געפאַלן די פּיעסע „איינע פון יענע" פון פּאַולאַ ר. (נח פרילוצקיס פרוי): אַ פּיעסע וואָס האָט געשילדערט דאָס לעבן פון דער אונטערוועלט: פּראָסטיטוטקעס... וכדומה. מוקדוני האָט עס געהאַלטן פאַר ביליקער שונד־סחורה און ער האָט געהאַט מוט צו זאָגן וועגן דעם וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן. און דאָס איז אַ

פּנים געווען דער שטענדיקער רוגז צווישן נח פּרילוצקין און ד״ר מוקדונין. קיין שונאים אין דעם קרייז פון ביליקן יידישן טעאַטער האָט אים דעמאָלט נישט גע־פעלט... איז ער דאָך אויך געווען איינער פון די פיר רעדנער (פּרץ, נאָמבערג, ווייטער און מוקדוני), וועלכע האָבן אין יענער צייט, אויף צוויי שבתדיקע מאַסן־אַקאַדעמיעס אין פילהאַרמאָניע, געשטורעמט דעם שונד־טעאַטער אין וואַרשע.

אַז „דער מאָמענט״ האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין, האָט ער באַלד געוווּנען די יידישע גאַס. דער עלטערער „היינט״ האָט אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ; אָבער די יונגע „נייע וועלט״ האָט געקריגן אַ שטאַרקן קלאַפּ און איז איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג. די יידישע פּרעסע אין פּוילן האָט תמיד געלעבט נישט בלויז פון אַנאָנסן, נאָר אויך פון טיראַזש, און אויב אַ צייטונג פאַרלירט לייענער, הייבט זיך אָן וואַקלען איר פונדאַמענט. „די נייע וועלט״ האָט נאָך געזשיפּעט אַ פּאָר חדשים און לסוף איז זי פאַרמאַכט געוואָרן. מרדכי ספּעקטאָר איז דעמאָלט אַריינגעטראָטן ווי אַ הויפּט־מיטאַרבעטער אין „מאָמענט״.

דער „אונדזער לעבן״ האָט זיך נאָך געהאַלטן, הגם אויך אים האָט די קאָנקורענץ שטאַרק געדריקט. ש. האָכבערג האָט אַלצדינג געטאָן, זיינע קאָנקורענטן אויף צולהכעיס, און אויפגעהאַלטן פאַר יעדן פּרייז די צייטונג.

* * *

אַז מיין „וויסילקאָ״־טערמין איז לסוף אויסגעגאַנגען און כ׳בין געוואָרן „כשר״, האָב איך זיך גלייך איינגעמאָלדן אויף דזשיקע 13 — אויף מיין אייגענעם פּערזענלעכן דאָקומענט. און דעמאָלט ערשט בין איך אין איינעם אַ פּרימאַרגן אַרויפגעגאַנגען אין „אונדזער לעבן״. נישט מיט קיין גרינג געמיט בין איך געגאַנגען צו האָכבערגן. האָכבערג — דער האַרטער מענטש מיט די קליינע אייגעלעך, אין וועלכע עס האָט תמיד געברענט אַ שלעכט פייערל — איז מיר קיינמאָל נישט געווען צום האַרצן, און אוודאי נישט זיין פאַרריסענע אשת חייל מיטן שטענדיק ברוגז פּנים פון אַ דעספּאָטקע, וואָס איז געווויינט געווען צו קוקן אויף די מיטאַרבעטער ווי אויף אירע אונטערטאַנען...

אָבער איך האָב דאָך געמוזט גיין. האָב דאָך געמוזט אַרונטערשלינגען די ביטערע פּיל...

קעגן מיין דערוואַרטונג האָט מיך האָכבערג אויפגענומען מיט אַ באַזונדערער פריינטלעכקייט — גאָרנישט על פּי דער טבע זיינער. צי איז עס געווען דערפאַר וואָס ער האָט זיך געפילט אַ ביסל דערשלאָגן פון זיינע קאָנקורענטן?...

ער האָט מיך אַריינגעבעטן צו זיך אין קאַבינעט, מיך אויספירלעך אויסגעפרעגט וועגן מיינע איבערלעבענישן אין אַרעסט און אַגב, ווי פאַרבייגייענדיק, מיך אַ פרעג געטאָן צי איך בין שוין „כשר״ פאַר דער „אָכראַנע״...

— וויססען זיע... — האָט ער באַנוצט זיין שטענדיקן דייטשמערישן רעדנסאַרט — מען מוז זיין פאָרזיכטיק...

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז כ׳בין שוין אָפיציעל אפילו איינגעמאָלדן כדת וכדין.

באַלד דערויף גיט ער אַ פרעג:

— זייט איר גרייט ווייטער צו אַרבעטן אין „אונדזער לעבן״?

— אדרבה, פאַר וואָס נישט.

— גוט. איר וועט איצט קאָנען אַרבעטן זעלבשטענדיק אָן צבי פרילוצקין... איר וועט פירן די פּראָווינץ: באַאַרבעטן די קאָרעספּאָנדענציעס פון לאַנד. כ׳וועל אייך געבן פון צייט צו צייט אויך די אויסלענדישע בריוו. אַחוץ דעם וועל איך אייך איבערגעבן די פּראָווינציעלע רוסישע פּרעסע. אַז איר וועט געפינען אינטערעסאַנטע יידישע נייס, זעצט זי איבער.

— אויסגעצייכנט! — כאַפּ איך זיך אָן.

און שוין באַלד צומאָרגנס בין איך ווידער געזעסן ביי אַ טיש אין רעדאַקציע „אונדזער לעבן" און בין אַזוי צוריק „אַריין אין די רעלסן". כ׳האָב די רעדאַקציע־אַרבעט ליב געהאַט. אָבער מער פון אַלץ האָט מיך געפרייט, וואָס איך האָב ווידער די געלעגנהייט און דאָס אָרט, ווו אָפּצודרוקן אָפט אַ דערציילונג, אַ ליד און אַמאָל אויך אַ בילדל, צי פעליעטאָנדל (אונטערן פּסעוודאָנים א. בן־יעקב). איז דאָך פאַראַן, אגב, מיט וואָס צו באַווייזן זיך פאַר מיינע מיידלעך „פאַרערערינס" אין דער „לי־טעראַרישער אַלייע" פון זאַקסישן גאָרטן...

אין רעדאַקציע האָב איך געטראָפן אַ נייעם מיטאַרבעטער: דעם דיכטער י. א. לייזעראָוויטש, וואָס האָט געשריבן טאָג־טעגלעך לייט־אַרטיקלען אונטערן פּסעוו־דאָנים איזידאָר לאַזאַר. הגם האָכבערג פלעגט, ווי תמיד, ביים סוף פון טעקסט פון דער צייטונג אונטערשרייבן „רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער", פונדעסטוועגן פלעגט ער געבן דעם רוב מאַטעריאַל י. א. לייזעראָוויטשן צום איבערקוקן.

עס האָט ווייטער געאַרבעט צבי כהן, וועלכער האָט געליפערט זיינע פעליע־טאָנדלעך, זיין וועכנטלעכן „ערב שבתדיקס" און פּראָווינץ־בילדער (וואָס איז פריער געווען מרדכי ספּעקטאָרס אַ רובריק).

איך זע ווידער בעל־יאושן (דעם שפּעטערדיקן ב. יאושזאָן — איטשעלע). ער איז נאָך אַלץ געווען אין זיין לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ שפּאַלט פון הינטן, אין אַ שמאָל־חסידיש היטעלע. ער פלעגט אַלע טאָג קומען צוגיין ווי פון חסידים־שטיבל און פלעגט גוטמוטיק שמייכלען מיט זיינע בלויע אויגן. זיינע וואַרשעווער בילדלעך, וואָס ער פלעגט שרייבן, זיינען אָפט געווען פּיקאַנט און געפּעפּערט, און קיינער וואָלט בשום אופן נישט געזאָגט, אַז דאָס שרייבט אַ חסידישער בחור... בעל־יאושן האָט מען שטאַרק געלייענט און נישט אומזיסט האָט אים „דער מאָמענט" גאָר אין גיכן אויסגעכאַפּט.

צווישן די אַלטע מיטאַרבעטער איז אויך געווען דער פּיפּיקער כראָניקער און רעפּאָרטאַזשן־שרייבער שלמה ביבער. ביבער האָט זייער גוט געקענט וואַרשע, די אַלע פּעריפעריעס פון דער שטאָט און דער עיקר האָט ער גוט געקענט די וואַרשע־ווער אונטערוועלט. פלעגט ער ליפערן זיינע סענסאַציאָנעלע, פּיקאַנטע רעפּאָרטאַזשן אונטער די נעמען „וואַרשעווער קעלערן און בוידים־שטיבלעך" און „דאָס שפּיגעלע פון וואַרשע". ש. ביבער איז געווען נישט קיין קליינער בעל־גוזמא און לצים אין רעדאַקציע פלעגן איבער זיינער אַ באַשרייבונג מאַכן די ברכה „על כזב ושקר"... ביבער איז פעיק געווען אויף זיך אַליין אויסטראַכטן אַזעלכע אויסטערלישע, נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע מעשיות, פון וואָס מען האָט געקאָנט איבעראַשט ווערן — (פאַרשטייט זיך, ווער ס׳האָט אים נישט געקענט...).

אַ קורצע צייט האָט געאַרבעט אין „אונדזער לעבן" א. ריקליס (ליריק). ריקליס האָט באַאַרבעט די אויסלענדישע פּרעסע און „געמאַכט" אויך אַ צייטונגס־ראָמאַן אין טעגלעכע המשכים, אונטערגעשריבן מיט עפּעס אַ נאָמען פון דער „הפטורה". אויך ריקליס — אַ מענטש מיט אַמביציע — האָט נישט געקאָנט דורכקומען מיט האָכבערגן און איז אַוועק, איבערלאָזנדיק דעם ראָמאַן אין מיטן, אַ נישט־פאַרענדיקטן. האָכבערג איז געווען אין אַ קלעם. נאָך אַ פּאָר טעג אָן המשכים, האָט ער זיך מיישב געווען און מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל פאַרענדיקן דעם ראָמאַן.

— סטייטש? — פרעג איך נאַיוו, — ווי איז עס מעגלעך? איך האָב דעם ראָמאַן אַפילו נישט געלייענט...

— ס'שאַט נישט... איר דאַרפט נישט לייענען — כ'וועל אייך דערציילן דעם כיוזשעט. אין אַ רעדאַקציע דאַרף אַלץ זיין מעגלעך... איר ווילט דאָך ווערן אַ צייטונגס־מענטש...

און האָכבערג דערציילט מיר בקיצור, אין מינוטן בלויז, דעם אינהאַלט פון ראָמאַן, די האַנדלונג ביזן לעצטן המשך.

—וויסטען זיע... אים, דעם הויפּט־העלד, דעם ליבהאָבער, וועלן מיר ברענגען צו זעלבסטמאָרד, און זי, זיין געליבטע, דאַרף נאָך דער טראַגעדיע אַנטלויפן פון איר רייך הויז און אַוועק קיין ארץ ישראל... וויסטען זיע... מיר וועלן מאַכן אַ יידישלעכן פינאַל... מאַכט עס אין פינף־זעקס פאַרזעצונגען. נעמט זיך גלייך צו דער אַרבעט. לייגט אַלץ אָפּ אָן א זייט.

— כ'וועל פּרווון... — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט נישט זיכער.

און געטראַכט האָב איך: „אַ ברירה האָב איך? מען מוז דאָך ווייזן, אַז איך קען יאָ זיין אַ צייטונגס־מענטש"...

כ'האָב מיין אויפגאַבע באַטראַכט פאַר א מין ספּאָרט. ווי אויסטערליש, צו וואָס מען דאַרף אַלץ געפרווווט ווערן אין אַ רעדאַקציע... פאַרפאַלן. האָב איך איבערגעקוקט אַ צענדליק פון די לעצטע המשכים, פאַרקאַשערט די אַרבל און גענומען ווייטער ציען דעם פאָדעם. הגם איך האָב געשריבן אָן האַרץ, אָן געפיל, פונדעסטוועגן האָט זיך עפּעס באַקומען. דער פּלאַן איז געוואָרן אויסגעפירט. באַלד צומאָרגנס איז שוין געגאַנגען אַ המשך. און אַזוי ביזן פאַטעטישן פינאַל, ווען די הויפּט־העלדין, וואָס אין איר האָט זיך צעפלאַקערט אַ נאַציאָנאַל געפיל, שווימט צו צו די ברעגעס פון היסטאָרישן יידישן לאַנד...

אַז ריקליס האָט מיך שפּעטער געטראָפן, האָט ער מיך געפרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער האָט פאַרענדיקט דעם ראָמאַן אין „אונדזער לעבן"?

— דאָס איז אַ סוד פון רעדאַקציע... — האָב איך אים געענטפערט. אָבער ביי אַן אַנדער שפּעטערדיקער געלעגנהייט האָב איך עס־אים יאָ געזאָגט — האָבן מיר ביידע דערפון געלאַכט.

נאָך דער מעשה מיטן ראָמאַן האָט מיר האָכבערג געשענקט מער אויפמערקזאַמקייט. ער פלעגט מיר שוין אונטעררוקן צום איבערקוקן „כתבים", וואָס פלעגן אָנקומען לרוב יעדן טאָג אין רעדאַקציע. איז מיין שרייב־טיש געווען כסדר פאַרשאָטן מיט די שרייבעכצן — דערציילונגען, שירים, פּאָעמעס, אַרטיקלען, פעליע־

טאָנען, אין אַלע זשאַנערן. יעדן טאָג פלעגט דער רעדאַקציע־קויש פול ווערן... איך האָב איינגעפירט אַ רובריק „תשובות פון רעדאַקציע״, אין וועלכער איך פלעג טייל „מחברים״ ענטפערן אויף אַ הומאָריסטישן אופן וועגן זייערע „ווערקע״...

האָכבערג פלעגט מיר אָבער צוזוואַרפן צום איבערקוקן און צוגרייטן צום דרוק אפילו אַזעלכע מאַטעריאַלן, וואָס געהערן צו אַ רעדאַקטאָר; אָבער היות ווי ער האָט תמיד געפירט פּאָליטיק מיט זיינע רעדאַקטאָרן, האָט אים געלוינט אַזוי צו האַנדלען און אַזוי אַרום מינימיזירן זייער ראָל אין רעדאַקציע, כדי זיי זאָלן נישט מיינען, אַז אויף זיי שטייט די וועלט... פּונקט ווי צבי פּרילוצקי האָט געמיינט... און צו אַזאַ פּרעצעדענס וויל ער שוין מער נישט דערלאָזן. — אגב האָט עס אויך ביי אים גע־האָט אַ מאַטעריעלן אונטערשלאָג: זאָל אַ רעדאַקטאָר ביי אים נישט האָבן אַ צו גרויסן אַפּעטיט אויף הויכע שכירות... דערפאַר טאַקע האָבן זיך די רעדאַקטאָרן אין „אונדזער לעבן״, נאָך צבי פּרילוצקיס אַוועקגיין, צו לאַנג נישט געהאַלטן. זיי האָבן זיך כסדר געביטן: אַז לייזעראָוויטש איז אַוועק, איז אויף זיין אָרט געקומען דר. שמעון מילנער, וואָס איז נאָך קירצער געווען אויפן רעדאַקטאָרן־בענקל; נאָך מילנערן איז געקומען דער העברעישער און יידישער שרייבער מ. בן־אליעזר (מ. לאַזאַרסאָן); שפּעטער — ד״ר יהושע גאָטליב. אַזוי האָבן זיך געביטן די רעדאַקטאָרן אין „אונדזער לעבן״. קיין גוטער סימן פאַר דער צייטונג איז עס זיכער נישט גע־ווען. „אונדזער לעבן״ האָט געליטן פון שטאַרקער קאָנקורענץ מצד די צוויי גרויסע צייטונגען: פון עלטערן „היינט״ און פון ייִנגערן „מאָמענט״. יענע האָבן צוגעצויגן גאַנצע שטאַבן גוטע מיטאַרבעטער און האָבן געוווּנען די לייענער. מאַסן לייענער. האָכבערג האָט אויך געמאַכט אָנשטרענגונגען; האָט אויך געפּרוּווט קויפן ווען־נישט־ווען מאַטעריאַלן ביי באַקאַנטע שרייבער; אָבער קיין צו ברייטע האַנט האָט ער נישט געהאַט און די צייטונג האָט זיך שווער געראַנגלט.

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ געיעג נאָך לייכטע צייטונגס־ראָמאַנען. יאַצקאַן — דער רעדאַקטאָר פון „היינט״ — האָט דער ערשטער אָנגעמאַכט אַ טומל מיט אַ שונד־ראָמאַן „אין נעץ פון זינד״, וואָס איז מיט אַ יאָר פריער לאַנג געגאַנגען אין המשכים אויף די שפּאַלטן פון „היינט״ און האָט געוווּנען לייענער אין די שווערע טויזנטער. און מיט אַזאַ „צאַצקע״ ווי „אין נעץ פון זינד״ האָט אפילו שלום עליכם נישט געקענט קאָנקורירן...

„אין נעץ פון זינד״ האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע רעאַקציע מצד די יידישע ליטעראַרישע קרייזן. מ׳האָט קריטיקירט דערפאַר דעם „היינט״ — אייגנטלעך יאַצקאַנען — פאַר דערלאַנגען אַזאַ קיצלדיקע שונדישע סחורה דעם לייענער. מ. וואַנווילד (ש. ל. קאַווע) איז אַרויס מיט אַן אָפענעם אַרונטעררייסערישן פּאַמפלעט קעגן יאַצקאַנען, וועלכער לאָזט זיך אויף די ביליקע שונדישע וועגן און דעמאָראַ־ליזירט דעם יידישן לייענער. דער טומל האָט יאָ געהאַט אַ שטיקל פּעולה. די ווייַ־טערדיקע ראָמאַנען אין „היינט״ זיינען געוואָרן סאָלידער, „צניעותדיקער״... אָבער די מאָדע פון לייכטערע ראָמאַנען האָט שוין אָנגעהאַלטן כסדר אין דער יידישער פּרעסע. די אַרויסגעבער האָבן געמיינט, אַז אַ שפּאַנענדיקער ראָמאַן — דאָס איז דער עיקר־באַדינג פאַרן דערפאָלג פון אַ צייטונג. דער ראָמאַן איז געגאַנגען אונטן, אונטערן שטריך, און אויבן זיינען געגאַנגען די אַרבעטן פון די סאָלידע שרייבער.

**חבֿרה לצים האָט זיך געוויצלט אויף דעם חשבון און פֿאַרגליכן עס מיט שלום אַשס „גאָט פֿון נקמה״: אויבן האָט יעקל שאַפּשאָוויטש געהאַלטן פֿאַר דער טאָכטער אַ ספֿר תורה, און אונטן, אין קעלער, האָט ער געהאָט אַ „הייזל״...**

פֿון די ביכער: „יאָרן אין וואַנדער״, און „אין אַנהויב פֿון אַ פֿרילינג״, בוענאָס איירעס, 1962.

## ביניש זילבערשטיין

### אין שפּיטאָל

**ס׳גערוויין פון הינט האָט אויפגעוועקט מיך היינט פון שלאָף,**
**ס׳געוויין פון הינט, פאַרוואָגלטע און נע־ונדע,**
**הינטער פענצטער פונעם איינזאַמען שפּיטאָל —**
**צו ברענגען מיר אַ גרוס פון טאָג.**

**כ׳האָב אויפגעכאַפּט זיך אַ פאַרפייניקטער פון שרעק —**
**ערשט נעכטן האָבן דאָ געגוסט צוויי חולאים פון דער פרעמד,**
**פון קיינעם נישט באַקלאָגט,**
**באַדעקט מיט שוואַרץ־באַקרייצטן טוך,**
**געפירט אַוועק.**

**און דורך דער שויב האָב איך געזען:**
**ס׳איז אויפן הויף פון קראָען אַ צונויפגעלאָף געווען,**
**ווי בעטלער אויף אַן אָרעם־מאַלצייט אין געדראַנג.**
**— — — — — — — — — — —**
**ס׳געוויין פון הינט האָט אויפגעוועקט מיך היינט פון שלאָף.**

וואַרשע, 1923

---

ביניש זילבערשטיין — פּאָעט, דערציילער, רעדאַקטאָר — געבוירן 1902 אין אַ דאָרף נעבן טאַרנע, גאַליציע. קינדווייז אַריבער קיין קוטנע. שפּעטער לאָדזש. 1922 ביז 1935 — געלעבט און אָן אַ שיעור געקרענקט — אין וואַרשע; זינט דאַן אין בעלגיע. 1942 אומגעקומען אין אוישוויץ. מחבר פון לידער־זאַמלונגען, דערציילונגען, ראָמאַנען, רעדאַגירט צייטשריפטן אין וואַרשע, אין אַנטווערפּן. ביניש זילבערשטיין — דער איוב פון דער וואַרשעווער ליטעראַרישער משפּחה. די צוויי לידער זענען: איינס פון בינישעס כמעט שטענדיקער וואַרשעווערווירקלעכקייט — שפּיטאָל; דאָס אַנדערע — פון זיין וועלט פון אומרו און חלום — וועגן אַ בעסערער און שענערער סאָציאַלער, סאָציאַליסטישער וועלט אומעטום — „אין וואַרשע, בריסל, ניו־יאָרק״.

## צום יוגנטלעכן אַרבעטער



א.

איבער פעלדער, איבער וועלדער שרייען פייגל זייער פרייד אויס,
העכער, העכער הייבן אויף זיך יונגע אָדלער ערב שטורעם —
יונגע קערפּער — זונען קערפּער, ווי די קלינגען שאַרף און בויגיק,
שאַרף און בויגיק, ווי ביים שמידער אויף קאָוואַדלע ווען ער שמידט אויס.

זון און גאָלד און פלאַם און אייזן... קינדער, זון און פלאַם און אייזן, —
זינגען אַ געזאַנג די גלידער — אַ געזאַנג פון גאַנצע דורות;
דרעמלט ערד אין טיפע שאַכטן — האַק און האַמער! גראַב און לאָמען!
קומען אָן די יונגע מחנות פאַר דער וועלט זיך היינט באַווייזן.

ב.

דאָס טאָגליכט לויטערע קוקט העל אַרויס פון אונדזערע אויגן,
מיר גייען נענטער צו דער וועלט און וועלט וועט אונדז דערקענען —
מיר ברענגען היינט צו קבורה אונדזער נעכטיק שווייגן.

און יום־טובדיקע, קרעפטיקע, מען טרעפט אונדז אויף סטאַדיאָנען,
צעלאָזענע בעת׳ן טאַנץ און שפּיל, ווי פלינקע פיילנבויגן — —
— עך וועלט, אין אונדז און ווייט פון אונדז, מיר קומען ביי דיר מאָנען.

ג.

פון וואַרשע און פון בריסל און פון ניו יאָרק,
די זעלבע וועלטצעשטערער און די זעלבע בויער,
ווי ס׳זענען ענלעכע דער באַרגמאַן און דער פויער —
פון וואַרשע און פון בריסל און פון ניו יאָרק.

טאָ שפּאַנען יונגע מחנות אויף די וועגן,
מיט פרייד אין האַרץ און טלומיקלעך אויף פּלייצעס;
וואָס נענטער אַלץ צום ציל — ווי שטאַרק דער רייץ איז —
טאָ שפּאַנען יונגן מחנות אויף די וועגן...

וואַרשע, 1926

(פונעם בוך „געזאַמלטע לידער", פּאַריז, 1957)

## י. י. זינגער

# אין חדר



אַ הייסער קאָכעדיקער זומער־טאָג. דורך די קרומע פאַרשטייבטע פענצטער פון אונדזער חדר אויפן פערטן שטאָק שיקט די זון אַריין ברודיקע זיילן געדיכטן שטויב. דער בלעכענער דאַך פון בוידעם־שטיבל ברענט אינגאַנצן פון היץ און גליט דורך אונדזערע סאַמעטענע און טיכענע היטעלעך ביז אין די שאַרבנס. אַרום לאַנגן טיש, פון וועלכן מיר גריבלען אַרויס „פּראָכנע" צו בריתן, זיצן מיר גאַנצע זיבעצן יינגלעך, צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן, רייסנדיק זיך איבער די פיר צעפליקטע חומשים, וואָס ליגן אויסגעלייגט אויפן טיש, אַבי כאַפּן אַ וואָרט.

אויבנאָן, אויף אַ געבעטעטער פּאָטער־שטול מיט אַן אויסגעריסן געזעסל, דורך וועלכן ס׳סטאַרטשען אַרויס פערדישע האָר, היי און געקרייזלטע היבלאַכץ, זיצט ער, — מאיר מלמד אַליין. אין דער האַנט האַלט ער אַ קאַנטשיק פון אַ פּיקסן־פּיסל מיט זעקס לאָקשן. דורך זיין געדיכטעניש פון דער גרויי־געלער באָרד און וואָנסן, — וואָס זיינען נאָך דערצו באַפּאַרבט פון שמעק־טאַבאַק, ליולקע־רויך און אינגאַנצן פאַרקאָלטענעוועט, אַזוי אַז מיר פאַרשטייען קיינמאָל נישט ווו ער האָט דאָס מויל — לאָזן זיך הערן פאַרדומפּענע, פאַרדרייטע ווערטער, מיטן געדרייטן חדר־ניגון:

— ושלמים — און אַ גאַנצער אָפּער, ועולה — און אַ בראַנד־אָפּער, וחלב — און פעטס, יקטיר — זאָל ער דעמפּפן, לאדני — צו גאָט...

ביי אַ צווייטן טיש, דאָרט ווו עס לערנען זיך די דרדקי־יינגלעך, זיצט זי, די רביצין, און העלפט דעם מאַן אין דער פרנסה. עברי קאָן זי אויך — אַזוי האַלט

ישראל יהושע זינגער — דערציילער, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג, פּובליציסט, זשורנאַליסט — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1893 אין בילגאָריי, אַ שטעטל אין פּוילן. פון זיין 18טן לעבנס־יאָר ביזן יאָר 1933 אין וואַרשע. (די יאָרן 1918—1921 פאַרבראַכט אין רוסלאַנד). זינט 1933 ביז זיין פּלוצלונגען אַוועקגאַנג אין דער אייביקייט — 10טן פעברואַר 1944 — אין ניו יאָרק. — — איינער פון די גרעסטע פּראָזע־מייסטערס אין יידיש. מחבר פון זאַמלונגען דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמעס. מערערע פון זיינע ווערק זענען דערשינען אין העברעיש, ענגליש, פראַנצויזיש, האָלענדיש, פּויליש א.אַ. פינף ראָמאַנען: שטאָל און אייזן, יאָשע קאַלב, די ברידער אשכנזי, חבר נחמן, משפחה קאַרנאָווסקי. צוויי פון זיי — אשכנזי און קאַרנאָווסקי — זענען גרויסע משפחה־סאַגאַס. די וואַרשעווער יידישע לאַנדשאַפט, וואַרשעווער יידישע געשטאַלטן קומען אָפּט פאָר אין זינגערס דערציילונגען און ראָמאַנען — פון זיי די פראַגמענטן אין דער אַנטאָלאָגיע. כאָטש עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַ תושב אין וואַרשע — זיינע גרויסע משפחה־סאַגאַס קומען פאָר אין לאָדזש און אין ניו־יאָרק.

דער רבי אונדזוערער. אַ מחנה ייִנגלעך, — מיט די העמדלעך פון הינטן דורך די געשפּאָלטענע מייטקעלעך, מיט פאַרשמירטע נעזלעך, פאַרדאַרטע בעקלעך, מיט צעפלאָסענע פאהלעך, מיט פאַרשמירטע ארבע־כנפותלעך פון יאַגאָדע־קיכלעך, און מיט לאַנגע קאַפּאָטקעלעך און שטיוועלעך, ווי די גרויסע, — ליגן זיי צוזאַמען אויף דער שמוציקער פּאָדלאָגע, צוגעטוליעט, פאַרשוויצט, רייבנדיק זיך איינער אין אַנדערן און שרייען מיט משוגענע קולות. די רביצין, מיט אַ פּאָרברילן אויף דער נאָז, מיט אַ זאָק אויף אַ גלאָז אַרויפגעצויגן, זיצט אויף אַ קליין בענקעלע, שטריקט גיך מיט די שפּיציקע פינגער, קראַצט זיך אַלע ווײַלע מיט אַ שפּיזל אין שלייערל, צעציענדיק דאָס גאַנצע פנים דערבײַ פון הנאה, און לערנט עברי פון ראש־השנהדיקן מחזור אַרויס — עפּעס הערט מען, ווי מ׳זאָל קראַצן מיט אַ טשוואָק איבער אַ שויב:

— יפוקפק מלגגים... בצנופי בצפצים...

— קליינוואַרג שרייט נאָך אַלע אינאיינעם:

— גלגלים... ציפצופיב... ממללים...

דאָס געוואַלד פון די דרדקי־ייִנגלעך צעטומלט, די שווערע ווערטער, וואָס מיר חזרן כסדר צעפלאָנטערן זיך און מישן זיך צונויף. מיר זאָגן, וואָס עס קומט אונטער דער האַנט, עס הערט זיך נישט מער, ווי אַ מבול פון רייד:

— אַ בראַנד, אַן אָפּער, צו גאָט אַ פּעטס... אַ בראַנד — אַן...

דער רבי גיט אַ קנאַק מיטן פּיקסן־פּיסל אין טיש און צעשרייט זיך:

— נאָכאַמאָל, פון אָנהויב... אָט הויב איך זיך אויף, וועל עך ס׳הייטל פון אייך שרפהן... ועולה און אַ גאַנצער אָפּער...

מיר טומלען ווייטער, אַז קיינער הערט שוין אַפילו נישט דאָס, וואָס מ׳רעדט אַליין אַרויס. פאַר דעם רבינס „אויפהויבן און שרפהן דאָס הייטל" האָט מען נישט שטאַרק מורא. נישט אַזוי גיך קומט אים אָן, אונדזער רבין ר׳ מאירן, זיך אויפצוהויבן פון דער אויסגעריסענער פאָטער־שטול. זיצן מיר טאַקע און מען מאַכט פאַרשידענע קונצן. ערשטנס כאַפּט מען פליגן. מ׳רייסט זיי אָפּ די פליגלען און מ׳קוקט מיט גרויס צופרידנקייט, ווי די זעלבע פליג וואָס איז נאָר וואָס געווען אַזאַ בריהטע און געזשומעט מיט די פליגלען, גייט זי זיך איצט אַ נאַקעטע איבערן חומש, און אײַלט זיך, גלייך גאָט ווייסט, וואָס זי האָט אַזוינס אָפּצוטאָן. אַנדערע פליגן, גרעסערע, „שפּאַנט" מען אײַן. מען נעמט אַ שטרויעלע, מען פאַרזעצט איין שפּיץ אין איין פליג, דעם צווייטן שפּיץ אין אַן אַנדער פליג און מ׳הייסט זיי פאָרן. איינע ציט קיין מזרח און די צווייטע קיין מערב און קאָנען זיך פון אָרט נישט רירן...

אין חדר ברענט די זון אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די פּאַסן שטויב, וואָס רײַסן זיך אַרײַן דורכן פענצטער, זענען אַזוי געדיכט, אַז אויב מ׳פירט דורך די פינגער, זעען זיי אויס ווי גאָלדענע, ווי פייערדיקע. אין די פאַרטריקנטע, געלאַטעטע שייבעלעך שלאָגן זיך אָן פייגל, פישטשען, און דערציילן פון פרייע וועלטן, פון פעלדער, טייכן און וועלדער — נאָר דער רבי לאָזט נישט עפענען קיין פענצטער. ער האָט מורא פאַר אַ פאַרקילונג. דער טאָג ציט זיך לאַנג, ווי פון פעך — און אונדז ווילט זיך שטאַרק אַראָפּלאָזן אַ ביסל אויפן הויף — עס הויבט זיך אָן:

— רבי, איך „דאַרף" אַראָפּגיין... אוי, אוי, רבי...

— רבי, איך אויך... גיכער...

אויפן הויף איז אַ לעבן. יינגלעך אין היטעלעך מיט לאַקירטע דאַשקעס, „סטודענטלעך" ווי דער רבי רופט זיי — שפּילן אין קליפּע. אַנדערע האָבן צונויפגעוויקלט אַ פּעקל שמאַטעס, אַרומגעבונדן מיט דראָטן, געמאַכט אַ באַל און שפּילן אין באַל. איבערן הויף אַרבעט אַ שמוקלער, דרייט ביי אַ רעדל, מאַכט וואָלענע און זיידענע שנורן און לויפט אַ באָרוועסער איבערן הויף. עס ווילט זיך שטאַרק אַ דריי טאָן ביים רעדל.

איבערן הויף באַווייזט זיך באַלד אַ קאַצאַפּ מיט אַ פּעסל „סאַכימאַראָזש" אויפן קאָפּ. ער זעט אויס אינגאַנצן ווי אין טייטש־חומש איז אויסגעמאָלט דער מלכי צדק, בעת ער גייט אַנטקעגן אברהם אבינו מיט די יונגען. מיר פאַרגעסן אָן אינדזער „חוב" און מ'לאָזט זיך פייל־אויס בויגן:

— פּאַר אַ זעקסער, פּאַר אַ צווייער...

נאָר אין דעם מאָמענט איז שוין דאָ די רביצין — און טרייבט מיטן קאַנטשיק:

— אַרויף, ממזרים, כ'וועל שוין צושטעלן אַ פּוסבענקעלע אַ היים...

זי ליידט נישט, די רביצין, מיר זאָלן קויפן „סאַכימאַראָזש".

— ס'איז — זאָגט זי — געמאַכט פון אייער מיט בליטס־טראָפּנס.

נאָר אין דער אמתן איז עס צוליב עפּעס אַנדערש. זי מאַכט אַליין „לימאָנאַד". זי וואַרפט אַריין אַ שטיק אייז אין אַ שעפער וואַסער, וואַרפט אַריין אַ צעפּוילטע ציטרין, סאָדע, מישט אויס מיט אַ קאָכלעפל און שרייט:

— גיכער באַצאָלט אַ צווייער, ס'עט נאָך אויסלויפן...

די „לימאָנאַד" איז וואַרעם, שמעקט ווי טשאָלנט־טיי, נאָר פאַרפאַלן, מיר מוזן קויפן, באַצאָלן פריערדיק, ווארום אַנישט לויפט עס אויס... דערפאַר לאָזט אונדז דער רבי אַביסל שטיפן. ער מאַכט זיך כלומרשט דרימלען, לערנט פון שלאָף:

— ושאת — און אַ פלעק, וספחת — און אַ הויט־פלאָג, וזב — און אַ רינעדיקער...

מיר זאָגן נאָך און שפּילן אין קוויטלעך אונטערן טיש:

— ושאת און אַ פלעק, אַ גראָשן וויזע...

— וזב און אַ רינעדיקער — מיט נאָך אַ גראָשן געזעענס...

* * *

— שבת נאָכן עסן

אַרום די פאַרטריפטע מעשענע לייכטער ליגן אָנגעוואָרפן ברעקלעך חלה,ביינדלעך פון פיש, שאָלן פון עפל און קערנדלעך פון ראָזשינקע־וויין, „מוקצה"־זאַכן, וואָס מ'טאָר נישט אַראָפּנעמען. דער אויסגעברענטער נאַפט־לאָמפּ, די לייכטער, וואַרפן טריפהנע, פרעמדע שאָטנס אַרום זיך. זיי זעען אויס ווי געפגרט.

דער רבי, אין אַ סערזשענער „בלעכערנער" קאַפּאָטע און אָן דעם וואָכעדיקן פוקסן־פּיסל אין האַנט, זיצט אין זיין פאָטער־שטול און לערנט פרק. דער ניגון זיינער דערמאָנט אינם ניגון, וואָס רבנים מאַכן הספדים נאָך צדיקים, אָן לייענען מעבר־יבוק:

— מאין באתה, פון וואַנען קומסטו? — מטפה סרוחה — פון אַ פאַרשטונ־קענעם טראָפּן, לאן אתה הולך, וווהין גייסטו — למקום צו אַן אָרט רמה ווערים — ותולעה און ווערים...

דעם וואָרט „ווערים”, וואָס ער חזרט איבער צוויי מאָל, זאָגט ער אַרויס מיט אַ מין באַזונדער שאַרפקייט, מיט אַ הנאה — און אונדז יינגלעך, נאָגט עס, פרעסט, ווי אַ וואָרעם זאָל אונדז שוין גריזשען. מיר קוועטשן זיך צונויף אַזוי, אַז דער שווייס רינט אין שנירלעך פון די סאַמעטענע היטלעך דורך די פּאהלעך ביז אין די אָפּענע ווייכע קעלנער פון די פרישע שבתדיקע העמדער — מיר חזרן איבער אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. די ווערטער זענען אונדז פרעמד, ווייט, איבערהויפּט דער „פאַרשטונקענער טראָפּן”, פון וואַנען מיר קומען אַרויס.

— ס'טייטש ? —

דורך די פענצטער רייסט זיך די זון מיט גוואַלט אַריין. וויפיל דער רבי זאָל זי נישט פאַרשטעלן, די זון, וויפל אונטער־קליידלעך די רבצין זאָל נישט אָנהענגען, צו פאַרשטעלן זיך פון דער 'חמימה', רייסט זי זיך דורך, די זון, און שטיפט מיטן רבינס שפּאַקולן, מיט אונדזערע קנעפּ פון די קאַפּאָטקעלעך, אַפילו מיטן רבינס פאַרב־לאָזער באָרד און וואָנסן. פליגן זשומען, נישט אָפּצוטרייבן זיי, און אַ פאַרבלאָנדזשעטער שמעטערלינג דרייט זיך פאַרעקשנט אין גלעזל פון לאָמפּ, שיט שטויב פון די פליגלעך און רוישט:

— זששש...

פון אַ סך זאַכן דערציילט ער אונדז: דערציילט אונדז פון „פראַגער־יועלדל”, אין וועלכן יינגלעך לויפן איצט אַרום, יאָגן זיך נאָך פייגל און צאַפּן „זשיוויצע” פון דיביימער; דערציילט פון דער ווייסל, וואָס ליגט אויסגעלייגט מיט אויסגע־טריקנטע אינדזלען אין מיט, און קליין און גרויס וואַלגערן זיך אין הייסן זאַמד אין טונקען זיך אין טייך; דערציילט פון „פעסטונג”, ווי אַרום באַוואַקסענע גרינע בערג ליגן איצט טויזנטער שבתדיקע, אויסגערוטע מענטשן, מיט קינד און קייט, קנאַקן קערן, עסן „ליאָדעס”, און פון דערוויטנס יאָגן זיך טשערקעסן אויף פערד, שפּרינגען אַראָפּ און אַרויף אין מיטן רייטן, און טראָמייטערן פריילעך — טראַ־טאַ, טאַטאַאַ! —

די בלעטלעך מישן זיך לאַנגזאַם. איינס, צוויי, דריי. אָט דוכט זיך, ענדיקט ער זיך שוין, דער פּרק. געלויבט צו גאָט! — אָבער ניין! פאַראַן נאָך אַ ברטנורא! — א ברטנורא מיט פשטים, מיט קליינע דראָבנע אותיעלעך. אויף יעדן וואָרט פון פּרק האָט ער זיינע הונדערט. גאָט, ווי פיינט האָבן מיר אים געהאַט, דעם ברטנורא, ט״יזנט מאָל מער ווי דעם רבין! מיר האָבן אים געזען — אַ בייזן, אַ דאַרן, מיט אַ גרויסער נאָז און אַ שיטער שוואַרץ־געקרייזלט בערדל — און די הענטלעך האָבן געקלעמערט — אַך, ווי גוט וואָלט עס זיין, ווען מ'זאָל אים אַזוי קאָנען אָנכאַפּן ביי דעם שיטערן בערדל און אויספּליקן עס אים, אויסרייסן!...

דעם רבינס קול גאָרגלט זיך אַלץ אין דער אָנגעשטיקטער שטוב:

— מה נאה אילן זה — אויב דער מענטש גייט אין וועג און ער זאָגט: ווי שיין איז דער בוים, מתחייב בנפשו — איז ער זיך שולדיק אין זיין לייב — כ'אַכט דער ברטנורא איז ער חייב מיתה.

מיר זאָגן נאָך:

— חייב מיתה — איז ער חייב מיתה...

און מיר קוקן מיט אויסגעשטאַרטע אויגן אַרום זיך און שלינגען פון היץ און דורשט דאָס שפּייעכץ אין מויל.

דער עולם צעהיסט זיך — הייבט זיך אויף די רבצין פון בעט און נעמט זיך אונדז גרייטן באַרלעך־יויך אין שבת־אויבס...

באַרלעך־יויך מאַכט זי פון קליינע האָזן־עפּעלעך מיט וואַסער. עס איז זיסלעך, געדיכט, וואַרעם, און אַ ריח האָט עס אַביסל פון שימל און אַביסל פון שמעק־טאַבאַק. דאָס שבת־אויבס דערפאַר איז גאָר אַ זעלטענער כיבוד. פון די שבתדיקע פלוימען, וואָס דער רבי מיט דער רביצין עסן אויף, בלייבן קערלעך, און דער רבי גיט אונדז כיבוד יעדן צו צוויי קערלעך.

— קנאַק אויף — זאָגט ער — פאַראַן דאָרט יאָדרעס...

עס קריכט אונדז פון האַלדז. נאָר דער רבי בייזערט זיך.

—קנאַק, קנאַק, בהמה... אַ ייִנגעלע דאַרף האָבן געזונטע ציין...

מיר קנאַקן און פאַרציען וואָס לענגער. אַלץ בעסער פאַרן ברטנורא איז עס דאָך...

די רבצין באַוווּנדערט אונדז:

— טפו, פו, פו — שפּייט זי אונדז אָפּ — אייזערנע ציינדלעך... צום געזונט אייך...

---

## „האָזן"



דאָס יאָר 1916.

לערנער האָט געוואַנדערט אָן אַ ציל איבער די וואַרשעווער גאַסן, אויסגעמאָסטן זיי פון אַלע זייטן.

די שטאָט האָט איצט אינגאַנצן זיך געבויגן פון היץ און באַוועגונג. איבער די אָנגעגליטע ברוקן, וואָס זענען ווייך געוואָרן פון זון און רעדער, זענען אַרומגעלאָפן אָן אַ שיעור מיליטערישע אויטאָמאָבילן, טראָמווייטערנדיק מיט די משונה־דיקסטע סיגנאַלן. צייטונגס־פאַרקויפער זענען געלאָפן אין גרויס אייַלעניש און געשריגן ביז טויב ווערן די זעלבע בשורות:

— צען טויזנט געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע, אַ וויכטיקע טעלעגראַם! — פרישע מאָביליזאַציע, לעצטע נייעססס!...

און צווישן גאַנצן גערודער און פּלאָנטער האָבן זיך געקייקלט פּירלעך מיט היימלאָזע. עלנדע קליינשטעטלדיקע יידישע פורלעך מיט געלאַטעטע צו לאַנגע „באַקעס", מיט קרומע דישלען, באַהאָנגען אינגאַנצן מיט עמערס, לאָקשנברעטער און מולטערס, פאַרפּאַקט מיט בעטגעוואַנט, ווייבער און קינדער, און אַ שיעור קינדער. אויף די שפּיץ פּעק האָבן זיך געטרייסלט דערוואַקסענע מיידלעך מיט פאַרפעדערטע און צעקודלטע קעפּ און טונקעלע אויפגעריסענע אויגן, מיט די ספּעציפיש יידיש־מיידלערישע אויגן, וואָס זענען אויס ווי קוילן, וואָס לעשן זיך, נאָר זיי קענען ביים מינדעסטן ווינטל פלוצלינג אויפפלאַקערן. צווישן קופּערטס, קישן און פּעק זענען געזעסן קליינוואַרג, מיידעלעך מיט פּיצעלעך אין די הענט, אַנדערע מיט קוישלעך היי, אין וועלכע עס ליגן פאַרפּאַקט די פּסחדיקע קאַראַפקעס מיט אַ צעשיט חומש אָדער אַ צעריסן „כל־בוניקל" אין האַנט, האָבן געוואָרפן

צעפלאַמטע בליקן אין אַלע זייטן, מורא האָבנדיק דורכצולאָזן די מינדסטע שיינקייט אין דער גרויסער שטאָט. און אונטן, לעבן די פורן, האָבן זיך געשלעפּט בערדיקע טאַטעס, פאַרגאַרטלטע, געבויגענע יידן, וואָס אין זייערע צעשויבערטע בערד און געפּאַלדעוועטע קאַפּאָטעס ליגט דער גאַנצער גלות איינגעזאַפּט, יידן, וואָס גייען נאָך נאָך די פורן מיט דערזעלבער געבויגענער הכנעה און אונטערטעניקייט, ווי מען גייט נאָך נאָך אַ מיטה, און נאָר פון צייט צו צייט, אַז אַ פּראָווינצער פערדל דער־שרעקט זיך פאַר אַ פאַרביילויפנדיקן אויטאָמאָביל, אַ טראַמוויי, כאַפּט אַזאַ ייד פּעסטער די לייצן אין האַנט און צעשרייט זיך מיט אַזאַ געבראָכן יידישלעכן:

— טפּררר — סטאָי — טפּררר.

לערנערן זענען די פורלעך באַקאַנט געווען. גענוג האָט ער זיך אָנגעזען אַזעלכע אויף די פאַרבלאָטיקטע זומפּיקע וועגן אַרום די טייכן „סאַן" און „וויעפּש", אין די גאַליצישע יידישע שטעטלעך אַרום גרענעץ. נאָר מאָדנע! זעענדיק זיי איצט נאָך אַמאָל, פּריש, האָבן זיי אין אים אַזאַ ווייטיק אַרויסגערופן, אַזאַ שאַנד און ווייטיק צוזאַמען, אַז ער איז געבליבן שטיין צוגעשמידט צום ברוק, נישט קענענדיק גיין ווייטער זיין וועג.

דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער ווייטיק.

דעם ערשטן מאָל האָט ער אים דערפילט טאַקע דאָרט, אין גאַליציע. ער האָט געפירט דעמאָלט היי מיטן „אָבאָז", דאָס ערשטע מאָל אַריבער די קירהשע גרענעץ, וועלכע איז דורך דעם רוסישן מיליטער אַראָפּגענומען געוואָרן. און דעם ערשטן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן שליאַך, איז געווען אַ רייטנדיקער קאָזאַק מיט אַ גאַליציש דרייצן־שפּיציק שטריימל אויף דער בלאָנדער פּיאה פאַררוקט. ער איז שוין געווען עטלעכע חדשים אויפן פראָנט, געזען בלוט, געקלעטערט איבער טויטע, נאָר קיינמאָל האָט אים נאָך נישט אָנגעכאַפּט אַזאַ ווייטיק, אַזאַ טיפער עגבערנדיקער ווייטיק, ווי דאַן, דערזעענדיק דעם קאָזאַק מיטן דרייצן־שפּיציקן שטריימל. אים האָט אַזוי ביים האַרץ פאַרקוועטשט, אַז ער האָט אָפּגעלאָזן די לייצן פון די הענט און די פערד זענען פאַרקראָכן אין שויך־גרוב, וואָס איז מיטגעגאַנגען לענגאויס דעם שליאַך.

איצט האָט ער דערפילט דעם זעלבן ווייטיק, דעם עגבערנדיקן ווייטיק. פון אַ פור אַראָפּ האָבן געקוקט אויף אים אַ פּאָר שוואַרצע אויגן פון אַ פאַרהילט קאָפּ־טיכל אָפּער און לערנער איז געבליבן צוגעשמידט צו די שוואַרצע בליקן. דאָס זענען געווען אַ פּאָר שוואַרצע יידישע פרויען־אויגן, אין וועלכע ס'האָט אַרויסגעקוקט דער גאַנצער צער פון עלנט און היימלאָזיקייט; אַ פּאָר טונקעלע אויגן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט עטלעכע טויזנט יאָר פון צרות. לערנער האָט מער נישט געזען איצט קיין צעבראָכענע פורלעך מיט ברודיקע קינדער און צעהויקערטע פּעק בעטגעוואַנט, נאָר עפּעס אַ הייליקן צוג, אַ מחנה קדושים בני גולה, געהייליקט אין פּיין און נויט. ביי אים אין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס הוידען, ווי תמיד, בעת ער דערזעט עפּעס מוראדיקס און דורכן חוט השדרה איז דורך אַ שוידער, נאָר אָט האָט אים עמעצער אַ שטויס געטאָן אין אַ זייט און געזידלט:

— תם, וואָס גאַפּיעסטו? — רוק דיך!

דאָס האָט אַ גאַנצע כאַפּטע מעקלער, פאַרהאַוועטע, פאַרשוויצטע, מיט צעפלאָסענע כאַלאַטלעך, מיט פאַררוקטע היטעלעך און מיט צעפלאַמטע פּנימער, געיאָגט זיך ווי די מייז נאָך איין איינציקן רוסישן אָפיציר, שלעפּנדיק אים יעדער צו זיך:

— סודאַ, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראַדיע — פּאַזשאַלויסטע...

אַנדערע האָבן זיך געקריגט, געשאָלטן, געריסן זיך אין מיטן גאַס צוליב עפּעס אַ פּאַרדינסטל, אַ מעקלעריי און געקראָכן זיך אין גרגרת אַריין, ביז ס'האָט זיך אַריינגעמישט אַ פּאָליציאַנט און צעטריבן זיי מיט דער שווערד.

— פּאשלי, טאַטעלע, מאַמעלע, איי ווייִ!

זיי זענען זיך צעלאָפן ווי די הינער, וואָס דער באַלעגאָלע צעיאָגט פון נעבן דער קאָריטע האָבער, און געזידלט, וואָס מ'שטייט זיי אין וועג — און לערנער איז ווי אַראָפּגעפאַלן פון העכסטן באַרג ביז טיף אין אָפּגרונט אַריין.

פון דעם הייליקן צוג, פון די „בני גולה", וואָס איז ביי אים אויפגעשווומען אין זכרון, איז איצט נישט מער פאַרבליבן, ווי אַ מחנה קליינשטעטלדיקע און דערשראָקענע יידן מיט צעקודלטע פאַרפעדערטע קעפּ און בערד, מיט צעבראָכענע פּי־לעך און אויסגעקראָכענע פערדלעך מיט פאַרבונדענע פיס. ער איז אַוועק פון אָרט, פאַרקלעמט אינגאַנצן פון צער און אומזין.

מאָדנע געדאַנקען, קינדערישע, צעפלאָסענע, האָבן זיך געגעסט איצט אין זיין קאָפּ, אין קאָפּ, וואָס איז חדשים לאַנג געשטאַנען אָפן צו פייער, רציחה און משוגעת.

נעכטן צי אייערנעכטן, האָט ער געטראַכט, האָבן די, וואָס שלעפּן זיך איצט מיט די פורלעך, אויך מסתמא אַרומגעטאַנצט ביי זיך אין שטעטל אַרום אַן אָפּיציר, קריכנדיק זיך אין די בערד, רייסנדיק זיך דעם גרגרת. מאָרגן ווידער וועלן די, וואָס האַוועו איצט, זיצן אויף דעם שלעפּ־וואָגן און אַנדערע וועלן נישט זען און שלאָגן זיך אַרום אַ פאַרשוין מיט עפּאָלעטן.

און אַזוי שטענדיק, שטענדיק.

אויף די רייכערע גאַסן, וואָס פירן צו די שפּיטעלער און וואָקזאַלן, האָבן זיך וואַגאָנעס מיט פאַרוווּנדעטע געצויגן, איבערפולט מיט בלוט, ווייטיק און איינגע־האַלטענעם צער. אויף אַ טייל ערטער האָט מען דעם ברוק פאַרריכט, אַספאַלט געגאָסן. הייסע קעסלען האָבן געקאָכט, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך היץ, רויך און עפּוש, און האַלב נאַקעטע אַרבעטער, אויסגעשמירט אינגאַנצן פון סמאָלע, באַגאָסן מיט שוויס, זענען געשטאַנען אָנגעבויגן איבער די שוואַרצע אָפענע פּיסקעס פון די ריזיקע ברענענדיקע קעסלען, זיי האָבן געשעפּט עמערס שוואַרצן פייער, געגאָסן אויף דער ערד, שרייענדיק צו די דורכגייער:

— פאָרזיכטיק, הערשאַפטן, פאָרזיכטיק!...

זיי האָבן אויסגעזען ווי זינדיקע געשפּענסטער, וואָס דער שר פון גיהנום האָט אַראָפּגעלאָזט אַ ווײַלע אויף דער וועלט צווישן אַלע אויסגעפּוצטע און ווייס־געקליידעטע, כדי צו ווייזן זיינע שדישע שטיק. און פאַרביי זענען דורכגעפאָרן אויטאָמאָבילן מיט צוהוליעטע מיליטער־לייט און פריילעכע דאַמען, פאַרבייגעפלויגן מיט אַזאַ גיכקייט, אַז בלויז די ריזיקע שטרויספעדערן האָבן זיך געזען טרייסלען; קאַרעטעס, פאַרפּוצטע מיט ווייסע אַטלעסענע בענדער און כריזאַנטעמעס, זענען פאַרבייגעפאָרן מיט אויסגעפּוצטע חתונה־געסט, איילנדיק צו פרייד און גליק.

דער געפיל פון אומזין, פון משוגעת, האָט אים גאָרנישט באַפרייט אויף אַ ווײַלע.

ער איז געגאַנגען אָן אַ ציל און צוועק, באַטראַכט אַלץ, גלייך ער זאָל זיין דער באַלעבאָס פון דער וועלט, וואָס מוז אַלץ אין זינען האָבן, אַלץ האַלטן אויפן אויג. ער איז געקראָכן גאַס איין, גאַס אויס, וווהין די אויגן האָבן אים געטראָגן.

דאָס אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן איז פאַר אים קיין מעלה נישט געווען. גאָר קיין מעלה נישט.

איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן אויף שריט און טריט אַרומגעבלאָנקעט פּאָליציאַנטן און שפּיאָנען. פון אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס מען האָט עוואַקואירט פאַרן שונא, זענען אָנגעקומען פּאָליציאַנטן גאַנצע מחנות און אַרומגעבלאָנדזשעט ווי די פאַרלוירענע שאָף איבער די פרעמדע גרויס־שטאָטישע גאַסן. אויף אַלע ווענט האָבן געהאָנגען פּלאַקאַטן, גערופן אין פעלד, נאָר זיי, די אויסגערוטע באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן האָט מען נישט גערופן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק־גייעריש, געזוכט, געגישטערט און אַלע מאָל עמעץ אַנדערש אָפּגעשטעלט מיט דער שווערער רוסישער פראַגע:

— אַ פּאַספּאָרט יעסט, אַ?

אין לערנערס האַלטונג, גאַנג, אין אָפּגעברענטן געזיכט, אין יעדער באַוועגונג איז געלעגן דער סאָלדאַט, ער האָט דורכגעקוקט דורך די ציווילע קליידער.

איינמאָל האָט ער אַפילו זיך פאַרגעסן און, דערזעענדיק אַן אָפיציר פאַרבייגיין, האָבן זיך די פיס אַליין ביי אים צוזאַמענגערוקט און די האַנט האָט זיך געהויבן צום ראַנד פון הוט, וועלנדיק אָפּגעבן „טשעסט". נאָר עס איז אים דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט און ער האָט זיך ווייטער אַרומגעבלאָנקעט.

ערשט, אַז דער הונגער האָט אים שוין רעכט געמאַטערט און די פיס זענען געוואָרן מיד, איז ער אַריין אין אַ שענקל און אָפּגעגעסן אַן אָרעם מאָלצייט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין אַ שטאָטישער ביבליאָטעק און געהייסן זיך דערלאַנגען אַ בוך. אָבער ער איז נישט לאַנג דאָרט געזעסן. דער שטילער זאַל, די רויקע לעזער, מערסטנס בלאַסע, באַברילטע, די שטילע דינער און די ביבליאָטעקאַרן, וואָס גייען מיט נאָך שטילערע טריט אַרום די זאַלן, דאָס אַלץ אין מיט פון די רוישיקע גאַסן, פון דער מלחמהדיקער שטימונג, האָט אים גערעגט, דענערווירט, די אותיות זענען אים געשפּרונגען פאַר די אויגן, און ער איז באַלד צוריק אַרויס אין גאַס, אַריינגעוואָרפן זיך אין טומל, גערויש, געשפּאַנט גלייך מיט אַלע, און געפילט זיך בעסער, גלייך ער וואָלט אָפּגעטאָן עפּעס אַ נויטיקע זאַך.

דאָ האָט ער זיך געפילט גוט, פאַרכאַפּט פון עפּעס, פול מיט עפּעס, און געשלאָפן איז ער ווו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. אַמאָל אין אַ ביליקער אכסניה, אין אַ קעלער שטוב, אַמאָל איז ער איבערגעזעסן די נאַכט אין אַ בית־המדרש־הויף, צוזאַמען מיט שנאָרערס און בעטלערס, אַמאָל אין אַ „הייזל" ערגעץ אין אַ פאַרעיפּושטן הויף־ווינקל, און אין דער לעצטער ברירה אויך ביי די „האָזן".

אויף אַ זעקסטן שטאָק פון אַ טומלדיקן באַזאַר־הויף, אין שכנות מיט אַ לאַנגן בוידעם, וואָס שמעקט תמיד מיט זייף און פייכטקייט, האָט זיך אַ גרויסע אַטעליע געצויגן מיט פאַרלאַטעטע שויבן גלייך אין הימל אַריין. דאָרטן, אין אַטעליע, וואָס איז פול אָנגעוואָרפן מיט גיפּסענע צעבראָכענע פיגורן, דראָטענע סקעלעטן, ליימענע אַקטן און נישט־פאַרענדיקטע לייוונטן, האָט געוווינט לערנערס אַן אַלטער חבר — רובינטשיק, אַ יונג מיט געקרייזלטע האָר — אַ סקולפּטאָר.

צווישן דעם גאַנצן מושב פון גיפּסן, ליימען, דראָטן און לייוונטן, האָבן זיך אויך געוואַלגערט זיינע קאָלעגן, אַ חברה „האָזן", פאַרשוינען, וואָס דאַרפן לויט זייערע יאָרן און קרעפטן זיין אויפן פעלד. און אַהין האָט רובינטשיק אויך געשלעפּט לערנערן.

— קום — האָט ער אים איינגעלאַדן, טרעפנדיק אין גאַס — וועסט דאָרטן זיין צווישן „אייגענע מענטשן". עס פעלט אונדז טאָקע אַ צוועלפטער „האָז"...

אַז רובינטשיק האָט לערנערן אַרויפגעפירט און פאַרגעשטעלט, האָט מען אים באַגעגנט מיט אָוואַציעס.

— בראַוואָ! — האָבן אַלע האָזן געשריגן — זאָל לעבן דער צוועלפטער האָז. הוראַ!

און נאָך אין זעלבן אָונט האָט מען דורכגעפירט די צערעמאָניע ביים אָננעמען לערנערן אין דער חברה.

רובינטשיק האָט צוגעשניטן אַן אַלטן זאַק אין דער פאָרם פון אַ האָז און אים באַמאָלט מיט האָזן־קאָלירענעם פאַרב.

די אַרומיקע צען האָזן האָבן געאַרבעט פלייסיק ביים צוגרייטן די וויעטשערע. מ'האָט געשיילט קאַרטאָפל, געשניטן רויע קישקעס און געוואַשן טעפ און שיסלען.

— געלט האָסטו, נומער צוועלף? — האָט אַ האָז מיט קרומלעכע פיס געפרעגט ביי לערנערן.

דאָ האָט מען קיינעם נישט גערופן ביים נאָמען. עס האָט נישט געטויגט. גערופן האָט מען זיך ביים נומער. לערנער האָט באַקומען דעם נומער צוועלף.

— געלט? — האָט לערנער זיך פאַרטראַכט און פאַרשעמט גלייכצייטיק — ניין, קלייניקייטן...

— אַ זייגער האָסטו? — האָט אַ צווייטער האָז, אַ יונג אַ ריז, געפרעגט.

— אַ זייגער יאָ!

— אַראָפּ! — האָט אַ דריטער האָז, אַ פאַרשוין מיט אַ יונג קינדיש פּנים און מיט אַ פרעמדער באָרד, באַפוילן און אָנגעוויזן לערנערן אויף דער האַנט, אויף וועלכער ער האָט געטראָגן אַ זייגערל.

און אין איין אייגנבליק האָט מען גענומען עטלעכע נאָז־טיכלעך, געמאַכט קניפּן און געצויגן קניפּלעך.

— ווער ס'וועט אַרויסציען דעם קניפּ, וועט גיין אין גאַס! האַלאָ!...

זעלטן, אַז עמעצער איז דאָ אַראָפּ אין גאַס. עס האָט נישט געלוינט. און נאָר, אַז מען האָט גענדאַרפט גיין איינקויפן אָדער פאַרזעצן עפּעס אַ חפץ, האָט מען געצויגן קניפּלעך און ווער ס'האָט אַרויסגעצויגן דעם קניפּ, האָט מען אים געגעבן אָנצוטאָן אַ מאַנטל, דעם איינציקן מאַנטל, וואָס איז גוט געווען אויף אַלע; מען האָט אים באַזאָרגט מיט אַ פּאַס אין קעשענע, דעם איינציקן פּאַס פון אַ געשטאָר־בענעם ווייסן־בילעטניק, און מען האָט אים אָנגעזאָגט אַ סך מאָל:

— געדענקשזע ווי דו הייסט! — און טאָמער גייט מען דיר נאָך, קום נישט אַרויף.

איינמאָל האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר איפן זעקסטן שטאָק. דער עולם האָט זיך איבערגעשראָקן אַ ווײַלע און געוואַרט מיטן עפענען.

— ווער? — האָט מען געפרעגט — צו וועמען?

— צו לערנערן! — האָט אַ שטילע פרויען־שטימע געענטפערט — מ'קאָן?

עס איז געווען גנענדל. לערנער איז געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן. ער האָט בשום־אופן נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי זי האָט געטראָפן אַהער. און ער האָט זי איינגעלאַדן אין אַטעליע אַריין. זי האָט אינגאַנצן געכאַפּעט

פון מידקייט און אויפרעגונג. פון עולם האָט מען געקוקט אויפן מיידל, געקוקט מיט אויפגעריסענע גיריקע אויגן, וואָס זיינען שוין אַ צייט אָפּגעווינט פון אַ פרוי. גנענדל האָט זיך פאַרלוירן, זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

— דו שלעכטער! — האָט זי ענדלעך אַרויסגעזאָגט און אַרויסגעלאָפן גיך, קוים איינהאַלטנדיק זיך, זיך נישט פאַנאַנדערצווויינען צווישן עולם.

לערנער איז איר נאָכגעלאָפן. אַז ער איז צוריקגעקומען אין אַטעליע, האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן וויצלען איבערן מיידל. לערנער האָט די וויצן נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

— חברה — האָט ער באַפוילן — שאַ! קיין איין וואָרט נישט מער!
אַלע האָבן געשוויגן. איין קלעפּפיש איז אַרויס פון די כלים.

די אויגן זיינע, וואָס זענען ענלעך צו די אויגן פון די אויסגעמאָלטע סולטאַנעס אין די פריזיר־הייזער, האָבן אינגאַנצן פייכט געגלאַנצט. די רויטע אונטערשטע גראָבע ליפּ האָט זיך נאָך מער אָנגעבלאָזן. ער האָט זיך באַמיט זאָגן אַ קלוג וואָרט, אַזוי, אַז לערנער זאָל אים ליב באַקומען.

— לערנער — האָט ער געשריגן — נעם זי צוריק אַריין, זי וועט די האָזן צונויף קומען...

לערנער איז צוגעגאַנגען צו קלעפּפישן, באַטראַכט אים אַ ווײַלע און מיט דער גאַנצער פאַרביטערטקייט און אויפרעגונג, אַריינגעפאָרן אים מיט דער האַנט אין דער שוואַרץ־באַבערדלטער באַק.

— נאַ!...

חיים קלעפּפיש האָט געשלונגען טרערן, בלוט פון דער נאָז און ווערטער:

— דעזערטיר! — האָט ער געשריגן — אין קייטן וועסטו ביי מיר פאַרפוילט ווערן!... איך לויף שוין צום סטרוזש...

לערנער איז געשטאַנען גלייך, בלאַס, און געוואַרט — „זאָל זיין" — האָט אים הנאה געטאָן — „בעסער אַזוי".

נאָר באַלד האָט דער עולם קלעפּפישן אַרומגעוואַשן, באַרויקט, און ער איז געבליבן זיצן אין אַטעליע. ער האָט שוין מער נישט געאיילט זיך רופן דעם סטרוזש. ער האָט בלויז געדראָט.

לערנער איז אַוועק און מער צו די האָזן נישט געקומען.
ער האָט צוריק געוואַנדערט איבער די גאַסן.

איבער די שטאָטישע גאַסן האָט זיך געשלעפּט מיליטער אָן אַ שיעור. פּאָלק נאָך פּאָלק. יונגע, פרישע שקצים מיט נייע שינעלן און שטיוול נאָר פון דער נאָדל אַרויס, האָבן געהילכט איבער די גאַסן מיט יוגנט און קראַפט, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך ריחות פון דזיעגעכץ מיט פעלד צוזאַמען. ברוינע רייטער, טשערקעסן, טשוואַשן, טשעטשענצעס, סאַרדן, קאַלמיקן, אַבכאַזער, יונגען שלאַנקע מיט רויבעריִשע אָדלער־נעז. געגאַנגען איבער דער שטאָט, שטשירענדיק די ווייסע ציין צו די מענטשן אויף די גאַסן. ווילדע, פאַרחידושטע, פרעמדע, האָבן זיי נאָר געוואַרט מען זאָל זיי הייסן עפּעס טאָן, שניידן — אַלצאיינס וועמען און וואָס, אַבי נאָר מען זאָל הערן דאָס וואָרט „פּלי". אַנדערע האָבן אַפילו געפרעגט ביי די פאַרבייגייענדיקע:

— בערלין, האַ?

דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געוווּסט, איז דאָס, אַז עפּעס אַ בערלין איז דער שונא, דער פֿיינט פֿון זייער פֿאַרוואָרפֿענער בערגיקער ערד, וואָס ליגט ערגעץ טויזנטער וויאָרסט ווייט פֿון דאַנען. און זיי האָבן זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן, ווען זיי וועלן שוין אַמאָל אָנקוקן דעם דאָזיקן פֿיינט. יעדע שטאָט, אַלע פֿרעמדע מענטשן, וואָס זיינען נישט געווען ענלעך צו די, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו באַגעגענען, האָבן געקאָנט זיין די שונאים.

און אין די ראָגעס גאַסן, אַרום פֿריילעכע הייזלעך, זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט רייען סאָלדאַטן, געזונטע, יונגע און צעהיצטע, און מיט דער גאַנצער זעלנערישער דיסציפּלין און געדולדיקייט אויסגעוואַרט אויף דער ריי. ציִמאָרגנס האָבן זיי געדאַרפֿט אַוועקמאַרשירן אין פֿעלד. יעדערער האָט פֿאַרן אַוועקגיין אויפֿן פֿראָנט באַקומען אַ קוויטל פֿון „ראָטנעם”, אַ דערלויבעניש צו „גולאַיען”. און זיי האָבן געוואַרט שעהן־לאַנג. אַמאָל נאָר, אַז די, וואָס זענען אַריין אינעווייניק האָבן זיך גאָרנישט צוריקבאַוויזן, האָבן זיך דערהערט פּראָטעסטן אין די רייען.

— גענוג, זין הינטישע! — האָבן קולות אַרויפֿגעשריגן אינדערהויך — מיר וואַרטן שוין אַזוי לאַנג...

לערנער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַלע הינטערשטאָטישע געסלעך, געגעכן אין ברודיקע שענקלעך, ווו עס שפּילט כסדר אַ קאַטאַרינקע, גויים מולאַרעס קושן זיך און שלאָגן זיך פֿון שכּרות, כאָטש מען טאָר קיין בראָנפֿן אין מלחמה־צייט נישט טרינקען. ער האָט געשמעכטיקט אין די געפּערלעכסטע ערטער און מיטן טאָג צוגלייך ווידער זיך געלאָזט איבער די גאַסן, צוקוקנדיק זיך צו די פֿאַרטיעס אַרעסטאַנטן וואָס זענען געגאַנגען אין די רייען, קלינגנדיק מיט די קייטן אין די דרימלדיקע פֿרידלעכע גאַסן.

דאָס האָבן שוין די פֿיינטלעכע האַרמאַטן אַלץ נענטער און נענטער זיך געלאָזט הערן אין שטאָט, איבערהויפּט פֿאַרטאָג, ווען די שטאָט שווייגט. און מחנות אַרעסטאַנטן, אַלע אין ווייסע טורמע־קליידער, מיט ווייסע לייוונטענע מיצלעך אויף די געגאָלטע קעפּ, האָבן זיך געשלעפּט געשמידטערהייט איבער די גאַסן, אַהין צום פּעטערבורגער וואָקזאַל, כּדי צו עוואַקואירן זיך אין ווייטן סיביר. נאָך זיי זענען נאָכגעפֿאָרן קאַרעטקעס מיט חולאים אין קייטן געשמידט און געקלאַפּט מיט די שווערע רעדער אין ברוק. זיי זענען געגאַנגען גלייך, סימעטריש, פֿאַררייסנדיק די אויגן צו די לויטערע פֿענצטער אין די רייכע גאַסן, צו די אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן, וואָס דערציילן פֿון אַזויפֿיל סודות, גליק און ליבע; זיי האָבן באַטראַכט דעם איינציקן מענטש, וואָס גייט פֿאַרביי אין גאַס. און לערנער האָט זיך געשעמט איצט, געשעמט זיך פֿאַר די אַלע פֿינצטערע בליקן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים דעם „פֿרייען”, דעם „אויכדערוויילטן”... ער האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ערד, אַוועקגעדרייט זיך אין אַ זייטיקער גאַס, אויסצומיידן זיי. נאָר אין זיינע אויערן האָט נישט אויפֿגעהערט קלינגען דאָס דאָזיקע סימעטרישע מאָנאָטאָנע געקלאַנג פֿון די קייטן. עפּעס מיסטישס איז געווען אין דעם סימעטרישן קייטן־געקלאַנג פֿאַרטאָג. דער רויטלעכער ראָסט, וואָס איז געגאַנגען פֿון די אַלטע קייטן, האָט זיך אויפֿן האַרץ געלייגט, געפּרעסן, און פֿונוווייטנס, פֿון עטלעכע מיילן ווייט, האָבן הילכן פֿון האַרמאַטן באַגלייט דעם קייטן־געקלאַנג טויב, טעמפּ און צעצויגן.

— בום... בום... בום...

אַ פֿאַרשמאָלצעוועטער באַלעגאָלע, אַן אַרבעטער פֿון דער קאַנאַליזאַציע, איז דורכגעפֿאָרן מיט זײַן רונדן קעסל מיאוסקייט, טרייסלענדיק זיך פֿאַרשלאָפֿן אויף זײַן געזעס, און אַריבערגעשריגן צו לערנערן, צווינקנדיק מיט איין אויג:

— פֿאַניע, „זיי״ קלאַפּן... איר הערט, האַ?

אין דעם אומעטיקן געזיכט פֿון מענטש, וואָס האָט שטענדיק צו טאָן מיט אומריינקייט, האָט אַ שמייכל זיך באַוויזן, אַ שמייכל פֿול מיט צופֿרידנקייט דערפֿון, וואָס מען קלאַפּט, אַלצאיינס ווער, ווען, אַבי מ׳קלאַפּט... לערנער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַוועק ווייטער, ווייטער.

דאָס אַלטע געפֿיל, אַז די וועלט האָט זיך אָפּגעריסן פֿון אָרט און אַלע דאַרפֿן עפּעס טאָן, אַרבעטן, פֿאָרען זיך, האָט אים ווידער באַהערשט. אַרום אים האָט אַלץ זיך באַוועגט. דאָ האָבן מענטשן געקלונגען מיט קייטן, דאָרט האָבן אַנדערע געאיילט מיט געווער, פֿון ווײַט האָט מען געקלאַפּט. דאָס אַלץ האָט אים געוועקט, גערופֿן, כאָטש צו נישט קלאָרס, צו נישט קאָנקרעטס. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס אַזוינס ער דאַרף טאָן, וואָס מאַכן, נאָר געפֿילט האָט ער, אַז ווייטער אַזוי אַרומבלאָנקען, אַרומשלעפּן זיך, קאָן ער נישט.

אין האַרץ האָט גענאָגט. אין די לאַנגע פּוסטע שעהן, וואָס האָבן זיך ווי אייביקייטן געצויגן, זענען טויזנטער געדאַנקען דורך, די ווילדסטע אײַנפֿאַלן. אויף טריט און שריט זענען געהאָנגען באַפֿעלן, רופֿנדיק דעזערטירן צום דינסט, דערפֿאַר וועט מען זיי שענקען יעדע שטראָף. און לערנערן איז איינמאָל אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק: — איזעק אויף פּראַגע און אָנגעבן זיך...

ער איז געגאַנגען מיטן פֿולן טריט, צוקלאַפּנדיק מיט די פּיס, כּדי זיך אַליין צו פֿאַרטויבן. נאָר די גאַס אַליין האָט אים געשטערט אין זײַן וועג. די שטאָט האָט איבערגעלעבט די לעצטע טעג. אין די הינטערשטאָטישע גאַסן האָט מען אויפֿגעריסן פֿאַבריקן, זיי זאָלן נישט אַרײַנפֿאַלן צום פֿײַנד אין די הענט. הילכן, ציטערדיקע, צעבראָכענע, געדרייטע, האָבן זיך געקייקלט אין דער לופֿט, אַרויסרופֿנדיק שרעק, פֿאַרשטיינערונג און צופֿרידענעם נייגער גלײַכצײַטיק.

לערנערן האָבן די הילכן געפֿרייט, גערעגט, ווי יעדער סאָלדאַט, ווען ער דערשמעקט פּולווער. אויף די גאַסן, אַרום די וואָקזאַלן, קאַזאַרמעס און אַמטן האָבן גאַסן־מענטשן, מענער, ווײַבער און קינדער, געשלעפּט שטיקער מעבל, פּליושענע שטולן, קאַנדעלאַברעס, טישן, וואָס די אַרויסגעפֿאָרענע טשינאָווניקעס האָבן געלאָזט אויף הפֿקר, נישט קענענדיק אַלץ מיטנעמען. מען האָט זיך געשלאָגן איבער זיי ביז בלוט.

— זע נאָר — האָט אַ ייִדענע געשריגן צו אַ יונג, וואָס האָט זיך צוגענומען אַ פּליושענעם פֿאָטעל מיט גאָלד געפּוצט — זע נאָר „פֿאָניעס״ בן־יחיד! ט׳שוין געזען?

די גאַסן האָבן זיך געטונקען אין שטויב, נישט האָבנדיק קיינעם, ווער עס זאָל זיי באַשפּריצן, און מיליטער, צעלאָזן, אָן אַן אָרדנונג, אויסגעמישט, צעפּלאָנטערט, קאַוואַלעריע מיט פּוסגייער צוזאַמען, האָבן געיאָגט צו דער פּראַגער בריק, טרײַבנדיק די סיבירער קליינע פֿערדלעך מיט ווילדע געיעגן. קיין ציווילן מענטש האָט מען צו דער בריק גאָרנישט צוגעלאָזט.

— נאַזאַד! — האָבן קאָזאַקן געשריגן, פֿאָכנדיק מיט די נאַהייקעס — צוריק!

לערנער האָט פֿאַרקערעוועט אויף צוריק און אַוועק צום „ווינע פּלאַץ״, צום

באַליבטן אָרט זיינעם, וואָס האָט אים מיטן טומל, גערודער און פלאָנטער פאַר־כאַפּט, געשטילט.

ער איז שיר נישט אַריינגעפאַלן צו די קאָזאַקן אין די הענט.

די נאַכט האָט לערנערן באַגעגנט אַ פינצטערע, אַ פוסטע, אין וועלכער עס האָבן זעלטן אָפּגעקלאַפּט אַ פּאָר דערשראָקענע טריט פון אַ פאַרשפּעטיקטן דורכ־גייער. ווו נאָר ווי איז געשטאַנען אַ ציווילער מיליציאַנט מיט אַ ווייסן באַנד אַרום אַרבל, שרעקנדיק זיך אַליין פאַר דעם פּלוצלינגן און אומגעריכטן, וואָס ס'איז אָנגעקומען, נישט וויסנדיק, צי בלייבן אויף דעם אָרט אָדער נישט, צי גייען „זיי" טאַקע אַוועק, אָדער זיי פאַרבלייבן דאָ. ווו זיי האָבן אַזויפיל צענדליקער יאָרן געהערשט, געהאַלטן אין די הענט? די טייערן זענען געשטאַנען געשלאָסן, שטום אויף יעדן קלונג.

ער האָט איבערגעוואַכט די נאַכט אין אַ פאַרוואָרפן הויפל, אין וועלכן ער פלעגט פון צייט צו צייט אַמאָל נעכטיקן. צוזאַמען מיט אַ חברה בעקערס אין בלייזע אונטערשטע הויזן, איז ער געשטאַנען אויפן הויפל, צוגעהערט זיך צו די קנאַלן, שיסערייען און אויפרייסן און מיטאַמאָל זיך געכאַפּט ביי די אויערן און זייפגעשפּרונגען פון אָרט.

— טראַדדד! — האָט געזעצט, אַז פון אַלע זייטן זענען שויבן געפלויגן. דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן.

— מען צינדט אונטער די שטאָט! — האָבן ווייבער געלאַרעמט — געוואַלד!...

לערנער האָט געקוקט מיט אויסגעריסענע אויגן צום רויטן הימל, וואָס באַלייכט די פינצטערע שווערע מויערן און גיט זיי צו אַ פאַנטאַסטישן אויסזען. ער האָט באַטראַכט די מענטשן, וואָס האָבן בייב אָפּשיין פון רויטן הימל פייערדיקע געזיכטער באַקומען, און ער איז געווען צופרידן, ווי אַ קליין יינגל בשעת אַ שׂרפה.

— די וועלט גייט אונטער! — האָט אַ יונג געזאָגט, קוקנדיק אין הימל אַריין.

— זעט!

— מ'עט מאַכן אַ נייע! — האָט אַן עלטערער ייד אים געענטפערט.

* * *

צומאָרגנס פאַרטאָג האָט פון אַלע זייטן שטאָט אַריינמאַרשירט פרעמד מיליטער מיט געקאָוועטע שיך און מיט שפּיציקע פּיקל־הויבנס.

— זעט נאָר! — האָבן יידן זיך געוווּנדערט — אַזעלכע קליינע זענען זיי, די דייטשן, אויסגעדאַרטע, אַבי מען האָט געזאָגט...

זיי האָבן געצויגן אָן אַ שיעור, מידע, פאַרשטויבטע, פאַרברענטע. אַ סך האָבן געהאַט בלומען צוגעטשעפּעט צו די רעקלעך, צו די ביקסן, צו די פּיקל־הויבנס. ביי אַנדערע זענען די פערד געווען אויסגעפּוצט אין בלומען. איינער האָט גאָר געפירט אַ באָק מיט בלומען אין די הערנער פאַרפלאָכטן.

— גוטמאָרגן! — האָבן יידן באַגריסט, אָפּטעמענדיק פון די גרויסע רוסישע בייזע שינעלן.

— ט'מאָיען! ט'מאָיען! — האָבן די דייטשן געענטפערט גלייכגילטיק, שלינגענדיק די ווערטער.

אויף די טעלעגראַפן־סלופּעס אין דעכער זענען אַרומגעקראָכן דייטשן, ווי די קעץ, געצויגן דראָטן און געגאָגערט ווי די גענדז.

— קיין אין וואָרט פאַרשטייט מען נישט — האָבן יידן געהאַט פּאַראיבל.

לערנער איז געגאַנגען אומעטום, אין אַלע גאַסן, צו אַלע אויפגעריסענע בריקן און געפילט זיך גוט, ווי אַלעמאָל, ווען עס טוט זיך עפּעס.

ביי דער דריטער בריק איז געשטאַנען אַ דייטש, אַ ברייטער, אַ הויכער, מיט אַ פיגור פון די אַלטע העלדישע גערמאַנען, וואָס ווערן געמאָלט אין די היסטאָרישע דייטשע ביכלעך. מיט הויכע שטיוול, וואָס די כאָלעוועס בייגן זיך איבער אין דער הויך און מען טראָגט נאָר אַזעלכע אין דער אָפּערע, מיט אַ שפּיציקן פּיקל־הויב, מיט גלאַנציקע שפּאָרן, מיט אַ געלער שטאַרקער האַרט־געשוירענער באָרד, מיט אַ פעסטער אַרויסגעזעצטער מעכטיקער ברוסט, מיט דער האַנט אָגעשפּאַרט אויף דעם הענטל פון דער לאַנגער בלאַנקנדיקער שווערד — האָט ער אויסגעזען ווי אַ כטאַטוע פון זיג. אויף דער פרעמדער ערד.

## מאַטעס פון פּיאָסק באַזעצט זיך אין וואַרשע

רפאל המלאכס פיר־שטאָקיקער און פיר־עקיקער מויער פאַרן אייזערנעם טויער אין וואַרשע דערוואַכט צו אַרבעט און מי.

עס איז פאַרטאָג, פאַר זון־אויפגאַנג. דאָס שטיקל ריינע הימל איבער דעם אָפּגעריסענעם מויער איז נאָך גרין. פונדעסטוועגן וועקן זיך שוין די מענטשן דאָ. אין פאַרשטויבטע פענצטער צינדן זיך פייערלעך אָן, גאַז־פלעמלעך און נאַפט־לעמפלעך. האַלב נאַקעטע אַרבעטער רייסן זיך אַרום די וואַסער־קראַנען, כדי אָפּצוואַשן זיך וואָס פריער. צעשויבערטע ווייבער בלאָזן אין קיכן, דערוואַרעמען ציקאָריע, פּאַקן איין פעקלעך שפּייז פאַר מענער, וואָס איילן אין פאַבריקן און אין ווערקשטאַטן צו אַרבעט. אַרבעטער־מיידלעך קעמען האַסטיק זייערע לאַנגע האָר, פּוצן זיך פאַר שלעכטע, פליגן־באַשפּרענקלטע שפּיגלען, כאַפּנדיק אַ קיי אין מיטן קעמען.

פון אַלע ווינקלען איילן מענטשן צו אַרבעט, פון בוידעם־שטיבלעך און קעלערס. גאַסן־הענדלערקעס, קרעמער, גענדזלערקעס און פישערקעס אין גרויסע פאַרטוכער, מיט געלט־בייטלען פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען, גייען אַרויס צו מערק און באַזאַרן; טרעגערס מיט שטריק אַרומגעבונדן אַרום די לענדן פירן אַרויס זייערע האַנט־וועגעלעך אויף צוויי רעדער. שאַכערס מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס, לאָזן זיך אַרויס איבער פרעמדע גאַסן, מציאות צו קייפן. אין קליינעם בית־המדרשל, וואָס קוועטשט זיך צווישן אַלע ווינונגען, גייען יידן מיט טלית־זעקלעך אונטער די אָרעמס. צוזאַמען מיט אַ פעטער קללה פון אַ באַלעגאָלע, וואָס שרייט אויף זיין פערד, פאַרוואָס עס דרייט שלעכט אויס דעם וואָגן אין ענגן הויף, דערטראָגט זיך אַ פרומער קדוש, קדוש, קדוש פון די אָפענע בית־המדרש פענצטער.

הענדלער, הענדלערקעס, מיט קוישן אויף די אָרעמס, קומען אָן פון גאַס, אייסרופנדיק הויך זייערע סחורות.

— גערויכערטע הערינג, פרישע — רופט פייערלעך אַ קול, מיט אַ ניגון, ווי עס וואָלט נישט אויסגערופן הערינג נאָר עפּעס זייער אַ הייליקן רוף.

— הייסע בייגל, קאָכעדיקע — שרייט אים איבער אַ ווייבל מיט אַ קוויטש — הייסע, הייסע.

— אוגערקעס, רעטעך, יונגע ציבעלעס — רופט מיט אַ שווערער באַס־שטים אַ געזעצט מענער־קול, אַ געלאַסנס און אַ זיכערס.

אַ מיסט־גויע, מיט אַ זאַק אין איין האַנט און מיט אַן אייזן אין דער צווייטער, פאַרטרייבט די הינט און קעץ, וואָס ראָיען ביים מיסט־קאַסטן, און גראַבלט אַליין אין אַ שוואַרצן סמאָלענעם עיפּוש.

— ביינער קויף איך, לומפּן, שמאַטעס — רופט זי אין פּויליש מיט אַ קירכע־ניגון.

פון קעלערס, פון בוידעם־שטיבלעך, פון אַלע פענצטער און טירן הויבן ניי־מאַשינען אָן קלאַפּן. סטאָלאַרישע זעגן, שוסטערישע האַמערס, שמידישע הילכן, רייסן זיך איבער איינס ס׳אַנדערע. דאָס איינציקע ווינקל אין דעם גרויסן מויער, וווּ די פענצטער זענען שטיל און מיט ראָליעטן פאַרשטעלט, איז פעטער שעפּסלס נפקה־ביתל. דאָרט איז ליכטיק ביינאַכט. אַ גיטאַרע שפּילט דאָרט. פאַרטאָג ווערט דאָרט שטיל און בלייבט שוין אַזוי ביז אַ שטיק אין גרויסן טאָג אַריין. די צווייטע דירה, נישט פון הויף, נאָר פון פראָנט, אָבער וואָס אַ טייל פענצטער אירע גייען אויך אַריין אין הויף אַריין און געדיכטע פאָרהאַנגען פאַרשטעלן זי פאַר דעם הויפישן טומל, איז די וווינונג פון ווירט רפאל ווייכסעלפיש, וואָס מ׳רופט אים אין גאַס רפאל המלאך. אויך דאָ שלאָפט מען לענגער אין די מאָרגנס. דאָס זענען די איינציקע פענצטער אין הויף, וואָס זענען תמיד לויטער אויסגעפּוצט, האָבן בלומען־טעפּ, און דראָטן פון דאַך ציען זיך צו זיי אַריין, דראָטן פון עלעקטרישער באַלייכטונג און טעלעפאָן.

צו אָט דעם גרויסן אָפּגעריסענעם געל־געקאַלכטן מויער, וואָס איז אין פראָנט פאַרפּוצט מיט אָפּגעשיילטע גיפּסענע ווייבער און מלאכימלעך אַרום די פענצטער און באַלקאָנען, פאַרפאָרט זאַלע דער באַלעגאָלע פון פּיאָסק מיט מאַטעסן און זיין הויזגעזינד.

—העי, טויער־מאַן — רופט ער, קלאַפּנדיק מיט דער בייטש אין שוואַרצן אייזערנעם פאַראָסטעטן טויער — עפן דאָס טויער, שכנים פיר איך.

דער הויז־וועכטער קערט מיטן בעזים דאָס מיסט גלייך די פרעמדע אין פּנים אַריין און וויל דאָס טויער נישט עפענען.

— אַז מ׳עט מיר געבן טויער־געלט, וועל איך עפענען — זאָגט ער ברייט — אַז מ׳עט מיר נישט געבן, ׳על איך ניט עפענען.

שיינדל נעמט אַרויס פון נאָז־טיכל עטלעכע קופּערנע מטבעות און דערלאַנגט דעם וואָנסנדיקן גוי. דער טויער עפנט זיך מיט אַ סקריפּ אין דער ברייט.

— אָט דאָ אין ווינקל אין קעלער ביים מיסט־קאַסטן — ווייזט ער אָן מיט אַ שפּיץ בעזים די וווינונג פאַר די נייע לייט.

פון אַלע פענצטער קוקן ווייבערישע און מענערשע קעפּ אַרויס.

— פּראָווינצער האָבן זיך געבראַכט צו ציען — שרייט מען אַריבער איינער צום אַנדערן דורך אָפענע פענצטער.

קינדער זאַמלען זיך אַרום דער פיר ווי הינער אַרום אַ קאָרעטע.

— פּראָווינצער חיות — זענען זיי מקבל־פּנים די פרעמדע.

די פרעמדע קוקן זיך אַרום מיט מידע נישט אויסגעשלאָפענע אויגן. די היץ אין הויף, דער שטיקנדיקער עיפּוש לייגן זיך שווער נאָך די לופטיקע פרייע וועגן. די דעמפּיקייט נעמט אַרום ווי מיט אַ פייכטער שמאַטע. די מענטשן פון די נידעריקערע שטאָקן גייען אַרויס צו העלפן די פרעמדע אַראָפּנעמען די זאַכן פון דער פור.

— שלום־עליכם — שטעקן יידן הענט מאַטעסן — פון וואַנען קומט אַ ייד ?

ווייבער אין שלאָפקאָפּקעס טאַפּן אין בעטגעוואַנט און זוכן זייער ווייבעריש מין.

ווו איז די מאַמע? — פרעגן זיי ביי די מיידלעך.

— מיר האָבן נישט קיין מאַמע — זאָגן די קינדער.

— נעבעך — מורמלען די ווייבער און טשמאָקן מיט די ליפּן צום קינד, וואָס שטעקט אַרויס אַ פּאָר שוואַרצע אויגעלעך פון די וויקעלעך.

וואָסער שיין קינד — לויבן זיי — אַ רויטס אַזאַ. ווו איז דער טאַטע?

שיינדל באַגיסט זיך מיט רויטקייט.

— מיין מאַן איז ביי די זעלנער — זאָגט זי שטיל — אין ריסנלאַנד!

ווייבער קראַצן די קאָפּקעס אויף די קעפּ און קרעכצן.

— אַ ווייבל דאַרף גיין צוגעדעקט דעם קאָפּ — מוסרן זיי — נישט מיט די האָר אין דרויסן.

עלטערע יידן רעדן וועגן תכלית־זאַכן מיטן נייעם שכן. פון די צעבראָכענע בעטן און פון קעלער ביים מיסטקאַסטן, וווהין דער נייער ציט זיך אַריין, זעגען זיי זיך שוין משער, אַז ער איז אַ ביטערער אָרימאַן. קיין געווערקצייג אויף דער פור זעט מען אויך נישט, אַ סימן, אַז דער פרעמדער איז נישט קיין באַלמעלאָכע, און זיי ווילן וויסן, וואָס דער ייד רעכנט צו טאָן. מאַטעס ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן.

— אין דער היים בין איך געווען אַ דאָרפסגייער — דערציילט ער — געגאַנגען מיטן זאַק איבער די דערפער.

די יידן שאָקלען מיט די קעפּ.

— מילא, וועט איר דאָ גיין מיט דעם זאַק איבער די הויפן — זאָגן זיי — קויפן אַלטוואַרג.

אַ ייד מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס און מיט אַן אַלטן ווייבערישן שירעם אין דער האַנט, אַן אַלטוואַרג־הענדלער, לאַכט זיך אין ציגן־בערדל אַריין.

— ווינציק שאַכערס דאָ אין וואַרשע, — ברומט ער — מער שאַכערס ווי אַלטוואַרג.

די אַנדערע יידן לאָזן אים נישט מאַכן קיין שווער האַרץ דעם פרעמדן.

— ס׳לעבן אַזוי פיל יידן, ׳עט לעבן נאָך אַ ייד — טרייסטן זיי דעם נייעם און זיי גייען צוריק יעדער צו זיין אַרבעט.

מאַטעס שלעפּט די זאַכן אין קעלער אַריין און ווייסט נישט פריער ווו עפּעס אַוועקצושטעלן. כאָטש אויך אין פּיאָסק האָט ער געוווינט אין הקדש־געסל, אין אַ שטוב מיט אַ ליימענער פּאָדלאָגע, קען ער זיך דאָ נישט קיין עצה געבן מיט דעם קליינעם קעלער־שטיבל. די פענצטער זענען קליין, מיט קראַטעס פאַרשטעלט. בלויז פיס פון מענטשן זעט מען דורך זיי, אַלערליי פיס, וואָס גייען צום ווינקל־הויף צום הויפישן קלאָזעט. דער ריח פון מיסטקאַסטן און בית־הכסא לייגט זיך

שוועך אָפּ אין שטוב. די ווענט, כאָטש פריש געקאַלכט און מיט בלימעלעך באַצירט, זענען פייכט און געשוואָלן. אין שטיבל איז פינצטער ווי אין אָוונט. ווו מען זאָל נישט אַוועקשטעלן די בעטן, שטעלן זיי זיך אָלץ נישט אויס. די איינציקע גוטע זאַך איז דער קראַן מיט וואַסער ביי דער טיר. נחמן מיט אַלע שוועסטערלעך צאַפּן דאָס וואַסער.

שפּעטלעך אין מאָרגן קומט דער באַלעבאָס פון הויז צו. ער איז שוין נאָכן אָנבייסן, אַן אויסגעשלאָפענער, אַן אויסגעפּוצטער, און ער קומט כאַפּן אַ בליק אויף די נייע שכנים זיינע אין קעלער.

— צוויי הונדערט איין און זיבעציק — רופט ער מיט אַ הייזעריקלעכער שטים און קלאַפּט מיטן שפּיץ פון שטעקן אין קעלער פענצטער — קומט אַרויף.

ער געדענקט נישט די נעמען פון די עטלעכע הונדערט איינוווינער זיינע, ער קען זיי בלויז ביי די נומערן פון די וווינונגען. אויך וויל ער נישט אַראָפּגיין אין קעלער ביים מיסטקאַסטן. ער פאַרטראָגט נישט דעם ריח. און ער רופט דעם שכן אַרויף אין הויף אַריין. ער איז אָנגעטאָן אין אַ גלאַנציקער געהאַקטער אַלפּאַגענער קאַפּאָטע, וואָס אַז מען וויל, איז עס אַ קאַפּאָטע און אַז מען וויל איז עס שוין אַ ראָק, ווי אַ דייטש טראָגט. די געמזענע שטיוועלעך מיט די קורצע כאַלעיווקעס, אויסגעפּילטע מיט פּיס, גלאַנצן פון ווייכקייט און נייקייט. דאָס ווייסע שטייף־געפּרעסטע העמד און מאַנקעטן בלענדן פון ווייסקייט. די גאָלדענע דאָפּלטע קייט, פאַרוואָרפן איבער ביידע קעשענקלעך פון זיידענעם וועסטל, לאַכט צו דער זון. פּונקט אַזוי שיינט דאָס גאָלד־קאָלירן בערדל זיינס, וואָס איז צוגעשוירן אין די שפּיצן און אַזוי אויסגעצערטלט, אַזוי אַז מען וויל איז עס אַ יידישע באָרד און אַז מען וויל, איז עס נישט קיין באָרד פאַר מצוה וועגן נאָר פאַר שיינקייט, וואָס אַפילו גוים טראָגן אַזעלכע. מאַטעס רירט אָן דעם דאַשעק פון היטל, דערזעענדיק דעם אויסגעצערטלטן באַלעבאָס פאַר זיך. ער ווייסט נישט צי דאַרף ער פאַר אים אַראָפּנעמען דאָס היטל, ווארים ער איז אי פּריץ, אי באַלעבאַטישער ייד. דער באַלעבאָס רייניקט מיט אַ קליין ווייבעריש טיכעלע די נאָז, כאָטש זי איז גענוג ריין, און רעכנט אויס פאַרן נייעם שכן זיינעם אַלע געזעצן, וואָס מען דאַרף וויסן. אַלע הויבן זיי זיך אָן מיט אַ „נישט”.

— נישט אָפּן לאָזן דעם קראַן פון וואַסער, נישט אָפּרייסן דעם טינק פון די ווענט, נישט פאַרשפּעטיקן מיט דירה־געלט, נאָר צאָלן יעדן אַכטן פון חודש פריער־אויס. פאַר נישט צאָלן פּינקטלעך וועט מען אַרויסוואַרפן די בעבעכעס...

מאַטעס שאָקלט צו מיטן קאָפּ אויף די אַלע באַלעבאַטישע גזירות און ער וויל אויך עפּעס זאָגן. ער וויל בעטן אַ ווינקל ערגעץ ווו אַ שמאַטע אַוועקצולייגן, אַן איבעריקע זאַך. ער דערנענטערט זיך צום באַלעבאָס, ווי דער שטייגער איז, ווען מען וויל רעדן אַ מענטש צום האַרץ, דער באַלעבאָס שאַרט אים אָפּ מיטן זילבערנעם קאָפּ פון מאַהאָגענעם שטעקן.

— אַביסל פון דער ווייטנס, ר׳ ייד, איך בין נישט טויב — זאָגט ער מיט אַ געלעכטערל.

ער האָט מורא פאַר די שכנים זיינע, זיי זאָלן אים נישט אויסשמירן, נישט פאַרפלעקן, און ער האַלט זיי שטענדיק פון דער ווייטנס, שאַרט זיי אָפּ מיטן שטעקן. ער האָט מורא אַריינצוגיין אין אַ שטוב צו אַ שכן, ווען ער דאַרף, ער זאָל נישט מיטנעמען אַ שטיקל שפּינוועבס, אַביסל קאַלך פון אַ וואַנט, אַ וואַנץ, גאָט באַהיט.

אויך לאָזט ער נישט אַריין צו זיך אין דער וווינונג, אַז מען דאַרף צו אים. די וווינונג זיינע איז אָפּגעצוימט פון הויף מיט זיבן שלעסער. די גרויסע געפּאַרבטע טירן מיטן מעשענעם גלאַנציקן נאָמען און צוגעשלאָגן פּאָסט־קעסטל עפענען זיך נישט פאַר די שכנים פון הויף. בלויז דורך אַ גלעזערן אויג אין דער טיר באַטראַכט מען יעדן, וואָס קלאַפּט אָן, און מען שיקט אים אַראָפּ צום באַלעבאָס אין הויף.

— אין טויער — גיט מען אַ ברום און מען פאַררוקט דאָס „אויג״.

מ׳האָט מורא, מען זאָל נישט אויסשמירן די געוועקסטע פּאַדלאָגעס, מען זאָל קיין ריח פון ציבעלע און קנאָבל נישט אָנטראָגן, און מער פון אַלץ, מען זאָל נישט פאַרשלעפּן קיין קראַנקהייט, קיין אומגליק, וואָס האַלט זיך כמעט תמיד אין גרויסן הויף.

מאַטעס גייט אַוועק אַ פאַרשעמטער פון באַלעבאָס פאַר אָפּשטויסן אים מיטן שטעקן. וואָס, וואָס, נאָר אַזוי האָט קיינער אין פּיאַסק אים נישט באַהאַנדלט, אַפילו דער גרעסטער נגיד נישט. די יידן אין הויף רעדן אים אויס.

— האָט אים טיף אין דער ערד, דעם מלאך — זאָגן זיי — אַז איר וועט אים גישט צאָלן פריעראויס, וועט אים אויך די כאַליערע נישט נעמען.

מען האָט אים נישט ליב אין הויף, דעם באַלעבאָס, נישט דערפאַר, וואָס ער הייסט זיך צאָלן דירה־געלט פריעראויס. מען ווייסט, אַז אַלע באַלעבאָטים זענען די אייגענע. אויך האָט מען נישט קיין מורא פאַר זיין אַרויסוואַרפן. ער רעדט מער ווי ער טוט און ער וואַרפט זעלטן אַרויס, כאָטש מען איז אים שולדיק פאַר עטלעכע חדשים. פאַראַן ערגערע פאַר אים, ווייסט מען. אָבער מען האָט נישט ליב זיין גאווה, זיין אויסגעפּוצטקייט, וואָס מאַכט די מענטשן אַרום נאָך חושכער און געפּאַלענער. די לויטערע פענצטער מיט די בלומען־טעפּ צווישן אַלע אויסגע־בראָכענע און פאַרלאָטעטע פענצטער, דער געפּאַרבטער באַלקאָן ביי זיין דירה, דער איינציקער יום־טובדיקער באַלקאָן צווישן אַלע אָפּגעשיילטע אַנדערע באַלקאָנען, זעען אויס ווי זיי וואָלטן זיך רייצן מיט דעם איבעריקן הויף. נאָך מער האָט מען פיינט זיין מוסר, וואָס ער זאָגט שכנים, וועלכע קענען נישט צאָלן קיין דירה־געלט צו דער צייט. פּרייטיק, ווייסט ער, מוזן אַלע שכנים אַהיימקומען אויף שבת, און ער זעצט זיך יעדן פרייטיק אַוועק אין טויער, לעבן דער טיר פון הויז־וועכטער. ער לאָזט אַרויסשטעלן אַ טישל, וואָס ער דעקט איבער מיט אַ גרין טישטעכל, ווי אין אַ געריכט אַ שטייגער. ער לייגט אויס די ביכער, וווּ עס איז פאַרשריבן יעדנס חשבון, און ער לאָזט נישט דורכגיין.

— נומער איין און ניינציק — פאַרהאַלט ער מיטן שטעקן אַ שלעכט־צאָלנדיקן שכן, וואָס וויל זיך דורכגנבענען דעם טויער — וואָס הערט זיך מיט דירה־געלט?

נומער איין און ניינציק פאַרענטפערט זיך, אַז די צייט איז שלעכט, אַז ווייב און קינדער האָבן נישט צו עסן. דער באַלעבאָס לאַכט מיט אַלע גאָלדענע ציין פון שכנס ענטפער, וואָס זעט אים אויס אומזיניק, ווילד.

— אַן אָרעמאַן קען איך געבן אַ גראָשן אַ נדבה — זאָגט ער — אָבער נישט אויסהאַלטן מיט אַ דירה אומזיסט.

נומער איין און ניינציק באַליידיקט זיך, וואָס מען פאַרגלייכט אים צו אַ בעטלער, דער באַלעבאָס האַלט זיך ביי זיינס.

— פֿאַרוואָס דאַרף איך איך גראָד אויסהאַלטן מיט אַ דירה? — פֿרעגט ער מיט לאָגיק — פֿאַראַן נאָך באַלעבאַטים פֿון הייזער אין וואַרשע — ציט זיך אַריין צו זיי.

נאָך דעם פּוצט ער זיך אָפּ, פֿעכלט זיך און בערשטלט זיך, כאָטש קיינער האָט זיך צו אים נישט צוגערירט. אַליין פֿאַר דער לופֿט פֿון אַן אָרימאַן האָט ער מורא.

די שכנים האָבן גאָרנישט צו זאָגן אויף זיינע לאָגישע טענות. אָבער פֿיינט האָבן זיי אים דערפֿאַר. עפּעס זייער נאַריש און געפֿאַלן ביי זיך ווערט מען נאָך די לאָגישע רייד זיינע. עס איז ערגער ווי ער וואָלט געבייזערט זיך, אַפֿילו ווי ער וואָלט אַרויסגעוואָרפֿן. און מען רופֿט אים מיט אַ צונאָמען, נישט רפֿאל ווייכסעלפֿיש, ווי עס איז אויסגעקריצט אויפֿן אייזערנעם פּלעטל ביים טויער פֿון הויז, נאָר רפֿאל המלאך, צוליב די גוטע מלאכישע ריידעלעך זיינע.

— שוין איינמאָל אַ מלאך — זאָגן די ווייבער אין הויף צו מאַטעסן דעם נייעם שכן — כ׳מזל זאָל אים אַזוי דינען.

אין אָוונט קומען אַלע שכנים פֿון הויז צוריק פֿון דער אַרבעט. יעדער כאַפּט אַ בליק צו די נייע אין קעלער אַריין, ווו אַ לעמפּל שיינט טריב.

— ס׳זאָל זיין מיט מזל — ווינטשט מען דעם נייעם אָרימאַן, וואָס האָט פֿאַרגרעסערט דעם הויף.

פֿון אַלע זייטן קאָכט מען און מען פּרעגלט. יונגען מיט מוידן שטייען ביים טויער און לאַכן. פֿאַרפֿעלקער קריגן זיך דורך אָפֿענע פֿענצטער, רעכענען זיך אויס דעם יחוס. פֿון די נאָענטע קאַזאַרמעס קומען סאָלדאַטן צו פֿעטער שעפּסלס הייזל. די גיטאַרע הויבט דאָרט אָן שפּילן. אין הויפֿישן בית־המדרשל דאַוונען ייִדן מעריב. צוזאַמען מיט די רוסישע ראָמאַנסן פֿון פֿעטער שעפּסלס דירה, רייסט זיך אַ גראַמאַפֿאָן און וויינט ביי יום־כּפּורדיקע על־חטאס. ביי אַלע טרעפּ שטייען פֿאַרלעך אין שאָטן און שושקען זיך. מאַמעס רופֿן טעכטער שלאָפֿן. ווען מ׳פֿאַרמאַכט דאָס טויער, טראָגן האַלב־אויסגעטאָענע מענער אַרויס שטרוי־זעק אויפֿן הויף, קישנס און קאָלדרעס, און לייגן זיך אויס אונטערן הימל צו ראַטעווען זיך פֿון ענגשאַפֿט, שטיקעניש און אומפּלייט. מוידן שלעפֿן קאָלדרעס, און קוויטשען צוליב די יונגען, וואָס טשעפּען זיי. מען בעט זיך אויס ווו נאָר אַ ווינקל, אויף פֿורן און פּלאַטפֿאָרמעס.

שיינדל, געוווינט צו וואַרשעווער מנהגים, שלעפּט אַרויס די קישנס פֿון שטוב און לייגט זיי אויס אין הויף, ווייטער אַביסל פֿון מיסטקאַסטן. מאַטעס שעמט זיך אַרויסגיין שלאָפֿן אין דרויסן. שיינדל בייזערט זיך.

— דאָ איז נישט פּיאַסק — זאָגט זי — דאָ איז וואַרשע. אַלע שלאָפֿן אַזוי.

צומאָרגנס, פֿאַרטאָג, הויבן זיך די נייע שכנים אויף צוגלייך מיט אַלעמען און גייען אַריין אין דער אַרבעט. מאַטעס נעמט זיין זאַק, וואָס ער האָט יאָרן־לאַנג געשלעפּט איבער די דערפֿער, און גייט פֿון הויף צו הויף אין די ווייטערע גאַסן.

— אַלטוואַרג קויף איך! — רופֿט ער, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע שאַכערס, אַרויפֿרייסנדיק דעם קאָפּ צו די פֿענצטער. — אַלטע שיך, אַלטע קליידער, אַלטע קאַפּעליושן, אַלטע הויזן.

ער האַלט פֿאַרזיכטיק ביי זיך די עטלעכע גולדן, וואָס שיינדל האָט אים געגעבן, גרייט צו באַצאָלן פֿאַר אַ מציאה, אַז גאָט וועט צושיקן. שיינדל לאָזט איבער דאָס

קינד ביי די שוועסטערלעך און גייט אַרויס אַן אויסגעפּוצטע און גרויס־שטאָטישע צו זוכן שטעלעס פֿאַר זיך, פֿאַר די שוועסטערלעך און פֿאַר נחמנען. נאָך אַ גאַנצן טאָג קומט מאַטעס אַהיים מיט אַ פּאָר אַלטע שיך און מיט אַ צעקנייטשט ווייס וועסטל צו אַ פֿראַק, וואָס ער האָט ערגעץ איינגעהאַנדלט. שיינדל גרייט אים צום טיש פֿריש בעקער־ברויט, וואָס אין פּיאַסק פֿלעגט מען אַזעלכעס נישט עסן, אויך הערינג און קאַרטאָפֿל, און זי דערציילט וועגן די ערטער וואָס מאַכן זיך פֿאַר איר און פֿאַר די קינדער. מאַטעס טונקט דאָס ברויט אין זאַלץ און רעדט שטיל און אומדרייסט.

— כ׳וואָלט וועלן, נחמן זאָל ווייטער זיצן און לערנען — מורמלט ער — ער האָלט שוין ווייט אין תורה.

שיינדל צעהאַקט אַ שטיקל קויל ביי דער קיך און באַווייזט אַ פֿאַרפֿלאַמט פּנים פֿון פֿייער אַרויס.

— דאָ איז נישט פּיאַסק — זאָגט זי — דאָ איז וואַרשע, יעדער דאַרף דאָ אַרבעטן.

מאַטעס שווייגט, ווי תּמיד, נאָר ער זיפֿצט ביים בענטשן, יעדער זיפֿץ רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. שיינדל קען עס נישט הערן.

— אַז ס׳פּאַסט דיר צו האָבן שיינדלען פֿאַר אַ טאָכטער — שרייט זי — פּאַסט דיר צו האָבן נחמנען פֿאַר אַ באַלמעלאָכע.

מאַטעס פֿאַרלייגט די האַנט פֿאַרן מויל.

— שיינדל, גאָט איז מיט דיר — בעט ער — מענטשן וועלן הערן.

נחמן קוקט אַ פֿאַרטראַכטער אויף דעם גרויסן הויף, אויף די גאַז־פֿלעמלעך, וואָס קיינמאָל האָט ער אַזעלכעס נישט געזען, און ער האַלט מיט שיינדלען.

— כ׳וויל נישט מער לערנען — זאָגט ער אַ פֿאַרביסענער — מוחל.

פֿון ווינקל הויף ציטערט אַ גיטאַרע. מאַטעס זיפֿצט ביים בענטשן.

— רבונו של עולם — רעדט ער אויס אין מיט זאָגן — טאַטע זיסער אין הימל.

פֿון די ביכער: אויף פֿרעמדער ערד, ווילנע 1930; שטאָל און אייזן, וואַרשע 1927; חבר נחמן, ניו־יאָרק, 1938.

# יעקב זרובבל

## אין וואַרשעווער קהילה־ראַט



### רעדע אין אַ בודזשעט־דעבאַטע

**די פראַגע פון בודזשעט איז די פראַגע פון פראָגרעס, פון דער פּאָליטישער פּלאַטפאָרם. וועלכע צילן שטעלט פאַר זיך די קהילה און אויף וועלכן וועג וויל זי זיי רעאַליזירן? עס קאָן דעריבער נישט זיין קיין וויכוח סתם וועגן דער אָדער יענער איינצעלנער פּאָזיציע; מען מוז פונאַנדערוויקלען דעם אַלגעמיינעם וויכוח וועגן אויסגאַנג־פּונקט און פּערספּעקטיוו פון דער אַרבעט דאָ.**

**די ציוניסטן האָבן עס אין איצטיקן בודזשעט געוואָלט אויסמיידן. זייער „פּרעזעס" ה' לעוויטע האָט תרעומות הלמאי מען מישט צונויף פּאָליטיק מיט בודזשעט. אָבער דווקא די לייט פון „אגודה" האָבן פאַרשטאַנען, אַז נאָר אַזוי דאַרף דער בודזשעט באַהאַנדלט ווערן. זיינען זיי נישט יוצא געווען מיט דער לאַנגער דרשה פון זייער „פּרעזעס" ה' קירשבריין, וועלכער האָט גערעדט וועגן אַלץ, נאָר נישט וועגן די עיקרים פון זייער פּראָגראַם, און עס איז געקומען ה' איטשע מאיר לעווין און גערעדט אָפענע און קלאָרע דיבורים. ער איז גערעכט געווען אין זיין כאַראַקטעריסטיק פון די ציוניסטן און מזרחי. נישט פליישיק און נישט מילכיק. אַ האַרעלע רעליגיעז און אַ האָרעלע וועלטלעך. דעריבער ווייסט מען קיין מאָל נישט, ווו מען האַלט מיט זיי און וואָס זיי ווילן.**

**די אגודה פאַרבאַהאַלט נישט אירע כוונות. זי זאָגט אָפן: מיר ווילן דאָס יידי־**

---

יעקב זרובבל — פון די דינאַמישע געשטאַלטן אין דער פּועלי־ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג — איז געבוירן געוואָרן אין פּאָלטאַווע אין יאָר 1886. אין דער יוגנט אַ האָרעפּאַשניק — אַ סטאָלאר, אַ מצבה־קריצער. נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט, איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער קעמפער פאַר זיינע אידעאַלן. געזעסן אין תפיסות, געוואַנדערט איבער גאָר דער וועלט, געשריבן און גערעדט — געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע אָראַטאָרן בכל תפוצות ישראל. אַרויסגעגעבן ביכער — ליטעראַרישע, היסטאָרישע. אין די יאָרן 1918 ביז 1936 געוווינט אין וואַרשע, אַקטיוו פּאָליטיש און אויפן פעלד פון מאָדערנער קולטור אין יידיש. געווען מיטגליד פון דער וואַרשעווער קהילה־פאַרוואַלטונג. פון זיינע זכרונות־ביכער נעמען מיר אַרויס איינע פון זיינע קעמפערישע רעדעס אין דער וואַרשעווער קהילה. פון יאָר 1936 וווינט זרובבל און איז אַקטיוו אין תל אביב.

שע לעבן זאָל זיין אינגאַנצן אָנגעפּילט מיט דת און אַז אומעטום זאָל הערשן די רעליגיע און ס׳זאָל געשטאַרקט ווערן דער אויטאָריטעט פון דער רעליגיע.

דאָס איז אַ פּראָגראַם, אַ ליניע, אַ שוואַרצע, רעאַקציאָנערע, אָבער אַ קלאָרע, קאָנסעקווענטע. די אגודה האַלט זיך ביי איר נישט נאָר דאָ, אין דער קהילה, זי גייט מיט דעם וועג אויך אין יידישן לעבן.

דערפאַר טאַקע זיינען מיר אַהער געגאַנגען. דער יידישער אַרבעטער טראָגט אויף זיך די לאַסט פון דורות פאַרקריפּלטקייט, מאַטעריעלער און גייסטיקער, און ער פילט אויף יעדן שריט און טריט די פאַרדאַרבענע השפעה פון רעליגיעזער אפּוטרופּסות, קלעריקאַלער ממשלה און גבירישער תקיפות. האָבן מיר אויפגענו־מען דעם קאַמף אויפן גאַנצן שטח פון יידישן מאַסן־לעבן, און אויך אַהער זיינען מיר געקומען, ווייל מיר ווילן פיל אין גאַנץ פאַרוועלטלעכן דאָס יידישע לעבן, אַרויס־טרייבן פון אומעטום די רעליגיע, עס זאָל פון איר השפעה קיין שפּור און הויך נישט בלייבן.

איר וועט אַלע צוגעבן, אַז דאָס זעלבע האָבן מיר געזאָגט בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע אונדזערע ווילער און געשריבן אין אונדזער וואַל־פּלאַטפאָרם. מיר האָבן נישט פאַרשלייערט אונדזערע כוונות און נישט באַהאַלטן אונדזערע צילן. פאַר אונדז איז דאָס יידישע וועלטל נישט קיין אָפּגעשלאָסענער אינדזל פאַר זיך. מיר זיינען אַלע אינם קאָכיקן אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן, ווערן פון אים באַאיינ־פלוסט און ווירקן אויף אים. אונדזער קאַמף אין יידישן לעבן איז ענג אויסגעבונדן מיטן קאַמף קעגן רעאַקציע און קלעריקאַליזם אויף דער אַלגעמיינער גאַס. מיר שטייען אָבער מיטביידע פיס אין יידישן מאַסן־לעבן און אונדזער קאַמף האָט אין זינען דירעקט אים איבערצואַנדערשן. דער יסוד פון אונדזער קאַמף איז די זעלבסט-טעטיקייט פון די יידישע מאַסן; דעריבער זוכן מיר צו שאַפן יענע נאַציאָנאַל־אויי־טאָנאָמע אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע זאָלן קאָנען רעגולירן דאָס אייגנאַרטיקע יידישע מאַסן־לעבן.

די איצטיקע קהילה קאָן נישט ווערן אָט דער רעגולאַטאָר פון יידישן לעבן. סיי צוליב איר וואַל־אָרדינאַציע, סיי צוליב איר קאָמפּעטענץ. דאָס קאָן נישט זיין אויך די אַזוי גערופענע „דעמאָקראַטישע" קהילה, אויף וויפיל אין איר מוזן האָבן די הויפּט־דעה די הערשנדיקע קלאַסן פון יידישן פאָלק. רוקן מיר אַרויס דעריבער אין אונדזערע פּאָליטישע פּערספּעקטיוון יענע אַנשטאַלטן פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, ווו די גאַנצע דעה וועט געהערן דער אַרבעטערשאַפט. עס גייט נישט וועגן אַ הערשאַפט איבער אַנדערע שיכטן און קלאַסן, אדרבא, מיר שטעלן זיך פאַר די אָפּשאַפונג פון דער קלאַסן־צעגלידערונג, מיר זענען פאַר די פאַרשווינדונג פון די אַלע פּאַראַזיטישע און עקספּלואַטירנדיקע עלעמענטן און די אויסבילדונג פון אַן איינהייטלעכן יידישן אַרבעטער־פאָלק, וואָס וועט אַליין רעגולירן זיין אייגן נאַ־ציאָנאַל לעבן.

צו דער צייט איז נאָך ווייט. דעריבער זיינען מיר געגאַנגען צו דער איצטיקער קהילה, ווייל היינט איז נאָך פאַראַן די ממשלה פון דער רעאַקציע און די שוואַרצע שליטה אין יידישן לעבן. ווילן מיר אויסנוצן די איצטיקע קהילה, כדי פון דאַנען צו פּראָקלאַמירן אונדזערע לאָזונגען וועגן איבעראַנדערשונג פון יידישן לעבן און פון דאַנען אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר זיי.

מיר האָבן עס געטאָן ביז אַהער ביי יעדער געלעגנהייט, אויפווייזנדיק די ברייטע מאַסן אויפןביישפּיל פון זייערע קאָנקרעטע האַנדלונגען און באַשלוסן, ווי פיינטלעך די איצטיקע מושלים זיינען צו די אינטערעסן פון די יידישע האָרעפּאַש־ניקעס און ווי נויטיק עס איז צו פירן קעגן אייך אַן אַנטשיידענעם, אָן־פשרהדיקן קאַמף. מיר וועלן עס טאָן אויך ווייטער.

מען האָט גערעדט וועגן אַ נייער קהילה, וועגן אַ נייעם גייסט, געפּירט כלומרשט אַ קאַמף קעגן די אַלטע אַסימילאַטאָרן, קעגן מתים־שטיבל; לסוף זענט איר אַליין געבליבן ביים אַלטן. נישט וואָס איר קענט איצט נישט אויפטאָן עפּעס ממשותדיקעס, נאָר איר ווילט עס אפילו נישט. איר זענט געקומען צו דער ממשלה — זענט איר שוין באַפרידיקט און באַרויקט.

סאָציאַלער שוץ — ביי אונדז הייסט עס: העלפן און רעגולירן דעם פּראָצעס כּין פּראָדוקטיוויזירן דאָס יידישע לעבן. זעט דעם דראַנג דערצו ביי די יידישע מאַסן. ווירקן דאָך די פּריוואַטע געזעלשאַפטן, ווי „אָרט", „החלוץ" און אַנדערע ווירט־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס. איר האָט נישט געפּרוווט אָנצוצייכענען אַזאַ אַרבעט. איר האָט זיך באַגנוגנט מיט דער „איינאָפּעזירונג" פון דער שנאָרעריי; ביי אייך איז עס געבליבן ווייטער צדקה; איר ווילט אויפהיטן די פילאַנטראָפּיע מיט דער גאַנצער דעמאָראַליזאַציע און דערנידעריקונג, וואָס שטעקט אין דעם.

קולטור־אַרבעט — פאַר אונדז זיינען עס שולן, ביבליאָטעקן, טעאַטער. איך האָב צו אייך קיין טענות נישט, פאַרוואָס איר גיט ווינציק פאַר די יידישע שולן; עס איז ביי מיר נישט קיין פראַגע פון דינגען זיך. איך נישט פון פּראָפּאָרץ. איר שטעלט אַ קלאָץ־קשיה: צי וואָלטן מיר געגעבן מער אויף אייערע תלמוד־תורות און אפילו תרבות־שולן? איך זאָג אָפן: קיין פּרוטה נישט! ווייל מיר האַלטן, אַז זיי האָבן נישט אין זינען די אמתע קולטור־נויטן פון די ברייטע מאַסן פון פאָלק. איר האָט אַ טעות, אויב איר מיינט, אַז אונדז גייט דאָ נאָר וועגן פּרינציפּ פון יידישער שפּראַך. איז דאָך דער אַלטער חדר געבויט אויף דעם יסוד פון יידיש, אַלס אונטערריכטס־שפּראַך.

איך בין קעגן די חובבי־יידיש, פּונקט ווי איך בין קעגן די חובבי־עברית. די יידישע שפּראַך איז פאַר אונדז נישט קיין הוילער אַבסטראַקטער פּרינציפּ; עס איז דער אָרגאַנישער וועג פון קולטור־שאַפונג פון די יידישע מאַסן. געוויס קאָן מען לערנען אויך מאָדערנע וועלטלעכע זאַכן אין העברעיש און איך קאָן גערן אָננעמען, אַז פון דער יפוער העברעישער גימנאַזיע זאָל אַרויס אַ מאָדערנער אינטעליגענט מיט אַ וועלטלעכן וויסן. אָבער די יידישע מאַסן וועלן פון דעם קנאַפּ וואָס האָבן.

אָט גייט אַרויס אין פּאַלעסטינע אַן אַרבעטער צייטונג „דבר", איינע פון די בעסטע אַרבעטער־צייטונגען ביי יידן. דאָרט שרייבן אַרבעטער, פאַראַן שטימונג פון אַרבעט, די אַטמאָספער פון דעם נייעם אַרבעטער־פּאַלעסטינע. וואָלט אַזאַ צייטונג דערשינען אין יידיש און וואָלט יעדער יידישער אַרבעטער געקאָנט אַליין זי לייענען, וואָלט מען פאַרשפּאָרט די אַלע משולחים פון פּאַלעסטינע, כדי צו נישט צו מאַכן די אַלע בלבולים און בבא מעשיות וועגן פּאַלעסטינע. שטייט אָבער אַ וואַנט אין מיטן צווישן דער צייטונג און די יידישע מאַסן — די העברעישע שפּראַך.

אָט רעדט איר אַליין וועגן לערנען תנ"ך, וועגן גייסט פון תנ"ך, און איר וועט

דאָך מוזן מודה זיין, אַז ביי אַלע אייערע חדרים, תלמוד תורות און אפילו תרבות אַנשטאַלטן, וועלן די ברייטע מאַסן פון פאָלק פרעמד בלייבן דעם תנ״ך. איז אָבער געקומען אַ גרויסער דיכטער: יהואש, וואָס אפילו די ציוניסטן האָבן נישט געפילט דעם חוב צו באַערן דאָ זיין אָנדענק, און ער האָט איבערגעדיכטעט דעם תנ״ך אין יידיש — קאָנט איר זיין זיכער אַז הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען וועלן ערשט איצט קריגן די מעגלעכקייט צו געניסן פון יענע קולטור־אוצרות, וואָס זיינען פאַראַן אין די ווערק פון ישעיה, עמוס און אַנדערע.

דורך העברעיש קאָנט איר אפשר אויסבילדן יידישע אינטעליגענטן, אפילי מיט אַ מאָדערנעם גייסט; אָבער עס וועט נישט זיין די אינטעליגענץ, וועלכע איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט מאַסן־לעבן. אונדזערע פאָלקס־שולן אין יידישער שפּראַך, די ווייטערע שטופע פון מיטל־שולן און דערנאָך אוניווערסיטעטן — דאָס איז דער וועג צו אייגענער אינטעליגענץ, צו אַן אייגענער מאַסן־קולטור. דאָס זעלבע וועגן די קינסטלער אין אייגענעם יידישן טעאַטער. דאָס איז קולטורעלע פאַרטיפונג און פאַרוואָרצלטקייט.

* * *

מיר האָבן נישט קיין אַנטוישונג. די חברים פון „בונד" האָבן, וויזט אויס, יאָ דערוואַרט, אַז עס וועט מעגלעך זיין אַ וועלכע עס איז געמיינזאַמע אַרבעט. מיר האָבן קיין איין רגע נישט געחלומט וועגן אַ שלום־בית און צו דעם נישט געשטרעבט. צווישן אונדז און דער מערהייט גייט וועגן יידישן מאַסן־לעבן; אויף אים ווילן מיר נישט מוותר זיין. בנוגע זיינע אינטערעסן און נויטן וועלן מיר אויף קיינע פשרות נישט גיין. די קהילה איז אונדז נישט טייער און הייליק; זי איז פאַר אונדז אַן אָרט פון קאַמף. וועט איר זי אויסנוצן פאַר אייערע מאַכט־תשוקות — וועלן מיר אויפשטעלן קעגן אייך די ברייטע יידישע מאַסן פון דרויסן. זיי וועלן נישט אויסגעבן זייערע פאַרהאָרעוועטע פרוטות כדי צו פאַרשטאַרקן אייער פינצטערע ממשלה.

דער בודזשעט וועט וויזן די מאַסן, אַז מיר זיינען געווען גערעכט. איר אַלע טראָגט די אחריות פאַר דער פאַרוואַלטונג און נישט נאָר איר פאָרזיצער. מעגן די ציוניסטן זיך דאָ אַליין עפנטלעך שמייסן. כל זמן זיי פאָדערן נישט פון זייערע פאַרטרעטער אין פאַרוואַלטונג צו דעמיסיאָנירן, זיינען זיי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער בודזשעט. דעסגלייכן די אגודה, עס איז דער רעזולטאַט פון אייער קו־מסחר. איר בלייבט טויב צו דעם רוף פון דער צייט, צו די נויטן פון די מאַסן, איר רעדט וועגן אחדות און שלום און ווילט ווייטער הערשן תקיפותדיק אומבאַגרענעצט.

זיינען מיר קעגן אייך און וועלן ווייטער פירן נאָך אַנטשיידענער אונדזער קאַמף צו פאַרטרייבן אייך אינגאַנצן פון יידישן לעבן.

פון בוך: בלעטער פון אַ לעבן. באַנד 2, תל אביב, 1956

# מרדכי חלמיש

## אַ בליק אויפֿ'ן יידיש־וואַרשעווער קולטור־אויפֿבלי צווישן צוויי וועלט־מלחמות



אז מען זאָגט: יידיש קולטור־לעבן אין וואַרשע — מוז מען זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, אַז אין דעם זין קאָן מען אייגנטלעך רעדן בלויז וועגן אַ רעלאַטיוו קורצן פּעריאָד, בסך הכל אַ פֿופֿציק יאָר בערך. ווייל קודם כל איז דער יידישער ישוב אין וואַרשע בכלל נישט געווען אַזוי אַלט ווי מען מיינט: בלויז אין די צוואַנציקער יאָרן פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן די יידן באַקומען אָפֿיציעלע רעכט אין וואַרשע, טראָץ דעם וואָס יידן האָבן שוין געוווינט אין דער שטאָט נאָך אין 13־טן יאָרהונדערט. והשנית, האָט זיך דאָס עיקרדיקע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון וואַרשעווער יידישן ישוב ביזן סאַמע סוף פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט אָפּגעשפּילט אין דעם פֿאַרביסענעם קאַמף פֿון דער חסידישער מחנה קעגן די מתנגדים פֿון איין זייט — און צווישן דיביידע קעגן די אַסימילאַטאָרישע קרייזן — פֿון דער אַנדערער זייט. און דער קאַמף קאָן דאָך נאָך ניט אַריינגערעכנט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פֿון קולטור־לעבן, ווי מיר ווילן עס אויפֿפאַסן.

דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך, וואָס אַן אמת, נישט אָפּגעשטעלט אויך אין אָנהויב פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אָבער שוין ביים סוף פֿון די נײַנציקער יאָרן זיינען אויפֿגעקומען אויף דער יידישער גאַס אין וואַרשע נייע פֿאַקטאָרן, וועלכע האָבן ממש רעוואָלוציאָנירט דאָס יידישע לעבן. און ווייל מיר רעדן דאָ בפירוש וועגן קולטור־לעבן, וועלן מיר זיך נישט אָפּשטעלן באַזונדער אויף די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע גורמים. אָבער עס איז קלאָר, אַז דאָס דערשיינען פֿון פּאָליטישע פּאַרטייען, בעיקר פֿון די אַרבעטער פּאַרטייען, אויף דער יידישער גאַס, האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג און השפּעה אויף דער עמאַנציפּאַציע פֿון ברייטע יידישע שיכטן און גאַנץ באַזונדער — פֿון דער יוגנט, וועלכע האָט זיך גענומען רייסן מיט גרויס אימפּעט צו ליכט, צו בילדונג, צו מאָדערנער אייראָפּעישער קולטור.

---

מרדכי חלמיש (פלינט) געבוירן אין גער אין יאָר 1911, פֿון דער קינדהייט ביז 1935, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, געוווינט אין וואַרשע. פּובליציסט, ליטעראַטור־קריטיקער, איבערזעצער, ראַדיאָ־קאָמענטאַטאָר. שרייבט בעיקר אין העברעיש, מיטרעדאַקטאָר פֿון דער טאָגצייטונג „על המשמר", תל אביב. האָט גרויסע פֿאַרדינסטן אויפֿן געביט פֿון פּאָפּולאַריזירן די יידישע ליטעראַטור צווישן די העברעישע לייענערס.

דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרוואַנדלט דאָס יידישע וואַרשע אין אַ קול־טור־צענטער אין מאָדערנעם זין פון וואָרט, איז געווען דער גרויסער י. ל. פרץ. און ווי שוין געזאָגט, האָט די בלי־תקופה געדויערט אינגאַנצן ביי אַ פופציק יאָר. אָבער וואָס פאַר אַ פראַכטפולן אויפבלי האָט דאָס יידישע קולטור־וואַרשע דער־לעבט אין די אָ קורצע פופציק יאָר, ביז צום שוידערלעכן חורבן! נישטאָ קיין איין געביט פון קולטור־טעטיקייט און קולטור־שאַפן, אויף וועלכן וואַרשע האָט אין יענע יאָרן נישט פאַרנומען דעם סאַמען אויבנאָן אין דער יידישער וועלט. און דאָס איז געווען טראָץ דעם, וואָס בעיקר אין דער צווייטער העלפט פון דער אָ קורצער אויפ־בלי־תקופה, זיינען אויפגעשטיגן אין יידישן לעבן אַזעלכע צוויי גרויסע און וויכ־טיקע צענטערס ווי מאָסקווע און ניו יאָרק.

לאָמיר פּרווון אויסרעכענען בלויז אַביסל, אויפן שפּיץ־מעסער, פון די וויכטיק־סטע פּאָזיציעס אין דער קולטור־שעפערישקייט פון דער יידישער וואַרשע.

אין צייטונגס־וועזן: — פון די 27 יידישע און העברעישע טאָג־צייטונגען, 100 וואָכן־בלעטער, 24 צוויי־וואָכן אויסגאַבעס און 58 חודש־שריפטן, וועלכע זיינען דער־שינען אין פוילן אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה — זיינען די גרעסטע טייל דערשינען אין וואַרשע. אָנהויבנדיק פון חיים זעליג סלאָ־נימסקי, וועלכער האָט געגרינדעט די „הצפירה" אין וואַרשע נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק, אין יאָר 1862 (און אפילו פריער — פון וואָכנבלאַט „דער בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסל", וועלכעס אַנטאָני אייזנבוים האָט אַרויסגעגעבן במשך פון אַ יאָר צייט אויף יידיש און פויליש אין יאָר 1823), זיינען געווען טעטיק אין וואַרשע אין דער יידישער זשורנאַליסטיק אויף פאַרשידענע שפּראַכן אַזעלכע פּראָמינענטע שריי־בער ווי נחום סאָקאָלאָוו, דוד פרישמאַן, און טאַקע יצחק לייבוש פרץ, הירש דוד נאָמבערג, ד"ר יוסף לוריא, צבי און נח פּרילוצקי, נחמן סירקין, שמואל יעקב יאַצ-קאַן, מרדכי ספּעקטאָר, יצחק גרינבוים, הלל צייטלין, איטשעלע (מ. יוסטמאַן), יוסף טונקעל (דער טונקעלער), זאב זשאַבאָטינסקי, וולאַדימיר מעדעם, ביניש מיכאַלע-וויטש, יוסף העפטמאַן, עזריאל קאַרלעבאַך, ה. ערליך, וו. אַלטער, ב. שעפנער, מ. ווייכערט, נחמן מייזיל, ד. ב. מאלקין און נאָך און נאָך.

אין דער ליטעראַטור: — צווישן דעם ערשטן — און אויך דעם גרעסטן — יידישן שרייבער אין וואַרשע י. ל. פרץ, און דעם לעצטן, וואָס דער גרויזאַמער גורל האָט געוואָלט, אַז גראָד ער זאָל שרייבן „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" — דעם לאָדזשער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וויקלט זיך אַדורך אַ ריזיקע פלעיאַדע פון יידישע און העברעישע שרייבער, וועלכע האָבן אויסגעבויט און אויפגעזאַמלט די עיקרדיקע אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור אין ביידע לשונות. און ווידער אַמאָל, ווען מיר ווילן ברענגען אַלס ביישפּיל בלויז עטלעכע נעמען פון די שריי־בער, וועלכע האָבן געשאַפן און געווירקט אין וואַרשע, ווער אַ קורצערע און ווער אַ לענגערע צייט, מוז מען כאָטש דערמאָנען — אַ חוץ די וועלכע זיינען שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן — שלום אש, יעקב דינעזאָן, ש. אַנ־סקי, דוד פּינסקי, אברהם ריי־זען, א. מ. ווייסענבערג, עוזר וואַרשאַווסקי, פּרץ מאַרקיש, אפרים קאַגאַנאָווסקי, אורי צבי גרינבערג, י. י. זינגער, אהרן צייטלין, אַלטער קאַציזנע, י. י. טרונק, יואל מאַסטבוים, ישראל שטערן, איציק מאַנגער, יצחק באַשעוויס, שמעון האָראָנ־

משיק, י. פּאַפּיערניקאָוו, שמואל זאַראָמב, קלמן ליס, בינעם העלער, הערץ בערגנער, משה שימל, דעם פאָלקס־דיכטער הערשעלע, יחיאל לערער און דעם דורכאויס וואַר־שעווער דיכטער און פּראָזאיקער ז. סעגאַלאָוויטש.

כדי צו געבן אפילו בלויז די קאָנטורן פון דעם אַלזייטיקן, פּילפּאַרביקן, דינאַמישן און אינהאַלטסרייכן קולטור־לעבן פון יידישן וואַרשע ביז פאַר דער קאַטאַסטראָפע, וואָלט מען זיך געדאַרפט אָפּשטעלן ברייט אויפן פאַרצווייגטן שולוועזן, די צענדליקער פאָלקס־שולן, יידישע גימנאַזיעס, סעמינאַרן און העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן מיט יידיש, העברעיש אָדער פּויליש אַלס לערן־שפּראַכן — אָדער גאָר אוטראַקוויסטישע שולן. מען וואָלט געדאַרפט דערמאָנען אויספּירלעך די ביכער־פאַרלאַגן, ביבליאָטעקן און בילדונגס־קורסן פאַר דערוואַקסענע; דאָס אַזוי רייכע מוזיקאַלישע לעבן פון די וואַרשעווער יידן; די גרויסע גאַלעריע פון יידישע פּלאַסטיקער, וויסנשאַפטלער און בכלל קולטור־טוער.

ליידער, קאָנען מיר אָבער זיך נישט אָפּשטעלן אין די דאָזיקע ראַמען אויף די אַלע געביטן, אפילו נישט בקיצור. עס ווילט זיך אָבער בלויז דערמאָנען — אויך צוליב דעם פאַרגלייך, מיט וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן די שורות — ווי עס האָט אויסגעזען דאָס כאָציאַלע און בעיקר — דאָס קולטור־לעבן אין יידישן וואַרשע פון די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. דאָס הייסט ביז צום חורבן. פון די קנאַפּע פופציק פּראָצענט (גענוי: 47.4 פּראָצענט) וואַרשעווער יידן, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע און האַנטווערק און די 34 פּראָצענט באַשעפטיקטע אין מסחר, זיינען דער רוב געווען פון אָרימען שטאַנד, אַ סך פון זיי אָן עלעמענטאַרער אַלגעמיינער בילדונג און נישט ווייניק פון זיי האָבן זיך געהאַלטן מיטן רעליגיעזן לאַגער, פאַר וועלכן יעדע קולטור אָדער ליטעראַטור, שוין אָפּגערעדט פון קונסט און טעאַטער, זיינען געווען „טריף־פּסול״. די פּאַרטייען און יוגנט־באַוועגונגען, די וועלטלעכע שולן, דאָס צייטונגס־וועזן און די ליטעראַרישע ווי אויך די קולטור־טעטיקייטן האָבן, וואָס אַן אמת, אַ כך מיטגעהאָלפן צום סעקולאַריזירן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן. אָבער די שפּורן פון דעם נישט ווייטן עבר האָבן זיך נאָך געלאָזט גאָר שטאַרק פילן אין ברייטע קרייזן פון וואַרשעווער יידנטום. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז מיט דער צייט האָט אויך די רעליגיעזע און אפילו די חסידישע מחנה זיך אויסגעלערנט באַנוצן מיט אַ היפּש ביסל פון די מאָדערנע מיטלען און דרכים, ווי למשל צייטונגען, אויפקלערונג און קולטור אַרבעט לויט זייער אויפפאַסונג, כדי נישט צו פאַרלירן זייער השפּעה אויף די ברייטערע שיכטן.

עס איז אויך וויכטיק צו דערמאָנען, אַז דער גרעסטער טייל פון די וואַרשעווער יידן האָט אייגנטלעך איינגעוואַנדערט קיין וואַרשע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך איר, מיטברענגנדיק מיט זיך אַ גאַנץ היפּשן באַגאַזש פון שטעטל. דאָס שטעטל האָט טאַקע פאַרמאָגט אַ גרויסע טראַדיציע פון וואַרעמער יידישקייט, פאָלקסטימלעכקייט און נאָך אַנדערע וויכטיקע אייגנשאַפטן פון דער פּוילישער ליבער פּראָווינץ. אָבער עס איז שווער צו זאָגן, אַז מיט זיין גאַנצן דראַנג צו דערהויבונג, צום שטייגן באַרג־אַרויף עקאָנאָמיש און גייסטיק האָט דאָס שטעטל און זיינע עמיגראַנטן קיין וואַרשע (און אויך אין אַנדערע ערטער) מיטגעבראַכט מיט זיך רעאַלע, בפועל-ממשדיקע קולטור־ווערטן. עס איז מער געווען אַ שטרעבן דערצו ווי אַ ממשותדיקער פאַרמעג.

דאָ קומען מיר צו זען נאָך מער בולט די ריזיקע היסטאָרישע פאַרדינסטן פון די דעמאָלסטיקע גייסטיקע פירער פון וואַרשעווער יידנטום, וואָס מיט זייער גרויסער איבערגעגעבנקייט, מסירות־נפש און התלהבות האָבן זיי פונאַנדערגעבלאָזן די טליענדיקע פונקן, אויפגעוועקט די דרימלענדיקע כוחות און פאַראינטערעסירונג פאַר שיינקייט, פאַר וועלטלעכן וויסן, פאַר גייסטיקן אויפשטייג, פאַר פּראָגרעס, פאַר נאַציאָנאַלן און געזעלשאַפטלעכן רענעסאַנס.

מיר טאָרן אויך נישט פאַרגעסן די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דעם גרויסן רוב יידן אין פוילן בכלל און אין וואַרשע בפרט, די גרויסע אָרעמקייט, די נאַציאָנאַלע דערנידעריקונג, די שווערע שיקאַנעס און נישט איינמאָל אויך ממש פּאָגראָמען, וועלכע האָבן באַגלייט דעם פּוילישן און אויך דעם וואַרשעווער ייד אין זיין טאָגטעגלעכן לעבן. ווען מיר שטעלן זיך פאַר דעם נשמהדיקן מצב פון די דאָזיקע יידן, בעיקר פון דער יוגנט, און נאָך דערצו ווען אַזאַ איינער איז געקומען קיין וואַרשע ווי אַ „גרינער" פון אַ פּראָווינץ־שטעטל — וועלן מיר אפשר בעסער פאַרשטיין פאַרוואָס אַזאַברייטער שיכט פון וואַרשעווער יידן האָט זיך געוואָרפן מיט אַזאַ אייפער צו קולטור־טעטיקייט און זיך געטוליעט צו יעדן קולטור־ווינקעלע, אין וועלכן זיי האָבן געפונען ליכט, וואַרעמקייט און גייסטיקע טרייסט אין זייערע דאגות און צרות און אין זייער נעבעכדיקער מאַטעריעלער עקזיסטענץ. פאַרשטייט זיך, אַז דערווייל האָבן זיי זיך דערביי דערוואָרבן נייע עסטעטישע נאָרמעס, זיי האָבן אויסגעברייטערט זייערע גייסטיקע האָריזאָנטן און אַזוי אַרום אַרויף אויפן וועג, וואָס רופט זיך טאַקע — געזעלשאַפטלעכער, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פּראָגרעס.

צום סוף ווילט זיך דערמאָנען כאָטש מיט אַ פּאָר ווערטער די וויכטיקע, און נישט איין מאָל אויך דעצידירנדיקע ראָל ביים דערנענטערן די ברייטע פאָלקס־ און יוגנט־שיכטן צום קולטור־לעבן, וואָס עס האָט געשפּילט דאָס יידישע טעאַטער. זייער אָפט האָט מען געקאָנט זען (נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אויף דער פּראָווינץ) ווי צו אַ יידישער פּיעסע קומען פּשוטע, אפילו פּרומע פרויען און מענער — וואָס טעאַטער האָט געהאַט פאַר זיי ממש אַ מאגישע צוציונגסקראַפט... נישט זעלטן האָט מען דאָרט געקאָנט באַגעגענען אַ בחור, וועלכער האָט בגניבה אַראָפּגענומען פון קאָפּ זיין קיילעכדיק „יידיש" היטעלע און אויסבאַהאַלטן הינטער די אויערן זיינע לאַנגע פּיאות. על פּי רוב איז אַזאַ באַזוך אין יידישן טעאַטער געווען דער סאַמע ערשטער געוואַגטער שריט אַרויסצוגיין פון צווישן די ענגע ווענט פון בית המדרש — אַ שריט, נאָך וועלכן עס איז כמעט קיינמאָל שוין נישט געווען קיין צוריק...

ליידער איז דאָס יידישע טעאַטער אין וואַרשע נישט תמיד געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכן קינסטלערישן און גייסטיקן ניוואָ און נישט איין מאָל האָט עס, במחילה מכבודו, אונטערגעזינדיקט מיט ביליקייט און שונד. אין וואַרשע האָט, וואָס אַן אמת, געווירקט די מאַמע פון יידישן טעאַטער אסתר רחל קאַמינסקי און עס האָבן דאָרט געשפּילט אַזעלכע קינסטלער, ווי יוליוס אַדלער, מאָריס שוואַרץ, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, ד"ר פּאול באַראַטאָוו און אַנדערע באַרימטע אַקטיאָרן. עס האָבן אויך אַ געוויסע צייט גאַסטראָלירט אין וואַרשע די „הבימה" און „אהל" פון ארץ ישראל. אָבער עס איז אויך געווען אַ צייט, ווען דאָס יידישע טעאַטער איז געשטאַנען אויף אַ נישט גאָר געהויבענער מדרגה. די „ווילנער טרופּע", דער וויק"ט אונטער דער לייטונג פון זיגמונט טורקאָוו און דער ווני"ט פון יאָנאַס טורקאָוו, ווי אויך שפּעטער די טרופּע

פון אידאַ קאַמינסקי — זיי האָבן עס אייגנטלעך אויפגעהויבן דאָס יידישע טעאַטער אין וואַרשע צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער בינע.

און עס איז געווען די גלאַנץ-תקופה פון „יונג־טעאַטער" אונטער דער לייטונג פון זיין גרינדער, פעדאַגאָג, קינסטלערישן לייטער און רעזשיסער ד"ר מיכאל ווייכערט. דאָס איז געווען אַ גרופּע סטודיאַנטן, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן במשך פון פולע דריי יאָר געווידמעט זייער גאַנצע פרייע צייט אין די אָוונטן, שבתים און ימים־טובים — נאָך דער אַרבעט — כדי צו לערנען גרינטלעך און פלייסיק אַזעלכע קעגנשטאַנדן ווי ליטעראַטור, געשיכטע פון טעאַטער, דראַמאַטורגיע, דיקציע אאַ"וו. זיי האָבן געלערנט ביי אַ 20 לערערס פון אַ קאַליבער ווי טאַקע ווייכערט אַליין, ד"ר יצחק שיפּער, ד"ר רפאל מאהלער און אַנדערע. און ערשט נאָך די דריי יאָר לערנען איז די סטודיע אויפגעטרעטן מיט עקספּערימענטאַלע פּיעסן, געשטעלט אויף דעם מאָדערנסטן אופן. אַ דאַנק זיין ערנסטן צוגאַנג צו דער טעאַטער־קונסט און צו דער סאָציאַלער פונקציע וואָס טעאַטער האָט אויסצופילן, קאָן דאָס „יונג־טעאַטער", ווי אַ סאָציאַל־קעמפעריש טעאַטער — באַטראַכט ווערן אייגנטלעך ווי אַ הויכער אַנטוויקלונג־שטאַפּל אינעם יידישן טעאַטער בכלל.

פון: אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער אין ישראל, תל אביב 1962

## שמואל טאָפּ

### אין אַן ערשטן מיי אין וואַרשע



איך האָב געזען אַ מענטשן־צוג אין מיי,
אַ צעטראָטענעם פון פערד.
פון ברידערס קעפּ געטריפט האָט בלוט
מיי־רעגן אויף דער ערד.

איך האָב געזען אַ מענטשן־צוג אין מיי,
צעשטאָכן פון אַ שווערד;
געוואָלגערט האָבן מענטשן זיך —
צווייגן נאָך אַ שטורם אויף דר׳ערד.

כ׳האָב נאַקעטע, געביילטע הענט געזען,
זיי האָבן פאַרעקשנט זיך געווערט,
אַנטבלויזנדיק אַ נאַקעט האַרץ
צום שלעגער און זיין שווערד.

— — —

איך האָב געזען אַן ערשטן מיי
מיט פענער רויט־צעפלאַקערט מיט געזאַנג,
און ברידער־שריט צעקלונגענע, געאייניקטע אין גאַנג,
און ריי נאָך ריי,
און פּנימער צעשמייכלטע ווי גרין־צעבליטער מיי.

איך האָב געזען אַן ערשטן מיי
מיט פרייד און מיט צעשטראַלטן שלום —
איך האָב געהאַט אַ וויזיע, אַזאַ זוניקע —
אַ חלום — — — —

„וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור״, וואַרשע, 1934

---

שמואל טאָפּ — דיכטער. געבוירן אין נאָווי־דוואָר, אין יאָר 1904. פון 1922 ביז 1939 אין וואַרשע. פון 1940 ביז 1946 אין רוסלאַנד. נאָכדעם ווידער אין פּוילן. פון 1950 ביז 1963 אין מדינת ישראל. פון דאַן אין ניו יאָרק. פון פאַך — פריזירער, שפּעטער ביוראָ־אָנגעשטעלטער. דעביוטירט אין יאָר 1930 אין וואַרשעווער בונדישע צייטשריפטן און שפּעטער זיך געדרוקט אין אַלערליי יידישע אויסגאַבעס איבער גאָר דער וועלט. אין זיינע לידער קומט אָפּט צום אויסדרוק די ספּעציפישע וואַרשעווער פּראָלעטאַרישע יידישע איבערלעבונג. אַזאַ ליד ברענגען מיר דאָ.

# יוסף טונקעל (דער טונקעלער)

## דער צייטונגס־פאַרקויפער

### פּערזאָנען:

בענצע דרייער — אַ צייטונג־ און בוך־הענדלער
אַ „מאָמענט״־לייענער
אַ „היינט״־לייענער
אַ „פאָלקס־צייטונג״־לייענער
אַ „נאַש פזשעגלאָנד״־לייענער
און „עקספּרעס״־לייענער

אינעווייניק אין דעם צייטונגס־געוועלבל שטייט דער צייטונגס־פאַרקויפער, בענצע דרייער, אַ ייד מיט אַ שוואַרץ־אָפּגעסמאַליעט בערדל און נאַקעטן קאָפּ, פלינקע אויגלעך. ער שטייט אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויף דעם טיש מיט צייטונגען, ווי איינער וואָס קלויבט זיך האַלטן אַ שאַרפע רעדע, און וואַרט אויף קונדן. צווישן די אַלע צייטונגען זעען זיך אַרויס אַממייסטן „דער מאָמענט״, „דער היינט״, דער „נאַש פשעגלאָנד״, די „פאָלקס־צייטונג״, „דער עקספּרעס״.

(עס קומט אַריין אַ „היינט״־לייענער, אַ פאַרשוין, אַ דיקלעכער ייד, אין אַן אַל־פּאַגענער מאַרינאַרקע, אַ קיילעכדיק קאַפּעליושל, אַן אויסגעצוואָגן פּירקאַנטיק

---

דער טונקעלער — פּסעודאָנים פון יוסף טונקעל — איז געבוירן געוואָרן אין באָברויסק אין יאָר 1881. 1906 ביז 1910 אין אַמעריקע. פון 1911 ביז 1939 אין וואַרשע. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „מאָמענט״. 1939־1941 טראַגישע וואַנדערונגען איבער מערב־איירָאָפּע. פון 1941 ביז זיין טויט, אין אויגוסט 1949, אין ניו־יאָרק. — — הומאָריסט, פעלעטאָניסט, מחבר פון קליין־קונסט־קאָמעדיעס, רעדאַקטאָר פון הומאָריסטישע זשורנאַלן — האָט דריי צענדלינק יאָרן גרינגער געמאַכט דאָס שווערע לעבן און אָפּט ביטערע געמיט פון דעם פאַרהאָרעוועטן וואַרשעווער ייד — און יידן בכל תפוצות ישראל, ווו זיינע הומאָרעסקעס, אין צייטונגען, און זיינע צאָלרייכע זאַמלונגען, אין ביכער־טאָולען, זיינען דערגאַנגען. פון דער שפע פון זיינע פריילעכע שריפטן האָבן מיר אויסגעקליבן זיין קורצן סאַטירישן סך־הכל פון די פינף טאָג־צייטונגען ביי יידן אין וואַרשע. די וואַרשעווער יידישע פּרעסע אין דעם טונקעלנ׳ס „קרומען שפּיגל״, אָבער אין „אַ גוטן מוט״...

בערדל, גלייכע קיילעכדיקע פיס, מיט אַ היפּשן שירעם אונטערן פּאַכווע, ער זעצט זיך אַרויף אַ פּאָר ברילן אויפן שפּיץ נאָז, באַטראַכט דעם טיש מיט די צייטונגען.)

„היינט"־לייענער:

אַ „היינט".

דרייער:

אַ „היינט"? אַט האָט איר עס... דערהער איך, אַז עמעצער בעט אַ „היינט", ווער איך מלא־שמחה, וואָרום איך ווייס, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַ מענטשן, וואָס האָט אַ שטאַנדפּונקט מיט אַ דיאַגנאָז. איר זענט אַ ציוניסט?

„היינט"־לייענער:

יאָ, איך בין אַ ציוני.

דרייער:

איך בין אויך אַ ציוני, אַ פֿאַרברענטער ציוניסט, אַ „ציוני נלהב", וואָס מען רופט, און דערפֿאַר לייען איך נאָר דעם „היינט". וואָרום דאָס, פֿאַשטייען זי מיך, איז אַ ריכטיקע בלאַט־צייטונג מיט אַ שטעלונג און מיט אַ דיאַגנאָז!... עס איז דאָך נישט דער „מאָמענט", וואָס איז אַבסטינענט, „אי נאָם אי וואָם"... נעמט די אַרטיקלען פֿון „היינט" — יעדעס אַרטיקל איז אַ באָמבע! היינט דער גרינבוים! — ס'איז שוין איינמאָל אַ פּאַטריאָט. זיין שטאַנדפּונקט מיט זיין דיאַגנאָז! דאָס איז נישט דר. טהאָן פֿון „מאָמענט"... בכלל האַלט איך נישט פֿון „מאָמענט", פֿון „עקספּרעס", זאָלט איר מיר אַנטשולדיקן, מיט איר שמוץ און פּאַסקודסטווע... מען קאָן דאָך עס אין האַנט נישט נעמען! — און פֿון אַסימילאַטאָרישן „נאַש פּזשעגלאָנד" — זאָל איך עס איך איינוויקלען? אָדער איר וועט עס אַזוי נעמען? אַדיע! להתראות בארץ ישראל!

(דער „היינט"־לייענער גייט אַרויס. עס קומט דער „מאָמענט"־לייענער, אַ לאַנגער דאַרער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ בכבודיקן שפּאַלט פֿון הינטן, מיט אַ חסידיש קליין היטל אויפֿן קאָפּ. אַ לאַנגע שמאָלע באָרד.)

„מאָמענט"־לייענער:

דעם „מאָמענט".

דרייער:

דעם „מאָמענט"? שוין, די רגע, איר קריגט (רייבט פֿון שמחה די הענט.) איר לייענט, הייסט עס, דעם „מאָמענט"?

„מאָמענט"־לייענער:

יאָ, איך בין אַ „מאָמענט"־לעזער.

דרייער:

האָט איר דאָך מיין געשמאַק, מיט מיין פּאָליטישער ליניע, מיט מיין דיאַגנאָז. איך בין אויך אַ לעזער פֿון „מאָמענט" און אַ שטאַרקער לעזער; מחמת איך אַליין בין אַ פֿאַרברענטער „אומפּאַרטיייִשער מענטש" און האַלט פֿון אחדות און שלום. די אמתע שרייבער האָט דער „מאָמענט". יעדער זאָגט זיך דאָרט אַרויס זיין שטאַנדפּונקט און זיין דיאַגנאָז. ווילסטו, האָסטו דאָרט אַזאַ דיאַגנאָז; ווילסטו — אַן אַנדערן דיאַגנאָז. פֿרייע ליבע! און די אמתע ידיעות האָט אויך דער „מאָמענט". מעג איך, למשל, איבערלייענען אַלע צייטונגען, נאָר איך האָב נאָך נישט געלייענט דעם „מאָמענט", בין איך עפּעס נישט־דאָסיק. עפּעס בין איך נישט זאַט... אַ ווער־

טעלע צו זאָגן, דעם „מאָמענטס" שרייבער! זיי צעקייען דאָך אייך יעדעס וואָרט און לייגן אייך אַריין אין מויל. ס'איז נישט דער פּאַרטייישער „היינט" מיט זיין ציוניסטיש קרעמעלע, מיט זיין הילצערנער עברי, מיט זיינע סקאַנדאַלן און אָנ־פאַלן, אָדער די לאָבוזעוואַטע „פאָלקסצייטונג", און נישט דער מאָשעק, דער „נאַש פזשעגלאָנד", וואָס זייט אַסימילאַציע; אָדער דער „עקספּרעס" מיט זיין ניבול־פּה, מיט זיין „מאַניקוזשיסטקע", פּע!... זאָל איך עס אייך איינוויקלען, אָדער איר וועט עס נעמען אַזוי? נו, האָט מיר אַ גוטן און גייט געזונטערהייט, און זאָל זיין אחדות ביי ידן אמן סלה!

(עס קומט אַריין אַ „נאַש פזשעגלאָנד"־לעזער, אַ יונגערמאַן אָן אַ היטל, אין ווייסע הויזן, מיט אַ לאַנגער נאָז.)

„נאַש פזשעגלאָנד"־לייענער:

דזיען דאָברי, טשי מאַטשע „נאַש פזשעגלאָנד"?

דרייער:

א! דזיען דאָברי, פּאַניע שמענדריקאָן! (לויפט אים אַנטקעגן.) „נאַש פזשעגלאָנד"? אָושעם, פּאַן יעסט יעדיני קולטוראַלני טשלאָוויעק ז' דיאַגנאָזעם! פּאַן ניע טשימאַ אָד זשאַרגאָנו! יאָ טיזש! פּאַן ניע לוביע שמאָנצעסווו? יאָ טיזש... פּראָשען פּאַנאַ, טען „נאַש פזשעגלאָנד" ניע יעסט דליא קאָפּאָטיאַזשעי, אַ דליא פּאָסטעמפּיע, טאָ דאַיע, ז' פשעפּראָשעניעם, שוויאַטלאָ, אי ציוויליזאַציע, אי נאַציאָנאַליזמוס טיזש, פּאַן כצע וויעדזיטש, קעדי בענדזשע „שעדעמנאַסטיע איוו טאָמוז" אי פּאָסטאָוויש „עיירוב טאַוושילי"? טו יעסט; קעדי מאַמי „אָדנאָוויטש קזשענדזיצא"? טו יעסט. טו פּישאָן ז' „ראַבינאַטאַ". טאַקי קאַוואַלקי פּיערשאָ קלאַסאַ!... פּראָשען פּאַנאַ, טען „נאַש פזשעגלאָנד" יעסט וויעלקי פּאַטריאָטאַ; אי באַרדזאָ וויקסשטאַלצאָני אָרגאַן. טאָ ניע יעסט „היינט" אי „מאָמענט"... טפו! זאַפּאַקאָוואַטש, פּאַניע, צי פּאַן שעבי טאַק ווזשמיע?... דאָווידזעניא! מאָיע אושאַנאָוואַניע!

(דער „נאַש פזשעגלאָנד"־לייענער גייט אַרויס, און עס קומט אַריין אַ פרישער פאַרשוין מיט אַ ביינערדיק, שלעכט־ראַזירט פּנים; אַ וועלאָסיפּעד־היטל אויפן קאָפּ, בלוי־אָדערדיקע, האַרטע הענט, מיט אַ סענקאָוואַטן שטעקל און אַן אָפּגעטראָגענער בעל־מלאכהשער מאַרינאַרקע.)

„פאָלקסצייטונג"־לייענער:

צי האָט איר אַ „פאָלקסצייטונג"?

דרייער:

אַ שיינע שאלה, איך מוז אייך זאָגן, פּאַני חבר... איר זענט דאָך מסתמא אַ בונ־דאָוויעץ, אַ יאָ?

„פאָלקסצייטונג"־לייענער:

יאָ.

דרייער:

בין איך טאַקע אויך אַ פאַרברענטער בונדאָוויעץ, — און רוקט אַריין אַ ידן! אָט אָט אַזוי... חבריש, (פּאַטשן זיך אין די הענט). יאָ... אַז דאָס אייַנציקע שטיקל נחמה איז דאָס, וואָס איך האַלט די „פאָלקסצייטונג". די אייַנציקע ערלעכע, נישט־פאַר־קויפטע אַרבעטער־צייטונג מיט דעם פּראָלעטאַרישן דיאַגנאָז. וואָרום די גאַנצע פּרעסע איז דאָך ביי אונדז אַ פאַרקויפטע. וועט איר דאָך פרעגן, ווי קומט צו מיר

די דאָזיקע בירגערלעכע פּרעסע? דער בלוי־שוואַרצער „היינט” מיט זיין ציוניסטיש קרעמל, און אָט דער געלער „מאָמענט” מיט זיינע שונד־ראָמאַנען און אָט דאָס גאַסן־בלעטל מיט דעם אַסימילאַטאָרישן „נאַש פּזשעגלאָנד” מיט דער גאַסן־שמאַטע דער „עקספּרעס” מיט איר „מאַניקוזשיסטקע”? איז, וואָס זאָל מען טאָן, חבר? די ביטערע פּרנסה... מיר וועלן זיי אָבער באַקעמפן! נאָפּליעוואַט! מיר דאַרפן נאָר היטן אונדזער דיאַגנאָז: „קויפן, לעזן און פאַרשפּרייטן די: פאָלקסצייטונג” — און ווייטער גאָר־נישט!... זאָל איך איך אים איינלייגן? אָדער איר וועט עס נעמען אַזוי? אַדיע, חבר. מיין סאָציאַליסטישן גרוס! אַדיע, עס לעבע!

(דער „פאָלקסצייטונג”־לעזער גייט אַרויס, און עס קומט אַריין אַ נייער פאַרשוין, אַן „עקספּרעס”־לעזער, אַ פיר־קאַנטיק האַרט גופל מיט אַ שטייפן קורצן האַלדז, דאָס פּנים מיט קלייען; אַ פלאַטשיק־געוועגטענער קאַשקעט, אַרויפגערוקט אויפן פּאַטיל־ניצע; רויטע הענט, אַ רויטע נאָז, גראָבע, קורצע, עטוואָס אויסגעדרייטע פיס, מיט די שפּיצן פינגער אינעווייניק. ער גיט אַ שטעק די האַנט אין דער הויזן־קעשענע, גיט זיך אַ שטעל אַוועק באַקעם.)

„ע ק ס פּ ר ע ס”־ל יי ע נ ע ר :

האָט עטץ דעם „עקספּרעס”?

ד ר יי ע ר :

הע, הע, הע! דעם „עקספּרעס”? נאָך ווי! טאָמער איז פאַראַן אַ ריכטיקע בלאַט־צייטונג מיט דער ריכטיקער סענסאַציע און דיאַגנאָז — זאָל איך עס נישט האָבן? עס איז שוין איינמאָל אַ „קוריער”. ווי זאָגט עטץ?

„ע ק ס פּ ר ע ס”־ל יי ע נ ע ר :

זאָל יאַך שוין האָבן אַזאַ יאָער!

ד ר יי ע ר :

אַ קוריער דאַרף האָבן גוטע שטיקעלעך און ווייטער גאָרנישט. צו־וואָס טויגן מיר די אַלע יאָלדישע בלעטער, דער „היינט”, מיט דעם „מאָמענט”, מיט דעם יענ־טיליגענטישן „נאַש פּזשעגלאָנד” — אַ פייער זוכט זיי! דו גיב מיר דעם ריכטיקן דיאַגנאָז, קורץ און שאַרף, און דריי מיר נישט קיין ספּאָדעק! און דאָס אמתע שטי־קעלע נייעס געפינט מען טאָקע דאָ, ביי אונדז, אין „עקספּרעסל”! ווי זאָגט עטץ, ר׳ פּעטער? די „מאַניקוזשיסטקע”, האַ? איר ווייסט, ווער עס שרייבט עס? עס מוז שוין זיין איינמאָל אַ יאַט, אַ שרייבאַר!... אַ פייער זוכט אים!... און די מעשה מיט „רוזשקע די געלע”? הע, הע, הע! אַ פּעט שטיקעלע. (גיט אים אַ שטיפערישן קיצל אין בויך. דער קונה באַצאָלט, כאַפּט דעם „עקספּרעס” און פאַרשווינדט.)

(דאָס צייטונגס־געוועלבל ווערט אָנגעפּילט מיט פאַרשידענע קונדן. און אָט שטייען שוין ביים טיש אַ ריי פערזאָנען. מען פאָדערט: ווער — אַ „פאָלקסצייטונג”, ווער — אַ „היינט”, ווער — אַ „מאָמענט”, ווער — אַ „נאַש פּזשעגלאָנד”, ווי אין אַן עפּילעפּטישער קרענק לויפט דרייער דאָ צו דעם, דאָ צו יענעם. און רעדט אַן אויפהער, שנעל, געדיכט, די צונג גייט, ווי אויף רעדלעך.)

„מאָמענט”? זייער גוט. די בעסטע צייטונג... נישט קיין פּאַרטיי־קרעמעלע... איר לייענט אויך דעם ראָמאַן פון די דריי שטערנדלעך? איך אויך. — ווי געפעלט אייך? מאַקס איז דאָך אַ פּשוטער פרויען־הענדלער, הע! דאָס האָט ער פאַרפירט רעגינען. וואַ, וואַ! — איך אויך. אַדיע. — גייט געזונטערהייט — אַ, חבר! כ׳האָבע

די ערע!... איך מיט אייך לייענען נאָר די „פּאָלקסצייטונג". איך בין אַ פּראָלעטאַריאַט. איר האַלט נישט פון פּאַרטיי־קרעמלעך און שונד־ראָמאַנען? און אייך, פּעטער, וואָס געבן? אַן „עקספּרעס"? עהע! איר ווילט אַוודאי וויסן, וואָס הערט זיך מיט דעם ווייבעלע... ניין? איר ווילט גאָר אַ „היינט" פּשעפּראַשאַם! שאַלאָם! איר זענט אַ מענטש מיט אַ שטאַנדפּונקט און אַ דיאַגנאָז — איך אויך... איך בין דער גרעסטער סימפּאַטיקער פון ציוניזם. וואָס, איר לײדט נישט די לאָבוזעס פון „עקספּרעס"? מיין טענה — להתראות! איין מינוטקעלע, יונגערמאַן. איר באַקומט אייער „עקספּרעס". ווי לאַנג זדעכנען זיי, אַלע צייטונגען, ביז זיי וועלן אָפּטאָקן אַזאַ שטיקל נייעס! לייענט, אויף טשיקאַוועס, אָט דאָס שטיקעלע. „דאָס ווייבעלע פון דאַנסינג" און „אָט וועט מען אים פּיצקען". הע, הע, הע!... אַ, אַ! קאָמו יאַ ווידזע??מאָיע אושאַנאָוואַניע! „נאַש־היינט"? האַלאָ! דאָבזשע, פּשעפּראַשאַם, נאַש „מאָמענט", טפו מיין איך „נאַש פּזשעגלאָנד", וו'טעי כווילי... טו פאַן מאַ קולטור, אי ציוויליזאַציע, אי דיאַגנאָז. ניע פּראַוודאַ? דאָווידזעניא!... וואָס? אַ „מאָמענט"? בלויז דעם ראָמאַן איבערלייענען? 30 גראָשן. די פינגער צו לעקן!... ווי געפעלט אייך? רעגינע לאָזט זיך נאָך אַלץ נישט שענדן... מאַקס שמייסט זי, און זי לאָזט זיך נישט... איך אויך... שאַלאָם! זאַשטשיט! אושאַנאָוואַניע!...

(זיין פּנים איז רויט; דער פּליך — נאַס פון שוויס. דער האַלדז — טרוקן.)

פון בוך „דאָס פריילעכע טעאטער", וואַרשע 1931.

# זיגמונט טורקאָוו

## די „דייטשע שול"



**צווישן אינסטיטוט און די בנינים, וואָס האָבן געגרענעצט מיט טלאָמאַצקע 13, איז געווען אַמאָל אַ סקווער מיט שמעקנדיקן גראָז באַוואַקסן.**

**פון די ביימער פלעגט זיך צעטראָגן איבער טלאָמאַצקע דאָס פריילעכע געזאַנג פון די פייגעלעך, וואָס האָבן זיך אין די צווייגן נעסטן אויסגעבויט.**

**אַרום דעם סקווער פלעגט זיך הערן דאָס הילכיקע געלעכטער פון גרעסערע פייגעלעך: די משהלעך און שלמהלעך, תּלמידים פון דער דערבייאיקער אסכּלה־שולע.**

**מיט זאָרגלאָזער פרייד און הילכיקע קולות פלעגן זיי 12 אַזייגער נאָכמיטאָג „אינוואַדירן" דעם סקווער צו כאַפּן פרישע לופט בעת דער „גרויסער פויזע".**

**אויך איך פלעג אָפט צוקומען אַהין פון מיין שולע אויף רימאַרסקע 12 כאַפּן אַ שפּיל אין „קוקסאָ", און „פּאַלאַנט", אָדער אין „יאָגעלעך".**

**נישט איינמאָל פלעג איך פון די דאָזיקע שפּילן אַהיימקומען מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און צעדראַפּעט פּנים... דער טאַטע פלעגט מיך דערפאַר מכבד זיין מיט פּעטש, די מאַמע, מיט קושן...**

**דער דאָזיקער „טלאָמאַצקער סקווער" איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין צווייען דורך אַ לאַנגער, געפלאַסטערטער אַלייע.**

**פון דאָרט האָבן הויכע, ברייטע טרעפּ געפירט צום הויפּט־אַריינגאַנג פון מאָנומענטאַלן, אימפּאַזאַנטן בנין פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע. דאָס פאָלק פלעגט זי רופן ‚די דייטשע שול', די ‚קאָר־שול', אָדער נאָר ‚טלאָמאַצקע שול'.**

---

זיגמונט — שלמה זלמן — דער עלטסטער פון די פיר ברידער טורקאָוו — איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1896. איינער פון די באַרימטסטע יידישע שוישפּילערס און רעזשיסערן. גאַנץ יונג אָנגעהויבן זיין טעאַטער־קאַריערע. געשפּילט אַן אומצאָל הויפּט־ראָלעס׳ אַלעמאָל פון דער העכסטער ליטעראַרישער מדרגה. מערערע מאָל אָנגעפירט מיט טעאַטערס — אַנדערע אַליין געשאַפן. צו דערמאָנען: „וויקט" — וואַרשעווער יידישער קונסט־טעאַטער. ביזן יאָר 1940 שטענדיק אין וואַרשע. אין יענעם יאָר מצליח געווען צו אַנטרינען — דורך פּאָרטוגאַל קיין אַרגענטינע. שפּעטער — יאָרן אין בראַזיליע און זינט 1950 אין מדינת ישראל. מחבר פון אַרטיקלען און ביכער אויף טעאַטער־טעמעס, איבערזעצער פון דראַמעס, מחבר פון זכרונות, וואָס זיינען כּולו יידיש־וואַרשע. דינאַמיש די פּערזענלעכקייט פון דעם מחבר — דינאַמיש די זכרונות פון זיין לעבן. פון די „פראַגמענטן" — אונדזער קליינער פראַגמענט וועגן דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע.

פאַרוואָס קאָר־שול — ווייס איך נישט; זיינען דאָך געווען אַנדערע שולן ווי ,סיני', ,מוריה', נאָזשיקס שול, וואָס האָבן געהאַט חזנים מיט כאָרן. מעגלעך דערפאַר, וואָס די טלאָמאַצקע שול איז געווען די עלטסטע, גרעסטע און רייכסטע.

דער צונאָמען ,,דייטשע" איז איר געגעבן געוואָרן געוויס צוליב די מתפּללים אירע, וואָס זיינען באַשטאַנען ס'רוב פון דער וואַרשעווער אַסימילאַציע. אַ גרוי־סער טייל פון זיי פלעגט באַזוכן די סינאַגאָגע נאָר איין מאָל אין יאָר יום כפּור. דעמאָלט פלעגן זיך ציען פון די ,,פּוילישע" געגענטן, ווי: נייע־וועלט, מאַרשאַל־קאָווסקע, אַלייען, — עלעגאַנטע קאַרעטעס (אין די שפּעטערדיקע יאָרן — אויטאָ־מאָבילן) און ברענגען די באַצילינדערטע ראָטוואַנדס, נאַטאַנסאָנס, מוטערמילכס, אייגערס און בערגסאָנס, — די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער טראַדיציאָנעלער אַסימילאַציע.

זייערע קינדער האָבן שוין די סינאַגאָגע ס'רוב פאַרביטן אויף קאָשטשאָלן...

זשאַנדאַרמען אויף די פערד פלעגן היטן אָרדענונג און צעטרייבן די נייגעריקע בחורים אין די לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, וואָס פלעגן זיך פאַרזאַמלען אָנצוקוקן די ,,אַפּי־קורסים", ווי אַ בייז וווּנדער.

איבערקומענדיק בשלום די זשאַנדאַרמען, האָט מען נאָך געמוזט פאַרבייגיין אַ שפּאַלער פון שמשים אין שוואַרצע גלחישע טראַכטן, וואָס זיינען געווען צעשטעלט לענגאויס די הויכע טרעפּ און, צום סוף, דעם לאַנגיאָריקן הויפּט־גבאי, (פראַנט האָט ער געהייסן) מיט זיינע קייזער־ווילהעלם־וואָנסעס.

דער דורכשניטלעכער מתפּלל האָט אַלזאָ געהאַט דורכצוגיין אַ שטרענגן בי־לעטן־קאָנטראָל, איידער ער האָט באַטרעטן די שוועל פון גאָטס הויז... אַן אויסנאָם פלעגט געמאַכט ווערן פאַר די באַצילינדערטע מיוחסיב, אָדער קריסטלעכע געסט, ספּעציעל פּוילישע אָדער אויסלענדישע אָפּערן־זינגער, וואָס פלעגן קומען באַ־וווּנדערן אַ באַרימטן חזן. זיי פלעגט מען פון דער ווייטנס דערקענען און מאַכן פאַר זיי אַ וואַרע.

דערפאַר אָבער פלעגט בעת אַ חתונה אין אַ וואָכן־טאָג דער אַריינגאַנג אין סי־נאַגאָגע זיין פריי פאַר אַלע.

די צופעליקע פאַרבייגייער פלעגן טאַקע אויסנוצן די געלעגנהייט. אַ לאַנגע קייט פון קאַרעטעס מיט צוויי קוטשערס אויף די קאָזלעס פלעגט אַרומרינגלען דעם סקווער.

די מנורות פון ביידע זייטן אַריינגאַנג האָבן העל געלויכטן, דאָס זעלבע אַלע לאָמפּן אין קאַנדעלאַבערס אינעווייניק.

אַ וואַלד מיט צילינדערס, דורכגעפלאָכטן מיט ווייסע פרויען־טאַאַלעטן, פלעגט זיך ציען איבער די טרעפּ צווישן אַ רייע פּאַלמעס און אָלעאַנדערס, וואָס זיינען לכבוד דער שמחה געווען צעשטעלט פון ביידע זייטן.

דער כאָר אונטער אָרגל־באַגלייטונג האָט באַגעגנט חתן־כלה מיטן טראַדיציאָ־נעלן מענדעלסאָן־מאַרש. מיט געקינצלטער ערנסטקייט, טריט ביי טריט, אין טאַקט פון דער מוזיק, פלעגט זיך דער צוג לאַנגזאַם דערנענטערן צו דער חופּה.

קליינע מיידלעך, אָפּטמאָל קריסטלעכע, פון געשמדטע קרובים, פלעגן גיין פאָראויס און וואַרפן בלומען אַנטקעגן חתן־כלה. ס'איז געווען אָפעקטירטע טעאַט־

ראַלישקייט אין דער דאָזיקער פּראָצעסיע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיר אַזאַ טעאַטער באַצייכנט אַלס שונד.

מיך פלעגט דאָס ווילן און איך פלעג חוזק מאַכן פון דער שטייפקייט און אָנגעבלאָזענער ערנסטקייט, — נישט איינמאָל פלעג איך נאָכקרימען זייערע שטייפע באַוועגונגען און גראָטעסקע „וויכטיקייט".

איך האָב שוין אַלס ייִנגל געזוכט די „אמתדיקייט" אין אַלעם, אַזוי ווי איך האָב עס אין יאָרן שפּעטער געזוכט אין טעאַטער...

הגם אונדזער פאָטער האָט געדאַוונט אין אַ „היימישער" שול, איז מיר די סינאַגאָגע געווען גוט באַקאַנט.

די ייִדישע תּלמידים פון די רוסישע מיטל־שולן זיינען געווען געצוווּנגען קלאַסן־ווייז צו באַזוכן די סינאַגאָגע ביי יעדן יום־טוב פון קייזערלעכן הויף. „גאַלוווקע" פלעגט עס ביי אונדז הייסן.

אמת, דאָס זינגען דעם „באָזשע צאַריא" אין רוסיש און די מאָנאָטאָנע דרשה פון ראַבינער פּאָזנאַנסקי אין פּויליש האָט אונדז געלאַנגווייליקט, דאָך האָבן די „גאַלוווקעס" געהאַט פאַר אונדז אַ באַזונדערן רייץ.

קודם־כּל — אַ פרייער טאָג פון לימודים! אַ חוץ דעם — די מעגלעכקייט צו פּאַראַדירן איבער די גאַסן אין נייעם מונדיר מיט די גאָלדענע קנעפּ... זיי האָבן געגלאַנצט אונטער דער זון און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די שילערינס, וואָס זיינען אויך געגאַנגען אין לאַנגע רייען בראש מיט זייערע קלאַסן־דאַמען, צו דער טלאָמאַצקע סינאַגאָגע.

יעדער פון אונדז פלעגט זיך דאָרט אויסזוכן זיין „מיידל" און נישט איין קינדערישער ראָמאַן האָט זיך אָנגעהויבן פון די באַגעגענישן אין סינאַגאָגע.

אַ חוץ דעם האָט געצויגן אַהין דער כאָר. דער „טלאָמאַצקער כאָר". ער איז געווען פאַרשטעקט אויף אַ גאַלעריע איבער דער מזרח־וואַנט, אַזוי הויך, אַזוי נאָענט צום הימל... אונדזערע בליקן זיינען אָפט געווען געווענדט אַהין, צו דער אָוואַלער סטעלע, פון וואַנען ס'פלעגט אַראָפּקוקן דאָס קעפּל פון אַ באַקאַנט ייִנגל, אַ שולחבר, אָדער גאָר אַ כאָריסט פון ייִדישן טעאַטער.

איך פלעג זיי מקנא זיין צוליב דער זכיה צו באַטרעטן די בינע און דאָס העכסטע אָרט פונעם קאָלאָסאַלן סינאַגאָגע־בנין.

דער כאָר פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע איז געווען אַ שם דבר.

אָנהויבנדיק פון די קליינע אַלטלעך און סאָפּראַנדלעך און ענדיקנדיק מיט די „העכסטע" טענאָרן און „טיפסטע" באַסן, זיינען דאָס געווען שטימעס פון העכער קוואַליטעט.

כדי אָנצוקומען אין כאָר פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע, האָט מען געמוזט דורכגיין אַ שטרענגן עקזאַמען. נישט איינער פון די סינאַגאָגע־כאָריסטן האָט שפּעטער טריומפירט אויף די אָפּערע־בינעס פון דער גאָרער וועלט.

איך האָב מיר דאָרט געהאַט מיינע באַליבטע כאָריסטן און איך פלעג מיך גרויסן מיט זייער באַקאַנטשאַפט:

דער קליין־וווקסיקער מנחם קיפּניס מיט זיין לירישן טענאָר, וואָס האָט דאָמינירט אפילו דעם כאָר פון דער וואַרשעווער אָפּערע, ווו ער האָט גלייכצייטיק געזונגען; האָט אין יאָרן אַרום אָפּגעשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין מיין אַרטיסטישער

אַנטוויקלונג און איך פלעג ניט איין מאָל געניסן פון זיין באַהאַוונטקייט אין מוזיק־ענינים. ער איז אויך מיט דער צייט געוואָרן אַ גוטער פריינד פון אונדזער פאַמיליע.

ס׳האָבן דאָרט געזונגען די ברידער פיינשטיין, איינער — אַ כאָריסט פון יידישן טעאַטער, דער צווייטער — פון דער אָפּערע. דער עלטסטער, הערמאַן, איז שפּעטער געוואָרן אַקטיאָר און האָט נישט איין פּרעכטיקן עפּיזאָד אָפּגעשפּילט אונטער מיין רעזשי.

איך האָב פאַר דעם דאָזיקן זקן געהאַט אַ שטאַרקן סענטימענט, אויף וועלכן ער האָט מיר געענטפערט מיט רירנדיקער פריינטשאַפט. ער האָט געשפּילט מיט מיר שוין אַלס עמעריט. איך פלעג תמיד באַוווּנדערן זיין ערנסטע באַציִונג, ליבע צום טעאַטער און דיסציפּלינירטקייט. אָט די דיסציפּלינירטקייט האָט ער טאַקע מיטגעבראַכט מיט זיך פונעם כאָר פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע.

זיין יינגערער ברודער, דער אָפּערע־כאָריסט, האָט אויך געהאַט אַ נאָענטע שייכות צו טעאַטער. געווען אַמאָל אַ „מאָדע״ אין וואַרשע אויף קינדער־טעאַטערס, ד״ה טעאַטערס אויף האַלב־פּראָפעסיאָנעלע יסודות, אין וועלכע ס׳האָבן אַלע ראָלן געשפּילט קינדער. די דאָזיקע טעאַטערס פלעגן אפילו אַרומפאָרן „גאַסטראָלירן״ איבער די דאַטשע ערטער, איבער דער אַזוי גערופענער „ליניע״, ווי אָטוואָצק, פאַלעניץ, און נישט איינמאָל פלעגן די עלטערן מוזן קומען אַהין פון וואַרשע „אויסקויפן״ זייערע קינדער, ווייל די אימפּרעזע האָט נישט געהאַט אויף רייזע־הוצאות.

איינער פון אָט אַזעלכע אימפּרעסאַריאָס איז געווען דער יינגערער פיינשטיין און עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס איך האָב מיך באַצויגן צו אים מיט גרויס רעספּעקט...

ביידע פיינשטיינס האָבן אויך געהאַט אַ גרויסן אויסוואַל פון טעאַטער־קאָסטיומען — „שפּאַנישע און היסטאָרישע״, וועלכע זיי פלעגן אויסבאָרגן פאַרשידענע וואַנדערנדיקע טרופּעס און אַמאַטאָרן־גרופּעס.

מיין ערשטע „היסטאָרישע״ ראָל אין קרינסקיס שולע, דעם „פאַרעטער יאַזאָן״, האָב איך טאַקע געשפּילט אין פיינשטיינס אַ קאָסטיום...

דער טלאָמאַצקער כאָר האָט זיך געגרויסט מיט זיינע דיריזשאָרן. לאַנגע יאָרן איז דאָרט געווען טעטיק דער באַוווּסטער פּעדאַגאָג און מוזיקער ליאָווי וועלכער האָט אויך אַ געוויסע צייט אָנגעפירט מיטן „הזמיר״־כאָר.

נאָך זיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע האָט דעם אַמט איבערגענומען דער גלענצנדיקער כאָר־מייסטער און קענער פון ליטורגישער מוזיק — אייזנשטאַט. אים האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען די געלונגענע כאָר־געזאַנגען צו מיין אויפפירונג פון זשולאַווסקיס „שבתאי צבי״ אין יאָר 1923 אין „צענטראַל״־טעאַטער.

ער איז אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען פון די דייטשע הענט צוזאַמען מיט זיין פענאָמענאַלער טאָכטער מאַרישאַ, „דער נאַכטיגאַל פון געטאָ״.

אַ באַזונדער בלעטל אין דער געשיכטע פון דער „דייטשער שול״ שטעלט מיט זיך פאָר דער בכבודיקער און גוט באַצאָלטער אַמט פונעם אַזוי גערופענעם „אָבער־קאַנטאָר״.

נישט יעדער זינגער האָט זוכה געווען צו ווערן טלאָמאַצקער שליח ציבור. אַלטע מעלאָמאַנען און חזנים־קענער פלעגן דערציילן חידושים וועגן די דאַ־

זיקע עמוד־קינסטלער. די גרעסטע אָפּערן־הייזער פון דער וועלט פלעגן זיך באַמיען צו אַנגאַזשירן געוויסע חזנים פון דער וואַרשעווער „קאָר־שול". אייניקע פלעגן טאַקע פאַרבייטן דעם עמוד אויף אָפּערן־ברעטער, אַנדערע ווידער פלעגן געטריי בלייבן דער שול און זיך אויסלעבן אין ליטורגישער נגינה.

דער טאַטע פלעגט מיר דערציילן חידושים וועגן אַ גרויסן חזן סאַלוואַטאָר, וועמענס קול ס'האָט זיך געהערט „ביזן טעאַטער־פּלאַץ"...

ער פלעגט זיך נישט קאָנען אָפּלויבן פון סיראָטעס פאָרגייער, דעם חזן גריצהענדלער. זיין טאָכטער איז, אגב, געווען די באַרימטע זינגערין פעליציא קאַשאָווסקאָ, (קאַשע איז אויף פויליש — גריץ...) זי האָט אָבער נישט דערגרייכט צו איר פאָטערס אויבערשטע טענער...

לאַנגע יאָרן האָט געקיניגט אין טלאָמאַצקע סינאַגאָגע גרשון סיראָטע.

נאָך אַ יום טוב פלעגט מען וואָכן־לאַנג אויף די בענק פון קראַשינסקיס גאָרטן און אין קאַנאַרעקס קאַוויאַרניע אַנאַליזירן און קאָמענטירן יעדעס „נייע שטיקל", יעדע „אויבערשטע צע" פון זיין נייער קאָמפּאָזיציע.

סיראָטע האָט געהאַט זיינע געשווירענע פּאַטריאָטן און קעגנער און נישט אייןמאָל פלעגן אויפן טלאָמאַצקע סקווער פאָרקומען געשלעגן צוליב אַ „שמע קולנו" אָדער „והי רצון", וואָס פלעגט זיך ענדיקן מיט פּאָליציישער אינטערווענץ... סיידן ס'פלעגט זיך באַווייזן דער קליינער מ. קיפּניס און אַרויסזאָגן זיין מיינונג. קיפּניס איז געווען דעצידירנדיק. אוןביידע קעגנערישע צדדים האָבן זיך אונטערגעוואָרפן זיין מיינונג...

הגם מיר זיינען געווען באַפריינדעט מיט דער פאַמיליע סיראָטע, פלעג איך זעלטן באַזוכן די „דייטשע שול".

איך האָב נישט ליב געהאַט די קאַמערטאָן־חזנים, וואָס בעטן צו גאָט אויף נאָטן. איך האָב באַטראַכט די סינאַגאָגע ווי אַ קאָנצערט־הויז, דאָס דאַווענען ווי אַן איינשטודירטע פאָרשטעלונג און די חזנים און פּרעדיקער אין זייערע טעאַטראַלישע טראַכטן, ווי אָפּערעטן אַקטיאָרן... אָפּטמאָל טאַקע פלעגן זיך נאָך סיראָטעס אַ „שטיקל" דערהערן אין ימים נוראים שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

האָט מיך ליבער געצויגן דאָס טעאַטער „אויף אַן אמת". אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעג איך גערנער באַזוכן אַ גערער, אָדער קאָזשעניצער שטיבל מיט אַן אַלטן ייד ביים עמוד, וואָס האָט מיט ביטערע טרערן און פון די „טיפסטע טיפענישן" אויסגעוויינט ביי גאָט זיין ביטער האַרץ און געבעטן ישועה פאַרן פאָלק ישראל...

אַזאַ „מין המצר" האָט אויף מיר שטאַרקער געווירקט ווי אַ טלאָמאַצקער „אויבערשטע צע". מיט דעם פאַרדייטשמערישטן אשכנז־עברי.

* * *

הינטער דער סינאַגאָגע האָבן אויף אַ שטילן, אָפּגעשלאָסענעם הויף געוווינט אַלע באַאמטע פון דער סינאַגאָגע, אָנהויבנדיק פונעם פּרעדיקער, אויבער־קאַנטאָר און ענדיקנדיק מיטן שמש.

אינעם דאָזיקן הויף איז מיר אין יאָר 1923 אויסגעקומען אויסצופירן אַ סצענע פון מיין ערשטן פילם „תקיעת כף". געווען דאָרט אַ סצענע, ווי אליהו הנביא דאַרף זיך פון זיין לעגענדאַרע געשטאַלט פאַרוואַנדלען אין אַ היינטצייטיקן פאָלקסטימלעכן זקן. דער דאָזיקער טריק דאַרף געמאַכט ווערן זייער פּרעציז און האָט אין

יענער צייט געפאָדערט זייער פיל צייט און געדולד. איך האָב דעריבער פאַר דער סצענע אויסגעקליבן דעם שטילן הויף הינטער דער סינאַגאָגע.

מיר אַלע: דער פּראָדוצענט, אָפּעראַטאָר, איך און דער רעזשיסער, זיינען געווען ווייניק באַהאַוונט אין דער פילם־טעכניק. די דאָזיקע סצענע, וואָס האָט ביי דער צווייטער, גערעדטער, ווערסיע אין יאָר 1937, געדויערט אין אַטעליע אַ קאַרגע האַלבע שעה, האָט דאַן ביי אונדז צוגענומען אַ גאַנצן טאָג...

וואָלט עס נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ווען איך וואָלט נישט באַדאַרפט אַלס אליהו הנביא שטיין שעהען־לאַנג אומבאַוועגלעך, באַרוועס און נאַקעט אין אַ שטאַרקן פראָסט און אין טיפן שניי.

סיראָטע, וואָס האָט זיך פון זיין ווינונג צוגעקוקט צו דער דאָזיקער לעבנס־געפערלעכער פילם־ אַרבעט, האָט טאַקע טעלעפאָנירט צו אסתר־רחל קאַמינסקי:

„לאָזט נישט אייער אײדעם ריזיקירן מיטן לעבן. ער קאָן נאָך באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג!"

קיין לונגען־אָנצינדונג האָב איך גראָד נישט באַקומען, אָבער אַ בראָנכיט האָב איך פאַראיבעריקט אויפן גאַנצן לעבן.

אָבער ווּעמען האָט עס דאַן געאַרט! אַבי די סצענע איז געלונגען און דעם עולם איז זי געפעלן!

אויפן עקראַן האָט זי געדויערט אַ קנאַפּע האַלבע מינוט...

פון בוך: „פראַגמענטן פון מיין לעבן", בוענאָס איירעס, 1951.

# יאָנאַס טורקאָוו

## יאַנוש קאָרטשאַק — דער הייליקער קינדער-דערציער



איך האָב געהאַט די זכיה צו קענען פּערזענלעך דעם גרויסן פּסיכאָלאָג און קינדער־דאָקטאָר, דעם דערציער און רעפאָרמאַטאָר וואָס האָט אַריינגעבראַכט נייע, געוואַגטע מעטאָדן אין דער פּעדאַגאָגיק, דעם לעקטאָר און אָריגינעלן שריפטשטעלער, און איבער אַלעם — דעם ווונדערלעכן און אייגנאַרטיקן מענטש, ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק.

זייענדיק נאָך אַ קינד, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן פּנים אל פּנים מיט דר. קאָרטשאַק אין יתומים־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע, אויף דער פראַנטשישקאַנער גאַס. מיין פאָטער, וואָס איז געווען איינער פון די מיטגרינדערס און מיטבויערס פון דער געזעלשאַפט „עזרת יתומים״, פלעגט מיך אַהין מיטנעמען. דער דאָקטאָר וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן, גרינעם כאַלאַט, ווי די הויז־וועכטער פלעגן טראָגן, האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ נישט צוגעלאָזענעם און זייער שטרענגן מענטש. ער האָט מיר קוים געשאָנקען אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב שוין געהאַט געלייענט זיין ערשט בוך „קינדער פון דער גאַס״ און געהערט זיינע שמועסן, האָב איך ערשט געקאָנט ריכטיק אָפּשאַצן דעם אומגעוויינלעכן מענטש ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק, און פאַרשטיין די סיבה פון זיין קילער באַציונג צו מיר פריער, מיט יאָרן צוריק.

איך בין דאָך געווען אַ קינד פון דער אַזוי־גערופענער זאַטער היים, ווו עס האָט נאָך אין יענע יאָרן געהערשט ווילטאָג. און ד״ר קאָרטשאַקס גאַנצע אויפ־

---

יאָנאַס טורקאָוו — שױשפּילער, רעזשיסער, שריפטשטעלער, מיטאַרבעטער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1898 — ברודער פון זיגמונט, מאַרק און יצחק טורקאָוו. די יאָרן פון דריטן חורבן אין וואַרשעווער געטאָ — צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער אַקטריסע דיאַנאַ בלומענפעלד ז״ל. שפּעטער אַלערליי וואַנדערונגען — און אין יאָר 1947 געקומען קיין אַמעריקע. מחבר פון טעאַטער־ביכער. צוו. זיי — אַן אינטימער אַקטיאָרן־לעקסיקאָן אונטערן נאָמען „פאַרלאָשענע שטערן״. מחבר פון אַ רייע אויטענטישע דאָקומענטירטע חורבן־ביכער. פון זיין פאַרנעמיקן עסיי, געדרוקט אין אַלמאַנאַך „יידיש״, ניו יאָרק, 1961, וועגן דעם לעגענדאַרן וואַרשעווער יידישן דאָקטאָר־דערציער, דעם קדוש יאַנוש קאָרטשאַק — 1873־1942 — וועמען יאָנאַס טורקאָוו האָט גוט געקענט, נעמען מיר דאָ אַריין יענע טיילן, וואָס פאַסן זיך אין אונדזער אַנטאָלאָגיע: „דאָס אַמאָליקע יידישע וואַרשע״.

מערקזאַמקייט און פֿאַראינטערעסירונג איז געווען געווענדט אויסשליסלעך צו די קינדער וואָס האָבן נישט געהאַט קיין עלטערן; וואָס האָבן געשטאַמט פֿון היימען ווו עס האָט געהערשט אָרעמקייט, דלות און הונגער. צו אַזעלכע קינדער איז דר. קאָרטשאַק נישט געווען גלייכגילטיק און קיל. ער האָט צו זיי אַרויסגעוויזן אָן אַ שיעור וואַרעמקייט, צערטלעכקייט און פֿאָטערלעכע ליבשאַפֿט.

ווען עס איז געקומען די צייט און די עלטערע קינדער האָבן געדאַרפֿט פֿאַר־לאָזן די „היים" — ווי מען האָט גערופֿן דאָס יתומים־הויז — האָבן די פּאַטראָנאַט־מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער „היים" אין דער ערשטער צייט אַרויסגעהאָלפֿן די קאַנדידאַטן אויף אַן אייגן זעלבשטענדיק לעבן דורך פֿאַרשאַפֿן פֿאַר זיי אַרבעט און בוים איינאָרדנען זיך. ביז דאָס איז ניט דערגרייכט געוואָרן, פֿלעגן די פּילאַנטראָפּן — און מיין פֿאָטער בתוכם — האַלטן אַ געוויסע צייט אַזאַ „קאַנדידאַט" ביי זיך אין הויז. איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן פֿון די דאָזיקע קינדער געשיכטעס וועגן דער גוטסקייט און מסירת־נפש פֿונעם דאָקטאָר (אַזוי האָבן אים אַלע גערופֿן). ער איז פֿאַר זיי געווען אַ טאַטע און אַ מאַמע און אַ ברודער און — די גאַנצע וועלט.

* * *

צום יידישן קינד איז קאָרטשאַק געקומען דורך אַ צופֿאַל. ער איז געבוירן גע־וואָרן אין אַן אַסימילירטער הייב. האָט געוווינט און איז דערצויגן געוואָרן צווישן פּוילישע קינדער. אין הויז פֿון זיינע עלטערן זיינען נישט אָנגעהאַלטן געוואָרן קיין שום יידישע טראַדיציעס. מען האָט נישט געוווסט פֿון קיין יידישע יום־טובים.

ווען ער האָט אָנגעהויבן צו חלומען וועגן ווידמען זיך און זיין לעבן פֿאַרן קינד, איז ביי אים קיין מאָל נישט אויפֿגעשוווּמען די פֿראַגע פֿונעם קינדס רעליגיע. ערשט אין זיינע רייפֿערע יאָרן, ווען ער איז אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ פּוילישער קינדער־קאָ־לאָניע ווי אַ פּרייוויליקער אויפֿזעער (פֿאַרן בלויזן עסן און שלאָפֿן), האָט ער זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אויף אַ גרעסערער גרופּע יידישע קינדער וואָס האָט זיך געפֿונען אין אַ שכנותדיקער קאָלאָניע. דאָרט האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערהערט דאָס יידישע לשון, און ער איז דערפֿון שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרן. ער האָט שפּעטער געשריבן וועגן דעם אין זיינע זכרונות:

„דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט ווי אַ יידיש קינד רעדט יידיש. ווען מיין עלטער־זיידע וואָלט געלעבט, וואָלט איך מסתמא אויך געקענט יידיש. איך האָב אין דער יידישער קאָלאָניע דערזען אַן איינזאַם יינגל און ווען איך האָב געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער שטייט פֿאַרמרה־שחורהט, איינער אַליין, האָט ער מיר אויף דעם גע־ענטפֿערט (אויף יידיש): ‚ווייל ס'איז מיר סמוטנע'. דאָס איינציקע וואָרט וואָס איך האָב פֿאַרשטאַנען איז געווען ‚סמוטנע'. איך האָב דערפֿילט אַז אין יידיש ווערן דאָך אויסגעדריקט די זעלביקע געדאַנקען און געפֿילן ווי אין פּויליש. די געפֿילן זיינען סיי ביי די פּוילישע סיי ביי די יידישע קינדער די זעלביקע. דאָ, האָב איך געהאַפּט, ליגט דער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע וואָס האָט מיך געוועגבערט. נאָר דורך אַ פֿאַר־שטענדיקונג און פֿאַרברידערונג צווישן די קינדער פֿון פֿאַרשידענע פֿעלקער און רעליגיעס וועט קומען די אויסלייזונג פֿון דער וועלט".

און קאָרטשאַק האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אָנצוהייבן די אַרבעט פֿון פֿאַר-ברידערונג דורך אַ דירעקטן קאָנטאַקט צווישן די יידישע און פּוילישע קינדער.

ער איז יאָרן לאַנג געווען אויך דער אָנפירער פון אַ פּוילישער קינדערהיים. אין די היימען האָט ער געהאָפּט דורכצופירן דעם עקספּערימענט פון פאַרברידערונג. צום באַדויערן, האָט ער געליטן אַ גרויסן דורכפאַל. דער שוידערלעכער אַנטיסעמיטיזם וואָס די פּוילישע קינדער האָבן מיטגעבראַכט פון זייערע היימען האָט צעשטערט זיינע אידעאַלע כוונות און צונישט געמאַכט אַלע זיינע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען. דאָס האָט שטאַרק פאַרביטערט זיינע יאָרן. ער האָט לסוף פאַרבונדן זיין לעבן אויסשליסלעך מיטן יידישן קינד און ער האָט אינגאַנצן פאַרלאָזט די פּוילישע קינדערהיים.

ד״ר קאָרטשאַק האָט רעזיגנירט פון זיין גרויסער מעדיצינישער קאַריערע וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט; פון זיין ליטעראַרישן רום; פון זיין פּערזענלעך לעבן און גליק, כדי אָפּצוגעבן זיך מיט לייב און נשמה דעם יידישן קינד. זיין לעבנס־ציל איז געווען: צו שאַפן אַ קינדער־רעפּובליק, מיט אייגענע רעכט, ווי פולבאַרעכטיקטע מענטשן פון דער געזעלשאַפט, פאַר וועלכע מען זאָל האָבן דרך־ארץ און וועלכע מען זאָל נישט גרינגשאַצן.

דער גרויסער דערציער־רעפאָרמאַטאָר קאָרטשאַק האָט שטענדיק געזוכט נייע וועגן, האָט קיין מאָל נישט געזאָגט אַז ער ווייס שוין אַלץ. פאַרקערט, ער האָט תמיד אונטערגעשטראָכן אַז נישט געקוקט אויף אַלע זיינע אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען איז ער באַגאַנגען איין טעות נאָכן אַנדערן.

דר. קאָרטשאַק איז געווען אויך אַ לעקטאָר אינעם אינסטיטוט פאַר ספּעציעלער פּעדאַגאָגיק. ער האָט פאַר די סטודענטן, צוקונפטיקע פּעדאַגאָגן, כסדר איבערגעחזרט: בויט נישט צו פיל אויף זיך און אויף די מיינונגען און אורטיילן פון אַנערקענטע אויטאָריטעטן־פּראָפעסאָרן. האַלט זיך תמיד ביים דעוויז: איך ווייס נישט. נאָר אייערע אייגענע לאַנגיאָריקע דערפאַרונגען וועלן אייך אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג.

אויף איינער פון זיינע לעקציעס אין אינסטיטוט האָט קאָרטשאַק מיטגעבראַכט מיט זיך אַ קליין ייִנגל. ער האָט דערקלערט די סטודענטן אַז די היינטיקע לעקציע וועט פאָרקומען אין רענטגענאָלאָגישן קאַבינעט, און געהייסן די דערשטוינטע סטודענטן מיטגיין מיט אים אַהין. דאָס איבערגעשראָקענע קינד האָט פעסט געהאַלטן דר. קאָרטשאַקן ביי דער האַנט. ווען ער האָט אים געהייסן זיך אויסטאָן און אַ נאַקעטן זיך אַוועקשטעלן אין דער פינצטער פאַר דער פאַר אים מאָדנער מאַשין, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו ציטערן. די סטודענטן האָבן אין פינצטערן קאַבינעט דערזען אויפן עקראַן ווי דעם קינדס האַרץ אַרבעט נישט־נאַטירלעך אומרויק ביי די ריטמישע באַוועגונגען פון זיין אָטעמען. מיט אַ געריירטער שטים האָט זיך קאָרטשאַק געווענדט צו זיינע צוהערער: „קוקט אייך גוט צו און פאַרגעדענקט גוט וואָס איר האָט געזען. ווען איר זייט מיד, אויפגערעגט, בייז; ווען די קינדער ווערן אַמאָל אומדערטרעגלעך און פירן אייך אַרויס פון געדולד; ווען איר בייזערט זיך און שרייט אויף זיי; ווען איר ווילט זיי באַשטראָפן, זייענדיק אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד, זאָלט איר תמיד געדענקען אַז טאַקע אַזוי, ווי איר זעט איצט, זעט אויס און רעאַגירט דעם קינדס האַרץ״.

מען האָט קאַרטשאַקן פאַרגעוואָרפן אַז ער האָט פיינט יידיש און אַז ער באַציט זיך מיט ביטול צו אונדוער לשון. דאָס איז אָבער נישט אמת.

„ווי אַזוי קאָן מען מיך אין דעם חושד זיין", — האָט ער מיר געזאָגט, — „דער קלאַנג פונעם יידישן לשון האָט דאָך מיך פאַרבונדן מיטן יידישן קינד. אין מיין היים האָב איך קיינמאָל נישט געהערט קיין יידיש וואָרט. אַ דאַנק אָבער דעם יידישן קינד פון דער קאָלאָניע האָב איך ליב געקריגן יידיש. איך קען די ליטעראַטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יידיש. פרץ, דינעזאָן, שלום אש, נאָמבערג, בעל־מחשבות און אַנ־סקי זיינען געווען מיינע פערזענלעכע פריינד. איך באַדויער וואָס איך קען נישט גוט ריידן יידיש, אָבער איך פאַרשטיי אַלץ".

אין זיינע זכרונות שרייבט ז. טיגעל, דער געוועזענער רעפּאָרטער פון „מאָ־מענט" אין וואַרשע: „אין יאָר 1914 האָט מען אין וואַרשע געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ יידישן קינדער־זשורנאַל. מען האָט פאַרגעלייגט קאָרטשאַקן צו ווערן דער רעדאַק־טאָר. קאָרטשאַק האָט געגעבן זיין הסכמה. אין יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע 92 איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט: קאָרטשאַק, בעל־מח־שבות, יוסף העפטמאַן, די פעדאַגאָגן: פּוגאַטשאָוו, גוטמאַן א"אַ. פאַרן אָנהייב פון דער זיצונג, האָט קאָרטשאַק געבעטן מען זאָל דערלויבן די עלטערע קינדער פון דער ,היים' בייצוווינען די זיצונג: „זיי הערן דאָך אַזוי ווייניק ריידן זייער מאַמע־לשון. זאָלן זיי זיך צוהערן צו אַ יידישן שמועס".

פונעם דאָזיקן פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. סיי קאָרטשאַק, סיי בעל־מחשבות זיינען, ווי דאָקטוירים, מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און מען האָט זיי ביידן אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט.

איך וויל ברענגען אַ צווייטן פאַל: קאָרטשאַק האָט אין די דרייסיקער יאָרן צוויי מאָל באַזוכט ארץ־ישראל. נאָך זיין ערשטער נסיעה האָט ער געשריבן צו זיי־נעם אַ געוועזענעם תלמיד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן ארץ־ישראלדיקן קיבוץ: „וואָס איז דאָס פאַר אַ יידיש לאַנד, אַז מען רעדט דאָרט נישט קיין יידיש..."

די פאָר פאַקטן זיינען, מיין איך, גענוג אונטערצושטרייכן ד"ר קאָרטשאַקס באַ־ציונג צו יידיש־לשון.

בעת איינעם פון מיינע שמועסן מיט ד"ר קאָרטשאַק האָב איך אים געפרעגט, צי עס איז אמת אַז זיין זיידע און באָבע שטאַמען פון דייטשלאַנד. קאָרטשאַק האָט זיך צעלאַכט:

„צוליב מיינע זיידעס און באָבעס האָב איך שוין געהאַט גענוג צרות אין מיין לעבן. הגם איך הייס גאָלדשמיד, שטאַם איך נישט פון קיין גאָלדשמידן און כ'שטאַם נישט פון קיין דייטשישע יידן. מיין זיידע איז געווען אַ דאָקטאָר מעדיצין אין אַ קליין שטעטל אין לובלינער גובערניע. מיין עלטער־זיידע איז געווען אַ פּשוטער גלעזער, וואָס פלעגט אַריינשטעלן שויבן אין די פענצטער. געהייסן האָט ער גאָלדשמיד. ווען איך בין געבוירן געוואָרן, האָט מיין זיידע, וועמען איך געדענק קוים, נאָך געלעבט. די באָבע האָט מיר געזאָגט אַז כ'האָב געקריגן אַ נאָמען נאָך מיין עלטער־זיידן — הערש. די באָבע פלעגט מיר אַ סך דערציילן וועגן מיין על־טער־זיידן, דעם גלעזער, וואָס פאַר אַ גוטער מענטש ער איז געווען; ווי ער האָט געהאָלפן אָרעמעלייט; און ווי אָפט ער פלעגט אַריינשטעלן שויבן אין די היימען פון מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט אים צו באַצאָלן. ווי קאָן מען לאָזן

מענטשן ווינטערצייט אָן שויבן׳, — פלעגט ער זאָגן — ,דערצו נאָך מיט קליינע קינדער?׳...״

„איך געדענק״, — האָט דערציילט ווייטער קאָרטשאַק, — „וואָס פאַראַ איינדרוק עס האָבן געמאַכט אויף מיין קינדישן מוח די אַלע דערציילונגען וועגן מיין עלטער־זיידן, הערש גאָלדשמיד. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך אים געזען ווי אַן איבערמענטש, און איך האָב געחלומט וועגן דעם אַז ווען איך וועל אויסוואַקסן וועל איך אויך ווערן אַ גלעזער און אויך נישט דערלאָזן דערצו אַז קינדער זאָלן געפרוירן ווערן פון קעלט״.

„מיין פאָטער, אַ באַקאַנטער, אָנגעזעענער וואַרשעווער אַדוואָקאַט, האָט נישט גערן געהאַט די מעשיות וואָס מיין באָבע האָט מיר דערציילט וועגן עלטער־זיידן. ער האָט זיך אַ פּנים געשעמט אַז זיין משפּחה שטאַמט פון אַ פּראָסטן גלעזער. און איך בין געווען שטאָלץ מיט מיין עלטער־זיידן דעם גלעזער, וואָרום גלאָז גיט צו אַ מענטשן וואַרעמקייט און ליכט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך בדעה געהאַט אָנצושרייבן אַ בוך וועגן מיין עלטער־זיידן הערש גאָלדשמיד, א״נ ,עלטער־זיידע און אוראייניקל — די געשיכטע פון פיר דורות׳. לעת־עתה האָב איך זיין נאָמען שוין אויסגענוצט אין מיין דערציילונג: ,הערשלס דריי נסיעות׳ ״.

„מיין פאָטער, אַליין אַ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו רייכע מענטשן און צו מענטשן וואָס פאַרנעמען אָנגעזעענע סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, און נאָר אַזעלכע פלעגט ער פאַרבעטן צו אונדז אין הויז. מיין פאָטער האָט פיינט געהאַט צו זען ווי איך שפּיל זיך מיט די קינדער פונעם הויף: ,עס פּאַסט נישט׳ — האָט ער געזאָגט — ,דו זאָלסט זיך חברן מיט שלעפּערס און קבצנים׳. און ער האָט מיר פאַרווערט מיט זיי זיך צו שפּילן״.

אין די זונטיק־טעג און יום־טובים, ווען די עלטערן זיינען נישט געווען אין שטוב, פלעגט קאָרטשאַק צונויפנעמען די אָרעמע יינגלעך און מיידלעך פון זיין הויף און פון אַנדערע היף, אַריינפירן זיי אין זיין היים און זיי מכבד זיין מיט זיסוואַרג. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער זיי דערציילט מעשהלעך, וואָס זיי האָבן אַזוי ליב געהאַט צו הערן, און זיי געלערנט לייענען און רעכענען. און אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן ביי אים ביזן סוף פון זיינע יאָרן. מיט די קינדער פון דער אָרעמקייט האָט ער פאַרבונדן זיין לעבן, און פאַר זיי אויך מקריב געווען זיין לעבן.

צווישן די געסט וואָס פלעגן באַזוכן קאָרטשאַקס פאָטער, האָבן זיך געפונען באַרימטע פּוילישע שרייבער. זיי פלעגן אין סאַלאָן פאַרלייענען זייערע ווערק. פון זיין צימער האָט קאָרטשאַק זיך צו דעם צוגעהערט און זיך באַגייסטערט מיט זייערע שאַפונגען. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז ווען ער וועט אונטערוואַקסן וועט ער אויך ווערן אַ שרייבער. שטילערהייט האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן לידער. ער האָט זיי אָבער קיינעמען נישט געוויזן, ווייל ער איז געווען אַ שעמעוודיקער. זיין פאָטער האָט דאָך סיי ווי נישט געהאַלטן אַז ער דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי שרייבן פּאָעזיעס. „פון דעם״ — פלעגט ער זאָגן — „וועסטו סיי ווי אויף קיין ברויט נישט פאַרדינען״.

ווען דער פאָטער האָט נישט געזען, האָט ער ווייטער זיך געשפּילט מיט די קינדער פונעם הויף, ווייטער געשריבן לידער, און ווען ער איז אַלט געוואָרן 12 יאָר איז ער אַוועק צום רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער, וואַרשעווער, פּוילישער ציי־

טונג, און אים פאַרגעלייענט זיין ליד וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר דעם בעסטן. די פּאָעמע האָט זיך אָנגעהויבן, מער ווייניק אַזוי:

„אַך, דערלויב, דערלויב מיר צו שטאַרבן...
אַך, דערלויב, דערלויב מיר נישט צו לעבן...
אַך, דערלויב מיר אַראָפּצונידערן אין פינצטערן קבר..."

"איך דערלויב!" האָט דער רעדאַקטאָר, אַ פאַרכמאַרעטער, אים איבערגעריסן.

דער סענסיטיווער קאָרטשאַק איז אַ פאַרשעמטער אַהיימגעלאָפן און צעריסן די פּאָעזיע אויף שטיק־שטיקלעך. ער האָט זיך אַ נדר געגעבן אַז מער וועט ער שוין אין זיין לעבן קיין לידער נישט שרייבן, און ער האָט געהאַלטן וואָרט. אָבער גע־שריבן האָט ער ווייטער. נישט קיין לידער, נאָר קורצע דערציילונגען און סקיצן. ווען ער האָט אין אַ צייט אַרום געבראַכט זיין ערשטע נאָוועלע צו אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג און מען האָט זי אויך אָפּגעוואָרפן, האָט ער אַ פאַרצווייפלטער אויס־געגרופן: „נישט וויכטיק. איך וועל סיי ווי נישט זיין קיין שרייבער. כ'וועל ווערן אַ דאָקטאָר מעדיצין!"

אָבער קאָרטשאַק איז געוואָרן אַ שרייבער. ער האָט אַרויסגעגעבן 27 ביכער פאַר קינדער און דערוואַקסענע, אַחוץ דערציילונגען, נאָוועלעס, בראָשורן, סקיצן און אייניקע דראַמעס, (זיין ערשטע דראַמע „וווהין" איז אין יאָר 1899 אויסגע־צייכנט געוואָרן מיטן פּאַדערעווסקי־פּרייז).

14 יאָר איז קאָרטשאַק אַלט געווען ווען עס איז דערשינען זיין ערשטע דער־ציילונג. ווען מען האָט אָנגענומען זיין אַרבעט, האָט מען אים געפרעגט אונטער וואָס פאַראַ נאָמען ער וויל זי זאָל זיין אָפּגעדרוקט. איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער נאָמען פון אַ העלד פון קראַשעווסקיס אַ ראָמאַן, יאַנוש קאָרטשאַק.

אַ פּאָר מאָל האָב איך באַמערקט ווי קאָרטשאַק רופט מיך יאַנאַש און נישט יאָנאָס. איך האָב אים געפרעגט: פאַר וואָס, דאָקטאָר, רופט איר מיך יאַנאַש? איך הייס דאָך יאָנאָס. האָט ער מיר געזאָגט: ווייל יאַנאַש איז מיין ליבלינג־נאָמען. איך האָב אים טאַקע דערפאַר אויסגעקליבן פאַר מיין פּען־נאָמען. ער איז געווען דער העלד פון אַ ראָמאַן פון מיין באַליבטן שרייבער, קראַשעווסקי. אין דער דרוקעריי האָט אָבער דער זעצער געהאַט אַ טעות, און אָנשטאָט „יאַנאַש קאָרטשאַק האָט ער אויסגעזעצט „יאַנוש קאָרטשאַק" און אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן.

* * *

ד"ר יאַנוש קאָרטשאַק האָט געהאַט זייער אַ שווער לעבן. זיין גאַנץ קורצע, זאָרגלאָזע קינדהייט האָט זיך זייער פרי פאַר אים געענדיקט. דער פאָטער זיינער איז ערנסט קראַנק געוואָרן. עטלעכע מאָל איז ער געווען אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייס־טיק־קראַנקע, ווו ער איז סוף־כל־סוף געשטאָרבן. דאָס האָט געלייגט אויף קאָר־טשאַקס יונגער, צאַרטער נשמה אַ שווערן חותם. אפשר איז אויך ער בירושה באַ־לאַסטיקט מיט דער שרעקלעכער קראַנקהייט? — האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים טאַקע פאַרפּאַלגט דאָס גאַנצע לעבן. זיין פאָטערס קראַנקהייט האָט פאַרשלונגען זיין פאַרמעגן. מען האָט אָנגעהויבן אַלץ אַרויסצופאַרקויפן פון הויז. עס איז דערגאַנגען דערצו אַז דער הונגער האָט אָנגע־

הויבן אַריינצושמעקן אין דער אַמאָליקער רייכער שטוב פון די גאָלדשמידס. הענריק (דער שפּעטערדיקער יאַנוש קאָרטשאַק) האָט אַליין דערפילט דעם טעם און דעם באַטייט פונעם וואָרט „הונגער", וועגן וועלכן ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי פיל צו הערן.

אין זיינע זכרונות האָט קאָרטשאַק שפּעטער געשריבן: „ווען איך בין געווען קליין בין איך געווען רייך, אָבער שפּעטער בין איך געוואָרן אָרעם. קען איך דאָס ערשטע און דאָס אַנדערע. כ'ווייס אַז מען קאָן זיין אין ביידע פאַלן אָנשטענדיק און גוט, מען קאָן אָבער אויך זיין רייך און זייער אומגליקלעך".

נישט קיין גאַנצע 12 יאָר אַלט, איז הענריק געוואָרן דער הויפּט־פּרנסה־ פאַר־זאָרגער פון דער משפּחה. אַ שווערע לאַסט איז געפאַלן אויף זיינע יונגע שוואַכע פּלייצעס. אין משך פון אַכט יאָר צייט האָט ער נישט אויפגעהערט אַרומצולויפן פון איין עק שטאָט צו דער אַנדערער, — פון דער וואָלסקע גאַס ביז סאָלעץ, — צו זוכן און צו געבן לעקציעס. אין די נעכט, אָנשטאָט צו שלאָפן, האָט ער געמוזט צו־גרייטן זיינע אייגענע אויפגאַבעס. מיט שווערער מי איז ער אָנגענומען געוואָרן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. אַז עס איז אים נישט לייכט צוגעגאַנגען קאָן עדות זאָגן דער פאָלגענדיקער פאַל: איינער פון די פּראָפעסאָרן האָט אַ מאָל געזאָגט צו קאָרטשאַקן, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף דער דלאָניע: „דאָ זאָל האָר אויסוואַקסן צי איר וועט אַ מאָל זיין אַ דאָקטער..."

קאָרטשאַק איז אָבער דאָך געוואָרן אַ דאָקטער, — אַ גלענצענדיקער דאָקטער, פונקט ווי ער איז געוואָרן אַ געלנצענדיקער שרייבער. נאָכן פאַרענדיקן מעדיצין אין וואַרשע, האָט ער דערגאַנצט זיין וויסן אין קינדער־קליניקעס פון בערלין, פּאַ־ריז און לאָנדאָן. דערביי האָט ער אַ היפּש ביסל צוגעהונגערט. דערנאָך האָט אים דער טויט פון זיין הייס־געליבטער מוטער דערפירט צו אַ שטאַרקער דיפּרעסיע. ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן שולדיקן אין זיין מוטערס טויט, וואָרעם ער האָט זי אָנגעשטעקט מיט טיפוס, וואָס ער האָט אַהיימגעבראַכט פונעם עפּידעמישן שפּיטאָל ווו ער האָט דעמאָלט געאַרבעט. דערנאָך, ווידער, די אַנטוישטע האָפענונג אויף דער פאַרבע־סערונג פון די פּויליש־יידישע באַציונגען, דער וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטיזם, דאָס באַזייטיקן אים פון די מלוכה־שטעלעס, — דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק געטראָפן.

עס איז שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי דער דאָזיקער פיינפילנדיקער און צאַרטער מענטש האָט נאָך די אַלע קלעפּ וואָס ער האָט געקראָגן פונעם לעבן זיך נישט איינגעבראָכן פּסיכיש און איז נישט אַראָפּ צום אָפּגרונט פון לעבן. און ביים ראַנד פון אָפּגרונט איז ער דאָך שוין זייער נאָענט געשטאַנען. אַ פּנים די עשירות פון זיינע גייסטיקע קוואַלן האָבן אים פון דעם פאַרהיט.

* * *

פון זיין צווייטער נסיעה קיין ארץ־ישראל (אין 1936) איז קאָרטשאַק צוריקגע־קומען מיטן פעסטן באַשלוס זיך דאָרט צו באַזעצן. ער איז געווען באַגייסטערט פון חלוצישן לעבן אין די קיבוצים, פון דער פּיאָנערישער אַרבעט פון דער דאָרטיקער יוגנט און פון דעם אידעאַליזם וואָס ער האָט דאָרט געפונען. און טאַקע אין איינעם פון די קיבוצים האָט ער בדעה געהאַט זיך צו באַזעצן, כדי דאָרט ווייטער אָנצוגיין מיט זיינע פּעדאַגאָגיש־דערציערישע אידעעס. דער דראַנג אַהין צו פאָרן איז ביי

אים געשטיגן פון טאָג צו טאָג, וואָרעם ער האָט אויפגעהערט צו גלייבן אין דער צוקונפט פון אַ יידיש לעבן אין פוילן. דער אַמאָל אַזוי שטאַרק אַסימילירטער קאָר־טשאַק, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהערט צו קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי, און צו דער ציוניסטישער — אוודאי נישט, איז געקומען צום אויספיר, אַז נאָר אין ארץ־ישראל האָט אַ יידיש קינד פאַר זיך אַ צוקונפט.

ווען מען האָט קאָרטשאַקן געפרעגט פאַר וואָס ער האָט קיין מאָל נישט חתונה געהאָט און זיך נישט אויפגעשטעלט אַן אייגענע היים, האָט ער געענטפערט: „וואָלט איך דען געקאָנט האָבן אַזוי פיל קינדער ווי איך האָב איצט? און קינדער, וואָס מער קינדער, האָב איך תמיד באַגערט צו האָבן. דאָס איז מיין גרעסטע ליבע".

„למען האמת" — „האָב איך אין מיין לעבן געפירט עטלעכע ליבעס. אין על־טער צווישן 7 און 14 יאָר האָב איך שטאַרק ליב געהאַט יעדעס מאָל אַן אַנדער מיידל. אין איינער האָב איך זיך געליבט אַ וואָך צייט, טייל מאָל לענגער, אפילו אַ חודש. איינע האָב איך געוואָלט האָבן פאַר אַ שוועסטער, די צווייטע פאַר אַ ווייב, די דריטע פאַר מיין ווייבס שוועסטער... ווען די פיל ליבעס מיינע האָבן זיך גע־ענדיקט, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדער ליידנשאַפט: לייענען. די גאַנצע וועלט איז דעמאָלט פאַרשווונדן פון פאַר מיינע אויגן, נאָר דאָס בוך האָט פאַר מיר עק־סיסטירט".

**דערנאָך איז געקומען זיין לעצטע און שטאַרקסטע ליידנשאַפט: דאָס קינד.**

פון אַלמאַנאַך: יידיש, ניו יאָרק 1961

## יצחק גרודבערג־טורקאָוו

# אסתר רחל קאַמינסקאַ און איר קרוין־ראָל



א גרוס אייך פון פּרצן, פאַניע קאַמינסקי, — האָט דינעזאָן פאַרהאַלטן אברהם־יצחקן.—כ׳האָב נאָרוואָס באַקומען פון אים אַ בריוו פון זאַקאָפּאַנע. זעט, ווי ער געדענקט אָן אייך: ער האָט דאָרט עפּעס געפונען אַ ביכל וועגן ביבלישע קליידער מיט אַ גענויער באַשרייבונג, ווי די קליידער האָבן אויסגעזען. ראָט ער אייך זיך דאָס איינצושאַפן. ער שרייבט, אַז עס קאָן אייך צונוץ קומען פאַרן טעאַטער.

— אַ דאַנק. איצט וועט עס אפשר טאַקע צונוץ קומען. מיר נעמען איבער אַ ניי טעאַטער.

— וועלכן טעאַטער? און ווער זיינען עס די מיר?

— כ׳האָב זיך פאַראייניקט מיט ראַפּעלן און ווייסמאַנען. אַלס שותף האָבן מיר צוגענומען דעם דרוקער הער עפּלבערג און געדונגען אַ שיין טעאַטערל, דאָס „עליזעום" אויף קאַראָווע גאַס. גענוג שוין די בודע אויף כמיעלנע. „עליזעום" איז אַן אינטים טעאַטערל און מיר האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ ריין ליטעראַרישן טעאַטער.

— וואָס הייסט אַ „ליטעראַריש טעאַטער"?

— נו, מיר וועלן שפּילן ליטעראַרישע פּיעסן, אַזוי ווי אין פּעטערבורג ביי ניעקראַסאָוואַ־קאָלטשינסקאַיאַ... גוט שפּילן. אָרנשטיין ווערט ביי אונדז אַנגאַזשירט אַלס שטענדיקער רעזשיסער.

— און אַדלער גייט אַוועק?

— פאַר אים איז אַ ריין ליטעראַריש טעאַטער נישט קיין געשעפט. ער זוכט צו פיל צו פאַרדינען. פאָרט ער קיין לאָדזש. אָבער אַחוץ אים בלייבט די גאַנצע טרופּע און מיר אַנגאַזשירן נאָך צו פרישע, טאַלאַנטירטע כוחות.

— און מיט וואָס וועט אונדז דערפרייען די מאַדאַם קאַמינסקאַ?

— זאָל עס נאָך בלייבן צווישן אונדז: זי גרייט זיך איצט צו שפּילן „מירעלע אפרת".

---

יצחק־בער גרודבערג־טורקאָוו — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1906, איינער פון די „פיר ברידער טורקאָוו" — אַקטיאָרן און שרייבערס. שוישפּילער, זשורנאַליסט, מחבר פון ביכער וועגן יידישן טעאטער, מחבר פון עטלעכע טעאַטערשטיק, איבערזעצער. אסתר רחל קאַמינסקאַ (1870־1925) איז געווען די גרעסטע געשטאַלט פון דינאַמיש יידישן טעאַטער אין וואַרשע אין פאַרלויף פון העכער אַ פערטל יאָרהונדערט; איר קרוין־ ראָל — „מירעלע אפרת"—און זי האָט זי דאָס ערשטע מאָל געשפּילט אין וואַרשע אין יאָר 1906. אסתר רחלס לוויה—די צווייט־גרעסטע נאָך פּרצעס.

— אָ, דאָס וועט זיין אינטערעסאַנט. איך בין זיכער, אַז זי וועט אונדז באַווייזן עפּעס נייעס אין דער ראָל... נו, מיר וואַרטן מיט אומגעדולד...

די געשווירענע וואַרשעווער טעאַטער־פּאַטריאָטן האָבן טאַקע מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער סענסאַציע. לאַנג פאַר דער פּרעמיערע זיינען פאָרגעקומען הייסע ויכוחים. די ביז איצטיקע „מירעלע אפרת", די טרילינג, האָט געהאַט אַ סך חסידים, וואָס האָבן קלאָר אויפגעוויזן:

— ווי קומט די קאַמינסקאַ צו דער ראָל פון מירעלע? זי האָט דאָך נישט דער טרילינגס הויכן טאָן, איר גרעפישע האַלטונג, איר שטאָלצקייט! די קאַמינסקין קאָן שפּילן אומגליקלעכע יתומות, צעבראָכענע נשמות, אָבער נישט אַזאַ מאַיעסטעט ווי מירעלע אפרת...

אסתר־רחלס חסידים האָבן געהאַט ווייניק וואָס צו ענטפערן, ס'איז דאָך פאַרט אמת: די קאַמינסקאַ האָט פיינט פּאָמפּע, פּאָזע, אָנגעצויגנקייט אויף דער בינע. ווי אַזוי קאָן מען שפּילן מירעלע אפרת אָן דעם אַלעם? איז זיי נישט מער געבליבן, ווי צו פאַרטיידיקן זיך:

— אָט גיין שוין די קאַמינסקין שפּילן אַזאַ מירעלע, ווי די טרילינג!... פאַרלאָזט אייך אויף איר, זי האָט שוין מן הסתם געפונען עפּעס נייעס אין מירעלע...

טיילווייז האָבן זיי טאַקע געטראָפן. זי האָט נאָך נישט געפונען דאָס נייע, אָבער זי האָט עס געזוכט. שעהנלאַנג איז זי יעדן טאָג געזעסן איבערן עקזעמפּליאַר פון דער פּיעסע און פאַרטיפט זיך אין יעדער שורה. זי האָט אַלץ דרייסטער אָפּגעוואָרפן, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר איבעריק, אויסגעשטראָכן גאַנצע שטעלן פון גאָרדינען. זי האָט געזוכט אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם מענטשן, וואָס זי האָט געזען אין מירעלע: נישט די גרעפין, נאָר די מאַמע. טראָט נאָך טראָט האָט זי אויסגעשיילט פון די אָנגעהויפטע, איבעריקע סצענעס און זאַצן, פון דער צעגאָסענער באַרעדעוודיקייט פון גאָרדינס טעקסט — איר אויסגעחלומטע געשטאַלט פון דער פעסטער, קלוגער פרוי און האַרציקער מאַמען.

זוכנדיק די שטריכן צו איר מירעלען, האָט זיך אסתר־רחל אַזוי פאַרגעסן, אַז עס איז פאַר איר פאַרביי אומבאַמערקט דער גרויסער טומל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אַרום דער דערעפענונג פון נייעם טעאַטער מיט דער „ליטעראַרישער טרופּע". פּינסקיס „יאַנקל דער שמיד" איז געווען די אויפטריט־ראָל פאַר ראַפּעלן און אסתר־רחל האָט זיך מיט דער ראָל פון טאַמאַרע נישט שטאַרק אָפּגעגעבן. פאַרנומען די חושים מיט מירעלע, האָט זי פאַר טאַמאַרען געמיינט אָנצווענדן אַ שאַבלאָן, פאַר וועלכן זי האָט גענומען איר באַליבטע כאַסיע. די זעלבע געזונטע, דאָרפישע מויד, נאָר נישט אָוועקגעריסן פון איר סביבה, אַ פעסטערע אין כאַראַקטער און מער אָנטשלאָסענע; אַזוי טראַכטנדיק וועגן שאַבלאָן, האָט זי אָבער צוביסלעך געפונען אויך פאַר דער ראָל נייע שטריכן, נייע טענער, וואָס זיינען צו איר געקומען, נישט פאַרטראַכטערהייט, אַליין אויסגעוואָקסן פון דער האַנדלונג. איז טאַקע געווען פאַר איר אַ גרויסע איבערראַשונג ווען זי האָט דערהערט מיינונגען, אַז איר טאַמאַרע וואַקסט איבער יאַנקלען, אַז ראַפּעלס אויפטריט האָט זי פאַרוואַנדלט אין אירס אַ נייעם טריומף:

— כ'פאַרשטיי גאָרנישט מיט וואָס מען ווערט עס אַזוי נתפּעל... כ'האָב דאָך נאָר

ערלעך אָפּגעשפּילט אַ געוויינטלעכע ראָל, — האָט זי אויפריכטיק געענטפערט אויף די באַגריסונגען און גראַטולאַציעס.

— אין דעם ליגט טאַקע אייער גרויסקייט, מאַדאַם קאַמינסקאַ, — האָבן פיל איר געענטפערט.

— גרויסקייט! דאָס וואָרט האָט זי לעצטנס זייער אָפט געהערט וועגן זיך. גע־הערט עס פון מענטשן ווי פּרץ; געהערט עס פון פּשוטע יידישע אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן זי באַשאָנקען מיט זייער ליבע און צוטרוי.

דעם צוטרוי טאָר זי נישט אַנטוישן. זי שטייט איצט ווידער פאַר אַ פייער־פּראָבע: „מירעלע אפרת".

איין וועג איז דאָ: וואָס פּשוטער, וואָס מענטשלעכער שפּילן די ראָל, אָפּוואַרפן אַלע פּאָזעס און קונצן, יעדן אויסערלעכן גלאַנץ און אויפגעבלאָזענעם פּאַטאָס. נשמה, ערלעכע געפילן און איבערלעבונג — דאָס וועט זיין דאָס נייע, מיט וועלכן איר מירעלע וועט זיך באַווייזן.

* * *

— ס'טייטש! מיר זיינען דאָך אַלע געשפּילטע! ס'איז דען נישט בעסער אַוועק־צוגעבן די צייט אויף פּראָבן פון אַ נייער פּיעסע? — האָבן זיך אַקטיאָרן געקאָכט, ווען זיי זיינען געוואויר געוואָרן, אַז עס הייבן זיך אָן נאָרמאַלע פּראָבן פון „מירעלע אפרת".

— „מירעלע" איז אַ נייע פּיעסע, — האָט אסתר־רחל רויק געענטפערט.

אַקטיאָרן האָבן געצויגן מיט די אַקסלען:

— די מאַמע האָט אָנגעהויבן צו רעדן, ווי אַלע פּרימאַדאָנעס...

פונדעסטוועגן האָט אויך אויף זיי געווירקט די נייגעריקייט, מיט וועלכער דער עולם האָט געוואַרט אויף דער נייער מירעלע און דער ציטער, מיט וועלכן אסתר־רחל איז צוגעגאַנגען צו דער אַרבעט איבער דעם.

באַלד אויף די ערשטע פּראָבן האָט אסתר־רחל אָנגעוואָרפן אַ נייעם טאָן:

— יערמאַלינע, טייערע, וויסמאַן, איך בעט אייך! פאַרגעסט, אַז איר זענט קאָמיקער. זייט בלויז לעבעדיקע מענטשן אויף דער בינע. וואַרפט אַוועק אינגאַנצן די אַלטע קונצלעך און קאָזשעלקעס... איר וועט האָבן נישט ווייניקער דערפאָלג.

אַסך מאָל האָט זי עס נישט באַדאַרפט איבערחזרן. וויסמאַן האָט באַלד פאַר־שטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ער איז שוין געווען געווינט צו רעטושירן די צו גרעלע פאַרבן דורך אַזוי פיל יאָרן שפּילן מיט אסתר־רחלען און ער האָט אויך געצווימט יערמאַלינעס נייגונג צו שאַרזש. סצענעס, וועלכע מען איז ביז איצט גע־ווינט געווען צו מאַכן, זיינען באַזייטיקט געוואָרן, אין גאַנג פון די פּראָבן זיינען געבוירן געוואָרן נייע סצענעס, וואָס זיינען נאַטירלעך אַרויסגעוואַקסן פון דעם אַלגעמיינעם טאָן און האַנדלונג.

— שאַפּירא, ליבינקער, נישט אַזוי שטייף! פּשוטער... שלמון איז אַ ייד אַ משרת, נישט קיין עקאָנאָם ביי אַ גראַפין... און איר לאַנדוי, אַביסל ווייכער. מען דאַרף נישט אַזוי פיל שפּילן... און וואַרעמער, געדענקט, אַז יאָסעלע איז אַ באַליבטער און ליבנדיקער זון.

יעדער האָט אויסגעהערט די באַמערקונגען, ווער עס האָט זיי אויפגענומען פריער, ווער שפּעטער. אָבער שוין די ערשטע טעג אַרבעט האָבן באַוויזן, אַז „מי־רעלע אפרת" ווערט טאַקע אַ נייע פּיעסע.

אסתר־רחל אַליין האָט אויף די ערשטע פּראָבן נאָך נישט געשפּילט. ערטערווייז האָט זי זיך נאָר אַרויסגעכאַפּט אַ פּאָר פראַזן, געזאָגטע אין אַזאַ טאָן און מיט אַזאַ באַוועגונג, וועלכע האָט כאַראַקטעריזירט איר אויפפאַסונג פון דער געשטאַלט.

— אַזוי וועט רעדן מירעלע אפרת? אַזוי רעדט דאָך אַ פּשוטע יידישע מאַמע, — האָט מען זיך אָנגעהויבן צו שושקען אין די טעאַטער־קרייזן.

די אַקטיאָרן האָבן זיך אַרומגעדרייט צעטומלטע. ס'ערשטע מאָל אין זייער פּראַקטיק האָבן זיי באַדאַרפט נישט לערנען די ראָלן, נאָר פאַרגעסן דאָס וואָס זיי האָבן געקענט. אסתר־רחל האָט פאַרלאַנגט אַרויסצוואַרפן גאַנצע שטיקער, גאַנצע סצענעס, ווו זי האָט איבערגעהיפּערט גאַנצע שטיקער און געגעבן רעפּליקעס, וואָס אויף דער בינע, האָט זי עס מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געטאָן אין אירע סצענעס, ווו זי האָט איבערגעהיפּערט גאַנצע שטיקער און געגעבן רעפּליקעס, וואָס האָבן געצוווּנגען די אַקטיאָרן צו גיין ווייטער. די אַקטיאָרן זיינען געוואָרן נערוועז:

— דער עולם וועט דאָך זאָגן, אַז איך האָב פאַרגעסן די ראָל... אַז איך טויג נישט אין דער ראָל...

— אויב עס וועט עפּעס נישט טויגן, וועל איך זיין די שולדיקע... פאַר אייך און פאַרן עולם... — האָט אסתר־רחל געענטפערט אויף אַלע טענות.

עס האָט זיך שוין אפילו אָנגעהויבן צו באַומרויקן אברהם־יצחק, וועלכער פלעגט געוויינטלעך האָבן צוטרוי צו זיין פרויס סצענישע עקספּערימענטן:

— פּרוביר כאָטש אין טאָן, אַז נישט וועלן מיר נישט וויסן, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט...

— כ'פּרוביר נישט אין טאָן, כ'בין אַליין מיט אים נישט זיכער... נאָר פון מאָרגן אָן וועל איך פּרובירן.

צומאָרגנס האָבן די אַקטיאָרן לכתחילה געמיינט, אַז אסתר־רחל מאַרקירט אַלץ, זי שפּילט נאָך נישט. פּשוטע באַוועגונגען, פּשוטע טענער, ערטערווייז נאָר אַביסל שטאַרקער געהויבן דעם טאָן. אָבער די אינערליכע אָנגליונג פון אירע ווערטער, טריט, באַוועגונגען, דער אויסדרוק פון פּנים, דער שמייכל, אומעט פייער און מידקייט, וואָס האָבן זיך געביטן אין אירע אויגן; די פאַרעלטערטקייט אין טאָן, וועלכע האָט זיך געפּילט פון אַקט צו אַקט — דאָס האָט קלאָר געמאַכט, אַז אַזוי שפּילט טאַקע אסתר־רחל מירעלע אפרת. און ווען זי האָט אין לעצטן אַקט די סצענע מיט איר אייניקל שלמהלע אָפּגעשפּילט אַזוי, ווי זי וואָלט גערעדט מיט אידעלען אין דער היים, נאָר אין טאָן האָט זיך געפילט אַ פּאָר צענדליק יאָר פאַרגאַנגען לעבן, האָט אַן אומזיכערקייט באַהערשט אַלע אַקטיאָרן:

— כ'ווייס? מיר וועלן זען... ס'איז שווער פאָראויסצוזאָגן: אָדער ס'וועט זיין אַ גרויסער טריומף, אָדער אַ גרויסער דורכפאַל...

* * *

גרויס איז געווען די שפּאַנונג ביים עולם וואָס האָט אָנגעפילט דאָס טעאַטער בעת דער פּרעמיערע. שוין די ערשטע ווערטער, ווען ס'איז אויפגעגאַנגען דער פוירהאַנג, האָבן עדות געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַן אַנדערע פאָרשטעלונג, ווי די ביז איצטיקע מירעלעס. אַ שושקעניש איז געוואָרן אין זאַל ווען נחומטשיע מיט חנה־דבורהן האָבן נישט געמאַכט די געוויינטלעכע קאָזשעלקעס, וועלכע די טעאַטער־גייער האָבן שוין געקענט פון אויסנווייניק, ווייל זיי זיינען נאָכגעמאַכט געוואָרן

דורך אַלע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געשפּילט אין וואַרשע די צוויי קאָמישע ראָלן. אָבער געוואָרט האָט מען אַלץ אויף מירעלען, מיט וואָס וועט זי אַנדערש זיין?

דער אָרקעסטער שפּילט דעם טוש, זי קומט אַרויס.

— איז דאָס מירעלע?

נישטאָ די גרעפישע שטאָלצקייט. אַ וואַרעמער, היימישער שמייכל איז צעגאָסן אויף איר פּנים. פון אָנהויב פילט זיך אַ ציטער אין איר שטים און אַן איינדרוק, ווי די פיס וואָלטן איר זיך אונטערגעבויגן. עס פילט זיך, ווי עס וואָלט איר פאַרפעלט אָטעם. אָבער באַלד באַהערשט זי זיך און מען זעט דייטלעך: זי רעדט אַנדערש, גייט אַנדערש, קוקט אַנדערש, ווי די טרילינג. זי פאַרבלענדט נישט מיט איר גלאַנץ באַלד ביים ערשטן אויפטריט, אָבער עפּעס ציט זיך פון איר אַ וואַרעמקייט אין זאַל אַריין.

שטילע, געדעמפּטע טענער. אַן אַנדער אויסדרוק האָבן איצט די ווערטער, אַן אַנדער באַדייט באַקומען זיי. נו, און די אויגן!...

— קוק, קוק, ווי די אויגן זאָגן אַלץ! — הערט זיך אַ שטיל שעפּטשן אין זאַל. אַ נייע מירעלע, אַ נייע פאָרשטעלונג.

דער עולם ווערט צוביסלעך אַריינגעצויגן, מיטגעריסן. אָבער נישט בלויז מיט דער נייקייט. עס רעדט צו אים די אמתדיקייט פון דעם נייעם. אָנשטאָט זיך אָנטציקן, הייבט מען זיך אָן איבערצונעמען. מען קוקט געשפּאַנט נאָך יעדער באַוועגונג, נאָך יעדן אויסדרוק פון פּנים:

— כי באו מים עד נפש... דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביז צום האַלדז...

דאָס שטילע זינגען פון תהילים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געפליסטערט שמו־עס פון מירעלען מיט זיך אַליין, מיט דער וועלט. אָנשטאָט דעם געוויינטלעכן האַרצ־רייסנדיקן געוויין, מיט וועלכן די סצענע פלעגט פאַרענדיקט ווערן, האָט זיך געהערט קוים אַ כליפּה, וואָס האָט געקלונגען, ווי אַ וויי־געשריי פון דער ווייטן, ווי אַ וויי־געשריי פון דער טיפעניש פון מענטשלעכן האַרץ. ווי אַ שטורמישע כוואַליע האָט עס אַ פלייץ געטאָן איבערן זאַל, אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון הונדערטער הערצער, אַרויסגערופן ביי זיי דעם זעלבן שטילן כליפּה, דאָס זעלבע קלאַפּן פון האַרץ...

— אָט דאָס הייסט ממעמקים!

— אומפאַרגלייכלעך! גרויס! געניאַל! — האָט מען געהערט אין פּאַיע בעתן אַנטראַקט.

די חסידים פון דער טרילינג זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרלוירן.

— דאָס איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש... מען דאַרף עס גאָרנישט פאַרגלייכן... אַז ס׳איז גאָר אַ נייע זאַך...

ס׳האָט געזשומעט אין בופעט, ווי אין אַ בינשטאָק:

— אַן אמתע יידישע מאַמע!

אין דעם קרייזל פון שרייבער און אינטעליגענץ איז אויך געגאַנגען העפטיקע דיסקוסיע.

— דאָס איז נישט גאָרדין! דאָס איז שעקספּיר!

— אַ גרויסע קינסטלערין! אַ גיגאַנטישער טאַלאַנט!

אברהם־יצחק איז געשטאַנען אין אסתר־רחלס גאַרדעראָבּ, געלאָזט גרויסע קנוילן רויך פון פּאַפּיראָס און געריצט זיך:

— נו, האָסט מיך נישט געוואָלט פאָלגן... מירעלע איז נישט קיין ראָל פאַר דיר...

אסתר־רחל האָט זיך אַ מידע אויסגעווישט דאָס פּנים, טיף אָפּגעעטעמט:

— יאָ, די מירעלע איז מיין ראָל... אפשר מיין בעסטע ראָל...

---

# די לעצטע ראָל



זומער 1925 האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערסטער קריזיס אין יידישע טעאַטער־לעבן אין פּוילן. ס׳האָט זיך געקאָנט אויסוויזן, אַז „גראַבסקיס עגלה״ אויף וועלכער ס׳זיינען צוזאַמענגענומען געוואָרן די זאַכן פון פאַראַרעמטע יידישע האַנטווערקער און קרעמער, שלעפּט מיט מיט זיך דאָס יידישע טעאַטער, ווייל צוזאַמען מיט דער מאַסנהאַפטער אַרבעטסלאָזיקייט האָט דאָס באַדייט דאָס פאַרלירן פון די וויכטיקסטע קאָנסומענטן פון יידישן טעאַטער. און אויב מיט קורצע גאַסטשפּילן אויף דער פּראָ־ווינץ האָט מען נאָך געקאָנט ווי עס איז ראַטעווען די עקזיסטענץ פון אַ טרופּע, האָט וואַרשע געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויסגעטרוקנטן ברונעם.

אסתר־רחלען האָט מיט יעדער וואָך שטאַרקער געמאַטערט די קראַנקהייט. ס׳איז שוין געווען קלאָר, אַז אירע חדשים זיינען געציילטע: דער ראַק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די לונגען. זיינען אירע יסורים נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער שלעכטער לאַגע פון טעאַטער.

זי האָט ליגנדיק אויפן קראַנקן־בעט, געפּרוווט צו פאַרענדיקן איר חשבון־הנפש, וועלכן זי האָט אָנגעהויבן, שרייבנדיק אירע זכרונות.

זי איז איצט פינף־און־פופציק יאָר אַלט. מענטשן האַלטן אַזאַ עלטער פאַר די בעסטע, רייפע יאָרן פון לעבן. זי האָט שוין איר לעבן אָפּגעלעבט.

אַ שווער לעבן איז עס געווען. אַ סך ווייטיקן און ביטערניש האָט עס אָנגעפּילט. פּאַרט אַ מהלך — פון פאַראַזאָווער שול־הויף אויפן אויבנאָן פון יידישן טעאַטער!

פאַראַזאָווע... דער דלות אין שטעטל איז געווען פאַרוועבט אין העלע שטראַלן: דאָס טייכל מיט די וויינענדיקע ווערבעס און זינגענדיקע חברטעס; זון, זאָרגלאָזיקייט, געזאַנג פון יונגער פרייד האָט פאַרהילכט דעם קרעכץ פון אָרעמקייט. איצט האָט זי פון טאַטע־מאַמעס קרעכצן און אָכצן געהערט בלויז דעם אָפּקלאַנג פון וואַרעמער ליבע. פאַראַזאָווע איז געבליבן אַ ליכטיק ווינקל אין דער נשמה: מיט זון־גאָלד באַ־פּוצט... די יוגנט האָט דאָרט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק אויף איר נאָמען. יעדעס ביכל, וואָס פאַראַזאָווער יונגוואַרג וועט נעמען אין האַנט אַריין, וועט דערמאָנען אין איר. אַ שאָד, וואָס זי האָט שוין נישט באַוויזן צו זיין אין שטעטל, אָפּפרישן דאָס בילד פון אירע קינדער־יאָרן אין אַ סביבה פון נייע, יונגע פּנימער, דערזען דאָס שטעטל אין נייע פאַרבן.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט זיך אָנגעהויבן איר קלאָרער קינסטלער־וועג. די רעוואָלוציע איז געווען דער באָדן פון איר אויפשטייג, גאָרדין האָט איר געגעבן דעם וועג צו פאַרמענטשלעכטע געשטאַלטן, פּרץ האָט באַרייכערט איר געדאַנק און

באַפּעסטיקט איר שטרעבונג צו קינסטלערישער דערהויבונג, דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער האָט זי באַקרעפטיקט אין איר זוכן דעם אמת אויף דער בינע און אַרויסהייבן די שיינקייט פון אמת. איבער הונדערטער שטעט און שטעטלעך האָט זי געטראָגן די דאָזיקע שיינקייט און באַקומען דערפאַר פון הונדערטער טויזנטער אומבאַקאַנטע מענטשן דאַנקבאַרקייט און ליבע, וואָס האָט מיט בלומען־אַראָמאַט באַגלייט איר שאַפן.

פון די הונדערטער טויזנטער, וואָס האָבן זי געזען, לעבן נאָך אפשר צענדליקער טויזנטער. און זי לעבט אין זייערע הערצער, פאַר דער פרייד און דערהויבונג, וואָס זי האָט זיי געגעבן. זי האָט אויסגעשפּילט זייערע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, געווען אַ שליח־ציבור, ווי דער טאַטע אירער. און דאָס איז דאָך געווען דער חלום פון איר לעבן. איז דער חלום געוואָרן אַ וואָר און כאָטש די וואָר איז איצט פאַר־הילט אין שווערע וואָלקנס, גלייבט זי, אַז דאָס יידישע טעאַטער וועט לעבן.

זי מוז אינגיכן שטאַרבן. אָבער דאָס פאָלק בלייבט לעבן, און דאָס טעאַטער איז אַ לעבעדיקער אבר פון פאָלק. דאָס פאָלק האָט זי דאָך אָנגערופן „די מאַמע פון יידישן טעאַטער״ און דאָס פאָלק וועט איר נאָמען פאַרגעדענקן. דער געדאַנק לינ־דערט אַביסל די יסורים, באַזוניקט דעם שווערן לעבנס־וועג אירן, די ראַנגלענישן ביים געפינען דעם קינסטלערישן אויסדרוק פאַר דער יידישער פאָלקס־נשמה.

פון די געדיכטענישן פון פאָלקס־לעבן איז זי אויפגעקומען, פון פאָלק האָט זי זיך געלערנט און דעם פאָלק האָט זי געדינט געטריי. — — —

* * *

אין אַ שנייאיקן סוף־דעצעמבער־טאָג פון יאָר 1925 האָט וואַרשע איבערגעלעבט אַ טרויער־מאַניפעסטאַציע, וואָס איז נישט געזען געוואָרן זייט י. ל. פּרצעס לויה. הונדערטער דעלעגאַציעס פון גאַנץ פּוילן, פון יידישע פאַראיינען און געזעלשאַפטן, דעלעגאַציעס פון דער פּוילישער קינסטלער־וועלט מיט קרענץ און טרויער־אויפ־שריפטן און דער עיקר — צענדליקער טויזנטער יידישע פאָלקס־מענטשן, מיט אויפריכטיקן טרויער אין האַרצן, האָבן באַגלייט צו אייביקער רו אויפן גענשער בית־עולם די פאַרערטע קינסטלערין, די האַרציק־געליבטע „מאַמע פון יידישן טע־אַטער״. עס האָט אויפגעהערט צו פלאַטערן „די פאָן פון דערהויבנקייט״ פון דער יידישער אָרעמקייט, ווי עס האָט זי אָנגערופן אלטער קאַציזנע. ביים אָפענעם קבר האָט ה. ד. נאָמבערג געשילדערט דאָס טרויעריקע בילד פון פאַראָרעמטן יידישן טעאַטער, וואָס האָט פאַרלוירן זיין געטרייע מאַמע און גערופן צו פאַראייביקן איר אָנדענק מיט אַ טעאַטער, וואָס זאָל ראוי זיין איר נאָמען.

צו די שלושים איז אין איר שטוב דערעפנט געוואָרן דורך איר טאָכטער און איידעם, אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו, אַ מוזיי פון אירע טעאַטער־טראָ־פייען, סוווענירן פרעסע־מאַטעריאַלן, זאַכן וואָס האָבן געהערט צו איר, אין וועלכע זי האָט געשפּילט, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו איר, אָדער צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער. דער מוזיי איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „טעאַטער־מוזיי אויפן נאָמען פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ״.

די מצבה, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף איר קבר, דער שטיין, אין וועלכן דער סקולפּטאָר פ. רובינליכט האָט זיך באַמיט אויסצודריקן דעם שווערן

**גערעאַנגל פון דער קינסטלערין, וואָס איז געפּענטעט געוועזן דורך די קייטן פון אַלטן ייִדישן לעבענס־שטייגער, האָט גערעדט מיט געציילטע ווערטער: מאַמע אסתּר־רחל קאַמינסקאַ, 1870־1925.**

פונעם בוך „די מאַמע אסתּר־רחל", וואַרשע 1953.

## מאַרק טורקאָוו

### די באַנק פון פוילישן יידנטום: "ד. מ. שערעשאָווסקי"



אין די צוואנציק יאָר צווישןביידע וועלט־מלחמות איז דאָס וואַרשעווער באַנק־הויז „ד. מ. שערעשאָווסקי" געווען אַ שם־דבר אין דער יידישער וועלט. עס איז געווען די פּאָפּולערסטע יידישע באַנק אין פוילן, צו וועלכער עס האָבן געהאַט צוטרוי נישט בלויז יידן. הגם עס איז געווען אַ ריין־פּריוואַטע געשעפטלעכע אונטערנעמונג פון דער שערעשאָווסקי־משפחה, האָט די באַנק שטענדיק געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער און איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס דער כלל האָט דערצו גאָר אַ שטאַרקן שייכות. איבעריק צו זאָגן, אַז דער צוטרוי צו דער באַנק איז געווען אַן אַבסאָלוט אומבאַגרענעצטער.

אין שערעשאָווקיס באַנק האָבן דעפּאָזיטירט זייערע געלטער כמעט אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי און ריכטונג, פון די גרעסטע ביז די קלענסטע. יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, פּונקט ווי לאָקאַלע, אָרעמע חברות. גלייכצייטיק איז עס אויך געווען די באַנק פון דעם פּשוטן יידישן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט שערעשאָווסקיס באַנק אָנפאַרטרויט זיינע שווער־פאַרהאָרעוועטע גראָשנס. אפילו אָרעמע כלה־מיידלעך פלעגן ביי די שערעשאָווסקיס זאַמלען זייער נדן.

אַז מען האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין שערעשאָווסקיס באַנק — איז מען געווען רויק. מען האָט געוווסט, אַז שערעשאָווסקי וועט קיינעם קיין עוולה נישט טאָן. בפרט וועט ער נישט לאָזן באַעוולהן די אָרעמע מענטשן.

---

מאַרק טורקאָוו — איינער פון די באַקאַנטע „פיר ברידער" — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1904. זשורנאַליסט, רעדנער, פּאָליטישער פּובליציסט, רייזעבאַשרייבער, געזעלשאַפטלעכער טוער, גרינדער און רעדאַקטאָר פון דעם פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום" — בוענאָס איירעס. ביזן סוף פון יאָר 1964 האָט דער פאַרלאַג — אַדמיניסטראַטיווער דירעקטאָר א. מיטלבערג — אַרויסגעגעבן 175 ביכער, אַ גרויסער טייל פון זיי אויף וואַרשעווער טעמעס. שטענדיקער מיטאַרבעטער פון וואַרשעווער „מאָמענט". געוואַנדערט איבער אַ סך לענדער. אין יאָר 1939 זיך באַזעצט אין אַרגענטינע. דיריקטאָר פון דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. פון זיין בוך „די לעצטע פון אַ גרויסן דור", וואָס איז כולו וואַרשע, אויטענטיש, איבערגעלעבט און מיטגעלעבט, ברענגען מיר דעם פראַגמענט וועגן דער באַנק פון פוילישן יידנטום.

דער אַדרעס פון שערעשאָווסקיס באַנק, דער פלאַץ פאַרן אייזערנעם טויער 1, וואָס האָט זיך געפונען נעבן דעם אַריינגאַנג אין זאַקסישן גאָרטן, איז פאַר אַ סך גע־ווען ווי אַן אַדרעס פון אַ גוטן יידן ביי די פרומע לייט.

וועגן דעם, אַז דער צוטרוי צו שערעשאָווסקיס באַנק־הויז איז געווען אַ באַ־גרינדעטער, קען אַמבעסטן אילוסטרירן פאָלגנדיקער פאַקט:

אין יאָר 1937 האָט זיך אָן אַ פאַרוואָס, אָן שום באַגרינדעטער סיבה, — מען ווייסט נישט צי צוליב אַן אינטריגע, אַ בייזווייליקייט אָדער קאָנקורענץ, — פאַר־שפרייט איבער וואַרשע אַ קלאַנג, אַז עפעס איז ביי די שערעשאָווסקיס נישט אַלץ אין אָרדענונג. וואָס און ווען, אין וואָס באַשטייט עס, האָט קיינער נישט געוווסט. אָבער דאָס מורמלען גופא, אַז עפעס איז נישט אין אָרדענונג, איז שוין געווען גענוג, אַז אויפן פלאַץ פאַרן אייזערנעם טויער זאָל דערשיינען אַ המון, וואָס האָט געשטראָמט צו די טירן פון דער באַנק און ווער מיט געוויין, ווער מיט געשריי, האָט געפאָדערט צוריק דאָס דעפּאָנירטע געלט.

עס איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק און דאָס איז שוין געווען גענוג, מען זאָל דער־ציילן, אַז שערעשאָווסקיס באַנק האַלט ביים באַנקראָט.

וואָס האָבן געטאָן די שערעשאָווקיס?

זיי האָבן מאָביליזירט זייערע אייגענע פינאַנץ־רעזערוון, מען האָט זיך געבאָרגט געלט אין אַנדערע בענק און אפילו ביי פריוואַטע מענטשן, און דער גאַנצער פּער־סאָנאַל פון דער באַנק, מיט די צוויי הויפט־בעלי־בתים, רפאל און מיכאל שערע־שאָווסקי, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי די באַנק־פענצטערלעך און אויסגעצאָלט יעדן איינעם דאָס דעפּאָזיטירטע געלט. ביי דער באַנק האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרץ־רייסנדיקע סצענעס. מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער גאַס, האָבן מורא געהאַט, אַז די פאָנדן פון דער באַנק, וואָס מען צאָלט אויס, וועלן זיך שנעל ענדיקן און ביז עס וועט קומען צו זייער ריי וועט שוין קיין געלט נישט זיין. אָרעמע יידן, אַרבעטער, האַנטווערקער, קליינהענדלער, כלה־מיידלעך — יעדער פון זיי האָט זיך געוואָלט וואָס פריער דערשלאָגן צום באַנק־אַריינגאַנג. פּאָליציי האָט מיט גומענע שטעקנס געוואָלט מאַכן אָרדענונג, אַז דער עולם זאָל זיך שטעלן אין רייען. עס האָבן נישט געהאָלפן די פאַרזיכערונגען פון די באַנק־בעלי־בתים, אַז מען וועט אַלעמען אויסצאָלן; עס האָט אַפילו נישט געהאָלפן דער פאַקט, וואָס יענעם אַזוי ביטערן פאַר די שערעשאָווסקיס דאָנערשטיק האָט די באַנק געאַרבעט עטלעכע שעה לענגער, בכדי אויסצוצאָלן געלט צו וואָס מער מענטשן. די פּאַנישע שטימונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן זיינען אַ גאַנצע נאַכט געבליבן ביי דער באַנק, בכדי צומאָרגנס זיין די ערשטע ביי דער טיר און וואָס פריער באַקומען זייער געלט.

און די שערעשאָווסקיס האָבן ווייטער אויסגעצאָלט. זיי האָבן געגעבן אין גאַראַנ־טיע זייערע פריוואַטע פאַרמעגנס, בכדי צו מאָביליזירן וואָס מער געלט פאַר די אויסצאָלונגען.

נישט נאָר די אָרעמקייט איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער פּאַניק און גע־מאָנט איר געלט. אויך גאַנץ פאַרמעגלעכע יידן, כלל־טוער, זשורנאַליסטן, האָבן זיך אַריינבאַקומען אין דער באַנק און קאַטעגאָריש געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי גלייך אויסצאָלן די דעפּאָזיטירטע דורך זיי געלטער. פאַרסאַפּעטע זיינען געקומען צולויפן פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס און געקלאָגט און געשריען, אַז אויב מען צאָלט זיי

נישט אויס גלייך דאָס געלט, וואָס איז דעפּאָזיטירט אין דער באַנק, דראָט זייערע אינסטיטוציעס אונטערגאַנג.

די שערעשאָווסקיס האָבן זיך באַמיט צו באַרויקן דעם עולם און האָבן זיך גע־בעטן:

— יידן, זייט רויק, מיר וועלן ביי קיינעם קיין גראָשן נישט צונעמען. מיר וועלן יעדן אויסצאָלן אלץ, וואָס אים קומט... שטופּט אייך נישט, שרייט נישט, באַרויקט אייך. ס'איז עפּעס אַ שרעקלעכער בלבול. אַן אינטריגע קעגן אונדז. מיר זיינען ניט באַנקראָט, אָבער מען וויל אונדזער באַנק דערפירן צו אַ רואין...

אַלע בקשות און פאַרזיכערונגען האָבן אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן.

— געלט! גיט אונדז צוריק אונדזער געלט! — איז געווען די איינציקע תשובה פון דעם עולם.

באין ברירה האָט מען טאַקע געמוזט צוריקצאָלן אַלע געלטער. מען האָט גע־האַלטן אין איין טעלעפאָנירן צו באַקאַנטע נאָך גמילות־חסדים. מען איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט מיט אויטאָס און יעדע פּאָר שעה געבראַכט נייע פּעקלעך מיט געלט אויסצוצאָלן די דעפּאָזיטן.

אַזוי איז עס געווען פריטיק דעם גאַנצן טאָג און אַזוי איז עס אויך געווען שבת פרי.

בדרך־כלל האָט שערעשאָווסקיס באַנק שבת געאַרבעט נאָר טיילוויז. עס זיינען טעטיק געווען נאָר די וויכטיקסטע סעקציעס, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט רע־כענען מיטן שבת־רו. אָבער יענעם שבת, אין די טעג פון דער באַנק־פּאַניק, האָט מען געאַרבעט נאָרמאַל, אָן שום באַגרענעצונגען, בכדי צו דערליידיקן וואָס מער מענטשן און צו באַרויקן דעם עולם.

זעענדיק אַזאַ באַציונג פון דער באַנק־לייטונג צום עולם; זעענדיק, אַז די באַנק צאָלט טאַקע אויס אַלע געפּאָדערטע געלטער, האָט דער עולם זיך שוין אָנגעהויבן באַרויקן און מאָנטיק האָט מען שוין ביי דער באַנק געזען גאָר ווייניק מענטשן. די פּאַניק איז אַדורך.

עטלעכע טעג שפּעטער איז פאַר שערעשאָווסקיס באַנק ווידער געוואָרן אַ גע־דראַנג. אָבער דאָסמאָל איז דער עולם שוין נישט געקומען אין אַ פּאַנישער שרעק, פּאָדערן צוריק דאָס דעפּאָזיטירטע געלט, נאָר אדרבא, מען האָט צוריקגעבראַכט דאָס געלט צום דעפּאָזיטירן. מען האָט זיך איבערצייגט, אַז די גאַנצע פּאַניק איז טאַקע געווען אַ פאַלשע, אַן אויפגעבלאָזענע.

אַ קורצע צייט נאָך דעם דאָזיקן פינאַנציעלן עפּיזאָד איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט רפאל שערעשאָווסקין אויף אַ זיצונג. ווילנדיק־נישט־ווילנדיק האָט מען זיך פונאַנדערגערעדט וועגן די לעצטע געשעענישן אין דער באַנק.

רפאל שערעשאָווסקי האָט מיך אָנגענומען ביים אָרעם. פון זיינע אויגן האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אַ טרער און ער האָט מיר אַ גערירטער איינגערוימט:

— אוי, טורקאָוו טייערער, מיינט נישט, אַז אַזוי לייכט דערלעבט עס אַ מענטש די 70 יאָר... עס העלפט אפילו נישט וואָס מען איז אַ מיליאָנער...

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַזאַ טיפן צער און טרויער, אַז איך האָב מער די טעמע נישט געוואָלט באַרירן.

נישט נאָר די הויפּט־בעלי־בתים פון דער באַנק, די ברידער רפאל און מיכאל

שערעשאָווסקי, מיט די שותפים זייערע, די שוואָגערס אליהו לעשצינסקי און אינזש' גוסטאַוו בירשטיין, נאָר אַפילו די אָנגעשטעלטע, וואָס אייניקע האָבן דאָרט געאַרבעט כמעט זינט די באַנק איז געגרינדעט געוואָרן — אַלע, האָבן דעם עפּיזאָד איבער־געלעבט ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג.

סטייטש — האָבן זיי געטענהט — ווי קען מען עס חושד זיין די שערעשאָוו־סקיס אין דערלאָזן צו אַ באַנקראָט פון זייער באַנק... זיי, וועמען אַזויפיל אָרעמע יידן, אַזויפיל יידישע אינסטיטוציעס האָבן אָנפאַרטרויט זייערע אָפּשפּאָרונגען...

מיט דעם באַנק־הויז „ד. מ. שערעשאָווסקי" איז אין אַ גרויסער מאָס געווען פאַרבונדן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּוילן און גלייכצייטיק דער גרעס־טער טייל פון דער הילפס־אַרבעט און עקאָנאָמישער זעלבסט־פאַרטיידיקונג פון די געדרודפּטע פּוילישע יידן.

נישט בחינם האָט מען עס גערופן די באַנק פון פּוילישן יידנטום.

* * *

דאָס באַנק־הויז „ד. מ. שערעשאָווסקי" האָט עקזיסטירט אין וואַרשע קנאַפּע 50 יאָר. עס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1891 און דער אויסברוך פון דער צווייי־טער וועלט־מלחמה האָט עס ענדגילטיק ליקווידירט. העכער אַ פערטל יאָרהונדערט האָבן מיט דער באַנק אָנגעפירט די ברידער רפאל און מיכאל שערעשאָווסקי.

געגרינדעט געוואָרן איז די באַנק דורך דוד־משה שערעשאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט טאַקע אין דעם זעלביקן הויז פאַרן אייזער־נעם טויער נומער 1. אהין פלעגן קומען יידן פון שטאָט און פון דער פּראָווינץ ניט בלויז צו קויפן שניט־סחורות, נאָר אויך בכדי צו דיסקאָנטירן וועקסלען. דאָס איז געווען דער וועג פון אַ גאַנצער רייע גרעסערע און קלענערע יידישע באַנק־אונ־טערנעמונגען אין אַמאָליקן פּוילן. מען האָט צוזאַמען מיט די טאָג־טעגלעכע גע־שעפטן זיך פאַרנומען אויך מיט דיסקאָנטירן וועקסלען און מיט דער צייט זיך פאַר־וואַנדלט אין אמתדיקע באַנקירן.

איינמאָל, בעת אונדזערער אַ געמיינזאַמער רייזע קיין לובלין אויף אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג וועגן דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן נאַצי־דייטשלאַנד, האָט מיר רפאל שערעשאָווסקי דערציילט די געשיכטע פון זייער באַנק און ווי אַזוי דער פאָטער, דער וואַרשעווער מאַנופאַקטור־סוחר דוד־משה, אַן אייניקל פון דעם מיטגרינדער פון דער מירער ישיבה ר' יאָסל־דוד, איז עס געוואָרן אַ באַנקיר.

די משפחה שטאַמט פון ווייסרוסלאַנד. געווען רייכע דאָרפס־יידן, געהאַט גרויסע גיטער און די קינדער זיינען געווען גרויסע לערנער. געווען אַ משפחה פון „אייזערנע קעפּ". דוד־משה שערעשאָווסקין האָט מען פאַרקנסט קיין וואַרשע מיט דער טאָכ־טער פון דעם „מאַגנאַט" פון פראַנצישקאַנער גאַס פאַלמאַן. דוד־משה איז אַריין אין דעם מסחר מיט מאַנופאַקטור, וואָס האָט שטענדיק געהערט צו די גאָר גוטע און בכבודע פּרנסות ביי יידן און זיין פאַרמעגן איז כסדר געוואַקסן. אויסער צו קויפן סחורות און צו דיסקאָנטירן וועקסלען, פלעגן אָבער צו דוד־משה שערעשאָווסקין אויך קומען די קונים או איבערלאָזן דאָרט פאַרשידענע געלט־סומען, וואָס מען האָט מורא געהאַט צו האַלטן אין שטוב, ווייל וועגן דעפּאָזיטירן געלט אין אַ באַנק האָט מען נאָך דאַן כמעט ווי נישט געוווּסט. מען האָט אפילו קיין קוויטונג נישט געבעטן,

נאָר עס פשוט געלאָזט אויפן וואָרט. נישט נאָר יידן, נאָר אויך קריסטן האָבן געהאַט אַזאַ אומבאַגרענעצטן צוטרוי צום „פּאַן קופּיעץ".

דוד־משה שערעשאָווסקי האָט די דעפּאָזיטירטע ביי אים געלטער פאַרשריבן אין אַ נאָטיץ־ביכל. מיט דער צייט זיינען די דאָזיקע אָפּעראַציעס דערגאַנגען צו אַזאַ פאַרנעם, אַז דוד־משה האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן זיין מאַנופאַקטור־געשעפט און זיך מער פאַרנומען מיט די הלוואה־ענינים, עפענענדיק זיין ערשטע באַנק־אונטערנעמונג, פריער אין אַ גאָר קליינעם פאַרנעם, אין אַ ווינקל פון זיין שניט־קראָם, און שפּעטער האָט זיך די דאָזיקע באַנק־טעטיקייט אַנטוויקלט אַלץ מער און מער.

רפאל שערעשאָווסקי האָט זיך אָנדערציילט וווּנדער וועגן דעם פענאָמענאַלן זכרון פון זיין פאָטער, וועגן זיינע מאַטעמאַטישע פעיקייטן און אומגעוויינלעכער אָריענטאַציע אין פינאַנציעלע ענינים.

די דאָזיקע אַלע מעלות, די זעלביקע פעיקייטן, האָבן געירשנט פון זייער פאָטער אויך די זין רפאל און מיכאל, וועלכע האָבן אַנטוויקלט די קליינע באַנק־אינסטיטוציע פון פאָטער צו אַזאַ הויכער מדרגה.

ביז דאָס איז אָבער געשען האָט די באַנק דורכגעמאַכט אַ סך שוועריקייטן.

* * *

פאַראייניזאַמטע זיינען די שותפים פון דער באַנק געשטאָרבן אין די לענדער ווו זיי האָבן זיך געראַטעוועט. רפאל שערעשאָווסקי איז געשטאָרבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין יאָר 1948, זיין יינגערער ברודער מיכאל — אין בראַזיליע, אין יאָר 1949.

— געקירצט פון אַן עסיי אין בוך „די לעצטע פון אַ גרויסן דור" בוענאָס איירעס 1954.

# אברהם טייטלבוים

## גראַניטשנע 7



אייגנטלעך האָבן די אַלע פּאַסירונגען, וועגן וועלכע איך גיי דערציילן, נישט געהאַט קיין ספּעציעלע שייכות בלויז מיט אונדזער הויף. זיי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די וואַרשעווער גאַסן. אָבער געווען איז דאָס, בשעת מיר האָבן געוווינט אין הויף גראַניטשנע נומער 7. און כאָטש פּאַסירונגען זענען דאָס געווען נישט קיין אויסשליסלעך יידישע, זיי האָבן געהאַט צו טון מיטן יידישן, פּונקט ווי מיטן אַלגעמיינעם שטורעמדיקן וואַרשעווער לעבן. איך וויל פּונדעסטוועגן דערציילן וועגן זיי, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעפּרעסט אין מיין זכרון ווי אַ טייל פון „יענע טעג" אין מיין היימשטאָט וואַרשע.

דער הויף פון גראַניטשנע זיבן, ראָג קרולעווסקע, איז פאַר מיר נאָך וויכטיק געווען מיט דעם, וואָס די פענצטער פון אונדזער וווינונג זענען אַרויס צו דער גאַס, און פאַר מיינע אויגן זענען פאָרגעקומען די אַלע שטורמישע געשעענישן אויף די שטיינער פון די וואַרשעווער גאַסן. פאַרביי אונדזער טויער און אונדזערע פענצטער האָבן זיך טאָג, נאָך טאָג געצויגן די ריזיקע דעמאָנסטראַציעס מיט די רויט־בלוטיקע פענער פון דער מאַרשאַלקאָווסקע, דורך קרולעווסקע און סענאַטאָרסקע צום טעאַטער־פּלאַץ, אָז'ער צום פשעיאַזד אין די יידישע גאַסן אַוועק. דורך אונדזערע פענצטער האָט מען אויך געקענט זען די סצענעס, ווען די קאָזאַקן אויף פערד זענען באַפאַלן די דעמאָנסטראַציעס און געשאָסן, איבערלאָזנדיק פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע, וואָס די דעמאָנסטראַנטן האָבן נאָכדעם אויפגעהויבן און געטראָגן פאָרויס פאַר די באַלד זיך ווידער צוזאַמענגיסנדיקע דעמאָנסטראַציעס.

אין זכרון איינגעקריצט האָט זיך מיר די בלוטיקע נאַכט פון זיבעצענטן אָקטאָבער, די נאַכט פון דער פאַררעטערישער צאַרישער קאָנסטיטוציע. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך געצויגן פאַרביי דער גראַניטשנע גאַס ריזיקע דעמאָנסטראַציעס. ווי צוזאַמענ־געשמידטע אייזערנע ווענט האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן די אָרעמס אָן די רייען

---

אברהם טייטלבוים — אַקטיאָר, שרייבער אויף טעאַטער־טעמעס, מעמואַריסט, ביאָגראַף, איבערזעצער — געבוירן אין וואַרשע 1889 — געוואַנדערט, געשפּילט טעאַטער אין פּאַריז, לאָנדאָן, בוענאָס איירעס, ווילנע, מאָסקווע, וואַרשע. 1919 אין אַמעריקע, ווו געשטאָרבן — אין ניו יאָרק — אין 1947. מחבר פון עטלעכע ביכער, צווישן זיי „וואַרשעווער הייף" — אויף מוראַנאָוו, טוואַרדע, גראַניטשנע, גענשע, נאַלעווקעס, פאַנסקע, צעגלאַנע, כמיעלנע. אַ בוך דורכגעזאַפּט מיט וואַרשעווער יידישן שטייגער און דינאַמיק. פון דאָרט דער קאַפּיטל וועגן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין יאָר 1905.

דעמאָנסטראַנטן. קולות און געזאַנג האָבן זיך געהויבן איבער די רויטע פענער, איבער די טראַנספּאַראַנטן מיט די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. ס׳האָבן געשאַלט די ווערטער:

„קרעוו נאַשאָן דלוגאָ לעיאָן קאַטי,
וציאָנזש פּלינאָן לודו גאָרזשקע לזי.
נאַדעידזשע יעדנאַק דזשיען זאַפּלאַטי
סענדזשאַמי וווּטשאַס בענדזשיעם מי״.

און באַלד דער דונערנדיקער צורוף:

„דאַלעי וויענץ, דאַלעי וויענץ, ווזניעשמי שפּיעוו!״...

די דעמאָנסטראַנטן האָבן געזונגען טריומפירנדיק, נצחונדיק. פון פּעטערבורג האָבן זיך געטראָגן די נייעסן, אַז ענדלעך האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן ביים צאַרישן שונא די גרויסע הנחה — אַ קאָנסטיטוציע, וואָס גאַראַנטירט דעם פאָלק ברייטע פּאָליטישע פרייהייט. און וואָס מער ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, אַלץ שטורעמדיקער, נצחונדיקער און פאַרשכורנדיקער זענען געוואָרן די זיך ציענדיקע דעמאָנסטראַציעס. די פרייד האָט זיך געריסן פון אַלע העלדזער. קינד און קייט האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די דעמאָנסטראַציעס. פון דער טוואַרדע, פון דער גזשיבאָווסקע, פון דער פּאַנסקע, פון דער שליסקע, פון דער קראָכמאַלנע, פון דער גנוינע, פון אומעטום האָט מען געשטראָמט און זיך אַריינגעגאָסן אין די מענטשן כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געריסן פון די ווייטע קריסטלעכע גאַסן. אַלע האָבן זיך געלאָזט צום טעאַטער פּלאַץ, דאָרט ווו ס׳האָט זיך געפונען דאָס „ראָט־הויז״ מיט זיינע באַרימטע קעלער־תפיסות. דער אַלגעמיינער רוף איז געווען: באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן!

איך בין אויך מיטגעריסן געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער פרייד און האָב זיך געפונען אויפן טעאַטער־פּלאַץ, אויף דעם גרויסן סקווער אַרום דעם פאַרצוימטן גערטל מיט די נידעריקע אייזערנע שטאַכייטן. דער פּלאַץ איז געווען פאַרפּלייצט מיט צענדליקער טויזענטער מענטשן, וואָס האָבן אויך פאַרנומען די גאַסן אַרום. אַלץ איז געווען באַגאָסן מיט דעם ליכט פון די גרויסע הענגנדיקע עלעקטרישע לאָמפּן. אָבער ליכטיקער און שטראַלנדיקער איז געווען דער באַלקאָן אויפן ערשטן שטאָק פון ראָטהויז, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט רויטע פענער, און ווו עס זיינען געשטאַנען די פירער פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און האָבן אַראָפּגערעדט צו דער הויל־קעפּיקער מאַסע.

יעדעס מאָל איז דער פּלאַץ אויפגעריסן געוואָרן פון די זיך אַרויסרייסנדיקע הוראַ אויסגעשרייען. די הורראַס האָבן זיך געצויגן לאַנג און פריידיק — דאָס האָט זיך יעדעס מאָל געעפנט דער טויער פון ראָטהויז און אַן אַנדער גרופּע אַרעסטירטע איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן. די גרופּע איז באַפאַלן געוואָרן פון דער צעשטראַלטער מאַסע. מ׳האָט די באַפרייטע געכאַפּט קושן, האַלדזן, און אויף די הענט ממש איבערגעבן צו די אַרומיק וואַרטנדיקע. ווי אַ ווירבל ווינט האָט יעדעס מאָל אויפגעשטורעמט דער געשריי:

„ניעך זשיע וואָלנאָשטש!״ (זאָל לעבן די פרייהייט). די מאַסע האָט מיטגעשריגן, זיך מיטגעקושט און מיטגעיובלט. אַרום זיך האָב איך געזען אַ ים פון פריידיק פאַרשיכורטע פּנימער. יונגע, אַלטע, יידן, קריסטן, רייך געקליידטע, אָרעם געקליידטע. מאַמעס מיט קינדער אויף די הענט. טאַטעס מיט קינדער רייטנדיק אויף די אַקסלען.

אָבער מיטאַמאָל איז ווי אַ ציטער דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן פּלאַץ. פון אַ זייטיקער גאַס איז אָנגעקומען צו רייטן אַן אָפּטייל פון קאָזאַקן און זיך געלאָזט דורכרייסן צום סקווער דורך דער געדיכטער מאַסע. אויף איין מינוט האָט קיינער נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. עפענען פאַר זיי אַ וועג און אַרויפלאָזן זיי אויפן סקווער, אָדער נישט? זענען זיי די אַמאָליקע פאַרהאַסטע משחיתים, וואָס וועלן באַנוצן זייערע נאַגייקעס און שווערדן? ווייסן זיי נישט, אַז דער צאַר האָט געשאָנקען „פרייהייט”? אָבער די קאָזאַקן אויף די קליינע פערדלעך האָבן זיך נישט גענומען צו די שווערדן. זיי האָבן באַגריסט די מאַסע. עס האָבן זיך געעפנט ווי צוויי ווענט און מען האָט געלאָזט דורכרייטן דעם אָפּטייל רייטערס. זיי זענען דורכגעריטן אַרום און אַרום דעם גאַנצן סקווער אונטער די פריידיקע אויסגעשרייען פון די טויזנטער, וואָס האָבן געענטפערט אויף זייערע האַנט־נויגונגען. און די קאָזאַקן זענען אַוועק אויף דעם זעלבן וועג ווי זיי זענען געקומען.

דער אומפאַרשטענדלעכער אויפטריט פון דעם קאָזאַקן־אָפּטייל האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פרייד און דעם גלויבן פון דער מאַסע אויפן סקווער. איך האָב זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן און בין אָן אָטעם געלאָפן אַהיים אויף גראַניטשנע, כדי אַרויסצורייסן פון שטוב די מאַמע אָדער כאָטש די שוועסטער — וועלכע האָבן שוין איצט געוווינט מיט אונדז צוזאַמען — זיי זאָלן קומען זען מיט זייערע אייגענע אויגן די גרויסע פרייד און די גרויסע פרייהייט. איך האָב זיך קוים איינגעבעטן ביי מיין יינגערער רבקהלען און איר מאַן, זיי זאָלן מיטקומען מיט מיר צום טעאַטער פּלאַץ. דאָרט האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן דער פאַרשכורנדיקער ענטוזיאַזם אַרום דעם באַלקאָן מיט די רעדנער און דעם טויער, פונוואַנען עס זענען געהאַט אַרויסגעקומען די גרופּעס פּאָליטישע אַרעסטירטע. די מאַסע איז גאָרנישט מיד געוואָרן זיך צו פרייען מיט דער אַזוי לאַנג דערוואַרטער פרייהייט.

אָבער מיין שטענדיק איבערגעשראָקענע שוועסטער האָט לאַנג נישט געקאָנט אויסהאַלטן צווישן דער צעברויזטער מאַסע. נאָך עטלעכע מינוט פון מיטפרייען זיך, האָט זי אָנגעהויבן פאָדערן: „שוין גענוג. כ׳האָב שוין גענוג געזען. קומט אַהיים”. אָבער ווען מיר זענען בלויז געווען האַלב וועגס, ביי דער זשאַביע גאַס, האָבן זיך שוין דערטראָגן צו אונדז פון טעאַטער־פּלאַץ די פאַרצווייפלטע קולות פון דער באַפאַלענער מאַסע, און מיר האָבן שוין געזען די אַנטלויפנדיקע פון דער גרויסער בהלה, וואָס דאָרט האָט אויסגעבראָכן.

מיר האָבן געשווינד געאײַלט אין אונדזער הויף אַריין. דורך די פענצטער האָבן מיר נאָך געזען לויפן מענטשן מיט צעפליקטע קליידער און פאַרבונדענע קעפּ. מיר האָבן זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן ביז אינדערפרי, ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן די שרעקלעכע נייעס, ווי די מענטשן אויפן טעאַטער־פּלאַץ זענען באַפאַלן געוואָרן פון אַלע זייטן פון זשאַנדאַרן און קאָזאַקן מיט די ביקסן און הוילע שווערדן. אַזוי אַז הונדערטער זענען צעשניטן, צעטרעטן און צעשטאָכן געוואָרן אויף די שפּיציקע שטאכייטן פון סקווער, ווען זיי האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען. דאָס אייגענע איז אויך פאָרגעקומען ביים „פּאַוויאַק” אויף דער גענשע גאַס, ווו די יידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אָנגעהויבן צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס זענען דאָרט געזעסן. מ׳האָט די מאַסע פאַרנאַרט, זיי מכלומרשט נאָכגעגעבן זייערע פאַרלאַנגען, און באַלד דערויף זיי מערדערלעך באַפאַלן. אַזוי האָט זיך געענדיקט

די פּריצייטיקע פרייד איבער דער געפּעלשטער קאָנסטיטוציע אין דער נאַכט פון זיבעצעטן אָקטאָבער.

די אַנטוישונג מיט דער כלומרשט געשענקטער קאָנסטיטוציע האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך פאַרביטערונג און שרעק. איבערהויפּט פאַר דער וואַרשעווער יידישער באַפעלקערונג. פון רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען מוראדיקע ידיעות פון געגרייטע פּאָגראָמען אויף יידן. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז אויך וואַרשע וועט נישט אויסמיידן קיין פּאָגראָם. מ'האָט געשמועסט, אַז די רעגירונג ברענגט ביסלעכווייז מחנות רוסישע כוליגאַנעס פּאָגראָמשטשיקעס, און האַלט זיי ערגעץ גרייט אויף אַ געוויסן טאָג, ווען ס'דאַרפן זיך אָנהייבן די בהלות. מ'האָט דערציילט, אַז דאָ און דאָרט האָט מען געזען עפּעס פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען, אין רוסישע בלוזעס און היטלען. און איך געדענק אַ פרימאָרגן, ווען די מאַמע איז אַ צום טויט דערשראָקענע אַרויפגעקומען אין שטוב און מיך אויפגעוועקט פון שלאָף, דערלאַנגענדיק מיר אַ ווייס, איינזייטיק צייטונגס־בלאַט, וואָס האָט געהאַט אויף זיך בלויז עטלעכע קורצע שורות אין העברעיש. דאָס איז געווען אַן עקסטראַ־אויסגאַבע פון „הצפירה".

נחום סאָקאָלאָוו, דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה", איז גראָד דעמאָלט געהאַט געווען אין פּעטערבורג, און דאָס האָט ער אַלאַרמירט די וואַרשעווער יידן מיט זיין וואָרנונג־דעפּעשע, וואָס די צייטונג האָט אַרויסגעלאָזט אויף אַ גאַנצער לייִדיקער זייט. בלויז די איינע דעפּעשע. איך האָב מיט שרעק געלייענט, אומגעפּער: „יידן, זייט געוואָרנט, זייט גרייט. פון זיכערע קוועלן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די „שוואַרצע באַנדעס", וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע איינצוואָרדענען אַ יידישן פּאָגראָם, דאַרפן מאָרגן אַרויסטרעטן".

קיין פּאָגראָם איז דעמאָלט ניט געווען. מען האָט פאַרזיכערט, אַז צוליב דעם שנעלן אַריינמישן זיך פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, די יידישע פּונקט ווי די פּוילישע, וואָס האָבן אויף גיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די באַפעלקערונג אין זעלבסטשוץ־אָפּטיילן, האָט די מאַכט זיך נישט דערוועגט אויסצופירן אירע פינצטערע פּלענער. אָבער עס האָבן זיך געצויגן אומרויקע, דערוואַרטונגספולע טעג, און נאָך שרעקפולערע נעכט. אונדזער הויף — פּונקט ווי אַלע אַנדערע וואַרשעווער יידישע הייף — איז מאָביליזירט געוואָרן. יעדע נאַכט האָט אַן אַנדער גרופּע פון די איינוווינער געמוזט וואַכן. און ס'איז געווען איינגעשטעלט אַ סיגנאַל־סיסטעם, אַז טאָמער וחלילה וועט זיך „עפּעס אָנהייבן" אין מיטן דער נאַכט, זאָל מען באַלד קאָנען צו וויסן געבן און מאָביליזירן די שכנותדיקע הייף. שטילערהייט האָט מען גערעדט, אַז די גרופּן זענען אַפילו באַזאָרגט געוואָרן מיט געווער. געהיימע רעוואָלוציאָנערע פּאַטרולן האָבן זיך אין די נעכט אַפילו דורכגעריסן און קאָנטראָלירט, צי די וואַך־גרופּן אין די הייף זענען אויף זייערע ערטער.

אַזוי זענען פאַרגאַנגען עטלעכע וואָכן, ביז די שרעק איז פאַריבער, און דאָס יידישע לעבן האָט אָנגעהויבן צוריק אָנצונעמען זיין נאָרמאַלן גאַנג.

* * *

מיר איז אין יענע טעג געווען באַשערט צו זיין נאָענט ביי אַ געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט גאַנץ, און איבערהויפּט דאָס יידישע וואַרשע. ווען דער יידישער בחור ברוך שולמאַן האָט מיט אַ באָמבע אויפגעריסן דעם פאַרהאַסטן צורר

ישראל קאָנסטאַנטינאָוו. מיר איז אויסגעקומען צו זיין אויף דער באַגנע גאַס, אַרום דער שווענטאָקזשיסקע. ס׳איז געווען אַ זוניקער, ליכטיקער נאָכמיטאָג. אָבער מ׳האָט אַליין נישט געוווסט פאַרוואָס. עפּעס ווי נערוועזע אומרויקייט האָט ווי געשוועבט אין דער לופט. כאָטש קיין נערוועזיטעט האָט אין יענע צייטן קיינמאָל נישט געפעלט אין די וואַרשעווער גאַסן, אָבער יענעם נאָכמיטאָג האָט עס זיך באַזונדערס געפילט. מענטשן האָבן זיך אומרויק באַוועגט אין דער געגענט אַרום. עפּעס האָבן די טראַמווייען, וואָס האָבן געפירט צו דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, זיך פאַרהאַלטן. צי אימיצער האָט זיי פאַרהאַלטן. האָט מען אימיצן איבערגעפאָרן? צי האָט אימיצער געחלשט פונקט אויף די טראַמווייִ שינעס?

פלוצלונג איז דער גאַנצער אַרום ווי אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ שוידערלעכער אויפטרייסלונג. די פענצטער אין די הייזער האָבן געפּלאַצט און זיך צעשאָטן מיט אַ מוֹראדיקן געבראַזג. און אין דער זעלבער סעקונדע, ווי איבער די כוואַליעס פון דער צעטרייסלטער לופט, האָבן זיך צעטראָגן די עטלעכע שוידערלעך פריידיקע ווערטער: „קאָנסטאַנטינאָוו איז דערהרגעט געוואָרן!”...

וואָס די בשורה האָט דעמאָלט געמיינט, איז זיך שווער פאָרצושטעלן. קאָנסטאַנ־טינאָוו איז געווען דער פאַרהאַסטסטער און געפערלעכסטער צאַרישער הענקער ביי דער וואַרשעווער באַפעלקערונג, איבערהויפּט צווישן יידן. געווען איז ער נישט קיין הויכער באַאַמטער, בלויז אַ געהילפס־קאָמיסאַר פון 8טן צירקל. ער האָט זיך אָבער אויסגעצייכנט מיט זיין שרעקלעכער אכזריות און דעגענערירטן סאַדיזם, מיט וועלכן ער פלעגט פייניקן יעדן פאַרדעכטיקטן רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געהאַט דאָס אומגליק אַריינצופאַלן אין זיינע הענט. ווער שמועסט נאָך, אויב דער קרבן איז געווען אַ ייד. זיין בלויזער נאָמען האָט אָנגעוואָרפן שרעק און שוידער.

ווען דער פעסט געבויטער, רויטהאָריקער קאָנסטאַנטינאָוו, מיט זיין רציחהדיק פנים און בלוטדורשטיקע אויגן, פלעגט זיך באַווייזן איבער די יידישע גאַסן, אָן דער שפּיץ פון אַ מיליטערישן פּאַטרול, האָבן זיך די גאַסן אָפּגעליידיקט ווי בשעת אַ מגפה. דער שטראָם פון גאַסן־פאַרקער פלעגט זיך מיט אַמאָל אַ ווענד טאָן אין איין זייט — אַוועק פון דאָרט ווו קאָנסטאַנטינאָוו איז געגאַנגען. יעדער איינער האָט איילִיק געוואָרנט די אַנטקעגנקומענדיקע: „צוריק! קאָנסטאַנטינאָוו גייט!” און ווי פון אַ כשוף באַווירקט האָט מען זיך שוין מעכאַניש געגעבן אַ דריי אויס, און אָנגעהויבן צו שפּאַנען צוריק, אַוועק וואָס ווייטער. אָבער וויי איז געווען דעם, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען, אָדער איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין קאָנ־סטאַנטינאָווס הענט. ער האָט פאַרכאַפּט אָן שום איינזעעניש. און דאָרט אין קעלער פון 8טן צירקל פלעגט ער זיך שוין אַליין פאַרנעמען מיטן „אויספאָרשן” די אַרעס־טירטע. די שכנים פון די אַרומיקע יידישע הייזער זענען געווען עדות פון די יאָמערלעכע געשרייען, וואָס פלעגן זיך טראָגן יעדע נאַכט פון צירקל־קעלער.

ס׳איז געווען דערביי אויך אַ ריין יידישער מאָמענט. וועגן קאָנסטאַנטינאָווס באַזונדערער שנאה צו יידישע אַרעסטאַנטן האָט מען אין וואַרשע דערציילט פאַר־שידענע געשיכטעס. ס׳האָט דאָ געשפּילט אַ ראָלע אַ יידישע פרוי. די אַדאָפּטירטע טאָכטער פון דעם גבירישן נאַלעווקער גאַלאַנטעריע־סוחר שמואל טויבענהויז. מיט עטלעכע יאָר פריער האָט שמואל טויבענהויז געהאַט געקראָגן די קאָנצעסיע פאַרן פאַרוויילונגס־פּלאַץ אין מוראַנאָווער פאַרק. דאָרט ווו ס׳איז שפּעטער געווען דאָס

באַרימטע יידישע מוראַנאָווער טעאַטער. קאָנסטאַנטינאָוו איז דעמאָלט געווען געהילפס־קאָמיסאַר אין פערטן, מוראַנאָווער צירקל, און געהאַט די אויפזיכט איבער דעם פּאַרק, ווו ס׳פלעגט זיך מערסטנס פאַרווײַלן די אָרימערע יידישע באַפעלקערונג. איינמאָל האָט ער דאָרט דערזען און זיך באַקענט מיט טויבענהויזס טאָכטער, אַ בילד שיינע יונגע גרושה. ער האָט, זאָל עס הייסן, זיך שטאַרק איינגעליבט אין איר. אָבער זי האָט פון אים נישט געוואָלט הערן, און אין גיכן חתונה געהאַט פאַר אַ געוויסן נייפעלד. דאָס האָט דעם פאַרצווייפלטן קאָנסטאַנטינאָוו, וועלכער איז ביז דעמאָלט געהאַט געווען אַ נישקשהדיקער גוי, געבראַכט אין אַזאַ צאָרן, אַז ער איז געוואָרן אַ שונא ישראל. און שפּעטער, ווען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך צעוואַקסן, און ער איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין 8טן צירקל, אין האַרץ פון דער יידישער געגנט, האָט ער זיך גענומען אויסלאָזן זיין גאַנצע שנאה מערסטנס צו די יידישע אַרעסטירטע, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט.

קאָנסטאַנטינאָווס שנאה צו יידן איז שפּעטער נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן צוליב דעם פאָרפאַל, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך שרעק און בושה. אין אַ שבת אינדערפרי, איז ער אויף פּאַנסקע גאַס, בשעת ער איז געגאַנגען אַליין, אָן זיינע היטערס, באַפאַלן געוואָרן פון אַ מחנה יידישע רעוואָלוציאָנערן, צוזאַמען מיט אַ גאַנצן המון, וואָס האָבן דערזען אַ שעת הכושר זיך אָפּצורעכענען מיט דעם פאַרהאַסטן רשע. מען האָט אים געוואָלט צערייסן אויף שטיקער. אָבער אין דעם אַלץ גרעסער ווערנדיקן עולם האָבן זיך געפונען געגנוג אַזעלכע, וואָס האָבן געזען אַ סכנה פון טויטן אים. מען האָט אים אָפּגעראַטעוועט. דער המון האָט זיך נאָר באַגנוגנט, וואָס מ׳האָט ביי אים צוגענומען זיין רעוואָלווער מיט דער שווערד, אים אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן און דאָס פּאָליצייאישע היטל, און מיט אַ חוזק־פּאַראַד אים צוגעפירט נאָענט צום צירקל און אים אָפּגעלאָזט. פון דעמאָלט אָן האָט קאָנסטאַנטינאָווס אכזריות נישט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט טעראָריזירט די גאַנצע געגנט אַרום. ער האָט פאַרשטאַרקט די צאָל סאָלדאַטן אין די פּאַטרולן, מיט וועלכע ער איז געווען אַרומגערינגלט. ס׳האָט געהייסן, אַז איצט איז ער שוין אומצוטריטלעך. און מיטאַמאָל, דער שרעקלעכער באָמבע־אויפרייס, און די בליץ־שנעלע ידיעה — קאָנסטאַנטינאָוו צעריסן אויף שטיקער...

פאַרשפּאָרט צו זאָגן, אַז איך, פּונקט ווי אַלע אויף דער באַגנע און די אַרומיקע גאַסן, האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן. ווייל פון דער מאַרשאַלקאָווסקע, ווו דער אויפרייס איז פאָרגעקומען, האָט זיך גלייך דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. דאָס האָבן די סאָלדאַטן פון קאָנסטאַנטינאָווס פּאַטרול געהאַט אַ באַפעל, אַז ווען מיט אים וועט עפּעס פּאַסירן, זאָלן זיי שיסן רעכטס און לינקס.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז באַוווסט געוואָרן, אַז דער באָמבע־וואַרפער איז געווען דער יידישער בחור ברוך שולמאַן, אַ מיטגליד פון דער „באָיוווקע" ביי דער „פּ.פּ.ס.", די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. ער האָט געהאַט געטראָגן די פאַרשטעלטע באָמבע נאָכגעהאָנגען אויף דער ברוסט, און אים האָט זיך איינגעגעבן, טראָץ די פּאַטרול־סאָלדאַטן, צוצוקומען ביז צום ראָג מאַרשאַלקאָווסקע און שווענטאָקזשיסקע, ווו קאָנסטאַנטינאָוו האָט פּאַטרולירט. די קראַפט פון דער באָמבע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז קאָנסטאַנטינאָוו איז אויגנבליקלעך צעריסן געוואָרן, און שטיקער פון זיין קערפּער האָט מען געפונען הענגען אויף די

אַרומיקע באַלקאָנען און געזימסן פון די הייזער. די צאָל מענטשן, וואָס זענען צוזאַמען מיט אים געהרגעט געוואָרן וואָלט געווען אַ סך גרעסער, ווען נישט די פאָרזיכט מיטלען, וואָס די אָנפאַלער האָבן אָנגענומען; פאַר דער באַשטימטער צייט, האָבן אין פאַרשידענע גאַסן יונגע לייט זיך געמאַכט חלשן און זיך געוואָרפן אויף די שינעס, כדי אָפּצוהאַלטן די טראַמווייען נישט צוצופאָרן נאָענט צו דער מאַר־שאַלקאָווסקע גאַס.

דאָס חידושדיקסטע איז געווען, וואָס דער אָנפאַלער אַליין, ברוך שולמאַן, איז נישט באַשעדיקט געוואָרן. ער האָט אין טומל אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, ער האָט אָבער דערזען ווי מען איז באַפאַלן איינעם פון זיינע חברים אַרויסהעלפערס, און ער האָט געשאָסן מיט זיין רעוואָלווער, יענעם צו ראַטעווען. ער האָט דאַן זיך אַריינגעקראָגן אין „אייזנהויף" אויף דער דערנעבנדיקער „גרינע" גאַס, אָבער דאָרט האָבן איִם די סאָלדאַטן נאָכגעיאָגט און אים דערשטאָכן מיט די באַיאָנעטן.

ברוך שולמאַנס לויה איז פאָרגעקומען שטילערהייט. אָבער זיין קבר אויף גענשער בית עולם איז געוואָרן אַן אָרט, וווהין די יידישע יוגנט האָט זיך געצויגן מיט געזאַנג און מיט בלומען. דער נאָמען פון דעם פּשוטן בחור, וואָס פלעגט פריער, ווי מ'האָט נאָכדערציילט, זיך אַרומדרייען פּוסט און פּאַסט, און איז נאָכדעם אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און זיך דערהויבן ביז העלדישקייט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּוילן אין אַ סימבאָל פון מסירת נפש און שרעקלאָזן מוט. דאָס יידישע וואַרשע איז געווען שטאָלץ אויף איר יונגן העלד. עס זענען אַפילו געשאַפן געוואָרן אַנאָנימע פאָלקס לידער וועגן דעם ווי:

„אַז ברוך שולמאַן איז אויף דער גאַס אַרויסגעגאַנגען,<br>
געגאַנגען איז ער מיט אַ באָמבע אין דער האַנט"...

די צאַרישע פּאָליציי האָט נישט איינמאָל צעוואָרפן און צעטרעטן זיין קבר. אָבער די יידישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט אויף להכעיס נישט אויפגעהערט ווידער אויפצושטעלן זיין מצבה, און שטראָמען אַהין דעמאָנסטראַטיוו, כדי צו לייגן יעדעס מאָל פרישע בלומען פאַר זייער באַליבטן ברוך שולמאַן, וואָס האָט זיך נוקם געווען אָן דעם צורר היהודים, אָן דעם בלוטיקן קאָנסטאַנטינאָוו.

(פון בוך „וואַרשעווער הייף", בוענאָס איירעס, 1947)

# י. י. טרונק

## זיבן קאַפּיטלעך פון זיבנבענדיקן ווערק „פּוילן"



### די פּריוועס׳עס

דער לייב פון די חסידישע גבירים אין פּוילן, ר׳ ישעיה פּריוועס אין וואַרשע, האָט געהאַט 6 זין און 1 טאָכטער. איידער איך נעם מיך צו באַשרייבן אָט־די 7 הייזער פון די „פּריוועסעס" — וואָס אַיעדער פון זיי איז געווען אַ באַזונדערע חסידיש־גבירישע „וועלט מיט וועלטעלעך" — וועל איך קודם־כל רעדן פון איינעם פון זיינע זין, משהל פּריוועס מיטן נאָמען. אָט דער משהל פּריוועס האָט באַזונדערס געשפּילט אַ ראָל אין מיין שפּעטערן לעבן.

אינעם אייביקן קאַמף צווישן די זין וועגן דעם חסד פון ר׳ ישעיה פּריוועס איז משהל געווען דער סאַמע הינטערשטעליקסטער. דער „הויף־קאַמף" צווישן די פּריוועסעס האָט זיך געפירט נישט בלויז דאַן ווען זיי זיינען געהאַט אויסגעוואַקסן און איטלעכער פון זיי האָט געהאַט זיין הויז־געזינט און זיין קאַמאַריליע, — אַ קאַמאַריליע פון אַלערליי טעלער־לעקער, שדכנים, מקורבים און לאַפּיטוטן — ניין, אויך אין דער קינדער־שטוב, איידער זיי האָבן גאָר אפילו חתונה־געהאַט, האָט צווישן די גבירישע פּריוועס־קינדער נישט געהערשט קיין גרויסע ליבשאַפט. כסדר איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ געוועט־געיעג וועגן די גנאָדן פון שטרענגן און אָנגעכמו־

---

יחיאל־ישעיה טרונק, פּאָעט, דערציילער, ראָמאַניסט, עסעיסט, ליטעראַטור־קריטיקער, מעמואַריסט, מחבר פון דרייסיק בענד שריפטן אויף אַלערליי געביטן, איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף אַסמולסק אין קאָנגרעס פּוילן, אין יאָר 1887 — פון טאַטנס צד פון גרויסן רבנישן יחוס, פון דער מאַמעס צד פון גבירישן יחוס. אין די יונגע יאָרן אַסך געררייזט און געווינט אין ארץ ישראל, דער שווייץ. פון 1919 ביז 1925 אין לאָדזש — יורש און שותף צו גרויסע משפּחה־פאַרמעגנס. איידעם פון די וואַרשעווער פּריוועסעס. פון 1925 ביז 1939 אין וואַרשע. דורך רוסלאַנד און יאַפּאַן געקומען קיין ניו יאָרק אין יאָר 1941 און דאָ געשטאָרבן אין יולי 1961. איינער פון די פּרוכטבאַרסטע און דערפאָלגרייכסטע יידישע שרייבערס. עטלעכע יאָר פּרעזידענט פון יידישן פּען־קלוב אין פּוילן. אידעאָלאָג פון אַ מאָדערנער, סעקולערער יידישער וועלט־באַנעמונג, נאָענט צו די אידעישע דרכים פון „בונד". אויסטייטשער פון דער טיפקייט און שיינקייט פון טויזנטיעריקן פּוילישן יידנטום. טיף דורכגעדרונגען מיט דער איינציקאַרטיקער וואַרשעווער יידישקייט. פון זיין קלאַסישן זיבנבענדיקן ווערק „פּוילן", ברענגען מיר דאָ קוים עטלעכע וואַרשעווער קאַפּיטלעך.

רעטן פֿאָטער. ר׳ ישעיה האָט זיינע קינדער נישט לייכט פֿאַרגונען צו זיין די זין פֿון ר׳ ישעיה פֿריוועס און אים איז שווער געווען צו ליידן נאָך „פֿריוועסעס״ לעבן זיך. ער האָט זיך נישט געוואָלט טיילן מיטן כבוד. אויב שוין יאָ — לאָז עס זיי כאָטש אָנקומען מיט גרינע ווערעם און מיט בלוט־צאַפּעניש.

אין דעם דאָזיקן ביטערן געיעג צווישן די יונגע פֿריוועס־לייבעלעך אַרום דעם גרויסן אָנגעכמורעטן לייב איז משהל פֿריוועס געבליבן גאָר פֿון הינטן. ער איז נישט געווען אַזוי פּיפּיק צו טאָן דעם שפּרונג אין דער רעכטער צייט. ער איז געווען סיי אַביסל טעמפּ און סיי אַ ביסל אומגעלומפּערט. און אַ שטיקל כבד־פּה. די ברידער האָבן באַוויזן אים אַרויסצושטופּן פֿון דער ריי. דער פֿאָטער וואָס איז געווען איינ־געוויגט און איינגעחנפּהט אי פֿון זיינע זין און אי פֿון זיין גאַנצער סביבה אַלס אַ „מיטל־פּונקט״ פֿון דער וועלט — האָט נישט געזען משהלעס אָרגאַנישע חסרונות און אַז ער, משהל הייסט עס, וויל אַלצדינג ביטער „מיטמאַכן״. נאָר ער קען נעבעך נישט. ר׳ ישעיה פֿריוועס האָט בלויז געזען ווי זיין כבוד און זיין עגאָטישע מאַכט ווערט געמינערט ביי דעם דאָזיקן הינטערשטעליקן זון. ר׳ ישעיה האָט נישט גע־ווּסט פֿון קיין קונצן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין שייכות זיין חשיבות־געפֿיל. ער האָט געוווסט ווי אָפּצוצאָלן. אָפּגעצאָלט האָט ער ווי אַן אמתער „פֿאַטער פֿאַ־מיליאַס״, ווי אַ „פֿאָטער״ פֿון דער מענטשלעכער „אור־סטאַדע״ וועלכן זיגמונד פֿרויד האָט אַזוי וווּנדערלעך באַשריבן. ווי עס זעט אויס, בלייבט די מענטשלעכע טבע אַ סטאַבילע נישט געקוקט אויף די וואַנדלונגען פֿון די צייטן און די לעבנס־אופֿנים.

ר׳ ישעיה פֿריוועס האָט משהלען כסדר געוויזן אַז ער איז דער אַראָפּגעפֿאַלע־נער פֿון דער גאָלדענער לאָפּעטע פֿון די פֿריוועסעס, דאָס „אַש־ברעטל״ צווישן די „ברידער״. אין משהלען האָט עס נאָך מער געשטאַרקט דאָס געפֿיל פֿון אומגע־לומפּערטקייט און אומבאַהאָלפֿנקייט, און ער האָט כמעט ווי רעזיגנירט מיטצולויפֿן אין וועט־געיעג צווישן די ברידער. אָבער עס איז געווען ווייניק וואָס משהל איז שוואַכער געוואָרן אין קאַמף־לוסטיקייט. אין יעדער הינטערשטעליקייט אין וועט־געיעג לגבי זיין חסד האָט ר׳ ישעיה פֿריוועס געזען אַ מינערונג פֿון זיין חשיבות. משהל האָט דערמיט נאָר אַרויסגערופֿן מער פֿאַרביטערטקייט פֿון דעם פֿריוועסישן פֿאַטער־פֿאַמיליאַס.

שוואַכע אין לעבן האָבן אויך זייער אינסטינקט ווי אַזוי זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפֿלאַך. מיר זיינען געוווינט צו רעדן פֿון די אויסגערעכנטע כיטרעקייטן פֿונעם שכל. אָ, דער אינסטינקט איז גאָרנישט קיין לעמעשקע און ער האָט אויך זיינע באַהאַלטענע וועגן און חשבונות, און ער פֿירט אַרויס דעם אומגעלומפּערטסטן און אומבאַהאָלפֿנסטן אויף עפּעס אַ וועג.

געזען אַז אין קאַמף צווישן די ברידער וועט ער גאָרנישט מאַכן, האָט זיך משהל געגעבן אַן אַנדער עצה. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו שטעלן אין דינסט ביי דעם סאַמע שטאַרקסטן און האָפֿערדיקסטן צווישן די קעמפֿנדיקע ברידער; דער ברודער וועלכער האָט געוווּסט ווי אַזוי אַראָפּצונעמען כמעט די גאַנצע סמעטענע פֿון ר׳ ישעיהס חסדים, און מען האָט באַשיימפּערלעך געזען אַז ער זיצט אויפֿן פֿערדל ביי ר׳ ישעיה פֿריוועסן און הויבט אָן צו ווערן עפּעס אַזוינס ווי ר׳ ישעיהס „ליבלינג״.

דער דאָזיקער ברודער — אלעזר מיטן נאָמען — וואָס האָט זיך געגרייט צו טראָגן דאָס „זיידענע העמדל" פון די פּריוועסעס, האָט אויסגענוצט דאָס, וואָס משהל האָט זיך פּלוצים געשטעלט הינטער זיינע פּלייצעס. ערשטנס האָט זיך די צוקונפטיקע „ערשטע האַנט" פון די פּריוועסעס שוין געפילט ווייל מיט דעם וואָס זי האָט דערשפּירט נישט בלויז די פולע שפע פון ר׳ ישעיהס חסד, נייערט אויך דעם זיסן טעם פון מאַכט און הערשונג איבער אַ ברודער פון די פּריוועסעס. צווייטנס, אָט־אָ דער ברודער וואָס האָט אים, דעם ליבלינג, אויפגעהערט צו זיין אַ קאָנקורענט, סיידן גאָר אַן אונטערטעניקער מיטהעלפער, וועט אים גאָר לייכטער מאַכן דעם קאַמף מיט די איבעריקע ברידער, וואָס קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן פון דער בכורה — הגם מען האָט אָפן געזען אַז סוף־כל־סוף פאַרנעמט זיך די „בכורה" אַריינצושוועבן אין די הענט פון אלעזרן.

אלעזר פּריוועס האָט גאָר אָנגעהויבן משהלען עפּעס אַזוינס ווי מקרב צו זיין. ער האָט אפילו — ווען עס האָט אים פּערזענלעך נישט געשאַדט — געזאָגט אויפן אומבאַהאָלפענעם משהלען אַ „גוט וואָרט" פאַרן פאָטער, און אים פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן אַ „חסד־ביינדל" פון ר׳ ישעיה פּריוועסעס גנאָדן. ר׳ ישעיה פּריוועס איז אפילו נישט געווען דער ייד אַזוי זיך לאָזט וואָס לייכט איינבייסן, און ער האָט אין משהלעס הינטערשטעליקייט כסדר געזען אַ מינערונג אין דעם געיעג וועגן זיין — ר׳ ישעיהס — חשיבות, פונדעסטוועגן האָט דאָ דער אינסטיקט געפירט משהלען אויפן ריכטיקן וועג. דער שטאַרקסטער פון די ברידער האָט דעם וואַקסטן גענומען אין זיין שוץ, הגם מיט דער גענוג בולטער אויסרעכענונג צו פאַרגרעסערן דערמיט זיין אייגענע מאַכט און די שאַנסן ענדגילטיק אַרויפצוקומען ביים פאַטער־פאַמיליאַס אויפן סאַמע אויבנאָן.

---

## חנהלע

אין וואַרשע ביי דער משפּחה פּריוועס איז דערווייל געשען אַ גרויס געשעעניש. ס׳איז געשטאָרבן בשיבה טובה ר׳ ישעיה פּריוועס. וואַרשע איז געגאַנגען אויף רעדלעך. מען האָט ר׳ ישעיהן מקבר געווען אויפן גענשער בית־עלמין. מיט גרויס פּאַראַד, מיט הספּדים און לויבענישן האָט מען אים געלייגט צורו אינמיטן צווישן זעקס לייזיקע קבריב. דאָס האָבן ר׳ ישעיהס זעקס זין פאַרזיכערט זייער פאָטער אַז זיין מלכות גייט ווייטער. זיי וועלן זיך, אם ירצה השם, איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר אַלע זעקס אַוועקלייגן צו רו, אַרום אים, ר׳ ישעיה פּריוועסן.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אין דער משפּחה פּריוועס די גרויסע לאָדענישן איבער דער מיליאָניקער ירושה. אַדוואָקאַטן האָבן גענומען צו אַ סך טויזנטער. אַלצדינג האָט זיך אויסגעלאָזט בכי־טוב. די זעקס פּריוועסעס האָבן זיך אַוועקגעזעצט יעדער אויף זיין כסא־מלוכה.

אין משהל פּריוועסעס הויז איז אויך געווען אַ גרויסער טרויער. ס׳איז געשטאָרבן איטעלע פּריוועס. זי איז געשטאָרבן אין מעראַן. מען האָט איר טויטן גוף געברענגט מיט דער באַן קיין קאָליש און אים מקבר געווען אין דער נאָענטקייט פון „נפש חיה". ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז אַחוץ איטעלעס יתום און יתומות האָט אַממייסטן לאַמענטירט צירעלע פּריוועס. זי האָט געזאָגט, אַז איטעלע איז איר געווען איינגעבאַקן אין האַרץ ווי אַן אייגענע שוועסטער און זי, צירעלע, איז אויך כמעט

געבליבן אַ יתומה אויפֿן גזשיבאָוו. אין די טעג פֿון „שבעה” נאָך איטעלען, האָבן צו צירעלען אין דירה פֿרעמדע יידן געקאָנט אַריינקומען אָן גרויסע מעלדענישן ביי דער טיר.

נאָך איטעלעס טויט האָט זיך אָנגעהויבן צו שיקעווען אַ שידוך פֿאַר מנחמען. ער איז למזל געוואָרן אַ חתן פֿאַר די ראָטנבערגס, די סקריטשענער פּריצים.

אַזוי איז עס אויסגעקומען אַז סע דאַרף מער נישט זיין קיין סוד אַז חנהלע איז אַ כלה. חנהלע אַליין (מיין פֿרוי) האָט מיר דערציילט ווי אַזוי און אויף וואָסער אופֿן זי איז געוווּיר געוואָרן אַז זי איז אַ כלה.

באַלד ווי מנחם איז נאָר געוואָרן אַ חתן — די גאַנצע שטוב איז נאָך פֿול געווען מיט טרויער און געדעכעניש פֿון דער געשטאָרבענער מוטער — איז משהל פּריוועס, חנהלעס פֿאָטער, אַמאָל אַריינגעקומען צו איר אין שטוב. ער האָט אויסגעקוקט פֿייערלעך און ערנסט. ער האָט צוגערופֿן חנהלען צו זיך, זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און זי גענומען אויף דער שויס.

חנהלע איז גאָרנישט געוווינט געווען צו אַזעלכע סענטימענטאַלע צערטלעכקייטן מצד דעם פֿאָטער.

ער האָט איר געזאָגט, אַז הגם עלטערן דאַרפֿן זיך נישט באַראָטן מיט קינדער מיט וועמען זיי ווילן מיט זיי אַ שידוך טאָן. עס געהער נישט צו די מנהגים פֿון יידן. פֿונדעסטוועגן — אַזוי ווי זי, חנהלע, איז אַ יתומה, און ביי אַ יתומה איז עס אַנדערש און מען מוז איר דערציילן — אַזוי דערציילט ער עס איר — דערביי האָט ער איר געטאָן אַ גלעט איבערן קאָפּ — אַז זי איז שוין אַ כלה פֿאַר ר׳ יהושיעלע קוטנערס אַן אייניקל.

פֿון ר׳ יהושיעלע קוטנער האָט חנהלע אָפֿט געהערט דערציילן פֿון דער מוטער. אין די פֿרייטיק־צו־נאַכטסן נאָכן עסן פֿלעגט איטעלע זיך אַוועקזעצן צווישן אירע טעכטער און דערציילן מעשיות פֿון אירע קינדער־יאָרן. אין די דאָזיקע מעשיות פֿלעגט אָפֿט מיט גרויס ערפֿורכטיקייט דערמאָנט ווערן דער נאָמען פֿון ר׳ יהושיעלע קוטנער, און עס האָט זיך איר, חנהלען, שווער געפּאָרט מיט אַ חתן. צום ערשטן איז דאָס מיידעלע דערציטערט געוואָרן. זי האָט נאָך בכלל נישט געהאַט געטראַכט וועגן אַ חתן, און זי האָט מורא באַקומען פֿאַר דעם פֿרעמדן באַגריף וואָס האָט זיך אַזוי קאַטאַסטראָפֿאַל מיטאַמאָל אַריינגעריסן אין אירע געפֿילן. אין איר אינעווייניק זיינען נאָך אָפֿן געווען אַלע ווונדן פֿון דעם טויט פֿון דער געליבטער מוטער. זי איז נאָך נישט צוגעוווינט צו דער הילפֿלאָזיקייט פֿון אַ יתומה... דער קלאַנג פֿון אַ חתן איז איר אויסגעקומען ווי אַ באַשיצער וואָס וועט פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון דער מוטער און ווי אַ וווייטער געהיימנישפֿולער בן־מלך אין די קינדער־מעשיות.

חנהלעס האַרץ האָט געציטערט צווישן שרעק און פֿרייד, און זי האָט לאַנג און טיף געקוקט דעם פֿאָטער אין די אויגן אריין, גלייך ווי זי וואָלט דאָרט געזוכט דעם באַשייד.

---

## מיינע תנאים

ענדלעך איז חנהלע אַלט געוואָרן פֿופֿצן יאָר. די מומע שפּרה מירל האָט געזאָגט אַז זי קוקט שוין אויס ווי אַן אמתע כלה־מויד. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פּראַווען די אָפֿיציעלע תנאים אין וואַרשע.

דאָס לאַנגע וואַרטן אַז חנהלע זאָל ווי עס איז אונטערוואַקסן, איז ביי אונדז אַלעמען געלעגן ווי אַ שטיין אויפן האַרץ. בלימטשע האָט גאָר פרי אָנגעהויבן צו מאַכן פאַר חנהלען לאַנגע קליידער כדי זי זאָל אויסקוקן עלטער. אָבער עס וואַקסט זיך נישט אַזוי שנעל. ענדלעך האָט מען זיך אויסגעוואַרט. ס'האָט אויסגעקוקט ווי ערשט איצט הויב איך אָן צו ווערן אַ חתן און באַקום אַ כלה.

דאָס לאַנגע וואַרטן אויף די תנאים האָט געמאַכט אַזוי, אַז די גאַנצע משפחה מיינע האָט זיך מיטגעלאָזט קיין וואַרשע אויף די תנאים פונקט ווי עס וואָלט געווען אויף אַ חתונה. די סיבה פון דעם גרויסן פאָרעניש איז געווען וואָס דאָס ערשטע מאָל דאַרף זיך מיין משפחה צונויפקומען מיט די פריוועסעס. פאַר דער קוטנער משפחה איז עס פאָרט נישט קיין גרויסער שאָק, הגם אין קוטנע גופא האָבן זיך דער פעטער יעקל און ירחמיאל שטאַרק אָנגעהויבן מכין צו זיין אויף דער וואַרשעווער נסיעה. דער פעטער יעקל האָט אָנגעהויבן צו געבן „עצות". אין ירחמיאלס זכרון האָבן זיך פונדאָסניי פאַנאַנדערגעבליט אַלע זיסע און וווּנדערלעכע בילדער פון מיין פאָטערס חתונה. פון גרויס מתיקות פון די אַלע געדעכענישן איז ירחמיאל ביי זיך געוואָרן גאָר האָפערדיק און ער האָט געגלויבט, אַז די וואַרשעווער תנאים וועלן האָבן עפּעס אַזוינס פון דער אָסמולסקער חתונה, — און עס לוינט זיך טאַקע צו לעבן אויף דער וועלט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ירחמיאל מיטן פעטער יעקל האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו קריגן. דער פעטער יעקל האָט ירחמיאלן גערופן „נאַר" און ירחמיאל האָט געשריגן „ראצע". דעם גרעסטן שאָק האָט איבער־געלעבט די פראָסטע משפחה פון מיין מוטער. מיט רבנים און גוטע יידן האָבן זיי זיך שוין ווי עס איז געהאַט איינגעלעבט. פאָרט זיינען רבנים ביי זיך פשוטע יידן. פאַר וואַרשע און פאַר די פריוועסעס האָבן זיי געפילט אַ גרויס אומהיימלעכקייט. עפּעס אַ מין פרעמדאַרטיקע שרעק ווי פאַר גאָר אויסטערלישע און פריצישע יידן. זיי האָבן אַלע באַשטימט צו פאָרן. זיי האָבן געוווסט, אַז אויב זיי וועלן נישט ביי־שטיין דעם דאָזיקן נסיון — ווי שווער ער זאָל נישט זיין — דאַן בלייבן זיי שוין אייביקע פראָסטאַקעס. דאָ איז די ריכטיקע שאַנס זיך אויסצופיינערן. די מומע גנענדל האָט זיך געקויפט אַ ניי פאַרטוך אויפן לוויוויטשער יאַרמאַרק. אַמהאָפער־דיקסטן ביי זיך איז געווען סימכע גייגע. שבעלע פריוועס האָט ער נאָך גוט גע־דענקט פון מיין פאָטערס חתונה, און ווי דאָס ביקל אין שטאַל האָט אים שבת אינ־דערפרי צעריסן די אַטלעסענע קאַפּאָטע. איצט זיינען אַנדערע צייטן און ער איז נישט דער זעלבער סימכע גייגע. פאָרט איז לאַגעווניקי נישט אַסמאָלין. אויב ער האָט איינגעביסן די קאָלישער רביצין וועט ער זיך נישקשה אַן עצה געבן אפילו מיט די פריוועסעס.

אַזוי האָט זיך מיין משפחה פון אַלע עקן פוילן פאַרנומען צו פאָרן אויף די לאַנג־אויסגעוואַרטע תנאים. פון לאָדזש אויס האָבן מיר כמעט באַזעצט אַ גאַנצן וואַגאָן. די באָבע חיה האָט מיטגענומען אויפן וועג גאַנצע טעפּ מיט איינגעמאַכטס און געבאַקענע לעקאַכער כדי קיינעם זאָל חלילה נישט פאַרחלשן דאָס האַרץ. אַביגדור גרוימאַן האָט אַ גאַנצן וועג דערציילט מעשיות פון וואַרשעווער גבירים, פון זיין ברודער האַרשל, ווי אויך פון די פריוועסעס. אַביגדור גרוימאַן, איינער פון אונדז אַלעמען, האָט זיך דאָרט געפילט גאָר אַ היימישער. הגם, זינט ער האָט חתונה געהאַט פון קוטנע און געוואָרן אַן איידעם ביים פעטער יעקל און שפּעטער אַ

„שרייבער" אין לאַגעווניקי און אין דלוטאָוו, איז ער כמעט קיינמאָל מער נישט געווען אין וואַרשע, האָט קיינעם נישט געקענט פון די היינטיקע גבירים און פאַמעלעכל אפילו פאַרגעסן דעם וואַרשעווער דיאַלעקט — נאָר גערעדט האָט ער ווי ער וואָלט אַלעמען דאָרט געהאַט ביי זיך אין וועסטל־קעשענע.

ביי דער באַן אין וואַרשע, — הגם מיר זיינען געקומען אויף תנאים צו די פריוועסעס — האָט אונדז קיינער נישט אָפּגעוואַרט. אויף אַ היפּשע צאָל דראָזשקעס זיינען מיר אַלע פאַרפאָרן פאַרן „האָטעל פּאָזנאַנסקי". מען איז פאַרבייגעפאָרן די הייזער פון די פריוועסעס. מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו די פענצטער. מען האָט נישט געזען קיין שפור אַז עמעצער זאָל זיך דאָרט גרייטן צו די תנאים וועלכע זיינען פאַר אונדז אַלעמען געווען אַזאַ געוואַלדיק געשעעניש. דאָס טויער פון פריוועסעס הויז אויף גזשיבאָוו איז געווען פאַרפאַקט מיט פורן מיט אייזן. פון אינעווייניק פון הויף האָט אַרויסגעהילכט אויפן גזשיבאָוו אַ ווילד געקלאַפּעריי און געהאַמער פון אייזן. אין „האָטעל פּאָזנאַנסקי" האָבן מיר שוין געטראָפן די קוטנער משפּחה, דעם זיידן ר' משהל און די באָבע לאה. מען האָט אונדז געגעבן עטלעכע גרויסע טונקעלע צימערן מיט פייכטע אָפּגעשיילטע ווענט. מיר זיינען אַלע געווען הונגעריק. מען האָט געהייסן אַרויפברענגען פון דער אונטערשטער רעסטאָראַציע די אמתע וואַרשעווער מיטאָגן. די באָבע חיה האָט אַרומגעטיילט לעקאַך מיט איינגעמאַכטס.

פון די פריוועסעס האָט זיך קיינער נישט געוויזן. אין האַרצן האָב איך שוין אָנגעהויבן מורא צו קריגן אפשר חזרט זיך דאָ איבער די מעשה מיט זאַלאָשין און מיט אסתרן און די פריוועסעס האָבן זיך מיישב געווען ביי די סאַמע תנאים און מיך פונדאָסניי געלאָזט אינדרויסן אויפן וואַסער.

איך האָב מיך אַ טאַפּ געטאָן ביים גילדענעם חתן־זייגער מיט דער קייט.

ערשט אין אַ דריי שעה אַרום האָט זיך געהערט אַ הייזעריק שרייען אויף די טרעפּן פון „האָטעל פּאַזנאַנסקי", אַ האַסטיק געשפּאַן און אַ קלאַפּן מיטן שטעקן אויף די טרעפּ. אין אונדזער טיר האָט זיך אין זיין גאַנצן אימפּעט באַוויזן מרדכי יוסף אַרבעס. ער האָט אויפגעהויבן צו אונדז דעם שטעקן און אונדז אַלעמען אָפּגעגעבן שלום־עליכם. אויף מיר האָט ער זיך אויסגעגלאָצט מיט זיינע בלאָע ברילן און שרייענדיק געפרעגט צי איך האָב אָנגעגרייט אַ גוט פּשטל אויף די תנאים.

---

## מיין חתונה

מיין חתונה איז געווען אין אַ וואַרשעווער סאַליע, ווי אַלע גבירישע חתונות. איך וויל פון איר דערציילן נאָר איין עפּיזאָד.

די באָבע בלימעלע, ר' יצחק וורקערס טאָכטער, איז פאַרשטייט זיך, געקומען צופאָרן קיין וואַרשע אויף דער חתונה. די באָבע בלימעלע האָט נישט געוואָלט ווינען צוזאַמען מיט אַלע מחותנים אין „האָטעל פּאָזנאַנסקי", נייערט — ווי עס איז געווען איר טבע — האָט זי געוווינט ערגעץ אויף סמאָטשע אין אַ קעלער ביי אַלטע וורקער חסידים. דער באָבע בלימעלעס באַלעבאַטים זיינען געווען גרויסע אָרעמעלייט, נאָר זייער שאַרפע און פאַרצייטישע חסידים. אויך די ווייבער אין דעם קעלער אויף סמאָטשע זיינען געווען פרומע חסידישע ווייבער, האָבן געלעבט אין וואַרשע אויף אַ גאָר חסידישן און פאַרצייטישן אופן און האָבן אַלע געטראָגן טיפע

קופּקעס. הגם די קופּקעס זיינען געווען צעפּליקטע און צעדריפּעטע. ס'איז טאַקע געווען אַ גרויס דחקות ביי די דאָזיקע וווּרקער חסידים אין קעלער. פאָרט האָט אין אָט־אָ דעם קעלער כמעט תמיד געהערשט אַ חסידישע פריילעכע האָפערדיקייט. מען האָט געלעבט מיט גרויס בטחון און אמונה אין רבונו־של־עולם, אין זיינע צדיקים און אין זיינע יידן. אַ ייד ווערט ניט פאַרלאָזט. אויב מען הונגערט אַמאָל אונטער — דערפאַר זיינען מיר דאָך יידן אויף דער וועלט. אַבי אויף שבת וועט שוין דער רבונו של עולם זיינע יידן ניט פאַרלאָזן. מען איז טאַקע אָרעמעלייט — אָבער דאָך פריילעך וואָס מען איז יידן און וווּרקער חסידים. ווען די באָבע בלימעלע פלעגט — בעת אירע שטענדיקע נסיעות — אַמאָל אַהין צוקומען, איז אין דעם קעלער גאָר געווען יום-טוב. אַ שטיק פאַרצייטיש ווורקע איז פונדאָסניי אַריינגעקומען צו דער אָרעמער חסידישער פאַמיליע. נייען בטחון און נייע ליבשאַפט צו יידן. צווישן די פינצטערע נאַסע קעלער־ווענט אויף סמאָטשע איז די באָבע בלימעלע געזעסן צוזאַמען מיט די פרומע ווייבער אין די צעריסענע קופּקעס, און זיי דערציילט מעשיות פון גוטע־יידן און פון משיחן, און אַז אַ ייד האָט באמת גאָרנישט וואָס צו זאָרגן: וואָרום אַ ליאַדע מינוט קאָן משיח אָנקלאַפּןביים פענצטער און אים אַוועקטראָגן קיין ארץ־ישראל.

ווען די באָבע בלימעלע איז אַהין געקומען און דערציילט, אַז זי איז געקומען קיין וואַרשע אויף דער חתונה פון דעם אור־איניקל, האָבן אַלע דאָרט איר אָפּגעגעבן דעם גרויסן מזל־טוב. ס'איז געוואָרן אַ געווינטשעריי צווישן די אָרעמע יידן און אָרעמע ווייבער. די אָרעמע חסידישע משפּחה האָט געוווסט אַז די מחותנים זיינען די פּריוועסעס. הגם די דאָזיקע יידן האָבן נאָך קיינמאָל נישט אָנגעקוקט אַ פּריוועס אויף די אויגן און קיינמאָל נישט געזען זייערע מאַיאָנטקעס אויפן גזשיבאָוו. אָבער אויך אין דעם דאָזיקן פינצטערן קעלער אויף סמאָטשע האָט דערגרייכט דער נאָמען פון די גרויסע חסידישע אדירים און ס'האָט געשמעקט מיט מלכות און מיט פאַנטאַסטישע אוצרות.

שבת אין דער פרי צום „שול־פירן" — איידער נאָך די מאַנסבילן זיינען אַוועק דאַווענען אין ווורקער שטיבל אַריין — האָט די באָבע בלימעלע געגעבן אַ זאָג צו די ווייבער אין קעלער, אַז זי פאַרבעט זיי אַלעמען למען־השם מיט איר מיטצוגיין צום מחותן אויפן גזשיבאָוו.

דער באָבע בלימעלעס געבאָט איז פאַר די ווייבער געווען ווי אַ מצווה. אַ קליינינקייט אַ זאָג פון ר' יצחק ווורקערס טאָכטער. — אַ סך זיך מכין צו זיין האָבן זיי נישט געהאַט. אַלע האָבן זיי היינט געטראָגן די פאַרצייטישע אויסגעדריפּעטע שבתדיקע קליידלעך וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט פון אַמאָליקע יאָרן. אויף די צעפליקטע קופּקעס אויף די קעפּ האָבן זיי געהאַט צוגעשטאָכן אַלטע שבתדיקע שלייפעלעך, און אויף די פּלייצעס האָבן זיי געטראָגן אַלטע און צעריסענע טערקישע טיכער. אויך איבערבלייבענישן פון גאָר פאַרצייטישע יאָרן. די באָבע בלימעלע האָט זיי געזאָגט, אַז זיי, די סמאָטשער ווייבער, לייכטן אין שבת ווי אמתע יידישע טעכטער און קיין שענערע מחותנתטעס זיינען גאָר נישט בנמצא. משיח קאָן זיך גאָר נישט ווינטשן קיין שענערע ווייבער. נאָכן מאָגערן שבתדיקן עסן און די שבתדיקע זמירות, ווען די מאַנסבילן האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָט די באָבע בלימעלע מיט אירע ווייבער זיך גענומען אין וועג אַריין.

ווי עס קוקט אויס שבת אויף וואַרשעווער גאַסן ווייטער פון דער סמאָטשע, האָבן די דאָזיקע ווייבער נאָך כמעט קיינמאָל נישט געהאַט געזען. עס האָט זיי געשטערט דאָס געפּאָר פון דראָזשקעס שבת צווישן יידן. אָבער זיי האָבן ווייטער פּעסט געשפּאַנט אַרום דער באָבע בלימעלע אין זייערע אַלטע טערקישע טיכער און אין די קופּקעס. פון דער סמאָטשע צום גזשיבאָוו האָט מען אויך געמוזט אַדורכגיין אַ גויישע גאַס און דאָ האָבן די ווייבער אָנגעהויבן פעסטער צו שפּאַנען, מחמת זיי האָבן זיך מיטאַמאָל געפילט פאַרלאָזן פון שבת און פון יידן. ענדלעך זיינען זיי צוגעקומען צום גזשיבאָוו און צו די הייזער פון די פּריוועסעס. דער גרויסער הויף ביי די פּריוועסעס האָט געשוויגן פון זיין וואָכעדיקן געהאַמער, גלייך ווי דער סמבטיון, און דערמיט אַליין האָט דער גזשיבאָוו אויסגעקוקט שבתדיק.

ווען די באָבע בלימעלע מיט אירע סמאָטשער ווייבער האָט אָנגעקלאַפּט ביי משהל פּריוועסעס טיר, איז שוין דאָס גאַנצע ווייבערישע הויזגעזינד פון די פּריוועסעס געווען פאַרזאַמלט אין דער גרויסער סאַליע לכבוד דעם „שול־פירן”. די טישן זיינען געווען רייך געדעקט מיט וואַרשעווער זיסוואַרגן און מיט פרוכטן. איגאַלזאָנס קעלנער אין שוואַרצע פראַקן און אין זיידענע יאַרמעלקעלעך אויף די קעפּ זיינען מיט גרויסשטאָטישער עלעגאַנץ אַרומגעגאַנגען און באַדינט דעם ווייבערישן עולם. די ווייבער, אויסגעפּוצטע און דיסטינגירטע, זיינען געזעסן ביי די טישן, שטיל צווישן זיך געשמועסט און קוים אָנגערירט פון די כיבודים. אויבנאָן ביי די טישן זיינען געזעסן די חשובע מומעס, די ווייבער פון ר׳ ישעיה פּריוועסעס זין. שטילע און דיסטינגירטע זיינען זיי געזעסן אין זיידנס און אין צירונג. צווישן זיי, גאָר אויבנאָן, איז געזעסן צירעלע פּריוועס אין איר גאַנצער שטאָלצער ווירדע, אין גראָען עלעגאַנט־פּרי, ירטן שייטל. ברילי אַנטן האָבן געפינקלט אין אירע אויערן, אויף איר האַלדז און אויף אירע פינגער. זי איז געזעסן מיט גאָלדענעם לאָרניאָן אין דער האַנט און אים אַלע מאָל אויפגעהויבן צו די אויגן און דיסטאַנסירט געקוקט אויף די ווייבער פון מיין משפּחה.

די באָבע בלימעלע מיט די סמאָטשער ווייבער זיינען אַריינגעקומען מיט אַ ברייטן גוט־שבת. די סמאָטשער ווייבער אין די אַלטע טערקישע טיכער האָבן געשאָקלט מיט די צעדריפּעטע קופּקעס, ווען זיי האָבן געזען אַזאַ עשירות אין אַ יידישער שטוב, און אַזוי פיל גבירישע ווייבער און אַזוי פיל טישן מיט כל־טוב. זיי האָבן אַלע אָנגעהויבן צו שפּייען אויפן דיל און אויף איין קול אויסגעשריען: „קיין עין־הרע”.

דאָס אָנקומען פון דער באָבע בלימעלע האָט צווישן משהל פּריוועסעס טעכטער געמאַכט אַ רושם. זיי האָבן געהערט פון זייער פאָטער, אַז די דאָזיקע אַלטע יידענע איז ר׳ יצחק וורקערס טאָכטער און מען דאַרף איר אָפּגעבן כבוד פּונקט ווי אַ גוטן־יידן. זיי זענען אויפגעשטאַנען און אַקעגנגעגאַנגען דער באָבע בלימעלע און זי אַרויפגעבעטן צום אויבנאָן. די באָבע בלימעלע האָט מיט זיך מיטגערופן די סמאָטשער ווייבער, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט די צעריסענע קופּקעס און אויסדריקן זייער התפּעלות. מען האָט אַרויסגערופן די כלה חנהלע. די סמאָטשער יידענעס צוזאַמען מיט דער באָבע בלימעלע האָבן פונדאָסניי אָנגעהויבן צו שפּייען אַרום זיך און צו שרייען: „קיין עין־הרע”.

צירעלע פריוועס האָט גענומען דעם גאָלדענעם לאָרניאָן צו אירע אויגן. אַ לייכט איראָניש שמייכעלע האָט געשוועבט אויף אירע ליפּן. זי האָט זיך דערמאָנט אין אירע סאַליעס און אין אירע ווייכע שטילע טעפּיכער הינטער דער טיר פון דער קעגנאיבערדיקער דירה.

די באָבע בלימעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש צוזאַמען מיט די סמאָט־שער ווייבער. אַלע האָבן געקוקט אויף דער דאָזיקער אויסטערלישער קאַפּעליע. געקוקט און געשמייכלט. פון טיש אַראָפּ האָבן געשמעקט די פּירות און די זיס־קייטן. די סמאָטשער ווייבער האָבן נישט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט די קופּקעס, צו באַוואונדערן די שפע ביי יידן און צו שרייען: „קיין עין־הרע".

— נו, נעמט ווייבעלעך שבת־אויבסט, האָט די באָבע בלימעלע געטאָן אַ קאָמאַנדעווע.

די אָרעמע אויסגעדאַרטע הענט פון די סמאָטשער ווייבער האָבן זיך האַסטיק אַלע מיטאַמאָל אויסגעשטרעקט צו די פּירות וואָס זיינען אין זילבערנע קוישן געשטאַנען אויפן טיש.

די סמאָטשער ווייבער האָבן אַלע צוזאַמען פרום געמאַכט אַ ברכה „בורא פּרי העץ". די באָבע בלימעלע האָט אויפן הויכן קול געענטפערט „אָמן" און צוגעגעבן, אַז עס זאָלן זיין שמחות ביי יידן און אַז משיח זאָל שוין לאַנג מער נישט באַלאַ־מוטשען און ענדלעך אַ קום טאָן צו זיינע יידעלעך, מחמת זיי וואַרטן אויף אים בייטאָג און ביינאַכט.

עס האָט זיך געהערט אַ הויך געביסעריי אין די עפּל און באַרן.

צירעלע פריוועס האָט אויפגעריסן די אויגן, זי האָט האַסטיק אַ נעם געטאָן דעם גאָלדענעם לאָרניאָן צו אירע בליקן און אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף די הויך־עסנדיקע ווייבער פון סמאָטשער קעלער.

---

## „דער פריינד"

ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דער „יוד" בין איך נאָך געווען אַ יונג בחורל. מיין פאָטער האָט אים באַלד אַבאָנירט. מן הסתם האָט ער עס געטאָן פון גרויס חידוש. מע האָט געוווּסט בלויז פון צייטונגען אויף העברעיש. פּובליציס־טישע מאמרים אויף יידיש, פּאָליטיק אויף יידיש, און וועלט־נייעסן אויף יידיש, נאָכדעם ווי אַלע האָבן געלייענט די „הצפירה" און געלעקט די פינגער פון סאָקאָ־לאָווס מאמרים און „דברי־הימימס" — אַז אויף אַזעלכע טעמעס קאָן מען אויך שרייבן אויף פּראָסט מאַמע־לשון און אַז דינסט־מיידן וועלן אויך אָנהייבן צו וויסן וואָס סע טוט זיך אויף דער וועלט — דאָס אַלצדינק האָט אויסגעקוקט גאָר ניי און חידושדיק, מען האָט אפילו געהאַט געהערט, אַז אין אַמעריקע דערשיינען טאָג־צייטונגען אויף יידיש, נאָר ווער האָט זיי געלייענט, און זיי האָבן בכלל נישט גע־טאָרט קומען קיין רוסלאַנד. די צייטונגען אויף יידיש־לשון אין אַמעריקע זיינען געווען נישט מער ווי איינע פון די וווייטע לעגענדעס פון דער גאָלדענער מדינה, און זייער לעגענדאַרישקייט האָט זיך געשטאַרקט דערמיט, וואָס מען האָט בסוד דערציילט, אַז די צייטונגען אויף יידיש אין אַמעריקע דערלויבן זיך אפילו אומ־גלויבלעכע זאַכן און זידלען דעם רוסישן קייסער. אַ ווערטעלע אויסצורעדן קאָ־לאָמבוס.

דער „יוד״ איז צו אונדז אַלע שבת אַריינגעקומען ווי אַ טייער היימישלעך שבת־אויבסט. כ'האָב דאָרט דאָס ערשטע מאָל געלייענט שלום־עליכמען. די מעשה מיטן יידישן הונט „ראַבטשיק״ האָט מיך דערשיטערט און מיך נאָך טיפער גערירט ווי דינעזאָנס „יאָסעלע״. איך האָב דאָרט געלייענט פּרצן. דוכט זיך, שלום אַש האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זיינע ערשטע זאַכן אין „יוד״. די מומע איטקע האָט דער־ציילט, אַז זי קאָן שלום אַשן אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן. זי קאָן זיין מאַמע און זיינע ברידער. אַז ס'איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס האָט אויף זיינע אויגן אָנגע־קוקט אַ שרייבער און אַז אַ שרייבער האָט בכלל אַ מאַמע און ברידער, איז פאַר מיר אויסגעקומען כמעט ווי אוממעגלעך. מען זעט טאַקע, אַז די מומע איטקע איז אַן אויסערגעוויינלעך ווייבל.

ד'ערנאָך איז דערגאַנגען צו אונדז, אַז אין פּעטערבורג הייבט גאָר אָן צו דער־שיינען אַ „הצפירה״ אויף יידיש מיטן נאָמען „דער פריינד״. וואָס הייסט מען שרייבט אין יידיש אויף די אייגענע טעמעס וועגן וועלכע סאָקאָלאָוו גלאַנצט מיט אַזוי פיל רבנישן פּלפּול? ווי איז דאָס מיגלעך? כל ישראל וועט טאַקע קאָנען לייענען נייעסן און נישט דאַרפן אָנצוקומען צו די יידן וועלכע פאַרשטייען לשון־קודש כדי פון זיי צו הערן, וואָס עס שטייט אין דער „הצפירה״? דעם ערשטן נומער „פריינד״ האָט דער פעטער יאָסל מיט געוואַלטיקער התפעלות אַריינגעבראַנגט צו דער באָבע לאה. די מומע איטקע האָט געזאָגט, אַז ס'איז נישט מיגלעך קיין „הצפירה״ אויף זשאַרגאָן. סיי די שפּראַך סיי די שרייבער דאָרט זיינען נישט מער ווי הוילע עם־הארצות. עס לוינט זיך צומאָל נישט אַריינצוקוקן ווי עס קוקן אויס מאמרים פאַר דינסט מיידן. פאַר דער מומע איטקע איז עס פּשוט געווען המונישע חוצפּה, סטייטש, מען וועט זיך באַגיין אָן לשון־קודש און אָן דקדוק? זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן „פריינד״ פון דרויסן און אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז. פאַר דער באָבע לאה איז עס געווען אַ יום טוב. אויפדערנאַכט, נאָכדעם ווי זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער באַלעבאַטישקייט, האָט זי אויסגעשפּרייט דעם „פריינד״ אויפן טיש און גענומען ליי־ענען. די נאַפט־לאָמפּ האָט וואַרעם באַלויכטן די געדרוקטע עמודים. די באָבע לאה האָט אירע אויגן נישט צוגעגלויבט ווי וועלט־נייעסן ווערן געשריבן אויף אַזאַ פּשוטן און געפינטלטן יידיש כדי אַלע זאָלן פאַרשטיין. אויס סודות התורה אין אַ בלאַט ציַיטונג. ווען זי איז צוגעקומען צום אונטער־שטריך און געטראָפן שלום־עליכמען האָט זי זיך גאָר האַרציק דערקוויקט און גענומען פריילעך און זאַפ־טיק לאַכן.

גראָד איז די באָבע בלימעלע געווען אין קוטנע און ווען זי האָט געזען ווי די באָבע לאה לאַכט אַזוי האַרציק, האָט זי זיך געפרעגט וואָס דאָס איז אַזוינס. די באָבע לאה, האָט איר דערציילט, אַז דאָס איז אַ צייטונג אויף עברי־טייטש און פון איצטער אָן וועלן אַלע פּראָסטע יידן און ווייבער אַליין קאָנען וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. וואָס עס איז אַזוינס אַ צייטונג האָט די באָבע בלימעלע נישט גוט באַ־נומען. דערפאַר האָט זי געוואָלט וויסן פון וואָס די באָבע לאה לאַכט. די באָבע לאה האָט איר געוויזן אויף שלום עליכמען. די באָבע בלימעלע האָט אָנגעטאָן די שפּאַקולן און גענומען לייענען. ס'איז איר אָנגעקומען שווערלעך. זי איז נאָר גע־וווינט געווען צו דער יידישער אָרטאָגראַפיע פון תחינות און צאינה־וראינה — אָבער זי האָט געזאָגט, אַז מן־הסתם איז דער דאָזיקער שלום־עליכם אַ האַרציקער

ייד, וואָס מאַכט פריילעך פאַרזאָרגטע יידישע הערצער. די מצווה פון אַזאַ ייד איז גאָרנישט צו באַשרייבן. די טויערן פון גן־עדן שטייען פאַר אים אָפן, מחמת אפילו די גרעסטע צדיקים האָבן ליב אַז מען זאָל זיי פריילעך מאַכן. מען וועט דאָרטן אין גן־עדן דעם שלום עליכמען אַוועקזעצן צווישן די גרעסטע צדיקים און ער וועט זיי דערציילן פריילעכע מעשיות. אַ קלייניקייט! ערשט אַז משיח וועט קומען וועט מען מן־הסתם שלום עליכמען טראָגן אויף די הענט כדי ער זאָל פריילעך מאַכן יידן. אין משיחס צייטן וועט מען אַרומזוכן מיט ליכט אַזעלכע לוסטיקע יידן כדי זיי זאָלן משמח זיין יידישע הערצער.

* * *

מיטן אויפבלי פון יידישן קולטור־צענטער אין פוילן איז עס געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז דער „פריינד” האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון ווייטן פעטערבורג קיין וואַרשע, ווו אַלצדינק איז פול געווען מיט טאַט און האָפענונג, — די נייע יידישע תקופה איז אויסגעבראָכן ווי אַ פריידיקער פרילינג און עס האָט געווירקט י. ל. פרץ. אין וואַרשע זיינען שוין דערשינען עטלעכע יידישע טאָג־בלעטער, אָבער דער כבוד און די ווירדע פונם „פריינד” האָט זיך געפילט ווי אַן אויבנאָן פון יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. עס איז באמת מער קיינמאָל נישט געווען קיין יידישע טאָג־צייטונג פון אַזאַ חשובן ניוואָ ווי דער „פריינד”.

דער שטאַב פון דער פעטערבורגער „פריינד”־רעדאַקציע האָט זיך געביטן, — פונדעסטוועגן זיינען מיטן „פריינד” מיטגעקומען קיין וואַרשע עטלעכע פון די אַלטע רעדאַקציע־מיטגלידער. איך געדענק י. י. פראָפוסן און דער עיקר ש. ראָזנפעלדן, דעם נעסטאָר פון יידישער זשורנאַליסטיק. ס'האָט אפשר אויסגעקוקט אַ קאַפּעטשקע דאָן־קיכאָטיש ווען ש. ראָזנפעלד האָט אין זיינע לייט־אַרטיקלען אין „פריינד” אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט די רוסישע מיניסטאָרן און מיטן גראַף וויטע. צו פירן אַ דיספוט מיט דער מעכטיקער צאַרישער מאַשין — און דווקא אויף יידיש — האָט וואָס שייך דעם פראַקטישן קאַמף מיט דער צאַרישער מלוכה־פּאָליטיק נישט געהאַט קיין גרויסן ווערט. אָבער וואָס שייך דעם יידישן לייענער איז עס געווען פון אויסערגעוויינטלעכער באַדייטונג. עס האָט צוגעגעבן פיל וואָג דעם יידישן וואָרט און אויסגעלערנט דעם פשוטן ייד צו טראַכטן — אויף יידיש — מיט מלוכהשע טערמינען און מיט באַגריפן פון גרויסער וועלט־פּאָליטיק. אַחוץ דעם איז ש. ראָזנפעלד דאָן געווען פון די מוטיקסטע און ראַדיקאַלסטע יידישע זשורנאַליסטן און ער האָט געפירט אַ מאָדערנעם אָבער פאַרביטערטן קאַמף מיט דער רעאַקציאָנערער אָרטאָדאָקסיע. שפעטער נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט ש. ראָזענפעלד שטאַרק געביטן זיין קורס און זיינע אָנשויונגען. דעמאָלט אויף די שפאַלטן פון „פריינד” האָט ער פאַרטראָטן דעם רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפונקט פונעם ראַדיקאַלן יידישן בירגערטום. ער האָט אויך געפירט דעם קאַמף פאַרן נאַציאָנאַלן אויבנאָן פון יידיש. אין דעם דאָזיקן פרט זיינען זיינע פאַרדינסטן ממש היסטאָרישע.

פאַרשטייט זיך, אַז אַלע „פריינד”־מיטאַרבעטער האָבן זיך גרופירט אַרום פרצן און זיינען געוואָרן פון די מקורבים אין פרצעס שטוב.

אין וואַרשע האָט זיך דער „פריינד” פאַמעלעך אָפגעוווינט פון דער ווייטער פעטערבורגער קאַלטקייט, פון דער ראַדיקאַלער און חשובער, — פונדעסטוועגן אַקאַדעמישער — דיסטאַנץ צו דעם אַלעם וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין דער יידישער

מאַסע. דער פּעטערבורגער „פריינד" איז אין וואַרשע אַריינגעקומען אינמיטן פון דעם טעטיקסטן יידישן אויפברויז און ער האָט זיך באַלד צוגעוווינט צו זיין אינמיטן דער יידישער ווירקלעכקייט. ער איז געוואָרן וויניקער אַקאַדעמיש ווי אין פּעטערבורג, דערפאַר וואַרעמער און לעבעדיקער. דערביי האָט ער אויף דאָס מינדסטע נישט אַראָפּ־געלאָזט פון זיין אַלטן טאָן און פון זיין אַלטער חשיבות. ער האָט זיך אָנגעהויבן צוצוקלייבן מיטאַרבעטער פון די יידישע שרייבער אין וואַרשע און זיך אַריינצו־וועבן אין דעם גרויסן און ראַשן אויפבלי פון מאָדערנער יידישער קולטור.

איינער פון די פּיאָנערן פון אַ נייעם ווינקל אין דער יידישער קולטור איז געווען דר. א. מוקדוני. ער איז געווען פון פּרצעס מקורבים. צום ערשטן האָט ער אָנגע־הויבן דרוקן נאָוועלן אין „פריינד" א. נ.: א. קאַפּעל. שפּעטער האָט ער איינגע־פירט אין „פריינד" די מאָדערנע טעאַטער־רעצענזיע. דאָס יידישע טעאַטער האָט אָנגעהויבן גיין אויף ברייטע און מאָדערנע וועגן. פון פּרץ הירשביינען איז געמאַכט געוואָרן דער פּרווו צו גרינדן אַ מאָדערנע יידישע טרופּע. דר. א. מוקדוני האָט די דאָזיקע אַלע טעאַטער־עקספּערימענטן געוואָלט פירן אויף די וועגן פון אַן איי־ראָפּעיש טעאַטער־וויסן. ער האָט פאַכמעניש אַנאַליזירט די געשפּילטע ווערק, ער האָט גערעדט וועגן רעזשי, וועגן שוישפּיל־קונסט און וועגן די טעכנישע און קינסט־לערישע מיטלען וואָס זיינען לעבנס־פראַגן פאַר אַ גוטער יידישער בינע. פּרץ האָט געוווסט אָפּצושאַצן אַט די גרויסע פאַרדינסטן. ער האָט מיט אָפענע אָרעמס אויפ־גענומען די אַלע, וואָס קומען און שאַפן די נייע תקופה אין דער יידישער געשיכטע, — און ער האָט ד״ר מוקדונין זייער מקרב געווען.

---

## ירידה פון מלכות־פריוועס

זייער אַ טראַגיש שוישפּיל פון שאָטן און פאַרגענגלעכקייט איז געווען דער נאָך־מלחמהדיקער גורל פון דער משפחה פריוועס.

די פריוועסעס זיינען געווען ווי אַ פעסטער איינגעוואָרצלטער בוים אין דער אַלטער תקופה. אַ בוים מיט אַ ברייטן שטאַם, מיט צווייגן און בלעטער און מיט זינגענדיקע פייגעלעך, אַ בוים וואָס איז שפּעדיק געוואַקסן אין דער פאַרגאַנגענער תקופה פון יידן אין פוילן. עס איז זיך עפּעס נישט מעגלעך געווען פאָרצושטעלן דאָס חסידישע וואַרשע אָן דעם גאָלדענעם עול פון די פריוועסעס. ווען די שטורעם־ווינטן פון דער צייט האָבן דעם דאָזיקן בוים אַ ריס־אויס געטאָן מיט זיינע וואָרצ־לען האָט זיין פאַלן געטאָן אַ קלאַפּ־אָפּ ווי דער האַמער פון אַ שיקזאַל. מען האָט בפירוש געזען אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין דויערהאַפטיקייט. אַלצדינג בייט זיך און אַלצדינג מוז פאַרגיין. אין וואַרשע און אויפן גזשיבאָוו מוז אויך אַדורכגיין דאָס שניידיקע און שאַרפע אָקער־אייזן פון דער צייט. אפילו אויפן אַלטן גזשיבאָוו מוז זיך אָנהייבן דער באַרג־אַרויף פון די נייע און די אויפגעקומענע — און די פריוועסעס מוזן ווערן די יורדים.

די ירידה פון די פריוועסעס האָט דערמאָנט אין דער ירידה פון קיניג ליר. זיי האָבן אויך נישט געקאָנט באַנעמען וואָס די צייט האָט מיט זיי געמאַכט און נישט דערקענט מער די וועלט. עס איז טאַקע געווען אַ ירידה וואָס איז געקומען פון דרויסן, פון דער אַנטוויקלונג פון די אומשטענדן — די צייט האָט זיך מיישב געווען

און די פריוועסעס אויסגעטאָן די שיינע קאַפּאָטע פון גבירישן יחוס. אָבער עס איז ביי זיי אויך געווען — און אפשר דער עיקר — אַן אינערלעכע פסיכאָלאָגישע ירידה.

פאַר דעם אויסערלעכן שיקזאַל — ביי זיי האָט עס געהייסן אַ טרויעריק שפּיצל פון דער צייט — האָבן די פריוועסעס ווילנדיק צי נישט ווילנדיק געמוזט בויגן די קעפּ. וואָס קען מען טאָן ווען עס דונערט און בליצט אין די הימלען און אויף דער וועלט יאָגט אָן אַ פינצטער געוויטער? אָבער די אינערלעכע ירידה, דאָס הייסט, אַז אין פוילן גילט שוין נישט מער אַ פריוועס ווי אַ פריזועס און מען האָט זיי אַלעמען אין טראָק? צו דעם דאָזיקן אומפאַרשטענדלעכן געדאַנק האָט זיך — איבערהויפּט דאָס עלטערע דור פון די פריוועסעס — נישט געקאָנט צוגעוויינען. האָט מען גענומען און צוגעמאַכט די אויגן און זיך ווייטער כלומרשט נוהג געווען כמקדם. מען האָט כלומרשט געפּרוווט זיך צו בלאָזן און כלומרשט ווייטער צו קוקן אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ. אָבער די צייטן האָבן זיך געביטן און קיינער האָט זיך מער נישט געדאגהט ווי די פריוועסעס קוקן. די אַמאָליקע מקורבים וואָס האָבן נאָך געדענקט ר׳ ישעיהן און זיין מלכות זיינען ס׳רוב אויסגעשטאָרבן אין די מל־חמה־יאָרן. די עטלעכע מקורבים וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן ווי זאַנגען נאָכן שניט, זיינען געווען נייערט ווי שאָטנס און זיך אויך געפילט שפּל מיט דער ירידה פון די פריוועסעס.

באמת — ס׳איז זיך נישט געווען מיט וואָס איבערצונעמען. דער גזשיבאָוו האָט שוין מער נישט געהילכט מיט דעם אומאויפהערלעכן אייזן־געהאַמער וואָס האָט זיך במשך דורות געהערט פון די הייף פון די פריוועסעס. אויב עס האָט גע־האַמערט אויפן גזשיבאָוו איז עס געווען אויף אַנדערע הייף. אין דער אייזן־בראַנזשע זיינען דאָרט אויסגעוואַקסן יידן וואָס פאַר דער מלחמה וואָלטן די פריוועסעס זיי קיינמאָל נישט געענטפערט גוט־שבת.

אויפן הויף פון די פריוועסעס האָט אויסגעקוקט תשעה־באב. ווו עס זיינען אַמאָל געלעגן די בערג מיט אייזערנע בעלקעס — וואַקסט גראָז. פרילינג־צייט וואַקסט דאָרט אפילו אַמאָל אַן איינזאַם פעלד־בלימל, און דאָס פעלד־בלימל וואַקסט ווי אַ חוזק און ווי אַן אָנזאָג, אַז דער אַלטער שטערן וועט שוין קיינמאָל מער נישט צוריק אויפלויכטן. די פריוועסעס מעגן זיך שוין פאַרשרייבן צווישן די אָרעמעלייט. אַנדערע יידן, נייע, נאָך־מלחמהדיקע „פּני״, וועלן זיך אַוועקשטעלן אויף דער מזרח־וואַנט .

דאָס זעלביקע טרויעריקע חורבן־בילד האָט זיך געזען אין די גרויסע פרי־וועסישע אייזן־סקלאַדעס וואָס במשך לאַנגע, לאַנגע יאָרן זיינען זיי פול געווען מיט שפע און פוילן האָט דערציילט פון זיי לעגענדעס. פון די רייכטימער פון אייזן איז פאַרבליבן נישט מער ווי דער זויערער פאַרדומפּעצטער ריח וואָס קיין שום נייע תקופה האָט נישט באַוויזן אים אַרויסצוטרייבן. אויף די ווענט האָט זיך באַוויזן אַן אַנדערע שפע, אַ שפע פון פּוסטקייט און חורבן, נעמלעך, גאַנצע פלאַכטעס מיט שפּינוועבס. אין די פאַרדומפּעצטע פינצטערנישן האָט מען געהערט דאָס פייפן און הוזשען פון מייז און שטשורעס.

## שטורעם־טעג אויף טלאָמאַצקע 13

אירע גרויסע און איינציקע שטורעם־טעג האָט טלאָמאַצקע דרייצן געהאַט בעת יידישע שרייבער האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען קיין פּוילן פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, אַרום 1920.

זיי זיינען אַהער געקומען ווי אַזעלכע וואָס האָבן זיך פון דעם רעוואָלוציאָנערן מבול געוואָלט אַרויסקריגן און זיין אויף רויקערע ברעגעס. זיי האָבן אָבער די רעוואָלוציע, אירע פּאַרמעסטן און איר אימפּעט מיטגעברענגט אין זייערע טשעמאָדאַנעס. אין די רוסישע מרחקים זיינען געפאַלן אַלע געטער אונטער דער האַק פון די באָלשעוויקעס. אויך יענע יידישע שרייבער זיינען אַהער געקומען מיט אַ הילך אין די אויערן און מיט אַ האַק אין די הענט. אין פּוילן האָבן זיי אויפגעהויבן די האַק אויף טלאָמאַצקע דרייצן און אויך אין דער יידישער ליטעראַטור אָנגעהויבן צו וואַרפן געטער.

בראש פון די וואַרפער און שטורעם־טרעגער וואָס זיינען אַהער געקומען פון רוסלאַנד איז געשטאַנען פּרץ מאַרקיש. אויסערלעך האָט ער אויסגעקוקט ווי אַן אויפגייענדיקער אַפּאָלאָ און ווי אַ גאָט פון געזאַנג און געוויטער. ער האָט געהאַט אַ שיינעם קלאַסישן קאָפּ וואָס מען זעט נאָר אויף אַנטיקע סקולפּטורן. אין פּרץ מאַרקישן האָט געברויזט און געקאָכט אַ טעמפּעראַמענט ווי ער וואָלט געווען אַ גייענדיקער ווולקאַן. זיינע לידער זיינען אויך געווען די שטיקער קאָכעדיקע לאַווע וואָס דער דאָזיקער ווולקאַן האָט פון זיך אַרויסגעשאָסן מיט אַ סך ווילדקייט און אַ סך שפע. ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי פּרץ מאַרקיש איז געווען אַ געשטאַלטנדיקער דיכטער צי עפּעס ווי אַ געוויטער וואָס זאָגט קינות און מאַכט געוואַלדן און אין איינוועגס איז ער אויך אַ שאַליקער שופר־של־משיח. אין פּוילן און אויף טלאָמאַצקע דרייצן האָט ער אויסגערופן דעם יום־הדין איבער אַלע און אַלעמען. גרויס און קליין האָט אַרומגעכאַפּט אַ ציטער ווען זיי האָבן געהערט דאָס געברום פון דעם נייעם לייב.

די יונג־יידישיסטן אין לאָדזש מיט משה בראָדערזאָנען בראש האָבן צומאָל ניט געוואַרט ביז עס וועט זיי טרעפן די פייערדיקע שווערד פון פּרץ מאַרקישן. זיי האָבן באַלד קאַפּיטולירט און אויסגעצויגן די לאַפּקעלעך. די, וואָס ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָבן זיי אַלעמען געדראָעט מיט דער דיכטערישער האַק, זיינען מיטאַמאָל געוואָרן נידעריקער ווי גראָז און געזוכט חסד און אָנערקענונג ביי די נייע ברויזנדיקע געטער פון טלאָמאַצקע דרייצן. פּרץ מאַרקיש האָט אָבער מיטגעברענגט מיט זיך אַלע מידות פון אַ באָלשעוויק. ער האָט נישט געוווּסט וואָס עס הייסט אַזוינס איינזעעניש און רחמים. האָט ער גענומען און די לאָדזשער יונג־יידישיסטן — און ווידער מיט משה בראָדערזאָנען בראש — אַוועקגעזעצט גאָר פון אונטן, כמעט ווי ביי דער טיר פון דעם באַרג אָלימפּוס. די לאָדזשער האָבן מאַרקישן נאָך דערפאַר געזאָגט אַ שיינעם דאַנק און געגעבן אַ קוש אין דער האַנט אַריין. זיי זיינען געווען גליקלעך מיטן געשאָנקענעם לעבן און געשריגן: עס לעבע פּרץ מאַרקיש! בראָדערזאָן, וואָס אָקערשט פאַראַיאָרן איז ער געווען „דער פּרינץ פון מזרח", האָט היינט אַליין בידים צוגעטראָגן פּרץ מאַרקישן די גאָלדענע שליסלען צו דעם פּאַלאַץ פון די מוזעס.

טלאָמאַצקע דרייצן האָט אָנגעהויבן איבערצולעבן איר יוגנט און אירע שטורעם־טעג. די אַלטע פאַרמלחמהדיקע שרייבער וואָס האָבן דעם לאָקאַל באַטראַכט נייערט ווי אַ מקום־מנוחה — זיי זיינען געוואָרן כמעט ווי אין דער בסתר־המדריגה. אפילו נאָמבערג וועמען מען האָט געהאַלטן פאַרן וועטעראַן פון דער קלאַסישער צייט אין דער יידישער ליטעראַטור, איז געשטעלט געוואָרן אין שאָטן. ער איז געווען גענוג קלוג כדי מען זאָל אין אים נישט דערקענען די מינדסטע פאַרביטערונג. איצט האָט ער געהאַט צוויי טעטיקייטן אין זיין לעבן: די זשורנאַליסטיק און דאָס טאַנצן אויף די דילן פון טלאָמאַצקע, זיינע גלאַנץ־טעג און זיינע שאַפערישע אַמביציעס האָבן אָפּגעבליט. ס׳איז געקומען פאַר נאָמבערגן דער ווינטער בעת אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך דיביימער צעבליט ווי אין חודש מאַי. ער האָט האַלב סקעפּטיש און האַלב דערוואַרטנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מן הצד צוגעקוקט ווי עס וועלן אויפלייכטן די נייע שטערן.

דער צווייטער וועטעראַן אויף טלאָמאַצקע דרייצן איז געווען י. מ. ווייסנבערג. אין פּרצעס צייטן איז ווייסנבערג, אַזוי צו זאָגן, געווען דער טאַטע פון אַ יידישן נאַטוראַליזם. וועגן ווייסנבערגס ראָל און זיינע פאַרדינסטן אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך וועגן אים פּערזענלעך און די אויסוועגלאָזיקייטן פון זיין שאַפן האָב איך אויף אַנדערע ערטער אַ סך מאָל גערעדט און איך וויל מיך נישט איבערחזרן. אינטערעסאַנט איז, אַז אין ווייסנבערגן איז געקומען אַ גרויסער איבערברוך. שפּעטער האָט ער אינסטינקטיוו דערפילט זיין קינסטלערישע טראַגעדיע און מיט אַלע כוחות האָט ער געפּרווט צוצושווימען צו אַ ברעג.

אין ווייסנבערגן האָט זיך אָבער נוקם געווען זיין קולט פאַרן גאָר פּרימיטיווסטן. ער אַליין האָט אויך גאָרנישט געטאָן אַרויפצושטייגן העכער אין פאַרטיפונג. ווען ער האָט עס אָנגעהויבן טאָן איז שוין געווען פאַר אים צו שפּעט — און ער איז פאַרקראָכן אין אַזעלכע בויבעריקס ווו ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן.

י. ל. פּרץ איז געווען טויט. די אויטאָריטאַטיווע פיגור וואָס איז געשטאַנען איבערן קאָפּ פון יעדן יידישן שריפטשטעלער אין פּוילן איז מער נישט געווען. אויב די יידישע ליטעראַטור אין פּוילן איז געוווינט געווען צו אַ רבי, האָט זיך די מאַניע צו זיין אַן אויטאָריטעט און אַ רבי לייכט אַריינגעכאַפּט אין די קעפּ אויף וועלכע מען האָט אַמאָל געלייגט גרויסע האָפענונגען. מיט פיל האָפערדיקייט האָבן זיי זיך דערמאָנט וואָס פּרץ האָט געהאַט אַמאָל וועגן זיי געזאָגט און מען האָט אָנגעהויבן אויסצומינצן אַ סך נישט־דערפילטע צוזאָגן. עס זיינען אויסגעוואַקסן מאַכט־אַמביציעס. דער גרויסער באַלעבאָס איז געלעגן אויפן גענשער בית־עלמין — און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מחלוקה וועגן דער ירושה.

י. מ. ווייסנבערג האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו ווערן אַ פּרעטענדענט אויף אַ פּירערישער פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור.

באַלד ווי פּרץ איז געשטאָרבן און די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, האָט זיך אָנגעדויבן דער גרויסער אימפּעט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. אויך ווייסנבערג איז מיטגעריסן געוואָרן. אין אים האָט זיך געוועקט אַ דראַנג צו אַ גרויסער טעטיקייט. זיינע גייסטיקע האָריזאָנטן פאַר דער וועלט זיינען אָבער געווען באַגרענעצטע. אינטעלעקטועלע באַגרענעצטקייט פאַר אַ קינסטלער איז נישט

בלויז וואָס עס באַגרענעצט זיינע מעגלעכקייטן. עס איז נאָך ערגער: זיינע שאַפּערישע אייגנשאַפטן, זיינע אַנונגען און פאַנטאַזיע פאַרוואַנדלען זיך דורך דער באַגרענעצטקייט אין בלומען וואָס וואַקסן אין דער פינצטערניש. פון בלומען אין דער פינצטערניש ווערן דערנער און ווילד־גראָז. עס וואַקסן אויס פּאַטאַלאָגישע פאַרפלאָנטערטקייטן וואָס בינדן דעם קינסטלער הענט און פיס און מאַכן פון אים אַ תל־עולם.

ווייסנבערג האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ פאַרלעגער. ווייסנבערג האָט זיך אויף אַן אומגליקלעכן אופן אַרויפגעזעצט אויף דעם ליידיקן שטול וואָס איז געבליבן נאָך פּרצן — און ער האָט אָנגעהויבן אויסצוטיילן „סמיכות".

צווישן די פאַרביטערטע און געקריוודעטע ליטעראַרישע אָנפאַנגער האָבן נישט געפעלט קיין בעלנים צו באַקומען „סמיכה". אויפן ליטעראַרישן הימל פון נייעם פּוילן האָבן זיך אַ יאווע געטאָן אָן אַ שיעור דיכטער, עסעיסטן, קריטיקער און נאָוועליסטן וואָס האָבן זיך געשאַרט אַרום איטשע מאיר ווייסנבערגן און געפּאָכעט מיט זיין אָנערקענונג.

דערצו האָט ווייסנבערג פאַרלאָזט זיין אַמאָליקן נאַטוראַליסטישן זשאַנער און זיך גענומען צוגעבן „מוסטערן" ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן ליטעראַטור ווערליק זיינע — ווייסנבערגס — השגות. ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו פאַרגוואַלדיקן דאָס אַבסטראַקטע און מעטאַפיזישע, אויף וואָס ער האָט זיך לחלוטין נישט געקענט. מען קאָן דאָך נישט אַריינגיין מיט פאַרמאַכטע אויגן אין די העכערע טונקלענישן פון מענטשלעכן געמיט. מען קאָן נישט אַריינקומען ווי גאָר אַ פרעמדער אין די ווונדערלעכע איבער־היכלות וואָס עפענען זיך איבער אַלעווירקלעכקייטן. ווו עס הייבט זיך אָן דאָס אויפלויכטנדיקע נ י ש ט־וו י ס ן — דאָרט גראָד קאָן מען קיין טריט נישט טאָן אָן אַ ס ך וו י ס ן. מען קאָן דאָרט לייכט ברעכן דאָס געניק. די געטער נעמען צו דעם שכל ביי דעם, וואָס ווייסט נישט ווי מען דאַרף אויף זיי קוקן.

ווי יעדער קינסטלער האָט ווייסנבערג מן־הסתם געהאַט אַנונגען פון דעם אַלצדינג. אַנונגען, אַז די וועלט לאָזט זיך נישט אויס אין די אונטערשטע דערשיינונגען פון אירע פּרימיטיווע נאַטוראַליסטישע ווירקלעכקייטן, און אַז דווקא אין די געשטאַלטונגען פון פאַנטאַזיע און מחשבה — דאָס הייסט, אין די אַספּעקטן פון אַ העכערער און קלאָרערער דערקענטעניש — עפענען זיך פאַר דער וועלט נייע וועגן. זי ווייזט זיך אונז דאָרט אין נייע ליכטער.

# פאַול טרעפּמאַן

## ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער



ניט אַלעמאָל האָט זיך געטאָן חושך אויף דער גנאַינע גאַס; נישט אַלעמאָל האָט מען דאָרט געשריען און זיך געדונגען; נישט יעדן טאָג האָבן הונגעריקע געיאָמערט און בעטלערס געשנאָרעט אַ נדבה; נישט אַלעמאָל האָבן שטאַרקע יונגען, שלאָגנדיק איינער דעם צווייטן, אונטערגעהאַקט זיך די זייטן. נישט אַלעמאָל האָבן סוחרים אַרויסגעוואָרפן נדבה־גייערס; נישט תמיד האָבן פוילישע פּאָליציאַנטן פאַרפּאָלגט די גאַסן־הענדלערס און נישט אַלעמאָל האָבן הונגער און עלנט, שמחות און לויות, משפחה־טראַגעדיעס און דערהויבענע מאָמענטן איינגעצוימט דאָס לעבן פון די גנאַינע־איינוווינער אין די מויערן פון זייער הערשאַפט, פון זייערע געזעצן און קאָדעקסן.

געקומען זיינען אויך אַזעלכע טעג, וואָס האָבן אָראָפּגעשליידערט די פינצטער־קייט פונם גנאַינע־פּנים און פאַרוואַנדלט דאָס שווינדזוכטיקע געסל אין אַ קדש־קדשים, אין אַ היכל פון וועלכן ס׳האָט געשטראָמט יום־טוב׳דיקייט, הימלישע געליי־טערטקייט. אין אַט די מאָמענטן האָבן זיך די אָפּגעשליסענע ווענט פון די הייזער באַצירט מיט בגדי מלכות, די איינוווינער האָט אַרומגענומען דער עמוד־האש פון יידישער אייביקייט, די שטיינער האָבן זיך פאַרביטן אין בית־המקדש־טעפּיכער און די לופט האָט געשמעקט מיט ריח־ניחוח פון בית־המקדש׳דיקער פייערלעכקייט.

אַזעלכע מינוטן און טעג האָט די גנאַינע גאַס איבערגעלעבט, ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער קאָזשעניצער רבי, ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער, וועט זיך באַזעצן ביי זיינס אַ חסיד אין הויף נומער דריי.

די ידיעה האָט אַרומגעכאַפּט אַלע איינוווינער. איבערגענומען מיט דער בשורה, האָבן די טרעגערס באַשלאָסן מער נישט אַרויסצוברענגען פון זייערע מיילער געמיינע רייד די רעשיקע, קינדערישע הויף־שטיפערס זיינען כסדר באַרויקט געוואָרן דורך זייערע עלטערן. די בעלי־עגלות האָבן אָפּגעקילט זייער פּורמאַנישן טעמפּעראַמענט בעתן אָנטרייבן די בייניקע פערד מיט „העיטאָ — וויאָ״. וויבער האָבן מיט אַ פרומען געזיכט־אויסדרוק געגלאָצט די אויגן אַרויף, דאַנקנדיק דעם „טאַטן אין

---

פאַול (פּנחס) טרעפּמאַן — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1916. געלערנט אין ראַבינער־סעמינאַר „תחכמוני״. אין די יאָרן פון דריטן חורבן דורכגעמאַכט שבעה מדורי גיהנום. אין 1948 געקומען, דורך בערגען־בעלזען, קיין מאָנטרעאל. אין 1949 אַרויסגעגעבן זיין זאַמלונג „אַ געסל אין וואַרשע״. טרעפּמאַן, אַ לערער פון פּראָפעסיע, איז אַן עכט וואַרשעווער קינד. זיינע זכרונות ממש בעלעטריסטישער דאָקומענט.

הימל״ פאַר דער גרויסער זכיה, באַערט צו ווערן מיט אַזאַ הייליקן שכן, ווי ס׳איז געווען דער קאָזשעניצער רבי.

אין איינעם אַ פאַרמיטיק האָט זיך די בשורה פאַרווירקלעכט. עס איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג פונעם שאַרען גנאַינע לעבן. ר׳ אַרעלע ז״ל איז אַריינגעפאָרן אין הויף אַריין אויף אַ יידישער דראָזשקע, וועלכע האָט שיר נישט אויפגעפלאַצט פון דער שווערער משא שמשים, וואָס זיינען נישט אָפּגעטרעטן פונם רבין אויף אַ טראָט. הינטער אים זיינען נאָכגעפאָרן קרוב אַ צענדליק דראָזשקעס מיט חסידים, רביישע מאַרשאַלן, וועלכע האָבן צוזאַמען געבילדעט די גוואַרדיע פונעם קאָזשעניצער הויף. אויס דרך־ארץ צום רבין האָבן די סוחרים פאַרמאַכט זייערע געשעפטן, דער פוילישער הויף־סטרוזש איז אין אַ בהלהשן הענדום־פענדום אַריינגעלאָפן צו זיך אין דער סטרוזשוווקע, די טרעגערס האָבן מיט יראת־הכבוד איינגעהאַלטן דאָס פערד פון דער דראָזשקע, ס׳זאָל דעם רבין חלילה גאָרנישט געשען ביים אַרויס־שטייגן. זייערע אייזערנע דלאָניעס האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס געפּעק און אַרויפגעוואָרפן עס אויף די פּלייצעס און מיט דראָונגען צו די נייגעריקע, זיי זאָלן מאַכן מער דורכגאַנג־אָרט, זענען זיי פּשוט אַרויפגעפלויגן אויפן צווייטן שטאָק פון דער מיטל־געביידע אויף דער גנאַינע דריי, ווו דער רבי איז איינגעשטאַנען.

דער רבי, וועלכער איז אַריבער שוין די דרייסיקער, האָט געשטראַלט מיט הייליקייט. זיין פּנים איז געווען יונג און רויטלעך, זיינע אויגן — צוויי בריליאַנטן, וואָס האָבן פאַרלויכטן דעם אַרום. די באָרד איז געווען ביי אים נישט לאַנג, דאָס געזיכט רונדיק, די פיגור סימעטריש אויסגעטאָקט און שיין געבויט און אויפן גאַנצן געשטאַלט פון ר׳ אַרעלע האָט ממש די שכינה גערוט — האָבן ווייבער נאָכגעזאָגט די באַהויפּטונגען פון זייערע מענער.

ווען דאָס געפּעק איז שוין רויק געלעגן אין דער ווינונג, איז דער רבי מיט דער לייכטקייט פון אַ ייִנגל, אויסגעשטיגן פון דער דראָזשקע, צוגעגאַנגען צו „הערשעלע היימלאָזער״, דעם מלך פון די טרעגערס, און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס. ער האָט אים אויסגעפרעגט וועגן זיין פרנסה, וועגן זיינע בני־בית און וועגן זיין פאָטער עליו־השלום. ביים שלוס פונם שמועס האָט דער רבי דערלאַנגט הערשלען אַזאַ פייערדיקן פּאַטש, אַז די גנאַינע דריי האָט לאַנג, לאַנג אים געהערט. דער פאַרזאַמלטער עולם, וועלכער האָט צוליבן געדראַנג נישט געקאָנט זיך צוהערן צום שמועס צווישן רבין און דעם טרעגער־מלך, האָט זיך געוואָלט מיט פויסטן וואַרפן אויף הערשעלען מיינענדיק, אַז ער האָט מיט עפּעס אַ נישט־פּאַסיק וואָרט באַליידיקט דעם קאָזשעניצער. דער רבי האָט זיך גאָרנישט געמאַכט פונעם אַנטשטאַנענעם גערודער און איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג צום הויז, וועמענס שטיגן ס׳האָבן געפירט צו זיין נייער ווינונג. ביי די שטיגן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און ווידער אַמאָל דערלאַנגט, אָבער דאָס מאָל אַ שטאַרקערן פּאַטש, דעם אָנגעזעענעם פעדערן־סוחר יצחק סטודניבאָרעק.

אַזאַ מין ערשטער צוזאַמענטרעף מיטן קאָזשעניצער רבין האָט איבערגעלאָזט אַ פיינפולן איינדרוק אויף די יידן פון גנאַינע דריי.

אַ טייל יידן, די מער פרומע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט רביישע ענינים, זיינען נאָך פון פריער געווען אינפאָרמירט וועגן די מנהגים פון ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז דער רבי האָט אין זיין קינדהייט

געליטן אויפן קאָפּ און שיר טאַקע פאַרבליבן חסר דעה. די קאָזשעניצער חסידים זיינען מיט אים אַרומגעפאָרן צו די גרעסטע און באַרימטסטע פּראָפעסאָרן, צו געניאַלע פּסיכיאַטאָרן, וועמען ס׳איז דאָך געלונגען צו דערהאַלטן דעם רבין ביים נאָרמאַלן צושטאַנד. ס׳איז אים נאָר פאַרבליבן פון יענע יאָרן אַ ווילדקייט, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין רייסן נעז, אין פּאַטשן און קנייפּן. און גליקלעך איז געווען דער יעניקער, וועלכער האָט באַקומען פונם רבין אַ מתנת־יד. דער געשלאָגענער וועט זיכער רייך און גליקלעך ווערן, און אויב ער איז קראַנק, וועט ער בעזרת השם יתברך ווערן אויסגעהיילט. אַזוי שטאַרק איז געווען דער גלויבן אין זיינע פּעטש.

אַנדערע האָבן ווידער דערציילט, אַז דעם רבינס ווילדקייט איז אים פאַרבליבן אַלס זכר פון צו פיל לערנען. דער רבי איז אַ גאון בדורו, אַ זשעני אין לערנען און זיין מוח איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטורעמדיקן תורה־קוואַל, וועלכער איז נאָך דורך קיינעם נישט איינגעהאַלטן געוואָרן און אוודאי נישט דורך אַ יחיד, מעג עס זיין דער קאָזשעניצער אַליין. טעג און נעכט, חדשים און יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אויף דער גמרא־באַנק, אויסמיידנדיק די פּאַסירונגען און ענינים פון דער אַרומיקער וועלט. ווען ס׳האָבן זיך ביי אים געיאַוועט די ערשטע סימפּטאָמען פון זיין אומגעצוימטקייט, האָט דער פאָטער זיינער און די אָנגעזעענסטע חסידים, געוואָלט אים אויף אַ צייט אָוועקרייסן פונם ספר. אָבער ר׳ אַרעלע האָט זיך נישט אונטערגעגעבן זייערע פאַרלאַנגען און נאָך מער זיך פאַרטיפט אינם נישט־דערגרונטעוועטן ים פון תורת־ישראל. און שליסלעך האָט פּאַסירט דאָס, וואָס דאָקטוירים האָבן פאָרויסגעזאָגט און פאַר וועלכן מען האָט זיך אַזוי געשראָקן.

אָבער דער ברייטער עולם גנאָינע־איינוווינער האָט גאָרנישט געוווּסט פון די אַלע קלאַנגען און האָט מיט אַ ציטער אין האַרצן, מיט שרעק און מיט שלעכטע נביאות אויפגענומען דעם קאָזשעניצער רבין.

יאָרן־לאַנג האָט דער קאָזשעניצער געוווינט אין אָטוואָצק, אינם הערלעכן קור־אָרט ביי וואַרשע, וועלכער האָט געשמט פון זיינע סאָסנע־וועלדער און געזונט־מאַכנדיקער לופט. דאָס זאַטע, זאָרגלאָזע און רייכע אָטוואָצק האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן דעם רבין ביי זיך. דעם רבינס הויף איז אַריינגעפאַלן אין חובות, זיין רעזידענץ איז ליטיצירט געוואָרן און ר׳ אַרעלע האָט געמוזט פון דאָרט אַוועק אין דעם ווירבלדיקן, שרייענדיקן און רוישיקן וואַרשע. די אָטוואָצקער יידן האָבן לאַנג, לאַנג באַדויערט דעם רבינס לך לך. מען האָט צוליב דעם פאָרויסגעזען שלעכטע צייטן פאַרן יידישן אָטוואָצק, מען האָט מורא געהאַט, אַז אויף דעם אָרט, ווו דער רבי האָט געהאַט זיין וויללע, וועלן זיך באַזעצן פון הימל אַראָפּגעשיקטע גייסטער, וועלכע וועלן זיך נוקם זיין פאַרן רבינס עוולה, פאַר דער היימלאָזיקייט פונם בלוט־יורש פון אַלטן קאָזשעניצער מגיד.

גנאָינע גאַס האָט מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען דעם רבין אָט דאָס טייערע געסל, דער בינשטאָק פון יידישן דלות און נויט, די מויערן, וועלכע האָבן זייט יאָרן זיך צוגעהערט נאָר צו האַרץ־רייסנדיקע קרעכצן, דער איין־און־איינציקער טראָטואַר, אויף וועלכן ס׳האָט זיך אַרומגעוואַלגערט דאָס בילד פונם פּוילישן יידנטום —

גנאָינע איז געווען שטאָלץ און איבערפולט מיט גאווה, וואָס אויף אירע שטיינער באַוועגן זיך די טריט פון אַזאַ הייליקן ייד, פון דעם קאָזשעניצער רבין.

אָנדערהאַלבן יאָר האָט ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער געוווינט אויף גנאָינע דריי, אַכצן חדשים — און וואָס פאַר אַ פּילפּאַרביקייט, וואָס פאַר אַ הייליקייט, התרוממות הנפש און גדלות די צייט האָט אַראָפּגעבראַכט אויף דעם דאָזיקן געסל. אַלע זיבן הייזער, אַלע לאָקאַטאָרן פון די קאַמיעניצעס האָבן מיטגעלעבט מיט דעם דאָזיקן געשעעניש. און עס איז געווען אַ געשעעניש — פאַר גאַנץ וואַרשע און נישט בלויז פאַר אונדזער געסל.

עד סוף כל הדורות וועלן לעבן אין מיין זכרון אָט יענע בילדער, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן קאָזשעניצער רבין פון דער גנאָינע גאַס.

שבתים — קיין שענערע האָב איך נישט געזען און נישט מיטגעמאַכט ווי די, ווען היטלעך זענען געפלויגן פון פענצטער, ווען פּעטש האָבן פאַררויטלט חסידישע באַקן, ווען יידן מיט צעשעדיקטע נעז זיינען געלאָפן אַהיים נאָך אַ רפואה. מיר זיינען נאָך דעמאָלט געווען גאָר יונגע ייִנגלעך. נאָכן עסן ביי זיך אינדערהיים, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן פון די שטיגן און געלאָפן צום רבישן טיש. פאַרשטייט זיך, אַז די שמש־האַנט האָט פאַר אונדז פאַרשפּאַרט דעם אַריינגאַנג אין צימער, ווו ביי אַ לאַנגן טיש איז געזעסן דער רבי מיט זיינע חסידים. דאָס צימערל איז געווען ענלעך צו אַ קעסטל, אַזוי קליין און ענג איז דאָרט געווען און מיט גרויסע שוועריקייטן האָט עס קוים אַריינגענומען די צוויי מנינים יידן. האָבן די שפּעט־געקומענע געמוזט טאַקע שטיין אין דער קיך און אין הויז און איבער די קעפּ פון די ראשונים אַריינכאַפּן אַ בליק כאָטש צו דעם, וועמענס נאָמען איז זיי אַזוי טייער געווען. פלעגן מיר ייִנגלעך זיך אַדורכשמוגלען צווישן די חסידישע פיס, באַגנבענען דעם שמש׳ס שמירה און אַוועקזעצן זיך ביים ווינקל הינטערן טיש, דאָרט אין רבינס צימער.

זייער אָפט האָט פּאַסירט, אַז דער רבי איז דעם גאַנצן שבת נאָכמיטיק געזעסן מיט זיינע חסידים ביים טיש און נישט אַרויסגערעדט קיין איינציק וואָרט. אַ גאָטפאָרכטיקע שטילקייט האָט געהערשט אין אַזעלכע מינוטן אין דעם צימער מיט אַ בין־השמשותדיקן אָפּשיין. זויי איז געווען צו דעם, וואָס האָט נישט באַוויזן איינצוהאַלטן זיין אַסטמע און אַ הוסט געטאָן. די חסידים האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אין די שטומע מינוטן טרעפט זיך ר׳ אַרעלע מיט זיינע נפטר געוואָרענע גרויסע פאָרגייערס און בעט ביי זיי רחמים פאַרן געשלאָגענעם פאָלק ישראל. נאָך אַזאַ שטילקייט פלעגט דער רבי צורופן איינעם פון די חסידים, געהייסן אים גלייך שטיין און געשלאָגן אים ביז ס׳בלוט האָט אים באַמאָלט דאָס געזיכט און די באָרד. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט איין חסיד, האָט ער צוגערופן צו זיך אַ צווייטן און איבערגעחזרט מיט אים די זעלביקע הלכה. און דער צעשלאָגענער איז געווען אין די הימלישע הויכקייטן, ער האָט דערפילט דעם טעם גן־עדן, עס האָט אים געקוויקט דער שטאָלץ, וואָס גראָד אים האָט דער קאָזשעניצער רבי היינט געשלאָגן. קיינמאָל האָבן פּעטש אַזוי מחיהדיק נישט געווירקט ווי די, וואָס ר׳ אַרעלע האָט דערלאַנגט זיינע חסידים, וועלכע האָבן דערין געזען אַן אצבע אלקים.

געווען זיינען אויך אַזעלכע שבתים, ווען דער רבי האָט גערעדט תורה, געשמייכלט און דערציילט וווּנדער פון זיינע באַרימטע אבות. יענע שבתים פלעגט

ער זיך אויפהייבן פון זיין כסא, אַרומגיין איבערן חדר צווישן די חסידים און אַראָפּוואַרפן זייערע היטלעך דורכן פענצטער. עס זיינען דעמאָלט געפלויגן פּוילישע היטעלעך, יאַרמולקעס און הוטן. די ווייבער האָבן געקוקט דורך די פענצטער און איבערווינקענדיק זיך דערציילט איינע דער אַנדערער, אַז די שכינה האָט זיך שוין ווידער באַזעצט אויפן רבין.

מיר ייִנגלעך האָבן געלעכצט נאָך אַזעלכע שבתים, ווי אַ דורשטיקער וואַרט אויף אַ צוגעזאָגטן טרונק וואַסער. אונטער דער קאָמאַנדע פון אונדזער עלטסטן, פונעם ייִנגלערישן קיניג האָבן מיר צונויפגעקליבן די היטלעך און זיי גוט אויס־באַהאַלטן אין אונדזערע קעלערן. די חסידים פלעגן אַראָפּקומען צו לויפן אין די הוילע קעפּ און זיך בעטן מיט טרערן אין די אויגן, מיר זאָלן אומקערן זייער קאָפּ־צודעק. זיי ווילן נישט פאַרפעלן — האָבן זיי אַפּעלירט צו אונדזער געוויסן — קיין איין וואָרט פון רבינס דרשות. זיי וועלן אונדז מאָרגן גוט באַלוינען, ברענגען צוקערלעך און אַפילו שאָקאָלאַדע, אַבי מיר זאָלן זיך נישט נאַריש מאַכן און צוריקגעבן זיי דאָס, וואָס דער רבי האָט אָנגערירט מיט זיין פינגער. מיר זיינען אָבער פאַרבליבן פאַרעקשנט און זייערע בקשות האָבן אויף אונדז נישט געמאַכט דעם מינדסטן איינדרוק. זיי האָבן געמוזט לויפן אַהיים. אָן היטל האָט דאָס טיש־זיצן דאָך נישט געהאַט קיין צוועק... האָט זיך געראַיעט אין יענע שבתים אויף דער גנאַינע גאַס פון חסידים אין סאַמעטענע קאַפּאָטעס, אין שטיוול, מיט בערד און פאות, וואָס זיינען אַרומגעלאָפן איבערן הויף און איבער דער גאַס בגלוי־ראש. קיינער האָט זיי די עבירה נישט גענומען פאַר שלעכט, קיינער האָט זיי דערפאַר נישט געזידלט, ווייל אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס זיינען חסידים פון ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער. אין די זונטיקן נאָך אַזעלכע שבתים האָבן מיר איינגעאָרדנט אַן אויספאַרקויף פון היטלען. די חסידים זיינען צו אונדז אַראָפּגעקומען מיט זיסוואַרג, ווער מיט אַ פּאָמעראַנץ, ווער מיט אַ פּאָר גראָשן און צוריקגענומען די הייליקע אבידה. יעדער איינער פון זיי האָט געמוזט דערקענען זיין אייגנטום, זיין היטל אָדער יאַרמולקע און אַ צופרידענער זי גענומען מיט קדושה אין דער האַנט אַריין. ס׳האָט אויך פּאַסירט, אַז די חסידים האָבן פאַרטוישט זייערע היטלעך, איינער האָט באַקומען דעם אַנדערנס היטל אָדער יאַרמולקע, זיינען דאַן ווידער אַנטשטאַנען סקאַנדאַלן, רעקלאַמאַציעס, אָבער מיר האָבן זיך שוין דעמאָלט געהאַט אויסבאַהאַלטן פאַר זייערע קלעפּ און פאַר שמיץ פון אונדזערע טאַטע־מאַמע.

דער הויף אונזערער איז תמיד פול געוועזן מיט פורן. דאָ האָבן זיך אויפגע־האַלטן פּראָווינצער שפּיליטערס, וועלכע זיינען אויסגעדונגען געוואָרן דורך סוחרים איבערצופירן משאות פון דער פּוילישער מעטראָפּאָליע. ביז איבער די קנעכלעך האָט מען טיילמאָל געטראָטן אין פערדיש אָפּפאַלעכץ און אין אויסגעשאָטענעם האָבער. נאָר מיט אַקראָבאַטישע קונצן האָט מען געקענט אַדורכגיין דעם הויף.

ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער האָט זיך גוט באַפריינדעט מיט די בעלי־עגלות פון גנאַינע דריי. ער פלעגט זיי זידלען און שלאָגן, שמועסן מיט זיי און לאַכן. נישט איינמאָל האָבן מיר אים געזען, זיצנדיק אויף אַ פלאַטפאָרמע און נעבן אים עטלעכע פורמאַנעס, וועלכע האָבן מיט גרויס דרך־ארץ צוגעהערט זיך צו זיינע רייד. אַן אומפאַרגעסלעך בילד — דער קאָזשעניצער רבי אויף אַ געזעס פון אַ פלאַטפאָרמע אין דער סביבה פון באַרימטהייטן פון גנאַיגער טרעגערס און אַפילו גנבים. דאָס

בילד האָט פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל עקזאָטיק, אַזויפיל נישט טאָג־טעגלעכקייט, אַז אַ סך יידן האָבן דערין דערבליקט געטלעכקייט.

עס איז זיך פאַרלאָפן, אַז אַ פוילישער פּאָליציאַנט האָט פאַרהאַלטן אַ גאַסן־הענדלער און געשלעפּט אים אין קאָמיסאַריאַט אַריין. דעמאָלט איז גראָד פאַרביי־געגאַנגען דער רבי, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם פּאָליציאַנט, פריי־געלאָזט דעם הענדלער און באַקומען נאָך אַ סאַלוט פונם גראַנאַטענעם אָרדענונגס־שומר. אַז דאָס איז דער פאַרלאַנג פונם „פּאַן ראַבין”, איז נישטאָ אַזאַ געזעץ, וואָס זאָל זיך קעגן אים אַנטקעגנשטעלן — האָט דער פּאָליציאַנט פייערלעך דערקלערט. אויך פאַר אים איז געווען אַ זכות צו שטיין אין רבינס ד׳ אמות, ווייל דער שם פון קאָזשעניצער רבין איז אויך אַריינגעדרונגען אין די גוישע גאַסן.

די גנאָינע גאַס האָט אויף אַ נגידישן אופן מיטגעפייערט מיט אירע רייכע שוועסטערס, די וואָלע, פראַנצישקאַנער און מוראַנאָווסקע דעם יום־טוב איבער אַלע יום־טובים, דעם חג־הפסח. שוין אַ חודש פאַר פּסח האָבן זיך אין די „וויסטאַוועס” באַוויזן פלעשער ווייַן פון כלערליי אויפגעקומענע גיסערייען און די אַלע פלעשער האָבן גאַוודיק אַרויפגעקלעפּט אויף זייערע טונקעלע גופימלעך די בלוי־ווייסע צעטעלעך מיטן אויפשריפט „כשר לחג הפסח”. די בעקערייען זיינען געמאָלט און געוואַשן געוואָרן און נאמנים, פּסח ספּעציאַליסטן האָבן מיט אַ קאַטעגאָרישער ערנסטקייט דורכגעזוכט יעדעס ווינקעלע, יעדעס שטעגעלע פון די ברויט־גן־עדנ׳ס אויף גנאָינע. יידן האָבן געטראָגן מצות. די באַלעבאַטישע יידן האָבן אַריינגעלייגט די לחמא־עניא אין ציכלעך, אָדער אין ספּעציעלע צו דעם צוועק אויפגענייטע ווייס־לייוונטענע טאָרבעס; אַנדערע האָבן מיט יראת־הכבוד געטאַסקעט ווי גאַנצע טורעמס די צען־קילאָדיקע מצה־פּעקלעך מיט דער עטיקעט פון „בראָקער”־אויסאַרבעטונג; די גאַנץ פרומע פלעגן אויפשטיין באַגינען און לויפן צו זייערע „פּונקטן” וווּ מצה־שמירה איז געבוירן געוואָרן אין שרעקלעכע יסורים. אויפן געסל האָבן זיך באַוויזן מאַקע־רונען, מצה־מעל און ניס, ווייסער לעקעך און ברוינער געקאָכטער צוקער געפּילט מיט רבי־ניסלעך. ווייבער האָבן געוואַשן וועש, געיאָגט מיט אַ טשעפּאַק דעם שטויב פונם בעטגעוואַנט, געקאַלעכט די קיכן; שניידערס האָבן געשוויצט פון אַרבעט און שוסטערס האָבן אין איילעניש גענאָגלט אַלטע שיך און גענייט נייע פּאָדעשוועס איבער גנאָינע האָבן מאַרשירט פּסחדיקע זינגערס, מיט גרויסע בלעכענע קעסלען קאָכעדיק וואַסער, אויסזינגענדיק דעם סקאַרבאָוועץ ערב־פּסח מזמור:

— יידן, צו כשרן, צו כשרן. אַלץ ווערט געכשרט, יינגלעך, מיידלעך, ווייבלעך.
דער קעסל קאָכט און וויל נאָך. טראָגט אראָפּ טעפּלעך, לעפל, שיסלען, גאָפּל.
די גנאָינע האָט זיך געליבט אין דעם דאָזיקן געזאַנג.

אין יענע טעג פלעגט ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער פּשוט וווינען אויפן הויף אָדער אויף דער גאַס. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די בעקערייען, צוגעגאַנגען צו די בעלי־בתים און זיי אויסגעפרעגט, צי אַלץ איז געכשרט און אויב די בעקעריי וועט חלילה נישט אַרויסלאָזן חמצדיקע מצות. דעם אייגנטימערס ענטפער האָט אים קיינמאָל נישט באַפרידיקט. ער איז אַליין אַריין צו די וועלגערס און ווען איינער פון זיי האָט ביי אים נישט נושא־חן געווען, אָדער, ווען אַ נאמן האָט נישט גוט אַכטונג געגעבן און גראָד האָט אים דער רבי געפּאַקט, זיינען ווידער פּעטש געפלויגן פון זיין הייליקער האַנט. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט איין אינספּעקציע

איז ער געגאַנגען צו אַ צווייטער. אויפן צווייטן פונקט פון זיינע אינספּעקציעס; דער צווייטער ציל פון זיינע בדיקות זיינען געווען די וויין־געשעפטן. ווי עס וואָלט נעכטן געווען, אַזוי גוט געדענק איך, ווי ר׳ אַרעלע איז אַריין אין וויין־געשעפט פון פאַרצייג אויף גנאַינע 11 און צעטראַסקעט אַ גאַנצע פאַך מיט פלעשער, ווייל... קיינער האָט נישט געקאָנט די סיבה. דער רבי האָט זיך נישט אַנטשולדיקט, ער האָט קיינעם נישט אָפּגעגעבן קיין באַריכטן פון זיינע מעשים. די גייענדיקע כשרנ־דיקע אַנשטאַלטן, די יידן, וואָס האָבן אויף זייערע אויסגעמאָגערטע אַקסלען געטראָגן די ריזיקע, אונטערגעהייצטע קעסלען מיט קאָכעדיק וואַסער, האָבן אויך נישט איינמאָל אָפּגעשניטן פון אים אַ מיאוסן פסק. געטראָפן האָט אַמאָל, אַז אַזאַ ייד האָט איינגעטונקען די כלים אין וואַסער, ווען דער קעסל האָט נאָך נישט געהאַט געקאָכט. ווען דער רבי האָט באַמערקט די דאָזיקע עבירה, האָט ער צוגערופן זיין שמש צו הילף און איבערגעקערט דעם גאַנצן קעסל מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַ פּאַרע האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן פונם אויסגעגאָסענעם וואַסער און ר׳ אַרעלע איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין וועג ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט

האָט די גנאַינע גאַס טאַקע געציטערט פאַר די בדיקות פון ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער. די קעסל־יידעלעך האָבן אויסגעמיטן דאָס קליינע געסל, ווייל דאָ האָט געוועלטיקט דער רבי, וועלכער האָט פאַרקלענערט זייער ערב־פּסחדיקע פּרנסה.

אויך אינם ל״ג־בעומר־טאָג איז די גנאַינע גאַס געשטאַנען אונטערן צייכן פון ר׳ אַרעלע קאָזשעניצער. אין דעם טאָג פון אבל־סוף און גבורה, האָט דער רבי פאַרזאַמלט אַ פינף מנינים חסידים און באַשלאָסן אַרויסצופאָרן הינטער וואַרשע, בכדי זיך צו באַהעפטן מיט דער נאַטור און מיטן גייסט פון ר׳ עקיבא מיט זיינע תלמידים און פּראַווען התבודדות אין די היילן פון דער פאַרוואָרצלטער יידישער טראַדיציע. וואַרשע האָט געפייערט דעם ל״ג בעומר אין מאַרימאָנט, אַ קליין מאָלעריש דערפל ביי דער ווייסל, אַ נעסט פון ציגיינער און געדיכטע וועלדער, וואָס איז געלעגן אויף אַ מרחק פון פופצן קילאָמעטער פון דער שטאָט. דער טראַמוויי נומער פופצן האָט אין ל״ג בעומר שווער געהאָרעוועט, געשוויצט און שיר נישט איינגעזונקען געוואָרן פון די גרויסע טראַנספּאָרטן יידן, יידישע יוגנט, וואָס האָבן געשטראָמט קיין מאַרימאָנט.

די שווערע מאַטעריעלע לאַגע האָט נישט דערלויבט דעם רבין צו דינגען אַן אויטאָ אויף ל״ג בעומר. און באַשטעלן אַ טראַמוויי אין דער שטאָט־דירעקציע האָט געהערט צו זייער קאָמפּליצירטע ענינים. איז דער רבי מיט זיינע תלמידים אַרויסגעגאַנגען צום „פאַרן אייזערנעם טויער״, אַוועקגעשטעלט זיך וואַרטן אויף אַ טראַמוויי און ווען דער רויטער גאַסן־צוג איז אָנגעקומען, איז די גאַנצע חסידישע געזעלשאַפט מיטן רבין בראש אַרויף אין צווייטן וואַגאָן אַריין, נישט פרעגנדיק קיינעם קיין שאלות. דער קאָנדוקטאָר האָט געשריען, געדראָט, באַוויזן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אָרט, אָבער דער רבי האָט אַרונטערגעבעטן עטלעכע גויישע געסט און אַוועקגעזעצט זיך מיט זיין שמש, ווי דער פּלאַץ וואָלט געווען פאַר אים שוין פון לאַנג צוגעגרייט. דער טראַמוויי האָט זיך דערווייל נישט גערירט פון אָרט, ווייל די לאָדונג איז געווען אַ צו שווערע פאַר זיינע כוחות. ווען דער קאָנטראָליאָר איז אַרויפגעקומען זען וואָס דאָ האָט פּאַסירט, האָט דער רבי געהייסן אים זאָגן, אַז ער זאָל אַרויסבעטן אַלע פרעמדע געסט, ווייל זיי טאָרן זיך נישט געפינען אין

אין וואַגאָן מיט די חסידים. דער קאָנטראָליאָר האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר און איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז דאָס איז דער „פאַן ראַבין סאַם", האָט דער מונדירטער גוי טויזנט מאָל זיך אַנטשולדיקט פאַרן רבין און איבערגעבעטן די געסט אין ערשטן וואַגאָן אַריין. די חסידים האָבן זיך באַקוועם פאַנאַנדערגעזעצט אין טראַמוויי און צעזונגען זיך הויך אויפן קול, ווי דאָרט, אין רבינס חדר. זייער די פאָליאקן טאַקע געשטאַנען פאַרווונדערטע, געשאָקלט מיט די קעפּ און צוגעקוקט זיך צום זינגנדיקן טראַמוויי, וועלכער האָט אונטער די קלאַנגען פון חסידישע ניגונים אַריינגעראָלט נאָך מאַרימאָנט.

דער קאָזשעניצער רבי ר' אַרעלע האָט צוגעגעבן דעם געסל גנאָינע אַן אייגנ־אַרטיקן טעם, אַ יום־טוב'דיקן לבוש. און גנאָינע איז געוועזן שטאָלץ, וואָס צווישן אירע מויערן אָטעמט אַזאַ הייליקע נשמה, אַן אייניקל פון אַ גרויסן ייד, דער קאָזשעניצער רבי ר' אַרעלע, וועלכער האָט ברייט און ווייט געשמט אין דער חסידים־וועלט.

שפּעטער האָט אָטוואָצק איינגעזען דעם חטא און געוואָלט פאַר יעדן פּרייז זיך רעהאַביליטירן פאַר די זינד לגבי ר' אַרעלע. מען האָט פאַרן רבין געקויפט אַ גרויסע און שיינע ווילע אויף רעימאָנטאַ גאַס און ווידער אַמאָל האָט זיך ר' אַרעלע באַזעצט אין דעם שטילן, און גרין־וואַלדיקן קור־אָרט·

די גנאָינע גאַס האָט זיך דעמאָלט פאַראומעטיקט. ווי אַ גבור האָט זי געקעמפט, וועלנדיק איינהאַלטן ביי זיך דעם טייערן רבין. ווען דער קאָזשעניצער האָט זי פאַרלאָזט, איז זי פאַרבליבן ווי אַ קעניגין־אלמנה, ווי אַ גוף אָן אַ קאָפּ.

ווייל דער רבי ר' אַרעלע האָט באַלויכטן די פינצטערקייט, דאָס פאַרחושכטע לעבן פון גנאָינע דריי, ווי אַ טייערער שטיין, וואָס פאַרלירט נישט זיינע שטראַלן.

היינט איז ר 'אַרעלע אויפן עולם האמת, זיינע חסידים זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און ווילדע פוסטקייט שוועבט אַרום אינם זכרונות־היכל פון יענע טייערע, אומפאַרגעסלעכע טעג, ווען רביישע מאַגנאַטישקייט האָט זיך באַהאָפטן מיטן פראָסטן פאָלק, מיט די נידעריקסטע שיכטן פון אונדזער אומה, וועלכע האָבן אָבער געליבט דעם רבין, זיינע מנהגים און אַפילו זיינע פּעטש.

(פונם בוך: „אַ געסל אין וואַרשע". מאָנטרעאָל 1949)

## מלך טשעמני

# אַ חתונה אויף אַ וואַרשעווער הויף



**אָנגעהויבן האָט זיך די חתונה ל״ג־בעומר און פאַרענדיקט האָט זי זיך אַ שטיק נאָך שבועות.**

**און נישט סתם אַ חתונה איז דאָס געווען:**

**ר׳ יאַנטשע איז דער מחותן!**

**ר׳ יאַנטשע:**

**בייכלדיק, שטיל־געגנגלדיק; באָרד־און פּאות — פאַרשפּיצט איבער הויכע שטאָקן; די אויגן — רחמנותדיקער גלאַנץ.**

**איינוווינער פון דער קאַסטנדיקער קאַמעניצע ווייסן:**

**זייער באַלעבאָס וועט נישט אַרויסוואַרפן פון דירה, אויב נישט באַצאָלט שכר־דירה צום זמן; וועט נישט „סודיען״ זיך מיט קעלער־ און בוידעם־איינוווינער, אויב זיי צאָלן בכלל נישט קיין דירה־געלט.**

**איז דען די פיר־שטאָקיקע קאַמעניצע ממש זיינע, געהער זי טאַקע בלויז צו אים, ר׳ יאַנטשען דעם שיך־סוחר? אַ שליח איז ער פון זיין ליבן נאָמען. נישט מער. עלעהאַי דער סטרוזשביים טויער, וואָס היט דאָס הויז. און ר׳ יאַנטשעס חלק אין דער קאַמעניצע איז: די קינדערלעך פון הויף זאָלן גיין אין תלמוד־תורה; זייערע טאַטעס — נישט זיין פאַרדאגהט פון שכר־לימוד. דאָס אַלץ. איי, יעדן אָנהייב חודש קומט אַ שליח פון דער מלוכה, קומט און מאָנט פאָדאַטקעס פאַר דער מויער? נישקשה. הלוואי ווייטער. דאָס שיך־מסחר דעקט אַלץ. עס דעקן אויך די באַלעבאַטים, וואָס פאַרנעמען באַלקאָנען פונעם ערשטן שטאָק, פונעם צווייטן שטאָק און אַביסל פונעם דריטן אויך. נידעריקער און העכער — לאָזט ער זיי במנוחה. וואָרום־וואָס: אויב ווינען יידן איז קעלער־ און בוידעם־שטיבלעך, אויב האָבן זיי זיך נישט באַזעצט אין די פּאַראַדנע דירות, איז אַ סימן, אַז יידן, נעבעך, קבצנים, ווערן אויסגעריסן פאַר אַ שטיקל ברויט.**

---

מלך טשעמני (פריער: טשעמנאָוו) — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1910. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד, שפּעטער — אין מינכען, בוענאָס איירעס, ריאָ דע זשאַנעיראָ און זינט 1958 אין מדינת ישראל. מחבר פון פינף זאַמלונגען דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן. — — וואַרשעווער יידישע הויפן זענען אַ שם דבר, אַזוי אויך אַלערליי וואַריאַנטן פון וואַרשעווער חסידות. טשעמני קען גוט די סביבה, וואָס ער שילדערט.

און טאַקע אין דער אמתן: וועט דען ר׳ יאַנטשען צוקומען געזונט, וויבאַלד ר׳וועט אַרויסוואַרפן דעם סטאַלערס מכשירים פון קעלער, דער אלמנהס בעבעכעס פון פאַציאַטע? ר׳וועט דאָך דערנאָך מוזן פאַרן ערגעץ „קומען צו זיך“, ווי עס טוען דאָס זיינע שכנים, די הויז־ווירטן. וויפיל־זשע קאָסט־אָפּ אַזאַ אָפּרוען, אַזאַ פאַרלאָזן ס׳מסחר — אַזעלכע חרפות און בושות, נישט צו קאָנען די גאַס דורכגיין! און חוץ מזה: ר׳ יאַנטשע איז מקורב ביים רבין: אַזוי איז דעם רבינס רצון. און אַזוי וועט זיך אויך מוזן נוהג זיין דער איידעם זיינער, וועמענס חתונה עס קומט־פאַר אין די שבועות־טעג און וועלכער באַקומט אַ האַלב הויז אין נדן.

* * *

...כלה נאה... כלה יפה... וחסידה...

עס טאַנצט דער הויף. עס טאַנצן די שטיינער אַ ריקוד גייען אויך די פיר געמויערטע ווענט.

אינמיטן הויף:

אַ טיש באַדעקט מיט כל־טוב. חתנס צד, כלהס צד — אַלע זענען זיי פאַר־פאַרעט — לויפן איבער טרעפּ, קלינגען מיט פאַרצעלייענע מכשירים, מיט לעפל־גאָפּל און אַרום דעם טיש — שכנים פון אַלע שטאָקן: אויסגעפּוצט אין שבתדיקע בגדים; די פּנימער פאַרפלאַמט; די ליפּן — גרייט אַן עפן צו טאָן, אַ ברכה אַרויסצולאָזן: צו כלהס צד, צו חתנס צד.

און אויבן־אָן — ר׳ יאַנטשע: מלא חדווה.

— יידן, עסטע, יידן, טרינקטע, יידן — דאַנקטע דעם בורא־עולם!

און עולם דאַנקט. און עולם טרינקט. — אַ שמחה אויפן הויף; ר׳ יאַנטשע מאַכט חתונה די טאָכטער, פּירט היינט צו דער חופּה זיין מוזיניקל, זיין גיטעלע.

האָט שוין ווער געזען אַזאַ פרייד, אַזאַ התלהבות — אַזאַ סעודת־מצווה?

נאָר אַז דער רבי האָט געפירט זיין אייגענעם זון צו דער חופּה. אויך דאַן זענען יידן געקומען פון אַלע עקן וועלט, זיך משמח געוועזן מיטן רבינס שמחה.

ר׳ יאַנטשע געדענקט דאָס גוט.

איצט איז די דאָזיקע שמחה אין זיינע אייגענע דלת־אמות, איצט:

— מזל־טוב, מחותן!

— פיל נחת אייך!

— מערצעשעם אויף פריידן!

— דערלעבטע אַן אייניקל!

— לאַנגע, לאַנגע יאָר, אייך און דעם גליקלעכן פּאָר!

— אמן! —

הילכט דער טיש. צאַפּלען כלים. טרייסלט עס, מיט פרייד, פון וואַנט צו וואַנט.

און נחת פון ר׳ יאַנטשעס אויגן טאַנצט איבער פּנימער פון זיינע לאָקאַטאָרן:

אָט ווינטשט דער סטאָלער. יאָ. טאַקע ער ווינטשט —

— אַ לאַנג לעבן אייך! — דריקט ער, מיט זיין האַרטער פויסט, דעם ווירטס קליין הענטל.

און די וועשערקע פון דער פאַציאַטע — איר אויסזען: שמחת־תורה אין שול צו הקפות. טרייסלט זי איצט ס׳צעשויבערטע טיכל אויפן קאָפּ:

— גאָט זאָל אייך העלפן, אַז איר זאָלט...

— אמממן! — שרייט דער הויף מיט חדווה.

און עס קלאַפּן מעסער־גאָפּל. אונטערן טיש — פּיש־ביינער, אייער־שאָלעכץ. אויף דער סטרוזש פונעם טויער טרעט מיטן היטל אין דער האַנט. אויך ער ווייס, אַז דער פּאַן גאָספּאָדאַזש האָט אַ שמחה. קערט ער איבער איין גלעזל, אַ צווייטס, לעקט־אַרום די וואָנצע, ווינטשט:

— ניעך פּאַן בוג זאַפּלאַטשי!

און דער הימל — גלאַט, ווי דער טיש, ווי דער אַספּאַלט אין מיטן הויף; אָן אַ ברעקעלע וואָלקן.

אַזוי קוקט אויס אַ הימל אום ל״ג־בעומר.

* * *

און איצט — שבועות:

דער רבי אַליין איז געקומען מהנה זיין ר׳ יאַנטשען, מהנה זיין הויף־איינוווינער און חתן־כלה.

אַ הייליקער הויף באמת קיינער האָט עס ביז איצט נישט געפילט. נישט געפילט האָט מען די קדושה, וואָס עס שפּראָצט אַרויס פון ר׳ יאַנטשען.

ר׳ יאַנטשע! ער זיצט רעכטס פון רבין, לינקס — גדליה דער חתן.

און אויבן, אויפן באַלקאָן פונעם ערשטן שטאָק, זיצט זי, גיטעלע די כלה.

...רננו צדיקים... רננו.. הוי...

זינגט דער אויבן־אָן. און אַרום און אַרום — הויף־שכנים מיט בערד, נאָענט צום טיש; הויף־שכנים אָן בערד, נעענטער צו די ווענט. און אין די הויף־ווינקלען, אין די הויף־פענצטער — מאַמעס, מיידלעך, קינדער. אַלץ — באַצירט מיט גרינס, מיט פעלד־ריחות — מיט ברכות צום רבין, צו זיין „טיש פירן״.

— אַ צדיק! — שושקעט מען זיך פון ווינקל צו ווינקל.

— אַ צדיקת! — בליקט מען אַרויף צום באַלקאָן, צו דער כלה.

און דער חתן —

זיין פּנים דערציילט איצט גאָרנישט

איצט איז זיין שמחה. יידנס קבלת־התורה.

צי וועט ער, גדליה, זיך נוהג זיין, ווי דער שווער זיינער, ר׳ יאַנטשע: נישט אַרויסוואַרפן די קבצנים פון זיין חלק נדן־הויז — גלייכער נישט צו טראַכטן מכוח דעם.

זיין אויסזען — אַ שמאַלציק חפץ אונטער דער זון, הוילע גלאַנץ: די באַקן, ווי אַ שפּראָץ באָרד; די אויגן, פריידיק־צעשראָקן, ווי ביי אַן אַכצן־יאָריקן שטיבל־בחור. פון צייט־צו־צייט וואַרפן זיי, די אויגן, אַ בליק אַרויף, אינדערהייך, צו גיטעלען. וואָס זעען זיי? אַ יונג ווייבעלע, נאָר־וואָס פון דער חופּה אַוועק; אַ זיידן טיכל מיט פרענדזעלעך, וועלכע באַמבלען זיך אַרום האַר־לאָקן, וואָס האָבן דעם אויסזען פון קאַשטאַנעס.

אַך!

ווי לאַנג וועט׳ס נאָך דויערן?

פאַר דעם מחותן, ר׳ יאַנטשען, איז די חתונה נאָך נישט פאַרענדיקט.

ערב־שבועות, שבועות און נאָך־שבועות.

זאָל אַ וועלט זען, ווער ר׳ יאַנטשע איז. זאָל אַ וועלט זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל...

...לישרים... נאוה. . תהילה...

* * *

נאָך שבועות זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן קרובים פון שטעט און שטעטלעך.

נאָך שבועות האָט מען פאַרענדיקט די חתונה ביי חתנס צד.

ווער איז דען דאָרט נישט געווען:

סוחרים פון שיך־בראַנזשע — דער כלהס צד; שטיבל־יידן און שטיבל־בחורים — דעם חתנס צד.

און מעדני־שבועות האָבן אויסגעפּילט דעם טיש, געלויכטן מיט זייער העל־מילכיקייט אַרויף, צו בליציקע לאָמפּן אינמיטן סופיט.

— שיריים פון יום־טוב — האָט דעם חתנס טאַטע געפלאָכטן די באָרד, אַריינגעפלאָכטן אינעם שמועס דברי־תורה — נאָך קבלת־התורה, פאַרשטייט איר מיך ר׳ יאַנטשע, קכי־כע, האָבן אויך די קולות וברקים, נע־נע...

— אַ לחיים אייך, יידן און אונדז אַלעמען אויף שמחות!

— און אַ פריילעכן מתן־תורה, ממש, ממש...

— על־צד פונעם הר־סיני!

. . . און יאַדל־דידל־דאַללל...

דאַאַאַללל...

יונהלע כאַפּט אונטער אַ ניגון און חנאלע פאַרענדיקט אים, דעם ניגון .

ביידע — יונהלע און חנאלע — ווי אַ צווילינג־ברידער: איין הייך, אייגענע בערדלעך, דעם אייגענעם קנייטש פון נאָז ביז שטערן.

לציםביים רבינס טיש.

האָט מען זיי געברענגט דאָ אַהער, אויף דער שמחה אויך.

איז פריילעך:

מילכיקע שטראָדל, קעז־טייגלעך, פיש געבאַקן אויף פּוטער. און יי״ש! אמת־דיקער שרף. נעמט מען אַ גלעזל אין מויל, איז... מוז מען זינגען.

און זינגען זינגען אַלע. חתנס צד און כלהס צד; מאַנופאַקטורטשיקעס, שטיבל־בחורים, גענזלערקעס און סתם קבצנים פון ביידע צדדים.

און אויפן טיש?

ס׳טישטוך פאַרשאַרצט. די מאכלים אָן אַ זייט. אַ געטענצל שאַרוועט איבער אָפּגעדעקטע ברעטער· איינער קעגן אינעם — יונהלע, חנאלע: איין געוויקס, איין באַוועגן זיך.

שאַ.

מען גייט פאָרשטעלן „קבלת־התורה״.

פלעכטן זיך צוזאַמען ביידע שטיבל־יידן. לאָזן זיך פאַנאַנדער איבערן טיש.

שרייט איינער אַריין אין אַ שטיוול:

—— לאאא תגנובבב!

ענטפערט דער צווייטער:

— ננניין! כ׳הער ניש גאָרניש!

און שלעפּט־אַרויס פון די קעשענעס קעז־קוכן, פּוטער־קוכן, אַ פלעשל יי״ש.

לאַכן מחותנים און געסט. לאַכט דאָס יונגע פּאָרל.
און אויפסניי נעמט מען צו טראָפּן.
און אַ ריקוד, אין דער שפּעטער נאַכט, הילכט פון וואַנט צו וואַנט.
די נאָך־שבועות־טעג נעמען איינגיין אין ימי חול.
געסט פאָרן פאַנאַנדער.
די חתונה, ביי ר׳ יאַנטשעס טאָכטער, וועט זיך נאָך לאַנג־לאַנג געדענקען.
אַ חתונה, וואָס האָט זיך געצויגן פון ל״ג־בעומר ביז העט־ווייט אַ שטיק נאָך שבועות.

---

## אין נאַלעווקער קרולס הויף



צו וואָס העשל איז געקומען פון ווילנע, אַוועקגעשטעלט זיין גאַלאַנטעריע־טיש אין קרולס הויף, קעגנאיבער דער „חברה ש״ס" — דאָס ווייס נאָר ער אַליין, דער הלצהדיקער ליטוואַק.

און באמת:

אַ שמאָלער דורכגאַנג, וואָס בינדט־צוזאַמען קרולס צווי הייף, פאַרבינדט די נאַלעווקעס מיט קופּיעצקע — אַ טויער, פאַרפּראָפּט פון באַגינען ביז אינאָוונט. און אַז אַ פּלאַטפאָרמע מוז פאַרבייפאָרן פון עקספּעדיציע צו די נאַלעווקעס, באַהאָנגען, באַלאָדן מיט זעק, דאַן מוזן פאַרבייגייער זיך פאַרקוועטשן אַרום די טויער־ווענט, זיך פאַרבייזייטלען, נישט צו ווערן געניזוקט פון די שווערע באַלעמס.

איז געקומען אַ ייד פון ווילנע, אַ נצרך און, דווקא דאָ, אין ענגשאַפט, פאַנאַנדער־געלייגט זיינע האָר־נאָדלען, זיינע זאָקן־בענדלעך, זיינע שיך־גומעס, זיין אַלץ, וואָס אַ קבצן פאַרמאָגט צו פאַרקויפן.

און פאַרגעסן האָט ער דערביי, דער צעשמייכלטער העשל, אַז דאָ, אין דעם דורכגאַנג־טויער, איז אַ תושב, מכמה יאָרן, ער, נחמן, דער צוקערלעך־סוחר — אַ יונגערמאַן פון רבינס טיש, וועמען ס׳איז אַוועקגעגעבן געוואָרן אין נדן דער פּלאַץ, פונוואַנען ר׳דאַרף ציען חיונה.

— אַ צוטשעפּעניש און שוין! — האָט נחמן געביסן די וואָנסע, געביסן די אונטערשטע ליפּ, וואָס איז געווען באַזעצט מיט ווייכע הערעלעך·

און העשל האָט געזוכט ווערטער צו טרייסטן זיין שכן, צו פאַרלייכטערן זיין עצבות:

— נישקשה, ר׳ נחמן, עס מאַכט נישט: אַ באַשערטע זאַך...

העשל האָט נישט געמיינט קיין שלעכטס מיט זיין אַוועקשטעלן זיך האַנדלען אין טויער, בשכנות מיט נחמנען. וואָרום, וואָס פאַראַ רעה קאָן דען אַרויסקומען פאַר דעם דאָזיקן ייד? געפינט זיך דען אין העשלס מסחר פּירות, אָדער שאָקאָלאַדקעס, אָדער שבת־ניסלעך? פאָדעם־נאָדל און שיך־בענדלעך. דאָס אַלץ. אויך אַ נאָטיצל צום שרייבן, בריוו־פּאַפּיר און קאָנווערטן און האַנט־פּענלעך פאַר חדר־ייִנגלעך. וואָס־זשע כעסט עס זיך אַזוי, דער דאָזיקער יונגערמאַן? אפשר שטייט אים נישט אָן דער שידוך, העשלס: אַ לובאַוויטשער חסיד זאָל זיך מצטרף זיין מיט אַ גערער?

מילא. מכוח רביסטוואָ דאַרף אים נישט דער דאָזיקער חצוף זיין קיין מורה דרך...

— אָבער... אָבער...

— היצט זיך נישט אַזוי, ר׳ נחמן, וואָס שרייט איר? השם ישמרנו!

— איך שריי? איר שרייט דאָך!

— ניין. ס׳אַ בפירושער שקר. נישט איך שריי· און נישט איר שרייט. דאָס איז סתם עפּעס אַ קול קורא, רחמנא יצילנו...

אַזוי טאָג נאָך טאָג צווישן ביידן, צווישן די צוויי סוחרים אינעם טויער פון קרולס הויף.

און זאָגן מעג מען וואָס מ׳וויל — רעכט האָט געהאַט נחמן. זיין פּנימל — אַ קינדעריש פויסטל באַוואַקסן מיט האָר — איז טאָג נאָך טאָג געוואָרן איינגעשרומפּענער, זיינע הענט — פאַרמאַטערט, טראָגנדיק קוישן מיט אויבסט פון די האַליִיִס, פאַנאַנדערשטעלנדיק זיי לענג־אויס דער וואַנט אינעם טויער. און נישט איינמאָל האָט געטראָפן: צוויי פערד זענען אָנגעשפרונגען, צעטרעטן די עפּל וואָס נחמן האָט געטראָגן אויף זיך גאַס־אויס, גאַס־איין. און דערנאָך — שריי צום בורא. אַז דאָ מוז מען דורכפאָרן; אַ דאָ איז ענג, זייער ענג. נו, האָט ער זיך שוין ווי ס׳איז איינגעשטעלט: אַ שמאָל טישל, אַ שמאָל קעסטל. די פורמאַנעס ווייסן שוין ווי פאַרבייצופאָרן, נישט צו שאָדענען נחמנס זיסוואַרג. וואָלט זיך שוין געצויגן צו ביסלעך פּרנסה. האָט זיך, אָבער, איצט אַוועקגעשטעלט אַ שטן ביי יענער זייט טויער — און פאַרגרעסערט די ענגשאַפט, פאַרגרעסערט...

און אויף העשלען איז אויך נישט צו האָבן קיין תרעומות: אָפּגעזעסן אין ווילנע כמה־יאָרן אָן פּרנסה. איז ער געקומען קיין וואַרשע און זיך גענומען צו מסחר. זיין אויסזען — אַ לאַנגער שטעקן באַוואַקסן מיט באָרד־ און פּאות·

— עס מאַכט נישט, ר׳ נחמן — העלפט ער יעדעס מאָל אַרויסטראָגן דעם שכנס קוישן, ווען פערד־ און וואָגן לויפן־אָן — נישט געדאגהט... דער לובאַוויצער, זאָל לעבן, האָט געזאָגט...

— פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ — קנייטשט נחמן זיין פּנימל מיט רוגזה — זוכט אייך בעסער אַ צווייטע שטעלע, זוכט אייך...

— נו, גוט, נו, שוין — מאַכט העשל אַ הלצהלע — דערציילט־זשע, וואָס עס זאָגט אייער גערער...

און אַז דער וואָגן פאָרט־פאַרביי בשלום און אַז עס דערנענט דער זמן־מנחה, גיט נחמן אַכטונג אויף העשלס סחורה: דער שכן איז אַריינגעלאָפן אין „חברה־ש״ס״, אַריינכאַפּן אַ „קדושה״. און דערנאָך גיט העשל אַכטונג אויף נחמנס סחורה. אַזוי טעג און וואָכן אינעם טויער פון קרולס הויף אויף די וואַרשעווער נאַלעווקעס: אי די סוחרים האָבן צו זיך טענות מכוח ענגשאַפט אין טויער און אי — אַ מנחה בציבור מאַכט פאַרגעסן אַלץ.

— הערט איר, ר׳ נחמן, אַז השם־יתברך וויל...

— אַז השם־יתברך וויל, ר׳ העשל, קענט איר זיך עפענען אַ גרויס גאַלאַנטעריע־געשעפט אויף די נאַלעווקעס...

— אמן. און איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז עס מאַכט בכלל נישט...

— וואָס מאַכט נישט?

— אַז איר זאָלט פאָרן צום לובאַוויצער און ווערן אָנגעפילט מיט חדווה...

— איי, וואָס אַ ליטוואַק קען... דאָס פּוילישע חסידות, כ׳מיין, דאָס גערער חסידות איז אויך אָנגעפּילט...

— מיט עצבות, האָט איר געוואָלט זאָגן, העי, ר׳ נחמן?

— פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ מיט אייער ווילנער לשון!...

* * *

די זומערדיקע טעג אינעם מיטלסטן טויער צווישן ביידע קרולס הייף:

אַ ברייטער זון־פאַס הייבט־אָן זיין גאַנג פון פריען פאַרטאָג, פאַרטשעפּעט זיך ביי דער טיר פון „חברה ש״ס״, פאַרדראַפּעט זיך צווישן זיסוואַרג אויף נחמנס טיש, בלייבנדיק הענגען, אינעם נאָכמיטאָג, אויף נאָדל־פאָדעם און „תניא״, וואָס איז פאַרקוועטשט אין העשלס האַנט. טיילמאָל לויפט־צו אַ קינדעלע צו נחמנס צוקערוואַרג, אַ צעקנייטשט ווייבעלע צו העשלס גאַלאַנטעריע. פאַרציט זיך דאַן אַ מינע אויף די סוחרימס פּנימער: —

געלויבט השם־יתברך, וואָס מ׳זעט אַ קונה.

שעהן־לאַנג במשכ׳ן טאָג פּילט כמעט נישט איינער דעם צווייטן. און אַז עס ווילט זיך שטאַרק דרעמלען אין הייסע מינוטן, צעעפנט נחמן דעם „שפת־אמת״, פאַרקוקט זיך אין זיינע דראָבנע־דראָבנע פּינטעלעך. און טוען טוט ער דאָס, כדי אַ צולהכעיס אָפּצוטאָן דעם שכן זיינעם: אויב דעם ליטוואַק געפעלט נישט גער, וועט ער דווקא אַריינקוקן אין אַ גערער ספר...

זיצן זיי ביידע פאַרדרעמלט — העשל אין „תניא״, נחמן אין „שפת־אמת״ און באַמערקן נישט, ווי צוויי לייבן לויפן־אָן פון קופּיעצקע־זייט.

— יידן, גיכער, יידן, שנעלער!

ערשט דאַן האָבן זיי זיך אויפגעוועקט פון זייערע רעיונות, נאָר — שוין געווען צו שפּעט.

די צוויי ריזן־פערד, וואָס האָבן געשלעפּט הינטער זיך אַ ברייטן, אָנגעפּילטן וואָגן האָבן, מיט סווישטשעריי, זיך אַריינגעריסן אינעם דורכגאַנג, אַ זעץ געטאָן מיט זייער פּאָרע אויף נחמנס און העשלס בערד.

— געוואָלט יידן! — האָט נחמן אַ פּאַכע געטאָן מיטן ספר איבערן קאָפּ, זיך אָנגעהאָנגען אויפן לאַנגן דישעל, וואָס איז אַריינגעפאָרן אין זיין טיש מיט זיסוואַרג.

די פערד׳ האָט ער אָבער נישט אָנפּגעשטעלט.

אונטער זייערע פיס האָבן זיך געוואָלגערט קייקלען עפּל, באַרנעס, אָן איבערגע־קערטער באַלאָן מיט סאָדע־וואַסער. און פון פאָרנט — העשל וואַרפט־אַרויס אויף דער ברייט פּונעם הויף זיין סחורהוואַרג, שרייט:

— יידן, ראַטעוועט!

דער פורמאַן נעמט זיך נישט איבער מיט זיינע קולות:

— געזאָגט, אַז דאָ, אין אַזאַ ענגשאַפט, קאָנען נישט שטיין קיין צוויי סוחרים; איצט — נאָט אייך!

טיל־טעל געוואָרן פון נחמנס פּראַצע; צעבראָכן געוואָרן העשלס טיש.

איצט זאָגט דער ווילנער צום פאַרדאגהטן שכן:

— נו, מילא, ר׳ נחמן, איך וועל דעקן אייער היזק.

נחמן ענטפערט נישט. אויף אים רינצלט דער שטערן, צאַפּלט זיין שמאָל גופל. ווען נישט ער, דער ליטוואַק, ווען נישט ער, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטיק

פון דער אַנדערער העלפט וואַנט, וואָלט דער פורמאַן געהאַט ווו אויסצוקערן די פערד, ווו אויסצומיידן נחמנס טיש. איצט איילן יידענעס און ייִנגלעך, קלייבן־צוזאַמען צעטרעטן איבערבלייבעכץ פון ביידנס טישן. איצט ווייס נישט העשל ווער ס׳וועט דעקן זיין שאָדן.

— בדיל־הדל געוואָרן! — זיפצט ער.

— אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען — קראַצט נחמן אינעם שיטערן בערדל — אַן אָנשיקעניש אַזש פון ווילנע...

— נע־נע, זינדיקט נישט, ר׳ נחמן; אין אדם נוקף אצבעו... אַן אצבע אלהים...

שווייגט נחמן. שווייגן זיי ביידע. און אַרום זיי — אַן אָנגעלויף פון ווייבער, פון רחמנותדיקע בליקן:

— נעבעך...

ליגט אינעם דאָזיקן „נעבעך״ עפּעס, וואָס האָט אין זיך אי צער, אי צאָרן — פּ׳ן ביידע צו ביסלעך.

— וואָרום, וואָס, יידן...

מער זאָגן זיי נישט, די ווייבער, וואָס זאָלן זיי זאָגן. אַ מערדערישער באַלעגאָלע אָנגעפאָרן, צעטרעטן יידנס פּרנסה.

און אַרום אַלעמען, אינעם אָנגעפּראָפּטן טויער־דורכגאַנג — צעפּליקטע זון־פּלעקן, וואָס רייסן זיך דורך אינעם געדיכטן מענטשן־קנויל.

— סיי ווי סיי שוין צייט צו גיין אַהיים — זאָגט העשל צו נחמנען.

נחמן ענטפערט נישט ער טראַכט ווו צו נעמען אַ הלוואהלע, כדי פאַרטאָג איינצוקויפן ביי די האַליעס פרישע סחורה. אויף וועמען דאַרף ער איצט אויסלאָזן זיין כּעס. יאָ, טאַקע, אויף וועמען? איז דען העשל נישט אַזאַ קבצן ווי ער? און צוריקגעשמועסט. אפשר, טאַקע, אים פאַרטרייבן פונדאַנען. זעט מען דאָך באַשיינ־פערלעך, אַז... ער דערטראַכט נישט דעם געדאַנק. לויפט אַריין אין שכנותדיקן „חברה־ש״ס״. הינטער אים — העשל. די צעבראָכענע טישן האָבן זיי אַוועקגעטראָגן צו אַ שכן. איצט קאָנען זיי זיך אַוועקזעצן מיט רויקע געמיטער — נחמן איבערן „שפת־אמת״. העשל איבערן „תניא״; איצט מוז השם־יתברך העלפן. ער מוז...

— אַנדערש קאָן עס גאָרנישט געמאָלט זיין — בייסט העשל אַ שפּיץ פון זיין באָרד — ער מוז העלפן...

נחמן שווייגט. עס עסט אין אים אַ גרימצאָרן. וואָס טיפער ער פאַרדבקהט זיך אינם ספר, אַלץ שטאַרקער פילט ער: זיין פּלאַץ איז גער, צווישן יונגעלייט אינעם בית־המדרש.

העשל פונדערזייט, ברומט אַרויס פונעם „תניא״:

— דער לובאַוויצער, דעם לובאַוויצערס דרך... אוי־ווי...

— אַ ליטוואַק... אַ צוטשעפּעניש... אַ שטן...

דער שפּעטער אָוונט האָט ביידן, די געוועזענע סוחרים, אַרויסגעטריבן פון „חברה־ש״ס״, פון קרולס הויף.

וואַרשע האָט געלויכטן צו זיי, אַן אויסגעפּילטע מיט גשמיות.

(פונעם בוך: „פּוילישע יידן״, בוענאָס איירעס 1952)

## ב. יאושזאָהן

# די טויערן פון גן־עדן התחתון



### אַ מין הקדמה

פיר טויערן, פיר הויפּט־מקומות זײַנען אָנגעגרייט אויף דער נאַדוויסליאַנער ליניע, פאַר די קונדסים פון גן־עדן התחתון, אויף צו געניסן פונעם זומערלעב, אויף צו שטיפן און לאַכן און נהנה זיין פון גאָטס וועלט. יעדעס מקום האָט זיך זיינע מעלות, זיינע מנהגים, זיין לעבנסאַרטיקייט און זיינע קאַפּריזן. אָט, למשל, איז אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק:

### אָטוואָצק

אין אָטוואָצק וועט איר נישט געפינען דאָס לעבעדיקייט, דאָס אויפגעמונטערטקייט, וואָס אין די אַנדערע דאַטשע־ערטער, וועלכע ליגן אויף דער זעלבער ליניע. זיצט איר אַ צוויי שעה אין אָטוואָצק, אַזוי דאַכט זיך אייך, אַז איר געפינט זיך אין עפּעס אַ גרויסן לאַזאַרעט מיט מסוכן קראַנקע שאָטנס פון מענטשן.

אַז ס׳ווילט זיך אַן אָטוואָצקער פאַרווײַלן, פאַרברענגען אַ ביסל לעבעדיק עטלעכע שעה, דאַן פאָרט ער זיך אַריבער מיט דער באַן, אָדער מיט אַ ברישקע, קיין שווידער, קיין יוזעפאָוו, קיין פאַלעניצע.

אין אָטוואָצק איז אָדער מען הוסט, אָדער מען רעדט פון הוסטן.

---

ב. יאושזאָהן — און איטשעלע — זיינען געווען די צוויי פּאָפּולערסטע פסעודאָנימען פון דעם זשורנאַליסט, פעלעטאָניסט, מפרש פון די אַלטע גייסטיקע יידישע אוצרות, משה בונים יוסטמאַן — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1889 און אָפּגעלעבט דאָרט אַ האַלב יאָרהונדערט. דער מייסטגעלייענטער זשורנאַליסט — צוערשט אין „היינט״ און שפּעטער אין „מאָמענט״. אַליין געשטאַמט און אויסגעבונדן געווען מיט דער וואַרשעווער חסידישער וועלט. פּאָליטיש באַלאַנגט צו „מזרחי״. מחבר פון עטלעכע זאַמלונגען פעלעטאָנען פון וואַרשעווער יידישן שטייגער. זיין הויפּט־ווערק זיינען די אַכט בענד „פון אונדזער אַלטן אוצר״. אין יאָר 1939 אַוועק קיין ווילנע, אין יאָר 1940 אָנגעקומען קיין ארץ ישראל — געשטאָרבן ממש פון יאוש איבערן אונטערגאַנג פון פוילישן יידנטום, אין ירושלים, אין יאָר 1942. אין די פאַר דאַטשע־הומאָרעסקעס פון יאושזאָהן, וואָס מיר ברענגען דאָ, קערן מיר זיך אום צום וואַרשעווער יידישן לעבן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַן אידיליע אויפן קראַטער פון אַ ווולקאַן.

גאַנץ אָטוואָצק האָט אַ פּנים ווי עפּעס איין גרויס ריזיק האַרץ אָן אַ לונג... און אַז איר זיצט שפּעט ביינאַכט ביים פענצטער, ווען אַרום און אַרום הערשט אַ שטיל־קייט, הערט איר ווי גאַנץ אָטוואָצק פון איין עק ביזן צווייטן — כאָרכלט מיטן האַרץ . . .

פאַלט אַריין אַ געזונטער קיין אָטוואָצק, פילט ער זיך זייער אומבאַקוועם, נישטאָ ווו צו פאַרברענגען, סיידן זעץ דיך אַוועק צווישן אַ רעדל קראַנקע און שטודיר אויפ־מערקזאַם די הוסט־מעלאָדיעס און זייערע פאַרשידנאַרטיקע קאָמפּאָזיציעס. וחוץ לזה, אויב דו ווילסט נישט האָבן דאָרט אַ פּנים ווי עפּעס אַ דאַרמאָיעדניק, אַ ליידיק־גיי־ער, אַ פרישער און געזונטער מענטש, וואָס נעמט און זעצט זיך פּלוצים אַוועק אין אָטוואָצק, — מוזסטו זיך אָנטשעפּן עפּעס אַ קרענק און ענטפערן יעדן, אויף וואָס דו ליידסט...

דאַטשעווען אין אָטוואָצק און נישט ליידן אויף עפּעס — דאָס קענען אָטוואָצ־קער קראַנקע גאָרנישט משיג זיין.

זיץ איך מיר אַנומלט ביים אָטוואָצקער וואקזאַל און רויכער אַ פּאַפּיראָס. פאַר־ביי מיר גייט אַ בלאַסער קראַנקער ייד און שטעלט זיך אָפּ.

— זאָגט נאָר, יונגער מאַן — ווענדט ער זיך צו מיר מיט עפּעס אַ שטיקל כעס — דער דאָקטאָר האָט אייך דען דערלויבט צו רויכערן?

— כ'האָב נאָך וועגן דעם קיין מאָל נישט געפרעגט קיין דאָקטאָר.

און אַז דער ייד גלאָצט אויף מיר אויס נאָך מער די אויגן, דערקלער איך אים:

— איר האָט אַ טעות, ר' ייד. כ'בין, ברוך השם, אַ געזונטער...

— אַ געזונטער?... האָט זשע נישט קיין פאַריבל, וואָס דען זיצט איר אין אָטוואָצק?...

און כ'האָב געפילט בחוש, אַז איך בין דערמיט ביים קראַנקן ייד שטאַרק זייער שטאַרק אַראָפּגעפאַלן...

## שווידער

דערפאַר, זעט איר, ווען איר כאַפּט זיך אַרויס פון דעם קראַנקן אָטוואָצק און טוט זיך אַ לאָז אַראָפּ אויף די אַנדערע נאָענטע דאַטשע־ערטער, טרעפט איר שוין גאָר אַן אַנדער לעבן.

דאָרט — לעבט זיך אויף אַן אמת!

אין אָטוואָצק — הוסט מען, און אין שווידער, למשל, קושט מען זיך. די שווי־דערער קושן האָבן אַ שם...

שווידער — דאָס איז כמעט אַ ספּעציעל אָרט פאַר דער אינטעליגענץ־יוגנט. דאָס רוב — פאַר שילער און שילערינס אין וואַקאַציע־צייט.

פעלן פעלן דאָרט אויך נישט קיין סתם יונגע לייט און פריילינס, צעבאַלעוועטע קינדער פון רייכע עלטערן, וואָס קומען אַראָפּ אויף זומער — אַ לעב טאָן.

פאַר עטלעכע יאָרן צוריק, אין דער עפּאָכע פון „שטורעם און קאַמף", האָט דאָרט די דאָזיקע יוגנט גאָר אין עפּעס אַנדערש עוסק געווען.

דאַמאָלס, ווען ס'איז געקומען זומער־צייט, האָט שווידער געשווירבלט פון דער גרויסער מחנה בחורים אין קאָלירטע העמדלעך, און מיידלעך אין קורצע האָר.

די לעצטע עטלעכע יאָרן אָבער האָט שווידער געקראָגן אַ שטיקל יישוב־הדעת. און זי איז געקומען צום שכל.

יענע עסקים האָט מען שוין דאָרט לאַנג נישט אין זינען.

איצט איז שווידערער יוגנט שטאַרק פאַרעוסקט אין ליבע.

און נישט אזוי אין ליבע — ווי אין קושן זיך.

ס׳קושן זיך בחורים מיט מיידלעך און בחורים מיט ווייבלעך.

ס׳קושן זיך מענער מיט מיידלעך און מענער מיט ווייבלעך.

און אַ גאַנצן טאָג טרעפט איר דאָרט אַרומשפּאַצירן געאָרעמטע פּאָרלעך, וואָס זינגען און שטיפן און לאַכן, לאַכן... אויף וואָס די וועלט שטייט!

דער עיקר חיות אָבער איז פאַרנאַכט.

בין השמשות צייט, ווען אַרום און אַרום איז טונקל, די לופט איז ריין און שמעקט מחיהדיק, און עס צעגיסט זיך די פּאָעטישע שטימונג, לאָזן זיך די געאָרעמטע אַוועק אין די וועלדער צווישן די געדיכטע ביימער — און דאָן ליבט מען זיך, מען שושקעט זיך, און מען קושט זיך...

און אַז איר ווילט זיין אַ בעלן זיך אַוועקצושטעלן אין אַ טונקעלן בין-השמשות צווישן אָטוואָצק און שווידער און זיך גוט איינהערן צו דער באַוועגונג פון נאַכט־שטילקייט — דאַן וועט צו אייערע אויערן גרייכן: פון איין זייט — ווי אָטוואָצק הוסט, און פון דער צווייטער זייט — שווידער קושט...

## יוזעפאָוו

יעדער דאַטשע מיט אירע מעלות. און יוזעפאָוו — מיט אירע קערטלעך.

דעם אמת געזאָגט האָט זיך אפילו קיין שום דאַטשע־אָרט נישט צו שעמען אין הלכות קאָרטן־שפּיל. אומעטום, ברוך השם, קען מען גאַנץ גרינג געפינען אַ קאמפּאַניע, וויל מען כאַפּן אָבער אַ קערטל ווי געהעריק איז, מיטן רעכטן קנאַק — ווי די דאַטשניקעס זאָגן — דאַן מוז מען זיך מטריח זיין און זיך אַראָפּכאַפּן קיין יוזעפאָוו. קומט דער ליבער זומער־פאַרנאַכט, אַזוי הויבט זיך אָן אַ מאַסן־שפּאַציר, אויף די צוגן פון די ליעטניקעס, וואָס וווינען אויף די אַרומיקע דאַטשעס. די איינ־טעליגענטע און אויסגעפּוצטע פרויען פאָרן אַראָפּ פאַרווילן זיך אויף עטלעכע שעה אין פּאַלעניצע.

דאָס יונגוואָרק — קיין שווידער...

און די עלטערע — קיין יוזעפאָוו, כאַפּן אַ קערטל.

פונקט, להבדיל, ווי אין אָטוואָצק רעדט מען גאַנצע טעג פון „קרענק מיט סור־כאָטע״, און פונקט, להבדיל, ווי אין שווידער שושקעט מען זיך גאַנצע טעג מיט ,קוצעניו־מוצעניו׳, אַזוי וועט איר אין מיטן טאָג הערן שמועסן אין יוזעפאָוו אודות די נעכטיקע אָקעס: ווער וועמען ס׳האָט ,אַוועקגעיאָגט׳, ווער — ס׳איז אַרויס מיט ,אַ צעקראַצטן קאָפּ׳, ווער — האָט געהאַט אַ גוטע לילה און האָט געפּאַקט די ממתקים, און ביז ווי לאַנג האָט מען ביי די און די קאמפּאַניע ,געסראָקעט, אאַ״וו. יוזעפאָוו פאַרמאָגט אַ שפּאָר ביסל געסט, וואָס זיינען ספּעציעלע ,נאַכט־דאַטשני־קעס׳. דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זיי אַליין מיט זייערע ווייב און קינדער וווינען איי־גנטלעך אין וואַרשע, און האָבן מיט דער יוזעפאָווער „פרישע לופט״ גאָר אַ קנאַפּע

שײַכות, און מער נישט וואָס זיי, די מענער הייסט עס, קומען זיך אַראָפּ עטלעכע מאָל דורך דער וואָך כאַפּן ,איבערנאַכט׳ אַ קערטל.

יוזעפאָוו, אַז זי זעצט זיך אַוועק נאָך שקיעת־החמה ביים גרינעם טישל, רייסט זי זיך ערשט אָפּ נאָך אַ שטיק אויפן טאָג אַרויס.

דאַמאָלסט ערשט נעמט זיך די ,קולקע׳ פאַנאַנדערגיין: די אַרטיקע, די יוזע־פאָוווער לייגן זיך אַוועק כאַפּן אַ דרימל. די געסט — כאַפּן די הוטן מיט די שטעקלעך און לויפן צום וואַקזאַל. און די שכנים, וואָס וווינען אין די אַרומיקע דאַטשעס, — לאָזן זיך אַראָפּ מיטן צוג אָדער מיט אַ בריטשקע אַהיים.

און ס׳טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אויפן וועג באַגעגענען זיך דער טאַטע מיטן זון, וואָס קומען ביידע אַהער פון אַן אַנדער וועג: דער טאַטע האָט פאַרבראַכט אַ נאַכט אין יוזעפאָוו ביים גרינעם טישל... און דער זון — — אַ נאַכט אין שווידער, צווישן די גרינע ביימער...

## פ אַ ל ע נ י צ ע

קומט איר אַריין אין פאַלעניצע — נעמט אַראָפּ דעם הוט! פאַלעניצע צווישן די אַרומיקע דאַטשעס פאַרנעמט דאָס אָרט ווי, למשל, אין וואַרשע די מאַרשאַל־קאָווסקע גאַס.

פאַלעניצע איז אַ גרויסע מיוחסת, זי פאַרמאָגט אַן אַריסטאָקראַטישע ,שמאַלץ־אינטעליגענץ׳, ווו ס׳איז פּשוט אַ יקר־המציאות צו הערן אַ יידיש וואָרט ריידן. זי האָט זיך איבערצונעמען מיט אירע פאַרוויילונגען. פאַלעניצע ליפערט פאַרגעניגן און פאַרוויילונגען פאַר אַלע אַרומיקע דאַטשניקעס פון דער גאַנצער ליניע. דער צענ־טער פון אַלע פאַרגעניגנס און פאַרוויילונגען — איז פאַלעניצע. דאָרט מאַכט מען קאָנצערטן, דאָרט איז דער ספּאָרט, ווו מען יאָגט זיך אויף פערד און מען רייט אויף וועלאָסיפּעדן, דאָרט שיט מען זיך מיט קאָנפעטי, און דאָרט שפּילט מען אויך — בינקע־פינקע...

איבערהויפּט אָבער האָט פאַלעניצע אַ רים מיט אירע מאַדאַמען.

אַ וואַרשעווער מאַדאַם, אַז זי פאָרט אַרויס געניסן זומער פרישע לופט אויף דער נאַדוויסלאַנער ליניע, קלויבט זי זיך אויס פון אַלע דאַטשעס — פאַלעניצע. איין מאַדאַם פאַרקוקט זיך אויף דער צווייטער מאַדאַם, און אַזוי אַרום ווערט פאַלעניצע רייכער, וואָס אַ זומער, מיט מאַדאַמען.

מאַדאַמען — דאָס מיינט מען באַיאָרטע אינטעליגענטע פרויען, וואָס טראָגן שיינע טואַלעטן און מאָדערנע הויכע היט.

און ווערט אַ ווייבל, וואָס דאָס מזל האָט זי גראָד פאַרוואָרפן אין אַן אַנדער דאַטשע, נישט אין פאַלעניצע, געבענטשט מיט עפּעס אַ שיין קלייד אָדער אַ הויכן הוט, מוז זי כאָטש עטלעכע מאָל אין דער וואָך זיך אַראָפּכאַפּן קיין פאַלעניצע ,ווייזן זיך פאַרן עולם׳.

אַ דאַנק די מאַדאַמען, מאַכן זיך גאַנץ אָפט אין פאַלעניצע קליינע און גרויסע סקאַנדאַלעכלעך.

מאַדאַמען, כידוע, האָבן אַ טבע צו נעמען ביי די קרעמער אַלץ אויף פּראָקאָט.

מאַדאַמען (ס׳זאָל זיין צו קיין גנאי נישט זיין!) האָבן ווידער אויך אַ טבע צו לעבן אָן רעכענונג און נישט צו זאָרגן אויף מאָרגן...

און טאַקע דעריבער איז פּאַלעניצע רייך מיט סצענקעס, ווו קרעמער און פשע־קופּקעס רינגלען אַרום אַ געוויסע מאַדאַם, וואָס האָט זיך פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ אַריבער, און מען מאַכט אַוואַנטורעס, און נישט גאַנץ זעלטן רעכענען זיי זיך אויך אָפּ מיט איר — אויפן קאָרטשעווער שטייגער...

פון בוך: אויף דער פרישער לופט. וואַרשע, 1911

## ש. י. לאַנדינסקי

### העי לעוואָ, העי פּראַוואָ



העי לעוואָ, העי פּראַוואָ, העי מאַרש, מאַרש וואַרשאַוואָ!
אַ ביקס אויפֿן אַקסל און גיי!
אַ קינד אויפֿן אָרעם, אַ ווייבל געאָרעמט —
און זאָג דיין פֿאַמיליע: — אַדיע!

באַגלייט מיך נישט ווייטער, בלייבט שטיין דאָביים זאַמעק
ביים דענקמאָל פֿון זיגמונט המלך —
נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן צום קינד־לעב, צום ווייבל,
העי לעוואָ, העי פּראַוואָ — וילך!

אַריבער די אייזן־געפֿלאָכטענע בריקן,
העי לעוואָ, העי פּראַוואָ... — אין ריי —
דער פּוילישער זעלנער, דאָס האַרץ פֿון דעם היימלאַנד,
ער זאָגט דיר: — אַ, ווייסל — אַדיע!

אַריבער די אייזן־געפֿלאָכטענע בריקן,
אַרויס אויפֿן פּראַגער שאָסיי.
עס רוישן די זאַנגען, עס זינגען די ביימער:
העי לעוואָ, העי פּראַוואָ — אין ריי . . .

פֿון בוך: לידער פֿון יידישע זעלנער, פּאַריז, 1931.

---

דיכטער, זשורנאַליסט, איבערזעצער, רעדאַקטאָר, פֿאַרלעגער — און בכלל אַן אומרויקער פּוילישער ייד שמואל יקיר לאַנדינסקי. איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1889 אין סעמיאַטיטש. פֿון יאָר 1905 האָט ער — מיט איבעררייסן, וואָס האָבן אפֿילו געדויערט יאָרן — געוווינט אין וואַרשע. באַלאַנגט צו די פּועלי ציון, שפּעטער צום בונד און צום סוף צו קיין שום פּאַרטיי. געגרינדעט דעם פֿאַרלאַג „די צייט" און אַרויסגעגעבן ביכער פֿון אַ צוויי צענדליק באַקאַנטע וואַרשעווער יידישע שרייבערס. נאָך אַלערליי וואַנדערונגען און גילגולים זיך דערשלאָגן אין יאָר 1942 קיין ניו יאָרק, דאָ — אין נויט געלעבט און געשטאָרבן אין יאָר 1956. אַרויסגעגעבן עטלעכע לידער־זאַמלונגען מיט צייכענונגען פֿון באַרימטע מאָלערס (אַרטור שיק, ה. בערלעווי) און הקדמות פֿון באַרימטע שרייבערס (דינעזאָן, וויסענבערג). זיין זאַמלונג „לידער פֿון יידישע זעלנער" אילוסטרירט אין פֿאַטעטישער פֿאָרם, וואַרשעווער פּויליש־יידישן פּאַטריאָטיזם פֿון דער תחית המתים־תקופה פֿון דער פּוילישער מלוכה.

## א. ליטוואַק

### דער בונד אין וואַרשע 1905



צווײ מאָמענטן פון דער ערשטער רעוואָלוציע האָבן באַשטימט די טאַקטיק פון „בונד" אין פוילן, ווי זײַן טאַקטיק בכלל אין שטורעמדיקן 1905. אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען רעוואָלוציאָניזירן די ייִדישע מאַסן, אַרײַנציִען אין דער באַוועגונג די טיפסטע שיכטן, אײַנהאַלטן אַ צושטאַנד פון ברויזנדיקער אויפרעגונג. און אַזוי האָבן מיר געטאָן. אין די יאַנואַר־טעג האָבן זיך די ייִדישע מאַסן פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע ערטער פון פוילן אַקטיוו אָפּגערופן אויף די געשעענישן פונעם נײַנטן יאַנואַר אין פּעטערבורג: אָפּגערופן דורך אַן אַלגעמיינעם סטרײַק, דורך גרויסע גאַסן־אַרויסטרעטונגען, דורך צוזאַמענשטויסן מיט מיליטער. איך בין געקומען קיין וואַרשע דעם 13טן אָדער 14טן יאַנואַר, זײַנען נאָך די טראָטואַרן פון דזשיקע געווען באַפלעקט מיט בלוט און מאַרך. זײַנען אויף זשאַביע, גראַניטשנע און שכנישע ייִדישע גאַסן די געשעפטן געווען געשלאָסן, און זייערע פענצטער אויסגעבראָכן, מיט ברעטער פאַרשלאָגן. ווען דער גרויסער פּאָליטישער סטרײַק האָט זיך געענדיקט, האָט ער זיך צעביטן אויף אַ סך קליינע עקאָנאָמישע סטרײַקן. די אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע עקאָנאָמישע פאָדערונגען: אָט די טיילווײַזע סטרײַקן האָבן נאָך לאַנג־לאַנג געדויערט און האָבן זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן אָדער טיילווײַזן נצחון. אַזוי איז געווען נאָך יעטוועדער פּאָליטישן סטרײַק. איך געדענק: אין יענער צײַט פלעגן אַ סך פון אונדז קוקן קרום אויף דעם. סטײַטש! אָקאָרשט איז מען גרייט געווען אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פאַר דער גרויסער אַלגעמיינער זאַך און איצט צעברעקלט מען די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע אויף גראָשענע פאָדערונגען פון אײַנצלנע פאַכן...

אָבער די אומצופרידענע האָבן נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגענומען פאַר אַ צעברעקלונג, האָט פאַקטיש געבראַכט אַ נײַע גרעסערע זאַמלונג פון ענערגיע: די עקאָנאָמישע סטרײַקן האָבן אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייט אַרײַנצודרינגען אין די טיפענישן פון די מאַסן, אַרײַנציִען אין דער באַוועגונג אַלץ

---

א. ליטוואַק — פּסעוודאָנים פון חיים יאַנקל העלפאַנד — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1874, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק — 1932. געווײַלט אין וואַרשע אין די יאָרן 1905—1907, 1920—1925 — ווען זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין אַמעריקע. איינער פון די אַקטיווסטע, פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע בונדיסטן. ליטעראַטור־קריטיקער, לעקטאָר, קעמפער פאַר דער קולטור אין ייִדיש. מחבר פון אַ שורה ביכער און בראָשורן אויף ייִדיש־סאָציאַליסטישע און אַלגעמיינע ליטעראַרישע טעמעס.

ברייטערע און ווייטערע שיכטן, און דורך דעם איז שפּעטער געוואַקסן דער אומפאַנג און דער כוח פון די פּאָליטישע סטרייקן.

פאַר די ערשטע פינף חדשים פון יאָר האָבן מיר אין וואַרשע אַרויסגעלאָזן 12 וויכטיקע פּראָקלאַמאַציעס, יעדע איינע צו 10 ביז 12 טויזנט עקזעמפּלאַרן. חוץ דעם האָבן מיר פאַרשפּרייט אין די טויזנטער די פּראָקלאַמאַציעס פון צענטראַל־קאָמיטעט (זיי פלעגן זיך דעמאָלט דרוקן אין 100־120 טויזנט עקזעמפּלאַרן פאַרן גאַנצן בונד). היינט בראָשורן, אומלעגאַלע צייטונגען — מיר האָבן פּשוט פאַרשאָטן וואַרשע מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. אויף אונדזער בערזע אויף דזשיקע און די שכנישע גאַסן פלעגן צוויי מאָל אין וואָך דורכגיין טויזנטער מענטשן. מיר פלעגן דאָרטן יעדעס מאָל אָפּהאַלטן עטלעכע קורצע, פליענדיקע מיטינגען. אַז עס פלעגן קומען קאָזאַקן, פלעגט דער עולם כהרף עין זיך צעשפּרייטן און אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין ווידער געווען אויף די טראָטואַרן. די קאָזאַקן פלעגן גאַנץ אָפט אַטאַקירן אונדזער בערזע, אָבער פאַרניכטן זי האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען אונדזערע האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן, מיט שטיינער, אייזערנע שטעקנס, אַפילו מיט רעוואָלווערן. אין יוני איז אויף דער מילע גאַס אַרויסגעקומען אַ גאַנץ ערנסטער צוזאַמענשטויס, און אונדזערע האָבן אַפילו אַ באַריקאַדע געבויט. מיר האָבן נישט געוואַרט, ביז די מאַסע וועט קומען צו אונדז, מיר זיינען געגאַנגען צו איר. מיר פלעגן גיין איבער די גרעסערע פאַבריקן, הייסן איבעררייסן די אַרבעט און אָפּהאַלטן אַ קורצן מיטינג. שבת אין דער פרי פלעגן מיר גיין איבער די שולן, קלויזן, מנינים און שטיבלעך און דאָרטן האַלטן רעדעס בעתן דאַווענען. די ערשטע צייט פלעגט מען אונדז באַגעגענען פיינטלעך און דער רעדנער האָט געמוזט קומען אין באַגלייטונג פון אַ פּאָר מענטשן מיט רעוואָל־ווערן, וואָס פלעגן די גאַנצע צייט פון זיין רעדע שטיין ביי דער טיר, נישט לאָזן דעם עולם זיך צעלויפן, נישט לאָזן עמעצן זיך אַרויסגנבענען און מודיע זיין דער פּאָליציי. שפּעטער אַביסל האָט מען זיך צו אונדז צוגעוווינט און מ'פלעגט שוין וואַרטן אויף אונדז, באַגעגענען ווי אַלטע באַקאַנטע, ווי פריינד.

מיר האָבן זיך אָפּגערופן אויף אַלע וויכטיקע געשעענישן סיי אינם אָרטיקן, סיי אינם אַלגעמיינעם לעבן פון לאַנד. די מלחמה איז געווען זייער נישט פּאָפּולער, אַפילו ביי דעם בירגערלעכן עולם. אַ סך יידן און קריסטן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער מאָביליזאַציע, נישט צוגעשטעלט זיך. אינם קרייז פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז קיין מאָביליזאַציע גאָר נישט געווען. האָבן דאָרטן געוווינט אַ סך אַנגעלאָפענע פון אַנדערע געגנטן, ווו די מאָביליזאַציע איז שוין לאַנג דערקלערט געוואָרן. אין אָנהויב 1905 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז באַלד וועט דערקלערט ווערן אַ מאָביליזאַציע אין וואַרשעווער קרייז. אויף די וואַרשעווער איינוווינער און אויף די אַנגעלאָפענע איז געפאַלן אַ פּחד. האָט דער בונד אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף: „גייט נישט צו דער שחיטה"! ווו ער האָט גערופן די מאַסן זיך נישט לאָזן מאָבי־ליזירן. דאָס איז געווען אַ דרייסטער שריט, וועלכער האָט געהאַט אַ ווירקונג. ענלעכע אויפרופן האָבן אַרויסגעלאָזן אויך די פּוילישע סאָציאַליסטישע אָרגאַני־זאַציעס;און אויב די רעגירונג האָט זיך אָפּגעהאַלטן און האָט קיין מאָביליזאַציע אין וואַרשעווער קרייז נישט דערקלערט, האָט דאָ אַ געוויסע ווירקונג געהאַט די אַגיטאַ־ציע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די אויטאָריטעט פון בונד איז דעמאָלט אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן געווען אומגעהויער גרויס, נישט בלויז ביי די אַרבעטער, נאָר אויך ביי דער גרויסער מאַסע קלײנבירגער און אינטעליגענץ, מ׳האָט אויף אים געקוקט, ווי אויף עפּעס אַ מיסטישע דערשיינונג, מיט שרעק און האָפענונג. ער קאָן אַלץ דערלאַנגען, אַלעמען דערגרייכן. מיטן „בונד״ טאָר מען זיך נישט פאַרטשעפּען... דאָס וואָרט פונם בונד איז געווען אַ באַפעל: זיין שטעמפּל האָט געווירקט ווי אַ היפּנאָז. ווו נאָר אַן עולה, ווו אַ באַליידיקונג, ווען דאָס האָט אַפילו נישט געהאַט קיין שום שייכות נישט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, נישט מיט דער רעוואָלוציע — איז מען געקומען צום בונד, ווי צו דעם העכסטן טריבונאַל, ווי צו דעם טרעגער פון אַבסאָלוטן יושר, ער זאָל זיך אַריינמישן, ער זאָל פאַרטיידיקן. דאָס איז געווען לעגענדאַריש: אָבער אין דער געשיכטע פון בונד אין יענע יאָרן איז געווען עפּעס מעכטיקס, וואָס האָט אַרויסגערופן און געשפּייזט די דאָזיקע לעגענדע; און די לעגענדע פון איר זייט האָט פאַרדאָפּלט די מאַכט פון „בונד״.

דער „בונד״ האָט געהאַלטן, אַז צוגרייטן דעם אויפשטאַנד טעכניש, באַוואָפענען די גאַנצע מאַסע איז אוממעגלעך. אין מאָמענט פון אויפשטאַנד וועט די מאַסע אַליין קריגן געווער. נאָך די געשעענישן פונם ניינטן יאַנואַר אין פּעטערבורג האָט זיך אַלעמען געדאַכט, אַז עס הויבט זיך אָן דער לאַנג געוואַרטער אויפשטאַנד און אין אַ קורצער ענערגישער פּראָקלאַמאַציע, ווו יעדע פראַזע איז געווען געשריבן אין טאָן פון אַ קריגס־באַפעל האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד גערופן די מאַסן אויפברעכן די מאַגאַזינען פון געווער און באַוואָפענען זיך. אָבער נישט שטרעבנדיק צו באַוואָפענען די גאַנצע מאַסע, האָט דער בונד דאָך געגרייט אַ באַוואָפנטן אַוואַנגאַרד, וואָס זאָל אין דער נויטיקער מינוט ווערן דער קערן, אַרום וועלכן די אָקאָרשט באַוואָפנטע מאַסע זאָל זיך קאָנצענטרירן. דאָס זיינען געווען די אַזוי־גערופענע שלאָג־גרופּעס (ב. אָ.: באָיעוואָי אָטריאַד). אין וואַרשע איז די שלאָג־גרופּע דעמאָלט באַשטאַנען פון אַ מאַן הונדערט מיט אַ קאָמאַנדיר און אינ־סטרוקטאָרן, די אָרגאַניזאַציע האָט באַזאָרגט די גרופּע מיט רעוואָלווערן, אַמאָל אויך מיט באָמבעס. אין דער ברייטער מאַסע, אויסער דער שלאָג־גרופּע, האָט יעדער איינער געחלומט וועגן אַ רעוואָלווער. און האָט עמעצער זיך דערשלאָגן צו אַ „שפּייער״ (אין פּוילן האָט מען עס אָפּט גערופן אַ „כלי״), האָט ער דערמיט שטאָלצירט, ווי מיט דער טייערסטער צירונג. ביי אונדז זיינען דעמאָלט געווען מענטשן, וואָס האָבן גערעדט אין אַ טאָן פון מבינים וועגן רעוואָלווערן פון פאַר־שידענע סיסטעמען און האָבן אייך געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַלע פּרטים דעם מעכאַניזם פון אַ ברויונינג, פון אַ וועלדאָג, פון אַ סמיט און וועטסאָן, אַפילו פון אַ נאַגאַן. געווער פולווער און באָמבעס האָט מען געדאַרפט ברענגען קיין וואַרשע פון אַנדערשווו. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער גרעסטער געפאַר. און דאָך האָבן זיך שטענדיק געפונען אויף דעם אַ סך בעלנים. בכלל האָט זיך דעמאָלט באַמערקט, אַז וואָס געפערלעכער אַן אַרבעט איז געווען, אַלץ מיט מער חשק איז מען אויף איר געגאַנגען. איך טרעף היינט מענטשן, וואָס ציטערן אימת מות פאַר אַ פּראָקלאַ־מאַציע, און אַמאָל האָבן זיי אַריבערגעפירט באָמבעס. דאָס איז געווען דער כוח פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט סוגעסטירט און אויפגעהויבן אַפילו שוואַכע און קליינמוטיקע.

דער ב. אָ. האָט זיך נישט בלויז געגרייט אויף אַ מאָמענט פון אויפשטאַנד, ער האָט געהאַט זיינע שטענדיקע פונקציעס אין דער טאָג־טעגלעכער באַוועגונג פון יענעם שטורעמדיקן יאָר. אַז מען האָט געדאַרפט צווינגען די סוחרים פאַרמאַכן די געשעפטן בעת אַ פּאָליטישן סטרייק, איז דערצו געווען נויטיק דער ב. אָ. אין אַזאַ פאַל איז געווען איבעריק צו שיסן: עס איז גענוג געווען צו ווייזן די רעוואָלווערן... אַז מען פלעגט האַלטן אַ רעדע אין אַ שול, אין דער צייט פון דאַווענען, איז אויך נויטיק געווען דער ב. אָ., אַמאָל כדי אָנצושרעקן די גבאים מיטן שמש, זיי זאָלן נישט שטערן, און אַמאָל כדי זיי זאָלן זיך האָבן מיט וואָס צו פאַר־ענטפערן, אויב פּאָליציי וועט זיך דערוויסן פון דער מעשה און וועט זיי נעמען אויף אַ פאַרהער, זאָלן זיי קאָנען זאָגן: וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? מ׳האָט אונדז געצוווּנגען מיט רעוואָלווערן... דער ב. אָ. האָט געדאַרפט זיין אויף דער אַרבעטער־בערזע, גיין פאָראויס פאַר אַ דעמאָנסטראַציע, אַרומרינגלען דעם פאָנען־טרעגער — טאָמער באַפאַלן קאָזאַקן אָדער זעלנער, זאָל דער ב. אָ. זיי אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן מיט זיין ווידערשטאַנד און געבן דער מאַסע אַ מעגלעכקייט זיך צעלויפן. אַ דעמאָנסטראַציע איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיט קרבנות. אויף אַ דעמאָנ־סטראַציע איז מען געגאַנגען ווי צו אַ שלאַכט: מיר פלעגן צוגרייטן אַפריער אַ סאַניטאַרע גרופּע פון אונדזערע פעלדשערקעס, וועלכע זיינען געזעסן גרייט מיט אַלע מכשירים אויף געוויסע קוואַרטירן, נאָענט נעבן די גאַסן, איבער וועלכע די דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען. און אויף יענע „באַנדאַזשיר־פּונקטן" פלעגן מיר ברענגען אונדזערע פאַרווונדעטע. אין דער גרעסטער געפאַר זיינען, פאַרשטייט זיך, געשטאַנען די מיטגלידער פון ב. אָ., זיי זיינען דאָך געגאַנגען פאָראויס אויפן ערשטן פייער, האָט מען זיי אַרעסטירט, פלעגט מען זיי שרעקלעך פּייניקן; און עס האָט נישט זעלטן געטראָפן, אַז ווען מ׳האָט אַרעסטירט אַ באַוואָפנטן אַרבעטער, האָט מען אים דערשאָסן אויפן אָרט, אָן אַ משפּט. דער ב. אָ. איז אויך געווען דער אַוואַנגאַרד פונם זעלבסט־שוץ. דער ב. אָ. איז דאָס רוב באַשטאַנען פון העלדישע יונגען: ער האָט געגעבן אַ סך מאַרטירער.

איך שרייב נישט קיין געשיכטע פון 1905 אין וואַרשע. אין דער קליינער צאָל זייטן איז אוממעגלעך צו באַשרייבן גענוי אַלע געשעענישן פון יענעם רויטן יאָר; איך וועל צייכענען בקיצור נאָר די וויכטיקסטע. אויף די יאַנואַר־טעג האָב איך שוין אָנגעוויזן אין אָנהויב פון מיין אַרטיקל. ביז דעם צווייטן אַפּריל זיינען קיין נייע גרויסע געשעענישן נישט פאָרגעקומען. דעם ערשטן אַפּריל איז אין טורמע געשטאָרבן אונדזער אַ חבר, אַן אַרבעטער. אויסרעכענענדיק, אַז דעם צווייטן אַפּריל וועט מען אים אַרויספירן אויפן בית־עולם, האָבן מיר אויף יענעם טאָג צוגעגרייט אַ גרויסע דעמאָנסטראַטיווע לויה. דער צוג איז געקומען צום פּאַוויאַק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט דעם טויטן מקבר געווען שטילערהייט מיט אַ נאַכט פריער. די דעמאָנסטראַציע איז דאָך פאָרגעקומען. זי איז געווען זייער אַ גרויסע, מיט רעדעס, מיט רעוואָלוציאָנערע אויסרופן און לידער. מ׳האָט שוין געהאַלטן ביים פאַנאַנדערלאָזן דעם צוג, בעת פון וויטן האָט מען אָנגעהויבן שיסן. און דאָ איז געשען אַ זאַך, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט דערוואַרטן. אַ פּאָר צענדליק נאָענטע חברים זיינען פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין אַן אומבאַשרייבלעכן עקסטאַז. זיי האָבן פאַרקערעוועט אויף צוריק, זיך גענומען פאַר די הענט און

זינגענדיק אָנגעהויבן מאַרשירן אַנטקעגן דעם אומגעזעענעם מיליטער. נאָך זיי האָבן פאַרקערעוועט נאָך עטלעכע רייען. די קוילן האָבן נישט אויפגעהערט צו פליען. אַפריער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט אַן אומבאַקאַנטער חבר; דערנאָך זיינען שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן דער חבר סאָלאָמאָן מאַרגאָלין — אַ הייסער מאַסן־רעדנער, אַ העלדישע נאַטור, און די חברטע וויערע (פרומע גראַבעלסקאַ פון בערדיטשעוו), אַ מיטגליד פון קאָמיטעט, אַ מענטש מיט גרויסער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע; עס זיינען געווען נאָך אַ פּאָר שווער פאַרוווּנדעטע. די פאַרוווּנדעטע האָבן אונדזערע חברים באַוויזן צוצונעמען און אַוועקפירן אויף די צוגעגרייטע קוואַרטירן. די חברטע וויערע איז נאָך דעם זעלבן אָוונט געשטאָרבן. ווען אַ חברטע האָט זי דערזען אַ פאַרוווּנדעטע און אָנגעהויבן היסטעריש צו וויינען, האָט וויערע אַ זאָג געטאָן אין איר געוויינלעכן שטרענגן טאָן: וואָס באַוויינט איר מיך? איך בין דאָך נישט געפאַלן אונטער אַ טויער... מיט אַ שווער האַרץ האָט די אָרגאַניזאַציע באַשטימט אַ דעמאָנסטראַציע דעם 4טן אַפּריל, דעם טאָג, ווען די חברטע וויערע איז צו קבורה געקומען. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר נייע קרבנות. און מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז דער אָנגעשטרענגטער עולם וועט נישט אַרויס אויף דער גאַס. מיר האָבן אַ טעות געהאַט. די דעמאָנסטראַציע איז געווען זייער אַ גרויסע: די חברטע וויערע איז געווען שטאַרק באַליבט ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון וואַרשע; חוץ דעם איז די מאַסע דעמאָלט געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז קיין זאַך האָט איר נישט אָפּגעשראָקן: זי האָט זיך נאָכאַנאַנד געריסן אויף דער גאַס דעמאָנסטרירן. די דעמאָנסטראַציע פון 4טן אַפּריל איז אַריבער אָן קרבנות. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געשטאָרבן חבר סאָלאָמאָן. אויף אַ דריטער דעמאָנסטראַציע האָבן מיר זיך נישט געקאָנט באַשליסן. דאָס וואָלט געווען צופיל פאַר איין וואָך. אַ סך חברים זיינען געבליבן נישט צופרידן מיט אונזער באַשלוס; מיר האָבן זיך אָבער באַגנוגנט בלויז מיט אַרויסלאָזן אַ בלעטל.

די מאַי־פייער פון 1905 איז אין וואַרשע אַרויסגעקומען אַזוי מעכטיק, אַז היינט איז עס זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן. בוכשטעבלעך גאַנץ וואַרשע האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַלע קראָמען זיינען געווען געשלאָסן. אַלץ האָט גערוט, די אַרבעטער האָבן אָנגעפילט די גאַסן. איינער אַ חבר אַ לץ האָט דעמאָלט געזאָגט: דער חבר ברוך (אַזוי האָט מען מיך אין פינפטן יאָר גערופן אין וואַרשע) איז נישט צופרידן מיטן מאַי־סטרייק, ער האָט געזען, ווי אַ יידענע איז געגאַנגען איבער פראַנצישקאַנער גאַס און האָט געטראָגן צען בייגל אין קאָשיק... די יידישע אַרבעטער האָבן דעמאָנסטרירט צוזאַמען מיט די פּוילישע אויף מאַרשאַלקאָווסקע. אין יוני זיינען פאָרגעקומען גאַסן־קאַמפן אין לאָדזש. זיי האָבן געדויערט דריי טעג נאָכאַנאַנד. די אַרבעטער האָבן געבויט באַריקאַדן, געשאָסן פון די דעכער. איך געדענק עס נישט גענוי, נאָר מיר דוכט, אַז די יידישע אַרבעטער פון וואַרשע האָבן זיך אויף די לאָדזשער געשעענישן אָפּגערופן מיט אַן איינטאָגיקן אַלגעמיינעם סטרייק. אין יוני בין איך אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע און איך האָב זיך אומגעקערט אַהין אין אָקטאָבער, אין די ערשטע טעג פון דעם גרויסן אַלרוסלענדער סטרייק, וואָס האָט אַרויסגעריסן ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן דעם באַוווּסטן מאַניפעסט וועגן דער קאָנסטיטוציע.

דער סטרייק אין וואַרשע איז געווען זייער אַ שווערער. די אַדמיניסטראַציע האָט געווילדעוועט. אַלע טאָג נייע אַטאַקעס אויף דער אַרבעטער־בערזע; אַלע טאָג

נייע אַרעסטן. אין ראָטהויז פּלעגט מען די אַרעסטירטע שרעקלעך שלאָגן. נאָך ניין אַזייגער איז געווען אַ מורא אויף דער גאַס אַרויסצוגיין; די פּאַטרולן פּלעגן פֿאַרהאַלטן, שלאָגן, אַרעסטירן. אין דעם אַלגעמיין־שטאָטישן סטרייק־קאָמיטעט זיינען געווען שטאַרקע חלוקי־דעות: אויפגעבן דעם סטרייק אָדער פירן אים ווייטער. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען אין פֿאַרשידענע טיילן פון שטאָט. אונדזער צענטער איז געווען אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט פאַר יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע (לעשנאָ 14). דער סטרייק האָט זיך פֿאַרצויגן, און אויף דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד” איז געפֿאַלן אַ שווערע אויפגאַבע — וויפל נישט איז שפּייזן די יידישע אַרבעטער. מיר האָבן געקראָגן די ביכער פון דער יידישער גמינע און מיר האָבן זיך דערוווּסט, ווער פון דער יידישער באַפעלקערונג עס צאָלט שטייערן און וויפל יעדערער צאָלט. האָבן מיר באַשטייערט אַלע צאָלער פון דער גמינע, די פֿאַרמעגלעכע יידן, פּונקט אין אַזאַ מאָס וויפל זיי האָבן געצאָלט פאַר דער גמינע. אויף גאָר רייכע האָבן מיר אַרויפגעלייגט אַ העכערן שטייער. און מ׳האָט געצאָלט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געדונגען, דאָס רוב האָבן גלייך געגעבן, וויפל אונדזערע שלוחים האָבן געפאָדערט; זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אויב מ׳וועט זיך דינגען, וועט אויסקומען צו צאָלן מער. מיר האָבן געהאַט אונדזערע סקלאַדן, ווו מ׳האָט אַרויסגעגעבן די אַרבעטער ברויט, מעל, צוקער, וכדומה.

דעם 18טן אָקטאָבער איז אין וואַרשע אָנגעקומען די ידיעה וועגן ניקאָלאַיס מאַניפעסט. די שמחה, וואָס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, איז נישט צו באַשרייבן. מענטשן האָבן זיך געקושט אין די גאַסן. דאָס איז דאָך געווען דער ערשטער גרויסער נצחון. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַזוי־גערופענע „פרייע טעג”, און די שטאָט איז פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ כוואַליע פון מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס. אַ סך אַרעסטירטע חברים אונדזערע זיינען באַפרייט געוואָרן פון טורמע, און מיר האָבן באַקומען נייע כוחות. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן ריזיקע מיטינגען אין דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע, אין דער פּראַגער שול, אין לאָקאַל פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אונטערן פרייען הימל; אין לאָקאַל פון דער יידישער גמינע זיינען נאָכאַנאַנד פֿאָרגעקומען פֿאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זיינען איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעטראָטן רעדנער פון פֿאַרשידענע פּאַרטייען, אין יידיש און אין פּויליש. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן מיטינגען אין פילהאַרמאָניע און דאָרטן זיינען אויך אַרויסגעטראָטן רעדנער פון פֿאַרשידענע פּאַרטייען, יידן און פּאָליאַקן. פון אונדזער זייט איז אין פילהאַרמאָניע אַרויסגעטראָטן דער אומפֿאַרגעסלעכער חבר גראָסער, וועלכער איז נאָכן 17טן אָקטאָבער געקומען פון פּעטערבורג. גרויסע מאַסן דעמאָנסטרירן איבער די גאַסן. אַ צוג גייט צום ראָטהויז פֿאָדערן ביים אויבער־פּאָליציי־מייסטער, ער זאָל באַפרייען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע; מען שטייט אָפּ כמעט אַ גאַנצע נאַכט אויפן טעאַטער־פּלאַץ. דער אויבער־פּאָליציימייסטער גייט אַרויס אויפן באַלקאָן, ער רעדט עפּעס, זאָגט נישט צו און זאָגט נישט אָפּ. דער עולם איז נישט צופרידן. מען שטייט ווייטער, מ׳האַלט רעדעס, מ׳זינגט רעוואָלוציאָנערע לידער. פּלוצלונג, — קאָזאַקן, מ׳שיסט, מען שניידט מיט בלויזע שווערדן, עס פֿאַלן קרבנות. אַ גרויסער צוג גייט צום פּאַוויאַק, דעמאָנסטרירט אַנטקעגן די פֿאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, רייסט זיך אין

טויער פון טורמע. רעוואָלוציאָנערע לויות, קאַטוילישע רעליגיעזע פּראָצעסיעס, וועלכע זיינען לאַנגע יאָרן געווען פאַרבאָטן. די פרייהייטן זיינען אייגנטלעך נישט געגעבן פון אויבן, דורך אַ געזעץ; מ׳האָט זיי זיך אַליין גענומען, ווי „פאַרכאַפּטע רעכט". מיר הויבן אָן אָפן אַרויסצוגעבן דעם „וואַרשעווער אַרבעטער", וועלכער איז מיט אַ פּאָר יאָר פריער געווען דער אומלעגאַלער אָרגאַן פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד. דעם ערשטן נומער (נומער 13) האָט מען געריסן פון די הענט, מ׳האָט איבערגעקויפט איינע פון די אַנדערע; מ׳האָט געצאָלט צו 5 רובל אַן עקזעמפּליאַר, אַבי צו קריגן. פונם 19טן אָקטאָבער ביזן 2טן נאָוועמבער האָבן מיר אַרויסגעגעבן 7 נומערן (19—13).

דער סטרייק האָט זיך אין וואַרשע פאַרצויגן לענגער ווי אין גאַנץ רוסלאַנד. אויף וויפיל איך געדענק, האָבן די אייזנבאַנער אַרויסגעשטעלט אייגענע פאַכאָווע פאָדערונגען — און דער עיקר: אין אָקטאָבער־מאַניפעסט איז גאָרנישט געווען צוגעזאָגט פאַר פוילן. קיין איינציקע פון די פוילישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען איז נישט באַפרידיקט געוואָרן. אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער האָט זיך דער סטרייק געענדיקט, אָבער די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז זיך אַלץ שטאַרקער פאַנאַנדערגעוואַקסן. אין וואַרשע איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט אָן אַ משפט אין איין נאַכט דערשאָסן אַ רייע מינדעריעריקע, כמעט קינדער. די טורמעס זיינען ווידער פול געוואָרן. די באַדינגונגען פון אונדזער אַרבעט זיינען געוואָרן אויסערגעוויינלעך שווער. דאָך האָבן מיר זיך געפילט שטאַרק. די פּ.פּ.ס. האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן טעראָריסטישע אַקטן. דער „בונד" האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער אין ברייטע, אָפענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די פרייהייט פון פאַראיינען איז נאָך נישט געזיכערט פון געזעץ; אָבער מיר האָבן זי אַליין גענומען, ווי אַ „פאַרכאַפּטע רעכט".

אין רוסלאַנד האָט דער צאַריזם באַצאָלט פאַר זיין מפּלה מיט שוידערהאַפטע פּאָגראָמען אויף יידן. אין פוילן זיינען קיין פּאָגראָמען נישט פאָרגעקומען. דאָך דער פּחד פאַר אַ פּאָגראָם איז ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון וואַרשע געווען זייער גרויס. אין אָקטאָבער־נאָוועמבער האָט דער „בונד" אָרגאַניזירט זעלבסט־שוץ־גרופּעס, גרויסע און גוט־באַוואָפנטע. אַנדערע יידישע פּאַרטייען האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַליין אויך באַוואָפנט. אין די נעכט פון אָקטאָבער און נאָוועמבער איז אויף די יידישע גאַסן פון וואַרשע אין יעדן הויף געשטאַנען אַ גרופּע יונגע און עלטערע יידן באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, מיט אייזערנע שטעקנס, מיט גרויסע פלעשער אָלים. די זעלבסט־שוץ גרופּעס פון פאַרשידענע ראַיאָנען און פּאַרטייען זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג און האָבן געקאָנט אין מינוט פון נויט איבערוואַרפן קרעפטן פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן. און אויב אין וואַרשע איז אין יענע געפערלעכע וואָכן קיין פּאָגראָם נישט פאָרגעקומען, האָבן מיר דאָס טיילווייז צו פאַרדאַנקען אויך די שטאַרקע, גוט אָרגאַניזירטע זעלבסט־שוץ גרופּעס, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די כוליגאַנעס און פּראָוואָקאַטאָרן.

פון: „א. ליטוואַק־בוך", ניו־יאָרק, 1945. געשריבן אין 1926. (געקירצט)

# שמואל לעהמאַן

## צוויי עפּיזאָדן



### א.

### געפּאַקט אַ יאַלד אין קאַפּעלוש

איינמאָל אין אַ זומער־אָוונט אין וואַרשע — דאָס איז געווען אין יאָר 1914, אין דער צייט פון אָנהויב פון ערשטער וועלט־מלחמה — בין איך געגאַנגען צו אַ קאַטערינאַזש, ביי וועלכן איך בין אין יענער צייט געווען אַן אָפּטער איינגייער, בכדי אויפצונעמען ביי אים לידלעך, מעשיות. מ׳האָט דאָרט פאַר מיר ספּעציעל געפּלעגט באַקן אויף שבת זיסע, געשמאַקע חלות מיט ראָזשינקעס. אין דער צייט פון קריג איז עס געווען אַ גרויס לוקסוס. דער קאַטערינאַזש האָט געוווינט אויף גענשע גאַס, נישט ווייט פון גוטן־אָרט.

כ׳בין מיר אַזוי געגאַנגען אויף דער טונקעלער גאַס. די גאַז־לאַמטערן האָבן נישט געברענט, נאָר די ליכט־פייערן פון די פּאָר געוועלבער האָבן באַלויכטן די גאַס. גייענדיק אַזוי האָב איך דערהערט אַ געזאַנג פון אַ 12־יאָריק מיידעלע, וואָס האָט געהאַלטן אַ קינד אויף די הענט און געזונגען אַ ליד:

דאָנערשטיק אויף דער נאַכט,
פון גאָרנישט געטראַכט;
פרייטיק אינדערפרי
גאַנץ פריילעך פאַרבראַכט.
איז געגאַנגען רחלע
דעם קאָפּ צו פאַרקעמען,
איז אַריינגעקומען איציקל
ביי איר ס׳לעבן צו נעמען.

---

שמואל לעהמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 22טן אָקטאָבער 1886 אין וואַרשע און אויסגעגאַנגען פון הונגער אין געטאָ וואַרשע דעם 23טן אָקטאָבער 1941. ער איז געווען אפשר דער גרעסטער אידעאַליסט, און אויך פאַכמאַן, אויפן געביט פון זאַמלען פויליש־יידישן פאָלקלאָר — און בעיקר טאַקע וואַרשעווער פאָלקלאָר. אַ גרויסער טייל פון זיינע אומשאַצבאַרע זאַמלונגען איז אויפגעקליבן און אָפּגעדרוקט אין ביכער — די גרעסטע און לעצטע זאַמלונג זיינע, וואָס האָט שוין איינגעשלאָסן געטאָ־פאָלקלאָר, איז נישט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. מיר ברענגען דאָ צוויי עפּיזאָדן פון לעהמאַנס מסירת־נפשדיקער זאַמל־אַרבעט — וואָס ער האָט איבערגעגעבן אויף אַ יובל־אָוונט לכבוד אים אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין.

דאָס געזאַנג האָט מיך פאַרהאַלטן. איך בין צוגעגאַנגען צום מיידעלע און געזאָגט צו איר: „מיידעלע, זינג מיר דאָס ליד!״ זי קוקט מיך אָן מיט פאַרוווּנדערונג און גלעלעכטער: „וואָס עפּעס!״... רוף איך זיך אָן: „זאָג, כ׳וועל פאַרשרייבן דיין נאָמען״. ענטפערט זי מיר: „קומט!״ און מיר גייען צו צום טויער. באַלד פאַרהאַלט איר אַ צווייט מיידעלע, כאַפּט זי ביי דעם קליידל און ציענדיק עס, שרייט זי אין דער שטיל: „זאָג נישט דיין נאָמען! זאָג נישט, זאָג נישט!״

אַז מיר זיינען אַריין אין טויער, האָט זי מיר אָנגעהויבן צו זינגען, אַז איך זאָל שרייבן. אָבער ביים שיין פון טויער־לעמפּעלע, וואָס איז נאָך דערצו געהאָנגען כמעט אויפן סופית, איז נישט געווען מעגלעך עפּעס צו פאַרשרייבן. האָט זי זיך אָנגערופן: „קומט!״ און מיר זיינען אַריין אין אַ שטוב אין דער נידער, און מיט אונדז זיינען באַלד נאָכגעלאָפן עטלעכע קינדער, יינגלעך און מיידלעך. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און אָנגעהויבן צו שרייבן דאָס ליד, וואָס זי האָט מיר פאָרגעזונגען. דאָס איז געווען אַ ליבע־ליד מיט אַ זייער טראַגישן סוף. דער בחור האָט רחלען געשאָסן און נאָכהער איז ער אַריין אין „אָסטראָג״.

די באַלעבאָסטע פון שטוב, וואָס איז געווען אַ ווילד־פרעמדע — דאָס איז נישט געווען די היים פון מיידעלע — האָט דערהערט אַזעלכע ווערטער: חתן־כלה, געשאָסן, אָסטראָג, האָט זי אָנגעהויבן שרייען: „אַרויס! אַרויס פון מיין שטוב!״

מיר זיינען באַלד אַרויס, און דאָס מיידעלע האָט מיך אָנגענומען ביים אַרבל און אַ זאָג געטון: „קומט אַרויף אויבן, כ׳האָב נאָך לידער!״

גייען מיר ביידע. דאָס איז געווען אַ הילצערן איינשטאָקיק הייזל, דער לאַנגער שטיגן־לייטער האָט זיך קוים געהאַלטן און גייענדיק אויף אים האָב איך געמיינט אַז אָט־אָט פאַל איך אַראָפּ מיט אַ צעבראָכענער זייט אָדער אַ צעבראָכענעם פוס. דער שטאָק שטיגן האָט זיך וואָס־אַמאָל מער געוויגט, ווייל מיט אונדז האָבן זיך אויך מיטגעשלעפּט אַ גאַנץ־געדיכטע קייט פון מיידלעך, בחורים, ווייבער, יידן און קינדער. מיט אַ הויך געלעכטער און חוזק־מאַכעריי האָבן זיי געריעדט צווישן זיך: „עפּעס אַ נאַר, אַ משוגענער איז געקומען פאַרשרייבן לידלעך״. דער עולם איז פּשוט געלאָפן אויף ווונדער: זיך פריילעך צו מאַכן אַ ביסל און מ׳האָט מיך מיט געדראַנג אַרויפגעשטופּט אַרויף צו אַ טיר. דאָס מיידעלע האָט מיך געהאַלטן ביים אַרבל און אַריינגעשלעפּט אין אַ שטוב, ווו עס איז געהאָנגען אַ ביסל געוואַשענע וועש, און אַ גאַגעלע האָט זיך געברענט אויף דער וואַנט. קיין בענקל איז נישט געווען. עס איז געשטאַנען נאָר אַ פאָמעשאַף־וואַסער אויף אַ קליין־אויפגעשטעלט קעסטל. מען האָט אַראָפּגענומען דעם פאָמעשאַף, און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַ קליין טישל, און דאָס לעמפּעלע פון דער וואַנט האָט מען אַוועקגעשטעלט צו מיר אויפן טיש.

אין דער צייט האָט מען בליץ־שנעל איבערגעגעבן צו שכנים אין הויף, איינער דעם צווייטן, וועגן דער קאָמישער געשיכטע. אין שטוב איז דעריבער וואָס־אַמאָל געוואָרן אַלץ ענגער פון נייגעריקע, וואָס זיינען געקומען קוקן, ווי אויף דעם ביי־ווונדער, אויף דעם נאַריש־משוגענעם מענטש, וואָס פאַרשרייבט לידלעך.

דאָס מיידעלע האָט אַלץ־ווייטער געזונגען איין ליד נאָכן אַנדערן און איך האָב געשריבן. בעת דעם האָט זיך דער עולם משמח געווען מיט מיר, מען האָט מיך געשטויסן פון אַלע זייטן. איינער האָט דעם צווייטן יעדעס מאָל געטון אַ שטופּ אַרויף

אויף מיר, און דאָס מיידעלע האָט דערביי אויך צוגעהאָלפן צו דער קאַפּעליע: זי האָט מיר געגומען קלאַפּן מיט דער האַנט אין קאַפּעלוש אַריין. צום שלימזל האָב איך דעמאָלט גראָד געטראָגן אַ האַרטן הוט, אַ מעלאָן און בעתן קלאַפּן האָט זי צו־געזונגען דאָס לידל:

ווו איז דער יאָלד אין קאַפּעלוש
מיט זיינע פּאַטראָוועס?
מ׳האַקט אים אַריין אין קאַפּעלוש,
מ׳שיקט אים אַהיים אויף שבת.
דאָס איז דער יאָלד אין קאַפּעלוש
מיט זיינע וויצן,
מ׳האַקט אים אַריין אין קאַפּעלוש,
הייבט ער אָן צו שוויצן.

און געשוויצט האָב איך דעמאָלט זייער, שוין פון בלויזן געדראַנג אַליין. דער־צו האָט מען מיך געדריקט און געשטיקט. איך האָב אויף זיך געטראָגן כמעט דעם גאַנצן עולם, אַלע זיינען אויף מיר געלעגן. יעדער האָט געוואָלט אַ ביסל הנאה האָבן, מיר אַ שטויס געבן, זיך לוסטיק צו מאַכן איבער מיר.

איך האָב קוים מיט צרות זיך געקענט אויפשטעלן, כדי אַ ביסל אָפּצוּעטעמען. ווען איך בין אַרויס פון בוידעם־שטיבל, איז מיר די גאַנצע כאַליאַסטרע נאָכגע־גאַנגען. מען האָט מיך באַגלייט מיט אַ „בע״, מיט אַ געלאַכעריי, אַ געפייפעריי און מיטן געזאַנג פון „יאָלד אין קאַפּעלוש״. און אינעם גאַנצן געמיש פון קלאַנגען האָט זיך אַרויסגעהערט דאָס קול פון מיידעלע: „קומט נאָכאַמאָל, איך האָב נאָך אַ סך ליד־לעך, נאָר ברענגט מיט אַ פּעקל טשעקאָלאַדעס, ווייל איך קען מיר נישט רייסן דעם האַלדז בחנם!״

שפּעטער האָב איך שוין דאָס אָרט ניט אַדורכגעלאָזט און טאַקע געקומען וואָס אָפטער צום מיידעלע שוין אין איר שטוב אַריין, צו איר מוטער, און איך האָב דאָרט געשריבן און געשריבן אַ לאַנגע צייט אַוועק. און טשעקאָלאַדעס האָבן טאַקע שטענדיק געמוזט זיין.

דאָס זעלבע הויז האָט מיר געגעבן דערנאָך אַ סך ווינונגען, ווו איך האָב באַ־קומען שטאָף פאַר מיין אַרבעט.

## ב.
## געוואָלט כאַפּן אַ פרייער

אין איינע פון די ווינונגען, ווו איך בין געווען אָן אָפטער איינגייער, האָט גע־ווינט אַ גאַסנמיידל. איר „מסחר״ האָט זי געפירט אין גאַס ערגעץ־ווו, נאָר דאָ איז געווען איר אַפּרו־אָרט.

איינמאָל, ווען איך בין געבליבן מיטן גאַסנמיידל אַליין אין שטוב און האָב ביי איר אויפגענומען פאַרשידענע לידער, צווישן וועלכע עס איז געווען אַ לידל פון גאַסנפרויען, געזונגען בעת די פריהייטס־טעג אין צאַרישן רוסלאַנד. די פערזן

שטעלן דאָרט פאַר די אַלפאַנסן אַלס בלוט־זויגער, שפּיאָנען, לומפּן, וואָס פאַשען זיך די גראָבע בייכער אויפן חשבון פון דעם אומגליקלעכן גאַסנמיידל.

דער אָנהייב זינגט זיך:

אוי, די לומפּן, זיי זיינען שפּיאָנען,
פּראָוואָקאַטאָרס זיינען זיי,
זיי גייען אויף בירזשעס און הערן „מאָוועס"
און גייען דערציילן פּאָליציי.

אָבער מיר פּראָסטיטוטקעס, מיר זיינען נאַראָנים,
מיר מוטשען זיך בייטאָג און ביינאַכט,
אָבער די לומפּן, זיי פּאַשן זיך די גראָבע בייכער,
פון אונדז פּראָסטיטוטקעלעך ווערן זיי רייך.

זיצנדיק אַזוי מיט איר ביחידות, האָט זיך דאָס מיידל פאַר מיר פאַרטרויט. וואָס איז? זי האָט אַ „חתן", איז ער אַ גנב און ער זיצט שוין אַ האַלב יאָר אין פּאַוויאַק פאַר אַ גנבה. ווען ער איז געווען אויף דער פריי, האָבן זיי זיך ביידע געליבט און דערצו האָט זיך יעדער באַזונדער געפירט זיין „מסחר": ער איז געווען פאַרנומען ביי זיין גנבה און זי האָט געהאַנדלט מיט איר קערפּער, נאָר אין אַ נויט האָט איינער דעם צווייטן אַרויסגעהאָלפן. יעצט זיצט דער „חתן" שוין אַזאַ צייט און ער וועט ערשט אַרויסקומען אויף דער פריי אין אַ יאָר אַרום. זי קען דעריבער אירע געשעפטן נישט פירן, זי קען נישט גיין אין גאַס אַריין צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט קיין פּאַטשיילע, אַ טוך זיך אַרומצוהילן, בעט זי מיך, אַז איך זאָל איר דאָס שאַפן אָדער אויסבאָרגן געלט דערויף.

ווי זי האָט געזען, אַז איר ביטע וועל איך נישט אָנטקעגנקומען, האָט זי פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל איר כאָטש באָרגן אַ רובל. איך האָב איר געגעבן פופציק קאָפּיקעס און מיר זיינען אַרויס פון שטוב.

אויפן וועג האָט זי זיך אָנגעהויבן שדכנען צו מיר, נישט אַנדערש, נאָר איך זאָל ווערן איר חתן. צום סוף האָט זי מיך געטון אַ פרעג: „זענען זי שוין פאַרהייראַט?"

— „יאָ" — האָב איך געענטפערט.

— „אויב אַזוי — האָט זי געזאָגט — איז נישטאָ וואָס צו רעדן". און מיר האָבן זיך צעשיידט.

פון בוך: שמואל לעהמאַן — זאַמלבוך, וואַרשע, 1936

# י ע ק ב   ל ע ש צ י נ ס ק י

## אויפֿן ראַנד פֿון אָפּגרונט . . .



די יאָרן צווישן 1927 און 1933.
אַ טיפֿע פֿאַרצווייפֿלונג האָט אַרומגעכאַפּט די פּוילישע ייִדן פֿון אַלע קלאַסן אָן אויסנאַם, כאָטש אין זייער אַ פֿאַרשידענער מאָס. אַלע ייִדן אין פּוילן זייַנען אַרייַנגעפֿאַלן אין אַ שוואַרצער מרה שחורה. אָט די דאָזיקע פֿאַרצווייפֿלונג מאַכט אָן אַ חורבן, וואָס איז אפֿשר שרעקלעכער פֿון אַ פּאָגראָם אָדער פֿון אַן אַנדער איינמאָ־ליקן גרויסן אומגליק.

שוין צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָב איך באַשריבן די דאָזיקע פֿאַרצווייפֿלונג און האָב געמיינט, אַז ווייטער קען עס אַזוי נישט גיין און עס מוז קומען אַן איבערברוך. אָבער מיינע לעצטע באַזוכן אין פּוילן האָבן מיר געוויזן, אַז די פֿאַרצווייפֿלונג פֿאַר־כאַפּט נאָך ברייטער און טיפֿער, פֿאַרסמט אַלץ מער און מער נשמות, וויקלט איין אין טרויער און מרה שחורה אַלץ ברייטערע מאַסן, רייסט אויס און וואָרצלט אויס דעם גלויבן אין אַ בעסערע צוקונפֿט ביי אַלץ ברייטערע קרייזן. ממש אַ שוידער כאַפּט אָן ביים צוקוקן דעם דאָזיקן האָפֿנונגסלאָזן צושטאַנד, ביים זען, ווי מיליאָנען מענטשן לעבן אָן האָפֿענונגען, אָן גלויבן אין בעסערע טעג, אָן קאַמף כמעט פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿון דער דאָזיקער פֿאַרצווייפֿלונג איז, ערשטנס, וואָס זי איז אַ יאוש פֿון אַ גאַנצן פֿאָלק, צווייטנס, וואָס זי שטייגט אַ סך אַריבער דעם

---

יעקב לעשצינסקי איז געבוירן געוואָרן אין האָראָדישטש, קיִעווער גובערניע, אין יאָר 1876. זיין לעבן לאַנג געזוכט, מיט האַרץ און וויזיע, אַן אויסוועג פֿון צער און יאוש פֿאַר די מיליאָנען ייִדן אין מזרח־אייראָפּע. געווען אַקטיוו — אין פֿאַרלויף פֿון יאָרצענדליקער, זינט 1896, ווען ער איז אַוועק פֿון דער פֿרומער היים — אין עטלעכע ייִדישע פּאַרטייען. דער עיקר אָבער שטודירט, מיט דער הילף פֿון גרינט־לעכע, אפֿשר גרינטלעכסטע ביי ייִדן — סטאַטיסטישע פֿאָרשונגען די ייִדישע פֿאָלקס-נויט אין רוסלאַנד, פּוילן און אַנדערע לענדער מחבר פֿון אַן אומצאָל עסייען אויפֿן געביט פֿון ייִדישער עקאָנאָמיע און צענדליקער ביכער אויפֿן זעלבן געביט — אין ייִדיש, העברעיש, רוסיש, איבערגעזעצט אין מערערע לשונות. זינט 1901 — ווען דאָס ערשטע מאָל געווען אין וואַרשע — פֿילמאָל דאָרט געווילט און געוווינט; פֿון 1934 ביז 1938 — שטענדיק. זינט 1938 אין ניו יאָרק און זינט 1959 אין מדינת ישראל. אַ פֿראַגמענט, אויסשליסלעך וועגן וואַרשע, פֿון יעקב לעשצינסקיס בוך „אויפֿן ראַנד פֿון אָפּגרונט״, זייַנען מיר מצרף צו דער דאָזיקער אַנטאָלאָגיע.

פּאַקטישן עקאָנאָמישן חורבן, וואָס זי רופט אַרויס. עס איז נישטאָ אַזאַ מאָס, מיט וועלכער מען קאָן מעסטן די פאַרהעלטעניש צווישן עקאָנאָמישן חורבן און דער פאַרצווייפלונג, וואָס ער האָט אַרויסגערופן. אָבער אין מיינע פילע שמועסן מיט פּוילישע יידן האָבן זיי מיר מודה געווען, אַז די פאַרצווייפלונג איז אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, פון פילן, אַז דער באָדן גליטשט זיך אַרויס פון אונטער די פיס, פון אַ מורא פאַר ערגערע טעג וועלכע מוזן אומבאַדינגט קומען, פון פאַרלירן דעם גלויבן, אַז עס קאָן אַמאָל בעסער ווערן.

דער דאָזיקער קראַנקער נשמה־צושטאַנד איז געוויס אַ רעזולטאַט פון אַ שווערן קריזיס, וועלכן אַלע אייראָפּעישע יידן לעבן איבער, אין אַ באַזונדערס שאַרפער פאָרם די פּוילישע יידן. אָט דער נשמה־צושטאַנד נעמט אַוועק דעם מוט און שוואַכט אָפּ דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די יידן.

דער קלאָרסטער אויסערלעכער סימן פון דער דאָזיקער קרענק איז געוויס די זעלבסטמאָרד־מגפה, וועלכע איז אַ סך טראַגישער און שרעקלעכער לויט אירע פאַרמען און לויט דעם, וואָסערע קרייזן זי פאַרכאַפּט, ווי מיט איר גרויס. וואָרום אין בערלין איז דער פּראָצענט זעלבסטמערדער ביי יידן דריי מאָל העכער ווי אין וואַרשע, און אין ווין איז ער צוויי מיט אַ האַלבן מאָל העכער. אָבער מען קאָן אַבסאָלוט נישט פאַרגלייכן די דאָזיקע זעלבסטמאָרדן צווישן זיך.

און גראָד אין דער הינזיכט איז דאָך דער פּוילישער ייד ממש אַן אידעאַל. דער סוחר, וואָס וואַרפט זיך פון פינפטן שטאָק, זאָגט דאָך פריער אָפּ ווידוי. ער קומט פון אַ פאַמיליע, וווּ ער איז געווען דער פינפטער אָדער דער זעקסטער; וווּ פרומקייט, גלויבן, צוגעבונדנקייט צום בית המדרש, צום רבינס שטיבל, צום יידישן פאָלק, צו דער משפחה, צום גאַנצן יידישן אַרום זיינען געווען נאַטירלעכע זאַכן. ער אַליין, דער זעלבסטמערדער, האָט זיינע יונגע יאָרן פאַרבראַכט אין בית המדרש אָדער ישיבה, און איז אָפּט נאָך אויך אַ גוטער פאַמיליע־מענטש, וואָס האָט אַ כּאָפּטע קינדער אין שטוב. דאָס ווייב איז טאַקע באמת זיין אייניציקע אשת חיל, און יעדעס קינד איז ביי אים איינגעבאַקן אין האַרצן ביזן מקריב זיין זיך פאַר אים. ער איז אַ גליד פון דער קהילה און פון זיין פאָלק. הכלל, ער איז אַ מענטש, וואָס האָט גאַנץ געניג צוגעבונדנקייט און גאַנץ שטאַרקע רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע געפילן און איבערצייגונגען. אַזאַ מענטש ווייסט זייער גוט, אַז ער פאַרלירט מיטן זעלבסטמאָרד עולם הבא, און פאַרלירן עולם הבא איז פאַר אים גאָר נישט קיין קלייניקייט, און דאָך גייט ער דערויף.

די פּוילישע יידן זיינען פּאָליטיש אַבסאָלוט אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער פּוילישער וועלט — און נישט קיין געמיינזאַמע פּאַרטייען און נישט קיין שותפותדיקע איינצעלנע פּאָליטישע טוער וואַרפן דאָ נישט אַריבער קיין בריקן צווישן יידן און נישט־יידן. אַזעלכע פאַלן, ווי אין אַמאָליקן רוסלאַנד, אַז אַ ייד זאָל אין איין צייט זיין אַ פירער פון אַן אַלגעמיין־מלוכהשער פּאַרטיי און אַן אָפענער אַקטיווער יידישער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טוער (ווי דער רוסישער ייד ווינאַווער און אַנדערע) אָדער ווי אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וווּ מען האָט געאַרבעט אי אין „בונד", אי אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אי ביי די סיימאָוועצעס, אי ביי די ס. ר. (די רוסישע פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן), אַזעלכע פאַלן זיינען אין פּוילן פּשוט נישט מעגלעך.

דער רעזולטאַט איז אַן איינזאַמע, פאַרלאָזענע יידישע מאַסע, וואָס ראַנגלט זיך פאַר איר עקזיסטענץ אין אַ סביבה, ווו עס זיינען דאָ אַ סך אַקטיווע און אויך גאָר ווייניק אפילו נישט אקטיווע גוטע פריינט. און עס איז קיין חידוש נישט, וואָס די דאָזיקע מאַסע איז אַזוי פאַרצווייפלט און געפאַלן ביי זיך. געוויס, געוויס זיינען די הויפּט־אורזאַכן פון די זעלבסטמאָרדן דער עקאָנאָמישער קריזיס, די באַנקראָטן, די ירידה, די פאַראָרימונג פון אַ סך פאַרמעגלעכע מענטשן, די אַרבעטסלאָזיקייט, די עקאָנאָמישע האָפענונגסלאָזיקייט און אַזוי ווייטער. אָבער מען מוז זיך דאָך פאַרטראַכטן איבער דעם פאַקט, וואָס די זעלבסטמאָרד־מגפה בושעוועט אַ סך שטאַרקער צווישן די, וואָס האָבן מורא פאַרן קומענדן דלות, ווי צווישן די, וואָס לעבן אין דלות יאָרן און דורות. זי קומט פאַר אַ סך מער צווישן די, וואָס האָבן מורא צו פאַרלירן, ווי צווישן די, וואָס האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן.

די טעגלעכע כראָניק פון די יידישע זעלבסטמאָרדן אין פוילן מאָלט אַזאַ שווידער־בילד פונעם נשמה־צושטאַנד פון די יידישע מאַסן, אַז עס איז כדאי איין מאָל זיי צונויפנעמען און זיי פאַראייביקן. אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועלן אין די דאָזיקע צייטונגס־נאָטיצן געפינען אַ צייט־שפּיגל, דערהערן אַ בת־קול פון אַ צייט אַ שווערער, פון אַן איבערברוך־צייט.

לאָמיר לאָזן רעדן די דאָזיקע נאָטיצן:

„נעכטן, זעקס פאַרנאַכט, איז אין דער מוראַנאָווער געגנט בליץ־שנעל דורכגפלויגן אַ ידיעה וועגן אַ שוידערלעכן זעלבסטמאָרד פון אַן אַלטן יידן.

ווען אונדזער מיטאַרבעטער איז צוגעקומען צום אָרט פון אומגליק, האָט זיך דאָרטן געטאָן חושך. אַריינצוקומען אין גרויסן הויף אויף מוראַנאָווסקע 38 איז געווען שווער. אַ ריזיקער עולם האָט געשטראָמט אין הויף אַריין.

דאָרט אין אַ ווינקל איז געלעגן דער טויטער קערפּער פון אַן אַלטן גריוז־גראָען יידן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. דאָס פּנים געל ווי וואַקס. דורך דעם פאַרהאַקטן מויל האָט געזעצט אַ ווייסע פּינע. אין אַ צווייטן ווינקל איז געזעסן אַ בלאָנדע פרוי אין מיטעלן עלטער, שרעקלעך געשריען און זיך געהאַקט קאָפּ אָן דער וואַנט — דאָס איז די פרוי פון זעלבסטמערדער.

צווישן פאַרזאַמלטן עולם קומען פאָר אומבאַשרייבלעכע סצענעס: מען וויינט, מען ברעכט די הענט; אייניקע פרויען פאַלן חלשות. יעדע מינוט דערהערט זיך פון אַן אַנדער ווינקל אַ ניי יאָמערלעך געשריי — דאָס זיינען די קינדער פון זעלבסטמערדער, וועלכע קומען זיך ביסלעכוויז צונויף צום אָרט, ווו זייער פאָטער האָט אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן פאַרענדיקט אַלע זיינע חשבונות מיטן לעבן.

דער זעלבסטמערדער איז געווען דער 53־יעריקער שמעון לאָטער. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געווען איינער פון די גרעסטע און רייכסטע סוחרים פון לעדער. ער האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט אויף פראַנציסקאַנער גאַס 30. די לעצטע יאָרן האָט עס אים אָבער אָנגעהויבן גיין מיט דער פוטער אַראָפּ. ער איז נישט געווען אימשטאַנד צו צאָלן זיינע חובות. די שלעכטע געשעפטן האָבן לאָטערן רוינירט נישט נאָר מאַטעריעל, נאָר אויך פיזיש — ער איז ערנסט קראַנק געוואָרן אויף די נערוון.

נעכטן איז ער אַרויס פון שטוב גאַנץ פרי. די פרוי איז אים כסדר נאָכגעגאַנגען. ער איז אַוועק אויף נאַלעווקעס. דאָרט איז ער אַריינגעגאַנגען אין פאַרשידענע הוי־

פֿן, ווו ער האָט מיט די אויגן געמאָסטן די הויך פֿון די הייזער. דאָס האָט זיך געצויגן שעהן לאַנג. פֿון נאַלעווקעס איז ער אַוועק אויף מוראַנאָווסקע. דאָרט האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלביקע — פֿון איין הויף אַרויס, אין צווייטן אַריין.

אין הויף נומער 38 איז ער געווען אין פֿאַרלויף פֿון טאָג עטלעכע מאָל. דאָס לעצטע מאָל איז ער שנעל אַריינגעלאָפֿן אין הויף און האָט זיך געלאָזט גיין אויף די טרעפּ פֿון ערשטן בנין נעבן טויער. די פֿרוי איז נאָך אים אַרויף אויף די טרעפּ און האָט פֿאַרצווייפֿלט נאָכגעשריען: „שמעון, וווהין גייסטו? וואָס ווילסטו טאָן?" ער האָט אָבער נישט געענטפֿערט און געלאָפֿן ווייטער שנעל.

אויפֿן פֿערטן שטאָק האָט זיך פֿרוי לאָטער אָפּגעשטעלט און געזוכט איר מאַן. זי האָט געמיינט, אַז ער איז אַריין ערגעץ אין אַ וווינונג, ווייל דאָס איז שוין געווען דער לעצטער שטאָק. דער מאַן איז אָבער אַרויף נאָך אַ האַלבן שטאָק העכער מיט די טרעפּ, וואָס פֿירן צום בוידעם. דאָרטן האָט ער זיך דורכן פֿענצטער אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן הויף. די פֿרוי האָט דורכן פֿענצטער אויפֿן פֿערטן שטאָק געזען פֿליען דעם קערפּער פֿון איר מאַן אַרונטער. איר געשריי האָט זיך צונויפֿגעמישט מיטן קלאַפּ פֿון קערפּער אויפֿן שטיינערנעם ברוק".

(„נייע פֿאָלקסצייטונג", נ. 146, וואַרשע, יוני 24, 1931)

„אין די וואַרשעווער סוחרישע קרייזן האָט זיך נעכטן בליץ־שנעל פֿאַרשפּרייט די ידיעה, אַז דער באַקאַנטער פֿאַבריקאַנט און סוחר חיים לעסער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

לעסער האָט געוווינט אויף גראַניטשנע 3, ווו ער האָט פֿאַרנומען אַ שיינע, רחבותדיקע דירה. פֿון מאָנטיק אָן האָבן די שכנים דערשפּירט, אַז אויף די טרעפּ פֿילט זיך אַ שטאַרקער ריח פֿון גאַז. אַזוי ווי לעסערס פֿרוי מיטן קינד ווילן איצט אין רומעניע, זיינען די שכנים געווען זיכער, אַז אין דער וווינונג איז קיינער נישטאָ און עס איז דאָרט קאַליע געוואָרן די גאַז־איינריכטונג. מען האָט געמאָלדן אין גאַז־אַנשטאַלט. מען האָט גערופֿן פּאָליציי און מען האָט אויפֿגעריסן די טיר פֿון לעסערס וווינונג. פֿאַר די אויגן פֿון די שכנים האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד: לעסער איז געלעגן אָן שום סימנים פֿון לעבן. דאָס גאַז־קישקעלע איז אים געווען אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז, כדי עס זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פֿון מויל, אין וועלכען ער האָט געהאַלטן איין עק. דער גאַז־קראַן איז געווען אינגאַנצן אויפֿגעדרייט. דער דאָקטאָר האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז לעסער איז שוין דריי טעג טויט.

חיים לעסער איז בסך הכל אַלט געווען 32 יאָר און איז געווען באַקאַנט אַלס ערלעכער און פֿעיקער פֿאַבריקאַנט און סוחר. דער שווערער קריזיס האָט אָבער אים שטאַרק געטראָפֿן, און ער איז געווען אין געפֿאַר פֿון באַנקראָט. ער האָט אָבער, ווייזט אויס, נישט געוואָלט וואַרטן אויף דעם אומגליק און זיך גענומען דאָס לעבן".

(„היינט", נ. 188, יולי 13, 1931)

„אויף נאָוואָליפּיע 40 געפֿינט זיך דניאל עדעלבוימס פֿאַבריק פֿון אייזנוואַרג. די פֿאַבריק האָט אין פֿאַרלויף פֿון אַ לענגערער צייט באַשעפֿטיקט 12 אַרבעטער. צוליבן קריזיס זיינען די געשעפֿטן אַוועק זייער שלעכט. יענע וואָך איז ער נישט גע־

ווען אימשטאַנד אויסצוצאָלן די שכירות זיינע אַרבעטער. ער האָט זיך די זאַך שטאַרק גענומען צום האַרצן און איז אַריינגעפאַלן אין א מרה־שחורה.

דאָנערשטיק פרי איז ער אַרויס פון זיין וווינונג אויף נאָוואָליפּיע 40 און איז אַוועק אין פאַבריק אַריין, וואָס געפינט זיך אין זעלבן הויף אין אַ קעלער. זעענדיק, אַז דער פאָטער קומט נישט צו פרישטיק, איז דער זון אַראָפּ אין קעלער און דערזען אַ שוידערלעך בילד: דער פאָטער זיינער איז געהאָנגען אויף אַ שטריק, וואָס איז גע־ווען פאַרפעסטיקט צו אַ מאַשין. דער זון האָט געמאַכט אַ געוואַלד. מען האָט באַלד גערופן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט דעם טויט.

דער טראַגיש־אומגעקומענער פאַבריקאַנט איז אַלט געווען 55 יאָר און האָט אי־בערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ זון".

(„היינט", נ. 190, יולי 16, 1931)

„אין הויז נומער 74 לעשנאָ עקזיסטירט שוין אַ 30 יאָר אַ פודעלעך־פאַבריק, וואָס געהערט צו צוויי שותפים, ישראל וווגדהיילער און זיין איידעם בראַניסלאַוו האַלפּערסאָן. די פאַבריק האָט אַמאָל געאַרבעט זייער גוט. לעצטנס, צוליבן שרעק־לעכן קריזיס, האָבן דאָרטן געאַרבעט נאָר צוויי אַרבעטער. די געשעפטן זיינען געגאַנ־גען זייער שלעכט און האַלפּערסאָן איז די לעצטע צייט געווען שלעכט געשטימט. פרייטיק פאַרנאַכט האָט האַלפּערסאָן גענומען זיין צוויי־יעריק איינציק קינד און איז אַוועק מיט אים אין פאַבריק. דאָ האָט ער געגעבן דעם אַרבעטער, שמחה זשע־לאָנקע, אַ גרויסן קאַסטן און געהייסן אָפּטראָגן צו זיין מוטער. ווען מען האָט גע־עפנט דעם קאַסטן, האָט מען דאָרטן געפונען אַ פּאָרטפעל מיט פאַרשידענע דאָקו־מענטן, אַ וועקסל אויף 300 זלאָטעס און אַ בריוו, אין וועלכן ס'שטייט געשריבן:

„מאַמע! נעם זיך נישט צום האַרצן דאָס, וואָס דו וועסט זיך באַלד דערוויסן. מיט יאַשען קען איך זיך נישט צעשיידן, דערפאַר נעם איך אים מיט זיך, כדי אים נישט איבערלאָזן אויף הפקר".

מען האָט זיך באַלד געוואָרפן זוכן דעם פאָטער מיטן קינד. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געזוכט און ערשט פאַרטאָג האָט דער וועכטער געעפנט די פאַבריק, ווו מען האָט דערזען אַ שרעקלעך בילד: ביי דער שוועל איז געלעגן דאָס טויטע קערפּערל פון קינד אין אַ קאַלוזשע בלוט. ביי זיינע פיסלעך איז געלעגן דער טויטער פאָטער, האַלטנדיק איינגעקוועטשט אין האַנט אַ ברוינינג. דאָס קינד איז געשטאָרבן פון אַ קויל, וואָס עס האָט באַקומען אין בייכעלע; דער פאָטער האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין מויל אַריין.

ווי די פאַמיליע דערקלערט, איז נאָך דעם לעצטן טאָג דער זעלבסט־מערדער געווען גאַנץ נאָרמאַל. דאָנערשטיק נאָך איז ער מיט דער פרוי, שוועסטער, מוטער און קליינעם יאַשען געזעסן אין דער צוקערניע פון סטודניע. פון דאָרטן זיינען זיי נאָך גע־פאָרן אין דער צוקערניע פון ראַקאָווסקי, אויף באַגאַטעלא, ווו זיי האָבן פאַרבראַכט ביז שפּעט אין אָוונט".

(„פאָלקסצייטונג", נ. 116, מאַי 5 1931)

„אַ יידישע פרוי פון אַ יאָר 50, אַ מוטער פון פיר דערוואַקסענע טעכטער, צוויי מיידלעך און צוויי אויסגעגעבענע, האָט אויף אַ שוידערלעכן אופן געמאַכט אַ סוף צו איר לעבן. דאָס איז געווען נעכטן אַ פערטל צו צוועלף בייטאָג. דער הויף אויף מוראַנאָווסקאַ 6 איז געווען פול מיט מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען הין און צוריק, פאַרטועגע אין זייערע געשעפטן. פלוצים האָט זיך דערהערט אַ מוראדיקער קלאַפּ און אויפן אַספאַלט איז געבליבן ליגן אַ צעשמעטערטע אין אַ קאַלוזשע בלוט די 50־יאָריקע מרים מאַנסקאַ, די פרוי פון דעם געוועזענעם רייכן לעדער־סוחר אהרן שלמה מאַנסקאַ, וועלכער פאַרנעמט אַ דירה פון דריי צימערן מיט אַ קיך.

די אורזאַך פונעם טויט איז ווי געוויינלעך. דער מאַן איז געווען רייך, פאַרלוירן דאָס געלט, געפאַלן און געפאַלן. דער דלות האָט זיך געריסן אין שטוב. די פרוי האָט נישט אויסגעהאַלטן און געטאָן דאָס, וואָס עס טוען הונדערטער פון איר גראַד.

(„היינט", נ. 158, יולי 9 1931)

דאָס איז אַלץ פון וואַרשעווער לעבן — אין דער פּראָווינץ איז נישט בעסער.

(פון בוך: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. בוענאָס איירעס 1947)

# קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

## געסט



א ליד, און נאָך אַ ליד, און נאָך, און ווידער,
כ׳בין מיד פון מיינע און פון אַנדערע לידער.
מיין שטוב איז אַ קאַרוסעל,
אַ קאַרוסעל אויף אויסגעפוילטע שפּאַלן,
און אַטאַ באַלד, און אַטאַ באַלד אינמיטן זינגען וועט זי פאַלן.

און אונטן גייט די גאַס:
(אַכטונג און סאַלוט)
לאַקירטע שיך, און גאָלדענע קנעפּ און נידעריקער — שפּורן פון בלוט.

און כאָטש איך וויל דאָס נישט געדענקען —
איז דאָס פּאַרט אַזוי,
אַפילו ווען ס׳איז תמוזדיקע זון,
אַפילו ווען ס׳איז גאָלד און בלוי.

און טרערן זענען נישט קיין פּערל,
ווי עס שרייבן עד־היום פּאָעטן,
ס׳זענען פלעקן אין קויטיקע בעטן.

און קינדער זענען נישט קיין שטיפער,
נאָר בייגלהענדלער אויף די ראָגן,
און יעדערער איז בלייך, ווי אַ בעל־מום,
פונקט ווי זיי וואָלטן אין קיילעכדיקע קוישן
די אומגליקן געטראָגן.

---

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי — דיכטערין, דערציילערין, עסעיסטין — פון פאַך אַ לערערין — געבוירן אין קאַרטוז־בערעזע, פוילן, אין יאָר 1894. יאָרן אין רוסלאַנד. אין יאָר 1921 אין וואַרשע, 1935 אין ניו יאָרק. 1950—1952 אין מדינת ישראל. מערערע לידער־זאַמלונגען, אַ ראָמאַן, דראַמעס, אַ דערציילונגען־זאַמלונג. קאַדיעס לידער וועגן וואַרשעווער יידישער אַרבעט און נויט זענען אַ שם דבר אין דער יידישער ליריק. אירע קינדער־לידער — קלאַסיש: אינטעגרירט אין לערן־פּראָגראַמען פון אַלע יידיש־שולעס. אויך איבערגעזעצט אין עברית.

זייערע שאָטנס זענען ווי טשאַטעס וועלף,
און ניאוף זענען זייערע רייד,
אומפאַרשעמט,
און רציחה אין בליק,
און מאָרד אין די הענט.

און זיי ריידן הויך, אַז איך זאָל הערן:
— „זי, וואָס האָט אונדז אלף־בית געלערנט,
גייט שאווראָענע שיך,
און נאָך גאָרנישט צעריסן,
אַבי מען האָט געזאָגט:
— „טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן — —
איז טאַקע מיטן קאָפּ אין דר׳ערד,
געזונטערהייט!
מיר האָבן שוין גענוג די צינגלדיקע רייד”.

רעדן זיי הויך און פרעך,
דערי‌אָגן מיך די ווערטער, ווי בליצן,
און פאַלן צו ווי זודיקער פעך.

באַנאַכט זענען זייערע הענט,
ווי וואַסער־בלעטער אויף מיינע שויבן.
געסט מיינע! (הויך געשעצט)
זיי קומען מיך באַרויבן פון מיין לעצטן חלום,
פון דעם, וואָס כ׳האָב נאָך נישט דערטראַכט ביז לעצט.

און אין מיין שטוב איז טונקלקייט פון נעילה
פאַל איך כורעים,
און איך זאָג מיט מיין גאָס
די טאָג־איין־טאָג־אויסעדיקע תפילה:

## ב ר ו י ט!

ברויט פאַר קראַוואַטן,
ברויט פאַר בייגל,
ברויט פאַר לידער,
ברויט פאַר ווייבער און פאַר פּודער,
פאַר פּראָוואָקאַציע —
פאַר אַ קאָפּ פון אַ ברודער!

זאָג איך הויך די תפילה צו זיין נאָמען,
און ס׳ענטפערט אַרום מיר:
אמן — אמן — אמן.

## א מאמע



די מאַמע אין גרינעם סוועטער גייט איבערן גאַס און גייט.
אלול הוידעט זיך דער ווינט,
טבת שנייט,
זון איבער די שויבן פסח רינט.
דער גרינער סוועטער גייט איבערן גאַס און גייט
שוין זומערן,
שוין ווינטערן,
שוין וויפל צייט —
די גאַסן שווימען אין דער לענג און אין דער קרום,
דער הימל הוידעט זיך אַזוי ווי אַ האַמאַק,
און אַלע גאַסן,
אַלע פירן צום פּאַוויאַק,
דאָרט ווי אַ ווונד אַ קאַמער בריט,
אַ קאַמער וויגט זיך טאָג און נאַכט;
הינטער די גרויע ווענט אַ טאָכטער זיצט פאַרמאַכט,
פאַרשלאָסן,
שטיל,
מיט אויפגעלייגטע הענט,
מיט שאַרפן הערן,
און זעגט די קראַטן מיטן בליק
און ציילט די שטערן.
אַרום די שטילקייט קלינגט,
עס בלענדט די ליידיקייט מיט ווייסע שפּיזן.
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
דער גרינער סוועטער גייט איבערן גאַס און גייט.
אלול איז נישט נאַס,
און טבת איז נישט קאַלט,
און פסח איז קיין יום־טוב נישט.

דער הימל הוידעט זיך אַזוי ווי אַ האַמאַק,
און אַלע גאַסן,
אַלע פירן צום פּאַוויאַק.

# דער קויש



זעקס פאַרטאָג קלאַפּט פריידקע שוין מיט האַרטע שקראַבעס אויפן טראָטואַר
די ייִנגלערישע האָר צעשאָטן.
אַ פּופּציק שטאָק שוין דורכגעלאָפן,
אַ פינעף גאַסן אויסגעטראָטן.
דער קויש מיט אייער צוגעדריקט צום דיך.
רייזעלע איז שוין מסתמא אויפגעשטאַנען,
גיכער־גיך, גיכער־גיך.
די עלנבויגן זענען אָפּגעבערענט און שאַרף.
— מען דאַרף אַוועקטראָגן דעם מאַרימאָנטער פּיניעלע דעם חוב,
מען דאַרף, מען דאַרף.

דער מאַרימאָנטער פּיניעלע האָט אַ פולע באָרד מיט זאָרג.
איז פאַרן דאַווענען זאָרגט ער סתם פאַר גאָט,
און נאָכן דאַווענען — פאַר זיין קראָם פון מילכיקס און פון אייער.
— מען קען נישט קיינעם, זאָגט ער, אָנטרויען אויף באָרג,
ווייל ראשית חכמה האָט גאָט באַשאַפן די מטביע.
און פּיניעלע דער מאַרימאָנטער הינקט־צו און רעדט בכבודיק און מיט באַדייט,
(כאָטש ביידע פיס האָט ער איינגאַנצן גלייכע, קומט דאָ צוצוגעבן,
ער הינקט אויס אהבה צום וואָלאָמינער רבין,
וואָס גייט אַביסל מיט אַ זייט).
רעדט ער אַזוי, און זיין באָרד
פּאָטאַקעוועט אים וואָרט ביי וואָרט.
— אייער — זאָגט ער — איז אַן איידעלער פּראָדוקט,
און קיין וועקסל קענסטו אויף קיין איי נישט שרייבן,
עס שטייט אין פּסוק —
שמור נפשך — דו זאָלסט קיין קבצן חס־וחלילה נישט פאַרבלייבן.
ער זאָגט אַ וואָרט און ברומט,
און ציילט אַ קאַסטן נאָך אַ קאַסטן,
און רעדט פּאַמעלעך,
אַ ביסל צוליב גאווה,
אַ ביסל צוליב אַסטמע.
— אַ הונדערטער — זאָגט ער — איז סימן קבצן,
דער עיקר איז גאָר אָט־אָ־דער־אָ קליינער גראָשן —
האַלט פּיניעלע צוזאַמען מיט זיין באָרד
אַ לאַנגע חקירהדיקע דרשה:
איז ווייל טאַקע, אַז עס פאַרמאַכט זיך נישט די טיר,
און ס׳איז דאָס שופלאָדל מיט קליינגעלט אָנגעשאָטן,
און נישט די גרעבערע מטביע איז דער עיקר,

נאָר טאַקע ס'גרעשעלע, דער קטן.
און פּיניעלע דער מאַרימאַנטער ציילט די גראָשנס גאָר באַזונדער און באַזונדער,
וויקלט זיי אין לאַנגע רערלעך,
אַ הונדערטער נאָך אַ הונדערטער,
לייגט זיי ווי ספר־תּורהלעך אין ריי,
און ס'איז זיין באָרד צופרידן:
— אַלץ קיין עין הרע קומט עס פּונעם איי.

פרײַדקע פאַרקירעווועט אין ראָג.
עס טראָגט זיך אַנטקעגן יונגע פיס אַ פערטער שטאָק,
עס מײַדן זיך די שטיגן.
די גאָלדקאָרנאָווע מיטן קליינעם גוידערל באַטראַכט די אייער לאַנג,
גלײַך אינעווייניק זאָל דאָרט עפּעס ליגן,
יעדעס איי גיט זי אַ לויכט אַנטקעגן פענצטער פאַרן שײַן,
און ס'מורמלט דאָס קליינע גוידערל —
— ווער ווייסט, מען קאָן דאָך אינעווייניק נישט אַרײַן.

ביי פרײַדקען פאַלן־צו די וויעס.
עס איז דער קויש נאָך שווערלעך, נאָך גיין און גיין.
עס ציטערן אַביסל שוין די קניען.
און אין קאָפּ איבערן ברעם
פילט זי אַ מידע לײַדיקייט;
אָן איינגעעקשנטן פאַרקלעם.

די שטאַקן ציען זיך אַרויף,
די שטיגן הוידען זיך.
די לעצטע טיר. דאָס דאַמעלע מיט די געשמינקטע ליפּן.
זי וועגט די אייער אויף די הענט.
די ווערטער לויפן, פּערלען זיך און שיטן:
— זי אַליין —
זי איז אַ דעמאָקראַטקע,
זי אַרבעט מערער, ווי די דינסט.
ווען נישט דאָס הויז, די ווילע, די קינדער און דער מאַן
(און זײַן קולטור־אַרבעט פאַר ברייטע מאַסן)
וואָלט זי אַוועקגעפאָרן זוכן אַ פאַרדינסט.
זי ווייסט, וואָס הייסט אָן אַרבעטער;
און שאַנעווועט דעם אַרבעטערס פאַראיין.
זי לאָזט איר דינסט־מיידל צוויי מאָל אין וואָך אין קאָשטשאָל גיין.
(זי פּרוווט די אייער מיט די ציין).
— מײַן יאַשקע — זאָגט זי — מוז האָבן אייער גלײַך פון דער הון.

צוליב איִם, שווימט אַ שלייענדל ביי מיר אין וואַנע שטענדיק,
צוליב אים קויף איך קיין פלייש נישט,
נאָר איך שעכט אַן ענדיק.
זי, צו זיינע יאָרן, אים צו געזונט,
איז שוין געווען אַ מיטגליד אין „קליינעם בונד״,
זיך גנבענען אין וואַלד און הערן ווי דער חבר נאָסקע
דערציילט פון בונטן און פון סאָפיע פעראָווסקי.
מיט סאַמעטענע פינגער גיט זי די אייער אַ צייל,
דעם טאַש אַ גלעט.
— עס שאַדט נישט — שמייכלען די געשמינקטע ליפן —
עס שאַדט נישט —
עד־היום נאָך הענגט קאַרל מאַרקס ביי איר איבערן בעט.
פריידקען בריט דורך אַ קלעם,
עפּעס ברענענדיקס און שטאַרקס.
— מער פעלט דאָ נישט — טראַכט זי — ווי קאַרל מאַרקס.

די שטיגן הוידען זיך,
די שטיגן שליידערן אַראָפּ.
דער קויש איז ליידיק,
סטאָפּ.

אַהיים געקומען, זעט פריידקע אויפן טיש פּאַפּירן,
אַ פּראָטאָקאָל. ס׳איז זיבן גילדן.
זי בלייבט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אַ ווײַלע
— שוין אויסגערויכערט רייזלס שיכלעך,
ט׳שוין ווידער באָרוועס לויפן די מוידאילע.
זי רעדט עפּעס צו זיך אַליין,
די ווערטער ווערן שטילער, האַרבער.
— ס׳איז יענע עסקים, זאָגט זי, ווי דאָרט ביי נחמן פאַרבער
אין בערגעלסאָנס ביים דניעפּער.
די ליפן פריידקעס זענען קרומלעך, שמאָל,
זי זאָגט עפּעס אינגאַנצן אָן אַ קול.

---

## א מעשה מיט א באליע



אין אַ ליכטיקן טאָג, אין אַ גליקלעכער שעה,
די זון איז געשלאָפן אויף טישן און בעטן,
האָט כאַנטשע געקויפט אַ דייזשע, ברויט קנעטן.

קנעט היינט און קנעט מאָרגן —
ווי לאַנג ס'זאָל נישט דויערן,
וויל דער טייג אַלץ נישט זויערן.

האָט כאַנטשע געזאָגט אַט אַזוי:
אַז די דייזשע איז קאַליע,
וועט עס זיין פּאַר אַ באַליע.

איצט גייט וואונדער אויף וואונדער
אַז קינדערשע קליידער און העמדער מיט שמוץ און מיט פלעקן
וואַשט די באַליע אַליין, אַן אַ פּיצעלע זייף, אַן אַ האַנט צו פאַרשטעקן.

ווי אַזוי?
ס'גיט אַ העמדל זיך דריי מאָל אַ דריי, ווי אַ רייף,
ווערט אַ באַליע זייף.
לינקס אַ ראָד,
רעכטס אַ ראָד —
שוין פון באָד.

קומען שכנות פון קעלערס, פון בוידעמס, פון מיטלסטע שטאָקן:
כאַנטשע־לעב, כ'האָב קינדערלעך זיבן, רק וואָש און צוואָג,
אַנטליי מיר די באַליע אויף היינטיקן טאָג.

איז די באַליע געגאַנגען, אַזוי ווי אַ בשורה:
פון קעלער אַרויף, אויף אַן אויבערשטן שטאָק,
פון דאָרטן אין הויף, אין אַ פינצטערן ראָג.

דערנאָך:
אויף אַ בוידעם, אין אַ שטוב אָן אַ טיר,
און אַרויף, ווי אַ וויאַטראַק, אויף טרעפּלעך פיר.

דערנאָך:
אין אַ שטוב מיט אַ הרובע אַ בלויע,
פון דאָרט צו אַ שכנישע גויע.

האָט די מעשה געדויערט
אַזוי ברייט, אַזוי לאַנג,
ביז די באַליע אַליין האָט געוווּסט שוין דעם גאַנג.

האָט די באַליע געוואָגט
און גענומען אַליין
פון דירה צו דירה זיך קייקלען און גיין.

**טראַכט די באַליע און זאָרגט**
**פּייגע־ביילע אין די מאַנסבילשע קאַמאַשן,**
**מוז מען צו איר זונטיק קומען וואַשן,**
**ווייל זי האָט קליינע קינדערלעך,**
**מוז אָפּטער וואַשן ווינדעלעך.**

**און מאָנטיק וואַשט מען העמדעלעך אין אויבער־שטיבל.**
**און דינסטיק, האָט נישט קיין פּאַריבל,**
**וואַשט מען מייטקעלעך.**

**און וואַשן לייבעלעך און זאָקן**
**קייקלט זיך די באַליע מיטוואָך מיט געוויש און מיט געהילך**
**צו שרה־זלאָטען, וואָס האַנדלט מיט ציגן־מילך.**

**דאָנערשטיק איז אַ געשפּאַר,**
**קייקלט זיך די באַליע, ווערט צוויי מאָל אַזוי ברייט.**
**וואַשט העמדעלעך פאַר קינד און קייט.**

**פרייטיק גייען קינדער אין קלאָרן וועש,**
**פרייטיק ווערט די באַליע זייער פרום,**
**און וואַשט זיך גאָר אַליין אַרום.**

פון די זאַמלונגען:
„פרײדקע", „דזשיקע גאַס", „מעשהלעך" —
דערשינען אין וואַרשע, 1931, 1933, 1935.

# איציק מאַנגער

## די באַלאַדע פון ווייסן ברויט





שטייען מאַמעס אין צעריסענע שאַלן
אויף טונקעלע אָונטיקע שוועלן.

בלייכע געזיכטער. פאַרלאָשענע פינגער. —
דרייצן אַפּאָסטלען פון דעם הונגער.

צינדט דער אָוונט איבער זייערע קעפּ
די לבנה אָן, ווי אַ ברויט אַ ווייס.

שטרעקן די מאַמעס פאַרלאַטעטע הענט.
טרויעריק צום ווייסן ברויט געווענדט.

„הייליק ברויט פאַל אין אונדזער שויס!
הייליק ווייצן־ברויט, לייז אונדז אויס!

דער הונגער קנעט אין אונדזערע בעטן
פון אונדזערע קינדער נאַכט־סקעלעטן.״

---

איציק מאַנגער, געבוירן 1901 אין טשערנאָוויץ. פון 1928 ביז 1938 אין וואַרשע. שפּעטער אין פּאַריז, לאָנדאָן, און פון 1951, אין ניו־יאָרק. עטלעכע רייזעס קיין מדינת ישראל. איינער פון די פּאָפּולערסטע, גרויסע יידישע דיכטער. איבערגע־זעצט אין מערערע שפּראַכן און אויך איבער דער וועלט באַקאַנט. זיין פּאָעזיע און זיין פּראָזע איז אויפגעזאַמלט אין צוויי פאַרנעמיקע בענד: „ליד און באַלאַדע״ און „נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפטן״. — — מאַנגער האָט די מייסטע פון זיינע ווערק געשריבן אין וואַרשע. און כאָטש זייער טעמע איז נישט וואַרשע — באַלאַנגט ער צו **דער** אַנטאָלאָגיע. „וואַרשע איז געווען מיין גרויסע אינספּיראַציע... דאָס ערשטע גרויסע ליד וועגן וואַרשע איז מיין באַלאַדע פון ווייסן ברויט. נישט טאָפּאָגראַפיש, נאָר סוזשעט־שטימונג. דאָס האָט נאָר געקענט געשאַפן ווערן דאָרטן, אַפילו ווען ס׳האָט פון אויבן אויף גאָרנישט צו טאָן מיטן אָרט״, שרייבט אונדז מאַנגער אין אַ בריוו. — — געבן מיר דאָ דאָס דאָזיקע ליד. מאַנגער האָט אויך אַסך חורבן־לידער געשריבן, אָבער אונדזער אַנטאָלאָגיע רופט זיך: דאָס אַמאָליקע יידישע וואַרשע ביז 1939. מאַנגערס לידער זענען געזונגען און רעציטירט געוואָרן אין געטאָ.

פלאַטערט לבנה איבער אַלע פענצטער,
איבער קינדער-קעפּ, איבער נאַכט־געשפּענסטער.

שמייכלען ביים שיין פונעם ווייסן ברויט
די קינדער און שטאַרבן אַ גרינגן טויט.

פאַרברענט לבנה אין טייך אירע שטראַלן
לבנה, וואָס קען פונעם הימל נישט פאַלן.

שטייען מאַמעס אויף שוועלן געבויגן
אין צעריסענע שאַלן מיט פאַרלאָשענע אויגן.

און זעצן זיך שבעה נאָך אַ יונגן טויט,
און זעצן זיך שבעה נאָכן ווייסן ברויט.

פון בוך: ליד און באַלאַדע, ניו־יאָרק 1952

# יואל מאַסטבוים

## אַ יורד



פון זינט דער באַנקראָט האָט צוגעהאַקט גרינבלאַטס געשעפט, איז אַ גאַס אין וואַרשע אין גאַנצן פאַרוויסט געוואָרן. אַ גרויסע אייזערנע טיר מיט פיר פענצטער לענגאויס איז געשטאַנען געשלאָסן אויף גרויסע אייזערנע שלעסער, מיט רויטע זיגלען פאַרחתמעט. די גרויסע בכבודיקע שילד פון איבער דער טיר, — וווּ עס זיינען געווען אויסגעמאָלן די דריי מעדאַלן פון דער פירמע מיטן נאָמען, מיטן יאָר 1870, פון זינט אָן די פירמע האָט עקזיסטירט, — איז געווען אַראָפּגענומען. עס איז נאָר געבליבן אויף דער וואַנט אַ טונקעלער בלויז, אַ טרויעריקער צייכן, אַז דאָ האָט מען נישט געגעבן קיין שילד צו מאָלן, נישט מחמת געשעפטן זיינען זייער גוט געגאַנגען, נאָר ווייל עס איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע רעזיגנאַציע איז אַלע מאָל צוגעקומען אַ שכן, אַוועקגעשטעלט זיך מיט די אויגן צום בלויז פון שילד און אַ זיפץ געטאָן.

יאָרן־יאָרן האָט ער, דער שכן, געהאַט ביי וועמען צו כאַפּן אַ גמילות־חסד, ווען ער האָט געדאַרפט צאָלן אַ וועקסעלע, אָדער שיקן דעקונג צום פאַבריקאַנט,

---

יואל מאַסטבוים — איינער פון די אָריגינעלסטע און — ליטעראַריש — נישט אָרגאַניזירטסטע יידישע פּראָזאיקערס, איז געבוירן געוואָרן אין מעזעריטש, פּוילן, אין יאָר 1884. שטייט אַ געווויסע צייט נאָענט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. קומט קיין וואַרשע אַרום דעם יאָר 1905. איז אַ חבר אין קרייז פון הלל צייטלין, דוד פרישמאַן, נח פּרילוצקי — און נישט פון פּרץ־קרייז. געטריבן פון אַן אייביקער אומרו — וואַנדערט ער איבער פּוילן און אויך מערב־אייראָפּע: פּאַריז און לאָנדאָן. האַלט לעקציעס, שרייבט ביכער, וואָס זייער הינטערגרונט זיינען זיינע זכרונות און זיינע וואַנדערונגען. שרייבט וועגן דעם „רויטן לעבן" אין פּוילן און חלוצים־לעבן אין ישראל. וואַרשעווער לאַנדשאַפט און יידישע פּאָלקשאַפט דערשיינט אָפט אין זיינע ביכער. זינט 1933 אין ישראל. 1939 אויף אַ באַזוך אין וואַרשע — און צוויי חדשים אונטער די נאַציס. עס געלינגט אים צו אַנטלויפן צוריק קיין ישראל. זיינע זאַכן דרוקן זיך אין יידישע, העברעישע, פּוילישע צייטשריפטן איבער גאָר דער וועלט. מאַסטבוימס שאַפן, אָט ווי פאַרביק, בילדעריש און קלאַנגיק (ער איז זייער מוזיקאַליש) איז אָבער שטאַרק פראַגמענטאַריש. פון אָט די פראַגמענטן געבן מיר דאָ אַ גאַנצע, גאַנץ־וואַרשעווער סקיצע. — מאַסטבויב איז געשטאָרבן אין אַפּריל 1957, צוויי וואָכן פאַר דער דאַטע פון דער פייערונג פון זיין שרייבערישן יובל אויף אַ גרויסן פאַרנעם אין תל אביב.

און אַצינד ווייסט ער נישט וואָס צו טאָן. עקספּעדיטאָרן, טרעגער, וועגעלע־שלעפּער, וואָס זיינען טעגלעך געלאָפן מיט די פראַכטן צום צוג „לייזן סחורה״, זיינען אַרומגעגאַנגען ביי די ראָגעס פון גאַס, ווי אָפּגעגאָסענע, געקראַצט זיך אין אַ פאה, געביסן העלצלעך פון שוועבעלעך און געשאָלטן אייגלען דעם לעמבערגער באַנקראָטניק, וואָס האָט צוגעפירט גרינבלאַטן צו אַזאַ סוף.

אפילו די פראָווינצער סוחרימלעך האָבן אויסגעביטלט צו אייגעלס קאָפּ. זיי זיינען געקומען ווי שטענדיק, די יידעלעך, מיט די יום־טובדיקע קאַפּאָטעס און מיט די פּאַראַסאָלן אין די הענט נעמען אויף „טשאַפּ״, האָבן זיי דערזען פּאַרזיגלטע שלעסער, טונקעלע בלויזן פון אַראָפּגעריסענע שילדן, האָבן זיי פאַרצויגן מיט די נעז, עס איז זיי ווי אונטערגעגאַנגען אַ שיף.

דאָס ערגסטע איז אָבער געקומען, ווען עס האָבן זיך באַוויזן קאָמאָרניקעס און סעקוועסטראַטאָרן, בייכיקע מענטשלעך מיט אויסגעקרימטע שרינטן און מיט שפּיציקע אייגעלעך.

עס איז געווען אַזוי: ליציטאַנט גרין, וואָס האָט אין זיין האַנט געהאַט גאַנצע פּופּצן „זאַיענטשעס״ צו מאַכן גרינבלאַטן, איז באַפּולמעכטיקט געוואָרן פון זיינע קליענטן נישט אַזוי צו דערדריקן גרינבלאַטן צוליב געלט, נאָר צוליב נקמה, און זאָל ער וויסן, גרינבלאַט, איין מאָל אויף שטענדיק, וואָס עס הייסט נישט באַצאָלן.

האָבן זיך ווי אַ דונער אַ וואָרף געטאָן אויף גרינבלאַטן עקזעקוטאָרן און „זאַוויאַדאָמיעניעס״ וועגן ליציטאַציע און ליציטאַציעס אַליין. און טאָג־טעגלעך האָבן אָנגעהויבן קומען מענטשן און אַרויסשלעפּן פון שטוב עפּעס אַנדערש.

האָט מען אַרויסגענומען דעם שפּיגל, די שיינע סערוואַנטקע, די צוויי טייערע שטריימלען, דאַן די ביינערנע ליולקע. און גרינבלאַט, דער אַלטער ריז פון די נאַלעווקעס, וואָס האָט אַפילו קיינמאָל קיין ליציטאַציע נישט געזען פאַר די אויגן, האָט אָנגעהויבן ציטערן ווי אַ בלאַט. דאָס שטאַרקסטע האָט אים אָבער באַרירט, ווען ליציטאַנט גרין איז געקומען נעמען דעם וואַנט־זייגער.

וואָרעם דער וואַנט־זייגער גרינבלאַטס איז געווען אַ יחסן צווישן זייגערס, געקומען איז ער, ווי מען זאָגט, נאָך צום זיידן גרינבלאַטס אין קראָקע. אויב נישט פון קייזער פראַנץ־יאָזעפן אַ מתנה אַ יידן אין האַנט אַריין, אַ ברייטן קראָקעווער סוחר און אַ גרייז־גראָען יידן. איז דאָס געווען אַן אַנטיק צווישן זייגערס, אַ ווייסער ציפערבלאַט — מילך, און צוויי גאָלדענע ווייזערס; ער האָט אפילו געהאַט, דער זייגער, זיין זייגערמאַכער, זיין שליסל, זיין שומר אפילו, אַ מענטש, וואָס פלעגט אים אָנדרייען און אויספּוצן, דאָס איז געווען אַמאָל!

אָבער דער עלטער־זיידע איז געשטאָרבן, די גרינבלאַטס האָבן זיך צעשאָטן איבער דער וועלט און דער קראָקעווער זייגער האָט גענומען גאָר וואַנדערן מיט זיי.

ער האָט געווײַלט אַ צייט ביי אַ לעמבערגער ברודער, ביי אַ בראָדער שוועסטער, צוריקגעקומען צו אַ קראָקעווער גליד־גליד־שוועסטער־קינד און אָטאָ איז ער געקומען קיין וואַרשע, אויף די נאַלעווקעס. קיין ספּעציעלן זייגער־מאַכער האָט ער אפילו נישט געהאַט און נישט אפילו קיין שליסל. נאָר נישט קשה, ער גייט אין זיין וועג, קלינגט און רופט אין חסידים־שטיבל, הייסט זיך צוגרייטן צום שבתדיקן אָדער יום־טובדיקן טיש, וועקט צו חופּה און חתונה־שטימונגען. און מען האָט

אפילו געזאָגט, אַז תשעה־באב האָט ער באַהאַלטן זיינע זילבערנע קלאַנגען, נישט געוואָלט איבערגיין משמחה ליגון, אַזאַ זייגער איז דאָס געווען.

און וואָס שייך גליק ביי מענטשן פון דער גאַס, האָט ער אויך געהאַט מער ווי אַלע אַנדערע זייגערס. ווייס איך, יידן טראָגן שווייצאַרישע אַנקערס, פראַנצויזישע צילינדערס און פאַרשידענע ענגלישע סיסטעמען, נאָר מען קומט אַריין, מען גיט אַ קוק אויף דער וואַנט: דער קראָקעווער ווייזט ריכטיקער.

און אָט איז דאָ געשטאַנען גרין מיט זיין קרומען שמייכל אויף די ליפּן, פּונקט ווי די ציין וואָלטן אים אַרויסגעפאַלן און ער זאָגט:

— וואָס הייסט, ר׳ יחזקאל, מיר קומט געלט! ער האָט געקאָנט שטיין ביי אייך, קאָן ער אויך שטיין ביי מיר.

און אַז אַ מענטש קומט געלט, העלפט קיין חכמות נישט; קומט אַ טרעגער, נעמט מען אים אַרום מיט אַ שטריק, טרייסלט זיך דער זייגער, פּונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט ציטערן אין אים. באַדויערן מענטשן, עס וויינען קינדער, לייגט מען אים אַוועק מיט דער טויטער צונג אויף דער ערד ווי אַ מת.

און יחזקאל גרינבלאַט איז אים מספּיד: רבש״ע! פאַרוואָס? צי האָב איך נישט מקיים געווען מצוות הכנסת כלה? צי האָב איך געלאָזט וועמענס וועקסלען פּראָ־טעסטירן? אָדער האָב איך אָפּגעזאָגט וועמען צו געבן טשאַפּ? און דער זייגער נעבעך וויינט און עס קאָן אים קיינער נישט העלפן.

* * *

און אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען געזען אויף אַ וועגעלע שלעפּן אַ לענג פון אַ זייגער; און הענדלערס, קליינע דאַרע יידעלעך, זיינען אים באַפאַלן ווי פליגן. מען האָט אַריינגעלייגט די אויגן און זיך מפלפל געווען פון וואָסער גאַטונעק ער איז, צי וועט ער האָבן אַמאַטאָרן, און בכלל צי לוינט עס אים צו נעמען.

איינער אַ געוויסער הענדלער מיטן נאָמען האנזש האָט זיך שטאַרק פאַרקוקט אין אים.

הענדלער האַנזש איז אַ ייד אַ הויכער, אין בלאָע ברילן, מיט אַ גרין כאַלאַטל און לאַנגע דאַרע הענט, אין וועלכע עס איז שטענדיק אַנגעקלאַמערט רעמען פון פאַר־טרעטן, קופּערנע קליאַמקעס פון טירן און מטבעות מיט קעפּ פון קיסרים און שררות. ער האָט אַ קול ווי אַ האָן, וואָס דערשרעקט זיך פאַר עפּעס, און ווען ער רעדט, שפּרינגט אים אַרום אין האַלדז דאָס הענערשע קול, ער וווינט אויפן מקום (אַלטשטאָט), און איז דער עיקר אַ מבין אויף אַנטיקן, ספּעציעל זייגערס. טאָג־טעגלעך, ווען ער לאָזט זיך אַרויס איבער דער שטאָט, קומט ער צוריק מיט אַ זייגער; און אַזוי קאָנט איר טרעפן אין דער טונקעלער קעלער־שטוב אויפן מקום די וואַנט באַהאַנגען מיט כלערליי זייגערס, און האנזש זיצט אַלע נאַכט איבער זיי, ציט זייערע ספּרוזשינעס, ציט אָן די וואָגעס, קלינגט עס, קלאַפּט עס, רוישט עס ווי אין אַ מכשף־שטיבל.

איז ער, האַנזש, געשטאַנען, דאָס מויל האָט אים געוואַסערט, ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס אַנטיק האָט אַ גרויסן ווערט. ער האָט עס געדונגען ביי גרינען, צו־געלייגט און אַראָפּגענומען, אַראָפּגענומען און צוגעלייגט, און אָט האָט ער אים גע־קויפט און געבערענגט אויפן מקום.

צווישן די אַלטע קלאַמקעס איז אויך געשטאַנען גרינבלאַטס ליבלינג, געשטאַנען אין אַ ווינקל, אויסגעדרייט אַ ביסל אויף אַ זייט מרה־שחורהדיק, ווי זיין באַלעבאָס.

טיילמאָל האָבן פלוצעם גענומען זיינע ספרוזשינעס רוישן און קלאַפּן און בייזערן זיך, פונקט ווי די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען. פון זייגערס האַרץ איז געגאַנגען אַ פּראָטעסט צו דער וועלט אויף די, וואָס האָבן אים געמאַכט פאַר אַזאַ אָרעמען געפּאַלענעם אויף דער וועלט.

און האַנזש האָט דערווייל גאַנץ רויק געטראַכט וועגן דעם, ווי ער זאָל דעם זייגער פאַרטאַכליעווען.

פון די „ליטעראַרישע בלעטער" — וואַרשע 1927

# אברהם מאַרעווסקי

## ש. אַנ—סקיס לוויה



**דאָס יאָר 1920 האָט מיך אַרויפגעטראָגן אויף אַ הויכער כוואַליע אין מיין לעבנסוועג...**

**ז׳ חדשים מיט אַנ—סקין האָבן מיר פאַרשאַפט די טיפסטע פריידן. איך האָב נישט פריער און נישט שפּעטער געהאַט דאָס גליק אַזוי זיך צו באַהעפטן מיט אַ בינע־דיכטער. די טראַגיק פון לעבן האָט געוואָלט, אַז ער זאָל נישט זען מיין סצעניש ווערק, וואָס איז באַשטראַלט דורך זיין מוזע... אָבער די נאַכט פון מיין ערשטן „דיבוק״־פאָרטראַג — די חנן־סצענע ביי אים אין חדר — האָט אונדז פאַראייניקט אין איין געמיינזאַמער שעפערישער דערהויבונג.**

**און מיין טרויעריקע דערהויבונג — אין מיין לעבן די ערשטע און לעצטע פון אַזאַ מאָס — איז געווען זיין לוויה אין דעם טאָג פון מרחשון תרפ״א.**

**אַז די טרויער־קאָמיסיע — אין צוזאַמענשטעל פון יצחק גרינבוים (פאָרזיצער, זאָל לאַנג לעבן, היינט דער איינציק פאַרבליבענער), הלל צייטלין, גרשון לעווין, אַלטער קאַציזנע און י. גיטערמאַן, זכרונם לברכה — האָט געעפנט די צוואה, האָט מען איבערגעלייענט, אַז ער בעט מען זאָל נישט מאַכן קיינע שום הספדים, בלויז איינער פון די נאָענטסטע פריינד זאָל ביים אָפענעם קבר איבערלייענען זיין ביאָגראַפיע — טרוקענע פאַקטן! — און אַ צווייטער פריינד זאָל זאָגן — קדיש...**

**די ערשטע אויפגאַבע איז תיכף אָנפאַרטרויט געוואָרן אַלטער קאַציזנען... די צווייטע: „קדיש זאָגן״ — האָט אויסגעזען נישט פאַרשטענדלעך. אַ סאָציאַליסט, אַ פּראָגרעסיווער שרייבער און מיטאַמאָל — אַ רעליגיעזע מאַניפעסטאַציע?**

**איך ווייס נישט, ווי לאַנג מען האָט זיך געקווענקלט. פון אימפּאַס האָט אַרויסגעפירט אַלטער קאַציזנע. לויט זיין מיינונג איז פאַראַן אין מענטש, וואָס וועט אין**

---

אברהם מאָרעווסקי — אַקטיאָר און שרייבער. געבוירן 1886 אין ווילנע. געווינט, שטודירט און געשפּילט טעאַטער ביז 1918 אין רוסלאַנד. שפּעטער אין ווילנע. פון 1919 אָפּט יאָרן־לאַנג געווינט און געשפּילט אין וואַרשע. געוואַנדערט איבער איידאָפּע און אַמעריקע. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד. זינט 1956 ווידער אין וואַרשע. איינער פון די באַרימטסטע יידישע אַקטיאָרן, אַ דינאַמישער שרייבער, מחבר פון אַ רייע ביכער און אַ פילבענדיקער אויטאָביאָגראַפיע „אַהין און צוריק״. דער וועלט־דערפאָלג פון אַנ־סקיס „דיבוק״ האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע. רעזשיסאָר דוד הערמאַן, די קרוין־ראָל פון מיראָפּאָלער צדיק האָט געשפּילט מאָרעווסקי. דער וועלט־טריומף פון דעם וועלט־באַרימטסטן יידישן טעאַטער־שטיק איז אַריינגעשווירן געוואָרן אין אַנ־סקיס אָפענעם קבר. דראַמאַטיש שילדערט די סצענע א. מאָרעווסקי. געשטאָרבן אין וואַרשע מערץ 1964.

פולער מאָס דערפילן דעם נפטרס ווילן, אַזוי ווי דאָס אַנטשפּרעכט זיין גייסט, און דערביי וועט די מאַניפעסטאַציע נישט האָבן קיין שום ביי־טעם פון כלי־קודש און רעליגיעזן ריטואַל.. אַלע האָבן אָנגעקוקט אַלטערן, געשוויגן און געוואַרט.

— דעם קדיש נאָך אַן—סקין דאַרף זאָגן מאָרעווסקי!

— דער אַקטיאָר?! — האָט אַ געשריי געטאָן מלא אימה הלל צייטלין.

מען האָט מיך אַריינגערופן אין צימער פון ליטעראַטן־פאַריין (אַזוי געדענקט זיך מיר. אגב, וואָלט איך נישט געווען אַזוי נאָענט, ווען די קאָמיסיע זיצט ערגעצווו אויסערן לאָקאַל אויף טלאָמאַצקע 13).

צו מיר האָט זיך געווענדט יצחק גרינבוים.

— די טרויער־קאָמיסיע האָט בדעה אייך פאָרלייגן לויטן ווונטש פון נפטר צו זאָגן אויפן קבר דעם ערשטן קדיש... זייט איר מסכים?...

אַ שטראָם טרערן פון די אויגן איז געווען מיין תשובה.

איך האָב דערביי אַ טראַכט געטאָן, אַז אַלע אַרום אויסער אַלטערן נעמען עס אויף ווי אַ באַוויז, אַז איך בין אַ „הויכקוואַליפיצירטער" אַקטיאָר, פאַר וועלכן איך האָב זיך פאַר די אכט חדשים לויט זייער אַלעמענס אָפּשאַצונג אַרויסגעוויזן (חוץ צייטלינען, וואָס „אל תלכו בבתי תיאטרון" איז געווען זיין געבאָט ביז ער האָט דערזען דעם „דיבוק").

דער געדאַנק האָט מיך נאָך מער אויפגעטרייסלט, און איך האָב מיך אָפּגעקערט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף.

— איר דאַוונט? — דערהער איך צייטלינס קול.

איך האָב אים אָנגעקוקט, ווישנדיק די אויגן מיטן טאַשנטיכל.

— איר דאַוונט ?

— ניין!

— טאָ וואָס איז שייך „קדיש"?

כ'האָב נישט געענטפערט.

— איר קענט זאָגן קדיש? — האָט מיך צייטלין ווידער אַטאַקירט.

איך האָב ווידער נישט געענטפערט.

— מ'עט אים געבן אַ סידור — האָט געזאָגט גרשון לעווין.

— נאָך מיין פאָטער האָב איך געזאָגט קדיש אָן אַ סידור·

— ווען איז עס געווען? — האָט צייטלין אַ פרעג געטאָן מיט חידוש.

— מיט 6 יאָר צוריק.

— לאָמיר אָפּשטימען — האָט געזאָגט גרשון לעווין.

— אַזעלכע פונקטן אונטערליגן נישט קיין אָפּשטימונג — האָט פעסט באַשלאָסן גרינבוים.

* * *

אויפן הויף פון זשאַביע־גאַס, פונקט אַנטקעגן טויער פון זאַקסישן גאָרטן, איז פון פריען פרימאָרגן שוין געווען אַן עולם פון הונדערטער מענטשן. מען האָט געוואַרט אויפן ארון. איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיט מאַדאַם העלענאַ פרץ און די פרויען — קאַציזנע און מיינע.

מיטאַמאָל איז איילנדיק צוגעלאָפן צו מיר דער אַלטער לוי לעווין — עפּשטיין.

— הערט, מאָרעווסקי, איר זענט היינט דער איינציקער מענטש, וואָס קאָן ראַטעווען די סיטואַציע. איר מוזט עס אויף זיך נעמען!!!

— וואָס איז? אין וואָס גייט? באַרויקט זיך, רב לוי!

— שווער זיך צו באַרויקן! הערט מיך אויס! צווישן פּרצן און דינעזאָנען איז פרײַ דאָס אָרט. און עס געהערט אַנ—סקין! ער מוז קומען צו דער קבֿורה אויף דעם אָרט...

— נו?

— איז די מעשׂה, וואָס דער גבאי אין דער קהילה, וואָס קאָן עס באַשליסן, איז אַ רעדאַקטאָר פון „היינט", און אַנ—סקי האָט מיטגעאַרבעט אין „מאָמענט". דאָ קומען אַרײַן אין שפּיל חשבונות און אַמביציעס...

מיך האָט אָנגענומען אַ שוידער.

— מען דאַרף עס זאָגן גרינבוימען! ער איז פאָרזיצער פון דער לוויה־קאָמיסיע!

— מען וועט אים נאָר אַוועקשטעלן אין אַ שווערער לאַגע. ער איז דאָך אַליין אַ רעדאַקטאָר פון „היינט" און וואָלט זיך געמוזט קריגן מיט זײַנע קאָלעגן.

— טאָ וואָס טוט מען?

— רעדט שוין איבער מיטן גבאי. ער שטייט צוויי שריט פון אײַך.

איך האָב מיך געווענדט צום געהעריקן הער — דעם נאָמען לאָז איך בכּיוון דורך. — ער האָט זיך אַרומגעקוקט און זייער רויק, קאָרעקט מיר געזאָגט:

— דער ענין איז זייער אַ דעליקאַטער און מוז בלײַבן צווישן אונדז. פּרצעס אַלמנה וויל ז'עם קבֿר איבערלאָזן פרײַ... ווער קאָן האָבן די העזה איר פאַרלאַנג זיך אַנטקעגנצושטעלן אַפילו צוליב דעם כּבֿוד און דער חשיבֿות פון אָקאָרשט פאַרשטאָרבענעם? מע טאָר אַפילו וועגן דעם נישט רעדן.

ער האָט אָבער נישט געוווסט, וועלכע פּעדים פון פרײַנדשאַפט און קעגנזײַטיקער אַכטונג עס האָבן זיך פון מײַן ערשטן באַזוך אײַנגעשטעלט צווישן מאַדאַם פּרץ און מיר...

איך בין תּיכּף צוגעגאַנגען צו איר און זי אָפּגערופן. מיר זענען אַרויף אויף די טרעפּ. דאָרט איז קיינער נישט געווען.

— מאַדאַם פּרץ! איך האָב צו אײַך אַ קורצע פראַגע, וועלכע איר וועט מיר אָן ספק מוחל זײַן צוליבן אָנדענק און כּבֿוד פון אונדז ביידן טײַערן אַנ—סקין. איך האָב איר געזאָגט וועגן דעם, אַז אַנ—סקי וואָלט געדאַרפט ליגן צווישן פּרצן און דינעזאָנען, אויב זי האָט נישט דאַקעגן.

— איר זענט נישט מחויבֿ מיר צו ענטפערן — האָב איך פאַרענדיקט — אײַער שווײַגן וועט זײַן אײַער תּשובֿה. און אונדזער געשפּרעך וועט פאַר מיר זײַן אַזוי, ווי נישט עקזיסטירט, אויב איר וועט מיר מוחל זײַן...

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, רויטע פלעקן האָבן איר פּנים באַדעקט.

— אוי, געזונט זאָלט איר זײַן, וואָס איר האָט עס מיר געזאָגט — איך האָב עס דאָך אַליין געמאָלדן דעם הער („X"), האָט ער מיר פאַרבאָטן וועגן דעם צו רעדן.

— מעג איך אײַערע ווערטער באַטראַכטן ווי אַ פולמאַכט צוווירקן ווײַטער?

— איך בעט אײַך און דאַנק אײַך, און זאָל גאָט אײַך העלפן!

מײַן געשפּרעך מיטן הער רעדאַקטאָר און גבאי איז געווען אַזוי שאַרף ווי קורץ. די פּרטים וואָלטן דאָ געווען אַ דיסאָנאַנס צו דער שטימונג פון אַנ—סקיס לוויה. מיר שײַנט, אַז גערעדט האָב איך... רוסיש.

ער האָט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג, וואָס איך בין אויפגערעגט, האָט מיר געדאַנקט, וואָס איך האָב ביי מאַדאַם פּרץ געפּועלט, זי זאָל אָפּטרעטן דעם קבר און האָט געמאָלדן, אַז... ער האָט בלויז מורא, אַז... ס'איז שוין צו שפּעט: אויב מען גראָבט שוין אַ קבר, טאָר מען לויטן יידישן מנהג דעם נפטר אויף קיין אַנדער אָרט נישט מקבר זיין.

— אַלע מנהגים וועט איר אַזוי גוט זיין אָפּרוקן אינאיינעם מיט אַלע חשבונות און פּאָליטיקאַנעריי! אַנ—סקי מוז זיין אייביקע רו געפינען — צווישן פּרצן און דינעזאָנען!

אַזוי איז אויפן וואַרשעווער געגנשער בית־עולם אַנטשטאַנען דער „אוהל פּרץ".

* * *

גייענדיק נאָכן ארון צום בית־עולם איבער די יידישע גאַסן פון וואַרשע — דורך רימאַרסקע, פּשעיאַזד, נאַלעווקעס, געגשע, צווישן 80 טויזנט יידן — האָב איך נישט נאָר געשלוכצט און געוויינט — איך האָב אויך געטראַכט, אַז דער וועג, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיט אַנ—סקיס ברכה, וועט פירן ווייט און וועט שמידן רינגען אין דער גאָלדענער קייט — דער יידיש־קייט.

שווערע כמאַרעס האָבן אינגיכן זיך פאַרקליבן איבער מיין האָריזאָנט· דאָס „פאַלן און דאָס אויפקומען" האָבן זיך כסדר געגומען ראַנגלען אויף מיינע ווייטער־דיקע שטעגן. איך בין געוואָרן אַ וואַנדערער, קיין היים און קיין דאַך איבערן קאָפּ נישט געפונען —

און היינט אין אויסגעברענטן יידישן וואַלד אַ צווייג, וואָס טריקנט אויף איינעם פון די על פּי נס גאַנץ־געבליבענע דעמבעס — ווייס איך ווי אָרעם איז מיין סך־הכל...

אָבער רייך זענען געווען איינצלנע צאַלן און אויגנבליקן!

און דער רייכסטער יענעם זומער און דער פייערלעכסטער — אַנ—סקיס לוויה. און דער גרעסטער כבוד — דער קדיש ביים קבר.

קאַציזנע האָט דערציילט וועגן לעבנס־וועג פון אַלטן רעוואָלוציאָנער, אַרבעטער, שרייבער, מחבר פון „שוועסטער און ברידער אין עלנט און נויט"!

קאַציזנע האָט גערעדט מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ.

ווען איך בין צוגעגאַנגען צום קבר האָב איך דערהערט: „נעם אַראָפּ דאָס היטל, ביסט דאָך נישט קיין חזן, קיין שמש"...

איך האָב דערזען די טויזנטער אויף די אַלעען, מיט ווייסן שניי באַדעקטע, און דערפילט, אַז דער קדיש דאַרף זיין פאַר זיי אַ טרייסט אין גרויסן פאַרלוסט.

און קדיש מיט אַ הוילן קאָפּ וואָלט געווען — אַ פאַרדרוס, אַ חילול...

איך האָב געזאָגט קדיש, מיך האָבן געשטיקט טרערן.

אָבער די טויזנטער האָבן עס נישט אויפגענומען ווי „געשיקטע מייסטערשאַפט" — זיי פילן דעם אמת אין האַרצן פון קינסטלער.

דער חזן סיראָטע מיטן כאָר האָט אָנגעפילט די ווינטערלופט מיט די קלאַנגען פון „אל מלא רחמים".

**אַ קברן האָט אויפגעהויבן אַ רידל מיט פֿאַרשנייטער ערד.**

**— וואַרט אַ רגע!**

**צום אָפֿענעם קבר האָט זיך דערנענטערט מזאה און הויך געמאָלדן:**

**— אויב צו שלושים וועלן מיר נישט אויפֿהייבן דעם פֿאָרהאַנג צו דער פּרעמיערע פֿון „דיבוק״ וועל איך די „ווילנער טרופּע״ פֿאַרלאָזן!**

**דערלעבט!...**

**אַנ—סקי איז געשטאָרבן?... ניין: אַנ—סקי האָט דערגרייכט צו די שוועלן פֿון דער אייביקייט.**

**„דאָס פֿאַלן טראָגט דעם אויפֿקומען אין זיך״.**

פֿון בוך: „אַהין און צוריק״, זכרונות און רעיונות
פֿון אַ יידן אַן אַקטיאָר. באַנד 4. וואַרשע 1963.

# פרץ מאַרקיש

## דריי וואַרשעווער סאָנעטן



### א.

פּרידן צו אייך, הענדלערס, טרעגערלייט און לאַסט־פערד,
פאַרליבטע אינעם יאָך, געשוואָלענע פון האַוועך,
ס׳קומט אָן די פרייטיקדיקע נאַכט אויף יידישע פאַריאָגטע גאַסן,
גלייך ווי אַ בשורהדיקע שיף צו אויסגעבענקטע האַפנס!

אַ טענדלער קערט זיך אום מיט אַלטן פאַראַסאָל פאַרוואָרפן אויפן רוקן,
ער טרעט פון מאַרק אָפּ, ווי פון שלאַכט — פאַרשעמט, פאַרהאָרעוועט און מיד.
דעם שווייס פון האַלדז האָט ווינט מיט שטויב און אָפּפאַל אָפּגעטרוקנט:
ס׳איז גוט דער טאָג, ס׳איז גוט די נאַכט און ער — אינמיטן!

צעקלאָטשעט און פאַרשטויבט דער געלער קאָפּ דער קוטשעראַווער,
די באָרד און ברעמען הענגען נאָך, ווי שורות פון געהיימע כתבן
נ׳די היטל צוגעלייגט איז, ווי אַ שוואַרצע קיילעכדיקע חתימה!

---

פּרץ מאַרקיש — געבוירן 1895 אין פּאָלאָנע, וואָלין. זעקס יאָר — פון 1921 ביז 1927 — געוווינט און געברויזט אין וואַרשע. דער אַרי שבחבורה אין דער ליטעראַרישער גרופּע אונטערן נאָמען „כאַליאַסטרע", מיטגרינדער פון דער וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער" — צוזאַמען מיט י. י. זינגער, נחמן מייזיל, אַלטער קאַציזנע, מ. ראַוויטש; רעדאַקטאָר פון די זאַמלביכער „כאַליאַסטרע" — צוזאַמען מיט י. י. זינגער. פון 1927 אין ראַטן־פאַרבאַנד דער אַרי שבחבורה פון די דאָרטיקע יידישע פּאָעטן. אין יאָר 1948 — אַרעסטירט — דעם 12טן אויגוסט 1952 — אומגעבראַכט. ער האָט מיט אַ גלייכער, גליענדיקער ליבע ליב געהאַט דעם ראַטן־פאַרבאַנד און דאָס יידישע פאָלק. דאָס איז — משמעות — געווען זיין טויט־זינד. ער האָט טיף־האַרציק געפילט דעם פּאַטאָס פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע — וואַרשע. ער האָט ליב געהאַט דעם וואַרשעווער ייד — אָט אַזוי ווי ער איז געווען, ווייל אַזוי איז ער געווען צום שענסטן און הייליקסטן. פון מאַרקישעס אומצאָליקע פּאָעטישע שאַפונגען נעמען מיר דאָ אַריין די דריי וואַרשעווער סאָנעטן. מיר באַגלייטן זיי מיט זיינע שורות:

אָ, גרויסע, טרויעריקע ערד! איך ווייס:
פון וואַרשע ביז ניו יאָרק, פון מאָסקווע ביז ירושלים,
טראָגסטו די מערק די יידישע אויף זיך, ווי אַלטע הייליקע קמיעות!

ס'איז גוט און לייכט אַ לאַסט־פערד זיין — אויף גאַסן אומגעפאַלן ליגן!
נאָר ער באַטאַפּט דעם פאַראַסאָל פון אונטער פאַלעדיקע פליגל
און ציילט, און ציילט די ערשטע שבתדיקע שטערן אויפן הימל . . .

## ב.

אָרעמעלייט און בעטלערס ציילן שוין די גראַשנס אין די הויפן.
זיי שיטן איבער זיי פון טאַש צו טאַש מיט קנוילן און מיט קניפּן;
עס פעלן הענט. די ברכה טריפט פון פולע הויפנס
מען פאַקעוועט די גרעשעלעך אין מיילער און אין ליפּן!

עס טראָגן קאַליקעס מיט שטאָלץ די פיס אויף אויסגעדרייטע הענט,
און ווייבער שלעפּן אויף די פּלייצעס שעלטנדיקע מיילער, —
ווי פלעדערמייז, ווי פינצטערע צעטריבענע מיט פענט —
אַהיים אויף שבת־קעניגן זיי איילן זיך און יאָגן.

נאָר ביי אַ בלינדער וואַנט שלאָפט איין אַ בלינדער זקן,
אין בגדים ווייבערשע מיט אָנגעשטאָפּטע רויטע זאָקן
און זואַרט און וואַרט ווער ווייסט אויף וואָס ער וואַרט?

ער ווייסט נישט — צי ס'איז טאָג, ער ווייסט נישט צי ס'איז נאַכט,
נאָר פון זיין שמאַטיק הארץ אַ שילד אַ זשאַווערדיקע שרייט אין טאָג־אַרויס:
— רחמנות יידן! נדן פאַר אַן אומגליקלעכער בוגרת !...

## ג.

אָט זיינען זיי — פאַרפּלאָנטערט אין געוועב פון דראָט און בליי!
זיי טראָגן אויף די ברייטע שטערנס — טראָפּנס ראָסע
און אויפן פּנים — פּחד ערלעכן פאַר גאָט און לייט
און אויף די הענט — פאַרשעמטע תּפילות אויף פּרנסה...

זיי פּעדערן זיך אויפן טאָג, — געדאַוונטע פאַרפרי,
אָט גייען זיי, אָט שטעלן זיי זיך, איינזאַם, אויס ביי קאַלטע ווענט;
ס'איז קאַלט, ס'איז קאַלט פאַרפרי, די ליפּן ציען זיך און פרירן,
אָט קלאַפּן זיי מיט פיס אַן שטיין, און רייבן אָפּ דעם פראָסט פון הענט . . .

אָט זיינען זיי. זיי טרעטן קיינמאָל נישט דעם וועג אָפּ פאַר טראַמווייען,
מיט קאַנען בלעכענע פון מילך פרימאָרגיק קלינגען זיי און שרייען
אין מיט פון לויפיקן געוועב — צעשראָקענע, פאַרפרעסטע;

און ווען זיי לויפן זיך דעם וועג, בשלום, איבער
— פאַרסאָפּעט און צעפיבערט,
באַטאַפּן זיי די בערד און לויבן גאָט, וואָס טוט מיט יידן חסד . . .

פון זאַמלבוך: וואַרשעווער שריפטן — וואַרשע 1926־1927

## ד״ר א. מוקדוני

# דער גרויסער טעאַטער-סימפּאָזיום אין יאָר 1910



**אין א שיינעם פרימאָרגן אין יאָר 1910 דערוויסן מיר זיך, אז דער פּעטער־בורגער „פריינד" קלייבט זיך אריבער קיין ווארשע. די ערשטע יידישע צייטונג איז אין פּעטערבורג געווען ווייט און אָפּגעריסן פון דעם יידישן לעבן. אגב, אין תחום זיינען אויפגעקומען יידישע צייטונגען און מען האָט שוין נישט געקענט וואַרטן אויפן „פריינד", וואָס פלעגט אָנקומען אין די יידישע ישובים אויפן צווייטן, אָדער דריטן טאָג.**

**באַלד נאָך דעם דאָזיקן קלאַנג איז טאַקע אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע דער אַרויסגעבער פון „פריינד" ש. ראַפּאָפּאָרט.**

**אויפן צווייטן טאָג פון זיין אָנקומען קיין וואַרשע האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט ביי פּרצן. פּרץ האָט מיך אַרויסגערופן. עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז איך זאָל אַריבער אין „פריינד", וועלכער קלייבט זיך אַריבער קיין וואַרשע. איך האָב באַלד מסכים געווען, דערווייל פּרינציפּיעל, ביז עס וועט קומען ש. ראָזענ־פעלד און מען וועט רעדן גענויער און באַשטימטער.**

**עס האָט זיך געקאָכט אין דער קליינער ליטעראַרישער וועלט. די הויפּט־קוואַרטיר פון די ישוב־הדעתן און פאַר דער אויסאַרבעטונג פון אַלע פּלענער איז געווען פּרצעס הויז. פּרץ איז געווען אויפן זיבעטן הימל. „דער פריינד" אין וואַרשע,**

---

ד״ר א. מוקדוני (ריכטיקער פולער נאָמען: אַלעקסאַנדער קאַפּעל) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1878 אין לעכוויטש, ווייס־רוסלאַנד. שטודירט אויף עטלעכע אוני־ווערזיטעטן אין אייראָפּע, באַזונדערס די געביטן פון ליטעראַטור, טעאַטער און דראַמע. דאָקטאָר־טיטל באַקומען אין יאָר 1909 אויף דער בערנער אוניווערזיטעט. כאָטש ער האָט געשריבן אין טוצן צייטונגען און צייטשריפטן אויף אַלערליי טעמעס, — זיין הויפּט־געביט, זיין שליחות כמעט, איז געווען: טעאַטער בכלל און יידיש טעאַטער בפרט. זיינע ביכער — ווערק וועגן טעאַטער און זכרונות, אויך בעיקר פון אַרום יידישן טעאַטער. אין וואַרשע געוווינט אין די יאָרן 1903, 1909, 1910, 1911, 1912, 1914. געוווינט שפּעטער אין אַלערליי לענדער און שטעט און זינט דעם יאָר 1922 אין אַמעריקע, דאָ — אין ניו יאָרק — געשטאָרבן אין יאָר 1958. איינער פון די דינאַמישסטע קולטור־טוער און שרייבער און דער יידישער טעאַטער־קריטיקער. מושפּע געווען פון י. ל. פּרץ און משפּיע געווען דאָס וואַרשעווער יידישע קולטור־לעבן אין די זעקס יאָרן פון זיין וווינען אין אָט דער יידישער עיר הבירה.

די „ליטעראַרישע געזעלשאַפט״ אויך אין וואַרשע, וואָרום אין פּעטערבורג איז די דאָזיקע געזעלשאַפט געשלאָסן און מען האָט פון איר נישט געהערט.

עס איז געקומען ש. ראָזענפעלד און עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די רעדאַקציע פון דעם וואַרשעווער „פריינד״: פּרץ, אש, אברהם רייזען, בעל־מחשבות, נאָמבערג, ש. ראָזענפעלד, א. ווייטער, אַחוץ אַ גאַנצער ריי פון אויסערלעכע מיט־אַרבעטער מיט גרויסע נעמען.

און דאָ בין איך צום ערשטן מאָל איינגעלאַדן געוואָרן דערהויפּט אַלס טעאַ־טער־קריטיקער. פאַרשטייט זיך, איך האָב געהאַט אַנדערע אַרבעטן אין דער רע־דאַקציע, אָבער איינגעלאַדן בין איך געוואָרן אַלס טעאַטער־קריטיקער. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, געווען מיין הויפּט־יחוס.

און דאָ האָט מען צום ערשטן מאָל גערעדט וועגן אַ פעסטער אומדערשראָקע־נער טעאַטער־פּאָליטיק — קאַמף מיטן שונד, שטיצן יעדע ערלעכע שטרעבונג אין טעאַטער און דער עיקר וועקן דעם אינטערעס פון דער יידישער געזעלשאַפט צו דער טעאַטער־פראַגע.

אין דער רעדאַקציע האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער טעאַטער־פראַגע און געהאַט צו איר אַ פעסטע און קלאָרע באַציונג — א. ווייטער.

אין דעם ערשטן נומער „פריינד״, צווישן אַלע אַזוי גערופענע פּראָגראַם־אַר־טיקלען, איז געווען אויך מיינער אַ פּראָגראַם־אַרטיקל וועגן טעאַטער. עס איז גע־ווען דער ערשטער אַרטיקל, וואָס האָט גערעדט אין נאָמען פון דער רעדאַקציע פון דער צייטונג. עס האָט געהאַט דעם אויסזען און דעם טאָן פון אַ רעדאַקציע־אַרטיקל.

דער דאָזיקער ערשטער אַרטיקל האָט אויפגעהויבן אַ שטורעם אין דעם קליי־נעם טעאַטער־וועלטל. אפשר איז דאָס וואָרט „שטורעם״ נישט דער ריכטיקער אויס־דרוק. עפּעס אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף די טעאַטערס. אין זייער נאַיוויטעט האָבן זיי עס אויפגעפאַסט זייער פּרימיטיוו — מען קלייבט זיך פּשוט רוינירן זיי, צו פאַר־מיאוסן זיי אין די אויגן פון פּובליקום, הכלל — אַן אָרגאַניזירטער און סיסטעמאַ־טישער באַיקאָט רוקט זיך אויף זיי... איך מוז צוגעבן, אַז מיין ערשטער אַרטיקל איז געווען אַביסל צו שאַרף, צו קעמפעריש און צו רייסנדיק.

* * *

די „ליטעראַרישע געזעלשאַפט״ איז נאָך מער אויפגעלעבט געוואָרן. זי האָט באַקומען אַ צייטונג, וואָס שטיצט זי מאָראַליש און איז גרייט צו גיין מיט איר אין פייער און אין וואַסער.

עס איז געווען די שענסטע צייט אין דעם וואַרשעווער ליטעראַרישן לעבן. וואָס יידישע שריפטשטעלער האָבן אונטערגענומען, האָט געהאַט דעם גרעסטן אָפּקלאַנג. די וואַרעמסטע אויפנאַמע פון פּובליקום האָט באַגעגנט די טעטיקייט פון די יידישע ליטעראַטן אין וואַרשע.

די בעלער פון די יידישע זשורנאַליסטן זיינען אַריין אין מאָדע. עס איז געווען אַ יחוס אַריינצופאַלן צו יידישע ליטעראַטן אויף אַ מאַסקן־באַל, אויף אַ פאַרלעזונג און סתם אויף אַ צוזאַמענקום מיט זיי.

עס איז געווען אַ פאַראייניקונג, נישט קיין אָפיציעלע, פון שרייבער, מאָלער, מוזיקער און אַנדערע פאַרשטייער פון יידישער קונסט און קולטור, און ווען מען

פלעגט עפּעס אונטערנעמען, זיינען פּלייסיקע און ענערגישע הענט געווען גרייט צו דער אַרבעט.

פילנדיק זיך האָפעררדיק און אַזוי זיכער, איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ זיצונג פונעם קאָמיטעט פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" צו אָרגאַניזירן אַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע פאַר אַ בעסערן טעאַטער.

ביי פּרצן זיינען די השגות אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז ער האָט פאָרגעלייגט פאַר דעם דאָזיקן אַרויסטריט צו באַקומען דעם גרויסן פּרעכטיקן זאַל אין וואַרשע, די „פילהאַרמאָניע". גרויסע השגות ציען נאָך גרויסע מעשים.

עס וואָלט גאָר קיינעם ביז יענער צייט נישט איינגעפאַלן צו גיין בעטן דעם דאָזיקן פּוילישן מוזיק־טעמפּל פון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע פאַר אַ יידישער פאַרזאַמלונג, בפרט נאָך אין דער צייט פון פּעכיקער שנאה צווישן פּאָליאַקן און יידן. האָבן עס אָבער די השגות ביי זיך געפּועלט, איז שוין געווען לייכט צוצו־קומען צו דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג.

און כך הווה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז גענומען געוואָרן דער זאַל פון „פילהאַרמאָניע" פאַר דעם אַרויסטריט פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט".

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן י. דינעזאָנס שרעק, ווען ער האָט דערהערט פּרצעס פאָרשלאַג וועגן דער „פילהאַרמאָניע". ער האָט געוואונקען צו מיר — למען השם איך זאָל שטימען קעגן. ער האָט געוואונקען צו אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער מיך אָפּגערופן אָן אַ זייט און זיך געבעטן רחמים:

— לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון פּרצן, עס קען אַרויסקומען, חלילה, אַן אומ־גליק. פּאָליאַקן וועלן, ערשטנס, נישט געבן די „פילהאַרמאָניע"; און אַז זיי וועלן שוין יאָ געבן, וועלן זיי באַפאַלן די פאַרזאַמלונג און גאָט ווייס, וואָס עס קען אַרויסקומען.

און אַזוי האָט ער איינגעטענהט מיט די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט, ער האָט אָבער גאָרנישט געפּועלט. די באַגייסטערונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט באַשטימט — מיט קאַמף, מיט באַקציינער צו באַקומען די „פילהאַרמאָניע" פאַר דעם אַרויסטריט.

און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז מען האָט גאָר קיין באַקציינער נישט געדאַרפט האָבן. דער פּאָליאַק, דער פאַרוואַלטער האָט זיך, אמת, גיפּטיק אַ קרים געטאָן, אָבער אונדזער שליח איז געווען שטאָלץ און ווירדיק; ער האָט געפאָדערט די „פילהאַר־מאָניע" און האָט זי באַקומען.

די שרעקנדיקע האָבן ערשט באַקומען מוט; זיי האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער „פילהאַרמאָניע".

וויסטע קלאַנגען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן: פּאָליאַקן גרייטן זיך, אָרגאַניזירן באַנדעס פון גאַסן־יונגען, עס וועלן זיין הריגות, פון אויער צו אויער האָט מען איבערגעגעבן כלומרשט אונטערגעהערטע שמועסן פון פּאָליאַקן צווישן זיך.

— יידן מיט זייער זשאַרגאָן אין „פילהאַרמאָניע", מיר וועלן זיי באַווייזן...

איך וועל נישט זאָגן, אַז די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אויף אונדז קיין ווירקונג נישט געהאַט; אייניקע זיינען געוואָרן אַביסל „ניכטערער"; אפילו דער רויקער

א. ווייטער האָט מיר איינגערוימט, אַז עס איז געווען אַביסל צו לייכטזיניק פון אונדז, אָבער גיין צוריק קען מען נישט.

אַ טייל זיינען געקומען מיט אַנדערע פעסימיסטישע ידיעות: דער יידישער עולם וועט נישט קומען אונדז הערן אין דער „פילהאַרמאָניע״, ער וועט מורא האָבן. ער איז בכלל נישט געוווינט צו גיין הערן יידישע רעדנער אין דער „פיל-האַרמאָניע״.

פרץ איז געבליבן רויק און פאַרעקשנט; ער האָט ווי אַ צעבאַלעוועט קינד ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט פייער, האָט ער קאַפּריזנע אַרויסגעלאָזט די לאָזונג:

— אין „פילהאַרמאָניע״, אַרויס פון אונטערן אויוון!

אויף שבת בייטאָג, דעם 22טן יאַנואַר 1910, איז באַשטימט געוואָרן דער אַרויסטריט. די אַנאָנס וועגן דעם אַרויסטריט איז געשריבן מיט פּרצעס נישט-דערזאָגטקייט:

ד״ר א. מוקדוני: די אַרטיסטן.

א. ווייטער: דאָס טעאַטער און דאָס פּובליקום.

ה. ד. נאָמבערג: פון גאָלדפאַדן ביז לאַטיינער.

י. ל. פּרץ: רעזומע און איבערזיכט.

און אָט איז געקומען דער שבת בייטאָג, אויף וועלכן דער אַרויסטריט איז גע-ווען באַשטימט. מיר זיינען זיך צונויפגעקומען ביי פּרצן אַביסל אויפגערעגטע. מיר האָבן געמאַכט אַ שטיקל פּראָבע — ד״ה פעסטגעשטעלט געננוי, וואָס יעדער האָט צו רעדן.

זייענדיק ביי פּרצן אין הויז זיינען געקומען צולויפן יונגע קאָמיטעטשיקעס און סתם געטרייע מיטגלידער, פאַרסאָפּעטע, אויפגערעגטע און האָבן דערציילט, אַז דער עולם שטורעמט איינפאַך די „פילהאַרמאָניע״. דער זאַל איז שוין פול און טויזנטער מענטשן שטייען אין ריי ביי דער קאַסע און די ריי פאַרנעמט די גאַנצע גאַס.

פון די דאָזיקע שטאַפּעטן האָבן מיר נישט באַקומען די ריכטיקע פאָרשטעלונג, וואָס עס טוט זיך אַרום דער „פילהאַרמאָניע״. ערשט אַז מיר זיינען צוגעקומען נאָענט צו דער גאַס, ווו די „פילהאַרמאָניע״ געפינט זיך, האָבן מיר דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַריבערגעשטיגן די רייכסטע פאַנטאַזיע: די גאַנצע גאַס איז ממש געווען שוואַרץ פון מענטשן. דער ברייטער אַריינגאַנג איז געווען פאַרפּראָפּט. מיר זיינען געבליבן שטיין און נישט געקענט מאַכן קיין טריט צום אַריינגאַנג. אָבער באַלד זיינען אויסגעוואַקסן אַ פּאָר צענדליק צעהיצטע יונגעלייט, סטודענטן, אַר-בעטער און בחורימלעך אין לאַנגע קאַפּאָטעס, און זיי האָבן גענומען שפּאַלטן דעם ים פון מענטשן און מאַכן פאַר אונדז אַ דורכגאַנג. גייענדיק צווישן דעם גרויסן מענ-טשן-שטראָם, האָבן אונדז אויף יעדן טריט פאַרשטעלט דעם וועג „דעלעגאַציעס״. וועלכע האָבן געפאָדערט אין נאָמען פון די טויזנטער, אַז מיר זאָלן זיי געבן די מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין זאַל.

י. ל. פּרץ, וואָס פלעגט זיך צעשיינען ממש שטייענדיק פאַר אַ גרויסן עולם און פלעגט ווערן זייער וויציק, שלאַגפאַרטיק און יונג, האָט מיט אַ ברייטן שמייכל

און מיט אָנגעצונדענע אויגן געבעטן, אַז מען זאָל אונדז פריער אַריינלאָזן און מיר װעלן שוין זען, וואָס עס לאָזט זיך מאַכן.

די דאָזיקע פשוטע ווערטער האָבן געווירקט צו באַרויקן דעם עולם. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ וועג פאַר אונדז און מיר זיינען אַריין אין זאַל. און דאָ האָבן מיר ערשט דערזען פאַר זיך עטוואָס גראַנדיעזעס: דער זאַל איז געווען געפּאַקט, און אפילו אין די דורכגאַנגען זיינען געשטאַנען מענטשן; און שטיל איז געוואָרן דער דאָזיקער ים פון מענטשן, ווען מיר האָבן זיך באַוויזן, אַזוי שטיל, אַז עס איז אונדז געוואָרן אַביסל אומהיימלעך.

בלויז פון דער גאַס האָט זיך געטראָגן אַ זשומעריי פון טויזנטער וואַרטנדיקע מענטשן. פּרץ האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרוואַלטונג פון „פילהאַרמאָניע״, און עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז מיר קריגן די „פילהאַרמאָניע״ פאַרן צווייטן שבת, כדי צו געבן דעם עולם, וואָס שטייט אויף דער גאַס, די מעג־לעכקייט צו הערן אונדז.

פּרצן האָט מען פשוט אַרויסגעטראָגן צום עולם. ער האָט איבערגעגעבן די דאָזיקע באַשטימונג און געבעטן דעם עולם זיך צעגיין און קומען איבעראַכטאָג שבת אין דער צייט.

דער עולם האָט עס אויפגענומען מיט באַגייסטערונג און פּרץ איז צוריק אַריין אין זאַל.

ווען פּרץ מיט אונדז, די דריי איבעריקע רעדנער, האָבן זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָרם, האָט די גאַנצע געביידע ממש אַ ציטער געטאָן פון דער שטורעמדיקער אָוואַציע.

דאָס זעלביקע, נאָך מיט מער קראַפט, האָט זיך איבערגעחזרט, ווען פּרץ האָט אָנגעהויבן רעדן. עס האָט גענומען פינף מינוט צייט ביז ער האָט געקענט אָנהויבן.

און פּרץ, פאַר אַזאַ גרויסן באַגייסטערטן עולם איז אַזוי צעוואַרעמט געוואָרן אין זיין אַריינפיר, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן די שטרענגע צעטיילונג פון דער טעמע. ער האָט זיך אַריינגעריסן אין אונדזערע טעמעס. ער האָט גערעדט אי וועגן דעם רעפּערטואַר, אי וועגן אַקטיאָרן און אי וועגן דעם פּובליקום. גערעדט האָט ער פּאַטעטיש, דערהויבן, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען ער פלעגט זיך צעוואַרעמען.

מיר, די אַנדערע דריי רעדנער, זיינען געזעסן ווי פאַרלאָרענע: ער האָט פאַר־כאַפּט אונדזערע טעמעס. נאָמבערג איז געווען פשוט ברוגז. בלויז א. ווייטער, וואָס האָט געהאַט ממש אַ מיסטישע פאַרערונג פאַר פּרצן, האָט געשטראַלט: „זאָל ער רעדן אויך פאַר אונדז, ער מאַכט עס בעסער, ער ווירקט טיפער...״

וואָס עס האָט זיך געטאָן אין זאַל, ווען פּרץ האָט געענדיקט זיין רעדע, איז שווער צו באַשרייבן. מיר האָט עס אויסגעוויזן פשוט ווי אַ היסטעריקע פון אַ גרוי־סער מחנה מענטשן. די דאָזיקע היסטעריקע האָט זיך איבערגעחזרט אויך ווען פּרץ האָט פאָרגעשטעלט יעדן פון אונדז. דער ערשטער רעדנער בין איך געווען.

און אַרויסגעשטעלט האָט זיך, אַז פּרץ האָט אונדז נישט באַגזלט. יעדער פון אונדז האָט געהאַט גענוג וואָס צו זאָגן. איך, וועלכער בין צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אַרויסגעטראָטן פאַר אַזאַ גרויס פּובליקום, האָב זיך נישט פאַרלוירן. נאָמ־בערג אויך נישט, נאָר מיט א. ווייטערן איז געשען עפּעס אומאָנגענעמעס: ער האָט

פון גרויס אויפרעגונג זיך פאַרלוירן און נאָך זיין רעדע האָבן מיר אים באַדאַרפט מינטערן הינטער די קוליסן.

די רעדעס זיינען בכלל נישט געווען קיין שאַרפע און נישט קיין בייזע. פאַר־קערט: ווייטאָג און צער איז געווען אין אַלע רעדעס. אין מיין רעדע, למשל, האָב איך געשילדערט דעם אומגליקלעכן מצב פון דעם יידישן שוישפּילער. ער, מיט זיין אָרעם וויסן, מיט זיין אָרעמער דערפאַרונג און מיט זיין נישט־אויסגעבילדעטן טאַ־לאַנט, טראָגט אויף זיינע פּלייצעס דעם גאַנצן יאָך פון טעאַטער־בוּיונג. מיר דאַרפן העלפן דעם אָרעמען יידישן שוישפּילער אין זיינע בעסערע שטרעבונגען. לאָמיר העלפן די אַלטע שוישפּילער און ממילא וועלן שוין אויפקומען נייע.

אין נאָך אַן אידעאַלערן און טאַקטישערן טאָן האָט גערעדט א. ווייטער. ער האָט כמעט מיט טרערן אויסגעשריגן: אַזאַ אַלט פאָלק און אַזאַ בוידעם־אָרעמקייט אין זיין טעאַטער.

ה. ד. נאָמבערג איז בכלל, לויט זיין נאַטור, געווען זאַכלעך, און זוען נישט די עטלעכע ווערטער וועגן פּובליקום, די שאַבשאָוויטשעס, אויף וועלכע דער טעאַטער שטיצט זיך, וואָלט זיין רעדע געווען ממש אַ סאַלאָן־רעדע.

י. ל. פּרץ איז געווען פייערדיק, בליצנדיק און אין אַזאַ צושטאַנד פלעגט ער סתם נישט באַרירן זאַכלעך וועלכע עס איז פּראָבלעם. ער פלעגט בליצן מיט אַפאָ־ריזמען, מיט קורצע, אָפּגעהאַקטע זאַצן.

דער איינדרוק איז אָבער געווען, אַז מיר האָבן דעם יידישן טעאַטער געקעפּט אויף דעם דאָזיקן סימפּאָזיום. אַפּנים, אַז דער גרויסער עולם האָט געוואָלט קעפּן דעם שונד־טעאַטער, ער איז געקומען מיט דער דאָזיקער כוונה אין „פילהאַרמאָניע״ און ער האָט אין אונדזערע רעדעס געהערט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט הערן.

אַ שטורעם האָט אויפגעהויבן דער סימפּאָזיום.

דער צווייטער שבת איז געווען נאָך שטורעמדיקער פון דעם ערשטן. דער עולם איז געווען אָנגעצונדן פון די קלאַנגען וועגן די „שטורמישע״ רעדעס, וועלכע מיר האָבן געהאַלטן. און דער אמת איז, אַז דעם צווייטן שבת האָט דער אויפגערייצטער עולם אונדז מיטגעשלעפּט און מיר זיינען געווען אַביסל שאַרפער.

די באַריכטן פון דער פּרעסע וועגן דעם סימפּאָזיום, אין וועלכע מען האָט, ווער מער און ווער ווייניקער, געשילדערט דעם געוואַלטיקן ענטוזיאַזם פון עולם, האָבן אויך צוגעגעבן שאַרפקייט דעם אַרויסטריט.

דער רויקער און איינגעהאַלטענער „פריינד״ האָט כמעט די גאַנצע ערשטע זייט אָפּגעגעבן פאַר דעם באַריכט וועגן סימפּאָזיום: „וואַרשע האָט שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען אַזאַ גרויסע און אימפּאָנירנדיקע פאַרזאַמלונג — האָט דער „פריינד״ אָנגעהויבן זיין באַריכט — „די רעפערענטן האָבן געמאַכט אַן אומגעהייער גרויסן איינדרוק״ — דערציילט „דער פריינד״ ווייטער. אין „פריינד״ איז איבערגעגעבן געוואָרן דער אינהאַלט פון אַלע פיר רעדעס כמעט גענוי און דער עיקרשט ה. ד. נאָמבערגס טייל פון זיין רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט גערעדט וועגן די שאַבשאָ־וויטשעס, אויף וועלכע דער יידישער טעאַטער אין וואַרשע שטיצט זיך.

דער סימפּאָזיום וועגן טעאַטער האָט אויפגערודערט די געזעלשאַפטלעכע מיי־נונג. „דער פריינד״ האָט באַטראַכט דעם סימפּאָזיום פאַר אַן אייגענעם אויפטו, מיט וועלכן ער אידענטיפיצירט זיך אינגאַנצן. די אַנדערע יידישע צייטונגען האָבן נישט

געקענט פֿאַרשווייגן דעם סימפּאָזיום, האָבן אָבער שפּעטער — ווער מיט אַ האַלב־מויל און מיט אַ באַהאַלטענעם ביטול און ווער אָפֿן — אָנגעהויבן אונדז צו אַטאַקירן.

אויף דעם דאָזיקן גראַנדיעזן סימפּאָזיום האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט שפּעטער כמעט געהאַט זייער אַ ביטערן רעזולטאַט פֿאַר מיר פּערזענלעך.

ה. ד. נאָמבערג, וואָס האָט גערעדט נאָר וועגן גאָלדפֿאַדענען און לאַטיינערן, איז אַוועק אָן אַ זייט און האָט זיך אַריינגעריסן אין אַ. ווייטערס טעמע — וועגן פּובליקום. ער האָט דערקלערט, אַז דער ידישער טעאַטער שטיצט זיך אויף דער אונטערוועלט, אַז די מעצענאַטן און גייער פֿון דעם יידישן טעאַטער זיינען יענקל שאַבשאָוויטשעס און סתם פֿאַרברעכער. דער גרויסער עולם האָט אויפֿגענומען די דאָזיקע אַנטדעקונג מיט גרויל און שרעק. דאָס האָט זיך ווי אַ בליץ צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט און די אויפֿרעגונג איז געווען מוראדיק. אָבער געהייסן האָט עס, אַז איך האָב עס אויפֿגעדעקט. דער גאַנצער סימפּאָזיום איז עפּעס פֿאַרבונדן געוואָרן מיט מיין נאָמען.

און עס איז געווען פֿאַרשטענדלעך, ווייל איך האָב דער ערשטער אויפֿגעהויבן די טעאַטער־פֿראַגע שאַרף און אָפֿן אין דער פּרעסע.

איז ממילא אַלץ צוגעשריבן געוואָרן מיר.

אַז איך האָב עס נישט געקענט זאָגן, איז געווען קלאָר, איך בין אַ גרינער אין פּוילן, האָב נאָך דעם וואַרשעווער טעאַטער־עולם גאָר ווייניק געקענט.

דאָס האָט געקענט זאָגן אַ וואַרשעווער, וואָס האָט געקענט גוט דעם יידישן עולם, וואָס באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אונדז אַלעמען איז נישט געווען גאָר אָנגענעם דאָס, וואָס מען האָט אַריינגעשלעפּט אין דעם טעאַטער־קאַמף אָט דעם דאָזיקן עלע־מענט, די מענטשן פֿון דער אונטערוועלט.

אָבער אַפּנים, אַז די יידישע אונטערוועלט איז געווען אַ טייל פֿון דער יידישער וועלט, זי איז נישט געווען אינגאַנצן איזאָלירט פֿון דער יידישער וועלט.

דער שטורעם איז אַריבער, אָבער דער טעאַטער־הימל האָט זיך נישט אויס־געלייטערט. אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו שטעלן פֿאַרן ברייטן עולם די טעאַטער־פֿראַגע, אָבער דער טעאַטער גופא, איז געבליבן פֿאַררוקט און פֿאַרשטויבט אין זיין ווינקל.

דער טעאַטער האָט גאָרנישט געטאָן צו פֿאַרבעסערן זיין רעפּערטואַר, צו אָר־גאַניזירן בעסער זיינע אויפֿפֿירונגען, און חלילה נישט משום בייזוויליקייט און אויף צו־להכעיס אונדז איז ער געבליבן שטיין אין דעם זומפּ; דער אמת איז, אַז ער האָט נישט געהאַט אין זיין סביבה די נויטיקע מענטשן, וועלכע זאָלן אים אַ שטויס טאָן פֿאָראויס. אַלע — כמעט אומוויסנדיקע, אַלע — כמעט אָפּגעריסענע פֿון דער גרוי־סער טעאַטער־וועלט, האָבן זיי פּשוט נישט געוווּסט וואָס צו טון.

פֿון בוך: אין וואַרשע און אין לאָדזש — בוענאָס איירעס, 1955.

## ג י ט ל  מ י י ז י ל

**וועגן משה זאַנשיינ׳ס בוך: „יידיש וואַרשע״**



„יידיש־וואַרשע״ איז דאָס ערשטלינג־ווערק און אויך ליידער דאָס לעצטע ווערק אין בוכפאָרם פון משה זאַנשיין, וואָס האָט געוווינט אין ישראל זינט 1949 און איז געשטאָרבן אין ירושלים אין 1960. פון אַלע זיינע יאָרן לעבן האָט משה זאַנשיין 33 יאָר אָפּגעלעבט אין וואַרשע. געלעבט, געלערנט און געאַרבעט אין דער שטאָט וווּ עס האָבן געלעבט זיינע עלטערן, זיינע זיידעס און אורזיידעס. און ווען צוויי וואָכן נאָך דער נאַצי־אָקופּאַציע האָט ער געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע, איז די שטאָט געבליבן שטיין און איז כסדר געשטאַנען פאַר זיינע אויגן.

ווי אַן אומענדלעכע פילם־לענטע, אַ מאָל אין בליץ־אויפנאַם און אַ מאָל אין אַ פּאַמעלעכן טעמפּאָ, ציען זיך אינעם בוך בילדער און געמעלן, געשטאַלטן און סצענעס, — אָט אַזוי ווי זיי זיינען געשטאַנען און געגאַנגען אינעם פריערדיקן יידיש־וואַרשעווער שטייגער. נישט פאַרשענערט און נישט צוגעפּוצט, געטריי דער שווע־רער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט, בלויז באַפּאַרבט מיט גוטמוטיקן הומאָר. דער תחום פון זיין באַשרייבן און שילדערן איז דער צפונדיקער טייל פון דער יידישער וואַרשע, די געגנט פונעם דאַנציקער וואָקזאַל, מיט די נאַלעווקעס אַלס חוט־השדרה. דער מחבר באַלייכט מיט זיין זכרון־פּראָזשעקטאָר איין גאַס נאָך דער אַנדערער. יעדער גאַס קומט צום פאָרשיין מיט איר קלאָר־אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַלן פּרצוף, מיט איר באַזונדערן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, יעדערע מיט איר אייגענער שטימונג און אַטמאָספער, מיט איר אייגנטימלעכער יידישקייט, מיט אירע אייגנטימלעכע יידן. און הגם דער מחבר האַלט זיך אַליין די גאַנצע צייט פון דער זייט, — פילט זיך זיין הייסער גלויביקער אָטעם אויף שריט און טריט.

בילדער, סצענעס און געשטאַלטן אינעם בוך ווערן בולט אויסגעטיילט, שאַרף אונטערגעשטראָכן דער עיקר מיט זייער לעבעדיקן אימפּעט, זייער היץ און ברען.

---

געבוירן אין קיעוו, אין יאָר 1898. פיר יאָר געוווינט אין וואַרשע — פון 1922 אָן. שפּעטער אין אַלערליי שטעט אין אייראָפּע. זינט 1928 אין ארץ ישראל. גע־שריבן ליטעראַרישע אַרטיקלען אין צענדלינקער יידישע־ און אויך העברעישע־צייטשריפטן. איבערזעצערין פון פאַרנעמיקע ביכער פון רוסיש, העברעיש, ענג־ליש. צונויפגעשטעלט אַנטאָלאָגיעס. געשריבן אויך לידער. פון משה זאַנשיינס בוך „יידיש־וואַרשע״ ברענגען מיר אין דער אַנטאָלאָגיע צוויי קינסטלערישע רעפּאָר־טאַזשן. עס איז אָבער נויטיק צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם גאַנצן דורך־און־דורך יידיש־וואַרשעווער בוך פון אַמאָל — און דאָס גיט אונדז גיטל מייזילס עסיי.

עס גערעט דעם מחבר אַזוי גוט צו ווייזן און פֿאַרקערפּערן דעם אומאויסשעפּלעכן באַוועגלעכן אינטערעס און נייגער צום לעבן, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַלטן אין איין באַנייען. משה זאַנשיינס בוך לאָזט דערזען און דערפילן ווי אַזוי די וואַרשעווער פֿאָלקס־יידן האָבן ביים האַנדלען אָדער דאַוונען, ביי דער אַרבעט און אויך ביים טאָן מצוות, — געשטעלט אין קאָן נישט ווייניקער ווי זייער גאַנץ האַרץ, נישט ווינ־ציקער ווי זייער פול חיות. אַ ביכל פלעגן זיי „אויסלייענען", איבערלעבן און דער־טראַכטן אויף דורך און דורך. אַ פֿאַרשטעלונג איז זיי ממש געגאַנגען אין לעבן. לעבעדיק און פֿאַרביק מאָלט דער מחבר אַ סצענע אין קראַשינסקי־גאַרטן, ווו אַ גרופּע אַרבעטלאָזע שטעלן צו אַפּשטימונג: צי עס איז פֿאַראַן אַ גאָט. מיט דער מערהייט פֿון שטימען גייט דורך אַ רעזאָלוציע אַז קיין גאָט איז נישטאָ. און דער פרומער ייד, וואָס איז געזעסן דערביי אַנטלויפט מיט אַ הויכן „אַז טפו זאָלט איר ווערן"...

דער לייענער ווערט אַריבערגעטראָגן אינעם סאַמע מיט פונעם דאָרטיקן גע־ווירבל און ער באַגלייט דעם מחבר אין זיינע אַלע מחברישע געגנג. צוזאַמען מיט אים ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אינעם שפּיל ביי די אַרויסגעלייגטע אויפן טראָטואַר פֿון אַ רעשיקער האַנדלס גאַס אָפּגעבליאַקעוועטע, שפּאָט־ביליקע סחורות. בלויז איינער איז דאָרט דער פֿאַרקויפער. די איבעריקע פיר, פינף שותפים מאַכן אָן אָנשטעל פֿון קונים. זיי כאַפּן כלומרשט אַ מציאה, און ווירקן אויף די פֿאַרבייגייער יענע זאָלן קויפן. צוזאַמען מיטן מחבר שטעלט זיך דער לייענער אָפּ ביי דער יידענע אויף דער מילע־גאַס, וואָס האַלט אין די הענט אַ בלעך מיט טאָרטקוכנס, מייסטער־האַפטיק אויסגעפּאַרעמט ווי שלמה המלכס פּאַלאַץ מיטן טראָן געצירט אין גאָלד און גינגאָלד, ווי דודס פידעלע און ווי פליענדיקע מלאכים. און דאָרט טאַקע פֿאַר־האַלטן זיך די ביידע ביי אַ יידן מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ לאַנגער געלער באָרד, וואָס פֿאַרקויפט מאַסקעס פֿון פורים־שפּילער. דער ייד מעסט אָן אויף זיך יעדער מאָל אַן אַנדער מאַסקע און פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ קאַץ, אין אַ הונט, אין אַ פערד. און די ווייסע חברה, די קינדער, אָרעם און אָרום, פּאַסן צו יעדער מאַסקע צו דאָס מיאַוקען, האַווקען אָדער הירזשען...

פֿאַראַן מאָמענטן אין בוך ווען דער לייענער ווערט באַזונדערס אָנגעשטעקט און פֿאַרכאַפּט פונעם דערציילערישן טעמפּעראַמענט. עס דאַכט זיך אים אויס, אַז ער איז אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דעם וואָס עס קומט פֿאָר, אַז ער זעט און ער פילט מיט זיינע אויגן און האַרץ פֿון אַ לייענער, — אַליין פֿאַר זיך, שוין אָן דער באַגלייטונג און הילף פֿונעם מחבר. דאָס זיינען די מאָמענטן ווען דער מחבר באַ־שרייבט דעם קאָלעקטיוון אויפן פֿון טאָן מצוות, פֿון פֿראַווען שמחות. מיט אַן עכט שבת־יום־טובדיקן שעפערישן אָטעם דערציילט דער מחבר וועגן דער אמתער פֿאָלקס־אַקציע, וואָס האָט געהייסן „גוט שבת, יידעלעך". הענדלער און בעלי־מלאכות, אויסגעהאָרעוועטע, מידע פֿון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט, פלעגן יעדן שבת גאַנץ פרי זיך ארויסלאָזן מיט קוישן איבער די וואַרשעווער הויפן. מיט אַ ספּעציעלן ניגון האָבן זיי אויסגעזונגען דעם גוט באַקאַנטן „גוט־שבת, יידעלעך"! און צונויפגעע־קליבן שפּייז פֿאַר די נויטבאַדערפטיקע, וואָס זיינען געווען אָרעמער, שוואַכער און קראַנקער פֿון די זאַמלער און געבער צוגלייך. דער מחבר שטעלט עס טאַקע פֿאַר

ווי אַ מין פֿאָלקסטימלעכן ריטואַל, וואָס צו דעם האָט זיך געגרייט אַ שטאָט מיט מענטשן און וואָס אין דעם האָבן אָנטיילגענומען קינד און קייט...

מיט עכטן שעפֿערישן שווונג ווערט אינעם לעצטן, דעם קרוין־קאַפּיטל פֿונעם בוך „מען פֿירט יאָכעטלען צו דער חופּה", געשילדערט די קאָלעקטיווע שמחה, בשעת אין אַ גערעכטן קאַמף קעגן דער וואָלינסקי גאַס מאַכט די סמאַטשע גאַס חתונה אַ באַעוולטע יתומה. דער מחבר ווייזט אין אַ באַשיימפּערלעך מעשהלע־אַרטיקן אופֿן ווי אַזוי עס איז דאָרט אַלעמען געגאַנגען אין יושר, אין פּשוטן, מענטשלעכן יושר. אין יענעם פֿאָלקסטימלעכן יושר, וואָס ווערט איבערן גאַנצן לענג פֿונעם בוך אַזוי דאָרשטיק און הונגעריק געזוכט דורך די וואַרשעווער פֿאָלקס־יידן. געזוכט סיי אין לעבן, סיי אין בוך און אין טעאַטער און סיי אין... גן־עדן. אַזוי ווערט אינעם קאַ־פּיטל יאָסעלע פּלייצע־טרעגער רירנדיק דערציילט ווי פֿאַר איר טויט האָט יאָסעלע דעם טרעגערס מאַמע אַריינגערעדט אין אים וועגן קדיש זאָגן נאָכן טאָטן, — זי זאָל נישט דאַרפֿן שעמען פֿאַר אירע הימלישע שכנטעס. און אפֿשר וועט דאָרט די מאַמע רחל זיין, זאָל זי איר קענען קוקן גלייך אין די אויגן. יאָסעלע טרעגער האָט טאַקע אָפּגעהיט דעם קדיש נאָכן טאַטן און נאָך דער מאַמען. ער האָט געפֿילט, אַז ער זעצט אַריין זיין מאַמען אין ליכטיקן גן־עדן, ווו זי איז זיך מחיה מיט אַ שטיקל פֿיש און טרינקט גוטן וויין. און יאָסעלע האָט געשמייכלט: זאָל די מאַמע דאָרט הנאה האָבן. זי האָט עס אויף דער וועלט כמעט קיין מאָל נישט געהאַט...

עס איז פֿאַראַן אין משה זאַנשיינס בוך אַ הינטערגרונט, וואָס גיט צו אַן אַ שיעור טעם און חן צו דער פֿאַרעם, און ברענגט אַרויס דעם זינען און דעם מיין פֿונעם תוך. דאָס זיינען די קינדער פֿון די וואַרשעווער הייפֿן, הייפֿן און גאַסן. דער מחבר טיילט זיי נישט אויס. צווישן די 28 קאַפּיטלען פֿון בוך גיט ער זיי אָפּ קוים־קוים צוויי, דריי. עס קאָן זיך אפֿילו אויסדאַכטן, אַז דער מחבר האָט פֿאַר זיי, אויך אין אַ שבת, נישט צו פֿיל צייט. אָבער ווו מען גיט זיך נאָר אַ קער אינעם בוך, קלאַפּן דאָרט דריבנע פּיסעלעך אויף די טרעפּ און עס לאָזן זיך הערן דינע קולעכלעך אין הויף. זיי זיינען אומעטום, גאַנצע מחותנים, די קינדער, און זיי נעמען אָנטייל אין אַלץ וואָס עס טוט זיך אויף דער וואַרשעווער ערד און אינעם וואַרשעווער הימל. זייערע קינדערשע שפּילן, וואָס דער מחבר צייכנט זיי מיט שפּאָרזאַמע מיטלען, פֿאַרטייטשן אַ סך און פֿאַרטיפֿן דעם אינהאַלט. אָט שפּילן זיך אונטער אַ טיש קינדער פֿון צוויי משפּחות לאַטוטניקעס. דאָס עלטסטע יינגעלע איז אַ טאַטע און נייט אויף אַ מאַשין. דאָס עלטסטע מיידעלע איז אַ מאַמע, זי נייט, פֿאַרריכט און קאָכט מיטאָג. די קלענערע זיינען קינדערלעך און זיי שרייען „עסן"... און ווייטער: אַז חיימל שפּילט זיך מיט רבקהלען אָנטלויפֿט ער אַלע מאָל קיין אַמעריקע, ווי עס האָט גע־טאָן דער מאַן פֿון זייער שכנה. רבקהלע בלייבט אַן עגונה און שעלט די קינדער... און אָט שטייען אין הויף אויסגעשטעלט קינדער מיט די אויגן אַרויף צום הימל, בשעת זייערע טאַטעס זיינען מקדש די לבנה. זיי קוקן משה רבינו אין פּנים אַריין. און עס גייט זיי אין לעבן צו דערזען און צו דערוויסן זיך, — צי איז משה רבינו בייז אָדער אפֿשר שמייכלט ער גאָר...

פֿון: די גאָלדענע קייט, נומ. 21, תל אביב

# נחמן מייזיל

## חיים נחמן ביאַליק אין וואַרשע



די באַקאַנטשאַפט צווישן פּרץ און ביאַליק, וואָס גייט דערנאָך איבער אין אַן ענגערער פריינטשאַפט, הויבט זיך אָן 1903־1904, ווען פּרץ באַזוכט אָדעס און דערנאָך, ווען ביאַליק פאָרט איבער אויף איבער אַ יאָר צייט קיין וואַרשע, ווי דער מיטרעדאַקטאָר פון דעם „השלח". פון יענער צייט האָבן מיר שוין געניערע מאַטעריאַלן, וואָס דערציילן אונדז מער וועגן די קעגנזייטיקע באַציונגען פון פּרצן און ביאַליקן.

אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען (פון וואַרשע, דעם 14טן יאַנואַר, 1904) שרייבט ביאַליק: „פּרץ האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע, וואָס וועט מרעיש עולם זיין, לויט זיין מיינונג און דווקא אין העברעיש. ער וועט פון איצט אָן — זאָגט ער — שרייבן זיינע בעסערע זאַכן אין העברעיש. העברעיש — איר הערט? אָבער דאָך ווייס איך נישט, צי ער וועט עס מיר געבן — ער איז אויף מיר ברוגז, ווייל איך האָב געהאַט די העזה אומצוקערן אַמאָל צו איינעם פון זיינע תלמידים אַ דערציילונג, וואָס יענער תלמיד האָט אָנגעשריבן. און ער, פּרץ, האָט עס אַריינגענומען אין זיין זאַמלבוך..."

---

נחמן מייזיל — ליטעראַטור־קריטיקער, פּאָפּולאַריזאַטאָר און פאָרשער, רע־דאַקטאָר — געבוירן אין אַ דאָרף נעבן קיעוו אין יאָר 1887 אָנגעהויבן שרייבן העברעיש, אַריבער צו יידיש אין יאָר 1909. זינט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אַן אומצאָל אַרטיקלען וועגן יידישע, העברעישע און אויך שרייבער פון דער וועלט־ליטעראַטור. רעדאַגירט צייטשריפטן, אַלמאַנאַכן, ליטעראַרישע זייטן. באַטייליקט אין צענדלינקער טאָגצייטונגען און צייטשריפטן איבער גאָר דער יידישער וועלט, אויך טעטיק אַלס פאַרלעגער און אָנפירער פון פאַרלאַגן. צוערשט אין קיעוו, שפּעטער זינט דעם יאָר 1921, אין וואַרשע, און זינט 1937 אין ניו יאָרק. איינער פון די פליי־סיקסטע פּרץ־פאָרשער און בכלל פון דער פּרץ־תקופה. זיינע 35 ביכער־אויסגאַבעס פאַרנעמען אַן ערך 6,000 זייטן. אין וואַרשע רעדאַגירט די וואָכנשריפט „ליטעראַ־רישע בלעטער" — פון יאָר 1925 ביזן דריטן חורבן. אָנגעפירט דאָרט מיטן פאַרלאַג „קולטור־ליגע", שפּעטער „ב. קלעצקין" אין ניו יאָרק רעדאַגירט ער דעם זשורנאַל „יידישע קולטור", זינט זיין גרינדונג אין יאָר 1938, און פירט אָן דעם „איקוף"־פאַרלאַג. פון צוויי זיינע ביכער האָבן מיר צונויפגעשטעלט די ביז גאָר וויכטיקע עפּיזאָדן וועגן דעם גאון פון דער העברעישער ליטעראַטור ח. נ. ביאַליק אין וואַרשע. מייזיל וווינט זינט 1964 אין אַ קיבוץ אין מדינת ישראל.

ווער אָט־ דער ,,תלמיד" איז זעען מיר אין דעם ווייטערדיקן בריוו פון ביאַליקן.

מען דאַרף דאָ, אגב, באַמערקן, אַז ח. נ. ביאַליק האָט דאָ אונטערגעכאַפּט דעם לייכטן טאָן אין איינקלאַנג מיט שלום־עליכמס באַציונג צו פּרצן אין יענער צייט.

אין אַ וואָך אַרום (אין אַ בריוו צו ש. בן־ציון פונעם 21טן יאַנואַר, 1904) שרייבט ביאַליק: ,,אין דעם 12טן העפט (,,השלח" 1903) קומט דער סוף פון פּרצעס דראַמע (געמיינט, ,,חורבן בית־צדיק" — ערשטער וואַריאַנט פון ,,די גאָלדענע קייט"—נ. מ.). די לעצטע צוויי אַקטן זיינען זייער שיין, מען קאָן זאָגן — פּרעכ־טיק, דערהויבן. לייענט זיי אויפמערקזאַם. פּרץ איז זייער רייך מיט דערהויבענע קינסטלערישע געדאַנקען. ער פאַרמאָגט אַ גרויסע נשמה. יענע וואָך האָט ער מיר פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פאַר אַ נייער דראַמע — פּלאי פּלאים!"

אינעם זעלבן בריוו דערציילט ווייטער ביאַליק ש. בן־ציונען וועגן שלום אַש, און ער שרייבט: ,, . . . . איין דראַמע זיינע האָבן מיר פאַרבראַקירט, הגם, פּרץ האָט זי אָנגענומען פאַר זיין זשאַרגאָנישן זאַמלבוך... פּרץ איז אויף מיר אין כעס, וואָס איך האָב געפּסלט אַ זאַך, וואָס אים איז עס וואויל־געפעלן, אָבער איך הער אים נישט". ביאַליק גיט צו: ,,זייער מעגלעך, אַז פּרץ וועט עס פאַרריכטן, ענדערן, צו־געבן און וועט פון דער דראַמע מאַכן אַ לייט..."

פון אַ בריוו, וואָס ביאַליק האָט געשיקט צו מ. י. בערדיטשעווסקין (וואַרשע, 30טן יאַנואַר, 1904), דערוויסן מיר זיך, אַז ער, ביאַליק, און פּרץ האָבן פאָרגע־נומען ,,אַרויסצוגעבן אַ קליינעם בונטאַרישן זאַמלבוך. אַ מין קליינע בימה פאַר ,,עבודה זרה", לויט דעם אַמאָליקן פּרצישן מוסטער פון ,,החץ". זיין אויפגאַבע (אויב ער האָט אַן אויפגאַבע?): א) אַן אָנגריף קעגן דער פאַרפוילטקייט און ענג־האַרצי־קייט, וואָס הערשט אין אונדזער ליטעראַטור; ב) פאַרעפנטלעכן ,,בייע" זאַכן, וואָס דער מאָגן פון אונדזער ליטעראַטור קאָן זיי נישט פאַרדייען". ביאַליק לייגט פאָר, אַז בערדיטשעווסקי זאָל לאָזן דרוקן זיין דערציילונג אינעם געפּלאַנטן זאַמלבוך.

,,פּרץ האָט שטאַרק ליב געהאַט ביאַליקן, — דערציילט א. מוקדוני (אין זיין בוך ,,י. ל. פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער", נ"י, 1949). — ווען ביאַליק איז געווען אַמאָל אין וואַרשע פלעגט ער כסדר זיין ביי פּרצן און נישט ביי דוד פרישמאַנען, זועלכער האָט על פּי שכל אים באַדאַרפט זיין נענטער. פּרץ האָט געהאַלטן, אַז ביאַליק איז דער יידישסטער דיכטער".

ח. נ. ביאַליק האָט, ווי באַוווּסט, געלעבט אין וואַרשע, אין דער נאָענטשאַפט פון פּרצן, איבער אַ יאָר צייט, דעצעמבער 1903—פעברואַר 1905. ער איז דאַן אַלט געווען קוים 30 יאָר, און נאָך דעם שטרענגן, תלמיד־חכמישן אָדעס, נאָך דעם לעבן אין דער סביבה און אין שאָטן פון דעם קאַפּריזנעם ,,זיידן" און דעם שטרענגן אחד־העם, איז וואַרשע מיט פּרצן אין דעם צענטער געווען פאַר אים אַן אָפּפרישונג. וועגן אָט דער צייט האָבן מיר פיינע פאַרצייכענישן פון יעקב פיכמאַן אין זיין העברעישן בוך ,,שירת ביאַליק" (ירושלים 1946). ח. נ. ביאַליק האָט באַוויזן אין אַ געוויסן זינען פאַראייניקן די וואַרשעווער שרייבער, וואָס פלעגן זיך אָפט טרעפן אין זיין צימער. י. פיכמאַן שילדערט ווי בעל־מחשבות, אָט ,,דער ראַפינירטער אינ־טעליגענט מיטן מידן ,,האַמלעט"־בליק אין זיינע אויגן, האָט זיך געטיילט מיט זיינע מאָדערנע מיינונגען וועגן דער ליטעראַטור, — די מיינונגען, וואָס ער האָט מיטגע־בראַכט פון מערב־אייראָפּע. ביאַליק האָט זיך צוגעהערט זייער ערנסט צו בעל־

מחשבותעס רייד, ווען ה. ד. נאָמבערג האָט אים אָפּגעקילט מיט זיין קלוגן שמייכל. פּרץ פלעגט זיך פאַנאַנדערפלאַקערן און גלייך אויסגעלאָשן ווערן. פאַרבייגייענדיק פלעגט פּרץ זיך וואַרפן מיט פּאַראַדאָקסן און כסדר אָנגעצונדן פּראָבלעמען ווי מען צינדט אָן סיגאַרעטן".

ווי פיכמאַן דערציילט, איז ביאַליק געווען שטאַרק באַליבט ביי די וואַרשעווער שרייבער. „פּרץ האָט אים געקעכלט און געצערטלט". און פיכמאַן באַטאָנט, אַז „ביאַליק איז צוריקגעקומען פון וואַרשע קיין אָדעס אַ מער־אייראָפּעישער, אַ מער־מאָדערנער". וואַרשע האָט אויף אים גוט געווירקט און „האָט אים אַ קער געטאָן צו מעלאָדישקייט". (ביאַליק האָט דאַן געשריבן זיינע לידער „הכניסיני", „קומי צאי", די לידער וואָס זיינען אַ פּרעליודיע צו זיינע „שירי העם" — די פאָלקס־לידער). אָנשטאָט מענדעלען, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ שאַרף אויג, באַאָבאַכטונג, געשטאַלטיקונג, נאַטירלעכקייט, איז געקומען פּרץ און געמאָנט ריטם, קלאַנג, געזאַנג. אָדעס האָט געהאַלטן בעיקר פון אַלעגאָריע, לויטן נוסח פון דער השכלה; פּרץ האָט אויפגעפּאַסט די וועלט ווי אַ סימבאָל, ווי אַן אַנטפּלעקונג". ווער ווייסט, — זאָגט פיכמאַן — צי ביאַליק וואָלט אָנגעשריבן זיין „מגילת־האש", זיין פייער־מגילה, ווען נישט די פונקען פון וואַרשע. אחד־העם האָט מיט זיין גראַד־ליניקייט געזאָגט: „איך פאַרשטיי נישט „מגילת־האש". און וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, האָט ער נישט גורס געווען, האָט עס פאַר אים נישט עקזיסטירט. פאַר פּרצן אָבער איז מוזיק געווען פריער פאַר אַלץ, פריער פאַר דער שילדערונג, פאַר דעם געדאַנק אפילו. פּרץ האָט בכלל נישט געהאַלטן פון אַ געדאַנק, אויב ער איז נישט גענוג מוזיקאַליש. אָט וואָס וואַרשע האָט געגעבן ביאַליקן: זי האָט אים גרייט געמאַכט צו פאַרפאַסן זיין פּאָעמע ,מגילת־האש'..."

פיכמאַן גיט איבער איניקע פּרטים וועגן אַ באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר ביאַליקן אינעם הויז פון ז. גלוסקין, דער פאַרוואַלטער פונעם פאַרלאַג „אחיאסף". א. לודוויפּאָל (1863־1921) האָט גערעדט רוסיש, יוסף קלויזנער — העברעיש, פּרץ — פויליש, און ביאַליק האָט גערעדט יידיש. י. פיכמאַן דערציילט: „פּרץ האָט אין זיין רעדע זיך אָפּגעשטעלט אויף ביאַליקן דעם פלייסיקן קינסטלער, דעם טוער. ער האָט באַטאָנט די אינטענסיווקייט פון זיין אַרבעט, אַ באַווייז אויף זיין ערנסטקייט... ביאַליק איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ דערשלאָגענער, אַ לאַנגווייליקער. צום סוף, ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו באַדאַנקען די באַגריסער, האָט ער פאַרלוירן זיין שטימע. אין אַ שלעכטן יידיש האָט ער געהאַלטן אַ זייער שוואַכע, שלעכטע רעדע. ער האָט דערביי פּראָטעסטירט וואָס מען פאַרגלייכט אים צו ר' יהודה הלוי און וואָס מען מאָנט ביי אים דורכאויס ציון־לידער. ער שרייבט — האָט ביאַליק געזאָגט — בלויז וואָס ער פילט און וואָס עס שטויסט אים צו שרייבן. צום סוף האָט ער זיך פלוצים אַוועקגעזעצט און צוגעגעבן אויף רוסיש: „יאַ קאָנטשילו!" — איך האָב געענדיקט."

אין וואַרשע טרעפן זיך פּרץ און ביאַליק אָפּט, און אין די בריוו, וואָס ער שרייבט צו זיינע פריינט ראבניצקי און ש. בן־ציון (אַפּריל־יוני 1904), בעט ביאַליק כסדר צו שיקן אים די בריוו און פּעקלעך אויף פּרצעס אַדרעס. מיט דעם אַדרעס איז ער זיכערער ווי מיטן אַדרעס פון „אחיאסף", ווו ער אַרבעט. מאַי 1904 שרייבט ביאַליק קיין אָדעס וועגן אַ יובל־קאָמיטעט פאַר מענדעלע מוכר ספרים, און ער גיט

איבער, אַז „איך האָב גערעדט וועגן דעם מיט פּרצן, און ער — ער האָט זיך אָנגע־כאַפּט מיטביידע הענט. ער איז גרייט זיך באַטייליקן אין דער זאַך און גרינדן דאָ אַן אָפּטיילונג פונעם קאָמיטעט".

אין אַ צווייטן בריוו (פון דער זומער־וווינונג מראַזי, 11טן יוני, 1904) האָט ביאַליק טענות צו ש. בן־ציון: „פאַרוואָס טוט איר גאָרנישט פאַר דעם זיידנס יובילײ? ווילט איר, אַז וואַרשע זאָל אייך פאַרלויפן דעם וועג?... פּרץ האָט שוין געוואָלט רופן די ערשטע פאַרזאַמלונג און דרוקן צירקולאַרן, אָבער איך האָב אים אָפּגעהאַלטן..."

* * *

ביאַליק פאַרלאָזט וואַרשע און קומט צוריק קיין אָדעס. עס איז אין אָנהויב 1905, און אין אַ בריוו צו דר. י. קלויזנער (פונעם 20טן יאַנואַר) טיילט ער זיך מיט איינדרוקן וועגן אָדעס: „. . . . . אין אָדעס איז שלום ושלוה, שטיל און רויק, נישטאָ קיין אַרויסגייער און נישטאָ קיין געוואַלדן און נישטאָ פּרץ! אוי, פּרץ, פּרץ! וואָס טוט ער אין דער דאָזיקער צייט פון כאַאָס און מישמאַש? וואָס טוט דער גרויסער אָדלער אין דער שטורעמדיקער צייט?" און דער בריוו ווערט געענדיקט: „. . . . און גיט איבער אַ גרוס פּרצן און פּרצעס פרוי, און זאָגט פּרצן, אַז — אָבער איך וויל נישט זאָגן וואָס..."

אין די אַלע ווייטערדיקע בריוו צו קלויזנערן פון אָדעס בעט ביאַליק כסדר גריסן פּרצן. —

אין אַ צווייט אָרט, אין זיין אַרטיקל „יצירת ביאַליק", וואָס קומט ווי אַ פאָר־וואָרט צו דער פולער ביאַליק־אויסגאַבע באַטאָנט יעקב פיכמאַן, אַז ביאַליקס לעבן אין וואַרשע אַ יאָר צייט האָט אַן ספק געווירקט אויף אים צום גוטן, פאַרברייטערט זיין קוק און פאַרנעם. „ווען ער האָט זיך פרילינג 1905 צוריקגעקערט פון וואַרשע קיין אָדעס האָט ער אָנערקענט אָט־די ענדערונג. וואַרשע האָט אים אַרויסגעשלעפּט פונעם קרייז, וואָס אָדעס האָט אים אָנגעצייכנט און אַרומגעצירקלט, אים אַוועקגע־נומען פונעם באַגרענעצטן רעאַליזם. וואַרשע האָט אים גרייט געמאַכט פאַר די צוויי גרויסע שאַפונגען „הברכה" (די סאַזשעלקע) און „מגילת האש" (פייער־מגילה), עס איז געקומען אַ שטאַרקער קער צו „סימבאָליזם".

* * *

אין 1928 זיינען מיר אין וואַרשע, אונטער דער רעדאַקציע פון פּרץ הירשביין, י. י. זינגער, נ. מייזיל און מ. ראַוויטש, צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אין קלעצקין־פאַרלאַג אַ חודש־זשורנאַל „יידישע וועלט". איך האָב זיך דאַן געווענדט צו ח. נ. ביאַליק אין תל אביב מיט אַ בריוו, ווו איך האָב אים פאַרבעטן מיטצואַרבעטן אין זשורנאַל. האָט ער מיר דערויף געענטפערט אַ ידידי־בריוול אין העברעיש בזה הלשון:

„תל־אָביב, 1928,13,9.

לכבוד מר נחמן מייזיל, וואַרשע:

הנני מאשר בזה בתודה את קבלת ספרי אש, עשרים ושנים כרך, ואני מביע בזה את תודתי ל„קולטור־ליגע".

ואשר לזרוזך, מר מייזיל, לשלוח דבר מה בשביל „די יידישע וועלט", אין לי אלא לומר באנחה: די לי שאפקיע את עצמי. עובד אנכי בכל יום כנגד שלשה, ואיני מספיק לגמור את מלאכתי, ואיככה אלכה עוד לנוע ב„עולם"

שאינו שלי, ואעפ״י שהוא יהודי. אולי נפגש עוד בעולם הבא, בעולם הזה מעטה התקוה.

בברכת שנה טובה,
חיים נחמן ביאַליק.

דאָס מיינט אין יידיש: „איך באַשטעטיק מיט דאַנק דאָס באַקומען די 22 בענד פון אַשס ביכער, און איך דריק אויס מיין דאַנק דער „קולטור־ליגע״.

„און וואָס שייך דיין מאָנען ביי מיר עפּעס אַ זאַך פאַר „די יידישע וועלט״, קאָן איך בלויז ענטפערן מיט אַ קרעכץ: ס׳איז מיר גענוג מיין אייגענע אַרבעט. איך אַרבעט טאָג־טעגלעך פאַר דרייען, און באַוויז נישט צו פאַרענדיקן מיין אַרבעט. און ווי קאָן איך זיך לאָזן וואַנדערן אין אַ „וועלט״, וואָס איז נישט מיינע, הגם זי איז אַ יידישע. אפשר וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען אויף יענער וועלט, אויף דער וועלט איז די האָפענונג גאָר קליין.

מיט ברכות צום נייעם יאָר
חיים נחמן ביאַליק.״

אָבער אין אַ דריי יאָר אַרום האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן, און גראָד נאָך אַמאָל אויף דער וועלט און טאַקע אין דער לעבעדיקער יידישער וואַרשע.

סוף סעפּטעמבער 1931 איז ח. נ. ביאַליק געקומען קיין וואַרשע. פון איין זייט איז ער געווען פאַרבונדן מיט אַן אימפּרעסאַריאָ, וואָס האָט מיט אים געמאַכט אַן אָפּמאַך ער זאָל אויפטרעטן אין פאַרשידענע גרויסע שטעט מיט אַ באַשטימטער צאָל רעפעראַטן. ביאַליק האָט אָבער אויסגענומען אַ תנאי, ער זאָל אין יעדער שטאָט גלייכצייטיק אויך פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַרן העברעישן פאַרלאַג און זיך באַטייליקן אין פאַרשידענע קאָנפערענצן און באַראַטונגען מיטן צוועק צו זאַמלען געלט פאַרן בוך־פאָנד. ווי דער שטייגער אין דער יידישער וואַרשע, ווו די יידישע פּרעסע און דער יידישער שרייבער האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, איז די ערשטע באַגעגעניש געווען טאַקע מיט פאַרשטייער פון דער יידישער פּרעסע. ס׳איז געקומען אַ שיינער שרייבער־עולם פון אַלע יידישע צייטונגען. דר. מ. קלומעל — אַ טייערער, האַרציקער ייד, — פאָרזיצער, יושב־ראש, פונעם יידיש־פּוילישן „תרבות״ (חובבי שפת עבר), וואָס ביאַליק איז געווען זייער אָפיציעלער גאַסט, פירט מיך אָפּ אָן אַ זייט און פרעגט מיך, אין וועלכער שפּראַך זאָל ביאַליק דאָ רעדן פאַר דער יידישער פּרעסע. „זעלבסטפאַרשטענדלעך אין יידיש, וויבאַלד אַז עס איז אַ קאָנפערענץ מיט דער יידישער פּרעסע!״ — האָב איך געענטפערט. „גוט! — זאָגט מיר דר. מ. קלומעל, — וועל איך, ווי דער פאָרזיצער פון תרבות, עפענען די קאָנפערענץ אויף העברעיש, און ביאַליק וועט גלייך אַריבער צו רעדן יידיש!״

און ס׳עפנט זיך די טיר, און ח. נ. ביאַליק, באַגלייט מיט פאַרערער און פריינט, איז אַריין אין זאַל. מיר האָבן זיך האַרציק באַגעגנט און וואַרעם צעקושט. ביאַליק האָט מיר געבראַכט לעבעדיקע גרוסן פון מיינע עלטערן, פון מיין שוועסטער און שוואָגער, וואָס וווינען אין ארץ־ישראל. מען צעזעצט זיך ביי די טישן, און נאָך דער קורצער העברעישער דערעפענונג־רעדע פון דר. קלומעל אין נאָמען פון אויפנאַם־קאָמיטעט, האָט ביאַליק אָנגעהויבן אַ פּאָר ווערטער אין העברעאיש און גענו־

מען רעדן יידיש, און נאָך אין וואָס פֿאַר אַ יידיש! אין אַ קערנדיקן, זאַפֿטיקן וואָלינער יידיש, אַריינגעבראָקט אויך אַמאָל אַ רוסיש וואָרט ווי אין אונדזער אוקראַינע. אייניקע „פֿאַרברענטע״ העברעיִסטן האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס ביאַליק רעדט גאָר יידיש, און זיי האָבן גענומען שיקן צעטעלעך צו דר. קלומעל, הלמאי ער האָט עס דערלאָזט אַזאַ „הפקרות״. ביאַליק האָט געכאַפּט אַ קוק אין די צעטעלעך, וואָס זיינען געלעגן אויפֿן טיש ביים דערביי־זיצנדיקן דר. קלומעל. האָט ער זיך אָנגעצונדן און מיט פֿלאַם־פֿייער גענומען רעדן וועגן דער גרויסער ראָלע פֿון יידיש פֿאַרן קיום פֿונם יידישן פֿאָלק און פֿאַרן וווקס פֿונעם יידישן שאַפֿן. און ס׳זיינען געווען אויפֿריכטיקע רייד, זיי זיינען געקומען פֿון טיפֿן האַרצן. און ווי אַלע מאָל אין מאָמענטן פֿון אויפֿרייץ, האָט ער זיך שטאַרק צעוואַרעמט און פֿאַרגעסן זיין אויפֿגאַבע און ראָלע אויף דער כרעסע־קאָנפֿערענץ. ערשט ווייטער אין זיין רעדע האָט ער גענומען שאַרף קריטיקירן און באַשולדיקן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿאַר איר גלייכגילטיקער באַציונג צו העברעיִש און צו דער העברעיִשער קולטור.

אין זיין רעדע האָט ביאַליק געניי גערעדט וועגן דער גרויסער געפֿאַר, וואָס דראָט אונדז פֿון דער אַלץ־וואַקסנדיקער אַסימילאַציע. די אַסימילאַציע האָט אומגעבראַכט די גרויסע יידישע קיבוצים אין איטאַליע, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, דייטשלאַנד. זי דראָט אויך דעם יידישן קיבוץ אין פּוילן, אויב מ׳וועט באַצייטנס נישט שטעלן דער אַסימילאַציע קיין שטאַרקן ווידערשטאַנד. דאָס אַקטיווע שאַפֿן אין יידיש דורך יידישע שולן, אין העברעיִש — דורך העברעיִשע שולן קאָן ראַטעווען די לאַגע. ער האָט גערופֿן די לעבעדיקע עלעמענטן אין יידישן פֿאָלק זיך מאָביליזירן פֿאַר גרויסער אַקטיווער אַרבעט... די יידישיסטן זיינען געווען שטאַרק צופֿרידן צו הערן מיט וואָס פֿאַר אַ טיפֿן ערנסט ביאַליק האָט גערעדט וועגן דעם שאַפֿן אויף יידיש, וועגן דער באַדייטונג פֿון יידישע שולן און יידישער ליטעראַטור.

נאָך ביאַליקס רעדע האָבן אייניקע פֿאָרשטייער פֿון דער פּרעסע געשטעלט ביאַליקן פֿראַגן. אויך איך האָב גענומען אַ וואָרט און אָנגעוויזן אויף דעם, אַז ס׳איז נישט ריכטיק ביאַליקס פֿאָרוואורף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אדרבא, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט צו פֿיל פֿאַרבונדן איר גורל און טעטיקייט מיט דער העברעיִשער שפּראַך און זייער אָפֿט ק ע ג ן די אינטערעסן פֿון דער באַוועגונג גופֿא צוליב איר צו־ענגער פֿאַרבינדונג מיט העברעיִש האָט דער ציוניזם פֿיל אָנגעווירן און פֿאַרלוירן ביי די יידישע מאַסן. ביאַליק האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגן און אויסגערופֿן: „אָט האָסטו, דער סניגור איז דאָ אַ קטיגור, און דער קטיגור איז געוואָרן אַ סניגור!״

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ביאַליק אויפֿגעטראָטן אין גרויסן וואַרשעווער „פֿילהאַרמאָניע״־זאַל מיט אַ גרויסן עפֿנטלעכן פֿאָרטראָג פֿאַר אַ 2,000 צוהערער וועגן דעם שפּראַך־פּראָבלעם ביי יידן. ער האָט, מעשה־פּראָפֿעסאָר, דערוויזן אַז יידיש וועט נישט אויסמיידן דעם גורל פֿון אַלע פֿריערדיקע 15 שפּראַכן ביי יידן און וועט סוף־כל־סוף אונטערגיין. דער עפֿנטלעכער פֿאָרטראָג און דער היסטאָרישער „אורטייל״ אויף יידיש אין האַרץ פֿון וואַרשע, ווו מ׳איז געשטאַנען אין שווערן אומאויפֿהערלעכן קאַמף פֿאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פֿון יידיש, האָט אַרויסגערופֿן אין די יידיש־יידישיסטישע קרייזן אַ נאַטירלעכע און פֿאַרשטענדלעכע אומצופֿרידנקייט. מיר האָבן דורכן יידישן פּען־קלוב, וואָס איז געווען אַ פֿאַקטאָר אינעם יידישן קול־

טור־לעבן אין פוילן, אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכן אָוונט אונטערן נאָמען „אונדזער ענטפער ח. נ. ביאַליקן", און עס זיינען אַנאָנסירט געוואָרן אָנגעזעענע מיטגלידער פון פען־קלוב, וואָס זאָלן געבן די געהעריקע תשובה אויף ביאַליקס אַרגומענטן.

איניקע טעג פאַרן עפנטלעכן אָוונט האָבן מיר אַראַנזשירט אַ צונויפטרעף פונעם יידישן פען־קלוב מיט ביאַליקן (וואָס איז, אגב, געווען דער ערן־פאָרזיצער פון דעם העברעישן פען־קלוב אין תל־אביב). מיר האָבן אין דער חברשער מסיבה פון דער פאַרוואַלטונג פונעם פען־קלוב געוואָלט האָבן אַ שמועס מיט ביאַליקן. נישט געקוקט אויף זיין מדקייט און אויסגעשעפּטקייט (יעדן טאָג אויפטריטן, קאָנפערענצן און באַגעגענישן), איז ביאַליק גלייך געוואָרן אויפן צונויפטרעף דער ראש־המדברים. דאָס מאָל איז די טעמע געווען ביי אים — פּלאַסטישע, מאָלערישע קונסט. דעם אַנ־רעג האָבן געגעבן די פּאָר בילדער אויף די ווענט פון ליטעראַטן־פאַראיין. האָט ער זיך צעלאָזט אין אַן אינטערעסאַנטן שמועס. ס'איז געווען אַ פּרעכטיקע רעדע, אַדורכגעמישט מיט טרעפלעכע געדאַנקען וועגן קונסט, וועגן רעאַליזם אין קונסט. און ס'איז געווען ווי ער וואָלט געוועזן פאַרבעטן אַהער צו האַלטן אַזאַ מין רעדע. אַ חבר פון פען־קלוב, וואָס איז געזעסן ארום מיר, האָט מיר איינגערוימט אין אויער: „ער וויל אַזוי אָפּרעדן די גאַנצע צייט, ס'זאָל נישט קומען צו אונדזערע פאָרווורפן פאַר זיין רעפעראַט!" ס'איז אָבער נישט געווען ריכטיק. ס'איז געווען דער פשוטער, נאַטירלעכער ביאַליק, וואָס האָט געהאַט שטענדיק אַ דראַנג צו רעדן און זיך קיינמאָל זאַט נישט געקאָנט אָנרעדן. דערווייל האָט דער טעלעפאָן געשטערט, מ'האָט אויף אים געוואַרט אויף אַן אַנדער זיצונג. איז ער געווען נישט צופרידן וואָס ער קאָן נישט פאָרזעצן זיין „רעפעראַט". אויסגענוצט דעם איבעררייס, האָב איך אין אויפטראָג פון דער פען־פאַרוואַלטונג געמאַכט ביאַליקן אויפמערקזאַם, אַז עס הערשט ביי אונדז אַן אומצופרידנקייט מיט זיין עפנטלעכן אַרויסטריט וועגן דער שפּראַכן־פראַגע. האָט ער זיך אויפגעקאָכט: „מע האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען! איך האָב ליב יידיש און בין טיף געבונדן מיט יידיש, און אָפּדאַרן זאָל די האַנט, וואָס הויבט זיך אויף קעגן יידיש!"

זאָג איך ווייטער: „און בכלל איז עס נישט אין איינקלאַנג מיט די פען־קלוב־טראַדיציעס, אַז אַן ערן־פאָרזיצער פון איין פען־קלוב (פונעם העברעישן) זאָל קו־מען אין דעם צענטער פון אַ צווייטן פען־קלוב, — און וואַרשע איז דאָך דער זיץ־אָרט פונעם יידישן פען־קלוב, — און זאָל האַלטן דאָרט אַ רעפעראַט קעגן דער שפּראַך פון אָט דעם קלוב!"

— אַי, גוט! גוט! — איז עס ביאַליקן געפעלן געוואָרן. און ער האָט זיך נישט ווילק אָפּגעזעגנט. אים איז גוט געווען צו זיצן אין מסיבה פון באַקאַנטע שרייבער, אָבער מ'האָט אים גערופן צו אַן אַנדערן פון פריער־באַשטימטן צונויפקום. און שוין ביי דער טיר האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן, און געזאָגט: „צוויי אָנטרייבער האָב איך איצט אויף מיין איצטיקער רייזע — דער רעפעראַטן־אימפּרעסאַריאָ און פון דעם ביכער־פאָנד. איז דער ערשטער, דער געשעפטסמאַן, איז נאָך נישקשה, ער וואַרפט צו אַ ביסל האָבער דעם פערדל, לאָזט מיך זיך אויסרוען, אָבער דער צוויי־טער אָנטרייבער — יענער פאַרשמייסט מיך אינגאַנצן. שטענדיק אין שפּאַן, בייטאָג, ביינאַכט, קיין רו, לויף, פאָר, שלעפּ דעם וואָגן..."

**און מ׳האָט זיך צעזעגנט, און ער האָט זיך צוריקגעדרייט און אויסגעדריקט זיין באַדויער וואָס ער קאָן נישט בייזיין ביים אָוונט, ווו דער פּען־קלוב וועט אים געבן אַן ענטפער אויף זיין רעפעראַט, — ער וועט שוין דאַן זיין אין אַ צווייטער שטאָט. אינעם אָוונט „אַן ענטפער ביאַליקן" האָבן זיך באַטייליקט: ד. ב. מאַלקין, נ. מייזיל, י. מ. ניימאַן, אהרן צייטלין. אין פאַרטיידיקונג פון ח. נ. ביאַליק איז אויפגעטראָטן דר. יהושע גאָטליב. און אויסער דעם אָוונט האָבן מיר אין די „ליטעראַרישע בלעטער" פאַרעפנטלעכט שאַרפע ענטפערס: נחמן מייזיל — „אַ לוויה לויט דער ערש־טער מדרגה"; מלך ראַוויטש — „זעכצן פאַרמשפטע און דער דיכטער, דער ריכ־טער"; אהרן צייטלין — „אַן אָפענער בריוו צו ח. נ. ביאַליק". מיר האָבן, אגב, אויך פאַרעפענטלעכט אַן אויסצוג פון דר. ח. זשיטלאָווסקיס אַ רעפעראַט איבער דער שפּראַכן־פראַגע ביי יידן — אַן ענטפער אויף די ביאַליק־אַרגומענטן, — פון אַ בראָשור, וואָס איז אַרויס אין קאָוונע.**

(פון די ביכער: „י. ל. פּרץ און זיין דור שרייבער" — און — „פאַרגייער און מיטצייטלער" — ניו יאָרק, 1946 און 1951.)

# יעקב מילך

## דער „ראַבונעק״, דער ערשטער פּאָגראָם אין וואַרשע



א טאָג אָדער צוויי נאָך דעם, ווי עס איז געוואָרפן געוואָרן די באָמבע, וואָס האָט גע׳הרגעט צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אין אַפּריל 1881, איז געקומען דער רעוויזאָר און באַפוילן אַלע יידן פון דער וואָלינסקע־גאַס צו גיין אין שול אַריין. די שול איז געווען צו קליין פאַר אַלע איינוווינער — מענער, פרויען און קינדער — זיינען מיר געשטאַנען אויף דעם הויף און מען האָט אַרויס־געבראַכט אַ ספר־תורה און מיר האָבן אַלע געשוואָרן צו דינען געטריי און אונטער־טעניק דעם נייעם קייסער, אַלעקסאַנדער דעם דריטן ירום הודו. דאָס האָט מיך גראָד באַפרידיקט. עס האָט מיך געמאַכט פילן, אַז איך בין ניט מער עפּעס אַ ליאַדע ווער, אַז איך בין אויך עפּעס.

אָבער די דאָזיקע איינזיכט האָט מיר נאָר פאַרשאַפט עגמת־נפש. איך האָב זיך דערשלאָגן צו דער אידעע, אַז אונטער דעם נייעם קייסער וועט זיין פאַר יידן אַ סך ערגער. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן איינצוזען, אַז די „הצפירה״ האָט געהאַט רעכט, ווען זי האָט געשטעלט די ניהיליסטן און די אַנטיסעמיטן אויף איין ברעט.

איך האָב געענדערט מיין מיינונג וועגן דעם עטלעכע יאָר שפּעטער, ווי איך האָב געענדערט אַ סך מיינונגען, וואָס די „הצפירה״ האָט אַריינגעפּאָמפּעט אין מיינע אויערן.

די דאָזיקע זעלבסטצופרידנקייט האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. עס האָבן אָנגע־הויבן אָנקומען גאָר נישט קיין פריילעכע ידיעות. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז מען קען דערוואַרטן נייע גזירות אויף יידן. איך האָב געהערט צוויי נייע נעמען: פּאָביעדאָנאָסצעוו און איגנאַטיעוו. פּאָביעדאָנאָסצעוו, דער פאַנאַטישער רעאַקציאָנער, דער הויפּט פון דעם הייליקן סינאָד, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די מינדסטע פאַרלייכ־טערונג פון דעם גורל פון פאָלק, וועט נאָר גיין לרעה פון רוסלאַנד. דער ערשטער מאַניפעסט פון דעם נייעם צאַר האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלע יידן. מען האָט אָנגעהויבן ריידן פון פּאָגראָמען. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און מען האָט געהערט פון שרעקלעכע פּאָגראָמען אין יעליסאַוועטגראַד און די אַרומיקע שטעטלעך.

---

יעקב מילך (זויערמילך) — געבוירן אין יאָר 1866 אין וואַרשע. אין יאָר 1891 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין יאָר 1945. זשורנאַליסט, פּובליציסט, פּאָפּולאַריזאַטאָר פון סאָציאַלע אידעען, אַרבעטער־טוער, רעדאַקטאָר, איבערזעצער. פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס נעמט אַרום אַלע זיינע 25 יאָרן אין וואַרשע, ברענגען מיר דאָ דעם אויטענטישן עסיי — אַביסל געקירצט — וועגן דעם טרויעריק־באַרימטן וואַרשעווער „ראַבונעק״ פון סוף־דעצעמבער 1881.

באַלד נאָך דעם האָט מען געהערט פון פּאָגראָמען אין קיעוו, אין אָדעס, אין פּאָל־טאַווע, איינס נאָך איינס, עפּעס ווי אויף באַשטעלונג, און יעדער נייער פּאָגראָם איז געווען שרעקלעכער ווי דער פריערדיקער, ביז מען האָט אָנגעהויבן צו ריידן פון אַ פּאָגראָם אין וואַרשע. און עס האָט ווירקלעך נישט לאַנג געדויערט און דער פּאָגראָם אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן.

דאָס איז געווען דער טאָג פון „באָזשע נאַראָדזעניע" 1881. אין אַ באַרימטן קאָשטשיאָל פון „הייליקן קרייץ" אויף דער גאַס „קראָקעווער פּאָרשטאָט", ווו טויזנטער קריסטן זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אַ געשריי „פייער!" ביז אויף היינטיקן טאָג ווייסט מען נישט, ווער עס האָט דעם געשריי אַרויסגעלאָזט. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ מהומה דער דאָזיקער געשריי האָט אָנגעמאַכט. עס איז געוואָרן אַ געלויף, אַ שטופּעניש און אַ שטויסעניש. די מענטשן זיינען געלאָפן ווי פאַרסמטע מייז הין און צוריק און האָבן ניט געוווסט ווי זיך צו ראַטעווען. אַן אונטערזוכונג נאָכדעם האָט נישט געקענט אַנטדעקן קיין שום סימן פון אַ פייער, אָבער די מהומה האָט געלאָזן אויפן אָרט עטלעכע און צוואַנציק, וואָס זיינען צעטראָטן געוואָרן אויף טויט, און אַ גרויסע צאָל פאַר־וווּנדעטע.

אַ טייל פון די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט, האָבן געזאָגט: דאָס האָבן אוודאי קעשענע־גנבים געמאַכט דעם געשריי, כדי אָנצומאַכן אַ מהומה. אין דרויסן פון דעם קאָשטשיאָל אָבער זיינען געשטאַנען אַנדערע און האָבן געזאָגט: יאָ, קעשענע־גנבים, אָבער דאָס זיינען געווען יידישע קעשענע־גנבים. באַלד נאָך דעם האָט זיך געהערט אַ פייף. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר דעם פּאָגראָם. אַזוי האָט מען דערציילט נאָך דעם פּאָגראָם. באַלד האָבן זיך פאָרמירט מחנות, ווי אויף אַ באַפעל, און האָבן אָנגעהויבן צו גיין פון גאַס צו גאַס, און האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין אַ סך פון די יידישע גאַסן. די פּאָליציי איז ווי אויסגעשטאָרבן. מען האָט גאָר קיין פּאָליציאַנט אויף דער גאַס ניט געזען. שריי חי וקים. האָבן די יידן זיך באַהאַלטן, ווו נאָר זיי האָבן געקענט. מען איז געלאָפן אין די שולן, מען האָט געזאָגט תהלים און מען האָט גוזר תענית געווען.

אויף דעם דריטן טאָג פון די פּאָגראָמען האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס וועלן קומען אויף אונדזער גאַס. אַלע האָבן גערעדט, אַז צווישן די פּאָגראָם־מאַכער זיינען געווען ווייניק פּאָליאַקן, אַז די עטלעכע פּאָליאַקן, וואָס מען האָט געזען צווישן זיי, האָבן אַלע באַלאַנגט צו די „באָסיאַקעס".

יענעם אָוונט, ווען מען האָט זיך געריכט אויף אונדזער גאַס אויף דעם פּאָגראָם, זיינען אַלע יידן פון דער גאַס זיך צוזאַמענגעקומען אין שול אַריין צו מנחה ומעריב. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אָבער אַ פייערלעכע. יידן זיינען געווען פאַר־צווייפלט. מען האָט געדאַוונט מיט גרויס כוונה, ווי יום־כיפור צו כל־נדרי, מען האָט געזאָגט תהלים, מען האָט גוזר־תענית געווען אויף צו מאָרגנס, דערוואַקסענע מענטשן האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער. ענדלעך האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך צו צעגיין.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ פּאַטש אויף דעם באַלעמער, און באַלד נאָך דעם האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע קול פון אַ באַקאַנטן יידן: — יידן, גייטס ניט אַהיים, לאָמיר זיך אַנטקעגנשטעלן, — האָט ער אויסגעשריען, — לאָמיר ניט

גיין צו דער שחיטה ווי שעפּסן. לאָמיר טאָן ווי עס האָבן געטאָן די יידן אין שושן־הבירה, ווי עס שטייט געשריבן: „להקהל ולעמוד על נפשם". לאָמיר זיך אַנטקעגנ־שטעלן! לאָמיר אַרויסגיין מיט די בייטשן, מיט די שטעקנס, מיט פּאַלקעס, מיט העק, און לאָמיר זיך אַנטקעגנשטעלן.

דער ייד, וואָס האָט אַזוי געשריען, איז געווען נח דער פורמאַן. דער דאָזיקער נח איז ניט געווען אַ פורמאַן פון דעם שניט, ווי מען שטעלט זיך געוויינלעך פאָר דעם דאָזיקן טיפּ. ער איז ניט געווען קיין עם־הארץ. ער האָט געקענט לערנען אַ פרשה חומש און ער האָט געלייענט שבת אין דער תורה און אויך געדאַוונט פאַרן עמוד. ער איז געווען אַ פרומער ייד און שטאַרק אַנגעזען אין שול, אָבער אַז מען האָט אים אָנגעטראָטן, האָט ער זיך געקאָנט זידלען ווי אַן אמתער בעל־עגלה: ביי אים האָט דאָס געהייסן געבן אַ גאָב. ער איז געווען אַ קרעפּטיקער ייד.

אַן אַנדער חשובער ייד אויף אונדזער גאַס איז געווען אַבעלע דער שמוקלער. ער איז געווען דער היפּוך פון נחן. ער איז געווען אַ חלוש, אַ בן־תורה, מיט אַ בערדל ווי אַ קמץ, און ער פלעגט אַלע שבת נאָך מיטאָג לערנען מיט די אַנדערע יידן די סדרה, עין־יעקב און פּרק. נח דער פורמאַן איז געווען איינער פון זיינע בעסטע תלמידים.

האָט אַבעלע דער שמוקלער זיך באַלד אָפּגערופן: „יידן, ר' נח האָט רעכט! מיר וועלן גיין אויף קידוש־השם. איך בין אַ שוואַכער מענטש, אָבער איך וועל גיין מיט אייך. מיר וועלן זיך ניט לאָזן שעכטן, כצאן לטבח!"

די דאָזיקע ווערטער האָבן אָנגעצונדן אַ פייער אין מיין האַרץ. די מעשה מיט די יידן אין שושן־הבירה, און די מעשות, וואָס איך האָב זיך אָנגעלייענט אין דעם ספר יוסיפון, ווי די יידן האָבן מלחמה געהאַלטן אויף די מויערן פון ירושלים, זיינען מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, און איך האָב ממש געברענט מיטצוגיין אויף קידוש־השם. „און אַלע יינגלעך וועלן מיטגיין", האָב איך אויסגעשריען, און די אַנדערע יינגלעך, וואָס זיינען געווען אין שול, האָבן גענומען שרייען אין איין קול: „די יינגלעך וועלן גיין מיט די יידן!"

אויף דער שטעל איז געוואָרן אַן אַסיפה. נח איז געווען דער אָנפירער. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַן ערך צוואַנציק יידן זאָלן בלייבן אין גאַס „דעזשורעווען", און אויב עס וועט זיך עפּעס מאַכן, וועלן אַלע איבעריקע יידן אַרויסקומען יעדער פון זיין הויז, מיט וואָס נאָר ער וועט קענען, אַ האַק, צי אַ שטעקן, צי אַ בעזים אַפילו. דער סיגנאַל האָט געדאַרפט זיין „שמע ישראל".

מיך האָט מען אין דעם קאָמיטעט נישט אויסגעקליבן, אָבער איך האָב נישט געוואָרט אויף קיין כבוד. איך האָב זיך אַליין אויסגעוויילט. מיט יוגנטלעכן אימפּעט בין איך אַריינגעלאָפן אין הויז, האָב געכאַפּט אַ קניפּל (דאָס איז אַ הילצערנער האַמער מיט אַ קורץ הענטל, וואָס די שניצערס און סקולפּטאָרן באַנוצן ביי זייער אַרבעט) און בין אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס נאָך איידער די יידן זיינען געקומען. אַלע צוזאַמען זיינען מיר געווען אַרום צוואַנציק פּאַרשוין. דער איבעריקער עולם איז געזעסן ביי די פענצטער, וואָס זיינען געווען צום גאַס, און געוואַרט אויף דעם סיגנאַל.

כדי אָפּצושרעקן דעם שונא, זיינען מיר אַרויס מיט אַ הוראַ־געשריי, און מיר האָבן דעם געשריי אָנגעהאַלטן. עס קען גריילעך זיין, אַז דאָס וואָלט אפשר דעם

שונא געווען צוריקגעהאַלטן, האָבן אָבער אונדזערע געשרייען גאַנץ אומדערוואַרט אַרויסגעבראַכט פון דער נאָרע אַן אַנדער שונא, אַ וואָלף אין אַ שעפּסן־פעל.

אויף דזשיקע־גאַס, אַרום דעם ראָג וואָלינסקע, איז געווען די „וואָיענגע טורמע" (דאָס מיליטערישע געפענגעניש). איז דאָרט געווען סטאַציאָנירט אַ ראָטע סאָלדאַטן. אונדזערע געשרייען האָבן זיך אוודאי געהערט אין דער וואָיענער טורמע. אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, האָבן מיר דערזען אַ פּאַטרול סאָלדאַטן, אָנגעפירט פון אַן אָפיצער, וואָס האָט מאַרשירט גלייך צו אונדז. מיר האָבן זיך דערפרייט. גאַנץ אומגעריכט האָט יעדערער פון אונדז דערזען די מאַכט, וואָס וועט באַשיצן אונדזער גאַס פון פּאָגראָם. די שמחה איז געווען צו פרי. עס האָט זיך אויסגעלאָזט פּונקט פאַרקערט, ווי מיר האָבן דערוואַרט.

דערזען דעם פּאַטרול האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט.

„וואָס איז דער געשריי?" — האָט דער אָפיצער געפרעגט שטרענג. עס האָט זיך אַרויסגערוקט איינער פון אונדז, וואָס האָט מן הסתם געקענט ריידן רוסיש אָדער פּויליש, און האָט דערקלערט דעם גאַנצן ענין. דער אָפיצער איז געוואָרן ווייך ווי פּוטער.

„איר דאַרפט זיך גאָר ניט שרעקן", — האָט ער געזאָגט, — „אויף וואָלינסקע־גאַס וועט קיין פּאָגראָם ניט זיין. אויף דעם זיינען מיר דאָ, און מיר וועלן אויפפּאַסן איך זאָל גאָר ניט געשען. גייט זיך יעדערער אַהיים. איר דאַרפט זיך גאָר ניט שרעקן".

מיר האָבן דעם אָפיצער באַדאַנקט, און אונדזער עולם איז זיך צעגאַנגען באַפרידיקט. ווו עס איז נאָר געווען מעגלעך, האָט מען געלאָזט וויסן די שכנים, אַז זיי האָבן זיך ניט וואָס צו שרעקן. אויף דער גאַס גייט אַרום אַ פּאַטרול.

אונדזער פרייד האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס האָט ניט געדויערט קיין האַלבע שעה, און אַ גאַנצע מחנה פּאָגראָמשטשיקעס האָט אָנגעפילט אונדזער גאַס מיט געשרייען, מיט קללות און מיט זידלערייען אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

אויף דער שנעל האָט מען פאַרהאַקט טיר און טויער און לאָדנס פון די פענצטער. די שכנים, וואָס האָבן געוווינט אין דער נידער, האָבן פאַרלאָזט זייערע וווינונגען און זיינען אַרויפגעלאָפן צו די שכנים אויף דעם ערשטן שטאָק (קיין העכערע הייזער, מיט איין אויסנאָם, זיינען אויף וואָלינסקע־גאַס ניט געווען), מיט די פענצטער צו דער גאַס צו. דאָרט איז מען געשטאַנען אין געהאַקטע צרות און צוגעקוקט, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס טוען צו אונדזער גאַס און צו אונדזערע שכנים. אַלע מינוט האָט זיך געהערט אַן אַנדער געשריי, דאָס בריאַזגען פון די פענצטער און דער געיאָמער פון אַ פרוי אָדער אַ קינד. דורכן פענצטער האָט די גאַס אויסגעזען, ווי עס וואָלט געשנייט אין דרויסן. דאָס האָט דאָס פליען פון די פעדערן פון יידישן בעטגעוואַנט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געדיכטן שניי.

ווו איז געווען דער פּאַטרול?

פאַרשוווּנדן. פּונקט ווי ער וואָלט קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען.

און די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געבושעוועט עטלעכע שעה. זיי האָבן מער צעשטערט און פאַרניכטעט, ווי זיי האָבן געראַבעוועט. אויף וואָלינסקע־גאַס איז ניט געווען פיל צו ראַבעווען. די עטלעכע שפּייז־געוועלבלעך האָט מען פאַרניכטעט, אויסגעהאַקט די שויבן, באַגאָסן דאָס מעל מיט נאַפט. איין יידישע שענק איז געווען

אויף דער גאַס, האָט מען אויפגעדרייט די קראַנען פון די פעסער און אַרויסגעלאָזט דעם בראָנפן אין רינשטאָק אַריין, די פלעשער בראָנפן האָט יעדער איינער געכאַפּט, וויפל ער האָט געקענט.

מיר זיינען אַלע געווען צוזאַמענגעפּאַקט, ווי אין אַ שטייג, אַ גאַנצע נאַכט. עלטערע מענטשן האָבן געזאָגט תהילים, ווייבער האָבן געזיפצט און געוויינט, אַנדערע זיינען געשטאַנען ביי די פענצטער ווי צוגעקאָוועט, קיינער האָט זיך ניט געפּרוווט צולייגן ביז דעם פרימאָרגן, שוין גאָר ניט צו ריידן פון אַראָפּציען די שיך אַפילו. זיינען מיר דאָך אַלע געווען אין אַ פרעמד הויז, און אין טויטשרעק.

איך וויל זיך ניט אונטערנעמען מיט מיין פעדער צו באַלעבן די געפילן פון שרעק, וואָס יעדערער פון אונדז האָט איבערגעלעבט אין יענער שרעקלעכער נאַכט. איך האָב מורא, אַז דאָס וועט מיר ניט געלינגען. איך וויל אָבער זאָגן, אַז נאָך היינט, מער ווי זעכציק יאָר נאָך דער געשעעניש, האָב איך זיך נאָך נישט באַפרייט פון יענע שרעקן. נאָך היינט קומען מיר יענע סצענעס צו חלום פון צייט צו צייט. נאָך היינט טרעפט, אַז איך זע אין חלום, ווי איך שטיי ביים פענצטער אין איין שרעק, אַז דאָס האַרץ פאַלט מיר שיר ניט אַרויס, און איך זע די רציחות פון יענע פּאָגראָמשטשיקעס, פונקט ווי עס וואָלט היינט געווען.

מען קען ניט פאַרגעסן דעם פּאָגראָם, וואָס מען האָט געזען מיט די אייגענע אויגן.

די גאַנצע שרעקלעכע נאַכט פון דעם פּאָגראָם האָט זיך געצויגן לאַנג און לאַנגזאַם. דאָס גאַנצע הויז — אַלע שכנים — זיינען געווען פאַרזאַמלט אין בערל־לייב גוטשעכטערס הויז, אויף דעם ערשטן שטאָק, מיט די פענצטער צו דער גאַס. די וווינונג איז געווען אַ קליינע, אַ שטוב מיט אַ קיך, אַלע מענטשן זיינען געווען צוזאַמענגעוואָרפן, עפּעס ווי געפּעק אין אַ סחורה־סקלאַד אָן שום אָרדענונג. מען האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. אָבער קיינער איז ניט געגאַנגען אַהיים. אַפילו נאָך דעם, ווי די כוליגאַנעס זיינען אַוועק פון אונדזער גאַס, האָט קיינער ניט געוואָגט צו גיין אין דער אייגענער וווינונג, און זיך לייגן אָפּרוען. מען האָט זיך אַלץ געשראָקן, טאָמער קומען זיי צוריק. אומבאַהאָלפן און הילפלאָז, ווי מיר זיינען אַלע געווען קעגן שונא, האָט יעדערער פון אונדז געפילט עפּעס אַ זיכערקייט, ווען ער איז געווען צוזאַמען מיט די אַנדערע.

עס איז אַן אומפאַרגעסלעך בילד צו זען אַ געזעמל מענטשן אַ גאַנצע נאַכט, צוזאַמענגעקוועטשט אין אַ קליינער וווינונג, אַלע אָנגעפילט מיט אַנגסט און שרעק. מען זעט באַשיינפּערלעך, ווי אַזוי די מענטשן פאַרלירן ביסלעכוויז דעם קאָנטראָל איבער זיך, און אַלע אָנגענומענע מאַנירן, אַפילו דאָס געפיל פון שעמעוודיקייט, אַפילו דאָס וואָס מע רופט צניעות הערן מיט אַ מאָל אויף אונטער דעם דרוק פון שרעק און סכנה. איבערהויפּט איז דאָס אמת אין אַזאַ געמיש פון מענטשן, ווי עס איז געווען אונדזער געזעלשאַפט יענעם אָוונט; מענער און פרויען, יונג און אַלט, יונגע, שעמעוודיקע מיידלעך, שוואַנגערע יונגע פרויען און זייערע מענער, עטלעכע בחורים און יינגלעך פון מיין עלטער — אַלע דורכגעוואָרפן און דורכגעמישט, און אַלע מיט איין געפיל, מיט איין שרעק: אימת־מות.

אָבער צו אַלעם קומט אַ סוף. די נאַכט איז ווי עס איז אַוועק. ניט ווילנדיק האָבן די מענטשן דאָך געכאַפּט אַ דרימל און זיך אַ ביסל אָפּגערוט. אין דרויסן

האָט געברענט אַ פּראָסט, און אין הויז איז געווען קאַלט. אַזוי שנעל ווי עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט דער עולם זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס. די גאַס איז געוואָרן פול מיט מענטשן. יעדערער האָט זיך געאיילט; יעדער האָט געוואָלט זען וואָס איז געבליבן פון זיין ביסל אָרעמקייט; יעדערער האָט געוואָלט וויסן, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין שכן.

די גאַס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ גרויסער שרפה; עפּעס ווי אַ גאַנץ שטעטל וואָלט געוואָרן אָפּגעברענט. עס איז ניט געבליבן קיין איין שויב אין קיין איין פענצטער אין דער גאַנצער גאַס. די פעדערן פון די קישנס זיינען געווען צוגעפרוירן צו די פענצטער און די לאָדנס, צו די רינעס און צו די צאַפּנס אייז, וואָס האָבן געהאָנגען פון די דעכער. דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די נאַקעטע ביימער אין ווינטער, ווען זיי ווערן באַשאָטן מיט שניי. וואָס עס האָט זיך צום מייסטן געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען דער פּאַטרול פון סאָלדאַטן, אָנגעפירט פון אַן ; פּיצער — אָט דער פּאַטרול, אויף וועלכן מיר האָבן אַלע נעכטן ביי נאַכט אויסגעקוקט ווי אויף משיחן, און ער האָט זיך ניט באַוויזן, — איז איצט געווען אויפן אָרט און שטעל, און האָט געטאָן דינסט. איצט איז ער געווען אויפן אָרט, אָט דער פּאַטרול, און ער האָט מאַרשירט הין און צוריק, הין און צוריק, מיט ערנסט און מיט דעם סאָלדאַטסקן ריטם פון „לעוואָ—פּראַוואָ, לעוואָ—פּראַוואָ, און סטאָי!” עפּעס ווי דער אַלטמאָדישער וואַנטזייגער וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. איין גוטע זאַך האָט דער פּאַטרול פונדעסטוועגן געטאָן: ער האָט געהאַלטן אָרדנונג אויף דער גאַס. קיין פאַרזאַמלונגען אויף דער גאַס זיינען ניט געווען דערלויבט. קיינעם איז נישט געווען דערלויבט זיך אָפּצושטעלן און ריידן מיט אַ שכן. ס'איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, און עס האָט זיך קיינעם נישט געגלוסט אָפּצו־שטעלן. טאָמער איז איינעם דאָך איינגעפאַלן זיך אָפּצושטעלן מיט אַ שכן, איז באַלד אויסגעוואַקסן דער פּאַטרול מיט זיין שטרענגן „סטופּאַי!”

דערפאַר זיינען מיר געווען באַשיצט פון אַ פּאָגראָם. מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אַז אויף וואָלינסקע־גאַס וועט מער קיין פּאָגראָם ניט זיין. דערווייל ניט.

און וואָלינסקע־גאַס איז ניט געווען די איינציקע גאַס. אומעטום, אין אַלע יידישע גאַסן, איז געשען דאָס זעלביקע. אומעטום דער פּאַטרול און אומעטום די פּאָליציי. אויס פּאָגראָם!

עס איז געווען דער דריטער טאָג פון פּאָגראָם, און די מאַכט איז מן הסתם געקומען צום שלוס, אַז דריי טעג איז גענוג. מער ווי דריי טעג איז עפּעס ניט קיין תכלית. ווי לאַנג קען מען דאָס דערלויבן? האָט מען זיך גענומען באַשיצן די יידן פון פּאָגראָמען. אונדזער געגנט איז הפּנים געווען דער לעצטער געגנט אויף דער ליסטע פון פּאָגראָמען. אַזוי שנעל ווי די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט אונדז, דאָס הייסט ניט מיט אונדזער גאַס, נאָר מיט אונדזער געגנט, האָט זיך אָנגעהויבן די באַשיצונג.

פון אונדזער גאַס זיינען די כוליגאַנעס אַוועק אין די אָרומיקע גאַסן, די נייע קאַרמעליצקע, די גענשע און די סמאָטשע. אומעטום האָבן זיי אָנגעמאַכט דעם זעלביקן חורבן. אויף גענשע־גאַס איז געווען נאָך ערגער. דאָרט איז דערהרגעט געוואָרן דער טינט־פאַבריקאַנט, קאַדישזאָן. דער דאָזיקער ייד האָט דווקא געוואָלט אַרויסגיין אויף דער גאַס בעת דעם פּאָגראָם. מען האָט אים צוריקגעבראַכט אַ טויטן.

אַ שטיקל נחת האָבן מיר פונדעסטוועגן געהאַט. דאָס אָסטראָווסקע־געסל איז געווען באַוווינט פון אַ גרויסער צאָל „ווילדע יונגען", ווי מען האָט זיי גערופן אין וואַרשע. האָבן די ווילדע יונגען אויף זייער גאַס ניט אַרויפגעלאָזן די פּאָגראָמשטשיקעס. וואָס מיר האָבן געוואָלט טאָן אויף וואָלינסקע־גאַס, און עס האָט זיך אונדז ניט איינגעגעבן, דאָס האָבן די „ווילדע יונגען" געטאָן אויף אָסטראָווסקע־גאַס. זיי זיינען נאָך געגאַנגען ווייטער. באַלד אויף צו מאָרגנס נאָך דעם פּאָגראָם, זיינען זיי באַפאַלן דאָס איינציקע קריסטלעכע שפּייז־געוועלבל, וואָס איז געווען אויף זייער גאַס, און זיי האָבן געטאָן פּונקט דאָס זעלביקע, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געטאָן צו יידישע קראָמען, און מיר האָבן זיך אַ ביסל געקילט דאָס בלוט.

אָבער דאָס אַלץ איז שוין ניט געווען נייטיק. פון איצט אָן, ווי געזאָגט, האָט די רעגירונג אַליין זיך אָנגענומען פאַר אונדז. ס'איז ניט געווען נאָר אויף דער וואָלינסקע־גאַס, ווו עס האָבן זיך באַוויזן פּאַטרולן, אויף אַלע יידישע גאַסן איז געשען דאָס זעלביקע. אויף די נאַלעווקעס, אויף דעם גזשיבאָוו, אויף דער מוראַנאָווסקע־גאַס, — אומעטום האָבן די סאָלדאַטן אָנגעהויבן צו פּאַטרולירן. דער קאָמיסאַר פון דעם פערטן צירקל, וואָס איז געווען אויף די נאַלעווקעס, איז אַליין אַרויסגעקומען, מיט זיין גאַנצער פּאָליציי, און ער האָט פייערלעך פאַרזיכערט, אַז ער וועט צו קיין ווייטערע פּאָגראָמען ניט דערלאָזן. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן די קאָמיסאַרן פון אַנדערע צירקלען. מען האָט אַפילו דערלויבט צו דרוקן פּראָטעסטן פון דער העכערער פּוילישער געזעלשאַפט קעגן די „היידעמאַקעס", וואָס האָבן געמאַכט צו שאַנד דעם שיינעם נאָמען פון דעם ליבעראַלן פּויליישן פאָלק, מיט אַזעלכע ווילדע און באַר־באַרישע רציחות.

דאָס אַלץ איז געשען אויף דעם דריטן טאָג פון די פּאָגראָמען.

יענער גאַנצער טאָג איז געווען עפּעס ווי אַ האַלבער יום־טוב, ווי חול־המועד, אָדער גאָר ווי תשעה־באב, לויט דער דעפיניציע פון יענעם ליטוואַק, וואָס האָט געזאָגט, אַז „תשעה באב איז אַ פיינער תענית: מען דאַוונט ניט, מען אַרבעט ניט און מען עסט". אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרצרהט, אָבער געאַרבעט האָט מען ניט, הגם איך האָב גראָד געדאַוונט, און מיט גרויס כוונה.

אין אָוונט זיינען די יידן זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אין שול, צו בענטשן גומל און איבערצושמועסן די געשעעניש פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט.

ווו זיינען אַהינגעקומען די פּאָגראָמשטשיקעס? דאָס האָט קיינער נישט געפרעגט. אַלע זיינען געווען איינשטימיק, אַז דאָס איז עפּעס געווען ווי אַ צאָל מענטשן, כוליגאַנעס, אויסוואורפן, וואָלטן געווען געקראָגן אַ באַשטעלונג צו מאַכן אַ שטיקל אַרבעט און ווען די אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען די מענטשן זיך צעגאַנגען און אַלץ איז ווידער ווי געווען.

עס איז גראָד געווען די צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פילן מיין ווירדע. עס איז שוין געווען אַוועק דריי יאָר פון מיין לערנצייט. איך בין שוין מער ניט געווען קיין שיק־יינגל. איך בין שוין געשטאַנען ביים וואַרשטאַט צוזאַמען מיט דעם געזעלן, און האָב געהאָלפן שניצן די ראַמען. דער געזעלן האָט געמאַכט דעם קאָפּשטיק און איך האָב געשניצט די ווינקלען.

ר' שמאי האָט שוין געהאַט צוגענומען אַן אַנדער לערן־יינגל צו טראָגן די ראַמען צו לעסערן און דעם טשאָלנט צום בעקער. איך האָב גענומען פילן, אַז איך

פאַרדינן מיר מיין ברויט, און איך עס נישט מער ר׳ שמאיס ברויט אומזיסט. מיר איז שוין געווען 15 יאָר, און איך בין שוין געווען אַ גאַנצער מענטש, וואָס האָט יעדע וואָך געלייענט די „הצפירה״, און וואָס האָט יעדן שבת אין שטיבל פאַר דעם דאַוונען געלערנט דעם זוהר צוזאַמען מיט אַ באַוווסטן חסיד אין דעם ניישטעטער שטיבל. ניט איין מאָל האָב איך דעמאָלט געטראַכט, אַז איך וואָלט שוין געווען אַ חתן, מיט אַ זילבערנעם זייגערל אין מיין וועסטל־קעשענע, ווען דער טאַטע וואָלט מיר נישט געווען געשטאָרבן אַזוי יונג, און איך וואָלט געקענט בלייבן ביים לערנען.

דער פּאָגראָם האָט מיך איינגאַנצן געביטן. די אַלע געדאַנקען זיינען פאַרשווונדן, עפּעס ווי אַ געוואַלדיקער איבערברוך וואָלט מיך געווען אַוועקגעריסן פון דער וועלט, ווו איך האָב געלעבט ביז איצט. די שרעק פון דעם פּאָגראָם און די סצענע, וואָס איך האָב צוגעזען דורכן פענצטער פון בערל־לייבס וווינונג; דער ווידערווילן, וואָס דאָס בילד פון די מענטשן אין זייער מידקייט און אָפּגעלאָזנקייט, נאָך דעם פּאָגראָם, האָט אין מיר דערוועקט; די טראַגי־קאָמישע סצענע פון דעם פּאַטרול, וואָס איז געווען פאַרשטעקט ערגעץ־ווו בעת דעם פּאָגראָם, און וואָס האָט איצט, ווען אַלץ איז געווען אָפּגעטאָן, מאַרשירט אַזוי ערנסט און אַנטשלאָסן איינצושטעלן דאָס אייגענע לעבן, דאָס גומל־בענטשן אין דער שול און די גלייכגילטיקייט, וואָס האָט געהערשט אין מיין סביבה באַלד נאָך דעם — דאָס אַלץ האָט אין מיר אויפגעוועקט אַ געפיל פון הילפלאָזיקייט און אַ שטורעם פון געדאַנקען, וועלכע איך האָב ניט געקענט באַצייכענען, און וועלכע איך האָב צו דער זעלביקער צייט ניט געקענט קאָנטראָלירן, אָדער צוריקהאַלטן. צו דעם איז צוגעקומען נחום סאָקאָלאָווס „הצופה לבית־ישראל״ פון יענע צייטן, ווו די ניהיליסטן און די אַנטיסעמיטן זיינען דערמאָנט געוואָרן אין איין אָטעם. דאָס האָט מיך גאָר אַראָפּגעפירט פון וועג. אויב די ניהיליסטן, וואָס האָבן געהרגעט דעם קייסער, זיינען אַנטיסעמיטן, טאָ ווי קומט דאָס, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס ווערן באַשיצט פון די סאָלדאַטן און דער פּאָליציי? עפּעס איז ביי מיר ניט געווען גלאַט. אויב די ניהיליסטן זיינען אַנטיסעמיטן, און די רעגירונג איז אַנטיסעמיטיש, טאָ וואָס קענען די יידן דערוואַרטן?

איך האָב געוווסט, איך בין געווען זיכער, אַז משיח וועט קומען און וועט אויסלייזן די יידן פון גלות, אָבער ווען וועט דאָס געשען? איך האָב געוווסט, וואָס די גמרא זאָגט, אַז משיח וועט ניט קומען פריער ביז אַלע יידן וועלן אָדער ווערן פרום, אָדער פאַרקערט, ביז אלע וועלן ווערן שלעכט (אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או כולו חיב), הייַנט גיי מאַך אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט, אַז זיי זאָלן ווערן פרום אָדער, פאַרקערט, זיי זאָלן ווערן אַפּיקורסים. אַז מען קען ווי עס איז קריגן ארץ־ישראל אָן משיחן, איידער משיח וועט קומען, דאָס איז מיר אויפן געדאַנק ניט געקומען. אַ פּשוטע זאַך, דאַכט זיך, אָבער מיר איז דאָס ניט איינגעפאַלן. איך ווייס ניט פאַר וואָס. דאָס האָבן אויסגעקלערט אַ ביסל שפּעטער, עלטערע מענטשן, געלערנטע און קליגערע פון מיר. דערווייל אָבער, איידער דאָס איז געשען, בין איך געווען פאַרצווייפלט. איך האָב זיך גאָרניט געקענט געבן קיין עצה, און ווידער די זעלביקע זאַך: ניטאָ וועמען צו פרעגן, ניטאָ צו וועמען זיך צו ווענדן. תוהו ובוהו.

פון בוך: „אויטאָביאָגראַפישע סקיצן״, ניו־יאָרק 1946.

# יאָסל מלאָטעק

## מילע-גאַס



בײ אונדז אויף דער גאַס שטייען טרויער די הײזער,
ווי בעטלער אין רייען און שווייגן.
און ס'שפּאַרט אַזאַ פינצטערער צער פון די פענצטער —
אַזוי ווי פון בעטלערשע אויגן . . .

עס גלאָצן די קוימענס פאַרלאָשן צום הימל,
וואָס הענגט דאָ אַ קאַלטער, אַ גרויער
און ווי געלאַטעטע אַלטע בגדים
דער טינק הענגט פון יעטוועדער מויער.

בײ טאָג הערט מען הייזעריק זינגען אויף הויפן
אומעטיק־מענטשלעכע לידער —
עס קלאַפּן די טענער פאַרחלשט אין שויבן
און פאַלן אַראָפּ צוריק מידע...

די נאַכט קומט צו אונדז אויף דער גאַס אַזאַ שטילע,
אָן ליכט, אָן שום פייער־רעקלאַמעס;
זי קומט איינגעהילט אין די טונקלסטע שאלן,
ווי ס'קליידן זיך אונדזערע מאַמעס.

אַ שיכורער שעלט הויך מיט ניכטערע קללות
די וועלט און מײַן גאַס און די שטערן,
ביז ער צעוויינט און צעכליפּעט ווי אַ קינד זיך
מיט לויטערע קינדערשע טרערן...

---

יאָסל מלאָטעק — זשורנאַליסט, דיכטער, יידישער לערער, שול־טוער. געבוירן אין פּראַשעוויץ בײ קעלץ 1918. זינט 1925 אין וואַרשע. יאָרן פון דריטן חורבן אויפן ווייטן מזרח. 1947 לערער אין קאַלגאַרי, קאַנאַדע, זינט 1949, אין ניו־יאָרק. געווען אינטעגרירט אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן. זיינע לידער — בילדער פון וואַרשעווער יידישער נויט און דאָס אידעאַליסטישע און האָפעדיקע רייסן זיך פון דער יידישער יוגנט צו פרייהייט, צו סאָציאַליזם. זייער הימן: מיר קומען אָן...

און ס׳שטייען אין טרויער פֿאַרהילטע די הייזער,
ווי בעטלער אין רייען און שווייגן.
און ס׳שפּאַרט אַזאַ פֿינצטערער צער פֿון די פֿענצטער
אַזוי ווי פֿון בעטלערשע אויגן.

## ווען ס׳הילכן די רופֿן



ווי קען מען, ווי קען מען אין שטוב היינט פֿאַרבלייבן
ווען ס׳רופֿן און ציען דיך לידער פֿון פֿרייד,
ווי קען מען, ווי קען מען אַליין מיט זיך בלייבן,
ווען ס׳הילכן די לידער, ווי רופֿן פֿון ווייט...

ווען טיף־בלויע הימלען,
ווי לויטערע פֿענער
זיך וויגן אין לופֿטן און שמייכלען מיט זון,
און ס׳הילכן די רופֿן
פֿון בראָנז־האַרטע מענער
און ס׳ענטפֿערט אין כאָר זיי סיי אַלט און סיי יונג...

ווי קען איך, אָ מאַמע, ווי קען איך דאָ בלייבן,
ווען ס׳רייסט זיך מיין האַרץ ווי פֿון בויגן אַ פֿייל,
ווען ס׳ווילט זיך פֿאַרבינדן מיט מאַסן, וואָס ליידן
און פֿילן, אַז כ׳בין פֿון דער מאַסע — אַ טייל...

אָ, כ׳הער שוין, איך הער שוין די טריט פֿון מיליאָנען,
ווי ס׳פֿלעכטן זיך לידער מיט ריטמישן טראָט,
כ׳הער פֿאָנען־געפֿלאַטער און לידער, וואָס מאָנען,
איך הער שוין דעם ברויזנדן גאַנג פֿון דער שטאָט.

קען איך נישט, קען איך אין שטוב היינט נישט בלייבן,
ווען ס׳רופֿן מיך, ס׳ציען מיך לידער פֿון פֿרייד.
קען איך נישט, מאַמע, אַליין מיט זיך בלייבן,
ווען ס׳שאַלן די לידער און רופֿן מיך ווייט...

(די לידער געדרוקט אין: „קינדער פֿריינד״ און
„קליינער פֿאָלקס־צייטונג״ — 1936 און 1938)

# ל. מלאך

## פראָלאָג פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע: אָפּפאַל



**א** ומענדלעך טיף איז אויבן — פינצטערער ווי שוואַרץ!
א רעגן טריפט: דאָ הערט עס אויף, דאָ גיסט;
די גאַסן זיינען אָפּגעליידיקט, וויסט,
ווי ס'האַרץ.
עס לייכטן די לאַמטערן, עפּעס ווי פאַרגרינט,
אין שיין פון העלן נעפּל איינגעשפּינט.
זיי שפּיגלען זיך צעצויגן, לאַנג
אויף טראָטואַרן גלאַנצנדיק און נאַס.
עמעץ שפּרייזט. נישט לאַנגזאַם און נישט גיך.
מיט קיינעם נישט און נישט מיט זיך, —
מינוטן נאַרישע פון וואָלוועלן פאַרלאַנג.

ביים עק פון קאַרמעליצקע־גאַס:
עמעץ —
זי —
אין אַ גיהנומדיקער נאַכט.

---

לייבל מלאך — פּאָעט, דערציילער, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג, באַשרייבער פון רייזעס איבער אַלערליי לענדער — איז געבוירן געוואָרן אין זוואָלין, ראַדעמער געגנט אין יאָר 1894. צו 13 יאָר אין וואַרשע, האָרעוועט און הונגערט ביי אַלערליי פאַכן. לערנט זיך אויס שרייבן צו 16 יאָר, דעביוטירט צו זיינע 19 יאָר אונטער ה. ד. נאָמבערגס רעדאַקציע. וואַנדערט אויס קיין אַרגענטינע אין יאָר 1922. באַרייזט און באַשרייבט מערערע לענדער. גיט אַרויס — אין פּוילן און אין אַרגענטינע — אַ רייע ביכער: פּאָעזיע, פּראָזע, רעפּאָרטאַזש, דראַמע. מלאך'ס דראַמאַטישע פּאָעמע אין צען קאַפּיטלען אונטערן נאָמען „אָפּפאַל" — איז אפשר די טראַגיש־מענטש־לעכסטע, מיט טיפער קענטשאַפט געשריבענע קינסטלערישע שילדערונג פון דער וואַרשעווער יידישער אונטערוועלט. עס וואָלט געווען צו אימהדיק איצט אַ גאַנצן קאַפּיטל פון „אָפּפאַל" איבערצודרוקן אין אונדזער אַנטאָלאָגיע. געבן מיר בלויז דעם פּראָלאָג. די פּערזן פון דער דראַמע־פּאָעמע דערמאָנען שטאַרק פּרץ'עס צימצום, דער אינהאַלט און די אידעען — מאַקסים גאָרקיס דערהויבענעם הומאַניזם. ל. מלאך איז געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1936. זיין פרוי — די שרייבערין לאָטי מלאך — וווינט אין לאָס אַנדזשעלעס.

זי צווינגט
און ברעכט מיט שמייכלען איר געפאַרבט געזיכט,
נאָר ס׳ווערט נאָך מער פאַרגרינט
ווי ס׳גרינע גאז־לאמטערן־ליכט
זי רופט.
איר רוף
איז טרוקן, אומהיימלעך, פאַרשייט —

מיט קראַנקן חשק בייגט זי איין איר גוף,
פאַרקוקט זיך טיף אין יעדנס אויג,
און שאַרט זיך מיט
אַ צענדלינק טריט.
און שעפּטשעט שטיל,
נישט דרייסט:
— גייסט?
— ווייט?

# וולאַדימיר מעדעם

## דער צענטער פּאַוויליאָן



פאַר דעם ברייטן עולם, וועלכער האָט געהערט פון די וואַרשעווער טורמעס, אָבער איז אין זיי נישט געזעסן, האָט דער קלאַנג גופא פון די ווערטער „דער צענטער פּאַוויליאָן" אַ פינצטערן, גרויזאַמען זין. זיינען טאַקע די גלאַטיקע, ווייס־געקאַלכטע ווענט פון זיינע פאַרשוויגענע קאַמערן דורכגעזאַפּט מיט שווערע, בלוטיקע זכרונות. הונדערטער מענטשן זיינען געזעסן צווישן די דאָזיקע ווייסע ווענט, געזעסן און געוואַרט אויף יענער שרעקלעכער פינצטערער נאַכט, ווען עס וועט זיך עפענען די טיר, און די נאַכט פלעגט קומען, און די שווערע טיר פלעגט זיך עפענען, און דער וועג פלעגט זיין אַ קורצער, דער לעצטער: צו דער תליה.

און אויב אין די לעצטע פאַר יאָרן פאַר דער מלחמה פלעגן קיין טויט־שטראָפן נישט פאָרקומען, — זיינען די זכרונות דאָך געבליבן, און די געשפענצטער פון טויט טראָגן זיך נאָך אַלץ אַרום אין דעם אַלטן געפענגעניש.

און איך פלעג אַמאָל אָנטרעפן אויפשריפטן, צייכנס, אויסמאַרקירט מיט פינטע־לעך צווישן די שורות פון אַן אַלטן בוך אין דער געפענגעניש־ביבליאָטעק, אָדער אויסגעקריצט מיט אַ טשוואָק אויף אַן אַלטן בענקל: „דעם און דעם טאָג בין איך פאַר׳משפט געוואָרן. אורטייל: טויט". און מיט אַן אַנדער האַנט פלעגט אויסגעקריצט ווערן אַ צושריפט: „דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. ערע דעם אָנדענקן פון דעם געפאַלענעם חבר."

אָבער די טורמע גופא איז געווען אַ גאַנץ גוטע, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. אמת, עס איז געווען אַ ביסל קאַלטלעך — מסתמא האָט די „נאַטשאַלסטוואָ" גע־גנבעט קוילן — און מאַנכע קאַמערן זיינען געווען פייכט. אָבער חוץ דעם איז אַלץ

---

וולאַדימיר מעדעם איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1879 אין ליבאווע, רוסלאַנד, אין אַ משפחה פון פראַוואָסלאַוונע משומדים; דער פאָטער אַ מיליטערישער דאָק־טאָר. שטודירט אין קיעווער אוניווערסיטעט, אין יאָר 1900 אַריין אין בונד און זינט דעמאָלט מיטגעמאַכט טורמעס און פאַרשיקונגען. 1916־1920 רעדאַגירט די טעגלעכע „לעבנס־פראַגן" אין וואַרשע. אין יאָר 1921 אַוועק קיין אַמעריקע. גע־שטאָרבן אין ניו יאָרק אין יאַנואַר 1923. אויף זיין מצבה אויפן ניו יאָרקער בית עולם פון אַרבעטער־רינג זיינען דאָ די ווערטער: מעדעם — די לעגענדע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג... די ווערטער זאָגן אַלץ. ער האָט נאָך געהאַט אַ שייכות צו וואַרשע — ער איז געזעסן אַ קנאַפּ יאָר אין באַרימטן „צענטן פּאַוויליאָן".

געווען גאַנץ פֿיין. די קאַמערן זיינען געווען ליכטיק און ריין. דאָס עסן גאַנץ נישקשהדיק; און ווער עס האָט געהאַט אַ ביסל געלט, האָט געקאָנט באַקומען מיטאָגן פֿון אַן אָפֿיצערן־קלוב. די זשאַנדאַרמען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך, פֿלעגן זיך אויפֿפֿירן גאַנץ אַנשטענדיק. קיין טורמע־דיסציפּלין מיטן מושטירעווען, מיט די „פּאָווערקעס״, מיט די פֿאַרשידענע צרות, וואָס מען האָט אין אַ געוויינלעכן געפֿענגניש, איז דאָ נישט געווען. די טורמע האָט פֿאַרמאָגט אַ שיינע און רייכע ביבליאָטעק. דאָס געפֿענגעניש איז געשטאַנען ווייט הינטער דער שטאָט; דער הויף, ווו מיר פֿלעגן גיין שפּאַצירן, האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער גאָרטן: עס זיינען דאָרט געוואַקסן שיינע ביימער — קאַשטאַנעס, אַקאַציעס, בעז, — און ווען עס איז געקומען דער פֿרילינג און דערנאָך דער זומער, האָב איך זיך געפֿילט ממש ווי אויף אַ דאַטשע.

דעם ערשטן חודש בין איך געזעסן אין מיין קאַמער איינער אַליין. כמעט אין אַלע איבעריקע קאַמערן פֿלעגן זיצן צו צוויי מאַן. איך בין אָבער געווען צופֿרידן, וואָס מען זעצט צו מיר נישט אַריין קיין שכן. וואָרום דער ערשטער איינדרוק, וואָס איך האָב געהאַט פֿון די אַרומיקע „זיצערס״ איז געווען זייער נישט קיין גוטער. איך האָב זיי אפֿילו נישט געזען, — מען איז געווען גאַנץ שטרענג אָפּגעטיילט איינער פֿון צווייטן, — אָבער איך האָב געהערט, ווי מען רעדט זיך דורך פֿון קאַמער צו קאַמער דורך דער וואַנט, אויפֿן אַרעסטאַנטישן שטום־לשון; דאָס קלאַפּן אין וואַנט. דעם דאָזיקן קלאַפּ־לשון האָב איך געקענט נאָך פֿון מיין אַמאָליקן זיצן אין דער מאָסקווער טורמע. אמת, דאָרטן, אין מאָסקווע, פֿלעגט מען זיך באַנוצן מיטן רוסישן אלף־בית, און דאָ האָט מען גערעדט אויף פּויליש. אָבער איך האָב זיך זייער גיך אויסגעלערנט אויב נישט רעדן פּויליש, — דאָס האָב איך נאָך נישט געקענט, — איז אַלנפֿאַלס צו פֿאַרשטיין, וואָס יענע קלאַפּן. איך אַליין פֿלעג זיך נישט אָפּרופֿן, אָבער איך פֿלעג זיצן און צוהערן זיך צו די פֿרעמדע שמועסן. און דער אינהאַלט פֿון די דאָזיקע שמועסן האָט מיך אָפּגעשטויסן פֿון מיינע שכנים.

וועגן דער צוקונפֿט פֿלעגן מיר טראַכטן זייער ווייניק. און דאָס איז געווען בעסער אַזוי. וואָרעם די פּערספּעקטיוון אונדזערע זיינען געווען גאָר נישט קיין פֿויגלדיקע. מיין שכן איז געווען כמעט ווי זיכער מיט אַ צענדליק יאָר קאַטאָרגע און מיר האָט אויך געדראָט די אייגענע קאַטאָרגע — אמת, העכסטנס אַכט יאָר, אָבער דאָס איז אויך גאַנץ גענוג. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צוצוקוקן זיך צו די אמתע קאַטאָרזשנע טורמע באַדינגונגען, און איך מוז זיך מודה זיין: זיי האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט אין מיין פֿאַנטאַזיע אין סאַמע טרויעריקע פֿאַרבן. איך האָב שטאַרק געצווייפֿלט, אויב איך וועל דאָס קענען איבערלעבן. אָבער, ווי געזאָגט, פֿלעג איך זיך באַמיען וואָס ווייניקער פֿאַרטראַכטן וועגן דעם. די הויפּט־קונץ ווי צו באַוואָרענען דאָס גייסטיקע גלייכגעוויכט אין טורמע, באַשטייט טאַקע אין דעם, אַז מען זאָל נישט קלערן וועגן אַזעלכע טרויעריקע זאַכן. מען דאַרף זיך האַלטן פֿעסט אין דער האַנט און נישט לאָזן צעהוליען די נערוון. אַזוי האָב איך זיך טאַקע געהאַלטן די גאַנצע צייט, און אַ דאַנק דעם האָב איך טאַקע גאַנץ גוט אַריבערגעטראָגן די 25 חדשים פֿון מיין טורמע זיצן.

אָנהויב יוני, 1914, — דאָס איז שוין געווען אַ קנאַפּער יאָר נאָך מיין אַרעסט, בין איך אַרויסגערופֿן געוואָרן אינם געריכט צום משפּט. איך בין געווען זייער צו־

פרידן. ענדלעך וועט זיין אַ סוף. אַהין אָדער אַהער; איך וועל ווייניקסטנס וויסן ווו איך האַלט. אָבער דאָס מאָל האָב איך נישט געהאַט קיין מזל. אַ פּאָר עדות — מצד דער באַשולדיקונג — זיינען נישט געקומען, און דער פּראָקוראָר האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אָפּלייגן דעם פּראָצעס. און עס איז טאַקע אָפּגעלייגט געוואָרן, און איך האָב ווידער געמוזט וואַרטן חדשים־לאַנג. בינו־לבינו האָבן זיך אָנגעהויבן ביים געריכט די זומער־וואַקאַציעס, און די זאַך האָט זיך פאַרצויגן. אונדזער לעבן האָט זיך געצויגן מיטן פריערדיקן גאַנג.

און פּלוצלונג האָט זיך אַלץ געביטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה.

מיר פלעגן נישט קריגן אין טורמע קיין צייטונגען. זייער זעלטן פלעגט אַמאָל אַריינפאַלן אין אונדזערע הענט אַ געשמוגלט בלעטל. אָבער מיר האָבן דאָך געוווסט פיל־ווייניק וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. צוויי מאָל אַ וואָך פלעגט קומען צו מיר מיין פרוי; פון צייט צו צייט פלעג איך זיך זען מיט מיין אַדוואָקאַט; פלעג איך דורך זיי קריגן ידיעות. און ווען עס איז פאָרגעקומען יענע געשעעניש, וואָס האָט געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל צו דער וועלט־מלחמה — די הריגה פון דעם עסטרייכישן ערצהערצאָג פראַנץ פערדינאַנד — האָבן מיר זיך וועגן דעם באַלד דערוווסט, און מיר האָבן אויך געוווסט, אַז עס שניידט זיך אויף אַ קריג.

אַז מען זיצט אין טורמע האָט מען — ווילנדיק נישט־ווילנדיק — אַ באַזונדערן טורמע־קוק אפילו אויף די וועלט־געשעענישן. ווי נאָר מען האָט אָנגעהויבן צו שמועסן וועגן אַ מלחמה, האָט זיך ביי יעדן אַרעסטירטן באַלד אַוועקגעשטעלט די פראַגע: צי וועט דאָס נישט ברענגען פאַר מיר די פרייהייט? און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשידענע פאַנטאַסטישע ספּעקולאַציעס. מען האָט געשמועסט וועגן אַן אַמנעסטיע, אָדער מען האָט געטראַכט וועגן פאַרשידענע סטראַטעגישע קאָמבינאַציעס. דער רוסישער גענעראַל־שטאַב — האָט מען געשמועסט — האָט אַזאַ פּלאַן: אין פאַל פון אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, וועט ער נישט פאַרטיידיקן דעם שטח פון פּוילן; דאָס רוסישע חיל וועט תיכף אָפּטרעטן אויף יענער זייט ווייסל און נאָך ווייטער, ביזן בוג. הייסט דאָס, אַז די דייטשן וועלן באַלד אַריינמאַרשירן אין וואַרשע. פרעגט זיך: צי וועט מען האָבן צייט אַרויסצופירן פון דאַנעט די אַרעסטירטע. אפשר נישט! און דעמאָלט וועלן מיר בלייבן, און די דייטשן וועלן אונדז באַפרייען, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. האָבן מיר געוואַרט מיט אומגעדולד, וואָס וועט פון דעם אַלעם אַרויסקומען. אַז די שאַנסן פון אַ מלחמה ווערן פון טאָג צו טאָג גרעסער, האָבן מיר געוווסט. און אַלע טאָג פלעגן מיר טאַקע פרעגן איינער דעם צווייטן: ווו האַלט דאָס? אפשר האָט זיך די מלחמה שוין אָנגעהויבן? אפשר שלאָגט מען זיך שוין, נאָר מיר ווייסן דאָס נישט?

איך געדענק אַ טאָג, עס איז געווען אַ זונטיק, אַ טאָג 5 אָדער 6 פאַר דער אמת׳ער קריגס־דערקלערונג. דער טאָג איז אַריבער ווי אַלע טעג. עס איז געקומען דער אָוונט. מיר האָבן זיך שוין געקליבן צו גיין שלאָפן. עס איז געווען אַ רעגנדיקער אָוונט, אַ שטורם מיט דונערן און בליצן. און פּלוצלונג הערן מיר דורך דעם רויש פון דעם רעגן און די דונערן אַ שיסעריי, ווי פון ווייטע האַרמאַטן. אַ שאָס נאָך אַ שאָס; שוואַך אָבער בולט; און עס דויערט אַלץ לענגער און לענגער און נעמט נישט קיין סוף. וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

זאָגן מיר איינער צום צווייטן: מסתמא קומען דאָ פאָר ערגעץ הינטער דער

פעסטונג נאַכט־מאַנעווערן. די זעלנער לערנען זיך. עס איז אפילו אַביסל קשה: עס איז דאָך זונטיק, אַ יום טוב! אָבער גאָרנישט. מיר זיצן זיך רויק און הערן זיך צו, און פּלוצלונג — אַ שרעקלעכער קנאַל, אַ גוואַלטיקער דונער, דער גאַנצער הויף ווערט באַלויכטן פון אַ גרויסן פלאַם, ווי פון אַ שטאַרקן אויפרייס. די ווענט ווערן דערציטערט. פון ערגעץ דערטראָגט זיך אַ קלינגעריי פון צובראָכענע שויבן; פון ערגעץ דערהערט זיך אַ היסטערישער געשריי פון עפּעס אַ יונגער שטים. מיר האָבן דעם איינדרוק ווי אַ גראַנאַט פון אַ האַרמאַטן־שאָס וואָלט געפּלאַצט דאָ, ביים סאַמע פענצטער פון אונדזער טורמע. מיר שפּרינגען אויף פון אונדזערע בענקלעך, אויפגערעגטע, אויפגערודערטע. וואָס איז דאָס? ניט שוין־זשע איז טאַקע די מלחמה שוין דאָ? נישט שוין־זשע באַשיסט מען שוין די וואַרשעווער פעסטונג. עס גלויבט זיך נישט. מיר לויפן צו צו דער טיר. מיר קלאַפּן. די שכנים קלאַפּן אויך. די זשאַנדאַרן לויפן ווי פאַר'סמטע. די טיר עפנט זיך. וואָס איז דאָס? דער וועכטער שטייט אַ בלייכער: איך ווייס אַליין נישט. די טורמע ווערט אויפגערודערט. עס הערט זיך אַ קלאַפּן אין וואַנט. עס קלאַפּט אַ שכן, מיט וועלכן מיר פלעגן האָבן אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ. דאָס איז דזשערזשינסקי — דער זעלבער דזשער־זשינסקי, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַזוי באַרימט אין סאָוועט רוסלאַנד אַלס ראש פון דער „טשעקאַ" — ער איז דעמאָלט געזעסן אין צענטן פּאַוויליאָן, און מיר פלעגן זיך איבערשרייבן — קלאַפּט ער אין דער וואַנט, און פון זיין מין קלאַפּן הערט זיך ווי אויפגערעגט ער איז: „מאָדלין שוויגט שוין" — זאָגט ער אונדז. מאָדלין — דאָס איז אַ פעסטונג נישט ווייט פון וואַרשע, און וואָס דאַרף פאַרשטעלן דעם וועג פון די דייטשן. דאָס מיינט, אַז מאָדלין איז שוין געפאַלן, און די דייטשן זיינען שוין דאָ. וואָס איז דאָס? אַ שפּאַס? אָדער ער מיינט דאָס ערנסט? אויף אַ ווײַלע האָב איך דעם איינדרוק, אַז דער מענטש איז משוגע געוואָרן. ביז צו דער דייטשער גרענעץ כאַפּט דאָס פאָרט אַ פּאָר הונדערט מייל. עס וואָלט דאָך געדאַרפט נעמען אַ וואָך צייט ביז וואַנען די דייטשן וואָלטן געקאָנט קומען צו וואַרשע, און מיר וואָלטן דאָך געוווּסט וועגן דעם. ניין, עס קען נישט זיין. עס איז גלאַט עפּעס אַן אויפרייס. ביסלעכווייז באַרויקט מען זיך. די שיסעריי האָט אויפגעהערט. עס איז געוואָרן שטיל. מיר גייען שלאָפן.

שפּעטער האָט מען אונדז געזאָגט, אַז דאָס האָט אַ בליץ געטראָפן אַ סקלאַד פון אַמוניציע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פעסטונג נישט ווייט פון אונדזער טורמע, און עס איז צוליב דעם פאָרגעקומען אַן אויפרייס. אַנדערע האָבן געשמועסט וועגן דעם, אַז עס איז נישט געווען קיין בליץ, נאָר עפּעס דייטשע אַגענטן האָבן אונטערגעצונדן דעם סקלאַד. וואָס דאָס איז געווען אין דער אמתן, האָב איך זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט. עס איז אָבער געווען אַ גליק, וואָס עס איז נישט אויפגעריסן געוואָרן אַ צווייטער, גרעסערער סקלאַד, וואָס איז געווען אין דער נאָענט. דעמאָלט וואָלט אונדזער גאַנצער פּאַוויליאָן מיט אונדז אַלעמען אויפגעפלויגן אין דער לופטן. עס האָט זיך אָבער אַלץ געענדיקט בשלום.

עס איז אָבער געווען ווי אַ מין פאָראויסזאָגונג. וואָרעם אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן די מלחמה.

דינסטיק אָדער מיטוואָך ווערן מיר פּלוצלונג אויפגעוועקט גאָר אין דער פרי. די טיר עפנט זיך. עס קומט אַריין דער אַלטער וואַכמייסטער, אַן אויפגערעגטער, אַ

צוטומלטער, און ברענגט אונדז אונדזערע ביכלעך, ווו מיר פלעגן פאַרשרייבן די פראָדוקטן, וואָס מען פלעגט פאַר אונדז קויפן. „זייט אַזוי גוט — זאָגט ער — מאַכט אייערע חשבונות״. וואָס איז? מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה אַז היינט־מאָרגן וועט מסתמא דערקלערט ווערן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. דעמאָלט וועט מען אויסליידיקן דעם צענטן פאַוויליאָן, עס וועט דאָ איינגעאָרדנט ווערן אַ שפּיטאָל פאַר די פאַרוווּנדעטע. וועט מען אייך אַריבערפירן ערגעץ ווו אַנדערש״.

הייסט דאָס, אַז די מלחמה קומט. עס זיינען אַריבער נאָך אַ פּאָר טעג, און מיר האָבן באַקומען די לעצטע ידיעה: דער קריג איז דערקלערט. נאָך אַ וואָך — און מיר האָבן זיך צעזעגנט מיט דעם צענטן פאַוויליאָן.

פראַגמענט פון בוך: „פון מיין לעבן״ — ניו יאָרק, 1923

# הערשל מעטאַלאָוויעץ

## מיין רבי, ר׳ פּנחסל



אין דער העכסטער כיתה אין דער תלמוד־תורה אויף דער קראָכמאַלנע גאַס נומער 31 אין וואַרשע, אין וועלכער איך האָב געלערנט אין עלטער פון 11־12 יאָר, האָט חוץ ר׳ שמואל דודן, דעם שטענדיקן מלמד, מיט די תלמידים אויך געלערנט דער רבי ר׳ פּנחסל, ר׳ שמואל דוד׳ס זון, וועלכער פלעגט פאַרטרעטן זיין פאָטער אין פאַל פון קראַנקהייט און ר׳ שמואל דוד איז געווען אַן אָפטער חולה.

**אין די לומדישע קרייזן איז ר׳ פּנחסל באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ למדן מופלג, פאַר אַ חכם, און פאַר אַ וועלט־מענטש. די מלמדים, משגיחים, גבאים, און די אפּוטרופּסים פון דער תלמוד־תורה האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. אויך זיין אייגענער פאָטער, דער באַרימטסטער גמרא מלמד אין די וואַרשעווער תלמוד־תורה׳ס, האָט געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי. אפילו דער הויפּט אפּוטרופּס, ר׳ יואל וועגמייסטער, דער גרויסער גביר, אָנגעזעענער גערער חסיד און טיש־זיצער אין גערער רבינס הויף, דאָזאָר פון דער יידישער גמינע, און אָפיציעלער יידישער שתדלן, וועלכער פלעגט פאָרן אין אַ קאָטש מיט גומענע רעדער, געשפּאַנט מיט צוויי פאַר פערד, און אין דער וואָכן גיין אָנגעטאָן ווי אַ פּאָלנער דייטש: אַ קורצן שליך־ראָק, אַ הויכן האַרטן קראַגן, שטייפע ווייסע מאַנזשעטן, און אַ צילינדער. שבת פלעגט ער זיין צווישן די חסידים דער שאַרפער חסיד, אין אַ שטריימל און אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע פון דער חתונה מיט היפּשע צויטן — אפילו ער, ר׳ יואל וועגמייסטער, דער שר פון דער חסידישער וועלט אין וואַרשע, האָט פאַר ר׳ פּנחס׳לען געהאַט גרויס רעספּעקט. געשטאַנען פאַר דעם קוים דרייסיק יעריקן יונגנמאַן מיט אַ דרך ארץ ווי פאַר דעם וואַרשעווער רוסישן אָבער־פּאָליציימייסטער קאָרף, אָדער**

---

הערשל בעקערקונץ, באַקאַנט אין וואַרשע אַלס מעטאַל־אַרבעטער, אַרבעטער־טוער און מאַסן־רעדנער אונטער דעם נאָמען: הערשל מעטאַלאָוויעץ. ער איז געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1894. טעטיק אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. לויט דער פּאַרטיי — צוערשט אין בונד, שפּעטער אין קאָמבונד און לסוף אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זינט די דרייסיקער יאָרן — פּאַרטיילאָז. יאָרן־לאַנג געזעסן אין פּוילישע תפיסות. אין יאָר 1939 אַוועק אויף מזרח און אין יאָר 1941 — איבער יאַפּאַן — געקומען קיין קאַנאַדע. דרוקט פון צייט צו צייט אַרטיקלען אין צייטונגען. גרייט דריי בענד וואַרשעווער זכרונות: יונגע יאָרן; מיטן פּנים צום בונד; אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

פאַרן גענעראַל גובערנאַטאָר סקאלאָן. נישט אַוועקגעזעצט זיך אידער ר׳ פּנחסל האָט פאַרנומען זיין אָרט. די תלמוד־תורה מנהיגים האָבן זיך מיט ר׳ פּנחס׳לען געגרויסט. געהאַלטן פאַר אַ כבוד און פאַר אַ זכיה זיין קומען לערנען מיט די תלמוד־תורה יינגלעך; פאַר די תלמידים איז די צייט וואָס ר׳ פּנחסל האָט מיט זיי געלערנט — געווען יום טוב.

ר׳ פּנחסל איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מלמד. געווען איז ער אַ סוחר און געהאַט אַ גרויס געשעפט פון פאַיאַנס, פון גלאָזוואַרג און פּאָרצעלאַן, אויף פּטאַשע גאַס, וואָס איז געווען דער צענטער פון די הורטאָווע געשעפטן פון פאַיאַנס און אימ־פּאָרטירטע פּרוכט. ער איז געווען — וואָס מען רופט — אַ געבוירענער פּעדאַגאָג און משמעות ליב געהאַט דאָס לערנען מיט קינדער.

דאָס לערנען ביי ר׳ פּנחס׳לען איז געווען אַ מחיה. מען האָט נישט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען. עס איז נישט געווען קיין האַרבער תוספות און קיין שווערע סוגיות. אַלץ איז געווען גרינג, איינפאַך און פאַרשטענדלעך. עס איז גענוג געווען זיינס אַ וואָרט, אַן אָנמערק, אַ זשעסט, און די תלמידים זאָלן שנעלער באַהערשן דעם שיעור פון דער וואָך.

דאָס ספּעציפישע אין ר׳ פּנחס׳לס לערנען זיינען געווען זיינע שמועסן מיט די תלמידים צווישן מנחה און מעריב, באַזונדערס ווינטער־צייט. אין פאַרלויף פון אַ שעה אָדער אַנדערטהאַלבן, פלעגט ר׳ פּנחסל דערציילן די תלמידים וועגן פאַרשיי־דענע וועלט־זאַכן, פאַרגאַנגענע און אַקטועלע: פון רמב״ם, פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, פון משה מאָנטעפיאָרע, פון דרייפוס פּראָצעס, פון דער רוסיש־יאַפּאַ־נעזישער מלחמה. דערציילט מעשיות פון דער גמרא, פון מוסר ספרים, חסידישע גע־שיכטעס, און אויך פון זיין אייגן לעבן: פון זיין לעבן אַלס אַ סאָלדאַט אין דער צאַ־רישער אַרמיי. פון די שיינקייטן פון די קאַווקאַזער בערג און פון שוואַרצן ים. פון די קעלטן אין אוראַל. פון די פּראַכטיקייטן פון די פּעטערבורגער פּאַלאַצן און פּראָס־פּעקטן, און פון דער גרויסקייט פון די פּעטערבורגער יידישע אַדוואָקאַטן. זיין שטיל סאַמעטן קול האָט אַריינגעדרונגען אין די הערצלעך און ווי דערקוויקנדיקער ווין זיך צעגאָסן אין די אברים פון זיינע יונגע תלמידים. די תלמידים זיינע וואָלטן אוועקגעגעבן יאָרן פון זייער לעבן צו קאָנען הערן די פאַסצינירנדיקע געשיכטעס און דערציילונגען פון זייער יונגן רבי.

ר׳ פּנחסל האָט אין די תלמידים זיינע אויך איינגעפלאַנצט אַ ליבע צו קונסט און אַנטוויקלט אַ חוש פאַר שיינקייט. געשען איז דאָס נישט ווי אַ לימוד נאָר ווי אַ צופעליקייט אָבער מיט אַ נישט קלענערן דערפאָלג ווי דאָס וואָלט געווען אַ סיסטע־מאַטישער לימוד.

ווען ער איז אָפּוועזנדיק געווען פון געשעפט און געלערנט מיט זיין פּאָטערס תלמידים, פלעגט די פרוי זיינע אָדער ווער פון זיינע באַשעפטיקטע מענטשן ברענגען אין חדר אַריין אַ מוסטער פון גלאָזוואַרג אָדער פון פּאָרצעלאַן און ווייזן עס ר׳ פּנחס׳לען, הערן זיין מבינות אָדער ריידן מיט אים וועגן פּרייז. מיט דעם געבראַכטן קעגנשטאַנד פלעגט ר׳ פּנחסל צוגיין צום פענצטער, גוט און אַלזייטיק עס באַטראַכ־טן. אין די מערסטע פאַלן איבערלאָזן דעם קעגנשטאַנד איך חדר, און ביי דער ער־שטער געלעגנהייט דעמאָנסטרירן פאַר די תלמידים דעם קרישטאָלענעם אָדער דעם פּאָרצעלאַנענעם חפץ. אילוסטרירן פאַר זיינע יונגע צוהערער און צוקוקער די כל־

ערליי שיינקייטן פון אַ דין און אידל געשליפענעם גלעזערנעם כוס, פון אַ קרישטאָ־לענעם באָקאַל, פון אַ קאַווע־שעלעכל פון דעם דעליקאַטסטן פּאָרצעלאַן. פון אַן אַר־טיסטיש געמאָלטן טעלער אָדער וואַזע. דערציילן פון וואָס פאַר אַ לאַנד און שטאָט דאָס קומט און וואָס פאַר אַ פרייז דאָס האָט. מאַנכעס מאָל אויך דערקלערן ווי אַזוי עס ווערט געמאַכט.

אין דער תלמוד־תורה אויף דער קראָכמאַלנער גאַס 31 זיינען וועגן ר׳ פּנחס׳לען אַרומגעגאַנגען אַן אַ שיעור מעשיות. די תלמידים פון ר׳ שמואל דוד׳ס כיתה האָבן אין זייער פרייער צייט ליב געהאַט זיך צו דערציילן און איבערדערציילן די פאַנ־טאַסטישע געשיכטעס און לעגענדעס וועגן זייער יונגן רבין:

— נאָך ווי אַ יינגיל האָט ר׳ פּנחסל געשמ׳ט ווי אַן עילוי. ווען ער האָט געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו, האָט דער אַלעקסאַנד׳ער רבי, וועמענס אַ חסיד ר׳ שמואל דוד איז געווען, נישט דערלאָזט ר׳ פּנחס׳לען זיך מאַכן אַ מום אום אויסצומיידן דאָס גיין דינען אין רוסישן מיליטער. דער אַלעקסאַנד׳ער רבי האָט זיין פאַרבאָט דערקלערט דערמיט, דאָס עס איז אַן עבירה צו מאַכן אַ שטשערב אין אַ שיינער כלי. און ר׳ פּנחסל איז אַ כלי יפהפיה. רעקאָמענדירט צו צערן זיך. מען האָט ר׳ פּנחס׳לען גע־מסר׳ט און ניט די ברכות פון אַלעקסאַנד׳ער רבין, נישט ז׳אָס צערן זיך, און נישט די גרויסע סומע כּאַבאַר האָבן געקאָנט העלפן.. זייענדיק אַ הויכער און אַ שיינער מאַנספּאַרשוין איז ר׳ פּנחסל אַוועקגעשיקט געוואָרן דינען אין דעם מיוחסדיקן קאַ־וואַלעריע גוואַרדיע פּאָלק, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דער צאַריצע מאַריא פיאָדאָראָוונאַ.

געווען איז ר׳ פּנחסל דער איינציקער ייד אין זיין פּאָלק. געדינט אין קאַווקאַז, אין סיביר, און אין פּעטערבורג. אין דער צייט פון זיין מיליטער־דינסט דער־דינט זיך צו דעם העכסטן ראַנג, וואָס אַ יידישער סאָלדאַט אין אַזאַ פּאָלק האָט זיך געקענט דערדינען: דריי בענדלעך. אין דער גאַנצער צייט פון זיין סלוזשבע האָט ר׳ פּנחסל נישט פאַרפעלט אַ טאָג צו לייגן טלית און תפילין אָדער צו דאַווענען אַ מנחה־מעריב — און נישט פאַרזוכט קיין כזית קאַזאַרמע ברויט און קיין לעפל געקעכטס פון דעם קאַזאַרמע קעסל.

אין פּעטערבורג האָט ר׳ פּנחסל געהאַט סלוזשבע אין פאַרשיידענע פּאַלאַצן און אין קייזערלעכן הויף. אין אים — ווי די לעגענדע איז אַרומגעגאַנגען — האָט זיך פאַרליבט אַ פירשטין. עס איז אים פאַרגעלייגט געוואָרן מיט איר חתונה צו האָבן מיט דעם תנאי זיך צו שמד׳ן, און דערנאָך וועט מען שוין זאָרגן, אַז ער זאָל געאָדלט ווערן. ר׳ פּנחסל האָט זיך פון די אַלע גליקן אָפּגעזאָגט. נישט מיט גוטן און נישט מיט בייזן האָט מען ביי אים געקאָנט אויספירן ער זאָל זיך שמדן אָדער פאַרלאָזן זיין פרומי.

מיר, די תלמידים פון ר׳ פּנחס׳לען האָבן געגלויבט אין דער עכטקייט פון יעדן וואָרט פון די אַלע געשיכטעס וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט, דערציילט און איבער־דערציילט וועגן אונדזער יונגן רבין.

אַ קערנדל אמת האָט דאָך געמוזט זיין אין דער ליבע־און־שמד-געשיכטע. עס לייגט זיך אויפן שכל. ר׳ פּנחסל איז געווען אַן אויסנאָמלעך שיינער מאַנספּאַרשוין.

צוויי מענטשן האָב איך אין מיין לעבן געקענט, וועלכע האָבן פאַרבליפט מיט זייער מענערישער שיינקייט. און ווען זיי פלעגן גיין אין גאַס האָט מען זיי מיט באַ־

ווונדערונג נאָכגעקוקט. געווען זיינען דאָס: דער העברעיש-יידישער פּאָעט און ראָמאַנען־שרייבער זלמן שניאור, און מיין רבי ר׳ פּנחסל. אויף די גאַסן פון בערלין, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער יונגער זלמן שניאור אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער אָריענטאַלישער פּרינץ. און אויף די גאַסן פון וואַרשע האָט ר׳ פּנחסל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לעגענדאַרן יונגן רוסישן קניאז. בײדע זיינען מערערע מאָל אין גאַס פאַרטשעפּעט געוואָרן פון עלעגאַנטע און עקזאַלטירטע דאַמען און פריילינס.

ווי מיט זיידענע פעדעם האָט זיך מיין רבי ר׳ פּנחסל איינגעוועבט אין מיין געמיט און אין מיין זכרון. יעדעס מאָל ווען איך האָב וועגן אים געטראַכט, און איך פלעג גאַנץ אָפט טראַכטן וועגן אים, האָב איך געפילט אַ וואַרעמקייט ווי בשעת ער האָט מיט מיר געלערנט די גמרא מיט די שווערע מפרשים, און צווישן מנחה און מעריב דערציילט די ווונדערלעכע מעשיות.

אַ פראַגמענט פון זכרונות, געדרוקט אין „קענעדער אָדלער“ 1964

## שלמה מענדעלסאָן

# פּרץ אין וואַרשע



בּדי צו באַגרייפן וואָס י. ל. פּרץ האָט באַטייט פאַר די יידישע מאַסן אין פּוילן, פאַר די יידישע אַרבעטער, יוגנט און אינטעליגענץ אין וואַרשע — וואָלט מען געדאַרפט גענוי שילדערן די עפּאָכע (סוף 19־טן און ערשטע 15 יאָר פון 20טן יאָרהונדערט). עס גייט נישט בלויז אין געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער דאָזיקער צייט, נישט בלויז אין שילדערן די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע פאַרהעלטענישן. עס איז נויטיק אויפצולעבן דעם אַראָמאַט פון דער דאָזיקער עפּאָכע, רעקאָנסטרוירן די מענטאַליטעט פון דעם דור, מיט וואָס און ווי אַזוי ער האָט געלעבט. ערשט דאַן וועט מען קענען האָבן אַ בילד דערפון, וואָס י. ל. פּרץ האָט באַטייט.

עס איז שווער צו געפינען אַ פּאַסיק וואָרט צו באַצייכענען, אין וואָס איז באַשטאַנען די באַציונג צו פּרצן. דאָס איז נישט געווען בלויז אנערקענונג פאַר אַ גרויסן שריפטשטעלער, נישט בלויז דרך־ארץ פאַר אַ מייסטער, נישט בלויז גרויסע פּאָפּולאַריטעט פון אַ קינסטלער. עס איז געווען עפּעס מער, און עפּעס אַנדערש.

י. ל. פּרץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט באַגייסטערונג, מיט אַ מאָדנער התלהבות; מען איז אים געווען דאַנקבאַר און גלייכצייטיק האָט מען כסדר פון אים עפּעס דערוואַרט. און דערביי מיט זיכערקייט, אַז דאָס, וואָס ער וועט זאָגן, וועט זיין עפּעס אויסערגעוויינלעכס, נישט דורכשניטלעכס, אַזעלכעס, וואָס וועט באַאומרויקן, וועט אויפטרייסלען.

אין יעדן מענטשן לעבט אַ מידקייט צוליב דער וואָכעדיקייט, צוליב דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט. זי פּרעסט אויף דער נשמה, עס טליעט אַ בענקשאַפט נאָך הערטער, אידעען, שטימונגען, וואָס פירן אַוועק ערגעץ ווייטער, צו די פליינען פון אייביקייט. די דאָזיקע בענקשאַפט האָט פּרץ געזעטיקט.

דערפאַר האָבן אַזוי אָפט אויף אים געקוקט גליענדיקע אויגן, פול מיט באַ־וואונדערונג געמישט מיט נייגיר.

---

שלמה מענדעלסאָן — געבוירן אין 1896 אין וואַרשע, אין אַ בירגערלעכער משפּחה. אַלס סטודענט, אין 1912, צוגעשטאַנען צום קרייז פון פּרץ־ענטוזיאַסטן. פּאַרטייאיש אידענטיפיצירט — אין דער יוגנט מיט דער פאָלקס־פּאַרטיי, שפּעטער מיט דעם בונד. פון פאַך גימנאַזיע־לערער. איינער פון די אַקטיווסטע בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. פּובליציסט, ליטעראַטור־קריטיקער און איבער אַלץ — איינער פון די בעסטע אָראַטאָרן אין דער וואַרשעווער יידיש־סביבה. אַוועק פון וואַרשע ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און — איבערן ווייטן מזרח — אָנגעקומען אין אַמעריקע אין יאָר 1941. דאָ געשטאָרבן אין פעברואַר 1948.

אָבער נישט בלויז די צייט און דעם דור דאַרף מען האָבן אין אויג, ווען מען זויל ריכטיק פאַרשטיין פּרצעס השפּעה — מען דאַרף אויך האָבן אַ בילד פון דער שטאָט, ווו פּרץ האָט געלעבט און געווירקט — וואַרשע.

מיר האָבן אין זינען דאָס וואַרשע פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען אַ גרויסע, שיינע, לעבעדיקע שטאָט, וואָס האָט אָבער נאָך פאַרמאָגט אַ סך געמיטלעכקייט, באַלעבאַטישע רויקייט, און אַ היפּש ביסל פאַרחלומטקייט.

בפרט דאָס יידישע וואַרשע. אמת, עס האָט געברויזט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, עס האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג שטורמיש עמאַנציפּירט, אָבער — עס זיינען נאָך געווען גענוג שטאַרק די שפּורן פון דער אידיליש־פּאַטריאַרכאַלער יידישער וואַרשע. די יידישע באַפעלקערונג האָט נאָך געלעבט אין איר רוב אין די „יידישע גאַסן". עס האָט נאָך געשוועבט די באַשטימטע היימישקייט און פאַמיליאַרקייט.

נאָר אין אַמאָליקן וואַרשע איז מעגלעך געווען: דער גאַנג פון פּרצן יעדן טאָג אין דער יידישער קהילה (ווו ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער). יעדן פרימאָרגן פלעגן אים נאָכקוקן צענדליקער אַרבעטער אָדער שילער. פאַרגאַפטע אַזוי ווי זיי וואָלטן אים געזען צום ערשטן מאָל. זיי האָבן געקענט שוין אויסגעצייכנט יעדן טריט זיינעם, יעדע באַוועגונג, געוווסט געגוי די צייט ווען ער קומט, און ווען ער גייט אַרויס, צוריק אַהיים, אָפּוואַרטן אים — און פונדערווייטנס נאָכגיין אָדער לאַנג, לאַנג נאָכקוקן.

נאָך פאַרכאַפּנדיקער איז געווען דאָס בילד — באַגינען אין זאַקסישן גאָרטן, דאָרט פלעגט פּרץ שפּאַצירן אין דער אַזוי גערופענער „ליטעראַרישער אַלעע". פלעגט מען אים נאָכגיין, איינהאַלטן די דיסטאַנץ, נישט צו נאָענט. דרייסטערע פלעגן פאַרבייגיין און אַריינקוקן אים אין פּנים אַריין, „העלדן" זיינען צוגעגאַנגען און געפּרווט אים שטעלן אַ פראַגע אָדער פאַרפירן אַ שמועס, אויסדערוויילטע זיינען געווען מיט אים באַקאַנט, רויק צוגעגאַנגען זיך באַגריסן און אָנקניפּן אַ שמועס.

אַזעלכע פלעגט מען שפּעטער אַרומרינגלען, אויספרעגן געגוי, „וואָס האָט ער געזאָגט?" און פאָדערן, אַז יעדעס וואָרט זאָל איבערגעחזרט ווערן.

פּרץ האָט ליב געהאַט צו זיצן אין פרייער צייט אין אַ קאַפע — ביי אָסטראָווקסי אָדער קאָוועצקי. ביי די פענצטער פון קאַפע האָט איר אָפט געקענט אָנטרעפן יונגע מענטשן, וואָס פלעגן זיך שטעלן אויף די שפּיץ־פינגער און קוקן אויף זייער פּרצן, צו זען, וואָס טוט ער, צו וועמען רעדט ער, וואָס פאַר אַ צייטונג לייענט ער.

פּרץ האָט אַלץ געזען און געוווסט. פלעגט ער יעדעס מאָל ביי אַזאַ באַגעגעניש אַריינוואַרפן אַ וואָרט, אַן אַפאָריזם, אַ באַמערקונג, וואָס האָט געריצט, אינטריגירט, פאַראינטערעסירט.

די גרויסע היסטאָרישע דערגרייכונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און באַוועגונג פון סוף 19טן יאָרהונדערט איז אין דער ערשטער ריי געווען — דאָס אויסשמידן די אומצופרידנקייט ביי דעם יידישן אַרבעטער־מענטש. רעכטלאָזיקייט, עקאָנאָמישער דלות פּראָדוצירן דערשלאָגנקייט, אָפּהענטיקייט און פּאַסיווקייט. די איינוווינער פון קאַבצאַנסק און דער „טויטער שטאָט"ליידן, פירן אַ שווער ביטער לעבן, זיי קרעכצן, באַוויינען צומאָל דעם אייגענעם גורל — אָבער זיי זיינען

נישט אמוצופרידן. ווייל אומצופרידנקייט איז שוין אַ רעזולטאַט פון באַוווסטזיין, פון זען די סיבות פון דער לאַגע.

דאַן קומט שוין פון זיך אַליין די פראַגע — ווו איז דער אויסוועג? ווו איז די גאולה?

י. ל. פּרץ איז געווען דער מייסטער פון וועקן די אומרויקייט, פון אַרויסרופן די געבענטשטע אומצופרידנקייט. „איך בין נישט געקומען צו דיר שמועסן געמיטלעך און פאַרוויילן. איך וויל נישט זיין קיין שלאָפמיטל פאַר דיר, ניט קיין באָקאַל וויין אויף צו דערטרינקען אין אים דיינע דאגות... איך וויל, פאַרקערט, אַרויפגיסן מיין גייסט אויף דיר, און געוועלטיקן איבער דיר, איך וויל צעזעצן דיין קאָפּ, צעשפּאַלטן דיין מוח, אויפרודערן אַלע דיינע נערוון און באַרויבן דיין שלאָף. איך וויל מיט געוואַלד אַראָפּרייסן דעם שלייער פון דיינע אויגן... מיט אַ גלאָקן־רוף וועקן דיין געוויסן" (איינלייטונג צו דער העברעישער זאַמלונג „החץ). דעם שטורמישן ווילן האָט פּרץ רעאַליזירט אין די „יום־טוב בלעטלעך".

* * *

דאָס יידישע בירגערטום און פאָלקס־אינטעליגענץ אין פּוילן האָט דורכגעמאַכט דעם „עמאַנציפּאַציע־גאַנג צו דער וועלט" מיט אַ סך קלענערן זאַרגלאָזן אימפּעט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד. פּוילן איז כמעט נישט אָנגערירט געוואָרן פון דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד — פון דער השכלה. אויך אין ליטע האָט די השכלה אַרומגעכאַפּט בלויז אַ דינעם שיכט פון דער באַפעלקערונג. די בירגערלעכע אינטעליגענץ און דער דורכשניטלעכער עמאַנציפּירטער בירגערלעכער יונגערמאַן איז אַוועק צו דער גרויסער וועלט כמעט פון בית המדרש אָדער ישיבה. ער איז געגאַנגען מיט דערשראָקענע טריט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אַלטן גלויבן און נאָך פאַר זיך נישט געזען קיין נייע פולע הימלען. דאָס איז נישט געווען קיין דור, פאַר וועמען עס איז גענוג געווען אָנצופילן דעם גייסטיקן חלל מיט מאַטעריעלן לעבנסגענוס. דאָס איז געווען אַ דור פון גייסטיקן הונגער.

ה. ד. נאָמבערג דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן י. ל. פּרצן, ווי ער, נאָמבערג, דער למדן, איז אַוועק פון בית־מדרש און זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. די הימלען זיינען איינגעפאַלן, ער איז צעפּרעסן געוואָרן פון בענקשאַפט און אומרו. על פּי צופאַל איז אים אַריינגעפאַלן פּרצעס אַ זאַמלונג לידער און ער איז גייסטיק אויפגעריכט געוואָרן. די וועלט האָט פאַר אים באַקומען אַ זין.

אין אַ קלענערער, נישט אַזאַ געדיכט דראַמאַטישער פאָרם, האָבן דאָס איבערגעלעבט טויזנטער און טויזנטער. פּרץ האָט אַרויסגעהויבן די גייסטיקע עטישע ווערטן פון מענטשן, ער האָט זיי אַנטקעגנגעשטעלט דער פאָרמעלער פרומקייט, דעם ריטואַל; זיי געזאַנג צום פּראָסטן מענטשן (פאָלקסטימלעכע געשיכטן), זיין געזאַנג צו דער אויסדערוויילטער פּערזענלעכקייט — האָבן דעם דור דערשראָקענע אינטעליגענטן געגעבן אַ תיקון, געוויזן אַ וועג. דאָס איז געווען אַ נייע תורה, איבערגעשמידטע ווערטן פון אַן אַלטער וועלט.

האָט זיך טאַקע אויף פּרצן איבערגעטראָגן אין אַ נייער געשטאַלט די באַציונג און באַגייסטערונג, וואָס האָט נאָך געלעבט אַזוי פריש אין חסידישן פּוילן, צום רבין.

איין כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד. אין וואַרשע האָט געוווינט אַ רייכער יונגער יידישער פריץ פ. ער האָט געהערט צו די אַריסטאָקראַטישסטע יידישע משפחות.

ער איז געווען עמאַנציפּירט, דעם אַמאָליקן חסידישן ברען האָט ער אַריבערגעטראָגן אויף דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. אַ ברייטפּלייציקער, שטאַרקער, פעסט געבויטער, מיט רחבות פון אַן אמתן פּריץ, אַז איר האָט אים אָנגעטראָפן אין גאַס האָט איר געהאַט דעם איינדרוק, אַז די וועלט געהערט צו אים. אין באַציונג צו מענטשן זייער פעסט ביי זיך, אַ ביסל אַרויסרופעריש. איין מאָל טרעפט אים פּרץ אין יידישן טעאַטער, ער גייט צו צו אים און זאָגט: „פאַניע פ. איך דאַרף האָבן אַ ביסל געלט אויף אַ וויכטיקן צוועק". דער זיכערער אין זיך, רחבותדיקער פ. ווערט בלאַס, די הענט הויבן אים אָן צו ציטערן, ער נעמט אַרויס דעם טייסטער און זאָגט שטיל, מיט פּחד: „רבי, נעמט וויפל איר ווילט". פּרץ האָט אַרויסגענומען פון טייסטער. פ. האָט נישט געקוקט. אין טייסטער זיינען געלעגן אַ פּאָר הונדערט רובל, פ. האָט מיר געזאָגט אין אַ צייט אַרום: „איך האָב זיך צום טייסטער נישט צוגערירט עטלעכע חדשים, כדי נישט צו וויסן וויפל ער האָט גענומען. איך האָב געטראַכט, אפשר וועל איך האָבן דאָס געפיל, אַז ער האָט צופיל גענומען, האָב איך געוואָלט פאַרלירן דעם אינטערעס צו דער סומע".

ביי הונדערטער איז די דאָזיקע באַציונג געקומען צום אויסדרוק אויף פאַר־שיידענע אופנים, אָבער דער תוך איז געווען דער זעלבער, ווייל — דער דור אינטעליגענץ האָט פּרצן באַטראַכט — ווי אַ וועגווייזער, און דאַן זיינען חל גאָר אַנדערע געזעצן.

* * *

אַ יידישע שטודירנדיקע יוגנט איז געווען אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט, — אַן אומרויקע, אַ זוכנדיקע. זי איז געווען אַ סך יינגער ווי די היינטיקע יוגנט. זי האָט נישט פאַרמאָגט די תכליתדיקייט, די זאַכלעכקייט, די פּראַקטישקייט, און נאַציאָנאַליזם פון דעם היינטיקן יונגן דור. זי האָט הינטער זיך געהאַט ווייניקער דערפאַרונג און ווייניקער איילעניש צום לעבן. זי איז געטריבן געוואָרן מיט אַן אינערלעכן דראַנג אין דער טיף. זי האָט נאָך געהאַט אין זיך די גרויסע פּיעטעט צו געדאַנק, די גרויסע בענקשאַפט צו אמת־זוכעריי. די וועלט איז נאָך נישט געווען אַזוי ציניש, אַזוי אומפאַרשעמט. זי האָט נאָך געהאַט אַ ביסל בושה, האָט די יוגנט געהאַט אַ ביסל גייסטיקע צניעות.

די דאָזיקע יוגנט האָט זיך געקלאַמערט צו פּרצן. זיינע געדאַנקען־בליצן, זיין וויזיאָנערישקייט, זיין פּאָעטישער אינטעלעקטואַליזם, זיין בייסיקע איראָניע וועגן דער אָנגעפּודערטער וועלט — האָבן מיטגעריסן, פּשוט פאַרשיכורט. פּרצעס אויס־געלייטערטע יידישקייט, זיין צופירן צו קלאָרע קוואַלן מיט אַזאַ זיכערקייט, מיט אַזאַ באַגייסטערונג, האָט אויף אַן אומבאַשרייבלעכן אופן אַנטשפּראָכן דעם געמיט, געלאָשן דעם דורשט פון דער יוגנט.

דערצו האָט פּרץ באַזונדערס ליב געהאַט די יוגנט. ער האָט אויפגעלעבט אין איר סביבה, ער איז געוואָרן יינגער, פריילעכער, גליקלעכער, שאַרפער און גייסט־רייכער, ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט דער יוגנט.

ווידער אַמאָל אַ קליינע אילוסטראַציע. אין 1912 זיינען מיר, אַ גרופּע שילער פון 7טן קלאַס פון דער מ. קרינסקי־קאָמערץ־שול געגאַנגען צו פּרצן, נישט צוליב לייענען אים אַ ווערק, נאָר כדי אים צו זען, צוריידן צו אים. ער האָט אונדז אויפ־גענומען אין אַ פּרייטיק־אָונט. מיר זיינען געווען 3 שילער און אַ שילערין. פּרץ האָט געשטראַלט, ווען ער האָט אונדז אַריינגעפירט צו זיך אין קאַבינעט. „ווי ריידן,

גוייש צי יידיש?” האָט ער געפרעגט. „יידיש”, האָבן מיר געענטפערט. „און איר וואָס זאָגט?” האָט ער זיך געווענדעט צו דער חברטע. „איך רייד אויך יידיש”, האָט זי פאַרשעמט געענטפערט. צו פּרצעס פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ. ער האָט זיך אויסגעפרעגט צי מיר לייענען יידישע ליטעראַטור, וועלכע שרייבער, וועלכע זאַכן געפעלן אונדז, ווי אַזוי פאַרשטייען מיר זיינע ווערק. בעת דעם שמועס איז געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק צו מאַכן אַן אָוונט און ער וועט צו אונדז קומען. צום אָוונט האָבן זיך פאַרזאַמלט העכער הונדערט שילער פון די גימנאַזיעס אין וואַרשע. פּרץ האָט געקעניגט צווישן אונדז, ער האָט געטאַנצט, געזונגען לידער, געשפּילט מיט אַלעמען אין „פראַנצויזישע פּאָסט” און די גאַנצע צייט געשאָטן ממש פּערלען פון געדאַנקען. מיר האָבן דאָס אויפגעכאַפּט און וואָכן אויף די קרייזלעך קאָמענטירט יעדעס וואָרט.

גרשון פּלודערמאַכער דערציילט וועגן אַן ענלעכער סצענע צווישן פּרצן און דער ווילנער יוגנט.

עס איז געווען אַ צייט, ווען פּוילן האָט געאָטעמט מיטן חלום פון ווידער־געבורט, ווען די פּוילישע יוגנט האָט זיך געקוויקט מיט זשעראָמסקיס, עטישער דערהויבונג און וויספּיאַנסקיס ראָמאַנטיק. פּרץ האָט אין זיך פאַראייניקט די עטיק און די ראָמאַנטיק — דעריבער האָט ער אַזוי רייך געהערשט.

פּרצעס פּערזענלעכקייט איז אַריבערגעשטיגן דאָס, וואָס ער האָט געגעבן אין זיינע ווערק. דאָס איז אפשר קינסטלעריש געווען זיין טראַגעדיע, אָבער אין דעם איז געלעגן דער סוד פון דער צויבער־ווירקונג זיינער. יעדער האָט געפילט, אַז אונטער דעם ווערק איז פאַרבאַהאַלטן נאָך עפּעס, וואָס איז אפשר רייכער, אינטע־רעסאַנטער ווי דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, האָט מען דעריבער כסדר געזוכט פּרצן.

ער האָט זיך אַנטפּלעקט אין די רעדעס און אין די געשפּרעכן (פון דעם לעצטן האָבן נאָר ווייניקע זוכה געווען צו געניסן), פּרץ אַלס רעדנער איז געווען אַן אייגנאַרטיקע דערשיינונג. אויב אַ גוטער רעדנער הייסט דער, וואָס קען לאָגיש, קלאָר אַנטוויקלען אַ געדאַנק און זיין רעדע מוז האָבן אַ גוטן אַריינפיר און שיינעם סוף — דאַן איז פּרץ געווען אַ שוואַכער רעדנער. זיין רעדנער־קראַפט איז באַשטאַנען גראָד אין דעם, וואָס יעדע רעדע איז געווען אָפט אַן אַנטפּלעקונג. זי האָט אויף אַ נישט־אָרגאַניזירטן אופן געוואָרפן אין זאַל אַריין גליענדיקע ווערטער, אידעען, וואָס האָבן נאָך געהאַט דעם טוי פון געבורט. נישט אויסגעכאָוועטע, נישט אויסגעוואַ־רעמטע, אָפט גאַנץ רויע, אָבער — זייער טעמפּעראַטור איז געווען אַ זודיקע. די צוהערער זיינען אים קוים נאָכגעלאָפן, ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער האָט געוווסט, אַז זיי וועלן אים נישט פאַרלאָזן, זיי וועלן זיך פון די כוחות אַרויסשלאָגן און נאָכלויפן. אויב נישט אַלץ איז זיי קלאָר — דאַן וועלן זיי שפּעטער זוכן דעם צוזאַמענהאַנג, וועלן זיי שפּעטער זיך פּרובירן דערגרונטעווען. ער האָט גאָרנישט געוואָלט מאַכן באַקוועם דעם צוהערער, צעקייען דעם גייסטיקן מאכל און עס אַריינלייגן אין מויל אַריין. פאַרקערט — ער האָט זיי אַ ביסל ברוטאַל אַ ריס געטאָן פון אָרט און געזאָגט: „קומט מיט מיר”.

די זאַלן אַלעמאָל געפּאַקט. ברענענדיקע, באַגייסטערטע אויגן. אַ פאַרליבטע מאַסע קוקט אויף איר געליבטן.

אַ שאָד, וואָס זיינע רעדעס זיינען נישט פאַרשריבן געוואָרן, פאַראַן בלויז ראשי פּרקים פון טייל רעדעס, נישט מער.

אַזאַ פרץ שבעל פה וואָלט אונדז קלאָרער געמאַכט די סיבה פון זיין פער־זענלעכן רייץ און געגעבן די פיזיאָגנאָמיע פון דעם דור, וואָס האָט פרצן אַרויסגעטראָגן און אויסגעטראָגן.

* * *

ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער מידער פרץ געוואָלט אָנהויבן פון דאָס ניי, ער נעמט זיך בויען די יידישע שול. ער שאַפט די ערשטע יידישע קינדער־היים, ער גיט אָפּ זיין ענערגיע, זיין פרייע צייט דער דאָזיקער אַרבעט, און שטאַרבט שרייבנדיק אַ לידל פאַר די קינדער פון דער יידישער שול.

זייט 1925 איז יעדעס יאָר געגאַנגען אַ צוג־דעמאָנסטראַציע פון די קינדער פון דער יידיש וועלטלעכער שול צום קבר פון פרצן, טויזנטער פלעגן דעם צוג באַגלייטן. ביים קבר האָט מען געלייענט אויסצוגן פון דער „גאָלדענער קייט". דער מנהג האָט זיך געהאַלטן 15 יאָר — צו פרצעס יאָרצייט. דאָס לעצטע מאָל זיינען יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער אַוועק צום קבר פון פרצן בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע אין 1941. מיט געלע לאַטעס אויף דעם אָרעם האָבן זיי געלייענט דעם אויפשריפט אויפן אהל פרץ „מיר שטאָלצע, שבת־יום־טובדיקע יידן".

די באַגייסטערטע גייער צו פרצעס קבר זיינען ווי העלדן, טאַקע שטאָלצע יידן, אומגעקומען.

פון: שלמה מענדעלסאָן־בוך, ניו־יאָרק 1949. (געקירצט).

# משה נאַדיר

## די משה נאַדיר־נאַכט אין וואַרשע



### ערשטע מודעה

**אַ גרויסער ברויט־ און זאַלץ־אָוונט צו משה נאַדיר. אַ נאַדיריאַדע. מאָטאָ: איז אַ ווילער גאַסט אין שטאָט געקומען, איז אים די גאַנצע שטאָט מיט ברויט און זאַלץ אַקעגנגעגאַנגען... (פון די הייליקלעכע שריפטן פון קע־ניג טאָסטידיר דעם גרויסן).**

**דורך אַ פענצטערל אין גאָטס גרויסן דרויסן אַרויס, די שליסלשאָפּט צו ניו־יאָרק דער שטאָט, דורך אַן אומעטיקער האַנט צו אַסך שיינע יידישע אויגן, דורך אַסך טהאַלבן מדינות... אָט אַזוי אומגעפער האָבן מיר אָנגעהויבן שרייבן די מודעה וועגן דער איינציקסטער נאַדיר־נאַכט אין צירק, דעם 22־טן יולי 1926, דווקא אין אַ מיטן דאָנערשטיק שכולו שבת. בקיצור און טאַקע ווידער אַמאָל און פּשוטער:**

**דאָנערשטיק, דעם 22־טן יולי, זייגער 9 אָוונט, וועט אין וואַרשעווער צירק, אָרדינאַצקיע־גאַס, פאָרקומען דער ברויט־ און זאַלץ־אָוונט, לויט דעם אַלטן יידישן מנהג אויף צו באַגעגענען — משה נאַדירן.**

**קינסטלערישע נומעראַציע פון פּראָגראַם:**

**אַכט רעדנער און באַגריסער, פופצן אַרטיסטן, זיבן געזאַנגען, עלף רעציטאַציעס, איין דראַמע, פופציק האַלבע, צוויי גאַנצע, פיר דיטאָ, דריי טויזנט מענטשן, דריי**

---

משה נאַדיר — פסעודאָנים פון יצחק רייז — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1885 אין שטעטל נאַראַיעוו, אין גאַליציע און געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1898. געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין יאָר 1943. איינער פון די אָריגינעלסטע און דינאַ־מישסטע — אפשר דער אָריגינעלסטער — יידישער שרייבער פון לידער, הומאָ־רעסקעס, סצענקעס, פעלעטאָנען, אַרטיקלען, נאָוועלן, סתם קריגערייען אין וואָרט און וואָס דען נישט. אין יאָר 1926 — ווען די כוואַליעס פון דער „כאַלאַסטרע" זיינען געגאַנגען הויך אין פוילן, האָט ער חדשים אויפן וועג קיין רוסלאַנד, און חדשים — צוריקצוועגס — געווײלט אין וואַרשע. דאָ איז פאָרגעקומען די משה נאַדיר־נאַכט, דער גרעסטער לויט דער צאָל באַזוכער, יידישער ליטעראַטור אָוונט פון אַלע צייטן אין וואַרשע. נאַדיר האָט אַליין סוגערירט די אָריגינעלע מודעות. מיר ברענגען דאָ צוויי מוסטערן. אויך אַ באַריכט פון זיין רעדע. לכבוד דעם אָוונט איז אין פאַרלאַג פון די „ליטעראַרישע בלעטער" דערשינען אַ ספּעציעלע משה נאַדיר־שריפט.

חיה־שעהן,פינף דיכטער, דריי טויזנט הונדערט מיט זעקס סך הכל. (אַחוץ נאַכטיגאַלן).

חברטעס פון דער פּראָווינץ — געדענקט, אַז שיינע מיידלעך און בילעטן צו אַ נאַדיר־אָוונט, האָבן פּרי חתונה, זאָגט אייערע חברים, זיי זאָלן זיך נאָכפרעגן, ווען די באַנען גייען אָפּ קיין וואַרשע, דעם 22־טן יולי צום צירק. חברטעס פון שטאָט זיינען נענטער צו די געשעעענישן און דער צירק האָט, אומשטיינסגעזאָגט, בלויז דריי טויזנט ערטער און וואַרשע אַליין האָט קיין עין הרע דריי הונדערט־טויזנט יידן.

פּרייז פון בילעטן פון 51 גראָשן ביז 404 גראָשן. אנו פּריווט אייך דינגען!

אַראַנזשירט פון פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע.

* * *

## צווייטע מודעה

ביי דער משה נאַדיר־נאַכט, דאָנערשטיק, דעם 22־טן יולי, זייגער 9 אין אָוונט, וועלן מיר, וואַרשעווער דיכטער, ליטעראַטן, זשורנאַליסטן, שוישפּילער, מאַלער, מוזיקער, אויפנעמען אין דער וואַרשעווער צירק־געביידע, מיט ברויט און זאַלץ אונדזער ליבן גאַסט משה נאַדיר.

צו דער דאָזיקער פייערונג פאַרבעטן מיר אייך!

י. אַפּלבוים, ה. בערלעווי, משה בראָדערזאָן, יצחק ברוינער, יוסף העפּטמאַן, ד״ר מיכאל וויכערט, משה זילבורג, בערנאַרד זינגער, יצחק ליכטענשטיין, שמואל לאַנדוי, דוד לעדערמאַן, יואל מאַסטבוים, אברהם מאָרעווסקי, פּרץ מאַרקיש, נחמן מייזיל, י. מ. ניימאַן, ח. סאַנדלער, א. סאַמבערג, לעאָ פינקעלשטיין, אהרן צייטלין, אפרים קאַגאַנאָווסקי, אַלטער קאַציזנע, מנחם קיפּניס, מלך ראַוויטש.

פון פּראָגראַם:

באַגריסונגען פון ליטעראַטן־ און קינסטלער־אָרגאַניזאַציעס, פון רעדאַקציעס און קולטור־אינסטיטוציעס, וואַרשעווער און אויך פּראָווינצער.

געזאַנג פון משה נאַדיר־לידער — אַרטיסטן — ה. פעניגשטיין, ש. קוטנער. טייל לידער געזונגען מיט דרייטויזנט שטימען...

משה נאַדיר־קאַריקאַטורן — געצייכנט אויפן אָרט פון די קינסטלער העַנריק בערלעווי, יצחק ברוינער.

רעציטאַציעס פון משה נאַדירס ביכער: אויף געלעכטער, קום שפּאַצירן גע־ליבטע, אין ווילדן ווערטערוואַלד, פון מענטש צו מענטש, מעשהלעך מיט אַ מאָראַל, אונטער דער זון. אויסגעפירט אין גרים פון די אַרטיסטן: דוד לעדערמאַן, שמואל לאַנדוי, אברהם מאָרעווסקי, א. סאַמבערג, ח. סאַנדלער, זלמן הירשפעלד.

משה נאַדירס „טראַגעדיע פון גאָרנישט״ — אויסגעפירט פון אַרטיסטן, ליטע־ראַטן, נסתרים, און דעם מחבר אין דער ראָל פון פּרינץ.

משה נאַדירס פּערזענלעכער שמועס מיט די וואַרשעווער יידן וועגן גאָט, מענטש, וועלט און אַנדערע קלייניקייטן — אַ שמועס פון מענטש צו מענטש, אַ לייטער פון ווערטער, וואָס פירט בלויז אַרויף און קיינמאָל נישט אַראָפּ — אַ פענצטער אין דער לופטן...

דער גרויסער משה נאַדיר־יריד ווערט אָרגאַניזירט דורך דעם וואַרשעווער פאַ־ריין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, טלאָמאַצקיע 13.

* * *

## באַריכט

דאָס יידישע וואַרשע איז נישט איבעריק צעבאַלעוועט מיט יידישע ימים טובים. דער נאַדיר־אָוונט אין צירק איז געווען אַן אמתער יום טוב פון יידישן וואָרט. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס אין אַ זומערדיקן מיטוואָכעדיקן דאָנערשטיק האָט געקענט זיך צונויפקלויבן אַן עולם פון אַ דריי טויזנט מאַן, באַווייזט, אַז פאַראַנען אַן אינ־טערעס פאַר אַ יידיש וואָרט. און נישט געקוקט דערויף, וואָס אין באַשטימטע קרייזן האָט מען געפירט קעגן אָוונט אַ שטאַרקן קאַמף. נישט וויכטיק איז אויך, צי זיינען אַלע רעדעס און נומערן געווען אין גאַנצן געלונגען און צוגעפּאַסט צו אַ דריי טויזנט־קעפּיקן עולם. אַזעלכע אָוונטן זיינען דאָך נישט קיין טעאַטער־פאָרשטעלונגען און יעדעס וואָרט און יעדע באַוועגונג איז שווער פאָראויס צו באַשטימען.

עס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס: ב. קאַרלינער, פּרץ מאַרקיש, מלך ראַוויטש, משה בראָדערזאָן, אַלטער קאַציזנע; מיט באַגריסונגען: ד״ר מ. ווייכערט און זרובבל. עס האָבן פאָרגעלייענט און פאָרגעשטעלט נאַדירס ווערק די אַרטיסטן לאַנדוי, לעדערמאַן, סאַמבערג, קוטנער, פּעניגשטיין און הירשפּעלד.

צום סוף האָט משה נאַדיר געהאַלטן אַ גרעסערע רעדע וועגן זיך, וועגן אַמע־ריקע, וועגן זיין שאַפן און וועגן זיין נסיעה קיין ראַטן־פאַרבאַנד. עס איז געווען אַ נאַדירישע רעדע מיט ערנסט און תמימות, זין און לייכטזין, חכמה און פון טיפן האַרצן. אַביסל התנצלות און אויך פיינע, שטאַלצע זעלבסט־ווירדע, אַדורכגעפלאָכטן מיט קאַלאַמבור־פּאַראַדאָקסן, וואָס זיינען שטיקער אמתן. ער לייקנט אָפּ די רעפּו־טאַציע פון אַ הומאָריסט, ער טאַדלט אַליין די פּאָזע, די פּאַווע־היטל אין וועלכער ער האָט זיך אַמאָל געקליידט. די קונסט ווי צעפּאַלענע וויינטרויבן איז אים דער־ווידער, ער האָט דורך ארץ פאַר דעם „פאַרשאָלטענעם״ דאָסטאָיעווסקי. די ביטערע און בייזע קונסט איז אים נאָענט. אין אַמעריקע איז יידיש — ליטעראַטור, און צווייפל האָט זיך אַריינגעגנבעט אין אונדזערע הערצער. דאָ אין וואַרשע איז יידיש — יידיש. דאָרט דאַרף ער זיין אָנגעלאָדן מיט דער מיסיע צו צערטלען יידיש, ער האָט קיין כוח און קיין געדולד נישט דערויף... אין ראַטן פאַרבאַנד פאָרט ער צו זען אַרבעט, אָפּפרישן זיך.

דער עולם האָט אויסגעהערט דעם אָריגינעלן לייכט־ערנסטן שמועס פון משה נאַדירן מיט גרויס שפּאַנונג און הילכיק האָבן אָפּגעקלונגען די אַפּלאָדיסמענטן פון טויזנטער באַגייסטערטע צעהערער.

פון די „ליטעראַרישע בלעטער״ — וואַרשע, יולי־אויגוסט, 1926.

# הערש דוד נאָמבערג

## פּרצ׳ס טויט



פּרץ איז טויט... פּלוצלינג, אומגעריכטערהייט איז ער פאַרשווונדן, אַזוי ווי עס ווערט פאַרלאָשן פּלוצלינג אַ מעטעאָר. דער טויט פון דעם וווּנדער־באַרן מענטש און גרויסן דיכטער איז אַזוי ענלעך אויף זיין לעבן און שאַפן.

די וואָכעדיקייט און גראָקייט זענען געווען די גרעסטע שונאים פון פּרצן. ער האָט זיי נישט געקאָנט פאַרטראָגן נישט אין זיין שאַפן, נישט אין פּריוואַטן לעבן, נישט אַפילו (ווו, לײדער, זיי זענען אומפאַרמײדלעך) אין דער פּאָליטיק, און דער טויט זיינער האָט נישט געקאָנט זיין קיין גראָער און וואָכעדיקער. פּרץ, אַן אָפּגעשוואַכטער פון דער עלטער, פּרץ אויפן קראַנקן־בעט, פּרץ, וואָס זאָל אָפּשטאַרבן מיט אַ געוויינלעכן „קץ כל בשר" — דאָס וואָלט געווען אַ דיסאָנאַנס און אַן אומזין.

פּרץ איז געשטאָרבן אין אַ וווּנדערבאַרער העלקייט פון גייסט, אין די פרימאָרגן־שטונדן, ווען ער האָט אַזוי ליב געהאַט זיין באַקוועמען אַרבעטס־טיש און זיין שאַפערישע אַרבעט, אין מיטן אַ געזאַנג, ווען די ערשטע שטראַלן פון דער פרילינג־זון האָבן זיך אַריינגעשלאָגן אין זיין אַרבעטס־צימער:

שטילער, שטילער,

דאַנקען וויל ער,

ער האָט זיך אַ רגע אויפגעהויבן פון בענקל און איז... געפאַלן טויט, פון אַ האַרץ־שלאַג.

דאָס ליד איז נישט דערזונגען.

זיינע לעצטע מחשבות זענען געווען פאַר יידישע קינדער, ער האָט די לעצטע צייט געאַרבעט איבער אַ זאַמלונג פון לידער און מעשיות פאַר אונדזער קליינוואַרג, און אַזוי ווי שטענדיק, ווען אַ נייע אידעע האָט אים באַגייסטערט (און ווען איז פּרץ נישט געווען באַגייסטערט?), איז ער ביי איר יינגער און פרישער געוואָרן מיט אַ גאַנצן דור. ערשט פאַר עטלעכע טעג האָב איך אים געהערט פאָרלייענען די

---

הערש דוד נאָמבערג — דערציילער, דראַמאַטורג, פּובליציסט, זשורנאַליסט, רייזנדער — געבוירן אין אַמשינאָוו 1876. זינט 1897 אין וואַרשע. רייזעס איבער צפון־ און דרום־אַמעריקע, מערב־אייראָפּע, ראַטן־פאַרבאַנד, ארץ־ישראל. געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1927. — נאָמבערגס אָפּרופן וועגן זיין גרויסן רבין י. ל. פּרץ — זענען ממש וואַרשעווער יידישע קולטור־היסטאָרישע דאָקומענטן. מיר ברענגען דאָ דריי פון זיי. די דערציילונג „שכנים" — אַ וואַרשעווער כאַראַקטעריסטיש לעבנס־בילד פון די אָרעמע פּראָווינצער אין דער עיר הבירה.

דאָזיקע קליינע לידלעך, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אמתע קונסט־פּערל, קליינע, געטאָקטע מייסטערווערק, — ווי לעבעדיק זיינע אויגן האָבן דערביי געפינקלט, ווי קינדיש דער גרויסער און באַיאָרטער פּרץ איז דערביי געווען!

ווער עס האָט י. ל. פּרצן נישט געזען אין אַזוינע מאָמענטן, דער האָט קיין דיכטער נישט געזען אין זיין אמתן רייץ און גלאַנץ. ווער עס האָט פּרצן אין אַזוינע מאָמענטן נישט איניק ליב געקריגן, דער ווייסט נישט, וואָס עס הייסט ליב האָבן אַ דיכטער.

אָט אַזוי איז ער פון אונדז אַוועק. מיט ליכטיקע אויגן, מיט אַ זינגענדיקן גייסט, ווען ער האָט פאַר יידישע קינדער געדיכטעט.

זיין טויט איז געווען שיין און גלאַנצפול, אַזוי ווי זיין לעבן און שאַפן.

(„היינט", 1915)

---

## די לוויה פון י. ל. פּרץ



„אין שטילן טרויער זיי שטאַרק" — טעלעגראַפירט שלום אַש פון ניו־יאָרק, נאָר מיר האָבן געהאַט אַ שטומען טרויער, ווייל קיין מויל האָט זיך נישט געעפנט אויסצודריקן דעם צער פון דעם 100־טויזנט־קעפּיקן עולם, און קיין קרענץ זענען נישט געווען, און קיין זאַך האָט נישט גערעדט, — מיר זענען געווען שטום.

טויזנטער און צענדליקער טויזנטער זענען געגאַנגען פון פאָרנט דער מיטה און פון הינטן — שטום, אָן ווערטער און אויסדרוק, בלויז אַ שוואַרצע מיטה האָט מען געזען אויף אַקסלען פון מענטשן. טויזנטער האָבן זיך געדריקט און געפּרעסט ביז צום אָפענעם גרוב, וואָס האָט געוואַרט אויפן שוין צוגעשלאָגענעם ארון. אַ שוואַרצע, געדיכטע, פון דערשטיקעניש אויסגעמאַטערטע, מענגע אַסיסטירט ביי דער שרעקלעך־שרעקלעך פּראָסטער צערעמאָניע פון אַראָפּלאָזן דעם ארון, אויף אַלע ביימער האָבן געהאָנגען מענטשן. — און ווידער זענען מיר אַלע געווען שטום, שטום, שטום...

די מענגע האָט מיך פאַרשטופּט אָן אַ זייט. קיל איז געווען אויפן בית־עולם, דער פאַרנאַכט איז אָנגעקומען, און מיך האָט געשוידערט פון די שווערע געדאַנקען. איך האָב נישט געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט עטלעכע טריט פון מיר, איצט, דאָ, אין עטלעכע מינוט אַרום, וועט פאַרשיט ווערן דאָס קבר, און עס וועט זיין נאָך אַלעם.

שרעקלעך יידיש, שרעקלעך פאָרמלאָז איז געווען די לוויה פון י. ל. פּרץ, גראַנדיעז, אָבער אָן פייערלעכקייט, אָן רעדעס, אָן בלומען און קרענץ און אויפשריפטן און... אָן אָרדנונג. 100 טויזנט מענטשן זענען געגאַנגען נאָך דער לוויה, 100 טויזנט טרויערנדיקע.

נאָר אַ מינוט, צי צוויי, איידער די ·ביז צו שווידערלעכקייט פּראָסטע קבורה איז פאָרגעקומען, איז די אונטערגייענדיקע זון אַרויס פון אונטער די וואָלקנס — אַ גרויסע, קיילעכיקע, רויטע, אַזוי ווי אַן אויג, וואָס קוקט איבער אַלע לענדער און דורות, און האָט פאַרשפּרייט אַ מאָדנע טרויעריק־האַרציקן אָפּגלאַנץ אַרום.

און דאָס איז געווען דער איינציק־פייערלעכער מאָמענט אין דער טרויעריק־פּראָסטער צערעמאָניע.

אויף דעם טויטן פּנים פון דיכטער זענען די לעצטע שטראַלן נישט געפאַלן, דער ארון איז געווען פאַרשלאָגן נאָך אין דער היים.

די זון איז ווידער פאַרגאַנגען און ווידער איז געווען קיל און שווידעריק, די מענגע האָט געדרענגט פון איין זייט צום קבר, און פון קבר האָט מען געשטופּט צוריק — „שוין נאָך אַלעם, אַהיים״...

אָך, ווי טרויעריק פּראָסט יידישע לוויות זענען!

(„היינט״, 1915)

---

## ביי דער פּרץ־מצבה



רעדע געהאַלטן דעם 20־טן אַפּריל 1925,
אויפן וואַרשעווער בית־עלמין.

אויף זיין טויט־בעט, פאַרוואָרפן און פאַרוואָגלט פון היים און לאַנד און פאָלק, האָט היינריך היינע, דער דאָזיקער גרויסער יידישער דיכטער, וואָס זיין יידיש געמיט שטייגט איבער אַלע זיינע נישט־יידישע מעשים, — זיין שמד נישט אויסגענומען — ביטער זיך געקלאָגט:

מען וועט נישט זינגען קיין מעסע,
מען וועט נישט זאָגן קיין קדיש
אין טאָג פון מיין שטאַרבן.

עס איז אַ שרעקלעך און ביטער ליד. דער אומעט פון פאַרגעננגלעכקייט ווייעט דערפון, ווי פון אַ פאַרלאָזענעם בית־הקברות, דער צער פון פאַרגעסנקייט רעדט דערפון.

עס קומען מיר די ווערטער אין קאָפּ אַריין נישט צוליב אַ פאַרגלייך מיט דער היינטיקער פייערונג, נאָר פונקט פאַרקערט — צוליב דעם קאָנטראַסט.

צען יאָר זענען אַריבער זינט דעם טויט פון גרעסטן יידישן דיכטער פון אונדזערע צייטן, פון י. ל. פּרץ, און איך שטיי דאָ פאַר אייך אין מיטן פון אַ פייערלעכער שטימונג, פון הונדערטער קרענץ און דעלעגאַציעס, פון טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס פאַרנייגן די קעפּ פאַר דעם אָנדענקען פון זייער דיכטער און באַגייסטערער, וואָס פאַרנייגן די קעפּ מיט דאַנקבאַרקייט און יראת־הכבוד, אָבער נישט מיט יאוש, נישט מיט דער וויימוטיקער פאַרלאָזנקייט פון יענעם פאַרבלאָנקעטן קינד פון יידישן פאָרנאָס.

ווייל פּרץ איז געווען דער אמתער דיכטער פון זיין פֿאָלק, וואָס האָט געלעבט, געליטן, געהאָפט, געגלויבט מיטן פֿאָלק, און אין גליענדיקן גלויבן איז ער ווי אַ מעטעאָר פֿאַרשוווּנדן.

וואָסערער קאָנטראַסט! דער אָרעמער, געפּייניקטער, פֿאַרוואָגלטער זשעני און מייסטער פון „בוך דער לידער״, און דער ברענענדיקער, לעבעדיקער, גלויביקער י. ל. פּרץ, וואָס פֿאָלט ווי אַ העלד, פּלוצלינג, דאָ — ביי זיין אַרבעט־טיש, ווען די טינט האָט נאָך נישט באַוויזן אויסגעטרוקנט צו ווערן פון פּאַפּיר!

און דעריבער דערלויבט מיר צו זאָגן, אַז נישט געפילן פון צער און טרויער דאָמינירן איצט ביי דער פייערונג, נישט דעם שווערן אָטעם פון טויט הערן מיר, נישט די מרה־שחורה פון פֿאַרגענגלעכקייט לייגט זיך אויף אונדז — ניין!

ווייל — פּרץ איז דאָס לעבן.

פּרץ דאָס איז גלויבן.

פּרץ דאָס איז הערלעכקייט.

פּרץ דאָס איז לעבן — ווער עס האָט אים געקענט, דער ווייסט, וואָס די ווערטער הייסן. ווו פּרץ האָט זיך געפונען, דאָרט האָט אַלץ אויפגעבליט, דאָרט איז אַלץ אויפגעפרישט געוואָרן, ווי נאָך טוי און רעגן; ווו פּרץ איז געווען, דאָרט האָט דער טויט געמוזט אָפּטרעטן, דאָרט איז פֿאַריאָגט געוואָרן זיין שאָטן. פּרץ האָט איינפֿאַך דעם טויט נישט גורס געווען. אָדער איך אָדער דו — דאָס איז געווען זיין דעוויז צום מלאך המות, און ער האָט מיט אים נישט געוואָלט מאַכן קיין שותפות.

און פּרץ איז גלויבן: דער בלינדער גלויבן. וואָס בלינדער איז דער גלויבן, אַלץ טיפער איז ער, ער האָט געעפנט אונדזערע אַלטע הייליקע ביכער, ער האָט איינגעזויגן אין זיך די נשמות פון אַלע די, וואָס האָבן געלעבט פֿאַר אים, און אפשר אַליין נישט וויסנדיק דערפון — האָט ער זיך דורכגענומען מיט זייער טיפן גלויבן, מיט זייער פֿלאַמיקער אמונה, אין וואָס? — דאָס איז נישט וויכטיק. פּרץ איז געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן, ער איז געווען דער פֿאַרקינדיקער פון אַ וועלטלעך יידישקייט, ווייט פון די אַלטע טראַדיציעס, אָבער גייענדיק אויף אַנדערע וועגן, האָט ער מיט זיך מיטגענומען דעם הייסן גלויבן, אַז עס וועט קומען און מוז קומען אַ גאולה און ישועה, נישט צו וויסן אפשר געענוי, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ גאולה און ווי אַזוי די ישועה וועט אויסזען. דער אַפּיקורס פּרץ, דער אויסלאַכער פּרץ, איז נישט מער ווי דער קאַפּריז פון אַ דיכטער, אַ פֿאַרבייגייענדיקע שטימונג; פּרץ דער מאמין, פּרץ דער גלויבער — דאָס איז דער דיכטער אַליין.

און אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט דער גלויבן אָנגענומען אַ באַשטימטע פֿאָרעם און אַ פּרוכטבאַרע: דאָס איז געווען דער גלויבן אין די שאַפֿנדע כוחות, וואָס שלומערן נאָך אין די טיפענישן פון אונדזער פֿאָלק, ביי די געזונטע פֿאָלקס־מאַסן.

און הערלעכקייט איז געווען פּרץ. אין זיין קעגנוואַרט איז קיין אָרט נ׳שט געווען פֿאַר קליינלעכקייטן, הערלעך איז ער געווען אין זיין לעבן, אין זיין שאַפֿן, און הערלעך מעטעאָריש איז געווען זיין טויט.

מיר פאַרזאַמלען זיך איצט אַרום זיין קבר און מיר זאָגן קיין קדיש נישט, און מיר זינגען נישט קיין קלאָג־לידער. זעט: אויף דעם דאָזיקן אָרט, פאַר טויט און פאַרגענגלעכקייט באַשטימט, בליען איצט דיביימער, דאָס לעבן באַנייט זיך אַט איז דער בעסטער הימן פאַר פּרצן, דער בעסטער קדיש, וואָס ווערט געזאָגט נאָך אים, פון אונדז און פון דער נאַטור.

ביי דיין קבר, גרויסער דיכטער, פאַרזאַמלען זיך איצט די מאַסן פון די גלויביקע אין יידישן פאָלק, אין זיינע שאַפנדיקע כוחות, און צוזאַמען מיט דיר — נישט צו טרויערן און נישט צו וויינען — נאָר צו זינגען אַ הימן צום לעבן, צו דעם אייביק זיך באַנייענדיקן לעבן.

דער גייסט פון באַנייונג רעדט צו אונדז פון דעם הייליקן נאָמען... י. ל. פּרץ!

(„ליטעראַרישע בלעטער״, 1925)

---

## שכנים



צען שטיק „קאַבינעט״.

חיים ברוך, אַ פּויליש יידל, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געקומען פון דער פּראָווינץ און טראָגט היינט אַרום פּאַפּיראָסן אין דער גאַס, אַ נידעריקער, אַ פולער מיט אַ קליין קיילעכיק שוואַרץ בערדל, — האָט זיך שיר נישט אַראָפּגעגליטשט פון דעם שטעקן, אויף וועלכן ער איז געווען אָנגעלענט, און נישט ווייסנדיק נאָך, וואָס ער זוכט, האָט ער אָנגעהויבן צו שאַרן צווישן די פּעקלעך פּאַפּיראָסן.

עס איז געווען אַ קאַלטע פראָסטיקע נאַכט, שוין קעגן צוועלף. אַ פּאַרע האָט געשלאָגן פון דעם „דייטשס״ מויל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט קויפן פּאַפּיראָסן, ער איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער פון פּאַלטאָ, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, וואָס האָט געציטערט אין דער לופט.

„קאַבינעט״! — האָט ער איבערגעחזרט אומגעדולדיק.

און באַקומענדיק די פּאַפּיראָסן, האָט ער געאיילט אַוועק, און די טריט זיינע האָבן זיך נאָך לאַנג געהערט אין דער לופט.

חיים ברוך האָט פאַרריכט אונטער זיך דעם שטעקן, אויף וועלכן אין דער הויך איז געווען צוגעשלאָגן אַ קליין ברעטל אויף צו זיצן, און אַריינשטעקנדיק די הענט אין די אַרבל, האָט ער זיך צוריקגעזעצט אויפן אָרט מיט דעם ערנסט פון אַ מענטש, וועלכן מען האָט אָפּגעריסן פון אַ וויכטיקער אַרבעט און ער נעמט זיך איצט צוריק צו איר מיט פלייס.

די גאַס איז העל באַלייכט. מענטשן גייען אַלץ ווייניקער, זיי לויפן דורך די גאַס גיך, מען דערקענט, אַז זיי זענען דורכגעפרוירן און שלעפעריק. די דראָזשקאַזשעס דרעמלען איין אויף די קעלניעס מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אָדער זיי רעדן צווישן זיך אָפּגעהאַקטע, נישט געענדיקטע פראַזן. די גרויסע שטאָט איז ווי איינגעשלאָפן. און נאָר דער עלעקטרישער לאָמפּ פאַרן רעסטאָראַן לייכט פריילעך

און העל און קוקט ווי מיט שטאָלץ פון דער הויך אויף די לאַנגע שורות פּאַר־שלאָפענע שטאָט־לאַמטערן.

„צען טויזנט — הויבט חיים ברוך אָן צו טראַכטן אויף דאָס ניי — אויף מיין חלק פינף טויזנט"... אים שטעלט זיך פאַר אַ פּעקל רויטע באַנק־בילעטן, נייע, געפּרעסטע, וואָס קנאַקן אין דער האַנט. באַלד זעט ער זיך אַליין אויך, שטייענדיק אין דער היים אין גראַכאָווצע . . . פון דעם איינעם פּעקל ווערן אַ סך פּעקלעך, וואָס ליגן אויסגעסדרט אויפן טיש. דערנאָך קומט פאַר חיה לאה, די קינדערלעך...

„האַ? נו? וואָס? אַ שלימזל בין איך?"... און די לעצטע פראַזן, וואָס זענען געווען געווענדעט צו חיה לאהן, פאַר וועלכער ער האָט זיך געפילט שולדיק, האָבן זיך אַזוי קלאָר אויסגעשניטן אין מוח, אַז די ליפּן זיינע האָבן זיך גערירט, און אַ ליבלעכער שמייכל האָט זיך געלייגט אויף זיין פּנים.

— ס'איז קאַלט . . . האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך אַליין, און אַפּערנעמענדיק דעם שטעקן פון אונטער זיך, קלאַפּנדיק מיט די פיס אויפן טראָטואַר, האָט ער אָפּגערוקט דאָס קעסטל פון דער ברוסט, זיך אַרומגעקוקט און עפּעס נאָכגעדענקט.

אים האָט אינטערעסירט צו וויסן, פון וועלכער זייט דער ווינט בלאָזט דאָס יעדעס מאָל מיט אַזאַ האַס און יאָגט איבער די טראָטואַרן דעם געפרוירענעם שניי, כדי צו שטעלן זיך אין אַזאַ פּאָזע, ווו דער ווינט זאָל אים ווייניקער דערקוטשען.

— אָט אַזוי . . . האָט ער זיך באַרויקט און זיך צוריקגעשטעלט אויפן שטעקן.

ווידער מאָלן זיך אים אויס אין מוח די היים, ווייב און קינדער, נאָר זיי זעען איצט שוין גאָר אַנדערש אויס: די שטוב איז אַ סך גרעסער געוואָרן, אַ גרויסער זייגער הענגט אויף דער וואַנט, עס איז וואַרעם און ליכטיק, חיה לאה איז אָנגעטאָן ווי אַ פּריצה, די קינדערלעך זענען אָפּגעוואַשן און גייען אין נייע קאַפּאָטלעך. און חיים ברוך קומט אַריין מיטן „ליטוואַק" אונטערן אָרעם און זאָגט צו זיין ווייב:

— אָט דאָס איז ער! אַז איך האָב דיר באַלד געזאָגט: אַ ליטוואַק, נאָר אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ גוטער יונג, דו האָסט געמיינט, ער וויל מיך אָפּנאַרן מיטן „צעטעלע", ביסט דאָך אַ שוטה, אַ נאַרישע יידענע. איך האָב דיר באַלד געזאָגט. אַ גלאָז טיי וועט איר טרינקען ה'... ליטוואַק?

ער דערמאָנט זיך, אַז ער ווייסט נישט דעם נאָמען פון דעם „ליטוואַק", מיט וועלכן ער נעכטיקט צוזאַמען אין קעלער־שטוב און וואָס האָט אים אָנגערעדט צו נעמען צוזאַמען אַ לאָטעריע־צעטל, און דאָס מאַכט אים אומרויק. אין מוח דרייען זיך פאַרשידענע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין דער היים וועגן די ליטוואַקעס און ער טאַפּט אָן אין דער קעשענע דעם צעטל, געפינט אים און ווערט רויק.

היינט איז ער עקסטראַ אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפּיינע, געוויזן עטלעכע מענטשן דעם צעטל, און אַלע האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס צעטל איז אַ ריכטיקס, אַז אין פינף טעג אַרום וועט מען ציען, און אַז ער קאָן געווינען צען טויזנט רובל.

אויף מיין חלק פינף טויזנט... און דער אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ פון דעם געבוי־גענעם, דורכגעפרוירענעם גוף אַרבעט שנעל און לעבעדיק, און נישט זעלטן לייגט זיך אַ שמייכל אויף די ליפּן.

נאָר אָט האָט זיך פלוצלינג פאַרלאָשן דער עלעקטרישער לאָמפּ, די רעשט געסט גייען אַרויס פון רעסטאָראַן, פון דער אַנדערער זייט גייען אַנטקעגן צוויי מיידלעך, טאַנצנדיק און שמייכלענדיק, און אויף חיים ברוכן פאַלט ווידער אָן די מרה שחורה, דאָס בענקעניש נאָך דער היים, די דאגה וועגן די זעקס רובל וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויפן צעטל, און וואָס וועלן אים פעלן אויף דער הוצאה אַהיים אויף פסח... ער ווערט בייז אויף זיך, אויפן ליטוואַק...

— דאָ מוז עפּעס זיין — טראַכט ער אויפן וועג, גייענדיק אַהיים — דאָס איז נישט גלאַט אַזוי — און דער געדאַנק, אַז ער האָט זיך אַזוי מיאוס געלאָזט אָפּנאַרן, אַז ער וועט איבער דעם נישט זיין אין דער היים פסח, רירט אים ביז טרערן.

— חיה לאה לעב — דיקטירט ער אין מוח אַ בריוו צו זיין ווייב, — איך בין גאָרנישט שולדיק, איך זאָג דיר אויף מיין נאמנות! אַ ליטוואַק האָט מיך אָנגעקראָגן, אַז דו ווייסט נישט, וואָס אַ ליטוואַק איז, אַ שטיין קאָנען זיי איבעררעדן, איך זאָג דיר אויף מיין נאמנות, איך בין גאָרנישט שולדיק, און זיי מיר מוחל, חיה לאה לעב, און גריס די קינדערלעך...

אין קאָרידאָר, וואָס פאַראייניקט אַ גאַנצע שורה קעלער־שטובן, איז פינצטער. חיים ברוך דערטאַפּט די טיר, רירט אָן די קלאַמקע נישט זיכער, נאָר דאָס קעסטל, וואָס הענגט אים פאָרנט, און וואָס איז אים איצט פלוצלינג געוואָרן אומגעהייער שווער צו טראָגן, קלאַפּט זיך אָן אין דער טיר, און אַ ווידערקול רופט זיך אָן פון דער אַנדערער זייט קאָרידאָר.

דער ליטוואַק עפנט אים די טיר, ער גייט אין בלויזן קאָפּ. אין די אויבערשטע מלבושים. ער איז נאָך נישט געשלאָפן:

— „וואָש" „עפּיש" אַזוי שפּעט? — פרעגט ער.

חיים ברוך וואַרפט פון זיך אַראָפּ דאָס קעסטל, און פאַלט אַנידער אויפן בענקל, די מידקייט און דער פראָסט טרעטן איצט ערשט צו און נעמען אים דורך, אין די פיס שטעכט ווי מיט שפּילקעס, ער ציט אַראָפּ פאַמעלעך די שטיוול און ברומט עפּעס בייז.

— פאַר „וואָש" ענטפערט איר נישט? — פרעגט נאָך אַמאָל דער ליטוואַק, זיצנדיק אויפן בעט.

חיים ברוך, וואָס האָט געהאַט בדעה אים אויסצוזידלען, זאָגן אים, אַז ער איז אַ ליטוואַק, אַז ער האָט אַ צלם אין קאָפּ און האָט אין זיך נישט קיין ידישקייט, בלייבט אַלץ שטום. די „זש" פון ליטוואַקס ווערטער רוישן אים אין די אויערן, און אים דאַכט זיך, אַז אין דעם שוויסטש פון דער „זש" ליגט באַהאַלטן דער גאַנצער תמצית פון רמאות, אים דריקט אַממערסטן דאָס וואָס ער קאָן דעם ליטוואַק נישט אויסזאָגן, אַז ער ווייסט, אַז ער האָט אים אָפּגענאַרט.

„פאַר וואָזש, פאַר וואָזש?" — שפּעט ער נאָך, אַראָפּציענדיק דעם אַנדערן שטיוול.

— אָבער זאָגט נאָר, פינף טויזנט קאַרבוינעס וועט זיין! אַהאַ! וואָס זאָגט איר? פינף טויזנט קאַרבוינים! פאַרשטייט איר מיך וואָס איך רעד?

חיים ברוך, וואָס די „פינף טויזנט" האָבן אים ווידער אָנגעמאַכט אַ גערויש אין מוח שמייכלט און שעלט אין געדאַנק דעם ליטוואַק.

„אַן אייזערנע גבורה האָט עס: אַ שטיין קאָנען זיי איבעררעדן"!

— פאַרשטייט איר מיך, צו ניין? רעדט ווייטער דער ליטוואַק און שטעלט זיך אויף — דעם צעטל האָט איר? אָנו ווייזט אַקאַרשט. איי זייט איר אַן „איטשע מאיר"! מורא האָט איר? וואָס?

— ליטוואַק חזיר! — זאָגט חיים ברוך אַביסל מיט אַ שמייכל — איך הייס נישט איטשע מאיר, ער נאַרט אויס און לאַכט נאָך.

— שטראָף מיך גאָט! וואָס לאָך איך? איך זאָג אייך, עס וועט גוט זיין פאַרשטייט איר ווערטער? צען טויזנט קאַרבוינים, קנאַקנדיקע, זאָג איך אייך. אַ־האַ־האַ! — ענדיקט ער און רייבט די הענט.

חיים ברוך שמייכלט, קוקט אויפן ליטוואַקס בלאַס פּנים, אויף די פינקלדיקע אויגן, און פילנדיק עפּעס אַ צוטרויען צו אים זאָגט ער:

— איר האָט מיך נישט אויסגענאַרט? זאָגט די וואָרהייט.

— איי זייט איר אַ שוטה! אַ גרויל, אַ גרויל! אַז איך גיב פון מיין בייטעלע זעקס קאַרבן און גיב אים דעם צעטל, האָט ער נאָך טענות! אַ גרויל, וואָס דאָס איז פאַר מענטשן! בהמות איז דאָס, פאַנאַטישע בהמות, פאַנאַטישע און גאַר!

חיים ברוך ווערט אָן דעם מוט, ער בעט זיך אויס אויף דער ערד און לייגט זיך, ער וואַלגערט זיך נאָך לאַנג אויפן געלעגער און קאָן נישט איינשלאָפן. דער ליטוואַק לעשט אויס דאָס לעמפּל און לייגט זיך אויפן בעטל.

— ווי האָט ער געזאָגט? פאַנאַטישע? — פרעגט חיים ברוך פון בעט. יעדעס וואָרט פון ליטוואַק, וואָס ער פאַרשטייט נישט, באַאומרויקט אים.

— פאַנאַטישע האָב איך געזאָגט, איר פאַרשטייט?

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, ווילדע אַזעלכע אין אַמעריקע, וואָס גייען נאַקעט...

— אַהאַ! — זיפצט חיים ברוך אָפּ. „המפיל חבלי שנה", הויבט ער אָן צו לייענען און שלאָפט איין, באַלד הויבט ער אָן צו שנאָרכן, דער ליטוואַק בייזערט זיך און ברומט:

— פאַנאַטישע! פאַנאַטישע און גאַר! אַ נאָז ווי אַ שופר!

אין פינף טעג אַרום, אין דעם זעלבן טאָג ,ווען דער צעטל האָט געברויכט צו געווינען די צען טויזנט רובל, האָט חיים ברוך אויפגעוואַכט פון שלאָף פריער ווי אַלע מאָל, און נישט פילנדיק קיין שום מידקייט און פוילקייט, ווי יעדן אין דער פרי, איז ער גלייך אַראָפּ פון בעט און גענומען זיך אָנטאָן. ווי יעדער מענטש, וועלכן עס דערוואַרט עפּעס אַ שאַרפע ענדערונג אין זיין לעבן, איז ער געווען אויפגערעגט, און גרייט צו טאָן. אין דרויסן האָט ערשט געטאָגט, און אין דעם קעלער, וואָס האָט געהאַט אַ קליין פענצטער אויפן הויף אַרויף, איז נאָך אין גאַנצן טונקל געווען. פון בעטל האָט זיך אָנגערופן דער ליטוואַק:

— אַ שוואַרץ יאָר, גאַרנישט געשלאָפן, עס איז שוין טאָג, וואָס?

און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, האָט ער געזאָגט:

— היינט, ווייסט איר, ציט מען, אַ־אַ אַ טעלעגראַם וועט קומען. ס'וועט אַרויס; פאַרשטייט איר? וואָס וועט איר טאָן מיט די געלט? איי, זאָגט אַקאַרשט, צום רבין וועט איר פאָרן מיט אַ פּדיון? האַ? איך וואָלט זיי געגעבן! אַט!

און מאַכנדיק אַ פייג, האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנט אין דער לופט.

חיים ברוך האָט שטאַרק מורא פאַר אַפּיקורסות, וואָס שטעלט זיך אים פאָר ווי עפּעס אַ גרויס אומגליק, אַן אַנשטעקנדיקע קרענק, פאַר וועלכער מען מוז זיך היטן. ער ווייסט, אַז מען מוז שווייגן, ער וואַרפט אַ קרומען בליק אויפן ליטוואַק, יאָשט זיך און נעמט לייגן טלית און תפילין.

דער ליטוואַק כאַפּט זיך אויך אויף. זיינע צעשויבערטע האָר וואַרפן זיך אַרום אויפן פּנים, ער איז נישט אויסגעשלאָפן, גענויצט און קווענקלט זיך, צוגייענדיק צום קראַן זיך וואַשן.

אין דער אַנדערער שטוב ברענט נאָך אַ לעמפּל, און דער שוסטער, וואָס וווינט דאָרט, קלאַפּט מיטן האַמער און פייפט עפּעס א לידל.

— חנה! — האַקט ער אָפּ דאָס לידל און וועקט דאָס ווייב — חנה, שטיי אויף, מאַך פייער.

באַלד הויבט זיך אויך חנה אויף. אַ יונג ווייבל, אַ בלאַסע און אַ הויכע, וואָס ווען זי שטייט ביים אויוון און מאַכט פייער, דערמאָנט זי חיים ברוכן אָן חיה לאה.

— אַ גוט מאָרגן אייך, באַבעניו! — זאָגט דער ליטוואַק דרייסט אויפהויבנדיק די אויגן פון ראַמאַן, וואָס ער האָט גענומען לייענען ביז די טיי וועט פאַרטיק זיין, אין שטוב איז נאָך גענוג טונקל געווען, און אים איז שווער געווען צו לעזן.

— אַ גוט מאָרגן, אַ מאָרגן אייך, וואָס זייט איר אַזוי פרי אויפגעשטאַנען? — זאָגט חנה. זי רייבט אַ שוועבעלע און קאָן נישט אָנצינדן.

— אַ לאָזט נאָר! — לויפט דער ליטוואַק צו און מאַכט פייער.

„אַ טייוול“, טראַכט חיים ברוך, אָפּלייגנדיק טלית און תפילין און קוקנדיק אויפן ליטוואַק. ער איז אים מקנא, וואָס ער איז אַזוי דרייסט צו יעדן, זאָגט חנהן „באַבעניו“... ער פילט זיך קעגן אים שוואַך, אומבאַהאָלפן און נישט דרייסט. ער פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי חנה, אַ פרומע יידענע איז צו אים אַזוי פריינטלעך, בשעת זי ווייסט, אַז ער איז אַן אַפּיקורס, דאַוונט נישט, און ער, חיים ברוך, איז אַ פרומער ייד...

„דאָס איז אַזאַ קליפּה“, בלייבט ביי אים אין געדאַנק, און דערמאָנענדיק זיך, וואָס ס'וואָרט אויף דעם ליטוואַק אויף יענער וועלט, פילט ער זיך גליקלעכער און קליגער פאַר אים, און לייגט אַריין די אויגן אין סידור אַריין מיט ערנסט און גאוה, ווי איינער זאָגט: „אָט דאָ בין איך אַ תקיף“.

עפּעס האָבן זיי ביים „אָנבייסן“ נישט גערעדט וועגן דעם צעטל, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט אָפּגעשמועסט נישט צו רעדן וועגן דעם, און זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס.

ביז פינף דעם זייגער איז דער טאָג דורך ווי געוויינלעך, גיכער נאָך ווי געוויינלעך, פינף אַזייגער האָט חיים ברוך שוין נישט געקאָנט איינשטיין אין דער גאַס, ער האָט זיך געמאַכט אַן אויסרייד, אַז ער וויל אָנטאָן ביידע שקאַרפּעטן, און איז אַהיימגעגאַנגען, אומגעקוקט זיך אין שטוב, געוואַרט עפּעס, אַז עמיצער זאָל אים זאָגן, און האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין. די טיר האָט זיך געעפנט, און דער ליטוואַק איז אַריינגעקומען:

— וואָס טוט איר דאָ, ר' חיים ברוך? — האָט ער געפרעגט פריילעך און דרייסט.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט חיים ברוך איבערגעפרעגט.

— אַזוי, איך בין זיך געקומען, פאַרשטייט איר...

— ע — האָט חיים ברוך זיך געקרימט — נייע שקאָרפּעטקעס...

און פון צעטל האָט מען דערוויֵיל נישט גערעדט.

דאָס ציען האָט געדויערט מער ווי צוואַנציק טעג, עס איז געוואָרן נענטער צו פּסח. און מיט יעדן טאָג איז ביי חיים ברוכן קלענער געוואָרן די אמונה אינם געווינס, און גרעסער איז געוואָרן די שנאה צום ליטוואַק.

„אַזאַ עיכר, אַזאַ פּושע ישראל!" פלעגט ער אים שעלטן אין געדאַנק, נאָר גערעדט האָט ער נישט. דער ליטוואַק האָט אויך אויסגעזען צו זיין פאַרטראַכט און טרויעריק. יעדער פון זיי האָט געוואָלט שפּעטער אַהיימקומען, כדי צו טרעפן שוין דעם אַנדערן, אפשר וועט ער אים אַקעגנלויפן מיט אַ שמחה, מיט אַ מז"ט און אין דער היים זייענדיק, האָט מען וועגן צעטל פאַרשוויגן.

חיים ברוך איז געוואָרן בלאַסער אויפן פּנים, און איינגעהויקערט איז ער עפּעס געגאַנגען. ער האָט אַהיימגעשריבן, אַז ער קאָן נישט קומען. ער האָט געוואָלט אויסגיסן זיין הארץ פאַר חיה לאהן אויפן ליטוואַק, אַז ער האָט אים אויסגענאַרט, נאָר עפּעס איז אים שווער אָנגעקומען צו שרייבן וועגן דעם. און די שנאה צום ליטוואַק איז אים געבליבן אין האַרץ און האָט גענאָגט.

אין דעם לעצטן טאָג פון ציען איז חיים ברוך אַהיימגעקומען פריער, ער האָט שוין געטראָפן ליגן דעם ליטוואַק אויסגעצויגן אויפן בעטל, און האָט זיך אויף אים אָנגעוואָרפן און גענומען זידלען:

— ליטוואַק חזיר! איך האָב דען נישט באַלד געוווסט?! געווינען האָט ער מיר געוואָלט איינרעדן! זעקס רובל פאַר זיין טרפהנער קעשענע האָט ער מיר געברויכט אויסצונאַרן! „גיט אָפּ זאָג איך אייך! איך האָב נישט אויף דער הוצאה אַהיים! איר הערט?!"

— אַוואָש שרייט איר, ר' חיים ברוך? וואָש טויג שרייען? זעצט אייך בעסער, וועלן מיר שמועסן... האָט ער געענטפערט שטיל.

— גיט אָפּ די זעקס רובל, זאָג איך אייך! — נאָר ביי חיים ברוכן איז נישט אַרויס דער שטרענגער טאָן, וואָס ער האָט געוואָלט, כדי איבערצושרעקן דעם ליטוואַק. אינערלעך האָט ער געפילט, אַז דער ליטוואַק האָט, ווי ער, פאַרשפּילט זעקס רובל, און ער האָט באַשולדיקט נאָר דערמיט, וואָס ער איז אַ פרייער פויגל, האָט קיין ווייב און קינדער נישט, און זוכט צו פּטרן פרעמד געלט צוזאַמען מיט זיין אייגנס.

— אַ פרייער פויגל! — האָט ער געשריגן — וואָס שאַדט דאָס אים, דעם אַפּיקורס, אַז איך וועל נישט זיין אין דער היים פּסח?! האָט ער אַרויסגעוואָרפן געלט! וואָס שאַדט דאָס אים? ווייב און קינדער האָט ער?! אַ מכה האָט ער, אַ קדחת, אַ...

דער ליטוואַק האָט אים נישט איבערגעהאַקט, ער האָט אין מיטן נאָר אַריינגעוואָרפן אַ פראַזע: „בייזערט אייך נישט, ר' חיים ברוך". חיים ברוך איז אַם ענדע שטיל געוואָרן און האָט זיך געלייגט, נאָר געשלאָפן איז ער ביינאַכט נישט; בייטאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי אַ שאָטן. דאָס בענקעניש האָט גענאָגט ביים האַרץ; אים האָט זיך געוואָלט צום ווייב, צו די קינדער, וואָס ער האָט עטלעכע חדשים נישט

געזען, און שטייענדיק מיט די פּאַפּיראָסן אויף דער גאַס, האָט ער אַ סך מאָל דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געווישט די פייכטע אויגן.

און אָט איז געקומען פּסח. געגעסן האָט חיים ברוך אין עפּעס אַן אָרעמער רעסטאָראַציע, ווו מיט אים האָבן געגעסן אַ סך יונגע לייט, „אָרעמע דייטשן", טייל מיט געגאָלטע בערד, טייל אָן די היטלען. אים איז געווען אומעטיק און טרויעריק. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל אין מיטן דער הגדה נישט וויינען. עפּעס איז דער גאַנצער סדר דורכגעגאַנגען וואָכעדיק, געדויערט אין גאַנצן אַ שעה. ער האָט פאַר עגמת נפש נישט געקאָנט עסן, און מיט אַ שטומען ווייטאָג האָט ער זיך געשלעפּט אַהיים. ער האָט געפילט, אַז ער ברויכט צו עמעצן אויסלאָזן זיין ביטער האַרץ, און ער האָט זיך צוגעגרייט אָנצופאַלן אויפן ליטוואַק און אים אויסזידלען. אין מח ביי אים זיינען שוין געווען גרייט אַ סך שילט-ווערטער, זידלערייען, וואָס ער האָט נאָר געדענקט.

נאָר אַריינקומענדיק אין צימער, איז ער געבליבן שטיין פאַרווונדערט: דער ליטוואַק איז געלעגן אויפן בעט, די אויגן זיינע זענען געווען פייכט, דאָס פּנים פאַרוויינט. ער האָט זיך פאַרשעמט און אַריינגעשטעקט דאָס פּנים אין קישן.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט חיים ברוך געפרעגט ווייך.

— עט, גאָרנישט — האָט דער ליטוואַק געענטפערט און געוואָלט זיך באַרויקן — אַזוי... עס בענקט זיך, פאַרשטייט איר, אַהיים, צו ווייב און קינדער... עט גאָרנישט . . .

— איר האָט אַ ווייב און קינדער? — האָט זיך חיים ברוך פאַרווונדערט.

דער ליטוואַק האָט זיך, קענטיק, געפונען באַליידיקט מיט דער פראַגע, ער האָט אויך געברויכט זיך צו בייזערן, עמעצן אויסזידלען און האָט געענטפערט בייז:

— וואָס דען מיינט איר, איטשע מאיר?

— בייזערט אייך נישט, בייזערט אייך נישט... האָט אים חיים ברוך איבער־געבעטן און האָט זיך אינגאַנצן געשאָקלט.

זיי זיינען געוואָרן שטיל און האָבן זיך שטום איינגעהאָרכט אין די פאַר־שידענע נגונים פון אַלע קעלער־שטובן. אין דער אַנדערער שטוב האָט מען געהאַלטן ביי „שפוך חמתך", ביי וועלכן דער שוסטער האָט זיך אַזוי צעגאָסן, אַז ביידע, חיים ברוך און דער ליטוואַק, האָבן זיך שיר נישט צעוויינט הויך אויפן קול. דאָס ליכטל האָט אָנגעהויבן צו צאַנקען און איז אויסגעגאַנגען. דורכן פענצטער האָט אַריינגעשלאָגן אַ בלויע ליכט. דער ליטוואַק איז געלעגן אויפן בעטל. אים האָט זיך געוואָלט אָפּזיפצן, וויינען, אַז ער איז געבליבן אַליין. ער האָט אין דער מינוט גאָר ווי פאַרגעסן זיין לאַגע און האָט געטראַכט וועגן דעם ליטוואַק, וועגן דער ליטוואַטשקע מיט די קליינע ליטוואַקלעך, וואָס געפינען זיך איצט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט אין ליטע, און אים איז אַ גרויס רחמנות אָנגעגאַנגען אויף זיי.

צוריקקומענדיק האָט זיך דער ליטוואַק אָנגערופן צו חיים ברוכן מיט אַ קול, אין וועלכן עס איז שוין ניט געווען צו דערקענען די פריערדיקע עלנט.

— וואָס פאַר אַ שיינער מאַנד אין דרויסן איז!

נאָר דערמאָנענדיק זיך, אַז חיים ברוך איז אַ פּאָנאַטישער, אַז ער פאַרשטייט אוודאי נישט דאָס וואָרט „מאַנד", און מיטפילנדיק אים אין זיין עלנט, האָט ער צוגעגעבן:

— די לבנה דרייט זיך אַרום און אַרומעט...

— יאָ, אַוודאי׳.. האָט חיים ברוך צוגעברומט פון זיין געלעגער.

— אָט אַזוי, האָט גערעדט דער ליטוואַק, דרייענדיק זיך איבערן צימער — אַז די געלט איז נישטאָ, איז ביטער, זאָג איך אייך... זיי יאָ פרום, זיי נישט פרום — אַלץ איינס זאָג איך אייך. איר מיינט, איך בין נישט פרום געווען? מיין זיידע איז געווען אַ רב, אויך געשטאָרבן פאַר הונגער! אַלץ איינס, זאָג איך אייך . .

נאָר חיים ברוך דערהערנדיק, אַז ער האַלט ביי אַפּיקורסות, האָט אים איבער־געהאַקט און געזאָגט:

— נו, נו... מאָרגן, מאָרגן... און האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

(פונעם בוך: שריפטן — באַנד 4, וואַרשע 1909)

# מ. נודעלמאַן

## „אַמאָליקע" וויצן־שרייבער



**וו**יצן־שרייבער אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן — דאָס איז געווען אַ באַזונדערע ראַסע...

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זיינען אין וואַרשע דערשינען בערך אַכט־ניין טעגלעכע צייטונגען אין יידיש, און יעדע צייטונג האָט געהאַט איר הומאָריסטישע אָפּטיילונג. ביי אַזאַ שפע פון הומאָר־טעריטאָריע האָט דאָס וויצלער־געזינדל געהאַט וואָס „אויפצוטאָן". און מ'האָט טאַקע נישט געוווסט, ווער — וועמען עס האָט צו פאַרדאַנקען: צי אַ דאַנק דער גרויסער צאָל וויצלער האָבן זיך געמערט די הומאָריסטישע אָפּטיילונגען, אָדער — אַ דאַנק די הומאָריסטישע אָפּטיילונגען האָבן זיך געמערט די וויצלער...

די וויצן־שרייבער האָבן זיך איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: פּראָפעסיאָנאַליסטן און אַמאַטאָרן. פּראָפעסיאָנאַליסטן זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געדרוקט און באַקומען באַצאָלט פון דער שורה; די וויצן האָבן געדאַרפט דעקן זייער באַשייִדענעם „בודזשעט". אַמאַטאָרן־וויצלער, ווידער, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קודם כל געזאָרגט פאַר... כבוד; געוואָלט „שטיין אין צייטונג", „זיין געדרוקט" און זען שוואַרץ־אויף־ווייס דעם נאָמען אין בלאַט...

מיט דער צייט אָבער איז יעדער אַמאַטאָר געוואָרן איבערגעזעטיקט מיטן כבוד, און האָט אויך געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון פאַרדינען פון שרייבן. ממה נפשך, — האָט ער זיך געטראַכט, — אויב מען דרוקט מיך, איז דאָך אַ סימן, אַז מען דאַרף מיך, און אויב מען דאַרף מיך, — זאָל מען צאָלן... און אַזוי שטופנווייז האָט ער דורכגעמאַכט די אַמאַטאָרן־פּאַזע און איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנאַל.

יעדער וויצלער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע מיט קליינע וויצעלעך. געוואָרט מיט אומגעדולד אויף יעדן פרייטיק, ווען זיין „ווערק" וועט זיך באַווייזן. צום פריי־

---

משה נודעלמאַן, הומאָריסט, שרייבער פון טעקסטן פאַר קליין־קונסט טעאַטערס. מחבר פון אַ האַלב טוץ הומאָריסטישע זאַמלונגען. זיינע הומאָרעסקעס ווערן מיט דערפאָלג פירגעטראָגן איבער גאָר דער יידישער וועלט. אין אַן אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ שרייבט ער: איך בין אַ וואַרשעווער בן וואַרשעווער — געבוירן אין יאָר 1905 און זיך תיכף, פון געבוירן אָן, באַזעצט אין וואַרשע. אין 1939 אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, געוואַנדערט איבער רוסלאַנד, פאַרשיקט אין אַ לאַגער, מאָביליזירט פון דער פּוילישער אַרמיי (1944) — אין 1945 ווידער קורץ אין וואַרשע, שפּעטער פּאַריז, און זינט 1947 — ניו יאָרק. פירט אָן די הומאָריסטישע ביילאַגע פון טאָג־מאָרגן־זשורנאַל.

טיק־נומער האָט דער וויצלער שוין דינסטיק געמוזט געבן מאַטעריאַל, אויב נישט האָט געדראָט, אַז עס זאָל „נישט אַריין". נישט איין וויצן־שרייבער האָט דורכגעמאַכט שלאָפלאָזע נעכט פון דינסטיק ביז פרייטיק. יעדער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר...

איך דערצייל דאָס אַלץ פון אייגענער דערפאַרונג. איך אַליין האָב דורכגעמאַכט די זעלבע שווערע צייטן, ווען כ'האָב געשטעלט די ערשטע שריט אויף די צייטונגס־שפּאַלטן.

עס איז פאַרבליבן אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג, וויפיל „טראַגעדיעס" די וויצן־שרייבערס האָבן דורכגעמאַכט אין זייער „וויציקער טעטיקייט". אויסגעטראַכט אַ וויץ, אָנגעשריבן אים, אַוועקגעטראָגן אין רעדאַקציע. דער רעדאַקטאָר האָט אים אָנגענומען, דער וויץ איז „אַריין", זיך באַוויזן אין צייטונג, און... דער נאָמען, די אונטערשריפט איז אַרויסגעפאַלן. צי איז עמיצער אימשטאַנד צו פילן די ליידן פונעם מחבר אינעם דאָזיקן פרייטיק? דער שבת, פאַרשטייט זיך, איז שוין ביי אים דעמאָלט געווען אַ פאַרשטערטער...

ווי אַזוי האָט דער וויצן־שרייבער רעאַגירט ביי אַזאַ קאַטאַסטראָפע? — פאַר־שידן. עס האָט זיך געווענדט אָן דער פּאָזיציע, וואָס דער דערמאָנטער וויצלער האָט פאַרנומען אין דער הומאָר־אָפּטיילונג. אָדער ער האָט זיך נישט ווייסנדיק גע־מאַכט, אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן „פּיל" און געשריבן ווייטער; אָדער די אַמ־ביציע האָט אים נישט געלאָזט רוען און ער האָט געסטראַשעט צו „וואַרפן די אַר־בעט", צו פאַרשטרייקן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי גרינג „פאַרשטרייקן". ווי אַזוי קען מען אָבער דורכלאָזן אַ „פרייטיק" און נישט זיין פאַרטרעטן אין צייטונג? וואָס־זשע, אַלזאָ, האָט ער געטאָן? — אָנגעשריבן פרישע סחורה און „געדרייט זיך" אין רעדאַקציע, ס'רוב — נעבן טישל פון זיין רעדאַקטאָר, געוואָרפן זיך אין די אויגן און געוואַרט, אַז ער זאָל אים פאַרטשעפּען. „פאַרטשעפּען" — דאָס האָט געהייסן, אַז דער רעדאַקטאָר זאָל אויפהייבן דעם קאָפּ פון שרייב־טישל, ער זאָל באַווייליקן אים אָנצוקוקן און זאָל פרעגן דעם וויצלער: „נו, וואָס שטייט איר דאָ? איר האָט עפּעס געבראַנגט?"

אַזאַ פראַגע איז פאַרן וויצן־שרייבער געווען אַ שטיקל סאַטיספאַקציע; מילא, אַז מען פאָדערט, וועל איך געבן...

דער אַפּעטיט ביי די וויצן־שרייבער איז שטענדיק געוואַקסן. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט קליינע וויצן, שפּעטער פּראָבירט מיט גרעסערע וויצן, און אַז מען איז געווען „געדרוקט", האָט מען שוין ריזיקירט אפילו מיט אַ פּאָר גראַמען אויך... אָפּדרוקן אַ לידל אין דער הומאָריסטישער זייט. — דאָס איז געווען פאַר אַ וויצן־שרייבער אַ דערגרייכונג. ערשטנס, גייט אַ לידל שוין אַרויס פון די ראַמען פון „עפּעס דאָרט וויצן". פאָרט — אַ לידל. דאָס שמעקט שוין, אייגנטלעך, מיט פּאָעזיע... צווייטנס, אַ לידל זעט זיך בעסער אָן און עס איז חשובער עס האָט קורצע שורות און ס'איז לענגער... און דריטנס, — ביי אַ ליד קען מען שרייבן דעם נאָמען פון אויבן און דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. אויבן איז פאָרט נישט אונטען...

און האָט אַ וויצן־שרייבער אָנגעהויבן צו געבן גראַמען אין דער הומאָריסטי־שער אָפּטיילונג, איז ער דאַן אַריינגעטרעטן אין אַ נייער פאַזע. ער האָט זיך שוין גע־פילט אַלס קרוב פון דער שרייבער־משפּחה און זיך שוין אפילו אָנגעהויבן דרייען ביים ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקע [13].

אָבער, אויב ער האָט זיך שוין דעמאָלט טאַקע געפילט אַלס שטיקל תקיף ביי זיך אין דער משפחה און צווישן מענטשן „אין גאַס", — איז ער נאָך אָבער אַלץ אין רעדאַקציע געווען אַ פרעמדער. נישט איין מאָל האָט מען זיך צו אים געווענדט אין רעדאַקציע: „פּאַניע, פּלאָנטערט זיך נישט אונטער די פיס. לאָזט אַרבעטן!" אָבער נאָך ערגער איז געווען, זוען עמיצער אין רעדאַקציע האָט אים אַ פרעג געטאָן: „נו, איר האָט עפּעס אַ גוט ווי צ ל אויף היינטיקן שבת?" דאָ האָט מען אים אינגאַנצן אַוועקגעלייגט. וואָס עפּעס צו טראַקטירן אַזוי וואָכעדיק?... וואָס עפּעס „ווי צל?"... דעם פריילעכן ווי צלער איז דעמאָלט טרויעריק געוואָרן. ער האָט דערזען פאַר די אויגן אַ גרויסן אונטערשריפט, אָבער — אַ קליינעם מיטאַרבעטער...

שעמעוודיק האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון רעדאַקציע־צימער, אַריין אין בשכנותדיקן אַדמיניסטראַציע־צימער, פאַרבייסנדיק די ליפּן, געבלעטערט דעם קאָמ־פּלעט און נישט געוווסט, וואָס ער זוכט דאָרט...

* * *

**איך זע איצט פאַר זיך אַ ריי וויצן־שרייבער פון דער „אַמאָליקער" וואַרשע־ווער יידישער פּרעסע. ביים לעבן האָבן זיי נישט געהאַט קיין מזל מפורסם־צו־ווערן. לאָמיר כאָטש איצט זיי דערמאָנען; איצט, ווען זיי זיינען שוין פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט דער אַמאָליקער רייכער יידישער פּרעסע אין פּוילן.**

* * *

דער „קייסער" פון די וויצן־שרייבער פון די הומאָר־אָפּטיילונגען אין דער אַמאָליקער יידישער פּרעסע אין פּוילן איז געווען: ר' שלמה. די חסידים פון די הומאָר־אָפּטיילונגען איז די דאָזיקע אונטערשריפט געווען גוט באַקאַנט. די ערשטע צייטן האָט ער זיך געפלעגט „אויסלעבן" אין „קרומען שפּיגל" פון וואַרשעווער „מאָמענט", שפּעטער אָבער האָט ער אויך אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן אַנדערע הומאָ־ריסטישע טעריטאָריעס. ר' שלמהס אמתער נאָמען איז געווען: שלמה גאָלדפאַרב. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן וויצן נאָך אַלס יונגער בחור. געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש, זיך געעפנט אַן אייגן געשעפט, — אַ בוכהאַנדלונג, און געשריבן וויצן, חתונה־געהאַט, ס'ווייב האָט אים געבוירן אַ קינד און — געשריבן וויצן. איך גע־דענק ווי ס'קינד איז שוין געווען אַ דערוואַקסן יינגל, און — ר' שלמה האָט נאָך אַלץ געשריבן וויצן. ער האָט זיך מיטן „פּאַך" בשום אופן נישט געשיידט...

ר' שלמה האָט תמיד שטאָלצירט: מיין פּסעוודאָנים איז נישט עפּעס דאָרט אַ פּסעוודאָנים סתם אין דער וועלט אַריין. עס איז אַ פּסעוודאָנים מיט אַ געוויסער באַ־רעכטיקונג. שוין קליינערהייט האָב איך געהאַט אַ שוואַכקייט צו דער פעדער. אין שטוב האָט מען מיר שטענדיק געפלעגט זאָגן: רייב, רייב שלמה! דערפאַר טאַקע, אַז איך בין אונטערגעוואַקסן און כ'האָב אָנגעהויבן צו שרייבן, — האָב איך מיר אַ נאָמען געגעבן „ר' ש ל מ ה"...

אין די ערשטע צייטן, ווען מ'האָט איינגעפירט אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן הומאָריסטישע אָפּטיילונגען, האָט מען יעדן פרייטיק געטיילט פּרעמיעס פאַרן בעסטן וויץ. איך געדענק ווי דער הומאָר־רעדאַקטאָר אין „מאָמענט", דער טונקעלער, האָט געפלעגט פּרעמירן זיינע בעסטע מיטאַרבעטער פון „קרומען שפּיגל" מיטן בוך „די פּוילישע וועלדער" פון י. אָפּאַטאָשו. ס'איז געווען אַ צייט, ווען וואָך ביי וואָך

האָט מען געקענט לייענען אין „קרומען שפּיגל" אַ מעלדונג: „היינטיקע וואָך באַקומט ר' שלמה פאַר זיין בעסטן וויץ די פּרעמיע „די פּוילישע וועלדער". צווישן די איבעריקע וויצן־שרייבער איז געווען אַ באַהאַלטענע קנאה, הלמאי אַלע פּוילישע וועלדער פאַלן אַריין צו ר' שלמה'ן. ר' שלמה איז אָבער געווען שטאָלץ; און איינמאָל, געדענק איך, ווען כ'האָב ר' שלמהן געטראָפן אין רעדאַקציע פון „מאָמענט", איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און מיר איינגערוימט אויפן אויער: „כ'האָב שוין 18 פּוילישע וועלדער!"...

אין דער זעלבער צייט האָט זיך ר' שלמה געעפנט אַן אייגענע בוכהאַנדלונג אויף דזשיקע־גאַס אין וואַרשע. צווישן היימישע האָט ער געפלעגט זאָגן: „איר זעט דאָס געשעפט? דאָס אַלץ איז מיר פון אַ וויץ געקומען! כ'האָב באַקומען אַזוי פיל ביכער אַלס פּרעמיע, אַז כ'האָב שוין נישט געהאַט ווו זיי צו לייגן, כ'האָב מיר דעריבער געמוזט עפענען אַ ביכער־געשעפט!.."

ר' שלמה'ן האָט דערנאָך אין זיין מסחר אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ: דאגות־פּרנסה, וועקסלען, פּראָטעסטן, שטייערן און סתם צרות. ער האָט אָבער אין דער קריטישסטער צייט זיך נישט פאַרלוירן און כסדר געהאַט דעם עול „אַריינצוּוואַרפן" אויף יעדן פרייטיק אַ וויץ אין צייטונג...

* * *

דעם סאַמע אויבן־אָן צווישן די וויצן־שרייבער האָט שפּעטער פאַרנומען מ. טיקאָטשינסקי. ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן, וואָס אויסערלעך ענדערן זיי זיך קיינמאָל נישט. אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקענט, האָט ער געהאַט דעם זעלבן אויסזען. אַ געדיכטן קאָפּ האָר, אַ קיילעכדיק רויט פּנים, אַ מויל ווייסע ציין און אויגן, וואָס לאַכן תמיד. שטענדיק געווען פריילעך און צופרידן פון זיך. אפילו ווען עמיצער האָט אים געזידלט, אָדער ער האָט עמיצן געזידלט, — האָט ס'פּנים שטענדיק געשמייכלט. אָן אַ וויץ האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט. מערסטנטייל האָט ער זיך באַנוצט ביים רעדן מיט זיין מאַטעריאַל, וואָס דאַרף זיין געדרוקט פרייטיק, און טאַקע נישט אין איין צייטונג, נאָר — אין אַלע צייטונגען. וואָרום מ. טיקאָטשינסקי איז געווען דער פּראָדוקטיווסטער וויצן־שרייבער. אומעטום „זיך געדרוקט" און אומעטום זיך אונטערגעשריבן אַנדערש. ער האָט געהאַט יתרוס נעמען: מאָטקע, טיק־טאַק, „טיק", „מאָטאָציקל". אין יעדער רעדאַקציע איז ער געווען אַן אייגענער געקענט די שוואַכקייטן פון יעדן מיטאַרבעטער באַזונדער. געווען טאָלערירט אין יעדער רעדאַקציע, אַביסל צוליב יחוס עצמו, און אַביסל האָט ער זיך געפילט „פעסט" אין די „ליטעראַרישע קרייזן" צוליבן יחוס פון ברודער; דער ברודער זיינער, ישראל טיקאָטשינסקי (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ), האָט געהערט צו דער קינסטלער־משפחה, געווען אַ קונסט־מאלער. מ. טיקאָטשינסקי איז געגאַנגען שנעל פאָראויס אין זיין אַרבעט, און אין די לאַנגע יאָרן איז ער אפילו אַרויס פון די ענגע ד' אמות אין די הומאָר־אָפּטיילונגען און גענומען שרייבן פעליעטאָנען אויף אַ מער זעלבשטענדיקן פּלאַץ, נישט — עם כל הנערים. ער האָט שוין אויך געפּרוווט מאַכן „שבת פאַר זיך", אַרויסגעבנדיק פון צייט צו צייט אַן אייגן וויצן־בלעטל.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט זיך באַוויזן אַ נייע וויצן־קראַפט אין די וואַרשעווער הומאָריסטישע אָפּטיילונגען. ווי אַזוי דער נייער וויצן־שרייבער

האָט געהייסן לויטן פּאַס, האָט קיינער נישט געוווסט. אין יעדער רעדאַקציע האָט מען אים גערופן מיט אַן אַנדער נאָמען, ווייל אין יעדער צייטונג האָט ער זיך אַנדערש אונטערגעשריבן. געקומען איז ער צו דער הומאָריסטישער קאַריערע גלייך פון דער ישיבה. ער איז „קאַליע געוואָרן" און זיך געלאָזט אויף וויציקע וועגן... די וויצן זיינע זיינען געווען געבויט אויף תורה־ווערטלעך און פּסוקים. אין יעדער רעדאַקציע האָט ער וואָך־ביי־וואָך געברענגט צו שלעפּן בערך.. טויזנט שורות. דערפון האָט דער הומאָר־רעדאַקטאָר אויסגעקליבן אומגעפער, פון צען ביז צוואַנציק שורות. דאָס איבעריקע האָט מען אים געפּסלט. ער האָט זיך אָבער דערמיט ווייניק איבערגענו־מען. די נעכסטע וואָך האָט ער ווידער געברענגט די זעלבע געפּסלטע סחורה אויב מ'האָט אים „געכאַפּט ביי דער האַנט" און געפרעגט: ס'טייטש? ווי פּאַלסטו עפּעס אויס צו געבן נאָכאַמאָל דאָס זעלבע? — האָט ער געענטפערט.

— ראשית האָב איך נישט געגלויבט, אַז אַ רעדאַקטאָר פון אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג זאָל האָבן אַזאַ גוטן זכרון און געדענקען, וואָס אַזוינס עס האָט אים יענע וואָך נישט געפעלן... והשנית, אויב עס האָט יענע וואָך נישט געטויגט, איז נאָך נישט קיין סימן, אַז עס וועט היינטיקע וואָך אויך נישט טויגן; יענע וואָך האָט דער רעדאַקטאָר געקאָנט האָבן אַ שלעכטע שטימונג, און היינטיקע וואָך — אַ בעסערע; מ'איז דאָך נאָר אַ מענטש!...

און — מען מוז מודה זיין, אַז אַביסל איז ער טאַקע געווען גערעכט. פון דער נישט־טויגבאַרער סחורה, האָבן זיך ווידער אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר שורות. און אַזוי האָט מען יעדן פרייטיק געזען זיין מאַטעריאַל אין אַלע וואַרשעווער יידישע צייטונגען, אָן אונטערשיד פון ריכטונג. זיינע וויצן און גלייכווערטלעך האָבן געהאַט אַזעלכע „קעפּלעך", ווי „ר' סענדער זאָגט...", אָדער — „אַזוי זאָגט סענדערל...", אָדער גאָר — „יאַנקעלע זאָל לעבן זאָגט.." אין די רעדאַקציעס האָט מען אויף יאַנקעלע־סענדער געקוקט ווי אויף אַ נאַיוון, אומבאַהאָלפענעם בחור. טייל האָבן אים גערופן „אָפּערמאַ!" (שלימזלדיקער זעלנער אין מיליטער) און אַנדערע האָבן אים עמפּאַנגען מיט די ווערטער: „שאַ, דער „זאָגער" גייט!", און יאַנקעלע־סענדער האָט געקוואָלן פונעם „ברוך־הבא!"...

מיט דער צייט האָט סענדער פאַראיינפאַכט זיין טעכניק. צו וואָס געבן אין יעדער רעדאַקציע אַנדערע וויצן? ס'איז צופיל אַרבעט!

האָט ער דעריבער באַשלאָסן פונאַנדערצוטראָגן אין אַ ל ע רעדאַקציעס די ז ע ל ב ע וויצן.

פרייטיק, ווען אין אַלע צייטונגען האָבן זיך באַוויזן די זעלבע חכמות, האָבן די הומאָר־רעדאַקטאָרן געהאַט צו אים טענות. ער איז אָבער נישט נתפּעל געוואָרן און האָט געענטפערט צוריק מיט אַ טענה:

— זעט'ס נאָר דעם חטא, וואָס איך בין באַגאַנגען! וואָס איז פאַר אַן אומגליק, אַז עס איז אומעטום דאָס זעלבע? און אַז „איטאַ'' גיט אין אַלע צייטונגען די זעלבע ידיעות? און אַז „יונייטעד פּרעס" באַדינט מער צייטונגען ווי איך און פונדעסטוועגן — אומעטום דאָס זעלבע... זיי האָבן זיך ז יי ע ר ע אַגענטורן, און איך האָב מיר מ יי ן אַגענטור. איך האָב מיר אַ וויצן־אַגענטור! נו, טאָר איך נישט?...

פונעם בוך: געלעכטער דורך טרערן. בוענאָס איירעס, 1947.

## יחזקאל משה ניימאַן

# נאַלעווקעס



לאַסט-טרעגער טראָגן פּעק, דריי־גאָרנדיק,
מענטשן גייען, שטייען, דרייען צאָרנדיק:
„איך קויף, פאַרקויף, האַנדל און איך לעיז!״
אומהיימלעך געפלאַטער, ווי פון פלעדערמייז.
פּרעסן זיך צונויף ביי טויערן, —
לויערן, —
ביי די ווענט זיך שאַרן, —
אָנגעפּראָפּט, מיט זויף־געפּרעס, זענען אַרומיקע באַרן,
און הונגער־קריפּלען שטרעקן אויס די הענט און דאַרן
און בעטלען, —
ווי אַ שלאַנג זיך קנוילן דאָ און קייטלען
די מענטשן, אין שוואַרצע יופּעצעס, צעטונקלט, —
און פון די אויגן זעצט געפינקל
און שפּריצט און שפּרינקלט,
ווי שווערדן־שאַרפן, —
און די הענט זיך וואַרפן
ווי ביי טרענקענדיקע, וואָס בעטן זיך: זע, ראַטעווע!
און ווי ביי קראָען, מיט שנאָבלען שוואַרצע, אַזאַ טשאַטעווען,
אַזאַ אומרו, אַזאַ אומהיימלעכער, — אַזאַ ראַמפּלען, טראַמפּלען, כליאַפּען,
אַזאַ שווער־אָטעמדיק סאַפּען, —
אַזאַ געוואָלקנקייט, פּאַרע־ און דעמפּ־געלאָדן.
עס קוויטשען מענער ווי די ווייבער
אין אימפּעט, —

---

י. מ. ניימאַן — פּאָעט, מחבר פון פאַנטאַסטישע דראַמעס, צו פאַנטאַסטיש פאַרן יידישן טעאַטער, פעלעטאָניסט — אונטערן פסעודאָנים „א. פויגל״ — קונסט־פאָרשער, זשורנאַליסט. געבוירן אין זשיכלין אין יאר 1893, קינדהייט און יוגנט אין לאָדזש, זינט 1919 אין וואַרשע, זינט 1939 אין ארץ ישראל, געשטאָרבן אין יאר 1956. זיינע אומצאָליקע קונסט־עסייען און מייסטער־מוסטערהאַפטע פעלע־טאָנען — נישט אויפגעזאמלט אין ביכער און בכלל זיינע טאַלענטן נישט געקומען צום פולן תיקון. געשטאַנען נאָענט צו דער לאָדזשער פּאָעטן־גרופּע — אונטער משה בראָדערזאָנס השפּעה — און אין אָט דעם סטיל געשריבן לידער און אין דעם גייסט איז אויך דאָס טיף־טראַגישע, יידיש־גורלדיקע נאַלעווקעס־ליד.

דאָ קלאַפּט און קלימפּערט
אין שריי אין ווילדן, —
מיט אומרו אָטעמען דאָ די שילדן,
מיט אותיות רויטע, פאַרוואָרפענע און קרומע,
דאָ איז אַ קללה און בהלה און מהומה, —
שירעמס, גאַרסעטן, וורשטלעך, — אין די שויפענצטער צעשפּיזן זיך,
צעשטורמען, —
און ס׳קנאַקט די בייטש ביים פורמאַן:
„העי, קויפער, פאַרקויפער!"
ווי אַ רויב־פויגל, אָן אויפהער
וואָלט די סטאַדע צעפלאָשעט, —
ווי דער מלאך־המות וואָלט אייביק געקאָשעט
אין גיהנום־קעסל, אין ווירבל־אַנגסטן, אין געקנויל, אין פלאָנטער, אין
וואָגל־וואנדער, —
דער אומרו און די שרעק פרעסט צונויף די מענטשן און טרייבט זיי באַלד
פונאַנדער, —
שטורעם־צעכוואַלעטקייט, — אין טריב־געלויער, — אין ווייסן שוים, —
קאָנוווּלסיע־צאַפּל פון אַ פאָלק איבער תהום.

1928

# נחום סאָקאָלאָוו

## ר׳ שמואל זביטקעווער



ביסטו אַ פּוילישער ייד, בפרט אַ וואַרשעווער, געדענקסטו דאָך אונדזערע אַלטע גבירים, פּרנסים, אונדזערע לומדים, אונדזערע בעלי־צדקה: ערנסטע פּנימער, קלוגע אויגן, לאַנגע בערד, ראַצעמאָרענע קאַפּאָטעס, סויבעלנע ספּאָדקעס, שווערע זילבערנע עטרות אויף די לאַנגע טליתים איבער די קעפּ — מיין זיידע, דיין זיידע!

ר׳ שמואל זביטקעווער! ווייסטו ווער דאָס איז געווען? גיב אַ קוק אין די ענציקלאָפּעדיעס! ניין! דאָס לאָז איבער צו דער חברה דייטשן! זאָלן זיי לערנער פון ענציקלאָפּעדיעס וואָס אַ גביר איז, און וואָס אַ בעל־צדקה איז, און וואָס איז אַ זביטקעוו, און ווען איז זביטקעוו —, אַן עסק פאַר זיי! און אַ סך וועלן זיי פאַרשטיין! אָבער דו ווייסט דאָך! געדענקסט ר׳ ישעיה׳ן, עליו השלום, אָדער ר׳ יוסל קרעל, אָדער אפשר האָסטו געקענט מיין פעטער ר׳ עקיבא אין פּלאָצק? איך מיין די צורה פון גדלות אין בעל־הבתישקייט, גרויסע געשעפטן, חשוב ביי דער מלוכה און ביי פּריצים, אָבער נישט מה־יפיתדיק, פאַרקערט! אַנדערע געמוזט טאַנצן אַרום זיי — שטאַם־פּאָטערס, מיט גרויסע זין און געקליבענע איידעמס, און מחותנים־גאונים, און בעלי־צדקות אָן אַ שיעור, און בסודי־סודות, און קהל געטראָגן אויף די ברייטע פּלייצעס. האָסטו זיי געקענט? אויב דו האָסט זיי געקענט — האָסטן געקענט אויך ר׳ שמואלן אויף יענער זייט ווייסל, אין פּראַגע!

פּראַגע! ערב וואַרשע! אַ ריח פון פּראָווינץ, מיט ווייטע פעלדער ארום און אַרום, אַ סך מאָל חרוב געוואָרן דורך מלחמות און שריפות, און צוריק אויפגעבויט,

---

נחום סאָקאָלאָוו — זשורנאַליסט, עסעיסט, גרויסער ציוניסטישער מנהיג — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1859 אין ווישעגראַד, קאָנגרעס־פּוילן. זינט 1879 אין וואַרשע. דאָ מיטגעאַרבעט אין חיים זעליג סלאָנימסקיס „הצפירה" און שפּעטער זי רעדאגירט. געווען נאָענט באַפריינדעט מיט י. ל. פּרץ, פאַרשאַפּט איס דעם פּאָסטן אין דער קהילה. מיטגעאַרבעט מיט ד״ר טעאָדאָר הערצל, מיטגעהאָלפן ביי דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין יאָר 1906 אַוועק פון וואַרשע. געוווינט אין דייטשלאַנד, שפּעטער ענגלאַנד — דאָ געשטאָרבן אין יאָר 1936. געשריבן אין העברעיש, יידיש, דייטש, פּויליש, ענגליש. מחבר פון מערערע ביכער — וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע. אין זיין באַרימטער סעריע „אישים" פאַרנעמען וואַרשעווער פּערזענלעכקייטן דאָס גרעסטע אָרט. גרינטלעכער קענער און ענטוזיאַסט פון וואַרשעווער יידנטום.

סימנים פון אָקאָפּעס, אַ שלאַכט־פעלד און אַן אָקסן־מאַרק, צו גרויס פאַר אַ פערשטאָט און צו קליין פאַר אַן אייגענעם אָפּגעזונדערטן גוף, אַ טויער קיין וואַרשע, אָבער פאַר אונדז יידן אַן עלטערע קהילה, זיך צוזאַמענגעקוועטשט, דאָרט ווו די אַלטע שול האָט זיך באַהאַלטן און דער אַלטער בית־עולם האָט זיך פאַרגראָבן — מיט גרויסע קראָמען און קליינע־קליינטשיקע געוועלבלעך, און ווו מען האָט געהאַט „פּראַוואָ" צו וווינען, ווען מען האָט נאָך נישט געהאַט קיין „פּראַוואָ" אין וואַרשע גופא, חוץ מיט פּריווילעגיעס, און אויף ירידים, און נאָר אין געוויסע גאַסן, ווי למשל, אין דויטש ביי קעלן, אין נאָך אַ סך פערשטעט ביי גרויסע שטעט, אַ שטייגער ווי: „תקן עצמך בפּרוזדור, כדי שתכנס לטרקלין" — געוואַרט דאָס ביסל יידן אין קאָרידאָר, און דערווייל דאָרט געכאַפּט קלעפּ...

און פאָרסטן פון וואַרשע קיין סראָצק, נאַשעלסק, פּולטוסק, ווי איך פלעג צו פאָרן מיט אַ בעל־עגלה איבער דער אַלטער בריק, איבער פּראַגע געברוקעוועט מיט אַלטע שטיינער, און טרייסלענדיק די געדערים, און וועט דאָס בײדל בלייבן שטיין אַ וויילע ביי אַ גרויסן זאַיאַזד מיט שפּייכלערס, מיט אַ ברייטער קרעטשמע, מיט געמויערטע אַלטע האַלב־דאָרפישע, האַלב־שטאָטישע כאַלופּעס, אין וועלכע עס וווינען האַלבע פּויערים אין קאַפּעלושן, שוין געכאַפּט אין וואַרשע, און ווו מיין אַלטער פריינד לייבקע דער קאָוואַל פלעגט זיצן דרויסן פאַר דער שמידעריי און קאָוועץ חנהס „לייבן", און די פונקען האָבן געשפּריצט אויף דער שטענדיקער בלאָטע, און אַרום זיינען געשטאַנען די קליינע יאַנעקס און מאַריסיעס מיט די פלאַקסענע האָר ביסטו אין שמולעוויזנע!

אויב דו ביסט כאָטש אַ שטיקל וואַרשעווער, ווייסטו דאָך וויסן, וואָס דאָס באַטייט. שמולעוויזנע האָט געהערט צו ר' שמואל זביטקעווער, געקומען פון זביטקעוו קיין פּראַגע, געהאַנדלט מיט צעלניק, מיט שניט־סחורה, דערנאָך געוואָרן אַ תבואה־הענדלער, געלאָדן שיפן אויף דער ווייסל קיין דאַנציג, באַרייכערט זיך אַליין און די שכנים; געקויפט וועלדער; אויפגעשטעלט טאַרטאַקעס; טראַנספּאָרטירט האָלץ אויף טראַטוועס, געבויט הייזער, געקויפט מאַיאָנטקעס, באַשעפטיקט אַ מאַסע מענטשן — אַ מין מאיר אנשיל (ס'איז געווען נאָך אַ ביסל פריער...) אין פּראַגע. ער האָט אויך געהאַט זיין „ווילהעלם דעם ניינטן לאַנדגראַף פון העססען־קאַססעל"; דאָס איז געווען פרידריך ווילהעלם, קעניג פון פּרייסן, וואָס האָט אים געגעבן אַ „פּריווילעגיע צו וווינען אין וואַרשע, אין דרום־פּרייסן, אין שלעזיען און נאָך אַנדערע מקומות". מן הסתם צוליב געשעפטן, ווו פּרייסן האָט אויך אָפּגעלעקט אַ ביינדל. אין אויסלאַנד האָט מען אַזאַ מין ייחוס גערופן „האָף־יודע", „האָף־באַנקיר" — אין פּוילן, בפרט אין יענעם דור, האָט דאָס געהייסן פּשוט אַ פּריווילעגיע. ר' שמואל, אַ ייד מיט באָרד און פּאות, אין אַ זיידענער יופּעצע מיט אַ גאַרטל, שטאַרק פאַרנומען מיט געשעפטן און מיט קהילה־זאַכן אין פּראַגע, פיל יידן געגעבן פּרנסה, אַ כל ולך ביי דער מלוכה, וואָס האָט זיך דעמאָלט געענדערט, אַ ביסל אַריינגעוויקלט אין דער נעץ פון יענע היסטאָרישע דראַמעס, האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס יידן האָבן אים ליב געהאַט. „גבאים זיינען געווען סאַרוועס אויף זיינע שמחות" — האָב איך אַלס קינד געהערט פון מיין זיידנס אַ תלמיד, ר' אברהמל אין פּראַגע.

פונדעסטוועגן וואָלטן מיר אַזוי געוווסט פון אַ ר' שמואל זביטקעווער, ווי מיר ווייסן פון אַנדערע טויזנטער גבירים, וואָס האָבן געהאַט פּריווילעגיעס. דאָס הייסט,

**מיר וואָלטן אפילו דעם נאָמען נישט געוווסט. אויב מיר ווייסן על כל פּנים עפּעס פון דעם דאָזיקן ר׳ שמואל, איז דאָס מכוח דער באַקאַנטער לעגענדע, וואָס איטלעך יידיש קינד אין וואַרשע ווייס, וועגן די צוויי פּעסלעך גאָלד, וואָס ר׳ שמואל האָט אַרויסגעשטעלט אין זיין הויף אין פּראַגע, אין יאָר 1794, בשעת סוואָראָוו האָט איינגענומען די שטאָט: אָ דוקאַט פאַר אַ לעבעדיקן ייד, אַ רובל פאַר אַ בר־מינן, און די קאָזעקלעך האָבן גענומען ברענגען סחורה — באַלד געבליבן צוויי ליידיקע פּעסלעך. אָ לעגענדע?**

**וואָס איז פּדיון־שבויים? וואָס איז מת־מצווה? נישט פּעסלעך גאָלד — דעם לעצטן טראָפּן בלוט האָבן זיך יידן אויסגעפּרעסט צו ראַטעווען אָ ברודער פון גזירה, צו ברענגען אָ יידישן בר־מינן לקבר ישראל! אַ געווײנלעכע זאַך! פאָניע האָט פאַרכאַפּט פּראַגע! (דאָס איז געווען מקדמונים אַ מקום מוכן לפורעניות!) אַן אורגאַן פון רציחות! די קאָזאַצקע נאַגייקעס (ווער געדענקט זיי ניט?) האָבן זיך צעבושעוועט. יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, די משוגענע בעסטיע האָט מען געקענט איינשטילן נאָר מיט איין מיטל — האָט ר׳ שמואל מפקיר געווען זיין גאָלד און מציל געווען אַ היפּש ביסל יידן. אויף וואָס זיינען דען יידן — יידן? אַנדערש וואָלטן מיר נישט ווערט געווען, אַז די ערד זאָל אונדז טראָגן.**

פון נחום סאָקאָלאָווס עסיי „אַלט וואַרשע״, „היינט״, יובל־נומער, וואַרשע, 1933.

# אברהם סוצקעווער

## י. ל. פּרץ



גלייך אַ קוואַל וואָס שלייפט זיך אָן דעם חושך אונטערערדיק,
יעדער מאָל אַלץ קלערער קלינגט אַרויף צו אונדז דיין קול.
האָסט פאַרוואַנדלט אין אַ באַרג אַ יאָמערדיקן טאָל,
און אַהין אַ רוף געטאָן דאָס פאָלק דערפרייט און ווערדיק.

נאָר דאָס פאָלק איז מיד געווען פון דורותדיקן קלעטער.
וויפל מאָל איז עס געבליבן שטעקן אין דער מיט!
האָסטו פון פאַרגאַנגענקייט אַ ליכט אַזאַ געשמידט
וואָס פאַרקניפּט זי ווי אַ רעגנבויגן מיטן שפּעטער.

און פון קונצנמאַכערס, פון משוגענע בטלנים
האָסטו אויסגעשטאַלטיקט אונדזער לעבן, אונדזער מיין,
ווי דער סקולפּטאָר, וואָס פון ווילדן גליווערדיקן שטיין
קנעט ער אויס אַן אויסגעטרוימטן גלייבנדיקן פּנים.

אונדזער ביסטו. פייגל צירלען דיין געזאַנג אויף דעכער.
קינדער מאַכן לעבעדיק דיין וואָרט מיט זייער הויך.
און בשעת מיר פרעגן: ווען מיר דערגיין דיין הייך?
ענטפערט אונדז אַ יום־טובדיקע שטים: אויב ניט נאָך העכער!

1941

(פון בוך: פּאָעטישע ווערק, באַנד 1.
ציקל: עפּילאָג צו וואַלדיקס. תל אביב 1963)

---

אברהם סוצקעווער — דיכטער און נאָר דיכטער, איינער פון אונדזערע גרעסטע און יינגסטע. געבוירן 1913 אין סמארגאָן, קינדער־יאָרן אין סיביר, זינט 1922 אין ווילנע. יאָרן פון דריטן חורבן אין געטאָ, שפּעטער — מיט פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. נאָך 1945 — מאָסקווע, וואַרשע, פּאַריז; זינט 1947 — מדינת ישראל. רייזעס: אַפריקע, אויסטראַליע, צפון און דרום־אַמעריקע. סוצקעווערס געזאַמלטע פּאָעטישע ווערק — דערשינען אין תל אביב אין צוויי בענד — 1200 זייטן — צו זיין פופציק־יעריקן יובל אין יאָר 1963. כאָטש אָפּט באַזוכט וואַרשע — איז סוצקעווער אַ ווילנער. אויף דער וואַרשעווער יידישער הימל־ליניע האָט ער געזען דעם גאָלדענעם טורעם: פּרץ. פּאַסן מיר דאָ אַין דאָס ליד ווי אַן איידלשטיין אין אונדזער אַנטאָלאָגיע. — — סוצקעווער איז דער רעדאַקטאָר (זינט 1947) פון דעם זשורנאַל פון יידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן „די גאָלדענע קייט“. אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור באַלאַנגט ער צו דער גרופּע „יונג־ווילנע“.

# ז. סעגאַלאָוויטש

## פיר לידער

### אַ ייד שטופּט אַ וועגעלע

א ייד שטופּט אַ וועגעלע און גיסט זיך אָפּ מיט שווייס,
ווייזט אויס—די לאַסט איז שווער, ווייזט אויס — די לאַסט איז גרויס.
אַ ייד מיט אַ געשטאַלט אַזאַ, ווי אָפּגעיאָגט פון ש״ס...
**אַ ייד. אַ טלית־קטן־ייד... איינגעשפּאַנט אין גאַס.**

דאָס וועגעלע איז שווער, ווי בליי, עס רירט זיך קוים פאָרויס,
וואָס דאָרטן ליגט אַוועקגעלייגט, דאָס זעט זיך נישט אַרויס.
די צרות אפשר פון דער גאַנצער וועלט... ווער ווייס?
אַ ייד שטופּט אַ וועגעלע און גיסט זיך אָפּ מיט שווייס.

---

### צו וועמען

שוין באַצאָלט פאַר שלאָפן און עסן,
די וואַליזעס פאַרמאַכט אויפן שלאָס...
דאָס וויכטיקסטע האָב איך פאַרגעסן —
צו וועמען איך פאָר און נאָך וואָס?

אַ צימער פאַראַן איז אין וואַרשע,
דריי מעטער די לענג און די ברייט,
האָב איך פון די ווענט דאָרט געירשנט:
דעם צער פון אַ הונט אויף דער קייט...

---

זוסמאַן סעגאַלאָוויטש — איינער פון די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע יידישע פּאָעטן, דערציילערס, ראָמאַניסטן, מעמואַריסטן — געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1884. זינט 1905 אין לאָדזש. 1919 זיך באַזעצט אין וואַרשע און געוואָרן אַ וואַרשעווער בלב ונפש. זיין היים איז געווען דער ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקיע 13; ער האָט די דאָזיקע „חברישע בודע״, ווי ער האָט זי גערופן, פון היימלאָזע און איינזאַמע, געבויט און כסדר פאַרשענערט; און נאָך דעם חורבן אין טרויער באַזונגען אין זיין פּראָזע־בוך „טלאָמאַצקיע 13״ נאָכן נאַציאָנאַלן אומגליק נאָר חורבן־לידער געשריבן — מ׳רופט אים: דער גרויסער מקונן... מחבר פון אַ גאַנצער פּאָליצע ביכער מיט לידער, נאָוועלן, ראָמאַנען. אין 1939 — איבער רוסלאַנד — געקומען קיין ארץ ישראל. אין 1948 און 1949 געוווינט אין ניו יאָרק, דאָ געשטאָרבן אין פעברואַר 1949. ער איז ממש אויסגעגאַנגען פון צער און בענקשאַפט נאָך די פאַרשניטענע יידן פון וואַרשע, וועגן וועלכע ער האָט מיט ליבע אָן אַ גרעניץ אין אַלע זיינע ווערק, אין ליד און אין פּראָזע, געשריבן.

## די בלומען־פאַרקויפערין

איך בענטש די איריסן, וואָס ווינקען פון קויש צו מיר בלוי,
איך בענטש די, וואָס האַנדלט מיט בלומען, די אָרעמע פרוי,
זי איז דאָ דער אָנזאָג דער לעצטער פון פרייד אויפן ראָג,
די איינציקע טרייסט אין דעם טרייסטלאָזן שטאָטישן טאָג.

זאָל זיין מיין מטבע פאַר איר אַ באַשיידענער לוין.
זאָל רוישן די גאַס און בלייבן זאָל בלינד דער המון.
אויב איינער בלייבט שטיין און שטרעקט צו די בלומען זיין האַנט,
איז שענער די וועלט שוין און קלענער, שוין קלענער די שאַנד.

---

## די לופט־ליניע וואַרשע־גדאַנסק

די ליניע וואַרשע־גדאַנסק, טאָג־טעגלעך אין דער פרי,
עס וועקט מיך אויף דער רעש, דעם מענטשנס מאָרגן־פלי.
די ליניע וואַרשע־גדאַנסק, וואָס גייט איבער מיין דאַך,
אויף נאָוואָליפּיע־גאַס און גאַסן נאָך אַ סך.

די ליניע וואַרשע־גדאַנסק. מיין שכן רייסט זיך אָפּ
פון פרומען שאָקלען־זיך און הויבט זיין תפילין־קאָפּ.
ער קוקט דאָרט אין דער הויך, ער קוקט אויף מיר גאַנץ־פרי.
מיט מיר איז גאָרנישט גוט... אָן תפילה און אָן פלי...

---

## וואַרשע



וואַרשע איז געווען דער צענטער פון מלוכה־לעבן פאַר די פּאָליאַקן. דאָ דער סיים, דער פּרעזידענט, דער קעניגלעכער שלאָס, ווו דער פּרעזידענט איז געזעסן. פון דאַנעט האָט מען רעגירט און פון דאַנעט איז געגאַנגען איינפלוס אויף פינף און דרייסיק מיליאָן בירגער. אָבער אין דער זעלבער צייט איז אויך וואַרשע געווען אַ יידישער צענטער. דאָ אין וואַרשע כמעט די גאַנצע יידישע פּרעסע. אין וואַרשע די גרויסע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, די בעסטע און ווירקזאַמסטע עסקנים. אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. רבנים, רביים. צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן פון גאַנצן פּוילישן יידנטום. און דער עיקר, דער האַנדל, די נאַלעווקעס מיט נאַלעווקער ראַיאָן, וואָס האָט פּראָדוצירט גאַלאַנטעריע פאַר די פינף און דרייסיק מיליאָן בירגער. נישט געווען קיין שטעטעלע אין לאַנד, וואָס איז נישט געווען פאַרקניפּט מיט וואַרשע. קיין וואַרשע איז מען געלאָפן נאָך סחורה און ביזן היינטיקן טאָג ווייסן נאָך נישט פיל, ווי אַזוי די יידישע וואַרשע האָט געהאָרעוועט.

אויף די בוידעמס און אין די קעלערס האָבן יידן געבייט און געשטעפט. די אַזוי גערופענע כאַלופניקעס זיינען געווען פאַרשוואַרצט געוואָרן, איידער זיי האָבן געבראַכט אַהיים עטלעכע גילדן. די נאַלעווקעס זיינען אין דער אמתן געווען איין גרויסע פאַבריק, צונויפגעגאָסן פון אַ סך גרעסערע און קלענערע אונטערנעמונגען.

וואַרשע פלעגט אויף די אויסלענדער מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. איינמאָל איז געקומען צו אונדז אַ רעדאַקטאָר פון אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג. ער האָט געבעטן, איך זאָל אים ווייזן די שטאָט. האָב איך אים אַרומגעפירט און געוויזן. צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט וואַרשע אָנגערופן: „פאַן וואַרשע".

די שטאָט האָט עפעס געהאַט אין זיך אַן אַריסטאָקראַטישן פאַרנעם, פאַרדינטער, ניט ניט פאַרדניטער יחוס, שטאָלץ, איינגעשלאָסנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט... וואַרשע, די פריציש־קאַטוילישע. די הונדערט־יעריקע רוסישע אָקופּאַציע האָט איר שטאָלץ נישט געבראָכן. מיצקיעוויטשעס דענקמאָל איז פאַרבליבן אויף „קראַקאָווער פאָרשטאָט" און אויבן־אָן. די פוילישע ליטעראַטור איז געוואַקסן, דאָס טעאַטער איז געוואָרן איינער פון די בעסטע אין אייראָפּע. וואַרשע איז געווען און פאַרבליבן דער צענטער פון יידישן גייסט, אָבער אין דער זעלבער צייט איז וואַרשע אויך געווען אַ יידישע שטאָט, מיט יידישע גאַסן און קוואַרטאַלן, מיט יידיש געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, מיט יידישע פרומקייט און וועלטלעכקייט. וואַרשע איז געווען, ווי צעטיילט אויף צווייען: אַ יידישע וועלט און אַ קריסטלעך־פוילישע וועלט. איך ווייס נישט אין אייראָפּע נאָך אַזאַ שטאָט פון אַזעלכע צוויי אויסגעשפּראָכענע קאָנטראַסטן. פאַריז איז אַ שטאָט פאַר אַלעמען, לאָנדאָן, כאָטש זי האָט אַ סך מינדערהייטן, זעט זי דאָך אויס, ווי פון איין טייג געקנאָטן, אַן ענגלישער טייג. די פאָגע לאָזט זיך אַראָפּ דאָרטן און גלייכט אַלעמען אויס. די סקאַנדינאַווישע שטעט זיינען דורך און דורך סקאַנדינאַוויש. נישטאָ קיין צומיש, אַלנפאַלס באַמערקט מען עס נישט. בודאַפּעשט איז מאַדזשיאַריש. די רוסישע צענטראַלע שטעט, ווי מאָסקווע, ניזשני־נאָווגאָראָד, טאַמבאָוו, אָריאָל, קאָזלאָוו, פענזא אַרענבורג, די אַלע שטעט זיינען עכט רוסישע. דאָס ביסל יידן פון דאָרטן האָבן אויך אָנגעטאָן פעלצן מיט גרויסע פוטערנע היטלען און זיי זיינען געווינלעך ענלעך צו דער איבעריקער באַפעלקערונג. אַנדערש איז עס געווען אין וואַרשע. פון אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט איינוווינער זיינען געווען כמעט פערציק פראָצענט יידן און פון די יידן האָט דער גרעסטער טייל געטראָגן אַ שוואַרצע קאַפּאָטע. אַ בגד, וואָס האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אַ בגד — אַ שאַרפע אָפּגעזונדערטקייט. אַ בגד פון אַן אַנדער וועלט. אַ בגד, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון עקשנות. די יידן אין די קאַפּאָטעס האָבן דאָך געלעבט גאָר אַן אַנדער לעבן. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז צענדליקער, פיל צענדליקער טויזנטער פון די דאָזיקע זיינען קיינמאָל אין קיין טעאַטער און קינאָ נישט געגאַנגען. זיי האָבן נישט געוווסט און נישט געוואָלט וויסן פון קיין קאַפע, פון קיין שלעפּן זיך אין די גערטנער. געהאַט האָבן זיי אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו זייערע משפחות און דאָס האָט זיי געקלעקט.

יידן האָבן נישט נאָר געוואַנדערט פון איין לאַנד אין צווייטן. אין איין און דער זעלבער שטאָט האָבן זיי אויך געוואַנדערט, געטראָגן זיך פון איין פלאַץ אויף דעם צווייטן. נישט געווען אין וואַרשע קיין איין קריסטלעכער קוואַרטאַל, ווו יידן האָבן

פריער נישט געווינט. אפילו די „יערוזאַלימסקע אַלעען", דער רייכסטער און עכט פוילישער פונקט. דאָרט ווו די „נאַלעווקעס" זיינען געשטאַנען, איז אַמאָל געווען אַ קריסטלעכער קוואַרטאַל, מיט קלויסטערס, מיט אַ קריסטלעכן בית עולם. אין ראַם פון דער פוילישער מלוכה איז געווען אויך דאָס יידישע געשטאַלט, אין לאַנדשאַפט, אין אַלע וויכטיקע מאָמענטן, אין אַלע קלייניקייטן, אין תבואה־האַנדל און אין פאַבריקאַציע, אין קונסט, ליטעראַטור, אַרכיטעקטור. די וואַרשע... די וואַרשע איז געבויט געוואָרן אין אַ שותפות. דאָך געלעבט האָט מען אין אַ באַזונדער. „אָי־דאנא" האָט זיך קיינמאָל נישט צונויפגעגאָסן מיט אַ חסידישן ניגון. אַזוי האָט געוואָלט דער טויזנט־יעריקער וועג אונדזערער. יעדער דור האָט אויסגעשפּיגן אַביסל אַסימילאַציע און איז געגאַנגען ווייטער מיט דער פולער יידישקייט. גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף די צוויי מענטשן־שטראָמען פון דער וואַרשע און צו זען דעם שטאַרקן קעגנזאַץ. איין שטראָם איז אַ גרעסערער, אָבער דער צווייטער האָט געהאַט עקשנות, וואָס איז פון דורות געהייליקט. בלינד און שלעכט זיינען געווען די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דרך ארץ פאַר אונדזער עקשנות. אויסלעבן זיך ווי יידן, האָט די עקשנות געהייסן. יידן האָבן צו לאַנג שוין געלעבט צווישן אַנדערע און זיי האָבן ביי די אַנדערע פאַר קיין פאַל נישט געפונען דאָס „בעסערס", פאַר וועלכן עס לוינט צו פטרן דעם אייגענעם „איך".

אומעטום האָט מען געזען דעם קאָנטראַסט: אין די גערטנער אויף די זומער־וווינונגען אַרום וואַרשע, אין די אָטוואָצקער סאָסנע־וועלדער האָט מען אין אַ קאַפּאָטע שפּאַצירט און די ביימער האָבן נישט געמאַכט קיין צוימען. דער רעגן האָט פאַר אַלעמען געגאָסן, דער שניי האָט אַלעמען געגעבן זיין ליכטיקע ווייסקייט. טויט און לעבן איז פאַר אַלעמען צוגלייך, נאָר די ענג־האַרציקייט פון די פלאַך־קעפּ, די שנאה און די קנאה זוכט צו געפינען דעם צווייטנס זינד, זוכט און געפינט...

אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע, אויף ניי־וועלט, אויף אַלע קריסטלעכע גאַסן האָט געהערשט דער מאָדערנער בגד און אויף די נאַלעווקעס און פראַנציש־קאַנער, אויף גענשא און דזשיקע האָט געפּאַליעט די שוואַרצע יידישע קאַפּאָטע. דאָרט, ראַזירטע מענטשן מיט שפּיציקע וואָנסעס, און דאָ — יידן מיט בערד. גרויסע מחנות מיט בערד, אויף די גאַסן, אין די טויערן, אין אַלע קראָמען, אויף די טראַמווייען, אויף דראָזשקעס. דאָס זיינען באמת געווען פּאַטריאַרכאַלע, נישט מאָדערנע קוואַרטאַלן, עקזאָטיש פאַר אַ פרעמד אויג און גלייכגילטיקע צוגעוווינטקייט פאַר אייגענע. זיי אַליין האָבן זייער לעבן באַהאַלטן. פרעמדע און אייגענע האָבן זיך זייער ווייניק באַמיט צו זען אַביסל טיפער.

אַ סך מאָל האָב איך זיך געלאָזט איינרעדן, אַז איך בין נישט קיין שותף צו דער טומלדיקער ענגשאַפט פון אונדזער גאַס, אַז מיינע אַספּיראַציעס זיינען גאָר אַנדערע, העכערע, ווייטערע, מען האָט זיך אויפגעהויבן אויף איינגערעדטע הויכקייטן, אָפּגענאַרט זיך אַליין און געוואָלט לויפן, לויפן פון די מנחם־מענדלס און איטשע מאירס... און איך בין געלאָפן, אָבער ס'איז דאָך גענוג געווען צו זיצן צוויי־דריי חדשים אין פּאַריז אָדער אין לאָנדאָן. אַ בענקשאַפט און אַן אומרויקייט פלעגט מיך אַרומנעמען. איך האָב געבענקט נאָך דער לאַנדשאַפט, פון וועלכער איך האָב געצויגן מיין יניקה. יעדער מענטש אָטעמט מיט זיין אַרומיקייט. איינעם איז באַשערט געווען געבוירן צו ווערן אין נעאַפּאָל, דעם צווייטן אויף טאַיטי און דעם

דריטן אין ביאַליסטאָק, אָבער יעדער לאַנדשאַפט פלאַנצט זיך איין אין דער נשמה אויף שטענדיק. מיט צוואַנגען קאָן מען עס נישט אַרויסרייסן. דאָ רעדט זיך נישט בלויז וועגן אַ ליידיקן שטח, וואָס האָט ווייטקייט און ברייטקייט, דאָ רעדט זיך וועגן סביבה.

מען קאָן זייער לאַנג שטיין און באַוווּנדערן דעם „פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד", דאָס האַרץ נעמט האַסטיקער קלאַפּן, ווען מען קוקט זיך צו צו דער באַלויכטענער באַוועגונג פון דער ביינאַכטיקער „פּיקאַדילי" אין לאָנדאָן, אָבער דאָס זיינען בלויז איבעררעשנדיקע מאָמענטן. אין האַרצן איז דיר פרעמד דאָס פריילעכע פּאַריז און עס דריקט דאָס אימפּאָזאַנטע לעבן פון לאָנדאָן. געזוכט האָב איך אויך דאָרט די סביבה מיינע; אַ האָטעל פלעג איך נעמען אויף דער „ריוואָלי", אָדער אויף ווייטשעפּל, געווען בין איך מיט יידן און געוואָלט זיין מיט זיי, אָבער צו דער היימישער סביבה פון אַ וואַרשע איז דאָס ווייט נישט געקומען...

אין וואַרשע פלעגט מיך אויפוועקן צום טאָג אַ יידישער קלאַנג אויפן הויף, ווי נאָר דער טויער איז געעפנט געוואָרן, איז שוין געווען אַ בעלן עפּעס צו קויפן, אָדער פאַרקויפן — האַנדל, האַנדל!

אָט דאָס וואָרט, דער צוויי־זילביקער קלאַנג „האַנדל", האָט געהאַט פאַרשידענע ניואַנסן און איבערגאַנגען. איינער פלעגט עס אויסרעדן זייער שנעל און דער צווייטער פלעגט עס פונאַנדערציען זייער מעלאָדיש, זייער דין. דאָס וואָרט פלעגט קלינגען, ווי זילבער. דאָס וואָרט מוז אויפוועקן און רופן. ליידער, קאָן מען זיי, די קלאַנגען מיטן שרייבן נישט איבערגעבן. אומעט און צער, אַ שפּאָר ביסל נישט דערזאָגטער ווייטיק איז געווען באַהאַלטן אין די אַלע הויף־קלאַנגען. פון די אַלע אויסרופן, געזאַנגען און וואָרט־בקשות וואָלט אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר זיכער געקאָנט באַשאַפן די סימפאָניע פון אונדזער טאָג־טעגלעכקייט.

איך יידענע פלעגט באַזוכן אונדזער הויף יעדע פּאָר טעג. אין פּנים האָב איך זי קיינמאָל נישט געזען, נאָר איך האָב זיך פאָרגעשטעלט איר אויסזען, לויט די עטלעכע פראַזן, וועלכע זי פלעגט אַרויסוואַרפן אין דעם צוים פון דער געמויערטער פירקאַנטיקייט, אין הויף אַריין. די פראַזן זיינען דערגאַנגען צו אַלע פענצטער:

— „אַלטע ברויט, אַלטע חלות... וואַרפט אַראָפּ!"

נישט מער, און די קורצע פראַזעלעך, האַלב געזונגען און האַלב דעקלאַמירט, צאַרט זיינען געווען די קלאַנגען, ווי געזאַנג פון אַ פאַרשמאַכטער פרוי, ספּעציפיש יידיש, טייטש־חומש און געבעט, דלות אין זיין באַשיידנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט — אַלץ האָט אינספּירירט אין דער דאָזיקער מעלאָדיע. האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גרויע ווענט זיינען העלער געוואָרן, אַז דאָס גרויזאַמע לעבן איז מילדער געוואָרן. און ווער ווייסט, איך רעכן כמעט אויף זיכער, אַז די ערשטע הויף־קלאַנגען פון פרימאָרגן האָבן מיר מער ווי איינמאָל שטימונג געגעבן אויף אַ גאַנצן טאָג. ווי האָט זי אויסגעזען, די יידענע? אוודאי, ווי מיין אַלטע מומע לאה אָדער ווי אַן אַנדערע קרובה...

מחנות פלעגן זיי דורכגיין איבער אונדזערע הויפן, שליחים פון נויט און אָרעמקייט, פון די ווייטסטע געסלעך פלעגן זיי קומען זוכן גראָשענע פרנסות פון האַנדלוואַנדל, פון לופט, פון אריינשרייען אין די פאַרמאַכטע און אָפענע פענצטער.

זיי האָבן געהאַט ספּעציפישע אויסדרוקן, זיי האָבן אונדזער שפּראַך געלערנט.

פון די קעלערס און ענגע שטיבלעך האָבן זיי פאַרגעסענעם פאָלקלאָר געבראַכט, לידער און תפילות, געזאַנגען פון דלות און אומקום. רחמים און אפילו דראָונג פון די דערשלאָגענע, אַלץ האָט אָפּגעקלונגען אין זייערע אַרויסרופן פון די פירקאַנטיקע וואַרשעווער הויפן פון יידישן קוואַרטאַל. זיי האָבן גערופן צו אייגענע, זיי האָבן אַפּעלירט צו קאַלטע און וואַרעמע הערצער.

יעדער סעזאָן האָט געהאַט אַנדערע האַנדל־וואַנדל טרובאַדורן, זיי האָבן אָנגעזאָגט, ווען אַ יום טוב קומט, זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז דאָס פאָלק ישראל לעבט און צוזאַמען מיטן פאָלק לעבט דער גרויסער, ליבהאַרציקער דלות. קיין רו האָט מען פון דעם יידישן דלות נישט געהאַט. פונדעסטוועגן איז ער טייערער געווען פון די גאָלד־זעק פון עגאָיסטישע גבירים. דער דלות איז איינפאַלעריש אין גראַנגל און פרנסה־זוכעריי. זיי האָבן אַלע געהערט צו מיין לאַנדשאַפט, אַ טייל פון אים געווען מיט זייערע לאַטעס און שמאַטעס, מיט זייער דלות און לעבנסלוסט, האָב איך זיי נישט געקאָנט אויסטיילן פון מיין סביבה, נישט אויסמיידן און נישט פאַראַכטן, נאָר מיטנעמען אומעטום אין געדעכעניש...

אין מיין לעבן איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז לאַנגע יאָרן נאָכאַנאַנד האָב איך זיך געפלאָנטערט אין אונדזערע ענגע גאַסן און איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם שווערן געראַנגל פון אונדזער דעקלאַסירטן עולם. הונדערטער מאָל האָב איך געזען, ווי יידן מיט קאָשיקעס אַנטלויפן מיט שרעק, מען האָט באַמערקט אַ פּאָליציאַנט פון דערווייטן, איז מען געלאָפן... דאָס האַרץ פלעגט ביי מיר ערגעץ אין אַ פינצטערניש אַראָפּפאַלן, ווען די יידן מיט די קאַפּאָטעס האָבן זיך געפלאָנטערט אין זיך אַליין, געלאָפן מיט אָפענע מיילער, מיט ברייט געעפנטע אויגן, געלאָפן און געפאַלן געלאָפן, און פאַרלוירן אין לויפן אַ טייל פון דעם פאַרמעגן: שאַליקעס, געטרעס, קעמעלעך, שאָקאָלאַדקעס, שאַכטלעך מיט שוואַקס, בענדלעך צו די שיך, שלייקעס...

און אין צען מינוט שפּעטער, מען שטייט שוין ווידער אויף די זעלבע פּלעצער, מען רופט קונים, מען פאַרקויפט עפּעס און מען האָט אַזעלכע אומעטיקע אויגן... אָ, די דאָזיקע אויגן האָבן דעם עמפּינדלעכן מענטשן גערופן צו זיך. אויגן פון דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט נישט געהאַט קיין באָדן אונטער די פיס. מיט עטלעכע דורות פריער איז ביי יידן געווען אַ חרפּה צו גיין אין פאַבריק, איז איצט שוין צו שפּעט געווען: דער פויער איז געקומען פון דאָרף און ער איז איך שטאָט געוואָרן דער פאַבריקס־אַרבעטער, דאָך האָבן זיך די יידן נישט אונטערגעגעבן, מען האָט איצט געוואָלט אַרבעטן, געזוכט און אַ סך האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין פאַרשידענע פאַכן. עס זיינען געווען צווייגן פון דער קליין־אינדוסטריע, ווו יידן זיינען פאַרטראָטן געווען אין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטער יידישער פּראָלעטאַריאַט. אין די פענצטער פלעג איך אַריינקוקן. דאָ האָט מען וועש גענייט, דאָרט געפלאָכטן שטרויענע קאַפּעליושן, פאַראַסאָלן, מאָדערנע שירעמלעך, רידיקיולן, טשעמאָדאַנעס. יידן האָבן זיך מיט געוואַלד געריסן אין פאַבריק אַריין. די פאַרשימלטע פּסיכאָלאָגיע פון שעמען זיך מיט אַרבעט איז געבראָכן געוואָרן. נאָר נישט מיט סטאַטיסטיק און עקאָנאָמישע אונטערזוכונגען פאַרנעם איך זיך דאָ. מיך האָט שטענדיק געצייגערט

דער גאַנצער שטראָם. אַ ים אַ גאַנצער, אַ וועלט מיט פּאַרנעם, מיט ווילן. געשלאָגענע מענטשן, אָבער נישט קיין דערשלאָגענע.

דאָס פּנים פון דער קאַטוילישער וואַרשע האָט זיך אויסגעטיילט און פּאַרמירט אין דעם זונטיק, ווען דער גרויסער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון די קלויסטערס... דער עולם האָט דאַן פריילעך און רוישיק שפּאַצירט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקא, אויף נאָווי־שוויאַט, אין די אַלעען ביז צום פּאַלאַץ בעלוועדער. פרייליך, לעבעדיק ביז ווויליונגערישקייט, זאָרגלאָז אויפגעמונטערט. פאַר זיי זיינען געווען אָפן פיל שענקען, קאַפע־הייזער, קינאָ־זאַלן, טעאַטער און צירק. זיי האָבן געהאַט גענוג פאַרווײַלונג...

דאָס פּנים פון דער יידישער וואַרשע האָט זיך רויק אויסגעטיילט אין דעם שבת. דאַמאָלט האָט אַ האַלבע וואַרשע פאַרמאַכט אַלע קראָמען. דאָס עכט־יידישע וואַרשע האָט זיך גענומען מנוחה. אין דעם גרויסן ראַיאָן פון די נאַלעווקעס, אויף פראַנציסקאַנער גאַס אויף מוראַנאָוו, אויף דער גענשע און דזשיקע, אויף די נאָוואָליפּקעס, אויף סמאָטשע און פיל צענדליקער אַנדערע גאַסן — דאָ זיינען נישט געווען קיין אָפענע שענקען, נישט געווען קיין קאַפע, קיין קינאָ, אַלץ פאַרשלאָסן, ליידיק... פלעגט פאַרבייגיין אַ ייד אין זיין שבתדיקן בגד, איז דאָס געווען אַ וויכטיקע פיגור, אימפּאָזאַנט מיט זיין אויסזען, מיט זיין רויק שפּרייזן. ווער וואָלט עס גלויבן, אַז דער זעלבער איז נעכטן מיט אַזאַ משונהדיקן אימפּעט געלאָפן איבער די זעלבע גאַסן. דאָס איז געווען גאָר אַ באַזונדערע וועלט, די צווייטע וועלט פון וואַרשע. אויסטערליש אַנדערש, ווי די ערשטע האַלבע וואַרשע, וויניקער קאָלירן, אָבער מער אינהאַלט. טיפער אין איר שוויַיגן.

צוויי וועלטן — זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט צונויפגעגאָסן. די יידן אין די קאַפּאָטעס, ווען זיי וואָלטן געלעבט אין לאָנדאָן, צי אין פּאַריז, וואָלטן זיי זיך אויך דאָרטן נישט צונויפגעגאָסן מיט די אָרטיקע מאַסן. אַזעלכע זיינען זיי שוין געווען: פעסט אָפּגעזונדערטע, שטרענג דערוווייטערטע פון אַנדערע. זיי שוועבן פאַר מיר און איך שטעל זיך נאָכאַמאָל די האַרבע פראַגע: פאַרוואָס האָבן זיי נישט אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטעס? פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט אויף אַביסל דערנענטערט צו די אַנדערע? אויף דעם, דאַכט זיך מיר, איז פאַראַן איין ענטפער: זיי האָבן נישט געגלויבט, זיי האָבן נישט געגלויבט אין אַלע הומאַניסטישע פראַזן, נישט געגלויבט אין דער ציוויליזאַציע, נישט געגלויבט אין אַלע נייע דערפינדונגען. אָט די „פינצטערע מאַסע" האָט געהאַט גענוג ליכט אין זיך צו זען, ווי מענטש נאַרט מענטש, ווי שלעכט מענטש איז. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּנאַרן און דערפאַר האָבן זיי זיך אָפּגעזונדערט. זיי האָבן איינס געפילט, אַז אָן שותפות מיט גאָט און געטלעכקייט וועט מענטש־חיה גאָרנישט דערגרייכן.

פון די ביכער: טלאָמאַצקע 13, בועגאָס איירעס, 1946
און — ז. סעגאַלאָוויטשן — וואַרשע, 1938

# חיים סעמיאַטיצקי

## וואַרשע



ס׳ליגט דער יאָך אויף דיר, שטאָט,
צוגעשמידט צו דיינע שטיינערנע פּלייצעס,
גייסט אין שפּאַן פון הונדערטער שטעט,
און אַ בייזער יאַט, אַ שמייסער, האַלט די לייצעס.

דער הימל, ווי שווערע צינערנע בלעך,
איז צוגעקאָוועט צו דיינע דעכער,
אונטער אַזאַ הימל ווערן אין די קעלערס און אין די בוידעמלעכער
פון מאַמעס — זונות — און פון טאַטעס מעסער־שטעכער.

דיינע הויפן ליגן ביינאַכט אין אָרעמע קוואַרטאַלן,
ווי שוואַרצע קאַסטנס שווערע, איבערגעקערטע
שטיקער הימל, אויסגעשטערנטע
זייער דנאָ.
פינקלען די שטערן, ווי שטיקער גלאָז אין מיסטקאַסטן,
אַנטקעגן דער זון דער הויכער פון דער מיטאָג־שעה.

און מענטשן גייען אויף דיינע גאַסן אום,
ווי שיפלעך אומצאָליקע פון אַ גיגאַנטישער וועב־מאַשין,
אַלע מיט אויגן צו דער ערד,
ס׳וויל נישט קיינער אויפהויבן אויגן העכער פון זיין דאַשעק —
אַלע ציען זיך אַהער,
נישטאָ קיין אַהין.

פונעם בוך: „אויסגעשטרעקטע הענט“, וואַרשע 1935

---

חיים סעמיאַטיצקי — פּאָעט, געבוירן אין אַ שטעטל אין ביאַליסטאָקער קרייז אין יאָר 1908. זינט 1929 אין וואַרשע. 1939 אַוועק אויף מזרח. אומגעקומען אין ווילנע, 1942. דער שטילסטער אין דער וואַרשעווער יידישער דיכטער־משפחה. דינע, מיסטישע לידער. קליינע ביכער־זאַמלונגען. תלמיד חכם — געקענט זיך דערשלאָגן צו אַ בעסער לעבן, אויסגעקליבן די נויט ווי אַ גורל — נישט אויסצומיידן. יוצא ונכנס ביי הלל צייטלין הי״ד.

# יענטע סערדאַצקי

## די פראַגע

א וואַרשעווער בילד פון קריגס־צושטאַנד צייטן — 1904־1905

**ער איז נישט קיין איינגעמאָלדענער, און האָט זיך נישט געהאַט מיט וואָס איינ־צומעלדן. אָן פּאַפּירן איז ער צומאָרגנס געקומען אויף אַ „פאַרזאַמלונג", שפּעט האָט זי זיך געענדיקט — און ער האָט דעם צוג פאַרשפּעטיקט. טיר און טויער זיינען פאַרשלאָסן. ער האָט פיל באַקאַנטע, פיל ערטער ווו צו נעכטיקן, נאָר היינט לאָזט מען קיין „פרעמדע" נישט אַריין...**

**ער וועט דורכשפּאַצירן די נאַכט. ביי 18־19 יאָר, איז עס נישט געפערלעך.**

**קאַלט און נאַס־נעפּלדיק איז די נאַכט. ער שטעלט דעם קאָלנער אויף און אי־בער שטילע, ליידיקע גאַסן שפּרייזט ער איינער אַליין. עס הערט זיך דאָס צישען פון די ציטעריקע פלעמלעך אין די לאַמטערן — ער פאַרטראַכט זיך אינעם גאַנג:**

**— הייסע צייטן... פאַרלאַנגען מאַסן קרבנות!**

**ער טראַכט וועגן קריג און זיג און אין נעפּל קעגן אים וויגט זיך עפּעס אויף, עפּעס בלאַנקט אינעם נעפּל און עס דערהערן זיך שווערע טריט.**

**— אַ פּאַטרול! — באַמערקט ער צו שפּעט און וואַרפט דערשראָקענע בליקן רעכטס און לינקס. אַלע טויערן זיינען צו —**

**אין דער סעקונדע רירט אים עמעץ אָן ביים אַקסל:**

**— קומט מיט מיר!**

**— קומט מיט מיר!**

---

די דערציילערין יענטע סערדאַצקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטעטל ביי קאָוונע אין יאָר 1879. שוין אַלס מוטער פון קינדער איז זי געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1904 און דאָ — דערמוטיקט דורך י. ל. פרץ — האָט זי אָנגעהויבן שרייבן אירע קורצע סענטימענטאַל־קאָנטעמפּלאַטיווע דערציילונגען, דער עיקר פון לעבן פון אומגליקלעכע, איינזאַמע פרויען. פון יאָר 1907 ביז איר טויט — אין מיי 1962 — האָט זי געוווינט אין ניו יאָרק, אָן אייביקן קריג מיט אירע רעדאַקטאָרן און —דעם פועל יוצא דערפון — אייביקער נויט. אין יאָר 1913 איז דערשינען די איינציקע זאַמלונג פון אירע דערציילונגען. די סקיצע „די פראַגע" — אַ וויטער בת קול פון די אידעאַליסטישע, נאַיווע, גלויביקע יאָרן צווישן יונגע מענטשן אין יידישן וואַרשע פון אַמאָל. די עטלעכע־און־צוואַנציקיעריקע יענטע סערדאַצקי האָט בשעת אירע וואַרשעווער יאָרן געהערט צום דעמאָלטיקן ליטעראַרישן קרייז, צו־זאַמען מיט אברהם רייזען, נאָמבערג, שלום אַש א. אַ.

און עמעץ נעמט אים אונטער דער האַנט און פירט אים צו צום נאָענטסטן טויער.

אין זעלבן מאָמענט דרייט זיך איבער דער שליסל אין שלאָס, קענטיק מען האָט געוואַרט און באַלד פאַרמאַכט זיך הינטער זיי צוריק דער טויער.

— גערּאַטעוועט! איז זיין איינציקער געדאַנק.

— עס מוז זיין — וועקט זיך אַ צווייטער — איינע פון יענע... נאָר ער פאַר־בעסערט זיך:

— פון די אומגליקלעכע קרבנות אויפן מזבח פון דער געזעלשאַפטלעכער אָר־דענונג!... ענדיקט ער און גייט איר נאָך.

ער קומט אין אַ קליין שטיבל אַריין.

מיט איין בליק נעמט ער אַרום דאָס גאַנצע כלי בית.

אַן אייזערן בעטל — צוויי שטולן — אַ קליין טישל — אַ קאָמאָד. דערויף אַ לעמפל אונטער אַ ראָזעווען אַבאַזשור. — אויפן טישל — רעשטלעך פון פאַפי־ראָסן, אַן אויסגעליידיקט „מאַנאַפּאָל"־פלעשל. —

עס ווערט אים אומהיימלעך.

— וואָס קוקט איר אייך אַזוי אַרום, טייבעלע!

וועקט אים אַ הייזעריקע שטים.

ער הויבט די אויגן אויף:

זי איז הויך, אפילו אַביסל איבערגעבויגן, מאָגער. דאָס פּנים פאַרפּודערט, טראָגט אַן אַלט שוואַרץ קליידל און אַ ווייסע נישט צוגעשפּילעטע בלוזע — אין ווינקל פון מויל — אַ ברענענדיקער פּאַפּיראָס. — רעדנדיק, שיט זי אַש מיט פונקען. עס ווערט אים אומהיימלעכער.

— אַ רייסנדיקע שטים — טראַכט ער מיט אָפּשיי. איבערן אומשולדיקן פּנים פאַרציט זיך אַ צעשראָקענע מינע.

עס טרייבט אים פון דאַנען, נור אַוועק, אַוועק, ער וואַרפט דעם בליק צו דער טיר.

דאָס רחמנות אָבער וואַקסט אין אים:

— וואָס איז זי שולדיק? אַן עלנטע, פאַרפירטע שוועסטער...

— טייבעלע מיינס — שלאָגט זי אים די געדאַנקען איבער — עס איז שפּעט.

ער דערפילט איר האַנט אויפן שטערן.

ער ווערט פאַרציטערט: די שטים רייסט, די האַנט איז פייכט און קאַלט.

— דאָס איז אַ זינד, — שטראָפט ער זיך אַליין — מיינער אַ ברודער — אַ מאַנספאַרשוין האָט זי פאַרפירט — די עקאָנאָמישע לאַגע — — —

— עס איז שפּעט — און מען דאַרף נאָך געלד פאַרדינען — וועקט זי אים.

— די אָרעמע שוועסטער — איז זיין רחמנות גובר — מען דאַרף זי ראַטעווען!

— איך בלייב דאָ!

— איבער נאַכט?

ער שווייגט.

— און געלט? — שטייט זי צו.

קיין געלט האָט ער נישט, ער כאַפּט אַרויס זיין זילבערן זייגערל און דערלאַנגט איר מיט אַ ציטעריקער האַנט:

— איך וועל דאָ איבערנעכטיקן!

זי נעמט דאָס זייגערל און באַטראַכט עס, און שאַצט עס מיט די אויגן.

ער פאַלט אויף אַ שטול; זי זעצט זיך קעגן אים אויפן בעט, צעוואַרפט די האָר. פאַרוויכערט אַ פרישן פאַפיראָס — דורך מויל און נאָז־לעכער שפּאַרט דער רויך.

ציינד וועט ער רעדן מיט איר.

— פון וואַנען זייט איר? וויל ער פרעגן און פרעגט נישט. ער פאָרכט זיך פאַר איר ענטפערן. פאַר איר רייסנדיקער שטים.

— זי איז דאָך אומשולדיק! מוסרט ער זיך — עס איז מיין פליכט — דאָס פאַלשקייט פון די מענער... און הונגער, און נויט — איך בין מחויב —

ער הויבט זיך אויף פון שטול, מאַכט אַ פּאָר טריט צו איר זייט...

זי ענטפערט דערויף מיט אַ שמייכל. עס געפעלט איר זיין שלאַנקע, יונגע, קרעפּטיקע געשטאַלט — אַ „פרישער" טראַכט זי; זי וויל אים צוגעבן מוט און ווינקט צו אים מיט די אויגן, און לאָזט אַרויס אַ ווויל־יונגערישן פייף.

און אים באַפאַלט צוריק דאָס געפיל פון עקל און גרויל, מאַכט הינטערוויי־לעכץ עטלעכע טריט; און פאַלט צוריק אויפן בענקל פון האַרץ נאָגנדיקער חרטה.

— פאַרוואָס רעד איך נישט צו איר? פאַרוואָס פּרוביר איך זי נישט ראַטעווען... גאָט — וואָס פאַר אַ נשמה עס קוועלט אין איר.

ער רייסט זיך נאָך אַמאָל אויף, גייט צו איר צו מיט אַן אימפּעט, כאַפּט זי אָן ביי דער האַנט...

— שוועסטער, וויל ער אָנהויבן — ער קומט אָבער נישט צום וואָרט:

אַזוי! רופט זי אויס מיט נצחון — און בויגט, פאַרוואַרפנדיק אים די האַנט איבערן האַלדז, זיין קאָפּ צו איר ברוסט — —

ער רייסט זיך אויס און אַנטלויפט.

— און ווען זי וואָלט יונג, פריש און שיין געווען? — פרעגט ער זיך אויף די פינצטערע טרעפּ . . .

פון בוך: געקליבענע שריפטן, ניו יאָרק 1913

# מרדכי ספעקטאָר

## אַ יונגע פּאָר

(פון די „באַקאַנטע בילדער" פון וואַרשעווער יידישן לעבן)



### ער:

**פריילין פעליע גלאַנצשטיין פון די נאַלעווקעס איז אַ כלה פאַר איצע מאירל בוימפלעק פון דעם גזשיבאָוו. זייערע עלטערן — די מחותנים זיינען חסידים פון איין רבין און די מחותנותטעס טראָגן צוויי געלע פאַריקן אַנגערוקט ביז די אויגן, כאָטש די ברעמען פון דעם חתנס מוטער זיינען שוואַרצע.**

**דעם חתנס טאַטע ר׳ אברהמצי וווינט אויף דעם גזשיבאָוו, האָט געלט און לייט אויף היפּאָטעקן. און דער כלהס טאַטע ר׳ לייבוש גלאַנצשטיין וווינט אויף די נאַלעווקעס, האָט געלט און לייט אויך אויף היפּאָטעקן.**

**גלייכע מחותנים.**

**ווען איצע מאירל איז אַלט געוואָרן פינף יאָר, האָט מען אים אָנגעטאָן אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ ברייט היטל. לאַנגע שוואַרצע פּאהלעך זיינען אין די פינף יאָר אויך אויסגעוואַקסן. אין שטיבל פלעגט אים שוין דער טאַטע מיטנעמען ווען ער איז אַלט געווען פיר יאָר און צו אַכט יאָר פלעגט ער שוין מיט זיין דין קולכל**

---

מרדכי ספעקטאָר — איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע יידישע שרייבערס, אַ ראָמאַניסט, נאָוועליסט און רעדאַקטאָר, אַ מיטצייטלער פון די דריי קלאַסיקערס, איז געבוירן געוואָרן אין אומאַן, קיעווער גובערניע, אין יאָר 1858. וווינט, בידעווטט און לערנט יידישע און וועלטלעכע לימודים אין אַלערליי רוסישע שטעט, ביז ער דעביוטירט אין יאָר 1883. פון יאָר 1887 ביז דעם יאָר 1914 וווינט ער אין וואַרשע, גיט דאָ אַרויס אי גרויסע ראָמאַנען און אי קליינע דערציילונגען־ביכלעך פון יידישן פאָלקס־לעבן, פאָלקסטימלעך באַשריבן. רעדאַגירט אַלערליי צייטשריפטן, צווישן זיי די פּאָפּולערע יאָרביכער „דער הויזפריינד". חברט זיך מיט פרצ׳ן, זעצט אפילו פאָר זיינע „יום טוב־בלעטלעך" אונטערן נאָמען „וואָכעדיקע בלעטלעך". אַן אומצאָל וואַרשעווער טיפּן וואַנדערט דורך ספעקטאָרס דערציילונגען. זיין באַרימטסטער ראָמאַן „דער יידישער מוזשיק" האָט משפּיע געווען אַ פאַרשטאַרקטע יידישע איבערוואַנדערונג אין דאָרף און קאָלאָניעס. פון 1914 ביז 1921 — אין אָדעס. פון דאַן ביז זיין טויט אין יאָר 1925 — אין ניו יאָרק. מיר ברענגען דאָ ספעקטאָרס אַ שטייגער־בילד פון וואַרשעווער חסידישן משפחה־לעבן פון סוף 19־טן י. ה.

העלפֿן זינגען די ניגונימלעך און מיט די קליינע פיסעלעך טאַנצן די חסידישע טענצלעך. צו דרייצן יאָר האָט מען אים מיטגענומען צום רבין. איצע מאירל האָט געלערנט אין חדר, דערנאָך ביי אַ רבין צו הויז. צו זעכצן יאָר איז ער אַריין צום טאַטן אין געשעפֿט און שוין באַקומען אַלע תנועות ווי דער טאַטע. דער רוקן אַ ביסל איינגעהויקערט, דאָס קול פֿאַרגרעבט, אין גאַס גייט ער נישט, נאָר ער לויפֿט ווי אַ צעטראָגענער, פֿאַרטשעפּעט זיך אין יעדן,שנייצט די נאָז און שפּייט פֿאַר זיך און איז מבטל יעדן יידן וואָס גייט אין אַ קאַפּעליוש.

איצע מאירל איז שוין אַ גרויסער בחור און שפּילט אַליין אַ ראָליע אין שטיבל.

אין פֿרייער צייט, ווי שבת, יום טוב ביים טיש, פֿלעגט איצע מאירל אַמאָל זאָגן מוסר אפֿילו זיין אייגענעם טאַטן:

— עפּעס, טאַטעשי, האָסטו אָנגעהויבן ווערן אַ שוואַכער חסיד, זאָגט איצט מאירל מיט אַ געלעכטערל.

— מיט וואָס אַ שטייגער, מאירל? — פֿרעגט ר׳ אברהמצי.

— איך ווייס? — ווערטלט זיך מיט אַ געלעכטערל איצע מאירל צו זיין טאַטן —דו האָסט זיך אָנגעהויבן קליידן נישט אַזוי יידיש. אָט האָסטו אָנגעהויבן טראָגן אַ היטל מיט אַ קליינער דענטע, עפּעס ווי אַ פּאַצעטיש היטעלע און פֿאַרגעסט אַמאָל דעם גאַרטל ביים דאַווענען אין דער וואָכן. בכלל האָסטו זיך אָנגעהויבן צופֿיל פּוצן מיט געפּרעסטע קעלנער. דו זאָלסט נאָר טאַטעשי אַ ביסל אונטערהאַקן די קאַפּאָטע, וואָלסטו שוין געווען אַ פֿאָלנער דייטש.

— פֿאַרשטייסטו, איצע מאירל, אַז דו וועסט זיין אין מיינע יאָרן און דאַרפֿן אַזוי זאָרגן וועגן פּרנסה, וועסטו אויך אַזוי ווערן ווי איך. דו קענסט זיך נאָך דער־ווייל אויפֿפֿירן ווי גאָט האָט געבאָטן. איך קען עס שוין נישט אויספֿירן, מען קומט צווישן מענטשן, מען באַגעגנט זיך מיט פּריצים, זאָלן זיי ניט האָבן פֿון וואָס צו לאַכן. שבת, יום טוב קען איך זיך נאָך אויפֿפֿירן יידיש, אָבער אין דער וואָכן איז שווער... די פּרנסה... ווען איך בין געווען אין דיינע יאָרן בין איך אַנדערש געווען.

און ר׳ אברהמצי דערציילט זיין איצע מאירלען וואָס פֿאַר אַן אמתער ייד ער איז אַמאָל אין דער יוגנט געווען, ווי ער פֿלעגט הוליען מיט חסידים, געפֿאָרן עט־לעכע מאָל אין יאָר צום רבין, דאָרטן איבערגעלעבן אַלע ימים טובים, געטאַנצט אַז די ערד האָט געציטערט, און ווען מען האָט נאָר געדאַרפֿט האָט מען געוווסט און געקענט זיך אויסטענהן מיט די דייטשן און אַמאָל אַן עזות פּנים געגעבן אַ פּאַטש אויך, נישט מורא געהאַט פֿאַר קיינעם אַז עמעצער וועט שפּעטן אָדער לאַכן. דער קאָפּ איז געווען פֿרייער און מען האָט געוווסט אַז מען לעבט. איצטער איז דער קאָפּ פֿאַרשלאָגן מיט פּרנסה, געלויבט גאָט וואָס מען פֿאַרגעסט נישט צו דאַווענען מנחה און מעריב.

איצע מאירל הערט מיט גרויס נייגעריקייט דעם טאַטנס דערציילן פֿון זיין חסידישקייט אין די יונגע יאָרן און ער טראַכט זיך אַז ער וועט קיין מאָל נישט אַנדערש ווערן און זיך איבערבייטן. מען דאַרף נאָר נישט נאָכגעבן דעם יצר הרע. איצע מאירלס מוטער, טרינקנדיק אַ זיס גלעזל קאַווע, הערט מיט גרויס נחת ווי איצע מאירל מוסרט דעם טאַטן. זי ווייסט דאָך אוודאי אַז איר אברהמצי איז שוין נישט דער וואָס אַמאָל, ווען ער איז געזעסן ביי איר טאַטן אויף קעסט. נאָר ווי זאָגט

מען: „מיט דעם מאַן ליגט מען נישט אין איין קבר", יעדער וועט אָפּקומען פאַר זיך. דער עיקר איז וואָס פאַר אַ קינדער מען לאָזט איבער אויף דער וועלט, און וועלכע מוטער פאַרמאָגט גאָר, אין היינטיקע אויסגעלאָסענע צייטן, אַזאַ טייער, פרום קינד ווי איר איצע מאירל, עס איז זיך אַ נחת אויף אים צו קוקן.

איצע מאירל פילט ווי זיין מאַמע קוועלט פון אים, ער דרייט דעם קוואַסט פון זיין קאָלירטן כאַלאַט און זוכט אַ האָר אין זיין בערדל, וואָס האַלט איצט אין שפּראָצן. די סאַמעטענע יאַרמלקע שיינט אַראָפּ פון זיין ווייסן שטערן. די מאַמע קוועלט: אַ גאַנצער ייד, אַ זיידענער יונגערמאַן, טראַכט זי, און עס קומט איר אויף דעם געדאַנק, גאָט זאָל צושיקן פאַר איצע מאירלען אַ לייטישן שידוך. שדכנים קומען אָפּט, קיין כלות פעלן נישט, נאָר מיט אַ גוט מזל.

און טאַקע גאָר אין גיכסטן איז איצע מאירל פון גזשיבאָוו מיט מזל אַ חתן געוואָרן מיט אַ כלה פון די נאַלעווקעס.

## זי:

פעליע איז, פאַרשטייט זיך, אויך פון חסידישע עלטערן, נאָר אַ מיידל דאַרף מען נישט לערנען, אין איר לעבן דאַרף זי נישט וויסן מער פון די דריי מצוות. זאָל אַ מיידל וואַקסן ווי זי וויל זיך, מען דאַרף אויף איר אַזוי נישט אַכטונג געבן ווי אויף אַ יינגל. און פעליע איז געוואַקסן אַליין. צו פינף יאָר האָט זי אָנגעהויבן גיין אין דער „פרעבלאָווסקע" קינדער שול. ווען מען אַרט דאָס, זאָל זיך אַ קינד דאָרט שפּילן מיט קינדער, זאָל די „פאַננא" דאָרט אַכטונג געבן אויף איר, וועט דאָס קינד צו הויז פאַרשפּאָרן אַלע מאָל פאַלן און וויינען.

אין דער קינדער שול האָט זיך פעליע געשפּילט מיט יידישע און קריסטלעכע קינדער פון פיינע עלטערן. שפּעטער האָט פעליע געזאָגט אַז זי וויל גלייך מיט אירע חברטעס גיין אין אַ פּאַנסיאָן. און פעליע איז געגאַנגען — זאָל אַ קינד גיין — האָבן די טאַטע־מאַמע געזאָגט, — זאָל פעליע עפּעס זיך אויסלערנען, אַז איר מאַן וועט זיין אַמאָל אַ סוחר זאָל זי קענען אַ בריוול שרייבן און אין בוך פאַרצייכענען.

פעליע איז אַרויס פון פּאַנסיאָן שוין אַ פריילין וואָס רעדט זייער שיין פּויליש, קען זיך שיין אָנטאָן און טאַנצט אויסגעצייכנט אַ „קראַקאָוויאַק", אַ „מאַזור" און נאָך אַנדערע טענץ.

זי בלייבט צו הויז. עס איז איר סקוטשנע. די אויפפירונג פון אירע עלטערן און ברידערלעך געפעלט איר שוין נישט. זי זיצט איבער ביי אירע חברטעס, שפּאַצירט מיט זיי און ווען זי בלייבט צו הויז לייענט זי די נייע פּוילישע ליטעראַטור און טראַכט וועגן אַ ניי לעבן, אַן אַנדער לעבן.

ווי דער שטייגער איז, וואָס שפּעטער דערווייטערן זיך שול־חברטעס איינס פון אַנדערן, פון זיי בלייבט פעליען ווייניק, זייער ווייניק, מען באַגעגנט זיך אַמאָל אין אַ יאָר אויף אַ „וויעטשאָרעק", אויף אַ צדקה באַל, ווו מען טאַנצט אַ סך. פעליע איז דאַן גליקלעך, נאָר דערנאָך דאַרף זי ווייטער גיין אַ היים ווו עס איז אַלץ אַזוי וואָכעדיק, אַזוי סקוטשנע, נישט צום האַרצן, אַלץ אַזוי פרעמד. פעליע פאַרברענגט איר צייט מיט אירע ביכער לייענען און אין די שיינע טעג האָט זי ליב שפּאַצירן אויף די קריסטלעכע, אויף די שיינע גאַסן, נאָר אבי וואָס ווייטער פון די יידישע גאַסן — פון די נאַלעווקעס. זי נעמט אירע אַ חברטע אָדער אירס אַ

שוועסטערל און מען שפּאַצירט. דאָרט אין זאַקסישן גאָרטן, אויף דער קראַקאָווסקע, אָדער אין די אַלעען פילט זי זיך גליקלעך; קיינער דערקענט נישט, אַז זי איז פון די נאַלעווקעס, קיינעם קען גאָר נישט איינפאַלן אַז זי איז אַ חסידישע טאָכטער. איר גיין, איר ריידן, איר אויפפירן זיך און בכלל איר גלייכע פיגור, איר שיינע דינע טאַליע און איר קליידן זיך איז נישט צו דערקענען אַז זי איז אַ יידיש מיידל. אַלע וואָס שפּאַצירן קוקן אויף איר ווי אויף זייער גלייכן; אָט גייט אַן עלעגאַנטער הער און קוקט זיך אום אויף איר, אָט קוקט איר נאָך אַ סטודענט און זי פאַרשעמט זיך און קוקט זיך נישט אום אויף קיינעם ווי אַן אייראָפּעיש דערצויגענע פריילין. פעליע פילט זיך גליקלעך, פעליע שפּאַצירט ווייטער מיט פאַרגעניגן. נאָר אָט ווערט שפּעטלעך און זי לאָזט זיך גיין אַהיים און וואָס נעענטער זי קומט צו די יידישע גאַסן — צו די נאַלעווקעס, ווערט זי אַלץ טרויעריקער. איר פריערדיקער שטאָלץ, איר פריערדיקע צופרידנקייט גייט אַראָפּ, פעליעס פּנים באַדעקט זיך מיט יידישן טרויער און ווען זי קומט שוין אויף די נאַלעווקעס ווייזט זיך אויס אַז אפילו איר גלייכע געשטאַלט האָט זיך אויך אַ ביסל איינגעבויגן...

און ווען דער עלעגאַנטער הער אָדער סטודענט וואָס האָבן איר נאָכגעקוקט שפּאַצירנדיק אויף די אַלעען זאָלן גראַדע דאָ אויף די נאַלעווקעס איצטער זי דערזען ווער זי איז, וואָלט פעליע עס נישט איבערגעלעבט פון בזיון...

פעליע שפּאַצירט נישט איבער די יידישע גאַסן, נאָר זי לויפט זיי איבער ווי איינער וואָס טראָגט מיט זיך אַ גנבה...

## ביידע צוזאַמען:

עס איז געקומען די גוטע מזלדיקע שעה, האָבן די שדכנים אויסגעפירט דעם שידוך צווישן פעליע מיט איצע מאירלען.

פעליע האָט אפילו געטראַכט אַ כלה ווערן פאַר נישט קיין חסיד, נאָר „פעליע טראַכט און דער שדכן מאַכט", אַזוי איז שוין איינגעפירט אין וואַרשע מיט חסידישע פריילינס; מען ווערט דערצויגן אין די פּאַנסיאָנען, און מען ווערט אַ כלה פאַר איצע מאירן. פאַר וואָס זשע זאָל פעליע זיין אַן אויסנאַם? פעליע האַלט זיך פאַר אַ קלוגער און פאַרשטייט אַז מיט עלטערן דאַרף מען זיך נישט קריגן. פּראָטעסטירן אָדער זיך פאַר עפּעס מקריב זיין, זיך פון עפּעס אָפּזאָגן און זיך פאַר עפּעס ראַנגלען אַז עס זאָל דאָס האַרץ אָנרירן, דאַצו איז פעליע נישט פעיק, דאָס קומט איר אפילו ניט אויף דעם געדאַנק. אַיי דער פּאַנסיאָן און די נייע פּוילישע ליטעראַטור, דאָס איז גלאַט אַזוי. מען לערנט זיך אויס ריידן, שיין טאַנצן, שיין זיך אָנטאָן און שיינע ביכער לייענען ווען עס איז ניטאָ וואָס צו טאָן, דאָס פּאַסט אַלץ פאַר אַ פריילין, בפרט פּאַסט עס צום שידוך ווען מען דאַרף ווערן אַ כלה. און וואָס איז דען אַזוי שלעכט איצע מאירל פאַר אַ חתן? — בראָשקעס מיט פינגערלעך מיט ברילִיאַנטן, באָנבאָניערקעס, פּודלען שאָקאָלאַד און... פרייהייט.

כלהוויז און אפילו איצטער נאָך דער חתונה שטערט איר נישט איצע מאיר צו פירן אַ פריי לעבן. זי שפּאַצירט איצט אויך אָן אים אויף די הויפּטגאַסן. איצע מאירל אַליין פירט זי אָפּ שבת צום זאַקסישן גאָרטן. זי לאָזט מען אַריין, ער לאָזט זי דאָרט איבער שפּאַצירן און אַליין גייט ער זיך אַוועק אין שטיבל.

היינט ווער, ווער האָט נאָך אַזוי ליב זיין ווייב ווי אַ חסידישער מאַן, ער שטאַרבט

נאָך אירע טריט, ער קוקט איר אין מויל, צאַפּלט פאַר איר יעדן גוטן קוק און פעליע לאַכט...

יעדן זומער פאָרט פעליע קיין אויסלאַנד. איצע מאירל אַליין פאַרשטייט אַז אַ פרוי איז אַ שוואַך באַשעפעניש און דאַרף האָבן אויסלאַנד.

ווען פעליע קוקט זיך צו צו אירע אַמאָליקע שול־חברטעס וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר דייטשע מאַנען, ווי זיי גייען נאָך זייערע פרויען טריט ביי טריט ווי אַ פּאָליצייסקע אַן אַרעסטאַנט, און אפילו קיין אויסלאַנד לאָזן זיי די פרויען אויך נישט פאָרן אַליין, איז זי זייער צופרידן וואָס זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ חסיד.

ניטאָ קיין בעסערע וועלט ווי ביי אַ מאַן אַ חסיד ווען ער האָט נאָר געלט.

איצע מאירל מיט זיין ווייב שפּאַצירן צוזאַמען נאָר איין מאָל אין דער וואָך — שבת־צו־נאַכטס. נאָך הבדלה גייען זיי פון די נאַלעווקעס דורך די גאַסן פשעיאַזד, רימארסקע, פלאַץ באַנקאָווע, גראַניטשנע אויף דעם גזשיבאָוו צו זיינע עלטערן צו גאַסט. זיי גייעןביידע רויק, געלאַסן, צופרידן. זיי שפּאַצירן און שפּעט ביינאַכט פאָרן זיי צוזאַמען אויף אַ דראָשקע פאַר אַ „דזיענע קורס״ פון גזשיבאָוו אויף די נאַלעווקעס אַהיים. און אין די נעכט ווען די לבנה שיינט, פילט זיך איצע מאירל גליקלעך, עפּעס רירט זיך אין אים אַזוי מחייהדיק דאָס האַרץ און פון גרויס פאַר־געניגן זינגט ער זיך אונטער דער נאָז אַ שטיל חסידיש ניגונדל...

און ביידע זיינען צופרידן...

פון דער צייטשריפט „יידישע פאַמיליע״, וואַרשע, 1902.

## יהודה עלבערג

### געטאָ־בענק...



בערעק עפּשטיין האָט שנעל פאַרענדיקט די לעקציע מיט זיין תלמיד בעניעק גרינבערג און געאיילט צו דער טיר. ער האָט נישט געוואַרט אויף דער ווינדע, אַראָפּגעלאָפן פיר שטאָק מאַרמאָרנע טרעפּ און אַרויסגעלאָפן אין דעם רעגנדיקן דרויסן. „סדום, סדום, סדום!" האָט עס געסיטשעט אין אים מיט כעס. זיין טאַטנס קעלערשטוב אין שטעטל גורוויטש איז אַ גן עדן קעגן דעם, וואָס ער דאַרף אויסשטיין אין וואַרשע...

אייגנטלעך איז עס בערעקן גאָרנישט געגאַנגען אַזוי שלעכט. ער איז אָנגענומען געוואָרן אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ער האָט נאָך נישט באַקומען קיין דירה אין דעם אַקאַדעמישן הויז — די היים פאַר יידישע סטודענטן. אָבער ער האָט שוין פאַרדינט זיין אויסהאַלט מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין נגידישע היימען. ער איז מצליח אין די לעקציעס, אפילו דער פאַרפּיעשטשעטער גרינבערג — מעזיניק האָט אַ פּעולה אין לערנען. דער פאַן גרינבערג האָט אים געלויבט. די פאַני גרינבערג פאַרפעלט נישט אים אַריינצושיקן אַ גלאָז טיי אין בעניעקס צימער אַריין...

ווען די דינסט האָט היינט געעפנט די טיר אַריינצוטראָגן די טיי, האָט בערעק געהערט דאָס קול פון יולעק בלאַס, וואָס זיצט מיט אים אויף איין באַנק אין אוניווערסיטעט. יולעקן שיקט מען נישט קיין טיי מיט דער דינסט. ער איז אַ רייך זונדל. אים פאַרבעטן די גרינבערזשאַנקעס צו גאַסט... אַנומלט איז מאַניא אַרויפגעלאָפן אויף אים אויפן אוניווערסיטעט הויף. זי האָט אים אפילו נישט איבערגעבעטן און געלאָפן ווייטער, מאַניא און איר יונגערע שוועסטער פאָליא זעען אים אפילו ניט; וואָס פאַר אַ ווערט האָט פאַר זיי אַ בחור ווי ער, וואָס זיין טאַטע איז אַן אָרעמער טיטנמאַכער? און ער אַליין טראָגט אויסגעריבענע הויזן. ווייסן כאָטש די גרינבערזשאַנקעס

---

יהודה עלבערג — דערציילער, ראָמאַניסט, עסעיסט — געבוירן אין זגערזש ביי לאָדזש אין יאָר 1912. אין די יאָרן 1924־1926 — געלערנט אין דער מתיבתא אין וואַרשע — שפּעטער, ביז 1939 — אָפּט דאָרט חדשים-לאַנג פאַרבראַכט. אין די יאָרן פון חורבן — דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום אין פוילן. נאָך דער מלחמה: מיטגרינדער פון „דאָס נייע לעבן" אין לאָדזש, שפּעטער אין פאַריז — מיטגרינדער און מיטרעדאַקטאָר, צוזאַמען מיט ישראל יעפּרויקין, פון דער צייטשריפט „קיום". פון 1948 אין ניו יאָרק, פון 1956 אין מאָנטרעאָל. אין בוכפאָרם „אונטער קופּערנע הימלען" — דערציילונגען פון די חורבן־יאָרן, וואָס האָבן געהאַט אַ סך אָפּרופן. דערשינען אין פאַרלאַג פון פוילישן יידנטום אין בוענאָס איירעס.

אַז דער עלעגאַנטער פאַצעט יולעק וואָלט זיך נישט קיין עצה געגעבן מיט די אוני־ווערסיטעט לעקציעס אָן זיין הילף?

דער רעגן האָט אַדורכגענעצט זיינע מלבושים, בערעק האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ טראַמוויי. „די וועלט געהערט צו די רייכע״, האָט ער ווייטער געטראַכט. בעניעק האָט אים דערציילט אַז פּראָפעסאָר שוב וועט בקרוב קומען צו זיי צו גאַסט. ראַבינער פון דער רייכסטער סינאַגאָגע, פּראָפעסאָר פון געשיכטע, פאָרשער פון די קולטורן פון מיטעלען מזרח... וועגן וואָס וועט דער דר. שוב רעדן מיט די גרינ־בערגס? וועט ער דערציילן די גרינבערג מיידלעך וועגן דער אשורבאנופאל ביב־ליאָטעק, אָדער וועלן זיי אים דערציילן די לעצטע רכילותלעך פון אַקאַדעמישן הויז?

ער דאַרף זיין גליקלעך וואָס ער האָט אַזאַ מיידל ווי בינע. וואָס פאַראַ מהלך פון איר ביז די צוויי פלאַפּלערקעס אין דעם רייכן גרינבערג־הויז. בינע האָט נישט קיין צייט צו פלירט און רכילות. זי זיצט איצט אוודאי דאָרט אין איר שטיבל אין זיין היימשטאָט גורוויטש און העקלט אַ „פילעי״־פאָרהאַנג אַרויסצוהעלפן מיט פּרנסה. ער וואָלט איצט אַ פלי געטאָן צו איר. אַ גלעט געטאָן אירע ברוינע זיידענע האָר. זי וואָלט אויפגעהויבן צו אים אירע גרויסע איביק פרעגנדיקע אויגן. „בינע טייַ־ערע, איך ווייס, אַז דיינע אויגן פרעגן נישט, דאָס ענטפערן זיי מיט אַ גע־טריישאַפט אויף מיין יעדן בליק״. ער וועט איר נאָך היינט דאָס שרייבן אין אַ בריוו.

פאָרוואָס נישט שרייבן אַ בריוו צום פּראָפעסאָר שוב? ער ווייסט נישט וואָס דער פּראָפעסאָר וועט דיסקוטירן מיט די גרינבערגס. ער ווייסט אָבער יאָ, וואָס ער קען דיסקוטירן מיטן פּראָפעסאָר. — קולטורן פון מיטעלן מזרח! אויב ער וועט גע־ווינען דעם פּראָפעסאָרס פריינדשאַפט וועלן אַלע אויף אים קוקן מיט אַנדערע אויגן. אָט איז דאָך טלאָמאַצקע גאַס. וואָס זיצט ער ווי צוגעוואַקסן צו דער טראַמוויי־באַנק?

בערעק איז אַראָפּגעשפרונגען פון טראַמוויי און געלאָפן צו דער ביבליאָטעק פון יודאַיסטישן אינסטיטוט.

פון אַלע ביכער וואָס בערעק האָט איבערגעלייענט האָט ער געפונען אַן „אוצר״ דווקא אין אַ קליין ביכעלע „ביבעל און באַבעל״ פון פרידריך דעליטש. ער האָט אָנ־געשריבן אַ לאַנגן בריוו צום פּראָפעסאָר שוב מיט אַ סך נייע אַרגומענטן צו באַ־קרעפטיקן שוב׳ס אַרויסטריט קעגן דעליטשן.

עס נעמט דאָך צייט ביז די פּאָסט גיט אָפּ אַ בריוו, אפילו אין דער זעלביקער שטאָט. אָבער ווי נאָר בערעק האָט אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל זיין בריוו צום דר. שוב, האָט ער גענומען אויסקוקן דעם ענטפער. ער איז געזעסן מיט אומגעדולד ביי זיינע לעקציעס, געלאָפן אַהיים זען צי עס איז אָנגעקומען פּאָסט. אַ טאָג איז אַוועק נאָך אַ טאָג. אַ וואָך איז פאַרביי. דער פּראָפעסאָר שרייבט זיינע ביכער נישט פאַר בערעק עפשטיין. אים אינטערעסירן נאָר די הויכע שטייפע שוואַרצע צילינדערס, האָט בערעק געטראַכט מיט ביטערניש.

נאָך אַ וואָך איז פאַרביי. בערעק איז שוין מער נישט אַקעגנגעלאָפן דעם פּאָסט־טרעגער. ער האָט איצט פלייסיקער געלערנט אין אוניווערסיטעט, ער וועט זיך אַרויפאַרבעטן מיט אייגענע כוחות. ער דאַרף נישט קיין קוליעס אַריינצוהינקען אין די ‚הויכע פענצטער׳, ער וועט לערנען, אַרבעטן איבער זיך און מע וועט אים אַריינ־טראָגן אויף די הענט.

אין דער פערטער וואָך נאָכן אַוועקשיקן זיין בריוו, אין אַן אָוונט, איז בערעק

אַהיימגעקומען פון אַ לעקציע, און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן צו בינען. „טייערע בינע", האָט ער אָנגעהויבן, פּלוצעם האָט ער דערזען אויפן טיש אַ קאָנווערט מיט אַ מנורה, דער עמבלעם פון דער טלאָמאַצקע סינאַגאָגע. ער האָט מיט פיבערדיקע פינגער אויפגעריסן דעם קאָנווערט. נאָר עטלעכע שורות אויף פּויליש. „חשובער פּאַן עפּשטיין, באַקומען אייער זייער אינטערעסאַנטן בריוו. כאַפּט זיך אַמאָל אַריין צו מיר אין ביוראָ אַ שמועס טאָן. מיט דרך ארץ, דר. מ. שוב."

קיין קאָמענטאַר? געווען אין זיין בריוו אַזעלכע אינטערעסאַנטע געדאַנקען, ניט ווייניקער אינטערעסאַנט ווי אין דעם פּראָפעסאָרס בוך און ער האָט וועגן דעם גאָרנישט צו זאָגן?

בערעק האָט אַוועקגעוואָרפן דר. שוב'ס בריוו, און זיך צוריק גענומען צו זיין בריוו צו בינען. „טייערע בינע", האָט ער איבערגעלייענט די ערשטע שורה. ער האָט פּלוצעם אַ כאַפּ געטאָן דר. שוב'ס בריוול און עס גענומען נאָך אַמאָל לייענען: „באַקומען אייער זייער אינטערעסאַנטן בריוו". דער ז י י ע ר האָט אים איצט אויסגעזען צו זיין געשריבן מיט גרויסע אותיות, ווי אונטערצושטרייכן אַז דאָס איז אַ גאָר אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטער בריוו. דר. שוב האָט נישט בדעה אָפּצופּטרן זיין בריוו מיט אַ טרוקענעם ענטפער, ער וויל אים זען, שמועסן מיט אים, דיסקוטירן ווי מיט זיינס גלייכן ער האָט אַזאַ גוט פּנים, דער דר. שוב. קורצזעיקע אויגן קוקן דורך זיינע דיקע ברילן, אָבער זעען ווייט. ער וועט העלפן בערעקן אַרויפקריכן אויפן לייטער. ער, בערעק, וועט נישט קריכן, ער וועט איבערהיפּן שטאַפּלען און ווען ער וועט שוין זיין פון אויבן, וועט ער פאָרשטעלן זיין בינען, זאָל זיך איר נאָר נישט דאַכטן, אַז ער שעמט זיך מיט איר שלעכטן פּויליש. נאַרישע בינע, די שיינקייט פון דיינע אויגן זיינען מער ווי אַ שיינער פּויליש. דיין גוטסקייט...

עס איז אים פּלוצעם איינגעפאַלן אַן אינטערעסאַנטער געדאַנק אין שייכות מיט דר. שוב'ס אַ נייעם עסיי. ער האָט גענומען מאַכן נאָטיצן. איין געדאַנק האָט געבראַכט אַ צווייטן. איידער די באַלעבאָסטע האָט אויסגעלאָשן דעם גאַז־לאָמפּ איז דאָס שטיקל פּאַפּיר שוין געווען באַשריבן פון אַלע זייטן מיט נאָטיצן. צווישן שורות וועגן געשיכטע פון יידן אין קראָקע איז ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן אַ שורה „טייערע בינע."

ווען פעליקס גרינבערג האָט אויסגעצאָלט בערעקן די וואָך שכירות, האָט בערעק אים געגעבן איבערצולייענען דר. שוב'ס בריוו. „דאָקטאָר שוב וועט דאָ זיין ביי אונדז פון דעם מיטוואָך איבעראַכטאָג", האָט דער פּאַן גרינבערג געזאָגט.

„כ'ווייס. כ'בין נאָך אַלץ נישט געווען זען דעם דאָקטאָר. אוניווערסיטעט, לעקציעס... כ'בין אַזוי פאַרנומען. ..אויב איך וואָלט געקאָנט צו אים ריידן אַ צוויי־דריי מינוט. נאָר באַקענען אים פּערזענלעך. איך וועל דאָ סיי ווי זיין, כ'בין דאָ יעדן מיטוואָך מיט בעניעקן."

„פאַרוואָס נישט? אדרבא. איר וועט שוין טאַקע עסן מיט אונדז נאַכטמאַל".

עס זיינען בערעקן געבליבן נאָר ניין טעג ביז צום אָוונטברויט ביי די גרינבערגס, און ער איז גאָרנישט צוגעגרייט... עס איז אָבער נאָך נישט צו שפּעט צו לייענען אַ ביסל מער פון ראַבינער שוב'ס שריפטן און — ער וועט נישט... ניין, דעם אָוונט וועט ער נישט קומען אין די אויסגעגלאַנצטע הויזן, צו ענגן רעקל און צעקרומטע שיך. ער וועט זיך אויסקליידן פון קאָפּ ביז די פיס, אפילו ווען ער זאָל דאַרפן באָרגן געלט ביים פּאַן גרינבערג אַליין.

בערעק האָט געהאַט אַזוי פיל אַרומצולויפן וועגן זיינע נייע מלבושים אַז ער האָט נישט באַוויזן צו טאָן עפּעס אַנדערש. דער גורלדיקער מיטוואָך איז געקומען. אין דער שאַנק איז געהאָנגען אַ נייער גראַנאַטענער אנצוג, אַ נייער גרויער מאַנטל, אַ ניי אויבערהעמד. אין אַ ווינקל זיינען געשטאַנען נייע שיך און נייע קאַלאָשן, אַ נייער קאַפּעליוש, אפילו אַ נייער זיידענער שאַל. אָבער ער האָט גאָרנישט איבער־געלייענט פון שוב׳ס שריפטן. ער איז געווען אַזוי מיד און נישט דערשלאָפן, אַז ער האָט אפילו ניט געדענקט וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט. ער האָט געזוכט אין זיין שופלאָד און בשום אופן נישט געקאָנט געפינען די נאָטיצן וואָס ער האָט זיך אַמאָל צוגעגרייט, אפילו נישט די קאָפּיע פון זיין בריוו צום דאָקטאָר.

אפשר אַדורכלאָזן אַ לעקציע אין אוניווערסיטעט? ניין, דאָס קאָן ער נישט טאָן. די פּאָליאַקן: אַלע, די פּראָפעסאָרן, די סטודענטן, האָבן זיך פאַרנומען צו פאַרטרייבן די יידן פון אוניווערסיטעט. היינט איז אַ וויכטיקע לעקציע, ער מוז גיין. אין אוני־ווערסיטעט וועט ער פאַרטיק ווערן פיר אַ זייגער. זעקס אַ זייגער דאַרף ער שוין זיין ביי די גרינבערגס צו דער לעקציע מיט בעניעקן. ער קאָן העכסטנס באַוויזן אַהיים־צוגיין זיך איבערטאָן, נישט מער.

אַכיבע... אַכיבע ער זאָל זיך שוין איצט אויספּוצן אין די אַלע נייע מלבושים, פון אוניווערסיטעט זיך אַריינכאַפּן אין דער ביבליאָטעק פון „אינסטיטוט" און זיך אַביסל אַריינלייענען אין דאָקטאָר שוב׳ס שריפטן, און פון דאָרטן מיט פרישע ידיעות און נאָטיצן אַוועק גלייך צו די גרינבערגס. ער דאַרף נאָר אַריינלייגן אין זיין טעקע די ראַזיר מכשירים... ניין, ער וועט דאָס מאָל זיך לאָזן ווילגיין און זיך לאָזן גוט אויסראַזירן ביי אַ פאַכמאַן, און פאַרשפּאָרן שלעפּן זיך אַ שעה אין איבערגעפּאַקטע טראַמווייען פון אוניווערסיטעט צו זיין דירה.

בערעק האָט געזען אַז מע קוקט אויף אים מיט חידוש. וואָסי? נאָר די רייכע זינדלעך מעגן זיך אויספּוצן „אין עסיק און אין האָניק" און ער טאָר נישט?

אין די יידישע סטודענטן־קלובן, סיי אין די ציוניסטישע, סיי אין די סאָציא־ליסטישע האָט מען געוווסט אַז די „נאַראַ"־לייט, די פּוילישע ראַסיסטן פון דער „נאַראָדאָווא ראַדיקאַלנאַ אָרגאַניזאַציא", גרייטן עפּעס קעגן די יידישע סטודענטן. בערעק האָט נישט געהאַט קיין צייט צו גיין צו פאַרזאַמלונגען, די לעצטע וואָך איז ער געווען אַזוי פאַרנומען, ער איז אַוועקגעלאָפן ווי נאָר דער פּראָפעסאָר האָט זיך אויפ־געשטעלט און נישט געוווסט וואָס עס גייט אָן.

* * *

דעם טאָג ווען די יידישע סטודענטן זיינען אַריינגעקומען אין די קלאַסן זיינען די פּוילישע סטודענטן שוין געזעסן, צעשפּרייט אויף אַלע בענקלעך.

„איך בעט דעם פאַן זיך אַ רוק טאָן" האָט בערעק געזאָגט און געוואָלט זיך אַוועקזעצן.

„געגאַנגען! פּאַשאָל פאַרשיווער ייד! פאַרשמוציקט נישט די באַנק!"

דער פּראָפעסאָר איז אַריינגעקומען. די פּוילישע סטודענטן האָבן זיך אויפגע־שטעלט. צוויי יידן האָבן באַוויזן זיך אַדורכצושטופּן צו אַ באַנק. די פּאָליאַקן האָבן זיי אַוועקגעשטופּט. דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעהויבן די לעקציע, ווי ער וואָלט גאָרניט געזען. אַ יידישער סטודענט העניעק וויינשטיין האָט עקשנותדיק זיך אָנגעהאַלטן אין

זיין זיך-פּלאַץ. „זאָל דער פּאַן ווײַנשטיין אויפהערן שטערן די לעקציע און פאַרלאָזן די קלאַס,״ האָט דער פּראָפעסאָר זיך שוין יאָ אַרײַנגעמישט.

„זאָל דער פּאַן פּראָפעסאָר עפענען די אויגן און זען ווער עס שטערט די לעקציע״, האָט העניעק געענטפערט און זיך נישט גערירט פון אָרט.

„פּוילן פאַר פּאָליאַקן! מיר ווילן נישט קיין פאַרשיווע יידן אויף אונדזערע אוניווערסיטעטן״, האָט אַ נאַראַ־יונג אַ געשריי געטאָן.

„יעדער וואָס וועט שטערן די לעקציע וועט באַזייטיקט ווערן פון קלאַס״, האָט ד׳ער פּראָפעסאָר געוואָרנט. „זאָל דער פּאַן ווײַנשטיין פאַרלאָזן די קלאַס שוין די מינוט. אויב איך וועל זיין געצווונגען איבערצורייסן די לעקציע, וועט דער ייד ווײַנשטיין טראָגן די קאָנסעקווענצן״.

ווײַנשטיין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

„די לעקציע ווערט איבערגעריסן ביז דאָס קלאַסצימער וועט אָפּגערייניקט ווערן פון די שטערערס,״ האָט דער פּראָפעסאָר אַ געשריי געטאָן און פאַרלאָזט דאָס קלאַסצימער.

די נאַראַ־לייט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די יידישע סטודענטן. אַ יונג האָט אָנגעכאַפּט בערעקן ביי די קלאַפּעס פון דעם נייעם רעקל.

„זאָל דער פּאַן אָפּלאָזן״, האָט בערעק זיך געבעטן. דער יונג האָט אים געשלעפּט צו דער טיר.

בערעק האָט זיך געלאָזט פירן צו דער טיר און ווייטער זיך געבעטן: „זאָל דער פּאַן אָפּלאָזן די קלאַפּעס.״ דער יונג האָט נאָך שטאַרקער געשלעפּט. אַ קלאַפּע האָט זיך גענומען איינרייסן. „לאָז אָפּ, אידיאָט!״ האָט בערעק אַ געשריי געטאָן.

וואָס עס איז ווייטער געשען האָט בערעק נישט גענוי געדענקט. ער האָט מסתמא אַ קאָפּע געטאָן דעם אָנפאַלער און געטראָפן אין אַ סענסיטיוו אָרט. ער האָט מיט שטוינען געזען ווי דער אָנפאַלער ליגט ביי זיינע פיס מיט אַן אָפּגעריסענער פּאָלע פון זיין ניי רעקל. באַלד האָט ער ווייטער געקאָפּעט מיט די פיס אָפּצוווערן זיך פון די פויסטן, וואָס זיינען געפאַלן אויף אים פון אַלע זייטן. ער איז געלעגן אויף דער ערד. עמעץ האָט געקלאַפּט מיט זיין קאָפּ אין דער פּאָדלאָגע, ער איז געלעגן אויף עמעצן און געפּויקט מיט די פויסטן אין יענעמס פּנים אַריין. און אָט פירט מען אים מיט העניעקן אין אַ פּאָליציי קעטשל. די נאָז צעבלוטיקט, דאָס רעכטע אויג געשוואָלן, דער נייער קאָסטיום אין צויטן. ער איז איינער פון די געפערלעכע טעראָריסטן צווישן די יידישע סטודענטן, הערט ער אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. היינט איז דאָך דער אָוונט, ווען עס האָבן זיך געזאָלט עפענען פאַר אים די טירן צו די „הויכע פענצטער״. עס עפנט זיך אַן אייזערנע טיר פון אַ שטייג און פאַרהאַקט זיך הינטער אים. עס ליגט שוין דאָרט אויף דער ערד אַ שיכור און מייקעט...

... די ברילן פון פּראָפעסאָר שוב זיינען אוודאי איצט פאַרלאָפן געוואָרן מיט פּאַרע פון דעם הייסן שמעקנדיקן טיי. דער פּראָפעסאָר רעדט שיינע, איידעלע רייד און ער, בערעק, ליגט דאָ אין צעל פון פּאָליציי־צערקל און ציטערט פון קעלט. ער פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט, נישט באַשפּריצט צו ווערן פון דעם מייקען פון דעם שיכור, נישט צו זען די שינאה־צעקרימטע פּנימער פון די צוויי גאַסן-מוידן אין דער קעגנאיבערדיקער שטייג. זיי האָבן זיך שוין דערוווסט אַז דאָס האָט ער זיך

פאַרנומען אויפן לעבן פון פוילישע סטודענטן. זיי אויך ווילן באַשיצן דאָס פאָטער־לאַנד פון די בלוט־דאָרשטיקע זשידעס.

* * *

בערעק האָט געהאַט צוגעזאָגט דעם סעקרעטאַר פון דעם ציוניסטישן סטודענטן־קלוב „אחווה" צו האַלטן אַ רעפעראַט וועגן חנוכה. אָבער אויב ער וועט נישט זיין אין פּאוויאַק, וועט ער חנוכה שוין זיין צוריק אין גורוויטש. דאָס גאַנצע מוטשען זיך אין וואַרשע איז אַ נאַרישקייט, איז ער געקומען צום אויספיר. אָט וווהין עס האָט אים דערפירט — אין תפיסה אַריין. ער האָט געקוקט אויף דעם שיכור וואָס האָט גע־כראָפּעט נעבן אים;אָט איז די הויכע געזעלשאַפט וואָס ער האָט דערגרייכט. ער איז דאָך אַמאָל געווען אַ חלוץ. און וואָס איז געוואָרן פון אים זינט ער האָט אינדערהיים אָנגעהויבן אַריינקומען צו די רייכע מילקעסעס? אויב ער וואָלט געהאַט פּאַפיר און אַ פעדער וואָלט ער שוין איצט אָנגעשריבן צו בינען אַז ער קומט אַהיים, אַז ער וועט פאָרן אויף הכשרה און קיין פּאַלעסטינע.

דרויסן האָט געמוזט רעגענען אָדער שנייען, אַזאַ שניידיקע קעלט אין די ביי־נער.די גאַסן דרויסן זיינען שוין פול מיט טאָגיקן האַרמידער, באַלד וועלן די מיידן אין דער שכנותדיקער שטייג זיך איבערוועקן. אין שנאה צו יידן קאָנען זיי זיין ניט קיין קלענערע פּאַטריאָטקעס ווי די פיינסטע פוילישע מאַדאַמען. ווי אַזוי וועט זיך דאָס ענדיקן? אין אוניווערסיטעט וועט מען אים מער נישט אַריינלאָזן. מען וועט אים נאָך אַוודאי איינזעצן אין פּאוויאַק אויף אַ יאָר, צוויי.

אַ שליסל האָט אַ קריץ געטאָן אין זיין טיר, מע האָט אַרויסגעפירט דעם שיכור. אין דער שכנותדיקער צעל האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען די צוויי מוידן. זיי האָבן דורך דער נאַכט געהאַט פאַרגעסן אין אים. איינע איז געשטאַנען אויף די קני, גע־פּרעפּלט אַ תפילה און געהוסט. די אַנדערע איז געלעגן צוזאַמענגעקנוילט ווי אַ וואָרעם און שטיל געקרעכצט.

מע האָט שוין אויך די מיידן אַרויסגעפירט. האָט מען פאַרגעסן אין אים? ווייסט מען ווו ער איז אַהינגעקומען? וועמען לאָזן וויסן? דעם פאַן גרינבערג? וואָס געהער דער פאַן גרינבערג זיך אָן מיט אים? דעם פּראָפעסאָר שוב? אפשר, אויב דאָס וואָלט געשען נאָך דעם נעכטיקן אָוונט, נאָך זיין שמועס מיטן פּראָפעסאָר, נאָך... ס'האָט אוודאי קיינער נישט געדענקט אַז ער האָט באַדאַרפט קומען, נישט דער פאַן, נישט די פּאַני גרינבערג, די פּאַניענקעס זיכער נישט. ער וועט פאַרפוילט ווערן אין פּאַ־וויאַק און קיינער וועט נישט וויסן...

* * *

אַז אזש די „קאָלאָ", די פאַראייניקונג פון יידישע סיים־דעפּוטאַטן, האָט געמוזט אינטערווענירן, האָט בערעק זיך נישט געקאָנט צוגלייבן און נאָך מער דערשטוינט געוואָרן ווען העניעק וויינשטיין, דער סעקרעטאַר פון „אחווה" האָט אויסגעציילט פינף הונדערט זלאָטעס קויציע אים אַרויסצונעמען. דרויסן האָט געוואַרט דער פאַן ורינבערג מיט אַ טאַקסי. „קודם וועלן מיר צופאָרן אין יידישן שפּיטאָל, זען צי עס איז ביי אייך גאָרנישט באַשעדיקט און דאַן — מיין פרוי האָט פאַר אייך צוגעגרייט אַ בעט אין בעניעקס צימער ביז איר וועט קומען צו די כוחות."

די פּאַני גרינבערג האָט אָנגעשריגן אויף בעניעקן, ער זאָל לאָזן דעם פאַן לע־

רער קומען צו זיך. בעניעק האָט געוואָלט וויסן אַלץ, וואָס ס'איז נעכטן געשען „קאָנסט אַלץ לייענען אין די צייטונגען און לאָז דעם פּאַן עפּשטיין רוען.״

אין די צייטונגען? האָט בערעק זיך געוווּנדערט. דער קאָפּ האָט געברענט מיט יסורים, ער איז געווען מיד און שלעפעריק אָבער ער האָט געוואָלט זען די צייטונגען.

אין די יידישע צייטונגען האָט מען אים באַשריבן ווי אַ העלד, אָבער דאָס איז געווען גאָרנישט קעגן די באַשרייבונגען אין די אַנטיסעמיטישע צייטונגען. ווי אַזוי האָט ער מיט צוויי פויסטן געקאָנט אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן אַזוי פיל פּאָליאַקן?

„קיין צענט־חלק דערפון איז נישט אמת,'' האָט ער געזאָגט בעניעקן און בע־ניעק איז געווען פול מיט באַוווּנדער: אַזאַ העלד און אַזוי באַשיידן.

אַריינגעלייגט זיך אין בעט אַריין האָט בערעק ערשט איצט דערפילט אַ ברעכן אין די ביינער, אַ לויזקייט אין די גלידער. עס איז אַזוי פיל געשען מיט אים אין דעם לעצטן מעת לעת, אַז ער ווייס גאָרנישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. ער דאַרף טראַכטן, אָריענטירן זיך ווי זיך אויפצופירן, וואָס צו זאָגן. ער איז אַריינגע־פאַלן אין דעם אַלעם אַזוי אומגעריכט, אַזוי נישט צוגעגרייט און דאָ איז דער קאָפּ ווי אין אַ נעפּל. ער וועט איצט אַלע שאַנסן קאַליע מאַכן מיט עפּעס אַן אומטאַקטיש-קייט, מיט עפּעס אַ נאַרישקייט. ער האָט נישט געטאָרט קומען אַהער אין אַזאַ מצב. ער האָט דערזען זיין פּנים אין שפּיגל. ער האָט נישט געטאָרט קומען אַהער אין אַזאַ מעמד...

דאָס געשווילעכץ פון פּנים איז אָפּגעגאַנגען; דעם דריטן טאָג איז געבליבן נאָר דער ברוין־בלויער פלעק אונטערן אויג. בערעק האָט באַשלאָסן צוריקגיין צו זיין דירה. ער וועט נאָך קומען אַהער, אָבער ער מוז פריער עס אויסאַרבעטן ביי זיך, אַז ער זאָל זיך דאָ פילן אַזוי פריי און היימיש ווי אויף זיין דירה. ער קאָן דאָ נישט צוזאַמענגעמען די געדאַנקען. אַז ער הערט טריט אין קאָרידאָר דאַכט זיך אים נאָר מע קומט צו אים. אָט וועט מאַניא אַריינקומען זיך דערקלערן אים אין ליבע, פּערל וועט אַריינלויפן און שרייען, אַז ער געהערט צו איר, זי איז עלטער. פעליקס גרינ־בערג קומט אים זאָגן, אַז עס וועט זיין אַ כבוד פאַר אַלע גרינבערגס און מילקעסעס, אויב ער וועט געבן אַ גרינבערג מיידל זיין נאָמען וואָס איז איצט אַזוי באַרימט אין אַלע אַנטיסעמיטישע צייטונגען. די פּאַני צעלינא קומט אים זאָגן אַז אין אַ שטאָט מיט אַזוי פיל אַנטיסעמיטן קאָן זי אָנטרויען אירס אַ טאָכטער נאָר אַ מאַן וואָס האָט געקענט אין עטלעכע מינוט צעקאַטעווען אַזוי פיל שקצים. און אפשר קומט גאָר דר. שוב אים געבן אַ מעדאַל פאַר זיין העלדישקייט. ער האָט פאַרגאָסן זיין בלוט צו פאַרטיידיקן יידישן כבוד...

האָבן די קלעפּ באַשעדיקט זיין קאָפּ? ער האָט שוין אַליין פאַרגעסן אַז נישט צו פאַרטיידיקן יידישן כבוד האָט ער אָנגעהויבן דאָס געשלעג, נאָר צו פאַרטיידיקן זיין נייעם קאָסטיום... אויב מע וועט זיך דערוויסן... ער מוז אויפהערן לייקענען זיינע „גרויסע מעשים״ בעתן געשלעג. מע גלייבט אים סיי ווי נישט, מען איז אים חושד אין מאַכן אַן אָנשטעל פון באַשיידנקייט. מע האָט אים גערופן צו אַ זיצונג פון „אחווה״ פאַוואַלטונג. ער וועט גיין. ער וועט עפּעס זאָגן, ער מוז צוטראַכטן וואָס צו זאָגן.

* * *

די פּאַני גרינבערג האָט אים ווידער פאַרבעטן אויף נאַכטעסן. „דעם קומענדיקן

שבת־צו־נאַכט? יאָ, עס וועט זיין אַ פאַרגעניגן...״ שבת־צו־נאַכט? ניין, ער קאָן ניט. ער דאַרף ביי דער „אחוות״ ריידן וועגן חנוכה. עס איז שוין צו שפעט צו ענדערן.

עס האָט אים ניט געאַרט וואָס ער וועט ווידער פאַרלירן אַ געלעגנהייט צו זיין מיט דאָקטאָר שוב, צו זיין מיט די גרינבערגס. ער איז שוין אפילו געשלאָפן ביי די גרינבערגס און וואָס איז אַרויסגעקומען? ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן צו־ריקצוקומען צו זיין קוואַרטיר. ער דאַרף זיך צוגרייטן פאַר זיין רעפעראַט וועגן חנוכה. נאָכן רעפעראַט וועלן די אחווה אַקטיוויסטן בלייבן און זיך באַראַטן וואָס פאַר אַ טאַקטיק אָנצונעמען קעגן די נאַראַ סטודענטן אויפן אוניווערסיטעט. צוליב אים האָט מען אָפּגעלייגט די זיצונג ביז שבת־צו־נאַכט נאָך זיין רעפעראַט. ער קען די געשיכטע פון חשמונאים אויפשטאַנד, ער ווייסט וואָס צו זאָגן וועגן חנוכה, אָבער וואָס קען ער זיי זאָגן וועגן טאַקטיק? וועגן פּאָליטיק? אַז אַ גאַנץ לעבן איז ער פאַר־נומען נאָר מיט זיך, מיט רחמנות אויף זיך אַליין, מיט כיטרע פּלענער ווי זיך צו דערשלאָגן צו די „הויכע פענצטער״. ער קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון בייוווינען די זיצונג, אָבער די קלוגע אידעאַליסטישע ברכה בעכלער, העניעק ווײַנשטיין האָבן נעבעך אַ טעות אין אים. זיי קאָנען רעכענען אויף זיינע עצות אַזויפיל וויפיל זיי קאָ־נען רעכענען אויף זיין העלדישקייט.

ווען ער איז שוין געווען אין ביוראָ פון אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע גאַס, האָט ער זיך באַקוקט. פון זיין רעקל האָבן זון און יאָרן אָפּגעשאָסן דעם קאָליר, די הויזן אויסגעגלאַנצט פון צופיל פּרעסן און אויסגעריבן ביי די קעשענעס, אַ ברוין־בלויער פלעק אונטער דעם לינקן אויג. ווי קאָן ער זיך באַווייזן פאַר אַן עולם אין אַזאַ ,הולך׳?

ביים אַרויסגיין אויף דער טריבונע האָט בערעק אָנגעכאַפּט העניעק וויינשטיין ביים אָרעם. „פּאַניע וויינשטיין... העניעק, אויב דו ביסט מיר אַ חבר — קיין וואָרט נישט וועגן דעם געשלעג אויפן אוניווערסיטעט. שטעל מיך פאָר: בערעק עפּשטיין, סטודענט פון געשיכטע. מער אַ וואָרט נישט. זאָגסט מיר צו?״

„אויב דו ווילסט אַזוי...״

ווי נאָר בערעק האָט זיך באַוויזן האָט דער עולם געגומען הילכיק אַפּלאָדירן. מע האָט אים דערקענט פון די בילדער אין די צייטונגען און פון זיין אונטערגעהאַקט אויג.

* * *

בערעק האָט געזאָגט אַז די גרויסקייט פון די חשמונאים איז דאָס, וואָס זיי האָבן פאַראייניקט העלדישקייט מיט שטאַטסמאַנשאַפט. זיי זיינען אַרויס אין אַ געוואַגטן אויפשטאַנד אין אַ צייט ווען עס האָבן עקזיסטירט פּאָליטישע מעגלעכקייטן אויסצו־נוצן דעם נצחון. אויסצונוצן די ריוואַליזאַציע צווישן די פּטאָלאָמייער, סעלייקידן און רוימער פאַר אויבערהערשאַפט און אַזוי אַרום געניסן די פרוכט פון דעם מילי-טערישן ניצחון. שמעון בן גיורא האָט באַוויזן מוט און גבורות, אָבער די צייט איז פּאָליטיש נישט געווען רייף פאַר אַן אויפשטאַנד, זיין מוט האָט דערפירט צו חורבן. אפילו שמעון בר כוכבא, וואָס האָט געוווּנען פרייהייט פאַר אַ קורצער צייט, איז גע־וואָרן אַ בר כוזיבא. זעלבסטמאָרד איז אַ חולאת און נישט אַ העלדישקייט. העלדיש־קייט איז אַ קאָמבינאַציע פון מוט און שכל, פון געוואַגטקייט אין דער ריכטיקער צייט אויף דעם ריכטיקן אָרט.

דער עולם איז לכתחילה געווען אַנטוישט. פון דעם העלד פון דעם סטודענטן

געשלעג האָט מען דערוואַרט אַ רוף צו קאַמף. „אַן אויג פאַר אַן אויג" און דאָ גאָר אַ מאָדנער אַנאַליז פון געשיכטע וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט הייַנטיקער צייט.

„צי האָט דער פּרעלעגענט געגעבן אַ פּירוש נאָר אויף עפּעס וואָס איז געשען מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, אָדער איז ער אויסן געווען צו געבן אַ מוסר השכל פאַר דער הייַנטיקער צייט?" האָט אַ יונג בחורל געפרעגט.

ערשט איצט האָט בערעק אַליין דערזען דעם מוסר־השכל פאַר דער הייַנטיקער צייט. ער האָט שוין וואָס צו זאָגן ביי דער שפּעטערדיקער זיצונג. ער ווייס שוין וואָס פאַר אַ טאַקטיק מע דאַרף אָננעמען. ער איז אויסן געווען ביידע, סיי אַ פּירוש אויף אַ היסטאָרישער געשעעניש, סיי אַ מוסר השכל פאַר הייַנט, האָט בערעק געענטפערט.

„זאָל דער חשובער רעדנער מאַכן קלאָרער וואָס ער מיינט," האָט אַן אַנדערער געפאָדערט און עס איז איינגעטרעטן אַן אָנגעצויגענע שטילקייט.

„וואָס זיינען די נאַראַ־לייט אויפן אוניווערסיטעט אויסן? האָט בערעק אָנגעהויבן מיט אַ פּראַגע, שלאָגן יידן? דאָס קענען זיי טאָן בעסער אין גאַס. זיי זיינען אויסען צו פאַרטרייבן די יידישע סטודענטן פון אוניווערסיטעט. „נומערוס קלאַוזוס" איז פאַר זיי אויך נישט גענוג. זיי ווילן פאַרטרייבן אַלע סטודענטן. „נומערוס נולוס" ווילן זיי, אויב מיר וועלן זיך לאָזן פּראָוואָצירן צו געשלעגן און געבן דער אַנטיסעמיטישער אַדמיניסטראַציע אַ תירוץ אונדז אויסצושליסן פון אוניווערסיטעט, וועלן מיר אַליין זיי העלפן דערגרייכן זייער ציל."

„איז דער חשובער פּרעלעגענט קעגן דעם הער עפּשטיין, וואָס האָט צעשלאָגן אַנטיסעמיטישע סטודענטן?" האָט עמיץ געפרעגט מיט איראָניע.

ס'איז געוואָרן אַ טומל. עטלעכע האָבן גערעדט מיט אַ מאָל. העניעק האָט פּרובירט איינשטילן דעם עולם. „ס'איז דאָ נישט קיין פּאָליטישע פאַרזאַמלונג; ס'איז אַ רעפעראַט וועגן חנוכה." האָט ער געשריגן.

בערעק האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט. „עס דאַרף נאָך הייַנט פאָרקומען אַ זיצונג וואָס זאָל באַשליסן וועגן דער טאַקטיק וואָס די סטודענטן דאַרפן אָננעמען..."

„וואָס איז אייער מיינונג?" האָט עמעץ געמאַכט אַ צווישנרוף.

בערעק האָט אָנגענומען אַ פולע ברוסט מיט לופט: „בערעק עפּשטיין האָט... — איך האָב געמאַכט אַ פעלער וואָס איך האָב זיך געלאָזט פּראָוואָצירן צו אַ געשלעג. אויב זיי וועלן שלאָגן, וועלן מיר זיי ווייזן, אַז מיר קאָנען שלאָגן נישט ערגער פון זיי. אָבער מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן. מיר וועלן באַדיי שטייך ביי די לעקציעס און נישט לאָזן זיך פאַרטרייבן פון אוניווערסיטעט."

עס האָט אויסגעבראָכן אַן אַפּלאָדז. אין זיין מודה זיין אַ טעות האָט מען געזען נישט ווייניקער מוט ווי אין זיין צעשלאָגן אַנטיסעמיטישע סטודענטן.

אויף דער זיצונג וועגן טאַקטיק איז אָנגענומען געוואָרן די „עפּשטיין דאָקטרין". די יידישע סטודענטן האָבן מער זיך נישט געראַנגלט פאַר זייערע זיץ פּלעצער. זיי זיינען געשטאַנען ביי די לעקציעס. די אַדמיניסטראַציע האָט נישט געהאַט קיין תירוץ זיך אַריינצומישן.

(אַ קאַפּיטל פון ראָמאַן „זאַמד", געדרוקט אין „די גאָלדענע קייט", נומער 51)

# ישראל עמיאַט

## אַ פלעק אין דער משפחה



קיין גרעסערן פאַרגעניגן ווי צו גיין צו ברוך־עליען אויף דער מוראַנאָוו, האָב איך נישט געהאַט.

ברוך־עליע איז אין דער וואַרשעווער ישיבה געווען דער עלעגאַנטסטער צווישן אונדז ישיבה־בחורים, וואָס זענען מערסטנס געווען פון אָרעמע שטובן און געקומענע פון דער פּראָווינץ מיט אַן אָפּגעלאָזענעם הילוך.

ברוך־עליע איז שטענדיק געקומען מיט אַן אויסגעפּרעסט ציכטיק־ווייס קעלנערל און מיט אַ ניי געהאַקט קאַפּאָטל, פון בעסטן ענגלישן שטאָף און געמזענע שטיוולעטן; די פּיאותלעך זענען ביי אים געווען קונציק פאַרשטעקט אונטער דעם היטל און געוווסט האָט מען: ער איז אַ זון פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער גביר, איז ער!

קיין צו שאַרפן קאָפּ האָט ברוך־עליע נישט געהאַט, אָבער ברוך־עליע האָט געהאַט אַ מעלה: ער איז געווען אַ גוטע נשמה און זיך געקלעפּט צו אַלע אָרעמע ישיבה־בחורים און זיי אָפט איינגעלאַדן צו זיך אַהיים.

ס'איז דאָך נישט דער „הערשעלע יחוס", אויך אַ וואַרשעווער גבירס אַ זון, וואָס האַלט זיך פאַרריסן שטייף, און כאָטש אַז עס קומט צו אַ שטיקל „פּרי מגדים", דאַרף מען אים שטענדיק אונטערזאָגן, אָבער ער האַלט זיך מעשה תקיף, איין קליינִיקייט: ר' יאָסעלעס זון, ר' יאָסעלע דעם האָלץ סוחרס, וואָס האַנדלט מיט אויסלאַנד.

האָט מען אים טאַקע געגעבן דערפאַר דעם צונאָמען „הערשעלע יחוס", אַזוי צו זאָגן: דו האַלטסט זיך מעשה יחסן? זאָל דיר ווויל באַקומען, און קיינער האָט מיט דיר נישט קיין מחזקה.

און ס'האָט געטראָפן, אַז הערשעלעס טאַטע, בכבודו ובעצמו, האָט מיט כוח פאַרנאַרט אַ פּאָר ישיבה־בחורים צו הערשעלען אויף אַ חתן־מאָל — זענען זיי

---

ישראל עמיאַט — פּאָעט, דערציילער, מעמואַריסט, עסעיסט — געבוירן 1909 אין אָסטראָוו מאַזאָוויעצקי, יוגנט־יאָרן ביז 1939 אין וואַרשע. יאָרן פון דריטן חורבן אין רוסלאַנד; געווינט יאָרן אין ביראָ־בידזשאַן, 1949 ביז 1956 — אין סאָוועטישע שקלאַפן־לאַגערן, 1956 ביז 1958 אין פּוילן — זינט דאַן אין אַמעריקע. וווינט אין ראָטשעסטער. געאומרוט צווישן עקסטרעם פרום און עקסטרעם־לינק. זיינע ווערק, בעיקר זיינע לידער, זענען פּאָעטישע עדות פון זיין אייביקן זוכן אַן אָנשפּאַר אין אַ צעטרייסלטער וועלט; די באַשרייבונגען פון זיינע איבערלעבונגען — אויטענטישע גביית עדות פון אַ — מיט אַ נס — געראַטעוועטן פון דער פאַרלענדונג פון דער יידישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. מיר ברענגען דאָ אַ פראַגמענט פון עמיאַט'ס זכרונות פון זיינע וואַרשעווער ישיבה־יאָרן.

צוריקגעקומען פאַרשעמטע. הערשעלעס מאַמע און אַ טוץ דינסטן, האָבן זיי דאָרט געהאַלטן אין איין מושטירן: דאָ שטיי נישט און גיי נישט; דאָ רייב זיך קודם־כל אָפּ די שיך, אין דאָ זעץ זיך ווו מען הייסט דיר, און דאָ מאַכט מען דיר באַמערקונגען, אַז דו זיצסט נישט גלייך, אַז דו האַלטסט נישט דעם לעפל־גאָפּל ווי עס באַדאַרף צו זיין. מיט איין וואָרט: זיי האָבן פאַרזאָגט אַ צענטן נאָכאַמאָל אַריינצושמעקן צו הערשעלען אין שטוב אַריין.

ביי ברוך־עליען פילט מען זיך אָבער ווי ביי זיך אינדערהיים. ברוך־עליע איז אַזוי צוגעלאָזן, און אַז מ׳קומט אַריין צו אים — וואָלט ער געוואָלט זאָלסט שוין אַזוי בלייבן כאָטש איבער נאַכט, עפּעס, ווי מ׳וואָלט אים אַ טובה געטאָן.

פאַראַן שוין אין דער שטוב חברה, וואָס ווייסן צו דערציילן, אַז ביי ברוך־עליען אין שטוב איז מיט יאָרן צוריק אַן אומגליק געשען: אַ שוועסטער זיינע האָט זיך פאַרליבט אין אַ שייגעץ און זיך אָפּגעשמדט. אָבער קיינער דערמאָנט עס נישט ברוך־עליען, כאָטש די זעלבע וואָס דערציילען, ווייסן, אַז דער דאָזיקער שוואַרצער פלעק, איז אויף דער משפּחה געבליבן ביז אויפן היינטיקן טאָג, און ס׳איז שווער עמעצן פון ברוך־עליעס משפּחה אַ שידוך צו טאָן מיט אַ קינד.

איז טאַקע אויסגעוואָקסן אַזאַ אומעט אין ברוך־עליעס שטוב. ווי גרויס און ווי שיין די שטוב איז — אַלץ עלנטער שטייט אין איר דער אומעט.

פאַרנעמען זיי אַ גאַנצן שטאָק אין איינעם פון זייערע צוויי הייזער, וואָס שטייען איינס נעבן ס׳אַנדערע אויף מוראַנאָוו.

די זיבן צימערן זענען הויך און ברייט און ווייסלעך־קיל און אָנגעשטעלט מיט מעבל און די פענצטער זענען באַהאָנגען מיט טייערע גאַרדינען און דער טאַטע, ברוך־עליעס, ר׳ מענדל, דער סאָכאַטשאָווער חסיד, גייט אַרום אין די שטעקלאַטשן און אין זיידענעם שלאַפראָק, רויכערט שטונדן אַ ציגאַר און איז מעיין אין ספרים, אָדער אַמפּערט זיך מיטן „זשאָנדצע״ (הויז־פאַרוואַלטער) וועגן עפּעס אַן ענין. אָבער אַז עס קומט עמעץ פון די ישיבה־בחורים אַריין צום זון, ווייסט ער נישט ווו אים אַוועקצוזעצן און מיט וואָס אים מכבד צו זיין.

לפּנים, איז זיין געזיכט פאַרכמורעט שטרענג, מעשה וואַרשעווער גביר, אַ בעל־הבית פון צוויי ריזיקע הייזער, ווו עס וווינען צענדליקער לאָקאַטאָרן. אָבער באַלד ווערט די שטרענגקייט־גרימאַסע צעגאַנגען און דאָס געפיל פון געפאַלנקייט מאַכט דאָס פּנים אינטערטעניק־ליבלעך, און ס׳ווערט אַזוי מאָדנע טרויעריק ווען ר׳ מענדל טראָגט אַריין אין דער סאַלע עפּעס אַ באַזונדער־שיינעם שטול אַוועקצוזעצן מיך און וואָס דעם גאַנצן כיבוד צום טיש טראָגט אַריין ר׳ מענדל אַליין.

פון אָפט קומען צו ברוך־עליען, האָב איך שוין געוווּסט: ברוך־עליעס מאַמע איז שוין יאָרן געריררט אויפן זינען. זי שעמט זיך צו ווייזן פאַר לייטן. ווען ס׳קומט עמעץ אַריין, פאַרקלייבט זי זיך אין איר צימער און קוקט נאָר פאַרבאַהאַלטן אַרויס פון דעם פּיצל אָפענער טיר ווער עס איז אַריינגעקומען.

מיטן גאַסט פאַרנעמט זיך ר׳ מענדל. דער טיש ווערט יום־טובדיק אָנגעשטעלט מיט כל־טוב און ס׳איז ר׳ מענדלס פאַרגעניגן אַ פּינקל צו טאָן מיט זיין חריפות און בקיאות פון סאָכאַטשעווערס גאונות; און אַז גאָט העלפט און דער ישיבה־בחור איז אויך נישט אַבי־ווער און דאָס יונגע מוחל שטעלט אַמאָל ר׳ מענדלען אין אַ פאַרלעגנהייט מיט זיינס אַ קשיא, ווערט דעמאָלט ר׳ מענדל אינגאַנצן צעשמאָלצן

פאַר נחת און ער טראַכט... ווער ווייסט וואָס ער טראַכט דעמאָלט? נאָר אַז ס׳באַווייזט זיך אין שטוב דאָס יינגע מיידל זיינס, די סטודענטקע פון וואַרשעווער אוניווער־סיטעט, אַ בלאָנד, שיין מיידל, גיט אַן עפן די הויכע ווייסע טיר און גיט אַ מורמל אַ וואָרט פויליש, רופט איר דער טאַטע אַריין און רעדט מיט איר יידיש אויף צו פּלייסן:

— חיהלע, דערצייל וואָס האָסטו היינט געלערנט?

דאָס מיידל רויטלט זיך פאַרוואונדערט פון טאַטנס מאָדנע פראַגע דווקא אין יידיש און פון דער אַנוועזנהייט פונעם גאַסט.

אָבער ר׳ מענדל וואַרט נישט אויפן ענטפער און גיט אַליין צו:

— ס׳האָט אַ גאונישן קאָפּ, גאַנצע נעכט ליגט עס איבער ביכער, עס שטודירט מעדיצין, ס׳וועט זיין אַ דאָקטער!

* * *

לאַנג אַזוי זיצן מיט ר׳ מענדלען קומט נישט אויס, ווייל עס באַווייזט זיך באַלד אַ „זשאַנדצע״, אָדער עפּעס אַן אַנדער אַריינגייער, וועלכער נעמט ר׳ מענדלען צו, און דעמאָלט רופט ברוך־עליע מיך אין זיין אייגענעם צימער, וואָס איז לעבן דער סאַליע. ברוך־עליע, וואָס נעמט אין דער פרייער צייט פון לערנען לעקציעס מוזיק, שפּילט אויס אויף דעם פידל טשאַיקאָווסקיס נאָגנדיקע „באַרקאַראָלע״ און דער ניגון דערציילט די גאַנצע פאַרשעמטקייט פון דער שטוב און פונעם קלע־מענדיקן ווייטיק, וואָס די מענטשן דאָ דערציילן נאָר מיט אַ ווונק, מיט אָנצוהערע־נישן. ברוך־עליעס אויגן ווערן אַזוי מיטאַמאָל פאַרטראַכט, עלטער, פאַרקוקט אויף עפּעס אַ פּונקט אין שטוב, וואָס ער אַליין נאָר זעט אים, ווי פון דאָרטן טאָקע וואָלט עס געקומען דער שאָטן, וואָס הויערט אויף זייער משפחה, וואָס דעם טאַטנס זיידענער שלאַפראָק און לומדות קענען אים נישט פאַרווישן.

פון בוך: „פאַרדעקטע שפּיגלען״, בוענאָס איירעס 1962.

# יעקב פּאַט

## צישאָ...

די ראשי תיבות — צ. י. ש. אָ. צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע — זיינען אַרויס צו דער וועלט אין יאָר 1921,ביים ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, אין גרויסן טעאַטער־זאַל אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, „אַפּאַלאָ". „זאָל לעבן די ניי געשאַפענע צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, די צישאָ" — האָט אויסגערופן דער פאָרזיצער פון ערשטן שול־צוזאַמענפאָר, בייניש מיכאַלעוויטש. דאָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט התלהבות פון 1,500 דעלעגאַטן־לערער, שול־בויער, פּאָליטישע קעמפער, געסט, וואָס זיינען געקומען אין זאַל פון אַלע עקן פון דאַמאָלסטיקן פוילן, — געקומען פון די שטעט און שטעטלעך אין פּאָלעסיע און ווייס־רוסלאַנד, ביז טיף אין גאַליציע, ביז די גרענעצן פון רומעניע און אונגאַרן.

פון 1921 ביז 1940 — אין 19 יאָר — איז דאָס וואָרט „צישאָ" אויסגעוואַקסן צו אַ מין שם המפורש: ‚צישאָ׳־שולן, ‚צישאָ־לערער׳, ‚צישאָ־קינדער׳, ‚צישאָ׳־עלטערן, ‚צישאָ׳־סיסטעם, ‚צישאָ־יוגנט. ‚צישאָ׳ האָט פאַרמאָגט אַגרעסיווקייט, מעכטיקן ‚אימפּעט׳ — האָט געשריבן שלמה מענדעלסאָן — „די יידיש־וועלטלעכע שול אין פוילן האָט אַקומולירט סיי די סאָציאַלע, סיי די נאַציאָנאַלע שטרעמונגען, האָפענונגען און חלומות פון דער יידישער מאַסע. די צישאָ איז געווען דער באַסיין פאַר די שטרעמונגען. עס איז געווען אַ היסטאָרישער פאַרמעסט צו שאַפן אַ נייע, וועלט־

---

יעקב פּאַט, איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער יידישער קולטור אין וואַרשע און שפּעטער אין ניו יאָרק. ער איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1890. פון 1921 ביז 1939 (ווען ער איז אַנגעקומען און פאַרבליבן אין ניו יאָרק) האָט פּאַט געשריבן, און ער איז אַ באַגייסטערטער שרייבער, גערעדט, און ער איז אַ פלאַמענדיקער אָראַטאָר, רעדאַגירט, געווען אַקטיוו אַלס לערער אין יידיש־שולעס און אַלס סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. ער איז אפילו — רעפּרעזענטירנדיק דעם „בונד", געווען פרנס אין דער וואַרשעווער יידישער קהילה. אין ניו יאָרק איז ער סעקרעטאַר פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און מיטרעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". יעקב פּאַט איז דער מחבר פון דייזע־ביכער, דערציילונגען, שמועסן מיט יידישע שרייבער, זכרונות. ער האָט באַזוכט און באַגייסטערט מיט דעם מאָדערנעם יידישן קולטור־געדאַנק גאָר די יידישע ישובים פון דעם פּלאַנעט. אָבער אויפן וואַרשעווער האָריזאָנט איז זיין געשטאַלט אינטעגרירט מיט דער „צישאָ". ברענגען מיר דאָ אַ פראַגמענט פון זיין באַשרייבונג פון די ערשטע שריט פון דער דאָזיקער גרויסער יידיש־יידישער שול־אָרגאַניזאַציע.

לעכע, פאָרם פון יידישן לעבן. עס איז געווען די שטרעבונג צוזיפצובינדן נאַציאָ־נאַלע שעפערישקייט מיט דער גרויסער, אינטערנאַציאָנאַלער, אויסלייזנדיקער אידעע פון סאָציאַליזם".

די „ציש״אָ" איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר די קעמפנדיקע און שאַפנדיקע קולטור־כוחות אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט און איר סביבה. די נייע יידישע שול, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן געוואָגטן פאַרמעסט, וואָס איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן ווי אַ היסטאָרישער נס, איז אַטאַקירט געוואָרן דורך אייפערזיכטיקע קעגנער, דורך רעאַקציאָנערע שונאים פון אינעווייניק און פון דרויסן. קעגן איר איז אויפגעשטאַנען אַ מאַכט זי צו פאַרטיליקן, די פוילישע רע־אַקציע, דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם, די „ענ־דעציע", די „סאַנאַציע". מען האָט געדאַרפט זיך איינפעסטיקן טיף אין שוצגראָבנס, אָפט אפילו אַרונטערגייז אונטער דער ערד. מען האָט געדאַרפט פירן דעם קאַמף אויף פיל פאָזיציעס. ,ציש״אָ' איז גע־ווען דער גענעראַל־שטאַב פון די בעלי־מלחמה, פון די קעמפער און פאַרטיידיקער. — ,ציש״אָ' איז געווען דער אַרסענאַל צו זאַמלען, שאַפן מיטלען פאַר קיום.

די שול איז ניי — ניי אין איר ציל, ניי אין איר דרך, — און עס דאַרפן געשאַפן ווערן די מכשירים, די תורה און דער שולחן־ערוך פון דער שול, איר פּראָגראַם, איר פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק, אירע לערן־ביכער. — די ,ציש״אָ, איז די צענטראַלע ווערקשטוב פאַר דער תורה פון דער שול. די שול איז יונג. זי זעט אויס צומאָל איוסטערליש אומפאַרשטענדלעך אין די אויגן פון פאָלק. מען דאַרף פאַרשפּרייטן איר אידעע, אויפקלערן אירע צילן, אירע כוונות; אַרומרינגלען זי מיט מאַסן־טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט. — די ,ציש״אָ' איז די מאַשין פון פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע, אויפקלערונג, פאַר דער מאָביליזאַציע פון די מאַסן־כוחות.

אויפן קאַמף־פעלד פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען איז די שול געבוירן גע־וואָרן. אירע שאַפער, בויער און שטיצער זיינען געקומען פון פאַרשיידענע אידעישע ריכטונגען און באַוועגונגען — בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן, פאָלקיסטן, אומאָפּהענ־גיקע, פאַראייניקטע. קיינע פון זיי האָבן באַזונדער, זעלבשטענדיק נישט געהאַט קיין מערהייט — די שול האָט געקאָנט לעבן, זיך אַנטוויקלען, זיך אויסהאַלטן נאָר ביי אַ פאַראייניקטן פראָנט פון אַלע קאָנסטרוקטיווע כוחות. נאָר ביי אַן אַלגעמיינער גע־טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט. עס איז געווען אַ צייט, ווען פאַרטיי־קאַמפן אין פוילן זיינען געוואָרן אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט. עס האָבן זיך געמערט מחלוקתן, שפּאַלטונגען, זיי האָבן אָבער אָנגעשלאָגן נאָר ביז די ווענט פון דער ,ציש״אָ'.

,ציש״אָ' איז פשוט אַ וווּנדער פון יענער צייט. זי האָלט אויס איר קיום. זי בלייבט גאַנץ. זי איז די דעמאָנסטראַציע פאַר דעם, וואָס מען קאָן טאָן מיט פאַראייניקטע כו־חות. ביי די טישן פון ,ציש״אָ' הערשט קאָאָפּעראַציע, קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש. עס שוועבט איבער אירע טוער און בויער די שכינה פון אחריות.

קומט פאַר דעם 11טן און 12טן אַפּריל 1920 אין וואַרשע, אין דער פאָלקס־שול אויף מילע 49, אַ זיצונג וועגן דעם קומענדיקן שול־צוזאַמענפאָר. דער פּרעזידיום פון יענער באַראַטונג: ברוך קאַגאַן־ווירגילי, י. קלעפּפיש ,מ. שור און י. פּאַט. דאָרטן ווערט באַשלאָסן צו רופן דעם ערשטן שול־צוזאַמענפאָר פון פוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד. און דאָרטן קומט דער פאָרשלאַג: די אָרגאַניזיציע, וואָס וועט געשאַפן ווערן, זאָל גערופן ווערן „צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע".

איך זע דייטלעך אין זכרון יענעם טאָג פון ערשטן שול־צוזאַמענפאָר. עס איז אַ זומערדיקער פרימאָרגן. אין חברותא, אין גאַנצע כאַליאַסטרעס, פון דזשיקע, פון נאַלעווקעס, פון נאָוואָליפּקע, גייען לערער, שול־טוער צום טעאַטער „אַפּאָלאָ" אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. די טעאַטער־טירן זיינען ברייט אָפן פאַר די לערער, געקומענע פון גאַנץ פּוילן. עס טומלט, עס רוישט אין פּאָיע פון טעאַטער, אין די קאָרידאָרן, ביי די טירן.

דער זאַל איז פול. מען איז צעזעצט אין מחנות, צעטיילט לויט פּאַרטיי־גרופּן: בונדיסטן, פּועלי־ציון, פאַראייניקטע, פּאָלקיסטן, אומאָפּהענגיקע. אַלץ איז אין דער־וואַרטונג. אַ דור האָט אויף דעם געוואַרט, אויף דער שעה. אויף דער טריבונע — רויטע פענער, אויפשריפטן מיט גרויסע יידישע אותיות, אויך אויף פּויליש — „צוזאַמענפאָר פון לערער פון די יידישע שולן".

עס זיינען דאָ אויך אַ פּאָר גרויע קעפּ, אָבער די מערהייט באַשטייט פון יונגע מענטשן. יונגע און באַגייסטערטע. עס קלינגען מיר אָפּ אין דער איצטיקער שעה די ווערטער, מיט וועלכע ח׳ גרשון פלודערמאַכער האָט געעפנט דעם צוזאַמענפאָר: „עס איז געווען אַ בלוטיקע, שוידערלעכע וועלט־מלחמה" — האָט ער געזאָגט. — מיר האָבן באַצאָלט מיט צענדליקער טויזנטער. חוץ מלחמה־קרבנות, אויך קרבנות פון פּאָגראָמען, פון אַנטיסעמיטיזם, פון שנאת עולם צום עם עולם. מיר האָבן נישט פאַר־לוירן דעם גלויבן אין דער אויפריכטונג פון דער וועלט, פון אונדזער פאָלק. מיר האָבן אונטערן פייער פון דער מלחמה, אין ים פון נויט און עלנט, געבויט שולן פאַר אונדזערע קינדער, היימען פאַר די היימלאָזע. עס האָט געקאָנט אויסזען ווי בילדלעך פון פאַנטאַזיעס, עס איז אָבער געווען אין דעם אַ זין. יעדער איינער פון אונדז האָט געהערט דאָס קול פון דער געשיכטע. מיר זיינען געווען אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע, צעוואָרפן צווישן פאַרשיידענע מלוכות. דאָך האָבן מיר געטאָן, כמעט די זעלבע טאַט — מיר האָבן געבויט די נייע שול".

רעדנער. דעבאַטן. פאַרשיידענע מיינונגען. שטרייטן. איך הער נאָך אַ מאָל, ווי אַ הויכער גלאָק שטילט איין דעם עולם. אויף דער טריבונע שטייט דער ערשטער פּאָרזיצער. אַ נידעריקער מענטש, אַ געהאָרבעטער, מיט אַ גרויסן קאָפּ ווייסע, געדיכטע האָר, מיט אַ שמייכלענדיקן פּנים, מיט גוטע בלויע אויגן. און אָט קלינגט דונערנדיק זיין שטים: „חברים און חברטעס..."

פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ גבורהדיקע שטים צו אַזאַ נידעריקן, געק־קווועלטן, גרויקעפּיקן מענטשן? ווער איז ער? — דאָס איז ביניש מיכאַלעוויטש, אַ נאָמען אַ מעשהלע, אַ לעגענדע. ביניש איז אַ בונדיסט, דער זון פון אַ בריסקער אָרעמען שלאָסער, דער ל'ו־ניק ביי די יידישע סאָציאַליסטן. וועלט־ליטעראַטור איז דער ים, אין וועלכן ער שווימט. דער גרעסטער בעל־בטחון. סאָציאַליזם איז זיין גלויבן.

און אָט זיינען איניקע שורות פון זיינע ווערטער: „איר, יידישע לערער, האָט אַרויסגעטראָגן די יידישע שול פון אירע היסטאָרישע באַהעלטענישן אויף אייערע פּלייצעס. די יידישע אַרבעטער האָבן אייך געהאָלפן זי צו טראָגן פּלייצע אין פּלייצע, נשמה צו נשמה, און וועלן ווייטער אויך גיין צוזאַמען. אָן דעם יידישן לערער און אָן דעם יידישן אַרבעטער איז נישטאָ קיין נייע שול..."

דעבאַטן, פייערדיקע דיסקוסיעס, חלוקי־דעות, פון וועלכע מען מוז סוף־כל־סוף

אויסשלאָגן אַ פּאַראייניקטן כוח. איך זע דעם שלוס פון צוזאַמענפאָר. איך הער די רייד פון בייניש מיכאַלעוויטש: „חברים און חברטעס, עס טראָגן זיך גרויסע סאָציאַלע שטורעמס. זיי פאַרטראָגן אויף אונדזער פעלד די קערנער פון אַ נייער שול, אַ שול אַ יידישע, אַ שול פון אַרבעטער, אַ שול אויף יידיש. די קערנער האָבן זיך שוין טיף איינגעאַקערט אין אונדזער באַוווסטזיין. די אידעע איז צייטיק, דער געדאַנק איז פולקאָם רייף. עס איז איצט אַ גרויסע שעה. איך דערקלער דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פאַר געעפנדיקט".

איך שרייב די ווערטער, און אין דעם מאָמענט דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז ערשט נעכטן געשען. אָבער ניין, נישט נעכטן. עס זעט שוין אויס ווי אַ גאַנצער יאָרהונדערט וואָלט אַוועק. איך זע די געשטאַלטן, די פּנימער, דעם גרויסן זאַל, די 1,500 דעלעגאַטן. איך זע די שטילע, ערנסטע פאַראַנטוואָרטלעכע בויער... געציילטע זיינען געבליבן און טראָגן אין זיך די זכרונות. זיי האָבן געשאַפן די „צישאָ".

פראַגמענט פון „לערער־יזכור־בוך", ניו יאָרק, 1952־1954.

## גרשון פאַמעראַנץ

## וואַרשע נעמט אויף ה. לייוויקן



**תמוז, יאָר ניינצן הונדערט און פינף און צוואַנציק.**
**עס איז זומער, פולער בלי, זון איבער וואַרשע און איבער גאַנץ מדינת פוילן.**
**דאָס יידישע לעבן אין קראַמפּן פון דער באַרימטער גראַבסקי־עגלה.**

**די יידישע נויט, הונגער און — פּחד איז גרויס.**

**די יידישע יוגנט, די ליכטיקע יידישע יוגנט פון דער הויפּט־שטאָט וואַרשע און — אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך איבער פוילן, — איז אומרויק, צאַפּלט און איז פול מיט חלומות.**

**גרויסע חלומות.**

**עס זיינען פול די „פּאַראַיינען". מען אַמפּערט זיך, מען רעדט, מען פירט מחלוקות: מען גרייט זיך „לויפן" קיין ארץ ישראל, צו בויען אַ געזונט יידיש לעבן אויף אייגענער ערד און — מען „פליט" צום אויפגעשטראַלטן מזרח, פונוואַנען עס שרייט די תורה פון באַפרייען די גאַנצע וועלט און אויך דעם ייד.**

**עס מאַרשירן כלערליי ציוניסטן מיט דער ווייס־בלויער פאָן. עס מאַרשירן בונדיסטן מיט דער רויטער פאָן; עס פאַרוואַרפן יידישע קאָמוניסטן רויטע פענדלעך איבער די טעלעגראַף־דראָטן און — פילן אָן תפיסות.**

**עס גייט אָן אַ גרויסער געראַנגל מיט דער וועלט און מיט זיך אַליין.**

**די פאַרזאַמלונגען צווישן די פּאַרטייען, זיינען הייסע און יידיש יוגנטלעך בלוט רינט אין די פאַרזאַמלונג־זאַלן.**

**עס ציען זיך מטיפים, משולחים איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך און — מען דערציט, מען אָרגאַניזירט, מען וואַרעמט די יידישע יוגנט, דעם יידישן מענטש מיט האָפענונגען אויפן ליכטיקן מאָרגן, וואָס קלאַפּט אין די יידישע טירן.**

**איבער אַלעמען — די כוהנים פון דער יידישער ליטעראַטור. יידישע פּאָעטן, יידישע פּראָזע־מייסטער, יידישע געלערנטע קומען צו דער יידישער יוגענט מיט דעם יידישן ליד, קומען מיט חכמה און מיט תורה. צינדן אָן די יידישע שטעט און שטעטלעך מיט דער אויפגעאַנגענער יידישער ליטעראַטור און — אַ דור פאַרשטילט דעם הונגער, די בענקשאַפט, די חלומות מיט דעם יידיש־קינסטלערישן וואָרט.**

---

גרשון פּאַמעראַנץ — דיכטער, עסעיסט, זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר, פאַרלעגער — געבוירן אין סאָקאָלאָוו פּאָדלאַסקי, ביי וואַרשע, אין יאָר 1904. אין וואַרשע געוווינט אין די יאָרן 1920־1928. אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע אין יאָר 1929. וווינט אין טאָראָנטאָ. ענטוזיאַסטישער פריינד און חסיד פון באַרימטע יידישע שרייבערס — גאָר באַזונדערס פון ה. לייוויקן.

עס פעלן אויס ביכער אין די ביבליאָטעקן. יידישע קינדער שאַרפן זייערע מוחות, וואַרעמען זייערע הערצער און — וויגן זיך פאַרגאַפטע איבער די גרויסע ווערטער פון די כוהנים, די באַזינגער און דערציילער פון זייער לעבן אין אונדזער דור.

אַלע ציען קיין וואַרשע.

ווילן זיין אין דער סאַמע מיט, אין דעם סאַמען קאָך און—מיטלעבן די גרויסע געשעענישן, וואָס קומען פון די „טישן" אין גרויס־שטאָט.

דער צענטער, די קרוין פון יידיש־פוילן, וואַרשע, הייבט זיך אָן ברעכן.

עס גייען אוועק די זינגער, די מייסטער פון יידישן ליד, ציען אין דער וועלט אַריין. וואַרשע הייבט אָן צו ווערן אומעטיקער און די ליטעראַרישע אויסגאַבעס, וואָס זיינען פול געווען מיט בשורה, מיט חידוש און מיט פייער, ווערן אָפּגעקילט. באַזאַכטער און —

לייוויק קומט אינעם חודש תמוז קיין — וואַרשע.

עס זיינען געקומען אַנדערע פאַר אים און — נאָך אים.

אָבער — קיינער האָט אַזוי נישט אַנגעצונדן, אַזוי נישט אויפגעצאַפּלט יידיש פוילן, ווי — לייוויק.

איז געוואָרן יום־טוב אין דעם אינדערוואָכן פון יידיש־פוילן.

איז אויפגעגאַנגען אַ גרויסע קנאה צו וואַרשע, וואָס וועט לייוויקן זען, לייוויקן הערן. האָבן זיך געגרייט די מנהיגים פון אַלע פאַרטייען, עס האָבן זיך געגרייט די יידישע פען־מענטשן, די יידישע שוישפּילער און —

ווער קאָן פאַרגעסן, ווער קאָן פאַרגעסן?

קאַמינסקי־טעאַטער — פול איבער די ברעגעס. אין דרויסן אַ זומער אָוונט מיט אַ זויפיל שטערן, אַזויפיל ליכט און — אַזויפיל יידן. אויף דער בינע — די פּני פון יידיש פוילן. די קעפּ פון יידישע פאַרטייען. פון יידישע תלמידי חכמים און יידישע משוררים.

מיט זיי אַלע — דאָס גרויסע יידישע געשטאַלט — הלל צייטלין.

אין דער פאָדערשטער רייע: לייוויק. לעבן אים — יוסף אָפּאַטאָשו און עס איז שטיל, שטיל. פאַר אַן עבודה.

עס רעדן די פאַרטייען. עס רעדן די משוררים. עס רעדט מיט אויפגעהויבענע הענט איבער לייוויקס קאָפּ — הלל צייטלין.

„איך האָב אין די נעכט געחלומט, עס זאָל קומען צו אונדז אַ נביא, אַ זעער און ער זאָל אונדז לעבעדיק מאַכן מיט זיין וואָרט, מיט זיין שליחות".

ער הייבט העכער זיינע הענט און — ער בענטשט לייוויקן, דעם חלום, וואָס איז מקוים געוואָרן.

דער עולם איז דערהויבן. טויזנטער אויגן שניידן זיך אַריין אין דעם בלאַנדן געשטאַלט, וואָס האָט זיך געבויגן אונטער די בענטשנדיקע הענט.

עס איז שטיל. אַלע הערצער צאַפּלען אויף, ווען אסתר רחל, אידא קאַמינסקאַ און סאמבערג שפּילן אַן אַקט פון גולם.

עס איז שטיל.

עס באַווייזט זיך אויף דער בינע אַ געשטאַלט. שטעלט זיך אַוועק ביי אַ קליין עמודל און — פאַרכאַפּט מיט זיין שיינקייט, מיט זיין ווונדערלעכער הלבשה און

— משה בראָדערזאָן לייענט מיט אַזויפיל געמיט, מיט אַזויפיל עכט־קינסטלעריש־קייט — „קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד און אַז איר ווערט מיד, הערט אויף, די גלאָקן וועלן אַליין שוין דערקלינגען.״

לייוויק, אַ דערשראָקענער, פול מיט פחד, רעדט, לייענט לידער און — עס גייט אויף איבער יידיש פוילן לייוויקס העלקייט, לייוויקס וואָרט און עס ווערט יום־טוב אין דער גרויער וואָכעדיקייט.

נאָך דעם — הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן געוואָלט זען לייוויקן, אים הערן.

האָט לייוויק נישט קיין צייט, ער פאָרט אין גאולה־לאַנד. וועט ער בלויז קאָנען זיין אין צען שטעט, די גרעסערע.

איז טרויעריק געוואָרן די יידישע יוגנט, וואָס וועט לייוויקן נישט הערן, נישט זען.

אָבער איך האָב זיך פאַרעקשנט: מיין שטעטל, וועט אים יאָ זען, וועט אים יאָ הערן.

האָב איך אויסגעפועלט ביי לייוויקס געטרייען משגיח, ביי מלך ראַוויטשן, אַז צווישן די צען, זאָל מיין שטעטל, סאָקאָלאָוו, אויך זיין.

בין איך מיט דער בשורה געלאָפן אַהיים, האָב פאַררופן אַלע, אַלע, ציוניסטן, פועלי ציון (לינקע), צעירי ציון, מזרחי, בונדיסטן, יידישיסטן, העברעיסטן, קאָמו־ניסטן. אַלע, אַלע.

און — מען האָט זיך געגרייט.

דער יידישער זשורנאַל, טאָראָנטאָ, 1964

# יוסף פּאַפּיערניקאָוו

## ביים טאַטנס טיש

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פינף ברידער.
ס'איז מיטאָג. אַכט טעלער, אַכט לעפל, ווי רידער,
אַכט קעפּ, ווי די אַנקערס — ביי יעדן געבויגן,
פאַרזונקען אין זיך, מיט פאַרנעפּלטע אויגן.

מ'זיצט אַרום טיש — ווי ס'וואָלט קיינער געזעסן,
מ'עסט — ווי ס'וואָלט יעדער אַליין זיך געגעסן,
אַליין זיך דאָס האַרץ מיטן מעסער געשניטן,
ווי יעדער וואָלט וועלן זיין אָפּגרונט פאַרשיטן . . .

און שווער, ווי אַ שטיין — איז ביי יעדן דער ביסן,
מ'קאָן נישט צעקייען, וואָס יעדער וויל וויסן
און פרעגט עס ביי זיך, אין פאַרביסענעם שווייגן:
— פאַרוואָס, בלוט פון בלוט, איז זיך פרעמד און נישט אייגן.

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פינף ברידער.
נאָך מיטאָג — צעגייט מען ווי אורחים זיך, ווידער
צוריק אין אַכט וועלטן; צוריק אויף אַכט ימען,
וואָס ברענגען אין שטורעם, אַכט שיפלעך צוזאַמען.

---

## אַרבעטער-קוואַרטאַלן

שמאָל, ווי דורכגעצויגענע קאַנאַלן
ליגן זיי,
די הינטערשטאָטישע צונויפגעפּרעסטע גאַסן —
אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

---

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — פּאָעט און מעמואַריסט. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1899. זינט 1924 — מיט איבעררייסן — אין ארץ ישראל. רייזעס אין אייראָפּע און איבער דער וועלט. מיט אַלע זיינע דיכטערישע סענטימענטן און בענקשאַפטן פאַרבונדן מיט דער אידעאַליסטישער, וואַרשעווער, ציוניסטישער אַרבעטער־יוגנט — — און כמעט דאָס גאַנצע, רייפע, פּאָעטיש־שעפערישע לעבן זיינס דער דיכטער אין יידיש, דווקא אין ארץ ישראל. מחבר פון אַ צענדלינג ביכער — בעיקר לידער — און דערציילונגען און זכרונות. זיין ליד „זאָל זיין" האָט זוכה געווען צו ווערן אַ פאָלקס־ליד, גאַנץ וואַרשע האָט עס יאָרן לאַנג געזונגען; ניין — אַ גאַנצער, פאַרבענקטער דור. און מען זינגט עס נאָך.

אַנגעוואָרפענע,
ווי ציינער שלעכט צעוואַקסענע, פאַרגעלטע,
ליגן הייזלעך איינס אויף ס'אַנדערע,
באַטרעפּלטע, באַשוועלטע,
באַהאַנגענע מיט גאַניקעס, ווי בריקלעך אַלטע,
אונטער טירן צוגעפאַלענע צו גראָע ווענט,
וואָס קוקן בעטלעריש מיט פענצטער,
ווי מיט אויגן אויסגעלאָשענע און קאַלטע,
איבער רינעס בלאָלעך אַנגעדראָלענע,
ווי אָדערן אויף האַרעפּאַשנע הענט...

שמאָל, ווי דורכגעצויגענע קאַנאַלן
ליגן זיי
די הינטערשטאָטישע צונויפגעפּרעסטע גאַסן —
אַרבעטער־קוואַרטאַלן.
ציען טעג, ווי יאָרן, דורך דורך זיי,
ווי קרעכצנדיקע רעדער פון אַ שווערן וואָגן,
ליגן נעכט אין זיי צעלייגט,
ווי הונגעריקע בייזע הינט
וואָס בילן, בילן, ביז ס'הייבט אָן צו טאָגן,
און אויף סירענע־רוף פאַרלאָזן מענער
הויז און ווייב און קינד,
און — גייען, גייען, גייען,
ווי פאַרפינצטערטע, צעשאָטענע אַרמייען
ערגעץ אָפּ, זיך שלאָגן
מיטן שונא: נויט,
און ברענגען נאָך דער שלאַכט אַהיים — אַ ברויט . . .

---

## דאָס טויטע געסל



די גאַס, דאָס געסל אָדער געסעלע ווו מען איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן און פאַרשפּילט געוואָרן פאַר דער שוועל פון טאַטע־מאַמעס הויז — די גאַס, דאָס געסל אָדער געסעלע איז אַ טייל פון דער היים, אַן וועלכער מען דערמאָנט זיך אַמאָל מיט ליבע, מיט בענקשאַפט און באַדויער — אפילו ווען די קינדהייט און די יוגנט אין איר, איז נישט געווען קיין געקעכלטע און געוויקלטע אין סאַמעט און אין זייד . . .

* * *

גערופן האָט מען עס דאָס טויטע געסל. כאָטש געהייסן האָט עס: ניזקע, און געווען איז עס נישט קיין געסל פאַר זיך, נאָר אַ טייל פון אַ לאַנגער, שמאָלער גאַס,

וואָס איז ווי אַ סך פאַרשטאָט און נאָכשטאָט־גאַסן — געלעגן ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג, וועמענס קאָפּ ס'האָט זיך אַנגעשפּאַרט אָן גראָען געמויערטן פּאַרקן פון וואַרשעווער יידישן בית־הקברות...

עד היום ווייס איך נישט פאַרוואָס מען האָט דאָס געסל גערופן „דאָס טויטע געסל", בעת אינדעראמתן איז עס דווקא געווען אַ געסל אַ לעבעדיקס און אַ רייכס מיט פריילעכע און טרויעריקע געשעענישן, וואָס וואָלטן גענוג געווען פאַר אַ גאַנץ שטעטל . . .

צום רייכסטן איז דאָס געסל געווען, ווי יעדע אָרעמע גאַס — מיט קינדער. נישט ווייניק איז עס אָבער אויך געבענטשט געווען מיט משוגעים, וואָס האָבן דעם קליינוואַרג געגעבן וואָס צו טאָן: נאָכלויפן נאָך זיי, באַוואַרפן זיי מיט שטיקער פוילע עפּל; ווערן פון זיי געיאָגט, און כאַפּן פון זיי משוגענע קלעפּ...

ווי אין אַ סך שפּילערייען און ווילדע שטיק פון „ווייסע חברה", האָב איך זיך אויך נישט באַטייליקט אין קיין געיעג נאָך משוגעים, כאָטש אינגאַנצן גלייכגילטיק און פּאַסיוו צו זיי בין איך אויך נישט געווען. פאַרקערט: מיין אינטערעס פאַר אַ משוגענעם איז געווען אַ סך גרעסער ווי ביי די וואָס זיינען נאָך זיי נאָכגעלאָפן און מיט ווילדע קולות געיאָגט זיי, געטריבן, להבדיל ווי הינט. איך, למשל, האָב נאָך אַ משוגענעם געקאָנט נאָכגיין אַ סך גאַסן כדי צו באַקענען זיך בלויז מיט אַלץ וואָס ער טוט און צו הערן, וואָס און ווי אַזוי ער רעדט. צוליב די זעלבע טעמים פלעג איך אויך שעהען לאַנג אָפּשטיין און אַריינקוקן אין אַ פענצטער פון משוגעים־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויף באָניפראַטערסקע.

נישט נאָך יעדן משוגענעם אָדער משוגענער האָב, איך אָבער געוואָגט נאָכצו־גיין, למשל, נאָכן שוחטס טאָכטער רחל־לאה די משוגענע, וואָס האָט געווינט אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר פון מיין היים, בין איך נישט נאָכגעגאַנגען און אפילו מורא־געהאַט אויף איר אַ קוק צו טאָן. דאַקעגן, בין איך גאַנץ נאָענט צוגעגאַנגען און אפילו גערעדט צו דער משוגענער פאַניטשקא די „אינטעליגענטקע" פון צווייטן שכנותדיקן הויף; כ'האָב שוין דעמאָלט געפילט, אַז פאַניטשקאַ די „אינטעליגענטקע" מיט די שטויסן ביכער אונטער די אָרעמס, איז אַ בעסערער מענטש אין שטייט העכער פון רחל־לאהן דעם פּיפּלאַקס (בופל־אָקס), וואָס פלעגט אָנוואַרפן אַ פּחד אויף אַלע קינדער און אפילו אויף דערוואַקסענע.

כ'האָב נישט בדעה, און ס'איז אויך נישט מיין כוונה אויפצוּלעבן און צו באַ־שרייבן אַלע טיפּן משוגעים פון מיין געבוירן־געסל. פאַרנעמען זיך מיט זיי איז אָן ענין פאַר אַ פּסיכיאַטאָר, אַ לאָמבראָזאָ; אויסער דעם — וואָלט איך דערמיט ווייט אַרויס פון די ראַמען פון בלעטלעך זכרונות. נישט דערמאָנען זיי אינגאַנצן קאָן איך אָבער אויך נישט, ווייל ווען איך דערמאָן זיך מיין געסל, זע איך זיי צוזאַמען מיט די שווינדזוכט־קראַנקע און כל המינים בעלי־מומים — אין פאָדערגרונט פון דער יידישער אָרעמקייט, וואָס האָט, ווי אין אַ סך יידישע גאַסן, געסלעך און געסעלעך — באַווינט „דאָס טויטע געסל".

# געזעגן פּרץ׳ן



פון אַלע נעמען פון יידישע שרייבער, וועלכע מיין פעטער משה דער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט מיט באַזונדערער התלהבות ליב־געהאַט ביי יעדער געלעגנהייט צו דערמאָנען — האָבן זיך מיר, נאָך זייענדיק אַ קליין יינגל, איינגעקריצט אין זכרון דריי נעמען: ביאַליק, שלום־עליכם און פּרץ. איבערהויפּט האָט זיך מיר דאַמאָלט איינגעקריצט פּרץ׳ס נאָמען, וואָס איך פלעג, על פּי רוב, הערן אַרויסזאָגן בנשימה־אחת מיטן נאָמען דינעזאָן, און האָב דערפאַר געמיינט, דאַמאָלט, אַז דאָס איז איין מענטש, וואָס הייסט מיטן נאָמען פּרץ און מיטן פאַמיליע־נאָמען דינעזאָן. ערשט אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס זענען צוויי באַזונדערע מענטשן, צוויי שרייבער, וואָס זענען צווישן זיך אינטים־חבריש פאַרבונדן, אַזוי, אַז מען קאָן זיי כמעט קיינמאָל נישט זען איינעם אָן אַנדערן, ווי מען פלעגט למשל, זעלטן זען ביאַליקן אָן ראַווניצקין.

פון מיין פעטער משהן האָב איך זיך דערוווּסט פון אַן אינסטיטוציע וואָס הייסט „הזמיר״, און דער עיקר — אַז אין „הזמיר״ טרעט פּרץ אָפטמאָל אויף מיט רעדעס, וואָס רופן אַרויס גרויס באַגייסטערונג ביי די אַרבעטער און אינטעליגענץ, און בייז בלוט — ביי די אַסימילאַטאָרן און אָרטאָדאָקסן. כ׳בין אָבער פּרץ׳ן נישט געגאַנגען הערן, ווייל כ׳בין נאָך געווען צו יונג אויף צו פאַרשטיין אים; נישט געוווּסט נאָך אפילו, וואָס ער שרייבט אַזוינס און, בכלל נאָך געהאַלטן, אַז איבער שערלאָק־האָלמסן און נאַט־פּינקערטאָנען — קאָן שוין נישט זיין...

ערשט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען כ׳האָב שוין געהאַט אָנגעשריבן די ערשטע לידער און איך געוווּסט שוין וועגן דעם, אַז אין זאַקסישן גאָרטן איז פאַראַן אַ ליטעראַרישע אַליי ווו מען זעט פּרץ׳ן יעדן פאַרנאַכט דורכשפּאַצירן — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר אים אָנצוקוקן און צו זען צי ער האָט טאַקע אַזאַ פליישיק פּנים מיט אַזעלכע גראָבע וואָנסעס, און אַזאַ צעקאַשמערטע טשופּרינע מיט אַזעלכע פינקלדיקע שוואַרצע אויגן אונטער צוויי געדיכטע ברעמען — ווי דאָס פאָטאָגראַפישע בילד זיינס האָט געוויזן.

אין איינעם אַ זומערדיקן פאַרנאַכט בין איך אַוועק אין זאַקסישן גאָרטן; אויפגעזוכט די „אַלעיאַ ליטעראַצקאַ״. קוים געפונען אַ פּלאַץ צווישן די געדיכט־באַזעצטע בענק און — זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויף פּרץ׳ן. בעתן וואַרטן האָב איך, געדענק איך, קודם־כל זיך גוט אַרומגעקוקט צי כ׳קאָן נישט אַמאָל, אַלס יידיש יינגל, ווי דער שטייגער איז געווען — באַפאַלן ווערן פון וועלכן־ס׳איז גוי, אָדער סתם ווערן באַליידיקט פון עפּעס אַ פּוילישן „פּאַן״, און — כ׳האָב צו מיין פרייד פעסטגעשטעלט, אַז די „אַלעיאַ ליטעראַצקאַ״ איז באַזעצט בלויז מיט אחינו בני ישראל, אַרבעטער, אַרבעטערינס און סתם זיידענע יונגעלייטלעך אפּיקורסים אין קאַפּאָטקעס, אינטעליגענטן און אינטעליגענטקעס, כמעט אַלע באַוואָפנט מיט גאַנצע פּעק צייטונגען און ביכער, און כ׳וואָלט געשווירן, אַז נישט איינער פון זיי האָט ווי איך דאַמאָלט — זיך אַרומגעטראָגן מיט לידער אָדער מיט אַנדערע מאַנוסקריפּטן, און ווי איך — זיך געשניטן אויף אַ שרייבער, און כ׳וואָלט געשווירן, אַז דער גאַנצער עולם איז ווי איך — געקומען זען פּרץ׳ן.

נאָך אַ קאַרגער שעה וואַרטן האָט זיך צו דער באַנק מיינער, פּלוצעם דערטראָגן אַ רוישיק פריידיקער אָנזאָג: פּרץ גייט! פּרץ! פוןביידע זייטן בענק האָט מען ווי מיט איינמאָל איבערגעריסן די לעבהאַפטע געשפּרעכן און וויכוחים, און אויסגע־דרייט די קעפּ צו יענער זייט פון וועלכער כ׳האָב געזען דערנענטערן זיך מיט נישט געאיילטע, זיכערע טריט — אַ קרעפטיקע מיטל־וווּקסיקע פיגור אין וועמענס קאָפּ און צורה כ׳האָב, אַ דאַנק זיין פון פריער־געזען פאָטאָגראַפיש בילד — דער־קענט פּרץ׳ן.

אין מיינע אויגן האָט פּרץ דאַמאָלט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער גוט־באַזיצער, אַ „שליאַכטשיץ״, וואָס וואַרפט אַמאָל אין אַ נאָווינע אַראָפּ פון זיך די רייטהויזן, די יאַגד־ביקס און דעם גרינעם הוט מיטן פעדער און, לאָזט זיך מעשה פּשוטער בשר־ודם — אויף אַ שפּאַציר צופוס... נישט איינער פון די, וואָס האָבן אין דער אַלייע געוואַרט אויף צו זען פּרץ׳ן — האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיטן זען אים, און — פּרץ איז אַוועק אַן אַרומגערינגלטער און אַ פאַרוואָרפענער מיט שאלות פון אַ כאָפּטע בחורים און מיידלעך, וועמען איך האָב שטאַרק מקנא־געווען פאַר קריגן פון פּרץ׳ן אַן ענטפער אָדער שמייכל.

נאָך עטלעכע מאָל זען פּרץ׳ן און נאָך הערן, אַז מען גייט צו אים ווי צו אַ גוטן ייד נאָך סמיכות און אָנערקענונג — האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז כ׳וואָלט פונ־דעסטוועגן באַדאַרפט, אַז עמעץ זאָל מיט מיר אַריינגיין צו אים און אים ווייזן מיינע ערשטע לידער; כ׳האָב זיך אָבער געשעמט עס פאַרצולייגן וועמען, ווי כ׳האָב זיך בכלל געשעמט מיט מיינע לידער, און — באַשלאָסן ביי זיך, אַז כ׳וועל צו אים אַריינגיין אַליין, אָבער ערשט דאַמאָלט ווען כ׳וועל שוין פאַרמאָגן אַביסל זעלבסט־זיכערקייט און גענוג דרייסטקייט. בכדי אָנצונעמען זיך מיט דרייסטקייט און צו־צוגרייטן זיך צום נסיון, האָב איך אָנגעהויבן זייער אָפט אַראָפּצוכאַפּן זיך אויף „אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ״, און צו בלייבן שטיין ביי דעם הויז וווּ פּרץ האָט, ווי איך בין געוואָר־געוואָרן — געוווינט. נישט ווייניק איינשטעלעניש איז פאַר מיר געווען אויך דאָס אַוועקשטעלן זיך אין אַזאַ ווייטער, פרעמדער רייכער גאַס ווו ס׳האָבן, ווי ס׳האָט זיך מיר דאַמאָלט געדאַכט—אויסער פּרץ׳ן — נישט געוווינט קיין יידן. יעדעס מאָל, וואָס כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן דאָס גרויסע, מאַסיווע הויז ווו פּרץ האָט געוווינט — האָב איך זיך דערפילט אומזיכער און אומרויק; ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז פון מיין בלויזן קוקן אויפן הויז — וועט זיך ראַש אַן עפן־טאָן די גרויסע שווערע פראָנטאָווע טיר, און ס׳וועט זיך אויף מיר, ראשית כל, אַרויפוואַרפן אַ פריצישער הונט אַ בייזער, נאָך אים — אַ דינער אין אַ ליווריע, און צום סוף וועט מיר נאָך פּרץ אַליין דערלאַנגען אַ גאָב פאַר שטערן אים די רו...

מיין צוגרייטן זיך צו יענעם גרויסן טאָג ווען כ׳וועל שוין סוף־כל־סוף קאָנען אַ דריק־טאָן דאָס עלעקטרישע קנעפּל פון פּרץ׳עס טיר, האָט ביי מיר גענומען אַזוי פיל צייט, ביז — כ׳האָב אין איינעם אַ באַלד־אינדערפרי, אַראָפּגייענדיק פון בעט דערזען ליגן אויפן טיש דעם וואַרשעווער „היינט״, ווי איינגערעמט אין אַ שוואַרצער ראַם און אין מיטן דער ראַם — אָפּגעדרוקט מיט זייער גרויסער פעטער שריפט, צוויי ווערטער מיט אַן אויסגעשריי־צייכן: נישטאָ פּרץ!...

כ׳האָב זוכה געווען נאָר צו זען פּרץ׳ן און, צו זיין איינער פון אַ סך צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס האָבן אים באַגלייט אויפן וועג צו דער אייביקער רו.

# זאָל זיין...



זאָל זיין אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער,
זאָל זיין, אַז מיין גאָט איז אינגאַנצן נישטאָ, —
אין טרוים איז מיר העלער, אין טרוים איז מיר בעסער,
אין חלום — דער הימל — נאָך בלאָער פון בלאָ.

זאָל זיין אַז כ׳וועל קיינמאָל צום ציל נישט דערלאַנגען,
זאָל זיין אַז מיין שיף וועט נישט קומען צום ברעג, —
מיר גייט נישט אין דעם איך זאָל האָבן דערגאַנגען,
מיר גייט נאָר — דער גאַנג אויף אַ זוניקן וועג.

וואַרשע, 1924.

(פון די ביכער: די זון הינטער מיר — — רויט אויף שווארץ — — — היימישע און נאָענטע — — דערשינען אין ווארשע און אין תל אביב.)

# אברהם פטאַשקין

## אַרבעטער קינדער



ווען דער שטרייק האָט אויפגעגעסן
דעם לעצטן גראָשן פון אָפּשפּארונג,
גייען בלייכע קינדער פון אַרבעטער
אין די שטאָטישע שולן
הונגעריקערהייט.

און אַז זיי קומען אויף מיטאָג אַהיים
און קיין שיסל געקעכץ
וואַרט נישט אויף זיי,
אַזוי ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן,
פרעגט זייער טרויעריקער שווייגן
די פאַרפינצטערטע טאַטעס:
„ביז וואַנען?"

נאָר די קליינע קינדער אין די וויגן
רייסן זיך צו דער מאַמעס ברוסט,
וואָס איז טרוקן,
און פילן אָן דעם חושך פון קעלער־שטיבער
מיט געוויין.

ביז, אויסגעמאַטערטע פון שרייען,
ווערן אַנטשוויגן די פּיצלעך
מיטן זעלבן פאַרשטיינערטן צער
פון זייערע אומגליקלעכע מאַמעס
אין די פאַרוויינטע אויגעלעך.

פון בוך: וואַרשעווער שריפטן, 1926־1927.

---

אברהם פטאַשקין — דיכטער, געבוירן אַרום דעם יאָר 1902 אין אַ שטעטל ביי וואַרשע. אַלע זיינע יאָרן געוווינט אין וואַרשע. אַרויסגעגעבן פינף קליינע לידער־זאַמלונגען. זיינע לידער — אומעט און איינזאַמקייט. ער אַליין — אומעט און איינזאַמקייט. זיין פאַך — אַ בוכהאַלטער ביים אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, אַוועק אין טיף רוסלאַנד און — לויט ידיעות — אין יאָר 1943 זיך גענומען דאָס לעבן אין אַן אוזבעקיסטאַנער שטאָט. נישט אויסצושעפּן און נישט אויסגעשעפּט איז די טעמע פון דער נויט פון וואַרשעווער יידישע קינדער אין יידישע לידער. איינס אַזאַ ליד פון א. פטאַשקין געבן מיר אין דער אַנטאָלאָגיע.

# דוד פינסקי

## דאָך אַמאָל געווינט



**אלוסטיקער קבצן איז בערל דער טרעגער. זיין דירה איז אין אַ קעלער. די צוויי קליינע פענצטער ליגן אונטערן ברוק פון הויף, די שויבן זייַנען גרוי און קויטיק און לאָזן קוים דורך דעם שיין פון די זונענשטראַלן, וועלכע פאַרגנבענען זיך אַמאָל ביז זיינע פענצטער, פון די ווענט רינט און אין די ווינקעלעך בלישטשעט, פינקלט דער שימל.**

**ביי דער וואַנט, צווישן די פענצטער, שטייט אַ טיש. צוויי פיס האָט ער אייגענע, די אַנדערע — פאַרטרעטן צוויי שייטלעך האָלץ, וואָס פאַרשווינדן גאַנץ אָפט, ווען עס איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן. דאַמאָלסט רוקט מען צו דעם טיש האַרט צו דער וואַנט, און ער שטייט, ווי בערל זאָגט: „מיט גאָטס הילף"...**

**דריי ווייסע שטולן זייַנען דאָ אין שטוב, נאָר אַלע אָן ווענטלעך. קוים איז אַ ווענטל אָפּגעפאַלן, האָט בערל געוואָלט עס צושלאָגן צוריק. נאָר ער האָט זיך אַזוי לאַנג געקליבן, ביז די ביידע שייט האָלץ, וואָס שפאַרן אונטער דעם טיש, זייַנען פאַרברענט געוואָרן און קיין האָלץ צום הייצן איז נאָך אַלץ נישט געווען. דאַמאָלסט האָט בערל אָנגעצויגן אַ זייער ערנסטע מינע און אַרויסגעבראַכט אַזאַ מין פילאָזאָ־פישן שלום: זיצן קאָן מען אויף אַ שטול אָן אַ ווענטל און קאַרטאָפליעס מוז מען קאָכן. און ער האָט אָפּגעזאָגט מיט אַן ערב־פּסחדיקן טאָן „כל חמירא", און דאָס**

---

דוד פינסקי — דערציילער, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג, עסעיסט, אָראַטאָר, געזעלשאַפטלעכער טוער אויף דעם גרעסטן פאַרנעם. לרוב פאַרבונדן מיט די פועלי־ציון — איז געבוירן געוואָרן אין מאָהילעוו אין יאָר 1872 — פון יאָר 1885 אין מאָסקווע, 1890 — וויטעבסק, 1891 — ווין. אין יאָר 1892 קומט ער קיין וואַרשע, ווערט דער נאָענטסטער פריינד און מיטאַרבעטער פרץ'עס, וואָס איז 20 יאָר עלטער פון אים. אַ דאַנק דעם גאַנצן אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל — 150 רובל — פון פינסקיס יונגער פרוי האָדל, האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען די היסטאָרישע „יום־טוב־בלעטלעך" אונטער דער רעדאַקציע פון י. ל. פרץ. פון 1896 ביז 1899 וווינט און שטודירט פינסקי אין בערלין; פון דעמאָלט אין ניו יאָרק; אין יאָר 1949 איז פינסקי עולה קיין מדינת ישראל, וווינט און ווערט נפטר אין חיפה אין יאָר 1959. פינסקיס פּראָלעטאַרישע דערציילונגען פון דער ערשטער תקופה פון זיין שאַפן האָבן כמעט אַלע די וואַרשעווער אָרעמע פאָלקשאַפט אַלס העלדן און די וואַרשעווער הויפן, מאַרקן, קעלערן — אַלס לאַנדשאַפט. פון יענער תקופה די דערציילונג „דאָך אַמאָל געווינט", וואָס מיר ברענגען אין אונדזער וואַרשעווער אַנטאָלאָגיע.

וועגטל איז אַריין אין אויוון צוזאַמען מיט אַנדערע ברעטלעך און שפּענער, וועלכע בערל מיט זיינע „ילדים" האָבן אָנגעקליבן אין גאַס.

אין צימער זיינען דאָ נאָך צוויי בעטן. אויף זיי ליגן שמאַטעס, וועלכע בערל רופט „קישן און קאָלדרעס", און אונטער זיי און נעבן זיי שטייען קעסטלעך מיט אַנדערע שמאַטעס, און בערל זאָגט מיט שטאָלץ, אַז דאָס זיינען העמדער, טישטיכער און נאָך אַזעלכע וויכטיקע בעל־הביתישקייטן.

נאָר בערל זאָרגט נישט. ער לאַכט נאָר.

„וואָס דאַרף איך, וואָס? איך דאַרף גאָרנישט! אבי געלעבט!"

פיר קינדערלעך האָט ער: צוויי שלאָפן אין איין בעט מיט אים און צוויי מיט דער מוטער צוזאַמען. אָבער ער שרעקט זיך נישט פאַר מער.

„קינדער", זאָגט ער, „זיינען אַ נחת. זיי דאַרפן אַ סך, אמת... נאָר דערפאַר אַז איך קום אַהיים, איז דאָ מיט וועמען אַ שפּיל צו טאָן, זיך נאַריש צו מאַכן אַ ביסל. אַ פאַרגעניגן — אַ חברה!"

פון זיין בת־שבען איז ער גראָד נישט צופרידן. ער קאָן נישטליידן, וואָס זי וואָלט נאָר אַלץ געקלאָגט און געיאָמערט.

„עט!" מאַכט ער, „מיין ווייבל טויג שוין צו גאָרנישט... אַ קלאָגמוטער גע־

„עט!" מאַכט ער, „מיין ווייבל טויז שוין צי גאָרנישט... אַ קלאָגמוטער גע־וואָרן! זי וואָלט וועלן איך ווייס וואָס... אַ קאָנטראַקט האָט זי פון גאָט. ער איז איר מחוייב צו געבן! מאלע וואָס! וויל זיין ווי ראָטשילד!"

קוים וויזן זיך טרערן אין אירע אויגן, שטעלט ער זיך קעגן איר, האַלטנדיק די רעכטע האַנט אויף דער באַק און אונטערהאַלטנדיק די רעכטע מיט דער לינקער, מאַכט אַ וויינענדיק פּנים און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

„דיר לאַכט זיך אַלץ!" בייזערט זיך בת־שבע.

„איך וויין דאָך גאָר", ענטפערט ער מיט אַ וויינענדיק קול.

„זאָל מען שוין וויינען נאָך דיר, שטאַרקער פּאָטער!" זאָגט זי אָפּ איר פּסוק און דרייט זיך אַוועק פון אים מיט האַרץ.

נאָר בערל באַליידיקט זיך נישט. וואָס אַרט אים אַ קללה? עס דאַכט זיך אים אַז אָן דעם וואָלט זיך גאָר נישט אַזוי פריילעך געלעבט.

בייז ווערט ער בלויז, ווען זי הייבט אָן זיך אַליין צו שעלטן.

„רבונו של עולם!" ;שרייט זי אַמאָל אויס, ווען עס איז נישטאָ וואָס צו עסן און דאָ איז נאָך אַ קינד קראַנק — און דאָס קומט נישט זעלטן פאַר — „רבונו של עולם, נעם מיך צו פון דער וועלט. לייז מיך שוין אויס פון מיין ביטערן און פינצ־טערן לעבן!"

איר קול ציטערט. זי ווינטשט זיך עס מיט האַרץ, אין ערנסט. זי וואָלט זיך איצט נישט דערשראָקן פאַרן טויט. בערל פילט עס און עס כאַפּט אים אָן פאַר דער זיבע־טער ריפּ. ער ווערט אָנגעצונדן, מלא־רציחה און הייבט זי אָן צו שעלטן.

„אוי, אָפּדאַרן זאָל דיר די צונג!" ער שפּייט נאָך אויס מיט האַרץ.

זי ווערט שטיל און גיסט מיט טרערן, און ער וואַרפט אויף איר בייזע בליקן.

„און וואָס האָסטו פון וויינען, וואָלט איך וועלן וויסן? פערד!"

אים דאַכט זיך, אַז אַ מענטש דאַרף קיינמאָל נישט וויינען — סיידן עס מאַכט זיך, זאָל גאָט אויסהיטן, אַז עמעצער שטאַרבט.

נאָר איין מאָל...

נאָר איין מאָל אין אַן אָוונט האָט זיך בערל אַזוי צעשפּילט מיט די קינדער, אַזוי געראַנגלט זיך און איבערגעקערט אַ וועלט, אַז ער איז אַרויפגעפאַלן אויף זיין בעט, און זיין בעט איז צעשאָטן געוואָרן אויף שטיקלעך.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם חורבן מיט אַ געלעכטער.

„ברוך דיין אמת! וואַרט, קינדער, מיר וועלן מאַכן אַ הספד."

ער בויגט זיך איין ווי דער הויקערדיקער שטאָט־מגיד און וויל אָנהייבן עפּעס צו זאָגן. אָבער בת־שבע איז שוין געקומען צו זיך פון דער שרעקלעכער איבער־ראַשונג, האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ און זיך צעלאָזן מיט אַ געוויין.

„אוי, איך קאָן שוין דאָס נישט אַריבערטראָגן, איך וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן."

„שאַ, לאָז רעדן!" וויל זי בערל באַרויקן, נאָר זי יאַמערט אירס.

„ווי ווער איך שוין פּטור פון מיין פּינצטערן לעבן, רבונו של עולם. טאָמער איז געווען די פּאָר בעטלעך אין שטוב, איז שוין דאָס אויך נישטאָ!"

בערל ווערט שוין אין כעס.

„בהמה! פערד! וואָס טו איך מיט דיר?!... הערסט, אַ קלאָג אַ ביסל? דאָס בעטל איז צעבראָכן געוואָרן. בהמה! באַלד — בעעע! האָט זיך צערעוועט?"

„רעוועז זאָל מען שוין נאָך דיין קאָפּ." וואַרפט זי זיך אויף אים אַרויף. „ווען איך וואָלט פון דיר פּטור ווערן, וואָלט מיר שוין ווערן אַ ליכט אין די אויגן. אַז ווו דו גיסט זיך אַ קער, איז מיין אומגליק, מלאך המות מיינער!"

„כע, כע, כע!" לאַכט ער שוין צוריק מיט גוטן. „ניין, זאָג אין־דער־אמתן: מה רעש? וואָס קערסטו אַזוי די וועלט? דאָס בעט צעבראָכן! אי, וואי, אַ שרעק! דער הימל לייגט זיך גאָר אויף ד'ר'ערד... און איך זאָג, אַז וואָס עס האָט געזאָלט אויס־גיין צו איינעם פון אונדז, האָט זיך גאָר אויסגעלאָזן צום בעט. אי, אי, בהמה! אוי, אוי, פערד!"

ער רעדט, און זי ווישט זיך די טרערן מיטן פאַרטוך און באַקלערט, וואָס עס שטייט זיי איצט פאָר. קיין שיך וועט מען די קינדער שוין נישט מאַכן. פאַר דעם ערשטן געלט וועט מען קויפן, אָדער אפשר גאָר פאַרריכטן דאָס בעט. דערווייל וועט זי מיט די צוויי מיידלעך שלאָפן אויף דער ערד און ער — דאָס שטיק אומגליק! — וועט שלאָפן מיט די יינגלעך אין דעם איבערגעבליבענעם בעט. און אַז ער ענדיקט זיינע רייד, זאָגט זי אים מיט ביטערקייט און טרערן:

„האָסט דאָך בעטלעך זייער אַ פולע! גיי, אַ, וואַלגער זיך אויף דער פּאָדלאָגע אין קויט און נאַסקייט, וועסטו וויסן ווי צו לאַכן — לאַכן זאָלסטו שוין צום לעצטן מאָל!"

זי וואַרפט אויף אים אַ שרעקלעך בייזן קוק. ער לאַכט.

„כא, כא, כא, אַ קלייניקייט! בערל דער טרעגער וועט שלאָפן אויף דער פּאָד־לאָגע! קענסט נישט דעם גרויסן פריץ? — היידא, קינדער, שלעפּט דעם שעניק!" קאָמאַנדירט ער צו די יינגלעך.

„נישט דערהאַרן וועסטו, איך זאָל דיך לאָזן שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע!"

שפּרינגט זי פּלוצעם אויף און פאַרשטעלט מיט זיך דעם שעניק.

בערל קוקט זי אָן פאַרוווּנדערט.

„וואָס ביסטו משוגע צי חסר דעה?"

„אַז דו וועסט שטאַרבן וועסטו ליגן אויף ד׳ר׳ערד, נישט איצטער", ענטפערט זי און בערל ווערט שוין שטרענג.

„מאַך נישט קיין קונצן, בת־שבע, לאָז שלאָפן." ער שטרעקט אויס די האַנט נאָכן שעניק.

זי שטופּט אָפּ זיין האַנט און ווייזט מיטן פינגער אויף דעם בעט.

„אין בעט לייג זיך און שטיי נישט אויף!"

„איך שלאָף נישט אין קיין ווייבערישן בעט," ווינצלט ער זיך. „גיי שוין גיי, לאָז מיך שלאָפן!"

ער נעמט אָן דעם שעניק.

„איך האָב געזאָגט, ניין — איז ניין!" שרייט אויס בת-שבע און כאַפּט אַרום דעם שעניק מיט ביידע הענט.

„לייג איך מיך אָן דעם שעניק," לאַכט ער און ציט אַראָפּ פון זיך דעם פּעלץ.

„איך וועל דיר געבן אַ לייגן זיך, אַז דו וועסט נישט וויסן פון וואַנען דיר איז געקומען." צעשרייט זיך בת־שבע און שפּרינגט צו אים צו מיט נעגל.

אַ רויטקייט איז איר אַרויס אויף די באַקן, די אויגן ברענען. בערל קריגט הת־פּעלות. גאָר די יונגע בת־שבע! אין האַרצן ווערט אים אַזוי וואַרעם און אַ זיסער שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין פּנים.

„אָ, מיין שיין ווייבל!" רופט ער אויס און וויל זי אַרומנעמען, נאָר זי שטופּט אים אָפּ מיט כעס.

„טרעט אָפּ פון מיר בעסער מיט גוטן, אַז נישט וועל איך דיר געבן אין קאָפּ מיט וואָס איך וועל טרעפן!"

זי האָט זיך אָפּגעקערט פון אים און גענומען אויסבעטן אים דאָס בעט. ער נוצט אויס די מינוט, כאַפּט דעם שעניק, שליידערט אים אויף ד׳ר׳ערדביים אויוון און וואַרפט זיך אויף אים אַרויף.

„הײַדאַ, קינדער", קאָמאַנדירט ער, „שלאָפן קומט!"

בייז שרייט אויס בת־שבע מיט אַ ביטער געשריי:

„אין בעט זאָלסטו מיר גיין!"

„מאָרגן!"

„הער מיר אויף צו גריזען, צעגריזעט זאָלסטו ווערן!" שרייט זי נאָך ביטערער.

ער לאַכט.

„גיי אין בעט, הערסט, וואָס איך זאָג דיר!"

„אָר־הום!"

עס כאַפּט זי אָן אַ ווילדער כעס, דאָס בלוט קאָכט אין איר, און פּלוצעם הייבט זי אָן צו זעצן מיט די פיס אין דאָס איבערגעבליבענע בעט.

„נאַ, נאַ, נאַ!"

דאָס בעט צעפּאַלט און צעשיט זיך.

בערל מיט די קינדער שפּרינגען אויף דערשראָקן, און זי, גאַנץ אויסער זיך, הערט נישט אויף צו זעצן מיט אַלע כוחות אין די שטיקלעך פון בעט.

„נאַ! נאַ! נאַ!"

בערל וויל זי איינהאַלטן, באַרויקן און כאַפּט זי אַרום פעסט.

„זע, ביסט משוגע געוואָרן?"

זי רייסט זיך פון אים. עס דריקט איר דאָס האַרץ, אין קאָפּ ברענט איר און עס ווילט זיך איר ברעכן, ברעכן, ברעכן... נאָר ער האַלט זי שטאַרק, וויל זי אים בייסן.

„בת־שבע, זע, בת־שבע!" שטאַמלט ער מיט שרעק, אָפּוועראַנדיק זיך פון אירע ציין.

עס געלינגט אים אָפּצוקצוזעצן זיך אויף אַ שטול. בת־שבע הייבט אָן צו קומען צו זיך און צעוויינט זיך. די קינדער העלפן איר וויינען פאַר שרעק.

בערל האָט זיך פאַרלוירן. טרויעריק שטייט ער קעגן בת־שבען און לאָזט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ.

„בת־שבענקע! בת־שבענקע, הער אויף, איך בעט דיך, צו וויינען."

זיין קול ציטערט.

„בת־שבענקע!" בעט ער נאָך ווייכער, עס ווערט אים וווּנדערלעך ווייך ביים האַרצן, אין האַלדז הייבט אים אָן צו שטיקן און — !

דאַמאָלסט האָט בערל אויך געוויינט.

פון בוך „דערציילונגען", באַנד 2, ניו יאָרק, 1910

# יצחק פּערלאָוו

## פּיפּי, דאָס ליטעראַרישע קעצל . . .



צווישן אַלע שטאַם־געסט, אין וואַרשעווער יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, איז אויך געווען אַ יונג, שטיפעריש, פולכּנע קעצל; אַ פשוט, פיר־פיסיק באַשעפעניש, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן: פּ י פּ י.

נאָך אויף די סאַמע ערשטע פאַמיליען־אָוונטן, וואָס דער ליטעראַטן־פאַריין האָט איינגעאָרדנט, ווען נאָמבערג און סעגאַלאָוויטש האָבן דעביוטירט אַלס... טענצער — איז שוין פּיפּי געזעסן אויפן טישל, נעבן פּאַטעפאָן, געקוקט אויף דער זיך־דרייענדיקער פּלאַטע, ווי זי וואָלט דאָרט געזען אַרומלויפן אַ מייזל מיט אַ לאַנגן עק און געזוכט צו דערגיין: פון וואַנען קומט דער קוויטש...

פּיפּי איז געווען באַליבט ביים גרעסטן טייל פון דער שרייבער־משפּחה און פּאָפּולער — אפילו אויסער די גרענעצן פון טלאָמאַצקע 13. עס זיינען דאָרטן געווען פּאָעטן, וועלכע האָבן פּיפּין געמעגט מקנא זיין איר פּאָפּולאַריטעט... מען האָט וועגן איר געשריבן און דער צייכענער חגי האָט איר פּאָרטרעט פאַראייביקט אין אַ הומאָריסטישער בראָשור.

דער עולם פון גאַס, וואָס פלעגט קומען אין ליטעראַטן פאַריין הערן אַ פאָרלעזונג אָדער אַ קאָנצערט און פלעגט, מיט נייגער און יראת הכּבוד, באַטראַכטן יעדן באַרימטן שריפטשטעלער, — פלעגט אויך טייטלען מיט די פינגער אויף דער פיר־פיסיקער באַרימטקייט:

— זעסט, דאָס איז פּיפּי, דאָס ליטעראַרישע קעצל...

דער באַליבטער אָרט פּיפּיס, איז געווען ביים בופעט. צוזאַמען מיטן בופעט־אייגנטימער איז זי טעג אָפּגעזעסן, געקוקט צו די קאָנסומענטן ביי די טישלעך און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין זייערע ביידנס אויגן איז געווען איין פראַגע:

— וואָס באַשטעלט איר?...

אויסער דעם בופעט־אייגנטימער, האָט פּיפּי געהאַט נאָך צוויי אינטימע פריינט, וועלכע פלעגן איר אָפּט גלעטן די ווייסע, ווייכע פעל, קוקן איר אין די אויגן אַריין

---

יצחק פּערלאָוו — פּאָעט, דערציילער, ראָמאַניסט, מעמואַרן־שרייבער — געבוירן איין ביאַלע פּאָדלאַסקע אין יאָר 1911, יוגנט־יאָרן אין בריסק, פון זיין 18־טן לעבנס־יאָר אין וואַרשע. אין יאָר 1939 — צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער זינגערין לאָלא פאָלמאַן — אַוועק אויפן מזרח. נאָך דער מלחמה — אין פוילן, שפּעטער — דייטשלאַנד; מיטגעמאַכט אַ רייזע קיין ארץ ישראל מיט דער שיף „עקזאָדוס“. פון 1947 אין מדינת ישראל, פון 1962 אין ניו יאָרק.

און רעדן... לאַנג, לאַנג פלעגן זיי אַזוי אריינרעדן אין איר. פּיפּי האָט גערולדיק געהערט, מיט פאַרגעניגן זיך געלאָזט גלעטן די פעל, און שטיל, שטיל געמרוטשעט:

— מררראַמרראַמררראַם...

די צוויי פריינט אירע זיינען געווען: דער פאָלקס-דיכטער הערשעלע און דער איבערזעצער ש. זאַקס.

הערשעלע איז געווען אַ דאַרינקער, אַ קליינינקער, מיט אַ קינדעריש-פאַרשוי־רענער גזשיבקעלע פון פּאָרנט, מיט יתומהדיקע אויגעלעך, אין וועלכע דו האָסט קיינמאָל נישט געקענט דערגיין, צי זיי לאַכן, צי זיי זיינען אומעטיק. אַ שטימעלע האָט ער געהאַט אַ קוויטשיקס, ווי פון אַ חדר־ייִנגל. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט שטיין געבליבן אינמיטן וואַקסן. יאָרצענדליקער זיינען זיך דורכגעגאַנגען פאַרביי זיין נאָז און אים אפילו ניט אָנגערירט, ווי זיי וואָלטן מיט אים קיין שייכות נישט געהאַט... ער איז זיך געבליבן ייִנגליש ווי געווען. ניט מער, מיט דער צייט איז די קינדעריש־פאַרשוירענע גזשיבקעלע גרוי פאַרשטויבט געוואָרן און צו הער־שעלען האָבן זיך צוגעטשעפּעט אַ ווייב מיט אַ שוויגער מיט אַ געוועלבל מיט ליי־דיקע פּאָליצעס, ערגעץ אין אַ קליין שטעטעלע הענריקאָוו, הינטער וואַרשע.

פלעגט ער שטיין אַזוי אין פּוסטן זאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין, מיט אַ געגרונצלט לייב פון נישט־אויסגעשלאָפנקייט, ער פלעגט שטיין אַנטקעגן פּיפּין און רעציטירן פאַר איר זיינע פאָלקסטימלעכע לידעלעך פון זיינע „געזאַמלטע ווערק” אין פּיטשע־מאָנטשיקן ביכעלע.

פּיפּי האָט אים גערולדיק אויסגעהערט און געענטפערט:

— מרראַמרראַמרראַם...

— נאָך מיין טויט, פּיפּי, וועט מען מיך אָפּשאַצן, נאָך מיין טויט! — פלעגט הערשעלע אַריינטענהן אין קעצל — דאַן ערשט וועט די וועלט זיך אַרומקוקן און זען וואָס זי האָט פאַרלוירן. דערווייל איז ביטער, פּיפּי, זייער ביטער. איך בין הונ־געריק און קען מיט ליידיקע הענט, אַ היים נישט פאָרן. די שוויגער קנייפּט, אַז איך קום אַהיים מיט אַ ליידיקן קאָשיק. אוי, קנייפּט זי! מיר איז עס באַשערט אַ קנייפּנ־דיקע שוויגער. פאַרוואָס האָט נישט דער דאָקטאָר גאָטליב אַ שוויגער, וואָס זאָל אים קנייפּן? פאַרוואָס האָבן נישט אַנדערע? אַלע האָבן פּרנסה. נאָר איך איינער האָב אַ געוועלבל מיט ליידיקע פּאָליצעס און אַ שוויגער וואָס קנייפּט.

— מיאַאַאַו־ו־ו! — האָט פּיפּי אומעטיק און צעצויגן געענטפערט, ווי זי וואָלט געזאָגט: אַזוי איז שוין די אומגערעכטע וועלט... זי האָט באַדויערנדיק און מיט-פילנדיק געשאָקלט מיטן קעפּל — מרראַמרראַמררראַם...

און הערשעלע האָט זיך געפילט געטרייסט: אַ לעבעדיקע באַשעפעניש האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט...

איר צווייטער פריינט, דער איבערזעצער ש. זאַקס, פלעגט זעלטן־ווען אַריינגיין אין צווייטן, גרויסן זאַל פון ליטעראַטן־פאַריין. שטענדיק האָט מען אים געקענט זען אין ערשטן זאַל, ביי איינעם פון די שאַך-טישלעך. דאָרט האָט ער געגעסן, געשריבן, געלייענט אַן אויסלענדישע צייטונג, וואָס ער האָט זיך מיטגעבראַכט פון דער רע־דאַקציע, אָדער גלאַט געראויכערט, אַ פאַרטראַכטער זיין צעבראָכענע, צעביסענע און האַלב־פאַרברענטע לולקע, וואָס איז תמיד געווען פאַרשטאָפּט.

ער האָט שוין לאַנג געהאַט צוגעמאַכט די טיר פון זיין פינפטן יאָרצענדליק, אָבער אין זעקסטן האָט ער נאָך געשפּאַנט אַ קרעפטיקער, מיט הומאָר.

אַ ברייטלעכער, אַ ברייטבייניקער, עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וווּקס, מיט היפּש־באַזילבערטע האָר, שוואַרצע ברעמען און יונגע, ברענענדיקע אויגן, — איז ש. זאַקס געווען דער שטאַם־גאַסט, וועלכער פלעגט באַגינען דער ערשטער עפענען די טיר פון ליטעראַטן־פאַראיין און דער לעצטער, שפּעט ביינאַכט, אַוועקגיין.

קיינער האָט נישט געוווּסט ווו ער וווינט און ווי ער לעבט. צי האָט ער געלט אָדער נישט. מען האָט בכלל זייער ווייניק געוווּסט וועגן ש. זאַקסן, וועלכער איז דווקא געווען געניגט צו שמועסן וועגן אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט וועגן זיך און זיין פאַרגאַנגענהייט. דאָס וואָס מען האָט וועגן אים יאָ געוווּסט, איז: אַז ער שטאַמט ערגעץ פון טיף רוסלאַנד, ווו ער האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי מיט אַ טאָכטער; אַז ער האָט עפּעס איבערגעלעבט אַ גרויסע פאַמיליען־טראַגעדיע און איצט לעבט ער אַן איינזאַם בחוריש לעבן.

ער האָט ליב געהאַט צו רעדן וועגן רוסלאַנד. וועגן דער וואָלגאַ, וועגן די רחבֿ־ בותדיקע רוסישע סטעפּעס, וועגן דער רוסישער ליטעראַטור, איבערהויפּט — וועגן פּושקינען און לערמאָנטאָוון. ער האָט געקאָנט אויסנווייניק דעקלאַמירן זייערע לי־ דער, גאַנצע פּאָעמען און קאַפּיטלען פון גרעסערע ווערק. און ווי ביי אַ שיכור, וואָס קריגט אַ טרונק בראָנפן, פלעגן זיך ביי ש. זאַקסן צעשטראַלן די אויגן, ווען ער האָט געקראָגן מיט וועמען אַ ביסל רוסיש צו רעדן...

פלעגט ער אויסטרינקען, באַגינען, די ערשטע גלאָז (אייגן־פאַרבריטע) טיי אין ליטעראַטן־פאַראיין און נעמען פּיפּין אויף דער שויס:

קאָשעטשקאַ מילאַיאַ... אומניצאַ טי מאָיאַ... פּאָסלושאי קאַ סטיכאָטוואָרעניע...

קעצעלע ליבינקע, קלוגיטשקע מיינע, הער אויס שאַפונגען.

פּיפּי האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין און ש. זאַקס האָט דעקלאַמירט:

ראָסיאַ,
מאַטושקאַ ראסיאַ,
מאָיאַ ראָדנאַיאַ
רוסקאַיאַ
ז י ע מ ל י אַ !

— מיאו־או־או! האָט פּיפּי אויסגעצויגן, ווי אַנטציקט, אַ גלעט געטאָן ש. זאַקסן מיטן פוכענעם ווידל איבער דער נאָז און אַוועק אין קיך נאָך איר פרישטיק.

קיינער געדענקט נישט ווי לאַנג פּיפּי איז שוין דאָ אין ליטעראַטן־פאַראיין, פון וואַנען זי האָט זיך דערנומען אַהער און ווער האָט איר דעם נאָמען געגעבן. צענד־ ליקער אַנדערע קעץ האָט מען שוין פון דאַנען פאַרטריבן. איבערהויפּט — די מע־ נער... פּיפּי איז געבליבן אויף איר פּלאַץ און זיך געפילט היימיש מיט יעדן פון דער סביבה. און טרעפט, אַז פּיפּי ווערט אַמאָל ערגעץ פאַרפאַלן, פרעגט מען זיך אויף איר, ווי מען פרעגט זיך אויף יעדן אַנדערן שטאַם־גאַסט פון טלאָמאַצקע 13:

— ווו איז ערגעץ פּיפּי?

באַזונדערס קוקט מען־אויס פּיפּין ווען עס ווערט לאַנגווייליק. פּיפּי קען אויפהייטערן און מאַכן פריילעך: אָט גיט זי זיך אַ צעלויף הין און צוריק איבער די פּאַרגעלטע קלאַווישן פון אַלטן, אָפּגענוצטן פּאַרטעפּיאַן און עס צעשיטן זיך פריי־לעכע טענער... דער אַלטער כאָר־דיריגענט מ. שניאור, וועלכער שלאָפט, מיטן ברע־נענדיקן פּאַפּיראָס אין מויל, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אָן הייסן אויוון, גיט זיך אַ ריס פון אָרט, אַ שאַר־אַרויף די צעשאָטענע גרויסע פּאָלקע ווייבערשע האָר און צעשרייט זיך:

— פּאַלש! פּאַלש! קאַליקע, פּאַלש!

און דער גאַנצער עולם שיסט-אויס מיט אַ געלעכטער:

— חבר שניאור, אויף וועמען שרייט איר?... דאָס גיט דאָך פּיפּי קאָנצערט...

דער פרומער דיכטער ישראל שטערן שטייט אין אַ ווינקעלע און דאַוונט. ער דאַוונט מיט כוונה און שאָקלט זיך לאַנג בעת דער שמונה־עשרה. אָבער פּיפּי קען נישט זיין גלייכגילטיק צו דעם ווייסן גאַטקע־בענדל, וואָס שלעפּט זיך אים נאָך פון אַ הויז אַרויס... כאַפּט זי דעם בענדל מיט די ציינדלעך און ציט... זי רייסט אים דעם אַראָפּגעלאָזטן שקאַרפּעט, שלעפּט אים ביי אַ פוס, ער זאָל שוין „אויסגיין"... און כאָטש ישראל שטערנען דענערווירט עס, לאָזט נישט דאַוונען מיט כוונה, איז ער דאָך געדולדיק און וועט מיט דער פוס נישט קיין באַוועג־טון, ביזן „עושה שלום"...

ווערט עס איר דערעסן, פּיפּין, זעט זי, אַז די בופעט־אייגנטימערין איז אַנ־דרימלט געוואָרן שטריקנדיק אַ סוועטער און — פּיפּי יאָגט זיך שוין מיטן קנויל איבערן גאַנצן זאַל און פאַרפּלאָנטערט אים אָן די פיסלעך פון די שטולן און טישלעך און אָן די פיס פון די אין דיסקוסיעס פאַרטיפטע שרייבער. אָבער נאָך דער דיס־קוסיע, קען זיך קיינער פון אָרט נישט רירן: פּיפּי האָט זיי די' פיס פאַרפּלאָנטערט און צום טישל און שטולן צוגעבונדן...

און אוודאי מוז פּיפּי זיין אויף יעדן באַנקעט, אויף יעדער אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג... זי דערשיינט פּלוצלונג אויפן פּרעזידיום־טיש, וואַרפט אַראָפּ דעם גלאָק אויף דער ערד, קערט־אום אַ גלאָז וואַסער, גיט דעם פאָרזיצער אַ שמיר מיטן ווידל איבערן פּנים און נעמט אַ „וואָרט"... טאַקע אין־איינציקן וואָרט:

— מיאַו!...

הויבט זיך אויף דער פאָרזיצנדער און פרעגט:

— זענט איר מסכים מיט פּיפּיס פאָרשלאָג?...

און דער עולם לאַכט:

איינשטימיק!... פּיפּיס פאָרשלאַג איז אָנגענומען!...

אַ יאָר פאַר דער מלחמה האָט זיך טלאָמאַצקע 13 ליקווידירט. דער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַ נייעם לאָקאַל, אויף אַ ווייַ־טער גאַס.

דאָרט זיינען שוין אַ סך אַלטע שטאַם־געסט נישט געקומען. מען האָט שוין נישט געקיבעצט גאַנצע טעג ביי די שאַך־טישלעך און נישט געהיצט־זיך גאַנצע נעכט ביי קאָרטן. דאָרט איז שוין פּיפּי אויך נישט געווען.

דער נייער לאָקאַל איז מערסטנטיילס געווען פוסטלעך, אָן דעם היימישן, וואַ־רעמען גערודער. אַ שווייגנדיקע אָנגעצויגנקייט, אַ יחוסדיק־פאַרריסענע

אָנגעברוגזטקייט איז דאָרט געהאָנגען אין חלל, צווישן די פּריש־רעמאָנטירטע, זויבערע ווענט. טלאָמאַצקע איז נישט געווען אַזוי זויבער, אַזוי ליכטיק העל. אָבער טלאָמאַצקע איז געווען היימיש, טלאָמאַצקע איז שוין געווען טראַדיציע און פֿאַר טלאָמאַצקע איז געווען סענטימענט. אין לאָקאַל „טלאָמאַצקע דרייצן" פֿלעגט אַ שרייבער אַריינקומען ווי אַ חסיד — צו זיך אין שטיבל אַריין... דערקעגן, דער נייער לאָקאַל, איז געווען ווי אַ קאָר־שול אינמיטן דער וואָך, ווו אַ נייגעריקן באַזוכער איז אומהיימלעך דער שאָרך פֿון זיינע אייגענע טריט...

און אַז מען איז שפּעטער אַמאָל, דורכגעגאַנגען פֿאַרביי טלאָמאַצקע דרייצן און מיט בענקשאַפֿט און סענטימענט — אַריינגעקוקט אין הויף, צו די טרעפּ... אַרויפֿגעקוקט צום ערשטן שטאָק, צו די פֿראָנט־פֿענצטער, צום באַלקאָן און מען פֿלעגט דאָרט דערזען זיצן אַן אומעטיקע, אַן איינזאַמע פּיפּין, — האָט מען זיך געמוזט אָפּשטעלן און זיך מיט איר באַגריסן:

— פּיפּי... פּיפּי!...

— מיאַאַאַו־ו־ו! — — — האָט פּיפּי אומעטיק אַראָפּגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך פֿאַרקלאָגט: ווו זענט איר אַוועק? פֿאַרוואָס האָט איר מיך פֿאַרלאָזן? מיאַו־ו! — —

(פֿון בוך: „אין אייגענעם לאַנד", בוענאָס איירעס, 1952. געקירצט)

## יהושע פערלע

## ניין אַ זייגער אין דער פרי



אין די טונקל־אויסגעמעבלטע, חזקהדיק־איינגעפונדעוועטע פיר צימערן מיט אַ קיך ליגן, אַזוי ווי פאַרבאַקענער מאָך אויף אַלטע שינדל־דעכער, זעכצן זאַטע, מיט מילך און האָניק געקעכלטע, רויקע יאָרן.

זעכצן גלייך־גראַדיקע צוועלף־חדשימדיקע שטחים, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט מיט האַלטן פאַרשלאָסן קרעדענצן און שענק פאַר העגט און מיילער פון דינסטמיידן, מיט שניידן גרויסע רעפטלעך ברויט פאַר פלאַטשיק־ברוסטיקע אַמען און מיט הייסן דערלאַנגען טיי פאַר אויסגעצויגענע לערערס מיט האַלב־צעקנייטשטע קאַפּעליושן און אַלטפרענקישע שניפּסן.

אַזעלכע זעכצן פעט־לייביקע, גוידערדיקע יאָרן מיט פליי אין דער נאָז, האַלטן זיך אויף אין די סקריפּנדיקע טירלעך פון די שענק, אין די הויכע קאָפּשטיקן פון די בעטן, אין די גלייך געסדרטע, ווייס־געפּרעסטע וועש און אין דער האַלב־געלער, אָפּגעקראָכענער פאָטאָגראַפיע אין סאַלאָן, דאָרט, ווו די פרוי מערי מיט איר באַשערטן העגריק־לעבן שטייען: זי — אין אַ לאַנגן ווייסן וועלאָן, ער — אין אַ שוואַרצן צילינדער —ביידע שטייף־גוישדיקע, ביידע גוייש־הנאהדיקע.

דער טאָג אין די דאָזיקע פיר צימערן מיט אַ קיך שטייט אויף מיט פוצן שיך פון פיר פאָר פיס, מיט אַ וויינענדיק זידן פון אַ טשייניק, וואָס דערמאָנט אין אַ זיבּ־דיקער נשמה, מיט איבערוואַרפן קישנס פון איין קינדער־בעטל אין צווייטן אַריין און מיט אַריינקומען פון טאַטוש, וואָס האַלט אינמיטן צוקנעפּלען די אונטער־וועש און וואָס שנאַפּלט מיט אַ פאַרשלאָפן, פאַרקלעפּט געניצל צום זון און צום טעכטערל.

---

יהושע פערלע — איינער פון די טאַלענטפולסטע יידישע פּראָזאַיקערס אין פּוילן — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 אין ראָדעם און געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1905. געשטאַנען נאָענט צום פּרץ־קרייז. געשריבן לירישע פּראָזע־מעשיות און, אין די רייפע יאָרן — אויטאָביאָגראַפישע שטייגער־ראָמאַנען און נאַטוראַליס־טישע דערציילונגען פון באַלעבאַטישן, האַלב-אַסימילירטן יידישן לעבן אין וואַרשע. כמעט אַלע זיינע וואַרשעווער יאָרן האָט פערלע געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ מיל. די גרויסע טראַגעדיע אין דער קליינער פערלע־משפּחה (עס איז געווען בלויז איין זון: לולעק) דער טויט מיט אייגענעם ווילן פון דער שיינער פרוי שרה פערלע — האָט אויפגערודערט גאַנץ וואַרשע אין יאָר 1926. יהושע פערלע איז אַוועק פון וואַרשע אין יאָר 1939 קיין לעמבערג; ער איז אומגעקומען אין אוישוויץ אין יאָר 1941.

— דורניע, וואָס איז דאָס פאַר אַ וואַרפן זיך מיט קישנס, וואָס?

די „דורניעס" — ס'הייסט דער פערצן־יאָריקער יונג און דאָס אַכט־יעריקע מיידל פאַרשטייען, אַז ס'איז צייט אַרויסצוקריכן פון די בעטן און גרייטן זיך אין שול אַריין. ציט מען איילנדיק אַרויף אויף זיך הייזלעך מיט קליידלעך, זוכט מען זאָקן־בענדלעך און מען בעט גאָט זיי נישט צו געפינען, וואַשט מען זיך אין קיךביים קראַן מיט געשרייען און מיט מסרן איינער אויפן אַנדערן:

— טאַטוש, זי לאָזט מיך נישט וואַשן, לאָזט זי מיך נישט.

— טאַטוש, נעם אים צו, קאַזשיקן.

דער טאַטוש שרייט אָן, שלעפּט פאַר אַן אויער, יאָגט אונטער. עסט מען כאַפּנדיק, פּאַקט מען זעמל מיט שינקע אין די שול־טעקעס אַריין, קושט מען דעם טאַטוש מיט דער מאַמושע און מען לאָזט זיך ניט ניחהדיק אַרויס אין די פרי־אויפגעשטאַנענע קילע גאַסן אַריין.

אין די פיר צימערן מיט אַ קיך בלייבט איבער אַן אָפּגעהאַקטע שטילקייט, אַזוי ווי נאָך אַן אויסגעלאָשענער פּרימוס־מאַשינקע. זי זעצט זיך אָפּ, די שטילקייט, אויף די פאַרהויכטע שויבן פון די פענצטער, אויף די פאַרנעפּלטע קרעדענצן און אויף די האַלב־פאַרשלאָפענע, האַלב־צעקנייטשטע פּנימער פון מאַן און פון ווייב.

אין עס־צימער מיטן ברייטן, ווינקלדיקן פענצטער וואַרפט פון זיך אַרויס דער גרויסער שטיי־זייגער אַכט לאַנגזאַמע, ישוב־הדעתדיקע קלעפּ.

איז נאָך פרי.

פרוי מערי ציט אויס די פיס אין ברייט־קאָפּשטיקעדיקן בעט, הייסט זיך דערלאַנגען טיי מיט מילך און מישנדיק פויל מיטן לעפעלע,האַלב־גענעצנדיק און טשוכענדיק זיך, וויל פרוי מערי וויסן, וואָס דער נייער טאָג וועט איר ברענגען. זי וויל וויסן — צי וועט ער זיין ענלעך צום נעכטיקן, צום אייערנעכטיקן און צו די אַלע איבעריקע טעג פון אַ גאַנץ יאָר.

פאַן הענריק, דער מאַן פון פרוי מערי, פאַרקנעפּלט דערווייל די אונטערשע וועש, גענעצט זיך אויס הרחבהדיק און נעמט זיך אָנטון אויף אַן אמת.

דער דאָזיקער פאַן הענריק איז אַ ביסל אַ דיקלעכער, אַ ביסל מיט אַ טאָפּלט גוידערל, אַ ביסל מיט אַ קיילעכדיק בייכל, וואָס זעט אויס אויפגעבלאָזן און אַ ביסל מיט האָריקע, קישלדיקע הענט.

* * *

איז שוין זעכצן יאָר, ווי יעדן אינדערפרי קושט פאַן ליכטענפעלד דאָס מויל פון זיין ווייב מערי, פרעגט, וואָס ס'וועט היינט זיין אויף מיטאָג, לאָזט איבער אַ זאַטן און אויסגערוטן גוטן־טאָג און גייט, אַ ביסל אַ געגוידערטער, אַ ביסל מיט אַן אַרויסגעשפּיצט בייכל, אַרבעטן פאַר זיין ווייב מערי און פאַר זיינע קינדער קאַזשיק מיט יאַנינקען.

פאַן הענריק האָט צו גיין אַ שפּאַר שטיקל וועגס. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט, אפשר, געפאָרן. אָבער פאַן ליכטענפעלד האַלט, אַז תמיד איז גלייכער צו גיין.

— גיין, זאָגט ער, קרעפּטיקט די פיס. גיין, זאָגט ער מאַכט אַפּעטיט צום עסן.

שטעלט ער אַזוי, וויגנדיק, דאָס פאַראַסאָלעכל פאָראויס, פאַמעלעכל, פלאַנמעסיק, אַזוי ווי ער וואָלט געציילט געלט.

פאַן הענריק אײלט זיך קײנמאָל נישט. און נישט אײלנדיק זיך — פאַרשפּעטיקט ער קײנמאָל נישט.

— מען דאַרף זיך, זאָגט ער, לערנען פון די דײַטשן. זײ האָבן תמיד צײַט.

אפילו װען גאָט װיל אָפּטאָן דעם פאַן הענריק אַ שפּיצל און עפנט די הימלען — אײלט זיך פאַן הענריק אױך נישט. װען פאַרשװינען נורען קעפּ אין די קאָלנערס אַרײַן, װען זײ שװימען איבער די גליטשיק־פאַרגאָסענע טראָטואַרן — שפּאַנט פאַן הענריק מיט זײַן געמאָסטן טריטל, װי נישט אים װאָלט דער רעגן געמײנט.

אױפן אױפגעבלאָזענעם פאַראַסאָלעכל קלינגען טעמפּ אָפּ טױטע טראָפּנס װאַסער. פאַר זיך זעט פאַן הענריק האַלב־אױסגעצױגענע פאַלטנס — װער מיט געשאַרצטע קלײדלעך, װער מיט פאַרשפּריצטע הױזן — שמײכלט פאַן הענריק אין זײַן אַביסל געגװידערטן האַלדז אַרײַן און האָט בשעת מעשה עגמת־נפש, פאַרװאָס ער האָט דאָ איצט נישט עמעצן פון זײַנע באַקאַנטע.

ער װאָלט איצט יענעם באַקאַנטן אָנגענומען אונטערן אָרעם און װאָלט צו אים אַזױ געזאָגט:

— זעט איר, פּאַניע לעבן, אַז מען שלאָפט מיט פינף מינוט לענגער, מוז מען לױפן אױפן רעגן. און אַז מען לױפט, פאַרשפּריצט מען די הױזן, מוז מען זײ דערנאָך רײַבן מיט אַ באַרשט. קײן געזונט קומט פון אַזאַ רײַבן נישט צו. װאָלטן זײ אָבער אױפגעשטאַנען מיט אַ פינף מינוט פריער, װאָלטן זײ געגאַנגען אַזױ געלאַסן װי איך גײ — װאָלט דער הױז געװען אַ הױז און דאָס גײן װאָלט געװען אַ גײן, און אַזױ איז הפקר, גאַרנישט. דער עיקר אָבער זײ פאַרשפּעטיקן סײ־װי־סײ.

עס קען זײַן, אַז פאַן הענריק איז גערעכט. װאָרים מיט צװײ מינוט פריער, אײדער דער גרױסער װײַזער לענט אָן זײַן שפּיץ אױף דער צװעלף און דאָס קלײנע װײַזערל — זײַן שפּיצל אױף דער נײַן — קװעטשט שױן דאָס האַריקע, קישלדיקע הענטל פון פאַן הענריק בײַם קנעפּל פון אַ גלעקל, װאָס צעשרײַט זיך ערגעץ דאָרט אין שטובן אַרײַן, פון װעמען עס קומט צו לױפן אַ פריש־געקעמטער, מאָגערער גױ מיט פאַרשלאָפענע װאָנסעס און עפנט ברײט די טיר פאַרן פאַן דירעקטאָר.

פּינקט נײַן אַזײגער, נאָכדעם װי דער מאָגערער גױ האָט זיך אין צװײען פאַרבױגן און מיט אַ געדרײדלט צינגל אַרױפגעשנאַפּלט:

— מאָיע אושאַנאָװאַניע פּאַנו דירעקטאָראָװי!

שליסט שױן דער דירעקטאָר זײַן אַמעריקאַנער שרײַבטיש, גיט אַ שיב־אױף די געקאַרבטע זאַלוזיע, װאָס צעשרײַט זיך מיט אַ דראָבנעם, צעװאָרפענעם קרעכץ און דעקט אױף: אַ לעשער, צװײ שװאַרצע, צװײ רױטע, צװײ בלױע בלײַפעדערס, אַ שװאַרצע און אַ רױטע טינטאַרן און אַ שטײענדיקן לוח.

צװײ מינוט נאָך נײַן גײט שױן פאַן הענריק צוריק אַרױס פון זײַן קלײן, דירעקטאָריש קאַבינעטל, שטעלט זיך אַװעק אין דער אָפענער טיר מיטן זײגער אין דער האַנט — און מעשה בעל הבית קוקט ער זיך אַרום, — צי דאָס פּערסאָנאַל — דאָס הײסט די אַלע בחורימלעך און מײדלעך זײַנען שױן געקומען צו דער אַרבעט.

געדױערט עס אַזױ אַ מינוט פינף. זײַנע קײַלעכדיקע, שטײענדיקע אױגן גליטשן זיך אַדורך איבער די לײַבער פון די אַלע אָנגעשטעלטע, װאָס זעען אױס בײַ די אױפגעמאַכטע ביכער, װי זיצנדיקע הענגערס.

דער דירעקטאָר צײלט איבער זײערע איבערגעבױגענע קעפּ, זײערע אױסגע־

שפּיצטע אַקסלען, דערנאָך לייגט ער צוריק אַריין דעם זייגער אין וועסטל־קעשענע, פאַררויכערט אַ ציגאַר און זעצט זיך גלאָטן אַריין אין דער אויסגעבויגענער, אויס־געבעטער שטול ביים שרייבטיש אין קליינעם, דירעקטאָרישן קאַבינעטל.

אין דאָזיקן קאַבינעטל ליגן אַלטע פּון מיט־צעגריזשעטע פּאַפּירן, צו וועלכע פּאַן הענריק לאָזט זיך נישט צורירן. פון אַ שווערער טונקל־גרין געמאָלטער וואַנט פאַלט אַראָפּ, אַזוי ווי אַ בר־מינן, אַן אָפּגעקראַכענע מאַפּע מיט אויסגעריבענע רוסישע אותיות. פון דעם שמאָלן פאַס וואַנד אין ווינקל פון פענצטער, ווו דער ראָלעט איז פאַרברענט ביי די קאַנטן, קוקט אַראָפּ אויפן דירעקטאָר פון באַנקהויז אַן אַלט־פרענקיש, גרוי פּנים מיט צוויי באַקנבערד אַלאַ פראַנץ-יאָזעף, ווו צווישן איין באַקנבאָרד און דער צווייטער האָט זיך אַמאָל, מיט יאָרן צוריק אַיועקגעשטעלט אַ פליג און איז געבליבן אַזוי שטיין ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס קוקט אַזוי אַראָפּ דער אַלטער מייערסאָן — דער אַמאָליקער בעל הבית פון באַנקהויז „ס. מייערסאָן און זון״.

שוין אַ סך יאָרן ווי זיין גוף ליגט אויפן „צמענטאַרזש סטאַראָזאַקאַנניך״, ווו פון זיין מצבה שיילט זיך אָפּ יאָר ביי יאָר אַן אות פון דער אויפשריפט:

טו לעזשי מאָנזש זאַצני, שלאַכעטני...

פירט זיך פּאַן הענריק, אַז איידער ער נעמט זיך צו זיין טאָג-טעגלעכער אַר־בעט, באַטראַכט ער די אויסגעקראַכענע מאַפּע, דעם אָפּגעשאָסענעם פּאָרטרעט און קומט צום אויספיר, אַז אָט יענער אַלטער דאָרט איז געווען אַ מענטש פון גאָר אַ גרויסער מדרגה.

ער, דער הויך מדרגהדיקער מענטש, האָט אָפּגעלעבט אַ לאַנג, רויק, געזונט לעבן, ער האָט איבערגעלאָזט אַ באַנקהויז פאַר די זין, ער האָט געלאָזט איינמויערן אויפן „צמענטאַרזש סטאַראָזאַקאַנניך״ אַ מאַרמאָרענעם טאָוול מיט גרויסע גאָל־דענע אותיות:

ה׳ נתן, ה׳ לקח.

ער האָט אויסגעהאַלטן ביים לעבן אַ בית־יתומים. נאָכן טויט איז אין יידישן שפּיטאָל איבערגעבליבן אויף זיין נאָמען צוויי אייזערנע בעטלעך, ווו מענטשן ווערן געהיילט און ווו מענטשן שטאַרבן.

בחינם וועט מען דאָך נישט גיין און אויפשרייבן אויף אַ מצבה:

— טו לעזשי מאָנזש, זאַצני, שלאַכעטני...

פאַרטיפט זיך אַזוי פּאַן הענריק אין די מחשבות, טינקט בשעת מעשה די פעדער אין טינטאָר, ענטפערט בשעת מעשה עמעצן אין טעלעפאָן אַריין און דערטראַכט זיך:

— אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען, ער, חלילה, וועט שטאַרבן, ווו זועט הענגען זיין פּאָרטרעט? איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — צי וועלן זיינע קינדער אויך האָבן זייער אייגנס אַ באַנקהויז? און דער עיקר, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, צי וועט מען אויף זיין מצבה אויך אויפשרייבן:

— טו לעזשי מאָנזש, זאַצני, שלאַכעטני...

לויטן שכל דאַרף מען אויפשרייבן. ער אַרבעט ערלעך, ער באַהאַנדלט ס׳ווייב אָרנטלעך, ער האָט לייטישע צוויי קינדער. טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט אויפשרייבן?

פון זאַמלבוך: „אַמאָל אין אַ יובל״ — (פראַגמענט), וואַרשע 1929

# יצחק לייבוש פרץ

## ביים פרעמדן חופה-קלייד
א סצענע פון וואַרשעווער לעבן



**אין אַ מאָדע־מאַגאַזין**
**פּערזאָנען :**

**מאַדאַם,**
**צוויי מאַדיסטקעס,**
**האַנט מיידלעך.**

**מ א ד א ם**

**ה**ײנט ווערט געשטעפּט און גענייט,
היינט וועט מען לײדיק נישט זיצן!
טורײ, טורײ!
זעט נאָר די גאָזן, די שפּיצן!
זעט ווי דאָס זײדנס טוט בליצן!
אַ שלעפּע וועט זיין גאָר אַ מורא!
אוודאי צען איילן די שלעפּ!
היינט נאָך — בריליאַנטענע קנעפּ!
זעט — מען געטרויט אַזאַ סחורה!

---

יצחק לייבוש פרץ — דער געניוס פון דער גאָלדענער תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור. געבוירן אין זאַמאָשץ אין יאָר 1852, דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1875, דאָ געלערנט אַדוואָקאַטור; אין יאָר 1889 זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין פוילנס עיר הבירה — דאָ נפטר געוואָרן פסח 1915. דאָ רוט ער אונ־טער דעם שטיינערנעם אוהל־פּרץ, צוזאַמען מיט זיינע לעבנס־פריינד ש. אַנ־סקי און יעקב דינעזאָן. אַ פערטל יאָרהונדערט האָט ער געווירקט אין וואַרשע של מטה — אייביק איז ער אין וואַרשע של מעלה. אַז ער איז נפטר געוואָרן — האָט חיים נחמן ביאַליק געשריבן: ברכב אש וסוסי אש — שטורמיש איז ער דורכגעפלויגן אין זיין פייערדיקער מרכבה — און בליצן זיינען געפלויגן אים פאָראויס און נאָך אים. ער איז דאָך אויך „עלה בסערה״ — ווי יענער קנאי בן קנאי נישט געשטאָרבן. — — — פון דעם פּרץ־אוצר האָבן מיר פאַר דער אַנטאָלאָגיע אָפּגעקליבן פיר זאַכן. צווישן זיי: באַנטשע שווייג — וואָס איז אפשר אין פּרץ׳עס כוונה געווען דער סמל און די דגמה פון גאַנצן — אפילו אין דער וואָכעדיקייט הייליקן און פאַרשני־טענעם וואַרשעווער יידנטום.

### האַנט־מיידלעך

(כאָר)
אָט האָט איר אַ וווּנדער,
כ׳לעבן, קיין שפּאַס!
צי הייסט דען נישט פּאַווע —
יאָ פּאַווע — די גאַס,
ווו ס׳שטייט זיך אַ מויער
גאַנץ געלבלעך און בלייך,
דאָ פּעסט ווי אַ פּעלדזן,
דריי שטאָק אין דער הייך;
די פענצטער — אין אייזן,
די טויערן — פאַרמאַכט...
עס גייט נאָך אַ זעלנער
אַרום אויף דער וואַך!
אוי, דאָרטן צו ווינען
איז טרויריק און באַנג!
עס שלאָגט דורך די מויערן
דאָס קייטן־געקלאַנג...
עס קלינגט אַזוי טרויריק
דין־דאַן... דין־דאָם!
א, רירט נישט דאָס זיידנס,
נישט טשעפּעט, מאַדאַם!

### ערשטע מאָדיסטקע

סאַטען־דע־ליאָן... און שפּיצן און גאַזן,
עס פעלט נאָך בריליאַנטן צום רימל...
דיוואַנען און בלומען, און לאָמפּן... די כלה
וועט אויסזען — אַ מלאך פון הימל!

### האַנט־מיידלעך

(כאָר)
נישט קיין גראָשן פאַר דער דירה
און אין מויל קיין ביסן!
כ׳וויל ביים מלאך פאַרשוס בעטן!
ניין, זי וויל נישט וויסן!
מלאך, גיב פאַראויס אַ רובל!
ניין, זי גיט נישט פריער!
כ׳וויל פאַרציילן איר פון הונגער, —
זויקט זי מיר די טיר!
אוי עס זעצט מיר אין די שלעיפן,
דאַכט זיך מיר — אָט פאַל איך.

— נאַר אַן קונצן, נאַר אַן פּאַקסן!
לאַכט מיך אויס דער מלאך!
אוי, מיך האָט דעם מלאך׳ס לאַכן
ביז אַהיים געהעצט!
און איך האָב דעם מלאך׳ס זיידנס
אויף אַ ברויט פאַרזעצט!
און עס איז אַראָפּגעפאַלן
פּלוצלונג, ווי פון הימל,
אוי, דער מלאך מיט אַ סטראַזשניק,
טאַקע ווי צום רימל!
און מיך האָט פאַרזאָרגט דער מלאך
אויף די גרויסע פּרעסט,
אוי, אויף גאַנצע דריי חדשים
מיט קוואַטיר און קעסט!

## צווייטע מאַדיסטקע

בלאָס איז דאָס זיידנצייג, פּונקט ווי מיין פּנימל,
דורכזיכטיק־דין, ווי מיין הויט...
רירט מען עס, קרעכצט עס, אוי, פּונקט מיינע ביינדעלעך,
דאָס הייסט: אַ גליקלעכע מויד!
דערצו וועלן קומען בריליאַנטענע קנעפּלעך,
גרויס, ווי אָרעמע טרערן!
נו, אייל דיך רעדעלע! אייל דיך, טערקאַטשע,
כ׳זאָל מיינע ביינדלעך נישט הערן.
טראַך־טראַך־טראַך ביינדעלע! טור־טור־טור, רעדעלע!
שלאָג׳ מיר דאָך גלייך מיטן זייגער...
טראַך־טראַך־טראַך ביינדעלע! טור־טור־טור, רעדעלע!
וועןזועל׳ן מיר רוען, אַ שטייגער?

## האַנט־מיידלעך

(כאָר)

עס איז פאַראַן אַ שטיבעלע
אויף אַ שטילער גאַס!
ס׳האָט קיין טיר, קיין פענצטערל —
אייביק שטיל און נאַס!
כאָטש מען צאָלט קיין דירה־געלט,
וואַרפט מען נישט אַרויס!
דאָרטן רו׳ן אויף אייביק שוין,
די ביינדעלעך זיך אויס!
פון קיין שטעפּן ווייסט מען נישט,
עס ווערט שוין נישט געניייט...

צום שטיבעלע קומט איטלעכער
אויף אייביק שוין באַקליידט!

צווייטע מאַדיסטקע

שטעפּ נאָדל, שטעפּ די בראַבאַנדערנע שפּיצן —
פאַר איר, פאַר איר!
תכריכימלעך וועסטו גיך און באַלד שטעפּן —
פאַר מיר, פאַר מיר!
עס בליצן בריליאַנטן, עס שמייכלט די כלה'שי —
שיין אַזוי, ליב!
ווען וועט אַ שמייכל מיין פּנים באַשיינען?
אין גריב, אין גריב!
ער וועט זי טוליען, צעקנייטשן די שפּיצן
אין האַרציקן שטורעם!
דיך ווער וועט גלעטן, און פּיעשטשען, און טוליען?
אַ ווערעם, אַ ווערעם!

(פראַגמענט)

---

# באַנטשע שווייג



דאָ אויף דער וועלט האָט באַנטשע שוויגס טויט גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמיצן בחרם: ווער באַנטשע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבן; צי האָט אין אים דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די כוחות זיינען אים אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרך־ביין האָט זיך איבערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווייסט? אפשר איז ער גאָר פון הונגער געשטאָרבן?

אַ פערד אין טראַמוויי זאָל פאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערעסירט. עס וואָלטן צייטונגען געשריבן, הונדערטער מענטשן וואָלטן פון אַלע גאַסן געלאָפן און די נבלה באַקוקט; באַטראַכט אפילו דעם אָרט, וווּ די מפּלה איז געווען...

נאָר דאָס פערד אין טראַמוויי וואָלט אויך די זכיה נישט געהאַט, ווען עס זאָלן זיין אַזוי פיל פערד ווי מענטשן — טויזנט מיליאָן!

באַנטשע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן! ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך אונדזער וועלט!

אויף באַנטשעס ברית האָט מען קיין וויין נישט געטרונקען, עס האָבן קיין כוסות נישט געקלונגען! צו בר־מצווה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גרוי קליין קערנדל זאַמד ביים ברעג פון ים, צווישן מיליאָנען זיינסגלייכן; און, אַז דער ווינט האָט אים אויפגעהויבן און אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

ביים לעבן האָט די נאַסע בלאָטע קיין צייכן פון זיין פוס נישט באַהאַלטן. נאָכן טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פון זיין קבר אומגעוואָרפן; דעם קברנס

ווייב האָט עס געפונען ווייט פון זיין קבר און דערביי אַ טעפּל קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באָנטשעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, ווו ער האָט אים געלייגט!

וואָלט באָנטשע אַ מצבה געהאַט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָר אַן אַלטערטום־פאָרשער זי געפונען. און דער נאָמען „באָנטשע שווייג" וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעקלונגען אין אונדזער לופט.

אַ שאָטן! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן ביי קיינעם אין מוח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זכר געבליבן!

„קיין קינד, קיין רינד"; עלנט געלעבט — עלנט געשטאָרבן!

ווען נישט דאָס מענטשלעכע גערודער, וואָלט אפשר עמיצער אַמאָל דערהערט ווי באָנטשעס מאַרך־ביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייט געהאַט, וואָלט עמיצער אפשר אַמאָל באַמערקט, אַז באָנטשע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלעך איינגעפאַלענע באַקן; אַז אפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטן אַזוי ווייניק מענטשן, ווי פערד אין טראַמוויי געווען, וואָלט אפשר אַמאָל עמיצער געפרעגט: ווו איז באָנטשע אַהינגעקומען?!

ווען מען האָט באָנטשען אין שפּיטאָל אַריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע נישט ליידיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינס־גלייכן געוואַרט, און צווישן זיך דעם ווינקל „אין פּלוס" ליציטירט; ווען מען האָט אים פון שפּיטאָלבעט אין טויטן שטיבל אַריינגעטראָגן, האָבן אויפן בעט צוואַנציק אָרעמע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטן־שטיבל האָט מען צוואַנציק הרוגים פון אונטער אַן איינגעפאַלן הויז געבראַכט. ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט רויק וווינען אין קבר? ווער ווייסט וויפיל עס וואַרטן שוין אויף דעם שטיקל פּלאַץ...

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

* * *

נאָר נישט אַזוי איז געווען אויף יענער וועלט! דאָרטן האָט באָנטשעס טויט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיחס צייטן האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען; „באָנטשע שווייג איז נפטר געוואָרן!" די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגל זיינען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן: „באָנטשע איז נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה!" אין גן־עדן איז אַ רעש, אַ שמחה, אַ גערודער: „באָנטשע שווייג! אַ שפּאַס — באָנטשע שווייג!!!"

יונגע מלאכימלעך מיט בריליאַנטענע אויגעלעך, גאָלדענע דראָטאַרבעטענע פליגעלעך און זילבערנע פּאַנטאָפעלעך זיינען באָנטשען אַנטקעגן געלאָפן מיט שמחה! דער גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנטאָפעלעך און דאָס פריילעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע ראָזיקע מיילעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום כסא־הכבוד, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוווּסט, אַז באָנטשע שווייג קומט!

אברהם אבינו האָט זיך אין טויער־הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שלום־עליכם" און אַ זיסער שמייכל שיינט אַזוי העל אויף זיין אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט זיך אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאכים אין גן־עדן אַריין פאַר באָנטשעס וועגן אַ גינגאָלדענע פּאָטער־שטול אויף רעדלעך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טייערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באָנטשען!

—נאָך פאַרן פסק פון בית־דין של מעלה? — פרעגן די צדיקים פאַרוווּנדערט און נישט אָן קנאה.

— אָ! — ענטפערן די מלאכים, — דאָס וועט זיין אַ פראָסטע, פוסטע פאָרמע! קעגן באָנטשע שוויַיג וועט אפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע” וועט דויערן פינף מינוט!

—איר שפּילט זיך מיט באָנטשע שוויַיג?

* * *

אַז די מלאכימלעך האָבן באָנטשען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים אַ זמר; אַז אברהם אבינו האָט אים ווי אַן אַלטן קאַמעראַד די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זיין שטול איז גרייט אין גן־עדן; אַז אויף זיין קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של מעלה וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט ריידן — האָט באָנטשע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, געשוויגן פאַר שרעק! עס איז אים ד'אָס האַרץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זיין אַ חלום, אָדער אַ פּראָסטער טעות!

ער איז צוביידע געוווינט! נישט איינמאָל האָט זיך אים אויף יענער וועלט געחלומט, אַז ער קלייבט געלד אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליגן... און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטן... ניט איינמאָל האָט אים עמיץ דורך אַ טעות צוגעשמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מיין מזל, — טראַכט ער, — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגן אויפצוהויבן, דער חלום זאָל נישט פאַרשווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ערגעץ אין אַ הייל צווישן שלאַנגען און עקדישן! ער האָט מורא פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצולאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טאָן — מען זאָל אים נישט דערקענען און אַוועקשליידערן אויף כף־הקלע...

ער ציטערט און הערט נישט די מלאכימס קאָמפּלימענטן, זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים. ער ענטפערט נישט אברהם אבינו אויפן האַרצלעכן „שלום עליכם”, און — געפירט צום בית־דין של מעלה — זאָגט ער אים קיין „גוט־מאָרגן” נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, נישט ווילנדיק, דערזען די פּאָדלאָגע פון בית־דין של מעלה. סאַמע אַלעבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מיינע פיס!” — ער ווערט אינגאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייסט וועלכן גביר, וועלכן רב, וועלכן צדיק מען מיינט... ער וועט קומען — וועט זיין מיין פינצטערער סוף!”

פאַר שרעק האָט ער אפילו נישט געהערט ווי דער פרעזעס האָט בפירוש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנטשע שוויַיג!” און, דערלאַנגענדיק דעם מליץ־יושר די אַקטן, געזאָגט: „לייען, נאָר בקיצור!”

מיט באַנטשען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס רוישט אים אין די אויערן. אינם גערויש הערט ער דאָך אַלעמאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מלאך־מליצס זיס קול ווי אַ פידל:

— זיין נאָמען, — הערט ער, — האָט אים געפּאַסט ווי צו אַ שלאַנק לייב אַ קלייד פון אַן אַרטיסט, אַ שניידערס האַנט.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באַנטשע, און ער הערט ווי אַן אומגעדולדיק קול האַקט אים איבער און זאָגט:

— נאָר אָן משלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל, — הויבט ווייטער אָן דער מליץ־יושר, — אויף קיי־נעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימל.

באַנטשע פאַרשטייט ווייטער נישט אַ וואָרט, און דאָס קול שלאָגט ווייטער איבער:

— אָן רעטאָריק!

—איוב האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער איז אומגליקלעכער געווען...

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! — רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— צו אַכט טאָג האָט מען אים מל געווען...

— נאָר אָן רעאַליזם!

— אַ מוהל, אַ פושער, האָט דאָס בלוט נישט פאַרהאַלטן...

— ווייטער!

— ער האָט אַלץ געשוויגן (פירט ווייטער דער מליץ־יושר) אפילו ווען די מו־טער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרייצן יאָר אַ שטיף־מאַמע באַקומען... אַ שטיף־מאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת...

— מיינט מען דאָך אפשר פאַרט מיך? — טראַכט באַנטשע.

— אָן אינסינואַציעס אויף דריטע פּערזאָנען, — בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קאַרגן דעם ביסן... אייערנעכטיק פאַרשימלט ברויט... האָר־פלאַקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען...

— צו דער זאַך! — שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל נישט געקאַרגט און זיין ברוין- און־בלוי לייב פלעגט אַרויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זיינע פאַרשימלט־צעריסענע קליידער... ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, האָט ער איר באָרוועס אויפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זיינען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפּיק... ניט איינמאָל האָט ער זיך די האַנט פון די געלענקן אויסגעריסן, ניט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר געשוויגן האָט ער, אפילו זיך פאַרן פאָטער...

— פאַרן שיכור! — לאַכט אַריין דער קטיגור, און באַנטשען ווערט קאַלט אין אַלע איברים.

— נישט געקלאָגט, — ענדיקט דער מליץ־יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט, — פירט ער ווייטער, — קיין חבר, קיין תלמוד־תורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט...

— פּאַקטן. — רופט ווייטער דער פּרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אפילו שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט אים, שיכורער־הייט, אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטן אַ שניידנדיקער ווינטער־נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן פון שניי און איז אַנט־לאָפן ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

— אויפן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... ביים גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

— ערשט אין אַ שווינדלענדיקער, נאַסער פרילינג־נאַכט, איז ער אין אַ גרוי־סער שטאָט אַריינגעקומען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּן אין אַ ים און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט... ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט פאַר וואָס,, פאַר ווען? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

— שווערער פאַר דער אַרבעט איז געווען זי צו געפינען — ער האָט געשוויגן!

— באָדנדיק זיך אין קאַלטן שוויס, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווער־סטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמף און ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

— באַשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמדע מיילער, געיאָגט פון טראָטוארן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַס צווישן דראָזשקעס, קאַ־רעטן און טראַמווייען, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אַריין — האָט ער געשוויגן!

— ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט וויפיל פוד לאַסט עס קומט אויף אַ גראָשן, וויפיל מאָל ער איז געפאַלן ביי יעדן גאַנג פאַר אַ דרייער, וויפיל מאָל ער האָט שיר נישט די נשמה אויסגעשפּיגן מאָנענדיק זיין פאַרדינסט: ער האָט נישט גערעכנט, נישט ז יי ן, נישט יענעמס מזל, נאָר געשוויגן!

— זיין אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט. „קום שפּעטער” — און ער איז פאַרשוווּנדן שטיל ווי אַ שאָטן, כדי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פאַרדינסט!

— ער האָט אפילו געשוויגן, ווען מען פלעגט אים אָפּרייסן פון זיין פאַרדינסט אָדער אַריינוואַרפן אַ פאַלשע מטבע!

— ער האָט אַלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנטשע.

* * *

— איינמאָל, — פירט ווייטער דער מליץ־יושר נאָך אַ טרונק וואַסער, — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן אַ קאָטש אויף גומענע רע־דער מיט צעפלאָשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטנס געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ אויפן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בלישטשען ווי ברענענדיקע שטורקאַצן אין אַ פינצטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט, נישט לעבעדיק אַ מענטש!

— און באָנטשע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער גרעסטעוועטער איז געווען אַ ייד, אַ בעל צדקה, און האָט באָנטשען די טובה נישט פאַרגעסן!

— ער האָט אים דעם דערהרגעטנס בייטש איבערגעגעבן; באָנטשע איז אַ שמייסער געוואָרן! נאָך מער — ער האָט אים חתונה געמאַכט. נאָך מער — ער האָט אים אפילו מיט אַ קינד פאַרזאָרגט...

— און באָנטשע האָט אַלץ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפּעסטיקט זיך באָנטשע אין דער דעה, און האָט דאָך נישט די העזה אַן אויג צו וואַרפן אויפן „בית־דין של מעלה".

ער הערט זיך ווייטער איין צום מלאך מליץ:

— ער האָט געשוויגן אפילו ווען זיין בעל-טובה האָט אין קורצן באַנקראָטירט און אים זיין לוין נישט באַצאָלט...

— ער האָט געשוויגן אפילו ווען דאָס ווייב איז פון אים אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד פון דער ברוסט...

— ער האָט געשוויגן אפילו מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און געגנוג שטאַרק געווען — באָנטשען אַרויסצוואַרפן פון שטוב...

מיך מיינט מען, מיך! — פרייט זיך באָנטשע.

— ער האָט אפילו געשוויגן, — הויבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך־מליץ, — ווען דער אייגענער בעל־טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגליכט, נאָר אים קיין גראָשן שכירות נישט צוריקגעגעבן — און אפילו דעמאָלסט, ווען ער איז באָנטשען (ווייטער פאַרנדיק אויף אַ קאָטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

— ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צורעכט געמאַכט...

* * *

— ער האָט געשוויגן אפילו אין שפּיטאָל, ווו מען מעג שוין שרייען!

— ער האָט געשוויגן אפילו ווען דער דאָקטאָר האָט אָן פופצן קאָפּיקעס נישט געוואָלט אפילו צוגיין צו זיין בעט, און דער וועכטער, אָן פינף קאָפּיקעס — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן ביים גוססן — ער האָט געשוויגן ביים שטאַרבן.

— קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לייט!

— דיקסי!

* * *

באָנטשע הויבט ווייטער אָן ציטערן אויפן גאַנצן לייב. ער ווייסט אַז נאָכן מליץ־יושר גייט דער קטיגור! ווער ווייסט וואָס דער וועט זאָגן! באָנטשע אַליין האָט זיין לעבן נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריערדיקע פאַרגעסן... דער מלאך־מליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי! — הויבט אָן אַ שאַרף־שטעכנדיק-בריענדיק — קול — נאָר ער האָקט אָפּ.

— רבותי! הויבט ער נאָך אַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָפּ.

ענדלעך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! — ער האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווייגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נייע, ווייכע, ציטערדיקע שטימע:

— באָנטשע, מיין קינד באָנטשע! — רופט אים ווי אַ האַרפע... — מיין האַרציק קינד, באָנטשע!

אין באָנטשען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זיינען פאַרפינצטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס־וויינענדיק קיינמאָל נישט געווען... „מיין קינד", „מיין באָנטשע" — זייט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מיין קינד! — פירט ווייטער אָן דער אָב־בית־דין, — דו האָסט אַלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל אין דיין לייב אָן אַ ווונד, אָן אַ בלוטיק אָרט, עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטן אָרט אין דיין נשמה, וווּ עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוווּסט, אַז דו קענסט שרייען און אַז פון דיין געשריי קענען יריחוס מויערן ציטערן און איינפאַלן? דו אַליין האָסט פון דיין פאַרשלאָפענעם כוח נישט געוווּסט...

— אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגן נישט באַלוינט, נאָר דאָרט איז דער עולם השקר. דאָ, אויפן עולם אמת, וועסטו דיין לוין באַקומען!

— דיך וועט דאָס בית־דין של מעלה נישט משפּטן, דיך וועט עס נישט פּסקענען.

— דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס און נישט אָפּטיילן: נעם דיר וואָס דו ווילסט! אַלץ איז דיין!

באָנטשע הויבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פאַרבלענדט פון דעם ליכט פון אַלע זייטן! אַלץ בלאַנקט, אַלץ בלישטשעט, פון אַלץ יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די כלים, פון די מלאכים, פון די דיינים!

ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ!

— טאַקע? — פרעגט ער מסופּק און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אב־בית־דין! — זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלץ אין הימל געהערט צו דיר! קלייב און נעם וואָס דו ווילסט, דו נעמסט נאָר ביי דיר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באָנטשע נאָכאַמאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קול.

— טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים אויף זיכער פון אַלע זייטן.

— נו, אויב אַזוי, — שמייכלט באָנטשע, — וויל איך טאַקע אַלע טאָג אינדערפרי, אַ הייסע בולקע מיט פרישע פּוטער!

דיינים און מלאכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט; דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט.

# הכנסת כלה



ר׳ עוזר האָפּענשטאַנד איז, קיין עין הרע, אַ ייד — אַ גביר; אפשר אַ מיליאָנער; ער האָט שוין עפּעס צו זאָגן אויף דער וועלט, אויף יענער — אוודאי!

אָט, זיצט ער ביים טיש, ביים „וואַרעמס".

אַ טיש — ווער מיר גוטס גינט! די סעודה הויבט זיך אָן מיט הערינג, קילקעס, סאַרדינען...

זילבער — ווי האָלץ! עס בלאַנקט אויפ׳ן טיש, אינם אָפענעם קרעדענץ; אַרום אויף די ווענט הענגען אַ צען זילבערנע טאַצן, וואָס קאָנען שוין אין קרעדענץ ניט אַריין. פון איבער דער שאַנק בליצט אַראָפּ אַ גרויסער חנוכה־לאָמפּ מיט אויסגע־שניצטע בלומענרערן, און איןביידע זייטן שטייען, ווי אויף דער וואַך, צוויי אומגע־הייערע שבתניקעס.

ער אַליין, ר׳ עוזר, איז אַ קליין, דאַר יידל און ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן אינם גרויסן, מיט רויטן סאַמעט אויסגעבעטן פאָטער־שטול. קוים איבער דער אָנלען גלאַנצט דאָס גרין־סאַמעטענע, הויך, ברייט און שטייף אויפגעשטעלטע היטל, די פּאָרם איז זיין אייגענע דערפינדונג! דערמיט וועט ער איבערגיין אין דער חסידי־שער מויל־געשיכטע איש מפּי איש אויף אייביק!

ער וועט שוין האַלטן אין גן־עדן ביי משניות (אָנהויבן וועט ער טראַף) און אונד־זערע אור־אייניקלעך (אַזוי האָפט ער) וועלן נאָך טראָגן די פאָרם, דאָס עוזר־קאַשקעטל.

עסן עסט ער שווייגנדיק, מיט ערנסט־איינגעצויגענע שטערן און ברעמען, אָן אַ בליק פאַר די בייזיצער.

און דער לאַנגער טיש איז באַזעצט. רעכטס — אַ שורה נקבות: דאָס ווייב, צוויי טעכטער, אַ שנור מיט דריי אייניקלעך; אין דער לינקער האַנט מאַנספאַרשוינען: צוויי זין, אַן אידעם און זייערע דריי חדר־ייִנגלעך.

דאָס ווייב זיינס טראָגט אַן אויסגעשטיקט האָר־באַנד אונטער אַ טיפער קאָפּקע, מיט פלאַטערדיקע ברייטע פלאַמענדיק רויטע בענדער, — די טעכטער טראָגן שייט־לען. די שנור האָט שוין דערגרייכט צו פריזירטע „קרעפּינקעס".

די מיידלעך דאַרפן זיך די האָר נישט פאַרשטעלן. די „גזשיווקעס" יאָגן זיך פריי אַרום איבער די שמאָלע שטערנס. אַז עס וועט קומען צום אָפּגאָלן — ווער ווייסט?!

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איז נאָך אויבן־אָן ר׳ עוזרס מוטער געזעסן! אַ יידענע אין אַ שטערנטיכל, אַראָפּגעהאָנגענע אוירינגלעך און אַ ברוסטטיכל מיט אַ הויבל, —איז זי שוין אויפן עולם־אמת...

די מענער טראָגן זיך אויך פאַרשיידן. ר׳ עוזר אַליין זיצט אין זיין חסידישן „צילינדער". דער זון — אין אַ שפּיציקער, די אידעמס אין פלאַכע, קאָנטיקע יאַרמולקעס. די חדר־ייִנגלעך טראָגן שוין „קאַשקעטלעך", אויף וועלכע ר׳ עוזר וואַרפט אַלע מאָל אַ בייז־אויג; דער היטלמאַכער האָט פאַרשמעלט און פאַרקירצט די פאָרם!

יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעסן אַ מלמד אין אַ קאַפּטאָן מיט סטראַקעס; האָט מען אים ערגעץ אויפגענומען פּאַר אַ רב אין אַ שטעטל, דאַרף ערשט ר׳ עוזר פאָרן צום רבין פרעגן אויף אַ נייעם מלמד. גלאַט אַזוי לאָזט ער נישט אין שטוב אַריין!
„היינטיקע צייטן״, טראַכט ער און זיפצט.

ער קוקט אַרום און זעט, ווי די צייט רייסט אַלע מינוט אָפּ אַ שטיק פון דער מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציק אַרומגעבויט, אָפּצוטיילן זיך פון דער אַפּיקורסישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהערט לויטן פאַרמעגן. זי, די בייזע צייט, גנבעט זיך אַריין ווי אַ וואַסער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועלכער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דעם „דייטשן מבול״, אַז קיינער פון זיין משפחה זאָל זיך אפילו קיין פוס נישט איינגעצן! אָבער עס גייט נישט!

אַן איניקל, אַ מיידל — האָט מען נאָר געלערנט אַביסל שרייבן, האָט מען זי שוין געכאַפּט לייענען אַ ראָמאַן; אַ שנור האָט זי פאַרמסרט, מן־הסתם איז „ראָמאַנען״ נישט קיין גוטס.

אין צווייטן איניקל — אַ יינגל — איז פּלוצלונג אַריין אַ דיבוק — ער האָט זיך איינגעעשפּאַרט: אין שקאָלע אַריין. עס האָט נישט געהאָלפן קיין ריידן, קיין בעטן, קיין חלשן, קיין שלעג אפילו.. מען האָט אים קוים איינגענומען מיט אַ גאָלדענעם זייגערל!

ער ציט איין נאָך פעסטער די ברעמען — ער זעט בחוש, מיט זיינע אויסגעוויינטע, אַלטע אויגן, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פיל תהלים געזאָגט, אַזוי פיל געלט געציילט און אַזוי פיל וועלט געזען, אַז די צייט האָט קיין רחמנות נישט, אַז זי ווישט און ווישט אָפּ דאָס אַלטע, דאָס פאַרשימלטע, דאָס הייליקע!

* * *

עס עפנט זיך די טיר.

עס קומט אַריין אַן איינגעבויגענער ייד מיט אַ ווייסער צעפּלאָשעטער באָרד, וואָס פּלאָנטערט זיך צוזאַמען מיט די פעדעם פון דער אַלטער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע, אַ בלייכן פּנים אונטער אַן אויסגעפּעצטן היטל.

דער דלות איז אַריינגעקומען.

— שלום־עליכם, מענדל, — רופט צו אים דער מיליאָנער.

— עליכם־שלום, עוזר, — ענטפערט מענדל־דלות.

ער גייט צו צום טיש. דער בעל־הבית וויקלט זיך אַרום די האַנט אין אַ סערוועט און דערלאַנגט אים „שלום־עליכם״.

דאָס אייגענע טוען די אידעמס, די איניקלעך. איינס נאָר פאַרקרימט זיך.

מען זאָל אים נאָך אַ ברעלאָק קויפן צום זייגערל, וואָלט ער זיך אפשר נישט פאַרקרימט אויך.

מענדל אָבער באַמערקט עס נישט, און שמייכלט:

— עפּעס האָסטו, עוזר, צופיל ווייבער ביים טיש!

— סאַמע אייגענע! — ענטפערט עוזר ערנסט און מיט אַ זיפץ.

אין האַרץ איז ער מסופק, אויב אַ שנור איז אַן אייגענע.

— ווייסטו וואָס, עוזר, — מאַכט ווייטער מענדל, — איך וועל נעמען אַ טרונק בראָנפן.

— נו!

— נו, שקצימלעך, לאָזט!

און דער „דלות״ רוקט זיך אַריין צווישן צוויי איינינקלעך־שטולן און נעמט אַביסל בראָנפן.

— און פאַרבייסן? — פרעגט ער, אויפהויבנדיק די פייכטע אויגן צו דער בעל־הביתטע.

עוזר גיט אַ וואָרף אַן אויג מיט גרימצאָרן, אויף דער גאַנצער שורה ווייבער: וואָס איז, זיי זעען נישט, אַז מען דאַרף פאַרבייסן?

דאָס ווייב פאַרשטייט דעם ווונק. עס גלוסט איר דאָך אַפּנים, נישט אויפצו־הויבן זיך.

— כאַפּט אַ שטיקל פּאָלקע! — מאַכט זי.

— אָבער גאָר לא, — ענטפערט מענדל, — צו דעם וועל איך מיך וואַשן, כדבעי! דערוויל — לעקעך, לעקעך קומט מיר.

— זאָג נאָר, שרה, — פרעגט ער איבער די בעל־הביתטע — האָסט דען גאָר־נישט חתונה געמאַכט איבער דער צייט, האָ?

איינע פון די מיידלעך פאַרקרימט זיך און טראָגט דאָך צו אַ שטיקל לעקעך פון קרעדענץ.

מענדל־דלות טרינקט לחיים און פאַרבייסט.

— צינד גיי איך מיך וואַשן.

ער קוקט זיך אום, זוכט אָפּ דאָס האַנט־פאַס, און גייט צו.

אַ דינסט טראָגט דערוויל אַריין אַ קאָכעדיקע וואַזע.

עוזר שיקט ווייטער צום ווייב אַ צאָרנדיקן בליק.

— טראָג דערוויל צוריק! — קאָמאַנדירט דאָס ווייב, — געקומען אַ גאַסט.

די דינסט וואַרפט אַ קרום אויג אויפן דלות און גייט צוריק.

* * *

נאָכן עסן און נאָכן בענטשן מזומן, האָט מענדל־דלות אַרויסגעיאָגט די ווייבער פון שטוב מיטן בייסנדיקן רויך פון זיין ליולקע־ציבעק. ער שמייכלט פאַרגניגט און קוקט זיך אום און דערזעט, וואָס ער זוכט — די קאַנאַפּע. דער קאָפּ איז אים שווער־לעך; שוין לאַנג אַזאַ שווערן מאָגן נישט געהאַט. ער הויבט זיך שווער אויף פון שטול, וואַקלט זיך צו און ציט זיך אויס אויף דער קאַנאַפּע.

עוזר פרעגט:

— ווילסט אַביסל שלאָפן?

— יאָ, איך וועל דערנאָך מיט דיר ריידן — ער גענעצט אָפּ און גיט צו, — איך וועל, אם ירצה השם, ביי דיר זיין אַ פּאָר טעג.

נו, שלאָף, — מאַכט עוזר אַרויסגייענדיק; די רעשט בני בית גייט אים נאָך.

* * *

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז עוזר צוריקגעקומען און געטראָפן שוין מענדלען ליגן מיט אָפענע אויגן.

— נו וואָס מאַכסטו, מענדל? — פרעגט ער אים און זעצט זיך אים צוקאָפּנס אויף אַ שטול.

— אַזוי, — ענטפערט מענדל, — האָסט נישט אַ גלאָז טיי?

עוזר קלינגט אָן און באַשטעלט ביים ווייב, וואָס ווייזט זיך אין טיר, דעם סאַמאָוואַר.

מענדל גענעצט.

— וואָס טוסטו, אייגנטלעך, דאָ? — פרעגט דער גביר.

— וואָס איך טו דאָ, ווילסט וויסן? — חזרט מענדל־דלות איבער די שאלה.

— כ׳מאַך חתונה!

— דיין שמערלען?

— ניין, כ׳האָב נאָך אַן עלטערע טאָכטער...

— אַזוי?

— ווי דען...

— נו?

— נו, נו! דאַרף מען, פאַרשטייסטו, נדן...

— ביי מיר האָסטן שוין אַ פינף־און־צוואַנציקער!

מענדל זעצט זיך אויף:

— איך לאַך אויס דיין טאַטן!

— וויפל דען מיינסטו?...

— וויפל איך מיין? איך דאַרף פינף הונדערט רובל!

— פינף הונדערט רובל? — וווּנדערט זיך דער מיליאָנער.

— כ׳האָב צוגעזאָגט!

— נו? און אַז מען זאָגט צו?

— שוטה! דאָס האָב איך שוין ביים צוזאָגן געמיינט. מאַכט זיך אָבער אַ מעשה... הער, וואָס עס קען זיך טרעפן! מיין טאָכטער ווערט עפּעס נישט בקו הבריאה... נאַ דיר אַ שמעק טאַבאַק פאַרן גאַנצן עסק... ווייס איך וואָס! נאַר — דו קאָנסט דאָך מאָטי שייגעץ? — איך האָב מיך מיט אים צעווערטלט — מיר זיינען געוועזן בוררים — גייט ער, ימח־שמו, און שרייבט צום מחותן...

— וואָס רעדסטו? — פאַרקרימט זיך ר׳ עוזר.

— אַזוי ווי דו הערסט!

— טאַקע אַ פושע־ישראל!

פאַר איך טאַקע אַצינד צום רבין — אַ פסק וועט ער שוין האָבן... אָבער אָפּגע־טאָן האָט ער; און ווייסט, וואָס ער האָט ימח־שמו, געשריבן? „חולי נופל” האָט ער געשריבן!מיר מעגסטו גלויבן — געוואַרפן האָט זי זיך אינגאַנצן איינמאָל, אפשר צוויי מאָל. מער, בהן צדקי, נישט!

מענדל רוט זיך אָפּ און פּיקט אַביסל פון דער קאַלטער ליולקע.

— נאַ דיר אַ ציגאַר, — מאַכט דער גביר.

מענדל נעמט, פאַררויכערט און גיט צו:

— און צינד, פאַרשטייסטו מיך, זאָגט דער מחותן, אַז ער וויל דאָס גאַנצע געלט.

— ס׳א העזה פון אים! — בייזערט זיך דער גביר.

— אוודאי! דער כלב, כמובן, וויל אָפּלאָזן דעם שידוך! וויל ער נאָך מיינער פּטור ווערן אָן חצי־נדן־קנס!

— קיין נאַר נישט! — שפּאַסט דער גביר.

— איך הער אים ווי די קאַץ! נאַר פאַרשטופּן דעם טריפהנעם פּיסק מוז איך. דאַרף איך טאַקע די גאַנצע פינף הונדערט קאַרבוינעס!

און פאַרוואָס נאַר ביי מיר?

— חוץ מזה, — פירט מענדל־דלות ווייטער זיין זאַך, — דאַרף מען חתונה־הוצאות, ווי דער סדר־עולם איז... חתונה-קליידער האָב איך שוין.

— און אַלץ איך? — פרעגט נאָך אַמאָל ר׳ עוזר נישט זייער צופרידן, — פאַר־וואָס גייסטו נישט צו בערלען, צו חיימען?

דלות ווערט בייז:

— כ׳בעט דיך זייער, וואָס ווילסטו פון מיך לעבן האָבן? איך האָב כוח צו איי־ערע שטיינערנע גאַסן, צו אייערע טרעפּ? איך זאָל אויף דער עלטער קלינגען הינטער טירן?

ער שטעלט זיך אויף:

— מענטשן, — שפּריצט ער מיט כעס, — ווינען אין גאַסן, וואָס זיינען לאַנג ווי דאָס גלות... מער טרעפּ ווי הריז... און איך לייד אויף אַסטמאַ, זאָל איך גייך! גיי דו! גיב אומגעגאַנגגען... מיין דאגה?! אַז איך האָב געהאַט, האָב איך געגעבן!

עוזר שווייגט און מענדל זעצט זיך צוריק.

— און ווו איז דיין טיי? — פרעגט ער אומגעדולדיק.

עוזר קלינגט נאָך אַמאָל און פון דער צווייטער שטוב הערט זיך דעם ווייבס תשובה, אַז עס וועט באַלד זיין.

מענדל גענעצט ווייטער.

— איך מיין באמת, — מאַכט ווייטער עוזר, — פאַרלאַנגסטו איך זאָל אינגאַנצן געבן! דאַרפסט דאָך האָבן „יהדות״!

— חס ושלום, — ענטפערט מענדל, — נעם ווו דו ווילסט, נאָר איך גיין קאָן נישט! איך קאָן נישט!

— בין איך שולדיק?

הער, עוזר! איך דאַרף פינף הונדערט רובל נדן און אַ פופציק רובל חתונה־הוצאות, אַביסל חתונה־קליידער, ווי געזאָגט, האָב איך... מיט דער רעשט וועל איך אים שוין אָנפּייפן, דעם אַלטן תרח... איז בסך־הכל — פינף הונדערט און פופציק רובל... פון דעם טאָר שוין קיין דרייער נישט פעלן!

עוזר שאָקלט מיטן קאָפּ; ער איז כמעט מודה: — אָבער...

— און דערויף, — לאָזט אים מענדל צום וואָרט נישט קומען, — האָב איך דאָס!

ער וואַרפט אַרויס פון בוזעם אויף עוזרס שויס אַ פאַרפּעצט לייוונטן בייטעלע.

— צייל, — מאַכט ער.

עוזר נעמט זיך צום בייטל, קראַצט אַרויס אַ פּעקל פאַרקנוילטע באַנקצעטלען און ציילט אויס הונדערט פיר און זעכציק רובל.

— איך האָב פאַרקויפט, — פאַרטייטשט אים מענדל, די שטוב מיינע, האָב איך דאָס געלט!

עוזר פּאַקט צוריק דאָס געלט אין בייטל אריין און וויל עס צוריקגעבן מענדלען.

— ניין, — ווענדט זיך מענדל אָפּ, — איך האָב געשוואָלענע פיס... גיין וועל איך נישט... דאָס געלט האַלט שוין ביי דיר... איך האָב ביי דיר פינף הונדערט און פופציק רובל! און צייט גיב איך דיר, איך וועל דאָ זיין עטלעכע טעג, וועסט האָבן גענוג צייט! אגב — וועל איך מיך ביי דיר אַביסל אָפּרוען און אָנעסן זיך — פאַר־שטייסט! הכלל — צייט האָסטו גענוג!... פאַרן אָוועקפאָרן וועסטו מיר געבן דיינס אַ שלישית אויף פינף הונדערט רובל, פופציק רובל מזומן אויף חתונה־הוצאות

און אַ פינפער רובל צו פאָרן קיין גער. — נעמען מעגסטו, ביי וועמען דו ווילסט... נישט מיין דאגה!

— נו! — ברומט עוזר.

— און אין גער, — מאַכט מענדל, — וועל איך שוין בלייבן... וועט זיך מיר גלוסטן וועל איך, אַמאָל אַריינפאַלן צו דיר אויף אַ פּאָר וואָכן.

— נו, ברומט ווייטער ר׳ עוזר.

— שלאָפן, — מאַכט מענדל, — וועל איך טאַקע, אויב איך וועל קומען, דאָ, אויף דער קאַנאַפּע, אַ ווילע קאַנאַפּע.

---

# אויך אַ סדר־נאַכט

(אַ וואַרשעווער הומאָרעסקע)



סיראָטע (דאַרף איך אייך צוגעבן: דער חזן אויף טלאָמאַצקע?) האָט אָפּגעדאַוונט; עקסטראַ צוריקגעקומען פון ניו יאָרק.

שטילערהייט איז מען אים מקנא:

— אַ שיין ביסל געלט פאַרדינט! אויף אונדז און אונדזערע געשעפטן פאַר יום־טוב געזאָגט!

אַ שלעכטער פאַר יום־טוב געווען: באַיקאָט, אַלץ נאָך קריג און — שלעכט וועטער.

— וואָלט איך זיך האַלדז געהאַט! — זיפצט אַ באַיקאָטירטער פון דער מאַר־שאַלקאָווסקע...

ניו יאָרק ווערט אַ מאַגנעט נישט נאָר פאַר ליטעראַטן...

סיראָטע האָט אָפּגעדאַוונט.

דער „היימישער״ עולם רוקט זיך אַרויס שטילערהייט. מען ווייסט וואָס, אָבער נישט ווי אַזוי צו זאָגן: די פּוילישע פּאָרעם פון ווינטשן לכבוד יום־טוב, בפרט „וויעלקאַנאָץ״ — איז נאָך נישט געפונען געוואָרן.

„ליטוואַקעס״ פאַר דאָס לײדיקן אויס די שיל רוישנדיק:

— גוט יום-טוב, גוט יום־טוב!

דער היימישער עולם מורמלט, נישט צופרידן:

— ווי דאָס רודערט...

— וו׳דאָמו באָזשים — קיין פּיצל דרך־ארץ נישט...

פאַלט נאָך איין אַ ליטוואַק אויסצורופן:

— לשנה הבאה בירושלים!

האָט ער שוין איבערגעכאַפּט די מאָס. מורמלט מען אויף פּויליש העכער; שוין אויסער דער שיל, אויף די טרעפּלעך:

— אַלץ פאַרכאַפּט... די נאַלעווקעס... אַצינד — די שיל...

— און די הויפּט־אַלעע — קלאָגט זיך אַ צווייטער — אויפן צמענטאַרזש...

ער איז אויף קבר־אבות געווען:

— „אַ ליטוואַק ביי׳ן אַ ליטוואַק״...

די לעצטע פּאָר:

אַ היימישער — צילינדער, ווייסע קראַוואַטע, האַנטשו, פֿיין ראַזירט, נאָר אויפֿן פּנים נישט זייער יום־טובדיק, — שטייט שוין אונטער די טרעפּ און וואַרט אַפּ דעם צווייטן אויך אַ היימישן (אויך צילינדער, ווייסע קראַוואַטע, האַנטשו, אַ פֿיין צע־קעמטע באָרד און אויפֿן פּנים אויך גאָר נישט יום־טובדיק), וואָס הינקט ערשט אַראָפּ אויף אַ קוליע.

— גייסט אַהיים — פֿרעגט דער צווייטער, שוין אויפֿן לעצטן טרעפּל, און, נישט דערהערט געוואָרן, עטוואָס העכער:

— גייסט אַהיים, מאָריץ?

דער געפֿרעגטער כאַפּט זיך אויף, ווי פֿון אַ טרויער:

— און דו, איגנאַץ?

זיי שטעלן זיך אַפּ אַ ווײַלע:

— אַהיים? וואָס וועל איך טון אין דער היים? האָסט אַ סדר, מאָריץ?

— אי... מאַכט מאָריץ אָוועק מיט דער האַנט. מיין וואַטנמאַכערס טאָכטער!

ער האָט איר געזאָגט:

—גלייך געוועזן כאָטש קויפֿן אַביסל מצות.

האָט זי אים אַ מעסט אַפּ געטון מיטן גרינעם אייגל פֿון קאָפּ ביז צום קרומען פֿוס:

— וואָס איז ביי דיר גלייך?

פּרוווט ער זיך:

— די קינדער צוליב!

זי גייט מיט די קינדער אין אָפּערע; שוין באַשטעלט אַ לאָזשע...

— און מיינע, זיפֿצט אַפּ מאָריץ — די רבנישע טאָכטער? פֿרעגט, צי איך וויל, דער לאָקיי זאָל אַנטלויפֿן, אַז ער וועט דערזען מצות...

זיפֿצןביידע:

— עבדים משלו בנו...

און ער שטעלט זיך די פֿראַגע:

— ווו אַהין גייט מען?

— קום — איראָניזירט מאָריץ — אויף די נאַלעווקעס, צו דער פֿראַנציסקאַ־נער... „כל דכפין ייתי וייכול”, עמעץ — —

— אַ ליטוואַק — —

— וועט פֿאַרבעטן צום סדר...

גייען גייען דאָך, זעט אויס, אויס לויטער געוווינהייט, פֿאַרטראַכט און שטיל־ריידנדיק, צום טעאַטער־פּלאַץ צו.

נישט געדאַרפֿט זיך אויסציען פֿון יענער זייט...

— מען וואָלט אַזוי פֿיל פֿון באַיקאָט נישט געליטן...

— האָסט פֿאַר יום־טוב עפּעס געלייזט, מאָריץ?

מאָריץ דריקט מיט די אַקסל:

— וואָס דיר, איגנאַץ, פֿאַלט איין...

זיי קומען, שוין שווייגנדיק, צו דער סענאַטאָרן־גאַס.

עמעץ גייט זיי פאַרויס. יונג, עלאַסטישע טריט, איבערוויגנדיק זיך פון איין פוס אויפן צווייטן. און עפּעס באַקאַנט.

— דאַכט זיך דער אַדוואָקאַט...

— יאָ, דיין קוזען אַלבערט... אַנגענומען פּראַוואָסלאַוויע...

— דעם סודיאס טאָכטער צוליב... זי האָט זיך אין׳ם פאַרליבט צום טויט.

— אַ שיינער יונג איז ער...

— אַ גאָלד. זי אויך — אַ שיינע, אַ געזונטע. „ווילסט, זאָגט זי, וועל איך מיך — דיר צוליב — מגייר זיין...״

— געטראָפן די צייט!

זיי בענקען צון אַ מענטש, רופן נאָך:

— פּאַניע אַדוואָקאַטשיע!

— דאָברי וויעטשור!

יענער קערט זיך אום און ענטפערט דערפרייט, זיך אָפּשטעלנדיק:

— אַ, גוט יום־טוב, גוט יאָר!

קוקן זיי אים אָן:

— פון ווען אָן רעדסטו עס יידיש, אַלבערט!

— זייט כ׳האָב מיך אָפּגעשוועקט...

— אַציגנד מעג ער! מיינט מאַריץ.

— אַ פריירער פויגל — אין גאָס!

— אין דער היים אויך... מיט יידישע קליענטן יידיש...

— אפילו פאַרן ווייב?

— מיין ווייבל!

— און אפילו פאַרן לאַקיי?

— אפילו פאַרן דינסטמיידל, לאַכט אַלבערט און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ טויער.

— דאָ וווינסטו, אַלבערט? — פרעגט מאַריץ.

— דאָ אָ?! מאַכט איגנאַץ.

אין קול קלינגט: אַ שאָד, מיר בלייבן אַליין...

— דאָ, ענטפערט אַלבערט, און פאַרשטייענדיק וועגן וואָס עס גייט:

— ווייסט איר וואָס, קומט אַרויף צו מיר? מיין ווייב מאַכט עפּעס אַ סיורפּריז פאַר מיר... אינדערפרי פון שטוב אַרויסגעטריבן... פאַר צען זאָל איך נישט קומען... וועט איר אויך געניסן!

— אַ גלאָז טיי וועט זיין?

— און צובייסן אויך. אַז אַ סיורפּריז...

— אַ געבראָטענער קוויטשער?

— דאָס גיט מען אייך אין דער היים. מען זאָגט אייך: קעלבערנס, עסט איר...

נישט האָבנדיק, וואָס מיט זיך צו טון, כמעט מורא האָבנדיק צו בלייבן אַליין מיט זיך, מיט די טרויעריקע געדאַנקען, גייען זיי.

אַרויפגעקומען, לאָזט זיי אַלבערט אין קאַבינעט אַריין. ער גייט, געוויר ווערן, צי מען מעג שוין...

מאַריץ און איגנאַץ זעצן זיך אין פאַרשאָטנטן קאַבינעט ביים שרייבטיש און באַמערקן פרישע בלומען אין נייע בראָנזענע וואָזן...

— „בצלאלי!" — גאַפּט מאַריץ.

— דער דיוואַן אויך — שרײַט כמעט אויס איגנאַץ. זע: אם אשכחך ירושלים...

— דאָס האָט מײַן װײַב — דערקלערט דער צוריקגעקומענער אַלבערט — מײַן מאַריאַ אַנדרעיעװנאַ געקויפט... העי? ייִדישער אַביסל פאַר אײַערע?

— אויף מײַן רביצן געזאָגט!

— אויף מײַן װאַטנמאַכעריך!

— און באַלד — שלאָגט זײ איבער דער װירט — װעט זײַן דער סיורפּריז. איך שטויס מיך, װאָס עס װעט זײַן... עס װעט זײַן... עס װעט זײַן — — — — —

אין דער רגע אָבער עפנט זיך ראַש די טיר פון עס־צימער. אַ שטראָם ליכט פאַלט מיטאַמאָל אין פאַרשאָטנטן קאַבינעט אַרײַן. דורך דער ברײט געעפנטער טיר באַװײַזט זיך אַ בלאַנק געדעקטער טיש... זילבער און קרישטאָל... און פלעשער װײַן —

— און מצות! מצות! שרײַט אויס אויסער זיך מאַריץ...

— זע, זע, — קנײַפּט אים איגנאַץ אין דער זײַט — אַ קערה מיט מינים — די באַלעבאָסטע האָט זיך דערװײַל אין טיר געשטעלט, אַ צעשטראַלטע בלאָנדינע:

— מילאָסטי פּראָסים!

אַלבערט שטעלט פאָר די געסט:

— אָטשען פּריאטנאָ: האָסטו, הײסט עס, מיר אויך געמאַכט אַ סיורפּריז!

מען באַגריסט זיך.

— זעצט אײַך רבותים, מאַכט אַלבערט.

— ניעט, פּאָדאָזשדי! און זי דערלאַנגט אים אַ הגדה מיט אַ רוסישער איבער־זעצונג — טי פּרעזשדע פּראָװערײ... פּראַװילנאָ־לי...

מאַריץ באַקומט דערװײַל נאָך אַ קניפּ פון איגנאַצן:

— זע נאָר דעם בעכער דעם גרויסן, זע!

עטאָ — װענדט זיך צו זײ מאַריאַ אַנדרעיעװנאַ — דלא פּראָראָקא איליִ...

— יעװאָ, — זאָגט זי, יא סטראַשנאָ ליובליו...

און קלינגט דערבײ אין קיך אַרײַן:

— נאָך צװײ באַשטעק, פאַר די טײַערע געסט!

אַראָפּגעקומען זײַנען איגנאַץ און מאַריץ שוין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און — זיך אײנס אָן אַנדערן האַלטנדיק —

אַן אויסגעשטערנטע נאַכט.

— אויבן פינקלט! מאַכט מאַריץ באַגײַסטערט.

— ליל שמורים! מען שלאָפט נישט! — פאַרטײַטשט איגנאַץ.

און שטעלן זיך אָפּ נאָך אַ װײַלע.

— איך זאָג דיר, ער װעט אויסקומען; זי װעט זיך מגייר זײַן —

— אָדער יאָ, אָדער נישט, ענטפערט מאַריץ, און מיט אַ בליק צום הימל:

— נאָר אַזאַ יאָר אויף מיר, רבונו של עולם, װאָסאַראַ װױלע ייִדעלעך דײַנע משומדים זענען!

פון די געזאַמלטע אויסגאַבעס פון פּרץ׳עס װערק.

## ראָזע פּרץ־לאַקס

## דאָס לעצטע יאָר, דער לעצטער טאָג...



די לעצטע צייט פלעג איך אָפט טראָגן פּרצן אין גמינע אַריין עפּל אָדער אַ צווייטן פרישטיק. אינדערפרי האָט ער נישט געוואָלט מיט זיך נעמען — די קעשענעס זאָלן ביי אים נישט אָפּשטיין. איבריקנס האָט ער אין די קעשענעס געהאַט ליגן צוויי אָדער דריי נאָזטיכלעך, וואָס די פרוי האָט אים יעדן טאָג אויסגעטיילט.

אין פאַרצימער פון גמינע זיינען אַלעמאָל געזעסן אַ סך אָרעמעלייט, קליינע אָפּגעריסענע יינגלעך, מיידלעך... כמעט שטענדיק האָבן זיי געוויינט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס און געפרעגט פּרצן, וואָס זיי וויינען אַזוי. — „זיי זיינען הונגעריק — זאָגט ער — גיב זיי עפּעס, אויב דו האָסט רחמנות.״ און פלעגט צוגעבן: „גיב אויס דיין געלט און איך וועל דיר געבן צושטייער״. און ער פלעגט אַלע מאָל געבן, איך פלעג לויפן נאָך הערינג, ברויט...

שפּעטער, נאָך פּרצעס טויט, האָב איך געהערט, אַז די סצענעס — וויינענדיקע קינדער, געשרייען פון אָרעמעלייט אונטער זיין פענצטער אין גמינע — האָבן אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער איז פון טאָג צו טאָג מאָגערער געוואָרן און האָט זייער שלעכט אויסגעזען.

דאָס לעצטע יאָר פון זיין לעבן האָב איך אים נישט געזען, נאָר די פרוי פּרץ האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שטאַרק אַראָפּ פון זיין לייב, די קליידער זיינען אויף אים לויז געוואָרן. ער האָט אינגאַנצן אָנגעווירן זיין פריילעכן הומאָר.

פון דער מלחמה האָט פּרץ אַ סך דערוואַרט. אייגנטלעך קאָן איך זייער ווייניק זאָגן וועגן זיינע געדאַנקען און שטימונגען פון דעם יאָר. איינס ווייס איך, ער האָט געהאָפט אויף דער מפּלה פון צאַריזם.

ער האָט אָממייסטן געזאָרגט פאַר דעם אַלגעמיין יידישן גורל. וואָס ער האָט געהאַט אין שטוב, האָט ער דאַן אַוועקגעגעבן פאַר אָרעמע. די פרוי פּרץ איז דעמאָלט

---

ראָזע פּרץ־לאַקס — איז געווען י. ל. פּרצעס קרובה — אַ טאָכטער פון זיין קוזין פון פּולאַוו. אין יאָר 1909 אַלס יונג מיידל זיך באַקענט מיט דער משפּחה פּרץ און עטלעכע יאָר זיך אויפגעהאַלטן אין דער שטוב פון דיכטער. אירע זכרונות פון אַט דער צייט, פּשטותדיק און עכט און אויך פּאַטעטיש, ווייל ראָזע האָט אויך געשריבן לידער — זיינען אין יאָר 1935 דערשינען אין וואַרשע אין בוכפאָרם. פון דאָרט אונדזער פראַגמענט פול מיט טראַגישער שטימונג פון פּרצעס לעצטן יאָר און לעצטן טאָג.

געווען אין אויסלאַנד, צוליב די אומרוען האָט זי זיך נישט געקאָנט אומקערן אַהיים און איז געבליבן אויף אַ צייט אין שטאָקהאָלם. זי האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר איר אָפּפאָרן פאַרשידענע שפּייז־זאַפּאַסן — גאַנצע זעקלעך. דאָס אַלץ האָט פּרץ אַוועקגעגעבן און אַליין כמעט נישט פאַרגינען זיך צו עסן. פרוי פּרץ האָט דערציילט, אַז ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי געטראָפן פּרצן אַן אויסגעמאַטערטן, אַן עלענטן, מיט אַן אויסגעמאָגערט פּנים. אויפן טיש איז געלעגן אַ שוואַרץ ברייטל, און פּרץ האָט געשניטן פאַר זיך דינע פּענעצלעך טרוקן ברויט. די אַלע, וואָס האָבן אים געזען אין לעצטן יאָר, ווייסן מן הסתם, אַז דאָס איז אמת.

וועגן פּרצעס טויט האָב איך זיך דערוווסט פון דער צייטונג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך וועל שוין צו דער לויה נישט טרעפן, אָבער איך בין גלייך אַהינגעפאָרן, כדי אָנצוקוקן זיין שטוב, זיין שרייב־טיש.

ווען איך בין אַהינגעקומען, זיינען געווען אין עס־צימער אַ סך קרובים — פּרצעס שוועסטער, דער ברודער, פּרצעס זון, לוציאַן. אַלע זיינען געווען פאַרצווייפלט, דערשלאָגן. פּרצעס פרוי איז אַריין פון קיך. זי האָט אויסגעזען אויסטערליש גרויס און אומבאַוועגלעך, מיט אַ פאַרשטיינערטן פּנים.

אַלע פאָר מינוט האָט דער סטרוזש אַרויפגעברענגט אַנדערע מיטלייד־דעפּעשן, וועלכע מען האָט שוין נישט געלייענט און זיי אַרונטערגערוקט הינטער אַ פּרוכטן־וואַזע. איך בין דאָרט געבליבן עטלעכע טעג. די פרוי פּרץ האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געשען: גאָר פרי, ווי געוויינטלעך, האָט זיך פּרץ אויפגעהויבן און געזעצט זיך צום טיש אַרבעטן. איך האָב געזען זיין לעצטע שריפט. אויף די לעצטע שורות האָב איך דערקענט, אַז די האַנט האָט ביי אים געציטערט, ווען ער האָט זיי געשריבן — „שטילער שטילער, בעטן וויל ער...״

מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז פּרץ האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל פון נאָענטן טויט, און די ווערטער האָבן מיר אויסגעזען, ווי אַ וידוי.

ער איז דאַן נישט לאַנג געזעסן ביים שרייבטיש, ער האָט זיך געפילט נישט גוט און איז אַריין אין שלאָפצימער, צו זאָגן עס דער פרוי. נאָכדעם איז ער אַריין אין קיך — בעטן ביי דעם דינסטמיידל וויקטאַ אַ גלאָז מילך און דערביי געזאָגט איר, אַז די פּלייצע טוט אים וויי, „ווי נאָך קיינמאָל נישט.״

אין עס־צימער האָט ער געעפנט אַ באַלקאָן־טיר (עס האָט אים געפעלט לופט). כדי זיין אייניקל יאַנעק זאָל זיך נישט פאַרקילן, האָט ער אים אויפגעוועקט און געהייסן זיך לייגן אין זיין בעט אַריין. נאָכדעם איז ער צוריק אַריין צו זיך אין קאַבינעט און ביי דער טיר שווער אַנידערגעפאַלן.

די פרוי פּרץ האָט דערהערט דעם קלאַפּ און איז אַריין אין קאַבינעט. פּרץ איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע מיטן פּנים אַראָפּ. זי האָט אַריינגערופן לוציאַנען, און ביידע האָבן אים געפּרווט אויפהייבן, אַריינגיסן אין מויל אַריין ווייַן, סאָק... — פּרץ האָט נאָך געאָטעמט — נאָר דער וויין האָט זיך צוריק אַרויסגעגאָסן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז פּרץ געשטאָרבן.

איך האָב דאָס אַלץ נישט געזען, און ווען איך בין נאָכדעם געווען מיט דער פרוי פּרץ און דינעזאָן אויפן בית־עולם און געזען דאָס קליינע בערגל ערד, האָט זיך מיר גאָרנישט געגלויבט, אַז דאָ ליגט פּרץ.

פון בוך: אַרום פּרצן — וואַרשע 1935.

# וואַרשעווער פאָלקלאָר

## ווערטלעך, גלייכווערטלעך, הלצות, משלים, מעשיות, לידלעך



וואַרשעווער איז נאָר קלוג ביז צו די ראָגאַטקעס.
דריי וואָכן הינטער וואַרשע.
וואָס הערט מען אין וואַרשע? — „די ווייסל ברענט.״
וואַרשעווער בעטלערס.
וואַרשעווער גנבים.
וואַרשעווער ווייבער האָבן גלאַטע לייבער.
וואַרשעווער זשוליקעס.
וואַרשעווער טאַשנציער.
וואַרשעווער יאַכעס. (אין וואַרשע זאָגט מען שטאַט „איך״ — „יאַך״.)
וואַרשעווער לאַט׳קעס.
וואַרשעווער מיידלעך זיינען אַלט אַכצן, און פּראָגער — צוואַנציק יאָר.
וואַרשעווער נאַשערס.
וואַרשעווער פּרייערס.
וואַרשעווער פּרעסערס.
וואַרשעווער שאַכערס.

* * *

אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי צוקער איז זיס, און ווי וואַרשע איז אַ שיינע שטאָט.

וואַרשע איז אַ שטאָט, און גאָט איז אַ פאָטער.

וואַרשע וואָלט געווען אַ גוטע שטאָט, ווען נישט די וואַרשעווער.

אין וואַרשע איז זיך אפילו אַ רב משדך מיט אַ בעדער.

אַ וואַרשעווער האָט געזען מעלקן אַ קו, האָט ער זיך געפרעגט: ווו מ׳דרייט צו, ס׳זאָל אויפהערן צו גיין מילך.

אַ וואַרשעווער פרעגט זיך, ווו ס׳וואַקסן גענדז.

אַ וואַרשעווער פרעגט זיך, צי פּראָווינץ איז אַ שיינע שטאָט.

וואַרשע איז אויך נישט מיאוס! (האָט אַ פּראָווינצער זיך אויסגעדריקט, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל געזען וואַרשע.)

ס׳איז געשען פיר וואָכן הינטער וואַרשע.

ס׳האָט אַמאָל איינער דערציילט אַ מעשה פון אַ קלעצל פאָדעם, האָט זיך עס געצויגן איבער גאַנץ וואַרשע.

„תיקו״ מאַכט:טאַנץ, ייִנגעלע, קיין וואַרשע!

---

מיר האָבן דעם קליינעם אָפּקלייב פון וואַרשעווער יידישן פאָלקלאָר אַרויסגע־נומען פון די ביכער פון פּנחס גראַובאַרד, שמואל לעהמאַן, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, מנחם קיפּניס, הערשעלע, נח פּרילוצקי, איגנאַץ בערנשטיין א. אַ. די זאַמלונגען אַנט־האַלטן פיל טויזנטער איינסן און אין אַ היפּשער מאָס טאַקע וואַרשעווער יידישן פאָלקלאָר.

„וואַרשא" מאַכט: ווי, ווי אונדזער רבי שלאָגט אונדז.

„וואַרשא" מאַכט: ווי וויל איז ר׳ שאַיע אייזענמאַן. — וואַריאַנט: וויל איז ר׳ שאַיע אַברהמס.

* * *

אַ יידענע איז געגאַנגען אויף קבר אבות, האָט זי געזאָגט: רבונו־של־עולם, דו שפּייזט דאָך פון אַ חיה ביז אַ קליין ווערמיל, אפילו אַ ליטוואַק אויכעט, מכל־שכן נאָך יאָך בין אַ וואַרשעווער אַ געבוירענע, פון פראַנציסקאַנער דרייצן, ברויכסטו דאָך מיך אַוודאי צו שפּייזן.

אַ חסיד איז אַמאָל געפאָרן קיין גער צום רבין, האָט ער גענומען אַ דראָזשקע, צוצופאָרן צו דער קאָלעיקע. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך צו זעצן ווייל טאָמער איז דאָס טוך שעטנז, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט אויפן טרעפּל און אַזוי אָפּגע־פאָרן דעם גאַנצן וועג. דער עולם האָט דאָס געזען, האָט מען שטאַרק געלאַכט. — ווען ער איז געקומען צום רבין, האָט ער געזאָגט צו די חסידים: „אוואַ! אין וואַרשע איז עפּעס אַ גרויסע שמחה — אַלע לאַכן דאָרט".

* * *

ר׳ יויזיפל האָט געהאַלטן אַ דרשה און געזאָגט:

— העכער פון אַלץ איז יושר. עס דאַרף ביי אונדז הערשן איינזעעניש פון מענטש צו מענטש. אָן יושר קען כעלעם, חלילה, נאָך אונטערגיין. וואָס מיינט איר איז געווען די גרעסטע צרה אין סדום? ניט געווען דאָרט קיין יושר.

אַז די כעלעמער האָבן דערהערט אַזוינע רייד, זיינען זיי געוואָרן זייער געפאַלן ביי זיך און די אסיפה האָט בהסכם־כולם באַשלאָסן אַז מען זאָל שיקן פיר חשובע באַלעבאַטים און זיי זאָלן ציען צום גרויסן כרך וואַרשע און איינהאַנדלען יושר. וואַרשע, האָט כעלעם געהערט, האָט אַלצדינג!

זיינען די כעלעמער אַוועק, געוואַנדערט דורך אַ סך שטעט און שטעטלעך און זיך נאָכגעפרעגט אויפן יושר. ביז זיי זיינען אַזוי אָנגעקומען קיין וואַרשע.

איר שפּילט זיך מיט די וואַרשעווער יאַטן! יענע האָבן באַלד איינגעזען מיט וועמען זיי האָבן דאָ צו טאָן. שטייען פיר יידן און זוכן יושר, זיי ווילן איינהאַנד־לען יושר!

האָבן די וואַרשעווער יאַטן אונטערגעטראָגן צו די פיר כעלעמער אַ פאַרמאַכט פעסל, מיט אַ שטעמפּל אין דער מיט, און געזאָגט: „דאָ ליגט דער יושר. באַצאָלט מזומן, אַזוי פיל און אַזוי פיל, און נעמט דעם יושר קיין כעלעם..."

די יאַטן האָבן שוין פאַרקויפט די כעלעמער דעם אמתן יושר. וואָרעם זיי האָבן אין דעם פעסל אַריינגעלייגט זייער ניט־פרישע פיש.

זיינען די פיר באַלעבאַטים אָנגעקומען צוריק קיין כעלעם מיטן פעסעלע יושר. מען האָט דאָס פעסעלע אַריינגעטראָגן מיט גרויס פּאַראַד אין דעם גרויסן בית־

מדרש און אַלץ האָט געוואַרט אויף שבת, אַז דעמאָלט זאָל דער רב, ר׳ יויזיפל, עפענען דאָס פּעסל.

אַז ס׳איז געקומען די געבענטשטע שעה, האָט דער רב געעפנט בפני כל עם ועדה און אַ דערשראָקענער אויסגערופן: ידן, ניט גוט, דער וואַרשעווער יושר . . .

און אָט אַזוי איז ווידער אַ מאָל צערונען געוואָרן אַ כעלעמער חלום.

## גנבים פאָלקלאָר

וי מ׳האָט מיך אין פּאַוויאַק אין טשעמניע געטאָן פאַרקלאַפּן,
עס איז צו מיר זייער אַ גרויסע נויט!
דאָ איז נישטאָ מיט וואָס דאָס האַרץ זיך צו דערכאַפּן,
אפילו נישט קיין שטיקל ראַזאָווע ברויט.

איך ליג אין דער טשעמניע, אין לעבעדיקן קבר —
אוי ווי קומט מען פון דאַנעט אַרויס, אוי אַרויס!
איך בין דאָך שוין טויט־קראַנק אויף יעדן אבר —
אוי, ווי אַזוי ווערט מען פון דעם קבר לויז?

מיין שווער האַרץ רעד איך אויס פאַר די ווענט אומזיסט,
מיינע געטרייע ברידער זיינען נאָר די ווענט.
איך בעט דיך, זיסער גאָט, שיק שוין צו דעם טויט
און מאַך מיך אויס אַרעסטאַנט.

* * *

גיי איך מיר אַרויס
אויף דער קאַרמעליצקע־גאַס,
גייט אַדורך אַ קליינער יאַט
און זאָגט: דיין חתן איז פאַרפּאַסט!

נעכטן בין איך מיר געזעסן
און עפּעלעך געגעסן,
היינט מוז איך אין פּאַוויאַק טראָגן
די טעפּעלעך עסן.

גיי איך מיר אַרויס
אויף די סמאָטשע גאַס;
גייט אַדורך אַ קליינער יאַט
און זאָגט: דיין חתן איז פאַרפּאַסט.

נעכטן בין איך געזעסן
און האָב מיר לידעלעך געזונגען...
היינט מוז איך הערן
די קייטעלעך קלינגען.

אין וואַרשע איז אַמאָל געווען אַ גרויסער גנב און ער איז אַזוי באַרימט געווען מיט זיינע אויפטועכצן און שטיקלעך, אַז דער גובערנאַטאָר האָט זיך איינמאָל צו אים אָנגערופן: אויב דו וועסט מיר באַווייזן אַ קונצשטיק — דעם גאָלדענעם זייגער פון מיר צוגנבענען, וועסטו זיין אַ מאָלאָדיעץ און קריגן אַ נאַגראָדע. האָט דער גנב געזאָגט: גוט! און האָט זיך מיט אים באַשטעלט צומאָרגנס ביינאַכט זאָל ער אים ברענגען דעם געגנבעטן זייגער צוריק.

אין דער פרי איז דער גובערנאַטאָר אַרויס פון דער היים — און ווי ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ איז פּונקט איינער אַרויפגעגאַנגען מיט אַ זאַק פעדערן און האָט דעם גובערנאַטאָר אינגאַנצן איינגעפעדערט. און אויפן הויף האָט דעמאָלט פּונקט איינער געשריגן, אַז ער האָט באַרשטן צו פאַרקויפן.

אַז דער גובערנאַטאָר איז אַראָפּגעקומען אויפן הויף און געזען ווי פאַרפעדערט ער איז — האָט ער געבעטן דעם סוחר פון די באַרשטן ער זאָל אים אַביסל אָפּפּוצן. און דער סוחר — אַזוי ווי ער האָט געפּוצט, האָט ער דערווייל אַרויסגעפּוצט דעם גאָלדענעם זייגער.

און ביינאַכט, פּונקט צו דער באַשטעלטער צייט, האָט דער גנב אָפּגעברענגט דעם גובערנאַטאָר דעם גאָלדענעם זייגער.

## לעאָ פינקעלשטיין

# איבער און אַריבער וואַרשעווער יידישע גאַסן



וואַרשע איז קודם כל געווען אַ גרויסער ווירטשאַפטלעכער צענטער; אַלע פּראָווינץ־קאַנאַלן האָבן געפירט צו איר, אויך די יידישע קולטור־שטראָמען פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך געקרייצט אין וואַרשע, וועלכע איז מיט דער צייט געקרוינט געוואָרן ווי אַ פולסירנדיקער מיטלפונקט פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

וואַרשע האָט אויף איר רוקן נישט געטראָגן קיין אַלט־דורותדיקע ירושה, איר לעגיטימאַציע איז נישט זכות אבות, נאָר יחוס עצמה. אַרום איר האָט זיך געזאַמלט אַלץ, וואָס איז אויפגייענדיק און שעפעריש, אין דער דאָזיקער שטאָט האָבן געלעבט און געווירקט דער אַלטער בערגסאָן און די מיוחסת טעמערל (די באָבע פון פילאָזאָף אַנרי בערגסאָן). בערעק יאָסעלעוויטש, דער חידושי הרי״ם, בעריש מייזעלס, לודוויק נאַטאַנזאָן, י. ל. פּרץ, נחום סאָקאָלאָוו, בראָניסלאַוו גראָסער, ברוך שולמאַן און בייניש מיכאַלעוויטש.

וואַרשע האָט געהאַט איר אייגנאַרטיקן קאָלאָריט, באַחנטע יונגקייט און פרישקייט, זי איז נישט געווען משעובד צו קיין פאַרגליווערטע טראַדיציעס, נאָר אַליין כסדר געשאַפן נייע טראַדיציעס פאַר די קינפטיקע דורות. אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן האָט זיך באַזירט אויף מאַסנהאַפטיקער מיטווירקונג; אומעטום איז געקומען צום אויסדרוק דער קול המון. אין דער פּרץ־לויה האָט זיך באַטייליקט אַ הונדערט טויזנט קעפּיקער עולם. ש. אנ־סקיס „דיבוק", י. ל. פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און שלום אַשס „קידוש השם" זיינען אין די וואַרשעווער יידישע טעאַטערן געגאַנגען ביי פולגעפאַקטע הייזער אָן איבעררייס צו עטלעכע הונדערט מאָל. די

---

לעאָ פינקעלשטיין — ליטעראַטור־קריטיקער, עסעיסט, לעקטאָר, געזעלשאַפטלעכער טוער, איז געבוירן געוואָרן אין ראָדעס, קאָנגרעס־פוילן, אין יאָר 1895. אוניווערזיטעט־בילדונג אין קראָקע. זינט די 20־ער יאָרן אין וואַרשע. פאָלקס־פּאַרטיי, שפּעטער — בונד. אַקטיוו אין ליטעראַטן־פאַראיין. פרנס אין דער וואַרשעווער קהילה. מחבר פון אַן אומצאָל עסייען אויף אַלערליי ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע טעמעס. ה. לייוויק־פאָרשער. מחבר פון אַ בוך וועגן „גולם". אידעאָלאָג פון דער שליחות־אידעע פון פוילישן יידנטום אין דער געשיכטע פון וועלט־פאָלק. חורבן יאָרן אין רוסלאַנד, לרוב אויף פאַרשיקונג. 1946 ווידער אין פוילן, 1947 אין אַמעריקע. זיין הויפּט־ווערק: מגילת פוילן — תורה, חסידות און שטייגער־קולטור. בוענאָס איירעס 1947. געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין יאָר 1950.

ערשטע מאַי־צוגן פון די ידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן תמיד צוגעצויגן ריזיקע אַרבעטס־מאַסן און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. יעדע פּאָליטישע אַקציע, סיי ווי אַ פּראָטעסט קעגן באַגרעניצונגען, סיי ווי אַ מאַניפעסטאַציע פאַר אַ פּאָזיטיווער דערשיינונג האָט זיך שטענדיק באַגעגנט מיט אַ האַרציקן מיטגעפיל מצד דער גאַנצער ידישער באַפעלקערונג.

אוודאי איז וואַרשע נישט געווען פריי פון דלות און נויט. פונדעסטוועגן איז געווען רירנד דער פאַקט, וואָס אין סאַמע געדיכטן הו־האַ האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט אַ פאַרשמייעטער קרעמער, אָדער איילנדיקער בעל־מלאכה געפאַנגען דורך דעם צעזונגענעם אויסרוף: „האָט׳ס רחמנות, ידישע קינדער!”

פון אַרבעטער־קוואַרטאַל טראָגן מיר זיך פאַמעלעך איבער אין האַנדל־צענטער — די נאַלעווקעס. דער מאַשינען־גערויש ווערט גלייך פאַרביטן אויף „איינרייסערישן” מסחר־געפּילדער. דער דאָזיקער רשות הרבימדיקער זאַמלפּונקט פון ידישער רירעוודיקייט און המצאה איז טעריטאָריעל איינגעפּרעסט צווישן צוויי סקווערן — דער ערשטער ביי די „קראַמי נאַלעווקאָווסקע”, דער צווייטער אויף מוראַנאָוו. צווישן זיי ציען זיך צוויי שורות בייכיקע הייזער געדיכט באַהאַנגען מיט פאַרשידנפאַרביקע שרייערישע שילדן. אומעטום גרויסע ענג־געפּאַקטע סקלאַדעס, וואָס זיינען מיט גאָרנישט ענלעך צו די ליידיקע פּאַליצעס פון דער אָפּגעקומענער טוואַרדע, נאָר יוירן ממש פון שפע.

די נאַלעווקעס זיינען יוסט אין זייער אַנגעלאָדנקייט, זיי נאַרן נישט אָפּ דעם דורכגייער רק מיט אַן „עפעקטפולן” פראָנט. זיי האָבן זיך אויך נישט צו פאַרשעמען מיט זייער „הינטערלאַנד” ד״ה מיט די הייף. יעדער הויף אויף די נאַלעווקעס איז אַ מלוכהלע פאַר זיך מיט אַן אייגענעם קלימאַט. ר׳האָט זיין איינגעפירטע בראַנזשע, שטענדיקע קונים און דערהויפּט אַן אייגענעם פאַרהאַנדלונגס־גערויש, וואָס אונטערשיידט זיך גרינטלעך פונעם געטומל אין שכנותדיקן הויף.

דאָ איז דער הויפּט־שפּייכלער פונוואַנען מ׳פירט פונאַנדער סחורות איבערן גאַנצן לאַנד. דאָ אַרבעטן אויס חריפותדיקע קעפּ כלערליי קאָמבינירטע טראַנזאַקציעס, וואָס פאַרבליפן נישט איינמאָל מיט זייער שאַרפער אויפטוערישקייט.

בדרך כלל ליידן די נאַלעווקעס אויף מאַנגל פון שטח, מ׳איז שטאַרק צונויפגעקוועטשט. די טראָטואַרן זיינען געדיכט „באַשפּאַנט” מיט קויפער און פאַרקויפער, צומערסט פראָווינצער ידן, וואָס רעדן אויף אַלערליי ידישע דיאַלעקטן. מחמת ענגשאַפט גייט מען נישט, נאָר מ׳שטופּט זיך, מ׳רוקט זיך ווי פיגורן אויפן שאַכברעט.

עס ליגט אין דעם אפשר ידיש־היסטאָרישער גורל, וואָס די אויבנאויפיק דורכאויס מאַטעריאַליזירטע נאַלעווקעס לעבן זיך גאָר בעצם אויס אין אַ איראַציאָנאַלן ריטם. מ׳אָפּערירט מיט הוילע אַבסטראַקציעס נישט האָבנדיק קיין איבערלעכע באַציונג צום מסחר־קעגנשטאַנד גופא. „יאַך דאַרף נייטיק האָבן שטרויזפּעדערן? יאַך דאַרף האָבן פּינוסע”. אַן עולם הדמיונדיק געפלעכט צווישן „זיין” און „שיין”, צווישן די פיגורן אויף דעם נאַלעווקער שאַכברעט איז פאַראַן אַן עודף פון לויפערס, וועמענס טבע איז דאָס איבערהיפּערן. די האָריזאָנטאַלע ליניע איז באַשרענקט, וואַקסט מען דעריבער שפּילעוודיק אויס ווערטיקאַל.

אויף אַ גראָטעסק־שטייגער באַוועגן זיך די מעקלערלעך־איבערשפּרינגער, וואָס

נישטערן כסדר אַ פֿאַרדינסטל, צי מ׳קען זיך יאָ, צי מ׳קען זיך נישט, פֿאַרטשעפּעט מען אין גאַנג יעדן צופֿעליק אָנגעטראָפֿענעם דורכגייער. אַזוי מיר־נישט דיר־נישט וואַרפֿט מען זיך איבער מיט קאַרגע ווערטער אין טעלעגראַפֿן־נוסח:

— פּעטער, איר זייט אַ בעלן?

— ווי טייער?

— נישט מינער ווי מיט אַכציק.

— ס׳מסחר איז נישט פֿאַר מיר.

מ׳צעגייט זיך מיט גאָרנישט.

דער אָפּגאַנג פֿון די נאַלעווקעס איז ס׳וועקסל. דאַכט זיך, אַז איבער קיין שום דאָקומענט אויף דער וועלט האָבן נאַלעווקער סוחרים ניט אַזוי פֿיל זיך געוויצלט ווי איבערן וועקסל, וואָס מאַכט דורך אַ רייע גלגולים ביז „ס׳דערפֿאַרט״ צום אומ־פֿאַראויסגעזעענעם סוף. פֿונדעסטוועגן זעט מען דאָ כסדר פֿאַרשמייעטע יידן, וואָס האַלטן אין איין זוכן אַ גמילת חסד אויף צו צאָלן ס׳וועקסל, אָדער לויפֿן אין באַנק און פֿרעגן צאַפּלדיק צי דער קונה האָט עס „שוין״ אויסגעקויפֿט. ס׳איז טשעקאַווע צו וויסן, צי דער קונה בלייבט ווייטער קונה אָדער ער איז שוין אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה.

ס׳איז ממש צו שטוינען ווי די זעלביקע „איינרייסער״ און דורכגעטריבענע סוחרים טרעפֿן זיך אין אָוונט אין דער ליטווישער חברה ש״ס, נאַלעווקי 39. צו־הערנדיק זיך צו די „באַטעמטע״ רייד פֿון מגיד „משה ידבר״, ווערן די נאַלעווקער „פֿוקסן״ פֿאַרוואַנדלט אין קינדער, וועלכע גלויבן בתמימות אין די „תכליתדיקע״ רייד, וואָס ער טראָגט זיי פֿאָר. אוודאי איז דאָ געמיינט אַן אַנדער „תכלית״ אַ העכערער... דאָ רעדט נישט גלאַט אַ פּוילישער דרשן, עפּעס אַ קליינשטעטלדיקער צלאָף, נאָר אַ געבראָטענער ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ, וואָס „זאָגט״ מיט דורכדרינגלעכן ניגון און שאַרפֿן „סין״ אויף „פּאָליטישע״ טעמעס:

— מורי ורבותי — קנעלט דער מגיד מיטן עולם — די גרויסקייט פֿון אונ־זער תורה איז גאָרניסט אויסצודערציילן, דאָס איז אַ זאַמיעסצוצאַטעלנע אַמוניציע מיט וועלכער מיר נעמען איין די וועלט. צו וואָס דאַרפֿן מיר באָמבעס, צו וואָס גראַנאַטן, אַז צום ערסטן פֿייער־פֿראָנט האָט אונדז דער רבש״ע געגעבן דריי גרויסע סראָפּ־נעלן: „בבא קמא״, „בבא מציעה״ און „בבא בתרא״, וועלכע זיינען מסוגל צו ספּאַ־סאָיען די וועלט פֿון אונטערגאַנג.

טראַכט זיך נאָר, רבותי, גוט אַריין אין ענין און עס וועט אייך ווערן יאַסנע. די וועלט לעבט אין איין טויט־סרעק, באַסער מ׳האָט כסדר מורא פֿאַר אַ מלחמה. וואָס איז אַזוינס מלחמה? מלחמה זנאַציט, אַז צוויי מלכים האָבן זיך אָנגעבלאָזן און איינגעספּאַרט. איינער טענהט, אַז די גאַנצע לאַנד געהער אים, און דער אַנדערער טענהט, אַז זי געהער גאָר אים. קען מען צווישן זיך ניט אַדורכקומען און מ׳פֿאַר־גיסט בלוט. קומט צוגייך „בבא מציעא״ און זאָגט: „סנים אוחזין בטלית״, ווען צוויי אַמפּערן זיך איבער אַ לאַנד, יעדער טענהט כולה שלי! אַז די גאַנצע לאַנד געהער נאָר אים, און ניט דעם צווייטן, מוז מען געפֿינען אַ וויכאָד, אַזביידע צדדים זאָלן זיין צופֿרידן, ד״ה ויחלוקו — דיר ביז אַהער — מיר ביז אַהין. און ס׳וועט זיין סלום אויף דער וועלט. און אויב ס׳איז פֿאַראַן גאָר אַ גרויסער ספֿק המוטל בספֿק גדול, וואָס לאָזט זיך נישט רעסען אויפֿן אָרט, איז אויך נישט קיין אומגליק. צו

וואָס זיך איילן און דערפירן ח״ו צו ספיכת דמים. זאָל מען עס בעסער אָפּלייגן אויף ספּעטער, יהא מונח עד סיבא אליהו.

ווייטער ווייסן מיר, אַז ווען צוויי מלכים פאַרנעמען אַ פרעמדע לאַנד און ווילן דאָרט אויפבויען אייגענע אוצרעזשדיעניס, ברעכט ס׳רוב אויס אַ מחלוקה. אי די מלכים אַמפּערן זיך אי דער באַזיגטער נאַראָד בונטעוועט זיך, ווייל דאָס איז פרעמד די אָרטיקע פאָלקס־מנהגים. קומט צוגיין די „בבא בתרא״ און זאָגט, אַ ווען „הסותפין לעשות מחיצה בחצר״ אאַ״וו דאַרף מען זיך דורכאויס רעכענען מיטן ווילן פון נאַראָד און גאָרניסט טאָן כנגד זיין רצון, ווייל „הכל כמנהג המדינה״... אַזוי אַרום וועלן די מלכים זיך אומזיסט ניט אָפּעסן די האַרץ און דער נאַראָד וועט זיך נישט בונטעווען...

לסוף רעדט דער מגיד נאָך מיט גרויס פייער וועגן אַנטשעדיקונג, ד״ה וועגן קאָנטריבוציע. שטיצט זיינע „פרידלעכע״ אויספירונגען אויף „בבא קמא״. ער אילוסטרירט עס מיט „ארבעה אבות נזיקין״ און פאַרענדיקט מיט „דחב המזיק לשלם תשלומי נזק במיטב הארץ״.

אַלץ ווערט באַלד „קלאָר״ און „פאַרשטענדלעך״. דער עולם, וואָס האָט במשך פון טאָג געקערט אַ וועלט, איז איצט אינגאַנצן „אַנטוואָפנט״, מ׳שאָקלט מיט די קעפּ און מ׳באָמקעט־צו דעם מגיד: „ס׳איז דאָך טאַקע אַזוי״, „ער טענהט נעבעך ערלעך״, אד״גל.

אין שכניתדיקן הויז קומט גלייכצייטיק פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון דער יוגנטלעכער סאָציאַליסטישער „ארקאדי־גרופּע״, וואָס באַשטייט פון געוועזענע ישיבה־בחורים, וועלכן האָבן די ישיבה פאַרביטן אויף אַ וואַרשטאַט. זיי האָבן פאַרלאָזט די „בבא קמא״ און זיך גענומען צום מאַרקס „קאַפּיטאַל״. אויף דער טריבונע שטייט דער אויסגעווייקטער חבר אריה, אַ געוועזענער בית המדרשניק, און רעדט מיטן זעלביקן מגידישן פייער, אָבער שוין נישט וועגן „השור והבור והמבעה״, נאָר וועגן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם ווי אַ גרויסן דערלייזונגס־אידעאַל אד״גל. ער וויל נישט „ספּאַסאַיען״ די וועלט מיט „פרידלעכע״ מיטלען, נאָר רופט צו דויערהאַפטיקן געראַנגל מיט דער פינצטערניש און האַרטנעקיקן קאַמף פאַר אַ נייער גערעכטער וועלט. די יוגנטלעכע צוהערער ווערן נישט איינגעשלעפּט מיט קיין „זיסע רייד״, באָמקען נישט צו די „ערלעכע טענות״, זיי ווערן נישט אַנטוואָפנט, שאָקלען נישט תמימותדיק מיט די קעפּ; זיי ווערן אָנגעצונדן און ביילן פויסטן.

* * *

דאָס יידישע וואַרשע האָט אירע פילצאָליקע בתי־תפילה, קאָר־שולן, חסידים־שטיבלעך, ישיבות, יידיש וועלטלעכע שולן, מיטלשולן, אָוונט־קורסן, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, ביבליאָטעקן, תרבות־שולן, חלוצים־פאַריינען, ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס אד״גל אין וועלכע מ׳דערציט — יעדער אויף זיין שטייגער — דעם אונטערוואַקסדיקן דור. חוץ דעם זיינען פאַראַן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטלעכע קלובן, אַרבעטער־היימען, כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס. איבער די וואַרשעווער יידישע גאַסן זיינען צעשטעלט הונדערטער צייטונגס־שענקלעך, באַהאָנגענע מיט אַ בונטן וואַכליער פון צען וואַרשעווער יידישע

**טאָג־בלעטער און זעקס ליטעראַרישע וואָכנבלעטער פון אַלע ריכטונגען, ד״ה פון דער „אגודה״ ביז „בונד״ און קאָמוניסטן.**

**אָט דער שלל פון דרייסיק דורותדיק איינגעפונדעוועט יידיש לעבן אין פוילן, באַזירט זיך אויף אייגענעם מאַטעריעלן און גייסטיקן כוח. דורך די אויסגע־רעכנטע אַנשטאַלטן קומט צום אויסדרוק דאָס אייגנאַרטיקע פרצוף־פּנים פון דינאַ־מישסטן יידישן קיבוץ אויף דער גאָרער וועלט.**

פון בוך: „מגילת־פוילן״, בוענאָס איירעס, 1947.

מנחם פלאַקסער

## „אונזער עקספּרעס"



די טעגלעכע צייטונג „אונזער עקספּרעס" איז אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע אין פאַרלויף פון דרייצן יאָר, פון 26טן אויגוסט 1926, ביז די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען דער חורבן־היטלער האָט זיך אָנגעהויבן אין פּוילן.

פינף יידישע טעגלעכע צייטונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע צו דעם מאָמענט, ווען „אונזער עקספּרעס" האָט זיך באַוויזן. דאָס זיינען געווען: דער חסידיש־באַלעבאַטיש־פאָלקיסטישער „מאָמענט", דער ציוניסטישער „היינט", די בונדיסטישע „פאָלקס־צייטונג", דער אָרטאָדאָקסישער „יוד" און די נאָכמיטאָג־צייטונג „ראַדיאָ" — אַרויסגעגעבן פון „מאָמענט".

און אויב אין דער דאָזיקער „ענגשאַפט" פון צייטונגען האָט זיך געקענט אַריינקוועטשן נאָך איין צייטונג און אין פאַרלויף פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט געווונען אַ גרויסע צאָל לייענער, האָט דאָס ווירקלעך געמוזט זיין אַ נייע צייטונג מיט אַ נייעם טאָן, וואָס האָט מיט זיך אַריינגעבראַכט ווייט גייענדיקע ענדערונגען פאַר דעם גאַנצן יידישן צייטונגס־וועזן אין פּוילן.

„אונזער עקספּרעס" איז געווען די ערשטע יידישע קאָאָפּעראַטיווע צייטונג אין פּוילן, אויב נישט רעכענען די יידיש־פּוילישע טעגלעכע צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד". דאָס איז געווען אַ שותפות צווישן די שרייבער, זעצער און אַדמיניסטראַציע־מיטאַרבעטער פון דער צייטונג. דער דאָזיקער דערפאָלגרייכער עקספּערימענט האָט געפירט דערצו, אַז גאָר אין גיכן האָבן אויך אַלע אַנדערע יידישע צייטונגען אין פּוילן געמוזט איבערגיין צו דער פאָרעם פון קאָאָפּעראַטיוון, מיט אַלע גוטע און שלעכטע באַגלייט־דערשיינונגען פון אַזאַ אונטערנעמונג.

שוין ריין אויסערליך האָט זיך די נייע צייטונג אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע יידישע צייטונגען. איר נאָמען האָט זיך געדרוקט מיט רויטער פאַרב, לויטן מוסטער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע פּוילישע צייטונגען: „אילוסטראָוואַני קוריער צאָדזיענני" אין קראָקע און „קוריער טשערוואָני" אין וואַרשע. איר פאָרמאַט איז געווען אַ קלענערער, כאָטש דער לייען־מאַטעריאַל האָט פון דעם נישט געליטן, ווייל

---

מנחם פלאַקסער, דערציילער און זשורנאַליסט, געבוירן אין אסטראָלענקע אין יאָר 1897. פון 1918 אין וואַרשע. די יאָרן פון דריטן חורבן — אין כינע. אין יאָר 1947 געקומען קיין ניו יאָרק און דאָ געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס". פון יאָר 1926 ביז 1939 — מיטרעדאַקטאָר פון דער דינאַמישער, פאָלקסטימלעכער, סענסאַציאָנעלער טאָג־צייטונג „אונזער עקספּרעס".

די צאָל זייטן איז געווען גרעסער. אָבער דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז געווען, וואָס זי האָט געקאָסט מיט פינף און צען גראָשן ביליקער ווי אירע הויפּט־קאָנקורענטן — דער „היינט" און דער „מאָמענט". ביי דער גוואַלדיקער פאַראָרעמטקייט פון די יידישע מאַסן אין פּוילן האָט דער דאָזיקער פאַקט געשפּילט אַ ראָלע.

גאָר גרויס זיינען געווען די ענדערונגען, וואָס די צייטונג האָט מיט זיך געבראַכט בנוגע דעם מאַטעריאַל, וואָס זי האָט פאַרעפנטלעכט. זי האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף נייעס, לעבעדיק און אינטערעסאַנט געשילדערט; זי האָט גענוצט אַ לייכטע שפּראַך, סיי אין די נייעס און סיי אין די קאָמענטאַרן, און קורצע אַרטיקלען וועגן די טעגלעכע פּאַסירונגען. זי איז געווען, פון דעם ערשטן נומער אָן, פאָלקסטימלעך און היימיש־גוטברודעריש מיט דעם לעזער. דער יידישער מאַסן־לעזער האָט גלייך דערשפּירט, אַז אָט די נייע צייטונג מיינט פאַר אים מער ווי גלאַט אַ צייטונג, וואָס באַריכטעט וועגן וויטע און פרעמדע פּאַסירונגען. זי איז געוואָרן אַ טייל פון זיין אייגן בלוט און פלייש, און ער האָט זיך איר פאַרטרויט מיט אַלע זיינע ליידן און פריידן. דער לעזער האָט געוווּסט, אַז די רעדאַקציע פון „אונזער עקספּרעס" איז שטענדיק פאַר אים אָפן אַריינצוקומען און אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ, צו זוכן אַן אויסוועג פון אַ שווערער לאַגע, זיך צו באַקלאָגן אויף אַן עוולה און צו געפינען אַ טרייסט. עס איז געווען אַן אינטימע פאַרבינדונג צווישן דער רעדאַקציע און אירע לעזער.

„אונזער עקספּרעס" איז געווען אומאָפּהענגיק, נישט פאַרבונדן מיט אַ וועלכער עס איז פּאַרטיי. דאָס האָט אַוועקגעשטעלט די צייטונג אין אַ באַזונדערער לאַגע. זי האָט קיינעם נישט געשאַנעוועט און האָט אויפגעדעקט געזעלשאַפטלעכע עוולות, ווו נאָר זי האָט באַמערקט. און מען דאַרף דאָס באַטאָנען, אַז די דערשלאָגענע יידישע מאַסע אין פּוילן האָט געליטן ניט בלויז פון דעם אַנטיסעמיטיזם פון פּוילישן פאָלק, נאָר גאַנץ אָפט אויך פון אייגענע נישט באַרופענע כלל־טוער און קהלשע קליאַמקעס, וועלכע האָבן נישט שטענדיק אין זינען געהאַט די אינטערעסן פון די מאַסן, וואָס זיי האָבן זיך אונטערגענומען צו פאַרטרעטן.

שוין אין דעם ערשטן נומער פון דער צייטונג איז אויף דער ערשטער זייט דערשינען אַ קאַריקאַטור אונטערן נאָמען: „שיט מיר נישט קיין זאַמד אין די אויגן!" דאָס טענהט אַזוי דער פּשוטער אָרעמער ייד, דער „עולם־גולם", וואָס קלייבט זיך נישט אַזוי גוט פונאַנדער, ווער עס זיינען זיינע ריכטיקע פאַרטרעטער און ווער עס נאַרט אים מיט פאַלשע צוזאָגן.

די צייטונג איז גיך געוואָרן דער ליבלינג פון אָט דער גרויער יידישער מאַסע, פון דעם ארבעטער און בעל־מלאכה, פון דעם האָרעפּאַשניק און קליינעם קרעמער, פון דעם יאַריד־פאָרער און בעל־עגלה, וואָס זיינען געשטאַנען פאַרלוירענע אין דעם ביטערן קאַמף פאַרן טעגלעכן שטיקל ברויט.

„אונזער עקספּרעס" איז אין דער ערשטער ריי געווען אַ צייטונג פון די גרויסע פּוילישע שטעט — וואַרשע און לאָדזש. אַנדערע יידישע צייטונגען, וואָס זיינען דערשינען אין דער זעלבער וואַרשע אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, האָבן קיין מאָל נישט געקענט געווינען די וואַרשעווער יידן אין גרויסע מאַסן פאַר זייערע לייענער. אַרום דריי הונדערט און פופציק טויזנט יידן האָבן געלעבט אין וואַרשע, אָבער די יידישע פּרעסע איז געווען פול מיט מאמריסטיק און שווערע אָפּהאַנדלונגען

וועגן טעאָרעטישע פּראָבלעמען און שטרייטן. דאָס האָט נישט געקענט ציען קיין גרויסע מאַסן לעזער.

„אונזער עקספּרעס" האָט, קען מען זאָגן, אויפגעהויבן דעם שלייער איבער דעם יידישן לעבן אין די גרויסע שטעט, וואָס האָט זיך אין גאַנצן אונטערגעשיידט פון דעם אַמאָליקן לעבן אין די פרומע פּאַרצייטישע שטעטלעך. ער האָט געוויזן די טיפע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער יידישער שטוב, ווו דער טאַטע, דער חסיד, פאַרלירט אַלץ מער זיין איינפלוס אויף די קינדער, וועלכע גייען אַוועק אויף גאָר אַנדערע וועגן: ווער צום סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם, און ווער צו גלאַט בילִיקער אַסימילאַציע, צו שפּראַכלעכער אויסמישונג מיט דער אַרומיקער פּוילישער באַפעל־קערונג, אָדער צו „שמענדריק"־אַסימילאַציע, ווי דאָס איז איראָניש באַצייכנט גע־וואָרן דורך דעם מויל פון פאָלק. די צייטונג האָט געוויזן ווי אַזוי די שווערע מאַ-טעריעלע נויט מאַכט אַ תל פון די שטאַרקע מאָראַלישע אייגנשאַפטן, וואָס מיט זיי האָט די יידישע משפּחה אין פּוילן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט. די סעריעס: „גע־שיכטן פון וואַרשעווער תהום" און פון „וואַרשעווער בית־דין־שטוב", וואָס די צײַ־טונג האָט געדרוקט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, האָבן געהאַט אַ גוואַלדיקע צו־ציונגס־קראַפט, ווייל זיי האָבן צום ערשטן מאָל געגעבן גאָר אַ נייעם אַריינבליק אין די טיפע ענדערונגען, וואָס גייען אָן אין דעם אינערלעכן יידישן לעבן. פון דעם פאַרעפנטלעכטן מאַטעריאַל האָט מען געקענט זען, ווי אַזוי עס ברעכן זיך איין אַלטע טראַדיציעס, ווי אַזוי „שיינע" יידן באַגייען גאָר נישט קיין שיינע מעשים, און „אונ־זער עקספּרעס" האָט געהאַט דעם מוט אָנצוטייטלען מיט די פינגער אויף די שול־דיקע.

* * *

אין פאַרלויף פון די יאָרן האָבן אין „אונזער עקספּרעס" מיטגעאַרבעט די פאָל־גנדיקע דיכטערס. דערציילערס, זשורנאַליסטן: יעקב באָרנשטיין, לייבל בײַן, ד"ר אברהם גליקסמאַן, לעאָן דרייקורס, לעאָן האָכשטיין, משה זילבורג, אפרים זינגער, בערנאַרד זינגער, א. לערמאַן, משה נודעלמאַן, משה עלבוים, מנחם פלאקסער, אהרן צייטלין, אלחנן צייטלין, ישראל קאהאן, לאַזאַר קאהאן, ש. ל. קאווא, ש. קלעץ, בער י. ראָזען, יעקב רייזפעדער.

פראַגמענט פון זאַמלבוך „פון נאָענטן עבר", ניו יאָרק, 1957

# דוד פלינקער

## גירוש ניקאָליי ניקאָלייעוויטש



דאָס יאָר איז 1914.

פון ביינאַכט אָן קאַפּעט דער רעגן איבער די גאַסן פון וואַרשע, קאַפּעט פויל און זלידנע, אָן אויפהער פון הימל, און פון די דעכער, און פון די באַלקאָנען. עס זעט אויס, ווי ער וואָלט פאַרגעסן, דער רעגן, אַז עס איז פרייטיק אויף דער וועלט און אַז אויך אין מלחמה־צייט מוזן די באַלעבאָסטעס גיין אין די באַזאַרן און האָלעס און צוגרייטן דעם שבת.

שטייען די באַלעבאָסטעס ביי די פענצטער און קוקן אַראָפּ צו דער גאַס, צו די וואַסער אינדזעלעך, וואָס זעען גיכער אויס, ווי אַ נאַסע קלעפּיקע בלאָטע, און קוקן אַרויף צום הימל, וואָס קוקט אַראָפּ אַ מאַנאָטאָן גרויער פון די שפּיץ־דעכער, און טראַכטן ביי זיך:

— נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, אַזאַ ערב שבת...

און זייערע מענער שטייען ביי די טירן פון די קראָמען, קוקן אויף די רעגן־טראָפּנס, וואָס מאַכן אַזעלכע דריידלעך אין די וואַסער קאַלוזשעס און מורמלען צו זיך:

— ווער וועט קומען היינט קויפן, אַז ס'איז אַן עבירה אַ הונט אַרויסצולאָזן...

מיטאַמאָל באַוויזט זיך אַ פורל אויף דער גאַס. אַ פויעריש פורל אין איין פערד געשפּאַנט. דאָס פערדל שלעפּט זיך איבער דער גאַס מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

---

דוד פלינקער — ראָמאַניסט און זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון מערערע טאָג־ציטונגען אין יידיש און העברעיש — איז געבוירן געוואָרן אין גער אין יאָר 1900. פון די יונגע יאָרן אָן געווינט אין וואַרשע — ביז די יאָרן פון דריטן חורבן. אין ארץ ישראל זינט דעם יאָר 1941. וווינט אין תל אביב. זיינע ראָמאַנען זיינען לרוב וואַרשעווער יידישע פאָלקשאַפּט אויפן פאָן פון דער עכטער וואַרשעווער יידישער לאַנדשאַפט. צו דערמאָנען די מער־בענדיקע: נייע צייטן; אין שטורעם; אַ הויז אויף גזשיבאָוו. דער דאָזיקער ראָמאַן האָט אַ האַרציקע הקדמה פון דעם גרויסן מקונן פון וואַרשעווער יידישקייט — ז. סעגאַלאָוויטש. דער גירוש גרויספירשט ניקאָליי ניקאָלייעוויטש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. איז געווען איינער פון די ווייפולע מיילן־שטיינער אין דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע. ער ווערט — אין דעם קאַפּיטל, וואָס מיר ברענגען — אויטענטיש געשילדערט.

שווער שטעלט דאָס פערד זיינע טריט אין די קאַלוזשעס וואַסער און צעשפּריצט זיי איבער ביידע זייטן טראָטואַר.

די באַלעבאָסטעס ביי די פענצטער פון זייערע דירות און זייערע מענער ביי די טירן פון זייערע קראָמען האָבן נישט וואָס צו טאָן אין דעם רעגנדיקן פרייטיק, קוקן זיי אויף דער פויערישער שקאַפּע, וואָס שלעפּט די פיס, זעט אויס, שוין מיט די לעצטע כוחות און אויף דעם פורל וואָס הוידעט זיך נאָך דעם פערד. עפּעס מאָדנע זעט עס אויס דאָס פויערישע פורל אין מיטן די קאַלוזשעס וואַסער. נישט מען זעט דערויף זעק מיט קאַרטאָפל, און נישט עס קוקן פון דעם פורל אַראָפּ הינערישע קעפּלעך, און נישט מען זעט אויף דעם פורל שטרויענע קוישלעך, וואָס זיינען אָנגעפּילט מיט פּוטער און אייער. מיט באַלעבאַטישקייט גאָר איז אָנגעלייגט דאָס פורל, מיט צעווייקטע פון רעגן קישנס און פערענעס, מיט טעפּ און קופּערנע פאַנען, מיט אָנגעוואָרפענע בגדים פון מענער און פרויען, מיט שיכלעך קינדערשע איז אָנגעוואָרפן דאָס שמאָלע פויערישע פורל, וואָס הוידעט זיך אויף רעכטס און אויף לינקס איבער דער גאַס.און פון דעם פורל הענגען נאָך אַראָפּ די פיסלעך פון שטולן און ווייסע קיכן־בענקלעך, וואָס זיינען, זעט אויס, מיט שטריק צוגעבונדן צו די צעשאָקלטע זייטן פון דעם פורל.

אָבער נישט בלויז מיט באַלעבאַטישקייט איז פול דאָס פויערישע פורל. אויבן אויפן סאַמע שפּיץ, אויף די צעווייקטע קישנס און פערענעס, שאָקלען זיך עפּעס אַזעלכע אויסטערלישע געשטאַלטן, איינגעוויקלטע אין טונקעלע טיכער. די פנימער און די קעפּ פון די געשטאַלטן זיינען פאַרדעקט מיט די טיכער, נאָר אָט עפנט זיך אַ שפּאַלט, אַ שמאָלער פון איין טונקל טוך און אַ לאַנגע גרויע באָרד קוקט פּלוצ־לינג אַרויס...

— ווי איז מיר...— קרעכצן אַרויס די ווייבער, וואָס שטייען ביי די פענצטער פון זייערע וואַרימע ווינונגען — יידן — אין אַזאַ גאָס!...

און די קרעמער, וואָס שטייען הינטער די טירן פון זייערע געוועלבער, בייגן צו זייערע פנימער צו די שויבן און מורמלען צו זיך מיט פאַרטאַיעטער שרעק:

— וואָס איז דאָ? — דאַכט זיך, יידן...

דער פויערישער פורמאַן דרייט זיך אויס מיט דער בייטש אין האַנט צו די איינ־געהילטע טיכער. דאָס פורל בלייבט שטיין, ווי עס וואָלט מער נישט געוווסט וווהין ווייטער צו גיין.

די יידן אין די קראָמען קענען נישט דערהערן, וואָס דער פויער וויל. זיי זעען נאָר, ווי די טיכער צעשאָקלען זיך עפּעס אַזוי אומבאַהאָלפן און פאַרלוירן.

איין קרעמער שטעלט אויף דעם קאָלנער פון זיין פאַלטאָ און גייט אַרויס אויף דער גאַס.

—מען דאַרף אַ קוק טאָן — רוקט ער זיך פאָרזיכטיק אין די קאַלוזשעס וואַסער צו צו דעם פורל.

—העי, גאָספּאָדאַזשו, — רופט דער קרעמער צו דעם פויערישן פורמאַן — וואָס איז?

— ווייסט נישט — ענטפערט דער פויער גלייכגילטיק — מען טרייבט יידעלעך !...

דער קרעמער בלייבט שטיין פֿאַרשטומט. ער האָט מורא צו קוקן אַרויף צו די שוואַרצע טיכער. ער האָט מורא צו זען די שאָקלענדיקע זיך געשטאַלטן אויף די צעווייקטע קישנס. ער קוקט מיט צעטומלטע אויגן אויף דעם פֿייער און פֿרעגט:

— וואָס הייסט, מען טרייבט?...

— מען טרייבט און — שוין, מ׳ וועט דיך אויך טרייבן, זשידקע!... — ענט־פֿערט דער פֿויער מיט אַזאַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכער זיכערקייט — אַלע ביז איינעם וועט מען אייך טרייבן...

דער קרעמער בלייבט שטיין אַ פֿאַרלוירענער.

— וואָס טוט מען? — האָט ער נאָך אַלץ מורא אַרויפֿצוקוקן צו די שוואַרצע טיכער.

באַלד צענעמט ער בײדע הענט און גיט צייכנס צו זיינע שכנים, קרעמער, און שרייט:

— יידן, יידן, קומטץ נאָר אַהער!...

אַ הייפֿל יידן רינגלען אַרום דאָס פֿוירישע פֿורל. איין שוואַרץ טוך צעעפֿנט זיך און עס קוקט דערפֿון אַפֿער אַ בלייך געזיכט, אַרומגענומען פֿון אַ ברייט־צע־וואַקסענער גרויער באָרד.

— פֿון וואַנען? — פֿרעגן די קרעמער.

— פֿון וואָרקע, יידן, פֿון וואָרקע — קרעכצט דער ייד — פֿרעגט נישט, גאָטס צאָרן האָט זיך אויף אונדז אויסגעגאָסן.

די יידן האָבן מער נישט געפֿרעגט, נאָר וואָס צו טאָן האָבן זיי נישט געוווּסט. אַ גאָס רעגן האָט זיך אַ לאָז אַראָפּ געטאָן אויף זייערע קעפּ און זיי האָבן געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע.

באַלד זיינען געקומען אָנצולויפֿן זייערע ווייבער. ווי אַ שטורעם־ווינט זיינען זיי אַרויסגעפֿאַלן פֿון זייערע וואַרעמע וווינונגען אויף דער גאָס צו דעם פֿורל:

— וואָס שטייט עטץ ווי גולמס!... — האָבן זיי זיך צעשריגן אויף די מענער — די קינדער וועלן זיך, חלילה, צוקילן און זיי שטייען און קוקן.

ביז און שטרענג האָבן זיי גערעדט, די ווייבער, נאָר גלייך זיינען זייערע שטי־מען געוואָרן מוטערלעך צאַרט, ווען זיי האָבן גענומען רעדן צו די איינגעהילטע אין די שווערע טיכער געשטאַלטן:

— קומטץ, יידן, קומטץ, האָט נישט קיין מורא, עטץ וועט זיך אין שטוב דער־וואַרעמען.

דער ערשטער איז פֿון פֿורל אַראָפּ דער עלטערער ייד מיט דער גרויער באָרד און ער האָט גערעדט, קרעכצנדיק:

— קום, רחל, קום, כ׳האָב דיר געזאָגט, צווישן יידן וועט מען נישט פֿאַר־פֿאַלן...

אַ יידענע אין אַ גרויס בלאָנד שייטל האָט זיך שווער גענומען שאַרן אַראָפּ פֿון די בערג פֿערענעס.

— קומט, קומט, מומעשי, — האָבן די ווייבער פֿון די וואַרשעווער הייף זי אונטערגעהאַלטן — האָט נישט קיין מורא, קומט...

די יידענע האָט זיך געטוליעט אין איר טוך און אויפֿן פֿורל האָט אַ יונגע פֿרוי

זיך נישט געקענט אַן עצה געבן מיט דריי קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך אַזוי ווי צוגעקלעפּט צו איר פּאַטשיילע.

— קריכט אַרויף אויף דער פור און נעמט אַראָפּ די קינדער! — האָבן די ווייבער געגעבן קורצע און שטרענגע באַפעלן צו די מענער — עטץ זעט דאָך, וואָס טוט זיך.

די מענער האָבן גענומען אומגעשיקט קריכן אויף דעם פורל און די יידענע איז ערשט אַרויס מיט איר קלאָג:

—דריי עופהלעך מיינע, ווו וועל איך זיך מיט זיי אַהינטאָן... לעבעדיקע יתומים, נעבעך... דער טאַטע איז אַוועק אין דער מלחמה און מיין טאָכטער נעבעך איז געבליבן מיט די קינדער.

די ווייבער האָבן מיטגעכליפּעט, אָבער זיי האָבן שוין געהאַלטן אין זייערע אָרעמס די קינדער און מיטגענומען מיט זיך דעם ייד מיט דער גרויער באָרד, און די יידענע מיטן שייטל און איר יונגע טאָכטער:

— קומטץ נאָר אַרויף אין שטוב, מ׳וועט מאַכן טיי...

אין מיטן וועג איז אָבער די יידענע געבליבן שטיין, זי האָט זיך דערמאָנט אין דער באַלעבאַטישקייט, וואָס איז געבליבן אויפן פורל און אונטערן רעגן. די ווייבער האָבן זי באַרויקט:

— עס וועט אייך גאָרנישט פעלן — און זיי האָבן געשריגן צו די מענער:

— די זאַכן נעמט אַריין אין טויער און צעשטעלט צווישן די שכנים!...

דאָס מאָל האָבן די מאַנסבילן גערן אויסגעפירט די באַפעלן פון זייערע ווייבער. זיי האָבן באַדאַרפט צו האָבן עמיצן, וואָס זאָל זיי געבן באַפעלן, זיי אַליין האָבן זיך געפילט צעטומלט און פאַרלוירן ווי קינדער.

זיי האָבן געשלעפּט די קישנס און די פּערענעס, און די צעבראָכענע בענקלעך און די טישן, און די פאַנען, און די טעפּ אין טויער אַריין, און פונאַנדערגעשטעלט צווישן די שכנים דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט אַזוי, ווי די ווייבער האָבן זיי געהייסן.

זיי האָבן געשוויצט, נישט זייענדיק געוווינט צו אַזאַ אַרבעט, און זיך געווישט פון די שטערנס דעם שווייס צוזאַמען מיט די רעגן־טראָפּנס.

זיי האָבן אָפּגעאָטעמט שווער נאָך דער אַרבעט און באַצאָלט דעם פויערל פאַר דעם פורל און געמיינט, אַז זיי מעגן שוין צוריקגייך צו זייערע קראָמען.

דער רעגן האָט זיי בייז געכליאַפּעט אין די פּנימער און דער ווינט האָט זיי געטריבן צוריק צו זייערע קלייטן.

נאָר אויף דער גאַס האָבן זיך שוין באַוויזן אַנדערע פויערישע פורלעך. אַ גאַנצע לאַנגע שרענגע פורלעך זיינען מיט אַמאָל, ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן, בלייבנדיק שטיין אין מיטן דער גאַס, מיט יעדער מינוט איז די צאָל פורלעך גרעסער געוואָרן. און אַלע האָבן זיי געהאַט איין פּנים. אַלע זיינען זיי געווען פול מיט באַלעבאַטישקייט, מיט טעפּ, און שיסלען, און צעווייקטע פון רעגנס קישנס, אויף וועלכע עס האָבן זיך געשאָקלט געשטאַלטן איינגעהילטע אין טיכער.

און נישט בלויז אויף איין גאַס האָט דאָס פּאַסירט. די נאַלעווקעס און גענשע, דזשיקע און טוואַרדע, דער גזשיבאָוו און אַלע אַנדערע יידישע גאַסן זיינען מיט־אַמאָל פאַרפלייצט געוואָרן פון פויערישע פורלעך, אַ ים צעווייקטע קישנס, פון אַ

ים אין שווערע טיכער איינגעהילטע, שאָקלענדיקע זיך געשטאַלטן. אפילו די פּרי־צישע קרולעווסקע־גאַס האָט געמוזט צווישן אירע אַלטע ליפּע־ביימער אַריינגעמען די פויערישע פורלעך.

און יעדעס פורל האָט געברענגט די זעלבע בשורה:

— מען טרייבט יידן, מען טרייבט...

— פון וואַנען?

— פון קאַלושין...

און אנדערע האָבן דערציילט:

— פון גריצע...

און פריש אָנגעקומענע פורלעך האָבן מיט אַ האַלב־ליטווישער אויסשפּראַך געזאָגט:

— פון אָסטראָלענקע...

און דערשראָקענע פּנימער האָבן אַרויסגעקרעכצט:

— פון גער...

און ווייבערישע שטימען האָבן אויסגעכליפּעט:

— פון פּיאַסעטשנאָ...

און גרויע בערד' האָבן זיך אבלדיק צעשאָקלט:

— גאַרוואָלין...

און אַ ציטערדיק יחסניש קול האָט קוים אַרויסגערעדט...

— פון קאָצק...

און אַלע האָבן געהאַט צו דערציילן די זעלבע קורצע געשיכטע. אין מיטן דער נאַכט האָט מען דעם רב פון בעט אַרויסגענומען און אים אָנגעזאָגט:

— אין פאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה זאָל קיין איין ייד אין שטאָט נישט בלייבן. נאָר מען האָט נישט געגלייבט. מען איז געלאָפן צו די פּריצים מיט געלט און מיט מתנות, מען איז זיי געפאַלן צו די פיס, מען האָט געוויינט און תהילים געזאָגט.

און די שררות האָבן צוגענומען דאָס געלט און די מתנות און געזאָגט, אַז עס איז ווייניק. האָט מען זיי ווידער געגעבן אין יד אַריין, און זיי האָבן געענטפערט:

— מ׳וועט פּרווון...

האָט מען געהאָפט און ווייטער תהילים געזאָגט, און ערשט אַ שעה פאַרן אומ־גליק האָט מען ווידער געשיקט נאָכן רב און צו אים געזאָגט:

— נאָר איין שעה צייט איז אייך געבליבן, זשידקעס, אַרויס פון דער שטאָט, נישט מער ווי אַ שעה, געדענקט...

איז געוואָרן די גרויסע בהלה. מענטשן זיינען געלאָפן ווי די משוגעים. מען האָט געכאַפּט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט און געלאָפן.

קיין צייט אויסצופרעגן איז נישט געווען. די איינגעהילטע אין טיכער געשטאַל־טען האָבן געציטערט פאַר קעלט און זייערע אויגן האָבן זיך געקלעפּט פון מידקייט.

זיינען פון אַלע הייזער און פון אַלע קראָמען אַרויס יידן, אַלטע און יונגע, אָרימע און רייכע, יידן מיט פּיאות און בערד, און יידן מיט גלאַט־ראַזירטע פּנימער און אָן היטלען, און אַלע האָבן זיי געשלעפּט די טעלער און שיסלען און דאָס בעט־געוואַנט פון די אַרויסגעטריבענע.

און אין די טויערן האָבן זיך שוין געפּאָרעט די ווייבער מיט די אָנגעקומענע ייִדן מיט זייערע פרויען און קינדער.

טיילמאָל זיינען צווישן די פאַרפּאָרעטע ווייבער אויסגעבראָכן שווערע קריי־גערייען.

די רייכע מאַדאַמען פון ערשטן און צווייטן שטאָק האָבן, מעשה גביר, געוואָלט נעמען צו זיך די אַרויסגעטריבענע ייִדן.

האָבן זיך די ווייבער פון די אָרימע קעלער־ און בוידעם־שטיבער צעשריגן:

— קוקט זיי נאָר אָן, די גבירים, אפילו אַ מצווה אַן אָרימאַן קענען זיי נישט פאַרגינען...

— האָבן די רייכע מאַדאַמען אײדל געפּרוווט געבן צו פאַרשטיין:

— ביי אונדז וועט דאָך די מענטשן זיין באַקוועמער... ס'איז דאָך אַ רחמנות...

נאָר די אָרימע ווייבער האָבן זיך נאָך העכער צעשריגן:

— זיי וועלן זיך ביי אונדז פילן בעסער ווי אין אייערע סאַלעס, נישקשה, עס וועט זיי ביי אונדז גאָרנישט פעלן...

נישט לאַנג האָבן געדויערט די קריגערייען. פרישע פורלעך זיינען אָנגעקומען און די קעלער־שטיבער, פונקט ווי די אויסגעפּוצטע סאַלעס פון די גבירים, זיינען געוואָרן פול מיט ייִדן, ייִדענעס, קינדער, וואָס זיינען איינגעשלאָפן אין מיטן עסן, און מיט זקנים, וואָס האָבן געמורמלט צו זיך:

—! ווי, ווי, פאַרוואָס זיינען מיר באַצייטנס נישט געקומען צו קבר אבות אין דער אייגענער היים.

אין די יידישע שטיבער אויף נאַלעווקעס און גזשיבאָוו האָבן העל און ליכטיק געברענט אַלע לאָמפּן. די טישן זיינען געווען באַדעקט מיט בלאַנקנדיק־ווייסע טיש־טעכער. גרויסע ליכט האָבן געברענט אין די זילבערנע קאַנדעליאַבערס און לייכ־טער. די באַלעבאָסטעס האָבן זיך מער ווי יעדן שבת געמיט, אַז די פיש און די שבתדיקע יויך און דאָס צימעס זאָלן זיין באַטעמט און שמעקן זייערע אומגליקלעכע אורחים.

און גוטע רייד האָט מען צו זיי, צו די אורחים, גערעדט. מען האָט זיך געמיט זיי צו טרייסטן און צו מאַכן פאַרגעסן אין זייער צער און אומגליק.

— איר וועט זען, — האָט נאָכן קידוש מאַכן געזאָגט דער באַלעבאָס צו זיינע אורחים — מיטן אויבערשטנס הילף וועט איר זיך שנעל איינאָרדענען. איך וועל אייך קענען צוהעלפן ביי מיין מסחר... נאָר נישט געזאָרגט, ייִדן, נאָר נישט פאַר־לירן קוראַזש...

און די באַלעבאָסטעס האָבן איינגענומען מיט גוטע רייד די ייִדענעס און געזאָגט:

— אפשר איז עס גאָר צום גוטן... איר וועט האָבן דאָ, אין וואַרשע, פיל באַקווע־מערע דירות און מען קריגט אין די האַלעס צו קויפן פון אַלדאָס גוטס. איר וועט זען . . .

און די שיינע און געבילדעטע טעכטער האָבן געברענגט די יונגע מיידלעך זיי־ערע שענסטע קליידער און זיי איינגערוימט אין אויער:

— מיר'ן אייך פירן אין גרויסן טעאַטער, און מיר'ן מיט אייך גיין אין די לאַזשענ־קעס, איר וועט אַליין שפּעטער נישט וועלן צוריקפאָרן אין קליינעם שטעטל.

נאָר וואָס מער גוטע רייד מען האָט צו די אורחים גערעדט, אַלץ טרויעריקער זיינען זיי געוואָרן. די מענער איז די ווייכע שבתדיקע חלה געבליבן שטעקן אין האַלדז און געשטיקט עפּעס אַזוי שווער, אַז זיי האָבן קוים־קוים געקענט איינהאַלטן די טרערן, וואָס זיינען אָנגעלאָפן אין זייערע אויגן. די ווייבער האָבן זיך נאָך מער צעכליפּעט זיצנדיקביים ליכטיקן, אָבער פאָרט פרעמדן שבתדיקן טיש. און די יונגע מיידלעך האָבן דערפילט עפּעס אַזאַ ענגשאַפט פון די שיינע קליידער, וואָס זיינען אויף זיי אַזוי פרעמד געלעגן.

און געווען איז עס נישט בלויז דערפאַר וואָס מען האָט זיך דערמאָנט אַז מען איז אַן אורח, אַז מען זיצט ביי אַ פרעמדן טיש, אַז מען עסט פיש און צימעס, וואָס פרעמדע הענט האָבן צוגעגרייט.

און געווען איז עס אויך נישט בלויז דערפאַר, וואָס מען האָט זיך דערמאָנט, אַז מיטאַמאָל האָט מען אַלץ פאַרלוירן, דאָס באַלעבאַטישקייט, און די קראָם, און אַלץ אויף וואָס מען האָט אַזוי פיל יאָרן געהאָרעוועט. נאָר געקומען זיינען דער טרויער און די טרערן הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס פון די גוטע רייד איז פאַר די מענטשן קלאָר געוואָרן אַז דאָס וואָס עס איז געשען, האָט טאַקע אויף אַן אמת מיט זיי פּאַסירט. דאָס אומגליק איז אויף זייערע קעפּ געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין רעכנשאַפט פון דעם, וואָס עס איז געשען. זיי האָבן זיך געפילט אַזוי צעטומלט און אַזוי פאַרלוירן.

די שרעק האָט זיי געטריבן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס איז זיי פאָרגעקומען, אַז אַ קאָשמאַר־חלום איז זיי פּלוצלינג באַפאַלן, אַז אין חלום לויפן זיי מיט וואַנזיניקע אויגן אַז אין חלום שמייסט זיי דער רעגן אין פּנים, אַז אין חלום הערן זיי דאָס געוויין פון די הונגעריקע קינדער.

און עס איז זיי פאָרגעקומען, אַז אָט־אָט און זיי וועלן אויפרייסן די אויגן און דעמאָלט וועלן זיי זיך ווידער דערזען אין דער אייגענער שטוב ביי דעם אייגענעם טיש און זיי וועלן דעמאָלט אָפּאָטעמען און זאָגן דאָס אָפּשפּרעכעניש נאָך אַ שלעכטען חלום.

ערשט הערנדיק די גוטע רייד ביים ליכטיקן, שבתדיקן טיש, האָבן די מענער און די פרויען זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ חשבון פון דעם, וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט. ערשט קוקנדיק אויף דעם ווייסן קלאָרן טישטוך און אויף די גרויסע העל־ברענענדיקע שבת־ליכט, האָבן זיי אָנגעהויבן באַנעמען, אַז זיי האָבן אָן אַ פאַרוואָס פאַרלוירן זייער היים. און מיטאַמאָל זיינען זיי אַזוי טייער געוואָרן די אָרימע ענגע שטיבלעך, פון וועלכע זיי זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן. און עס זיינען זיי אַזוי ליב געוואָרן די אַלטע קליינע מעשענע לייכטערלעך, וואָס ביי זיי האָבן זיי זייערע שבתים און ימים טובים געפּראַוועט. און זיי זיינען אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך דעם אַלטן מאַרק פון זייער שטעטל, און נאָך דער קאַלטער שול, וואָס איז געווען זייערס און נאָך דעם הילצערנעם בית המדרש, און נאָך דעם פינצטערן קליינעם געסל ווו זייער הייזקע איז געשטאַנען.

די שענסטע גרויסע וואַרשעווער שטיבער זיינען זיי גרייט אַוועקצוגעבן צו קענען כאָטש איין קוק טאָן אויף זייער קליינער אָרימער הייזקע. דאָרט, אין דער הייזקע, האָט געוווינט דער טאַטע און דער זיידע, און אויף דעם קליינעם געסל איז יעדער שטיין געווען אַזוי נאָענט און היימיש. איצט איז דאָס אַלץ פאַרלוירן און

פאַרשווונדן. יאָ, גוטע מענטשן האָבן אויף זיי רחמנות, נעמען זיי אַריין צו זיך אין שטוב. און אפשר וועט גאָט העלפן, און אין דער גרויסער שטאָט וועט זיין אויך פרנסה. די אַלטע היים וועט עס אָבער מער נישט זיין. און אויפן גוטן אָרט צו טאַטע־מאַמע און צו דער אַלטער באָבע וועט מען נישט קאָנען אַרויסגיין און פאַר די שטילע, שווייגנדיקע קברים וועט מען זיך פון האַרץ נישט קענען אָראָפּרעדן.

און עס טוט זיי באַנג איצט, פאַרוואָס זיי האָבן פריער נישט געוווּסט ווי גוט עס איז צו האָבן אַן אייגענע היים. עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי האָבן עפּעס פאַרפּאַסט אין זייער לעבן, און זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט ווי גליקלעך זיי זיינען ערשט נישט לאַנג געווען אין זייער אייגענער אָרימער הייזקע. ניין, זיי האָבן גאָרנישט געוווּסט ווי גוט עס איז זיי געווען אין די שמאָלע, ענגע געסלעך זייערע, אפילו ווען זיי האָבן געקרעכצט און האָבן זיך באַקלאָגט און האָבן מקנא געווען די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט מיט זייער רייכקייט און באַקוועם לעבן.

זיי פילן זיך איצט זינדיק קעגן זייער אַלטער פאַרלוירענער היים. זיי האָבן זי, די היים זייערע, פאַרשעמט מיט זייער קלאָגן און מיט זייער קרעכצן און מיט זייער קנאה. אָ, איצט וועלן זיי דאָס מער נישט טאָן. זיי וועלן זיך פרייען מיט יעדן נייעם טאָג. און זיי וועלן זיין גליקלעך אין זייערע אָרימע, ענגע שטיבלעך, און זיי וועלן קיינעם נישט מער נישט מקנא זיין. און די ליפּן פליסטערן א תפילה אָן ווערטער:

— גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, טו מיט אונדז דיינע גרויסע גנאָדן און באַוויַיז צו אונדז דיין חסד און לאָמיר צוריק זיין אין אונדזער היים.

נאָר ביים טיש הערן זיי רחמנות־רייד און צוזאָגן, אַז מען וועט זיי העלפן, אַז מערצעשעם נאָך שבת וועלן זיי האָבן אַן אייגענע דירה און אויך פרנסה וועט מיטן אויבערשטנס הילף זיין.

און דעמאָלט ווייסן זיי, אַז די היים, די אַלטע, איז אויף אייביק פאַרלוירן געגאַנגען און טרערן קומען אין די אויגן, און אַ שטיל כליפּן ברעכט אויס ביים שבת־דיקן, ליכטיקן טיש.

ווערט שטיל ביים טיש. די באַלעבאָסטע מיטן באַלעבאָס ווינקען זיך איבער מיט רחמנות־בליקן. בענטשט מען שטיל אָפּ און מען לויפט ווידער אַראָפּ אין גאַס.

וואָרום אויך שבת אַ גאַנצע נאַכט הערן נישט אויף אָנקומען די פורן. די רבנים מיט די גלאַנציקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס שטייען אויף דער גאַס אין מיטן שלאַקס־רעגן און העלפן טראָגן די קינדער פון די פורלעך. דער אַלטיטשקער רבי אברהם פערלמוטער מיט זיין לאַנגער שניי־ווייסער באָרד שטייט ביי די פורלעך. ער איז שוין צו אַלט צו קענען העלפן, נאָר אַוועק אין שטוב וויל ער נישט.

און יעדעס מאָל פאַלט צו אים צו אַ ייד מיט אַ געוויין:

— רבי, — ברעכט זיך דעם יידס קול — ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן מחלל שבת געווען! געקומען צו פאָרן אום שבת, געוואַלד, חילול שבת...

און דעם רבינס ציטערדיקע הענט נעמען אַרום דעם ייד:

— הלוואי זאָל איך זוכה זיין — צעשאָקלט זיך דעם רבס שניי־ווייסע באָרד — צו ליידן צוזאַמען מיטן כלל ישראל...

אפילו די רייכע „דייטשן" מיט זייערע ווייבער און טעכטער האָבן דאָס מאָל נישט געקענט איינזיצן רויק אין די גויישע גאַסן און זיי זיינען געקומען העלפן.

אַדאָלף בער, דער גרויסער אַדוואָקאַט, טראָגט אַ קינד אויף דער האַנט. אַנ־טרעפנדיק דניאל עפשטיינען, שמייכלט ער פאַרלעגן:

— פון היינט אָן הייס איך צוריק אברהם, ווי דער פעטער ר׳ מאירל הערט מיך נישט אויף צו רופן.

און אין זיין שוואַרצער פעלערינע איינגעהילט, גייט שווער איבער דער גאַס י. ל. פרץ און זיינע דיקע פריצישע וואָנסעס ציטערן אויף און זיינע גרויסע שוואַר־צע אויגן פלאַמען ווי זיי וואָלטן דערזען די שאָטנס פון אַלטן מאַרק.

אויך צומאָרגנס, שבת בייטאָג, האָבן נישט אויפגעהערט קומען פורלעך. אַלע בתי מדרשים און שולן און שטיבלעך זיינען שוין פול מיט מענער, פרויען און קינ־דער. אַלע זאַלן פון אַלע יידישע חברות זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אכסניות. אין די שטיבער פון הזמיר שפילט זיך י. ל. פרץ מיט קליינע קינדערלעך און טראַכט אויס אויפן אָרט וווּנדערלעכע מעשהלעך, וואָס ווערן אויסגעהערט מיט ברייט צע־עפנטע טרויעריקע קינדישע אייגעלעך.

און אין דער זעלבער צייט הערן נישט אויף צו קומען פרישע וואָגלער מיט דעם קורצן אָנזאָג:

— מען טרייבט...

און יידן נעמען צוזאַמען די אַנטרונענע, צעשיקן זיי איבער די שטובן אין וועלכע עס ווערט וואָס אַמאָל ענגער.

צווישן די מחנות זיידענע און טוכענע זשיפּיצעס, וואָס טראָגן אין די הייף דאָס באַלעבאַטישקייט פון די וואָגלער, באַוויזט זיך פון צייט צו צייט אַ שלאַנקע הויכע געשטאַלט אין אַ גלחישער סוטאַנע. דער גלח רעדט צו קיינעם נישט, נאָר די שווערסטע משאות נעמט ער אויף זיינע פּלייצעס און שלעפּט אין די טויערן און הייף.

אין דער ערשטער צעטומלעניש באַמערקט מען אים נישט. שפּעטער אָבער הייבן נייגעריקע בליקן אָן נאָכפאָלגן די גלחישע סוטאַנע. און דעמאָלט פאַרשווינדט דער גלח פון איין גאַס, כדי אין עטלעכע מינוט שפּעטער זיך צו באַווייזן אין אַ צווייט געסל, און ווידער צו שלעפּן פון די פורלעך פּעק מיט צעווייקטע פון רעגן פּערענעס און קישנס.

נישטאָ קיין צייט אַ סך צו טראַכטן, נאָר פונדעסטוועגן הערן זיך צווישן די פאַרפאָרעטע יידן קורצע, אָפּגעהאַקטע באַמערקונגען:

— זעסט דאָרט, דעם גלח...

— זע ווי ער טראָגט אויף די פּלייצעס די קישנס...

— און ער רעדט נישט אַרויס אַ וואָרט, דער גלח.

דניאל עפשטיין האָט זיך שוין צוויי מאָל צוזאַמענגעטראָפן נאָענט מיט דעם גלח און יעדעס מאָל טוען זיי איינער צום אַנדערן אפילו נישט קיין שאָקל, ווי זיי וואָלטן זיך נישט דערקענט.

ר׳ לוי האָט נאָר פונדערווייטנס געזען די גלחישע סוטאַנע, און ווען ער טרעפט אויף דער גאַס עפשטיינען, קען ער זיך נישט צוריקהאַלטן פון פרעגן:

— דאָס איז ער טאַקע, שלמהלע?...

— יאָ, דער פּאַטער אַנטאָניוס — דערמאָנט עפשטיין, אַז שלמהלע באַלאַנגט איצט צום ביסקופן־פּאַלאַץ.

דער אַלטער פֿאַן מיכאַל, דער פּרעזעס פֿון דער גמינע, האָט אויף דער גאַס פֿאַרהאַלטן די רבנים און ביי זיי געפֿרעגט אין האַלב־יידיש און האַלב־פּויליש, צי מען מעג שבת האַבן אַן אסיפֿה.

— אין אַזאַ שבת מעג מען אַלץ — האָבן די רבנים געפּסקנט — ס׳איז דאָך פּיקוח נפש.

זיינען זיי אַלע אַוועק אין דער רויטער ציגל געביידע אויף גזשיבאָווסקע גאַס און דער פֿאַן מיכאל האָט געפּרווווט עפּעס זאָגן און איז אָנשטאָט דעם אויסגע־בראָכן אין אַ געוויין.

און די רבנים האָבן געזאָגט, אַז עס איז היינט נישט קיין זמן צו רעדן נאָר צו טאָן.

זיינען אַוועק די אַלטע שררות פֿון דער קהילה מיט די צילינדערס אויף די קעפּ און די רבנים מיט די ברוינע קאַלפּאַקעס צום פּאָליציי־מייסטער מאַיער און צו אים געזאָגט:

—היינט וועלן מיר וויסן, הער פּאָליציי־מייסטער, צי איר זענט אונדזערס אַן אמתדיקער פֿריינט...

נאָר דער פּאָליציי־מייסטער האָט בלויז אומבאַהאָלפֿן פֿונאַנדערגעשפּרייט ביידע הענט און געענטפֿערט:

— איך קען גאָרנישט טאָן, מיינע הערן, היינט איז אַלץ אין זיין האַנט...

דער פּאָליציי־מייסטער האָט נישט אַרויסגערעדט דעם נאָמען פֿון דעם מאַן, וואָס אַלץ איז אין זיין האַנט, נאָר אַלע האָבן געוווסט, אַז ער מיינט נישט קיין אַנ־דערן ווי דעם גרויספֿירשט ניקאָליי ניקאָלאַיעוויטש.

פֿון בוך: „אין שטורעם״, בוענאָס איירעס, 1950.

# דוד פרישמאַן

## הרי את



הערר און מאַדאַם איזידאָר זאַבלודאָווסקי האָבן די ערע, צו בעטן זי צו דער חופּה פון זייער טאָכטער רעגינאַ מיט דעם באַנקירס זון הערר סטאַניסלאַוו זילבערבערג, וועלכע וועט פאָרקומען פרייטיק דעם 11טן אַפּריל, פּונקט האַלב 1 מיטאָג, אין דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע.

„האַלב 2 — אַ פרישטיק אַ לאַ פורשעט אין רעסטאָראַן ,בריסטאָל׳.

„וואַרשע, אין מערץ 1902.”

* * *

אויף טלאָמאַצקע, פאַר דער סינאַגאָגע, פון איין עק ביז צום צווייטן, שטייט אַ ברייטע און לאַנגע שורה פון פּראַכטפולע קאַרעטעס. דאָס זילבערנע באַשלאַג גלאַנצט אַראָפּ פון די שוואַרצע קאָטשן. די קוטשער זיינען אָנגעטאָן אין ליווריען מיט גאָלדענע טרעסן. די פערד טופּען אומגעדולדיק מיט די פיס. אַ פאָלק פון הונדערטער מענטשן שטייט איבער דער גאַנצער גאַס און שטופּט זיך ביז צו די טרעפּ פון דער סינאַגאָגע און ווערט נישט אַריינגעלאָזט.

עס איז אַ טאָג פון זון און פון רעגן צוזאַמען. צוויי, דריי מינוט באַווייזט זיך די זון און שטעכט אין די אויגן און אַלץ אַרום גלאַנצט, און צוויי, דריי מינוט

---

דוד פרישמאַן — איינער פון די באַרימטסטע העברעיש־יידישע שרייבערס פונעם דור פון די קלאַסיקערס — פּאָעט דערציילער, עסעיסט, קריטיקער, זשורנאַליסט, איבערזעצער, רעדאַקטאָר — איז געבוירן געוואָרן אין זגערזש אין יאָר 1865; ער האָט געוווינט, שטודירט, געשריבן, רעדאַגירט אין עטלעכע שטעט אין אַמאָליקן רוסלאַנד און דייטשלאַנד — ביז ער האָט זיך אַרום דעם יאָר 1898 באַזעצט אין וואַרשע, וווּ — מיט איבעררייסן — געוווינט ביז דעם יאָר 1920, ווען ער איז אַוועק קיין בערלין און דאָ געשטאָרבן אין יאָר 1922. פרישמאַן איז איינער פון די שאַרפסטע — סאַטירישע אפילו — קריטיקערס — פון דער יידישער געזעלשאַפט, דער ליטעראַטור און דעם טעאַטער ביי יידן פון זיין צייט. ער פלעגט „רייסן” אויף רעכטס און לינקס, צום ווינציקסטן האָט ער געשוינט י. ל. פּרצ׳ן, אָבער פּרץ האָט — ווי אַלעמאָל — געענטפערט מיט חברשאַפט און גוטמוט. וואַרשעווער סוזשעט איז אַן אָפטער גאַסט אין פרישמאַנס שריפטן. מיר דרוקן דאָ אַ מעשה „הרי את” — שאַרף ווי צעבראָכן גלאָז — אויף דער אַמאָליקער וואַרשעווער יידישער אַסימילירטער פּלוטאָקראַציע. די לאַנדשאַפט איז די „טלאָמאַצקער סינאַגאָגע”.

לאָזט זיך אַראָפּ אַ דינער וואַרימער שפּריי־רעגן און הערט פּלוצים ווידער אויף — דערנאָך באַווייזט זיך אויפן הימל אַ נישט גאַנץ דורכזיכטיקער רעגנבויגן. פון מינוט צו מינוט קומט אָנגעשטורעמט אַ נייע קאַרעטע. דער קוטשער שפּרינגט אַראָפּ פון דער קעלניע, רייסט אויף דעם שלאַג און הער און דאַמע שטייגן אויס און איילן אַרויף אויף די טרעפּ פון דער סינאַגאָגע.

אינעווייניק, אין דער סינאַגאָגע, איז אויסגעגאָסן אַ האַלבע טונקלקייט: אַ צוזאַמענמיש פון אַ צוריקגעהאַלטן טאָג־ליכט מיט ליכט פון די לאָמפּן. דורך די הויכע פענצטער מיט די באַמאָלטע שויבן ברעכן זיך אַריין פון אויבן באַלאַכסונדיקע זיילן פון ליכט־שטויב, ווי דורכזיכטיקע וואָלקנס, אין וועלכע מען קען ציילן יעדעס שטויבעלע באַזונדער. אינעם גאַנצן הויז פילט זיך עפּעס אַ שטילקייט און אַ הייליקייט. פון הינטער יעדער זייל און פון יעדן ווינקעלע און פון הינטער יעדן קלייד און נעבן יעדער רער פון אַ לאָמפּ, אָטעמט עס אַ מין הייליקס און יום־טובדיקס.

און גלאַנצנדיקע אויגן און גלאַנצנדיקע בריליאַנטן און גלאַנצנדיקע צילינדערס אומעטום, ווו דאָס אויג קערט זיך. די ווייסע בליצנדיקע מאַנישקעס פאַרשפּרייטן אַ ליבלעכן, ווייכן ריח. די פרויען און די פריילינס זיינען איינגעטונקען אין זיידנס און אין שפּיצן, גייען דעקאָלטירט און האַלטן בוקעטן אין די הענט. די איידלשטיינער לייכטן און בליצן פון זייערע קעפּ, און פון די אויערן אַרויס און פון די העלדזער אַראָפּ. אַ מאָדנער ריח שפּירט זיך אומעטום: ווערא־פּיאָלעט, גראַפּ־איפּעל און העליאטראָפּ־בלאַנק.

אונטער דער חופּה שטייט דער חתן עטוואָס געבויגן, אַ מערקווירדיק הויכע געשטאַלט. דאָס פליסנדיקע ליכט לייגט זיך גראָד אויף זיין פּנים. דאָס פּנים איז עטוואָס איינגעפאַלן און געלבלעך־אָפּגעוועלקט און זעט אויס זייער מאַט און מיד; עס שלאָגט זייער שטאַרק אָפּ פון דער שניי־ווייסער ראַם פון זיין העמד. זיין שוואַרצער צילינדער אויפן קאָפּ גלאַנצט, אָבער אונטער דעם צילינדער, אויף ביידע שלייפן, זעען זיך עטלעכע גרויע האָר. ער שטייט און האַלט אין דער האַנט אַ זיידן טיכל, און אָפּט טראָגט ער עס צו באַכלעסיק צו זיין מויל; באַהאַלטענערהייט געניצט ער אַמאָל אַריין אין דעם טיכל.

און פאַר אים די כלה — אַ יונג, פריש זאַפטיק מיידל ווי דער פריש־געפאַלענער טוי; כמעט נאָך אַ קינד אין גאַנצן. אין איר געשטאַלט גרייכט זי צו אים נאָר ביז צו די אַקסלען. אירע אויגן קוקן גלייך און אָפן צו אים אַרויף פון הינטער דעם דעקטוך, און די אויגן לאַכן און זיינען גרויס און נאַיוו און פול נייגעריקייט און באַגערעניש — די אויגן פון אַ יונג, גלויביק קינד.

דער אָרגל שפּילט און לאָזט זיינע מערקווירדיקע טענער הערן: טיפע, ערנסטע טענער, פול מיט הייליקייט.

און ער, סטאַניסלאַוו זילבערבערג, שטייט איינגעבויגן און האָרכט. ער הערט די טענער און שטרענגט זיך אָן, זיי צו לאָזן אַריינדרינגען אין זיך. אך יאָ, אַ שיינער הייליקער כאָראַל. און ער הייבט אָן מיטצוחלומען און זיך צו לאָזן טראָגן אויף די כוואַליעס פון די ברייט פליסנדיקע טענער. פּלוצעם אָבער רייסט זיך איבער דער פאָדעם און ער שוועבט ווייטער, ווייטער, טיפער, הערט אַלץ נאָך ווי אין חלום, און דאַן הערט ער גאָרנישט מער, און ער פאַרגעסט ווו ער איז און אַלץ וואָס טוט זיך דאָ אַרום אים. אָט איז אַ חשבון: צוויי מאָל הונדערט און זעכציק טויזנט באַר.

ביז יוני האָט ער כמעט קיין שום צאָלונג נישט. אמת, יוני וועט אַ ביסל שווער זיין: אויף יעדן טאָג כמעט אויסגעשטעלט. אָבער צוויי מאָל הונדערט און זעכציק טויזנט! און חוץ דעם די היפּאָטעק אויף ווספּולנע גאַס, אַגב אויך די צוויי היפּאָטעקן אין פּראַגע. חוץ מזה די ערשטע ראַטע צינזן, וועלכע ער האָט אָפּצונעמען אין מאַי. דאַכט זיך, דער טערמין איז דעם אַכטן. אַ שאָד וואָס ער קען נישט איצט נאָכזען אין נאָטיץ ביכל. די הויפּטזאַך, אַז ער מוז באַלד אָנהויבן דעם פּראָצעס מיט רעגינאַס ברידער וועגן דעם זיבנטל פון דער ירושה פון פאָטערס זייט...

פּלוצעם האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. דער אָרגל האָט נאָך אַ טיפן ברייטן טאָן פּלוצעם אָפּגעהאַקט.

און דער קאַנטאָר און דער כאָר ענטפערן, באַזונדערס זיס איז די דיסקאַנט־שטימע. און זי, רעגינא, שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אָפּענע אויגן. כמעט קען זי דאָס גאַנצע נישט פאַרשטיין און אַז דאָס אַלץ איז נישט נאָר אַ חלום! זי שפּירט אַ פיבער אין אַלע אירע גלידער. אָט איז דער גרויסער סוד, אָט ליגט ער פאַר איר. אַך, נאָר נאָך איין טאָג, איין וואָך. אין אַכט טעג אַרום וועט זי שוין גאַנץ געוויס זיין אַ „פרוי". אַ פרוי, אַ פרוי. אַ פרוי וועלכע האָט אַ מאַן. און זי ציטערט. ס'איז גוט, וואָס אין פיר און אַ האַלבער שעה פאַרלאָזן זיי וואַרשע און פאָרן. שווייצאַריע קען זי נישט ליידן, אויך סטאַניסלאַוו ליידט נישט שווייצאַריע. קיין איטאַליע קען שוין קיין שום אָרנטלעכער מענטש היינט נישט פאָרן: יעדער שניידער און יעדער שוסטער פאָרט שוין היינט קיין איטאַליע. בלייבט איבער אַזוי פיל ווי שוועדן און נאָרוועגיע... אַך, ווען דער דאָזיקער חודש וואָלט שוין זיין פאַרביי! ווען זי וואָלט נאָר קאָנען היינט זיך לייגן שלאָפן און אויפשטיין אין אַ חודש אַרום! — — זי פילט אַז זי טופּעט מיט איר קליין פיסעלע אויף דער פּאָדלאָגע.

און ווידער הויבט דער אָרגל אָן און ברומט מיט זיינע טיפע שווערע טענער, און די טענער ציען זיך און גיסן זיך, ציען זיך און גיסן זיך.

אָבער דאָס מאָל הערט ער, סטאַניסלאַוו, כלל וכלל נישט די טענער. אָט איז דער בריוו, וועלכן ער האָט נעכטן באַקומען פון לייפּציג. די „בלאָנדע מיצי" שרייבט אים, אַז זי איז עפּעס נישט געזונט געווען און דעריבער האָט זי אים נישט געשריבן; אָבער דער „יונגע" איז געזונט און שטאַרק. דער „יונגע" איז גאָר אין גאַנצן ענלעך צו אים, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דאָס קען ער איר גלויבן אויפן וואָרט. אָבער וואונ־דערן וווּנדערט זי זיך, וואָס דעם צוואַנציקסטן, וועלכער איז דאָך דער טערמין, האָט זי נישט דערהאַלטן פון אים די ראַטע אַזוי ווי אַלע מאָל אין יעדן חודש. זי זעט שוין אַרויס, אַז ער מיינט זיך איינציקווייז אַרויסצונאַרן און שפּעטער זיך אין גאַנצן פון איר פריי צו מאַכן. אָבער דאָס אַלץ וועט אים נישט נוצן. זי וואָרנט אים: אַז זי וועט מוזן אַרויסטרעטן קעגן אים מיט אַ פּראָצעס וועגן „אַלימענטן"...

דער אָרגל ברומט מיט מעכטיקע, ברייטע טענער. אַ סך נייע געסט שטופּן זיך און קומען צו ביז צו דער חופּה: דעקאָלטירטע אַקסלען, געל־זיידענע קליידער און בליצנדיקע בריליאַנטן! שפּאָגל־גלאַנצנדיקע צילינדערס, בלענדנדיק־ווייסע העמטש־קעלעך און רויטע קראַוואַטן! און דער קאַנטאָר זינגט...

און זי, רעגינא, שטייט און האָרכט. ס'איז דאָך איר חתונה און זי מוז האָרכן. היינט מוז זי. און באמת איז די ליבע טויזנט מאָל שענער פון אַלעם, וואָס זי האָט געלייענט ביי ד'אַנונציאָ און ביי פּרעוואָ. דאָס איז דאָס, די ריינע

אמתע ליבע. אַזאַ איינעם, ווי ער איז, האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געזען. באַלד ווי זי האָט אים צום ערשטן מאָל דערבליקט, פאַריקן ווינטער ביי דעם בלומען־קאַרסאָ, האָט זי שוין געוווסט, אַז איר גורל איז געוואָרפן געוואָרן. עפּעס וווּנדערלעך האָט ער גערעדט צו איר, ווערטער וואָס מען הערט עס גאָרנישט. אויף אירע אויגן, האָט ער געזאָגט, אַז זיי זיינען ווי פּיילכען און אויף די פינגער, אַז זיי זיינען ווי ליליעס. נאָך אַזאַ מענטש, מיט אַזעלכע ריינע, געטרייע אויגן, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. זי איז זיכער אין אים און אין זיינע געטרייע אויגן, אַז זי איז זיין „ערשטע ליבע". איבריקנס האָט ער איר אויך מינדלעך געזאָגט. און ווי ער ווייסט עס אין יעדער מינוט אויפמערקזאַם צו זיין צו איר! עס האָט זיך קיין איינציקס מאָל נישט געטראָפן, אַז ער זאָל קומען צו זיי און זאָל ניט עפּעס אַ קליינינקייט, אַן אַנדענק מיט־ברענגען. אַמאָל יאספּיס־שטיינער פאַר דריי טויזנט פינף הונדערט רובל, אַמאָל צוועלף מעטער שפּיצן, עכטע וואלענסיען, פאַר נייע טויזנט רובל. דאָס סאטען־דע־מערוועליע קלייד מיט די דאָזיקע שפּיצן איז גאָרנישט מיאוס. אויך דאָס גרינע מיט דער ציטרין־געלער אַפּליקאַציע פּאַסט איר זייער גוט צום פּנים...

פלוצעם באַרירן איר אויער כוואַליעס פון שווערע, טיפע טענער און נאָך זיי אַ פלוצימדיקע פויזע — און זי כאַפּט זיך אויף.

די באַקן גליען, די אויגן גליען, דער אָטעם גייט שווער און קייכנדיק.

אַרום און ארום ברענען און לייכטן די אומצאָליקע ליכט. די געסט שטופּן זיך נענטער אַלץ מער און מער: אויך זייערע אויגן לייכטן צו דעם יונגן גליק, וואָס קריגט דאָ זיין הייליק־צייכן. אַך, ווי לאַנג עס דויערט די צערעמאָניע! און פאָרט וואָלט זיין רעכט, ווען זי וואָלט דויערן הונדערט מאָל אַזוי לאַנג. אויך די צערעמאָניע איז זיס און ליבלעך און אָנגענעם...

און ער, סטאַניסלאַוו, שטייט און זיין הויכע געשטאַלט איז איצט אויסגעגלייכט און אויפגעריכט אין גאַנצן.

אַך די צערעמאָניע — ווי לאַנג זי געדויערט! ווען עס וואָלט נאָר שוין זיין אַ סוף . . .

און פלוצעם הערט זיך די שטים פון דעם פריידיקער.

„— — — הנה אתם יוצאים בחודש האביב — אָט גייט איר אַרויס אין דעם חודש פונעם פרילינג. איר גייט אַרויס אינעם פרילינג, איר גייט צום פרילינג און דער פרילינג קומט אייך אַקעגן. אין אייך איז פרילינג און פרילינג איז אַרום און אַרום. אייער גאַנץ לעבן איז אַ גרויסער פרילינג... ושקר החן — זאָגט דער פּסוק — והבל היופי — דער חן איז אַ ליגן און די שיינקייט איז נאַרישקייט — אָבער ווען עס איז אויך פאַראַן חן און שיינקייט אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווי מיר זעען דאָס איצט פאַר אונדז, אויך דאַן איז עס נאָר אַ ליגן און אַ נאַרישקייט, ווען מען פאַרגלייכט עס מיט דעם אמתן גליק, מיט דער ליבע... ולא יועיל הון, האָט דער פּסוק געזאָגט, עס העלפט נישט פאַרמעגן — אָבער אויב ס'איז פאַראַן פאַרמעגן אין אַזאַ גרויסער מאָס ווי מיר זעען דאָס איצט פאַר אונדז, וואָס העלפט עס און וואָס איז זיין ווערט, ווען מען פאַרגלייכט עס מיט דעם אמתדיקן גליק, מיט דער ליבע, די ליבע איז העכער פון אַלצדינג; די ריינע ליבע, די אמתע ליבע. און וואָס איז די ריינע ליבע, אויב ניט די וואָס איז געגרינדעט אויף דעם פאַמיליע־לעבן? און וואָס איז פאַמיליע־לעבן אויב

נישט דאָס, מיט וועלכן דאָס פאָלק ישראל האָט זיך פון תמיד אָן אויסגעצייכנט און פאַר וועלכן אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן אים מקנא געוועזן?״

דער אָרגל שאַלט, דער קאַנטאָר זינגט, דער כאָר ענטפערט און די טענער טראָגן זיך ווי כוואַליעס איבער דעם גאַנצן הויז.

נאָך אַ מינוט.

און . . . „הרי את מקודשת, דו זאָלסט מיר זיין מקודש, בטבעת זו, מיט דעם דאָזיקן רינג, כדת משה וישראל, לויט דעם געזעץ פון משה און ישראל!״

און דער אָרגל שאַלט, „מקודשת״, און דער כאָר ענטפערט „מקודשת״.

הייליק! הייליק! — אַלץ איז הייליק...

ער און זי זיינען אַ פּאָר פאָלק, מאַן און ווייב, אַ זיווג!

אַ געטשיטשעריי פון קושן הערט זיך פון אַלע זייטן. אַלץ שטופּט זיך צום חתן און צו דער כלה, אַלץ גראַטולירט.

**אַ גליקלעך פּאָר!**

* * *

אויף דער גאַס גיסט איצט דער רעגן אין שטראָמען. אַ נאַסער ראָב פליט פון איין דאַך אויפן צווייטן און קרעכצט: הייליק, הייליק.

אַך, ווי הייליק!

אין עק ביעלאַנסקע גאַס גייט פאַרביי אַ גאַסן־מיידל מיט אַרומבלאָנדזשענדיקע אויגן און זוכט... די וועלט איז זייער קאַליע געוואָרן. אויך בייטאָג איז קיין שום מאָראַל נישט מער פאַראַנען.

פון בוך: דערציילונגען — אַרויסגעגעבן דורך
לילי פרישמאַן — מעקסיקא, 1949

# מרדכי צאַנין

## פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע

(רעפּאָרטאַזשן און פראַגמענטן)



**עס דערמאָנען זיך די צעפּלאַמטע אויגן פון יידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע פלעגן אויף יידישע גאַסן: דזשעלנע, קאַרמעליצקע און דזשיקע אויפהענגען אויף די טראַמוויי־דראָטן טראַנספּאַרענטן, וואָס האָבן געמאָנט פרייהייט, און אָפטמאָל פלעגט אָט די יוגנט פאַלן אונטער די קלעפּ פון שפּיאָנען און פּאָליציי, בלויז פאַרן באַגערן פרייהייט.**

**אין פיל הונדערטער פלעגן אָט די בחורים אויספילן די קאַמערן פון פּאַוויאַק. יונגע יידישע מיידלאַך זיינען געזעסן אין שכנותדיקן בנין — אין דער אַזוי גערופענער „סערביע".**

**אָפטמאָל פלעגט געשען: די געפאַנגענע יוגנט פלעגט דערקלערן אַ הונגער־שטרייק — דעמאָלט פלעגן די שכנותדיקע גאַסן, פּאַוויע און סמאָטשע, פאַרקלונגען ווערן מיט פרייהייטס־לידער. זי האָט נישט געאַנט, די יידישע יוגנט, אַז זי זינגט נישט פאַר זיך, אַז זי זינגט־אויס בלויז בענקשאַפט און אַז ווען די פרייהייט וועט קומען, וועט נישט זי, נאָר אַנדערע, פון איר געניסן.**

**נישט פאַר זיך האָט די יידישע יוגנט געזונגען דאָס ליד.**

---

מרדכי צאַנין — געבוירן אין סאָקאָלאָוו פּאָדלאַסקי אין יאָר 1906. פון די יוגנט־ יאָרן אָן אין וואַרשע. נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איבער דעם ווייטן מזרח געקומען אין יאָר 1941 קיין ארץ ישראל להשתקע. דערציילער, ראָמאַניסט, מחבר פון רעפּאָרטאַזשן, זשורנאַליסט, איבערזעצער, צונויפשטעלער פון ווערטער־ביכער, גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער איינציקער טאָגצייטונג אין יידיש אין מדינת ישראל „לעצטע נייעס". מיטגרינדער און יאָרן־לאַנג פאָרזיצער פון פאַראיין פון יידישע שרייבער אין מדינת ישראל. אַרויסגעגעבן זאַמלונגען פון רעפּאָרטאַזשן, דערציילונגען, ראָמאַנען און פובליציסטישע אַרטיקלען. זיין פאַרנע־מיקסט בוך: אַ זאַמלונג פון 520 זייטן „שבתדיקע שמועסן". גוטער קענער פון פאַר־מלחמהדיקן יידישן וואַרשע. זיין בוך „איבער שטאָק און שטיין" — איבער פיל צענדלינקער חרוב געוואָרענע ישובים באַלד נאָכן דריטן חורבן, האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. פון דאָרט נעמען מיר עטלעכע פראַגמענטן בלויז, וואָס זיינען מיני רעפּאָרטאַזשן פון זכרון און פאַסן אַריין אין די רעמען: דאָס אַמאָליקע יידישע וואַרשע.

דערנעבן, אויף קאַרמעליצקע גאַס, האָבן די שויפֿענצטער פֿון די קאָנפֿעקציע־געשעפֿטן קאָקעטירט די אָרעמע עלעגאַנץ פֿון סמאָטשע און סטאַווקי. די זיידענע קראַוואַטן און די שטייף־קראָכמאַלעטע ווייסע העמדער אין די פֿענצטער פֿלעגן דעם פֿאַרהאָרעוועטן יידישן מענטש געבן די אילוזיע פֿון דער גרויסער וועלט...

איבער דער קאַרמעליצקע פֿאַלט אַריבער די באַלעבאַטישע און דאָקטאָריש־אַדוואָקאַטישע נאָוואָליפּקי. אָט די גאַס האָט אַביסל געבלאָזן פֿון זיך. עס איז איר אפֿשר אָנגעשטאַנען אַ בעסערער יחוס ווי זיך אָנהייבן ביי די נאַלעווקעס און אַרויפֿפֿאַלן אויף דער סמאָטשע. אָבער נאָוואָליפּקי האָט „ווירדיק" געטראָגן איר גורל און געהאַלטן דעם שטאַט. דאָ, אויף דער גאַס פֿלעגט דער פֿרומער דאָקטאָר פּופּקאָ איפּנעמען יידן פֿון גאַנץ פּוילן, פֿון דער „גאַנצער וועלט". צעפּייניקטע יידן פֿלעגן קומען אַהער צום דאָקטאָר אויפֿן דריטן שטאָק און געלאָזט באַטראַכטן זייערע קראַנקע הערצער דורך די גרויסע טלית־קטנ׳ס. אויף נאָוואָליפּקי פֿלעגן יידן גיין לאַנגזאַמער. דאָ פֿלעגט דאָקטאָר לייפּונער אויפֿנעמען די „גוטמאָרגנס" פֿון פּאַציענטן,וואָס פֿלעגן זיך לאָזן היילן ביי אַנדערע דאָקטוירים, אָבער פֿלעגן גערן גיין אויף לייפּונערס פֿאָלעזונגען אין ליטעראַטן־פֿאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13.

און אויף טלאָמאַצקע, ווו עס לויפֿן זיך צוזאַמען עטלעכע גאַסן: די לעש, פּשעיאַזד און רימאַרסקע, איז תמיד טומלדיק געווען, דורך דאַנען לויפֿן יידישע סוחרים צום גזשיבאָוו, צו די פּריוועסעס, זיי איילן זיך צום אייזערנעם טויער און צוריק צו די נאַלעווקעס און פֿראַנצישקאַנער. אין דעם גרויסן טומל און רעש גייט געלאַסן עפּשטיינס זייגער איינגעמויערט אין דער וואַנט פֿון עק לעש און פּשעיאַזד. ער גייט געלאַסן, ווי ער וואָלט אויסגעקלאַפּט אַ מאי־קא־משמע־לן וואָס יידן איילן זיך אַזוי, צו וואָס פֿאַר אַ ציל לויפֿן זיי?

און פּונקט ווי עפּשטיינס זייגער פֿרעגט אַ קשיא, אַזוי שטייען אויפֿן באַלקאָן פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין יידישע דיכטער. זיי קוקן אַראָפּ צום טומלדיקן פּשעיאַזד און פֿרעגן דער וועלט אַ קשיא, וווהין לויפֿן די יידן? וווהין פֿירט דער גרויסער אימפּעט פֿון אַ פֿאָלק?

לויפֿן יידן צו די נאַלעווקעס, פֿראַנצישקאַנער און גענשאַ־גאַס. די גרויסע הויפֿן אויף די נאַלעווקעס זיינען פֿול מיט קראָמען און פֿאַבריקלעך, צוזאַמענגעקוועטשט, צונויפֿגעדרענגט אין שמאָלע דורכגענג, שטופּן זיך יידן צו די קראָמען און פֿאַבריקלעך מיט אַזאַ אימפּעט, ווי די וועלט וואָלט געברענט און זיי לויפֿן ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך. און יידן האָבן געשלעפּט פּעק, אַרויסגעיאָגט פֿון זיך דאָס חיות, „אַרויסגעריסן" אַ פּעקל סוועטערס, אַ קאַסטן קאַלאָשן, אַ ראַמש העמדער, זאָקן, טיכלעך, און געלאָזט זיך צו די פֿראַנצישקאַנער לעדער־געשעפֿטן.

אַ לאַנד מיט פֿויערים וואַרטן אויף שטיוול און לאַפּטשעס — האָבן יידן נישט קיין צייט. זיי רייסן די פּעקלעך לעדער פֿון די פּאַכן; די גאַנצע וועלט איז דאָ פֿאַרשטעלט מיט יוכטן, דער לעדער־גערוך פֿאַרשיכורט און מישט זיך אויס מיטן שוויס פֿון פֿאַרהאָרעוועטע יידן. יידן מיט פֿאַרדאגהטע פּנימער, וואָס וויסן אפֿילו נישט, צי נאָך דער גאַנצער פּראַצע וועלן די וועקסעלעך, וואָס זיי שטעלן אויס, קענען געצאָלט ווערן.

* * *

אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער גענשע שלעפּן־אַרויס יידן פֿון די געשעפֿטן פּעק מיט מאַנופֿאַקטור. די איילעניש איז דאָ פּונקט אַזאַ הייסע ווי אויף דער פֿראַנ־

צישקאַנער און נאַלעווקעס, אָבער די פּעק זיינען דאָ גרעסערע. די וואַרשעווער גע־זונטע טרעגער ווערן פאַרפּאַלן אונטער די פּעק פון ווייסן מאדעפּאלאן און פאַרביקע געוועגדער, די גאַנצע וועלט איז דאָ פאַרדעקט מיט קאָרט און שעוויאָט. אַ קלייניקייט אָנטאָן אַ וועלט! באַזאָרגן אַ וועלט מיט פּויערים — מיט הויזן און סערמינגעס מיט וואַטענע שפּענצערס!

פון די הויפן הערט מען נישט אויף אַרויסצופירן וועגענער מיט סחורה, סחורה אויף פּלייצעס און אויף אָרעמס. עס דאַכט זיך, אַז דאָ, אויף דעם קליינעם שטח פון דער גענשע גאַס, געפינען זיך אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון סחורות.

* * *

אָבער אַביסל ווייטער, אויף דער דזשיקע (זאַמענהאָף) ברעכן זיך פּלוצים איין די רייכטימער און עס שרומפּט זיך איין די שפע. דאָ הייבט זיך אָן די וועלט פון „חסדלעך", פון הענדלער אויף וועגעלעך, וואָס לעבן אין חסד פון דעם, וואָס דער גוי, דער פּאָליציאַנט, טרייבט זיי אַמאָל נישט אַראָפּ פון גאַס. אָבער בדרך־כלל ווערן זיי געיאָגט און געטריבן און אין געיעג האַנדלט מען מיט ראַמשן פון ספרים, מיט קעמלעך און זייף, מיט גרינסן און פּרוכטן, מיט אַלץ, מיט אַלץ, וואָס לאָזט זיך פּרייזן, מיט אַלעמען פון וואָס מען קאָן אויסשלאָגן פּרנסה.

דזשיקע גאַס איז די גרענעץ פון שטאַנדן און קלאַסן אין וואַרשע. דזשיקע פאַר־בינדט דאָס רייכע יידישע וואַרשע מיט די אָרעמע געסלעך פון סטאַווקי און וואָ־לינסקע. סטאַווקי און מילע האָבן געהאָפּט, אַז די רעוואָלוציע, ווען זי וועט אויס־ברעכן, וועט זיך אָנהויבן דאָ, אויף דזשיקע גאַס. פון דאַנען וועט מען גיין שטורע־מען די אַלטע אָרדענונג. פאַר יענע אָרעמע געסלעך פון לוינאַרבעטער און הענדלער איז די דזשיקע־גאַס געווען דער פּרוזדור צו העכערע אַספּיראַציעס. אַלע יידישע דעמאָנסטראַציעס פלעגן מוזן אַדורכגיין דורך דזשיקע. אין די שבתים און יום טובים פלעגט דאָס אָרעמקייט פון וואָלינסקע און סטאַווקי קומען אַהער און פון דאַנען־אויס גיין אויף דער אַריסטאָקראַטישער און „אַסימילאַטאָרישער" ביעלאַנסקע.

פון דזשיקע גייט אַראָפּ די פּאַוויע־גאַס; די גאַס פון „כאַלופּניקעס" און פון יידן, וועלכע מען האָט קיינמאָל נישט געקענט צושרייבן צו וועלכן עס איז קלאַס... אַן אומעטיקע גאַס געווען, מיט בוידעמלעך און פאציאטקעס, מיט ראָמאַנטישע מיידלעך און וועלטבאַנייערישע יידישע בחורים. עס האָט זיך תמיד געדאַכט, אַז בלויז די פּאַוויע גאַס נעמט ביכער אין די ביבליאָטעקן און שרייבט־צו פילאָזאָפישע באַמערקונגען אויף די ווייסע ראַנדן פון די ביכער...

* * *

די גרענעץ פון יידישן וואַרשע איז די סמאָטשע. דאָס איז די גאַס, וואָס „לעבט אויף דער גאַס". די פריידן און ליידן פון די הייזער ווערן דאָ אַרויסגעטראָגן פאַר די טויערן און ווערן אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט, כדי זי, די וועלט הייסט עס, זאָל משפּטן צי ס'איז גוט, צי ס'איז שלעכט. און אויף סמאָטשע אין די קעלערס איז געמשפּט געוואָרן די וועלט מיט אירע אומרעכטן און עוולות.

אָבער קיין גלויבן האָט אויף סמאָטשע נישט אויסגעפּעלט. ביי דער גאַנצער אומרעכט לגבי איר האָט זיך סמאָטשע געקענט פרייען ווי קיין שום אַנדער גאַס נישט. אין די אָוונטן איז דאָ דאָס יידישע טעאַטער געווען באַלאַגערט, ווי מען וואָלט דאָרט געטיילט פרייהייט און פרייד...

אין דער געדיכטעניש פון יידישן וואַרשע, פון דער לעשנאָ ביז מוראַנאָוו, פון דער סמאָטשע ביז נאָוויניאַרסקע און פרעטע, זיינען געווען צעוואָרפן צענדליקער פּאַראיינען און ביבליאָטעקן, אומצאָליקע חסידים־שטיבלעך און בתי מדרשים, שולן און תלמוד־תורה׳ס, טעאַטערס און קינאָס, לייען־זאַלען און רעדאַקציעס — אַ וועלט פון יידישן גייסט, אַ וועלט אַ דורשטיקע נאָך וויסן און נאָך פרייהייט, אַ באַגער וואָס האָט נישט געקענט קיין גרעניצן.

* * *

אויפן גענשער בית־עולם, איז אַ לעבעדיקע וועלט. ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז קברים זאָלן האָבן אַזאַ שטאַרק לעבן אין זיך. שוין אין דער ערשטער צענטראַלער אַלייע באַגעגנסטו די אַלט־וואַרשעווער גבירים, די „איינגעפונדעוועטע" יידן, וואָס ליגן אונטער שווערע מאַרמאַרענע מצבות. און וואָס ווייטער אַלץ „היימישער", אַלץ נענטער ווערט די וועלט. דאָ לעבט טלאָמאַצקע 13 אין איר פולן גלאַנץ.

לאָמיר צוגיין נענטער און בויגן די קעפּ פאַרן „אהל־פרץ". דאָ הערשט אַזאַ הייליקע ערנסטקייט, ווי ס׳האָט געהערשט אַרום די, וועלכע רוען אונטער דעם מאָ־נומענט — י. ל. פרץ, ש. אַנ־סקי און יעקב דינעזאָן.

און אָט איז דער קבר פון י. מ. ווייסנבערג.

ה. ד. נאָמבערג׳ס מצבה, אַ טונקעלע און פאַרשפּיצטע הייבט זיך אויף העכער פון אַלע. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך זע אים אַ לעבעדיקן, ה. ד. נאָמבערגן, איך זע אים אין שאָטן פון דער מצבה מיט זיין שאַרפן בליק. נישט ווייט פון אים איז דער אידעלער און שטילער בועז קאַרלינסקי, און אונטער דער נידעריקער מצבה פאַר זיי — דער פּיקחותדיקער ד״ר גרשון לעווין. אַ גאַנצע וועלט שטייט אויף פאַר דיינע אויגן: יוסף כמורנער־לעשטשינסקי, בייניש מיכאַלעוויטש און אַ טריט ווייטער — די מצבה פון דוד קאַסעל.

די מצבה פון אסתר רחל קאַמינסקי איז פּונקט אַזאַ באַשיידענע, ווי ס׳איז געווען באַשיידן די, וואָס רוט אין איר אייביקייט. און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך זע זי אַ לעבעדיקע — אסתר רחל קאַמינסקי, איך זע זי אויף דער סצענע אין קאַ־מינסקי׳ס טעאַטער אויף אָבאָזשנע. איך הער איר צאַרטע מוטערלעכע שטים. מירעלע אפרת זאָגט „גאָט פון אברהם" אין דעם האַלב טונקעלן צימער. דער שבת קודש גייט אַוועק, אַ הייליקע שטילקייט שוועבט איבער דער סצענע, איבערן זאַל, וווּ עס זיצן יידן פאַרכישופטע פון די ווייכע, פרומע קלאַנגען פון זייער אַלעמענס מאַמע — פון אסתר רחל קאַמינסקי.

און אָט איז די מצבה פון אַלעקסאַנדער בערקנהיים — דעם פאָטער פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פּוילן. נישט געווען אין דעם לאַנד קיין איין יידישע קהילה, ווו זיין נאָמען זאָל נישט קלינגען ווי אַ רעטונג. די קליינע פאָלקס־בענק אין די שטעטלעך, די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אין די שווערע יאָרן פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם געדינט ווי אַ שוץ־וואַנט קעגן מאַטעריעלן חורבן — פלעגן דערמאָנען דעם נאָמען „אַלעקסאַנדער בערקנהיים", ווי מען דערמאָנט דעם נאָמען פון אַ לייבלעכן טאַטן.

און אָט איז קלמן קאַמאַשנמאַכער — דער ווונדערלעכסטער צונויפמיש פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט און גייסטיקייט. דער שטיין אויף זיין קבר, אַ פאָרמ־לאָזער און אַ קינסטלעריש־צעשויבערטער, איז ווי דער אָפּדרוק פון קלמנס נשמה...

די קברים פון דער פאַרפוילישט־אַסימילאַטאָרישער וועלט זיינען אָפּגערוקט פון „טלאָמאַצקע 13” און יידיש־זועלטלעכקייט.

פּראָפעסאָר שמעון אשכנזי — זיין מצבה איז אָפּגערוקט פונעם יידישן קאָכעדיקן לעבן. אונטער דער גרויסער אַריסטאָקראַטישער מאַרמאָרענער מצבה ליגט אַ גייסטיקער ריז. דער גרעסטער פּוילישער פּאָליטיקער און היסטאָריקער פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר. איידער ער איז געקומען אַהער האָט ער ווינציק שייכות געהאַט צו די ראַנגלענישן פון יידישן לעבן. דער פאָרשטייער פון פוילן אין דער פעלקער־ליגע איז אויך דאָ אַ ייד און ער איז אַ טייל פונעם יידישן לעבן אויפן געגעשער בית־עולם. אין שכנות פון אים באַגעגנט איר דעם מעצענאַט און אינטעלעקטואַליסט גוסטאַוו בערגסאָן — דאָס געוויסן פון פוילן, דעם אייביקן קעמפער פאַר גערעכטיקייט, די קרוין פון די פּוילישע אַדוואָקאַטן. ווייטער אַביסל ליגט דער פאַרטיידיקער פון יידן — סאָלאָמאָן עטינגער. אין שכנות פון זיי געפינט זיך דער וואַרעמער, היימישער שניאור זלמן ביכאָווסקי.

דער פּילם פון דעם געוועזענעם יידישן רייכן לעבן וויקלט זיך פונאַנדער אין אַלע זיינע וווּנדערבאַרע פאַרבן.

לודוויק זאַמענהאָף. דער טרוימער פון אַ בשותפותדיקער שפּראַך, אויף וועלכער אַלע פעלקער זאָלן זיך קענען פאַרשטענדיקן, עספּעראַנטאָ — די שפּראַך פון האָפענונג. איך שטיי דאָ ביי זיין קבר און וויל אים זאָגן, אַז זיין גרויסער משיחישער חלום איז נישט מקוים געוואָרן. אַז דערוויל פאַרשטייען זיך פעלקער וואָס אַמאָל ערגער, אַז דערזוויל איז די וועלט באַהערשט געוואָרן נישט פון עספּעראַנטאָ, נאָר פון דעספּעראַנטאָ — פון האָפנונגסלאָזיקייט, פון פאַרצווייפלונג. אפשר וועט אַמאָל קענען קומען אַ ייד צום דאָזיקן קבר און זאָגן דעם אַלטן גוטן דאָקטאָר, אַז די איידעע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם טונקלען קאַבינעט פון דזשיקע 9 אין וואַרשעווער יידנשטאָט, האָט באַהערשט די וועלט...

ווייטער קומען מיר אַריין אין דער זוועלט פון יחוס, אין דער וועלט פון די וואַרשעווער יידישע נגידות׳טעס. אין דער מיט פון נייַנצענטן יאָרהונדערט איז געווען אין דער מאָדע צו שטעלן ריזיקע מצבות פון אייזנגוס. יעדע מצבה איז אַ גבירישע פעסטונג. זייער סטיל איז אַ שווערער באַראָק, איבערגעלאָדן מיט טורמעס און טורעמלעך, אַזוי ווי אַלטע בשמים־ביקסן. אָט די מצבות פאַרנעמען דעם אויבנאָן.

אָט דערציילט אַזאַ מצבה אין אַ דייטשמערישן יידיש, אַז:

„היער רוהט פרויה העריעטע עפּשטיין גאטטין דעס יאקאָב עפּשטיין וויילאנד, פּרעזעס דעס איזראַעליטישן האָספּיטאַלס, געשטאָרבן דעם 9־טן מערץ 5609, הייליק איהרע רוהע”.

און באַלד נאָך דעם דאָזיקן אַדרעס קומט אַ געריימטער עפּיטאַף:

„דער פרויען און דער מוטער ציער
רוהט אונטער דיזען שטיינע היער.
דורך זעלטענע ליעבע דען קינדערן פעראיינט
ווירד זי אויך קינדליך דורך איהנען בעוויינט.”

לינקס פון דער ווייבערשער וועלט — קומט מען אַריין אין דער אַטמאָספער פון חסידות און רבנות. אַ געפיל פון פרומקייט און יראת הכבוד נעמט אַדורך.

אויבנאָן ליגט דער וואַרשעווער רב פּערלמוטער, אַ ייד אַ פּיקח, אַ תּלמוד חכם, אַ הדרת פּנים, ער איז געווען דעפּוטאַט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט און אַ קרוב למלכות. אַ צווייטע מצבה דערציילט, אַז אונטער איר רוט דער וואַרשעווער רב חיים פּאָזנער — דער עקספּערט אויף יידישקייט אין די פּוילישע געריכטן. און אָט איז דער קבר פון איינעם פון די באַדייטנדיקסטע אינטעלעקטואַליסטן און שריפטשטעלער, אַ באַרימטער אָריענטאַליסט, דער פּרעדיקער פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע — הרב ד״ר שמואל פּאָזנאַנסקי. נעבן אים ליגט דער גרויסער דענקער, דער וואַרשעווער רב שעכטער, און דער מומחה אין די אַממערסטן קאָמפּליצירטע דין־תּורהס צווישן די וואַרשעווער יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן — דער גאון חיים לייב יודאָווסקי.

אַרום דעם גרויסן רבנישן יחוס פון אַנומלט און פון אַלטע צייטן ליגן די וואַרשעווער גרויסע גבירים. דאָ ליגט מרדכי סאַרנאָקער, נתנאל הייטלער. פון נאָך פריערדיקע צייטן ליגט דאָ אונטער אַ שווערער איינשטאָקיקער מצבה פון אייזנגוס — דער גרויסער גביר און נדבן, ר׳ יעקב עפּשטיין, וואָס האָט דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד פאַרנומען די שטול פון פּרעזעס פון יידישן שפּיטאָל אין וואַרשע. אין שכנות פון אים געפינט זיך דער קבר פון איינעם פון די ערשטע יידישע פאַרלעגער און בוכהענדלער אין וואַרשע — יאַן גליקסבערג, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער ערשטער העלפט פון ניינצענטן יאָרהונדערט.

* * *

וואָס פאַר אַן אָרט יידן האָבן פאַרנומען אין וואַרשע האָט געזען נאָר דער, וואָס האָט בייגעוווינט כל־נדרי אין וואַרשע.

אויף אָפּצײלן דריי הונדערט און פופציק טויזנט יידן אין וואַרשע האָט מען געדאַרפט אַ ציילונג. אויף אויסחשבונען דעם יידישן האַנדל האָט מען געדאַרפט בילאַנסן. אויף צו באַקענען דאָס פילפאַרביקע יידישע לעבן אין וואַרשע האָט מען געדאַרפט פאָרשן. אָבער כדי צו זען וואָס יידן האָבן באַדייט אין וואַרשע — איז גענוג געווען ביי־צו־זיין איין כל־נדרי־נאַכט אין וואַרשע.

אין טאָג פון ערב יום כּפּור זיינען דער הימל און די ערד געווען יידישע. דער טעמפּ פון וואַרשע איז געווען אַ צוגעאיילטער. ס׳איז פאַר כל־נדרי ביי יידן, און פאַר „יענע" גאַסן, פאַר די גויים, קומט אָן דער „סאָנדני דזשען", ווען אויף פראַנציסקאַנער און די נאַלעווקעס האַלט־איין דאָס לעבן דעם אָטעם.

גזשיבאָוו און דזשיקע האָבן באַקומען אַ גענדערט אויסזען: די ערנסטע יידישע פּנימער זיינען נאָך ערנסטער געוואָרן. די אייליקע יידישע פיס האָבן באַקומען נאָך גרעסערן אימפּעט. פון די גויישע גאַסן האָבן פולע טראַמווייען געבראַכט יידן, וואָס האָבן אין דעם טאָג זיך דערמאָנט זייער יידישקייט און געפאָרן צו זייערע קרובים און פריינט ווינטשן אַ גמר חתימה טובה.

ערב יום כּפּור האָט דער הימל איבער וואַרשע געשמעקט מיט האָניג און דער זון־פאַרגאַנג האָט דערמאָנט אָן די טערקישע טיכער פון פרומע יידישע באָבעס. אין דער לופט האָט געהויערט אַ קלאַנג פון אייביקייט.

פון בוך: איבער שטיין און שטאָק, תל אביב, 1948.

# אהרן צייטלין

## ווארשע אין 1912



דרויסן שיינט און זומערט — פינצטער איז אין הויף.
אַ ייד מיט אַ זעקל
שרייט יאושדיק אַרויף:
האַנדל, האַנדל!
יאַך קויף
אַלטע שמאַטעס, אַלטע שיך —
אַלטוואַרג קויף יאַך, אַלטוואַרג!

אַז ער גייט אַוועק, קומט אָן פון גאַס
אַ הויכער קאַצאַפּ מיט אַ פּאַס
אויף דעם קוואַדראַטיקן קאָפּ.
פייערלעך ווי אַ האָן, וואָס זאָגט אויפגאַנג אָן,
רופט ער אין הויף אַריין:
סאַכאַרנאַיע מאַראָזש — —

אויפן דנאָ פון שמאָלן קאַסטן —
דעם וואַרשעווער הויף —
איז שטיל אַ פּאָר מינוט.
און פּלוצלונג — אַ געלויף.
קונצנמאַכער, קונצנמאַכער גייען!
בלענדיק גיט זיך אַ צעשפּרייט
אַ שלל קאָלירטע פּלאַכטעס —

---

אהרן צייטלין — געבוירן אין אָוואַראָוויטשי, ווייסרוסלאַנד, אין יאָר 1898. אין יאָר 1907 געקומען קיין וואַרשע. זינט 1939 אין אַמעריקע. געווינט אַ יאָר אין קובאַ. עטלעכע מאָל אין ארץ ישראל. דיכטער אין יידיש און אין העברעיש. מחבר פון לידער־זאַמלונגען, דראַמעס, ראָמאַנען, פילאָזאָפישע עסייען; פּובליציסט, זשורנאַליסט. פּראָפעסאָר פון דער העברעישער ליטעראַטור אין טעאָלאָגישן סעמינאַר, ניו־יאָרק. מערמאָל לאַורעאַט פון ליטעראַרישע פרייזן אין אַמעריקע, מדינת ישראל, דאָקטאָר האָנאָריס קאַוזאַ. — — — זון פון הלל צייטלין הי״ד, ברודער פון אלחנן צייטלין ע״ה. זיין טיפע דורכגעדרונגענקייט מיט דער שיינקייט און דער טראַגישער מיסטעריע פון יידישן וואַרשע שטראַלט אין זיין פּאָעמע: וואַרשע אין 1912.

ליכטיק לאַכט עס
קעגן געלע מויערן, וואָס טרויערן.
קונצנמאַכער שטייען
מיט די פיס די דראָטענע אַרויף.
טרייסלט זיך דער הויף.
שרייען קינדער. פיס משוגע פלינקע
צאַפּלען, צאַפּלען אין דער הויך — און שיכור שפּילט
די קאַטאַרינקע.
פון די פענצטער פליען גראָשנס אין פּאַפּירלעך.
דער הויפּט־קונצנמאַכער דאַנקט
און נויגט זיך מאַנירלעך.

די קונצנמאַכער קלייבן זיך אין וועג.
ווידער וועט דער שמאָלער קאַסטן
פון זיין שאול תחתית
אַרויפקוקן פאַרלאָשן צו אַ שטיקל הימל,
בענקען נאָך די בלענדנדיקע פּלאַכטעס.
קונצנמאַכער, גייט נאָך נישט! נישט גייט!
אָבער ניין, זיי גייען. און מיט זיי די פרייד,
נאָך זיי — די שרייענדיקע קינדער.

דרויסן קאַכט די גאַס. איבער דעם שטיינערדיקן ברוק
לויפט דונערדיק אַ דראָזשקע:
אַ דאָזאָר אין אַ גלאַנציקן צילינדער
פאָרט צום קהילה־שטיבל אויף גזשיבאווסקע.

האַרט ביי דער וואַנט
פון אַ טויבער מויער
שפּילט אַ בלינדער מוזיקאַנט,
אַ ייד אַ לאַנגער, אַ פאַרלאָשן גרויער.
ער רייסט די גראָבע סטרונע, דעם באַס,
ברומט זי ווי פון א פוסטן פאס
און וויל אריבערברומען מיט איר טרויער
די גאנצע גאס.

פלוצלינג לאָזט ער אָפּ דעם סמיק זיינעם דעם דארן.
אויף זיין פּנים בלייבט שטאַרן
אַ שרעקיקע האַוואַיע.
מע הייסט אים אויפהערן, דעם ייד. עס גייט
אַ לוויה — — אַ לוויה — —

שפּאַנען אין שוואַרצן צוויי פערד,
שאָטנדיק פלאָטערן בערד,
שפּיציק גייט אויף אַ געוויין.
אַ צעהיצטער טראַמוואַי גיט אַ קלונג —
און בלייבט שטיין.
עס שטאַרבט אים אונטער די רעדער
אַ בלויער עלעקטרישער פונק.
אַזוי לעשט זיך דער בן־אדם, אַזוי מוז יעדער
גיין נאָכן מלאך־המות
אַהיים צו די אבות.
לאַנגזאַם שפּאַנען די פערד,
פאַרקלערט אין עפּעס, אין עפּעס פאַרהערט,
און דורך די לעכער אין דעם טוך דעם שוואַרצן
קוקן די לענגלעכע אויגן די פערדישע
ווי איבער־ערדישע.

פאַרביי די לוויה. דער טראַמוואַי דער רויטער
אַנטלויפט מיט אַ גוואַלד.
און באַלד
דערטראָגט זיך פון נאָענטן חדר
אַ צעצויגן געזאַנגיק רוישן,
ווי ס׳מעלאָדישע פלוישן
פון אַ רעגן אין רינע:
ויאמר — האָט געזאָגט,
אדני — גאָט,
אל משה — צו משהן.

אַ יידענע צעשרייט זיך איבער פולע קוישן.
עפּעס אַ ליטוואַק דרייט זיך אויפן גאַס מיט אַ וואַליזע
און אַ בלעכערנעם טשייניק — זוכט אוודאי אַ קוואַרטיר.
זע, אָט גייט ליזע,
די פּרעבליסטקע פון האַלפּערנ׳ס קורסן. מיט איר —
אַ בחור אַ פאַרקלערטער:
לאַנגע האָר, אַ קינסטלערישע בלוזע.
געהויבן פליען פון זיין מויל די ווערטער:
פּאָעזיע — שאַפונג — מוזע.
זי פאַרקיילעכיקט די ליפּן ווי אַ גרעשל, קאָקעטירט צעטראָגן...
פלוצלינג לאַכט זי צו דעם בחור הויך, נערוועיש...
דאָס איז די זעלבע ליזע, וואָס די לצים זאָגן,
אַז זי חלשט אויף העברעיש.

שאַ! אַ וואָרע מאַכט׳ס, אַ וואָרע!
חסידים לויפֿן. פֿון אַ קאַטש
שטייגט אַרויס דער רבי.
ס׳אַראַ מראה!
ווי ער גייט!
בלוילעך שנייט
זיין באָרד איבער דער גאַס.
די ווייסע זאָקן בלאַנקען.
די גאַס פֿאַרזינקט אַ רגע אין געדאַנקען.

זע נאָר, ווער עס גייט —
דער רבי גייט!

פֿאַרביי — און ווידער
גיסט איר זומערדיקן זודיקן האַרמידער
די גאַס.
אַ געזעצטער מאַן מיט דיקע וואָנצעס פּריצישע,
הייסע אויגן, פֿול מיט כּישוף און להטים,
אַ קורצן ברענענדיקן אָטעם,
קומט אָן מיט שנעלן פֿעסטן טראָט.
זיין שוואַרצע פּעלערינע פֿליגלט —
אַ פֿלאַטער און אַ פּאָך, אַ פֿלאַטער און אַ פּאָך.
פֿאַרגאַפֿט
לויפֿן פֿענצטער אים נאָך.
דורות, וועלטן, קלאַנגען
יאָגן זיך נאָך אים,
ווילן אים דערלאַנגען,
און ער — ער פֿליט, ער פֿליט,
אינגאַנצן כּישוף, גלאַנץ און קאָך.
אַ פֿאַרחלומט יינגל קוקט אים נאָך
מיט פֿרומען ציטערדיקן דרך־ארץ.
ער ווייס דאָך ווער דאָס איז —
ס׳איז יצחק לייביש פּרץ.

ווען ער פֿאַרשווינדט
ווי אַ הייסער ווינט
הינטערן ראָג,
ווי ס׳וואָלט אים צוגענומען מיט דער פּעלערינע
אַן אַנדער וועלט, אַן אַנדער טאָג, —
דערלאַנגט פֿון אַן אָפֿענעם פֿענצטער
אין גאַס אַריין אַ זעץ, אַ שלאָג
אַ גראַמאָפֿאָן.
אַ גראַמאָפֿאָן אין וואַרשע

ווײנט אַריבער קײן אַמעריקע,
בעט זיך אין גראַמען:
אַ בריוועלע דער מאַמען
זאָלסטו ניט פאַרזאַמען;
שרײַב, מײַן קינד,
שרײַב געשווינד
אַ בריוועלע דער מאַמען.
וואַרשעווער גראַמאַפּאָן פון נײַנצן הונדערט צוועלף,
וואָס דײַן געוויין האָט זיך צו מיר דערטראָגן
אין נײַנצן הונדערט פערציק פינף!
איך קען דיר זאָגן
פון דאַנען, פון ניו־יאָרק,
אַז ס׳איז גאָרנישט מער געבליבן.
אַלע וואָלטן מיר געשריבן
אַ בריוועלע איבער ים׳ען,
אַ בריוועלע דער מאַמען,
אָבער —
ווו איז די מאַמע?...

דעצעמבער, 1945.

פון בוך „געזאַמלטע לידער“ — ערשטער באַנד.

# אלחנן ציטלין

## דאָס ליטעראַרישע הויז



אין יאָר 1908, האָבן מיר זיך פון ווילנע אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע, ווו דער פאָטער איז געווען באַזונדער פּאָפּולער, דער עיקר צוליב זיינע „בריוועלעך צו דער יידישער יוגנט", וואָס ער האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אין „היינט".

די באַציונג צו אַ יידישן שרייבער, בפרט צו אַן אָנגעזעענעם און באַוווסטן, איז דאַן, אין די יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־שרפה, געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי היינט. די יידישע יוגנט האָט דאַן באמת געקוקט אויף די שרייבער, ווי אויף אירע לערער און מדריכים, אַרויסווייזנדיק זיי מערקווירדיקן דרך־ארץ און ליבשאַפט, אַרומרינגלענדיק זיי מיט באַזונדערער פּיעטעט און פאַרערונג. נישט געווען נאָך דאַן די אומבאַגרענעצטע און אומגעלומפּערטע פּאַרטיי־הערשאַפט אויף דער יידישער גאַס, געוווסט האָט נאָך דאַן די יידישע יוגנט, אַז נישט יעדער פּאַרטיי־גדול איז טאַקע אַ גדול און אַז נישט דאָס פּאַרטיי־בלעטל איז, ווי היינט, אויך דער פּוסק אין ענינים פון קונסט און ליטעראַטור...

שוין בלויז דערפון, ווי מען פלעגט באַגעגענען אויף דער גאַס אַ באַדייטנדיקן יידישן שריפטשטעלער, האָט מען געקענט באַגרייפן דעם אינטערעס און די אַכטונג, וואָס פלעגט דאַן אַרויסגעוויזן ווערן די פאָרשטייער פון דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור, וועלכע זענען דאַןווירקלעך באַטראַכט געוואָרן ווי פּוסקים און וואָרט־פירער.

איך געדענק, אַז ווען דער טאַטע פלעגט זיך נאָר באַווייזן אין גאַס, פלעגט ער גלייך אַרומגערינגלט ווערן דורך גרויסע גרופּן פון זיינע פאַרערער, איבערהויפּט פון יונגעלייט אין לאַנגער, חסידישער קליידונג, מיט ביכלעך און צייטונגען אונטערן אָרעם. די דאָזיקע יונגעלייט, שאַרפע חסידים פון הלל ציטלין, וועלכע פלעגן מיט דורשט שלינגען יעדן וואָרט פון זיינע „בריוולעך", אָדער פון זיין „בענקשאַפט נאָך שיינקייט", וועלכע פלעגן, ביז איבער די ברעגן, אויספילן די פאַרלעזונג־זאַלן אויף גזשיבאָווסקע, דלוגע („האַרמאָניע") לעש („הזמיר"), אָדער נאָוויניאַרסקע

---

אלחנן ציטלין, זון פון הלל ציטלין, ברודער פון אהרן ציטלין — געבוירן אין יאָר 1902 אין ראָהאַטשאָוו, ווייס־רוסלאַנד. געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1908. פּאָעט, זכרונות־שרייבער, זשורנאַליסט. געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ — דעצעמבער 1942. הלל ציטלינס שטוב איז יאָרן־לאַנג געווען דער בית וועד לחכמים אין וואַרשע און דער פראַגמענט פון אלחננס בוך „אין אַ ליטעראַרישער שטוב" — דאָס אויטענטישע בילד פון אָט דער היים.

(„אַנגיעלסקי״) — צי גאָר דעם זאל פון די אַמאָליקע ווארשעווער „חובבי שפת עבר״ — ווו דער פאָטער פלעגט אָפּט, אַליין אָדער מיט נאָך וועמען פון די שרייבער, לייענען רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע אָדער פילאָזאָפיש־עטישע טעמעס — די דאָזיקע יונגעלייט פלעגן, אַפילו אויף דער גאַס, נישט אָפּטרעטן פון אים און פאַרוואַרפן אים מיט אַלערליי פראַגן, אויף וועלכע ער האָט געדאַרפט, אָט טאַקע תוך כדי דיבור, געבן אַן ענטפער. אין בעסטן פאַל פלעגן זיי גלאַט האָבן הנאה צו באגלייטן אים א שטיק וועג אזוי, אַז ער פלעגט אין זיין ברייטן, שוואַרצן הוט, מיט דער לאַנגער באָרד און לענגלעכן שוואַרצן מאַנטל, אויסזען ווי אַ רבי, באַלאַגערט פון אַ מחנה חסידים.

איינמאָל (געווען איז עס אַ פּאָר טעג נאָך מיין פאָטערס אַ פּאָרלעזונג וועגן „קרבת אלהים״, וואָס האָט, ווי איך געדענק, אַרויסגערופן אַ שטורעם און אויך אַ שאַרפע פּאָלעמיק מצד י. ל. פרץ און אַנדערע) בין איך אַרויס אויף אַ שפּאַציר מיטן טאַטן. איך בין שוין געווען געוווינט צו די שטענדיקע גרופּקעס „חסידים״, וואָס פלעגן אַרומרינגלען דעם טאַטן, ווי נאָר ער פלעגט אַרויס פון טויער אויף דער גאַס. און איך בין אויך געווען געוווינט צו די סתם־נאָכלויפער און נייגעריקע, וואָס פלעגן אונדז תמיד פאַרלויפן דעם וועג און אַריינקוקן דעם טאַטן גלייך אין פּנים אַריין, שושקענדיק זיך מיט צופרידנקייט און סאַטיספאַקציע:

— הלל צייטלין... הלל צייטלין...

און איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך האָב פיל מאָל אויך באַוואונדערט דעם געוויינלעך־אומגעדולדיקן טאַטן, וואָס ער וויַזט־אַרויס צו די נייגעריקע אויף דער גאַס אַזוי פיל געדולד, ענטפערט כמעט יעדן רויק, געלאַסן, שמייכלט פריינטלעך. אָבער אַזוי פיל „חסידים״, אַזאַ מחנה יונגעלייט ווי דאָס מאָל, האָב איך נאָך נישט געזען. אַ לענגערע ווײַלע זענען מיר — דער פאָטער און איך — געגאַנגען פאָראויס. די מחנה — שווייגנדיק — הינטער אונדז. עס איז געווען שטיל, אָבער עס האָט זיך געשפּירט אין דער לופט, אַז עס גרייט זיך עפּעס, אַז באַלד וועט עפּעס געשען, די שטילקייט וועט איבערגעריסן ווערן. מיט אַמאָל האָט זיך טאַקע פון דער גרופּע באַגלייטער אָפּגעטיילט עפּעס אַ הויכער, דאַרער חסידישער יונגערמאַן, אַ לאַנג־געקליידטער, מיט ברילן אויף דער שאַרפער, בלאַסער נאָז, און איז האַסטיק צוגע־טרעטן צום פאָטער, פאַרשטעלנדיק אים דעם וועג. דער יונגערמאַן איז געווען שטאַרק דענערווירט, געציטערט אין גאַנצן. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען, נישט אַרויסברענגענדיק קיין וואָרט, בלויז לויט די באַוועגונגען פון זיינע בלייכע ליפּן האָט מען דערקענט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן. דער פאָטער האָט אים, ווייזט־אויס, באַשלאָסן אַרויסצוהעלפן, וואָרום ער האָט אים אַ פרעג־געטאָן:

— איר האָט עפּעס געוואָלט, יונגערמאַן?

דער בחור האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און ענדלעך אויסגעשאָסן:

— יאָ, ה׳ צייטלין, איך האָב אייך געוואָלט פרעגן, צי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און צי עס איז טאַקע דאָ השארת־הנפש?...

דער טאַטע, וועלכער פלעגט געוויינלעך זייער פריינטלעך אויפנעמען די כלערליי פראַגן פון זיינע פאַרערער, באַזונדער פון די, וואָס פלעגן זיך אינטערעסירן מיט פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, האָט זיך דאָס מאָל נישט געקענט באַהערשן און זיך צעבייזערט:

— אָט־דאָ, אויף דער גאַס, אויף איין פוס, ווילט איר עס וויסן, יונגערמאַן?

דער בחור איז נעבעך געבליבן אַ געפּלעפטער, געשטאַנען אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך, דערנאָך האָט ער זיך אַ פאַרשעמטער, אָן אַ „זײַ־געזונט״, האַסטיק אויסגעדרייט און אַוועק. גלייך האָט זיך אויף די גרויסע גרופּע באַגלייטער שטילערהייט גענומען פונאַנדערגיין.

ווייזט אויס, אַז דער יונגערמאַן האָט גערעדט נישט בלויז אין זײַן נאָמען: דאָס איז ער, מסתּמא געווען דער שליח צבור פון דער מחנה...

געוווינט האָבן מיר אין וואַרשע אינעם „ליטעראַרישן הויף״, אויף שליסקע 60. „ליטעראַרישער״ האָט מען דעם הויף גערופן דערפאַר, וואָס דער פאַרוואַלטער פונעם הויז, אהרן לאַנגזאַם, הגם ער איז געווען אַ „חסידישער״ יונגערמאַן, ד״ה ער האָט נאָך געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ קליין חסידיש היטעלע אויף שפּיץ קאָפּ, איז שוין דאָך געווען אַ „געכאַפּטער אין דער מעשׂה״. ער איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון העברעישע און יידישע שרייבער, האָט פאַרגעטערט סאָקאָלאָוון און — דער עיקר — האָט שוין אַליין געשריבן און אַפילו שוין געהאַט אָפּגעדרוקט אַ העברעישע סקיצע אין „ספרות״, וואָס איז אַרויס אונטער פרישמאַנס און לחוברס רעדאַקציע. זײַן יוגנט־חבר איז געווען דער העברעישער שרייבער צ. ז. וויינבערג — ביידע האָבן זיי ייִנגלווײַז געלערנט אין פּראַגער בית־מדרש — און דאָס האָט לאַנגזאַמען נאָך מער צוגעבונדן צום ליטעראַרישן וועלטל.

אַלס פאַרוואַלטער פון אַ הויז האָט ער, פילנדיק אַ שוואַכקייט צו ליטעראַטור און ליטעראַטן, זיך באַמיט, אַז אין זײַן הויז זאָלן וווינען וואָס מער שרייבער, אָדער לכל־הפּחות אַזעלכע, וואָס האָבן אַ שייכות צו שרייבערײַ. דער באַלעבאָס פונעם הויז, אַ רײַכער סוחר פון אָקסן, האָט, דוכט זיך, געקוקט קרומלעך אויף אָט־דער „פאַנטאַזיע״ פון זײַן אַדמיניסטראַטאָר. לאַנגזאַם האָט זיך אָבער דערמיט נישט גערעכנט און פלעגט שטאַלצירן דערמיט, וואָס בײַ אים אין הויז וווינען ליטעראַטן און נישט „בילע־ווער״. אַפילו אויף צו רעמאָנטירן און מאָלן דאָס הויז, די טרעפּ־קאָרידאָרן און באַזונדערע וווינונגען, פלעגט לאַנגזאַם אַנגאַזשירן אַ „נאַש־בראַט״, אַ שרייבער. יואל מאַסטבוים, וועלכער איז פון פאַך געווען אַ שטובן־מאָלער, האָט שוין אָבער דאַן געשריבן און געדרוקט נאָוועלן, איז יאָרן־לאַנג געווען דער געשוווירענער מאָלער פונעם „ליטעראַרישן הויז״. די אַרבעטער מאַסטבוימס — מ. איז געווען אַ „מײַסטער״ און האָט געהאַט „טשעלאַדניקעס״ — פלעגן מיט זייער באַלעבאָס שטאָלצירן און פלעגן אים גוטמוטיק רופן: דער „ליטעראַטניק״...

דערוויסנדיק זיך, אַז דער פאָטער, וועלכער האָט אַ שטיקל צײַט געוווינט אַליין אין וואַרשע, אויף כלאָדנע, האָט בדעה אַראָפּצוברענגען די פאַמיליע פון ווילנע, האָט זיך לאַנגזאַם גענומען משתדל־זײַן, אַז מיר זאָלן וווינען בײַ אים, אין זײַן הויז, אויף שליסקע. ער האָט אויסגעזוכט אין הויף אַ פאַסיקע דירה און, קומענדיק קיין וואַרשע, זענען מיר טאַקע גלייך פאַרפאָרן אין דער צוגעגרייטער וווינונג.

אינעם „ליטעראַרישן הויף״ האָבן, אויסער אונדז און לאַנגזאַמען, געוווינט: דער העברעישער קריטיקער פ. לחובר מיט זײַן פאַמיליע; צבי כהן, וועלכער האָט זיך דאַן איבערגעקליבן, דוכט זיך, פון לאָדזש קיין וואַרשע, און משה חייקין, וועלכער האָט אַמאָל געשריבן אין „הצפירה״ און איז דערנאָך אַריבער, אַלס קאָרעק־

טאַר, אין „היינט". וועגן דעם קורצזיכטיקן און בלאָנדן צבי כהנען, געדענק איך, פלעגט, דוכט זיך, פרישמאַן דערציילן, אַז אויף זיינע וויזיט־קאַרטן שטייט אונטערן נאָמען אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייס: סופר עברי בישראל — אַפּנים, כדי מען זאָל חלילה נישט האָבן קיין טעות און נישט אָננעמען אים פאַר אַ סופר עברי צווישן גויים...

פון די שרייבער, וואָס האָבן געוווינט אין אונדזער „ליטעראַרישן הויף", האָב איך באַזונדער גינציק געהאַט פישל לאַכאָווערן, צוליב זיין איידלקייט און שטילקייט. אַן אמתער זיידענער יונגערמאַן געווען. קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געלאָזט פאַלן. און הגם ער האָט געפירט ליטעראַרישע מסחרים — געווען, חוץ שרייבער, אויך פאַרלעגער („ספרות", „רשפים") — האָב איך אַלעמאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז ער קען קיין צוויי נישט ציילן. ער פלעגט זיך תמיד האַלטן אין אַ זייט, שטענדיק גיין ווי אַ שאָטן. איך פלעג כמעט טאָג־טעגלעך אַרויפקומען צו לאַכאָווערן אין שטוב און פלעג תמיד באַוווּנדערן זיין שטילקייט, זיין פאַרטראַכטקייט, איך וואָלט אַפילו געזאָגט: זיין נישט דאָיקייט. קיין שטוב־זאַכן פלעגן אים נישט אָנגיין. אין היימישע ענינים פלעגט ער זיך נישט מישן. און ווען ס'ווייב פלעגט אים, נאָך זיין אַהיימקומען, נעמען דערציילן כלערליי הויף־און־שטוב־פּאַרלויפעניש, פלעגט ער קוקן פאַרטראַכט אין אַ זייט, ערגעץ אויף דער סטעליע, פלעגט נישט הערן, נאָר שמייכלען בלויז, מילד און טרויעריק.

אַ הויכלעכער, אַ דאַרער, מיט אַ גרויסן, ווייסן שטערן, מיט שאַרף־אַרויסגערוקטע קין־באַקן, און גרויסע, העל־בלויע אויגן — אָט אַזוי טאַקע, ווי עס האָט אויסגעזען פישל לאַכאָווער — האָב איך מיר דאַן פאָרגעשטעלט דאַרף אויסזען אַ פילאָזאָף. צוליב זיין איידלקייט, אינערלעכער פיינקייט און סובטעל־ערנסטער באַציונג צו זיין אַרבעט, האָט אים דער טאַטע שטאַרק ליב געהאַט, געווען צו אים צוגעבונדן. גאַנצע טעג און אָוונטן פלעגן זיי פאַרברענגען צוזאַמען אין פריינטלעכע, אָבער אָפטמאָל היציקע דיסקוסיעס. ביי די וויכוחים פלעגט דער שטילער לאַכאָווער ווערן מיט אַמאָל שטאַרק אַגרעסיוו און באַרעדעווּדיק. און הגם דער פאָטער איז שוין דאַן געווען ווייט אין זיינע אָנשויאונגען פון לאַכאָווערן — לאַכאָווער האָט באַנומען ליטעראַטור פון ריין־עסטעטישן שטאַנדפּונקט און ביים פאָטער האָט זיך שוין דאַן בולט גענומען אויסקריסטאַליזירן אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישער קוק אויף ליטעראַטור און לעבן — האָט ער דאָך פון אים שטאַרק געהאַלטן, ווי פון אַן אצילותדיקן מענטש, וואָס ער האָט געפילט צו אים אַ גייסטיקע קרובהשאַפט. און אויך לאַכאָווער האָט שטאַרק געשעצט דעם טאַטן, געקוקט אויף אים מיט ערפורכט, זיך באַצויגן צו אים, ווי צו אַן אויטאָריטעט, וואָס — הגם מען איז אָפט נישט מסכים צו זיין מיינונג, — קען מען דאָך פון אים אַ סך לערנען. פון יענער צייט טאַקע שטאַמט לאַכאָווערס אָפּהאַנדלונג וועגן טאַטן אין די „רשפים" — די דינע, חנעוודיקע, גרין־געהילטע העפטלעך, וואָס האָבן געשמעקט מיט יונגן וואַלד.

סיי צו אונדז און סיי צו לאַכאָווערן פלעגט דאַן אַרויפקומען דער רוב פון די יידישע און העברעישע שרייבער אין וואַרשע. עס פלעגן אויך אָפּשטאַטן וויזיטן ס'רוב שרייבער פון אַנדערע שטעט אין אַמאָליקן רוסלאַנד, וועלכע פלעגן אַראָפּקומען צו גאַסט קיין וואַרשע. אַזוי אַרום איז שליסקע 60 אַ צייט לאַנג געווען אַ מין

יידיש־ליטעראַרישער צענטער, און די „געווײנלעכע‟, „שטערבלעכע‟ אײנוווינער פון דעם הויז, פלעגן שטאָלצירן מיט זייער „יחוס‟. לאַנגזאַם פלעגט אינגאַנצן שטראָלן פון נחת.

אינעם „הויף‟ האָט מען אָפּט געקענט זען די שטענדיקע יוצאים ונכנסים: מאַסטבוימען מיט די טיפע, בלוי־גרינלעכע, ברענענדיקע אויגן, הויכע האָר און שפּיציק־געשניצטער נאָז, וועלכער פלעגט שטענדיק ביים גיין אונטערברומען עפּעס אַ מעלאָדיע פון אַן אָפּערע (געווען אַ פייערדיקער מעלאָמאַן), פויקנדיק דערביי מיט די פינגער אין דער לופט; דעם קאַרג־רעדעוודיקן יעקב שטיינבערגן מיטן קיילעכיקן, כמעט יינגלשן פּנים און תמיד־עלעגאַנטן אנצוג; דעם אונטערטאַנצנדיקן, שטענדיק־שמייכלדיקן און אויפגעלייגטן יצחק קאַצנעלסאָנען מיטן פולן, רויטלעכן געזיכט (ער פלעגט נישט דורכלאָזן קיין קינד אויפן הויף, ער זאָל עס נישט אַ פעסטן קניפּ טון אין בעקל); דעם הויכן, ברייטלעכן יעקב פיכמאַן, מיט די געלע, קורץ־געשוירענע האָר, מיטן קליינעם שטערן, גרויסע, געלע זומער־שפּרענקעלעך אַן אָפּענעם, לאַכנדיקן פּנים; דעם לענגלעכן, דאַרן און מרה־שחורהדיקן ש. צ. זעצער, וועלכער פלעגט צוליב זיין מאָדנע־ברוינעם געזיכט, אויסזען ווי ער וואָלט נאָר וואָס געקומען ערגעץ פון ווייטע, הייסע לענדער; חיים גילדינען, דעם איצטיקן „גדול‟ אין סאָוויעט־רוסלאַנד און דעמאָלסטיקן רעפּאָרטער פון „היינט‟, מיט די קליינע, גרינע אייגעלעך, גראָבע, צעאַקערטע הענט, ברייטן שוואַרצן קאַפּעלוש און לאַנגער פעלערינע; דעם קליינטשיקן און דאַרינקן א. י. שירמאַן, מיטן שפּיציקן קמץ־בערדעלע, מיט די קראַנקע, רויטע און האַלב־פאַרקלעפּטע אייגעלעך — וואָס דוד פרישמאַן האָט אים מחמת זיין קליינוויקסיקייט און שוואַכקייט, שפּאַסיק גערופן „פּיאָטר וויעליקי‟. (אָט־דער שירמאַן, וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, האָט, אגב, שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל, ווו ער איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער העברעישער פּובליציסט און געזעלשאַפטלעכער טוער, ראַטמאַן און סעקרעטאַר פון דער ירושלימער עיריה); דעם ברייט-פּלייציקן ווייסענבערגן, מיט די אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן, קליין־געשוירענע האָר. אַלעקסאַנדער פאַרבאַן, וועלכער האָט דאַן נאָר וואָס אָנגעהויבן צו שרייבן און פלעגט אַרויפקומען צום טאַטן לייענען זיינע ערשטע לידלעך (זיין געלבלעך, האַלב־מאָנגאָליש געזיכט האָט זיך עפּעס גאָרנישט געפּאַסט צו דער לאַנגער חסידישער קאַפּאָטע און קליין, יידיש היטעלע, וואָס ער האָט דאַן געטראָגן); שלמה גילבערטן מיטן שאַרפן, שפּיציקן פּנים, אויף וועלכן עס פלעגט תמיד שוועבן אַן אומעטיקער שמייכל, מיט די שווערע טריט און גרינלעכע, אָפּגעטראָגענע בגדים (גילבערט פלעגט תמיד קומען אין באַגלייטונג פון זיין אינטימען חבר יצחק גערשטענמאַן — אַ טשיקאַווער חסידישער בחור, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, — וועלכער האָט אויך געשריבן און געדרוקט צו ביסלעך און וועלכער האָט געהאַלטן פון גילבערטן אַן עולם ומלואו, נישט אָפּגעטרעטן פון אים און געקוקט אויף אים מיט פאַרליבטע אויגן. וועגן דעם מערקווירדיקן „פּאָרל‟ גילבערט־גערשטענמאַן וועט אונדז נאָך אויסקומען באַזונדער צו דער־ציילן); דעם דאַרן, בייזלעכן אליעזר שטיינמאַן מיט די לויפנדיקע, שוואַרצלעכע אויגן און נידעריק־געשוירענע וואָנסעלעך.

איך געדענק אויך אַלס באַזוכער פונעם „ליטעראַרישן הויף‟: דעם הויכן, דאַרן ז. סעגאַלאָוויטש, מיטן אומעטיקן בליק, מיט די לענגלעכע סאַמעט־שוואַרצע

האָר און מיטן גרויסן קנאָפּ אין האַלדז, וואָס איז אים, מחמת זיין דאַרקייט, כסדר געלאָפן אַרויף און אַראָפּ (ס. איז נאָר וואָס געהאַט געקומען פון ביאַליסטאָק און אַרויסגעגעבן ס׳ערשט העפטל לידער זיינס „שטילע טריט״, פאַרזען אויף דער דאַרינקער, געלבלעכער הילע מיט אַ בילד פון מחבר, אין לאַנגע האָר, מיט פאַרלייגטע הענט); דעם שטילן, צניעותדיקן דוד שמעונאָוויטש, א. ח. שעפּסן (א. אלמי) מיט די לאַנגע, ווייכע האָר, קיילעכיקע, שוואַרצע אויגן און גלאַטיקן, מיידלשן פּנים; דעם קליינעם, דאַרינקן קאַווען (מ. וואַנווילד), מיט די דינע פיס און קרומלעכער באַק, וועלכער האָט זיך חדשים־לאַנג געגרייט צו האַלטן אַ פאָרלעזונג אין „הזמיר״ וועגן טאַטן און פלעגט דעריבער גאַנצע טעג אָפּזיצן ביי אונדז, בלעטערנדיק און נישטערנדיק אינעם טאַטנס געדרוקטע און נישט־געדרוקטע כתבים. (לסוף האָט קאַווע די פאָרלעזונג געהאַלטן, זי איז אָבער נישט געלונגען; מען האָט זי, דאַכט זיך, אויסגעחוזקט אַביסל און ר׳ מרדכילע (טשעמערינסקי) האָט זי, בעת דער דיסקוסיע נאָך דער פאָרלעזונג, סתם אָפּגעפּטרט מיט אַ נישט־געשמאַקן און טאַקטלאָזן וויץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט קאַווע און ציקאָריע...); מנחמען מיטן שיינעם, קיילעכיקן פּנים, שוואַרצער, ווילערישער טשופּרינע און בלוי־ברענענ־דיקע אויגן; דוד דרוקן, וואָס האָט אַלעמאָל נאָכן ראַזירן געהאַט בלוי־גרוילעכע באַקן, און האָט אין די געקעסטלטע אָנצוגן, וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו טראָגן, אויסגעזען ווי אַ „דענדי״ און — אחרון אחרון חביב: אורי ניסן גנעסינען, וואָס האָט צוליב זיין בלאָנדן קאָפּ און בלויע, פאַרחלומטע אויגן גיכער אויסגעזען ווי אַ רוס, איידער ווי אַ רבס אַ זון (מיט אורי ניסנען פלעגט אויך אָפט מיטקומען זיין ברודער, מנחם גנעסין, איצטיקער רעזשיסער און אַרטיסט פון „הבימה״. דעמאָלט איז ער געווען העברעישער שול־לערער אין וואַרשע).

אויך משה טייטש, איינער פון די גדולים אין דער סאָוויעטיש־יידישער ליטע־ראַטור, איז געווען אַן אָפטער אַריינקומער אין ליטעראַרישן הויף. אַ נידעריקער, אַ גרוילעכער, מיט קליינע, גרוי־שפּיציקע אייגעלעך, שפּיציקע, ווייסלעכע וואָנסעס און פעסט־אַרויפגעזעצטע ברילן אויף דער דיקער נאָז, פלעגט ער ביים גיין, אַביסל אונטערשפּרינגען. קיין גביר איז ער, ווייזט אויס, נישט געווען, וואָרים אין „הויף״ פלעגט ער אָפט קומען נישט דווקא פאָרלייענען זיינע ניי־אויפגעשריבענע לידער, נאָר אויך לייען ביים טאַטן אַ גמילות־חסד.

# ערב דער בראַנד



מיט־זומער 1914.

כאָטש מיט אַ טאָג פריער פאַר דער אָפיציעלער מאָביליזאַציע־דערקלערונג, האָט נחום סאָקאָלאָוו אויפגעוויזן אין „הצפירה‟ מיט אותות ומופתים, עפ״י כל חוקי הלאָגיקע, אַז אַן אייראָפּעישע מלחמה איז נישט געמאָלט און אַז די, וואָס האָבן מורא פאַר אַ וועלט־קריג, זענען נאַראָנים, איז דער בראַנד־אויסברוך פאָרט געקומען און אַרומגענומען לאַנד און פאָלק מיט בלוטיק־פייערדיקע רייפן.

אויף די דאַטשע־ערטער אַרום וואַרשע איז געוואָרן אַ מהומה. אויף־גיך האָט מען גענומען פאַקן ס׳ביסל מטלטלים און אָפּציען אין שטאָט אַריין: טאָמער וואָס־ווען, די שעה זאָל נישט באַשעהן, איז מען אין דער גרויסער שטאָט פאָרט זיכערער מיטן נפש. די צוגן זענען געווען געפּראָפּט, אַז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען: מען איז געפאָרן אויף די טרעפּ פון די וואַגאָנען, מען איז געהאָנגען אויף די דעכער, געקלעפּט פון דרויסן אַרום די וואַגאָן־פענצטער, ווי חמרים פליגן. די קולות און גוואַלדן פון די אַנטלויפנדיקע האָבן זיך געטראָגן פון דער באַן־סטאַציע ביז צו אונדזער שטיבל. דער טאַטע האָט זיך מישב געווען מיט ספּעקטאָרן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביידע זאָלן זיי אַריבערגיין צום „אַלטן‟ פּרילוצקי, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין מיכאַלין, אַ סטאַציע פאַר יוזעפאָוו. ביי פּרילוצקין זאָל אָנגענומען ווערן דער ענדגילטיקער באַשלוס: אַריינפאָרן צוריק אין שטאָט אַריין, אָדער פאַרבלייבן דאָ, אויף דער „ליניע‟, עד יעבור זעם.

עס איז געווען אַ פאַרנע־הייסער טאָג, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט צופוס, צום „אַלטן‟ פּרילוצקין, קיין מיכאַלין. געגאַנגען איז דער טאַטע, ספּעקטאָר און איך. דער טאַטע איז גראָד געווען רויק — גאָרנישט ווי זיין טבע ביי גרויסע געשעענישן, אָבער דווקא ספּעקטאָר איז געווען מאָדנע צעטראָגן. ער איז געגאַנגען, פאַזע די גלאַנציקע באַן־ליניעס, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרזונקען אין מחשבות, און בלויז פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַ וועק־געגעבן, אַ טרייסל־געטון מיטן קאָפּ, אַרויסגעצויגן פון בוזים־קעשענע אַ טיכל און געווישט דעם שווייס פון רויטן שטערן. ווער ווייסט, אפשר האָט ער שוין דעמאָלט פאָרגעפילט זיין עלנדן נע־ונד און זיין עלנדן סוף...

אָנגעקומען זענען מיר צו פּרילוצקין מיטאָג־צייט. אויפן טיש איז שוין געלעגן אַ צייטונג־טעלעגראַם, מיט אַ ידיעה, אַז אין פּאַריז האָבן מלחמה־פּאַטריאָטן דערשאָסן זשאָרעסן. אויף פּרילוצקיס געזיכט איז נישט געווען צו דערקענען די מינדסטע אויפרעגונג. ער איז געזעסן רויק אויף דער וועראַנדע און פאַרענדיקט דעם קאַרשן־קאָמפּאָט, אַרויסוואַרפנדיק פאָרזיכטיק די קערלעך. ער האָט נישט פאַרגעסן יעדע ווילע אַראָפּצוּוואַרפן עפּעס פון טיש אַראָפּ דעם גרויסן הונט, וואָס איז געלעגן ביי זיינע פיס און געקוקט מיט זשעדנע בליקן זיין האַר אין מויל אַריין. פּרילוצקין האָט בלויז געחידושט ספּעקטאָרס אומעטיקייט און פאַרטראַכטקייט:

— האַ, ספּעקטאָר, וואָס איז דאָס?... בנאמנות, ס׳פּאַסט נישט פאַר אייך... וואָס איז געשען?...

ספעקטאָר האָט נישט געענטפערט. ער האָט בלויז טרויעריק געקוקט אויפן הונט, אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אָן זיין גראָבן שטעקן. דער טאַטע האָט זיך פאַנאַנ־דערגעשמועסט מיטן „אַלטן" מכּוח דעם ענין, וועגן וועלכן מיר זענען אַהער־געקומען. פּרילוצקי האָט געהאַלטן, אַז קיין סכּנה איז נישטאָ, אָבער גלייכער איז פונדעסטוועגן אַריינצוקלויבן זיך צוריק אין שטאָט אַריין. די מלחמה וועט זיך ענדיקן אין אַ פּאָר וואָכן, העכסטנס — אין אַ צוויי־דריי חדשים אַרום. מיט די שטאַרקסטע אַרגומענטן האָט ער געפּרוּווט איבערצייגן דעם טאַטן, אַז עס איז נישט מעגלעך, די מלחמה זאָל זיך פאַרציִען לענגער, ווי עטלעכע חדשים. מען וועט דאָך נישט דערלאָזן צו אַ וועלט־שחיטה, מען וועט דאָך נישט אומברענגען מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס!

ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָט זיך שוין די זון גענומען זעצן. ספּעקטאָר האָט געקוקט אויפן פייערדיקן הימל און געוויזן מיטן שטעקן:

— אַ בלוטיקער ים!...

דער טאַטע איז מיטאַמאָל געוואָרן בלאַס. די פייערדיקע רויקייט איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. די באָרד זיינע איז געווען צעשויבערט, דער גרויסער, שוואַרצער קאַפּעלוש האָט זיך אים פאַררוקט אין אַ זייט. ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן און צוגעטוליעט מיך פעסטער צו זיך. מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער גענומען גלעטן מיין קאָפּ. שווייגנדיק זענען מיר געגאַנגען לעבן די באַן־שינעס. עס האָט זיך דערנענטערט אַ צוג: אַ גאַנצע קייט שמוציק־רויטלעכע, אָפענע פראַכט־וואַגאָנען. די וואַגאָנען זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט סאָלדאַטן. מען האָט זיי שוין געפירט צום פראָנט, קיין גאַליציע. ווען זיי האָבן דערזען אונדזער גרופּקע אויפן פעלד, האָבן זיי גענומען זינגען. זיי האָבן געזונגען שטיל־פאַרבענקט, אומעטיק־צעצויגן. זייער ניגון האָט דערמאָנט אין די טרויעריק־ברייטע רוסישע סטעפּעס, פון וועלכע מען האָט זיי נאָר־וואָס אָפּגעריסן אויף נישט צוריקצוקומען מער...

פון בוך: אין אַ ליטעראַרישער שטוב.
בוענאָס־איירעס 1946.
פראַגמענטן פון קאַפּיטל 2 און 13.

# הלל צייטלין

## די אידעע פון אונדזער „וואַרשעווער אַלמאַנאַך״ — ה׳תרפ״ד



וואַרשע איז געווען אין אַ משך פון פיל יאָרן אַ צענטער פון דער יידישער קינסט־לערישער שאַפונג. באַזונדערס איז אָט דער צענטער פאַרשטאַרקט געוואָרן אין די צייטן פון י. ל. פּרץ. דער גרויסער מייסטער פון וואָרט און בילד, די גרויסע זינגענדיקע נשמה, דער אומרויקער, פאָראויס־לויפנדיקער געדאַנק — פּרץ — האָט צוגעצויגן צו זיך אַלץ וואָס איז געווען יונגס, לעבעדיקס און שאַפנדיקס בײַ יידן.

דאָס וואָס איז געווען פּרץ פאַר אײנע, איז געווען דוד פרישמאַן פאַר אַנדערע. דער ערשטער — מער סינטעטישער גייסט; דער צווייטער — מער אַנאַליטישער גייסט. עס גייט נישט אַרײַן אין אונדזער איצטיקער אויפגאַבע צו פאַרנעמען זיך מיט אָפּשאַצונגען. מיר באַצייכענען נאָר דעם איבעראַל באַקאַנטן פאַקט: פּרץ און פרישמאַן זײַנען אַ שטיק באַוועגונג און אַ שטיק געשיכטע, סיי פון דער ניי־העב־רעישער ליטעראַטור, סיי פון דער ניי־יידישער ליטעראַטור.

רעדן מיר וועגן פּרץ, שווימען פאַר אונדז אויף די געשטאַלטן פון אַש, נאָמ־בערג, רייזען. זייער שאַפונגס־פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן, כאָטש נישט געענדיקט, מיט וואַרשע. דער שטעמפּל פון וואַרשע ליגט נאָך עד היום אויף די בעסטע פון זייערע שאַפונגען.

זאָלן מיר נאָך נעמען דערמאָנען? עס איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען: י. מ.

---

הלל צייטלין — געבוירן אין יאָר 1871, אין קאָרמע, מאָהילעווער גובערניע; פון יאָר 1907 געוווינט אין וואַרשע. דאָ איז ער דעם 28־טן יולי 1943 — כ״ה תמוז ה׳תש״ג — אָנגעטון אין טלית און תפילין — מיט אַ רבנן־קדיש אויף די ליפּן — געגאַנגען גלייך צו די שטורמיסטן, און איז אומגעקומען על קידוש השם. איינע פון די גרויסע גייסטיקע פירנדיקע געשטאַלטן פון יידישן וואַרשע ביז דער שוועל פון דריטן חורבן. אין די יאָרן 1923 און 1926 זײַנען דערשינען די זאַמלביכער: וואַרשעווער אַלמאַנאַך — 500 זייטן — וואַרשעווער שריפטן — 1,000 זייטן. דעם אַלמאַנאַך — האָט הלל צייטלין מיטרעדאַגירט, די שריפטן — אהרן צייטלין. דאָס נאָכוואָרט צום אַלמאַנאַך האָט — אין נאָמען פון דער רעדאַקציע — געשריבן הלל צייטלין, אונטערשטרייכנדיק דעם באַטייט פון וואַרשע אַלס שעפערישן צענטער פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. מיר ברענגען אין דער אַנטאָלאָגיע דאָס דאָזיקע נאָכוואָרט אין עקסטענזאָ.

ווייסנבערג און יונה ראָזענפעלד. און וואָס עפּעס גראָד זיי? אַלץ וואָס האָט געטראָגן מיט זיך עטוואָס נייעס און עטוואָס אָריגינעלס אין די לעצטע יאָרן — איז פֿאַרבונדן גייסטיק אויף דעם אָדער יענעם אופן מיט וואַרשע.

די קאָריפֿעען פֿון אונדזער ליטעראַטור — פּרץ און פֿרישמאַן — זיינען אַוועק אין דער אייביקייט. זייער שאַפֿנדיקער גייסט לעבט אָבער נאָך אין אַלץ וואָס עס דענקט און דיכטעט בא היינטיקן טאָג בא יידן. דערביי איז וואַרשע אויך איצט געבליבן איינער פֿון די גרעסערע צענטערס פֿונעם יידישן גייסטיקן שאַפֿן.

נישט קוקנדיק דערויף זיינען אָבער וואַרשעווער יידישע שאַפֿנדיקע כוחות — באַזונדערס אין די מלחמה יאָרן — שטאַרק צעשפּליטערט געוואָרן. אין די צייטן פֿון י. ל. פּרץ פֿלעגן אַרויסגיין פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע אויסגאַבן, וואָס זיינען געווען דער סכום פֿונעם יידישן שאַפֿן בכלל — און פֿון וואַרשע בפרט. אין די מלחמה־יאָרן — און אויך איצט אין די יאָרן פֿון די מלחמה־נאָכוויייעניש איז — נתפּרדה החבילה. יעדער שאַפֿט פֿאַר זיך באַזונדער, יעדער אין זיין ווינקעלע, אין בעסטן פֿאַל, יעדער אין זיין קליין קרייזל, יעדער גייט זיך זיין באַונדערן וועג, יעדער טוט אַלץ אויף זיין אייגענער אחריות, נישטאָ קיין פֿאַראייניקונגס קראַפֿט, נישטאָ קיין צענטראַליזאַציע פֿון גייסט, נישטאָ קיין גרויסער וועג וווהין אַלע שטעגן זאָלן זיך צונויפֿקומען, נישטאָ קיין קאָלעקטיווע קינסטלערישע אַרבעט, נישטאָ קיין עטוואָס אויף וואָס מען זאָל קאָנען אָנווייזן דער ליכט־זוכנדיקער יוגנט: אָט דאָס איז אונדזער אַלעמענס ווילן, אָט דאָס איז אונדזער אַלעמענס שטרעבונג, אָט דאָס איז אונדער הייליקסטע האָפֿענונג און אָט דאָס איז אונדזער שענצטער טרוים.

און נאָך עטוואָס: דער דיכטער איז אָפּהענגיק פֿונעם פֿאַרלעגער — און דער פֿאַרלעגער — פֿונעם פּובליקום מיט זיינע פֿאַרשיידנסטע קאַפּריזן. דער אַזוי גערופֿענער ביכער־מאַרק רעכנט זיך צום ווייניקסטן מיט דעם, וואָס איז באמת טאַלענטירט און גייסטרייך, נאָר — מיט דעם, וואָס איז מאָדע — און סענסאַציע. — אַזוי אַרום טרעפֿט גאַנץ אָפֿט, אַז געפֿינענדיק פֿאַרלעגער פֿאַר אַלץ, וואָס איז אין גרונט גענומען, מיטלמעסיק, אָדער שוואַך, געפֿינט נישט דער דיכטער קיין פֿאַרלעגער: גראָד פֿאַר דעם, וואָס איז דאָס בעסטע, דאָס שענצטע, דאָס עכטסטע און דאָס אייגנאַרטיקסטע אין אים, דאָס וואָס ס'איז דער שיר השירים פֿון זיין גייסט און זיין שטילסטע תפֿילה.

אָט דאָס האָט דערוועקט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דעם יידישן „ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פֿאַראיין" אין וואַרשע צו שאַפֿן אַ ספּעציעלן ליטעראַטור־פֿאָנד אויף אַרויסצוגעבן די בעסטע שאַפֿונגען פֿון יונגע קינסטלער. שפּעטער איז אַנטשטאַנען בא דעם ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פֿאַראיין אַ ספּעציעלע סעקציע אונטערן נאָמען: בעלעטריסטן־פֿאַראייניקונג וועלכע גיט אַרויס, אויסער באַזונדערע ווערק פֿון קינסטלער, אויך אַ וואַרשעווער אַלמאַנאַך, וואָס דער לייענער האָט אים פֿאַר זיך דאָ.

דער „אַלמאַנאַך" וויל זיין דער צענטער פֿונעם יידישן מאָדערנעם שאַפֿן, אײבערהויפּט דער צענטער פֿון דער יידישער קינסטלערישער שאַפֿונג אין וואַרשע. אין אים נעמען אָנטייל דיכטער פֿון אַלערליי מעגלעכסטע ריכטונגען — אַלץ איז אָבער — ווי מיר דענקען — דורכגעדרונגען מיט עכטער שאַפֿונגס־קראַפֿט, האַרץ און נשמה.

פֿינף און צוואַנציק דיכטער האָבן אָנטייל גענומען אין דעם אַלמאַנאַך. מענטשן

פון פאַרשיידענע וועלטן. פיל־פאַרביק. פיל־קלאַנגיק. פיל־זייטיק. ווי עס איז דאָס לעבן, אַזוי דאַרף זיין דאָס שאַפן. איר האָט דאָ זאַכן פונעם עקסטן רעאַליזם ביז דעם טיפסטן מיסטיציזם. !מיר האָבן געגעבן אַן אָרט פאַר יעדן עכטן קינסטלע־רישן אויסדרוק. מיר האָבן נאָר איינס געפאָדערט: גייסט, עכטקייט און שיינע פאָרם.

מיר, דאָס רעדאַקציע קאָלעגיום, האָבן איבערגעגעבן צום דרוק דאָס בעסטע פון דעם, וואָס די חברים האָבן געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע. מיר זיינען זיך באַוווסט, אַז דער אַלמאַנאַך איז דאָך נישט דער מאַקסימום פון וואַרשעווער ליטע־ראַרישער קראַפט. מיר באַטראַכטן דעם אַלמאַנאַך נאָר אַלס התחלה. ערשט דער אָפּרוף פון אַלע יענע, וואָס זיינען מיט וואַרשע לויט זייער גאַנצער ליטעראַרישער יוגנט פאַרבונדן, וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט אַוועקצושטעלן דעם אַלמאַנאַך אויף יענער הויך, אויף וועלכער דער וואַרשעווער יידישער ליטעראַרישער אַלמאַנאַך דאַרף שטיין.

וואַרשע, 1923.

## אפרים קאַגאַנאָווסקי

## די באָבעשי פון פּראַגע



די באָבע בריינדעלע האָט שוין פון לאַנג פאַרגעסן דעם רעכענונג פון אירע יאָרן, און טאָמער האָט עמיצער געמיינט, אַז זי איז עלטער פון אַכציק יאָר, איז די באָבעשי געווען אין כעס און זיך גענבייזערט: „וואָס ציילט מען מאָ די יאָרן... וואָס האָט מען אויף מיר אַזוינס דערזען... כ׳דאַרף ניש מע זאָל מאָ צולייגן... טאַקע להכעיס די שונאים וועל עך לעבן...”.

זי איז געזעסן אינם ווינקל אויפן בעטעלע, מיטן שטעקעלע אין די קליינע קינדערישע פינגערלעך. דאָס קליינע קעפּעלע מיט דעם ברוינעם קופּקעלע מיט די קאָלירטע ציטער־נאָדלען האָט זיך געטרייסלט אין דער ברייט: „ניין... ניין”. די קליינע אייגעלעך זיינען געווען האַלב־פאַרגלייזט, און דאָס ראָזע איינגעפאַלענע מיילעכל האָט קינדעריש געפּישטשעט: „אַזאַ חוצפּה... צוצולייגן יאָרן... אַז גאָט לאָזט מיך לעבן... זייער וועלט...”.

די באָבעשי בריינדעלע האָט געוווינט אין פּראַגע, אין דעם נידעריקן, הילצערנעם הייזל, פון וואַנען זי איז שוין פון לאַנגע יאָרן נישט אַרויסגעגאַנגען. נאָר ראש־השנה און יום־כיפּור האָט מען זי געפירט אין דער אַלטער פּראַגער שול דאַווענען. דאָס איז געווען איר שול, וואָס איר מאַן, מענדל פּראַגער, האָט געבויט

---

אפרים קאַגאַנאָווסקי — דער גרויסער קינסטלער פון דער קליינער דערציילונג אין יידיש — איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1893. אין יאָר 1909 דעבירטירט ער אונטער דער רעדאַקציע פון י. ל. פרץ. קאַגאַנאָווסקי שרייבט ווייניק — און אויך דאָס איז נישט אינגאַנצן אויפגעזאַמלט אין ביכער. ער רופט זיי: מיידלעך; טירן־פענצטער; פיגורן; לייב און לעבן. אין די יאָרן 1951 און 1956 זיינען אין וואַרשע דערשינען גרעסערע, איינבענדיקע זאַמלונגען פון זיינע דערציילונגען. מיט אַן איבעררייס פון די פיר יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די קאַגאַנאָווסקי־משפחה האָט פאַרבראַכט אין אָדעס, האָט ער ביז דעם יאָר 1939 געלעבט אין וואַרשע. ער איז אפשר דער סאַמע וואַרשעווערישסטער פון אַלע יידישע שרייבער. די יאָרן פון דריטן חורבן האָט קאַגאַנאָווסקי פאַרבראַכט אין רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה — אַ געוויסע צייט ווידער אין פוילן, שפּעטער אין פּאַריז — ווו ער טיילט זיין לעבן מיט טעא ארצישעווסקאַ. (זע דאָרט). זיין זון פון דער ערשטער פרוי רופט ער אָן מיט פאַרהייליקונג פון דעם מייסטער מיט דעם נאָמען: פרץ. קאַגאַנאָווסקי איז געשטאָרבן אין פּאַריז — אָקטאָבער 1958. כמעט אַלע זיינע שריפטן זיינען פול מיט וואַרשעווער לאַנדשאַפט און פאָלקשאַפט. קוים פינף דערציילונגען האָבן מיר געגעבן אין דער אַנטאלאָגיע.

פאַר די פּראַגער יידן, ווען אַרום זיינען נאָך געלעגן לײדיקע לאָנקעס, און קיין וואַרשע איז מען געגאַנגען, ווי אין אַן אַנדער שטאָט, איבער דער ווייסל און אויף דער בריק זיינען געשטאַנען זעלנער אין רויטע הויזן.

אין יענע צייטן איז די באָבע בריינדעלע געווען די גרעסטע סוחרטע פון פּראַגע. זי האָט געהאַט דאָס ערשטע בשמים־געשעפט. זי האָט געהאַט הייזער און פערד און מילך, און צו איר מאַן, מענדל פּראַגער, זיינען געקומען צוגאַסט די גרעס־טע רביים פון קרוין־פּוילן.

קינדער האָט זי געהאַט זעכצן: ניין זין און זיבן טעכטער. צוויי טעכטער זיינען געשטאָרבען אין קימפּעט, איינע נאָך דער אַנדערער: „עפּעס איז מען אין הימל אויף די זיוווגים נישט באַשטאַנען!...״. איין זון איז משוגע געוואָרן, אָבער קיינער האָט דאָס נישט געדענקט. די רעשט זין און טעכטער האָבן זיך ביסלעכוויַז אַריבער־געטראָגן קיין וואַרשע. אַרום דעם גזשיבאָוו און טוואַרדע זיינען געווען צעוואָרפן זייערע געוועלבער פון בשמים און שפּייז, פון נאַפט און קוילן, כשרן וויין אויף קידוש און הבדלה. די באָבעשי האָט זינט יאָרן נישט געוווסט אויף קלאָר, וויפל קינדערלעך די זין און די טעכטער האָבן געהאַט, ווי זיי האָבן אויסגעזען און ווי זיי האָבן געהייסן. און נאָר אין גרויסע יום־טובים אָדער ערב יום־כיפּור איז דאָס הויז איבערגעגאַנגען פון משפּחה, וואָס זיינען זיך געקומען בענטשן צו דער באָבע בריינדעלע. דעמאָלט איז זי געזעסן אין דער גרויסער פּאָטער־שטול, מיט אַ ווייסן הויב אויפן קאָפּ. אויפן האַלדז האָט זי נאָך געטראָגן די אַלטע פּערל, וואָס די „קאַ־זאַקן״ האָבן צוגעראַבעוועט ביי דעם „ראַבונעק״.

פון שבת צו שבת זיינען געגאַנגען גאַנצע שרענגעס אייניקלעך, יינגעלעך און מיידעלעך, קליינע און גרויסע, יינגעלעך שוואַרצע און געלע, מיט לאַנגע קאַפּאָט־קעלעך, מיט לאַנגע, געדרייטע פּאהלעך. זיי האָבן פאַרנומען אַ האַלבע בריק. זיי זיינען געגאַנגען צו דער באָבע בריינדעלע נאָך שבת־אויבס.

די באָבעשי האָט יעדן אויסגעפרעגט װעמענס ער איז, ווי ער הייסט און צי ער קאָן עפּעס לערנען. זי האָט געטיילט האָניק־לעקעך און צוקערלעך און צוגע־ווונטשן צו זיין אַ ייד.

דערנאָך זיינען געקומען אומרויקע יאָרן, און די אַלטע האָט פאַרלוירן וואַרשע. זעלטן־ווען ס'האָט זיך ווער אַראָפּגעכאַפּט פון די זין, האָט זיך באַקלאָגט, געקרעכצט און דערציילט עפּעס. די אַלטע האָט קוים פאַרשטאַנען, וועגן וואָס ער רעדט און וואָס ער באַקלאָגט זיך. זי האָט נאָר געדענקט, אַז ס'איז דאָ אַ בריק, וואָס פירט אין שטאָט אַריין, מיט גאַסן, מיט גערטנער, וווּ עס גייען אַרום בייזע קאָזאַקן. מלחמה־שיסערייען און איבערקערענישן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו איר אין טונקעלע, אומרויקע קלאַנגען, האָבן זי דערמאָנט אין דער „פּאָווסטאַניע״, וואָס זי האָט אַמאָל ערגעץ געזען אין דער ווייטער, פאַרלאָפענער צייט, ווען זי איז געווען אַ קליין, נאַריש מיידל.

זי האָט געהערט פון עפּעס אַן אייניקל, שלמה, אַז מ'האָט אים גענומען אין דער מלחמה מיט די דייטשן. די באָבעשי האָט לאַנג דורך די נעכט געקלערט וועגן די „גוישע הענט״, וואָס האַלטן אים ערגעץ. זי האָט געזען די ברויזנדיקע מלחמה־גאַס דורך די שייבלעך פון איר שטיבל. זי האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט אַרויס־

פלאָנטערן פון דעם אַלעב, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו איר פון דער אַרומיקער וועלט.

די אייניקלעך האָבן אויפגעהערט קומען, און די זין זיינען געוואָרן ווי פרעמדע, עפּעס אַלטע, דערשלאָגענע יידן. זי האָט געהערט, ווי זיי האָבן גערופן: מאַמע, און זי האָט ווי געשעמט זיך פאַר זייערע לאַנגע פאַרלאָזענע בערד. זי האָט לאַנג געקוקט אויף זיי, ביז וואַנען אין איר דרימלענדיקן מוח האָט אויפגעלויכטן אַ דערמאָנונג, און שטיקער פון דעם פאַרלאָפענעם לעבן האָבן אָנגעפילט איר ווינקל פון דער שטוב, וואָס איז איר נאָך געבליבן.

זי האָט נישט געדענקט אויף קלאָר, ווען די קינדער האָבן דאָס הויז פאַרקויפט. דאָס אַלטע הויז, וואָס זי האָט געבויט. זי דערמאָנט זיך מיטאַמאָל, אַז אויפן בוידעם דאַרפן נאָך ליגן די רימעטן מיט דעם פריצישן געשפאַן, וואָס איר מאַן, מענדל פראַגער, האָט געברענגט פון דאַנציג צו דער פריצישער בריטשקע מיט די גראָע פוילישע פערד, וואָס מ׳האָט געקויפט צום יינגסטן זונס בר־מצווה.

איצט האָט די באָבע ברײַנדעלע געלעבט דערפון, וואָס איר אַלטע שכנטע, די גלעזערקע, האָט איר געברענגט דעם „לעפל וואַרעמס”, פאַר וועלכן מ׳האָט איר גע־צאָלט וואָכן־געלט פון דעם, וואָס מ׳האָט איינגעלייגט ביים פראַגער רב.

די באָבעשי ברײַנדעלע איז געלעגן אין איר דרימל, און אין איר פאַרשטאַרטן, האַלב־פאַרשטאָרבענעם מוח האָבן זיך אָפּגערופן אַלטע קלאַנגען פון ווייטע יאָרן. דאָ האָט זיך איר געדאַכט, אַז מ׳פירט זי צו דער חופה... — דאָ — אַז דער גערער רבי איז געקומען... ס׳איז אַ שמחה, און זי דאַרף גרייטן צום טיש פאַר די חסידים... דאָ האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז איר משוגענער זון, ישעיה, שטייט האַלב־נאַקעט אויף דער גאַס... ער ציטערט פון קעלט... און מיטאַמאָל הערט זי לערנען מיט אַזאַ זיסן ניגון... ווי מלאכים וואָלטן געזונגען... דערנאָך קומען איר אויפן זינען ווערטער, וואָס מענדל פראַגער, איר מאַן, האָט איר געזאָגט וועגן יענער וועלט... וועגן דער הייליקער תורה...

זי הערט שווער־אָנגעלאָדענע וועגענער — סחורה — די וועגענער קרעכצן — מען פירט סחורה — סוחרים קומען — רייכע סוחרים — רעדן הויך און ברייט — דאָס אַלטע האַרץ וואַכט אויף — און די אויגן פאַרמאַכן זיך אין אַ זיסן דרימל...

* * *

קיינער איז שוין נישט מער געקומען, און די אַלטע ברײַנדעלע איז געבליבן אַליין אין דעם ווינקעלע אויף איר בעטל. אין דער דירה האָבן שוין געוווינט נייע שכנים, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צו ליידן, „ביז וואַנען די אַלטע וועט ציען...”

אַלטע פראַגער באַלעבאַטים, וועלכע געדענקען נאָך ברײַנדעלע די סוחרטע, זיינען אַרייַנגעקומען מיט אַ שטילן וווּנק צום ווינקל בעט: „וואָס הערט זיך?...” מ׳האָט טאַקע אַוועקגעלייגט ווער אַ ווייס בילקעלע, ווער אַ ביסל איינגעמאַכטס, מ׳האָט אין איילעניש אָפּגעשפּאָרט אַ מצווהלע, אָבער שטיל איז שוין געווען אין דעם ווינקל, ווו ס׳איז קוים געווען צו געפינען דעם קליינעם, איינגעשרומפּענעם קער־פּער פון דער אַלטער. זי האָט געדרימלט שעהנלאַנג, נישט קוקנדיק אויף דעם רעש פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געדרייט אין דער אַלטער שטוב. פון צייט צו צייט האָט זי געעפנט די אויגן, האָט עפּעס געשעפּטשעט, געטענהט צו איר אַלטער חברטע, די גלעזערקע, וואָס איז שוין אויך קוים געגאַנגען אויף די פיס.

די באָבעשי בריינדל האָט איר דערציילט מיט איר דין פישטשענדיק קולכל אירע חלומות, האָט איר געהייסן אַרויסנעמען פונעם קופערט די תכריכים און האָט געקוקט אויף זיי מיט אַ זיסן שמייכל: „זעסט?... ווו וועסטו היינט קריגן אַזאַ וועב — אַזוי ווי זייד — ס׳מיגניעט דאָך פאַר די אויגן...״

* * *

אין די טונקעלע שעהן פאַרנאַכט האָט די אַלטע אָנגעהויבן איר מלחמה מיט די שדים.

די ווייבער פונעם הויף האָבן שוין געוווסט, ווען זיך צוזאַמענצוקומען. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם בעטל מיט אַ דערשראָקענעם און דערשטיקטן געלעכטער אין די רעשיקע מיילער. דער אַלטער האָט מען דערלאַנגט איר שטעקעלע, און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

— דו שדל... — האָט די אַלטע געשריגן מיט איר דין שטימעלע — דו פריי־מייער — דו געמיינער יונג — דו גייסט מיך טשעפּן? — שמע־ישראל — אוי ווײ ער שלעפּט מאָך — דו שדל — דו...

די אַלטע האָט געפאָכעט מיטן שטעקעלע אין דער לופט. זי האָט זיך געוואָלט אָפּטרייבן פון די שדים און רוחות, וואָס האָבן זיך גערייצט מיט איר, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט און נאָר געוואָלט איר אַראָפּרייסן די קופקע. אַממייסטן האָט איר דער־קוטשעט איינער, אַן אַלטער שד, וואָס האָט געמאַכט מיאוסע שטיק, האָט געטאַנצט און אַרויסגעשטעקט די ציין...

לאַנג האָט געדויערט די מלחמה מיט די שדים. די שטוב איז פול געוואָרן מיט ווייבער און יידן. אַ ייד האָט דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ קאַפּיטל תהילים, און די ווייבער האָבן געקרעכצט.

— אַן אַלטער מענטש איז געגליכן צו נ׳אַ קינד... גאָט מאַכט חוזק פון אַ מענטשן...

דעמאָלט האָט די אַלטע גלעזערקע אָנגעטאָן איר שבתדיקן דאָלמאַן און האָט אָנגעהויבן צו גיין אַרויס אויפן גזשיבאָוו. זי איז געגאַנגען אַ פּאָר שעה, לאַנג זיך אָפּגערוט ביי די טויערן, און ווען זי איז געקומען אין דער געגנט פון טוואַרדע, האָט זי אָנגעהויבן אַריינגיין אין די געוועלבער צו די זין און טעכטער.

יידן און ווייבער, פאַריאַכמערטע געוועלבניקעס מיט שווערע בערד, געלע רויטע און שוואַרצע, האָבן זי דערקענט, האָבן איבערגעריסן דעם האַנדל, זיינען גע־וואָרן שווייגנדיק און שטיל געפרעגט:

— ווי האַלט עס?...

די אַלטע גלעזערקע האָט יעדן אָפּגעשטעקט דעם שטילן סוד, אַז די אַלטע „פּאַקט זיך אין וועג אַריין״...

די זין און די שנורן האָבן זיך איילִיק גענומען איבערטאָן אין די שבתדיקע קליידער און פאַרמאַכן די קלייטן. מען האָט אָנגעזאָגט די משפחה, וואָס מען האָט זיך שוין פון יאָרן נישט געזען.

מען איז אַראָפּגעקומען קיין פּראַגע. די ווייסל איז געלעגן אין דער נעפּלדיקער ווייט און האָט דערמאָנט אין די ווייטע קינדער־יאָרן. די פּראַגער גאַסן זיינען פול געווען פון יידן, די משפחה איז געוואָרן וואָסאַמאָל גרעסער. דער אַלטער הויף פון מענדל פּראַגערס הויז איז געוואָרן שוואַרץ פון יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס.

די באָבעשי ברײַנדעלע איז געלעגן אין אַ טיפֿן דרימל. מ׳האָט קוים אַרויס־געזען איר גרוי, קליין, נאַקעט קעפּעלע. אַרום האָבן זיך געבויגן צו איר ייִדן מיט לאַנגע בערד און האָבן געשריגן: „מאַמע״!

די אַלטע האָט געעפֿנט אַן אויג, האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ ווײַסן, פֿאַרטראָגענעם שמייכל און צוריק אײַנגעדרימלט.

די זין האָבן זיך געזעצט זאָגן תהילים און די אַלטע שטוב איז נאָך איין מאָל אָנגעפּילט געוואָרן מיט אַ הייסן, נאָגנדיקן ניגון.

און מ׳האָט געוואַרט.

---

# ייִדישע הייף



## א

אין אַ פֿירשטאָקיגן, געמויערטן קאָסטן ליגט דער אַלטער, ייִדישער הויף. דאָ וווינען אַלטע וואַרשעווער באַלעבאַטים און קיינער געדענקט נישט ווי לאַנג. כמעט אַלע זענען דאָ געבוירן געוואָרן, צום ערשטן דערזען דעם רעשיקן, ייִדישן גזשיבאָוו. איינער קען דעם צווייטנס שטוב, און ביי שמחות אָדער לוויות קומט איינער צום אַנדערן. מען רעדט זיך איבער דורך די פֿענצטער, דורך טירן, דורך די באַלקאָנען, — ווי איין גרויסע משפּחה אַרום אַ טיש.

אַלע הייזער פֿון דער גאַס געהערן צום אַלטן וואַרשעווער, חסידישן יחוס, און אַלע דירות זיינען פֿאַרדונגען געוואָרן נאָך ביים „אַלטן״ רבין. דער רבי אַליין איז אָפּט אַהער פֿאַרפֿאָרן. אַלע אײַנוווינער פֿונעם הויף האָבן זייערע געוועלבער אין דער געגענט פֿונעם גזשיבאָוו. די געוועלבער זיינען אַלטע, אויסגעריבענע, באַדעקט מיט שטויב פֿון די אַלטע, פּוילישע צייטן. די סקלאַדעס זיינען פֿאַררוקט אין די פֿאַר־לאָזענע הויפֿן, ווו עס ליגן נאָך שטיקער גרינע לאָנקעס פֿון דער „פּאָווסטאַניע״. אין די „קאָנטורן״ זיצט מען אין קאַפּעלעך, אין יאַרמולקעס, מיט לאַנגע בערד. עס גייט אַרום דער ריח פֿון ציגאַרן, פֿון איידעלע ייִדישע בשׂמים און ספֿרים. מען האַנ־דעלט מיט פּריצים, מען ליידט פֿון גבירישע קרענק, מען פֿאָרט קיין אויסלאַנד אין די בעדער און מען האַלט פֿון אַמאָליקע, שוין לאַנג־געשטאָרבענע דאָקטוירים און פּראָפֿעסאָרן. די ווייבער זיינען אויך פֿונעם גזשיבאָווער יחוס, הויכע, דיקע, מיט טאָפּלטע גוידערס. זיי „שפּרעכן״ קוראָרט־דייטש, בלאָזן זיך, ברוגזן זיך, נעמען צו־נויף פֿאַר קראַנקע אין די שפּיטאָלן און מאַכן חתונה אָרעמע יתומים.

דער גאַנצער הויף האָט מורא פֿאַר גנבים און פֿאַרבייגייענדיק ביינאַכט, פֿון שפּעטע מלווה־מלכות, טאַפּט איינער ביים צווייטנס געוועלב די אַלטע, שווערע שלעסער. מען היט אָפּ דאָס ייִדישע פֿאַרמעגן, איבער וועלכע עס וואַכן נאָך גייס־טער פֿון די עלטער־זיידעס, פֿאַרפֿלאָכטענע מיט די שרעקיקע און פֿריידיקע מעשׂיות פֿון די אַלטע פּוילישע, פּריצישע הייף... מעשׂיות פֿון וועלדער און וועלף, פֿון משו־געגע פּריצים, פֿון גוטע און שלעכטע, מעשׂיות פֿון ניסים און גליק, פֿון נישט גוטע און למדוואָוניקעס.

שבת נאָכן עסן איז שטיל אינעם הויף. מען שלאָפט. פענצטער זײַנען פֿאַרהאַנגען און שפּילן מיט אַ וואַרעמען גלאַנץ פֿון רו און זיכערקייט.

עס וואַכן נאָך די עטלעכע קבצנים, וואָס וווינען אין די קעלער־שטובן אָדער אויף פּאַציאַטעס. די קבצנים וואַכן און היטן דעם שלאָף פֿון די נגידים. די אָרעמעלייט זיצן אויסגעזעצט אַרום דעם דאַרן, פֿאַרטרוקנטן גערטנדל אין מיטן הויף, צעפּאַטלטע ווײַבער און ייִדן אין צעפליקטע כאַלאַטלעך אָדער זײַדענע קאַפּאָטעס מיט צעפליקטע, הענגנדיקע צויטן פֿון אַלטקייט.

די קבצנים זײַנען אויך פֿרומע ייִדן, טייל חסידים פֿונעם אַלטן רבין. אַמאָל האָבן זיי געלעבט פֿון די רײַכע שטובן אינעם הויף. זייערע ווײַבער האָבן געהאָלפֿן ביי די קיכן, בעת שמחות, אויסגעלאָזט גענדז אויף חנוכה, געשטעלט באָרשטש און געריבלט מצות אויף פּסח.

הײַנט איז נישט ווי אַמאָל... קיין גרויסע שמחות מאַכט מען נישט. און אין די קיכן זיצן שיקסעס פֿונעם דאָרף, מיט בלויע אויגן און פֿלאַקסענע האָר. פֿון די קיךפֿענצטער הערן זיך זייערע פֿעלד־לידער, און אין די אָונטן קומען צו זיי סטראַזשאַקעס פֿון די פֿײַערלעשער און זעלנער מיט גלאַנציקע קנעפּ.

די קבצנים זיצן אינעם הויף און דערציילן זיך מעשיות פֿון די אַמאָליקע צײַטן, פֿון דעם הויף, פֿון רײַכע חתונות, גרויסע לוויות, פֿון „בריליאַנטענע קעפּ", וואָס מ'האָט געגעבן כלה־מתּנות. וועגן דער חסידיש־גבירישער טאָכטער פֿונעם ערשטן שטאָק, וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן פֿאַר דער חתונה, ווײַל זי האָט זיך געליבט אין אַ כראַביע... ווי דער אַלטער רבי איז געקומען צו פֿאָרן און זי איבערגערעדט... ווי דער גאַנצער הויף האָט דעמאָלט געוויינט...

הײַנט זײַנען די שטיבן טונקל און שטיל.

נאָכן נגידישן, שבתדיקן שלאָף עפֿענען זיך די גרויסע, גלאַנציקע פֿענצטער און באַלקאָנען. עס באַווײַזן זיך די באַלעבאַטים אין די קאָלירטע טערקישע שלאָפֿראָקן. מען גענעצט הויך און היימיש, און מען רעדט זיך איבער דורך די פֿענצטער וועגן דעם געראָטענעם טשאָלנט אָדער וועגן „שטיבל".

די ווײַבער באַווײַזן זיך אין די שלאָפֿראָקן, באַקלאָגן זיך אויף די דינסטן, וואָס זײַנען געוואָרן קאַליע, ווילן נישט פֿאָלגן... און מע דערמאָנט זיך די אַמאָליקע צײַטן... די דינסטן, יתומות, וואָס זײַנען אָפּגעווען צו צוואַנציק יאָר, ווי מען האָט זיי געגעבן לײַטישע מענער און נדן...

דער אײנציקער גוי אינעם הויף, דער אַלטער יוזעף, גייט אויך אַרויס אויפֿן הויף, ער גייט צו צו די אָרעמע ייִדן, שפּאַרט זיך אָן אויפֿן בעזעם און הייבט זיך אָן באַקלאָגן אויף די הײַנטיקע צײַטן.

אַמאָל... אַמאָל זײַנען אין דעם הויף אַראָפּגעקומען גרויסע רבנים, „סטאַרי ראַבין"... דער טויער איז געווען באַלאַגערט פֿון חסידים... מען איז געקומען מיט קוויטלעך... יוזעף איז געשטאַנען אויף דער וואַך און נישט אַרײַנגעלאָזט די חסידים — מען האָט אים געשטופּט געלט, ער זאָל אַרײַנלאָזן, נאָר ער האָט נישט געוואָלט... „ראַבין ניע קאַזאַל". אין מיטן הויף פֿלעגט מען אויסשטעלן טישן... און שמחת־תּורה האָט מען געשיכורט און געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט... דער אַלטער יוזעף אַליין האָט אויך געקריגן אַ ברכה פֿונעם סטאַרי ראַבין, אַנדערע צײַטן... אַנדערע חסידים... זאָגט דער אַלטער יוזעף, — אָ, יעזו... יעזו...

די נייע צייטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם הויף און צום ערשטן אויפגעוועקט די חסידיש־נגידישע טעכטער. די קליינע מיידלעך זיינען אויפגעוואַקסן מיט־אַמאָל און האָבן זיך באַוויזן אין זיידענע קליידער. זיי דערמאָנען די אַמאָליקע שיינקייט פון זייערע מאַמעס און נאָר עפּעס אַ פרעמדער גלאַנץ און די געמאָלטע ליפּן זיינען פון דער איצטיקער צייט.

עס קומען צו זיי יונגעלייט מיט פרעמדע, געגאָלטע פּנימער, פון פרעמדע גאַסן און פון אַ פרעמדער וועלט. די טאַטעס מיט די מאַמעס קוקן זיי נאָך מיט שרעק, וווהין זיי ווערן פאַרשוווּנדן אין דער ווייטער פרעמדקייט פון דער גרויסער שטאָט.

מ׳איז שוין לאַנג און שטיל באַשטאַנען אויף זייערע נייע גענג, און שדכנים קומען אַריין גלאַט אַזוי, טרינקען אַ גלעזל טיי און רעדן שידוכים „מיט אַ ליבע”.

די ליבעס ווערן געפירט אויף פּויליש. מען לייענט גוישע ביכלעך און מען טאַנצט ערגעץ אין די גלאַנציקע קאַפעען. די טעכטער גייען אַוועק ערגעץ, צו די ווינקענדיקע ליכטיקייטן פון דער גרויסער שטאָט. דאָס הארץ פון דעם אַלטן, יידישן גזשיבאָוו קלאַפּט אומרויק, און איבער די שטובן גייט אַרום אַ קרעכץ. די טאַטעס זיינען שטרענג. אָבער די מאַמעס גיבן נאָך... די ווייבער מאַכן שלום מיט דער נייער צייט און קלאָגן אויף זייערע נאַרישע מיידלשע יאָרן... ווען זיי האָבן נישט „געוווּסט פון קיין לעבן”...

* * *

און אין די שטילע, נגידישע שענק ליגן ווי פאַרגעסענע די רייכע „וויפּראַוועס” פאַר די טעכטער. אונטער די סודותדיקע שלעסער פון די אייזערנע קאַסעס ליגן די נדנים און עס שימערן די אַלטע יידישע דימענטן און באָבעשי־בראָשן. עס זיצן די בלייכע בחורים „פאַר גאָט און פאַר לייט”, די אמתע חתנים, זיי וואַרטן שטיל און געדולדיק אויף זייערע שיינע, כשרע, יידישע, נגידישע כלות...

## ב

אין דער קעלטלעכער, בלויער לופט פון דעם היימישן, וואַרשעווער הימל, צווישן נאַכט און פאַרטאָג, וואַכט אויף דער לאַנגער, טריבער מאַרק־הויף.

די מענטשן באַווייזן זיך ווי שאָטנס פון אַ חלומדיקער וועלט מיט גלאַנציקע, אומזיניקע בליקן פון אַן איבערגעריסענעם שלאָף. מענער, פרויען און קינדער טראָגן זיך מיט בהלהדיקער אייליקייט פון לונאַטיקער. זיי זיינען געהילט אין שמאַטעס, אין אַלטע, צעפליקטע טיכער, אויסגעפּוצטע פעלצן און בורקעס, אָנגעפּעלצטע און משונהדיקע קאָלירן ווי משוגעים. זיי טראָגן זעק, קוישן, קאָלערן פּעכער און קאַסטנס. עס דאַכט זיך אַז זיי ראַטעווען זיך פון אַ געוויטער, וואָס יאָגט זיי נאָך.

דער אַלטער מאַרק־הויף זעט אויס ווי אַן אויפגערודערטע בהלהדיקע גאַס, ווו עס איז געשען אַן אומגליק, אַן איינגעלויף. אין די ווינקלען שטייען חרובע געבויען, פּלויטן, בוידעמער, דורכגאַנגס־טויערן און טויב־פאַרקלאַפּטע בודעס. אין די אַלע ווינקלען פינטלען אַרום מענטשן, בייזע, צעשריגענע, ווי זיי וואָלטן זיך געראַנגלט מיט אַ נישט־געזעענעם שונא.

מען קויפט און מען פאַרקויפט. הענט רייסן פון הענט, מען ציילט און מען רעכנט, ווייבער רייסן זיך די האָר, קנייפּן זיך די באַקן, ווי זיי וואָלטן באַווייזט

טויטע, יידן מיט בערד, אַלטע און יונגע, מיט רויטע, צעשריגענע העלדזער, קינ־דער מיט בליציקע פּנימער, האַנדלען, שווערן און שעלטן. יונגע פרויען מיט שפּראָ־צנדיקע גלידער, אָנגעפּעלצטע אין שמאַטעס, מיט שטריק אַרום די לענדן, פאַר־שמירטע, פאַרשטויבטע, באַדעקטע מיט שטרוי און פעדערן, ווי זיי וואָלטן געוואַלט באַהאַלטן דעם רייץ, וואָס רייסט זיך אַרויס פון די שמאַטעס, שרייען מיט הייזעריקע בעסער, זייערע פאַרגרעבטע פינגער רויען זיך אין נאַקעטן רויען פלייש, אין אַלטן לעדער, אין ווייסלעך־שליימיקע, פאַרחלשטע פיש.

עס איז נישטאָ קיין הימל. עס איז נישטאָ קיין ערד. עס איז דאָ נאָר איין קנויל פון מענטשן, וואָס קריכן, רויען זיך איינער איבער דעם אַנדערן, ווי אַ פאַרשאָל־טענער אינדזל אין אַ מגפה.

עס איז שווער צו גלייבן, אַז די אַלע מענטשן האָבן ערגעץ היימען, ווו זיי ווינען, ווו זיי זיצן ביי איין טיש, ווו זיי שלאָפן, ווו זיי געבוירן קינדער, ווו זיי קרענקן און שטאַרבן.

די יונגע פונעם מאַרק־הויף זיינען זיך משדך. מען קאָן זיך פון קינדוויז, פון הויף, פון מאַרק. מען געפעלט זיך אין מיטן דעם רעש. אָנשטאָט אַ ליבע־דערקלע־רונג מאַכט מען שותפות אין האַנדל ביז דער חתונה און ווען דער חתן קומט צו דער כלה, פרעגט ער:

— מ'האָט עפּעס געלייזט?...

און מען רעכנט זיך אויף אַ ברעט מיט קרייד, מיט געשרייען, מיט קללות, מיט בליציקע אויגן און רויטע העלדזער פון געשריי.

אין די אָוונטן גייט מען אַהיים צוזאַמען פון מאַרק, אונטערן אָרעם, פאַר־שמירטע מיט בלאָטע און מאַרק־שטויב, און מיט מאַרק־געשריי דינגט מען זיך, וועגן חופה, נדן און „ווינען"...

אין מיטן דער צעקנעטענער בלאָטע פונעם הויף, אין אַ שוואַרצן, חרובן ווינקל, מיט אָפּגעריסענע ווענט, אָן אַ שוועל, מיט פאַרהויכטע, קרומע פענצטער, שטייט די שול, פון וועלכער עס בלינדן אַרויס עטלעכע מאַטע פלעמלעך פון ליכט.

אויף די קרומע שטענדערס ליגן אַלטע, געלע, צעפּליקטע סידורים און תהילימס.

דאָ, אין דעם ווינקל, האָבן זיך פאַרהאַלטן די אָפּגעשוואַכטע אין דער מאַרק־מלחמה, אינוואַלידן, געבראָכענע פון דער עלטער, געהויקערטע, מיט שטאַרע גלי־דער, לעבן זיי צוגעשפּאַרטע צו דעם אַלטן גאָט, וועלכן זיי האָבן דאָ, אין דעם חרובן ווינקל, אַן אָרט אָפּגעגעבן.

מיט איין אויג אין מאַרק אַרויס דאַוונען זיי דאָ. מיט איין פוס אין מאַרק אַרויס רעדן זיי צו גאָט.

איבער דער אָנשוועליקער טיר שפּרייזט מיט גראָבע שטיוול אַריין דאָס ראָ־ציקע געשריי פונעם מאַרק און שרעקט די בלאַסע פלעמלעך פון די בליצנדיקע ליכטלעך.

קולות און דינגערייען דערגרייכן ביזן טונקעלן, שטילן אָרון־קודש. און דאָ, אַרום, איבער דעם גאַנצן טונקעלן, פאַרהוילענעם שולעכל, שטעלט זיך אַ נייער מאַרק. מען קויפט תהילים־זאָגער פאַר קראַנקע, קדיש־זאָגער פאַר געשטאָרבענע. מען קויפט „עליות" און מען פאַרקויפט קמיעות פון „גוטע יידן". דער האַנדל גיסט

זיך צוזאַמען מיטן מאַרק, כאַפּט אַרום דעם גאַנצן שטח, יעדעס ווינקל, אַלע פענצ־טער, אַלע טירן האַנדלען, ביז אַרויף צו די שטאָקן, אומעטום האַנדלט מען... אומעטום...

* * *

נאָר אויבן, אויף דעם שטילן, שטומען דאַך, צווישן די עלנטע, פאַרטראַכטע קוימענס, זיצט דער איינציקער, וואָס האַנדלט נישט.

דאָס איז „יאַן", דער גוייִשער „סטרוזש" פונעם מאַרק־הויף.

שוין פון צענדליקער יאָרן גנבעט ער זיך טאָג בײַ טאָג אַוועק פונם רויש און געראַנגל אַהער אויפן דאַך אַרויף. ער שטייט מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ. זײַנע אויגן זײַנען פול מיט דער רו און בלויקייט פונעם הימל. ער שטייט מיט זײַן לאַנגן שטעקן אין דער האַנט און יאָגט זײַנע טויבן.

די טויבן טראָגן זיך, פליען מיט זייערע זילבערנע פליגל איבערן רויענדיקן גרוב פונעם מאַרק־הויף און שניידן אַרויף, צו די וואָלקנס.

דער אַלטער יאַן ציט זיך מיט צו דער הייך פון די טויבן. ער הערשט איבער דעם אומענדלעכן קלאָרן פרידלעכן רוים פון דעם הימל. די טויבן ברענגען אים גרוסן פון דער ברייטער, זאַפטיקער ערד אַרום.

דער הויף מיט דעם וויסטן געווימל, ליגט אונטער אים, ווי אַ טאָל, אַ פאַר־זונקענער, אַ פאַרגעסענער פון גאָט און פון לײַט...

## סטאַווקע געסל



דאָס סטאַווקע־געסל איז געלעגן ביים ברעג שטאָט. בײַ דער ענדע פון דער אַלטער, ענגער, ייִדישער דזשיקע־גאַס. דאָס געסל איז געלעגן ווי אַ גוואַלט־ריס בײַ דעם קנופּ פון דער געדיכטער ייִדישער געגענט און האָט שוין געשמעקט מיט הינטער־שטאָט. די שטיינער פונעם ברוק זײַנען געווען אויסגעריבענע מיט אויס־געריסענע שטיקער גריבער. די טראָטואַרן בײַ די זײַטן זײַנען געווען ווי אויפגע־פרעסן פון דער צײַט. און די צוויי רייען הײַזער פון בײדע זײַטן האָבן געהאַט אַ גראָ־געלע קאָליר, ווי אַלטע, קראַנקע ציין, וואָס האָבן ווי אַרויסגעשטעקט פון די הילצערנע פּלויטן. דורך די לעכער אין די פּלויטן האָבן זיך אַרויסגעזען שטיקער רויע ערד און בערגער מיסט, פאַרוואַקסענע מיט ווילד־גראָז. דאָ זײַנען אַרומ־געשפּרונגען דאַרע, ייִדישע ציגן און געקלעטערט אויף די פאַרטרוקנטע, קראַנקע ביימער, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אַלטע, פאַרפּלאָנטערטע שטריק.

אין די הײַזער האָבן געוווינט כמעט בלויז ייִדן. גאַסן־הענדלער, בעלי־מלאכות, צומיינסט פורמאַנעס, וואָס האָבן דאָ אין די הייפלעך געהאַט זייערע שטאַלן מיט פערד. עס זײַנען אויך געווען הײַזער, וואָס זײַנען געווען באַוווינט פון אַלטע געסל־באַלעבאַטים, „ווילע יונגען", וואָס זײַנען באַקאַנט געווען אין דער געגנט ווי שלעג־גער און מעסערשטעכער.

דאָס סטאַווקע־געסל האָט זיך געצויגן אַראָפּ ביז צו די אָקאָפּעס. אין דעם טייל געסל זײַנען די הײַזער נאָך אַלץ געווען הילצערנע, מיט קליינע פענצטערלעך אַזוי ווי די טויבן־שלאַקן. דאָ האָבן געוווינט אויך קריסטן.

אין די אַלטע פּוילישע הייפלעך, ווי די יידן האָבן זיי גערופן: „פון דער פּאָ־ווסטאַניע", האָט מען נאָך געפלומפּט וואַסער פון אייזערנע פּלומפּן. דאָ זיינען נאָך געשטאַנעןביימער און גרינס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די גיפּסענע פיגורן פון דער הייליקער מוטער, איקאָנעס און צלמים. עס האָט זיך געפילט דער ריח פון קרויט, אין די פענצטערלעך זיינען געשטאַנען בלומען־טעפּ און עס האָבן געבילט הינט.

ווען מען איז צוגעקומען צו דעם עק געסל, האָט זיך מיטאַמאָל געעפנט אַן אַנדערע וועלט. דאָ, ביי די „אָקאָפּעס" איז געלעגן אויסגעגאָסן אַ שטרענגע רו. עס האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן די רויטע מויערן פון פאַבריקן מיט די הויכע, רויכערדיקע קוימענס און פאַרהאַקטע אייזערנע טויערן.

פון איין זייט האָט זיך געצויגן דער הויכער, געמויערטער פּאַרקאַן פון דעם קריסטלעכן „פּאָוואָנזקער צמענטאַזש", באַלד דערנעבן, אין אַ נאָענטער שכנות — דער יידישער „גענשער" בית־עולם.

אַרום האָט געררוישט און געטומלט די גרויסע פּוילישע הויפּטשטאָט וואַרשע, אָבער צו דעם סטאַווקע־געסל איז דאָס נישט דערגאַנגען. די שטיינער פונעם ברוק זיינען אַלץ קרומער און אויסגעריבענער געוואָרן, די רינשטאָקן האָבן געריזלט מיט אַ געדיכטן קויט. די פּלויטן און די הייזער האָבן זיך געקרישלט, און אַ דור נאָך אַ דור איז געקומען און פאַרשוווּנדן.

* * *

באַלד ביים אָנהייב פונעם געסל איז געווען די „באַוואַריע", ווו די יינגערע פורמאַנעס, שמייסער־יונגען און די „שטאַרקע" פונעם געסל זיינען אָפּגעזעסן גאַנצע טעג, געגעסן געפעפערטע אַרבעס, פאַרקילטע פיס און געטרונקען ביר.

דאָ, אין דער „באַוואַריע", ביים גראָבן מלך, וואָס איז אין די יונגע יאָרן אַליין געווען אַ „שטאַרקער", זיינען „פאַרגלייכט" געוואָרן געשלעגן. דאָ האָט מען זיך איבערגעבעטן, און ביי יעדן אויסגלייך זיינען אויפגעגעסן געוואָרן אַ פּאָר געבראָטענע גענדז, וואָס די אַלטע ברײַנדעלע האָט געבראָטן ביי דעם „בעקער פון נומער 10". די גענדז, וואָס די אַלטע בריינדעלע האָט געבראָטן, זיינען געווען גערימט אין דער גאַנצער געגנט.

די ערשטע צווויי הייזער זיינען געווען די רייכע. זיי זיינען געווען אָפּגעקאַלכט, און ביינאַכט האָט געברענט אַ לאָמטערן. אין די הייזער האָבן געוווינט די רייכערע פורמאַנעס, וואָס האָבן געהאַט צו עטלעכע פּאָר פערד מיט געקאָוועטע וועגענער. ביי אַ טייל אין די שטובן האָט שוין אפילו געברענט גאַז, און אין די אָוונטן האָבן זיך פון די הייזער געהערט גראַמאָפאָנען, ווי חזנים האָבן זיך געציקלט און די קאָוועצקאָ האָט געפייפט און געזונגען.

ביי די טויערן פון די הייזער און ביי דער „באַוואַריע" איז שטענדיק געווען פריילעך. די יונגען האָבן פריילעך געמאַכט פאַר די מיידן און אָפט זיינען אויסגעבראָכן געשלעגן, און די יונגען האָבן זיך געלאָזט מיט מעסערס.

די עלטערע האָבן געפירט אַ באַלעבאַטיש לעבן מיט ווייבער און קינדער און נישט געהאַלטן פון די יונגען.

— אַזאַ יונג — האָט מען געזאָגט, — זאָל אַריינקומען אין גוטע הענט... וואָלט ער געוואָרן אַ לייט. „גוטע הענט" האָט געהייסן, ער זאָל ווערן אַ חתן פאַר אַ ליי־

טישער מויד. די לייטישע מיידן פונעם געסל האָבן צומיינסט „געהאַלטן טויערן״, דאָס הייסט, אַז אַ מויד האָט זיך אין אַ טויער געמאַכט אַ געוועלבל, זומער פון סאָדע־וואַסער און ווינטער פון געפּרוּוירענע עפּעלעך און נאַשוואַרג פאַר קינדער און אַזויאַרום זיך פאַרדינט אויף אַ „וויפּראַווע״.

אַז דער יונג איז געוואָרן אַ חתן, איז אונטערגעלאָפן דאָס איינאונצוואַנציקסטע יאָר, האָט אים די כלה געמאַכט אַ פּעלצל מיט אַ פּאָר געפּאַסטע שטיוועלעך, און דער יונג איז אַוועק צו „פּאַניען״.

דאָס ערשטע יאָר אויף „סלוזשבע״ איז אים געווען ביטער. אָבער אויפן צווייטן יאָר איז ער געקומען אויף „אָטפּוסק״ אין אַ מונדיר מיט אַ „מענדאַל״. דערנאָך האָט מען געהערט, אַז ער האָט געשפּאָלטן דעם קאָפּ דעם ראָטנעם און אַוועקגעגאַנגען אין אַרעסטאַנטסקע ראָטעס אויף אַ פּאָר יאָר. די מויד איז געשטאַנען אין טויער, געקריגן אַלץ רויטערע הענט און גרעבערע פּיס. געגאַנגען צום זשאָנדצע, ער זאָל איר שרייבן בריוו, און געוואַרט, ביז וואַנען דער חתן וועט אָפּזיצן דעם „סראָק״.

* * *

אין די זומערדיקע שפּעטע אָוונטן, ווען דאָס געסל איז שוין האַלב געשלאָפן, האָבן זיך די פּאָרלעך אַרויסגעלאָזט שפּאַצירן, „כאַפּן לופט״ אַראָפּ מיט דער דזשיקע גאַס, צום קריסטלעכן „צמענטאַזש״, הינטער די ביימער, וואָס ציען זיך שורותווייז ביז צו דער „פּאָוואָנזקער ראָגאַטקע״.

מען איז געגאַנגען הין און צוריק, טייל האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די שטאָכעטן, ביי די מצבה־קריצער אָדער אויף די שווערע שטיינער, וואָס שפּאַרן אונטער די טויערן. איז מען געזעסן און שטיל גערעדט, געזונגען לידער און זיך געליבט.

דאָרט אַהין זיינען געגאַנגען די יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן „גערעדט״ צו זיך נישט לאַנג. מען האָט גערעדט צווישן זיך שטיל, ווי טויבן וואָלטן געוואָרקעט. פון אַ טונקעלן טויער האָט זיך געהערט אַ ליבע־ליד, וואָס אַ מיידל האָט געזונגען גיך און ערנסט, אין איין אָטעם:

„אַזוי ווי פּאַלמוס האָט דאָס דאַהעיאָט —
האָט עס עם שטאַרק פאַרדראָסן,
אַראָסגענימען האָט אָ דעם רעוואָלוואָ
דעוווירען האָט אָ דאַשאָסן...

דאָס „מאָראַלישע״ ליד, ווי דער שיינער פּאַלמוס האָט דערשאָסן דבורהן, האָט זיך איבערגעגעבן פון איין פּאָרל צום אַנדערן. הערנדיק דאָס ליד, האָט מען זיך שטאַרק געטוליעט איינס צו דאָס אַנדערע, און מ׳האָט זיך איבערגערעדט:

— וואָס מיינט עטך... ס׳גיבט נישט אַמאָל...

— אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן...

און מען האָט זיך שטילערהייט דערציילט שרעקלעכע געשיכטן פון ליבעס, וועגן דער „שיינער אַדעלע״, וואָס דער חתן, דער קצב־יונג, האָט זי געשחטן דאָ נישט ווייט, אויפן פּלאַץ ביים יידישן שפּיטאָל. וועגן כלות, וואָס זיינען געשטאָרבן אין די חופּה־נעכט, און וועגן נקמהס פאַר „פאַלשע ליבעס״.

פרימעטל די „פריזירקע״ האָט זיך געהאַלטן ביי איינס: אַז די „חברטאָרנס ברענגען צו אַלע אומגליקן״. פרימעטל האָט געהאַט גאָלדענע צעפּ און בלויע אויגן ווי אַ ליאַלקע. זי האָט געפירט אַ ליבע שוין זעקס יאָר, פון דרייצן יאָר אָן. זי האָט געהאַט אַ חתן שילעם, וואָס האָט געהאַט צוויי פּאָר פערד מיט צוויי אייגענע וועגענער. דאָס יאָר איז ער אַהיימגעקומען פון „פּאָניען״ און אויף שבת־נחמו איז אָפּגערעדט די חתונה.

די קלוגע פרימעטל האָט שטענדיק געזאָגט, אַז „די ליבע איז אַ האַרץ־זאַך״ און אַז דער עיקר איז, צי „מ׳מיינט זעך״. זי האָט גערעדט „פּונקט אַזוי ווי אין טעאַטער״ און זי האָט צונויפגעפירט אַלע ברוגזן צווישן חתן־כלה.

---

## דער יידישער גאָרטן



דער יידישער גאָרטן, דער „קראַשינסקי־גאָרטן״, האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די נאַלעווקעס. ער האָט באַקומען די זעלבע פאַרב, ווי די יידישע גאַסן, אַ פאַרשטויבטער און פאַרלאָזענער, ווי עפּעס אָן אַ באַלעבאָס, ווי יעדער אויפזיכט וואָלט פון אים אַנטלאָפן. דאָס גראָז איז געווען פאַרנאַכלעסיקט און פאַרוויאַנעט. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, צי ער איז געוואָרן אַ יידישער דערפאַר, ווייל ער האָט אַזוי אויסגעזען, צי ער האָט אַזוי אויסגעזען, ווייל ער איז געווען אַ יידישער.

נאָר איין טייל גאָרטן, דאָרט, ווו עס איז געשטאַנען דער אַלטער פּאַלאַץ פון די קראַשינסקיס, ווו עס איז געווען דאָס העכסטע אַפּעלאַציע־געריכט, האָט אויסגעזען אַנדערש. דאָרט האָט געשימערט אַ גלאַנץ פון געפּלעגטקייט. די בלומענבייטן האָבן געשפּילט מיט זייערע פאַרבן און אַ באַריער פון געהעמערטן אייזן האָט שטרענג אָפּגעהיטן די אָפּגעזונדערקייט.

פון דעם געדיכטן קנופּ יידישע גאַסן, פון די נאַלעווקעס, פון דער דזשיקע און פראַנצישקאַנער און אַלע גראָע, פאַרשטויבטע יידישע גאַסן אַרום, איז מען אין די זומערדיקע טעג געקומען אַהער שעפּן לופט. פון באַלד אינדערפרי אָן זיינען די בענק באַזעצט געוואָרן פון זייערע שטענדיקע באַזיצער. די ערשטע זיינען געקומען די אַרבעטסלאָזע, שלעכט־אויסגעשלאָפענע יונגעלייט און פרויען, פאַרגלעטע, מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן. יונגעלייט פאַרוואַקסענע, מיט געפּלאַצטע שיך. מיידלעך, מיט געלעכערטע זאָקן, זיינען געהאָנגען אויף די בענק מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, ווי געשאָכטענע.

ביז וואַנען די זון האָט נאָך געוואַרעמט אומזיסט, האָט מען זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם אומזיניקן דרימל פון פאַרלוירנקייט. די וועלט איז געווען פרעמד. בייז און הפקר. און דער דרימל אויף דער פייכטער באַנק איז געווען אַ גוטער מיטל צו שטילן דעם הונגער. שפּעטער, מיטן טאָג, האָט זיך שוין צווישן די שטענדיקע זיצער פון די בענק געשאַפן אַ משפּחהדיקע נאָענטקייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן וועגן „עמיגראַציע״, וועגן פאָרן אין די ווייטע לענדער, וואָס וואַרטן אויף זיי, וואָס דאַרפן זיי האָבן, ווו עס איז צוגעגרייט פאַר זיי אַ זאַט און געזיכערט לעבן. עס האָט זיך

פאַרבונדן אַ פאַנטאַסטישע שפיל; ווייטע שטיקער וועלט און קאָנטינענטן האָבן זיך אויסגעמישט; עס איז נאָענט געוואָרן אַרגענטינע און קאַנאַדע, ניו־יאָרק און אויסטראַליע, אומעטום איז „געלעגן געלט אין די גאַסן". מען האָט גערעדט וועגן די רייכע קרובים ערגעץ ווייט, וואָס וועלן העלפן. דער זומער־טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג. עס איז געווען אַ סך צייט. און עס זיינען דערוויַיל געמאַכט געוואָרן שותפותן אויפן חשבון פון רייכע פעטערס אין אויסלאַנד. די אַלע רייכע פעטערס אויף יענער זייט ים האָבן נישט געהאַט קיין „קינד און קיין רינד" און אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, זייערע אַלע „מיליאָנען, מיליאָסן", האָבן געהערט צו אָט די בלאָסע, הונגעריקע זיצערס פונעם „יידישן" קראַשינסקי־גאָרטן. ער זאָל נאָר קאָנען אַהינקומען... עס זיינען אויך געשלאָסן געוואָרן שידוכים אויף אָוועקצופאָרן. זי האָט געגעבן אַ רייכן פעטער, אַ מיליאָנער אין ברוקלין און ער — אַן אַלטע מומע פון בוענאָס־איירעס, וואָס „ווייסט אַליין נישט, וויפל זי פאַרמאָגט"... אַלע שידוכים זיינען געמאַכט געוואָרן אויף אָוועקצופאָרן.

די אָרעמע יידישע גאַס איז געווען אָנגעפילט מיט שטיקנדיקן שוועבל, ווי פאַר אַ שטורעם. זי איז ענג און ווי אָפּגעשניטן געווען פון די פאַרריסענע, פוילישע הויפּט־גאַסן, וואָס האָבן זיך געהאַנדלט פאַר דער וועלט מיט אַ שימער פון רייכטום און ווילשטאַנד.

די זון האָט געוואַרעמט, און דער טאָג איז געווען גרויס און לײדיק. און דאָ, אויף די בענק, האָט מען זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט, וועלכעס לאַנד ס'איז בעסער. מען האָט זיך געוואָרפן מיט לענדער, מיט שטעט. מען האָט אַרויסגענומען פון די קעשענעס אַלטע, פאַרגעלטע שטיקלעך צייטונגען, ווו ס'איז אַמאָל געווען עפּעס געשריבן וועגן לענדער, וואָס לאָזן אַריין...

אַ באַזונדערע באַנק האָט געהאַט ארץ־ישראל. פון דער באַנק האָבן געבליצט יוגנטלעכע אויגן, פאַרטראָגענע אין אַן אַנדער טראַנס, געקומענע פון די קליינע, פוילישע שטעטלעך, יינגלעך און מיידלעך, אַנגעטאָן אין לעדערנע רעקלעך, האַלבע זעלנער און האַלבע וואַנדערער, האָבן זיי פאַרלאָזן די קליינע יידישע נעסטן, אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון די באַזעסענע היימען.

אויף דער באַנק האָט מען נישט געזוכט קיין „רייכע פעטערס". מען האָט געזוכט העלדנטאַטן, שווערע אַרבעט. עפּעס אַ בלאָסער יונגערמאַן האָט זיך צוגעשאַרט צו דער יונגער חלוצים־גרופּע. זיינע ליפּן זיינען געווען פאַרטרוקנט, און פון די אויגן האָט אַרויסגעגלאַנצט דער פיבער פון הונגער. ער האָט זיך צוגעהערט צו די הייסע, יונגע געשפּרעכן און אַריינגעשטעלט זיין בלאַסע, הונגעריקע שטים:

— דאָרט — דאָרט — אין ארץ־ישראל, דאַרף מען שוין גאָרנישט... כ'זאָל נאָר קאָנען אַהינקומען — ווען כ'קום נאָר אַהין — בין איך שוין אַ מענטש...

— וואָס איז אייער פאַך? — האָבן די יונגעלייט נייגעריק געפרעגט.

— וואָס דאַרף ער אַ פאַך... כ'קום אַראָפּ, ווער איך מיר אַ... פּאָליציאַנט...

— פאַרוואָס עפּעס אַ פּאָליציאַנט?...

— גלאַט אַזוי... פאַרוואָס נישט?...

און זיינע הונגעריקע אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט פון הונגער...

אַ לאַנגע אַלייע מיט אַ ריי בענק האָט שוין געהאַט אירע שטענדיקע זיצערס. דאָ האָט זיך פון זיך אַליין געשאַפן אַ יידישער מושב־זקנים. די אַלטע באַלעבאַטים

פון דער ידישער וואַרשעווער גאַס האָבן זי פאַרכאַפּט. פון טאָג צו טאָג זיינען צוגע־קומען נייע, פון די אַלטע, געוועזענע... זיי האָבן געהאַט צו דערציילן פון זייערע לאַנגע לעבנס, פון זייערע קלוגע אויפטועכצן, פון זייערע סוחרישע געגג. וועגן די אַמאָליקע גרויסע פאַרמעגנס, וואָס זיינען געלעגן אין די נאַלעווקעס און פראַנציש־קאַנער. וועגן אַמאָליקער סוחרישער ערלעכקייט און שטאָלץ.

גרויע בערד האָבן זיך צוגעצויגן און געהערט. זייערע אַלטע, אַנגעווייטיקטע אויגן האָבן געטרערט. עס זיינען דאָ געזעסן אַלטע חברים פון די גרויסע ידישע האַנדלס־הויפן, וואָס האָבן צוזאַמען געבויט גאַנצע ידישע גאַסן הייזער, אַלטע גבירים האָבן געהאַט אַ באַזונדערע באַנק. דאָ האָט מען גערעדט וועגן די קינדער, וועגן אַזעלכע, וואָס זיינען געווען גוט צו די אַלטע לייט און וועגן אומדאַנקבאַרע זין און טעכטער, וואָס האָבן פאַרגעסן... מען האָט דערציילט וועגן איינעם, וואָס האָט געמאַכט גרויסע פאַרמעגנס, אַלץ אַוועקגעגעבן די קינדער. איצט, אויף דער על־טער, האָבן אים די קינדער אַרויסגעיאָגט. מען האָט געהערט די עוולות פון דער „היינטיקער וועלט”, און די איינגעפאַלענע, קליין און קינדעריש־געוואָרענע אַקסלען פון די זקנים האָבן געציטערט פון פאַרלוירנקייט.

עס זיינען געקומען נייע, שטילע קבצנים, וואָס האָבן קיינמאָל קיין ראָל נישט געשפּילט. זיי האָבן געפונען אַ טרייסט, קוקנדיק אויף די, אַמאָל מעכטיקע גבירים, מיט קלינגענדיקע נעמען אין דעם אַמאָליקן ידישן וואַרשע.

איבער דער באַנק איז דורכגעגאַנגען אַ שאָרך, ווי פון האַרבסטיקע בלעטער אין אַ וואַלד:

— פש־ש־ש... ווער האָט נישט געקענט דאָס געשעפט... ווער האָט נישט גע־הערט פון דער פירמע... האַ, וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן...

איינער פון די געוועזענע גרויסע סוחרים, גבירים, האָט זיך דערמאָנט אין די אַלטע צייטן און האָט אָנגעהויבן רעדן דייטש:

— יאָ, יאָ, דאָס בין איך זעלבסט... גלאָובען זי דאָס...

און ער האָט געקוקט אין דער ווייט, ווי נאַפּאָלעאָן, אויפהייבנדיק זיינע איינ־געפאַלענע אַקסלען:

— יאָ, יאָ, מעכט איך נור איינען קדיש געהאַבט...

די אַלטע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ:

— אַך, אַך, ווער האָט נישט געקענט די פירמע...

* * *

די אַלטע לייט האָבן געהאַט נאָך איין טרעפפּונקט. דאָס איז געווען דער ידי־שער גענשער בית־עולם, אַלע פּאָר טעג איז געווען אַ לוויה, און יעדער טויט איז אַריינגעפאַלן ווי אַ דונער. מען האָט גערעדט און געקרעכצט וועגן דעם, ווי אַ מענטשנס לעבן איז קורץ, און די וועלט איז נאַר אַ חלום...

—נישט געווען קיין אַלטער מאַן... — האָט געזאָגט אַ זקן, מאַכנדיק מיט דעם ליידיקן מויל, זוי ביי אַ פיש:

— ער האָט געדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר פינף אָדער זעקס און זיבעציק...

און אַ פאַרגליווערטע, אַנגעווייטיקטע רעזיגנאַציע האָט זיך צעגאָסן איבער די אַלטע, געקנייטשטע פנימער.

אין דער אַלייע איז אויך געקומען דער אַלטער „אבישל מארשעליק״. זיין קליין קיילעכיק גופל, מיטן רויטן, גלאַנציקן קאַרקל, האָט זיך אַרומגעטראָגן פון באַנק צו באַנק. ער האָט אָנגעטאָן זיין פּירקאָנטיקע יאַרמולקע און געמאַכט זיינע „שטיק״, וואָס ער פלעגט מאַכן אויף יידישע חתונות. און די זקנים האָבן זיך פאַרגאָסן מיט אַ פּישטשענדיק געלעכטערל. זיי האָבן געעפנט זייערע אָנציינִיקע מיילער, אַזוי ווי קברים, און האָבן זיך געטרייסלט פאַר געלעכטער:

— איי, אבישל...

דער אַלטער אבישל האָט דערציילט מעשיות וועגן אַמאָליקע חתונות, ווי אַזוי ער פלעגט „באַזעצן״ די נאַרישע כלות... ער האָט חוזק געמאַכט פונעם טויט, זיך אויסגעשמועסט מיטן מלאך־המות, און די אַלטע לייט האָבן דערוואַרעמט זייערעביינער מיט דעם געלעכטער.

עס איז אויך געקומען דער אַלטער הערשעלע, וואָס מ׳האָט אים גערופן „הע־ניעק״. ער איז אַלע יאָרן געווען אַ שטיק „אַדוואָקאַט״. ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיך געדרייט אַרום די רוסישע „סאָנדעס״. עס איז אים פאַרבליבן אַ פאַרריסענער קאָפּ מיט ווייסע, לאַנגע, פליענדיקע האָר און אַ ווייסע פריצישע באָרד. ער האָט גע־רעדט הויך און האָט געזאָגט אויף רוסיש: „זדראַסטיע סטארינא״. און באַלד האָט ער גענומען דערציילן, ווי ער האָט געכאַפּט דעם רוסישן „סודיא״ ביי אַ גרייז און ווי ער האָט זיך געקריגט מיטן גענעראַל־גובערנאַטאָר. די אַלטע קעפּ האָבן זיך אָנגעקלאַפּט פון נייגעריקייט. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ פלעשעלע בראָנפן. די אַלטע באַלעבאַטים האָבן זיך אַרומגעקוקט מיט שרעק און געכאַפּט אַ זופּ פונעם פלעשל, אַז קיינער זאָל נישט זען.

דעם גרעסטן זופּ האָט געכאַפּט אבישל, און ווען זיינע רויטע, קיילעכדיקע בעק־לעך זיינען דערוואַרעמט געוואָרן פונעם בראָנפן, האָט ער זיך צעזונגען. ער האָט געזונגען דאָס אַלטע מאָראַלישע ליד פון די חתונות און בריתן. דאָס ליד וועגן „דעם מענטשנס לעבן״.

וואָס איז ווערט דעם מענטשנס לעבן,
וואָס ער טוט זיך האַלטן גרויס,
ווען ער טוט קיין צדקה געבן —
ווען מען קומט אויף יענער וועלט,
טוט מען נישט מיטנעמען דאָס געלט...

די אַלטע פינטלען מיט די אויגן.

— יאָ, יאָ, אַזוי איז עס...

אבישל פאַרהוסט זיך:

— איי, איי, נישטאָ די אַמאָליקע צייטן...

די „יענע וועלט״ האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבער די אַלטע קעפּ, ווי אַ שוואַרצע בייטש אינמיטן דעם העלן זומער־טאָג. מען האָט זיך צוזאַמענגעטוליעט אויף די בענק. די אַלטע פאַרלאָזענע ביימער אינעם יידישן גאָרטן האָבן געאָטעמט איבער זיי מיט זייער אייביק לעבן...

## יידישער שפּיטאָל אויף טשיסטע



שוין אין דעם טייל שטאָט, וואָס האָט מיט דער לאַנגער, אַלט־פּוילישער „וואָלסקאָ" געפירט אַראָפּ צו דער פאָרשטאָט „וואָלאַ", האָט זיך שוין געלאָזט פילן די אומהיימלעכע געדריקטקייט. וואָס ווייטער צום ברעג פון דער שטאָט, אַלץ מער זיינען אויפגעשטיגן די רויטע, אָנגעכמורעטע מויערן און קוימענס פון די פאַבריקן. עס האָט זיך אָנגעטראָגן דער בייזער גייסט פון געשלעגן און פּעריפעריע־הפקרות. עס האָט זיך אָנגעלייגט פאַר דעם יידישן געמיט די פרעמדקייט פון דער שטיק וועלט, ווו פון אַלע צייטן האָט געריזלט אַן אומרויקייט און געשפּאַנטקייט.

עס האָבן זיך געעפנט שטיקער רויפעלד און נעפּלדיקע ווייטקייטן פון הינטער־שטאָטישע וועגן. עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ פרישע, קילע לופט פון די שווערע אַלט־פּוילישע קאַשטאַנען־ביימער, און איבער די שטילע, קילע, האַלב־ליידיקע, הינטערשטאָטישע געסלעך האָבן געפינטלט פרעמדע, ווי נישט וואַרשעווער, אָרע־מע מענטשן.

דאָ, איבער דער נעפּלדיקער ווייט, אַ צעשניטענע פון געקניפּטע און געדרייטע אָדערן פון רעלסן און בריקן, אַלט־פּוילישע ראָגאַטקעס און געדרייטע וועגן האָבן זיך אויפגעהויבן די ריזיקע קאַסטן־הייזער מיט די גרויסע, ליידיקע ווייסע פענצ־טער, פון וועלכע עס האָט געצויגן אַ שווערער, אייביקער אומעט.

און מיט אַמאָל, אין דער טיף פון דער קריסטלעכער געגענט, האָבן זיך באַוויזן יידן פון פאַרשידענע שטיקער וואַרשע, וואָס האָבן געצויגן מיט אומעטיקע, געבראָ־כענע בליקן אַהער, צו די סודותדיקע טויערן פון דער פאָרשטאָרטער, אָפּגעזונדער־טער וועלט. דאָס זיינען געווען די טויערן פון „טשיסטע", דעם לאַנד פון יידישן פּיין און יאוש. די טויערן פון דעם גרעסטן יידישן שפּיטאָל אין פּוילן.

ווי אַ שרעקנס־בילד, איז פון אייביקע יאָרן פאַר דער אָרעמער יידישער גאַס אין וואַרשע געשטאַנען דער אַלטער יידישער, חושכדיקער הקדש, וואָס איז אין די אַלטע צייטן געשטאַנען אינמיטן אַ ווילד, פאַרלאָזן שטיק פעלד, נעבן די סודות־פולע בערג פון דעם אַלטן רוסישן „ציטאַדעל" — ווי די יידישע געסלעך אַרום האָבן גערופן די רוסישע פעסטונג.

די שרעקלעכע מעשיות וועגן די בייזע „וועכטערינס" און פעלדשערס, וואָס טראָגן אַראָפּ אָרעמע קראַנקע, נאָך לעבעדיקע, אין „קיל־שטיבל", האָבן געשראָקן די יידישע אָרעמקייט, און יעדן קראַנקן, וואָס מ'האָט געפירט אין שפּיטאָל אַריין, האָט מען באַגלייט און באַוויינט ווי אַ טויטן.

דער הקדש איז געווען די בייזע האַנט, וואָס האָט אַרויסגעריסן טאַטעס, מאַמעס און קינדער פו די אָרעמע שטובן, און אין דער טונקעלער שעה זיי אַרויסגעוואָרפן דורך דעם אַלטן, טונקעלן הינטער־טויער מיט אַ שטילער לוויה צום „ברודנער" בית־עולם פאַר אָרעמע.

די חדר־יינגלעך פון די יידישע אַרומיקע גאַסן זיינען אין די שבתים געלאָפן צום הקדש, כדי צו זען די „טויזנט אויגן פונעם מלאך־המות", וואָס האָט אַרויס־געקוקט פון די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך. זיי האָבן געקוקט אין די בלינדע

פענצטער פונעם „קיל־שטיבל", ווו עס ליגן טויטע מענטשן, וואָס דער הקדש האָט פאַרנאַרט און איבערגעגעבן דעם מלאך־המות מיט דער שווערד...

דאָ, אויף „טשיסטע", האָבן די „טויזנט אויגן פונעם מלאך המות" געקוקט מיט שפּיגלדיקער ווייסקייט, און אין די לעצטע יאָרן האָט דער געדיכטער גאָרטן פונעם שפּיטאָל־הויף אויסגעזען ווי אַ גן־עדן און די ווייסע בעטלעך האָבן נישט איין מידן, לויפנדיקן ייד פון דער ענגער יידישער גאַס געלאָקט און גערופן אָפּצורוען פאַר אַלע שווערע יאָרן אינעם יידישן וואַרשע.

אַ ברייטע, שטרענג־געהיטענע טיר האָט אַריינגעפירט אין דעם גרויסן, ליכטיקן שפּיטאָל־הויף. דאָס איז געווען אַ געפּלאַנטער און געפּלעגטער פּאַרק, דורכגעשניטן מיט געפּלאַסטערטע אַלייען־שטעגן, וואָס האָבן געפירט פון איין פּאַוויליאָן צום אַנדערן. יעדעס הויז איז געווען אַ באַזונדער אָפּטיילונג פון באַזונדערע קרענק, ווו עס האָט געהערשט אַ באַזונדער געמיט און אַ באַזונדערע אָרדענונג.

דער גאָרטן־הויף איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן, געמויערטן פּאַרקן, און דאָ איז געגאַנגען אַן אומדערמידלעכע, לעבהאַפטע אַרבעט. אַזוי ווי אין יעדער אָפּגעזונדערטער וועלט, האָט דאָ אויך געהערשט אַ זעלטזאַמע, אויפגערעגטע היימלעכקייט, וואָס שאַפט זיך צווישן מענטשן געטראָפענע פון איין גורל. איבערן הויף האָבן שפּאַצירט קראַנקע, וואָס האָבן שוין געקאָנט פאַרלאָזן דאָס בעט. די קראַנקע, אין די גרויע כאַלאַטן, האָבן געקוקט אויף די מענטשן פון יענער זייט טויער, ווי אויף באַשעפענישן פון אַן אַנדער וועלט. דער שפּיטאָל־כאַלאַט האָט זיי אַלע געמאַכט ענלעך צו זיך. דערפאַר אָבער האָט מען געקאָנט לויט דעם גאַנג, לויט די באַוועגונגען, דערקענען יעדן קראַנקן, צו וואָס פאַר אַן אָפּטיילונג ער האָט געהערט.

אַממייסטן האָבן זיך שטענדיק געפונען אינעם הויף די קראַנקע פון דער פערטער אָפּטיילונג. זיי האָבן שפּאַצירט ראַשיק, מיט אַרויסרופנדיקער פריילעכקייט. עס איז געווען אין זיי עפּעס ענלעכס צו אַרעסטאַנטן אין אַ תפיסה.

אין שפּיטאָל אַריין האָבן זיי געברענגט זייערע באַהאַלטענע קרענק צו וועלכע די געזונטע האָבן זיך באַצויגן מיט עקל און פאַרדרוס. זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די אונטערוועלט פון שפּיטאָל.

אויך די קראַנקע פון דער פערטער אָפּטיילונג האָבן געהאַט אַ באַזונדערע באַציונג צו די איבעריקע קראַנקע פון שפּיטאָל. זיי האָבן נישט גערעדט וועגן זייערע ליידן, וועגן זייערע לוויות און וועגן די, וואָס האָבן שוין אין די בעטן צוגעלעבט די לעצטע שעהן.

דיי יידישע באַזוכער האָבן אויסגעמיטן די רעשיקע אַלייע פון דער פערטער אָפּטיילונג און געקוקט צו זיי מיט דער פרעמדקייט, ווי צו געשמדטע, וואָס האָבן פאַרקויפט זייער ווירדע, גלייך ווי זיי וואָלטן אַליין אויף זיך גענומען זייערע קרענק. אין דער אַלייע פון דער פערטער אָפּטיילונג האָט מען צו יעדער צייט געקאָנט זען די דריי מיידלעך, חברטעס — צוויי יידישע און איינע אַ קריסטין, וועלכע האָבן מיט אַ להכעיסדיקער פריילעכקייט געשפּאַנט אַהין און צוריק איבער דער אַלייע. זיי זיינען געגאַנגען אויף יונגע, שטאַרקע, זגראַבנע פיס, וואָס האָבן מיט גראַציע געשפּילט פון אונטער די גרויע, גראָבע כאַלאַטן. זיי זיינען געווען יונג, און כדי אונטערצושטרייכן די שיינקייט פון זייערע געשטאַלטן, האָבן זיי געטראָגן לעדערנע רימעטלעך אַרום די טאַליעס.

זיי האָבן געלאַכט און גערוישט מיט איבערגעטריבענער נאַקעטקייט פון זייערע באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך נישט געפּאַסט צו די שפּיטאָל־כאַלאַטן.

און נאָר די ווייסע באַנדאַזשן ביי אַלע דריי, פאַרקלעפּטע מיט איבערגעקרייצטע, ראָזע פּלאַסטערן אינמיטן די פּנימער, אויף די איינגעפאַלענע גריבער, דאָרט, וווּ עס האָבן באַדאַרפט זיין נעז, האָבן אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ שוידער פון אומהיימלעכקייט. און מ'האָט זיך דערמאָנט, אַז מען געפינט זיך אין שפּיטאָל אויף „טשיסטע"...

מיט איידעלע, אומזיכערע טריט און הויך־פאַררויסענע קעפּ, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט אויפן הימל, מיט אַ שטאַרקער גלייכקייט, שיקנדיק זייערע ווייסע שטעקנס פאָרויס, זיינען געגאַנגען די קראַנקע פון דער אויגן־אָפּטיילונג.

אַלץ אין זיי האָט זיך געצויגן אַרויף, ווי אין דער הויך וואָלטן זיי געפונען אַ ליכט פאַר זייערע אויגן. אין דעם הויז איז שטיל געווען. די קראַנקע האָבן געשוויגן, ווי פאַרדרימלטע אין זייער אויסגעלאָשענער וועלט.

זייער וועלט איז באַרויבט געוואָרן פון איינצלהייטן, וואָס זיינען פאַרהוילן געוואָרן פון זיי. זיי האָבן נישט געזען די קלייניקייטן אַרום זיך. און די וועלט אונטער זייערע געשטאָרבענע אויגן איז געווען אַ הויכע און אַן אויסגעאיידלטע.

* * *

עס רוקט זיך אָן דער פאַרנאַכט. עס צינדן זיך אָן די לאָמפּן. שטיל גייט אונטער די זון איבער די אַרומיקע, פאַרנעפּלטע שטיקער הינטערשטאָט. די רויטע ליכט גיסט זיך אַריין אין די גרויסע, שטילע פענצטער פון די שווייגנדיקע הייזער.

אַ יונגערמאַן מיט אַ צעפּאַטלטער, יונגער פרוי שטייען צוגעשפּאַרט צו אַ בוים, מיט אַנגעווייטיקטע, פאַרריסענע בליקן אַרויף צו די פענצטער פון דער קינדער־אָפּטיילונג.

דאָ איז שטרענג און מען לאָזט נישט אַריין.

אין די ווייסע, שרעקיקע שטיבער, צווישן די גליענדיקע קינדער, האָבן זיי איבערגעלאָזן זייער אַכטיעריקן זון.

די שטרענגע פאַרשריפטן האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון דעם ווייסן, ברייטן קאָרידאָר, ווו זיי האָבן דורך דער פאַרנעפּלטער מילך־שויב געקאָנט זען זיין צעהיצטן קאָפּ מיט די פאַרטראָגענע פון היץ, האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

זיי קאָנען פונדאַנען נישט אַוועקגיין, זייערע פיס זיינען ווי געליימט. די וועכטער טרייבן. און דאָס גליענדיקע געוויין פון דער יונגער פרוי קלינגט עלנט און ווילד אין דעם ווונדערבאַרן ליכט פונעם זון־פאַרגאַנג, וואָס פאַרגיסט דעם גאָרטן.

* * *

עס איז שטיל געוואָרן אינעם הויף, מען האָט נאָר געזען אינעם טיפן, טונקעלן גרינס, ווי עס זיינען פאָרוויז געגאַנגען די שוועסטער — פלעגערינס. זיי זיינען געגאַנגען ריטמיש, געשולט. די ווייסע פליגל פון זייערע טשעפּקעס האָבן געפלאָטערט, ווי ווייסע טויבן, אין דער קילער לופט, און זייערע קורצע, טונקעלע פעלערינקעס האָבן זיי צוגעגעבן די שיינקייט פון פאַנטאַסטישע פייגל.

אַ גרויסע שטילקייט האָט זיך אויסגעלייגט אַרום. אין דער שעה איז דער שפּיטאָר געבליבן אַליין מיט זיך.

און עס האָט זיך געשטעלט די לאַנגע, גורלדיקע נאַכט פאַר די קראַנקע.

מיטאַמאָל האָט זיך אין דער שטילקייט אַ ריס געטאָן אַ מוראַדיקער געשריי, אַ געשריי פון מענטשן אונטערן מעסער, אַ געשריי פון שרעק און פּראָטעסט. עס כאַפּן אונטער אַנדערע געשרייען. עס ווערט איין אומזיניק געשריי פון רופן און דראָען...

נאָך אַזעלכע געשרייען לויפן זיך מענטשן צונויף. מען אַליאַרמירט די פּאָליציי. דאָ אָבער האָט זיך קיינער נישט גערירט פון אָרט. עלנט האָבן זיך געטראָגן די געשרייען אָן אָפּקלאַנג, ווי דאָס שרייען פון חיות אין דער דזשונגל. דער שפּיטאָל האָט געשוויגן.

דאָס איז געווען דאָס געשריי פון אומזיניקייט פון דעם צעשטערטן מענטשלעכן מוח.

דאָס זיינען געווען טענות צו עפּעס אַ באַהאַלטענעם, בייזן, אומגערעכטן גאָט. דאָס איז געווען דאָס געשריי פון דער אַכטער אָפּטיילונג.

דאָס געשריי פון די משוגעים . . .

(פון בוך „פוילישע יאָרן”, וואַרשע 1956).

# י. ל. קאַהאַן

## אָוונטן



וו

ען אָוונטן האָבן מיט בלאָלעכע נעפּלען דעם הימל פאַרצויגן,
אויסגעשפּרייט שאָטנס אויף מויערן,
פאַרהאָנגען מיט מאַטקייט די שויבן
און טרויער האָט געשפּיגלט זיך טיף אין פאַרחלומטע אויגן;
ווען טאָג איז אַ מידער צוגעפאַלן שטום צו דער ערד
און ווייט האָט געצויגן אַ נאָגנדיק־בענקנדער ניגון —
פלעגן מיר קינדער
(איינס קלענער פון צווייטן)
זיך צוזאַמענעמען אין אַ ווינקל
און פאַרכטיק און פרום זיך מעשיות דערציילן,
דערציילן פון כישוף און וווּנדער,
דערציילן און האָרכן מיט קלאַפּנדע הערצלעך
און שטילן מיט וווּנדער דעם הונגער...

אָדער אין אָוונטן ווינטערדיק־ווייסע,
דער טאַטע איז ביי דער אַרבעט געווען,
די מאַמע האָט געהאַנדלט אין גאַס
און אין דרויסן, אַ שניי האָט געשיט אַ געדיכטער
און אָפּגעקלאַפּט דין אין די שויבן,
און שניידיקע ווינטן האָבן געפּייפט אַריין אינעם קוימען,
געצויגן דאָס פייער פון אויוון,
געלאָשן ס׳פאַרקאָפּטשעטע לעמפּל
און באַנג איז געוואָרן אַזוי און אומהיימלעך
און מיר קינדער האָבן זיך הויך,

---

י. ל. קאָהן — פּאָעט. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1905. אומגעקומען אין געטאָ. אין דער הקדמה צו קאָהן׳ס לידער־בוך — אַרויס אין 1936 אין וואַרשע — שרייבט דער פּעדאַגאָג און שריפטשטעלער ח. ש. קאַזדאַן: י. ל. קאָהן איז ווירקלעך אַ קינד פון יידישן אַרבעטער־וואַרשע, פון דער שטאָט פון גרויסער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג. פון דער שטאָט, וואָס האָט נישט איינמאָל געזען דעם יידישן אַר־בעטער אונטער די רויטע פענער, פון דער שטאָט, וואָס אירע שטיינער זענען באַ־פאַרבט מיט בלוט פון יידישע אַרבעטער־קרבנות און מאַרטירער פאַר זייער אידעאַל.

אויפן קול זיך צעוויינט, —
פלעגט די עלטערע שוועסטער
(אַליין נאָך אַ קינד)
אונדז איינשטילן מיט טרערן אין די אויגן, —
אונדז איינשטילן און ציטערן פאַר קעלט און פון שרעק
און לסוף אַליין זיך צעוויינען...

געוויינט האָבן מיר פון בענקשאַפט און הונגער,
פאַר שרעק און פון קעלט זיך צוזאַמענגעטולעט
אין ווינקל ביים ליימענעם קעכל
און אַנטשלאָפן געוואָרן מידע
מיט טרערן אין די אויגן —
פאַרשלאָפן די בענקשאַפט און הונגער...

פונעם בוך: „טאָג־איין־טאָג־אויס"

ה. ש. קאַזדאַן

## די וועלטלעכע יידיש-שול ווערט געבוירן אין וואַרשע

די לעצטע פאָר יאָר פאַרן ערשטן וועלט־קריג, איז וואַרשע — די הויפּטשטאָט פון דעמאָלטיקן רוסישן פּוילן, געווען אַ ברוישנדיקער צענטער פון דער נייער יידישער וועלטלעכער קולטור. אין די יאָרן 1907־8 האָט דאָ געפירט אַ פאַרצוויגטע טעטיקייט די יידישע סעקציע ביים וואַרשעווער „אוניווערזיטעט פאַר אַלעמען" (5 פאַקולטעטן), — די ערשטע לעקטאָרן אויף יידיש זיינען דאָ געווען י. ל. פּרץ, ד"ר ג. לעווין און ל. הערש. די דורכשניטלעכע צאָל צוהערער אויף די יידישע עפנטלעכע פאָרלעזונגען פון דער פאָלקס־אוניווערזיטעט־סעקציע איז געווען 758 מאַן; די אַלגעמיינע צאָל צוהערער אויף יידיש אין די 27 קאָמפּלעטן איז אין ערשטן יאָר געווען 15,812, אין צווייטן לערניאָר — 8,335 (צוליב פּאָליציישע סיבות איז דער קורס געקירצט געוואָרן). פּרצעס לעקציעס אַליין זיינען באַזוכט געוואָרן דורך 4,742 פּערזאָן. דעם 1־טן מערץ 1908 האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט די „געזעלשאַפט צו באַקעמפן דעם אַנאַלפאַבעטיזם". אין אירע 6 אָוונט־שולן האָבן געלערנט ביז 500 שילער.

אין די זעלביקע יאָרן ווערט איינגעפירט יידיש ווי אַ לימוד אין דער מיטלשול פון דער באַקאַנטער וואַרשעווער פּעדאַגאָגין ראַוויטש (שפּעטער אַריבער צו דער פּרוי ז. קאַלעצקאַ), — דער לערער פון יידיש איז דאָרטן געווען דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער רעזשיסער דוד הערמאַן.

אין די וואַרשעווער בונדישע קרייזן טראָגט מען זיך אין יענע יאָרן אַרום מיט

---

חיים שלמה קאַזדאַן — געבוירן אין כערסאָן אין יאָר 1883. פון יאָר 1920 ביז 1939 אין וואַרשע. שפּעטער — אין יאָר 1940 — איבער יאַפּאַן געקומען קיין אַמעריקע. וווינט אין ניו יאָרק. איינער פון די באַדייטיקסטע פּעדאַגאָגן ביי יידן אין דער מאָדערנער צייט. פּעדאַגאָגישער אָנפירער און בויער פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פּוילן — קאָנצענטרירט אין דער „ציש"א" — צענטראַלער יידישער שולאָרגאַניזאַציע. זעצט פאָר זיין יידיש־פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין אַמעריקע. געווען אויך פּראַקטיצירנדיקער לערער פון יידיש און יידישער ליטעראַטור אין די יידיש־שולעס. אין די טויזנטער ציילן זיינע געוועזענע תלמידים, יידישע קינדער פון וואַרשע. מחבר פון פּעדאַגאָגישע ווערק און צוזאַמענשטעלער פון לערן־ביכער. רעדאַקטאָר פון „לערער יזכור־בוך", אויטאָר פון דער „געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן" און פון בוך וועגן ניין בונדישע געשטאַלטן א. נ. „מענטשן פון גייסט און מוט".

פּראָיעקטן צו אָרגאַניזירן אַ טאָגשול פאַר אַרבעטער־קינדער אין דער יידישער שפּראַך. צוליבן דעמאָלסטיקן פּאָליציייִשן רעזשים קען אָבער דער פּראָיעקט נישט פאַרווירקלעכט ווערן.

אין 1911 בילדעט זיך אויס ביי דער וואַרשעווער יידישער לערער־געזעלשאַפט אַ יידישיסטישע גרופּע, וועלכע הייבט אָן פירן אַן אָרגאַניזירטן און סיסטעמאַטישן קאַמף פאַר איינפירן די יידישע שפּראַך אין די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלעכע שולן. די לערער י. קלעפּפיש און זיין פרוי (די עלטערן פון באַרימט געוואָרענעם אָרגאַניזאַטאָר פון אויפשטאַנד אין געטאָ — מיכאל קלעפּפיש), ש. הורוויץ, יעקב לעווין, ש. גילינסקי, ציען צו צו דער גרופּע און צו איר אַרבעט אַ צאָל יידישע ליטעראַטן און אַרבעטער־טוער — צווישן זיי ח. קאָטיק, ז. סוויעטיצקי, אינזש. עפּראָן, יצחק שווייגער, א"אַ. די גרופּע אָרגאַניזירט עטלעכע רעפעראַטן איבער דעם פּראָגראַם פון אַ 8־יאָריקער פאָלקשול (מ. גוטמאַן), איבער די אויפגאַבן פון פאָרשול־דערציונג (י. לעווין), א"אַ. די רעפעראַטן און די דעבאַטן אַרום זיי האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם אינטעליגענץ און אַרבעטער. — עס קומען דעמאָלט אויף צוויי נייע פּראָיעקטן: 1) צו שאַפן קורסן פאַר לערער מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פון יידיש, יידישער ליטעראַטור און עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן; מען דערלאַנגט דעם פּראָגראַם מיט אַ מעמאָראַנדום צו דער שולמאַכט, אָבער קיין דערלויבעניש אויף די קורסן האָט זיך נישט באַקומען. 2) אַזוי ווי די קינדער־גערטנער האָבן זיך געפונען אין רשות פון דער אַדמיניסטראַטיווער און נישט פון דער שולמאַכט, און אין דער דערלויבעניש אויף אַ קינדערגאָרטן האָט מען נישט געדאַרפט אָנווייזן די שפּראַך פונם אַנשטאַלט, האָבן זיך דעריבער די וואַרשעווער יידישיסטן באַשלאָסן צו עפענען אַ קינדערגאָרטן אין דער יידישער שפּראַך.

מ'עפנט אַ געלט־זאַמלונג, מ'לאַדט איין אַ פּרעבליסטין — אָבער צוליב די ניט־גענוגנדיקע געלט־מיטלען און אויך צוליב פּאָליציייִשע שוועריקייטן ווערט אויך דער דאָזיקער פּראָיעקט נישט פאַרווירקלעכט.

אָבער דאָס יידישיסטישע וואַרשע קען זיך נישט באַרויקן. י. ל. פּרץ און זיין קרייז, פּרצעס אַגיטאַציע פאַרן יידישן טעאַטער, די פּרעכטיקע טעטיקייט פונם „הזמיר" מיט זיינע קעסטל־אָוונטן, די פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור, און דער עיקר די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער דער ווילן צו בויען אַ שול אויף יידיש איז אַלץ שטאַרקער און רייפער געוואָרן. און אין 1912 ווערט דאָס דאָזיקע שטרעבן פאַרווירקלעכט אין איין ווינקל אויף פאָלגנדיקן אופן: אין וואַרשע האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ חברה „חינוך ילדים", וועלכע האָט אויסגעהאַלטן אַן אייגענע שול — האַלב תלמוד תורה, האַלב „נאַטשאַלנע אוטשילישטשע" — אַן אָנפאַנגשול אויף רוסיש. אָט אין דער שול, וואָס שטייט אין רשות פון אַן אַסימילאַטאָרישער פאַרוואַלטונג, גיט זיך איין דורכצוזעצן פאַר אַ פאַרוואַלטער (דירעקטאָר) דעם אָרטיקן פּעדאַגאָג און יידישיסט ש. גילינסקי. דער לעצטער, געשטיצט דורך דער גרופּע יידישיסטן, פירט דורך אַ שטילע „רעוואָלוציע" אין שול: דער ערשטער קלאַס גייט אריבער אין גאַנצן אויף יידיש; שפּעטער הייבט מען אויך אָן צו לערנען אויף יידיש נאַטור־וויסנשאַפט, געאָגראַפיע און געשיכטע. די לערער־קרעפטן זיינען געווען: יעקב לעווין, מ. בירנ־

בוים, ש. הורוויץ. מען האָט אויך פאַראינטערעסירט מיט דער שול י. ל. פּרצן, מיט וועמען די לערער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ריי באַראַטונגען.

די שול איז געוואָרן פּאָפּולער ביי די עלטערן און צווישן דער לערערשאַפט.

די דאָזיקע דריי־קלאַסיקע פאָלקשול פון „חינוך ילדים" איז, בכן, די ערשטע שול מיט יידישער אונטעררירכט־שפּראַך אויפן געביט פון פוילן.

ווען עס ברעכט אויס דער קריג, בלייבט די דאָזיקע שול העַנגען אין דער לופטן. פון זיבן לערער בלייבן אין דער שול נאָר צוויי, און שפּעטער אפילו נאָר איינער. די לערער ווערן געצוואונגען צו גיין אויף שוואַרצער אַרבעט, און זייער פרייע צייט גיבן זיי אָפּ דער שול... עס גיט זיך דאָך איין איינצוהאַלטן די שול — מיט אַ בודזשעט פון 15־18 רובל אַ חודש... ערשט פינף חדשים נאָכן אָנהייב פון קריג קומען צו הילף „אָפּע" (מפיצי השכלה) און „אָזע" (געזונטהייט־געזעלשאַפט). די שול איז ווייטער טעטיק נאָרמאַל.

דער אויסגעבראָכענער וועלט־קריג עפנט גלייכצייטיק נייע מעגלעכקייטן און פּערספּעקטיוון פאַר דער שול אַרבעט אין דער יידישער שפּראַך. באַלד אין די ערשטע חדשים פון קריג אַנטשטייט די פּראָבלעם צו באַזאָרגן די קינדער פון די היימלאָזע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין וואַרשע אין אַ גרויסער צאָל. די ציוניסטן עפענען פאַר די היימלאָזע קינדער גן־ילדימס, די אַסימילאַטאָרן — „אָכראָנקעס". די יידישיסטן הייבן אָן אַ קאַמף פאַר יידיש אין די אַנשטאַלטן פאַר די קינדער פון די היימלאָזע. דער קאַמף נעמט אָן אַלץ שאַרפערע פאָרמען; די פּעטערבורגער געזעלשאַפטן (אָפּע, אָזע, א"אַ), וואָס זיינען געווען די געלדגעבערס פאַר די אַנשטאַלטן, האָבן געשטיצט די אָנהענגער פון יידיש. אין ציוניסטישן לאַגער פירן דעם קאַמף ה. פּאַרבשטיין, לעווין־עפּשטיין, ש. ל. גאָרדאָן, יצחק גרינבויב; אויף דער יידישיסטישער זייט — די געקומענע יעקב לעשטשינסקי, א. סטראַשון, קאַצענבאָגען, ל. בראַמסאָן, און די אָרטיקע מ. בירנבוים און ש. גילינסקי. מען קומט צו אַ קאָמפּראָמיס בנוגע די שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורך די געזעלשאַפטלעכע פאָנדן; די אַלגעמיינע לימודים דאַרפן געפירט ווערן אין יידיש, דערפאַר אין ערשטן קלאַס — פירט מען איין צוערשט העברעיש און ערשט צום סוף יאָר — יידיש. פאַקטיש ווערן אין די ניי־געעפנטע שולן אַלע לימודים געלערנט אין יידיש. אַזעלכע שולן זיינען געווען פינף. אַ 30 פּראָצענט תלמידים ווערט אַריינגענומען פון אָרטיקע וואַרשעווער קינדער. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע בלייבן די דאָזיקע שולן אָן מיטלען. דאָך עקזיסטירן זיי צוביסלעך ווייטער.

פּאַראַלעל מיט די עטלעכע קאָמפּראָמיס־שולן פונקציאָנירן פון איין זייט ריין־העברעיסטישע און פון דער אַנדערער — ריין יידישיסטישע אַנשטאַלטן. עס זיינען אַנטשטאַנען און עס האָבן זיך געפירט אויף יידיש, קינדער־היימען, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט פון די פילאַנטראָפּישע קינדער־קיכן. איינע אַזאַ קיך אויף איזנגאַס, געשאַפן דורך אַ גרופּע יונגע מיידלעך — געוועזענע שילערינס פון קאַלעצקאַס גימנאַזיע — האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט י. ל. פּרצן, און פון דעם איז אויפגעקומען די ערשטע יידישע קינדערהיים (קינדערגאָרטן) — געעפנט אָפיציעל דעם 23־ן מערץ 1915 אויף גענשע 7. י. ל. פּרץ עפנט די קינדערהיים און שרייבט אַריין אין פּראָטאָקאָל־בוך זיין באַקאַנטן מאָטאָ: „מען זאָגט נישט קיינעם: בלייב אַזוי ווי דו ביסט, נאָר אַנטוויקל זיך פון דעם וואָס דו ביסט".

אין די פּראָטאָקאָלן פון דער קינדערהיים איז בפירוש געזאָגט: „די שפּראַך פון דער היים איז יידיש". דאָ ווערט אויך דערציילט, אַז גרינדן די קינדערהיים האָט געגומען אויף זיך אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען אריין די ה"ה י. ל. פּרץ, י. דינעזאָן, ל. פּייגנבוים, ראָזנפעלד, יפה, מאגידזאָן, קאַצנבויגן (פּעטראַג' פּאַרשט'), הערמאַן (דוד), ש. גילינסקי און מ. בירנבוים. אַלס פּאָרזיצנדער איז אויס־געקליבן געוואָרן י. ל. פּרץ, סעקרעטאַר — ל. פּייגענבוים, קאַסירער — י. דינעזאָן.

ווי עס דערציילט די ערשטע פּרעזעליסטן פון קינדערהיים, האָט י. ל. פּרץ „צו דער קינדערהיים אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס, און ער האָט מיט דער אַרבעט פּאַראינטערעסירט אויך דינעזאָנען. צו ליב זיין אַרבעט אין דער קהילה האָט פּרץ נישט געהאַט קיין סך פרייע צייט אין די פּאָרמיטאָג־שעהן, כדי צו קענען באַזוכן אָפט די קינדערהייב. ער האָט אָבער זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון דער פּאַר־וואַלטונג און אַ סך געלייסטעט ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער אַרבעט. אָבער נישט לאַנג איז אונדז באַשערט געווען צו האָבן ביי זיך פּרצן אַלס וועגווייזער און מיט־אַרבעטער. עטלעכע וואָכן נאָך דער עפענונג פון דער קינדערהיים, שבת חול־המועד פּסח 1915, האָבן מיר דערהאַלטן די שרעקלעכע בשורה, אַז פּרץ לעבט שוין נישט. אויף זיין שרייבטיש האָט מען געפונען דאָס נאָר וואָס אָנגעהויבענע לידל: „שטי־לער, שטילער, דאַנקען וויל ער"... די לעצטע מינוטן פון פּרצעס לעבן זיינען גע־ווידמעט געווען דער קינדערהיים אויף גענשע 7".

שפּעטער איז פון די עלטערע קינדער פון קינדערהיים צוזאַמענגעשטעלט גע־וואָרן אַ פּאַרבאַרייט־קלאַס, וואָס האָט געבילדעט דעם יסוד פון דער יידישער פּאָלק־שול אין וואַרשע, אויף מילע 49.

פון בוך: די געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומ־אָפּהענגיקן פוילן, מעקסיקע, 1947.

# אַלטער קאַציזנע

## אַלט־שטאָט



אמאָל איז דאָ געווען דאָס האַרץ פון וואַרשע — אָט דער לאַבירינט שמאָלינקע געסעלעך צווישן הויכע, גראָע מויערן. איצט איז דאָס אַן אָפּגעלעגן אָרט, אַ פאַרצייטיקער אָנוווקס אויפן גוף פון דער היינטוועלטיקער שטאָט, ווו דאָס בלוט פליסט אַנדערש און ווו אַנדערש שלאָגט דער דופק.

דער מקום — ווי יידן רופן די אַלטע שטאָט — האָט זיין אייגענעם אָטעם, זיין אייגענע לופט, וואָס זי גיסט זיך נישט צוזאַמען מיט דער לופט פון גאַנץ וואַרשע. אויך די איינוווינער פון מקום האָבן אַן אַנדער אויסזען, סיי די יידן, סיי די קריסטן. פאַרוועלקטע זענען זיי, די איינוווינער פון מקום, ווי דער שטויב פון פאַרגאַנגענע דורות וואָלט צו זיי צוגעשטאַנען, זיך איינגעפרעסן אין די פאַלדן פון זייערע קליידער, אין די קנייטשן פון זייערע פנימער. און גראָע זענען זיי. זיי טראָגן מיט זיך דעם שאָטן פון די ענגע געסעלעך צווישן הויכע מויערן. אָט שאַרן זיי זיך פאַזע וואַנט, איבער די שמאָלע טרעטערס, ווי קינדער וואָס רייבן זיך אָן דער מאַמעס קני און די מאַמעס — די מויערן זענען שמאָל און הויך און, דאַכט זיך, זיי שטייען, די מויערן, אויף געשוואָלענע קני. אונטן זענען זיי ברייטער ווי אויבן, די גראָע וואַנט גליטשט זיך אַראָפּ אויפן שמאָלן טרעטער אין אַ משופּעדיקן אָנשפּאַר, כדי נישט איינצופאַלן. קיין טויערן זענען דאָ נישטאָ. שמאָלע געוועלביקע טירן מיט פאַרצייטיקן שמירעכץ פירן פון דער גאַס אין פינצטער געוועלבטע קאָרידאָרן אַריין. און בייטאָג דורך זייער פינצטערניש, אין אָוונט — דורך דעם איינציקן לאַמטערן, וואָס הענגט פון געוועלב אַראָפּ, אָטעמען אַרויס די שמאָלע געוועלבן אַ שרעק און אַ וואָרנונג אויף דער ענגער גאַס: היט אייך, מענטשן! פאַראַן מכשפות אויף דער וועלט! און שדים לויערן אין יעדן ווינקל. און מענטשן שלעכטע, נאָך ערגער פאַר שדים, האָבן זיך פאַרטייעט אין זייער פאַרבאָרגעניש.

---

אַלטער קאַציזנע — דיכטער, פּראָזאַאיקער, דראַמאַטורג, עסייען־שרייבער, רע־דאַקטאָר, קולטור־טוער — געבוירן אין ווילנע 1885. פון פאַך אַ פאָטאָגראַף. זינט זיין יוגנט — אין וואַרשע. איינער פון פרץ׳עס מקורבים. מחבר פון ראָמאַנען, זאַמלונגען פון דערציילונגען, דראַמען און באַלאַדן. 1939 אַנטלאָפן קיין לעמבערג, 1941 — אַנטלויפנדיק ווייטער צו מזרח צו — אויף אַ מוראדיקן אופן דערשלאָגן געוואָרן פון נאַצי־פאַרסמטע, צעווילדעוועטע אוקראַאינער. גאַנץ וואַרשע האָט אים געקענט — ווי אַ שרייבער, רעדנער און אויך מאָדערנעם פאָרטרעט־פאָטאָגראַף; און ער האָט גאַנץ וואַרשע ליב געהאַט. זיין, און זיין חנה׳ס, שטוב — אַ בית וועד לחברים־סופרים. ער האָט אויף זיין ספּעציעלן קאַציזנע־אופן התלהבותדיק און ערלעך ממשיך געווען די פרץ־טראַדיציע.

נישט אומזיסט זענען פאַראַן אין דער הויף פון ערשטן שטאָק גישעס אין די גראָבע ווענט. און דאָרט שטייען צוגעשמידט אין זייער אייביקער וואַך מאַדאָנעס אין הייליקע. און ווי אַלט און ווי אָפּגעלאָזט די ווענט זאָלן נישט זיין — די מאַדאָנעס מיט די הייליקע גלאַנצן מיט דעם הימל־בלויען אייל־פאַרב פון זייערע פריש אָפּגע־מאָלטע קליידער, טראָגן פרישע קרענצעלעך אויף די קעפּ — אַ פאַרגיטיקונג פאַר זייער אייביקער וואַכזאַמקייט.

מענטשן גייען — שאָטנס אויף דער שאָטנדיקער גאַס, און רייסט זיך אַריין אַ שטיקל זון צווישן די הויכע מויערן — דאַן ווערט די גאַנצע גאַס צעבראָכן אויף שפּיציקע ווינקלען און קרומע ליניעס. דאַכט זיך — די גאַס צעפאַלט זיך. דאַכט זיך, די שאָטן־מענטשן לויפן זיך ראַטעווען, וואָס גיכער פון לעכערדיקן אַרבל אַרויס אַהין, אויפן אַלטן מאַרק און דאָרט אויף דער פולער זון צו קריגן אַ תיקון.

אויב אַלט־שטאָט איז דאָס אַמאָליקע האַרץ פון וואַרשע, איז דער אַלטער מאַרק — דאָס האַרץ פון דעם האַרץ.

אַ גרויס, פירעקיק קעסטל איז דער אַלטער מאַרק. זיינע ווענט זענען די פיר ציילן הויכע שמאָלע מויערן, הויכע — צו פינף און צו זעקס שטאָק, שמאָלע — צו דריי און צו פיר פענצטער. און אַלע מויערן זענען גראָ און אַלע, דאַכט זיך, אַלע אַזוי ענלעך. און דאָך — באַזונדערע זענען זיי. יעדער מויער מיט זיין פּנים, מיט זיין חנדל פון אַן אָפּגעקומענעם מיוחס. גרויסע אינדיווידואַליסטן זענען זיי, די מויערן פון אַלטן מאַרק. וואָס האַלט זיי דאָ צוזאַמען, אַקסל צו אַקסל צוגעפּרעסט אין ענגשאַפט. דאָס האָבן זיי זיך פאַרקוקט מיט די אָנברעמענדיקע אויגן אויף דער וואַסער־פאַנע, וואָס זיצט אויף איר פּאָסטומענט אין מיטן געפּלאַס־טערטן פּלאַץ, אַ מכשפה איז זי, די וואַרשעווער וואַסער־פאַנע, מיט פאַרשייטע בריסטן און מיט אַ פאַרדרייטן שופן־עק. מיט איר שילד און מיט איר שווערד, וואָס זי האַלט אין אירע הענט, האָט זי צוגעכישופט צו זיך די אַלטע הויכע מויערן מיט זייערע מאַדאָנעס, מיט זייערע הייליקע, און די אַלטע שטיינערנע אינדיווידו־אַליסטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פיר ציילן און פאַרשלאָסן דעם פּלאַץ אין אַ קעסטל.

איז געוואָרן אויס פּלאַץ, נאָר אַ ריזיק צימער אָן אַ דאַך, אַ קהליש צימער צום געברויך פון די היגע איינוווינער.

קינדערלעך שפּילן זיך אין יאָגעניש אַרום דער וואַסער־פאַנע. ווייט אַנטלויפן קאָנען זיי נישט. אויך זיי האָט זי צוגעכישופט. עלטערע פרויען זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּלעך פון פּאָסטומענט, ציילן די זאָקן־אייגלעך און באַקלאָגן זיך אויף זייערע ביטערע מזלות. איינע אויף דעם, וואָס איר אַלטער פאַרדינט נישט, די צווייטע — וואָס דער אַלטער שיכורט און שלאָגט זי, די דריטע איז זיי ביידע מקנא: איר אַלטער איז שוין לאַנג אַ שוכן־עפר.

אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן לאָזן זיך אַרויס אַרבעטער אין בלויזע וועסטלעך מיט פּאַפּיראָסן אין מויל, כאַפּן אַ שמועס ביי דער וואַסער־פאַנע.

אייגענע מענטשן. אַן אייגענע שטוב, נאָר אָן אַ דאַך. דערפאַר קאָן מען כאָטש אָפּאָטעמען פריי.

יידן מיט קריסטן פילן זיך דאָ נענטער און היימישער, ווי ערגעץ אַנדערש. די מויערן האָבן זיי צוזאַמענגעשטופּט אין ענגשאַפּט. די שווערע נויט דריקט אַלעמען גלייך. קיין גבירים וווינען נישט אויף אַלט־שטאָט. און די שאָטנס פון פאַרגאַנגענע דורות וועבן זיי צוזאַמען מיט אַ געמיינזאַמען סוד.

---

## האַנדל־וואַנדל



דאָס בילד וואָס מען האָט אַלע טאָג פאַר די אויגן, הערט מען אויף צו זען. עס ווערט בטל, עס בלייבט נאָר איבער אַ גרופּע פלעקן אין אַ ראַם, מעג דאָס זיין אפילו די באַרימטע דזשיאָקאָנדע אַליין.

דאָס בילד פון די טומלדיקע נאַלעווקעס — דאָס איז געווען די „דזשיאָקאָנדע", וועלכע ישראל האָט אַלע טאָג געהאַט פאַר די אויגן, גייענדיק צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט.

מיט דריי יאָר צוריק, ווען ישראל איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע און דאָס ערשטע מאָל דערזען די נאַלעווקעס, האָט ער געעפנט אַ פּאָר קיילעכדיקע אויגן און אָנגענומען פולע לונגען מיט נאַלעווקע־לופט. — קיין עין הרע, אַ בינטל יידעלעך! דאָס איז אַ קאַפּיטאַל, וואָס גייט צו גרונט! ווי מאַכט מען, אַז די דאָזיקע יידישע מאַסן־ענערגיע זאָל זיין אָנגעווענדט אויף שעפערישער אַרבעט? אין צוואָנציק יאָר וואָלטן זיי דאָך אַ לאַנד אויפגעבויט!

נו, מיט דריי יאָר צוריק איז ישראל נאָך געווען מער אַלגעמיינער ציוניסט. דער פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם האָט זיך ערשט רעכט ביי אים אין וואַרשע אויסקריסטאַליזירט. איצט וועט ער שוין נישט זאָגן, אַז דער הו־האַ פון די נאַלעווקעס איז דער אויסדרוק פון יידישער מאַסן־ענערגיע. די געזונטע ענערגיע זעט ער שוין בלויז אין די אַרבעטער־וואַרשטאַטן, אין די קעלערן, ווו עס רוישן מאַשינען. דאָרט זאַמלט זי זיך, די ענערגיע, און זי איז שוין אָנגעזאַמלט, ווי דער אַלטער ווייַן, ביי פוקערן אין זיין פינף הונדערט־יעריקן ווינקעלער. זי דאַרף נאָר אַ געהעריקע פאַרווענדונג. און די נאַלעווקעס מיט זייער געפּלאַטעריי פון שוואַרצע קאַפּאָטעס, מיט די קאַשקעטן „פּאָ קאָזאַצקו" אויף די פאַרשוויצטע מוחות — דאָס איז דער שוואַרצער יידישער שוים.

ישראל האָט איבערגעטריבן. ער האָט, פּשוט, קיין אויג נישט געהאַט פאַר דער אייגנאַרטיקער, שנעל־ריטמישער פּאָעזיע פון האַנדל און אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז נישטאָ אויף וואָס צו קוקן, האָט ער מיט דער צייט אויפגעהערט די נאַלעווקעס צו זען, כאָטש ער פלעגט זיי דורכשפּאַנען פיר מאָל אַ טאָג. די טריקאָטאַזש־פאַבריק, ווו ישראל האָט געאַרבעט איז געווען אין מיטן רעכטן קאָך, אויפן ראָג פראַנציסקאַנער. איצט האָט ער אין דעם גערויש פון די נאַלעווקעס בלויז געהערט דעם המשך פון די רוישנדיקע שטריק־מאַשינען, אין דעם געווימל פון מענטשן בלויז געזען דאָס געדריי פון שוואַרצע שפּולקעס וואָל.

ער איז געגאַנגען פון מיטיק צו דער אַרבעט און געטראַכט וועגן סלאַווען, וואָס ער האָט געטראָפן אַ פאַרווייַנטע, אַ דערשלאָגענע, זיך סודן מיט זיין דינהן אין

דער היים. וואָס פאַר אַ סודות די חברטעס האָבן געהאַט צווישן זיך האָט ער נישט געוווּסט. ער האָט נאָר געזען, אַז דינה האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט סלאַוועס צרות. געהערט האָט ער אָבער, מען דערמאָנט עפּעס באַסיען מיט איר מאַן, לעאָן ברוינערן.

דאָ האָבן די נאַלעוווקעס אים אָפּגעריסן פון זיינע מחשבות. און אַז די נאַלעוווקעס האָבן צו אים אַ רעד געטאָן, מסתמא איז שוין געשען עפּעס אַ קאַטאַסטראָפע. אַנדערש וואָלט זיך ישראל דען אומגעקוקט?

וואָס טוט זיך דאָרטן? מענטשן לויפן אין איין ריכטונג. עס הערן זיך קולות פון זידלעריי און געשלעג. אויפן ראָג פראַנצישקאַנער ווערט אַן ענגשאַפט.

ישראל כאַפּט אָן אַ קאַשקעט מיט אַ באָרד פאַרן אַרבל:

— וואָס איז דאָרט געשען?

— ווייס איך וואָס! מעקלערס האָבן זיך צעפּאַטשט. מיין באָבעס עסק! כ׳האָב וויכטיקערע עסקים — און דער קאַשקעט רייסט זיך אַרויס. אַוועקגעפלויגן.

דער קאַשקעט איז געווען אַן אויסנאַם, ווייל ער איז געלאָפן קעגן שטראָם. אַנדערע קאַשקעטן האָבן דווקא געשטרעבט צום ראָג פראַנצישקאַנער. און ישראל האָט הנאה געהאַט פון דעם געלויף. — ווי זיי האָבן דאָס צייט, די פאַרשמייעטע יידעלעך!

און רעזאָנירנדיק אַזוי, האָט ער אַליין נישט באַמערקט, אַז ער אַליין לויפט שוין אויך צוזאַמען מיט אַלע צום ראָג פון פראַנצישקאַנער. ער וויל זיך איינרעדן, אַז דאָס לויפט ער צו דער אַרבעט. ער איז שוין אָבער אין מיטן געדרענג. צוריקציען זיך קאָן ער שוין נישט. דער עולם שפּאַרט אָן אויף אים פון הינטן. שטופּט זיך ישראל פאָרויס.

אומעטום געפינען זיך יידן צו מאַכן אַ פשרה. דאָס געשלעג איז שוין איינגע־שטילט. אַ פּאָר צעהיצטע מעקלערס פאָכען נאָך מיט די שטעקעלעך קעגן דעם נישט אָנזעעוודיקן שונא און יידן בני־רחמנים נעמען זיי איין מיט קלוגע רייד.

— באַדאַרף מען זיך שלאָגן אין מיטן גאַס? באַדאַרף מען אַריינפאַלן צו די פּאַניעס אין צערקל אַריין? זיי האָבן דאָך אים געממיתט, האָבן זיי אים דאָך! זעט, זעט, וואָס מען האָט געמאַכט פון אַ יידן!

ער איז קיין ייד נישט! אַ צלם־קאָפּ! אַ ליטוואַק! כ׳האָב אים אַליין געזען פרעסן חזיר, זאָל איך אַזוי זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער!

דאָס האָט זיך געקאָכט איינער פון די מעקלערס מיט אָנגעדראָלענע אָדערן אויפן מאָגערן רויטן הינערשן העלדזל. ער האָט געפּאָכעט מיטן שטעקעלע צום טויער. און דאַן האָט ערשט ישראל באַמערקט דעם קרבן פון געשלעג.

אויפן טרעפּל פון אַ טויער־געוועלב איז געזעסן אַ ייד אין אַ צעביילטן האַרטן קאַפּעליוש און מיט אַ שמוציק נאָזטיכל געווישט דאָס בלוט פון דער נאָז און פון פּנים.

און וואָס מער ער האָט געווישט, אַלץ מער האָט ער צעשמירט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געשאָכטענעם. מיט בלוט איז געווען פאַרשפּריצט דאָס טרעפּל ווו ער איז געזעסן און אָט האָט אַ ברודיקער באַרוועסער פוס אָנגעטראָטן אויף אַ בלוט־פלעק אין מיטן שטיינערנעם טרעטער. פרעמד און איינזאַם איז געזעסן דער צעבלוטיקטער ליטוואַק אין זיין קורצן רעקל און צעביילטן קאַפּעליוש און פרעמד

האָט זיך צוגעקוקט צו אים די רונדע וואַנט פון שוואַרצע קאַשקעטן. מער נישט איין יידענע האָט אין טויער געיאָמערט ווי נאָך אַ טויטן.

— וואָס ט'עך געהאַט צו אים, יידן? פאַרוואָס האָט עך עם דערהרגעט, יידן? וואָס האָט ענק געאַרט, אַז אַ ייד האָט געלעבט?

אָבער דער צעבלוטיקטער אַליין האָט געשוויגן. מיט אַ טעמפּער רויקייט האָט ער געטאַפּט מיט דער פאַרבלוטיקטער האַנט אַרום די ציין, צי זיי זענען אים נישט אויסגעזעצט געוואָרן, אַזוי אַ שטייגער, ווי אַ סוחר טאַפּט זיך אַרום, צי ער האָט נאָך דעם בייטל.

דער ליטוואַק האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן. און אַז ישראל האָט זיי דערזען, האָט אים אָנגענומען ביים האַרץ. אַזעלכע געדולדיקע, רויקע, הכנעהדיקע אויגן מ'ין זיך איינשניידן אין האַרצן. ווי אַ גוט קאַלב האָט געקוקט דער צעבלוטיקטער ליטוואַק און דאָך זענען די אויגן זיינע נישט טעמפּ געווען. אָן שרעק האָט ער געקוקט און אָן כעס האָט ער זיי געווענדט אַהין, ווו דאָס יידל מיט די אָדערן אויפן הינער־העלדזל האָט געקרייעט:

—מאַאַן שיתף איז אַ נאַר, מאַאַן שיתף! יאַך וואָלט דעם ליטוואַק אַ לעבעדיקן אין דרערד אַריינגעשלאָגן — יאַך! וואָס הייסט עפּעס פאַרלויפן אין מסחר, וואָס הייסט? זיך אָנגעלאָפן ווי די פערד, פאַרשוואַרצט געוואָרן, געמאַכט אַ משא־ומתן — קומט ער עפּעס פון דרערד אַרויס מיט זיין טריפהנעם וואַגאָן סחורה, און רייסט דעם מקח!

— אָבער אַזוי צעמזיקן אַ מענטשן!

— מאַאַן שיתף איז אַ נאַר, מאַאַן שיתף.

— שאַ, אָט גייט אַ מענטש!

און ווי אַ כאָפּטע פייגעלעך צעלויפן זיך די שוואַרצע קאַשקעטן.

איצט האָט דער ליטוואַק אָנגעשטעלט זיינע שטילע אויגן אויף ישראלן. ס'איז געווען כמעט פיינלעך צו פאַרטראָגן זייער בליק.

— העלפט מיר אויפשטיין — האָט דער ליטוואַק אים געבעטן, — פירט מיך אַוועק פון דאַנען. איך בעט אייך!

און ישראל איז גערן אים געקומען צו הילף. ער האָט אים אַרויסגעפירט פון געדרענג און אים אַריינגעפירט אין טויער, ווו זיין פאַבריק איז געווען. רעכטס ביי דער האַנט איז געווען אַ באַקאַנטע קאַוויאַרניע. ישראל האָט דעם ליטוואַק אַריינ־געפירט גלייך אין קיך אַריין, צום קראַן.

— שרהלע, סט'געבן אַ שטיק זייף מיט אַ האַנטוך.

אַ מיידל מיט רויטע פיסקעס האָט אַ פלאַסקע געטאָן אין די געשוואָלענע הענט.

—אוי, וויי איז מיר, חבר ישראל! וואָס איז אים געשען אַ קרבן פון דער הערשנדיקער אָרדענונג?

דאָס איז געווען אַ מיידל פון אַ „קרייז”, און זי האָט גערעדט, ווי זי האָט געהערט רעדן.

— גיי שוין, גיי שוין מיט דיין אָרדענונג — האָט זיך געכעסט די באַלעבאָסטע

— דערלאַנג אַ שטיקל זייף, זעסט דאָך!

אָפּגעוואַשן דעם ליטוואַק און געבראַכט אין אָרדענונג זיין צעביילטן קאַפּעליוש, האָט ישראל אים אַריינגעפירט אין צווייטן צימער טרינקען טיי.

עפּעס האָט דער ליטוואַק אים צוגעבונדן צו זיך מיט זיין מענטשלעכן שוויגן. ישׂראל האָט נישט געקאָנט אַזוי לייכט זיך שיידן מיט אים. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער: ער האָט נאָך צען מינוט צייט.

— ווי הייסט איר, פּעטער?

— איך הייס פּינעס, הייס איך. איך בין אַ סאָקאָלקער, הינטער ביאַליסטאָק.

— און וואָס טוט איר אין וואַרשע?

— פרעגט בעסער: וואָס טו איך נישט אין וואַרשע? איך מעקל, איך כאַפּ קלעפּ...

— פֿאַרוואָס האָבן זיי אייך געשלאָגן?

— ווייזט אויס, אַז איך בין ווערט געווען. — צום ערשטן מאָל האָט ישׂראל דערהערט פון ליטוואַק אַ זיפץ. — געקראָכן יידן אין פּרנסה. אַ וואַגאָן גרויפּן צוגעשטעלט מיט אַ האַלבן פּראָצענט ביליקער.

— פֿאַרוואָס האָט איר דאָס געטאָן?

— וואָס איז? איך דאַרף נישט לעבן, דאַרף איך נישט? נישט מיין וואַגאָן, נישט מיין סחורה. כ'בין אַ מעקלער, בין איך. מען הייסט מיר געפינען דעם בעלן, געפין איך.

דער ליטוואַק האָט ווידער אַ טאַפּ געטאָן, צי ער האָט אַלע ציין. די נאָז און די ליפּ זענען געווען ביי אים אָנגעשוואָלן. אונטערן אויג — אַ פליישׂ־רויטער צייכן, אונטערגעהאַקט.

— דעם ערשטן מאָל טרעפט זיך מיר, אַז יידן זאָלן מיך שלאָגן — האָט ער געזאָגט מיט אַ רויקער פֿאַרוווּנדערונג. — ביי יידן זאָל זיין אַזאַ רציחה!

ער האָט אָפּגעביסן מיט אַ קנאַק אַ שטיקל צוקער און זיך אָנגעכאַפּט ביי דער באַק. אָנגעגאָסן זיך טיי אין שאָל און פון שאָל געטרונקען, כלאָבעדיק הויך, שלינגענדיק הויך און הויך זיך פּאַסמאַקעוועט. נאָך די קלעפּ איז אים דאָס ביסל טיי געווען אַן אמתע רפואה.

נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעזופּט די טיי, האָט ער פּאַרזיכטיק אָפּגעווישט מיטן אַרבל די צעקלאַפּטע ליפּ און זיך צעשמייכלט צו ישׂראלן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל. אַ שמייכל האָט דער צעקלאַפּטער ליטוואַק געהאַט אַ ליכטיקן. דאָס גאַנצע קיילעכדיקע פּנים האָט ביי אים אויפגעלויכטן.

— איר האָט אין מיר אַזאַ'ן אָנטייל גענומען און איך ווייס נישט ווי איר הייסט...

— ישׂראל הייס איך. איך בין דאָ אַ שטריקער־אַרבעטער.

— אַזוי — האָט דער ליטוואַק זיך אינגאַנצן דערפרייט. — קאָן איך דאָך אייך רופן חבר!

— זאָל זיין חבר — האָט ישׂראל מיטגעשמייכלט. וואָס עס קאָן ליגן אין קאָפּ אַ צעניזוקטן ליטוואַק! פּינעס איז געווען אַמאָל ראַזירט אָדער אָפּגעשוירן. איצט האָט אַ ברוין קורץ בערדל אַרומגענומען זיין רונדן פּנים ווי אַ פלאַטשיק פּאַטשיילעכל קעגן צאָן־ווייטיק.

ווען ער האָט ווידער אָנגעגאָסן טיי אין שאָל האָט ישׂראל באַמערקט, אַז די האַנט ציטערט אים.

— זיי האָבן אייך שטאַרק צעקלאַפּט, חבר פּינעס?

— ע־עט! ביז דער חתונה וועט פאַרגיין! — איז ער, הייסט עס, אַ בחור. — און פאַר בלוט שרעק איך מיך נישט, חבר ישראל. אַט ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך שוין געאַרבעט אין טשיקאַגאָ.

און זיין פאַר קינדישע אויגן, קעלבערנע אויגן מיט אַ קעלבערנעם שטילן ווייטיק האָבן אַ גלעט געטאָן ישראלן איבערן פּנים.

— אָ־אָך, מיין פריינד, איך בין שוין אַמעריקע צופוס אויסגעקראָכן. און מיין קעסטל מיט די זאַכן נאָכגעשלעפּט איבער מיסיסיפּי אויף אַ שטריק...

ישראל האָט פאַרגעלייגט דעם ליטוואַק צוצובייסן. מיט וואָס קאָן זיך אַ ליטוואַק דאָס האַרץ דערקוויקן, אַז נישט מיט אַ ציבלקע מיט הערינג?

ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז חבר פּינעס עסט קיין הערינג נישט. חבר פּינעס איז גאָר אַ וועגעטאַריער.

דער זייגער האָט געשלאָגן דריי. ישראל האָט שוין געדאַרפט זיין ביי דער אַרבעט. ער האָט זיך טאַקע געקליבן אַוועקגיין, כאָטש ס׳איז אים אַ שאָד געווען זיך צו שיידן מיט דעם מאָדנעם פאַרשוין, וואָס ער האָט פון דער גאַס אויפגעהויבן.

(פון ראָמאַן: „שטאַרקע און שוואַכע״, בוענאָס איירעס 1954)

# יאַנוש קאָרטשאַק

## מען פאָרט אויף זומער-קאָלאָניע



דער צוג גייט ערשט אָפּ אין אַ שעה אַרום, און שוין דרייען זיך אַרום אויפן וואָקזאַל צענדליקער קינדער, וואָס שאָקלען מיט זייערע לייוונטענע זעקעלעך און וואַרטן מיט אומגעדולד, מען זאָל זיי שוין אָנהייבן אויסשטעלן שורות־ווייז און אַריינפירן אין די וואַגאָנען.

ווער ס'וועט פאַרשפּעטיקן, דער וועט נישט מיטפאָרן. היט מען זיך טאַקע זייער שטאַרק — אי די קינדער, אי די קינדערס עלטערן.

נעכטן האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אויפן הויף פון שוויענטאָקשיסקע גאַס, דערפאַר ווייסט מען שוין, צו וועלכער גרופּע און צו וועלכן אויפזעער יעדער וועט געהערן, און פון וואָסער העפט מען וועט אַרויסלייענען די נעמען.

שטייט מען און מען וואַרט. און אַז מען האָט נישט וואָס צו טון, באַטראַכט מען דערווייל דעם אויפזעער: וואָס אַ שטייגער מענטש ער איז, צי איז ער אַ גוטער, צי אַ שלעכטער, צי וועט מען מעגן קלעטערן אויף דיביימער, צי וועט מען מעגן וואַרפן שטיינער אויף די וועוויערקעס, און צי וועט מען מעגן אַרומוווּיוועו אויפדערנאַכט אין גרויסן זאַל.

---

דר. יאַנוש קאָרטשאַק — ריכטיקער נאָמען: הענריק גאָלדשמיד — איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1873 און אומגעקומען אין יאָר 1942 צוזאַמען מיט די קינדער פון דעם יתומים־הויז, וואָס ער האָט אָנגעפירט צענדלינקער יאָרן פון זיין לעבן, פון אַ פריינד פון אַלע מענטשן בכלל, און קינדער בפרט. ער איז געווען אַ מחבר פון אַ דריי צענדלינק פּעדאַגאָגישע און בעלעטריסטישע ביכער אין דער פּוילישער שפּראַך. דער פראַגמענט פון קאָרטשאַקס בוך „משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך", וואָס מיר ברענגען דאָ, געשריבן פאַרן ערשטן וועלטקריג, איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יאָר 1922 דורך דעם קדוש, דעם פּראָזע־שרייבער יהושע פּערלע. — — אויב דאָס וואַרשעווער געטאָ איז געווען דאָס טראַגישסטע פון אַלע געטאָס, זיינען די וואַרשעווער געטאָ־קינדער געווען די טראַגישסטע פון אַלע קרבנות פון דריטן חורבן — און יאַנוש קאָרטשאַק זייער אַלעמענס פאָטער. זיין האַרץ — אַ ים פון ליבע. די לעגענדע פון זיין גאַנג צום אומשלאַג־פּלאַץ מיט קראַנקע קינדער אויף די הענט און הונדערטער קינדער פאַר זיך, וועמען ער האָט איינגערעדט די לעגענדע, אַז זיי פאָרן אויף זומער־קאָלאָניע — וועט אַמאָל, אַמאָל נאָך לייכטן ווי אַ שטערן פון ליבע איבער אַ וועלט, וואָס האָט באַזיגט די שנאה.

אַזוי, פאַרשטייט זיך, קלערן נאָר יענע קינדער, וואָס זיינען שוין געווען אַמאָל אויף די זומער־קאָלאָניעס.

די אויפזעערס באַטראַכטן אויך די חברה און ווייסן דערווייל נישט, פאַרוואָס טייל קינדער זיינען אַרומגעוואַשן רייך, אָנגעטון קלאָר, און טייל — ברודיק און פאַר־לאָזט; פאַרוואָס רעדן טייל הויך, קוקן זיך אַרום מיט פריילעכע, פרייע בליקן, און טייל טוליען זיך מיט מורא צו די מאַמעס פאַרטעכער, אָדער שאַרן זיך גאָר אַוועק אין אַ ווינקל. מען ווייסט נישט, פאַרוואָס מיט אייניקע קינדער זיינען מיטגעקומען טאַטע־מאַמע, שוועסטערלעך, ברידערלעך, פאַרוואָס מען גיט זיי מיט לעקעכלעך, און מיט אַנדערע איז קיינער נישט געקומען און קיינער גיט זיי גאָרנישט מיט.

אין אַ צוויי, דריי טעג אַרום, ווען מיר וועלן זיך נענטער באַקענען, וועלן מיר שוין אַלץ געוואָר ווערן.

דערווייל שטעלט מען זיך אויס.

— די ערשטע פּאָר: גורקעוויטש און קרויזע.

קיינער רופט זיך נישט אָן.

— נישטאָ — ענטפערט עמיצער פון חברה.

און שוין בעט עפּעס אַ פּאָטער, מען זאָל אויפן אָרט פון יענעם צונעמען זיין קינד. עס איז, נעבעך, אַזוי אויסגעדאַרט, אַזוי שוואַך.

נישט אַלע קינדער, אָבער, קאָנען אַרויסגעשיקט ווערן אויפן דאָרף, ווייל אויס־געדאַרטע און קראַנקע איז דאָ אַ סך מער, ווי ס'איז דאָ אָרט אויף דער זומער־קאָ־לאָניע. זון און וואַלד וואָלט פאַר זיי נישט געפעלט, עס פעלט אָבער דער געזלעשאַפט מיטלען אויף צו קויפן מילך און ברויט.

— די צווייטע פּאָר: סאָבאָל און רעכטלעבן.

— כ'בין דאָ — שרייט אויס סאָבאָל און שטופּט זיך אַדורך אַ פאַררויטלטער דורך דעם גאַנצן המון מענטשן, שטעלט זיך אַוועק מיט אַ לאַכנדיק פּנים און מיט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן.

— ביסט אַ ווילער יונג, סאָבאָל! ... זאָג דעם אמת: ביסט אַ לאָבוס, צי ניין?

— כ'בין אַ לאָבוס — ענטפערט ער מיט אַ געלעכטער, און אויסדרייענדיק זיך צו דער שוועסטער, וואָס האָט אים אַהערגעבערענגט, גיט ער איר אַ באַפעל: „שוין, קאָנסט שוין אַהיימגייך".

אַן אַכטיעריק יינגל, וואָס פאַרט צום ערשטן מאָל אַרויס אין אַ דאָרף, וואָס קאָן זיך אַדורכשטופּן דורך אַזוי פיל דערוואַקסענע מענטשן און אַוועקשטעלן זיך אַ ריינער, אַ שמייכלדיקער, גרייט יעדע מינוט אין וועג אַריין, מוז אוודאי זיין אַ טייערער יונג און אַ ליבלעכער שטיפער. אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט זיך דער ערשטער אויסגעלערנט אויפבעטן דאָס בעט, שפּילן אין דאָמינע — אים איז קיינ־מאָל נישט קאַלט געווען, — ער האָט זיך אויף קיינעם נישט געקלאָגט, — פלעגט זיך אויפוועקן אַ שמייכלדיקער און אַנטשלאָפן ווערן אויך אַ שמייכלדיקער.

— פישביין און דער עלטערער מילער, — די דריטע פּאָר.

— ר'איז דאָ — האָט גיך געענטפערט פישביינס פּאָטער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן.

ביידע זיינען זיי געשטאַנען נאָענט איינער נעבן אַנדערן. זיי האָבן געמוזט קו־

מען זייער פרי; ווייזט אויס, אַז דעם פאָטער איז שטאַרק געגאַנגען אין לעבן — זיין קינד זאָל אַרויספאָרן אין דאָרף אַריין.

דער קליינער מילער און איינאַ. עלווינג און פלאַצקי..

דערווייל קומען אָן די פאַרשפּעטיקטע.

גורקעוויטש האָט געוואָלט אַ גאַנצע נאַכט נישט שלאָפן — ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן. אינדערפרי, אָבער, האָט אים די מוטער קוים געקענט דערוועקן, און אַ האַלב־פאַרשלאָפענעם האָט זי אים אַהערגעברענגט צו דער באַן.

איז ער טאַקע געווען דער איינציקער פון דער גאַנצער גרופּע, וואָס איז אַנט־שלאָפן געוואָרן אויפן וועג.

— די אַכטע, די ניינטע, די צענטע פּאָר.

עס הייבט זיך אָן אַ שטופּעניש, אַ לויפעניש און צום סוף דאָס געזעגענען זיך.

— נישט צעגייען זיך, באַלד פאָרן מיר.

עס דערהערט זיך אַ קלונג.

אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר, אַ גרופּע נאָך אַ גרופּע גייען מיר דורך דעם וואָקזאַל, און זעצן זיך איין אין די וואַגאָנען. ווער ס'איז געשיקטער דער פאַרכאַפּט דאָס בעסטע אָרט ביים פענצטער און שמייכלט נאָך אַרויס צו טאַטע־מאַמע.

דער צווייטער און דער דריטער קלונג.

די עלטערע זינגען לידלעך פון וואַלד, פון די פריילעכע מינוטן, וואָס מען האָט פאַראַיאָרן אַזוי טייער פאַרברענגט אויפן דאָרף; און דער צוג רירט.

— די היטלען האַלטן פעסט אויפן קאָפּ!

תמיד מוז ווער פאַרלירן אַ היטל. אַזאַ מנהג שוין, ווען מען פאָרט אַרויס אויף די זומער־קאָלאָניעס.

* * *

— נישט אַרויסבייגן זיך! — נישט שטופּן זיך! — נישט אָנמוישעווען אויף דער ערד!

אין די ערשטע עטלעכע טעג הערן די קינדער כסדר דאָס וואָרט „נישט", ביז זיי דערוויסן זיך, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. שפּעטער אַריין ווערט אַלץ ווייניקער — מען טאָר נישט — און אַלץ מער — מען מעג.

אפילו ווען דער אויפזעער זאָל וועלן, קאָן ער אויך נישט פאַרווערן צו שפּילן זיך, ווי עס פאַרווערט, למשל, די מאַמע, דער טאַטע, די באָבע, די מומע, אָדער די לערערין, צי גאָר דער גוווערנער אין די הייזער פון רייכע קינדער; ס'פעלט אים פּשוט צייט אויף באַמערקונגען און אויף עצות.

איז טאַקע די קינדער אויף דער קאָלאָניע אַ סך פריילעכער, ווי זייערע רייכע חברים אין די בעדער, וווּ יעדן קליינעם קינד שטערן אַזויפיל דערוואַקסענע מענטשן צו שפּילן זיך.

דערווייל איז אויף דער צווייטער ליניע פאַרבייגעלאָפן אַ צוג.

די קינדער האָבן זיך דערשראָקן און אַוועקגעשפּרונגען פון פענצטער. אָבער אין אַ ווײַלע אָרום — אַ גדולה, אַ פרייד.

איינעם איז אַראָפּגעפאַלן אַ זעמל מיט פּוטער — ווידער אַ גדולה.

— זעטס נאָר, וואָס פאַר אַ קליין פערדל! — שרייען אויס עטלעכע און אַלע שטופּן זיך צום פענצטער — זען דאָס אויסערגעוויינלעכע ווונדער.

ס׳איז אַ פּשוט גרויס פערד, נאָר עס שטייט ווייט אויף דער לאָנקע, דערפאַר זעט עס אויס אַזוי קליין.

אַ סטאַציע. ווידער זינגט מען און ווידער פּאַכעט מען מיט די טיכלעך, און ס׳צעקלינגט זיך דאָס געלעכטער פון דער קאָלאָניע — דאָס וווּנדערבאַרע, יונגע געלעכטער, וואָס היילט בעסער, ווי די בעסטע רפואות און דערציט שענער, ווי די קליגסטע לערער.

— קינדער, אַצינד זאָל יעדער פון אייך אָוועקגעבן דאָס געלט, וואָס ער האָט און די פּאָסט־קאַרטלעך. — דער ערשטער איז פאַרשריבן — גורקעוויטש. וויפל פּאָסט־קאַרטלעך האָסטו?

גורקעוויטש גיט צו באַהאַלטן צען גראָשן און פיר קאַרטלעך: אַלע וואָך וועט ער שרייבן אַהיים, אַז ער איז געזונט און שפּילט זיך.

ביידע ברידער קרוק האָבן צוזאַמען צוואַנציק גראָשן. יעדער פון זיי האָט גע־קריגן צו פיר גראָשן פון טאַטן, פון דער מאַמען און צו זעקסערס פון זיידן.

— לערער, ס׳וואָר, אַז קאַרטאָפל וואַקסן אין דער ערד?

אוודאי, וואָס איז דען?

— וואָרן ער האָט, דורכן פענצטער, געוויזן אויף עפּעס בלעטער דאָרט און זאָגט, אַז דאָס זיינען קאַרטאָפל. און קאַרטאָפל וואַקסן דאָך גאָר אין דער ערד, ווי אַזוי קאָן מען זיי זען?

— שפּעטער וועט איר שוין אַליין זען, ווי עס וואַקסן קאַרטאָפל. — אַצינד איז קיין צייט ניטאָ. פרידמאַן, וויפל קאַרטלעך האָסטו?

— נישט מער ווי צוויי. די מאַמעשי האָט געזאָגט, אַז ס׳איז גענוג. קיין געלט האָט ער אינגאַנצן נישט.

פרידמאַן האָט געלייקנט: ער האָט באַהאַלטן אַ פירער, וואָס דער עלטערער ברודער האָט אים מיטגעגעבן ביים געזעגענען זיך.

פרידמאַנס טאַטע איז שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט: געווען אין פּאַריז, אין לאָנ־דאָן — ער האָט געזאָלט אפילו קיין אַמעריקע אויף פאָרן, נאָר אומעטום איז אים געגאַנגען שלים־שלימזל און ער האָט געמוזט צוריק אַהיימקומען, אָוועקשטעלן זיך באַקן זעמל פאַר פרעמדע און אַליין נישט האָבן קיין שטיקל ברויט צו דער זעט, נישט פאַר זיך און נישט פאַר ווייב און קינד.

ווער ווייסט, אין וועלכער פון יענע גרויסע שטעט דער קליינער זון פון בעקער האָט זיך אויסגעלערנט נישט צו גלייבן קיין מענטשן און נישט אָנצופאַרטרויען זיי זיינע עטלעכע קופּערנע מטבעות.

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער אָוועקגעגעבן צו באַהאַלטן זיין קליין פאַרמעגן — און תמיד האָט ער געהאַלטן אין איין פרעגן: „ס׳וואָר, אַז דער לערער האָט מיין פירער?״

נאָך ווייט? — פרעגן די קינדער מיט אומגעדולד.

עפּעס געדויערט עס אַזוי לאַנג. און דאָ האָט מען נישט קיין צייט. מען איילט זיך צום וואַלד, צום טייך, צו די לאָנקעס, וועגן וועלכע עס דערציילן אויסטערלישע וווּנדער יענע קינדער, וואָס זיינען שוין געווען פאַראַיאָרן אויף דער קאָלאָניע.

אויף דער קאָלאָניע איז דאָ אַ גרויסע ווערענדע: וואָס, אַ שטייגער, קאָן דאָס זיין אַזעלכעס, די דאָזיקע ווערענדע?

אויף דער קאָלאָניע זיינען פאַר אַלע הונדערט און פופציק קינדער נישטאָ מער ווי פיר שטיבן. — וואָס פאַראַ שרעקלעך־גרויסע שטיבן מוזן דאָס זיין?

מיר פאָרן דורך אַ בריק. די בריק זעט גאָר אַנדערש אויס, ווי יענע דאָרט אין וואַרשע, דורך וועלכער מען פאָרט קיין פּראַגע. דאָ איז זי שענער. אַ סך, אַ סך שענער.

— קינדער, מיר גייען באַלד אַראָפּ. צי האָבן אַלע די זעקלעך מיט די היטלען?

— אַלע— ענטפערט מען מיט איינמאָל.

אויפן וואָקזאַל וואַרטן שוין אויף אונדז צוועלף לייטער־וועגן. אויסגעבעט מיט היי און שטרוי.

— פאָרזיכטיק דאָרט אויף די פורן, ס'קאָן נאָך עמיצנס אַ פוס אַריינקריגן זיך צווישן די רעדער.

— לערער, איך וועל היטן.

— גוט, היט. נו, אַ סוף, געפאָרן זאָל ווערן!

די זון איז פריילעך מקבל־פּנים די אויסגעבלייכטע, קליינע חברותא.

אַ דאַנק דיר, — גוטע, שיינע זון, אַ דאַנק דיר, — גרינער, פרישער וואַלד און דיר — פריילעך־לאַכנדיק פעלד. אַ דאַנק אייך, ליבע קינדערלעך פון דאָרף, וואָס איר לויפט אַרויס פון אייערע הייזלעך און מיט אַ שמייכל אויפן פּנים באַגריסט איר אונדזערע פורן.

— ס'איז נאָך ווייט, לערער?

יאָ, דאָרט טונקלט שוין אונדזער וואַלד. אָ, מען זעט שוין אונדזער שטיקל פעלד. אָט שטייט די מיל, די הויפישע הייזלעך און אָט איז אונדזער קאָלאָניע.

— וויוואַט! זאָל לעבן די קאָלאָניע „מיכאַלעווקע". — אַהאַ, אַזוי, הייסט עס, זעט אויס אַ וועראַנדע.

די קינדער טרינקען גלייך אויס צו טעפּלעך מילך און מען נעמט זיך באַלד צו דער אַרבעט.

אַלע וואַשן זיך און טוען־אָן די ווייסע מלבושימלעך פון דער קאָלאָניע. מען רוישט, מען וויצלט זיך; נאָר דאָס גרעסטע געלעכטער רופן אַרויס די ווייס־לייוונטענע היטלען. מאָדנע היטלען זיינען עס עפּעס. אינגאַנצן ענלעך צו יענע, וואָס עס טראָגן גויעשע בעקערס.

אַצינד זעען אַלע אויס אַלצאיינס. די קלענערע, ווידער, שטאָלצירן מיט די שעלקעס וואָס זיי האָבן געקריגן.

— לערער, ווען וועט מען קריגן טיכלעך צו דער נאָז?

— מאָרגן. און אַצינד פאַרפּאַקט אין די זעקלעך אייערע אייגענע מלבושימלעך. די זעקלעך אויף די פּלייצעס און — היידא אין דער פּאַק־קאַמער אַריין.

— איינס, צוויי, איינס, צוויי...

דאָרט אין דער פּאַק־קאַמער וועלן זיי זיך אויסרוען גאַנצע פיר וואָכן.

פון בוך: משהלעך, יאָסעלעך, ישׂראליקלעך — בוענאָס איירעס, 1950.

# ב. קוטשער

## אברהם דראָזשקאַזש באַוויינט פּרצעס טויט...



שוין שפּעט. מ'ווייסט נישט ווען, מ'ווייסט נישט, ווי אַזוי ס'איז געשען און די זון — אַ צעיאַכמערטע, אַ צעפּלאָשעטע — הענגט שוין דאָרט, איבער די פּאָוואָנזקער פעלדער. זי וואַרפט אַהער איר לעצטן, אָנגעברוגזטן בליק און ס'דאַכט זיך, אָט־אָט, נאָך אַ מינוט — און זי לאָזט זיך אַראָפּ...

לויטן לוח איז שוין באַלד שבת דאַרף מען שוין אוודאי ליכט בענטשן. נאָר, אַ צייט אַזאַ: חול המועד. נאָר־וואָס די ערשטע טעג פּסח איבערגעקומען. דערצו — אַזאַ שווערע, אַזאַ ביטערע מלחמה אויף דער וועלט. —

איז שטייט נאָך אַ יידענע, מיט אַ האַלב קוישל נישט אָפּגעלייזטע עפּעלעך, וועלכע קוקן אַרויס, מיט זייערע פּוכקע, געפּינטלטע אייגעלעך, אין דער נאָך טומלדיקער גאַס אַריין. טוליען זיך איינס צום אַנדערן און וואַרטן, אַ וואַרעמע האַנט זאָל זיי דאָך אַ גלעט טון... אַ ייִנגל שטייט, מיט אַ בינטל שוואַרצע און ברוינע שיכבענדלעך. די לעצטע שטראַלן פון דער זון לאַכן דעם ייִנגל אין פּנים אַריין און באָדן זיך אין דער פייכטקייט פון זיינע זוכנדיקע, בעטנדיקע אייגעלעך... אַ ייִד שפּאַנט מיט זיין איינגעהאַנדלט קוואַטירל ווייַן אויף קידוש. אַ מיידל לויפט מיט אַ פאַרשפּעטיקט טעפּל טשאָלנט צום בעקער און — אַ דאַר זקנדל, וואָס דערשלעפּט קוים די רחבותדיקע, ווייסע באָרד — פּאָכעט מיט גרויסן, פאַרביקן נאָזטיכל אין גאַס אַריין:

— שבת... שבת...

קוקט מען אויפן הימל. קוקט מען אויף דער זון — ווי זי, די זון דאָרט, וואָלט עס אין אַלעמען שולדיק געווען...

און די לופט ציטערט אַזש —

— ייִדן, כאַפּטס אַוועק, כל־זמן ס'איז צייט!... אַ יאָר „ראָמאַן צייטונג" פאַר זעכציק קאָפּיקעס!... אַ קאָמפּלעט „שטראַל" פאַר אַ רובל!... גאַנץ ביאַליק פאַר פינף און פערציק קאָפּעקעס!...

ס'איז נישט קיין רופן. ס'איז אַ געשריי. אַן אַלאַרם. ווי מיט סכנות נפשות. ווי אָט־אָט ענדיקט זיך די וועלט...

---

בערל קוטשער — זשורנאַליסט, מחבר פון פּאָפּולערע ראָמאַנען און ביאָגראַפיעס, מחבר פון זכרונות — געבוירן אין יאָר 1893 אין סעמיאַטיטש, פון קינדוויַז ביז 1939 אין וואַרשע. מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד, זינט 1947 אין פּאַריז.

וואַרשעווער ייִדישע דראָזשקאַזשעס זענען געווען אַ קלאַס פאַר זיך — קוטשערס „אברהם" אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ. די פּרץ־לוויה אויטענטיש באַשריבן.

— קומטס אַהער! קלייבטס אויס! כאַפּטס אַוועק!..

און מ׳קומט. מ׳רינגלט אַרום ס׳וועגעלע. מ׳קלייבט. מ׳נישטערט...

נישט בלויז די „ראָמאַן צייטונג״ מיטן „שטראַל״ איז פאַראַן אויפן וועגעלע. נישט נאָר ביאַליקס ביכלעך קאָן מען דאָ קריגן. נאָך צענדליקער און הונדערטער און ביכלעך פרעסן זיך אויפן וועגעלע און וואַרטן אויף אַ תיקון...

מ׳קען זיי, די ברידער שלמה און לייזער גאָלדפאַרב. מ׳ווייסט, אַז ביי זיי קאָן מען קריגן מציאות. מ׳ווייסט, אַז אַ גאַנצע וואָך לויפן די ברידער אַרום אין אַלע רעדאַקציעס, צו אַלע פאַרלעגער, בוכהענדלער, שרייבער און סתם יידן. אַז אַ גאַנצע וואָך קויפן זיי אויף אַלץ, וואָס עס קומט זיי אין האַנט — כדי זיי זאָלן האָבן פרייטיק, מיט וואָס אַרויסצופאָרן אין גאַס.

קומט מען טאַקע צום וועגעלע. זוכט מען. קלייבט מען. דער עלטערער ברודער, שלמה — אַ בחור, וואָס שרייבט אַליין אויך. וואָס שפּייזט די הומאָריסטישע אָפּטיילונגען פון „היינט״ און „מאָמענט״ מיט זיינע וויציקע שטיקלעך — טענהט מיט די קונים. ער העלפט קלייבן, רעדט־צו און יאָגט, יאָגט... דער יינגערער ברודער, לייזער, קוקט בייז אויף דער זון, וואָס רוקט זיך כסדר אַראָפּ נידעריקער, און מיט דער זעלבער בייזקייט וואַרפט ער אין גאַס אַריין:

— אַ יאָר „ראָמאַן צייטונג״ פאַר זעכציק קאָפּעקעס! אַ קאָמפּלעט „שטראַל״ פאַר אַ רובל! גאַנץ ביאַליק פאַר פינף און פערציק קאָפּעקעס!...

— ט־ר־ר־ר — סטאָי!...

* * *

דער דראָזשקאַזש — אַ הויכער, געזונטער ייד — בייגט זיך פון דער קעלניע אַראָפּ. קנייטשט די שוואַרצע, עטוואָס „פאַרגלייכטע״ באָרד, אין דער צעכראַס־טעטקייט פונם דראָזשקאַרסקן פּלאַשטש און ער לויפט מיט די בליקן איבער די אָנגעוואָרפענע ביכער:

— עפּעס דאָ פאַר מיר?

— וואָס דען, ס׳איז נישטאָ? — טאַקע דאָס, וואָס איר זוכט.

— פון פרצן?...

ער וואַרט נישט אויף ענטפער. שפּרינגט פון דראָזשקע אַראָפּ. די באָרד נעמט גיך, גיך לויפן איבערן וועגעלע. און ער נעצט שוין די פינגער אין מויל.. און ער מישט שוין די בלעטער...

— יאָ... יוד למד פרץ...

און ער זיצט שוין צוריק אויף דער קעלניע. די בייטש ציטערט אין זיין האַנט. דאָס ווייס געפלעקטע פערדל וואַרפט מיט דער גזשיווע, קלאַפּט צו מיט די פּאַדקעוועס — ס׳ווייסט שוין, אַז מ׳פאָרט אַהיים, דערקענט שוין ס׳געסל. טרעפט אַליין אין טויער...

עמיצער שרייט אַראָפּ דורכן פענצטער:

— אברהם! — אַזוי שפּעט?

אויף אברהמס פּנים רוט אַ קינדערישע צופרידנקייט. ער פאַררייסט די באָרד אַרויף צום פענצטער. אין די גרויסע, טונקעלע אויגן צעשפּילן זיך פייערלעך:

— געזוכט אויף שלמהס וועגעלע.. געפּאַקט אַ ביכל פון פרצן... גאָלד מיט ברילייאַנטן...

מ׳קען אים, אברהם דראָזשקאָזש. מ׳ווייסט, ער איז אַ לייענער. מ׳ווייסט, אַז פרייטיק פאַרנאַכט, אברהם פאָרט אַריין אין הויף, איז — צוזאַמען מיטן אַרבוז און מיטן שקאָרמעץ באַניעקערן — מוז ער פון אונטער דער קעלניע אויך אַרויס־שלעפן דאָס ראַמשל אַלטע זשורנאַלן און ביכלעך, איינגעהאַנדלט אין ראַג, אויפן וועגעלע...

מ׳ווייסט, אברהם האָט שוין געלייענט זאַכן פון שלום־עליכם, שלום אַש, אברהם רייזען און אַנדערע גרויסע שרייבער. נאָר צום ליבסטן האָט ער פּרצן. אַזאַ קאָפּ — זאָגט ער — ווי פּרץ האָט, דאָס איז שוין גאָר נישטאָ...

ער האָט ליב רעדן וועגן דעם, וואָס ער לייענט. דער עיקר, ווען ער לייענט עפּעס פון פּרצן. דעמאָלט ווערט ער נישט מיד רעדן. ווערט נישט מיד איבער־דערציילן.

און נישט סתם דערציילן. — ער זאָגט מבינות. גיט צו פאַרשטיין, וואָס פּרץ מיינט, און ער שיינט· און ער קוועלט פון נחת:

— אַזאַ קאָפּ... אַזאַ קאָפּ...

איז קען מען אים שוין. מ׳זאָגט, אַז אויך שרייבער קענען אים. אַז אויך זיי האָבן ליב מיט אים רעדן. און מ׳האָט אים דערפאַר געקרוינט מיטן נאָמען „ליטעראַרישער דראָזשקאָזש״.

אויך איך האָב ליב רעדן מיט אים. רעדן וועגן די ביכלעך, וואָס ער לייענט. הערן זיין מיינונג. זען זיין ממש קינדערישע באַגייסטערונג...

כ׳האָב ליב הערן זיין באַרימטע מעשה, וועגן זיין באַגעגעניש מיט פּרצן. ווי ער האָט מיט פּרצן גערעדט.

ער ווערט דעמאָלט אויס אברהם דראָזשקאָזש. זיין האַרט, פון דער זון און ווינט אָפּגעברענט פּנים, ווערט ווי אויסגעלייטערט זיינע אויגן קריגן אַזאַ מילדן גלאַנץ. ער רעדט אַזוי שטיל, אַזוי ווייך...

...פאַרנאַכט איז עס געווען... כ׳שטיי אויף דער סטאַנציע... קומט צו אַ פּריץ, מיט אַזעלכע דיקע וואָנסן, אַ ברייטע פּאַלערינע און ער הייסט פאָרן אין טעאַטער אויף מאָניושקי... מיר קומען־צו צום טעאַטער — יידן לויפן אַנטקעגן מיט שמחה· מ׳גיט אים אָפּ כבוד. מ׳רעדט מיט אים יידיש און כ׳הער, אַז ס׳איז פּרץ... דער גרויסער שרייבער פּרץ... דער פאַרפאַסער פון אַזעלכע גאָלדענע זאַכן... פאָר איך שוין נישט אַוועק. וואַרט אָפּ, ביז ער גייט צוריק פון טעאַטער און נעם רופן: „פּאַניע פּרץ! פּאַניע פּרץ!... כ׳האָב געוואָרט אויף אייך.. כ׳וויל אייך פירן אַ היים... אָן געלט אייך פירן״... שמייכלט ער: — „וואָס עפּעס אָן געלט?... זאָג איך: — „ווייל איך וויל האָבן דעם כבוד... ווייל איך לייען אייערע מעשהלעך״... גייט ער... פרעגט אויס, וואָס כ׳האָב געלייענט... ווי ס׳געפעלט מיר... ער פרעגט, איך ענטפער, דער עולם אַרום שטופּט זיך און אַלע מאָל אַן אַנדערער: — ש־ש־ש־אַ!... לאָזט הערן אַ וואָרט!..

און ער ווערט נישט מיד, אברהם. ער גיט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבער, וואָס ער האָט געזאָגט. וואָס פּרץ האָט געזאָגט. און מיט אַזאַ פרייד, מיט אַזאַ קינדערשער התפעלות, אַז ס׳דאַכט זיך, ער זעט נאָכאַמאָל פּרצן אים נאָכגיין. הערט נאָכאַמאָל פּרצן רעדן...

אינטערעסירט עס איצט טאַקע, וואָס פאַר אַ ביכל פּרצעס האָט עס אברהם געפונען, וואָס ער זאָגט דערויף, אַז ס'איז גאָלד מיט בריליאַנטן?...

* * *

האָ, וואָס איז געשען?... אברהם דראָזשקאַזש ביי אונדז אין שטוב... אפשר טאַקע וועגן דעם ביכל, וואָס ער האָט נעכטן געקויפט?... ער וויל אפשר דערציילן... אפשר עפּעס פרעגן...

איז וואָס גראָד איצט — שבת ביים עסן?... אין מיטן זמירות?...

און אַזאַ האַסטיקער קום אַריין?... אַן אַ גוט שבת... אַן גאָרנישט...

און ס'פּנים צעפלאָמט... די אויגן אַזוי מאָדנע נישט קלאָר... נישט אַמאָל אַן איבעריקע כּוסה?...

— זיצט רב אברהם!

ער טוט זיך אַ טרייסל. דער גרויסער, שטאַרקער גוף זיינער ווערט ווי איינגעשרומפּן:

— אַ דאַנק... ווער קאָן זיצן?... כ'בין צעבראָכן... ס'האָט מיך ווי אַ דונער געטראָפן...

ער הייבט אויף די אויגן. די בליקן זיינע שפּילען זיך אַן ערגעץ אין דער ווייטקייט:

— ספּעציעל אַריינגעקומען... וואָס האָט עס געקאָנט געשען?... כ'מיין, פון וואָס איז עס אים געקומען?...

— וועמען?

— האָ... כ'זע, איר ווייסט נאָך נישט... כ'האָב אויך נישט געוווסט... געקומען איצט מיין שוועסטערס מיידל... זי זאָגט גאַנץ וואַרשע קאָכט...

— וועגן וואָס?

— פּרץ?!...

— יאָ... נישטאָ מער פּרץ...

און אַ גרויסע טרער שפּאַרט זיך דורך אינם ווינקל פון זיין לינקן אויג. נעמט גיך, גיך זיך קייקלען איבערן פּנים און ווערט פאַרשלונגען אין דער געדיכטקייט פון דער באָרד...

* * *

— איר גייט אַהין?

— יאָ.

— וואַרט... איך גיי אויך...

מ'פרעגט נישט וווהין, מ'פרעגט נישט, וועגן וואָס. אַלע ווייסן — פּרץ... נישטאָ מער פּרץ...

ס'איז חול־המועד ערב די צווייטע טעג פּסח. פון מערב רוקן זיך דעם קייזער ווילהעלמס חילות. ביינאַכט האָט מען שוין געהערט ווייטע אָפּהילכן פון שטאַרקע האַרמאַטן־קלעפּ. נאָר ווער רעדט איצט דערפון? ווער האָט עס גאָר אין זינען?...

נישטאָ מער פּרץ...

ווו מ'גייט און ווו מ'שטייט. יונג און אַלט. פרייע און פרומע. אינטעליגענט און פּשוטער פאָלקסמענטש. אַלע זענען דערשיטערט. אַלע טיף דורכגענומען —

— געהערט?...
— יאָ... געהערט..
— וואָס?... קראַנק געווען?...
— פּלוצלינג... מ׳זאָגט, זיצנדיק ביים טיש...
— ווען וועט זיין די לוויה?...

יאָ, ווען איז די לוויה? — עפּעס נישט קלאָר. איינער זאָגט, איצט. איינער זאָגט, נאָכמיטאָג. אַנדערע גאָר, אַז מאָרגן. אַז עפּעס וואַרט מען.

נאָר, מ׳גייט...

מ׳גייט און מ׳רעדט. מ׳גייט און מ׳דערמאָנט זיך. און מ׳דערציילט...

מ׳רעדט וועגן די ווערק, וואָס פּרץ האָט איבערגעלאָזט. מ׳רעדט וועגן זיין פּערזענלעך לעבן. וועגן זיין אַרבעט אין גמינע, אַלס לייטער פון דער בית־עולם־אָפּטיילונג. וועגן זיין שטענדיקן קאַמף, וואָס ער האָט קעגן זיינע אַסימילאַטאָרישע בעלי־בתים — די בערגסאָנס און די מוטערמילכס — געפירט...

מ׳רעדט וועגן די לעצטע וואָכן זיינע. וועגן זיין אינטערעסירן זיך מיט די יידישע היימלאָזע, וואָס שטראָמען פון אַלע שטעטלעך מ׳דערציילט, ווי ער האָט פאַר די היימלאָזע אַלע זיינע געקריגענע מתנות אָוועקגעשענקט. ווי מ׳האָט די אַלע מתנות, אין „הזמיר׳׳ — אויף ליציטאַציע פאַרקויפט...

מ׳רעדט און מ׳גייט...

און וואָס נענטער צו די יעראָזאָלימער אַלעען — אַלץ געדיכטער דער עולם. אַלץ מער יידן שטראָמען צום הויז, וו ס׳האָט געוווינט פּרץ. צום הויז, וו פּרץ איז אויסגעגאַנגען...

מענטשן גייען אויך צוריק. מ׳זעט: אַלטער קאַציזנע, נח פּרילוצקי, זיין ווייב פאַולאַ, צבי פּרילוצקי, בועז קאַרלינסקי, מ׳ווייסט שוין, אַז די לוויה וועט היינט נישט פאָרקומען. אַז עפּעס זענען פאַראַן שוועריקייטן. נאָר, מ׳שטעלט זיך נישט אָפּ. מ׳גייט ווייטער...

צום טויער נישט לייכט צוצוקומען. דער טראָטואַר פול. אויך דעם אַנטקעגנ־איבערדיקן טראָטואַר שווער דורכצוגיין.

אברהם פאָדלישעווסקי, לעווין־עפּשטיין, וואָלף גילמאָווסקי, דער שותף פון „היינט׳׳, נחמיה פינקעלשטיין, און יוגנט, יוגנט — מיידלעך, יינגלעך, סטודענטן, אַרבעטער, שילער. איינצלנע און גאַנצע גרופּן. מ׳קען זיי. מ׳ווייסט, ווער און פון וואַנען. —

„הזמיר׳׳, קרינסקיס שולע, „חינוך׳׳, ציוניסטישע יוגנט, בונדישע יוגנט, גמינע־אָנגעשטעלטע, פאָסאַצקע־לייגער, פאָליאַקעוויטשעס פאַפּיראָסן־פאַבריק...

מ׳גייט צום טויער. מ׳גייט פון טויער. מ׳קוקט זיך איבער. מ׳טוישט זיך מיט אַ וואָרט. און אַלץ אַזוי פיינלעך ערנסט. אַלץ אַזוי ווייטיקלעך שטיל.

מ׳ווייסט —

פּרץ ליגט אין זאַל... ס׳פּנים אָפן... מ׳קאָן אַרויפגיין... מ׳קאָן אים זען...

* * *

צומאָרגנס —

אין שטוב אַ שטיקל מרידה. — ס׳איז יום־טוב. נאָך קידוש. נאָר־וואָס געוואַשן זיך — איז ווו איז עס געהערט געוואָרן?... מ׳זאָל נישט קאָנען איינזיצן ביים טיש?...

רעד, זאָג תירוצים, גיב צו פאַרשטייך און — לויף. שפּרינג פון צוויי טרעפּ. פון דריי טרעפּ. איבערן הויף. איבער דער גאַס —

שפּעט. מ׳זאָל נאָר קאָנען צוקומען...

דער טאָג אַ שיינער, אַ וואַרעמער. די באַוועגונג אַ גרויסע. מ׳גייט אין איין ריכטונג — נאָענט צו דער גענשע. נאָענט צום יידישן בית־עולם.

יידן, מיט גרויסע טלית־זעק אונטערן אָרעם, קוקן נאָך. פרעגן זיך אויס. טייל מיט אַ זיפץ — „ברוך דיין אמת״. אַנדערע, אַ מאַך מיט דער האַנט — „אַן אַפּיקורס, רחמנא לצלן״...

נישט קלאָר, דורך וואַנען די לוויה וועט גיין. מ׳ווייסט שוין, אַז די צאַרישע פּאָליציי האָט פאַרבאָטן דורך די צענטראַלע גאַסן. אַז פון די יעראָזאָלימער אַלעען, וועט די לוויה נישט גיין דורך מאַרשאַלקאָווסקע, נאָר זיך אַריינדרייען אין אייזנגאַס...

איינער זאָגט, אַז פון אייזנגאַס וועט די לוויה גיין דורך לעשנאָ, פּשעיאַזד, נאָוואָליפּקי, נאַלעווקעס, גענשע. אַנדערע זאָגן, אַז נישט דורך לעשנאָ, נאָר דורך נאָוואָליפּיע און אַז פון נאַלעווקעס, וועט זי גיין גלייך ביז מוראַנאָוו, ברייטע מילע, דזשיקע און פון דאָרט ערשט אויף גענשע.

די צייט לויפט. דער זייגער, איבער ישראל זאָלבערגס געשעפט, ווייזט שוין איינס. נישטאָ לאַנג צו טראַכטן. מ׳קאָן נישט ריזיקירן לויפן דאָ און דאָרט. דער עולם וועט זיין גרויס. ס׳וועט זיין שווער זיך צוצוקריגן.

ס׳קומט אַנטקעגן שמואל אלי יודט. ער האָט זיך נאָך געדרוקט אין „שטראַל״. דערנאָך אין „מאָמענט״. קען זיך מיט אַלע שרייבער. קומט איצט פון יעראָזאָלימער אַלעען. דערציילט, אַז ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַז אויך דורך נאַלעווקעס וועט די לוויה נישט קאָנען גיין...

מ׳דענערווירט זיך. עמיצער לאָזט אַרויס אַ ביטערע קללה, אויפן אַדרעס פון דער צאַרישער פּאָליציי. אַנדערע זאָגן נאָך „אָמן״...

איך טרעף בן־ציון פרידמאַן און יעקב רייזפּעדער. מ׳גייט צוזאַמען. מ׳דרייט זיך אַריין אין פּאַוויע. דערנאָך אויף סמאָטשע פון דאָרט — צו גענשע. נאָר, ווו? — די גאַס איז באַלייגט מיט מענטשן. די פענצטער און באַלקאָנען געפּאַקט. אויך אויף די דעכער שלייכן זיך מענטשן...

אין ראָג שטייט דער אַלטער יחזקאל קאָטיק. דער אייגנטימער פון דער „ליטעראַרישער״ קאַוויאַרניע אויף נאַלעווקעס. מ׳קען אים. מ׳האָט געלייענט זיינע „זכרונות״. מאַכט מען אים אַן אָרט. מ׳וויל, ס׳זאָל אים זיין באַקוועמער צו שטיין. ער זאָל זיך נישט דאַרפן שטופּן. נאָר, ער זעט נישט. ער הערט נישט, וואָס מען רעדט צו אים. ער לאָזט זיך שטופּן פון דער מאַסע און זיינע בליקן זענען געווענדעט אַרויף — צו די פענצטער. צו די באַלקאָנען, צו די דעכער...

דורך אַ פענצטער, גענשע דריי און זיבעציק, אָדער פינף און זיבעציק, איז אַרויסגעהאָנגען אַ גרויס בילד פון פּרצן. ס׳בילד געהילט אין שוואַרצן. מענטשן ווייסן — אויבן ווינט אַ שוסטער. לייזער טוכמאַן הייסט ער. ער האָט ס׳געוועלבל אונטן, לעבן טויער. שוין געווען דריי יאָר אין סיביר...

אַנטקעגן, מיט עטלעכע הייזער ווייטער, איז אַ באַלקאָן געהילט אין שוואַרצן. אויך דאָ, צווישן עולם, טראָגן אַסך מענטשן שוואַרצע שלייפלעך.

כ׳קריג אויך אַ שלייפּל. דעם שכנס מיידל — אַ שנײדערין — האָט אַ צענדליק אַזעלכע אויפגעניייט...

זי דערלאַנגט. שפּילעט עס אָן. כ׳קוק אויף איר פּנים. ס׳קומט אויפן זינען פּרצעס „דריי נייטאַרינס״ —

די אויגן רויט,
די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט
אין באַק נישטאָ . . .

אַ טומל. צווישן עולם שטופּט זיך לייבעלע טענצער — אַ שטיקל משוגענער — אין אַן אַלטן פראַק, אַ צילינדער אויפן קאָפּ און שטעקעלעך אין האַנט:

— יידן, לאָזט מיך... כ׳מוז אים זען...

אַלע קאָנען אים. מ׳זאָגט, עפּעס אַ טראַגעדיע איבערגעלעבט. קומט אויף אַלע חתונות. שטייט לעבן די כלי זמרים. „שפּילט״ מיט די שטעקעלעך, ווי אויף אַ פידל. זיין פאָטאָגראַפיע שוין געווען אין „וועג״ געדרוקט. מאַוריצי מינקאָווסקי האָט איבּ, ווי ער „שפּילט״ אויף די שטעקעלעך, געצייכנט...

מ׳קוקט אָן. מ׳פאַרשטייט נישט — וואָס שטופּט ער זיך דאָ? ווּעמען „מוז״ ער דאָ זען? — נאַר, מ׳רוקט זיך אָפּ, מ׳לאָזט אים דורך:

— גייט, לייבעלע, גייט...

און ער גייט, און ער שטופּט זיך און ער זינגט מיט אַ ניגון:

— יידן, לאָזט מיך... כ׳מוז אים זען...

נישט בלויז ער שטופּט זיך. קיינער שטייט נישט איין אויף אַן אָרט. יעדער רוקט זיך. יעדער וויל צוקומען נענטער צום בית־עולם, פאַרכאַפּן אַ בעסערע פּאָזיציע, בעסער קאָנען זען.

און דאָס צוקומען איז נישט לייכט. ס׳קומט אָן מיט אַנגסטן. — שטופּט מען זיך, אַרבעט מען מיט די זייטן, מיט די עלנבויגנס און — מ׳רוקט זיך. אַן אייל אַ שעה — אָבער, מ׳רוקט זיך...

ס׳ווערט וואָס אַמאָל געדיכטער. וואָס אַמאָל ענגער מ׳הערט שוין אויף זיין אַ בעל־הבית איבער זיך. מ׳ווערט געשטופּט און געוואָרפן. געטראָגן דורך דער מאַסע.

און מיטאַמאָל:

— די לוויה... די לוויה גייט...

— יאָ, די לוויה... דאָרט, ביי סמאָטשע...

דער געדראַנג שטאַרקט זיך. דער טומל — גרויס. אַלע מאָל — אַנדערע געשרייען. עמיצער וויל זיך אַרויפכאַפּן אויפן פּאַרקאַן פון יאַנקל און ישראל בראַדאַטיס מצבה־קריצעריי און דער פּאַרקאַן נעמט זיך ברעכן. ביי עמיצן ציט מען אַרויס אַ פּאַרטפעל פון טאַש. אַ יינגל דראַפּעט זיך אויף אַ לאַמטערן און ער פאַלט צוריק אַראָפּ. אַ מיידל נעמט קוויטשען, אַז מ׳צעקוועטשט זי און דאָ הערט מען, אַז ביי פּאַוויע גאַס איז אַ מיליטערישער וואָגן אַריין צווישן עולם...

כ׳קריג זיך צו צום פּאַרקאַן פון בית־עולם. פאַרכאַפּ אויף אַ רגע אַ טרעפּל. קוק פון דאָרט — טויזנטער, צענדליקער טויזנטער. ניין. נישט מעגלעך צו שאַצן.

אַ ריזיקע מאַסע קעפּ. אַ פּאַליעדיקער ים. און איבערן ים — אַ שוואַרצע, אַ באַוועגלעכע מיטה...

מ׳שטויסט מיך אַראָפּ. איך רוק זיך ווייטער. לעבן רעזערוו־טויער ווייניק מענטשן. עמיצער קלעטערט. מ׳העלפט אים צו. ער קריגט זיך אַריבער. ס׳טויער — אָפן . . .

אַ טומל. אַ געשטופּעריי. ס׳לויפן אָן וועכטער. מ׳שטופּט צוריק. מ׳פאַרמאַכט דאָס טויער. נאָר, — איך בין אינעווייניק. געוואָרן אַריינגעטראָגן. מיטן געדראַנג מיטגעשלעפּט...

און דאָ — געוואַלד, וואָס דאָ טוט זיך. פון וואַנען האָבן זיך דאָ שוין אַזוי פיל מענטשן גענומען?...

איך לויף אַהער, לויף אַהין, זוך אַ בעסערע פּאָזיציע, כ׳זאָל קאָנען שטיין, קאָנען זען.

נאָר, ווו? ווער לאָזט? — מיט דער מינוט וואַקסט די מענטשן־מאַסע. מיט דער מינוט ווערט יעדעס ווינקעלע, יעדעס פרייע אָרט פאַרצוקט. ווי אַ שטור־רעמדיקער ים, וואָלט דורכגעבראָכן אַלע דאַמבעס, פאַרשלונגען יעדעס פּיצל ערד. יעדן בוים. יעדע מצבה...

כ׳קען זיך נישט האַלטן. איך ווער געטראָגן דורכן שטראָם, געשלעפּט פון איין אָרט אויפן אַנדערן. פאַרקוועטשט אויף אַ בערגל —

ס׳כאַפּט אַ שווינדער — ווער ווייסט, צי איז עס נישט אַ קבר... צי אונטן ליגט נישט אַ מת...

ס׳ווערט הייס און קאַלט... דאַכט זיך די ערד איז ווייך... דאַכט זיך עפּעס נעמט זיך באַוועגן...

כ׳וויל אַוועק, אַרויס פון דעם געדראַנג, נאָר די מאַסע האַלט אין צוואַנגען. כ׳בין אין דער מאַסע איינגעוואַקסן. באַוועגט זיך די מאַסע, באַוועג איך זיך אויך. שטייט די מאַסע — שטיי איך אויך...

ס׳שלעפּט זיך. דאָ און דאָרט שוועבן פאַרביי באַקאַנטע פּנימער.

נאָמבערג, יוסף העפּטמאַן, שלמה גילבערט. די אַרטיסטן אברהם יצחק קאַ־מינסקי, ישעיה ראַטשטיין, זישע קאַץ...

יאָ, אברהם דראָזשקאָזש איז אויך דאָ. ער שאַרט זיך צווישן עולם. ס׳זעט אויס, ווי זיין גרויסער קאָפּ, מיט דער שוואַרצער באָרד, שווימט פון אויבן...

ס׳געדויערט לאַנג. שווער זיך צו האַלטן. אַלע אברים טוען וויי...

און אָט:

— מאַכט אַן אָרט!... לאָזט דורכגיין!...

— וואָס איז געשען? וואָס דאָס פרישע שטופּעניש?

— איר זעט דאָך... מ׳טראָגט דעם ארון...

אַ ציטער נעמט אַלעמען דורך. די מאַסע נעמט זיך וויגן, ווי צו אַ תפילה. די שטימונג ווערט אַ געדריקטע. אַ ווייטיקלעכע. ווי ערשט איצט וואָלט מען דערפילט דעם גאַנצן ערנסט. ערשט איצט דערפילט דעם גאַנצן ווייטיק — שוין...

דער לעצטער וועג...

ס׳רייסן זיך אַרויס זיפצן. פרויען ווישן די אויגן. אַ מיידל העשעט אויפן קול:

— פרץ... גרויסער פרץ...

דער קבר איז נישט נאָענט. שווער צו זען. שטרענג איך אַן ס׳געהער. ווײל כאַפּן אַ וואָרט, כאַפּן אַ קלאַנג, אפשר אַ רעדע, אפשר אַ קדיש...

כ׳קוק אויפן הימל. זע, ווי דער טאָג שטאַרבט אָפּ, ווי די זון רוקט זיך אַוועק, ווי זי גייט אויס...

* * *

קאַלט. אין געסל איז טונקל. די לבנה יאָגט זיך נישט — שפּאַצירט נאָך אין די רייכערע, אין די ברייטערע גאַסן. די בלויע פּײערלעך פון די שיטער אָנגעוואָרפענע לאַמטערנעס, וואַרפן אַ קאַרגע ליכט — ס׳זאָל נישט צופיל בלענדן, נישט קאַליע מאַכן די אויגן...

אַ הויכער שאָטן שאַרט זיך ביי די ווענט. שאַרט זיך און ברומט עפּעס. שאַרט זיך און שעלט...

כ׳קום־צו נענטער — אברהם דראַזשקאָזש . . .

די פּיס אַביסל וואַקלדיק. דער קאָפּ אין אַ זייט. די הענט — געביילטע אין פויסטן — אויפגעהויבן, ווי צום שלאָגן זיך...

— גוט יום־טוב, רב אברהם!

ער בלייבט שטיין. קוקט ביין:

— יום־טוב... יום־טוב!...

און ער דערקענט:

— האָ... דאָס זענט איר?... גוט יום־טוב.. גוט יאָר... פון שול?...

— ניין. געווען אויף דער לוויה.

— אַזוי? אויפן בית־עולם אויך?

— יאָ.

— געזען, ווי מ׳האָט אים אַראָפּגעלאָזט?

— ניין.

— און איך האָב געזען... כ׳האָב געזען, ווי דאָ האָט מען אַראָפּגעלאָזט פּרצן און דאָרט, אויבן, האָט אַפּערגעקוקט, מיט אַ קרום אייגל, אַ פאַררויטלטע, אַ פאַרשעמטע לבנה...

ער גראַבלט אויס פון טאַש אַ פלעשל, בייגט זיך צו:

— איר ווילט אַ זופּ?... כשרער פּסחדיקער שנאַפּס... ניין? און איך האָב געמוזט... פון בית־עולם, גלייך אַריין צו חיימען... גענומען אַ פלעשל... איר פאַרשטייט?... באַפאַלן אַזאַ אומעט... געוואָרן אַזוי ענג... אַזוי באַנג... אַזאַ פּרץ... און וואָס איז דער מענטש?... אַרבעט, פּאַרט, פּאַדעט און מיטאַמאָל — ט־ר־ר־ר... סטאָי!... און שוין... די לעצטע יאַזדע...

ער בלייבט שטיל. פאַרקוקט זיך אינם פּײערל פון דער לאַמטער:

— ווי גיך ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט... יאָ, זאָגט מיר, וואָס האָט פּרץ געמיינט מיט דעם לידל?

— וועלכעס לידל?

— ווי גייט עס דאָרט? —

גיסט אָן נאַפּט און פּוצט די קנויט,
ווייל שלאָף איז גיפט, — נאַכט איז טויט...

(פונעם בוך: „געווען אַמאָל וואַרשע״. פּאַריז, 1955)

# מנחם קיפּניס

## דער אַנאָנסן-אַגענט



אט אַזוי ווי איר זעט אים אין פּוטערנעם היטל מיטן ווייסן פראַנצויזישן בערדל און ברילן אויף דער נאָז, אָט אַזוי האַלט ער אין איין לויפן... ווינטער אין די פרעסט, זומער אין די היצן. עס האַלט אים נישט אָפּ קיין שניי קיין רעגן. ער לויפט... גיין פּאַמעלעך האָט אים נאָך קיינער נישט געזען.

**דאָס רירעוודיקסטע יידל אין וואַרשע איז ער עד מאה ועשרים שנה און — פּאָפּולער אויך!**

**יחזקאל רייזנער הייסט ער.**

**אַ פערציק יאָר לויפט ער שוין אַזוי פון איין טעאַטער אין צווייטן טעאַטער, פון איין קינאָ אין צווייטן קינאָ, פון איין רעדאַקציע אין דער צווייטער רעדאַקציע, זיין אויפגאַבע איז:**

**— — אַנאָנסן פאַר דער יידישער פּרעסע.**

**די יידישע צייטונגען קענען אַמאָל אויסזען לייַדיק און עס זאָל חלילה נישט זיין אין זיי וואָס צו לייענען, פאַרזאָרגט ער זיי מיטן בעסטן לייען־מאַטעריאַל.**

**דער עלטסטער יידישער אַנאָנסן־אַגענט איז ער. זיין ערשטן אַנאָנס האָט ער נאָך געגעבן אין סלאָנימסקי׳ס „הצפירה״. נאָך פאַר קאָמפּאַניעעצן; נאָך פאַר די צייטן פון טעאַטער דירעקטאָר ווייספעלד, מיטן צילינדער און פּעלערינע, האָט רייזנער שוין צוזאַמענגעבונדן די יידישע פּרעסע מיטן יידישן טעאַטער.**

**אַ שטיק תלמיד־חכם איז ער, פון די תלמידי־חכמים, וואָס שיטן מיט פּסוקים**

---

מנחם קיפּנים — געבוירן אין אַ וואָלינער שטעטל אין יאָר 1878. געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1902 און דאָ געבליבן און דאָ געשטאָרבן אין געטאָ אין די יאָרן פון דריטן חורבן. איינע פון די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן אין וואַרשע. אַ זינגער — צוזאַמען מיט זיין פרוי זמרה זעליגפעלד — וואָס האָט אין פאַרלויף פון יאָרן געגעבן טויזנטער פאָלקס־לידער קאָנצערטן אין וואַרשע און אויף דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ. זאַמלער פון פאָלקס־לידער און ניגונים. פעליעטאָניסט אין „היינט״, ספּעציאַליזירט אין דער באַשרייבונג פון וואַרשעווער יידישע טיפּן. אַמאַטאָר־פאָטאָגראַף — און טאַקע ווידער ספּעציאַליזירט אין אויפכאַפּן טיפּן און סצענעס פון דער וואַרשעווער יידישער גאַס. די בילדער פלעגן אָפט דערשיינען אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס״. אָבער נישט די טיפּן־גאַלעריע איז דערשינען אין ביכער און נישט די בילדער אין אַלבומען. מיר ברענגען בלויז איינע אַזאַ סקיצע פון אַ טיפּ לדוגמא.

און שיחות חולין פון עלטערן דור. אַ ייד מיט יידישע המצאות. ער האָט דערפונדן, אַז בימי התלמוד איז שוין געווען אַ מעטעאָראָלאָגישע וועטער־סטאַנציע וואָס האָט געהייסן „פים״... ווייל אויף איינעם וואָס זאָגט ליגן, זאָגט די גמרא: „עפרא לפימה״...

אַ פריילעכער אַנאָנסן־אַגענט. לייענט איר אין אַ יידישער צייטונג אַן אַנאָנס פון אַ ניי טעאַטער־שטיק, אַ רעקלאַמע פון פריילעכע אַרטיסטן, פון אַ נייעם פילם — איז דאָס זיין אַרבעט... האָט ער דאָס צוגעשטעלט דעם אַנאָנס אין טעאַטער...

און כאָטש ער פּטרט דעם טאָג מער אין די טעאַטערן און קינאָס ווי אין דער היים, איז וויצלט ער זיך: „עם לבן גרתי״, און אַ מנחה ומעריב נאָך נישט פאַר־פעלט... אַז עס קומט אויס, דאַוונט ער הינטער די קוליסן אָפּ אַ מעריב. ער האָט שוין אַמאָל, דערציילט מען, געוויזן אַ העלדישקייט, האָט געדאַוונט מנחה אין דער בונ־דישער רעדאַקציע „פאָלקסצייטונג״ און איז אויך פון דאָרט אַרויס בשלום...

„דאָס יונגע יידל פון אַלטן דור״ — רופט אים וואַרשע.

פון זאַמלבוך „וואַרשעווער יידן״, בוענאָס איירעס 1959

# יוסף קירמאַן

## הונגער



די הייזער שטייען לאָם — לאָם, ווי פערד די פעל אָראָפּגעשונדן,
מיט די ציגל — רויט אָפּערגעשטאַרצט פונעם טינק, דעם אָפּגעריסענעם פון זיך,
און זינקען אַזוי נידעריק צו דר'ערד.

ס'עט אודאי דאָ אַרויסגיין ווו אַ מאַמע פון אַ טיר אַן אויפגעריסענער
און מיט פאַנאַנדערגענומענע הענט אַ געשריי טאָן אין דער גאַס :
„מיר גייען אויס!"

וועט אין אַנלויף זיך צונויפדרענגען די גאַנצע שטאָט
און מיט נייגער אין די אויגן באַוואונדערן איר הונגער־משוגעת.
— ווער?
אַז דער טאָג האָט מיט דער מאַטקייט פון די שטיינער זיך געלייגט
היטן די שטילקייט פונעם דורכגייערס טריט,
האָט קיינער נישט געוווסט פון פיין, פון פאַרשלאָסענעם אין יעדן הויז.

* * *

אַ ברויטל פון שוואַרצן מעל, וואָס האָט נישט דערוויגן צוויי פונט אַפילו,
האָט מיין טאַטע פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינד אויף אַכט חלקים אויסגעטיילט —
אַן אַנבייסן פאַר אונדז.

און אַז ס'האָט די מאַמע אין דער שטיל אָפּגעגעבן איר חלק ברויט
די יינגסטע פון איר לייב,
פאַר די מיט ווייכע ביינדלעך נאָך, וואָס זיינען געקראָכן אויף דער ערד,
און אַליין פון שוואַכקייט געמוזט זיך לייגן אינעם בעט —
זיינען מיר, די עלטערע פון שטוב, צוגעשטאַנען צו איר :
„מאַמע, עס אַליין, מאַמע!"

---

יוסף קירמאַן — פּאָעט ; פון פּרנסה־פאַך אַ שטעקן־מאַכער. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1896. קינדהייט, יוגנט און אַלע יאָרן געוווינט אויפן פּאַריסאָווער פּלאַץ, אין מיטן פון דער גרעסטער אָרעמשאַפט. מיטגעמאַכט די פּויליש־רוסישע מלחמה — 1919. אומגעקומען אין געטאָ. — — — כמעט אַלע זיינע לידער אָטעמען מיט דער אימה פון די וואַרשעווער גאַסן פון יידישער נויט.

גאַנצע טעג זיינען מיינע ברידערלעך געזעסן ביי דער מאַמען אויפן בעט,
האָבן אירע זאָרגן אויפגעזיפּצט ביי זיי אין בלוט,
פון אירע רייד זיינען אַלט געוואָרן זייערע פּנימלעך און געל
און נישט געגלוסט האָט זיי זיך מער לויפן שפּילן אויפן הויף,
זיינען זיי נישט איינמאָל אָן דער מאַמעס ווילן אַוועק אין די גרויסע סקלאַדעס פון האָלץ
שפּענער קלויבן אין אַ זאַק,
שפּעטער זאָל די מאַמע אָפּקאָכן אויף נאַכט־עסן קאַרטאָפל אַ פּאָר
פּאַר אַלעמען אין שטוב.

* * *

אין גרויען אויפדערנאַכט האָט די מאַמע ס׳האַרץ זיך אויסגעבלאָזן
אינעם קאַלטן פייער פון דער קיך די שפּענער צו דערברענען
און נישט געקאָנט מיט אויפגעשוואָלענע אָדערן אין האַלדז
דערוואַרעמען ס׳קאַלטע וואַסער אינעם טאָפּ.
זיינען די ברידערלעך מיינע, ווי לויזע זעק, צוגעפאַלן צו אירע פיס
און אַזוי איינגעשלאָפן אין די קליידער אויף דער ערד.

* * *

אַז די שווערע האַנט דער נויטס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער קאָפּ
זיינען אַלע מיר — ווי פייגל אויפגעשוידערטע אין שרעק —
צעלאָפן פון דער היים.
מיינע שוועסטערן — יונגע מיידלעך נאָך, מיט ווייסע צאַרטע הענט,
מיט צוגעקעמטע גלאַטע האָר, פאַרפלאָכטענע אין שוואַרצע צעפּ —
האָבן זיך פאַרדונגען אין דער פרעמד,
הינטער טירן פון אַ פרעמדן הויז.
מיינע ברידערלעך זיינען נאָכגעלאָפן וועגענער אין גאַס
און נישט איינמאָל ביים אַראָפּכאַפּן אַ שטיקל קויל, אַ שטשאַפּע האָלץ,
אַ שמיץ געקריגן פון אַ בייטש,
אַז ס׳זיינען זיי אויפגעלאָפן די פּנימער און הענט
מיט בלויע ריטלעך — אָדערן פון בלוט.

מיין טאַטע איז אַוועק אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל
און מיין מאַמע האָט דעם צער מיטגענומען,
פאַרשלאָסן אין דער ערד.

---

## מיין שוועסטערס טויט



האָט מען דעם שטאַרן גוף מיין שוועסטערס, ליימיק־שווער, אָפּגעהויבן צו דער ערד,
צונויפגענומען די גראָבע פינגער פון די פיס מיט אַ קשר־קנופּ פון שטרוי,
פאַרדעקט איר לייב מיט מיין טאַטנס אָפּגענוצטן מלבוש,
וואָס איז פון יאָרן זיך געהאָנגען אין אַ ווינקל ביי דער טיר —
האָבן אַלע שויבן אין די פענצטער זיך געבראָכן פון געשריי.

און אַז די דיקע וועגט פון שטוב האָבן זיך צונויפגערוקט
פון די הייזעריקע קולות און געוויין —
האָט מיין טאַטע נישט געפונען זיך קיין אָרט,
איבער אַלעמען געהויבן זיין גערונצלט פּנים און געקוקט,
געשוויגן און געקוקט.
זיינען די נשים זיך צעגאַנגען פון דער שטוב, די הענט פאַרבראָכן צו דער ערד
און געלאָזט מיין שוועסטער ביים קאָפּ צוויי ברענענדיקע ליכט, —
האָבן אויך — די פלעמלעך זיך געוואָרפן און געריסן פון דער קנויט
אינאיינעם מיט די הייזעריקע קולות אין דער גאַס.

— — — — — — — — — — — — — — — אין האַלבער נאַכט
האָט מיין טאַטע זיך אַרומגעדרייט אין דער גרויסער ליידיקייט פון שטוב.
איינגעצויגן אין זיין לויזגעוואָרענעם כאַלאַט,
מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, געקלאַפּט, ביי יעדן טריט געקלאַפּט
ס'זאָלן די שטשורעס, די וואָס לויפן אום אין אונדזער הויז,
נישט שולט זיין מיין שוועסטערס לייב,
ס'ווייסע לייב פון פרישן בר־מינן,
וואָס איז געלעגן אויף דער ערד מיט די פינגער פון די פיס אויפגעשפּיצט אַרויף
אַנטקעגן טיר —
און נישט געהערט שוין מער אינעם אַפּהילך פון די שווערע טריט,
דעם גרויסן עלנט פונעם טאַטן.

פון בוך: „איבער שטאָק און שטיין״.

# משה קנאַפּהייס

## שיינדעלע און גיטשע פונעם קאָזשלע־געסל



שיינדעלע דער בלאַכערקעס צו־פאַרריכטן צו־פאַרלייטן־וואַרשטאַטל קאָן מען דערזען, ווען מען שטייט נאָך אין עק גאַס, צוליב דעם קרומען שטיק רער, וואָס שטאַרצט אַרויס פון דער אָפענער טיר.

שוין פון די שטיגלעך אָן, וואָס פירן אַראָפּ אין דער קעלער־שטוב, הייבט זיך אָן דער וואַרשטאַט, און ביים אַראָפּגיין מוז מען זיין געהיט נישט אַרויפצוטרעטן אויף עפּעס אַ כלי, וואָס וואַלגערט זיך דאָ אַרום מיט נאָך ענלעכע חפצים, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט צו פאַרריכטן.

די בלאַכערקע, מיטן אָליוון פולוויבלעכן פּנים, מיטן סאַמעטענעם ווייכן בליק און האַרטע באַאָדערטע מענערשע הענט, קאָן זיך קיינמאָל נישט אַרויספּלאָנטערן פון די אַרום איר אַרומגעשטעלטע כלים. זי פאַרגעסט זייער אָפט וועלכן טאָפּ זי דאַרף מאַכן שוין אויפן אָרט, און וועלכער קאָן נישט־קשה אַ ביסל צוואַרטן:

— ס׳אי ניש פון ציקאָ — ס׳עט ניש צעגיין...

עס קומט זייער אָפט אויס, אַז די כלים, וואָס מען איילט זיך נישט אַזוי אויס־צוקויפן — פּלאָנטערן זיך פון איין זייט — שוין פאַרטיקע, און די אַנדערע כלים, וואָס מע רייסט איר אָפּ דעם קאָפּ, זי זאָל זיי אויספאַרטיקן—וואַלגערן זיך פון דער אַנדערער זייט, הענגען אויף דער וואַנט (אַ סימן, אַז עס איז אַן אייליק שטיקל אַר־בעט), אויפן קאָפּשטיק פון בעט, הינטער איר פּלייצע און אויף דער כסא־מלוכה

---

משה קנאַפּהייס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910 אין וואַרשע. זיין קינדהייט און יוגנט — איין קייט פון נויט און משפחה־אומגליקן. אַרויסגעגעבן זאַמלונגען פון לידער, באַלאַדן און סאנעטן אין וואַרשע, מאָסקווע, פּאַריז און בוענאָס איירעס. איין זאַמלונג — אין פאַרלאַג פון וואַרשעווער יידישן פּען־קלוב. איבערגעזעצט דאָס „בבא־בוך" פון אליהו בחור אויף אַ מאָדערן יידיש. זיין פּאָעמע „מקום — די וואַר־שעווער אַלטשטאָט", איז דערשינען אין יאָר 1936, אין פאַרלאַג פון ב. קלעצקין אין ווילנע. אין יאָר 1939 איז ער פון וואַרשע אוועק אויפן מזרח, געוואַנדערט איבער אַלערליי שטעט, געווען מאָביליזירט אין ראַטן־פאַרבאַנד. נאָך דעם יאָר 1946 אין לאָדזש, וואַרשע, פּאַריז און זינט דעם יאָר 1952 אין אַרגענטינע. רעדאַגירט די „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער". זיין ראָמאַן „אַ יינגל פון וואַרשע", 2 בענד, 700 זייטן איז נאַטירלעך כמעט כולו וואַרשע, וואָס קנאַפּהייס קען דורך און דורך. פון דאָרט נעמען מיר אַרויס די פּאָר פראַגמענטן — פולע מיט עכטן וואַר־שעווער שטייגער.

— די אַלטפּרענקישע מאַכאָגענע שטול, מיט די צוויי גאַלקעס פוןביידע זייטן אָנלען, מיטן אויסגעריבענעם לעדערנעם געזעס, אויף וועלכן שיינדעלע זיצט אָפּ פון פאַר־טאָגס אָן ביז עס ווערט גוט פינצטער, און רייבט די לעכערדיגע דנאָען פון בלאָגעפּעס, מילכקאַנען און טשייניקעס. זי גיט איילִיק אַ טונק־איין דאָס בינטעלע שטייפע האָר — אָפּגעשניטענע בגנבה פון אַ פערדישן עק — אינעם בלעכל זאַלצזייער, און בלאָזט־אָפּ — פאַרן באַשמירן מיט דער פליסיקייט — דאָס אָפּגעריבענע אָרט, ווו עס דאַרף דערויף פאַלן דער טראָפּן צין מיט אַ זיד... ביי יעדן מאָל צולייגן דאָס אָנ־געגליטע לייטאייזן טוט זי פון געוווינהייט אַ פאַרסקע מיט דער נאָז, ווי צו געבן אַ נאָס און קאָן נישט.

אויף דער רעכטער זייט האַרט ביי די שטיגן רוישט אָן אויפהער דער אַלטער קלאַק, וואָס מע קאָן פון אים נישט פּטור ווערן און ווערט געהאַלטן אין שטוב במקום נדן — די אָפּגעקראָכענע זינגערוווקע, די ניימאַשין, ביי וועלכער עס זיצט די טאָכ־טער, שיינדעלעס — די גראָבע גיטשע, און פירט מיט די צוויי פליישיקע הענט און אויסגעשפּרייטע פינגער איבער דער צוגעשניטענער סחורה אויף אַ קליידל. דער פאַרביק־געבלימלטער שלאָפראָק גייט זיך פונאַנדער מיט די פּאָלעס און עס זעט זיך נאַקעט אַרויס דאָס דיקע פלייש מיט די רונדע אָפענע קניען.

פונקט ווי עס וואַלגערן זיך ביי דער מאַמען די טעפּ, אַזוי זיצט אויך די טאָכ־טער אַרומבאַלייגט און אַרומבאַהאָנגען פון אַלע זייטן מיט בלוזקעס אָן קעלנער, מיט מאַנטלען אָן „פּשאָדקעס", מיט קליידלעך אָן אַרבל. כאָטש זי נעמט נישט אַראָפּ אירע גראָבע „בילאַרדאָווע" פיס פונעם פּעדאַל, און די נאָדל לויפט איבער די קרע־טאָנען און איבערגעניטשעוועטע שעוויאָטן, ווי אַ געניט פערדל איבער אַן אַלט־באַקאַנט געסל, דאָך קאָן זי זיך עפּעס גאָרנישט אַרויסקאָפּן פונעם גאַנצן אָנגעוואַלגער אַרום איר. נאָר אַרן אַרט עס איר קנאַפּ־וואָס. פאַרקערט, אַז זי האָט נישט אַרום זיך דעם גאַנצן באַרג „שטיקלעך אַרבעט" קאָן זי, דאַכט זיך איר, גאָרנישט טאָן. זי מאַכט זיך אויך נישט דערפון, ווען די אַלע פאַרחלשט־הענגענדיקע מלבושים בעטן זיך ביי איר ווי ביי אַ גזלן:

— מאַך אונדז שוין פאַרטיק, מאַך אונדז... ווי לאַנג וועלן מיר זיך אַרומוואַל־גערן — פון טיש אויפן פענצטער, פון פענצטער אויפן שטול, פון שטול אויף דער פאַרצויגענער שטריק, פון דער שטריק אויף דער פּאָדלאָגע און פון דער פּאָדלאָגע ווידער אויפן טיש... עס מוז דאָך האָבן אַ שיעור, מוז עס דאָך...

אַלע, וואָס קענען די בלאַכערקע, געדענקען זי פון שטענדיק אָן — אַ גראָבע, אַ יידענע אַ פאַרשוין, גלייך ווי זי וואָלט פון קינדוויז אָן געווען אַזאַ קאָלאָס. פון אירע ברוינלעך־מעכטיקע אָרעמס קוועלט מיט אַזאַ גבורה, אַז זיי וואָלטן אַזש געקאָנט זיילן צעטרייסלען... אַנישט וואָלט זי זיך דאָך נישט גענומען צו קיין מענעריש פאַך — צום בלעכעריי. וויניק אידעלע מלאכות זיינען פאַראַן אויף דער וועלט וואָס זיי־נען צוגעפּאַסט פאַר פרויען? צום ביישפּיל, פעדער־שלייסערינס, מיקווה־טוקערינס, שייטל־מאַכערינס. מע זאָל וועלן אויסרעכענען וואָס פרויען קאָנען אַלץ טוען... די כוחות, שיינדעלעס, וואָס שפּאַרן אין איר, זיינען אָבער געווען אַזוי גרויס (און דאָס וואָס זי האָט אויך שוין לאַנגע יאָרן נישט געהאַט קיין מאַן גייט דאָך אויך נישט צופוס), אַז ביי די קובלעס און ראָדלעס אויפקלאַפּן האָט זי זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. אין דער שווערער האָרעוואַניע, ביים האַמערן און פורעמען, שניידן

און אָנציִען די באַנדאַזיזנס און בלעכן — האָט זי געהאַט ווו אויסצולאָדענען דעם איבערשטראָם פון כוחות, ווו זיך אויסצולעבן, ווערן אַריינגעצויגן און פאַרפּראַצע־ ווען ביז מידקייט, ביז אַוועקפאַלן.

אַ גאַנצע וואָך איז ביי שיינדעלען, פון די נאָכמיטאָג־שעהן אָן, אַ פולע שטוב מיט מענטשן. מע זיצט אויפן טיש וואָס איז פאַררוקט אין אַ זייט, מע זיצט אויפן קאַנט פון בעט. מע שפּאַרט זיך צו אויפן אונטערשטן שטיגל, מע שטייט אין דער טיר אויפן אויבערשטן שטיגל. ווער עס וואַרט אויף עפּעס אַ טעפּל, און ווער עס זוכט אַ לעכל קעגן דער שיין; ווער פון די ווייבלעך עס וואַרט אויפן ערשטן פּאַסן, און ווער שוין אויפן צווייטן אָנפּאַסן דאָס קלייד מיט די פאַרסטריגעוועטע אַרבל. און ווער פון די גליקלעכע עס דאַרף שוין אָפּנעמען דאָס קליידל, ביי וועלכן די גראָ־ בע גיטשע יאָגט פון זיך די נשמה אַרויס. איינע קומט בעטן, גיטשעלע זאָל נישט פאַרגעסן וועגן דעם וואָס זי האָט איר געבעטן. כאָטש גיטשע געדענקט שוין נישט וואָס אַזוינס יענע האָט זי געבעטן, ענטפערט זי דעם ווייבל, נישט אַוועקנעמענדיק די אויגן פון דער מאַשין, אַז זי זאָל זיך נישט ערגערן, זי מעג שלאָפן רויק. דער־ מאָנט זיך שוין אַ צווייטע, וואָס וואַרט אויפן פּאַסן, אַז מע דאַרף נישט קיין צווויי קעשענעס ביי די זייטן, ס'עט גענוג זיין איינע, „פּאַנטאַזינע", ווייל אַריינצולייגן איז סיי ווי נישטאָ וואָס...

— און מיר, גיטשע־לעבן, זאָלן זי מאַכן, אַז עס זאָל ליגן אויסגעפּאַסט, נעט אין דער טאַליע, מיין דוווטשע האָט ליב, אַז ס'איז נעט...

— און יאַך האָב ליב אין קלאָשן... אַ סך פאַלדן ווי אַ פעכער... אַ פרוי איז נישט קיין מאַנצפּאַרשוין, אַ פרוי דאַרף זיך קאָנען קליידן.

— לויט אינס יאָרן — מישט זיך אַריין דאָס ווייבל אויף די שטיגן, אַ דער־ פרייטע וואָס זי האָט געפונען ס'לעכל אין דער כלי — וואָלט איהן גיכער געפּאַסט גלאַטיק, אָפּגעצויגן...

פאַרשטייט זיך, אַז יענע ווערט רויט ווי אַ פייער און בלייבט נישט שולדיק קיין ענטפער. ענטפערט מען צוריק און מיט אַ טאָן העכער. לאָזט מען נישט אויסרעדן, מע פאַלט זיך אַריין אין די רייד, ביז גיטשעלע שטעלט זיך אויף, מיט אַ שמייכעלע פון איינעם וואָס האָט געוווּנען אויף דער לאָטעריע, מיטן פאַרטיקן קליידל אין דער האַנט, און עס ווערט שטילער אַ ביסל פון די היציקע רייד.

דאָס היצן זיך צו מיינסט די, וואָס איילן זיך און האָבן בעסערע געשעפטן צו מאַכן, ווי דאָ אָפּצוזיצן אַ „סראָק". וואָרן די, וואָס האָבן דאָ אַ לאַנג וואַרטעכץ און שרעקן זיך נישט, אַז דער טאָג וועט זיי אַנטלויפן — רעדן וועגן בילכערע זאַכן. מע רעדט וועגן דער מלחמה, וואָס האָט זיך שוין מיט מזל געענדיקט, נאָר בעסער ווערט נאָך אַלץ נישט אויף קיין האָר; וועגן דייטשישן געלט וואָס איז גאָרנישט ווערט. מע וועט שוין קאָנען דערמיט אויסטאַפּעטירן די ווענט. וועגן די קליידער ביז צום טריט וואָס מ'זעט טראָגן אין „יענע גאַסן".

— ווי אַזוי גייט מען עס אַזעלכע לאַנגע קליידער? — וווּנדערט זיך יענטל די רייפורקע מיט די רויטע בעקעלעך, וואָס „נאַסטרענטשעט" דינסטן און אַמען אין די רייכע שטיבער — ס'כאַפּט דאָך אַריין אַ וועלט מיט סחורה! נאָר דאָס איז נאָך מיטצו־ דערליידן — אַ האַלבע צרה — ערגער איז וואָס די יינגע ווייבלעך, וואָס מאַלפּעווען נאָך די נאַרישע מאָדעס, זעען אויס אין די לאַנגע קליידער ווי די גלחים, באַהיט

זאָל מען ווערן — ס׳ איז דאָך אַ שרעק צו קוקן — ווי מענטשן קאָנען זיך פאַרשענדן אַ פּנים — מע קריכט שוין אויף די גלייכע ווענט — די יינגע קאָזעס, די כלה־מיידלעך וואַרפן דאָך אָן אַ מורא מיט די לאַנגע שליעפּ...

— יאַך וואָלט נישט געוואָלט שווערן, אַז זי אַליין, יענטעשי, וועלן זיך נאָך אויך אָנטון אַזאַ קלייד מיט אַ שליעפּ... — גיט איר אַ שטאָך אַ יינגע מאַדאַם מיט לאַנגע אויריינגלעך וואָס נייט זיך טאַקע אַזאַ פאַסאָן.

— ני, לאָזן זי שוין גיין מיט אינס וויצן — צינדן זיך ביי יענטלען אָן די רויטע בעקעלעך — כ׳וויל נישט רעדן מיט איהן — זי קאָנען מיאָ נאָך איינרעדן אַ קינד אין בויך...

נאָר צו ענטפערן דער רייפורקע דאַרף מען זיין אַ כוואַט — אַן איינשטעלער. וואָרן די יענטעלע קאָן נאָך „באַסטרענטשען" אַ דינסטמיידל, וואָס מע זאָל פון איר האָבן צו זינגען און צו זאָגן, אַז מע זאָל אפילו נישט קאָנען פון איר פּטור ווערן — איז שוין בעסער צו פאַרשווייגן — „זאָל מיינס איבערגיין" — נאָר אַז אַ פרוי זאָל פאַרשווייגן, וואָלט זי דאָך קיין פרוי נישט געווען. זאָגט זי איר טאַקע אַריין, די יינגע מאַדאַם, אַז ס׳פאַרגייט דער רייפורקע ביז איבער די אויגן. למשל, אַז זי שטעלט צו איין דינסט אויף דריי ערטער און נעמט דריי מאָל מעקלגעלט — צעקאָכט זיך דאָך ביי יענער דאָס בלוט, אַז איין נס האָט זי, די יינגע מאַדאַם, וואָס זי איז אויף דער צייט. אַנישט וואָלט זי איר — נאָר — וואָס — זאָגט זי נישט. ס׳מישן זיך אַריין אַנדערע ווייבער, וואָס אָנשטאָט צו פאַרגלעטן, שיטן זיי נאָך זאַלץ אויף די ווונדן. די רייפורקע קאָן זיך נישט שענקן, וואָס מ׳האָט איר אַזוי אַריינגעזאָגט, און וואַרפט אַלץ איבער ביי זיך אין האַנטבייטל. די יינגע מאַדאַם מיט די אויריינגלעך שטופּט אויס מער דעם בויך און שאָקלט אַרויסרופעריש מיטן קאָפּ. אַלע רעדן צוזאַמען, און דאָס גאַנצע גערעדעריי ווערט צונויפגעמישט מיטן טראַסקען פון דער ביימאַשין און מיטן רייבן מיט דער פייל איבער הוילע טעפּ, וואָס מאַכט אייליק די ציין אין מויל און ענג די שטוב. נאָר גיטשען אַרט עס נישט, זי האָט אפילו אַ הנאה:

— זאָל זיין אַ „רוך" אין שטוב, זאָל זיך רודערן ביי איר. ס׳איז היימלעכער און מע פאַרגעסט ווי מע האַלט אין דער וועלט.

דעם „ווי מע האַלט אין דער וועלט" מיינט גיטשע — זיך, זיך אַליין, וואָס עס קומט איר נאָך אַלץ נישט אונטער קיין רעכט שטיקל שידוך — די צייט לויפט און נאָך איידער מע קוקט זיך אום איז שוין ווידער פרייטיק, און נאָך אַ וואָך איז דורכגעלאָפן מיט גאָרנישט.

„די וואָך" הייסט נישט: די זעקס טעג. נאָר דער פרייטיקצונאַכטס מיטן שבת. וואָרן וואָס מ׳שטיינס געזאָגט קאָן זי אַ גאַנצע וואָך דערוואַרטן אין דער שטוב? — אין די וואָכנטעג איז מען פאַרנומען איבערן קאָפּ, מע יאָגט פון זיך די קישקעס אַרויס, — ערשט שבת איז שוין אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. דאָס גליק — אויב ס׳איז איר נאָך אין לעבן אַמאָל באַשערט, איז גיטשע זיכער — קאָן פאַר איר נאָר קומען מיטן שבת. און פונקט ווי ס׳איז אַ גאַנצע וואָך אָנגעשטעלט און אָנגעמושבט, אַז ס׳איז זיך נישטאָ ווו אַהינצוטון — מען זאָל נישט עפּעס צעטרעטן אונטער די פיס, און ס׳איז גאָרנישט צו פאַרשטיין ווי מע קאָן דאָס דעררוימען, — אַזוי איז שבת די שטוב אינגאַנצן נישט צו דערקענען. גאָרנישט די זעלבע שטוב. ווען אַן איינ־

גייער פון די וואָכנטעג זאָל אַהער אַריינפּאַלן אום שבת, וואָלט ער געמיינט, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. אַזאַ שפּיגלדיקע ריינקייט! אַזאַ בלאַנקעדיקייט פון אַ פּאָדלאָגע! ס'שמעקט אַזש פון יעדן ווינקעלע. די שאַנק איז פאַרמאַכט. דאָס טירל פון קרעדענצל איז אַריינגעפּאַסט, ווי ס'וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט געווען געוויגט. די ניימאַשין — צוגערוקט האַרט צו דער וואַנט אונטערן פענצטער — איז באַדעקט מיט אַ קנאַקעדיק־ווייס ליילעך, און דער בלעכער־וואַרשטאַט איז פאַרהאָנגען פון דער טיר איבער אַלע טרעפּ ביז צום אונטערן בעט, ס'זאָל נישט אַפּערקוקן דאָס ביסל „בעבעכעס" וואָס ליגט דאָרט צונויפגעשאַרט פון דער גאַנצער שטוב.

עס טרעפט נישט איינמאָל, אַז פרייטיק פאַרנאַכט, אפשר אַ פערטל שעה פאַר ליכטצינדן, ווען די בלאַכערקע זיצט שוין אין איין איילעניש אויף דער כסא־מלוכה מיטן אָנגעגליטן לייטאייזן איבער אַ טשאָלנט־טאָפּ, אויף וועלכן ס'וואַרטן ערגעץ אין אַ שטוב שוין אָפּגעשיילטע קאַרטאָפלעס מיט איינגעווייקטע צוקער־באָבעס, און דאָ, לעבן דער בלאַכערקע — אַ ציטערדיק־אויסגעצוואָגן מיידעלע, וואָס האָט שיער נישט געוויינט און אויפגעשיינט, ווען די בלאַכערקע האָט פון איר גענומען דאָס טשאָלנט־טעפּל צו פאַרריכטן, — אין אָט אַזאַ מינוט, ווען די הויט ברענט אויף אַ מענטש,—זאָל אַריינפאַלן אַ ווייבל, אַ צעיאָכמעטע, מיטן שוואַרצן שייטל פאַררוקט אויפן קאָפּ, פון וואַנען ס'קוקן אַרויס די גראָע האָר, און נישט וועלן אָפּטרעטן. נאָר מען זאָל איר גלייך פאַרריכטן דעם ראָנדל פון די פיש, אַז נישט בלייבט זי חס־ושלום, אויף שבת אָן קאָמפּאָט, ווייל זי האָט נישט אין וואָס איבערצוגיסן די יויך, דער קליינער ממזר, אַ גוט יאָר אויף אים, האָט צעבראָכן די ערדענע וואַזע און ס'פלייש וועט מוזן ליגן מיט דער יויך אין גרויסן טאָפּ, און אָן דעם ביסל קאָמפּאָט איז דאָך דער שבת קיין שבת נישט — און אַזאַ בריה ווי זי איז, די שיינדעלע, איז דאָך נישטאָ נאָך איינע אין דער וועלט — קוים וועט זי איר נישט פאַרריכטן דעם ראָנדל — גיט זי זיך אַ באַזעץ — מעג זי זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט פאַרן מאַן.

באַוויזט טאַקע שיינדעלע די בלאַכערקע וווּנדער איבער וווּנדער. נאָך אײדער מע קוקט זיך אַרום — לויפט שוין דאָס צעטראָגענע ווייבל מיטן פאַרראָכטענעם ראָנדל איבערן ערב־שבתדיקן געסל, און שיינדעלע — אַן אַרויסגעפלאָנטערטע פון דער אַרבעט — האָט זיך שוין אָפּגעפּאָרעט ביים אויפגערוימטן וואַרשטאַטל, און זעענדיק די טאָכטער נאָך זיצן ביי דער ניימאַשין, טוט זי אָן כעס אויף איר אַ היק מיט איר לייבנשטים:

— אויף וואָס וואַרטסטו, גיטשע! מ'דאַרף שוין לאָכט בענטשן און זי זיצט.

און גלייך ווערט אַ געקלונגעריי פון כלים, בלאָגעפעסן, וואָס ווערן, ווי אײבערגעשראָקענע עופות, מיט איין מאַך אַרונטערגעיאָגט אונטערן בעט.

גיטשע גיט אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך דעם שלאָפראָק און בלייבט שטיין אין די העלבלאָע מייטקעס — אַ גרעסערע און גרעבערע ווי פריער. פון די פיס און אַקסלען, פון איר גאַנצן יינגן גוף פּראַלט אַזאַ מאַכטיקייט און געזונטער ריח.

מיט דער גרינגקייט ווי מע גיט אַ נעם אַ קינדער־באַלעם טוט זי אַ כאַפּ אָן עמער וואַסער און גיט אים אַ כליאַפּע אויס איבער דער פּאָדלאָגע. די שווערע בריסטן, ווי פרישפאַרברוינטע ברויטן, קוועלן אָן ביי איר אַראָפּבייגן זיך אויף אַלע פיר און כוואַליען זיך פונאַנדער לויט די באַוועגונגען פון די הענט ביים אויס־

ווישן די פּאַדלאָגע צו עטלעכע ברעטער מיטאַמאָל אין האַלבקרייז אוןביים אי־בערשווענקען און אויסדרענגען די שטשאַרקע איבער דער שיסל.

די גאַנצע וואָכעדיקע שטוב, מיט דער מאַמעס וואַרשטאַט ביי דער טיר, מיט דער טאָכטערס „דאַמען־פּראַצאָווניע״, ביים פענצטער, איז שוין מער נישט די זעלבע שטוב. די לייטאַייזנס און פּרעסאייזנס, די צעהאָנגענע, נישט־אויסגעפּאַרטיקטע קליידלעך — אַלץ ווערט פלינק פאַרשטופּט און פאַרשטעקט אין די לעכער און ווינקלען. עס טוט גלייך אַ שייך־אויף אַן אומגעריכטע פייערלעכע מנוחהדיקייט, וואָס מע ווייסט נישט פון וואַנען זי האָט זיך דערנומען אַהער. דער ווייסבאַדעקטער טיש, וואָס איז פריער געווען נאַקעט, עובר־בטול, — פאַררוקט אַרויפצו צווישן שאַנק און קעכל, אַז מען האָט אינגאַנצן נישט געדענקט אין אים, — באַקומט איצט צוריק חשיבות און ערנסטקייט פון אַ שבתדיקן טיש, אָט ווי די גאַנצע קעלערשטוב אַליין, וואָס וועט באַלד באַלעבט ווערן מיטן הייליקן פלאַם פון די פיר ווייסע זעק־סער־ליכט אין די זילבערנע שבת־לייכטער, וואָס רופן אַרויס צו זיך אַ דרך־ארץ און פאַרכטיקייט, גלייך ווי זייער פלאַם וואָלט געווען געקומען פון אַן אַנדערער העכערער וועלט.

פראַגמענטן פונעם ראָמאַן: „אַ יינגל פון וואַרשע״ — בוענאָס איירעס, 1960.

# מלך ראַוויטש

## היישעריק, הערשעלע און טשעבוצקי, די דריי אָרעמסטע וואַרשעווער יידישע שרייבערס



### ברוך טשעבוצקי

געבוירן אַרום 1895 אין פּוילן — געשטאָרבן אין 1941 אין וואַרשעווער געטאָ — דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעפּינצטערט אין שטעטלעך אַרום וואַרשע און אין וואַרשע גופא אין די לעצטע צען יאָר.

**אין זיין פּנים איז געווען די בלאַסקייט פון בלעטער פון אויסגעוואַקסענע קאַרטאָפל־עס ערגעץ פון אַ קעלער אַרויס און די מאָגערקייט פון אַ סקעלעט פון אַ מאָגערן מענטש. ער האָט ניט געהאַט קיין הויט, נאָר עפּעס אַ מראה פון אַ הויט, גענוג, אַז מען זאָל נישט קענען דורכזען דורך איר ווי דורך אַ גאַזע, דערצו איז ער געווען אַ ביסל פּאַראַליזירט פון אַ דורכגעגאַנגענער שלאָפקרענק און האָט נאַטירלעך, געשטאַמלט. דאָס איז געווען ברוך טשעבוצקי — אַ יידישער שרייבער פון פּוילן וואָס האָט מיט שווערער נויט און מי, אין זיין פערציקסטן לעבנס־יאָר זיך דערשלאָגן צו אַ שאָטן פון אַביסל אָנערקענונג און האָט אין יאָר 1938 אַרויס־**

---

מלך ראַוויטש — דער צוזאַמענשטעלער פון דער דאָזיקער אַנטאָלאָגיע — געבוירן געוואָרן אין רעדים, גאַליציע, אין יאָר 1893. געוווינט אין סטאַניסלע, לעמבערג, ווין, וואַרשע, מעלבורן, בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק, מעקסיקע, מאָנטרעאַל, תל־אביב — געוואַנדערט איבער אַלע פינף קאָנטינענטן. אַרויסגעגעבן אַרום 20 ביכער — פּאָעזיע, דראַמע, עסייען, אינטימע פּען־פּראָפילן פון שרייבערס און זכרונות אונטערן נאָמען: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן". ער באַטראַכט זיינע יאָרן אין וואַרשע — 1921־1934 — ווי די גורלדיקסטע און דערהויבנסטע פון זיין לאַנגן לעבן. ער איז צען יאָר געווען דער סעקרעטאַר פון פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע אויף טלאָמאַצקיע 13. ער האָט אויפגעשריבן אַרום 200 קורצע פּאָרטרעטן־סקיצן פון וואַרשעווער יידישע שרייבערס און זיי געזאַמלט אין ביכער אונטערן נאָמען „מיין לעקסיקאָן". פון דאָרט נעמען מיר אַרויס דריי פּען־פּראָפילן פון די דריי אָרעמסטע יידישע שרייבערס אין וואַרשע: הערשעלע, היישעריק און טשעבוצקי. הייליק מיט אַלע מלאכים־הייליקייטן איז געווען די וואַרשעווער יידישע אָרעמקייט — איר מליץ־יושר אין הימל — באַנטשע שווייג אַליין — — אויב נאָר אַ שטראַל פון דעם ליכט פון דער וואַרשעווער יידישער אָרעמקייט איז דאָ אין די דריי פּראָפילן — דאַרפן זיי זיין אין דעם בוך.

געגעבן דאָס ערשטע ביכל זיינס, אַ ביכל פון 118 זייטן מיט 8 דערציילונגען און עס טאַקע אָנגערופן „שאָטנס". קיין גרויסער שרייבער איז טאַקע טשעבוצקי נישט געווען, נאָר דאָס ביסל אָנערקענונג פאַר דעם ביסל, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז אים אָנגעקומען מיטן טויט.

לויט דער פּראָפעסיע איז ער געווען אַ מין מלמד־לערער, וואָס האָט געלערנט אַביסל יידיש שרייבן און לעזן אין יידישע היימען, וואָס זיינען נאָך אָרימער געווען ווי זיין היים איז — כאָטש טעאָרעטיש איז אַזאַ זאַך נישט מעגלעך, איז עס אָבער פּראַקטיש יאָ מעגלעך געווען אין וואַרשע. אַלץ איז מעגלעך אין די יידישע גאַסן פון וואַרשע. מען קען נישט זאָגן, אַז טשעבוצקי איז געווען אַ פליגלמאַן־טיפּ, ער איז געווען בלויז אַ געשטאָרבענער שאָטן פון אַ געשטאָרבענעם פליגלמאַן... און דער דיבוק פון שרייבעריי האָט אין אים געשטעקט מיט אַ זעלטענער קראַפט. אַמאָל זעט מען ווי אַ גרויסע שפּין באַפאַלט אַ שאָטן־שוואַכע פליג, וואָס האָט זיך צופעליק אין נעץ פאַרפּלאָנטערט, אָט פּונקט אַזוי ווי דאָס וואָלט אַ גרויסע פערד־פליג גע־ווען, אַזוי האָט געמוטשעט טשעבוצקין דער טייוול פון שרייבן. געשריבן האָט ער דווקא זייער קאָרעקט, מיט אַ פיינער אָרטאָגראַפיע און אַ גלאַטיקן סטיל זיינע דער־ציילונגען. לויטן אויסזען פון זיינע מאַנוסקריפּטן איז ער געווען איינער פון די בעסטע שרייבער אין וואַרשע. אַז מען האָט אויף אים אַ קוק געטון אין אַ רעדאַק־ציע, האָט מען באַלד געזאָגט — ניין! און אפילו בעטן, אַז מען זאָל דאָך ריכטיק לעזן איז אים אָנגעקומען שווער — ער האָט דאָך געשטאַמלט. פלעגט ער מוזן אונטערשיקן זיינע מאַנוסקריפּטן דורך אַנדערע, אַז מען זאָל דעם בעל דבר נישט אָנקוקן. דאָס האָט געהאָלפן און מען האָט דאָך פון צייט צו צייט זיינע מאַנוסקריפּטן געדרוקט. מער דערפאָלג האָט ער שוין געהאַט אין אויסלאַנד. אָנגעקומען אַ מאַ־נוסקריפּט מיט אַ גאַנץ פיינעם נאָמען — ברוך טשעבוצקי — און עס האָט זיך גאַנץ גוט געלעזן און אַ זעצער בענטשט פאַר אַזאַ מאַנוסקריפּט, נו האָט מען געדרוקט. אפילו אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס" האָט מען מערערע פון זיינע דערציילונגען געדרוקט. מען האָט געדאַרפט זען די גראָטעסקע סצענע, ווען טשעבוצקי איז אַמאָל, אַ פריידנשטראַלנדיקער אַריינגעקומען צו מיר, אָנצוזאָגן מיר און צו ווייזן מיר זיינע אַ דערציילונג אין „פאָרווערטס". זיין געוויינטלעך געשטאַמל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לאַ־לאַ פון אַ קליין קינד און זיין פּנים האָט געהאַט אַ קאָנוולסיע פון גע־לעכטער, נאָר קיין ביסל ראָזע פאַרב איז בשום אופן אין זיין פּנים נישט אַרויס־געקומען. ער האָט, ווייזט אויס, בכלל קיין בלוט אין זיינע אָדערן נישט געהאַט. ווי אַזוי ער האָט דורכגעהאַלטן די באַמבאַרדירונג פון וואַרשע און ווי אַזוי ער האָט נאָך זוכה געווען צו דערלעבן דאָס געטאָ איז שוין אַ סוד פון גאָט. — טשעבוצקי איז געווען אַ טאַטע פון דריי קינדער און געוווינט האָט ער אין אַ קעלער־דירה, וואָס איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ קאַרטאָפל־קעלער און אַ קבר. אַמאָל איז אַ קינד ביי אים קראַנק געוואָרן, האָבן מיר אים געשיקט אַ היימישן דאָקטאָר, די פרוי פון דעם דר. יוסף קרוק. די פרוי האָט אַלע אירע יאָרן געהיילט אָרימע קראַנקע קינדער, נאָר אַז זי איז געקומען פון טשעבוצקין און אונדז דערציילט ווי אַזוי ער לעבט מיט זיין משפּחה — האָט זי געוויינט.

טשעבוצקי האָט געהאַט אַ מאָדנע ענלעכקייט צו מאהאטמא גאַנדי מיט איין חילוק נאָר, וואָס דער מאהאטמאַ זעט נאָך אַלץ אויס ווי אַ ריז אַנטקעגן אים. און

טשעבוצקי איז אַלעמאָל זייער שטאַלץ געווען מיט דער ענלעכקייט זיינער... ער האָט מיט פאַרגנוגן געשמייכלט, אַז מען האָט אים גערופן: גאַנדי — אַמאָל האָבן מיר פאַר אים — איציק מאַנגער און מיין ווייניקייט — איינגעאָרדנט אַ ליטעראַרישן אָוונט און דעם אָוונט אָנגערופן „אַן אָוונט פאַר אונדזער יידישן גאַנדי" — — דער עולם האָט עפּעס נישט פאַרשטאַנען און אפילו מיט דער הילף פון אַזאַ סענסאַציאָנעלער רעקלאַמע זיך ווייניק אָפּגערופן. און דער דערפאָלג פון אָוונט איז געווען אַזוי מאָגער ווי אונדזער יידישער גאַנדי. און אַז מיר האָבן אים דערלאַנגט די אפּותיקא האָבן מיר שטאָט דעם דערוואַרטן פאַרוווּרף באַקומען אַ גרויסן דאַנק, ער האָט אויף דעם זיך אויך נישט גערירט.

אַז איך שרייב אָט די ווערטער איז שוין ברוך טשעבוצקי אויף יענער וועלט, דאָרט איז ער אַ יחסן געוויס, ווייל חוץ דער ליידנשאַפט פון שרייבן האָט ער דאָך קיין אַנדערע ליידנשאַפטן אויף דער וועלט נישט געקענט, און ער איז שוין דאָרט שטאַרקער פון אונדז אַלעמען און אפילו פון די, וואָס האָבן אים דעם לעצטן טויט־קלאַפּ געגעבן. זיכער לעזט ער דאָרט געוויי נאָך די נעקראָלאָגן, וואָס זיינען נאָך אים אויף דער זינדיקער וועלט דערשינען. דאָרט שטאַמלט ער שוין נישט מער און איז שוין נישט הונגעריק און איז שוין נישט מאָגער, ווייל אַ נשמה האָט ער דאָך געהאַט ווי אַלע מענטשן, דאָרט איז ער שוין אויסגעגלייכט מיט אַלעמען.

## הערשעלע

הערש דאַנילעוויטש, געבוירן 1882 ליפּנע, 1908 רייזע קיין גענף, געוווינט אַרום וואַרשע. געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ אין יאָר 1941.

אַז איך בין נאָך געווען אין די יונגע „צן" יאָרן האָב איך אַמאָל געזען אַ בילד פון הערשעלען — דעם פאַלקסטימלעכן דיכטער, עס איז געווען אַ בילד פון אַ שיינעם יונגן מאַן, מיט אַ שרינט אינמיטן קאָפּ, ממש אַ העלד פון אַ שבת נאָכמיטיקדיקן, שטעטלשן ווערלדל־שפּאַציר. לויט דעם בילד האָב איך געמיינט, אַז הערשעלע איז זייער אַ שלאַנקער און אַ הויכער. דער אמת איז דאָס מאָל נישט אינמיטן וועג אפילו — ער איז אויף יענער זייט.

הערשעלע שרייבט זיינע לידער אין אַ קליין ביכעלע אַריין, מיט זייער אַ דריבנעם שריפט און טראָגט אַלע מאָל אַלע זיינע ווערק אין אַ געשריבענער פאָרם מיט זיך. זיי זעען אויס ווי אַ מיניאַטור־ביבליאָטעק. זיי זיינען אויך נומערירט לויט די בענדער. זיי גייען דאַכט זיך ביז צען. אויב הערשעלע זאָל ווען עס איז געפינען אַ פאַרלעגער אויף דער געזאַמלטער אויסגאַבע פון זיינע לידער, וועט ער קענען אויפן אָרט שליסן דעם קאָנטראַקט און איבערגעבן דעם פאַרלעגער די ווערק. פאַר דעם אַוואַנס וועט הערשעלע באַלד איינקויפן אַ ביסל סחורה פאַר זיין אייביק לייַדיקער קראָם אין אַ וואַרשעווער פאַרשטעטל, ווו ער וווינט מיט זיין פאַמיליע, זיין ווייב און זיינע קינדערלעך, וואָס ער האָט נאָך מער ליב ווי ער האָט ליב זיינע לידעלעך.

הערשעלע איז יאָרן־לאַנג געווען דאָס רעגימענטס־קינד פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין. זיין חתונה — און ער האָט נישט חתונה געהאַט זייער יונג —

איז געפּראַוועט געוואָרן אין לאָקאַל פון פאַראיין, די איינציקע חתונה, וואָס איז דאָרט געפּראַוועט געוואָרן. נאָך דער זייער רווישיקער חתונה זיינען זייער באַלד געקומען טעג פון פּרנסה־זאָרגן און הערשעלע האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג טענות צו זיינע חברים, הלמאי זיי האָבן אים נישט פאַרזאָרגט מיט אַ גוטער פּרנסה. אַז עמיץ באַ־זוכט אים אין זיין פאָרשטעטלשער דירה, ווייזט ער אים די קראָם און די אייביק ליידיקע פּאָליצעס און זאָגט מיט גערעכטן פאָרוואורף.

— אַזוי האָט עץ מעך פאַרזאָרגט; און אָט האָט עץ... און ער ווייזט מיט זיין ספּראַצעוועטער האַנט, מיט די קורצע אויסגעשאַרעוועטע פינגער אויף די ליידיקע פּאָליצעס. דערביי אָבער באַמערקט מען, אַז הערשעלע טראָגט אַ גאָלדענעם „עהע־רינג" אויף אַ פינגער. ווייל הערשעלע איז אַן אייראָפּעער, ער איז אַמאָל געווען אין געגנף. אַז מען רעדט וועגן וועלט־רייזעס וועט הערשעלע איבערוואַרטן ביז עס וועט קומען די רייע אויף אים און ער וועט דערציילן וועגן געגנף מיט אַזאַ פרישקייט אַזוי ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען — כאָטש עס זיינען שוין דרייסיק יאָרן זינט דעמאָלט אַוועק.

הערשעלע איז זייער אַן אַקוראַטנער און זיין מעסערל טראָגט ער לויט אַ פּויליש־פּויערישן שטייגער אויף אַ קייטל. איינמאָל האָט זיך מאַרקיש ביי אים געבאָרגט דאָס מעסערל און האָט עס על־פּי טעות אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. הער־שעלע האָט נישט געוואָגט צו מאָנען דאָס מעסערל ביי אַזאַ שטורמישן דיכטער ווי מאַרקיש, וואָס איז פּונקט דער היפּוך צו זיין אייגענער שטילקייט, און איז דע־מאָלט אַ גאַנצן טאָג געווען צוגעבונדן נישט ווילנדיק, מיט אַ קייטל צו מאַרקישן. מאַרקיש האָט זיך אַ פּאָר מאָל אָנגעבייזערט אויף דעם שטילן דיכטער, וואָס ער גייט אים כסדר נאָך, אָבער הערשעלע האָט ווי זיין שטייגער אַראָפּגעשלונגען די בייזע ווערטער און... ווייטער נאָכגעגאַנגען. אַ ברירה האָט ער געהאַט? צו פאַרנאַכט צו זיינעןביידע דיכטער, וואָס זיינען מער ווי אַ קאָנטראַסט אין אַלע אופנים, אַראָפּ אויף דער גאַס. מאַרקיש האָט גענומען שפּאַנען אַ צעפייפטער און צעפּאָלעטער ווי זיין שטייגער. האָט זיך הערשעלע מיט אַ וויינענדיקער שטימע גענומען בעטן:

— האָב רחמנות און לאָז מעך פאָרן צו מאַן וואַב...

ערשט דעמאָלט האָט מאַרקיש באַמערקט דעם גאַנצן טעות און האָט אָפּגע־לאָזט דעם פּאָלקסטימלעכן דיכטער פון קייטל, און אויך דאָס ליבע מעסערל איז צוריקגעקומען אין זיין צוואַנציק־יעריקער רו.

הערשעלע איז זייער אַ שטאָלצער. ער גיט אַפילו פון צייט צו צייט אַ פּאַטש. ער איז נישט ווי אַנדערע דיכטער, וואָס דראָען אַלע מאָל מיט פּעטש און גיבן ניט. ער דראָעט נישט — נאָר גיט, כאָטש ער שטעלט איין צו באַקומען צען צוריק, ווייל ער איז נישט קיין אַטלעט. הערשעלע האָט זייער ליב אויפצוטרעטן אויף אָוונטן. דעמאָלט פאַרוואַנדלט ער זיך פּלוצלונג אין אַ לייב. ער לעזט מיט אַזאַ פּאַטאָס און מיט אַזאַ אויפגעהויבענער שטימע, אַז דאָס גאַנצע פּובליקום דערשרעקט זיך פּשוט. אויך די קאָלעגן. ער גיט אַ הילך אַרויס:

— שבת אין ווערדעלע זיינען געגאַנגען — — אַז פון ווערדעלע ווערט אַזש אַ וואַלד און דער וואַלד הויבט אָן ציטערן.

איך האָב אַמאָל הערשעלען פון דער שווייץ צוגעשיקט אַ בוך אין וועלכן עס זיינען געווען אַ פּאָר איבערזעצונגען פון זיינע לידער אויף דייטש. עס האָט

אויף אים קיין שום רושם נישט געמאַכט און ער האָט מיר נישט באַדאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט. עס איז דאָך בלויז אַ הונדערטסט־טייל פון דער אָנערקענונג, וואָס קומט אים. לויט זיין אומבויגזאַמען מוסטערהאַפטן גלויבן אין זיך.

## קלמן חיים היישעריק

געבוירן אַרום 1890 אין טורעק, פוילן, געדינט אין רוסישן און אין פוילישן מיליטער בשעת ערשטער וועלט־מלחמה, געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן, קליינע רייזע קיין מערב אייראָפּע, געווינט לרוב אין וואַרשע. אַנטלאָפן 1939. אומגעקומען אין ווילנער געטאָ 1941.

אַז אַ שרייבער וויל שילדערן אַ מענטש פון דער מאַסע, אַן „אומבאַקאַנטן סאָלדאַט" פון דער אַרמיי פון דער מענטשהייט, איינעם פון די מיליאָנען נאָמענלאָזע — שילדערט ער אַזאַ מענטש ווי קלמן היישעריק, אָדער היישריק. דער נאָמען איז וווּנדערלעך צו אים צוגעפּאַסט — היישעריק, אַ מיליאַרדיקע, אומבאַשטימטע, אומאינדיווידועלע מאַסע, וואָס גייט ערגעץ, גייט, גייט, איז פאַראַנען עפּעס צו עסן אויפן וועג — עסט מען, איז נישט פאַראַנען עסט מען נישט, און אויב עס איז אַ לאַנגע צייט גאָרנישט פאַראַנען, שטאַרבט מען אויס אין מיליאָנען, מיליאַרדן. — אָבער קלמן חיים היישעריק, אונדזער היישעריק, האָט נישט געוואַרט ביז עמיץ וועט אים באַשרייבן, ער האָט זיך אַליין באַשריבן אין עטלעכע ריין אויטאָביאָגראַפישע ביכלעך. און ער שטרייכט כסדר אונטער אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע דערציילונגען — מאַנכע וועגן זיינע פיזישע ליידן און די אַנדערע וועגן זיינע גייסטיקע ליידן און איבערלעבונגען — אַז ער שרייבט נישט קיין ביכלעך, ער איז נישט קיין קינסטלער, ער קען נאָר האַלטן אַ פּען אין האַנט, שרייבט ער אָט אַזוי אומפּאָלירט און אַזוי נישט געשליפט ווי עס קומען די אַלע ווערטער אונטער זיין פּען. דאָס בעסטע פון זיינע ביכלעך איז זיכער דאָס ביכל „אין פייער און בלוט", ווו ער באַשרייבט זיינע איבערלעבונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, רעוואָלוציע, שפּעטער זיינע איבערלעבונגען אין באַפרייטן פוילן. עפּעס אַזוי ווי דער אומבאַקאַנטער סאָלדאַט, וואָס אַלע ווילן שטום מאַכן און האַלטן שטומערהייט אין קבר ווייל אַזוי פּאַסט עס אים צום שענסטן, דעם אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, וואָלט פּלוצלונג אויפגעשטאַנען פון זיין אומבאַקאַנטקייט און אַ זאָג געטון: — זייטס מיר נאָך נישט געזונט איך בין נאָך נישט געשטאָרבן... און דאָס איז טשיקאַווע ביז גאָר, וואָס אַזאַ מין אומבאַקאַנטער סאָלדאַט האָט צו זאָגן. האָט טאַקע היישעריקס בוך געהאַט אַ היפּשן דערפּאָלג.

איינמאָל האָט מיר היישעריק געזאָגט, אַז ער וויל פאָרן קיין לאָנדאָן. און ער האָט מיר פונאַנדערגעלייגט זיין פּלאַן צו קומען ביז קיין בעלגיע און פון דאָרט „וועט ער זיך שוין אַריבערכאַפּן" קיין לאָנדאָן. דער עיקר איז די חברה זאָל אים העלפן צו קומען קיין בעלגיע. דער שרייבער־פאַראיין איז ביי היישעריקן געווען „אַ חברה". פרעג איך אים ווי אַזוי ער וועט זיך דאָס אַריבערכאַפּן פון בעלגיע קיין לאָנדאָן, זאָגט ער „צו פיס". ווייס איך, אַז היישעריק איז זייער אַ פרומער און האָט

קיינמאָל נישט געלעזן דעם ברית החדשה און ווייסט נישט, אַז מען קען גיין אי־בערן ים צו פוס, פרעג איך ווי אַזוי צו פיס?... עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז היי־שעריק האָט נישט געוווסט, אַז ענגלאַנד איז אַן אינדזל. און דאָס הערלעכסטע איז, אַז ער איז גאָרנישט רויט געוואָרן פון זיין נישט וויסן, עס האָט אים נאָר געקרענקט, וואָס ער האָט געהאַט אַ טעות. תמימות — 101 פּראָצענט. אין יאָר 1934 האָב איך אים טאַקע געטראָפן אין בעלגיע, אין אַנטווערפּן. ער איז דאָרט אין דער געדיכ־טער יידנשטאָט געשווומען ווי אַ פיש אין וואַסער.

איינמאָל האָט זיך היישעריק אַריינגעכאַפּט צו מיר, ער פלעגט זיך אַריינ־כאַפּן, נישט אַריינקומען. באו מים עד נפש... ער גייט אויס, ס׳ווייב און די קינדער איז שוין אין דאָרף ביי יישובניקעס, און ער גייט אויס ממש. דינגען מיר אים אַ וועגעלע, לייגן אַרויף אויפן וועגעלע אַלערליי פאַרלעגענע ביכער — און עס איז געווען ברוך השם געגוג צווישן ברידער — און היישעריק לאָזט זיך איבער די גאַסן פון וואַרשע מיט דער סחורה. די פרייזן פון די ביכער אונטערן פּרייז פון פּאַ־פּיר־ווערט... און עס איז אַוועק אַ גאַנג. ער איז ממש אויפגעריכט געוואָרן, אין קעשענע האָט געקלונגען מיט קופּערנע גראָשנס און ניקלנע מטבעות און אפילו אַ פּאָר זילבערנע זלאָטעס, און ווי לאַנג די סחורה האָט געקלעקט האָט ער געשיינט. די פּאָליציאַנטן האָבן אים געיאָגט, אָבער ער פלעגט זיך כסדר אַרויסדרייען פון די פּראָטאָקאָלן מיט דער לעגיטימאַציע פון פאַריין. אַ שרייבער און פאַרקויפט בי־כער אויף אַ וועגעלע. אפילו די פוילישע פּאָליציאַנטן זיינען גערירט געווען און געגלויבט. ווייל היישעריקן נישט גלויבן איז געווען נישט מעגלעך.

איינמאָל האָט זיך קאַגאַנאָווסקיס יינגל — זעקס יאָר דעמאָלט אַלט געווען — שטאַרק פאַרגאַפּט אויף היישעריקן, ממש נישט אָפּצורייסן. — פּרצל, וואָס האָסטו אין אים אַזוינס געזען? פרעגט מען אים. — עס איז זייער אַ שיינער מענטש... האָט געענטפערט דאָס נאָך אַלץ פאַרוווּנדערטע קינד. און אָט אַזוי זעט אויס קלמן חיים היישעריק: אַ מיטלוווקסיקער, נישט־רעגולערע, פּאָלקס־יידישע, אָבער דאָך נישט־סעמיטישע פּנים־שטריכן, אַ פּנים, וואָס עס דאַכט זיך, אַז עס איז צו קליין און עס פאַלט אַרויס פון עפּעס... דער איינדרוק אפשר דערפאַר ווייל זיין אַלט קאַפּעלוטשל איז אַלע מאָל צו גרויס אויף אים און ער טראָגט אים אויפן קאָפּ כסדר ווייל ער איז פרום. און ער רעדט אַלע מאָל זייער דערשראָקן, און די שיטערע גרויסע עטלעכע ציין אין מויל שטאַרן אַרויס און מישן זיך אויס מיט דער קור־צער, היימיש צוגעשוירענער, שוואַרצער, אָנגעיאַזשעטער באָרד און וואָנסעס. און נאָר די אויגן זיינע שמייכלען כסדר תמימותדיק און גלויביק, אפילו ווען ער זאָגט צו אַ פאַרמעגלעכן חבר מיטן עכט־פוילישן אַקצענט: באָרגט מער אַ זלאָטע, כ׳היגגערט מעך — — —

פון בוך „מיין לעקסיקאָן“, ערשטער באַנד, מאָנטרעאָל 1945

# בער י. ראָזען

## „המשך קומט"

(הומאָרעסקע)



מיטאָג־צייט, אַז דער טומל אין די האַליעס, פאַרן אייזערנעם טויער, איז אַריבער, די לעצטע קונים זיינען אַוועק, האָט שרה די גענדזלערקע, אַ פעטע יידענע אין אַ בלוי פאַרטוך מיט גרויסע, געשוואָלענע קעשענעס פון ביידע זייטן, אָפּגעוואַשן די פאַרבלוטיקטע הענט, אָפּגעווישט זיי אינם פאַרטוך און פון אַ שופלאָד אַרויסגעצויגן די בלאַט־צייטונג. זי האָט זיך ברייטלעך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל הינטערן סטראַגאַן, צעעפנט די צייטונג און מיט פייערלעכקייט זיך פאַרנומען צו לייענען דאָס קאַפּיטל פון שפּאַנענדיקן ראָמאַן.

— שרהשי, האַרצעדיקע, וואָרטס אַ רגעלע! יאַך וויל אויך הערן, וואָס עס איז דאָרט ווייטער געשען מיט רחלען.

דאָס האָט פייגע די גרינס־הענדלערקע, אַ קליין, מאָגער און רירעוודיק ווייבעלע, אַריבערגעשריגן פון דער צווייטער זייט סטראַגאַן, אָפּפאַרטיקנדיק אויף גיך עפּעס אַ גראָשענעם קונה, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין די האַליעס נאָך אַ ביסל ירקות.

— שוין, שוין, איך גיי שוין אויך צו! — האָט די פישערקע, אַ הויכע און פעסט געבויטע יידענע מיט אַ פאַרכריפּעט און צעלאָזן קול זיך געלאָזט הערן פון דער ווייטנס, איילנדיק מיט גיכע זעלנערישע טריט צום גענדזלערישן סטראַגאַן.

די צוויי ווייבער האָבן זיך צעזעצט אַרום שרהן און מיט בייגיר געשלונגען יעדעס וואָרט.

שוין עטלעכע חדשים אַזוי, טאָג ביי טאָג, לייענט שרה די גענדזלערקע דעם ראָמאַן הויך, אויפן קול, זי לייענט פּאַמעלעך און מיט אַ ניגון און די ווייבער אַרום

---

בער י. ראָזען — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1899. דערציילער, מעמואַריסט, זשורנאַליסט, לערער — אין יאָר 1939 אַוועק אויפן ווייטן מזרח, שאַנכאַי; זינט 1947 אין מעלבאָרן, אויסטראַליע. דאָרט געשטאָרבן — נאָוועמבער 1954. געווען שטאַרק אַקטיוו געזעלשאַפטלעך אויף „טלאָמאַצקיע 13". אויפגעשריבן איינס פון די בעסטע ביכער וועגן אָט דעם וואַרשעווער ליטעראַטור־צענטער. לפי ערך זיין בעלעטריסטישן טאַלענט — ווייניק געשריבן. בלויז פיר קליינע זאַמלונגען זיינע זיינען דערשינען — איינע פּאָסט־מאָרטעם. בער י. ראָזען איז געווען כולו וואַרשע, און אַזוי עכט וואַרשעווערישׁ איז די הומאָרעסקע „המשך קומט". אָרט דערלויבט נישט אַריינצונעמען פראַגמענטן פון זיין בוך „טלאָמאַצקיע 13".

איר הערן, שאָקלען צו מיט די קעפּ, פאַרגייען אין הנאה, אָדער קרעכצן און זיפצן אונטער און שיטן מיט טויטע קללות.

ס'איז אַ ראָמאַן וועגן אַ יידיש מיידל, רחלע, אַ קיילעכדיקע יתומה נעבעך, אַ שיינע, אַ געראָטענע ווי אסתר המלכה. עס ווערן דאָרט באַשריבן אַלע צרות אוןליידן וואָס רחלע האָט געהאַט אויסצושטיין אין איר עלענטן לעבנסוועג. שטאַמען שטאַמט זי פון אַ קליין שטעטל. געקומען אין דער גרויסער שטאָט זוכן אַרבעט. דאָ אינם הו־האַ פון גרויס־שטאָטישן לעבן, האָט זי אויסצושטיין כלערליי נסיונות. זי ליידט נויט, הונגערט און האָט נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. עס לויערן אויף איר פאַרשידענע געפאַרן, וועלכע זי איז גובר און זי דערשלאָגט זיך ענדלעך צו אַ שטי־קל שטעלע.

דער ראָמאַן וואָלט קיין ראָמאַן נישט געווען, און די ווייבער פון די האַליעס וואָלטן די בלאַט־צייטונג אין דער האַנט נישט גענומען, ווען אין דעם עסק וואָלט זיך נישט פאַרוויקלט אַ פלאַם־פייערדיקע ליבע מיט אַלע פלאָנטערס און אינטריגעס וואָס זיינען נויטיק, כדי צו פאַראינטערעסירן און שפּאַנען דעם לייענער.

האָט זיך טאַקע אין רחלען פאַרליבט אַ יונגערמאַן מיט אַדאָלף־מאַנזשו־וואַנ־סעלעך. דער מחבר האָט דעם דאָזיקן יונגנמאַן אַ נאָמען געגעבן — מאַקס. אָט דער מאַקס איז אַ קאַוואַליר מיט שיק, אַ טענצער — איינער אין דער וועלט; אַז ער קנאַקט אָפּ אַ רומבאַ איז דאָ עפּעס צו זען, מיידן קריגן די ערשטע נכפּה פאַר אים, עסן אים אויף מיט די אויגן. מאַקס איז עלעגאַנט, אַ דזשענטלמאַן: זומער — אין גרויע פלאַנעל־הויזן מיט אַ גראַנאַט מאַרינאַרקע, מיט אַ באַמבוס־שטעקן און הענטשקעלעך פון כמו חזיר־לעדער. ער איז תמיד גלאַט פאַרקעמט, מיט אַ שאַרפן שרינט אויף דער לינקער זייט פון קאָפּ. ווינטער־צייט זעט מען אים נישט אַנדערש ווי אין אַ מעלאָניק. און געלט האָט ער תמיד בריווח, און רעדן רעדט ער אַזוי איידל, אַזוי דעליקאַט און מיט אַזאַ קלוג, ממזריש שמייכעלע, אַז עס צענעמט די ביינער ווען מען קוקט אים אָן. איז אַ חידוש דער גרויסער דערפאָלג זיינער ביי פרויען?

רחלע קען אים שוין עטלעכע חדשים. זי האָט זיך מיט אים באַקענט אויף אַ דאַנסינג. זי גייט אָפּט מיט אים אין טעאַטער, צי אין קינאָ און שפּעטער אין רעסטאָראַן אויף אָוונט־ברויט, און גאָר נישט זעלטן — פון רעסטאָראַן אין אַ נאַכט־לאָקאַל, ווו מען פאַרברענגט ביז פאַרטאָג.

אָבער רחלע ווייס נישט דאָס, וואָס עס ווייסן די ווייבער פון די האַליעס. וואָרים רחלע לייענט נישט דעם ראָמאַן, וואָס דרוקט זיך אין דער בלאַט־צייטונג. רחלע ווייס וועגן מאַקסן, אַז ער איז אַ מלאך אין מענטשן־געשטאַלט, נישטאָ קיין צווייטער צו אים, ווען מען זאָל אויספאָרן די גאַנצע וועלט. און זי האָט אים טאַקע ליב מיט אַלע פיבערן פון איר נשמה. אין שלאָף לעבט זי איבער די זיסטע חלומות וועגן איר מאַקסן און אויף דער וואַך פיבערט זי אין געדאַנק וועגן יענער שעה, ווען זי וועט שוין ענדלעך אין גאַנצן געהערן צו אים, צו איר מאַקסן.

דערפאַר אָבער ווייסן די ווייבער פון די האַליעס, אַז אָט דער מאַקס איז נישט מער ווי אַן אויסוואורף, אַ טיגער אין מענטשן־געשטאַלט, אַז נאָך אַזאַ פאַרפירער און באַטריגער איז גאָר נישט פאַראַן, ווען מען זאָל אויספאָרן די גאַנצע וועלט. און זיי, די ווייבער פון די האַליעס, האָבן אים דערפאַר טאַקע פיינט מיט אַלע פי־בערן פון זייער נשמה. אין שלאָף לעבן זיי איבער די שווערסטע, די ביטערסטע

חלומות וועגן רחלען און אויף דער וואָר פיבערן זיי אין געדאַנק איבער די געפאַרן, וואָס לויערן נעבעך אויף דער אָרימער רחלען, און זיי וואָלטן מי־יודע־וואָס געגעבן צו דערוויסן זיך רחלעס אַדרעס, כדי אַוועקצוגיין צו איר, אויפעפענען אירע פאַרבלענדטע אויגן, דערציילן איר אַלץ וואָס זיי ווייסן, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעלייענט וועגן אָט דעם מטורף, וועגן מאַקסן, און זי וואָרנען, זי זאָל זיך היטן פאַר אים, ווייל אָט דער מאַקס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ דאָן־זשואַן, אַ פרויען־פאַרפירער און ער מיינט נישט מער ווי אויסצונוצן רחלען פאַר זיינע שמד־שטיק און דערנאָך אַוועקצוואַרפן זי ווי אַן אויסגעקוועטשטע ציטרין.

די לעצטע טעג טוט זיך חושך אין די האַליעס, צווישן די ווייבער. שוין דער דריטער טאָג, אַז מאַקס מיט רחלען פאַרברענגען אויפן דאָרף, אין אַ פענסיאָנאַט אין אָטוואָצק. אמת, זיי וווינען אין צוויי באַזונדערע צימערן, אָבער די ווייבער אין די האַליעס לעבן אין איין שרעק. יעדן טאָג כאַפּן זיי די בלאַט־צייטונג, כדי צו לייענען דעם ראָמאַן, כדי צו דערוויסן זיך וואָס עס הערט זיך מיט רחלען. די ווייבער פון די האַליעס ווייסן זיי האָבן דאָס שוין געלייענט, אַז רחלע איז ווייט נישט פון יענע מיידלעך, וואָס לאָזן זיך לייכט כאַפּן. זי האַלט זיך שטאָל און אייזן, אַז פאַרן „הרי־את" איז נישטאָ אפילו וואָס צו רעדן וועגן יענע זאַכן... זי האָט אים ליב, זי גייט אויס נאָך אים, אָבער ער מוז האָבן אַ ביסל געדולד און צוואַרטן:

— נאָכן הרי־את, אַלץ, אין גאַנצן...

אָבער מאַקס טרעט נישט אָפּ. שעהן זיצט ער אָפּ ביי איר אין צימער, ער רעדט אין איר אַריין, ער בעט זי ווי אַ קינד און בייזערט זיך, האָט תרעומות. און תמיד ווען עס דערגייט שוין אין די גרויסע גדולות, רייסט זיך איבער דאָס קאַפּיטל פון ראָמאַן מיטן סוף־פּסוק: „המשך קומט".

און אָט זיצן עס די ווייבער און לייענען דעם המשך: ס'איז אָוונט, אין רחלעס צימער איז פינצטער. זי ליגט אויף דער קאָזעטקע און נעבן איר זיצט מאַקס. מיט אַ הייס־צעגליטן אָטעם פליסטערט ער איר אין אויער, אין אירע פון תאווה אָנגעדראָלענע ליפּן, אָפּגעריסענע ווערטער, שיכורט ער זי מיט ווערטער פול מיט ליידנשאַפט און באַגער, ווערטער וואָס קאָכן אויף דאָס בלוט, צעברויזן און שלעפערן איין. רחלע ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, דער קאָפּ מיט מתיקות פאַרוואָרפן ווי אין דרעמל, זי הערט שוין גאָרנישט מאַקסנס רייד, זי פילט בלויז זיין הייסן אָטעם און — המשך קומט...

— אוי, אַ ביזן אומגליק זאָל אים טרעפן! — האָט טעסע די פישערקע זיך אויפגעריסן פון אָרט — דער קעלבאַס וועט דאָך נאָך אָפּטאָן מיט דעם קינד ווער ווייסט וואָס! ער וועט זי דאָך מאַכן אומגליקלעך!

— אַ ווייטיק צו מיר! ער גייט זי דאָך פאַרפירן — האָט פייגע די גרינס־הענדלערקע מיט די הענט זיך געריבן דאָס פּנים פון כעס — ער קען איר נאָך עפּעס שלעכטס טאָן! קרויבינקע, וואָס טוט מען כדי אַרויסצורייסן דאָס קינד פון זיינע טייוולאָנישע נעגל? מ'זעט דאָך, וואָס ער וויל מיט איר טאָן.

— אַן עלנטער שטיין נעבעך — האָט שרה די גענדזלערקע זיך צעכליפּעט און גענומען ווישן די נאָז מיטן בלויען פאַרטוך — האָט נישט קיינעם ווער עס זאָל זיך פאַר איר אָננעמען.

— מענטשן! יידן בני רחמנים! — האָט זיך פייגע צעשריגן — וואָס־זשע זיצן

מיר מיט פֿאַרלייגטע הענט. וואָס־זשע טוט מען נישט? יעדע רגע איז דאָך טייער, מ׳דאַרף זען עפּעס צו טאָן, מ׳טאָר דאָך נישט דערלאָזן צו אַזאַ זאַך.

— ווי איז מיר — האָט שרה געביטערט — גאָט דער לעבעדיקער ווייס, צי עס איז שוין נאָך אַלעמען... אויף שטיקער וואָלט יאָך אים צעריסן, אַזאַ גזלן, אַזאַ רוצח.

— הערט׳ס, ווייבער, וואָס יאָך על ענק זאָגן — האָט זיך טעסע פּלוצלונג אָפּגעּ רופן — לאָמיר גיין צו דער רעדאַקציע, דאָרט ווו מען מאַכט דאָס בלאַט, לאָמיר אַריינגיין צום רעדאַקטאָר אַליין און מיט אים איבעררעדן, מ׳זאָל עפּעס זען צו טאָן, כדי דאָס קינד אָפּצוראַטעווען נאָך כשרערהייט. לאָמיר נישט צעגערן קיין איין מינוט, קיין איין רגע נישט וואַרטן, לאָמיר שוין גיין, וואָרים די צייט איז קורץ...

דער פּלאַן איז געפֿעלן געוואָרן און די דריי ווייבער פֿון די האַליעס זיינען אַוועק אין דער רעדאַקציע פֿון דער בלאַט־צייטונג, ווו עס שרייבט זיך דער ראָמאַן וועגן רחלען מיט מאַקסן.

די פירשפּרעכערקע איז געווען טאַקע די פישערקע.

— מ׳קאָן זען דעם רעדאַקטאָר? — האָט זי איילּיק אַ פֿרעג געטאָן, ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל פֿון דער רעדאַקציע.

— וואָס הייסט, צי מ׳קאָן? — האָט פייגע זיך אַ רוק געטאָן פֿאַראויס — מען מוז!

— וואָס דאַרפט איר דעם רעדאַקטאָר? — האָט עמיצער ביי דער טיר איבערּ געפרעגט.

— מיר האָבן צו אים אַ נייטיק געשעפט — האָט זיך שרה אָפּגערופן — מ׳דאַרף ראַטעווען אַ יידיש קינד פֿון אַן אומגליק.

אין אַ חדר מיוחד, ביי אַ טיש מיט אָנגעוואָרפענע צייטונגען און כתב־ידן, איז געזעסן דער רעדאַקטאָר און עפּעס געשריבן. ער האָט תחילת זיך נישט אומּ געקוקט אויף די ווייבער וואָס זיינען אַריין אין צימער. די ווייבער זיינען געשטאַנען פֿאַרשטומטע, מיט דרך־ארץ געשטאַנען ביי דער טיר און געשוויגן.

ענדלעך האָט דער רעדאַקטאָר אויפגעהויבן דעם קאָפּ, פֿאַרבויגן אים אַ ביסל אויף אַ זייט און דורך די ברילן, אויבן אַרום, אַ ביטולדיקן בליק געוואָרפן צו די ווייבער:

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר?

— מיר זיינען געקומען צו אייך, הער רעדאַקטאָר, — האָט זיך שרה אָפּגערופן און פֿאַמעלעכקע געשאַרט זיך נענטער צום רעדאַקטאָרס טיש, — מיר ווילן זי זאָלן ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער פֿון אַן אומגליק. אינץ זענען מאַ ווייבער פֿון די האַּ ליעס, פּראָסטע מענטשן זענען מאַ, מיר האַלטן אייער בלאַט, קויפֿן עס אַלע טאָג און מיר קאָנען נישט פֿאַרטראָגן קיין עוולות, מיר קענען נישט דערלאָזן דערצו, אַז אַ יידישע טאָכטער, אַן אָרנטלעך קינד און אַ קיילעכדיקע יתומה דערצו זאָל אַן עוולה געשען.

—נאָר זי קענען אונדז דאָ העלפֿן, דורך אינס בלאַט קענען זי מאַכן אַלצדינג, — האָט פייגע אונטערגעכאַפּט, — יענע וואָך האָט דער באַלעבאָס פֿון אונדזער הויז בעלאָזט אַרויסוואַרפֿן פֿון דער דירה אַן אָרעמען שוסטער.

— אַ דירה? אַ קבורה! — האָט טעסע איבערגעריסן — אַ פינצטערער, נאַסער גרוב, אַ קעלער, אַן אָרעמער שוסטער, אַ לאַטוטניק מיט זעקס פּיצלעך שוואַלבן, קינדער, אָרעמע שוואַלבן נעבעך.

— איז געקומען ענקערס אַ מענטש פון דער רעדאַקציע — האָט פייגע ווייטער גערעדט — אַריינגעשטעלט די גאַנצע מעשה אין בלאַט אַריין, אַז עס האָט זיך גע־טאָן חושך, מען האָט דעם באַלעבאָס געוואָלט ממיתן, צעריסן אויף שטיקער אָט דעם טרעלבאָך. אַ וואָך צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט ווייזן אויף דער גאַס, מורא געהאַט די נאָז אַרויסצושטעקן. און ס׳האָט געהאָלפן! דער שוסטער וווינט צוריק אין זיין דירה.

— אַקעגן וואָס איז דאָס צורייד געקומען? יאָ, — האָט שרה פאַרגעזעצט, יאָ, אַקעגן רחלען, רחלע איז אַ טייער קינד, אַ צניעותדיק מיידל, אַן אָרנטלעכע, הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן, און עס טאָר איר נישט געשען קיין שום שלעכטס.

— קיין האָר פון קאָפּ טאָר איר נישט געמינערט ווערן — האָט טעסע צוגע־געבן פייער.

— וואָסער רחלע? — האָט דער רעדאַקטאָר נערוועז אַ פרעג געטאָן, — ווע־גען וועמען רעדט איר?

— זי ווייסן גאַנץ גוט, הער רעדאַקטאָר, וועגן וועמען מען רעדט. עס שרייבט זיך דאָך וועגן איר אין אייער בלאַט!

הערן זי, — איז שוין פייגע אַרויס פון די כלים, — וואָס דאַרף מען דאָ אַ סך צו רעדן, רחלע געפינט זיך איצט אין אַן אָטוואָצקער פּענסיאָנאַט. ס׳ליגט דאָרטן טאָג און נאַכט דער יונג, דער שיקסע־קריכער מאַקסעלע, דער אַ מיט די פּראַנטישע וואָנסעלעך. נאָר ער וויל דאָס קינד פאַרפירן און זי קענען דערצו נישט צולאָזן, נאָר זי אַליין, זי הערן? מאַרגן אין דער פרי קויפן מאַ דאָס בלאַט און טאָמער וועט הלילה רחלען געשען עפּעס שלעכטס איבער דער נאַכט, וועלן מיר ביי איהן אַלע שויבן אויסהאַקן אין אייער רעדאַקציע, מ׳עט אייך דאָ אַלץ צעטראָגן, אַז עס וועט קיין סימן נישט בלייבן נישט פון אייך און נישט פון אייער גאַנצער רעדאַקציע. דאָס קינד מוז אַרויסגעראַטעוועט ווערן כל זמן עס איז נאָך צייט, זי הערן?

דער רעדאַקטאָר האָט זיך צעלאַכט:

—ווייבער, וועגן וואָס רעדט איר? ס׳איז דאָך אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַ ראָמאַן אַזאַ.

— ראָמאַן, שמאַן, זאָל זיין אויסגעטראַכט... רחלע איז אַן איידל קינד און עס טאָר איר גאָרנישט געשען, זי הערן?

און די ווייבער זיינען אַוועק.

צומאָרגנס איז אין דער בלאַט־צייטונג געווען געדרוקט דער המשך פון ראָמאַן. אין דער לעצטער מינוט, אָבער טאַקע אין דער סאַמע לעצטער, ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביי סכנות נפשות, האָט זיך רחלע אויפגעכאַפּט פון איר לעטאַרגישן שלאָף, דערזען וואָס מאַקס וויל מיט איר טאָן און זי איז אויפגעשפּרונגען:

**— אַהאָ! איך זע וואָס דו ווילסט, איך פֿאַרשטיי שוין וואָס דו מיינסט, אַרויס פֿון שטוב, באַטריגער, טיגער אין מענטשן־געשטאַלט! האָסט מיך געוואָלט אויס־נוצן, נעמען מעך מיט זיסע ריידעלעך, מיך אין מיין ערע באַטריגן, אַלע מענער זיי־נען אַזעלכע אויסנוצער. רחלע איז אַן עלנטע יתומה, אָבער זי פֿאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן.**

**און אַז מאַקס איז אַרויס פֿון רחלעס שטוב, האָט זיך רחלע אַוועקגעלייגט אויף איר געלעגער, זיך צעוויינט אין קישן אַריין און — „המשך קומט"...**

**די ווייבער אין די האַליעס האָבן געהאַט אַ גוטן טאָג, זיי האָבן מיטגעוויינט מיט רחלען, פֿילנדיק איר צער און עלנט. דער עיקר האָבן זיי געוויינט פֿון פֿרייד, וואָס אַ כשרע יידישע טאָכטער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון חרפּה און שאַנד און — אַז דאָס איז געשען אַ דאַנק זייער מי, דער מי פֿון די ווייבער אין די האַליעס.**

(פֿונעם בוך: געקליבענע שריפֿטן, מעלבאָרן 1957).

# שלמה ראָזענבערג

## שלום אַש הויבט אָן שרייבן דעם „תהלים-ייד"



דאָס יאָר איז 1932. נאָך מיין אָנקומען צוריק קיין וואַרשע פון דער וואַקאַציע ס'איז געווען אין אַ פרייטיק — בין איך, ווי געוויינלעך, 2 אַזייגער נאָכמיטיק, געגאַנגען אין ליטעראַטן-פאַראיין עסן מיטאָג. ווען איך בין געווען אויף די באַקאַנטע שמוציקלעכע טרעפּ אַרויפצוגיין אין דעם זאַל פון פאַראיין, קומט מיר גראָד אַנטקעגן מיין אַלטער פריינד ש. י. סטופּניצקי, דער מיטרעדאַקטאָר פון „מאָמענט", און ער גיט מיר אַ זאָג:

— ראָזענבערג, איילט זיך צו, שלום אַש וואַרט אויף אייך אין גרויסן עס-זאַל.

עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ. ווען איך האָב געמאַכט דעם ערשטן שריט צו דער טיר, קומט מיר אַנטקעגן מלך ראַוויטש, און מיטן זעלבן פּזמון:

— שלום אַש זוכט אייך אַרום, ער וואַרט שוין דאָ אויף אייך אַ שיינע ווילע און ער איז זייער אומגעדולדיק!...

איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין; וואָס עפּעס פּלוצלינג אינמיטן דערינען? וואָס דאַרף מיך אַש אַזוי נייטיק האָבן, און ווען איז ער דאָס געקומען קיין וואַרשע?...

איך עפן די טיר, איך גיי שנעל אַדורך דעם שמאָלן לאָקאַל, ווו עס איז געווען דער בופעט און בלייב שטיין אין דער ברייטער געעפנטער טיר צום גרויסן זאַל. איך דערבליק אַשן זיצן אויבנאָן ביי דער וואַנט, טאַקע אונטער זיין אייגן אייל-בילד, געמאָלן פון באַרימטן פּאַריזער קינסטלער קאַנעלבא. אַרום אים, ביי אַ לאַנגן וויס-געדעקטן טיש, זיצן די גדולי הדור פון דער וואַרשעווער-יידישער געזעלשאַפט: אברהם גאָלדבערג, דער רעדאַקטאָר פון „היינט"; י. מ. ניימאַן, ד"ר יצחק שיפּער און נאָך אַנדערע פּערזענלעכקייטן. אַש דערזעט מיך. ער שפּרינגט אויף, לאָזט זיצן די אַלע גרויסע לייט, און נישט זאָגנדיק זיי אפילו „אַ גוטן טאָג", קומט ער צו מיר צו, גיט מיך אַ נעם אונטערן אָרעם און רופט אויס צו מיר:

— קומט, רררָאָזענבעריג!... איך בין ספּעציעל געקומען צו אייך פון ווין...

שפּעטער האָט מיר עמיצער פון די „היינט"-שרייבער דערציילט, אַז מיט אַ צוויי שעה פריער גיט זיך פּלוצים אַ פּראַל אויף די טיר פון רעדאַקציע. אַש שטעקט אַריין דעם קאָפּ און גיט זיך אַ פרעג: „ווו איז ראָזענבערג?"

---

שלמה ראָזענבערג — דערציילער, ראָמאַניסט, מעמואַריסט, איבערזעצער — מחבר פון אַ רייע היסטאָרישע ראָמאַנען, איז געבוירן געוואָרן אין לאַסקאַזשעוו אין יאָר 1896. האָט יאָרן-לאַנג געווינט אין וואַרשע, שפּעטער אין פראַנקרייך. זינט 1941 אין ניו יאָרק. אַכט יאָר לאַנג געווען דער סעקרעטאַר פון שלום אַש.

מען האָט אים דערקלערט, אַז געווייִנלעך אין דער צייט עס איך מיטאָג אין לי־טעראַטן־פאַראיין. ער האָט זיך באַלד פון דאָרט אָוועקגעלאָזט אַהינצו און נישט גע־פינענדיק מיך, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צווישן די פריער אויסגערעכנטע פּערזענ־לעכקייטן און געשמועסט, געטרונקען טיי מיט צובייסעכץ.

קיינער האָט זיך אויף אַשן נישט געהאַט געריכט, ער האָט קיינעם פריער נישט געשריבן, אַז ער קומט. אַש איז פון דער נאַטור זייער אַן אימפּולסיווער: איינגעפאַלן אים אויפן מאָמענט אַ געדאַנק, פּירט ער אים תיכף אויס, ווי שווער די זאַך זאָל נישט זיין פאַר אים. ער איז געווען אין ווין, איז אים מסתמא אַ פּלי געטאָן איבערן קאָפּ: ער דאַרף ראָזענבערגן... טראַכט ער ניט לאַנג, בפרט אַז מאַדזשע איז נישט דערביי, וואָס זאָל אים אָפּהאַלטן, קויפט אַ בילעט און — הײדאַ קיין וואַרשע!...

אַראָפּקומענדיק פון טלאָמאַצקע 13, שטעלט ער זיך אָפּ אַ ווײַלע, קוקט מיך אָן, ער פאַרשט מיך מיטן בליק און פּלוצים גיט ער מיך אַ פרעג:

— רראָזענבעריג, איר האָט צייט?

איך האָב געמיינט אַז ער פרעגט מיך, צי „איך האָב צייט", ווייל ער וויל אוודאי, איך זאָל אים ערגעץ־ווו באַגלייטן. ענטפער איך אים:

— יאָ!...

— נו, און דאָס וואָס איר אַרבעט אין „היינט"? — פרעגט ער מיך ווייטער.

איך קוק אים אָן און טראַכט ביי זיך, אַז עפּעס רעדט דער מענטש נישט צו דער זאַך. וואָס הייסט עס?... אַז איך אַרבעט אין „היינט" וועל איך נישט האָבן קיין צייט אים ערגעץ־ווו צוצובאַגלייטן!...

ער האָט דערקענט דעם פראַגע־צייכן אין מיין פאַרוואונדערטן בליק און ער האָט פאַרריכט זיך:

— איך מיין, צי איר האָט צייט מיט מיר צו פאָרן קיין ניצע? איך וויל אייך מאַכן פאַר מיין „סעקררעטער"!... האָט ער נאָך אַ ווייל צוגעגעבן.

דאָ האָט זיך שוין אויפגעוועקט מיין אַמביציע. איך האָב אים נישט געוואָלט ווייזן, ווי שטאַרק זיין פאַרשלאָג האָט מיך איבערראַשט און איך האָב גאַנץ קאַלט־בלוטיק געענטפערט:

— פאַרוואָס נישט, איך קאָן מיט אייך פאָרן קיין ניצע...

— און איר האָט דען צייט? — האָט אַש ווידער איבערגעחזרט זיין ערשטע פראַגע — איר דאַרפט דאָך שרראבן פאַר דעם „היינט"!

איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין נישט קיין אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער, נאָר איך דרוק אַ ראָמאַן אין פאָרזעצונגען. נו, וועל איך דאָס קאָנען טאָן אויך פון דערווייטנס, דורך דער פּאָסט...

אַשן האָט זיך דאָס געלייגט אויפן שכל, וואָרים אַט שרייבט ער דאָך אויך אין „היינט" און ער שיקט זיינע אַרבעטן דורך דער פּאָסט!

— גוט, דערווייל וועט איר מיט מיר אַרויספאָרן אַ ביסל קיין אָטוואָצק און מיר וועלן אָנהייבן אַרבעטן. גרייט אייך צו איבער דער צייט אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט, און אויף ראש השנה, אם ירצה השם, וועט איר מיט מיר מיטפאָרן קיין ניצע. זייט מאָרגן ביי מיר אַכט אַזייגער אינדערפרי אין האָטעל „אייראָפּעיסקי" און מיר וועלן צוזאַמען פאָרן צו דער באַן.

ער האָט זיך מיט מיר אָפּגעזעגנט און איך בין הענדום־פּענדום אַוועקגעלאָפן צו מיין יינגערן ברודער, וועלכער האָט געוווינט אין דער נאָענט פון טלאָמאַצקע גאַס און איך האָב אים דערציילט וועגן דעם גליק, וואָס מיך האָט געטראָפן, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן!...

— ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן הייבל!... — האָט מיין ברודער אַ צע־שטראַלטער און נישט אָן קנאה צו מיר אַ זאָג געטאָן.

און למאי זאָל איך לייקענען: איך בין געווען גאָר אין אַ געהויבענער שטימונג צוליב אַשס אָנבאָט. איך בין באַלד אַרויפגעלאָפן אין ליטעראַטן־פאַראיין און אַ פאַרכלינעטער דערציילט מיינע נאָענטסטע קאָלעגן וועגן דעם אויסטערלישן גליק וואָס האָט זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזט.

אָבער דאָס רוב פון מיינע קאָלעגן האָבן מיך אָפּגעגאָסן ווי מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער:

— וועסט ביי אַשן קיין האָניק נישט לעקן!...

צומאָרגנס, שבת גאָר פרי, בין איך שוין געשטאַנען אויף די פיס. איך האָב מיך אויסגעפּוצט אין מיינע בעסטע בגדים, וואָס איך האָב פאַרמאָגט. געקויפט זיך לכבוד דער געשעעניש אַ ניי העמד און אַ שיינעם פאַרביקן קראַוואַט, און איך האָב זיך צוגעשטעלט צו דער צייט ביים האָטעל „אייראָפּעיסקי".

אַש איז שוין געשטאַנען אינדרויסן מיט נאָך אַ מאַן, אַ נידעריקן און דיק־לעכן. ער האָט אים פאַר מיר פאָרגעשטעלט: „שטיבל!"... דאָס איז געווען דער באַרימטער העברעישער מעצענאַט און פאַרלעגער. ער איז אויך געפאָרן קיין אָטוואָצק.

מיר האָבן גענומען אַ טאַקסי און צוגעפאָרן צום וואָקזאַל. אַש האָט מיר דער־לאַנגט געלט און געהייסן קויפן דריי בילעטן צווייטע קלאַס.

אָנגעקומען קיין אָטוואָצק, מאַכט צו מיר אַש:

— ראָזענבערג, איך וועל איינשטיין אין האָטעל „עוגעניא", און איר זוכט זיך אויס אַ ביליקערן האָטעל און קומט מיר שפּעטער זאָגן, ווו איר וווינט.

ער האָט מיר נאָך אַלץ נישט געזאָגט, וואָס ער שרייבט און וואָס איך וועל דאַרפן טאָן. אמת, ער האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט דערצו.

איך בין געווען אַזוי פיל איבערגעפולט מיט גליק פון אומגעריכטן „לאָטעריע־געווינס", אַז איך האָב גאָר געהאַט פאַרגעסן צו זיין פאַרדראָסיק אויף אַשן פאַר זיין הייסן מיר דינגען אַ ביליקערן האָטעל...

ער האָט מיך געבעטן צוצוקומען צו זיך אין האָטעל אַריין אַ ביסל שפּעטער, נאָך זיין מיטאָג־דרעמל. ווען איך בין אַריבערגעטרעטן די שוועל פון זיין צימער און נישט פאַרגעסן, פאַרשטייט זיך, פריער הויך אָנצוקלאַפּן, כדי נישט צו האָבן דעם זעלבן סוף וואָס אַמאָל אין צאָפּאָט... האָט מיר אַש דערלאַנגט זיין מאַנוסקריפּט מיט די באַקאַנטע פאַרציקטע אותיותלעך און ער האָט מיר געזאָגט דעם נאָמען פון זיין נייעם ווערק.

דאָס איז געווען דער „תהלים־ייד".

אַש איז געווען אַריינגעטאָן ראשו ורובו אין דעם נייעם ווערק, ווי אַש איז עס געוויינלעך, ווען ער שרייבט אַ נייעם ראָמאַן. ער אָטעמט מיט זיינע העלדן און ער רעדט ניט וועגן עפּעס אַנדערש ווי נאָר וועגן דעם דאָזיקן בוך. ער פלעגט, שפּאַ־

צירנדיק מיט מיר איבער די אָטוואָצקער גאַסן, אָפּשטעלן פֿאַרשידענע חסידישע יונגעלייט און פֿאַרפֿירן מיט זיי געשפּרעכן. ער האָט איינעם אַזאַ חסידישן יונגנמאַן, וועלכער איז געגאַנגען מיט זיין יונגן ווייבל, אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן אויספֿרעגן ביי אים וועגן זיין לעבן, צי ער האָט קינדער און ווי איז מיט פּרנסה, און דערביי האָט ער אים דורכגעדרונגען מיט זיין קינסטלערישן בליק און אים ממש פֿאַרדייעט אין זיך.

דער חסידישער יונגערמאַן האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין ענלעך צו זיין יחיאל פֿון „תהילים־ייד" און ער איז געווען אין אים פֿאַראינטערעסירט. האָט ער אים אָפּגעשטעלט און אַזוי האַרציק מיט אים איינגעטענהט. ער איז געווען זיינס אַ נאָענטער, נשמהדיק מיט אים פֿאַרבונדן און ער האָט אים ליב געהאַט.

אַש איז צוליב „אים" מסתמא ספּעציעל געקומען קיין פּוילן, כדי אָנצוזעטיקן זיין אויג מיט די דאָזיקע פּוילישע חסידישע יידן, מיט דער פּוילישער לאַנדשאַפֿט, ווו די דאָזיקע יידן האָבן זיך אויפֿגעהאָדעוועט און געדייעט. ער האָט ממש געאָטעמט מיט דער סביבה און איינגעשעפּט אין זיך דעם ניגון פֿון זייערע רייד, און שפּעטער זיינען זיי ביי אים ווי לעבעדיק ווידער אויפֿגעגאַנגען איבער די געדיכט־באַשריבענע זייטלעך פֿון „תהילים־ייד".

איך האָב געשלונגען די בלעטלעך פֿון דעם ערשטן קאַפּיטל. עס האָט זיך פֿון זיי געפֿילט דער ריח פֿון דער פּוילישער ערד, צוזאַמען מיטן ריח פֿון פּוילישן יידנטום. ער האָט געשילדערט די סביבה זייערע מיטן כוח פֿון זיין ריזיקן טאַלאַנט. איך האָב דאַמאָלס, אַלס דער ערשטער לייענער פֿון דעם דאָזיקן גראַנדיעזן ווערק, באַלד אָפּגעשאַצט, אַז דער „תהילים־ייד" וועט זיין די סינטעזע פֿון אַלע זיינע ביז־איצט אָנגעשריבענע ביכער, וואָס באַהאַנדלען און שילדערן דעם פּוילישן ייד. דאָרט איז פֿאַראַן דאָס „שטעטל", „ר' שלמה נגיד" און אַלע אַנדערע ווערק, וואָס האָבן צו טאָן מיטן פּוילישן ייד, ווי אין „וואַרשע" פֿון דער טרילאָגיע „פֿאַרן מבול".

איך בין געשטאַנען ביים געבורט פֿון אַשס דאַמאָלס גרעסטן יידישן ווערק „דער תהילים-ייד", און איך האָב עס געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסע זכיה.

דעריבער בין איך נישט ווייניק דערשטוינט געווען — און דאָ האָב איך אַשן דערקענט פֿון נאָך אַ ווינקל — ווען איך האָב אים מיט אייניקע וואָכן שפּעטער באַזוכט אין וואַרשע אין האָטעל „בריהל", מיט די פֿענצטער אַרויס צום זאַקסישן גאָרטן און געטראָפֿן אים אינמיטן טאָג ליגן אין בעט און שטאַרק קרעכצן. פֿון די אויגן זיינען אים גערונען טרערן.

— וואָס איז אייך, אַש?... — האָב איך אַ דערשראָקענער אים געפֿרעגט.

— איך קאָן נישט שרייבן!... — האָט ער אויף זיין האַרט־„רישיקער" קוטנער אויסשפּראַך ווי אַ קינד ממש זיך צעוויינט.

איך האָב אים אָנגעקוקט איבערראַשט און נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט...

— איך פֿאַרשטיי נישט... וואָס הייסט דאָס?... — האָב איך אים איבערגעפֿרעגט.
— איך גיי צערייסן אַלע קאַפּיטלעך, וואָס איך האָב שוין אָנגעשריבן... — האָט

**ער ווי אַ צעפּיעשטשעט קינד וויינענדיק גערעדט צו מיר — איך קאָן מער נישט שרראַבן, איך בין שוין אַלט...**

**שלום אַש איז דעמאָלט אַלט געווען נישט מער ווי צוויי און פופציק יאָר!...**

**איך האָב אים אָנגעהויבן באַרויקן און געזאָגט אים מיין מיינונג, אַז לויט די עטלעכע קאַפּיטלעך, וואָס ער האָט שוין אָנגעשריבן, וועט דער „תהילים־ייד" זיין דאָס שטאַרקסטע בוך, וואָס ער האָט ווען־ס'איז אַמאָל געשאַפן, און אַז ער זאָל זיך נאָך נישט צואיילן מיטן „צערייסן" די אָנגעשריבענע קאַפּיטלעך.**

פון בוך: שלום אַש פון דער נאָענט, ניו יאָרק 1958, געקירצט

# שמואל ראָטשטיין

## רבי שלמה׳לע מלאך זצ״ל



הרב הגאון הצדיק רבי שלמה הלוי האַלפּערין זצ״ל, דער מחבר פון ספר „חומת הדת והאמונה״, דער פאַרפאַסער פון פיל אַנדערע ספרים, איז געווען אַ גרויסע, הערלעכע און אלזייטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס אַ חוץ זיין גאונות און לומדות, האָט אין זיין האַרץ געפלאַמט דאָס פייער פון לויטערער אמונה אין השי״ת. ער האָט געוויטאָקט און שווער געליטן צוזעענדיק ווי דער שטראָם פון כפירה און מכלומרשטער השכלה, דרינגט אַריין צווישן די ברייטע מאַסן און רייסט אַוועק די קינדער פון זייערע פרומע און ערלעכע עלטערן, און ער האָט זיך גע־שטעלט אין קאַמף קעגן דעם דאָזיקן שטראָם, מקיים צו זיין דעם תורה־געבאָט: „הוכח תוכיח את עמיתך״.

די קינדער פון דעם מחבר, זיינע צוויי זין און איידעם און די אייניקלעך, האָבן אונטערגענומען אַ גוטע און נוצלעכע טאַט: ווידער אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע פריער דערמאָנטע ספר.

עס איז וויכטיק אין אָנהויב פון דאָזיקן ספר צו געבן אַ בילד וועגן דער גרויסער און פילזייטיקער פּערזענלעכקייט פון מחבר:

הרב הצדיק רבי שלמה האַלפּערין, וועמענס יחוס עס ציט זיך פון די גדולי ומאורי ישראל, אַן אייניקל פון בעל „מגן אברהם״ זצ״ל, איז געווען פון די יחידי סגולה אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע, די שטאָט וואַרשע, נאָך מיט צוויי דורות צוריק, אין דער צייט פון איר פּראַכט און גלאַנץ, ווען זי איז געווען אַ שטאָט פול מיט חכמים וסופרים, חסידים און אַנשי מעשה, לומדים און גדולים אין תורה וחכמה. אַ שטאָט וואָס האָט פאַרמאָגט טויזנטער שולן, בתי מדרשים, ישיבות, חסידים־שטיבלעך און קלויזן, חסידישע רביים, ליטווישע חברות ש״ס, וואָס זיינען געווען פול מיט תורה־לערנער, סיי בחורים און סיי קעסט־יונגעלייט,

---

שמואל יצחק ראָטשטיין איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1902. אַ גרויסע צייט זיך אויפגעהאַלטן אין זשיכלין און פון יאָר 1922 ביז 1939 ווידער אין וואַרשע. מחבר פון היסטאָרישע ראָמאַנען מיט אַ רעליגיעזער טענדענץ. געווען מיט־רעדאַקטאָר פון אָרטאָדאָקסישן „יידישן טאָגבלאַט״ אין וואַרשע. שרייבט העברעיש און יידיש אין ניו יאָרק זינט די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג. געווען רעדאַקטאָר פון „דער אַמעריקאַנער״, מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־זשורנאַל״. רעדאַקטאָר פון דער 5־טער אויפלאַגע פון ספר „חומת הדת״. פון דאָרט געבן מיר די הקדמה — אין אַ געקירצטער פאָרם.

וואָס זייער איינציקע באַשעפטיקונג איז געווען צו פאַרפולקאָמען זיך אין לימוד התורה. און אויך די סוחרים און בעלי מלאכה, פלעגן נאָך אַ לאַנגן און שווערן טאָג פון אַרבעט און מסחר זיך אַריינכאַפּן אין די אָוונטן, אין איינעם פון די מקומות התורה, צו פאַרענדיקן דעם טאָג מיט לערנען תורה, אַזוי אַז דער קול התורה האָט געקלונגען איבער די וואַרשעווער גאַסן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווייל עס האָט די דאָזיקע יידן נישט געקענט קומען אויפן געדאַנק, אַז עס זאָל אַריבער אַ טאָג אָן לימוד התורה.

פונדעסטוועגן איז אין יענער געבענשטער תקופה גרויס געווען דער נאָמען פון הרב האַלפּערין, און אַזעלכע וועלט־באַרימטע גדולי ישראל ווי דער בריסקער רב, רבינו חיים סאָלאָווייטשיק זצ״ל, אָדער דער גאון פון פּוילן, רבי יהושע׳לע קוטנער זצ״ל, האָבן אויף אים נישט געקאַרגט קיין שבחים, און אים צוגעגעבן מוט און קור־ראַזש צו גיין אויף זיין וועג, וואָס ער האָט פאַר זיך געשטעלט: צו זיין אַ דרשן און אַ מוכיח בישראל.

און אויך די ברייטע מאַסן האָבן אים פאַרערט און געשעצט, און באַצויגן זיך צו אים מיטן גרעסטן רעספּעקט און יראת הכבוד, אַזוי אַז זיי האָבן אים גערופן מיט דעם פיל־באַדייטנדיקן נאָמען: רבי שלמה׳לע מלאך. ווייל הגם ער איז געווען דער גרויסער בעל מוסר און בעל תוכחה, נישט שוינענדיק קיינעם, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין עיקרי הדת, איז ער דאָך געווען אַ נשמה׳דיק האַרציקער ייד, די גוטסקייט אַליין, וואָס האָט ליב געהאַט יעדן ייד נישט ווייניקער ווי זיין אייגן קינד, און זיין זאָרג פאַר אַ צווייטן איז געווען נישט קלענער ווי פאַר זיך און זיין הויזגעזינט.

ער איז געווען אַ מעורב בין הבריות, ער האָט אַלעמען געקענט און אַלע האָבן אים געקענט. ער האָט געוווּסט פון יעדן נצרך און ליידנדיקן און באַמיט זיך מיט אַלע זיינע כוחות צו ברענגען אים די נויטיקע הילף. ער פלעגט באַזוכן קראַנקע אָרע־מעלייט און גאַנץ אָפט זיי אַוועקגעבן די לעצטע פּרוטה. אָבער מער ווי מיט דעם געלט האָט ער געלינדערט זייער ווייטאָג מיט זיינע האַרציקע רייד, מיט זיין אויפ־מונטערונג און וועקן צו בטחון, אז די הילף איז נאָענט און וועט זיכער קומען.

אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געלערנט תורה ביי די גרעסטע רבנים און ראשי ישיבות, איינזאַפּנדיק אין זיך די אוצרות התורה. אָבער נאָכן באַקומען סמיכת רבנות האָט ער נישט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות שטעלע. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט הרבצת התורה, מיט זאָגן שיעורים און לערנען מיט גוטע לומ־דישע בחורים און קעסט־יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו רבנות. מיט זיין כוח הסברה און אַלזייטיקע ידיעות האָבן זיינע תלמידים געהאַט דעם געהעריקן תכלית און זיין השפּעה אין מאָראַלישן זין איז געווען גרויס. אַ גרויסע צאָל פון זיינע תלמידים זיינען טאַקע אויסגעוואַקסן אַלס גרויסע רבנים, ערלעכע כלל־טוער און וויכטיקע עסקנים, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן זייער גרויסן רבין.

זייענדיק אויך אַ בעל מקובל, האָט ער געלערנט בקביעות דעם זוהר הקדוש אין גרויסן גערער בית המדרש אויף אייזן־גאַס, דער בית המדרש וואָס איז נאָך געגרינדעט געוואָרן בחייו פון ערשטן גערער רבי׳ן, דער בעל חידושי הרי״ם זצ״ל, און צווישן די צוהערער זיינע זיינען געווען גרויסע לומדים און שאַרפע חסידים, וואָס האָבן זיך געקוויקט מיט זיינע פּירושים און חידושים.

ער האָט זיך אָבער מיט דעם אַלעם נישט באַנוגנט. זעענדיק ווי דער שטראָם פון כפירה און השכלה הויבט אָן אַריינצודרינגען אין פוילן, דורך די משכילים, זייערע רעדנער און שרייבער, זייערע צייטונגען, זשורנאַלן און אַפּיקורסישע ביכער, און זיי זיינען טאַקע מצליח צו פאַרדאַרבן די מוחות און הערצער פון די מאַסן און אַוועקפירן זיי אויף פרעמדע וועגן, האָט ער אָנגעגורט זיינע לענדן און אַרויס אין קאַמף מיט דעם זעלבן געווער פון ריידן און אויפקלערן, פון אָפּדרוקן און פאַרשפּרייטן ערלעכע דרשות צווישן פאָלק און אויפווייזן ווי גרויס עס איז די סכנה פאַרן קיום פון פאָלק די נייע פרעמדע וועגן און שיטות.

פיל האָבן אין אים געזען דעם ווירדיקן יורש פון די גרויסע מגידים ביי יידן, ווי דער דובנער מגיד רבי יעקב קראַנץ זצ״ל, אָדער דעם מגיד פון קעלם רבי משה יצחק דרשן, וועלכן ער האָט נאָך אין זיינע יונגע יאָרן געקענט און געוואָרן באַגייסטערט פון זיינע דרשות, דורכגעפלאָכטן מיט משלים און פאַקטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. טויזנטער און צענדליקער טויזנטער האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע האַרציקע און קלוגע רייד און געוואָרן באַגייסטערט פון זיין רעדנער־קראַפט.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט צוגעגרייט צו קיין דרשה. ווען ער פלעגט אַריינקומען אין אַ שול אָדער בית המדרש צווישן מנחה־מעריב, אָדער אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, און זעענדיק ווי דער עולם פאַרברענגט אין פוסטע שמועסן, וואַרטנדיק אויף דער צייט פון דאַווענען, איז ער אַרויף אויפן באַלעמער, איינגעהילט זיך אין טלית און אָנגעהויבן דרשנ׳ען. באַלד איז דאָס בית המדרש געוואָרן פול מיט צוהערער, וועלכע האָבן ווי דורשטיקע געשלונגען זיינע רייד. רבי שלמה׳לע פלעגט ציטירן דברי תורה, משנה, גמרא, די ספרי הגאונים, חקירה און מוסר, פאַרבינדן עס מיט אַ שיינעם משל, אָדער מיט אַן עפּיזאָד פון לעבן, און ווען ער האָט געענדיקט זיין אינספּירירנדיקע דרשה האָט יעדער צוהערער געפילט ווי ער איז גייסטיק באַרייכערט געוואָרן און איינגעזאַפּט אין זיך פון דעם אייביקן תורה קוואַל.

און ווען ער האָט זיך איבערצייגט אין דער ווירקונג פון זיינע רייד, האָט ער באַשלאָסן אויף דער בקשה פון זיינע צאָלרייכע פריינד, אַרויסצוגעבן זיינע דרשות אין ספרים און העפטן, בכדי זיי צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק. זינט דאַן איז רבי שלמה באַקאַנט געוואָרן סיי אין וואָרט און סיי אין שריפט און די ווירקונג פון ביידע איז געווען קאָלאָסאַל. זיינע דרשות האָבן געדינט אַלס מאַטעריאַל פאַר וויכטיקע רבנים און פאָלקס-רעדנער.

זיין נאָמען איז אויך באַרימט געוואָרן אויסער די גרעניצן פון זיין שטאָט. עס האָבן אָנגעהויבן קומען בקשות פון רבנים און קהילות, צו קומען צו זיי און דרשנ׳ען אין זייער שטאָט. ער איז אָבער געווען צו פיל פאַרנומען נאָכצוקומען אַלעמענס בקשות. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער מאַכן אַזאַ באַזוך, איינפּאַקן אַ פּעקל פון זיינע ספרים און, אין דער באַגלייטונג פון אַ קינד, זיך אַוועקלאָזן אין אַ שטאָט אַריין.

ער האָט אויך אַרויסגעגעבן מאמרים און אָפּהאַנדלונגען פון די פאַרצייטיקע גדולי און חכמי ישראל, וועלכע באַהאַנדלען די ענינים פון חיזוק הדת, באַגלייט מיט זיינע פירושים און אויפקלערונגען. צווישן אַנדערע האָט ער אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן „אגרת תימן״ פון רמב״ם ז״ל (פּיעטרקאָוו תרע״א), דערנאָך האָט ער אָפּגעדרוקט דעם מאמר תחיית המתים און מאמר קידוש השם פון רמב״ם (בילגאָריי

תרע״ב). וואַרשיינלעך האָט ער פאָרגעפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ צייט פון נסיונות, חורבן און קידוש השם, און מען דאַרף צוגרייטן דאָס פאָלק צו די דאָזיקע פינצטערע צייטן.

אין יאָר תרע״ג איז אויך דערשינען אַ נייער באַנד פון זיינע דרשות „ההשגחה וההנהגה״. נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער התעוררות פאַר יישוב ארץ ישראל, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ ספר „שערי ציון״, ווי אויך אַ דר־שות ספר אין דער יידישער שפּראַך „רעליגיע און וויסנשאַפט״ פאַר די ברייטע פאָלקס מאַסן וואָס פאַרשטייען נישט קיין לשון הקודש. אין יאָר תרפ״ז האָט ער אַרויסגעגעבן דאָס ספר „ודע מה שתשוב״ אין פיר טיילן, אין יידיש, מיט דער הסכמה פון וואַרשעווער רב רבי צבי יחזקאל מיכלזאָן הי״ד.

אַזוי האָט דער דאָזיקער צדיק דורכגעמאַכט זיין לעבן אין לערנען דאָס פאָלק, פאַרשטאַרקן די אמונה דורך זיינע דרשות און חיבורים, און ווען ער איז קראַנק גע־וואָרן זיין לעצטע קראַנקייט, איז די גאַנצע שטאָט דערציטערט געוואָרן און אומע־טום האָט מען מתפלל געווען פאַר זיין געזונט. גרויס איז געווען דער אַלגעמיינער טרויער ווען ער איז נפטר געוואָרן — ראש חודש שבט תרצ״ה, אין עלטער פון זעכציק יאָר.

אַזאַ לוויה ווי עס האָט געהאַט הרב האַלפּערין איז אפילו אין וואַרשע געווען אַ זעלטנקייט. זיין מיטה האָט מען אַריינגעבראַכט אין נאָזשיק׳ס שול (די איינציקע וואַרשעווער שול וואָס איז געבליבן שטיין נאָכן היטלער־חורבן) און דאָרט האָבן אים מספיד געווען די חשוב׳סטע רבנים פון וואַרשעווער ראַבינאַט. די וויכטיקסטע פירער פון שטאָט, און דער טרויער איז געווען אַן אַלגעמיינער, וויסנדיק ווי שטאַרק עס וועט זיך לאָזן פילן זיין אבידה.

פון ספר: חומת הדת והאמונה, ניו־יאָרק, 1963

## יהושע ראַפּאַפּאָרט

# ישראל שטערן דער מענטש



אין איינעם פון באַלזאַקס ראָמאַנען (אָדער אַ דערציילונג) ווערט געשילדערט אַ מענטש, וועלכער זוכט אַרום זיין פאַרלוירענע טאָכטער. כדי זי צו געפינען דאַרף ער זיך פאַרשטעלן; פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ בעטלער. יעדן איינעם וואָס שטייט נעבן אים איבלט פון זיינע קליידער, ער ווייסט עס, און אים גופא איבלט פון זיך גופא, אָבער ער טראָגט די פאַראַכטונג פונם אַרום מיט אינערלעכן שטאָלץ, ווייל ער ווייסט צוליב וואָס ער טוט דאָס, ווער ער איז. ער האָט אַ ציל אין לעבן, וואָס ער קאָן אים (גלויבט ער) דערגרייכן דורך דערנידעריקן זיך אויסערלעך, און ער נעמט אויף זיך באַהבה אָט די שטראָף.

אַן ענלעך געפיל פלעג איך צייטנווייז האָבן ביים זען די אומגלויבלעכע אויסערלעכע אָפּגעלאָזנקייט פון ישראל שטערן. איין מאָל האָט זיך מיין דאָזיק געפיל אָפּגעמינצט אין פאָלגנדיקן זאַץ: „ער קולטיווירט זיין אָפּגעלאָזנקייט”.

אָבער וואָס ער זוכט דערמיט, האָב איך נישט געוווסט; איך האָב בלויז געפילט זיין קרובהשאַפט אין דאָזיקן פּרט צו באַלזאַקס אויבנדערמאָנטן העלד.

* * *

איך מאָל, ביי אַ שמועס מיט אַ מעלבורנער פּאָרפאָלק, וואָס האָט גוט געקענט ישראל שטערנען פון דער צייט גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען ישראל שטערן איז געווען צוגעלאָזן,

---

יהושע ראַפּאַפּאָרט — איינער פון די באַקאַנטסטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער און פּובליציסטן — איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1895. מיטאַרבעטער פון אַ רייע יידישע צייטונגען און די בעסטע יידישע זשורנאַלן איבער גאָר דער וועלט. איבערזעצער פון רוסיש, דייטש, ענגליש, העברעיש, פראַנצויזיש. געווינט אין בערלין און ריגע און זינט דעם יאָר 1925 ביז די יאָרן פון דריטן חורבן — אין וואַרשע. די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפן ווייטן מזרח — אין שאַנכאַי, כינע. אין יאָר 1946 געקומען קיין מעלבאָרן, אויסטראַליע. זיינע עסייען, קריטישע אַרטיקלען און זכרונות זיינען דערשינען אין מערערע פאַרנעמיקע ביכער. בלויז צוויי פון זיי צו דערמאָנען: פּייערלעך אין נעפּל — 420 זייטן, זוימען אין ווינט — 500 זייטן. גוטער קענער, קריטיקער און מעמואַריסט פון דער וואַרשעווער יידישער ליטעראַטור־סביבה פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דער עסיי „ישראל שטערן — דער מענטש” שילדערט איינע פון די אינטערעסאַנטסטע, גרויסע דיכטער־געשטאַלטן אין יידישן וואַרשע.

פלעגט גערן רעדן מיט זיי, איז געגאַנגען אויפגעפּאַסט, זיך געקליידט כמעט פּראַנטיש.

זיי האָבן קיין סך נישט געוואָלט דערציילן וועגן שטערנען, אָבער פון די אָפּגעהאַקטע רייד זייערע איז קלאָר געוואָרן, אַז די ענדערונג אין אים איז פאָרגעקומען נאָך זיינער אַ טראַגישער ליבע־איבערלעבונג (ער זאָל האָבן געהאַט אַ כלה אין אָסטראָלענקאָ — שטערנס געבורט־שטאָט).

וואָס ישראל שטערן האָט געזוכט מיט זיין קולט פון אויסערלעכער אָפּגעלאָזנקייט, איז מיר אויך דערפון נישט קלאָר געוואָרן, אָבער עס איז אויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז אפשר האָט ער הינטער דעם עפּעס אויסבאַהאַלטן, אויפגעגעבן, — ער האָט זיך ווי פאַרגראָבן הינטער זיין אָפּגעלאָזנקייט ווי הינטער ווענט פון אַ פעסטונג, עפּעס זאָל צו אים נישט צוקומען...

* * *

שטערנס אָפּגעלאָזנקייט איז געווען אויגן־רייסנדיק. אמת, ער איז געווען אָרעם. זייער אָרעם (נישט געקוקט אויף דער לעכערלעכער רכילות־פּלאַפּלעריי פון טלאָמאַצקע 13, אַז ישראל שטערן גיט געלט אויף פּראָצענט!?...), אָבער דאָך האָט ער ביי זיין גאַנצער אָרעמקייט געקאָנט געוויסע זאַכן אויסמיידן.

איך האָב אים איין מאָל, למשל, געטראָפן אין דער וואַרשעווער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין אַ צושטאַנד, וואָס האָט ממש געריסן ביים האַרצן: וועגן זיינע טשאַפּלין־טשאַפּטשעס און זיין טשאַפּלין־אָנצוג רעד איך דאָ נישט — דאָס לאָזט זיך דערקלערן מיט מאַנגל אין געלט; אָבער זיין געשוואָלן פּנים (פון ציין־ווייטיק) איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ נאָז־טיכל, וואָס איז בוכשטעבלעך ווי אויפגעהויבן געוואָרן פון בלאָטע. ווען מען וואָשט זי אויס אין קאַלט וואַסער אפילו, וואָלט איר געווען צוגעקומען אַ ים געזונט, און דערויף האָט מען נישט געדאַרפט קיין געלט.

אָבער ישראל שטערן האָט זיך אַרומגעטראָגן איבערן זאַל, געגנישטערט אין קאַטאַלאָגן, אין ביכער אָן שום קרעמפּירן זיך, — ער איז געווען אין זיין עלעמענט.

צי האָט ער נישט געפילט, אַז מען קוקט אויף אים פון אַלע זייטן, אויף זיין שוואַרצן נאָז־טיכל, אויף זיינע טשאַפּלין שיך אאַ"וו? דאָס איז שווער צו זאָגן. איינס איז אָבער זיכער: אויב ער האָט דאָס געפילט, האָט ער דאָס איגנאָרירט מיט טראָציקייט, ווי יענער העלד באַלזאַקס, וואָס האָט געוווסט דעם זין פון זיינע טראַנטעס.

* * *

ווען ישראל שטערן האָט אויף טלאָמאַצקע 13 געלייענט זיין רעפעראַט (שפּעטער אָפּגעדרוקט אין די „וואַרשעווער שריפטן", אַרויסגעגעבן דורך טלאָמאַצקע 13) וועגן פּרצ'ן („קרוינען צום קאָפּ פון דער יידישער קריטיק", אַביסל אַ מליצהדיקער טיטול; אָבער ישראל שטערן, ביי אַלע זיינע מעלות, האָט געהאַט אַ שטיקל נייגונג צו מליצה), האָט ער געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אויף אַלע צוהערער. איך בין געווען אַזוי אַנטציקט, אַז איך האָב געשריבן צו אים אַ באַגייסטערטן, הגם דאָן־קיכאָטישן בריוו (אויף וועלכן איך האָב באַקומען אַן ענטפער בעל פּה). ווי אַ סך מאָל אין משך פון מיין לאַנגער „קאַריערע" אַלס יידישער שרייבער, האָב איך אויך דאַן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס פּאַטשקונעס באַקומען אין „היינט" אָדער אין „מאָמענט" צו 80 און 100 זלאָטעס פאַר אַן אַרטיקל,

און אַזאַ שרײַבער װי ישׂראל שטערן רימט זיך, אַז ער דרוקט נישט קײן אַרטיקל פאַר 5 זלאָטעס, — ער נעמט נישט װײניקער װי... פּופּצן! איך האָב בכלל נישט געקאָנט פאַרשטײן, װי אַזױ אַ ליטעראַטור, װאָס האַלט אױס בכבוד אַזױ פיל גאַר־נישטן, צװינגט ישׂראל שטערנען צו לעבן װי אַ קבצן.

און איך האָב געזען װי ער האָט געלעבט!

אײן מאָל האָט ישׂראל שטערן מיך געפרעגט צי ער קאָן קומען צו מיר לײען ביכער. מיר האָבן אָפּגערעדט ער זאָל קומען צו מיר אין אָװנט.

ער האָט אָפּגעקליבן אַ פּאָר ביכער (צװישן זײ פראַנץ װערפלס אַ דיקן באַנד געקליבענע לידער), דערנאָך האָבן מיר גערעדט. בײַם שמועסן האָב איך עטלעכע מאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז ער װיל עפּעס זאָגן און זאָגט נישט.

װען ער האָט זיך געקליבן אַװעקצוגײן, האָב איך אים באַגלײט צו דער טיר. עס איז דערבײַ אױסגעקומען דורכצוגײן דעם צימער, װו מײַן צװײ־יאָריקער זון איז געשלאָפן און מיר האָבן דאָרט קײן ליכט נישט געצונדן, איז דאָרט ישׂראל שטערן געבליבן שטײן אַ מינוט און אין אײלעניש אַרױסגערעדט (געמוטיקט דורך דער פינצטערניש) דאָס, װאָס ער האָט מסתמא געװאָלט זאָגן עטלעכע מאָל אין ליכ־טיקן צימער און ער האָט נישט געקאָנט פּועלן בײַ זיך דאָס צו טאָן:

— אפשר קאָנט איר מיר לײַען פינף זלאָטעס?...

איך האָב זיך באמת געשעמט אים צו געבן די פינף זלאָטױנעס (איך האָב זיך געשעמט, װי אָפט, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע, פאַר דער ייִדישער ליטע־ראַטור), און עס איז גוט געװען נישט נאָר פאַר שטערנען, װאָס דאָס איז פאָרגע־קומען אין אַ פינצטערן צימער. עס איז אונדז בײדע לײַכטער געװען: אים צו בעטן און מיר — צו געבן.

אין אַ צײַט אַרום האָב איך געדאַרפט האָבן װערפלס לידער. און היות איך האָב שטערנען נישט געטראָפן אַ לענגערע צײַט (עס איז געװען, װײַזט אױס, אַ פּעריאָד פון זײַן „פאַרפאַלן" װערן), האָב איך באַשלאָסן נאָכצופרעגן זיך װו ער װױנט און גײן אָפּנעמען דאָס בוך.

איך געדענק נישט איצט גענױ, װו ער האָט דאַן געװױנט, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אױף פּלאַץ מוראַנאָװסקי, נאָענט צו מילע גאַס.

איך בין אַרײַן אין אַ שמוציקער פאָרטעראָװער קיך און געפרעגט צי דאָ װױנט ישׂראל שטערן. דערהערט אַז יאָ, האָב איך געװאַרט מען זאָל מיר װײַזן דעם װעג צו זײַן צימער; צום סוף האָט מען מיר געהײסן װאַרטן אין קיך, ער װעט באַלד אַרײַנקומען. און װײַזנדיק אױף אַ בעטל אין אַ װינקל קיך, האָט מיר אַן על־טערער ייִד געזאָגט: „אָט־אָ־דאָ װױנט ער..."

אין אַ װינקל פון אַ שמוציקער קיך! איך האָב זיך גענױער גענומען צוקוקן און דערזען נעבן בעט, אױף דער פּאָדלאָגע, אַ שטױס ביכער, צװישן זײ אױך װערפלס באַנד לידער.

ישׂראל שטערן איז אַרײַנגעקומען פון הױף, עפּעס אַ ברום געטאָן צו מיר, און גענומען װאַשן די הענט. דערנאָך איז ער צו צום טיש, װו עס איז געלעגן אַ האַלבער לאַבן שװאַרץ ברױט, אַ מעסטל זאַלץ און רעטעך. ער האָט גענומען אַ שטיקל ברױט, אײַנגעטונקט אין זאַלץ און גענומען עסן.

אָט דאָס איז געווען ישראל שטערנס קוואַרטיר און זיין פּרישטיק. און דערויף האָט ער נאָך באַדאַרפט לייען פּינף זלאָטיקע בײַ אַזעלכע קבצנים ווי איך...

אין זיין עסיי „ברויט און פּאָעזיע", וווּ עס רעדט זיך יוענן אַ קיך, אין וועל־כער עס וווינען דריי פּערזאָן, אַ קיך ווו „קיין וואַסער־לייטונג איז נישטאָ, קיין אוביקאַציע נישטאָ", האָב איך דערקענט ישראל שטערנס „דירה" אָבער אין דער דאָזיקער קיך, שרייבט שטערן, איז דאָ פּאָעזיע. דאָס רעדט ער וועגן סימע־לאה׳ס ביכלעך, אָבער נאָך מער פּאָעזיע איז געווען בײַ דער קיכס סוב־קוואַרטיראַנט — ישראל שטערן.

אָט אין דער קיך האָט ישראל שטערן געגעסן טרוקן ברויט און געשאַפן עכטע פּאָעזיע.

* * *

ער איז געווען אַ מאָדנער מענטש, ישראל שטערן. ער איז תמיד געגאַנגען פֿאַרטראַכט, און פֿון זיינע קעשענעס האָבן תמיד אַרויסגעסטאַרטשעט צעקנייטשטע, פֿאַרברודיקטע העפטן, געדיכט באַשריבענע (מיט בלייפעדער) מיט אַ מין היעראָ־גליפן־שריפט. פֿלעגט מיר אַמאָל פֿאַרקומען, ווי די געדאַנקען זיינע, אין וועלכע ער איז תמיד פֿאַרזונקען, שרייבן זיך אַליין אַריין אין זיינע העפטן.

ווי נאָר ער פֿלעגט אַרויסקומען אויף טלאָמאַצקע 13, פֿלעגט ער זיך אַוועק־זעצן אין אַ זייט און זיך פֿאַרטיפֿן אין די העפטן, פֿון וועלכע עס פֿלעגן גע־בוירן ווערן פּרעכטיקע עסייען.

איך בין איינמאָל געווען דערבײַ ווי ישראל שטערן האָט געבראַכט אין „וואָכנשריפט" אַן עסיי, אין דער פֿאָרם פֿון אַ דיאַלאָג צווישן א. און ב.

דער רעדאַקטאָר האָט אַריינגעקוקט אין מאַנוסקריפּט און דערזען, אַז דעם דיאַלאָג עפֿנט נישט א. נאָר ב.; האָט ער געפֿרעגט שטערנען אַ נאַטירלעכע פֿראַגע: פֿאַרוואָס הייבט עפּעס אָן דעם דיאַלאָג ב.? האָט שטערן געענטפֿערט: אויב א. וועט עפֿענען דעם דיאַלאָג, וועט עס דאָך נישט זיין אָריגינעל...

איך האָב געהערט און געטראַכט: צו וואָס דאַרף שטערן, וואָס זיינע עסייען שפּרודלען מיט אָריגינעלע געדאַנקען, אויסגעדריקט אין אַן אָריגינעלער פֿאָרם, אַזאַ מין אויסערלעכע אָריגינעלקייט? צו וואָס נויטיקט ער זיך אין איר, אין דער עקרהדיקער אָריגינעלקייט?

אָבער מאָדנע אין אַלץ, איז שטערן געווען אויך מאָדנע מיט דעם: אַ מענטש וואָס האָט געטראָטן מיט די פּיס יעדע אויסערלעכע פֿאָרם, האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פֿון דער סאַמע אויסערלעכסטער אָריגינעלקייט — פֿון אָנ־הייבן אַ דיאַלאָג מיטן לינקן פֿוס — מיט ב.׳ס אַרויספֿאַר...

* * *

מערקווירדיק איז אויך וואָס ישראל שטערן האָט ביים לעבן נישט אַרויסגע־געבן קיין איין בוך. אמת, אַן אַ קעשענע און אַן עלנבויגנס איז נישט לייכט געווען אַרויסצוגעבן בײַ אונדז ביכער; אָבער דאָך בין איך זיכער, אַז ישראל שטערן וואָלט געקאָנט, ווען ער זאָל וועלן, אַרויסגעבן פֿון צייט צו צייט אַ בוך.

פֿאַרוואָס־זשע האָט ער נישט געוואָלט?

דערויף האָב איך באַקומען אַ ווונק פֿון אַן ענטפֿער פֿון אויבנדערמאָנטן פֿאַר־פֿאַלק.

אין 1924, האָבן זיי מיר דערציילט, האָט דער פֿאַרלאַג לאַנדינסקי אין וואַרשע געזאָלט אַרויסגעבן ישראל שטערנס אַ בוך לידער. ווען דער מעלבורנער ייד האָט אים אין אַ צייט אַרום געפֿרעגט, פֿאַרוואָס דאָס בוך דערשיינט נישט, האָט ישראל שטערן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— וואַזשנע לידער...

אַ צווייט מאָל האָט ער דעם זעלבן מענטש געענטפֿערט:

— לידער זיינען מיין אינטימע זאַך, מיין פּערזענלעכער פֿאַרגעניגן.

פֿון דעם זיינען צו זען צוויי זאַכן:

1) ישראל שטערן איז נישט געווען פֿון די, וואָס שטעלן זיך לייכט צופֿרידן מיט זייער שאַפֿן. ער האָט געשטרעבט צו עפּעס גרויסעס, ער האָט זיך געגרייט צום אַרויסגעבן אַ בוך ווי אַן אַמאָליקער ייד צו יום־כּפּור; און

2) ישראל שטערן האָט זיך אויסגעלעבט אין פּראָצעס פֿון שאַפֿן זיינע לידער און עסייען און אָט דער פּראָצעס (וואָס איז אין אים פֿאָרגעקומען אָן אַן איבער־ברוך) האָט אים פֿאַרשלונגען אינגאַנצן. די צייט, וואָס עס דאַרף פֿאַרנעמען די אַרבעט פֿון אַרויסגעבן אַ בוך, איז אינוועסטירט געוואָרן אין שאַפֿן, צי אין זיך, צי אויפֿן פּאַפּיר...

פֿראַגמענט פֿון בוך: פֿייערלעך אין נעפּל, מעלבורן, 1961

# יוסף רובינשטיין

## שילדן אויף די נאַלעווקעס



א געיעג,
אַ געשלעג,
אין אײלעניש ווילד
יאָגט אַ שילד נאָך אַ שילד:

אײנע פאַרקראָכן איז אויף אַ באַלקאָן,
אַ צווייטע — ווייס נישט וואָס האָט זי צו טאָן,
זי הענגט אויף אַ האָר דאָרט, אָט פאַלט זי אַראָפּ.
אַ שילדל באַמאָלט מיט אַ קינדערשן קאָפּ,
צעשראָקן און קרום,
קוקט פאַרוווּנדערט זיך אום.

אַ טומל, אַ גוואַלד, איבער טירן און ווענט
יאָגן זיך שילדן ווי ס׳וואָלט דאָ געברענט,
אַ שילדל פון שעלקעס האָט שנעל אין געיעג
באַהאַלטן זיך הינטער אַ דאַמען־קאָרסעט
און שוידערט פאַר שרעק.

---

יוסף רובינשטיין — פּאָעט, מחבר פון פיר פּאָרנעמיקע לידער־זאַמלונגען, וואָס זײַנען מיט גרויס ליבּ אויפגענומען געוואָרן מצד דער יידישער ליטעראַרישער קריטיק. א.. מאָדעלן, ב. נאַכט אויף נאַלעווקעס, ג. מגילת רוסלאַנד, ד. חורבן פוילן. געבוירן אין סקידעל אין יאָר 1904. אין וואַרשע פון 1918 ביזן דריטן חורבן. שפּעטער — וואַנדערונגען: ביז 1941 — ביאַליסטאָק, ביז 1944 — אַלמאַ אַטאַ, ביז 1946 — מאָסקווע, ביז 1947 — ווידער פוילן, ביז 1948 — פּאַריז, פון דעמאָלט אָן — אין ניו יאָרק. באַשעפטיקט אויף אַ געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן, אַרבעט מיט רעגולער אין „פאָרווערטס״, גוטער רעדנער, גוטער רעציטאַטאָר. — — האָט באַלד נאָכן דעביוט איבערראַשט מיט זײַן אָריגינעלער בילדערישקייט, וואָס באַ־לעבט זאַכן, מעבל, הײַזער. אָבער די ביטערע צײַטן האָבן געצוווּנגען אין לאַנג־אָטעמדיקע פּערזן (מגילת רוסלאַנד, חורבן פוילן) צו באַזינגען אין עפּישע פּאָעמעס נאַציאָנאַלע יידישע איבערלעבונגען פון די חורבן־יאָרן, אין פוילן און אויך אין רוסלאַנד.

אַ שילד אַ פֿאַרשמאַכטע, פֿאַרחלשט, פֿאַרשטויבט —
אַ דורשטיקע טרינקט זי פֿון קוואַליקער שויב.

אַ שילד פֿון אַ ליטוואַק, געלאַסן און קאַלט,
זאָגט מוסר: „רבותי, ס'איז ממש אַ גוואַלד!
ס'איז אַלץ דאָך קאַפּויער! אָט קוקט:ביים קאַרניז
פֿון זאָקן אַ שילד הענגט אַרויף מיט די פֿיס,
און אונטן, אויף טיר פֿון דעם קעלער אַראָפּ,
אַ קאַפּעליוש־שילד הענגט פֿאַרקערט מיטן קאָפּ".

---

## פּראַגע



עס דרימלט פּאַדערעווסקי־פּאַרק אין שאָטן פֿון קאַשטאַנעס
און הינטערגעסלעך טוליען זיך צום אָוונטיקן ברוק.
נאָר ערגעץ אויף ווילענסקע־גאַס, פֿון הינטער די פּאַרקאַנעס,
וויינט מיט דינע פֿייפֿן אַ זיך וועקסלענדיקער צוג.

די ווייסל שווענקט זיך מיד, ווי נאָך אַ לאַנגן בייזן שטורעם,
אַ זעגל פֿלאַטערט אומרויק אויף דרימלענדיקן מאַסט.
דער הייליקער פֿלאָריאַן מיטביידע אויסגעשטרעקטע טורעמס
שיט פֿאַלנדיקע שטערן איבער דרימלענדיקער גאַס.

מיט פֿייערלעך אין וואַסער אָפּגעשפּיגלט און צעפֿאַליעט
שלאָפֿט פּראַגע אויף דעם ווייסל־ברעג פֿאַרוויגט, ווי אַ מאַטראָס,
און חלומט, ווי עס שווימט אויף בלויע ציטערדיקע כוואַליעס,
צוגאַסט צו איר, פֿון וואַרשע־זייט, דער קעניגלעכער שלאָס.

און דרימלט זיך דערווײַלע איין מיט כוואַליע־רויש פֿאַרמורמלט,
מיט וויטן טעמפּן הילך פֿון אַ זיך וועקסלענדיקער באַן.
און מיט די ביידע אָרעמס פֿון די אויסגעשטרעקטע טורעמס
ציילט שטערן אין דער נאַכט אַריין דער הייליקער פֿלאָריאַן.

---

## מאַרשאַלקאָווסקע



א

ביזט אַ רייטער אויף אַ פֿערד אַ נישט־געצוימטן,
אָפּגעלאָזט די לייצעס, און אין האַסטיקן גאַלאָפּ

געלאָזט זיך ווי אַ וויכער מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ,
ביז פּלוצלינג אין געבראַזג פון שטאָל און שטיין,
ביים הויפּט־וואָקזאַל געבליבן ביזטו שטיין:
די הענט צעוואָרפן ברייט,
צעשפּרייט,
אַזוי מין רחבותדיק און פריי —
פון גראַיצער גאַס ביז צו דער בריק פון דריטן מאַי,
אַז אַלץ געבליבן איז פאַרוווּנדערט שטיין:
דער טראַמוויי אויפן רעלס,
דער ליכט־סיגנאַל, ווי רויט־צעגליטער קרעל,
און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט —
דער פּאָליציאַנט.

ב

מיט שילדן־שיין, ווי פייער־אויגן פרעכע,
דיר חלומט זיך: אַן אָוונט פון פּאַריז
מיט נעאָן־ליכט, געצונדן ביים קאַרניז,
פאַרבלאַנדזשעט האָט אויף דיינע הויכע דעכער.
און לויפּסטו, מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, מיט ליאַרם און מיט האַסט
און טראָגסט זיך רוישיק ווו מיט אומרו און מיט שטורם —
אומזיסט, —
ס'וועט נישט אַ גריס טאָן דיר אַנטקעגן מאָנפּאַרנאַס,
ס'וועט נישט אַ שפּיז טאָן דורך דער נאַכט דער איפּל־טורם.
דאָס וואָרט מאַקאַטאַו בלויז און ס'דרימלט שוין אָכאָטע
מיט געסלעך שמאָלינקע, מיט עיפּוש און מיט בלאָטע.
און איבער פלויטן טונקעלע און איבער בערגלעך מיסט,
אַריבער ווענט און דעכלעך קרומלעכע און שטאַרע
גייט אויך אַרום אַן אָוונט פון פּאַריז,
גייט אויף אין חלום דאָרט די וואַנט פון קאָמונאַרן.

און לויפּסטו מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און טראָגסט זיך ווו אומזיסט,
און הינטערגעסלעך פיבערן לאַמטערנדיק־צעפּעכערט,
עס האָט אַ חלום דאָ פאַרבלאָנדזשעט פון פּאַריז
און פלאַטערט אומרויק אויף אַלע דעכער.

---

## יערוזאַלימער אַלייען



אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער פּנים,
אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער נאַכט.

נאָר ווי־זשע האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ דיין נאָמען,
וואָס שטאָמט פון הייסן זוניקן תנ״ך?

נאָך ברענען העל די פענצטער פון קאַפעען,
נאָך ברומט דער דזשאַז, אי פריילעך, אי פאַרבענקט,
נאָר פּראָסטיטוטקעס אין די האַרבסטיקע אַלייען —
זיי טוליען זיך פאַר קעלט צו פייכטע בענק.

זיי וואַרטן דאָ מיט יונג־פאַרוועלקטע לייבער,
מיט מידן בליק און פאַלש־געמאַכטן שטיף...
נאָר וויפיל מאָל האָט שוין פון דריטן־מאַי־בריק
נישט איינע זיך פון זיי געוואָרפן אין דער טיף.

עס וועט נישט אַרן קיינעם און נישט ווי טאָן,
אַז ס׳האָט אַ מענטש געפלאָטערט דאָרט ביים ברעג:
ביים הויפט־וואָקזאַל, אויף ציטערדיקע פלייטן,
וועט נאָר אַ נאַכט־צוג ווייגען דין פאַר שרעק.

ס׳וועט מאָרגן פעלן דאָ אַ גרינלעך פּנים,
ס׳וועט מאָרגן פעלן דאָ אַ שאָטן אין דער נאַכט.
נאָר ווי־זשע קומט צו דיר דיין זוניק־העלער נאָמען,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ פון הייליקן תנ״ך?

---

## שבת אויף סמאָטשע



אויפן שילד געפאַרבט אויף געלב —
אַ גלאָז, אַ פלעשל קוואַס...
און מיט אַ טרעפּל העכער פון דער גאַס —
דער איינגאַנג אין געוועלב.

דאָס פענצטער לאָקט מיט שווייצער־קעז אַ קאָפּ,
מיט גלאַנציק־אָנגעקרעמטע טשאָסטקעס...
און מיט אַ מיידל־קעפּל אין אַ מאַסקע
הענגט אַ באָמבאָניערקע קאָפּ־אַראָפּ.

ביי סאָנען אין געוועלב איז שבת אַ יאַריד:
דער וואַסער־סיפאָן זידט,

חתנים פונדעווען די כלות שאָקאָלאַד און קוואַס...
מען עסט, מען טרינקט, מען איילט זיך שנעל אין גאַס —
ביזליידיק ווערט. אין פענצטער פוסט און פאַס
שפּאַצירן פליגן אום אויף בייטן טשאַסטקעס
און מאַכן חן־פינטלעך אין שפּאַס
אויף ראָזן לייב פון באַמבאַניערע אין אַ מאַסקע.

און נאָר פון דער ראַזורע אויפן שוועל
קוקט מיט זשעדנע אויגן צו די טשאַסטקעס דער געזעל.

---

## שבתצונאַכטס אויף סמאָטשע



פון דזשעלנע־גאַס האָט באַנג אַ קלויסטער־קלונג
אַ וועק געטאָן פאַרנאַכט דעם דרימלענדיקן שבת.
אַ שלעסל האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרשלאָפן אויף אַ רונג
און אָפּגעגענטפערט האָבן אויף געוועלב־טירן די שטאַבעס.

דער שבת איז שוין אויס, און איבער אויפגערוימטע שוועלן
גייט מען שוין אויפסניי אַריין אין וואָכעדיקן יאָך.
און יידן עפּענען, פאַרשלאָפענע, געוועלבער,
מען געגעצט פויל, מען זאָגט „אַ גוטע וואָך".
אין באַזאַר שלעפּן קיילערס שוין די פרישע פריידיקס קעלבער,
און אין דער רוישיקער באוואריע פון א ווינקל אויבן־אָן
שפּילט הייזעריק יום־כפור־תפילות אויס אַ גראַמאָפאָן.

אין שבת־אָנטועכץ, אין דרויסן פאַרן ראָג,
שטייען יונגען־פורמאַנעס מיט אויפגעמאַכטע קעלנער;
מען שמועסט זועגן שערן זיך און פון דער היץ בייטאָג
און ווי מען גיט צו עסן ביי די זעלנער.

אַזייגער עלף צעגייט מען זיך אַהיים,
די שבת־קעלנער קוועלן זיי, ווי כאַמענטן געמיינע,
און נאָר ביי סאַנען אין געוועלב, געהיים,
שפּילט מען ביז פאַרטאָג אויף פלאַשן ביר אין ביינער.

# נאַלעווקעס



נאַלעווקעס, די אַלטע וועלט איז גוסס,
די אַלטע וועלט פון מצוות און פון געלט.
אויף דיינע שילדן — אָפּגעקראַצט די אותיות.
און ס'וועלקט דיין גלאַנץ אין שויפענצטער פאַרגעלט.

דיין היים — פאַרלאָזט. עס וואָגלען דיינע קינדער,
זיי בלאָנדזשען אום, ווי פרעמדע בלודנע שאָף.
אויף דיינע הייפן זינגט נאָך אַלץ דער בלינדער
דאָס אַלטע ליד „טיטאַניקס וויסטער סוף".

אין ענגן קלעם פון נייע צייטן שלעכטע,
אין יאָך פאַרשפּאַנט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט, —
אויף דאַנסינגס טאַנצן דיינע זין און טעכטער
און דיינע קינדער ריידן נישט דיין שפּראַך.

פון בוך „נאַכט אויף נאַלעווקעס". סעריע: „מאָדעלן"
— ניו־יאָרק, 1949.

# אברהם רייזען

## נאַלעווקעס

„ווי פריילעך אין גאַס איז!” — דו פרייסט זיך אומזיסט —
דו זעסט נאָר דערנעבן, און ווייטער — שוין נישט;
דו ווענד נאָר דיין אויג אָפּ אַהינצו, אין מיטן:
אָך, דאָרטן, וואָס טוט זיך — זאָל גאָט נאָר באַהיטן!

אָט זעסטו: עס שלעפּט זיך אַ קאַסטן אין גאַס...
ווי שלעפּט זיך אַ קאַסטן? אָ, ביטערער שפּאַס!
עס שלעפּט אים אַ טרעגער פון קאַסטן נאָך קלענער:
ער שלעפּט און ער טרייסט זיך: „כ'וועל קריגן אַ צענער!”
זע ווייטער: אַ מענטשל, ווי דאַר און ווי געלב!
אויף זיך אַליין טראָגט ער די גאַנצע געוועלב —
אָ זע — זיינע אויגן זיי גלאָצן און שטאַרן —
אַ זעקסערל פּדיו . זיי קוקן און האַרן...

און ווייטער: אַ דראָזשקע — דער פורמאַן ער זיצט,
דער קאָפּ זיינער וויגט זיך, דאָס היטל געגליטשט —
ביסט חושד — אַ שיכור... אָ גאָט וועט דיך שטראָפן!
דאָס האָט ער אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.
און ווייטער און ווייטער —דו וואַרף נאָר דיין בליק;
מען הייבט עפּעס וועמען פון דער ערד אויף מיט שטריק —

---

אברהם רייזען — דער גרויסער הומאַניסט, דער דיכטער פון אהבת חינם — ווי שלום אש האָט אים גערופן. פּאָעט פון טויזנטער לידער און מחבר פון אַ טויזנט קליינע דערציילונגען. געבוירן אין קוידענעוו, רוסלאַנד, אין יאָר 1876. דעביוטירט אין יאָר 1891 אין פּרצ׳עס „יידישער ביבליאָטעק”. אין די יאָרן 1899־1908 געוווינט בעיקר אין וואַרשע. פון 1908 ביז 1914 דריי מאָל געווען אין אַמעריקע — זינט 1914 שטענדיק אין ניו יאָרק. נפטר געוואָרן אין פרילינג 1953. רייזענס צוגעבונדנקייט און אייביקע בענקשאַפט נאָך וואַרשע און דער פּרץ־תקופה האָט גאָר קיין גרעניצן נישט געהאַט און שלאָגט זיך דורך כמעט דורך אַלע כתבים — באַזונדערס דורך די אויספּירלעכע און אויטענטישע זכרונות זיינע. דאָס גאָלדענע פערטל־יאָרהונדערט — די פּרץ־תקופה אין וואַרשע, 1890־1915, קען מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אָן אברהם רייזענען צווישן אירע צענטראַלע געשטאַלטן.

עס שטעלט זיך אַף יעדער — אַ קוק טאָן אַ בעלן.
דאָס איז אונטער אַ משא אַ פערדל געפאַלן...

„ווי פריילעך אין גאַס איז!" דו פרייסט זיך אומזיסט,
דו זעסט נאָר דערנעבן, און ווייטער שוין נישט;
דו ווענד נאָר דיין בליק אַהינצו, אין מיטן,
אַך, דאָרטן וואָס טוט זיך — זאָל גאָט נאָר באַהיטן!

.1899

## האַנדל—האַנדל

אויסגעטאָן פון זיך די שאַנד. —
מיט אַ זעקל אין דער האַנט,
גייט ער אום פון הויף צו הויף,
הייבט די אויגן אַלץ אַרויף;
און ווי טרויעריק ער זינגט —
איבערן גאַנצן הויף עס קלינגט:
האַנדל — האַנדל!

זאָגט, — ווער זענט איר, ליבער ייִד,
וואָס דערציילט מיר אייער ליד?
„כ'וווין דאָרט אויף דער סמאָטשע גאַס,
אין אַ קעלער — פייכט און נאַס,
מיט אַ גרויס געזינד!
זומער קומט דאָרט נישט אַריין
פון דער ליבער זון קיין שיין,
ווינטער בלאָזט דער ווינט.

כ'גיי מיין גאַנצן לעבן אום,
מ'הערט פון מיר נאָר, ווו איך קום:
האַנדל, האַנדל...
אוי, איך האָב נאָך ווערטער פיל,
דאָך איך טראָג זיי אין דער שטיל —
קיינער דאַרף זיי נישט!
ווען איך קום אַהיים ביי נאַכט
אַ פאַרמאַטערטער, פאַרשמאַכט,
רעד איך זיי אומזיסט...

עט, וואָס האָב איך זיך פאַררעדט...
האָט איר נישט אַן אַלטע בעט,
אַלטע הויזן, אַלטע שיך?
וואָס איר ווילט נאָר האַנדל איך —
האַנדל, האַנדל!"

וואַרשע 1899, נאַוואָליפּקע 25.

## וואַרשע 1910...

עס איז אַ קינד, אַ גאָלדנס
און פילט זיך פראַנק און פריי;
און וואָס פאַר דאגות האָט עס דען
אַז יאָר פאַרמאָגט עס דריי.

אַ צרה מיט די שפּראַכן — אַיי,
די שפּראַכן אָן אַ שיעור;
אוי, אַלט איז אונדזער קינד נאָר דריי
און שפּראַכן דאַרף עס פיר...

די מאַמע פון אַ רוסיש הויז,
אַ ליטווישע דאָס מיינט —
נו, רעדט זי מיט אים רוסיש בלויז
זי איז אַזוי געוווינט.

די ניאַניע איז אַ פוילישע,
ווי קען עס אַנדערש זיין?
נו, שפּרעכט דאָס קינד אַ ווילישע —
אויף פּויליש, העפלעך, פיין!

די באָבע — סתם אַ יידישע,
זי רעדט געוויס „זשאַרגאָן"‏;
נו, פלאַפּלט ס'קינד אויף יידיש אויך,
וואָס קען עס נעבעך טאָן?

דער פעטער איז אַ „ציוניסט"
און האַלט פון אחד־העם,
נו, מוז דאָס קינד כאָטש גריסן זיך
מיט אים אַליין: שאַלאָם!

דו, טייער גאָלדן קינד, דו מיינס,
אוי, מיר זאָל זיין פאַר דיר
דו מיינסט אַז דו ביסט יוצא שוין
אַליין מיט שפּראַכן פיר?

מען זוכט אַ גוווערנערין נאָך
אַ וועלכע?... דאָך גענוג...
עס וועט דאָס קינד שוין זיין דערנאָך
ווי טאַטע־מאַמע קלוג...

## וואַרשע

וואַרשע, ניט ביי דיר געבאָרן,
דאָך ביי דיר בין איך געוואָרן...
ביי מיין אָנקום — גלייך געפונען
האָפנונג, גלויבן — די צוויי זונען.

גאַס צעגליאַנע, איינס דער נומער,
דאָרט האָט אויפגעלויכט מיין זומער.
און די נייע פריינד געטראָפן
מיט די בליקן — ליכטיק, אָפן.

איך דערמאָן, אין טאָג אַ גרויען,
פּרץ הויז, די ליבע שעהן,
ווען עס פלעגן צו אים קומען,
יונגעלייט — פון פאָלק די בלומען.

גאַסט נאָך גאַסט האָט אָנגעקלונגען,
און דערנאָך זיך ערשט צעזונגען,
ווי די חסידים ביי אַ רבין;
„אונדזער רביניו, זאָל לעבן".

ס'איז געווען אַ נייער „חסידיש":
וועלטלעך־פריי און וועלטלעך־יידיש.
און דערנאָך אַ פאָלקס־ליד קומט שוין,
און מ'זינגט אין כאָר, פאַרפרומט שוין.

אָפט אַ פרעמדער גאַסט פאַרשעמט זיך:
אָט צו וואָס די יוגנט נעמט זיך —
צו די לידלעך גאָר פאַרלאָזטע
פון אַ „דינסט־מיידל" אַ פּראָסטע...

באַלד ווערט קלאָר דעם גאַסט דער זינען
(פּרץ האָט עס אויסגעפונען! —)
און דער פרעמדער זינגט מיט אַלע,
וועגן דער „גענאַרטער כלה"...

גייט אַ שעה נאָך שעה אַריבער
ביז צום ליד „אַ טאָג אַ טריבער",
די מעלאָדיע, אַזאַ שטילע —
פול כוונה, ווי אַ תפילה...

## דער גייער




אין דעם פּעקל, וואָס איין העלפט הענגט אים איבער די פּלייצעס און די אַנדערע העלפט — איבערן ברוסט, געפינען זיך: גאָפּלען, מעסער, קעמעלעך, בערשטעלעך, קנעפּעלעך, בייטעלעך און נאָך אַזעלכע מיני סחורות.

און אַזוי גייט ער פון איין קאַפע אין דער צווייטער. פון איין רעסטאָראַן אין דעם צווייטן, און ביי יעדן טיש צעלייגט ער זיין סחורה די געסט, וואָס זיצן דאָרט

און רופט מיט אַ קול וואָס קלינגט אי מיט אַ בקשה אי מיט אַ פראַגע צוזאַמען:

— אַ קליין גוט מעסערל?!

— אַ קליין בערשטעלע?!

— אַ שיין בייטעלע?!

דער שלעכטער מענטש, וואָס זיינע אויגן און זיין האַרץ איז אין גאַנצן אין דער אכילה, ענטפערט נישט און קוקט אים אפילו נישט אָן. אָנפאַנגס פלעגט אים אַזאַ אומאַנגענעמער קבלת פּנים זייער אויפרעגן, אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך דערצו צוגעוווינט.

דער נישט־שלעכטער מענטש קוקט אַריין אין דעם פּעקל, טוט פריער אַ זופּ פונם גלאָז, וואָס שטייט פאַר אים אויפן טיש, אָדער ער פאַרזוכט אַ שטיק עוף פון טעלער — דאָס ווענדט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווו דער נישט־שלעכטער מענטש געפינט זיך דאַמאָלסט, צי אין אַ קאַפע, צי אין אַ רעסטאָראַן, אָדער אין אַ שענק — דאַן ערשט ענטפערט ער קורץ און טרוקן:

— איך דאַרף גאָרנישט!

דער גוטער מענטש הויבט אויף די אויגן צום גייער, באַמערקט זיין געקנייטשט־טן שטערן, זיינע איינגעשרומפּענע, איינגעפאַלענע באַקן, די בלויע פאַסן אונטער זיינע אויגן, וואַרפט אַ בליק אויף דעם צופליקטן זומער־רעקל וואָס דער גייער טראָגט ווינטער־צייט, — און ער זאָגט גערירט:

— גלויבט מיר אַז איך דאַרף גאָרנישט.

— אַ שיין גוט מעסערל — 30 קאָפּיקעס.

און דער גוטער מענטש ענטפערט מיט נאָך אַ ווייכערע שטימע:

— גלויבט מיר, ליבער ייד, אַז איך דאַרף גאָרנישט.

אָבער דער אמת־גוטער מענטש, וועלכן מען דאַרף לאַנג אַרומזוכן אין אַלע קאַפעען, רעסטאָראַנען און שענקן, ענטפערט:

— אַנו, ווייזט עפּעס אַהער אַ שיין גוט קעמעלע, אָבער ביליק.

— אָ, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין! — ער וועט שוין זיכער עפּעס געבן צו לייזן.

און דער גייער עפנט זיין פּעקל, פּאַקט אויס, און לייגט אויס אַלע סאָרטן קע־מעלעך, וואָס ער האָט נאָר: ווייסע, שוואַרצע, גרויסע, קליינע, שיטערע און געדיכטע, און דער אמת־גוטער מענטש פרעגט:

— וואָס קאָסט למשל, אַזאַ מין קעמעלע?

דאַמאָלט הויבט אָן דעם גייערס האַרץ שטאַרק צו קלאַפּן, ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, וויפיל צו זאָגן: ער וואָלט וועלן פאַרדינען אָן דעם קעמעלע 7 קאָפּיקעס, ער וואָלט זיך אָבער בעת הדחק געלאָזט באַנוגענען מיט 2 קאָפּיקעס ריוח. אָבער גיי און טרעף, וואָס פאַר אַ מין קונה דאָס איז — אַ נאַר אָדער אַ קלוגער, אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער, אַ רייכער אָדער אַן אָרעמער? דער גייער ווערט צומישט און גיט פלו־צים אַ זאָג:

— 25 קאָפּיקעס! — דערהערנדיק דעם פּרייז וואָס זיין מויל האָט אַרויסגע־זאָגט, ווערט ער אַליין דערשראָקן און גיט צו:

— גלויבט מיר, הער לעבן — אַז עס איז גאָרנישט טייער.

דער אמת־גוטער מענטש אָבער, וואָס גייט געבן פאַרדינען אַן אָרימען גייער,

ווערט שטאַרק אָנגע׳ברוגזט: ווי האָט מען דאָס אַ חוצפּה אויסצובעטן 25 קאָפּיקעס פאַר אַזאַ קעמעלע!

— וויפיל דען וועט דער הער געבן? — פרעגט דער גייער ענטמוטיקט.

דער אמת־גוטער מענטש איז פאַרטאָן מיטן גאַנצן לייב און לעבן אין טעלער מיטן געבראָטנס, ער איז שרעקלעך אין כעס אויפן גייער, וואָס האָט די העזה געהאַט אַזוי פיל אויסצובעטן — און שווייגט...

— 15 קאָפּיקעס! —בעט זיך דער גייער.

אָבער דער נידריקער פּרייז געפעלט נאָך אַלץ נישט דעם אמת־גוטן מענטשן, ער שווייגט ווייטער, 15 קאָפּיקעס איז נאָך אויך צופיל.

— 12 קאָפּיקעס — לאָזט ווייטער אַראָפּ דער גייער. ער וויל כאָטש פאַרדינען ווייניקסטנס 2 קאָפּיקעס.

דאָס מאָל מאַכט שוין דער אמת־גוטער מענטש אויף דאָס מויל און זאָגט:

— 10 קאָפּיקעס, גאַנץ גענוג!

— נעמט עס, הער לעבן!

און דער גייער לאָזט זיך ווייטער פון איין קאַפע אין דער צווייטער און פון איין רעסטאָראַן אין דעם צווייטן, אָבער זייער זעלטן געפינען זיך אַזעלכע גוטע מענטשע־לעך, וואָס זאָלן קויפן פון אַ גייער אַ קעמעלע פאַר גאַנצע 10 קאָפּיקעס...

און אַ לאַנגע צייט דאַרף דער אָרימער גייער אים זוכן, זייער אַ לאַנגע צייט, און עס ווערט אים מיאוס דאָס לעבן, די וועלט, און אַלע מענטשן. אַלץ ערגערט אים, רעגט אים אויף. און ער שילט אַלץ, אַלעמען און זיך אַליין, און ער וואָלט וועלן טאָן עפּעס אַזאַ מין זאַך, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך אַרומזען, ווי שלעכט און פאַרדאָרבן זי איז, אַז אַלע זאָלן פילן ווי אכזר׳יש זיי באַנעמען זיך מיט זייערע מיט־מענטשן.

אָבער וואָס קען אַזאַ אָרימער גייער ווי ער, אָפּטאָן דער וועלט?

ער קען בלויז אויפהערן צו זאָרגן פאַר די באַזוכער פון די קאַפעען און רעסטאָ־ראַנען, און זיי מער נישט צושטעלן זיינע סחורות... זאָלן די שלעכטע מענטשן וויסן ווי אַזוי זיך מיט אים צו באַגיין... זאָלן זיי זען איין טאָג, צוויי, דריי — ניטאָ מער דער הויכער און דער דאַרער, מיט די קנייטשן אויפן שטערן, מיט די בלויע פאַסן אונטער די אויגן און מיט די צוויי פעקלעך אויף זיינע איינגעבויגענע פּליי־צעס, איינגעפאַלענער ברוסט!...

אָבער נייך! דאָס טאָר ער פאַר קיין פאַל נישט טאָן. זיין פרוי, זיינע קינדערלעך זיינען בלייכע, באָרוועסע, הונגעריקע קינדערלעך, וואָס וואַרטן אויף אים אַ גאַנ־צן טאָג...

נייך! ער וועט ווייטער גיין: היינט, מאָרגן און איבערמאָרגן! — זיין גאַנץ לעבן וועט ער שוין אַזוי גיין.

און ער הויבט זיך אויף און גייט...

# די יאָרן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה



מיט דעם זאַמלבוך „יאָרבוך פּראָגרעס", וועלכער איז דערשינען אָנהויב פרילינג 1904, בין איך שוין נישט געווען אַזוי צופרידן, ווי מיט דעם פון מיר רעדאַגירטן ערשטן זאַמלבוך „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט". אַוועקגעקוקט פון דעם, וואָס דאָס „יאָר־בוך פּראָגרעס" האָט פאַרמאָגט אייניקע קאַמפּס־אַרטיקלען און אפילו אַ פּאָר גוטע דערציילונגען און לידער, איז אָבער אין אַלגעמיין זיין טאָן נישט געווען גענוג אויסגעהאַלטן. עס האָט געפעלט אין אים דער איינהייטלעכער כאַראַקטער. דערצו איז, צוליב מיין „ליבע" צו אָנפאַנגער, אַריינגעפאַלן אין אים אַ פּאָר זאַכן, שיר נאָך נישט „דרוקפעיקע". אַזוי האָב איך אין „יאָר־בוך פּראָגרעס" אַריינגעגעבן אַ גאַנצן דרוקבויגן קריטיק פון דעם דאַן נאָך זייער יונגען — אַכצניעריקן — ידידיה מרגליות, הגם עס האָט זיך שוין דאַן געמערקט אין זיין שרייבן ליטעראַרישע באַגאַבונג, באַזונדערס פאַר ליטעראַרישער קריטיק. איבערהויפּט האָט מיר וויי געטאָן, וואָס אין איינער פון זיינע קריטיקן האָט ער ניט גענוג קאָרעקט באַהאַנדלט מ. ספּעקטאָרס נאָוועלע „קאַליקעס".

דערפאַר האָב איך זיך געטרייסט מיט ל. שאַפּיראָ, דאַן אויך נאָך אַן אָנפאַנגער. זיין גרעסערער אַרטיקל „צו דער פראַגע וועגן העברעיש און יידיש" איז נישט נאָר געווען געשריבן שאַרף, שניידנדיק און גייסטרייך, נאָר אויך אין אַ זייער שיינעם כטיל. אויך זיין דערציילונג „איציקל מזיק" — די ערשטע דערציילונג זיינע, וואָס איך האָב געדרוקט — האָט מיך שטאַרק צופרידנגעשטעלט, כאָטש, ווי איך האָב שוין באַמערקט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, שאַפּיראָ איז שפּעטער אַוועק פון דער עכט רעאַליסטישער פאָרם צו דער אימפּרעסיאָניסטישער, וועלכע האָט זיך מער צוגעפּאַסט פאַר זיין אייגנאַרטיקן טאַלענט. איך האָב זיך אויך געטרייסט מיט אַן אַרטיקל פון פאַביוס שאַך איבער דינעזאָנס נאָוועלע „יאָסעלע". אמת, די דאָזיקע באַרימט געוואָרענע דערציילונג איז שוין געווען רעצענזירט פון מיר אַליין אין מיין ערשטן זאַמלבוך „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט"; אָבער פאַביוס שאַך, אַ בערלינער איינוווינער, וואָס האָט אויך אין דייטשע צייטשריפטן אָנטייל גענומען, האָט אין זיין זייער שיינעם אַרטיקל שוין דרך־אגב גערעדט מיט גרויס אָנערקענונג וועגן דער יידישער שפּראַך און איר ליטעראַטור, און אין יענער צייט איז דאָס געווען, ווי מען זאָגט היינט, אַ דערגרייכונג...

נישט זייער שטאַרק אָבער האָט מיך צופרידנגעשטעלט די סאטירע „אַ קאָנגרעס פון פאַרליבטע פּאָרלעך" פון בעל־מחשבות. עס איז געווען געשריבן האַלב פעלעטאָניסטיש און האַלב בעלעטריסטיש און האָט זיך, מיט דעם אָפּלאַכנדיקן פעלעטאָניסטישן טאָן, נישט צוגעפּאַסט צו דער ריכטונג, וואָס דאָס זאַמלבוך האָט, ווייניקסטנס, אויסן געווען...

אויך מיינע אייגענע „זאַכן", וואָס איך האָב אין דעם זאָמלבוך געגעבן און — אַליין דער רעדאַקטאָר! — פון דער פולער האַנט, האָבן מיך — ביים איבערלעזן זיי שוין געדרוקטערהייט — נישט שטאַרק צופרידנגעשטעלט, מיט דער אויסנאַם פון אַ צוויי לירישע לידער און דער דערציילונג „אין קריג".

אין דער זעלבער צייט האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. די שטימונג אין וואַרשע איז געוואָרן אַ געדריקטע. הגם די מלחמה איז פאָרגעקומען ערגעץ ווייט, איז שוין אין לופט געהאָנגען די שרעק, וואָס דאָס וואָרט „מלחמה" אַליין — רופט אַרויס. יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט, אַז אָט־אָט מאָביליזירט מען די „רעזערוויסטן", צווישן וועלכע איך האָב אויך, אַלס אויסגעדינטער סאָלדאַט, געהאַט דעם „כבוד" צו ציילן זיך. געוויס האָט מיך נישט געלאָקט צו גיין שלאָגן זיך פאַר דער דעמאָלסטיקער צאַריסטישער רוסלאַנד — פאַר פאָרט־אַרטור, קעגן אַ ווייט פאָלק, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געזען... שוין אָפּגעזען דערפון, וואָס איך בין בכלל געווען קעגן מלחמה, מיט וועלכן פאָלק עס זאָל נישט זיין...

ווי אַלע, וואָס האָבן געהאַסט די רוסישע זעלבסטהערשאַפט און האָבן געוואַרט אויף איר פאַלן, האָב איך אויך נישט געוואָלט, אַז רוסלאַנד זאָל זיגן. פונדעסטוועגן, אַז עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות פון די רוסישע גרויסע מפּלות (די צייטונגען האָבן עס געדאַרפט מעלדן זייער פאָרזיכטיק און שטאַרק צענזורירט), האָט עס מיר שטאַרק ווי געטאָן. נישט די מפּלות, וואָס רוסלאַנד אין אַבסטראַקט באַקומט, נאָר די אומגעקומענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פאָלק און וועלכע איך האָב געזען לעבעדיק פאַר מיינע אויגן. די צעפּוילטע רוסישע זעלבסטהערשאַפט באַקומט קלעפּ, דאָס איז טאַקע גוט. דאָס לאַנד וועט באַפרייט ווערן, אָבער די אומשולדיקע קרבנות... די איוואַנאָווס און די קאָזלאָווס, און די ראָשטשינס און די ביעלאָאוסאָווס, און אויך די יידישע סאָלדאַטן — די אַלע, מיט וועלכע איך האָב געדינט אין דער אַרמיי, נישט גלויבנדיק דאַן, ווען איך האָב געדינט, אַז דאָס לערנט מען אונדז טאַקע, ווי אַזוי צו הרגענען און צו געהרגעט ווערן, און מיינענדיק, אַז עס איז גלאַט אַ קאַפּריז פון דער רוסישער רעגירונג צו מוטשען און צו פּייניקן מיט אַלערליי „סמאָטרעס"... — די דאָזיקע אַלע סאָלדאַטן האָב איך געזען אין דער ווייט, ווי זיי פאַלן אונטער האָגלס פון קוילן...

די פּערספּעקטיווע איז געווען נישט קיין פריילעכע. און דווקא איז מיר, אין יענער צייט, ווי מען זאָגט, געקומען צום לעבן... דער דערפאָלג פון דער צייטונג „פריינד" איז געוואַקסן און איר אַדמיניסטראַציע האָט מיך אָנגעהויבן בעסער צו באַהאַנדלען. אין וואַרשע האָב איך זיך איינגעבירגערט, באַקומען פריינד און פריינדינס. איינע פון די פריינדינס — אַ ווילנער מיידל, אַ בונדיסטקע, מיט פיל חן אין אויסזען און האַלטונג, אין אירע געמאָסטענע רייד, אין איר קלוגן שמייכל, האָט שיר מיין האַרץ נישט געפאַנגען. זי איז געווען שטאָלץ, אַריסטאָקראַטיש און אָרעם. האָב איך איר, מיט דעם וויסן פון מיין שוועסטער שרה־בתיה, אויסגעבאָרגט געלט צו קויפן אַן אָנצוג — אַ זשאַקעט מיט אַ קלייד, און ווייל עס איז געווען מלחמה־צייט, איז די מאָדע געווען: אַז דער זשאַקעט האָט געהאַט אַ סך גאָלדענע קנעפּלעך, וואָס האָבן געפינקלט ווי קליינע אייגעלעך... עס האָט מיך געוווּנדערט, וואָס זי, אַזאַ ערנסטע און אַן אַנטי־מיליטאַריסטן, זאָל דווקא קויפן אַן אָנצוג לויט דער מאָדע, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופן. אָבער דער אָנצוג האָט איר זייער געפּאַסט און זי האָט אין אים אויסגעזען נאָך פרידלעכער ווי פריער...

און נאָך אַ חברטע איז געווען, שוין דווקא אַן אוקראַאינערין, פון ראָמנע, דאַכט זיך, אַ קורסיסטקע. זי איז געווען אַ פריילעכע, אַ קלינגענדיק־לאַכנדיקע, ווייסע ציין ווי מילך און האָר ליכטיקע, לאַנגע. זי האָט זיי אַמאָל אין אַ שפּאַס, שטייענדיק ביים

שפּיגל, פונאַנדערגעלאָזט, האָבן זיי אַראָפּגעשטראָמט, ווי קילע כוואַליעס, ביז די קני. זי איז געווען פול מיט לעבן. מיט איר פלעג איך אַמאָל גיין אין קאַפע „בריס־טאָל” און בעל־מחשבות איז פון איר געווען גאָר אַנטציקט...

זעט איר, אָט דאָס מיידל אייערס געפעלט מיר... און מיר זיינען שוין אַרויס פון קאַפע צוזאַמען, שוין מיט שלום אש, נאָמבערג, א. ל. יאַקובאָוויטשן און אַנ־דערע פון אונדזער פריילעך־ליטעראַרישן געזינדל...

און עס איז געווען פון זעלבן ראַדיקאַלן קרייז נאָך אַ חברטע — אמת, שוין אַ ווייטע — איינע טאַניע. פון איר האָבן מיר שוין געהאַט צרות אויך. אינמיטן דערינען איז זי זיך מיישב, אַז דאָס לעבן האָט נישט קיין זין. געקומען איז עס פון גרויס מאַנגל, אין וועלכן זי האָט אַ לאַנגע צייט, אַלס קורסיסטקע און רעוואָלוציאָ־נערקע, געלעבט. קוים מיט צרות איר איינגערעדט, אַז דאָס לעבן איז נאָך אַלעמען יאָ שיין. האָבן שוין דעמאָלסט אָנגעהויבן אירע חברטעס צו היטן זי, צו אַמוזירן זי, און זי איז שוין געוואָרן פריילעכער. זי איז נישט געווען קיין שיינקייט, אָבער אַ סימפּאַטישע, אַ קורץ־געשוירענע, מיט גרויסע, קיילעכדיקע, שוואַרצע אויגן, עפּעס מיסטישעס איז אין איר געווען. צום באַדויערן האָב איך אין יאָרן אַרום אין אַ פאַרעפּנטלעכטן צעטל פון פּראָוואָקאַטאָרן דערזען איר נאָמען. זי — טאַניע! איך האָב זיך געטרייסט· אַז עס איז אַן אַנדערע, הגם לויט אַלע סימנים, איז דאָס געווען זי.

אויך איז געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן וואַרשע צוליב די חברים, ווי ל. שאַפּיראָ, משה טייטש און פילע אַנדערע, ניי־אָנגעקומענע. איינער פון זיי, י. בערשאַדסקי, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן אויך יידיש צו שרייבן און צו דרוקן זיך אין „פריינד” — האָט מיך מיט זיין פיינער אינטעליגענץ, מיט זיין געצוימטער האַרצי־קייט — ווי באַצויבערט. בערשאַדסקי האָט זיך אין וואַרשע געפילט עטוואָס פאַר־איינזאַמט, הגם בן־אביגדור איז נישט נאָר זיין פאַרלעגער און פאַרערער געווען, נאָר אויך אַ קוזין. ער האָט זיך אָבער געפילט ווי פאַרלוירן אין דער גרויסער וואַרשע, וווהין ער איז געקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו. איז אפשר האָט ער אין דער שטיל געליטן דערפון, וואָס זיין רום, אַלס אויטאָר פון די דאַן באַרימטע ראָמאַנען „נגד הזרם” און „באין מטרה”, האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען· הגם ער איז נאָך גע־ווען גענוג פּאָפּולער ביי די העברעישע לעזער. אין די צוויי ראָמאַנען האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרויסער באַאָבאַכטער און פסיכאָלאָג און אַלס פיינער צייכנער פון טיפן בכלל. עס איז שוין דאַן אָבער אויפגעשטאַנען שאָפּמאַן מיט זיין ראַפּי־נירטן, נייעם סטיל, מיט זיין איבערגעבן די דינסטע עמפּינדונגען, אויך ברענער מיט זיינע סאָציאַלע מאָטיוון, וואָס זיינען געווען ניי און איינציק אין דער העברעישער ליטעראַטור (ער איז עד־היום דער איינציקער געבליבן פון דעם מין אין דער העב־רעישער ליטעראַטור), אויך מ. י. בערדיטשעווסקי מיט זיין „מעבר לנהר” און „מח־נים”, וואָס האָבן געגעבן דער העברעישער ליטעראַטור אַ מער מאָדערניסטישן און איבערהויפּט אימפּרעסיאָניסטישן גלאַנץ. י. בערשאַדסקי, צו פיל רעאַליסטיש, שיר נישט נאַטוראַליסט, פון זאָלאַס שולע, האָט נישט געקענט, צי נישט געוואָלט מיט־שווימען מיטן שטראָם. נישט אומזיסט איז ער געווען דער מחבר פון „נגד הזרם”... אָבער געפילט האָט ער שוין, קענטיק, אַז דער באָדן וואַקלט זיך. אַן עמפּינדלעכער, אַ שטאָלצער, האָט ער אין דער שטיל אַוודאי געליטן דערפון און אָט די שטילע באַ־

האַלטענע ליידן האָבן זיין שיין, אידעלן פּנים נאָך איידעלער און אינטערעסאַנטער געמאַכט און זיין אידעלן גייסט נאָך פאַרשענערט און פאַרטיפט.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען מיך באַזוכן אויף מעדאָווע י. ד. בערקאָ־וויטש. געבראַכט האָט אים דער שטענדיק לוסטיקער, לעבעדיקער, זשוואַווער יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געשריבן אין ביידע שפּראַכן, אין יידיש און העברעיש, און האָט ביידע גלייך ליב געהאַט. געוווינט האָט ער אייגנטלעך אין לאָדזש, נאָר ער פלעגט זיך אָפט אַראָפּכאַפּן קיין וואַרשע, צו זען זיך מיט פּרץ און מיט אונדז „יונגע", הגם שוין עלטערע פון אים. מיר האָבן אים ליב געהאַט ווי אַ קליין געראָטן ברודערל... פּרץ האָט פון אים גאָר אַנגעקוואָלן. ער האָט געקענט מאַכן „שטיק". ער פלעגט פאָרשטעלן ביי פּרצן אין הויז, ווי אַזוי אַ רייכער חסידי וואָס האָט אַ טעלעפאָן אין הויז — ס'איז דאַן געווען אַ זעלטנהייט — רעדט מיט אַ צווייטן חסיד. ער זאָגט אים אָן, אַז זיין ווייב האָט געבוירן אַ יינגל... עס איז גע־ווען אַ וווּנדערלעכע, קאָמישע סצענע... פּרץ פלעגט האַרציק לאַכן, און יצחק קאַצע־נעלסאָן, וואָס עס האָט זיך דאַן געפּאַסט, אַז מען זאָל אים רופן איציקל, אַזוי ליב און קינדיש־חנעוודיק איז ער געווען — האָט פאַרגעשטעלט נאָך אַ קאָמישע סצענע. ער איז געווען אי שעמעוודיק, אי העזהדיק, ווי דער שטייגער פון אַן עילוי...

געקומען צו מיר מיט י. ד. בערקאָוויטשן, זיינען זיי ביי מיר ביידע געווען אוודאי אַנגעלייגטע געסט. בערקאָוויטש האָט דאַן נאָר־וואָס געוווּנען דעם פּרייז אין אַ קאָנקורס אין „הצופה" פאַר זיין דערציילונג „מאַשקעלע חזיר"... דער פּרייז איז געווען אַ גאַנצער הונדערטער. דאָס איז געווען, דאַכט מיר, דאָן דער ערשטער פּרייז, וואָס אַ יידישער צי העברעישער שרייבער האָט בכלל געוווּנען. איז אוודאי בערקאָוויטש ביי מיר געווען אַ גרויסער און חשובער גאַסט. אַ גליק, וואָס איך האָב אים געקענט אויך פון איניקע אַנדערע דערציילונגען, וואָס ער האָט שוין דאַן פאַרעפנטלעכט, ווייל „מאַשקעלע חזיר" — צוליבן טיטל אַליין — האָב איך, דאַכט זיך, דווקא נישט געלייענט. איך האָב קיינמאָל נישט ליב געהאַט קיין צו־מגושמדיקע טיפּן. אָבער בערקאָוויטש, סיי אַלס „טאַלאַנט", סיי פּערזענלעך, איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן.

* * *

ביסלעכווייז האָט זיך וואַרשע באַרויקט. די מלחמה איז דאָך פאַרגעקומען ווייט, אויך דער שרעק פאַר אַ מאָביליזאַציע אין פּוילן איז באַדייטנד קלענער געוואָרן. מ'האָט אויסגערעכנט — און נישט פאַלש אויסגערעכנט — אַז רוסלאַנד וועט מורא האָבן צו רופן די אונטערדריקטע פּוילנס זין צו גיין העלפן אין באַזיגן דעם אויסגע־טראַכטן שונא — יאַפּאַן. דער שאָטן פון אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד בכלל און פון אַ בונט אין פּוילן בפרטי האָט זיך שוין געטראָגן. די אונטערערדישע טעטיקייט פון פּפּ"ס, „בונד" און „פּראָלעטאַריאַט" איז אַנגעגאַנגען אינטענסיוו און העפטיק. די שטימונג אין וואַרשע איז אין געוויסע קרייזן געוואָרן דווקא געהויבענער. — דאָס לעבן אין וואַרשע האָט באַקומען אַ שנעלערן טעמפּ. דערצו האָבן די גרויסע מפּלות, וואָס די דעמאָלסטיקע רוסישע אַרמיי האָט באַקומען אויפן ים און אויף דער יבשה, אפילו דעם בירגער, וואָס איז אויך געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט קעגן דער אַל־טער רוסלאַנד, באַרויקט. הייסט עס, ביסטו דאָך גאָרנישט אַזוי שטאַרק, ווי מיר האָבן געמיינט, איז דאָך פאַר דיר נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

איך פערזענלעך האָב זיך געפילט אין אַ טאָפּלטער שטימונג. אוודאי בין איך מיטן שכל געווען פאַר אַ רוסישער מפּלה, אָבער דאָס האַרץ האָט דאָך ווי געטאָן אויף די אומגעקומענע. און ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז עס איז געזונקען געוואָרן פון די יאַפּאַנער די גרויסע רוסישע קריגס־שיף „פּעטראָפּאַוולאָווסק", דאַכט זיך מיטן גענעראַל מאַקאַראָוו און מיטן קינסטלער ווערעשטשאַגין צוזאַמען; — בין איך געווען דערשיטערט, הגם עס איז אויסגעקומען פּונקט דער ערשטער יאָרצייט נאָך קעשעניעווער פּאָגראָם־קרבנות און פרומע יידן האָבן דערין געזען אַן „אצבע אלקים"... אַנדערע אָבער, און אפשר איך אויך, האָבן דערביי זיך דער־מאָנט אין דעם מדרש: מעשה ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה...

מיין שוועסטער שרה־בתיה איז געווען וועגן מיין גורל זייער באַזאָרגט, מורא האָבנדיק, אַז אַלס רעזערוויסט וועט מען מיך ענדלעך דאָך רופן גיין אין מלחמה. זי האָט מיך שטאַרק צוגערעדט אַוועקצופאָרן אין אויסלאַנד און טאַקע וואָס גיכער:

— ראַטעווע זיך, ברודערל, — האָט זי מיט איר ליבן הומאָר מיך געטריבן, נישט קוקנדיק, וואָס דוד קאַסעל, איר מאַן, איז נאָך אַלץ נישט געווען מאַטעריעל איינגעאָרדנט און דער פאַרזאָרגער זייערער — און עס איז שוין אַ קינד געווען ביי זיי — בין אַלץ געווען איך. איך האָב עס געטאָן מיט גרויס פרייד, נישט פילנדיק קיין שום לאַסט.

אמת, איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו שרייבן וואָס מער. אַרום פּסח האָב איך געמוזט פאַרלאָזן די וווינונג פון איין צימער אויף מיאָדאָווע גאַס. אַ חברטע, ראָזע קאָטאָן, אַ גוטהאַרציק מיידל, אַ קורסיסטקע און אַ רעוואָלוציאָנערקע — האָט מיין שוועסטער ביז איך האָב געפונען אַ וווינונג, איבערגעגעבן איר צימער... געלט איז זייער נייטיק געווען, געדענק איך, האָב איך זיך טאַקע דאָרט אין צימער, דערזעענדיק די לאַגע, גלייך אַוועקגעזעצט ביים קליינעם טישעלע און אָנגעשריבן אַ פּסחדיקע דערציילונג פאַרן „פריינד", „די קנעטערינס", נישט קוקנדיק, וואָס מיט צוויי טעג צוריק האָב איך זיי שוין געשיקט אַ פּסחדיקע דערציילונג „דער אורח". ווייסנדיק אָבער, אַז „דער פריינד" וועט זיי ביידע דרוקן לכבוד יום טוב און וועט שיקן געלט, וואָס איך האָב שוין געדאַרפט האָבן צוליב מיין שוועסטער, וועלכע איז מיר אַלס יונגע מוטער נאָך טייערער געוואָרן...

נישט קוקנדיק וואָס די טעגלעכע צייטונג „דער פריינד" און טיילווייז אויך „דער טאָג" האָבן געגעבן גענוג נייעס וועגן דער מלחמה מיט יאַפּאַן, און די וואַרשעווער יידן האָבן די דאָזיקע נייעס ממש געשלונגען, איז אָבער געווען אַ חסרון, וואָס די צוויי דערמאָנטע יידישע צייטונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען אין פּעטערבורג און פלעגן אין וואַרשע ערשט אָנקומען אויפן דריטן טאָג. אמת, אַז אַ קריגס־שיף איז גע־זונקען געוואָרן, האָט מען שוין געהערט גלייך אויפן ערשטן טאָג, דערווייסנדיק זיך עס פון די וואַרשעווער פּוילישע צייטונגען און אויך פון דער „הצפירה", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, און אפילו די, וואָס האָבן קיין צייטונגען נישט געלייענט· האָבן דאָס נייעס גלייך געהערט פון אַנדערע. — אָבער די־יעניקע וואָס האָבן נישט געקענט לייענען נישט קיין פּויליש און נישט קיין לשון־קודש — און אַזעלכע האָט די וואַרשעווער יידישע באַפעלקערונג פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל — די־יעניקע האָ־בן געשמאַכט נאָך אַ יידישער צייטונג אין וואַרשע גופא, צו לייענען די מלחמה־נייעס נאָך הייסערהייט, נישט אין דריי טעג אַרום — שוין אָפּגעקילטע...

האָט זיך געפֿונען אַ יידישער דרוקער מיטן נאָמען גאָלדשטײן, וואָס האָט געהאַט זיין דרוקעריי אין איין הויף מיט יעקב לידסקי אויף די נאַלעווקעס. און אָט דער דאָזיקער דרוקער — אַ זשוואַוועער יונגערמאַן, און נישט קיין עם־הארץ אין די שוואַרצע פּינטעלעך בכלל, דערצו אַ גרויסער נצרך, ווייל פֿון דער דרוקעריי אַליין האָט ער קיין גרויסע גליקן נישט געמאַכט — האָט זיך געקליגט און האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ מין מלחמה־צייטונגל, וואָס זאָל לעשן דעם דורשט פֿון די צענדליקער טויזנטער נייגעריקע יידן.

די צייטונגל איז געווען פֿון אַ קלײנעם, שיר נישט בוך־פֿאָרמאַט, און האָט פֿאַרמאָגט בלויז פֿיר זייטלעך. קיין שטענדיקן טיטל האָט זי נישט געטראָגן. דאָס וואָלט דאָך שוין געהייסן אַן אמתע צייטונג און אויף אַזאַ צייטונג האָט מען געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש אַזש פֿון פּעטערבורג, און אַזאַ דערלויבעניש וואָלט מען דאַן זיכער נישט באַקומען. פֿאַר אַ יידישער צייטונג אין פּוילן האָט די צאַרישע רעגירונג דעמאָלט שטאַרק מורא געהאַט.

גאָלדשטיינס קליינע צייטונגל האָט ביי יעדן נומער געביטן איר נאָמען, אַזוי אַז עס האָט געהאַט דעם דין פֿון אַ העפֿט, וואָס דערשיינט יעדן טאָג... אויך אויף דעם האָט דער דרוקער גאָלדשטיין געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש אַזש פֿון גראַדאָנאַטשאַלניק, וואָס ער האָט עס מיט גרויסער פּראָטעקציע באַקומען.

די צייטונגל האָט פֿאַרמאָגט בלויז צוויי מיטאַרבעטער און דאָס זיינען געווען דוד קאַסעל און משה טייטש. — איבריגנס האָבן זיי די דאָזיקע גליקלעכע שטעלעס באַקומען דורך מיין פּראָטעקציע. — עס איז אַ סברא, אַז ביי דער דאָזיקער צייטונגל האָבן זיי פֿאַרדינט ביי אַ פֿינף רובל אַ וואָך. — עס איז נאָר אַ שאָד געווען, וואָס זי איז דערשינען אינגאַנצן ביי אַ זעקס וואָכן.

נישט נאָר משה טייטש, וואָס איז אויסער דיכטער און בעלעטריסט, אויך געווען זייער פֿעיק פֿאַר אַלערליי צייטונגס־אַרבעט, צוליב זיין באַזיצן די רוסישע, העברעישע און טיילווייז אויך די פּוילישע און דייטשע שפּראַכן, אַזוי אַז ער האָט געקענט איבערזעצן די אַלע נייעס פֿון פֿאַרשיידענע צייטונגען, — נישט נאָר משה טייטש, אַן אָנפֿאַנגער, נאָר אפֿילו דוד קאַסעל, משה טייטשס נאָענטסטער חבר דאַן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ „דערפֿאָלג", אַלס צייטונגס־מאַן. — ער האָט אויך, ווי משה טייטש, געכאַפּט גלייך דעם שניט, ווי אַזוי צו באַפּוצן און צו פֿאַרבעלעטריסטעווען געוויסע מלחמה־נייעס, ערשטנס, עס זאָל נישט קלינגען ווי נייעס אַליין, וואָס דאָס וואָלט שוין געגעבן אַ חשד, אַז עס איז אַן אמתע צייטונג און מען וואָלט עס פֿאַרמאַכט, און צווייטנס, אויס ליבע צו דער קונסט אַליין. — ער האָט אפֿילו געשריבן קליינע פֿעליעטאָנען אויף מלחמה־מאָטיוון. איך אַליין פֿלעג אים אַמאָל אַרויסהעלפֿן, ווי אַ נייעם, אַ נישט־געניטן, הגם אין צייטונגס־אַרבעט בין איך געווען אַליין נישט געניט. דער דרוקער און פֿאַרלעגער פֿון דער דאָזיקער העכסט משונהדיקער צייטונג, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שפּילצייג, וואָס קינדער מאַכן אַמאָל, נאָכמאַכנדיק די דערוואַקסענע מענטשן — דער דרוקער און פֿאַרלעגער האָט אויך פֿאַרלאַנגט מיין מיטווירקונג און אפֿילו אָנגעבאָטן האָנאָראַר. נאַטירלעך, האָב איך זיך אַנטזאָגט. אָבער אום צו באַדאַנקען דעם פֿאַרלעגער, וואָס ער האָט געגעבן אַ שטעלע דוד קאַסעלן און אויך משה טייטשן, וואָס איז מיר, ווי

אַ יונגער חבר, נאָענט געווען, האָב איך פאַר דער צייטונג געגעבן אַ מתנה אַ ליד... דאָס ליד האָט געטראָגן דעם טיטל „שלום!״.

דער דרוקער און אַרויסגעבער פון דער צייטונגל, גאָלדשטיין׳ איז פון דעם ליד גאָר געווען נתפּעל. ערשטנס — אַ מתנה און צווייטנס, איז טאַקע דאָס ליד אים געפעלן געוואָרן. דאָס ליד איז געגאַנגען אויפן ערשטן אָרט אין נומער... ווי עס וואָלט געווען וויכטיקער ווי די נייעס אַליין.

דער דאָזיקער נומער איז דערשינען אַ פרייטיק נאָכמיטאָג. גיי איך אַזוי אויף די נאַלעווקעס, באַמערק איך, ווי ביים ראָג גענשע און נאַלעווקעס איז אַ גרויסער געדראַנג, יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און אין היטעלעך שטופּן זיך, אַרבעטן מיט עלנבויגנס און ווילן צו עמיצן צוקומען... און איבער דעם טומל טראָגט זיך הויך אַ וואָרט:

שלום! שלום! שלום!

דערהערט די אויסרופן: שלום! — מיין איך אויך, אַז עס איז שוין געשלאָסן געוואָרן אַ שלום צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן — הגם עס איז ערשט געווען ביי אַ זעקס וואָכן ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און עס האָט זיך נישט געגלויבט, אַז אַזוי שנעל זאָל זי זיך ענדיקן — איך שטופּ זיך דורך... ערשט עטלעכע אָרעמע יידן, וואָס גאָלדשטיין האָט זיי געגעבן צו פאַרשפּרייטן זיין צייטונגל און וואָס האָבן געוואָלט פאַרדינען אויף שבת, האָבן אויסגענוצט דעם טיטל פון מיין ליד און האָבן אים הויך אויסגערופן: שלום! שלום! שלום!

איך בין נשתומם געוואָרן... איך זאָל מיט אַ ליד מאַכן אַזאַ סענסאַציע און נאָך אין יענער צייט — האָב איך נישט דערוואַרט. איך האָב, נאַטירלעך, אַליין געקויפט אַ נומער פאַר פינף קאָפּיקעס און האָב זיך שטיל אַוועקגערוקט פון דעם עולם, ווי מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל נישט דערגיין, אַז איך בין עס דער שולדיקער פון דער פאַלשער ידיעה... אַז איך האָב אָבער פון דער וויטן באַאָבאַכט די מינעס פון די יידן, וואָס האָבן געקויפט די צייטונגל און גייענדיקערהייט געלייענט מיין ליד וועגן „שלום״, האָב איך קיין פּראָטעסט אין זייער אויסדרוק פון פּנים נישט באַמערקט... אדרבא, זיי האָבן דאָס ליד געלייענט זייער פאַרטיפט, מיט גרויס ערנסט, און אָפּלייענענדיק, האָט אַ מאַנכער דאָס בלעטל באַהאַלטן אין קעשענע, ווי אַ „זאַך״, וואָס מען דאַרף שטאַרק אָפּהיטן און ערשט נעמען זיך צו דעם אויף דאָס ניי אין דער היים...

אוודאי האָט אויך מיין ליד „שלום״ נישט געהאָלפן. נישט קוקנדיק וואָס עס האָט אין אויפריכטיקע טענער דעם שלום באַזונגען, האָט דער קריג זיך נאָך מער צעפלאַקערט...

פון די ביכער: די לידער, בונטע דערציילונגען און עפּיזאָדן פון מיין לעבן, 1929, 1951.

## ד״ר עמנואל רינגעלבלום

# נעמען-גלגולים פון וואַרשעווער יידישע גאַסן



פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע יידישע קהילות האָט אויך אין וואַרשע עקזיסטירט אין מיטלאַלטער אַ באַזונדערע גאַס, ווו ס׳האָט געוווינט די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע גאַס האָט אַרומגענומען אַ טייל פון וואַנזקי דוניי, פון די גאַסן: ריצערסקע, פּיוונע און פּיעקאַרסקע. דער נאָמען „יידישע גאַס״ איז פאַרבליבן אויך אין 16־טן יאָרהונדערט, בעת יידן זיינען שוין אין וואַרשע צוליבן גירוש פון 1527 דאָרט נישט געווען. די דאָזיקע גאַס ווערט אויך גערופן אבראהאַ־מאָווסקע. אָנהויב פון 17־טן יאָרהונדערט קויפט אָפּ דער באַרימטער וואַרשעווער פּאַטריציער סטאַניסלאַוו באַריטשקא אַ סך הייזער פון דער דאָזיקער גאַס. דעריבער רופט מען זי פון דעמאָלט אָן „באַריטשקאָווסקא״.

אויך באַריטשקא האָט נישט לאַנג געהאַט די הייזער. ס׳זיינען געקומען אינעם 17־טן י. ה. די שוועדישע מלחמות. וואַרשע פאַלט אַריין אין די שוועדישע הענט. סאָלדאַטן, וואָס לעבן אַ גוטן טאָג אין דער דעראָבערטער שטאָט, מאַכן זי חרוב. אָפטע שרפות, וואָס זיינען אַ קללה פאַר די דעמאָלטיקע שטעט, רואינירן זי פול־שטענדיק. די מהומות און מלחמות נוצן אויס פאַרשידענע מענטשן אויף צו פאַר־

---

מנחם בן פייוויש רינגעלבלום — באַקאַנט ווי ד״ר עמנואל רינגעלבלום — איז געבוירן געוואָרן אין בוטשאַטש, גאַליציע, אין יאָר 1900. נאָך פאַרענדיקן גימנאַזיע אין ניי־סאַנץ — אין יאָר 1919 איבערגעוואַנדערט קיין וואַרשע, דאָ באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון דער פילאָזאָפישער פאַקולטעט אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט. יידיש־פּוילישע היסטאָרישע פאָרשונגען זיינען געווען פון דער פריער יוגנט אָן רינגעלבלומס גליענדיקע ליידנשאַפט, זיין גורל, זיין שליחות און לסוף זיין לעבנס קרבן פאַר זיין אידעאַל. ער איז נישט נאָר אַ מחבר פון צאָלרייכע היסטאָרישע ווערק אין יידיש און אין פּויליש, אין צייטשריפטן, זאַמלונגען און ביכער — נייערט אויך אַן אָרגאַניזאַטאָר פון פאַרשרייבן, דאָקומענטירן און באַהאַלטן — באַגראָבן — לסוף אין געטאָ וואַרשע — די דאָזיקע דאָקומענטן. מען האָט זיי געפונען און זיי זיינען דער אויטענטישער קוואַל פון יידישער געשיכטע אין פּוילן בכלל און וואַרשע בפרט אין די יאָרן פון דריטן חורבן. נאָך אַלערליי טראַגישע וואַנדערונגען און באַהעלטע־נישן איז רינגעלבלום מיט זיין פרוי און 13יעריקן זון אומגעקומען אין געטאָ וואַרשע, אין חודש אַפּריל 1944. זיין בעסטער חבר ד״ר יעקב שאַצקי ז״ל האָט צונויפגע־קליבן אַ זאַמלונג פון רינגעלבלומס עסייען און זיי פאַרעפנטלעכט — מיט אַן אויס־פירלעכער ביאָגראַפיע.

נעמען פרעמדע הייזער און פּלעצער. די באַריטשקאָווסקע גאַס, די אַמאָליקע אַב־ראַהאַמאָווסקע — יידישע גאַס, ווערט צענומען דורך שכנים און דער סוף איז, אַז אפילו דער נאָמען באַריטשקאָווסקע פאַרשווינדט און זי ווערט אַ טייל פון שכנותדיקע גאַסן.

אַזוי אַרום איז נעלם געוואָרן דער לעצטער שטומער עדות פון דער אַמאָ־ליקער, מיטלאַלטערלעכער יידישער קהילה אין וואַרשע, פונקט ווי עס איז פאַר־שוווּנדן דער אַמאָליקער יידישער בית עולם און די אַמאָליקע יידישע שול.

**נאַלעווקעס.** דעם דאָזיקן נאָמען, וואָס סימבאָליזירט דאָס יידישע וואַרשע, האָבן אַ טייל אַרויסגעפירט פון דעם קאָזאַקישן אַטאַמאַן נאַלעווייקאָ, וואָס האָט סוף 16־טן יאָרהונדערט מורד געווען אַקעגן פּוילן. דער באַרימטער העטמאַן סטאַניסלאַוו זשאָלקעווסקי האָט אים געכאַפּט הינטער דעם שטעטל לוביאַן אין אוקראַינע און אים אָפּגעשיקט קיין וואַרשע, ווו מען האָט אים געהאָנגען. נישט ווייט פון די היינטיקע נאַלעווקעס האָט זיך געפונען אַ קאַפּליצע. דאָרטן האָט מען דעם געהאָנגענעם באַגראָבן און פון דאַנען האָבן אַ טייל דעם נאָמען נאַלעווקי אַרויס־געפירט פון נאַלעווייקאָן.

די נייעסטע פאָרשונגען האָבן אָבער אומגעוואָרפן די דאָזיקע לעגענדע. מען ווייזט ריכטיק אָן, אַז דער נאָמען שטאַמט פון דעם פּוילישן וואָרט נאַלעווקאָ. אונ־טער דעם דאָזיקן וואָרט האָט מען פאַרשטאַנען וואַסער־ציסטערנען, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ גרעסערער צאָל אויפן אָרט פון די היינטיקע נאַלעווקעס. אונטער דעם וואָרט נאַלעווקאַ האָט מען לכתחילה אין 17־טן יאָרהונדערט פאַרשטאַנען אַ הילצערנע כלי, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אייזערנע רייפן. שפּעטער האָט מען אויך די ציסטערנען גענומען רופן נאַלעווקי. און נאָך שפּעטער האָט מען די געג־גנט, ווו די ציסטערנען־נעץ האָט זיך געפונען, אָנגעהויבן רופן „נאַ־נאַלעווקאַך״. דער דאָזיקער נאָמען האָט אין אָנהייב באַצייכנט די היינטיקע פראַנצישקאַנער און נאַלעווקי. סוף 18־טן יאָרהונדערט, בעת דער פראַנצישקאַנער אָרדן האָט אויפגע־בויט דאָרט אַ קלויסטער מיט אַ קירך, האָט מען אָנגעהויבן די דאָזיקע גאַס רופן פראַנצישקאַנער און איר צווייטן טייל — נאַלעווקעס.

**פראַנצישקאַנער.** אין אָנהייב פון 19־טן יאָרהונדערט האָט די דאָ־זיקע גאַס געהייסן „וואָלניצאַ״. די גאַס איז דעמאָלט געווען שוואַך באַוווינט. אויף פראַנצישקאַנער און וואָלאָווע פלעגט יעדן טאָג פאָרקומען אַ יריד, אויף וועלכן מען האָט פאַרקויפט גרינוואַרג, פּוטער, אד״גל. ווען מען האָט די יידן פאַרטריבן פון די גאַסן קרולעווסקע, גראַניטשנע, זשאַביע א. אַ., האָט די דאָזיקע גאַס אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען, און דעמאָלט איז אויפגעקומען דער נאָמען פראַנצישקאַנער.

**מוראַנאָוו.** אין די צייטן פון דעם קיניג יאַן סאָביעסקי האָט די שטאָט וואַרשע איבערגעגעבן אין לעבנסלענגלעכער אַרענדע אַ טייל פון אירע פעלדער, אויפן היינטיקן מוראַנאָוו, דעם קיניגלעכן בוימייסטער, דעם איטאַליענער יוזעף בעלאָטי. דער פּעיקער איטאַליענער, וואָס האָט אגב אויפגעבויט די קירך פון הייליקן קרייץ (שוויענטעגאָ קרזשיזשאַ) און דעם פּאַלאַץ פון די קראַשינסקיס, האָט זיך אין זיין נייער היים, ווו ס'איז אים אַזוי גוט געגאַנגען, געלאָזט וויל־גיין און

אויפגעשטעלט זיך אַ פּאַלאַץ אין איטאַליעניש סטיל, אַרומגערינגלט מיט אַ פּיינעם גאָרטן. דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָט ער אַ נאָמען געגעבן נאָכן איטאַליעניש אינדזל „מוראַנאָ״ אין דער שטאָט ווענעדיק. ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז דער מוראַנאָוו פאַרדאַנקט זיין נאָמען אַן אינדזל פון דער לאַגונען־שטאָט ווענעדיק?

ג ז ש י ב אָ וו . דאָרטן, ווו עס געפינען זיך די גאַסן כלאָדנע, עלעקטאָראַלנע, ווירזשבאָווע, מאַזאָוויעצקע, שוויענטאָקרזשיסקע און פּאַנסקע, זיינען געווען גרויסע ערד־שטחים, וואָס האָבן געהערט אַמאָל צו די פּוילישע קיניגן. זיי האָבן דעם גרעסטן טייל פעלדער איבערגעגעבן אין פאַרוואַלטונג קיניגלעכע באַאַמטע — די וואַרשעווער סטאַראָסטעס. די דאָזיקע פעלדער פלעגט מען רופן „דער פּאָלוואַרעק פון סטאַראָסטע״. ווען וואַרשע איז געווען די הויפּטשטאָט פון פּוילן (פאַר די צייטן פונעם קיניג זיגמונט דעם 3־טן) איז לעבעדיק געוואָרן אויפן פּאָלוואַרעק. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן פאַרשידענע עלעמענטן, וועלכע ס׳איז געווען אומבאַקוועם און נישט געוווּנטשן צו וווינען אין דער ענגער אַלט־שטאָט.

אויפן שטח פון דעם סטאַראָסטישן פּאָלוואַרעק איז מיט דער צייט אַנטשטאַנען דאָס שטעטל גזשיבאָוו.

גזשיבאָוו איז אויפגעקומען אין יאָר 1650. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט דער קיניג קאַזשימיערזש דערלויבט דעם וואַרשעווער סטאַראָסטע יאַן גזשיבאָווסקי צו גרינדן דאָס דאָזיקע שטעטל. פּונקט ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך אַרום וואַרשע — גערופן יורידיקעס — האָט אויך גזשיבאָוו געהאַט אַן אייגן געריכט מיט אַן אייגענעם ראָטהויז. דאָס דאָזיקע ראָטהויז האָט זיך געפונען עק טוואַרדע און גראַניטשנע. אין אָנהייב פון 19־טן יאָרהונדערט האָט דאָס ראָטהויז געדינט אַלס תפיסה. אין יאָר 1830 ווערט עס פונאַנדערגענומען. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז גזשיבאָוו איז אַזוי וויט געווען אָפּגערוקט פון וואַרשע, אַז זי האָט אפילו געהאַט אַן אייגענע מאָס. די גזשיבאָווער אייל איז געווען מיט 4 צאָל גרעסער פאַר דער וואַרשעווער.

דאָס אַמאָליקע שטעטעל האָט אַרומגענומען נישט בלויז די גזשיבאָווסקע, נאָר אַ גאַנצע ריי שכנותדיקע גאַסן, ווי למשל, מאַזאָוויעצקע, טוואַרדע, טשעפּלע, אַ העלפט קראָכמאַלנע, אַ העלפט כלאָדנע, אַ העלפט וואָלסקע, גאַנץ וואָראָניע, ציגל־גאַס, פּראָסטע, וואַליצאָוו, כמיעלנע, באַגנע, א״א.

נ אָ וו אָ ל י פּ י ע־נ אָ וו אָ ל י פּ ק י. ביים סוף פון דער לאַנגער גאַס האָט זיך געפונען אַ קלויסטערל פון דער הייליקער דריי־איינִיקייט. אינעם יאָר 1622 האָט דער פּרויען־אָרדן בריגידקעס באַקומען דעם קלויסטער צוזאַמען מיט די אַרומיקע פעלדער. די דאָזיקע בריגידקעס זיינען אַהער געקומען פון דעם דאָרף ליפּיע, אין טשערסקער פּאָוויאַט, וואָס האָט באַלאַנגט צו די פּריצים ליפּסקי. פון דעם האָט זיך גענומען דער נאָמען נאָוואָליפּיע, ד. ה. נייע ליפּיע. דורך דעם דאָזיקן נאָמען האָבן די בריגידקעס געוואָלט אונטערשטרייכן זייער צוגעבונדנקייט צו זייער דאָרף ליפּיע.

ל ע ש . דער נאָמען שטאַמט פון דעם גרינדער פון דער דאָזיקער יורידיקע, דעם פינאַנץ־מיניסטער באַגוסלאַוו לעשטשינסקי. דער נאָמען לעשטשינסקי נעמט זיך פון דער שטאָט לעשנאָ, אָדער ליססאַ, וואָס געפינט זיך אין פּויזנער קאַנט און וואָס האָט געהערט צו די לעשטשינסקיס.

די לעש איז אויך פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע. בעת

אין וואַרשע איז געווען מאַרשאַלעק דער פירשט לובאָמירסקי, האָט מען מיט דער גאַנצער האַרבקייט גענומען אויספירן די געזעצן, וואָס האָבן פאַרווערט די ידן צו וווינען אין וואַרשע. די ידן האָבן זיך אָבער געגעבן אַן עצה, זיי זיינען אַריבער אין די שכנותדיקע געגנטן פון וואַרשע, צווישן אַנדערע — אין דעם שטעטל לעש.

דאָס שטעטל לעש האָט אַרומגענומען די ווייטערדיקע גאַסן: פּזשעיאַזד, גאַנץ לעש, טייל רימאַרסקע, סאָלנע, אָרלע און אייזן־גאַס.

ט ל אָ מ אַ צ ק י ע . אַ טייל פונעם שטעטל לעש איז געווען די היינטיקע קליינע גאַס טלאָמאַצקיע. דער נאָמען נעמט זיך פונעם פּריץ עווסטאַכי פּאָטאָצקי, דעם סטאַראָסטע פון דעם היינטיקן גאַליצישן שטעטל טאָלמיטש, אויף פּויליש טלומאַטש.

ס ט אַ ו ו ק י . דער נאָמען שטאַמט פון דעם פּוילישן וואָרט „סטאַוו״. נאָך אינעם 18־טן יאָרהונדערט איז נישט ווייט פון דער היינטיקער סטאַווקי געפלאָסן אַ וואַסערל, גערופן אין די אַקטן דרזשאַנסנאַ, אָדער דרנאַ. דאָס טייכל האָט נישט געהאַט קיין סך וואַסער, דעריבער איז נישט שווער געווען צו ענדערן זיין ריכטונג. ביים עק פון די פּאָוואָנזקעס האָבן זיך געפונען גרויסע טייכן, פון וואַנען דאָס וואַ־סערל דרנאַ האָט געשעפּט זיין וואַסער. דער גרעסטער טייך האָט זיך געפונען דאָרט, ווו עס איז היינט סטאַווקי. פון דאַנען דער נאָמען.

ש וו י ע נ ט אָ י ע ר ס ק ע . שטאַמט פון דער קירך פון הייליקן יערזשי, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. די היינטיקע גאַסן שוויענטאָיערסקע, פרעטע, פראַנ־צישקאַנער און נאַלעווקעס האָבן אַמאָל געהערט צו דער דאָזיקער קירך. אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט איז די קירך מיטן קלויסטער אָפּגעשאַפט געוואָרן. אויף איר אָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מאַשינען־פאַבריק.

וו א ל י צ ו ו . הייסט נאָכן ראָוונער וואָיעוואָדע באַזילי וואַליצקי, וועלכער האָט אינעם יאָר 1765 באַקומען עטלעכע פּלעצער פון דעם סטאַראָסטישן פּאָלוואַרק.

פּ אַ ר י ס אָ וו . אין יאָר 1573 האָט דער טשערסקער סטאַראָסטע אַנדזשעי פּאַריס צוזאַמען מיטן קראָקאָווער קאַנאָניק אַדאַם פּאַריס געקויפט דעם פּלאַץ וואָס הייסט דערפאַר פּאַריסאָוו.

ב אָ נ י פ ר אַ ט ע ר ס ק ע . אין אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט איז די גע־גנט פון מוראַנאָוו, וואָס איז דעמאָלט געווען באַדעקט מיט פעלדער און גערטנער, געווען אין באַזיץ פון די איטאַליענישע בוי־מייסטער סאַלאַכי און פאַנטאַנאַ. די דאָזי־קע בוי־מייסטער האָבן אַ טייל פון זייערע פעלדער אַוועקגעשאָנקען דעם אָרדן פון די באָניפראַטן, וועלכע זיינען דעמאָלט עקסמיטירט געוואָרן פון זייער פריערדיקן וווינאָרט אויפן אָרט פון זאַקסישן גאָרטן. די בוי־מייסטער סאָלאַכי און פאָנטאַנאַ האָבן אויפן אייגענעם חשבון אויפגעבויט די קירך, קלויסטער און שפּיטאָל, וואָס געפינען זיך דאָרט ביזן היינטיקן טאָג.

ש ע ר אַ ק אָ וו ס ק ע . אויף דער דאָזיקער גאַס האָבן זיך אַמאָל געפונען קאַזאַרמעס, גערופן סיעראַקאָווסקע.

ס א פּ י ע ז ש י נ ס ק ע . פון דעם ווילנער קאַשטעלאַן סאַפּיעהאַ. דאָרט זיי־נען געווען קאַזאַרמעס, גערופן סאַפּיעזשינסקע. שפּעטער האָט מען די גאַס גערופן סאַפּיעזשינסקע.

**פּאַדוואַלע.** פון דעם פּוילישן וואָרט „וואַלי״, ד. ה. די וואַלן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט אַלט־שטאָט (דער „מקום״).

**דאַניעלעוויטשאָווסקע.** דאָ האָט אין יאָר 1621 דער קרוין־שאַץ־מייסטער מיקאָלאַי דאַניעלעוויטש אויפגעבויט זיינעם אַ פּאַלאַץ. דער דאָזיקער פּאַ־לאַץ האָט געהאַט אַן אריינפאַר־טויער פון דער סענאַטאָרן־גאַס און אַן אַרויספאַר־טויער פון דער ביעלאַנסקע. דער פּאַלאַץ איז געווען געבויט אין סטיל פון רע־נעסאַנס.

**רימאַרסקע.** דער נאָמען שטאַמט פון די רימאַרעס, וועלכע האָבן גע־וווינט אויף דער גאַס.

**סענאַטאָרן־גאַס.** אַ טייל פון דער סענאַטאָרן־גאַס האָט אַמאָל גע־הייסן **רעפאָרמאַצקע** (דער רעשט רעפאָרמאַצקע איז געווען די וויעזשבאָווע גאַס, וווּ עס האָט זיך געפונען דער קלויסטער פון די ברידער רעפאָרמאַטן). דאָרט האָבן געהאַט זייערע פּאַלאַצן די גרעסטע פּוילישע מאַגנאַטן (סענאַטאָרן); די זאַמאָיסקיס, די יאַבלאָנאָווסקיס (דער היינטיקער ראָטהויז), דער פּאַציעווו, דער פּאַלאַץ פון די קאַזאַנאָווסקיס (היינט די סוחרישע רעסורס), דער פּאַלאַץ פון גניעזנער אַרצבישאָף (היינט דער פּאַלאַץ פּרימאַסאָווסקי).

**נאָוואָסענאַטאָרסקע.** אין יאָר 1780 איז אָפּגעברענט געוואָרן דאָס הויז (גערופן רידזין) אויף טרעמבאַצקע נומ. 634, ווו עס האָט זיך געפונען די עלט־סטע וואַרשעווער אכסניה, וואָס האָט געהערט צו דעם פּירשט סולקאָווסקי. אין צו־זאַמענהאַנג דערמיט האָט זיך דאָ געמאַכט אַ פרייער איבערגאַנג פון דער טרעמ־באַצקע אויף דער סענאַטאָרן־גאַס און דאָס געסל האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָ־וואָסענאַטאָרסקע.

**די לאַנגע־גאַס.** די דאָזיקע גאַס האָט געהייסן אַמאָל די ברייטע גאַס און זי איז אַמאָל געווען די לענגסטע גאַס אין וואַרשע. זי האָט אויך אַ געוויסע צייט געהייסן די היי־גאַס. דאָ האָבן געהאַט זייער שטיי־פּלאַץ די אויסלענדישע היי־סוחרים. דאָ זיינען געווען איינפאַר־הייזער און די בירזשע. פאַר יעדער אכסניה האָט זיך געפונען אַ באַד מיט פאָנטאַנען. אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט האָט וואַרשע געהאַט 9 האָטעלן, פון זיי פיר אויף דער לאַנגער גאַס (דער דייטשער האָטעל, דער פּוילישער, דער דרעזדנער און דער פראַנצויזישער).

**גראַניטשנע.** די גאַס איז אַמאָל געווען די גרענעץ פון דעם זאַקסישן פּאַלאַץ. דערפאַר האָט מען זי גערופן „גראַניטשנא״.

**קרולעווסקע.** אַז מען קוקט זיך היינט צו צו די הויכע פּילגאָרנדיקע הייזער פון דער קרולעווסקע־גאַס, פּאַסט גאָר נישט איין, אַז די גאַס האָט אַמאָל געהייסן פערד־מאַרק, מחמת דאָרט פלעגן יעדן פרייטיק פאָרקומען פערד־ירידים. ערשט אינעם יאָר 1818 האָט מען פון דאָרט איבערגעטראָגן די ירידים אויף מוראַנאָוו.

דער נאָמען קרולעווסקע נעמט זיך דערפון, וואָס דורך דער גאַס פלעגן די זאַק־סישע קיניגין פאָרן קיין דרעזדן.

**מעד־גאַס.** דער נאָמען נעמט זיך פון די בריי־הייזער, אין וועלכע מען פלעגט אויסאַרבעטן מעד. די גאַס האָט אויך געהייסן קאַפּוצינסקע, נאָכן קלויסטער פון די קאַפּוצינען־ברידער, וואָס געפינט זיך נאָך איצט אויף דער מעד־גאַס.

ט ר ע מ ב אַ צ ק ע . פון פוילישן וואָרט טרומייטער. נישט ווייט פון דאַנעז האָט זיך געפונען די וואַרשעווער פּאָסט, וואָס האָט דאָ עקזיסטירט פונעם יאָר 1588. דער קיניג סטעפאַן באַטאָרי האָט סעבאַסטיאַן מאָנטעלופּי געגעבן אַ פּריווילעגיע אויף צו האַלטן די פּאָסט, וועלכע האָט זיך אין 18־טן י״ה געפונען אויפן מאַריוויל, ד. ה. אויפן היינטיקן טעאַטער־פּלאַץ.

ד ז ש ע ל נ ע . דער נאָמען נעמט זיך פון פּוילישן וואָרט טייל. אויף דער דאָזיקער גאַס האָבן זיך געענדיקט די וולוקעס פון אַלטשטאָט, דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די פּלעצער פון דער ברודערשאַפט פון הייליקן לאַזאַזש. אין יאָר 1645 האָט מען די נחלאות, וועלכע די פּריצהטע אלניאָווא האָט געשאָנקען דער ברודערשאַפט און די בריגידקעס, פונאַנדערגעטיילט און דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער נאָמען „דזשיעלנא״.

ג ע נ ש ע . ווען מען רעדט אַרויס דעם נאָמען גענשע, שאַפט זיך גלייך אַן אַסאָציאַציע מיט גענדז. ניט ווייט געפינט זיך די גאַס סטאַווקי, מסתמא האָט מען אַהין געטריבן די גענדז. דאָס איז אָבער אַ טעות. לויט דער ביז היינט נישט פאַר־עפנטלעכטער באַשרייבונג פון וואַרשע פון דעם וואַרשעווער פּראָפעסאָר מאַגיער, שטאַמט גאָר „גענשע״ נאָכן נאָמען פון אַ געוויסן גאַנז, אַ לערער פון דייטש, וואָס האָט זיך דער ערשטער אויפגעבויט אַ הויז אויף נאַלעווקעס עק גענשע.

פּ אָ ק אָ ר נ ע . פון פּוילישן וואָרט הכנעה האָט געפירט צום צוכט־הויז (אויסבעסערונגס־הויז), וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין די צייטן פון אויגוסט דעם 3־טן. די דאָזיקע גאַס איז נאָך אין 18־טן יאָרהונדערט געווען בלויז אַ נאָמען, ווייל זי איז געווען אַ פריי פעלד. דאָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מאַגאַזין, ווו אַלע יידישע סוחרים, וועלכע זיינען געקומען קיין וואַרשע און אויסגעקויפט דאָרט טאָגצעטלען, האָבן געמוזט דעפּאָנירן זייערע סחורות, אַריינטראָגנדיק דערפאַר אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אָפּצאָל. די וואַרשעווער יידן קלאָגן זיך אין זייערע מעמאָראַנדומס, אַז דער מאַגאַזין געפינט זיך זייער ווייט אויסער דער שטאָט און עס איז דאָרט שווער צוצוקומען.

ה אַ ל ע מ י ר אָ ו ו ס ק ע . דאָרט האָבן זיך אַמאָל געפונען די קאָשארן פון דער גוואַרדיע, וואָס האָט געהייסן מיראָווסקא.

אָ ג ר אָ ד אָ ו ו ע איז צוזאַמען מיט דער סאָלנע, אָרלע, ביאַלע געווען אַ טייל פון די וולוקעס, וועלכע האָבן געהערט צו דער קירך פון הייליקן קרייץ. די קירך האָט זיי באַקומען אַ מתנה פון דער באַרימטער וואַרשעווער פּאַטריציער־משפחה די באַ־ריטשקאָס. אין יאָר 1764 איז נאָך די אָגראָדאָווע גאַס נישט געווען באַבויט, נאָר געווען באַדעקט מיט גערטנער. פון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען.

ב אַ ג נ ע, ג נ אָ י נ ע, ז ש אַ ב י ע. די דאָזיקע נעמען דערקלערן זיך דער־מיט, וואָס דער באָדן פון וואַרשע, בפרט אין דעם צפון־מערבדיקן טייל, איז גע־פאַלדעוועט. די אייזן־גאַס גייט מיט דער פאַלד, וואָס פאַלט אַראָפּ־צו צו דער ווייסל. דאָס וואַסער, וואָס פאַלט אַראָפּ פון דעם רוקן פון דעם פאַלד, האָט געשאַפן זומפּן, וואָס דער שפּור פון זיי איז געבליבן נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין די נעמען באַגנא (זומפּן), גנאָינא (פוילנדע גאַס), זשאַביא (זשאַבעס). די דאָזיקע, וואַסערן פלעגן טאַקע ביז צו די לעצטע צייטן פאַרגיסן די גאַסן קרולעווסקע און מאַרשאַלקאָווסקע.

עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די דאָזיקע פאַלדן זיינען נישט בלויז דרויסנדיקע,

זיי זיינען אויך אינעווייניקסטע. דערביי זיינען אינעווייניק אין דער ערד פֿאַראַן שיכטן, וואָס באַשטייען פון מאַטעריאַל, וועלכער לאָזט נישט אַדורך קיין וואַסער, דערפֿאַר האָבן זיך אין די פאַרטיפֿונגען פון דעם באָדן געשאַפן זאַמלונגען פון וואַסער און זומפן.

ק אַ ר מ ע ל י צ ק ע . פון דער קירך פון די באָרוויסע קאַרמעליטן, וועלכע האָבן אין די צייטן פון יאַן סאָביעסקי אויפגעשטעלט אויף לעש אַ קירך.

ע ל ע ק ט אָ ר אַ ל נ ע . פון דעם פּוילישן וואָרט וואל. דורך דער גאַס האָט געפירט דער וועג קיין וואָליע, ווו עס פלעגן פּאָרקומען וואַלן אויף אַ פּוילישן קיניג.

נ יי ע ־ וו ע ל ט . אויפן טויער פאַר דעם פּאַלאַץ פון קיניג יאַן קאַזשימיערזש, גערופן קאַזימיערזשאָווסקי (היינט דער אוניווערזיטעט), איז געווען אויפגעשטעלט אַ וועלטקויל, בלוי געמאָלן מיט גאָלדענע שטערנדלעך. די דאָזיקע קויל האָט זיך אַלע מאָל געוואָרפן אין די אויגן און דעריבער האָט מען די גאַס גערופן „נאָך דער נייער וועלט”, שפּעטער נייע וועלט. אין מיטן פון 18־טן י״ה איז אַ טייל פון דער נייער וועלט, אָנהויבנדיק פון דער שווענטאָקזשיסקע גאַס, געווען אויף דער רעכטער זייט באַדעקט מיט פעלדער. דער טייל נייע וועלט, וואָס האָט זיך געצויגן פאַר דער קירך פון הייליקן קרייץ, איז געווען באַרימט מיט אירע גרויסע בלאָטעס.

מ אַ ר ש אַ ל ק אָ וו ס ק ע . דער נאָמען נעמט זיך דערפון, וואָס די גאַס האָט זיך געגרענעצט ביט די בנינים פון דעם באַקאַנטן וואַרשעווער גרויס־מאַרשאַלעק פראַנציזשעק ביעלינסקי. ביעלינסקי איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע מאַרשאַלעקס. אים פאַרדאַנקט וואַרשע דעם אָנהויב פון איר מאָדערניזאַציע: די נומעראַציע פון די גאַסן, דאָס ברוקירן פון די גאַסן, די באַלייכטונג וכדומה.

כ מ י ע ל נ ע . פון פּוילישן וואָרט כמיעלניק, ד. ה. אַ נאַסע לאָנקע.

וו י ל ט ש ע . אינעם 15־טן י״ה האָבן די פעלדער אויף דער דאָזיקער גאַס באַלאַנגט צו דער וואַרשעווער משפחה ווילק — פון דאַנען שטאַמט דער נאָמען ווילטשאַ.

מ אָ ק אָ ט אָ וו . דער נאָמען איז אַ פראַנצויזישער (מיין היגל) מאָקאָטאָוו איז געגרינדעט געוואָרן אַן ערך אין יאָר 1776 דורך דער פירשטין איזאַבעלא לובאָמירסקא (פון די טשאַרטאָריסקיס), די פרוי פון גרויס־מאַרשאַלעק לובאָמירסקי. מאָקאָטאָוו איז דערנאָך איבערגעגאַנגען נאָך פאַרשידענע גלגולים אין די הענט פון דער גרעפין דוניך־ וואָנסאָוויטשאָווא, וועלכע האָט עס איבערגענומען אין יאָר 1820 אין אַ זייער פאַרנאַכלעסיקטן צושטאַנד. זי האָט עס טאַקע אויפגעבויט און אויסגעפוצט מאָקאָטאָוו.

פון בוך: „קאַפּיטלען געשיכטע”, בוענאָס איירעס, 1953.

# לאַמעד שאַפּירא

## וואַרשע 1896 — וואַרשע 1903



צום סוף פון יאָר 1896 בין איך, נאָך כמעט אַ ייִנגל, געקומען קיין וואַרשע מיט דער בפֿרושער כוונה איינצונעמען די שטאָט.

וואָס זיינען געווען מיינע קוואַליפיקאַציעס פאַר דעם דעראָבערישן צוג? גאָר־נישט. סיידן אפשר דער גוטער ווילן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אָנהויבן שרייבן — און צערייסן — אינם עלטער פון אַכט יאָר.

אין מיין קינדהייט און פריער יוגנט בין איך געווען עקזאַלטירט פרום, און מיין אידעאַל איז געווען דער צדיק, דער „גוטער־ייד". ווי אַזוי דאָס האָט זיך ביי מיר געפּאָרט מיט די פאַרזוכן צו שרייבן ווייס איך נישט. מיינער אַ פעטער, זעענדיק מיין פרומקייט, איז געווען געבוג ווייטזיכטיק אויף צו זאָגן: „אַז דער בחור וועט אויסוואַקסן, וועט ער ווערן אַן אפיקורס". צו די בר־מצווה־יאָרן האָב איך אָנגעהויבן אָנצווווערן מיין גאָט, און אַ פּאָר יאָר בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַ וואַקסנדיקן חורבן אין האַרצן. איך בין געווען אין פאַרצווייפלונג און דערגאַנגען ביז צום פאַרפאַסן מיינע אייגענע תפילות, אינם נוסח: נא, אדוני, גיב מיר אַ צייכן! נאָר גאָט איז געבליבן זיצן אויפן באַרג סיני, פאַרהילט אין זיינע וואָלקנס, און איך האָב נישט זוכה געווען צו זען אפילו את אחוריו. דאָס איז געווען מיין ערשטע שווערע איבערלעבונג און, ווערליג מיין עלטער, אפשר די שווערסטע. און דעמאָלט האָב איך שוין געשריבן שירים און סיפורים אין העברעיש. שפּעטער — אין רוסיש,נאָר די גאַנצע צייט האָב איך געשריבן אין ייִדיש — אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אָן אַ טעאָרעטישן הכשר, ווייל איך האָב פשוט נישט געטראַכט וועגן ייִדיש ווי וועגן אַ שפּראַך. דעם הכשר האָב איך געקראָגן פיל שפּעטער. און אויף אַ קרוי־

---

לאַמעד שאַפּירא (זיין פולער ערשטער נאָמען: ילוי) איז געבוירן געוואָרן אין זשישטשעוו, קיעווער גובערניע, אין יאָר 1878. אין יאָר 1896 דאָס ערשטע מאָל אין וואַרשע, 1903־1904 — דאָס צווייטע מאָל, 1909־1910 — דאָס דריטע מאָל. פון דאַן — אין דער שווייץ און — אין אַמעריקע. געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס — דעם 25טן אויגוסט 1948. איינער פון די גרויסע פראַזע־מייסטערס אין ייִדיש. זיין סטיל — אַבסאָלוטער צימצום. אויפגעשריבן בלויז עטלעכע ביכער. זיינע דער־ציילונגען וועגן די צאַרישע פּאָגראָמען פון די יאָרן 1903־1905 זיינען אפשר די טראַגיש־שטאַרקסטע אויף אָט דער גורלדיקער ייִדישער טעמע. זיינע געציילטע שורות וועגן אַמאָליקן ייִדישן וואַרשע זיינען פּונקט אַזוי שענסטער עסיי ווי אוי־טענטישער דאָקומענט פון דעצידירנדיקע יאָרן.

מען וועג, פון — מאָלט אייך — פון פּיסאַרעוון!... ער האָט אָפּגעווענדט מיין בליק פון „די מאָרגענשטערן וואָס זינגען אין כאָר" צו דער אַרומיקער וועלט, צו דער רעאַלער אומגעבונג. פונדאַנען איז קלאָר מיין וויטערער גאַנג צו דער יידישער ליטעראַטור. מסתמא איז אַזוי, אָדער ענלעך דערצו, געווען דער וועג פון אַ סך אַנדערע יידישע שרייבער פון מיין דור.

געקומען קיין וואַרשע, האָב איך אין מיין האָטעל אָנגעטאָן אַ וויזיטקע — אַ בגד וואָס איז מסתמא ארויסגעקומען פונם שידוך צווישן אַ סורדוט און אַ פראַק — און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק ווי עס האָבן געטראָגן די שילער פון די רעאַל־גימנאַזיעס. אין דער דאָזיקער אויסשטאַטונג, האָב איך אָנגעקלונגען אויף צעגליאַנע נומער איינס, ביי אַ טיר, ווו אויף אַ מעשענעם טאָוול איז געווען אויסגעקריצט: „י. ל. פּרץ מקבל בשעה הרביעית אחרי הצהרים". די טיר האָט געעפנט טאַקע פּרץ אַליין. פּרץ'עס אַזוי אויך גרויסע אויגן זיינען נאָך גרעסער געוואָרן ווען ער האָט דערזען מיין הילוך. איך שטעל מיר פאָר וואָס פאַר אַ אויגן ער וואָלט געמאַכט, ווען ער ווייסט נאָך, אַז דאָס זעט ער פאָר זיך אַ — טשינגיס־כאַן.

ער האָט מיך אַריינגענומען אין זיין קאַבינעט, און מיר האָבן געשמועסט וועגן דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט דעמאָלט אַזוי גוט ווי נישט עקזיסטירט. עס איז געווען נאָך שלום־עליכמ'ס „פאָלקס־ביבליאָטעק"; נאָך ספּעקטאָר'ס „הויז־פריינד"; דער ערשטער פּעריאָד פון פּרצ'ס „יידישער ביבליאָטעק" און פון זיינע „יום־טוב־בלעטלעך" איז געווען פאַרגאַנגענהייט. קיין ביכער זיינען נישט דערשינען; אפילו די איינבויגנדיקע דריי־קאָפּיקע ביכלעך פון פאַרלאַג מונק האָבן זיך מער נישט געוויזן. פון יענעם געשפּרעך האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי מיר אין זכרון בלויז מיין פראַגע: „סטייטש, עס איז דאָך געווען אַזאַ אויפלעבונג מיט אַ פאָר יאָר צוריק?..." — און זיין אָפּגעהאַקטער ענטפער: „צווישן די שרייבער —נישט צווישן די לייענער..."

עס זיינען געווען בין השמשותדיקע יאָרן; פאַר מיר — יאָרן כמעט פון פאַרצווייפלונג איבער דער מעגלעכקייט פון אַ ליטעראַטור אין יידיש. מענדעלע האָט אין אָדעס פאַרוואַלטעט מיט דער דאָרטיקער תלמוד־תורה; שלום־עליכם האָט געמנחם־מענדלט אין קיעוו, און פון זייביידן האָט מען אין וואַרשע נישט געוווסט, אויסער צווישן די פאָר שרייבער; אין וואַרשע גופא האָבן געוווינט פּרץ און ספּעקטאָר, נאָר איך בין מסופק צי דער וואַרשעווער עולם האָט זיי געקענט ווי שרייבער. דוד פינסקי האָט שטודירט אין בערלין — אַזוי דערציילט מיר אברהם קאָטיק. עפּעס אַ יונגערמאַן וואָס האָט „געהאַט אַ פונק אין זיך", אברהם רייזען, האָט ערגעץ געדינט דעם קייסער; ער איז געווען אין דער מוזיקאַנטסער קאָמאַנדע און האָט, מסתמא, מכוון געווען דעמאָלט די „דריי טאַקטן". און — שוין. דאָס איז געווען די גאַנצע יידישע ליטעראַטור. קיין פּרעסע אין יידיש איז נישט געווען דערלויבט. די העברעישע „הצפירה" אין וואַרשע האָט גענומען געלט פאַר דרוקן אַרטיקלען פון געוויסע שרייבער, און דער „המליץ" אין פּעטערבורג האָט געבראַכט קאָרעספּאָנדענצן פון דער פּראָווינץ וועגן דער אָפּגעברענטער באָד אָדער וועגן מחלוקתן איבער אַ שוחט אָדער אַ רב.

אין פאַרענטעזיס — אַ דעטאַל וועגן דעם פּרצן פון יענער צייט. מיר, אַ גרופּע

יונגעלייט, האָבן געהאַט געפּלאַנעוועט ארויסצוגעבן אַ זשורנאַל און האָבן געוואָלט האָבן פּרצן פאַר אונדזער רעדאַקטאָר. מיר האָבן געהאַט מיט אים אַן אונטעררעדונג, און אַז עס איז געקומען זיין רייע צו ריידן, האָט ער זיך פאַר אונדז אַנטשולדיקט: וועגן „אַזעלכע ענינים״ איז אים שווער זיך אויסצודריקן אין יידיש, און אַזוי ווי מיר, „ליטוואקעס״, פאַרשטייען נישט קיין פּויליש, וועט ער ריידן — רוסיש. —

לאָמיר זיך דערמאָנען: נישט לאַנג פאַר דעם האָט פּרץ געשריבן, ספק אַפּאָלאָגעטיש, ספק איראָניש, אַז אַנדערש וואָלט זיין ליד געקלונגען ווען ער וואָלט פאַר גוֹיִם גוייש זינגען. ליבעלייען, למשל, אין יידיש וואָלטן אַרויסגעקומען:

מיין קרוין, מיין שאַץ, מיין שעצל —
עס האָט אַ טעם ווי לאַקריץ־פּלעצל
און שמעקט נאָך צו מיט גענדזנשמאַלץ. —

נאָך צוויי יאָר אין וואַרשע, בין איך אָפּגעפאָרן צוריק אין מיין שטעטל, אין אוקראַינע, צוליב פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן. די שטאָט האָב איך נישט איינגענומען, און וואַרשעווער ציטאַדעל איז געבליבן אומבאַרירט. איך בין געפאָרן מיט דער כוונה זיך אומצוקערן באַלד צוריק — און בין אָפּגעווען אין מיין היים פינף יאָר. פאַר דער צייט האָב איך געלעבט מייסטנס מיט די אינטערעסן פון דער רוסישער ליטעראַטור און דער אָנקומענדיקער ערשטער רעוואָלוציע. נאָר ביי זיך האָב איך געשריבן יידיש. אַז איך בין געקומען צוריק אין 1903, איז וואַרשע געווען נישט־צו־דערקענען. די גאַנצע יידישע וועלט איז געווען נישט־צו־דערקענען. אויף די געמאַרקן צווישן צוויי יאָרהונדערטן זיינען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן די צוויי גרויסע יידישע פּאָליטישע באַוועגונגען, דער מאָדערנער ציוניזם און דער בונדיזם. אין פּעטערבורג האָט עקספּלאָדירט די ערשטע טעגלעכע צייטונג אין יידיש, דער „פריינד״. די וואָס געדענקען יענע צייטן און וואָס ווייסן די ראָלע פונם „פריינד״ אין אונדזער פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן וועלן פאַרשטיין פאַרוואָס איך האָב געברויכט דעם אויסדרוק „עקספּלאָדירט״. אין וואַרשע גופא איז געגאַנגען די וועכנטלעכע „פאָלקסצייטונג״, פריער אונטער דר. יוסף לוריע, דערנאָך אונטער ספּעקטאָרן. פּרץ איז געוואָרן אפשר דער גלענצנדיקסטער רעדנער אין יידיש וואָס איך האָב ווען געהערט, אַ שלאָגנדיקער פאָנטאַן פון בליציקע געדאַנקען און פאַרביקע רייד; שלום־עליכם — דער פּאָפּולערסטער, געלייענטסטער שרייבער אפילו אין פּוילן. ביאַליק, בערדיטשעווסקי און יהודה שטיינבערג האָבן געשריבן אי העברעיש אי יידיש, און אפילו שמעון פרוג האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע חטאות נעורים און האָט זיך, מיט אומזיכערע טריט דערנענטערט צו דער שפּראַך „פון ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס״. מ׳האָט אָנגעהויבן הערן פון אַמעריקע: מאָריס ראָזענפעלד — קאָברין — ליבין — יעקב גאָרדין — אברהם ליעסין. פון דאָרטן טאַקע האָט מען אונדז מזכּה געווען אויך מיט איבערגעזעצטע שונד־ראָמאַנען און „באַאַרבעטונגען״ פון פרעמדע ליטעראַטורן. די גוטע לייט האָבן אפילו שעקספּירן איבערגעניצעוועט אַזוי אַז ער איז אַרויסגעקומען אַזויגוט־ווי־ניי. און אין וואַרשע אַליין: פרישמאַן — דינעזאָן — זעצער — בעל מחשבות — רייזען — נאָמבערג — אַש — ווייסענבערג — ז. שניאור — יעקב שטיינבערג — י. ד. בערקאָוויטש... אַהאָ! אויס מיט די חלומות וועגן איינגעמען וועלטן. ווענסט זיין צופרידן,

גוטער־ברודער, צו קאָנען באַשטיין דיין אייגן שטעטל. פון ווייט־צעוואָרפענע העקן, פון קליינשטעטלדיקע בלאָטעס, זיינען זיך צונויפגעלאָפן קיין וואַרשע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס — פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען?! וואָס פאַר אַ כוחות האָבן זיי אַרויסגעשטויסן פון די טיפענישן פון פאָלק און זיי געשיקט מיט אַ שליחות: גייט און שאַפט אַ ליטעראַטור אין ייִדיש! און דאָס איז אין אַ צייט ווען אַז עמיצער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פערזענלעכע אַמביציעס, האָט ער געקענט גיין צו רוסיש, צו פּויליש, צו דייטש. און זיי זיינען טאַקע געגאַנגען. נישטמער, אַהין זיינען געלאָפן — מיטן אויסנאַם פון צו דייטש — אונדזערע שוואַכסטע כוחות — אַ ברכה אויף זייערע קעפּ. אָה דאָס ליד פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט איז נאָך נישט געזונגען געוואָרן!...

דער מענטש וואָס האָט געזען די נייע ייִדישע ליטעראַטור ווי אַ קליין ריטש־קעלע, איז איצט געשטאַנען ביי די ברעגען פון אַ טייך, וואָס איז אים באַשערט געווען צו צעגיסן זיך איבער אַלע לענדער ווו ייִדן וווינען. —

פון בוך: „דער שרייבער גייט אין חדר“, לאָס אַנדזשעלעס, 1945.

## ד״ר יעקב שאַצקי

### יאַן באַגומיל בלאָך (1836־1901)



אין צענטער פון געוויסע סעקטאָרן פון יידישן לעבן אין וואַרשע איז געשטאַנען אַ מאַן, וואָס הגם ער איז זינט זיין פריער יוגנט נישט געווען אָפּיציעל מער קיין ייד, דאָך האָט אים דווקא דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע וואַרשע נישט אָפּגעשטויסן פון זיך. פאַרקערט, מען האָט זיך מיט אים געגרייסט, זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג וואָס שייך יידישע ענינים און אָפט געפונען אין אים דעם סאַמע וואַרעמסטן און הצלחהדיקן שתדלן. ער האָט געוווּנען צוטרוי און דרך־ארץ מחמת דעם, וואָס ער האָט מיט אַ סך ליידנשאַפט און שטאָלץ פאַרטיידיקט יידן און אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר עיקרדיקע יידישע פּראָבלעמען. די וואָס האָבן אים געקענט האָבן אפילו נישט געטראַכט, אַז ער איז נישט קיין ייד. אין די אויגן פון טעאָדאָר הערצל איז בלאָך געווען „אַ מערקווירדיקער שטיק מענטש״. אַ יידישער היסטאָריקער פּסקנט, אַז בלאָך איז „אין זיין טיפסטער נשמה פאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן אַ ייד״. ער גופא האָט פיינט גע־

---

ער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1894, אים איז באַשערט געווען צו ווערן דער גרויסער היסטאָריקער פון די יידן אין וואַרשע. אין יאָר 1922 האָט זיך ד״ר יעקב שאַצקי באַזעצט אין ניו יאָרק. געווען ביבליאָטעקאַר פון ניו יאָרקער פּסיכיאַטרישן אינסטיטוט, אַן אַרבעט, וואָס פאָדערט נישט נאָר די גאַנצע צייט, נאָר אויך אַלע מחשבות פון אַ מענטשן. און פאָרט האָט שאַצקי באַוויזן אָנצושרייבן אַ צענדלינק פונדאַמענטאַלע ביכער, אַ טויזנט פאָרשונגס־אַרטיקלען און עסייען, זיין פון די אַקטיוויסטע אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, און דערצו די דריי גרויס־בענדיקע געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע, פון די ערשטע אָנהויבן אין יאָר 1414 ביז דעם יאָר 1896. שאַצקי איז געווען אַ פאָרשער־אויטאָריטעט פון יידישן טעאַטער, יידישער פּרעסע און זיין ליבלינגס־פילאָזאָף ספּינאָזאַ — אָבער איבער אַלץ דער היסטאָריקער פון די יידן אין וואַרשע. שאַצקיס דינאַמיש־אַקטיוו־קעמפעריש לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן פּלוצלונג — צו זיינע קוים 62 יאָר — אין יוני 1956. די געשיכטע פון דעם גרויסן שרייבער שאַצקי, וואָס איז געווען כולו וואַרשע, דערציילט דאָס שאַצקי־בוך, רעדאַגירט יחזקאל ליפשיץ, בוענאָס איירעס 1958, פאַרלאַג פון ייוואָ־אָפּטייל. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאַפּיטל „יאַן באגומיל בלאָך״, וואָס מיר גיבן דאָ, איז נאָר אַ טראָפּן פון ים אַרויס. אָבער די רעמען פון אונדזער אַנטאָלאָגיע שטעלן זיך אַנטקעגן. שאַצקיס געשיכטע דאַרף אַ וואַרשעווער, ניין, דאַרף יעדער ייד לייענען און לייענען.

האָט משומדים, האָט ליב געהאַט זיך אַרומצורינגלען מיט יידן און זיין גאַנץ לעבן שטודירט יידישע פּראָבלעמען. די קליינע יידישע צדקה איז אים נישט געווען צום האַרצן. ער האָט געהאַלטן, אַז וואַרשעווער יידישע גבירים האָבן נישט גענוג וועלט־שכל או זיי גיבן אַזוי פיל וויפל „זייער שוואַך יידיש האַרץ דיקטירט זיי״. בלאָך איז געווען אַ פילאַנטראָפּ פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם. ער האָט זיך געשניטן אויף אַ סאָציאַלן רעפאָרמער. ער וואָלט עס געקאָנט ווערן ווען ער ווערט געבוירן, למשל, אין ענגלאַנד; אָבער אין די תנאים פון רוסישן פּאָליטישן לעבן איז דאָס געווען נישט פון די גרינגע זאַכן, הגם ער איז געווען בשעתו איינער פון די גאָר ערנסטע קאַנ־דידאַטן פאַר רוסישן פינאַנץ־מיניסטער.

זיין סאָציאַלע פילאָזאָפיע האָט זיך אויסגעדריקט אין פּאַציפיזם, צו וועלכן ער איז אגב געקומען אונטער דער השפעה פון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. אין דער זעלבער צייט איז זיין טעטיקייט אויפן יידישן געביט געווען אַ ברייטע און אַ תוכיקע. ער האָט אַ סך געטאָן, געשריבן און געשטיצט פּלענער וועגן פאַר־בעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין רוסלאַנד און אין פּוילן. ער האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף הערצלס רוף צום „אַלטניילאַנד״. ער האָט אַרויסגעוויזן נישט ווינציק אינטערעס פאַר באַראָן הירשס פּראָיעקט וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע אין דרום־אַמעריקע. פילאָזאָפיש און סאָציאַל־עקאָנאָמיש אַן עקלעקטיקער, האָט בלאָך געהאַט אָפענע אויגן און אַ ברייטע האַנט פאַר יעדער יידישער אַרבעט פון אַ קאָנקרעטן פּראַגמאַטישן כאַראַקטער. דער ניכטערער פּאָ־ליטיקער אין אים האָט אָבער אין דער זעלבער צייט שטאַרק פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון רעכט אויף עמיגראַציע, הגם ער האָט באַקעמפט די פּאָליטיק פון צוואַנג צו עמיגרירן. דערפאַר האָט ער פילאָזאָפיש דעם ציוניזם נישט געקאָנט אויפנעמען; פּראַקטיש איז ער אָבער געווען גרייט אים צו שטיצן. בעת די וואַרשעווער פּוילישע פּרעסע האָט דערזען אין ציוניזם אַ באַוועגונג וואָס וועט העלפן פּטור ווערן פון יידן אין לאַנד, האָט בלאָך געשריבן, אַז דאָס לאַנד וועט ווינציק וואָס געווינען פון דער עמיגראַציע פון יידן, ווייל זייער אָרט וועלן פאַרנעמען רוסן און דייטשן. אין די תנאים פון די צענזור־שוועריקייטן איז דער רמז גופא געווען אַן אַקט פון גייס־טיקן מוט.

בלאָך האָט זיך געוואַלטיק געייחוסט מיטן אָפּשטאַם פון זיין משפּחה; אין זיין ביוראָ אין וואַרשע, אויף קרולעווסקע גאַס, איז געהאנגען אַ גרויסער עץ־הייחוס פון די בלאָכס, און זיין אויטענטישקייט איז געווען באַשטעטיקט פון אַ ריי פּראָ־מינענטע יידישע משפחה־פאָרשערס. די בלאָכס האָבן געשטאַמט פון האַמבורג. דער זיידע, ר׳ פייוול אָדער פייט בלאָך, איז געווען אַ פרומער ייד מיט אַן אומרויקער נשמה. דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן קיין ביימען. ער האָט געהאַנדלט מיט טליתים און איז אַרומגעפאָרן אויף ירידים זיי צו פאַרקויפן. אין 1795, בעת דעם קאָשטשוש־קאָ־אויפשטאַנד, איז ער געווען אין וואַרשע, אין דער שטאָט, אין וועלכער זיין אייניקל איז געווען באַשערט זיך צו באַזעצן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער. נאָך דעם האָט זיך פייוול בלאָך באַזעצט אין ברעסלע, ווו ער האָט געעפנט אַ קליינע פאַבריק פון טליתים. פון ברעסלע איז פייוול בלאָך אַוועק קיין לעסלע, דעמאָלט אַ שטאָט אין פּירשטנטום וואַרשע. דאָרט איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1813.

פייוול בלאָך האָט געהאַט דריי זין. דער מיטעלער, שלמה אָדער סעלים, יאַן

בלאָכס פֿאָטער, איז אויך געווען אַ וועבער. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1790. נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט אין וואַרשע מיט אַ דייטש־יידיש מיידל, פֿרידעריקאַ ניימאַרק, האָט ער זיך אָן ערך 1812 באַזעצט אין ראָדעם, ווו ער איז געשטאָרבן אין 1876.

אין ראָדעם האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען ביזן יאָר 1862. אַן אויסנאַם האָט מען געמאַכט פֿאַר יידן בעלי־מלאכות, וואָס טראָגן אייראָפּעישע קליידער און שיקן זייערע קינדער אין אַלגעמיינע שולן. דאָס האָט שלמה־סעלים בלאָך געטאָן, און מיט דער הילף פֿון אַ מלוכה־סובסידיע געעפֿנט אַ וועבעריי. אין ראָדעם זיינען געבוירן געוואָרן זיינע פֿינף זין און צוויי טעכטער. מיט די זין האָט מען ווי עס איז געלערנט פּריוואַט אַביסל יידישקייט. די אַלגעמיינע בילדונג האָבן זיי אַלע באַקומען אין דער וואָיעוואָדישער שול. די מאַמע האָט קיין אינטערעס פֿאַר יידישע ענינים בכלל נישט געהאַט, און דער פֿאָטער, פֿאַרזונקען אין דאגות פּרנסה, האָט זיך ווינציק אָפּגעגעבן מיט די קינדער. פֿייוול, דער עלטערער זון, וואָס האָט געהייסן נאָכן זיידן, איז אַוועק קיין וואַרשע אין 1842 בעת ער איז אַלט געווען 17 יאָר און זיך באַלד געשמדט. אין 1851 קומט אַראָפּ קיין וואַרשע נתן בלאָך, דער יינגסטער זון, געבוירן 1836, ער ווערט אָפּגעשמדט פֿון דעם עלטערן ברודער. ער גיט זיך דעם נאָמען יאַן באָגומיל בלאָך. ער איז אַריין אין דער באַרימטער וואַרשעווער רעאַלשול און אין די נאָכמיטאָגן געאַרבעט אין דעם באַנקהויז פֿון זיין ראָדעמער לאַנדסמאַן דוד ראָזענבלום און שפּעטער ביי הענריק טעפּליץ. נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט די רעאַלשול איז ער געווען געצוווּנגען תיכף זיך נעמען צו פֿאַרדינען. עס האָט אים אָפּגעגליקט מיט אַ שטעל פֿון אַ פֿאַרוואַלטער פֿון גרויסע גיטער פֿון אַ פּוילישן פּריץ, וואָס זיין זון איז מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן זיין איידעם. אַ דאַנק די אָפּגעשפּאָרטע געלטער האָט ער געקענט אַוועקפֿאָרן קיין פּעטערבורג ווו עס האָבן זיך געפֿונען אַ סך חשובע יידן־באַנקירן און סוחרים פֿון וואַרשע. ער ווערט אַן אונטערנעמער ביים בויען די וואַרשעווער־פּעטערבורגער באַן. ער ווערט נתעשר, קומט צוריק קיין וואַרשע און עפֿנט אַ באַנק־געשעפֿט. דעם אויפֿשטאַנד האָט ער, פּונקט ווי זיין קרוב און שפּעטער זיין קאָנקורענט, קראָנענבערג, איבערגעוואַרט אין אויסלאַנד. ער האָט אַביסל שטודירט אין בערלין, זיך צוגעקוקט צום לעבן און גאָר אַ סך געלערנט. חוץ דעם באַנק־געשעפֿט האָט בלאָך געהאַט אין פּוילן אייגענע דאַמפֿמילן. ער האָט חתונה געהאַט מיט עמיליאַ קראָנענבערג, וואָס איר פֿאָטער, אַ דאָקטאָר, איז געווען אַ ברודער פֿון לעאָפּאָלד קראָנענבערגן. אַ דאַנק דעם דאָזיקן שידוך ווערט בלאָך קראָנענבערגס געשעפֿטס־ממונה און העלפֿט אים קומען צוריק קיין וואַרשע. צווישן קראָנענבערגן און בלאָכן זיינען באַלד אויפֿגעקומען ריי־סערייען און חשדים, אַז איינער וויל ביים צווייטן אויסנאַרן די אונטערנעמונגען. בלאָך ציט זיך באַלד צוריק פֿון אַן אייזנבאַן־קאָנצעסיע, אין וועלכער קראָנענבערג איז געווען פֿאַראינטערעסירט. ער הייבט אָן אַ ליידנשאַפֿטלעכן קאַמף קעגן אים און שטערט אים כסדר ווו נאָר ער קען. אַזוי למשל, געלינגט בלאָכן (1865) צו באַקומען די קאָנצעסיע צו בויען די לאָדזשער באַנליניע, שפּעטער די ליבאַווער, און מיט דער צייט (1873) אָפּצוקויפֿן די מאַיאָריטעט אַקציעס פֿון דער בריסקער־קיעווער באַנליניע. ער שאַפֿט אַ געזעלשאַפֿט פֿון די דרום־מערבדיקע אייזנבאַנען. נאָר די נאַדווישלאַנער ליניע האָט זיך בלאָכן נישט איינגעגעבן צו קריגן, און זי

איז געבליבן ביי קראָנענבערגן. אין 1876 האָט זיך קראָנענבערג צוריקגע־צויגן פון דער וואַרשעווער־ווינער באַנליניע. נאָך זיין טויט בויט בלאָך (1882) די דאָמבראָווער ליניע.

דער דאָזיקער גיגאַנטישער דועל צווישן די צוויי גרעסטע פינאַנץ־מאַגנאַטן וואָס פוילן האָט פאַרמאָגט איז געשטאַנען אין צענטער פונעם געזעלשאַפטלעכן סדר־היום און איז אפילו פאַראייביקט געוואָרן אין אַ מיטציטלערישן ראָמאַן פון יוזעף קראַשעווסקי. אין די יאָרן 1867—1870 איז בלאָך געווען איינער פון די וויכ־טיקסטע איניציאַטאָרן פון די גרויסע וואַרשעווער אינסטיטוציעס: די „קרעדיט־געזעלשאַפט״, די „האַנדלס־באַנק״, די „געזעלשאַפט פאַר קאַנאַליזאַציע און וואַסער־לייטונג״ און די ערשטע אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט אין פוילן. אין 1873 ווערט יאַן בלאָך אויסגעקליבן פאַרן פאָרזיצער פון דעם וואַרשעווער בערזע־קאָמיטעט, וואָס איז געווען די העכסטע אינסטאַנץ אין עקאָנאָמישן לעבן פון פוילן.

די פוילישע אַריסטאָקראַטיע שאַרט זיך צו אים און וויל זיך באַטייליקן אין די געשעפטן אין וועלכע ער, דער „ייד״ בלאָך, איז אַזוי מזלדיק. אין 1885 ווערט זי־גמונט וויעלאָפּאָלסקי, דער זון פון אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקי, זיינער אַ שותף.

חוץ באַנען האָט בלאָך געבויט אַ ריזיקע האָלץ אינדוסטריע. חוץ די דאַמפמילן אין וואַרשע אויפן שילעץ, ווו עס האָבן געאַרבעט על פּי רוב יידן וואָס האָבן אגב געוווינט אין זיינע הייזער און כמעט נישט געצאָלט קיין דירה־געלט, האָט בלאָך באַשעפטיקט זייער אַ סך יידן אין זיינע טאַרטאַקן אין פּאָליעסיע. ער איז געווען פאַררעכנט צווישן די פּיאָנערן פון דער האָלץ־אינדוסטריע אין לאַנד און האָט דורך זיין יועץ און אַדוואָקאַט קירשראָט־פּראַוויניצקי געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז יידישע סטאָליערס אין וואַרשע זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין קאָאָפּעראַטיוון. ער איז געווען גרייט זיי צו שטיצן מיט רוי־מאַטעריאַלן.

אין דער צוקער־אינדוסטריע האָט בלאָך איינגעפירט אַ סך נייס. ער האָט גע־שטיצט ברייטע עקספּאָרט־מסחרים און דערביי געזוכט צו העלפן דעם קליינעם סוחר מיט קרעדיט. אין 1870, ווען מען האָט אים פאַרבעטן צו רעפאָרמירן די וואַרשעווער קרעדיט־געזעלשאַפט, האָט ער שטאַרק דעמאָקראַטיזירט די נייע תקנות און דערקלערט, אַז זיין כוונה איז צו מאַכן גרינגער דעם קליינעם סוחר צו קריגן קרעדיט אויף קליינע פּראָצענטער. די יידישע סוחרים האָבן אויפגעלעבט און גע־זען אין בלאָכס אַרבעט אַ געוואַלטיקע ישועה פאַר זיך, בפרט אין אַ לאַנד ווו מען האָט נאָרמאַל געצאָלט גאָרנישט קיין נאָרמאַלע פּראָצענטער.

קראָנענבערגס טעטיקייט איז תמיד געווען פאַר בלאָכן אַן אויסגאַנגפּונקט ווי אַזוי צו קערעווען זיין אייגענע אַרבעט. בעת קראָנענבערג האָט אין 1875 באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ העכערע האַנדלשול אין וואַרשע, האָט בלאָך אָנגע־הויבן זיך משתדל זיין, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו עפענען אַ פּאָליטעכניקום. גוטע פריינד האָבן אים אָבער אָפּגערעדט דערפון און ער האָט דעם פּראָיעקט אויפגעגעבן.

אין דער גאַנצער טעטיקייט פון יאַן בלאָך, להיפוך צו לעאָפּאָלד קראָנענבערג, איז דער ידישער מאָמענט געווען אַרויסגערוקט אַ סך בולטער, און טייל מאָל ממש דעמאָנסטראַטיוו. בלאָך דער פּאָזיטיוויסט האָט געהאַט וויניקער צוטרוי צום געזעל־שאַפטלעכן געוויסן פון די פּאָליאַקן ווי עס האָט געהאַט דער מער אַסימילירטער

אָבער ווייניקער קולטורעלער קראָנענבערג. אוודאי האָט ער געוואָלט, אַז ייִדן זאָלן זיך אַסימילירן מיט פּאָליאַקן, ער האָט אָבער נישט געגלייבט, אַז פּאָליאַקן ווילן דאָס. קראָנענבערג האָט עס אָבער בכלל נישט געוואָלט. ווי אַלע פּאָזיטיוויסטן האָט בלויז די עקאָנאָמישע טעטיקייט באַטראַכט אין טערמינען פון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק פון לאַנד. בעת עס איז געקומען די רעאַקציע קעגן פּאָזיטיוויזם און די טענות, אַז דאָס איז אייגנטלעך מער אַ ייִדישער ענין ווי אַ ריין פּוילישער, און דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אין דער טיף און אין דער ברייט, איז שוין קראָנענבערג געווען טויט, און חוץ בלאָכן איז אין וואַרשע נישט געווען קיין איין מענטש וואָס זאָל קענען מיט אַזאַ אויטאָריטעט זיך אַנטקעגנשטעלן דער דאָזיקער אַנטי־ייִדישער באַוועגונג. בעת דעם פּאָגראָם פון 1881 האָט בלאָך זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער סאַמע שטאָלצסטער און דרייסטסטער מענטש וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר ייִדן. די „אויפגעקלערטע" פון אַרום דער ‚איזרעאַליטאַ' האָבן געוואָלט מאַכן אַ שווייג וועגן דעם ענין און אַפּאָלאָגעטיש פאַרטיידיקט די וואַרשעווער פּרעסע, אַז זי איז נישט שולדיק אין אויפרייצן דעם המון, בלאָך האָט אָבער מיט זיי נישט איינגעשטימט. אויף אַ זיצונג פון דער „רעסורסאַ אָביוואַטעלסקאַ", דעם קלוב פון דער וואַרשעווער אַריסטאָקראַטיע און פּלוטאָקראַטיע, האָט בלאָך דעם 27טן דעצעמבער 1881 געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע און האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף קודם־כל איינפירן קריגצושטאַנד און אויפהענגען עפּנטלעך אַ פּאָר שולדיקע, כדי אויף אַזאַ אופן אָפּשרעקן די אַנדערע. די רעדע איז די פּאָליאַקן שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן. מען האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסגיין עפנטלעך קעגן דעם דאָזיקן קרוב־למלכותדיקן „ייִדל", און מען האָט דעם ענין דערשטיקט אין אַ הייסער דיסקוסיע.

בעת די אויפגעקלערטע האָבן אפילו נישט געוואָלט אַרויסשיקן פּרטים וועגן דעם פּאָגראָם צו די רוסישע און אויסלענדישע צייטונגען, אַפּשיטאַ דערלויבן זאַמלען געלט פאַר די קרבנות, איז בלאָך געווען שטאַרק פאַר דעם, אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן וואָס אין וואַרשע איז פאָרגעקומען. דער פּאָגראָם האָט אים מער דערנענטערט צו ייִדן. ער האָט געהאָלפן שאול פּנחס ראַבינאָוויטשן (שפ״ר) צו קריגן די נייטיקע מאַטעריאַלן וועגן דעם פּאָגראָם, וואָס זיינען געהיים אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד. ער האָט געהאָלפן פינאַנציעל דעם פּעטערבורגער קאָמיטעט אַרום באַראָן גינזבורג און געעפנט פאַר ייִדישע שתדלנים די טירן צו די מלוכה־שררות וואָס ער האָט גוט געקענט. ער האָט איינגעשטימט מיט די פּעטערבורגער כלל־טוערס, אַז לעת־עתה האָט די השגחה נישט צוגעשיקט קיין בעסערע מיטלען ווי צו קלאַפּן אין די טירן פון די קרובים למלכות און אויסבעטן אַ בעסער מזל פאַר ייִדן אין לאַנד.

1888 איז געשאַפן געוואָרן די באַרימטע קאָמיסיע פאַר איבערקוקן די רוסישע געזעצן לגבי ייִדן וואָס איז שפּעטער אָנגעפירט געוואָרן פון גראַף פּאַלען. פּלעווע, דער וויצעמיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים, האָט געוואָלט פאַראייניקן רוסלאַנד מיט פּוילן. ווי אַ התחלה פאַר אַזאַ פאַראייניקונג האָט ער קודם כל געוואָלט אָפּשאַפן די רעכט וואָס ייִדן האָבן געהאַט אין פּוילן אין זכות פון דעם אַקט פון עמאַנציפּאַציע פון 1862. מען האָט געוואָלט אָנווענדן די גזירות פון 3טן מאַי 1882 אויך אויף ייִדן אין פּוילן, ווי למשל זיי פאַרווערן צו באַזיצן גיטער. די דאָזיקע

גערפּלאַנטע גזירות האָבן בלאָכן געגעבן אַ שטויס צו אַרבעטן אויף אַ ווערק וואָס זאָל באַווייזן די גרויסע ראָלע וואָס יידן שפּילן אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. ווען מען האָט דעם וואַרשעווער בערזע־קאָמיטעט געבעטן צוצושטעלן אַ מעמאָראַנדום וועגן דער ראָלע פון יידן אין עקאָנאָמישן לעבן פון פּוילן, האָבן יאַן בלאָך, דער פּאָרזיצער פון דער בערזע, און הענריק נאַטאַנסאָן, דער וויצעפּאָר־זיצער, אויסגעאַרבעט אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום וועגן דעם דאָזיקן ענין. דער הויפּט־מחבר פון דעם דאָזיקן וויכטיקן דאָקומענט איז פּאַקטיש געווען בלאָך. ער האָט שוין געהאַט צוזאַמענגעקליבן די אַלע מאַטעריאַלן און האָט געמאַכט אַ סינ־טעטישן באַריכט. באַפעסטיקט מיט אַ שלל סטאַטיסטישע פּרטים און ציפערן, האָט דער דאָזיקער מעמאָראַנדום, צונויפגעשטעלט פון בלאָכס פּריוואַטן סטאַטיסטיש־עקאָנאָמישן אינסטיטוט אין וואַרשע, געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם. געשריבן נאָר כּאָ״ דער פּאַלען־קאָמיסיע און צונויפגעשטעלט בסוד־סודות — איז אָבער איין עקזעמפּלאַר פון דעם מעמאָראַנדום אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ פּוילישן זשור־נאַליסט און איז שטאַרק טענדענציעז צעשמירט געוואָרן אין דער וואַרשעווער פּרעסע.

בלאָך האָט געשריבן, אַז פּאָליאַקן טויגן זיך נישט אויס צום האַנדל, נאָר צום אַקעראייזן, און אפילו דאָס „נישט תמיד ווי עס דאַרף צו זיין". ווי אַ פּאַרטיידי־קונג־שריפט איז בלאָכס מעמאָראַנדום פול מיט גוזמאות, וואָס זיינען אין אַזאַ אַפּאָ־לאָגעטישער אַרבעט אומפאַרמיידלעך. די פּוילישע פּרעסע האָט אָבער אין גאַנצן פאַרקוקט דעם עיקר: דעם פּוילישן מאָמענט פון דער דאָזיקער שריפט. בלאָך שטעלט אַרויס אַ טעזע, אַז אין פּוילן האָבן יידן באַקומען פולע בירגעררעכט אין 1862 און דאָס האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דווקא אַ פּוילישן מלוכה־מענטש. ממילא זיינען די רו־סישע פּראָיעקטן וועגן באַגרענעצן די רעכט פון יידן אפשר חל אויף יידן אין רוס־לאַנד, בשום אופן אָבער נישט אויף יידן אין פּוילן. די לויבווערטער פאַר די יידישע מעשים־טובים אין פּוילן האָבן מער אויפגעבראַכט די פּוילישע פּרעסע ווי דער פּראָ־פּוילישער מאָמענט, און דערפאַר האָט מען בלאָכן אַזוי שטאַרק געטאַדלט פאַר דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום.

בלאָך האָט אָבער ווייטער זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט לטובת יידן אַזוי ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען, הגם די אַסימילירטע יידן האָבן אים דערפאַר שטאַרק קריטיקירט. אין תוך איז בלאָך נישט געווען קיין פּאַטריאָטישער פּאָליאַק. ער האָט למשל פאַרן פּולן קולטור־פּאָליטישן פּאַרטיקולאַריזם פון אַ לאַנד בכלל נישט געהאַט קיין צו גרויסע סימפּאַטיעס. אין פּעטערבורג האָט ער צוזאַמען מיט היפּאָליט וואַ־וועלבערג און גראַף זיגמונט וויעלאָפּאָלסקי פאַרטיידיקט די פּשרה־פּאָליטיק לגבי רוסלאַנד און געהאַלטן אַז מען דאַרף אויפגעבן די חלומות פון זעלבשטענדיקייט. די רייכע פּוילישע גוטבאַזיצערס און מאַגנאַטן זיינען געווען מיט אים, ממילא האָט אים ווייניק וואָס געאַרט וואָס די ,איזראַעליטא' לערנט מיט אים אַ פּרשה פּויליש־קייט. ער האָט ווייטער פאַרטיידיקט יידן קעגן די דראַקאָנישע אויסנעם־געזעצן. אין 1885 שיקט ער פונאַנדער זיין סטאַטיסטיש־עקאָנאָמישע אַרבעט, אין וועלכער ער וויזט אָן די נוצן וואָס דאָס לאַנד האָט פון דערלויבן יידן צו אַרענדירן און באַ־זיצן לאַנד. אַ גאַנצע ריי ביכער האָט ער צונויפגעשטעלט אויפן סמך פון די מאַ־טעריאַלן, וואָס אַ שטאַב פאָרשערס האָבן פאַר אים געזאַמלט. עס איז שווער אין

זיי נישט צו געפינען דעם יידישן מאָמענט. אין דער אַרבעט וועגן „פאַבריק־אינדוסטריע אין פּוילן אין די יאָרן 1871־1881״, אָדער אפילו אין דער מאָנומענטאַלער אַרבעט וועגן דער „השפעה פון אײַזנבאַנען אויף דעם עקאָנאָמישן מצב פון רוסלאנד״, אָדער אין זיין אַרבעט וועגן „די פינאַנצן פון רוסלאַנד אין 19טן יאָרהונדערט״ — אומעטום זעט זיך זיין געוואַלטיקער אינטערעס פאַר יידישע ענינים.

ווי אַן עקאָנאָמיסט איז בלאָך פאַקטיש געווען אַן עקלעקטיקער, מער פּובליציסט וואָס אָפּערירט מיט סטאַטיסטיק, איידער אַ סאָציאַלער פאָרשער. ער האָט אָבער אימפּאָנירט מיט זיין גרינטלעכקייט און ווייטזעעוודיקייט. ער ווערט נישט מיד פון קאָנסטרוקטיווע פּלענער וואָס זאָלן העלפן יידן. זיין ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט באַראָן מאָריס הירש אין פּאַריז, מיטן ענגלישן כלל־טוער שמואל מאָנטעגיו, שפּעטער לאָרד סווייטלינג (1832־1911) אין לאָנדאָן, מיט באַראָן האָראַץ גינזבורג אין פּעטערבורג און מיט טעאָדאָר הערצל אין ווין — זאָגן עדות אויף זיין פאַרצווייגטער יידישער אַרבעט. ער האָט זיך מיאש געווען אין דער פּעולה פון רעפאָרמען און געזען אין אַנטיסעמיטיזם אַ חולאת, פון וועלכער מען קען זיך נישט שיצן, מחמת דעם וואָס „דער מענטש, דער שכן, איז פול מיט פאָראורטיילן לגבי יידן״.

אין 1890 שאַפט בלאָך אַ ספּעציעלע ביוראָ כדי צו פאָרשן דעם יידישן עקאָנאָמישן מצב אין פּוילן. הגם ער האָט אויף דעם נישט געהאַט קיין לעגאַלן סטאַטוס, דאָך האָט דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר אים נישט געשטערט אין דער אַרבעט. אין דעם דאָזיקן ביוראָ האָט געאַרבעט ווי אַ סעקרעטאַר דער באַרימטער פּוילישער פאָלקלאָריסט שמואל אַדאַלבערג (1867־1939), י. ל. פּרץ און אַנדערע. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט דאָס דאָזיקע ביוראָ זיך קונה־שם געווען טאַקע צוליב פּרצן, וואָס זיינע „רייזעבילדער״, געדרוקט אין זיין „יודישע ביבליאָטעק״, זיינען געווען אַ קינסטלערישער סך־הכל פון דער דאָזיקער אַרבעט.

אין יוני 1889 האָט הערצל זיך באַקענט מיט בלאָכן אין האָלאַנד. אין זיינע טאָגביכער נאָטירט ער, אַז בלאָך האָט אויף אים געמאַכט אַ גוטן איינדרוק: „דאָס איז אַ קלוגער, געבילדעטער, אַלטער יידישער סוחר״. ער דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט נישט, אַז בלאָך איז געווען אַ משומד. דעם 29טן דעצעמבער 1900 האָט בלאָך באַזוכט הערצלען אין ווין. זיי האָבן אַרומגערעדט דעם ענין וועגן אויספאָרשן ווי־סנשאַפטלעך דעם אַנטיסעמיטיזם. דעם 13טן נאָוועמבער 1901, קנאַפּע צוויי חדשים פאַר זיין טויט, האָט בלאָך פאָרגעלייגט הערצלען אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן זיינס אַ בוך וועגן דער יידן־פראַגע, אין וועלכן ער האָט געהאַט בדעה צו אַנאַליזירן די עקאָנאָמישע סיבות וואָס רופן אַרויס רדיפות אויף יידן. דאָס האָט משמעות געזאָלט זיין אַ תמצית פון דעם יידישן מאַטעריאַל פון זיין פינפבענדיקן ווערק וועגן דעם עקאָנאָמישן און מאָראַלישן מצב אין רוסלאַנד און אין פּוילן, וואָס איז אַרויס אין 1896 און איז מיטן אויסנעם פון 25 גרעאַטעוועטע עקזעמפּלאַרן געפאַלן אַ קרבן פון אַ שרפה.

הערצלס ערשטער סעקרעטאַר, שאול רפאל לאַנדוי (1870־1944), האָט אין 1898 באַזוכט בלאָכן אין וואַרשע און דורך אים האָט זיך הערצל דערוווסט וועגן די מאַטעריאַלן פון 1890 וואָס זיינען שפּעטער איבערגעשיקט געוואָרן צו אים. די די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָט הערצל איבערגעגעבן אַן עקאָנאָמיסט צו באַאַרבעטן,

מען האָט זיי אָבער עד היום נישט געפונען. בלאָך איז געשטאָרבן סוף דעצעמבער 1901.

בלאָכס גרויסער אינטערעס פאַר אַ וועלט־שלום איז אויך געווען אַ פּועל־יוצא פון זיין טיפן פּאַציפיזם. ער שטרייכט דאָס אונטער אַזוי אָפט אין זיין מאָנומענטאַל ווערק „די צוקונפטיקע מלחמה״, וואָס איז אַרויס אין זיבן בענד אויף רוסיש אין יאָר 1898 און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פיר שפּראַכן.

ער האָט זיין גאַנץ לעבן געשטיצט וואַרשעווער יידישע אינסטיטוציעס, ווי דעם יידישן שפּיטאָל, די גמילות־חסדים קאַסע ביי דער קהילה, אויך אַ סך יידישע קרובים און אַ ברודער געצל וואָס ער האָט אים נישט געלאָזט זיך שמדן. זיינע פיר טעכטער און איין זון זיינען אָבער אין גאַנצן געווען אָפּגעפרעמדט פון יידן און יידישע ענינים.

פון בוך: „געשיכטע פון יידן אין וואַרשע״, באַנד 3, ניו יאָרק 1953

## הרב ד״ר מאיר שוואַרצמאַן

# ווי חסידות האָט באַזיגט דאָס לומדישע וואַרשע



**אין וואַרשע, די עיר ואם בישראל, האָבן געלעבט פאַרשיידנאַרטיקע יידן: לומדים, מתנגדים, משכילים, רייכע סוחרים און אָרעמע קרעמער, בעלי מלאָכות, שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, גלעזער און טרעגער וועלכע פלעגן זיך מפרנס זיין מיטן טראָגן פּעק סחורות, זעקלעך תבואה אָדער מעבל שטיקער צו די בעלי בתים.**

**וואַרשעווער יידן זיינען נישט געווען מעור אחד, זיי זיינען געקומען אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט פון אַלע עקן פון רוסיש־פּוילן. ווער פון ליטע, ווער פון וואָלין, ווער פון טיף רוסלאַנד, ווער פון די דייטשע גרענעץ־שטעט און ווער פון די גאַליצאַנער געגנטן. אַלע האָבן זיי מיטגעבראַכט זייער לעבנס־שטייגער, זייער הילוך, זייער נוסח, זייער הלבשה און זייער יידישקייט.**

**די חסידישע צענטערס, ווי לובלין, לובאַוויטש, פּשיסכע, קאָצק, גער, ראַדזין — די תכלת־יידן, וועלכע האָבן אָנגעקניפּט אַ פּתיל תכלת אין זייערע ציצית, ראַדזימין, גראָדזשיסק, קאַרלין, סאָכאַטשאָוו, אַלעקסאַנדער, פּאַריסאָוו. די אַלע צענטערס פון חסידות האָבן אַריינגעשיינט אין דער יידישער וואַרשע. אפילו בעלז, סאַנדז און דזשיקאָוו פון דער ווייטער גאַליציע, וועלכע איז דאַן געווען אונטער קייזערישער אָקופּאַציע, האָבן אויך אַריינגעשיינט אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. דער גרויסער קיבוץ פון יידן אין יענער צייט.**

**חסידים־שטיבלעך האָט איר געטראָפן אין אַלע געגנטן פון שטאָט. אויף די נאַלעווקעס, דזשיקע און גענשע גאַסן; אויף גראַניטשנע און אויף דער אייזן־גאַס, אויף גזשיבאָוו, אויף טוואַרדע, אויף דער ציגל־גאַס, אויף טלאָמאַצקע און מילע גאַסן — אומעטום האָט איר תיכף דערקענט דעם חסידישן יידן מיט זיין באַזונדער הילוך, באָרד און פּיאות לאַנגע טוכענע קאַפּאָטעס אין ווינטער און אין צייגענע כאַלאַטלעך אין די זומער־חדשים.**

---

הרב ד״ר מאיר שוואַרצמאַן — געבוירן כ״ב שבט ה׳תרס״א — 1901 — אין זאַגראָווע, קאַלישער גובערניע. צענדלינקער יאָרן אין וואַרשע, געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1938; וווינט אין וויניפּעג, מיטאַרבעטער פון מערערע יידישע און העברעישע צייטשריפטן און צייטונגען איבער גאַר דער וועלט. צווישן זיי: דער טאָג, דער פאָרווערטס און אַנד. דיכטער, פּובליציסט, עסעיסט אויף רעליגיעזע יידישע טעמעס, מחבר פון ספרים און ביכער אין לשון קודש און יידיש. קענער פון חסידות און באַזונדערס פון וואַרשעווער פאָלקס־חסידות.

שבת האָט איר דעם חסידישן יידן דערקענט אין זיין סאַמעטענעם היטל פון וועלכן מ׳האָט אַרויסגעזען אַ גרויס סאַמעטן קאַפּל, אַ זיידענע זשופּיצע אָדער ווי מ׳פלעגט עס רופן אין גאַליציע, אַ בעקעשע; אַ גאַרטל אַרום זיינע לענדן און אַ קאַ־לירטע פאַטשיילע אַרומגעבונדן זיין האַלדז.

די חסידים האָבן דעם שבת קודש אַרויסגעפירט אין גאַס אַריין. זייערע זמירות פלעגן זיך אַרויסרייסן פון די שטיבלעך. פון די פּריוואַטע הייזער ווו זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען קידוש צו מאַכן בציבור, אָדער פראַווען אַ שלוש סעודות, אָדער גאָר עסן מלווה דמלכה.

דער חסידישער דרך איז נישט געווען קיין באַהאַלטענער, נאָר דווקא אַ בפרהסיאדיקער.

די גאַנצע בריאה זינגט: הימל און ערד, זון און לבנה, די שטערן און אַלע פלאַ־נעטן, בערג און טאָלן, ביימער און גרעזער, ים און יבשה, פייגל צווישן די צווייגן — אַלץ זינגט פאַרן באַשאַפער. נו, זאָל דער מענטש, די קרוין פונם באַשאַף, נישט מיטזינגען?

זיינען חסידים נישט צוריקגעשטאַנען און געזונגען. סיי ווען ס׳איז זיי געווען גוט אויפן האַרצן און סיי ווען זיי זיינען געווען „צוגעלייגט״. יעלזו חסידים בכבוד, ירננו על משכבותם, ווען זיי זיינען נישט געווען מיט אַלעמען.

טאַטעס האָבן געפירט זייערע יונגע קינדער איבער די וואַרשעווער גאַסן, מיט לאַנגע געקרייזלטע פאהלעך און לאַנגע כאַלאַטלעך, מקיים צו זיין דעם „ובלכתך בדרך״ האָבן זיי בשעתן שפּאַציר פאַרהערט די קינדער וואָס זיי האָבן געלערנט אַ גאַנצע וואָך אין חדר.

* * *

דער שאַרפער ר׳ מענדעלע קאָצקער איז נסתלק געוואָרן כ״ב שבט, תרי״ט. דער עולם חסידים איז זיך ווי אבלים צעפאָרן איטלעכער אין זיין בויד.

אין יענער פראָסטיקער נאַכט איז זיך געזעסן דער ארי שבחבורה, ר׳ איטשע מאיר וואַרשעווער אין אַ בויד, וואָס האָט אים צוזאַמען מיט ר׳ שמואל שינאווער און ר׳ ברוך סטוטשינער געפירט קיין וואַרשע. נאָענט צו גראָכאָוו, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע רופט זיך אָפּ ר׳ איטשע מאיר: אפשר וועט זיך ווער פון אייך אַריבערכאַפּן קיין לובאַוויטש צו זען צי ס׳איז דאָרטן פאַראַן אַן אָרט פאַר אונדז?

רופט זיך אָפּ ר׳ שמואל שינאווער, דער בעל „רמתים צופים״: צו וואָס דאַרפן מיר גיין זוכן? מיר האָבן שוין אַ רבין, וועלכער וועט פירן דעם דור דעה אין וואַרשע גופא . . .

ווייט־ווייט אַרויס פון וואַרשע, אויף דער זשעלאַזנע גאַס, אָדער ווי יידן האָבן זי גערופן די אייזן־גאַס, האָבן די חסידים, די בעלי יכולת, אויסגעבויט דעם ערשטן חסידישן הויף פאַר ר׳ איטשע מאירן, אַ בית המדרש, אַ רחבת ידים, מיט אַ דירה פאַרן רבין.

ר׳ איטשע מאיר האָט לכתחילה ניט געוואָלט איבערנעמען דאָס פירעכץ. ער האָט געשטעלט תנאים: דער עולם זאָל זיין אַ געקליבענער, נישט קיין אָנלויף פון חסידים— איבער קליאקעס קאָן איך קיין רבי נישט זיין, ווען אַ חסיד מאַכט קאַליע אפילו בחדרי חדרים, איז ער פוגם דערמיט זיין רבין.

איטלעכער ייד איז געווען נייגעריק צו וויסן פאַרוואָס דווקא אַזוי ווייט פון שטאָט האָט ר׳ איטשע מאיר וואַרשעווער מסכים געווען צו לאָזן אויפבויען אַ חסידישן הויף. ביי חסידים פרעגט מען אָבער נישט קיין קשיות. דער דאמאָלטדיקער וואַר־שעווער רבֿ, ר׳ בעריש מייזלס, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַזאַ שטייגער זאָג: איך בין תולה, האָט ער געזאָגט צום ערשטן גערער רבין, ר׳ איטשע מאיר אַלטער, אַז איר האָט אויסגעבויט אַ פעסטונג פון יידישקייט און אַ פעסטונג בויט מען דאָך כידוע מחוץ לעיר, זי זאָל די שטאָט באַשיצן . . .

יאָ, די אייזן־גאַס אין וואַרשע איז געוואָרן אַ פעסטונג פאַרן חסידישן דרך. פון אַלע עקן פוילן האָבן זיך געצויגן אַהין די יונגעלייט, עלטערע יידן און יונגע בחורים. אַ טייל זיינען געקומען לערנען, אַ טייל צו הערן וואָס חסידות האָט מחדש געווען און פיל זיינען געקומען שואל עצה זיין אין פערזענלעכע אָדער משפחה ענינים: זיין אשה איז פאַרשלאָפט געוואָרן, אירע כוחות לאָזן זיך ממש אויס, די רופאים זיינען זי מייאש; איינער איז געקומען מיט טרערן אין זיינע אויגן, באשר בכן אַ פאַרזעסענע בוגרות אין זיין היים איז מקצר טאַטע־מאַמע די יאָרן. זי איז גראָד אַ שטילע, אַ שווייגנדיקע. וויפיל שדכנים עס האָבן שוין געפּרוווט געפינען פאַר איר אַ שידוך הגון, איז זיי דאָס נישט געלונגען, ס׳איז ממש כלו כל הקצין: איינער איז געקומען מיט א בקשה צום רבין, זיין פריץ וויל אים אָפּזאָגן, ער מוז פאַרלאָזן די קרעטשמע פון וועלכע ער ציט שוין חיונה איבער צען יאָר. זיין הויז איז געווען אַ בית ועד לחכמים, עוברים ושבים, רבנים, גוטע יידן און סתם נצרכים האָבן תמיד געפונען אַ מקום מנוחה אין זיין היים. ער האָט זיי אַלעמען מהנה געווען מיט אַ געלעגער, אַ וועטשערע, אַ מלבוש און עטלעכע פוילישע פאַיעמס (אַזאַ פוילישע מטבע), ער איז שוין נישט מער קיין יונגערמאַן, ווי אַזוי וועט ער אַצינד אָנהויבן פון דאָס ניי?

דער רבי האָט אַלעמען אויסגעהערט. די צרות האָבן אים אויך דערקוטשעט. ער האָט זיך משתדל געווען בצרתם של ישראל, אָפּטמאָל געשיקט אַ שתדלן צו יענעם פריץ און געבעטן רחמים ער זאָל נישט פאַרטרייבן דעם יידן פון זיין פּאָסעסיע.

דער ערשטער חסידישער הויף אין וואַרשע אויף דער אייזן־גאַס איז געוואָרן אַ צענטער פון שתדלנות פאַר אַלע יידן אין קרוין־פוילן.

ווען משה מאָנטעפיאָרע מיט זיין סעקרעטאַר, דר. לעווי, זיינען געקומען אַזש פון ענגלאַנד, צו פועלן ביים רוסישן מלכות ער זאָל מבטל זיין די גזירות אויף יידן, האָבן זיך קיין וואַרשע אויף דער אייזן־גאַס פאַרזאַמלט גוטע־יידן און באַרימטע רבנים פון פוילן, צו זוכן עצות ווי אַזוי צו העלפן אַז מאָנטעפיאָרעס שליחות זאָל מצליח זיין.

כידוע איז וואַרשע געווען אַ מתנגדישע שטאָט. די פירער פון דער שוין דאַמאָלסטדיקער גרויסער קהילה זיינען אָבער געווען פון אַסימילאַטאָרישן חדר, אַזוי לאַנג ווי דאָס חסידות איז געווען אין לובלין, פּשיסכע, קאָצק, איזשביץ, ראדזימין — ווייט אַוועק פון וואַרשע, האָבן זיי דאָך מיט זייערע אויגן נישט געזען וואָס חסידות מיינט.

די משכילים האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא און פחד אויף די אויפגעקלערטע ראשי־הקהילה, אַז חסידות מיינט פאַרשטאַרקן פאַנאַטיזם און דער מתנגדישער ייד האָט מורא געהאַט אַז דאָס פאַרשפּרייט גאָר עם הארצות, נעמט אַוועק די קעסט־יונגעלייט

פון דער גמרא און זיי זיינען עוסק אין סעודהלעך, זינגען זמירות אין דער וואָכן און זיינען מבטל זייער זמן מיט מעשיות פון זייערע צדיקים...

ווען קעסט יונגעלייט האָבן זיך מיטגעכאַפּט צו אַ חסידישן רבין, האָט זיך געטאָן חושך ביים שווער און שוויגער אין הויז. געוויינלעך האָט דער שטן אויך צוגעהאָלפן. מען האָט פאַרלאַנגט פראָסט און פשוט דער איידעם זאָל אָפּגטן זייער טאָכטער.

דער ערשטער חסידישער הויף אויף דער וואַרשעווער אייזן־גאַס, האָט אָבער צונישט געמאַכט און פשוט מבטל געמאַכט די אַלע חששות.

דער רבי ר׳ איטשע־מאיר איז געווען אַ גאון אין נגלה. אַלע וואַרשעווער גדולים האָבן זיך מיט אים שואל עצה געווען, סיי אין הלכה, סיי אין לומדות און סיי אין קהלשע ענינים.

אדרבה, מתנגדים, רבנים, עשירים און נגידים האָבן אַליין געשיקט זייערע זין און איידעמס אויף דער אייזן־גאַס אין וואַרשע, ווייל דאָרטן האָט מען געלערנט תורה לשמה, ש״ס, ראשונים און פוסקים.

די אייזן־גאַס אין וואַרשע איז געוואָרן אַ שם דבר איבער גאַנץ פוילן. אַהינצו האָט ממש געשטראָמט גרויס און קליין, דאָרטן האָבן זיך אפילו מתנגדים איבערצייגט אַז דאָס חסידות איז נישט געקומען מבטל צו זיין יידן פון תורה און פאַרנאַכלעסיקן טיילן פון שולחן ערוך, נאָר אדרבה, צו פאַרטיפן יידישן דת און אַריינברענגען שמחה אין יידנס תוך, הייליק געזאַנג אין דער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקער אַרבעט.

* * *

אויף די נאַלעווקעס האָט ר׳ הערש חסיד געהאַלטן אַ מילכיקע קראָם: פוטער קעז, אייער, הערינג און סאַרדינען. דאָס מסחר איז געווען שווער, ווייל הערש חסיד האָט נישט געהאַט גענוג געלט איינצוקויפן סחורה, האָט ער געפירט זיין מסחר מיט הלוואות. געכאַפּט דאָ אַ פופציקער, דאָרטן אַ פינף און צוואַנציקער, געקויפט אַ קעסטל אייער, אַ פעסל הערינג, צוריק באַצאָלט איין חוב און געבאָרגט ביי אַ צווייטן אַ הונדערטער. זיין ווייב איז געווען אַ אשה כשרה, האָט זי אים אַרויסגעהאָלפן אינם מסחר. אייגנטלעך איז הערש חסידס אַרבעט באַשטאַנען אין באַקומען הלוואות, אַ גמילות חסדל אויף אַ וואָך אָדער אַ טאָג, אָפּגעגעבן און ווידער געבאָרגט; געמעקט און געשריבן, געשריבן און געמעקט, תמיד געווען פאַרשוויצט און זיך כסדר געווישט דעם שווייס פון זיין פנים מיטן אַרבל פון זיין צייגענעם אָדער אַלפּאַגענעם כאַלאַט.

על פי טבע האָט הערש חסיד געדאַרפט זיין אַ בעל מרה שחורה, צוליב דער שווערקייט פון זיין מסחר. זיינע צוויי בחורים, לייבל און פתחיה, זיינען געזעסן אויף נאַלעווקי 19, אין שטיבל, און געלערנט, פרייטיק פלעגן זיי קומען אין זייער געוועלב אַרויסצוהעלפן זייער מוטער.

הערש אַליין האָט פרייטיק נאָך חצות היום נישט מער עוסק געווען אין מסחר. ער האָט געהאַט וואָס צו טאָן. קודם כל האָט ער איינגעמויערט אַ גרויסן בלעכענעם קעסל אויף זיין אויוון אין קיך, אָנגעגאָסן אַ פינף־זעקס קובלעס וואַסער, עס זאָל זיין טיי לרוב פאַרן עולם, וואָס פלעגט זיך פאַרזאַמלען שבת פרי נאָכן טובלען זיך אין מקוה פאַרן דאַווענען אין ר׳ הערש חסידס הויז און דאָרט טרינקען שבתדיקע טיי.

חסידים פון ווייטע גאַסן אין וואַרשע פלעגן קומען טרינקען טיי, הערן אַ חסידיש וואָרט אויף דער סדרה פון דער וואָך, אָדער כתם אַ התנהגות פון רבין זאָל לעבן.

ממש כלאור, אַרום פיר אַזייגער פאַרטאָג, פלעגן שוין זיצן חסידים ביי הערש חסיד און זופן טיי.

הערש אַליין האָט פאַר שבת פאַרבריט די טיי. ביי אים איז עס געווען אַ גאַנצע עבודה. ער האָט פאַרבריט אַ פונט וויסאָצקי טיי און אַריינגעגאָסן אין אַ גרויסער פלאַש. דאַן האָט ער פאַרבריט אַ צווייט מאָל, האָט עס גערופן סענץ שני, און אַ דריט מאָל — סענץ שלישי. די גאָר געהויבענע חסידים האָט ער געגעבן סענץ ראשון, די געוויינלעכע, סתם חסידים, סענץ שני, און פאַר די יינגלעך וואָס פלעגן זיך מיט־כאַפּן מיטן טאַטן — סענץ שלישי.

ר׳ הערש פלעגט האָבן אַן עבודה מיטן צעקלאַפּן צוקער. די קלעצלעך צוקער פלעגט ער מיט אַ מעסער צעטיילן אין פערטלעך, ער קאָן דאָך נישט צוגרייטן פאַר הונדערטער חסידים גאַנצע קלעצלעך צוקער . . .

ווי שוין דערמאָנט איז דער עולם נישט געקומען צוליבן גלעזל טיי ווי צוליב דער סביבה. ווען וואַרשע איז נאָך געשלאָפן, איז שוין ביי הערש חסיד געווען עומ־דים צפופים, ווייל פאַר אַלע איז דאָך נישט געווען אַ בענקל אַוועקצוזעצן זיך, זיינען זיי געשטאַנען, געזופט אַ טעפל אָדער אַ גלאָז טיי און בשעת מעשה הנאה געהאַט פון חסידישע דיבורים.

ר׳ הערש חסידס פּנים האָט געשיינט פון שמחה, משמש צו זיין אַזאַ געטובלטן עולם שבת קודש אין סאַמע באַגינען איז דאָך אַ הויכער ענין . . .

ר׳ הערש חסיד איז תמיד געווען אַ צופרידענער. ווי פלעגט מען זאָגן אין דער חסידישער שפּראַך: „אַן אויפגערוימטער״. זיין פּנים האָט געשיינט, ער איז געווען אַ שמח בחלקו, די טאָג־טעגלעכע דאגות האָבן אים נישט אַוועקגעלייגט. דאָס חסידישע פריילעכקייט האָט גובר געווען איבער זיינע שווערע, וואָכעדיקע זאָרגן.

אין וואַרשע איז הערש חסיד נישט געווען קיין חד בדורא. אין איטלעכן געגנט פון שטאָט, סיי אין פּראַגע, סיי אין פּאָוואָנזעק, סיי אין שעליץ און סיי אין גראָכאָוו, האָבן זיך חסידים פאַרזאמלט אין פּריוואַטע היימען און עוסק געווען אין חסידישע מנהגים, געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן איינגעהילט אין די טערקישע טליתים און די ציצית האָבן זיך נאָכגעשלעפּט. יינגלעך האָבן זיי באַגלייט אויף רעכטס און אויף לינקס, זייערע פּאות צעטראָגן אויפן ווינט. פאַרבייגייער, יידן און ערלים, האָבן זיך אָפּגעשטעלט זיי נאָכגעקוקט מיט נייגיר אויף דעם דאָזיקן הילוך...

אַ באַזונדער חן האָבן געהאַט די מלווה דמלכהס. איטלעך שטיבל האָט געהאַט אַזאַ חברה, וואָס האָט צוגעגרייט, די וואָך דער און קומענדיקע וואָך יענער, אַ מלווה דמלכה. גאַנצע תקנות זיינען געווען אַרום די הכנות. מ׳האָט נישט געטאָרט קויפן קיין מאכלים, נאָר איטלעכער חסיד האָט געבראַכט אַ פולקעלע עוף, אָדער אַ שטיקל לאָקשן קוגל, ווער אַ האַלבע חלה אָדער אַ שטיק קוילעטשל. געקויפט האָט מען נאָר אַ פלעשל יי״ש, כדי נישט צו פאַרשעמען עמיצן טאָמער איז נישט פאַרבליבן קיין שיריים פון שבת, האָט מען אויך געקאָכט אַ גריץ, עס איז געווען גענוג ווען עמיצער האָט געבראַכט עטלעכע רויע קאַרטאָפליעס.

דאָס צוגרייטן די דאָזיקע גריץ איז אויך געווען אַן עבודה. ניט איטלעכן האָט מען צוגעלאָזט ער זאָל זיך פּאָרען אַרום דער אַרבעט. נאָר געשיקטע פעיקע יונגע־לייט האָבן מיט געזאַנג און שמחה געקאָכט, איטלעכן מוצאי שבת ביי אַן אַנדער צו־גרייטן דאָס דאָזיקע חסידישע מאכל. זיי האָבן פון זייערע רייכע און נגידישע היימען

געבראַכט צו עטלעכע מאַרך־ביינער, מיט פאַרבראַקעכץ און צוגעגרייט אַ גריץ ממש מעדני מלך — כסעודת שלמה בשעתו.

דער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאַט. דעם זמר „אל תירא עבדי יעקב״ און „אליהו הנביא״ האָט מען געהערט אין פאַרשיידענע געגענטן פון וואַרשע. שכנים האָבן זיך געשטעלט אונטער די פענצטער, מתנגדים האָבן פשוט מקנא געווען יענע חסידישע קבצנים וואָס זענען אַ גאַנצע וואָך פאַרזונקען אין דאגות הפרנסה און דאַ אַזאַ שמחה, אַזאַ פרייד, ווי זיי וואָלטן געווען עשירים אדירים...

ר׳ הערש חסיד פלעגט אַזוי אַ זאָג טאָן: פונקט ווי אַ קאָזאַק האָט נישט קיין השגה און פילט נישט קיין טעם אין לאָקשן מיט יויך, ציבעלעס מיט שמאַלץ, אָדער טשאָלנט, אַזוי פילט נישט דער מתנגד און האָט קיין השגה נישט אין אַ מלווה דמלכה סעודהלע. דאָס איינטענהן מיט זיי האָט נישט די ווערט קיין שמעק טאַבאַק. בעט איך ביי אייך, יונגעלייט, לאָזט זיי צורו, טשעפּעט זיך נישט צו זיי און טאָמער זיינען זיי אייך מבזה זייט עס סובל, מאַכט זיך נישט וויסנדיק... כביכול האָט באַשאַפן אַלע מינים באַשעפענישן, אַז ער האָט באַשאַפן מתנגדים, מסתמא דאַרף ער זיי האָבן... ווער וואָגט עס זיך אַנטקעגנצושטעלן זיין ווילן? . . .

* * *

ווען ר׳ איטשע מאיר אלטער האָט זיך באַזעצט אין גער, איז די חסידישע פּעס־טונג אין דער אייזן־גאַס נישט פאַרוויסט געוואָרן. אדרבה, דער עולם חסידים האָט זיך פאַרמערט. נייע חסידישע הויפן זיינען אויפגעקומען אין וואַרשע. ר׳ ישעיהלע פּראַגער, ר׳ יעקעלע ראַדזימינער, האָבן געפירט ביד חזקה. שפּעטער זיינען צוגע־קומען דער ראַדזינער רבי, ר׳ מרדכי־יוסף ליינער, דער קאַליביאַלער רבי און פיל אַנדערע. אַלע האָבן זיי געצויגן אַן עולם פון אַלע עקן פּוילן אויף בוידן, אויף וועגע־נער און שפּעטער מיט דער קאַליע, מיט דער אייזנבאַן, פלעגן אָנפאָרן מחנות חסידים. די סוחרישע חסידים פלעגן שוין אַהיים קויפן צעלניק פאַר זייערע געוועלבלעך און די קעסט יונגעלייט פלעגן שוין פאַרבלייבן אויף עטלעכע שבתים ביים רבין.

די חברותא האָט זיי געפאַנגען גענומען. ביי זיך אין שטעטל זיינען זיי געווען יחידים, געדרודפט פון די מתנגדים און פון שווער און שוויגער. דאָ זיינען זיי געווען אַ רביב, דאָ האָבן זיי פריי געאָטעמט, געדאַוונט, געלערנט און געגעסן צוזאַמען. די רייכע האָבן זיך געטיילט מיטן ביסן פון זייער מויל מיט די אָרעמע, זיי האָבן אויס־געטאָן זייער העמד פון לייב און עס אַוועקגעגעבן אַן אָרעמען בחור וועמעס העמד איז געווען צעריסן. זיי האָבן געגעסן פון איין שיסל, געזונגען זמירות אין מיטן וואָך און געזאָגט דברי תורה, געבענטשט מזומן און אַרויס אין אַ פריילעכן ריקוד.

וואַרשע איז פאַרפלייצט געוואָרן פון אַזעלכע חברותות. מען האָט זיי געזען שפּרייזן איבער די גאַסן מיט זייער אייגנאַרטיקן הילוך. זיי האָבן זיך אויך אַראָפּגע־כאַפּט צו די ברעגן פון דער ווייסל, דער קילער ווינט האָט צעפּלאָשעט זייערע פּיאות, זיי האָבן געפילט אַזאַ דערהויבנקייט, אַזאַ התרוממות, עס האָט זיך גאַרנישט גע־גלוסט אַהיימצופאָרן. דאָס דאַוונען, דאָס לערנען און דאָס עסן צוזאַמען האָט דאָ באַ־קומען אַ מער רוחניותדיקן טעם.

דער חסידישער דרך האָט מיט גוטסקייט און אינערלעכער שמחה איינגענומען דאָס מתנגדישע, לומדישע און משכילישע וואַרשע.

„יידישער זשורנאַל״, טאָראָנטאָ, 1962

# מאַרק שווייד

## דאָס ליד פון מיין אומעטיק בלוט



איך האָב דאָ אַלע מומעס אין אַמעריקע;
איך פאַרדין אויף ברויט און אויף טעאַטער אין אַמעריקע,
האָב שוין געזען די ניאַגאַראַ וואַסערפאַלן,
און שוין געזען דאָס העכסטע הייזל אין דער וועלט,
וואָס דער בעל הבית דערפון איז אַ סוחר
פון פינף־גראָשנדיקע זאַכן,
און איך גיב אים אָפּט צו לייזן.
האָב שוין שפּאַצירט איבער דער גרעסטער בריק אין דער וועלט,
האָב שוין געטראָגן שיך און שניפּסלעך
געקויפט ביי יוחנן וואַנעמייקער,
אַ מענטש וואָס האָט די גרעסטע קראָם אין דער וועלט
און איז, וויי און ווינד איז מיר, נישט קיין ייד.
איך האָב אַ זייגערל, וואָס האָט באַרימט געמאַכט דעם דאלער.
איך בין שוין דאָ געפאָרן
מיט דער שנעלסטער באַן אין דער וועלט,
וואָס רופט זיך אָן: צוואַנציקסטער יאָרהונדערט באַגרענעצט.
און ביכער קריג איך פריי אין דעם שענצטן איינבאַנד.
און דאָך —
און דאָך איז מיר דאָ אומעטיק,
אוי אומעטיק,
אוי אומעטיק,
אוי אומעטיק אַזוי:

אַז מיט די ניאַגאַראַ וואַסערפאַלן
וואָלט איך געוואָלט מיטפאַלן,

---

מאַרק שווייד — דיכטער, עסעיסט, מעמואַרן־שרייבער, זשורנאַליסט, שוישפּילער — געבוירן אין יאָר 1891 אין וואַרשע. געקומען קיין ניו יאָרק אין יאָר 1911. מחבר פון עטלעכע לידער־ביכער און ביכער וועגן י. ל. פּרץ — וועמעס סעקרעטאַר ער איז געווען. זיינע פּרץ־ביכער ערשטהאַנטיק און אויטענטיש. „דאָס ליד פון מיין אומעטיק בלוט" זינגט אַרויס די גליענדיקע בענקשאַפט פון אַ יוגנטלעכן וואַרשעווער יידישן אינטעלעקטואַל צו דער גרעסטער יידישער קהילה, פון אייראָפּע פון אַמאָל, מיט איר ליכט — פּרץ.

און פון דעם העכסטן הייזל אין דער וועלט
זאָל מיך אַן אַלאַסקער ווינט אַראָפּטראָגן
און פון דער גרעסטער בריק אין דער וועלט
וואָלט איך מיט אַ שמייכל אַראָפּגעשפּרונגען,
און שטאָט אין וואָנעמייקערס שיך
וואָלט איך בעסער געוואָלט גיין באָרוועס
מיט צוקאַליעטשעטע פיס,
און בעסער וואָלט איך קיינמאָל נישט געוווסט ווי שפּעט עס איז,
ליבערשט וואָלט דער „צוואַנציקסטער יאָרהונדערט באַגרענעצט"
מיך איבערגעפאָרן
און צעשפּריצט מיין אומעטיק בלוט אויף די רעלסן
פון ניו יאָרק ביז שיקאַגאָ, —
איידער נישט צו קענען זיך באָדן אין דער ווייסל,
און שפּאַצירן אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע,
און לאַכן, ווי אַ מענטש,
און פון צייט צו צייט ווערן אומעטיק אין געזעלשאַפט
און אַרויסזיפצן:
„זעקס יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין אַמעריקע".

1917

---

## די השכלה-באַנק אין קראַשינסקיס גאָרטן



דאָס יאָר איז 1874.
דער ערשטער כשוף פון וואַרשע האָט דעם יונגן טרוימער געפאַנגען. אַזוי גיך ווי ער איז געווען באַזאָרגט מיט אַ נאַכט-לעגער, האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט נייגיר וועגן קראַשינסקיס גאָרטן, וואָס מען האָט גערופן דער גן עדן פון השכלה.

ער איז געגאַנגען איבער די טומלדיקע גאַסן אַ פאַרגאַפטער. די באַלעבטע ראַשיקע געשעפטן און סקלאַדן האָבן אים געגעבן אַ געפיל פון אַ טעטיקער יידישער וועלט. ער האָט געקוקט פאַרוווּנדערט אויף די הויכע הייזער, די האָטעלן, די איילנדיקע פאַרבייגייער, די פאַסלאַנצעס, די טרעגער מיט די שווערע לאַסטן אויף די פּלייצעס. ס'האָבן אים נאָכאַנאַנד פאַרכאַפּט די דראָזשקעס, די בריטשקעס, די קאָטשן, די לאַסט-וועגן, די פורן, די בוידן, די לייטער-וועגענער און מער פון אַלץ קיין עין הרע אַזויפיל יידן, מען קען גיין גאַס אויס גאַס איין און זען בלויז יידן. אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אין קורצע, אין דרייפערטלדיקע, אין קליינע טוכענע היטלעך, אין ברייטע היטלען מיט נידעריקע דענקעס. אין היטלען סאַמעטענע, ריפּסענע, אַמאָל אין אַ שטריימל, מיט פּאות, אָן פּאות, מיט פּאות וואָס באַמבלען זיך אויפן פּנים און אַנדערע פאַרשטעקט הינטער די אויערן. עס האָט פאַר אים

געשוויבלט מיט יידן. די נאַלעווקעס האָט אים אויסגעזען אַ גייענדיקער טייך פון יידיש לעבן.

אַזוי ווי יעדער פּראָווינצער, צום ערשטן מאָל אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער געקוקט און געשטוינט און איז געווען באַצויבערט פון אַ סך געוויינלעכע זאַכן. דאָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ געמיט־שטימונג, וואָס איז געווען נשמה־שפּייז פאַר דעם יונגן פּאָעט. פאַרנאַכט איז ער געשטאַנען פאַר קראַשינסקיס גאָרטן. אַ קינדישע דערינערונג האָט אים צוגעפירט צו די שטאַכעטן. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, אַזוי ווי אַמאָל, אין דעם היימישן אינזשעניערנעם גאָרטן און האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם קאָלירפולן כשוף פון די ראָנדן און סקווערן פון בלומען. ער האָט געקוקט אויף די אַלעען ביי די זייטן, אויפן פאָנטאַן און אויפן ווייסן פּאַלאַץ אין דער ווייט.

דאָס טויער איז געווען ברייט אָפן. קיינער האָט אים נישט נאָכגעקוקט, פונ־דעסטוועגן איז ער אַריין אין גאָרטן אַזוי ווי בגנבה. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט צווישן די בלומען און די אַלטע ביימער און האָט זיך איינגעהערט אין דעם אָנגע־נעמען סקריפּען פון די לויזע שטיינדלעך אונטער די פיס. ער האָט באַטראַכט דעם פּאַלאַץ, איינע פון די שענסטע געביידעס אין שטאָט. דער פּירקאַנטיקער קראַשינסקיס גאָרטן, וואָס איז געווען אויסגעלייגט אין איטאַליענישן סטיל, איז שוין פון אַ הונדערט יאָר געווען אַ שטאָטישער גאָרטן, וווּ עס זענען אָפטמאָל פאָרגעקומען עפנטלעכע פייערונגען פאַר דער באַפעלקערונג. אין שכנות מיט די נאַלעווקעס, איז קראַשינסקיס געווען אַזוי ווי באַשטימט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. עס האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן מיט דער פרייהייט פון דער גרויסער שטאָט.

מיטן פּנים צום זון־אונטערגאַנג, האָט ער דערזען ווי אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן מיט אַן ערנסטן אָנבליק, האָט זיך דערנענטערט צו זעצן זיך אויף אַ באַנק. יענע באַנק האָט מען צווישן די וואַרשעווער יידן איראָניש גערופן די השכלה־באַנק. ביידע האָבן זיך צוגעזעצט.

דער פלאַמיקער אונטערגאַנג פון דער זון האָט אין אים אַרויסגערופן אַ שטימונג פון דערהויבנקייט. ער האָט לאַנג געקוקט אויפן הימל אין מערב, ווו קופּער־רויטע וואָלקנס האָבן פאַרשטעלט די זון. ער האָט אַרויסגענומען אַ בלייפעדער מיט אַ נאָטיץ־ביכל, האָט נאָכגעטראַכט און אַריינגעשריבן: די וואָלקנס רויטלען זיך ווי כלות, ווייל זייער חתן די זון קומט אָן.

מיט דרייסטקייט האָט דאָס ייִנגל איבערן אַקסל אַריינגעקוקט אין דעם בלאָנד־באַבערדלטן יונגנמאַנס ביכעלע. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און געשמייכלט.

— איך הייס יצחק לייבוש פּרץ.

דעם רירעוודיקן ייִנגלס פּנים האָט אויפגעלויכטן.

— איך האָב געהערט פון אייך. ביי אונדז אין ווישעגראָד און אין פּלאָצק האָט מיט אייך געשמט.. איר זענט דער עלוי פון זאַמאָשטש. איך הייס נחום סאָקאָלאָוו.

דער עלוי פון ווישעגראָד, כאָטש יינגער פון פּרצן מיט אַ יאָר זיבן, איז שוין אַ שטיקל צייט געווען אין וואַרשע און ער האָט אַרויפגעקוקט מיט דרך ארץ צו ליכטענפעלדס איידעמל. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גליקלעכער מינוט וואָס ער האָט זיך מיט אים באַקענט אויף דער השכלה־באַנק און ער האָט אים באַלויכטן מיט אַלעם וואָס ער האָט געוווסט וועגן יענעם גן עדן פון השכלה.

קראַשינסקיס אויף די נאַלעווקעס איז אין יענע יאָרן געווען מער ווי דער גאָרטן פון דער וואַרשעווער אויפקלערונג. ער איז געווען דער גאָרטן פונם איבערגאַנג פון דער השכלה צום מאָדערנעם יידישן רענעסאַנס.

עס איז געווען אַ קרייז פון משכילים, די מערסטע פון זיי מענטשן אין די יאָרן, וואָס פלעגן זיך דאָרט צוזאַמענקומען און פירן וויכוחים אונטערן פרייען הימל. צווישן די וואָס זענען געקומען אַהין זענען געווען שרייבער, יונגעלייט וואָס האָבן געוואָלט ווערן שרייבער און גלאַט אונטערהערער. באַגעגנט האָט מען זיך אַרום דער באַנק. ווען עס איז געלונגען צו פאַרכאַפּן אַן אָרט דער איז געזעסן, און ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, דער האָט זיך באַטייליקט אין די שמועסן שטייענדיק.

סאָקאָלאָוו האָט זיך געפילט שטאָלץ מיט זיין נייעם עלטערן פריינט און האָט אים באַקענט מיט יעדן איינעם וואָס איז צוגעקומען. דער קרייז איז געווען אַ לעבעדיקער, אַ לוסטיקער, אַ געמישטער פון אַלט און יונג, אין לאַנגע קאַפּאָטעס און אין קורצע רעקלעך, איינער אין אַ לאַנגער זשופּיצע, נאָר אַן אויסגעפּוצטער איז געווען דער איידעלער שמואל ראַטוואַנד מיט די געקרייזלטע און שוין גראָלעכע לאָקן. ער איז געווען אַ וואַרשעווער פון דורות, וואָס איז געוואָרן אויס פרומער איד און האָט זיך צוליב דעם געגט מיט זיין פאַנאַטיש ווייב. אין גאָרטן אַריין איז ער שטענדיק געקומען אַ לוסטיקער און האָט אַרויסגערופן אַ ביסל קנאה מיט דעם וואָס ער איז נאָכן גט געווען אַ פרייער פויגל.

אַן אַנדער משכיל אין דער גרופּע איז געווען אַ טשיקאַווער ייד מיטן נאָמען האָכמאַן. ער פלעגט קומען מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ און בלאָע ברילן אויף דער נאָז. ער איז געווען אַן אָנגעזאָפּטער מיט דער השכלה פון ווין. דאָרט איז אויך געקומען אַ ליטוואַק ווײַנבערג, אַ רוסיפיצירטער ייד, וואָס האָט זיך געהאַלטן וואָזשנע און ער האָט געדעדט ווי ער וואָלט געווען פראַקטישער פון דער גאַנצער חברה. עס פלעגט אויך צוקומען אַ יונגערמאַנטשיק האַלפּערן, וואָס האָט זיך שטענדיק געגרייט צו מאַטורע עקזאַמענס. געווען אויך דאָרט דער ביאַליסטאָקער העברעישער שרייבער א. ש. שטיין, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ בוכהאַלטער אין וואַרשע און איז געווען מער פון אַלעמען באַהאַוונט אין היינע.

ווי עס האָט געפּאַסט פאַר דער השכלה־באַנק, האָט מען דאָרט געשמועסט וועגן אפּיקורסות בלשון מליצה. האָכמאַן האָט פאַרשאַרט דעם צילינדער אויפן שטערן און האָט דערציילט וועגן דעם וואָס ער האָט געלייענט אין דער ווינער פּרעסע, נישט אין ווין, נאָר אין זשינאָט׳ס קאַוויאַרניע אויף דער נאַוואָליפּקע גאַס.

גערעדט האָבן די משכילים אויף דייטש, בעסער געזאָגט אויף קוידערוועלש. דאָס איז דעמאָלט געווען די משכילישע שפּראַך. עס איז באַטראַכט געוואָרן גראָב צו רעדן יידיש. דאָס, האָבן די שמועסער אין קראַשינסקיס גאָרטן געהאַלטן, איז די שפּראַך פאַר עם הארצים. צו רעדן העברעיש איז נאָך דעמאָלט קיינעם גאָרנישט איינגעפאַלן. עס איז געווען נאָך איידער ניימאַנאָוויטש האָט אין וואַרשע געגרינדעט דעם פאַראיין „שפה ברורה", ווו די מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן רעדן העברעיש. אַלע אַן אויסנאַם פלעגן האַקן דייטש מיט גרויסע גרייזן און מיט אַ פּוילישער אָדער ליטווישער אויסשפּראַך. משכילים וואָס זענען געקומען אָנצופאָרן פון רוסלאַנד, וואָס עס האָט אייגנטלעך געמיינט פון די קאַזיאָנע ראַבינער־שולן אין

זשיטאָמיר אָדער ווילנע, האָבן זיך געגרויסט מיט זייער רוסיש. דערצו פלעגט מען באַנוצן הויכע דייטשמערישע פראַזן, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון היינע, בערנע און שילער.

דער פרייער גאָרטן איז נישט געווען דאָס איינציקע אָרט פאַרן צוזאַמענקום פון די משכילים. סאָקאָלאָוו האָט פרצן אַריינגעפירט אין צוויי אַנדערע היימישע פלעצער, ווו מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען, די צוויי בוכהאַנדלונגען פון צוקערמאַן און שאַפּיראָ.

אַ יונגערמאַן פון אָשמינע, אברהם צוקערמאַן, איז געווען דער וואַרשעווער אַגענט פון פרץ סמאָלענסקין. אין אַ ווינקל פון אַ גרויסן הויף אויף די נאַלעווקעס ביי דער פראַנציסקאַנער גאַס האָט ער אָנגעהאַלטן זיין הויפּט־קוואַרטיר, ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן די מער רעוואָלוציאָנערע יונגעלייט, די וואָס האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַן אָפּאָזיציע צו די געוויינלעכע משכילים. דער צווייטער, אליעזר יצחק שאַפּיראָ, האָט געהאַט אַ ספרים־האַנדל אויף דער שווענטע יורסקע גאַס. אָט די קראָם איז געווען אַ מין משכילישע אַקאַדעמיע, וואָס איר אָפּאָזיציע איז געווען ביי צוקערמאַנען. עס איז אויך געווען באַקאַנט אין יענעם קרייז אַ דיכטער השכלה־טרעגער ר׳ נחמיה טשערנאָוויטש, אָבער ער האָט קיין אייגן מקום מנוחה נישט געהאַט. ער איז געווען אַ האַלבער מוכר ספרימניק, אַ שטיקל שרייבער, אַ משכיל, אַ גאָט־זוכער, וואָס פלעגט אַמאָל אַרומוואַנדערן פון טיר צו טיר און פאַרקויפן ספרימלעך.

דאָס בחורל נחום סאָקאָלאָוו האָט אָנגעוויזן פרצן אויף דעם מזל אָנצוטרעפן ראָטוואַנדן, וויינבערגן און האָכמאַנען, אַלע דריי צוזאַמען אויף דער השכלה־באַנק. ווען אַ יונגערמאַן פון פּראָווינץ האָט אַמאָל אַלע דריי אָנגעטראָפן מיטאַמאָל, האָט ער זיך געקענט אָנשעפּן מיט מער אויפקלערונג אין איין שעה, ווי אין אַ חודש צייט ביי זיך אין שטעטל.

ער האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט דעם ענטוזיאַסטישן סאָקאָלאָוון, וועלכער האָט אים נישט אויפגעהערט דערציילן וואָסערע גרויסע שטערן פון דער ליטעראַטור עס פאַרבלאָנדזשען אַמאָל אין קראַשינסקיס גאָרטן. ער אַליין האָט שוין דאָ געזען, למשל, אברהם בער גאָטלאָבער, דעם קאָמעדיע־שרייבער און רעדאַקטאָר פון הבוקר אור. פון קיעוו איז אַמאָל אָנגעקומען משה אהרן שאַצקעס, מחבר פון „דער יידישער ערב פּסח". אָפטמאָל פלעגן אין גאָרטן אַריינשפּאַצירן די וואַר־שעווער גדולים אַליין, ווי שמואל הערש פעלטין, רעדאַקטאָר פון איזראַעליטאַ; מרדכילע פרעהליך, דער קאָצקער חסיד וואָס האָט פאַרפאַסט דעם המדריך, און אַמאָל האָט מען דאָרט טאַקע געזען גבריאל יודל ליכטענפעלד, וואָס פלעגט זיין לעבעדיק און לוסטיק, ווען ער האָט זיך מיט דער חברה אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס אין קראַשינסקיס גאָרטן.

ענג צוזאַמענגעדריקט אַרום דער השכלה־באַנק, האָט די חברותא פאַרבראַכט ביז שפּעט אין אָוונט, ביז מען האָט געהערט דאָס גרעגערן, דעם אָנזאָג אַז דער גאָרטן ווערט שוין פאַרמאַכט.

אַ האַרציקע, לעבנס־לענגלעכע חברשאַפט איז אין יענעם גליענדיקן פאַרנאַכט אין קראַשינסקיס גאָרטן פאַרחתמעט געוואָרן צווישן די צוויי יונגעלייט, פרץ און סאָקאָלאָוו. זי האָט אָנגעהאַלטן אַן ערך פערציק יאָר.

נישט גערן, מיט אַ געפיל זיך ווידער אומצוקערן, האָט פּרץ אין אַ פּאָר טעג אַרום זיך צעשיידט מיט דער אַזויפיל צוזאָגנדיקער שטאָט וואַרשע. אַלץ האָט אים אייסגעזעץ טומל און יריד און ער האָט קיין צובונד אין דער שטאָט נישט געפונען. מער פון אַלץ האָט ער געהאַט אַ ביטער געפיל פון אַנטוישונג נאָך דעם באַזוך אין ליכטענפעלדס בוידעם־שטיבל. אויב קריגן אַ גייסטיקן אָנהאַלט, האָט ער געטראַכט, אויב ווערן אַ שרייבער, קען דאָס אפשר מיינען צו לעבן אין דחקות אַזוי ווי זיין שווער. דאָס האָט ער אינערלעך צוריקגעוואָרפן. ער איז נישט געווען געווינט דערצו און האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלעבן אין אַזאַ צוקונפט. קען זיין דער אַלטער איז גערעכט. מען דאַרף זיך נעמען צו עפּעס נאָענט פון דער היים.

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך יענער געדענקלעכער נסיעה קיין וואַרשע, איז דער יונגער דיכטער געווען צוריק אין זאַמאָשטש, אויף זיין היימישער ערד, אַרומגערינגלט מיט די אַלטע שטאָט־מויערן און מיט די איינגעלייגטע פעסטונגען.

נישט געקוקט אויף דער ביטערער אַנטוישונג וואָס ער האָט געהאַט אין דעם בוידעם־שטיבל אויף די נאַלעווקעס, איז פּרצן פאַרבליבן אַ ליכטיקער איינדרוק פון דעם פאַרנאַכט אין דעם גן עדן פון השכלה.

---

## פּרץ אויף די וואַרשעווער גאַסן



גיין פלעגט ער זינגענדיק.

יעדנפאַלס, ווען מען האָט געזען זיין פּנים פון דער ווייטנס, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער זינגט אָדער אין אים זינגט. און ווען מען האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אים נאָכגעקוקט פון הינטן, האָט מען געקענט האָבן דעם איינדרוק, אַז ער גייט צום טאַקט פון זיין געזאַנג, און איז פאָרזיכטיק די מוזיקאַלישע רעגלען נישט איבערצוטרעטן.

שטענדיק ריטמיש איז געווען זיין גאַנג. דער טריט איז געווען נישט גרויס, נאָר זיכער, גלייך און האַסטיק. און אַזוי רייך איז געווען דער ריטם פון די עטוואָס אונטערטאַנצנדיקע טריט! וואָס האָט נישט דער ריטם פאַרראַטן?! — יוגנט־לעכע פרייד, גייסטיקע געהויבנקייט, נאָכדענקלעכקייט און אייזנפעסטן מוזיקאַלישן אינסטינקט.

די פיגור, איבערהויפּט דאָס פּנים איז געווען אַן אומגעווייןלעכע דערשיינונג אויף די וואַרשעווער גאַסן. אַזוי פיל יוגנטלעכע לעבנס־לוסטיקייט און עמפּינד־לעכקייט האָט מען זעלטן ווען געזען אַראָפּשיינען פון אַ זעכציק יאָריק פּנים, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די פאַרפירערישע ליפּן זענען געווען מיט דיקע וואָנסן פאַרהאָנגען, ווי דאָס רויטע צימער אין אַ פּאַלאַץ — מיט טונקל־גראָע גאַרדינען, האָט מען אויף דער גאַס גייענדיק אין זיינע אויגן אַ קוק געטאָן, האָט מען זיך געמוזט אויסדרייען נאָכצוקוקן דעם מענטש, וואָס האָט די אויגן פאַרמאָגט.

מען האָט זיך לאַנג באַדאַרפט צוקוקן צו אים אויסצוגעפינען אויף זיין פּנים דעם קוצו של יוד. מען האָט שוין באַדאַרפט אָנקומען צו פיזיאָנאָמישע ראַסן־

אייגנטימלעכקייטן. די וואָנסן און דער צוג פון זינלעכקייט וואָס האָט אַרויסגעשמייכלט פון אונטער דער אונטערשטער ליפּ, האָט גיכער פאַרראַטן אַ פּוילישן פּריץ, וואָס האָט איבערגעלאָזט זיין מאַיאָנטעק אויף אַ טאָג־צוויי און געקומען קיין וואַרשע הוליען אַביסל מיט אַ באַקאַנטן הראַביע.

די גאַס אויף וועלכער מען האָט אים באַגעגנט האָט געוווינען אין וויכטיקייט. ווען איר זייט נאָכאַמאָל די אייגענע גאַס פאַרבייגעגאַנגען האָט איר געמוזט אַ טראַכט טאָן: „דאָ האָב איך באַגעגנט פּרצן”. אויף דער טשעפּלע גאַס, ביים געמויערטן פּאַרקאַן איז, דאַכט זיך, דער שמאָלער טראָטואַר ברייטער געוואָרן, ווען פּרץ איז דאָרט געגאַנגען.

ווען איר האָט אים אין אַ כמורנעם, רעגנדיקן טאָג באַגעגנט, מיט דעם קאַפּעלוש טיף אַראָפּגערוקט, די אויגן פון דעם שטעכעדיקן רעגן צו באַשיצן, האָט זיך אייך אויסגעוויזן, אַז די זון האָט זיך אַ שפּיל געטאָן און איז אויף אַ רגע פון אונטער די וואָלקנס אַרויס. איר האָט געפילט, אַז עפּעס ליכטיקס האָט זיך פאַרבייגעטראָגן — פּרץ. און דער כמורנער טאָג האָט אייך נישט אַזוי כמורנע אויסגעוויזן.

אַזאַ קוואַל פון פרישקייט איז ער געווען פאַר אייך אויף דער גאַס פון וואַרשע, אַז דער הייסער טאָג איז קילער געוואָרן, דער פּראָסטיקער — וואַרעמער, ווען איר האָט אים אויף אייער וועג באַגעגנט. ווען און ווו איר האָט אים באַגעגנט איז זיין אָנבליק אימשטאַנד געווען צו ענדערן אייערע געדאַנקען און דערהייבן אייער שטימונג.

אָט באַגעגנט איר אים אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט אין זאַקסישן גאָרטן מיט צוויי יונגע פריינט ביי די זייטן און צוויי־דריי גייען נאָך פון הינטן. ער טראָגט די העלע לייוונטענע לאַטשן, דעם ליכטיק־געשטרייפטן אָנצוג, דעם קאָלנער מיט צוויי שפּיצן און די בלאָע זיידענע בינדע מיט ווייסע קראָפּקעס. זיין רעקל איז אויפגעקנעפּלט, ער האָט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און גריסט שמייכלענדיק צום יונגוואַרג אין אַלע זייטן. ס'איז פּרץ אויף זיין פאַרנאַכטיקן שפּאַציר.

בחורים און מיידלעך האָט עס געצויגן אין יענער שעה אין גאָרטן אַריין צו גיין, פּרצן צו באַגעגענען. — ליב איז די באַגעגעניש געווען.

און אָט איז אַ ווינטערדיקער שבת ביי טאָג, דער שניי ליגט הויך אויף די גאַסן. די וואָס רוען אום שבת זיצן גערן אין שטוב, נאָר דער זאַל אויף נאָוואָוויניאַרסקע גאַס איז געפּאַקט צו פּרצעס לעקציע. און ווען ער גייט נאָך דער לעקציע אויף דער גאַס אַרויס, אין דער טונקל־גראָער, ווינטערדיקער פּעלערינע מיט דעם ווייכן קאַפּעלוש כמעט פון דעם אייגענעם שטאָף, גייט ער נישט אַליין. עטלעכע יונגע שריפטשטעלער גייען מיט, און אָפטמאָל אַ היציקער יונגערמאַן פון פּובליקום, וועלכער האָט זיין דיסקוסיע אין זאַל אָנגעהויבן און געענדיקט זי אַ דריי־פיר גאַסן ווייט פונם זאַל.

פון הינטן גייט נאָך יונגוואַרג אין אַ לאַנגער רייע, גאַס איין, גאַס אויס, אַזוי ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד געווען דעם ליבן אַלטן פון זייער בליק צו פאַרלירן. ערשט ווייט פונם זאַל בלייבט ער אַליין מיט די עטלעכע פריינד, וואָס באַגלייטן אים ביז אַהיים.

און אַזוי ליב האָט אים די וואַרשעווער גאַס, און אַזוי פיל אָפּשיי האָט זי פאַר אים, אַז לעגענדעס וועגן אים באַשאַפט זי.

**אַז ווער עס קען קיין פויליש נישט רעדן וואַרפט ער אַרויס פון דער גמינע.**

**אַז איינמאָל יום כיפור האָט ער אויף דער טוואַרדע גאַס באַגעגנט אַ חברה חסידים, און ווען זיי האָבן אָנגעהויבן אויף אים טייטלען מיט די פינגער, האָט ער אויף להכעיס אַ ציגאַר פאַררויכערט. און ווען זיי האָבן געשריען אויף אים: „משומד!" — איז ער אויף להכעיס איינגעזעסן אין אַ דראָזשקע און אַוועקגעפאָרן.**

**דער וואַרשעווער אינטעליגענט האָט אים ליב געהאַט. דער וואַרשעווער חסיד האָט באַדויערט, וואָס אַזאַ „קאָפּ" איז אַוועק צו דער סטרא אחרא. דער וואַרשעווער אַסימילאַטאָר האָט געדענקט וועגן אים, אַז ער האָט די יידישע מאַסן אין דער האַנט, און ער האָט דערפאַר מורא געהאַט אים אָפּצוזאָגן פון זיין שטעלע אין דער גמינע. אָפּשיי פאַר אים און זיין נאָמען האָט יעדער געהאַט.**

פון די ביכער: אַלע לידער און פּאָעמעס, ניו יאָרק, 1951, מיט פּרץ׳ן, ניו יאָרק 1923, טרייסט מיין פאָלק, ניו יאָרק 1955.

# משה שולשטיין

## דערוואַרטונג



בײנאַכט דערהער איך ס׳הײזעריקע גלעקל פונעם טויער, —
װער קלינגט דאָס אַזוי שפּעט?
באַלד קומט אַרויס דער סטרוזש פֿאַרשלאָפֿן, בײז,
פֿאַרװיקלט אין זײַן פּעלץ — אַ שרעקנדיקער אומגעהויער —
װאָס ער טראָגט אים שוין װער װײסט פֿון װיפֿל יאָרן,
און מיט זײַן הױכן, קלינגענדיקן הוסט,
װאָס ער האָט אים שוין װער װײסט פֿון װיפֿל יאָרן.
איצט פּאָרעט ער זיך דאָרט בײם שלאָס מסתּמא
און טרעפֿט נישט אין דער פֿינצטער, שעלט און הוסט
און נעמט „זאַ בראַמע״...
נאָכדעם קלינגען אָפּ די טריט פֿון שכנים
אויף די שטילע שטײנער פֿונעם הויף,
נאָר איך שטײ און הער זיך אײַן
און טרעף שוין:
קען זײַן, מען איז נאָך מיר געקומען,
אפֿשר,
ס׳קען דאָך זײַן...
ערשט יענע װאָך, װי איצטער, אַזוי שפּעט,
געקומען איז מען אויך צו עמעצן פֿון פֿערטן שטאָק,
געקומען, אָנגעקלאַפּט, גענומען פֿונעם בעט...
און כ׳הער, די טריט דערנענטערן זיך שנעל,
אָט זענען זײ שוין אין מײַן קאָרידאָר,
אָט זענען זײ שוין נאָענט בײ מײַן שװעל.

---

משה שולשטײן — געבוירן אין יאָר 1911 אין קאָריוו. 1930 ביז 1936 אין װאַרשע, שפּעטער אין פּאַריז. דאָרט די יאָרן פֿון דריטן חורבן אין באַהעלטעניש. װוינט אין פּאַריז. אײנער פֿון די טאַלענטפֿולסטע פּאָעטן פֿון די לינק־ראַדיקאַלע יידישע גרופּירונגען, מיט װעלכע אידענטיפֿיצירט ביז דעם יאָר 1953, ביז זײַן לידער־זאַמלונג: בלומען פֿון באַדויער... מחבר פֿון צען ביכער לידער און אַ זאַמלונג משלים. שולשטײנס גלויביקער, טראַגישער דור האָט זײַנע דראַמאַטישע דיכטונגען אַסך געלײַענט און נאָך מער רעציטירט. זײַנע שטאַרקסטע לידער װעגן װאַרשע האָט ער געשריבן נאָך דער פֿאַרלענדונג, אָבער אונדזער אַנטאָלאָגיע רופֿט זיך: דאָס אַמאָליקע יידישע װאַרשע ביז דער שװעל פֿון חורבן.

זיי קענען אָנקלאַפּן אַצינד ביי מיר אין טיר
און הויכע, טונקעלע, אַריינפאַלן, ווי שטיקער נאַכט,
און שטרענג באַפעלן: אויפהייבן די הענט!
דערנאָך מיט שטעכעדיקע אויגן און מיט לעמפּלעך
לאַנג נישטערן ביי מיר אין אַלע ווינקלען,
אין שופלאָד,
אין פּאַפּירן,
אין מיין האַרץ.

און כ׳הער זיך איין
ווי ס׳גייען אַלע טריט פאַרביי מיין שוועל
אַרויפצו, העכער, אויף די שטאָקן —
דאָס גייען שפּעטע שכנים נאָך אַהיים.
און לאַנג נאָך, לאַנג
באַגלייט זיי מיין פאַרדראָס
(פאַר האָבן מיך אומזיסט געשראָקן)
און מיין דאַנק —
איך דאַנק זיי זייער —
וואָס זיי, די שכנים, זענען דאָס געווען די שפּעטע גייער...

וואַרשע, 1935

---

## עקסמיסיע אויף דער סמאָטשע



געווען איז שוין פאַרנאַכט, ווען גיך און איילִיק
אַרויסגעטראָגן האָט מען אַלץ פון אברהם־אהרנען דעם בלעכער,
ווען מ׳האָט אַלץ געטראָגן אין דער גיך ווי בעת אַ שׂרפה,
און וואָס אַמאָל אַלץ ליידיקער געוואָרן איז די שטוב,
און וואָס אַמאָל אַלץ פולער — פאַר דער שטוב — דער דרויסן.
דער טאָג האָט מיט דער נאַכט זיך שוין צערעכנט
און ווייט האָט נאָך די זון געזשאַרעט רויט,
ווי די ציכן פון די פּערענעס און קישנס,
און רויטער פון דער זון און פון די ציכן
האָט געברענט איצט אברהם־אהרנס בושה...
און קיילע איז געשטאַנען און געזען,
ווי אַלץ הייבט־אָן זיך מיט דער שטוב צו שיידן.
שוין צוויי־און־דרייסיק יאָר איז אַלץ אַזוי געשטאַנען,
פון קיינעם נישט גערירט, פון קיינעם נישט געטשעפּעט
(אַחוץ אויף פּסח ווען אַמאָל צום רייניקן און רוימען)

און אַלץ האָט זיך געהאַט זיין אָרט און אַלץ — זיין ווינקל,
געדאַכט האָט זיך, ס'וועט אַלץ דאָ אָט אַזוי שוין בלייבן,
בלייבן שטענדיק, ווי עס בלייבט דאָס לעבן,
און איצטער זעט זי, ווי עס שיידט זיך יעדעס בענקל מיטן דיל,
און מיטן קיכל שיידט זיך יעדעס טעפּל.
די בעטן, שוין צענומענע אויף שטיקער, קרעכצן שווער,
און אַ צעפּאָרן טישל העלפט זיי אונטער שטיל.
און קיילע זעט, דער גאַנצער דיל ווערט אָפּגעליידיקט,
ס'איז קיינמאָל נישט די שטוב געווען נאָך אַזוי גרויס,
און דורך דער ליידיקייט, דורך מיסט און שטרוי, אויף דרערד
לויפט פּלוצלונג דורך צעשראָקן־גיך אַ מויז.
און קיילע טראַכט דערביי: דו גליקלעך מייזל,
ס'איז דיר דאָך הונדערט־טויזנט מאָל שוין ווילער
וואָס געבוירן ביסטו נישט קיין מענטש,
אַ מענטש אַזאַ ווי איך, ווי קיילע... —
דיך וועט מען נישט אַרויסוואַרפן אַפילו ווען
דו זאָלסט אינגאַנצן נישט קיין דירה־געלט באַצאָלן.
און פולער פאַר דער שטוב ווערט אַלץ דער דרויסן
און פולער נאָך מיט וואָרענונג און קללות.
דאָס בעטגעוואַנט האָט אויפגעוירן, ווי אַ כמאַרע, ווי אַ גרויסע,
אַן אַלטער נאַכט־טאָפּ וואַלגערט זיך אַרום — אויס יחסן,
ס'וועט היינט אַ נאַכט־טאָפּ שוין די דרויסנדיקע נאַכט זיין...
אַ פאַן — ברייט־קיילעכדיק צעעפנט, שרייט אַרויף,
אַ טעלער, אָנגעשעפּט מיט בלאָטע, שטייט פאַרשעמט,
אַ מלבוש אין אַ קאַלוזשע, צעטרעטן, כליפּעט שטיל,
אַ טיש איבערגעקערט — די פיס אַרויף מיט דראָונג,
ווי אַ פערד איבערגעדרייט מיט אַלע פיר,
וואָס דאַכט זיך, באַלד וועט עס די הייך און דעם אַרום
אַ קאָפּע געבן מיט די גבורהדיקע טלאָען.
אַן עמער קלימפּערט אויף און פּילדערט אין בהלה,
עס רעשן אויפגעטרעטנטע שיטנדיקע שטרויזעק,
און ס'הענגט דער שלאָס אַראָפּ, ווי אַן אַרויסגעשטעקטע צונג,
וואָס רייצט זיך און וואָס שפּעט, וואָס לאַכט און חוזקט...

(פון בוך: אַ רעגנבויגן איבער גרעניצן — פּאַריז 1950)

## אסתר שומיאַטשער

## סמאַטשע — אַזאַ גאַס אין וואַרשע



.1

זומער איז די ערד אַ גרינגע קריע
און פאַר מענטשן איז די נויט אַ מילדערע אַסך,
דער ברוק פון גאַסן אָרעמע ווערט לייכטער און ווערט גרינגער
און קינדערלעך פון נידעריקע שוועלן הויבן אָן צו שפּראָצן
ווי פלאַנצן איידעלע נאָך גאָר אַ שווערער קרענק.
ווערן גאַסן דאָ, ווערן גאַסן מילדער
און גרינגער איז אפילו דעמאָלט דער געוויין
פון שווערן און פון אומעטיקן האַרצן.

.2

קומען איינציקווייז אַרויס די אָפּגעווינטע פונעם לעבן,
פון קעלערס טונקעלע און נאַסע,
זשמורען זיי די אָנגעהיצטע, קראַנקע אויגן,
מיט פּנימער אַזוינע ווי בלעטער פון אַ נאַסן האַרבסטפּאַל;
מיט סימנים פון אַ געלער קרענק אין שפּיצן פינגער,
זשמורען זיי די אויגן אין דער זון און ס'טרערן זיי די אַפּלען.
שטייען אָנגעלענט ווי אייזלען מידע ביים נידעריקן טויער,
שטייען אָפּ אַזוי אַ שעה צי צוויי — —
און ווי קראָטן לאָזן זיי צוריק זיך אין זייערע פאַרשאָטענע פּאַלאַצן,
פאַר אַזוינע איז ליבערשט שוין צו זיין אין איינעם מיט דעם טרויער...

.3

די וועלט איז איינגעטיילט אין הויכע און אין נידעריקע שטאָקן,
פאַר וועמען ס'שיינט דער אָפּגלאַנץ פון דעם ווייטסטן שטערן

---

אסתר שומיאטשער — דיכטערין, געבוירן אין יאָר 1899 אין האָמעל, רוסלאַנד, קינדווייז געקומען קיין קאַלגאַרי, קאַנאַדע. אין יאָר 1918 חתונה געהאַט מיט דעם גרויסן דראַמאַטורג, ראָמאַניסט און וועלט־רייזנדער פּרץ הירשביין (1880־1948) — מיט אים יאָרן־לאַנג געוואַנדערט איבער דער וועלט און עטלעכע מאָל — אין די צוואנציקער יאָרן — באַזוכט, און חדשים־לאַנג געווײלט, אין וואַרשע. אַרויסגעגעבן עטלעכע לידער־זאַמלונגען. וווינט אין לאָס אַנדזשעלעס.

און ווען ס'איז באַשערט דער אומעטיקער קלאַנג פון אַ קאַטער,
פאַר ווענען ס'הוידעט זיך אַ מונטערער דער קופער אין די גלאָקן
און ווען ס'איז דער רוקן פון אַ פלויט אַ נאָענטער און גאָר אַן אַנגעלייגטער חבר,
און ווער עס האַלדזט זיך מיטן טויט אויף נאָענטן און ווייטן מיסטבאַרג.
און ס'לעבן מיט אַ מאָל ווערט אַן דעם אָנהאַלט
און ס'ווילט זיך אויסשרייען דעם ווייטיק פון דעם ווייטסטן אבר...
די וועלט איז איינגעטיילט אין הויכע און אין נידעריקע שטאָקן.

.4

ס'איז יום טוב היינט אין נידעריקע גאַסן:
עס יום־טובט היינט דער טרויער אויפן גאַס,
עס זיינען אויסגעליידיקט לאַנג די אייטערס,
און ס'וויינען האַרט ביים דיל די קינדער אויף אַ כריפּנדיקן באַס.
ליגן זיי, די קליינוואַרג, איינציקווייז און זאַלבענאַנד
מיט אויסגעדאַרטע לאַנגע העלדזלעך, קראַנקע שוואַנען,
ס'איז נישט קיין הונגער דאָ אין לאַנד
און ברויט איז דאָ גענוג, אין וואָג פון גאָלד פאַראַנען,
נאָר ביי די אין נידעריקע גאַסן
וויינט דער הונגער שטענדיק אויפן באַס.

.5

גייען זיי, די מאַנען פון די נידעריקע גאַסן
זוכן אַרבעט,
בלאָנקען זיך הכנעהדיק פון טיר צו טיר
און בעטן זיך אויף צו פאַרדינגען,
מאַכן זיך קוראַזש און גלייכן אויס די אַנגעשפּיצטע אַקסלען
ביי יעדן איינגאַנג;
שטייען זיי ווי אָפּגענוצטע פערד פון בייטש און אַרבעט;
שטייען זיי ווי אָזערעס פאַרגלייזט אַקעגן ווינטער
און וואַרטן אָנגעכמורעטע, מיט שטריק פאַרבונדן ס'נפש אויף דער העלפט,
עס זאָל חלילה זיך נישט איינברעכן אויף צווייען
דאָס רעשטל לעבן,
וואָס דאַרף נאָך אויסקוקן אויף צו פאַרדינען ברויט
פאַר פּיצעלעך פון נידעריקע הויפן.
קריכן זיי ווי ראָבן בלודנע די מחשבות
און מאַכן אין דער קרים צעווויינען זיך דאָס מויל.

וואַרשע, 1928.

פון די „ליטעראַרישע בלעטער“, וואַרשע, 1929, נומער 273.

# ישראל שטערן

## אַ יתומל לאַכט



א יתומל לאַכט אין צעריסענע בגדים
שרעקט זיך און לויפט איבער גאַסן און געסלעך.

האָט עפּעס געגנבעט.
יאָגט מען אים נאָך.
ער טאַנצט דורך אַ פּאַרקאַן, קוקט זיך אַרום:
אַ שטאַל, אַ קאַלב, אַ קאַלב מיט צוויי אויגן;
זיי, דאַכט זיך, דערציילן: די קו איז נישטאָ,
די גרויסע ברוינע מאַמע נישטאָ.
אַ בודע. אַ הונט. אַ הונט מיט צוויי אויגן;
עס דאַכט זיך זיי שרייען! מען האָט אונדז געשלאָגן,
גאָט, מען האָט אונדז געשלאָגן!

ציטערט דער קליינער
און וויקלט און וויקלט דאָס בייטעלע אויף;
אַ שפּיגעלע — ברילן — אַ קופּערנע דיטקע.
פּיו, או־או־או!
פלי־י־י־י!

דאָס גנבל שפּילט זיך מיט דעם ווינט און די וואָלקנס,
און שענקט זיי מזומן:
אַ שפּיגעלע, ברילן, אַ קופּערנע דיטקע.

---

ישראל שטערן — געבוירן אין אָסטראָלענקע אין יאָר 1894, געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1918 און דאָרט אומגעקומען אין געטאָ אין יאָר 1943. אן עשירות אין איכות, איין בוך אין כמות איז ישראל שטערנס דיכטערישע און עסעיסטישע ירושה. ה. ד. נאָמבערג האָט אים אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור. אינטעגרירט בלב ונפש מיט דער יידישער דיכטונג — איז אָבער ישראל שטערן געבליבן אָפּגעזונדערט, געלעבט דאָס לעבן פון אַן אייביקן נזיר, אַ בלוט־אָרעמאַן. אָפּטער אַ גאַסט אין די שטיבלעך פון די „טויטע חסידים", ווי אויף טלאָמאַצקיע 13. די לאַנדשאַפט און דער פּאָן פון אַל זיינע כתבים איז די אָרעם־הייליקע וואַרשעווער יידישע גאַס. זיין עסיי „ברויט און פּאָעזיע" — רופט זיך ערגעץ־ווו איבער דורך קעלער־וווינונגען און בוידעם־שטיבלעך מיט מאַנגערס „באַלאַדע פון ווייסן ברויט".

און לאַכט, לאַכט,
שטייט און לאַכט.

פּאַקט מען אים דאָ.
און ער שפּרינגט דורכן פּאַרקאַן און לויפט,
אַ יתום אין צעריסענע בגדים,
דורך דעם טאָג, דורך דער גאַס, דורך דער וועלט.

---

## ברויט און פּאָעזיע



אין איינעם פון די אָרעמע יידישע געסלעך אין וואַרשע קען איך אַ שטוב. דאָרט עסט מען ווייניק. דאָרט רעדט מען פיל — וועגן עסן.

דריי זיינען זיי. דער פאָטער 69 יאָר. די מוטער אַ יאָר 46 (דאָס צווייטע ווייב). די טאָכטער 12 יאָר. זיי וווינען אין אַ קיך. דאָס צימער איז פאַרנומען דורך אַנדערע אַלטע לייט.

די קיך און דאָס צימער —ביידע זענען גלייך שיין. אויסגעסטראַיעט מיט דלות. קיין וואַסער־לייטונג איז נישטאָ. קיין אוביקאַציע נישטאָ. עלעקטרי — יאָ. געהערט זי בשותפות צו אַלע און אַלע זשאַלעווען זי.

אַרום ניין, האַלב צען אין אָוונט הייבט מען אָן טרייבן: „נו, שלאָפן", „אַ סוף, שלאָפן", „לאָ׳מען מאַכן נאַכט".

די טאָכטער האָט דערוויל נישט מער ווי 12 יאָר. טאָ וואָס וועט זי זיך איילן? פּאַמעלעך מישט זי די בלעטלעך פון אַ ביכל. זי לייענט.

שרייט דאָס צימער, שרייט די קיך: „נו, סימע־לאה, שלאָפן", „אַ סוף, סימע־לאה, שלאָפן", „סימע־לאה, לאָ׳מען מאַכן נאַכט". נאָר סימע־לאה האַלט גראָד אינמיטן קאַפּיטל און וויל נישט מפסיק זיין.

ווערט אַ גערעדעריי. נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע, נישט די שכנים, קיינער פאַרשטייט נישט: וואָס האָט זי אַזוי פיל צו לייענען? טאָג און נאַכט, נאָר ס׳לייענט?

דויערט עס אַזוי לאַנג, ביז איינער לויפט צו, פאַרלעשט דאָס ליכט. סימע־לאה זיצט נאָך, קוקט אויף די פינצטערע בלעטלעך. ביז איצט איז דאָרט געווען אַזוי פיל באַוועגלעכקייט. מ׳האָט געלאַכט, מ׳איז געלאָפן. מ׳האָט געלעבט, געגלויבט, געזונגען, געוויינט. איצטער זיינען די בלעטער טויט. גאָר נישטאָ דאָרט. די וועלט איז געבליבן שטיין. מ׳דאַרף גיין שלאָפן.

אַז אַלע ליגן שוין אין די בעטן, דערמאָנט זיך די מאַמע:

— אַ־נישט קאָן איך שלאָפן? וואָס האָב איך היינט געגעסן?

פאַרדריסט דאָס דעם טאַטן: „און וואָס האָב איך געגעסן?"

— דו, — ענטפערט די מאַמע, — דו... אינדערפרי האָב איך אַריינגענומען אַ האַלב ברויט. ביינאַכט האָב איך אַריינגענומען אַ האַלב ברויט, ווו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען?

די טאָכטער מישט זיך נישט אַריין אין דער מחלוקה. זי טראַכט, אַז ס׳איז אַ מאָדנע זאַך מיט די בלעטער פון אַ בוך. כל־זמן אַ ליכט ברענט, איז אַ בוך אַזוי לעבעדיק, אַזוי לויפנדיק, אַזוי קאָכעדיק. ווערט אַ מינוט פינצטער, איז אויס, געשטאָרבן ווי אַלע געשטאָרבענע.

זי ווייסט, אַז זי טראַכט אַ נאַרישקייט. אוודאי אַזוי ,אַז ס׳איז ליכטיק, זעט מען צו לייענען, אַז ס׳איז פינצטער, זעט מען נישט צו לייענען. פונדעסטוועגן טראַכט זי פאָרט דערפון...

אַז מען לייגט זיך פרי, שטייט מען אויף מיטן טאָג צוגלייך. קודם כל נעמט זיך אָנטאָן דער טאַטע.

און אַז דער טאַטע גנבעט זיך אַרויס פון שטוב, נעמט די מאַמע זיך צו דער טאָכטער.

— לייען, סימעלע, לייען! פון די ביכלעך וועסטו האָבן צו עסן. וואַרט, וואַרט, גאָר אינגיכן וועט דער טאַטע מוזן אַרומגיין איבער די הייזער, איך וועל גיין וואַשן גרעט, און דו וועסט אַוועק פאַר אַ דינסט. לייען דיינע ביכלעך, לייען!

אָט די שטוב פאַרבינדט זיך ביי מיר אָפט מיט אַ ליד. אַ באַקאַנט ליד, וואָס כ׳האָב נישט ליב, אַ ליד, וואָס איז שטאַרק פּאָפּולער, און דאָס איז אויך נישט קיין איבעריק גוטער סימן... אַ ליד, וואָס ווערט ציטירט ביי יעדן פּאָגראָם, ביי יעדער צרה, און איז אַליין אויך אַזוי שיין און זגראַבנע ווי אַ יידישע צרה.

„גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט״.

איר קענט דאָס ליד? אין פלוג גאַנץ פיין און גלאַטיק און צדקהדיק. פּרוווט עס אָבער נענטער אַנאַליזירן.

ווען מיט איין אָטעמצוג זאָגט מען: „גיט די טויטע אויף תכריכים, גיט די לעבעדיקע ברויט״, זענען די לעבעדיקע אויך אַזאַ מין טויטע, נאָר טויטע, וואָס דאַרפן עסן.

און וועלכער מת וועט עס האָבן די חוצפּה צו טאָן אַ קלאַפּ אין טיש. „גיט מיר תכריכים!״ — עס וואָלט געוואָרן אַ גוואַלד פון אַלע זייטן: „גיי אין דיין רו אַריין!...״

אויך דער לעבעדיקער דאַרף ליגן אָדער זיצן אַ געשטאָרבענער און וואַרטן, ביז מ׳וועט באַוויליקן און באַגוטהערציקן פאַר אים אָפּצושניידן אַ שטיק ברויט, ווי מען שניידט אָפּ פאַרן בר־מינן אַ שטיק לייוונט אויף תכריכים.

און נאָך עפּעס. אַז מען „גיט די טויטע אויף תכריכים״ איז שוין אַלץ אין אָרדנונג. ס׳איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַ מת אַן איינרייסער, וואָס זאָל זיך נישט לאָזן באַנוגענען דערמיט און פאַרלאַנגען נאָך עפּעס. טאָ פאַרוואָס זשע זאָלן די לעבעדיקע יאָ דאַרפן מער ווי ברויט? זיי זיינען דאָך אויך נישט מער ווי מתים, נאָר מתים, וואָס דאַרפן אכלען...

און נאָך: וועלכער משוגענער היגיעניסט וועט דאָס גיין אויסגראָבן אַ קבר און אַלע מאָל איבערטאָן דעם נפטר אין נייע בגדים? איינמאָל מלביש געווען און פּטור. טאָ גיט די טויטע אויף תכריכים און גיט די לעבעדיקע ברויט. די פּגרים נומער 1 און פּגרים נומער 2. גיט אָפּ זייער פּאָרציע איין מאָל פאַר אַלע מאָל און כאַפּט זיי דער רוח...

יאָ, דאָס איז אַ קלאָגעדיק ליד. פון אַלע זייטן זייער קלאָגעדיק — און זייער פּאָפּולער.

צי קאָנט איר זיך פאָרשטעלן מיט וויפיל פּראָצענט ווייניקער פּאָפּולער עס וואָלט געווען ביי אונדז אַ סטראָפע: „גיט די לעבעדיקע מער ווי ברויט?״

און אַ פּשיטא ווי נישט באַליבט, ווי פון קיינעם נישט ציטירט עס וואָלט געווען אַ קאַפּריזנער דיכטער, וואָס וואָלט חשק געהאַט אָנצושרייבן אַ שטייגער אַזאַ פּסוק:

„גיט די לעבעדיקע ברויט און פּאָעזיע״.

צוזאַמען מיט סימע־לאהס טאַטע־מאַמע וואָלטן אַנדערע הונדערטער און טויזנטער טאַטעס און מאַמעס זיך צעשריען: לייענט די ביכלעך, לייענט. די ביכלעך וועלן אייך געבן עסן.

* * *

וואָס גייט אים אָן אַ ליד? וואָס טויג אים דיכטונג? ער דאַרף עסן. וואָס פאַרדרייט איר אים דעם קאָפּ מיט נאַרישקייטן?

אָבער דערפאַר טאַקע, וואָס קיין שום אַנדערע זאַך עקזיסטירט נישט פאַר אים; דערפאַר וואָס אַלע דערשיינונגען, אַלע פּאַרקומעניש, אַלע האָפענונגען, אַלע צילן האָבן זיך צעריסן ווי פּאַפּירענע ווענט, און אויף יענער זייט וואָנט ציען זיך, ציען זיך ביז דער אומענדלעכקייט ברוינע און שוואַרצע רייפטלעך ברויט — דעריבער טאַקע איז הונגער מער, פיל מער ווי בלויז אַ פּראָזאַישער ענין.

ווען ס'איז דאָ אַזוינס, וואָס טרייבט אַלצדינג אַרויס פון די אויגן און גליט דאָרט איינס אַליין: ווען ס'איז דאָ עפּעס, וואָס פאַרשטעלט אַלע קולות און אָפּקלאַנגען, אַלע קרעכצן און געדרוישן, און הילכט איינס אַליין אין די אויערן ווי שווערע קופּערנע גלאָקן, — דאַן איז עס בלוט־דערוואַכונג, געשריי פון ברויט, געזאַנג פון בלוט.

געוויס, ווען עס הונגערט, וויל מען נישט מער ווי עסן, עסן.

אָבער אויב אַלע ווונטשן וויקלען זיך צוזאַמען אין איין קנויל, אויב אַלע בענקשאַפטן גיסן זיך צונויף אין איין טרער, גראָד דאָ איז דער קוואַל פון פּאָעזיע.

דאָס איז די צייט, ווען אַלץ איז איינגעפּרעסט, מאַכט אייך ענג, קלעמט אייך ווי מיט צוואַנגען, —

הונגער.

דער סופיט איז אייך פרעמד. דער דיל איז אייך אַ שונא. אויף די שטולן זיצן פון ערגעצדיקע קברים אַנטלאָפענע סקעלעטן.

איר קאָנט דעם שוידער פון אייער אייגענער שטוב נישט פאַרטראָגן. איר לויפט אַרויס אין גאַס.

נאָר רוענדיק שטייען די הייזער, ווי חושכדיקע טורמעס. די מענטשן אויף דער גאַס שמייכלען שאָדנפריידיק אייך אין פּנים אַריין.

אַן הצלה איז דאָ. איינאיינציקע רעטונג: די פולע לבנה איז אַ רונדיק לעבל ברויט. האָט אים אָבער דער בעקער אויפגעהאָנגען אַזוי הויך, אַזוי ווייט...

זיך צו רייצן מיט אייך, אייך אויף צו להכעיס ווייטיק צו ברענגען.

אַלע לייכטנדיקע פענצטער ווינקען אַריין אין דער גרויס־שטאָטישער נאַכט: „הונגעריק ביסטו, נישט מיר, נישט מיר״.

די אויטאָמאָבילן שווימען זאַט און ווייך אויף שטילער דיקער גומע און טרומייטערן מיט רחבות: „הונגעריק ביסטו, דו, דו״.

אַפילו די געשפּאַנטע פערד אין די דראָזשקעס לויפן איך אַנטקעגן: „מיר האָבן האָבער געגעסן און היי געגעסן און געשמאַקע צעפּאַרעטע קאַרטאָפל־שאָלעכץ...“

עסן — איצט די אַקס. אַרום איר דרייען זיך אַלע פינף חושים. מסתמא אויך דער זעקסטער.

דער טייך פון אַלע געשעענישן האָט זיך אָפּגעשטעלט. די אָנצאָליקע געשטאַלטן האָבן זיך איינס דאָס צווייטע אָנגענומען פאַר די הענט, און אַלע צוזאַמען זיינען אומגעפאַלן און ליגן אין איין קופּע. די אומגעהויערע פולקייט פון די קעגנשטאַנדן האָבן זייערע פּרצופים פאַרלוירן; אין פייער פון הונגער האָבן זיך צעגאָסן זייערע באַזונדערקייטן ווי צעשמאָלצענע מטבעות. זיינען זיי אַ פאַרווישט, טעמפּ און אומסימעטריש שטיק.

אַלץ איז אונטערגעגאַנגען, עס לעבט בלויז איינער, וואָס וויל נישט אונטערגיין.

פון מיליאָנען איז געוואָרן איינס...

און אַלץ קומט אויף איין פּלאַץ, ווערט דאָ דער פּלאַץ פון גרויסן טרוים.

אין מאָמענטן, ווען די אַרומיקייטן פאַרלירן זייערע צעשטרייטקייטן, ווען די אין אומבאַקאַנטן ערגעץ לויפנדיקע שטחים דערנענטערן זיך האַרט אַרום צו דיר, —

ווען דיין לייב איז אַזוי מוראַדיק און שאַרף, אַז עס האָט, ווי אַ האַק, אַלע ווייטיקן אָפּגעהאַקט, —

ווען די וועלט איז נישט גרעסער פון דיין האַרץ, און דיין האַרץ איז נישט קלענער פון דיין עלנט, —

ווען דער פלוס פון די פּאַסירונגען איז איינגעפרוירן, און נאָר דיין בלוט פליסט און רוישט פול מיט סודות, —

ווען די וועלט פון אַלע פיר עקן בייגט זיך, בייגט זיך איבער דיין נויט און אָרעמקייט ווי איבער אַ הילפלאָז און נאַקעט ליגנדיקן קינד, —

דענסטמאָל, אָרעמער, ביסטו דער געפייערטער — די ערד האָט זיך צונויפגעלייגט ווי אַ בלומען־קראַנץ ביי דיר צוקאָפּנס...

און אינגאַנצן, ווי גרויס זי איז, קוקסטו זי אָן. אין דיינע פיר איילן קוקסטו זי אָן. מער ווי דיינע ד׳ אמות ביסטו איצט נישט אימשטאַנד צו זען. איז זי געקומען צו דיר, די לאַנגע, ווייטע, אויסגעצויגענע ערד.

פונקט ווי די גאַנצע און גרויסע און הייליקע עוואַנגעליע איז געקומען אין דעם קליינטשיקן האַלב־פינצטערן שטיבל פון סאָניאַ און ראַסקאָלניקאָוו...

און קנוילן אַלע מרחקים זיך צוזאַמען אויף איין אָרט, מוז דאָס אָרט ווערן באַרגיק. הויך און העכער. ווערט דער מענטש העכער, ווערט די וועלט שענער...

ס׳איז די הייליקע שעה. איר, אַלע שרייענדיקע, דרך־ארץ! איצט שאַפט זיך שטילערהייט די פאַראייניקונג פון אוניווערס. עס שפּינט זיך דער גאָלדענער פאָדעם און ציט זיך פון דער שוואַרצער ערד ביז גאָט...

געבורט פון וויזיע, אויפקום פון גרויסן חלום.

די ניכטערע וועלן עס נישט פאַרשטיין. זיי האָבן אין זאַפּאַס אַ פולן מיסט־קאַסטן מיט וויצן אויפן חשבון פון „הונגער“ און „הויכע עניִים“. און דאָס גראָטעסקע דערביי, וואָס גראָד פון קבצנים שטאַמען מערסטנס די חוזקערייען. זיי, וואָס האָבן פאַר די רייכע ברויט געבאַקן און וויין געקעלטערט, האָבן אויך פאַר די נשמות פון די זאַטע געזאָרגט... זיי זאָלן זיך פילן גייסטיק פּריווילעגירט...

האָט מען נישט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך אויף דער דיספּראָפּאָרץ צווישן אַ הונגעריקן מאָגן און הויכע מאַטעריעס. די וואָלוועלע פּקחות טרי־אומפירט.

נאַטירלעך, די ניכטערע באַגרייפן עס נישט. ניכטערקייט איז די חכמה פון דער קעשענע אין דער וועסטל אויף דעם מענטש. פּאָעזיע איז די חכמה פון דעם מענטש. רייכקייט איז אַ גלאַנץ פון אויסנווייניק, אָרעמקייט איז אַ גלאַנץ פון אינעווייניק.

דעריבער: די אָרעמע פאַרשטייען אַמטיפסטן פּאָעזיע.

שטעלט נאָר נישט אויף קיין מחיצה צווישן זיי און זיך, שמועסט נאָר נישט איין, אַז נישט פאַר זייערע קישקעס איז אַזאַ דעליקאַטעס.

פּרעגלט נישט אַ קאָטלעט פון תכריכים און ברויט אינאיינעם. טראַכט נישט, אַז אַ לעבעדיקער אָרעמאַן איז אַ טויטער, וואָס קייט און שלינגט...

זייט געוואָרנט מיט די אָרעמע, ווייל דאָ הייבט אָן דער מענטש ווערן רייך... ווייל דאָ האָט מען צו טאָן מיט די איידלסטע...

(פון בוך: „לידער און עסייען״ — ניו־יאָרק 1955)

## שלום עליכם

## אַ וואָך מיט י. ל. פרץ



פאַראַיאָרן פסח איז דאָס געווען.

נאָך אַ שווערער שלאַפקייט און נאָך אַ לאַנגער קוראַציע אין די וואַרעמע לענדער, בין איך געקומען קיין וואַרשע. אַ סך פריינד און גוטע פריינד האָבן מיך אָפּגעוואַרט אויפן באַנהויף, און צווישן אַלע פרץ און דינעזאָן.

ווער עס האָט געקענט פרצן, האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן פרצן אָן דינעזאָנען. אַ רירנדיקע חברשאַפט! אַ מאָדנע ליבשאַפט! און ניט פון נעכטן איז דאָס געווען, און ניט פון פאַראַיאָרן. נאָך מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, אַז איך האָב געהאַלטן ביי אַרויסגעבן מיין ערשטן יאָרבוך „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק" און פרץ האָט מיר צוגעשיקט קיין קיעוו זיין באַלאַדע „מאָניש", איז תיכף נאָך פרצעס בריוו אָנגעלאָפן אַ בריוול פון וואַרשע, פון דינעזאָן, ווו ער פרעגט זיך נאָך אויף דעם „אויפגייענדיקן שטערן", און אַז איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין פון דער באַלאַדע אַנטציקט און אַז דער אויטאָר שיינט צו זיין אַ גרויסער טאַלאַנט, איז קיין מער גליקלעכער פון דעם דינעזאָן אויף דער וועלט ניט געווען. ער, דינעזאָן, ניט פרץ, האָט מיר שוין צוגעשיקט נאָכדעם אַ גאַנצן „טעטראַד" מיט קליינע דערציילונגען פון י. ל. פרץ, פון וועלכע ס'איז גרינג געווען אויסצוקלויבן און אָפּצודרוקן אַזעלכע זאַכן, ווי דער „כעלעמער מלמד", „ווענוס און שולמית" און דאָס גלייכן. פון דעמאָלט אָן און ווייטער איז אַלץ, וואָס פרץ האָט אַרויסגעוואָרפן (איך וועל שפּעטער זאָגן פאַר וואָס איך באַנוץ דאָס וואָרט „אַרויסגעוואָרפן"), איז דאָס געגאַנגען דורך דינעזאָנס הענט.

אַז דינעזאָן איז געווען זיין ביזנעס־סעקרעטאַר, ווי עס הייסט ביי אייך, אָדער פינאַנץ־מיניסטער, ווי מיר האָבן אים, בדרך ליצנות, גערופן — פון דעם איז אָפּגערעדט, וואָרום אין געלט־זאַכן איז פרץ געווען, לויט דינעזאָנס אָפּשאַצונג, ערגער פון אַ קינד, אַ קינד, וואָס דאַרף האָבן אַ מאַמע. און אין דינעזאָנען האָט פרץ געפונען אַ מאַמע, אַ געטרייע, איבערגעגעבענע מאַמע, וואָס איז גרייט געווען זיך מוסר־נפש זיין פאַר אים אַלע מינוט. און גאָט זאָל אייך היטן זאָגן אַ שלעכט

---

שלום עליכם — 1859—1916 — אונדזער קלאַסיקער, איינער פון די גרעסטע הומאָריסטן פון דער וועלט־ליטעראַטור — איז אין זיין אַזוי קורצן און אַזוי שווערן לעבן עטלעכע מאָל געווען צו גאַסט — אַמאָל טעג, אַן אַנדערש מאָל חדשים — אין וואַרשע. שפּורן פון אָט די באַזוכן זענען געבליבן אין זיינע שריפטן און אין זיינע בריוו. האָבן מיר זיי דאָ אַריינגענומען — און זאָל זיין ליכטיקער נאָמען באַשיינען אונדזער בוך.

וואָרט וועגן פּרצן אין דינעזאָנס קעגנוואָרט! און ניט נאָר זאָגן — טראַכטן שלעכט וועגן פּרצן האָט שוין געהייסן אַ באַליידיקונג, אַ פֿאַרשוועכונג. די וואָרשעווער לצים אַפֿילו האָבן זיך געוויצלט איבער דעם, און דינעזאָן האָט געוווּסט, אַז לצים וויצלען זיך, און האָט זיך נישט געמאַכט דערפֿון: „דערויף זענען זיי לצים, זיי זאָלן זיך וויצלען". ער האָט געטאָן זיין זאַך באמונה, נישט געלאָזט קיין שטויב זאָל אויף אים פֿאַלן. און טאָמער האָט ער געזען ביי עמיצן אַ שיינס, און טאָמער האָט איר אים דערציילט עפּעס אַ גוטע זאַך, האָט ער זיך באַלד דערמאָנט, אַז ביי פּרצן איז אַ סך בעסער. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז בשעת פּרץ איז פֿאַרגאַנגען מיט אַ נייער זאַך, האָט מען דאָס געקאָנט אַרויסזען אויף דינעזאָנס פּנים, און אַז פּרץ האָט די נייע זאַך אָנגעשריבן, האָט דינעזאָנס פּנים געשיינט ווי די זון.

די בעסטע אילוסטראַציע דערצו איז אַ בריוו פֿון פֿאַר־צוויי־יאָרן. די ערשטע העלפֿט איז פֿון י. ל. פּרץ, די אַנדערע העלפֿט פֿון יעקב דינעזאָן, וואָס קוועלט אָן פֿון זיין ליבן, טייערן פּרץ, און, ווי אַ פֿאַרליבטע מוטער, האָט ער איבערגעציילט אַפֿילו די שורות — גאַנצע זעקס שורות מיט אַ האַלבע — „אַ גבורה פֿון אַ אידן!"...

אָט האָט איר דעם בריוו: „12—1,1913.

„ליבער, ליבער שלום־עליכם,

איך בין בטבע אַ פֿיינד פֿון בריוו־שרייבן. אָבער דיין צושריפֿט צו דינעזאָנס בריוו האָט מיך שרעקלעך גערירט. וואָס זאָל איך דיר אָבער שרייבן? איך לייען אַלץ וואָס דו שרייבסט, אַפֿילו וועגן אונדזער באַקאַנטן פֿ... איך לייען און באַוווּנדער... און וואָלט זייער געוואָלט, דו זאָלסט געזונט ווערן. זיי געזונט! דיין י. ל. פּרץ".

וואָס זאָגט איר, אפשר נישט אַ גבורה פֿון אַ ייִדן? גאַנצע זעקס אַ האַלב שורות אויפֿגעשריבן, שוין מיט דער אונטערשריפֿט! און גלויבט מיר, ליבער שלום עליכם, ווער עס קען פּרצן ווייסט, אַז דאָס איז באמת זיך אָנגעטאָן אַ כח פֿון זיין זייט. געדענקט זשע, זעט וואָס גיכער פֿאַלקאָם געזונט צו ווערן. האָפֿט און ווילט אין גיכן צו אונדז אין וואַרשע צו קומען. עס האַלט ביים געבוירן ווערן ביי מיר אַ פּלאַן. מיר, דאָס איז טייטש: איר, פּרץ און איך, זאָלן מיר פֿאָרן קיין ארץ ישראל, אַ קוק טאָן, אַ טראַכט טאָן און אַ דערציילן טאָן פֿון דאָרט אַלץ, וואָס מיר וועלן מיט אונדזערע אויגן דאָרט זען בחוש און מיטן האַרצן דורכפֿילן, טרעטנדיק אויף דער ערד, פֿון וועלכער מיר שטאַמען, אין וועלכער עס זענען באַהאַלטן אַלע אונדזערע גייסטיקע וואָרצלען, און צו וועלכער אונדזערע תּפֿילות און האָפֿענונגען זענען געווענדט.

איך בעט אייך, ווערט באַלד געזונט. חוץ אַלץ וויל איך גלאַט אַזוי אויך נישט, איר זאָלט קראַנק זיין — טאָ זייט־זשע בעסער געזונט, כאָטש מיר און פּרצן צוליב. אונדז טוט וויי, אַז איר שרייט נעבעך פֿון יסורים. אונדז קלעמט דאָס האַרץ, אַז מיר דערמאָנען זיך, ווי איר פֿילט אייך אַצינד, דעריבער ווילן מיר, דעריבער בעטן מיר אייך, טוט אונדז צוליב און ווערט טאַקע באַלד באמת געזונט און שטאַרק.

דאָס האַרץ אונדזערס בעט אויך גאָט אַ רפואה שלמה פֿאַר אייך, פֿאַר אייער פֿרוי און ליבע טייערע קינדער. צום גיכן זען זיך געזונטערהייט,

אייער י. דינעזאָן."

ווי איר זעט פונעם בריוו, איז נאָר איין ווונטש געווען ביי זייביידע — איך זאָל זיין געזונט דאָס פאָרן מיט זיי אין דרייען אין ארץ ישראל — דאָס דאַרף מען פאַרשטיין, איז געווען מער ניט אַזאַ לעקאַכל, ווי מע זאָגט צו אַ קראַנק קינד. דער עיקר — איך זאָל געזונט ווערן — „כאָטש מיר און פּרצן צוליב״... און איך האָב זיי צוליב געטאָן — און בין געזונט געוואָרן און געקומען צו פאָרן אויף די אַנדערע טעג, פּסח קיין וואַרשע און אַריינגעפאַלן אין די ברייטע געזונטע אָרעמס פון דעם ריז י. ל. פּרץ און אין די קליינע דאַרע הענטלעך פונם קליינטשיקן גוטינקן אייביק־פאַרליבטן יעקב דינעזאָן — און מיט די צוויי האָבן מיר זיך שוין ניט געשיידט אַ וואָך כסדר. ווי אַרום אַ ציטעריק קינד, זענען זיי די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, געהיט, איך זאָל מיך, חס ושלום, ניט פאַרקילן. אַזוי ווייט, אַז אויפן „רעסעפּשאָן״, וואָס דער „הזמיר״ האָט מיר געגעבן (פּרץ איז געווען דער פּרעזידענט פון „הזמיר״), האָט פּרץ ניט געלאָזט מיך זיצן מער ווי עטלעכע מינוט, כאָטש ער אַליין איז געווען דער רעדנער פון מיין כבוד וועגן, — און וועלכער רעדנער וויל עס ניט, מע זאָל אים הערן?... ס׳איז אָבער געווען ענג און הייס, „און דער איז ביי אונדז אַ ציטעריקער, איין אָפּגעשריגענער״ — אַזוי האָט געטענהט פּרץ, אָנווייזנדיק אויף מיר מיט אמתער ליבשאַפט פון אַן עלטערן ברודער.

איך שטרייך אונטער די דאָזיקע ווערטער מיט אַ באַזונדער כוונה, ווייל ווער עס האָט געקענט פּרצן פּערזענלעך, דער ווייסט, אַז ער איז געווען ווייט פון סענטימענטן, פּונקט דער היפּך פון זיין מאַמע דינעזאָן, וועלכער איז אַ מאַמע צו אַלע שריפטשטעלער, צו די עלטערע ווי צו די ייִנגערע. פּרץ איז געווען צייטנווייז קאַלט ווי אייז, שטרענג ווי אַ רבי און שניידנדיק ווי אַ מעסער. „שטיוול פּוצן!״ — האָט ער געקענט געבן אַ שנייד־אָפּ אַ יונג אַ גראַמענמאַכער, וואָס איז געקומען צו אים מיט אַ „בינטל פּאָעזיע״, אַזוי אַז יענער האָט נישט געוווסט וווּ אַ טיר עפנט זיך. און צוריק, האָט ער אָנגעשמעקט, אַז ס׳איז דאָ אַ טאַלאַנט — האָט ער אים אויפגעהויבן ביז צום הימל און האָט אָנגעזאָגט דורך דינעזאָנען אַ בשורה אין שטאָט, אַז ס׳איז געבוירן געוואָרן ביי ייִדן אַ שעקספּיר, אַ ישעיה הנביא, אַ משיח!... איך מיין, אַז איך האָב קיין טעות ניט, אַז דאָס ערשטע ווערק, וואָס שלום אַש האָט אָנגעשריבן, איז דורכגעגאַנגען פאַרביי פּרצעס אויגן, און אַז פּרץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזאָגט אויף שלום אַש, אַז ער איז שלום אַש...

דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט אַנדערע, מיט די ייִנגערע. און פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אָפטמאָל געהאַט אַ מיאוסן טעות אויך. נישט אַלע פּורים איז יום טוב, און נישט אַלע תמיד ווערט געבוירן אַ שלום אַש. פּרץ האָט זיך אָבער ווינציק־וואָס געקימערט פון אַזעלכע זאַכן — אויסגעלאַכט זיך און פאַרגעסן. פּרץ איז בכלל געווען אַ נאַטור, וואָס האָט פיינט געהאַט קליינלעכקייטן. אַ ברייט וואַרעם האַרץ, אַ קאָלאָסאַלער קאָפּ, אַ מענטש אַ ריז — אָט דאָס איז געווען דער איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט; און דער עיקר — אַ פּקח, מיט אויגן פון אַ תלמיד־חכם, טיפע, בליצנדיקע, גרויסע אויגן, אַ ברייטער בליצנדיקער קוק און אַ מויל, וואָס פּערלט, געדאַנקען, וואָס ברויזן, זעצן ווי פון אַ קוואַל, און ווערטער אַזעלכע שיינע און אַזעלכע געפליגלטע, אַז ס׳איז נאָר געווען אַ ווונדער, פון וואַנען נעמען זיך צו

אונדזער אַזוי־גערופֿענער „אָרעמער שפּראַך" אַזוי פֿיל פֿיינע קיילעכדיקע פּערלדיקע ווערטער?

איך האָב געקענט פּרצן אַ סך מיט יאָרן, נאָר איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען אַזוי פֿריש און בליִענד און גלענצנדיק, ווי פֿאַראַיאָרן פּסח, אין דער וואָך, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט אינאיינעם. גלייך ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטע וואָך, האָט ער זיך צו מיר באַזונדערס צוגעלאָזט, גענומען אַ באַזונדערן אינטערעס אין מיר און אַנטפּלעקט פֿאַר מיר זיין האַרץ, די קדשי־קדשים פֿון זיין נשמה, געטעדט פֿון נייע שאַפֿונגען... וואָס מיך האָט איבערראַשט — איז די גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער ער האָט אויסגעהערט מיין קריטיק איבער זיינע מיסטישע פּאָעמען אין דער לעצטער צייט. איך האָב אים גאַנץ אויפֿריכטיק אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג וועגן דער „גאָלדענער קייט"; איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וואָלט אַוועקגעגעבן צען „גאָלדענע קייטן" פֿאַר איין מעשהלע פֿון זיינע „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן". האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ געשמאַקן הילכיקן געלעכטער: „האַ־האַ־האַ — דינעזאָן זאָגט אויך דאָס אייגענע!"

דאָס איז די „גאָלדענע קייט", וועלכע פּרץ האָט עטלעכע מאָל איבערגעניצעוועט — גאָרנישט פּרצעס טבע. פּרץ האָט פֿיינט געהאַט, ווי, למשל, דער זיידע מענדעלע, זאָל מאריך ימים זיין, אַז ער שרייבט־אָן אַ זאַך, צאַצקעט ער זיך מיט דעם, פּיילט דאָס און פּוצט דאָס איבער עטלעכע מאָל, איידער ער לאָזט דאָס אַרויס פֿון האַנט, און אַז ער לאָזט דאָס אַרויס, ציטערט ער איבער דעם, ווי איבער אַ טייער קינד, שפּיגלט זיך אין דעם, זוכט חסרונות, גלעט דאָס אויס נאָך אַמאָל — אַזוי שאַפֿט דער זיידע מענדעלע און אַזוי שאַפֿן אייניקע פֿון זיינע אייניקלעך... נאָר נ״ט אַזוי האָט געשאַפֿן פּרץ. מיט אַן אומגעהייערער שנעלקייט, אַבי ס׳איז אים נאָר געקומען דער רוח־הקודש, האָט ער אַרויסגעוואָרפֿן איין נאָוועלע נאָך דער אַנדערער, און צום ערשטן זענען זיי, פֿאַרשטייט זיך, דורכגעלייענט געוואָרן פֿאַר יעקב דינעזאָן, און יעקב דינעזאָן האָט געפֿונען, אַז אַזעלכעס איז נאָך נישט דאָ געוועזן. דאָס האָט ער שוין פֿאַרשפּאָרט זאָגן. דאָס האָט מען שוין געקאָנט זען אין זיינע אויגן.

גאָרנישט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב מיך אַזוי וואָכעדיק אויסגעדריקט וועגן זיין ליבלינג די „גאָלדענע קייט", האָט זיך פּרץ גאַנץ אָפֿנהאַרציק מודה געווען פֿאַר מיר, אַז ער האַלט, אַז דאָס איז די בעסטע פֿון אַלע זיינע שאַפֿונגען, און אַז ער וועט דאָס, מיר און דינעזאָנען אויף צו להכעיס, איבעראַרבעטן נאָך אַמאָל, ביז עס וועט אַרויס אַ כלי שלמה. און תוך כדי דבור איז ער אַריבערגע־שפּרונגען אויף מיר און אויף מיינע אַרבעטן מיט אַזוי פֿיל וואַרעמקייט און אינטערעס, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט פֿון זיינע אייגענע אַרבעטן, און מיט פֿרייד גערעדט וועגן מיין דערפֿאָלג, גלייך ווי וועגן זיין אייגענעם דערפֿאָלג.

איך וויל דענקען, אַז דעם אייגענעם אינטערעס האָט פּרץ געהאַט אין אַנדערע שריפֿטשטעלער, וועלכע זענען געווען נאָענט צו זיין האַרצן. און עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין, וואָרעם אויב מיר, שריפֿטשטעלער, זענען אַ משפּחה, וואָס באַשטייט פֿון טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, פֿאַר וואָס זאָלן מיר זיין ערגער פֿון אַלע אַנדערע משפּחות? ווו שטייט עס, אַז מיר, שריפֿטשטעלער, באַדאַרפֿן זיין ענגהאַרציק, קוקן איינס אויף דאָס אַנדערע ווי אויף „קאָנקורענטן" פֿון

**פאַרשידענע לאַגערן?...אַט האָט איר נאָך אַ בריוו פון פּרצן, פון וועלכן ס'איז צו זען, ווי אַ שריפטשטעלער אינטערעסירט זיך מיט די ווערק פון אַ צווייטן און וויל, אַז יענעמס שריפטן זאָלן דערשיינען וואָס שענער (עס האָט זיך אונטער־האַנדלט וועגן אַן אויסגאַבע פון אַלע מיינע ווערק אין אילוסטראַציעס):**

„ליבער שלום־עליכם,

**איך האָב געהערט, אַז איר ווילט אַרויסגעבן אייערע זאַכן אילוסטרירט, און אַז מען פּראָפּאָנירט אייך דעם יונגן קראַטקאָ צו דער אַרבעט. און אַזוי ווי איך וואָלט זייער געוואָלט זען אייערע זאַכן אילוסטרירט און האָב דערביי אמונה אינם טאַלאַנט פון יונגן קראַטקאָ, על כן שרייב איך אייך מיין דעה און עצה, אַז איר זאָלט מיט קראַטקאָ ענדיקן.**

אייער י. ל. פּרץ."

**מע דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז פּרץ האָט צו יענער צייט אַליין געהאַט אַזעלכע צוועלף בענדער פון זיינע ווערק, און דאָך האָט אים געפרייט צו זען דעם דערפאָלג פון זיין חברס ווערק, און מיטן גאַנצן האַרצן געווינטשט, אַז דער דערפאָלג זאָל זיין נאָך בעסער, גאָר נישט מורא געהאַט פאַר קאָנקורענץ... „דיין דערפאָלג איז אונדזער אַלעמענס שטאָלץ" — האָט ער צו מיר געזאָגט אין אַ מינוט פון השתפכות־הנפש. אין אַזעלכע מינוטן האָט פּרץ ליב געהאַט, ווי איר זעט פון זיין ערשטן בריוו, אַריבערצוגיין פון „איר" אויף „דו". דאָס זענען געווען די בעסטע מינוטן ביי פּרצן...**

**די וואָך פון פּסח איז אַוועקגעגאַנגען, ווי עס גייען אַוועק אַלע וואָכן פון אַ גאַנץ יאָר, און טאַקע ווידער אַמאָל, ווי דאָס האָרץ האָט אים געזאָגט, איז פּרץ נישט אָפּגעטראָטן פון מיר און צוזאַמען מיט דינעזאָנען האָבן מיר אויסגעמאָסטן וואַרשע אין דער לענג און אין דער ברייט, זיך אין דרייען געפּאָטאָגראַפירט, געחלומט פון יידיש טעאַטער, פון ליטעראַטור, געבויט פּלענער און לופט־שלעסער, ווי גאָר אין די יונגע יאָרן — ווער האָט דעמאָלט געקאָנט זאָגן, אַז דאָס וועט זיין ביי מיר די לעצטע וואָך מיט פּרצן?...**

(פונעם בוך: „יידישע שרייבער", ניו יאָרק, 1927)

---

## צוויי בריוו פון וואַרשע



**א.**

**וואַרשע, פּרוזשנאַ 5, ווינונג פון ד. פּרישמאַן.**
**דעם 14־טן אַפּריל, 1905.**

(דעם בריוו האָט ש. ע. געשריבן צו זיין טאָכטער ערנעסטינע נאָכדעם ווי ער האָט בייגעוווינט אַ פאָרשטעלונג פון זיין „צעזייט און צעשפּרייט" אין אַ פּוילישער איבערזעצונג).

**פריינד טיסי!**

**וואָס זאָל איך דיר שרייבן וועגן נעכטיקן טריומף? איך אַליין פּלעג זיך אַמאָל באַטייליקן אין משוגענע אָוואַציעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן צו באַליבטע**

אַרטיסטן, נאָר אַזעלכעס האָב איך ניט געזען אַפילו אין מיין שרייבערישער פאַנטאַזיע. נאָכן ערשטן אַקט האָט מען מיך (בוכשטעבלעך) פאַרשאָטן מיט בלומען. דערנאָך, נאָך יעדן אַקט, האָט מען מיך וויפל מאָל אַרויסגערופן. ביים פערטן אַקט איז דאָס פובליקום פשוט אַרויס פון די כלים, האָט אַפּלאָדירט יעדער פראַזע, וואָס האָט אויסגעדריקט וועלכע עס איז שייכות מיט דער אידעע פון דער פיעסע. און נאָכן שלוס האָבן גענומען פליען היטלען און עפּעס אַווילדע עלעמענטאַרע קראַפט האָט זיך צו מיר געריסן ווי איינצושלינגען מיך. פאַר איין מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז דאָס טעאַטער פאַלט איין. איך האָב מורא געהאַט פאַר דעמאָנסטראַציעס. איך ווייס נישט מיט וואָס מען זאָל עס דערקלערן: צי טאַקע מיט דער פּאָפּולאַריטעט פונעם פאָלקסשרייבער, אָדער דערמיט, וואָס דאָס יידישע פובליקום לעכצט נאָך אַ יידישער בינע, אָדער פשוט מיט דער אומגעצאַמטקייט פונעם המון? ביים אַרויסגאַנג האָט אַ טויזנטקעפּיקע מאַסע אָפּגעוואַרט איר קרבן. נאָר אויף דער קלוגער עצה פונם פּאָליציימייסטער האָט מען מיך פאַרהאַלטן אין אַ פאַרמאַכטער לאָזשע אַרום אַ האַלבע שעה און דערנאָך אַרויסגעלאָזט דורך דער הינטערטיר אויף אַן אַנדער גאַס. גאָט מיינער! וואָס וואָלט שוין געווען, ווען עס זאָל מעגלעך זיין צו שפּילן אויף יידיש? מיין גורל און אייער צוקונפט (איך ווענד מיך צו מיינע נאָכפאָלגער) זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן יידישן טעאַטער. פאַרשרייב דאָס דיר אין דיין קאַלענדאַר. און דערווייל, לאָמיך דיך אַ קוש טאָן, טייערע. אוי, ווילט זיך מיר זיין אויף דיין געבורטסטאָג! צי וועט זיך עס איינגעבן — ווייס איך ניט, כלעבן, מחמת געלט איז נישטאָ קיין סאַנטים ניט. די פּרוכט שניידן דערווייל אַנדערע, ניט איך.

דיין פּאַ.

## ב.

**וואַרשע, 6 פעוור. 1905, 2.05 אַ זייגער.**

(דער בריוו, געשריבן אין וואַרשע, איז געשיקט געוואָרן פון מ. ספּעקטאָרס וווינונג צו דער וווינונג פון די פרישמאַנס, ביי וועמען שלום־עליכם איז דעמאָלט איינגעשטאַנען אַלס גאַסט.)

מיינע ליבע פריינד און טייערע בעלי־בתים!

איך בעט ביי אייך טויזנט מאָל מחילה, איך בין דאָ ביי ספּעקטאָרן. ער האָט געבראַכט פון פּעטערבורג אַזוי פיל נייעס, אַז הלוואי ער זאָל פאַרטיק ווערן איבער־מאָרגן. בתוך כך האָט זיין ווייב מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז זי קאָכט רעטשענע וואַרעניקעס... איר הערט? רעטשענע!!! הקיצור, איך בין פאַרבליבן דאָ אויף מיטאָג, און ער בעט, ספּעקטאָר הייסט עס, אַז איר, פרישמאַן הייסט עס, זאָלט זיך אויך מטריח זיין, צו ספּעקטאָרן הייסט עס; ער, ספּעקטאָר הייסט עס, האָט צו איבערגעבן אייך, פרישמאַנען הייסט עס, אַ סך נייעס פון דער רעדאַקציע, פונעם „הזמן" הייסט עס. — איך בעט נאָך אַ מאָל פאַרצייונג און ווינטש אַ גוטן אַפּעטיט מיט אַלדאָס גוטס, אָמן.

שלום־עליכם.

(פונעם: דאָס שלום־עליכם בוך, ניו יאָרק, 1926)

# בנימין שלעווין

## אַדאַם נאַטאַנזאָן און זיין זון



אין דער לעצטער מינוט האָט דער באַקאַנטער יידישער כלל־טוער אַדאַם נאַטאַנזאָן נאָך באַוויזן צו כאַפּן אויפן ראָג אַ דראָזשקע, אָנצויאָגן די לוויה; זי האָט זיך שוין געהאַט אַוועקגעהוידעט אַרויף, מיט דער לעשנע, ביז צו דער אייזן־גאַס. איבער די אַלטע וואַרשעווער מויערן איז געשטאַנען אַ מיט־זומערדיקע חמימה. די זון איז פאַרשטעלט געווען פון אַ דינעם וואָלקן־שטויב, פאַרבלאָטיקטע טראַמווייען האָבן געקלונגען, קוילן־פּלאַטפאָרמעס האָבן זיך שווער געטרייסלט איבערן ברוק. אַרום די האַנדלס־הייף איז געשטאַנען אַ טויב געשריי פון טרעגערס מיט האַנט-וועגעלעך.

דעם שוואַרצן, ברייט־ראַנדיקן הוט הויך איבערן נידעריקן שטערן, אָנגעשפּאַרט אין זיין אייביקן באַגלייטער, דעם שירעם־שטאָק, דאָס גרוילעכע בערדעלע פאַרשפּיצט, אַביסל צעשויבערט, האָט עס אים אונטערגעהויבן אויפן איינגעפאַלענעם זיץ. ס'איז געווען דער לעצטער גאַנג צו דער אייביקער רו פון אַן אַלטן פריינד, איינעם פון די לעצטע פון יענער שיינער פּרץ־עפּאָכע; און כאָטש דער נפטר אַליין האָט גאָר אין לויף פון די שטורמישע יאָרן אָנגעהערט צו די סיימיסטן, די טעריטאָריאַליסטן, אַ שטיקל קרוב צום בונד, זייערע וועגן האָבן זיך, מיט איין וואָרט, נישט איינמאָל געקרייצט, איז מען פאָרט פאַרבליבן — אַלטע גוטע פריינד. דער שיטערער לוויה־צוג האָט זיך לאַנג געהוידעט איבער דער לעשנע. אין גאַסן־גערודער, האָט זיך קיינער פון די פאַרבייגייער מער נישט אומגעקוקט אויפן הייפל גרויע קעפּ, אויף די דאַמען אין שוואַרצן; עטלעכע אָפּגעשיילטע דראָזשקעס זיינען נאָכגעפאָרן דעם אָרון, געפירט דורך צוויי אַלטע, בלינדלעכע עגלה-פערד. ס'איז מאָדנע געווען אָנצוקוקן אָט די געעלטערטע לייט; זיי האָבן זיך כמעט יעדן טאָג געקריגט,

---

בנימין שלעווין — דערציילער און ראָמאַניסט — געבוירן אין בריסק אין יאָר 1913. אין וואַרשע געלעבט אין די יאָרן 1931־1934. 1948 און 1956 — באַזוכט וואַרשע. פון 1934 — אין פּאַריז. 1940 ביז 1945 אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. מחבר פון דערציילונגען און ראָמאַנען. טעמאַטיש דאָס רוב וועגן דער יידישער אימיגראַנטן־סביבה אין פראַנקרייך. שילדערט מיט אַסך קענטשאַפט און עכט פּראָזע־טאַלענט מענטשן אין שטראָם פון עקאָנאָמישן און אידעאָלאָגישן תוהו־ובוהו פון די לעצטע יידישע יאָרצענדלינקער. טאַטע און זון — ציוניסט און קאָמוניסט — אין יידישן וואַרשע, ערב דעם דריטן חורבן, איז די טעמע פון דעם פראַגמענט אין דער אַנטאָלאָגיע.

גענעסן און געגריזשעט אין די לייט־אַרטיקלען, אַרייַנגעזאָגט זיך ביז אין דער זי־בעטער ריפּ אויף די מיטינגען, אויף דער סיים־טריבונע אפילו; אַלטע לייט, מיט הויכע פּלייצעס, מיט שטייפע קעלנער, וואָס האָבן זיך אַרייַנגעשניטן אין זייערע הויטיקע באַקן. אַלע האָבן זיי אין דעם פרימאָרגן איבערגעלאָזן די אַמטן, די געשעפטן, די רעדאַקציעס און געקומען באַגלייטן צו זיין אייביקער רו אַן אַלטן פריינד. „ביי די אַלע — האָט ער נאָך באַוויזן אַ טראַכט צו טון, אַדאַם — האָט זיך אָבער גאָר־נישט נישט געענדערט... זיי זענען גאָרנישט, די נאַרישע, וווהין מיר גייען”...

אויפן גענשער בית־עולם, אין דער אַלטע פון אַלטן וואַרשעווער יחוס, צווישן די מצבות פון שוואַרצן באַזאַלט, רויטן מאַרמאָר, באַצירט מיט הענגלעך ווינטרויבן און טייבעלעך, מיט געציקלטע, פּאַטעטישע אויפשריפטן, די מערסטע אין פּויליש; צווישן די פּראָסטע שטיינער פון פשוטע יידן, מיטן אַלטן יידישן פ״נ, נישט ווייט פון אוהל־פּרץ, פון אסתר רחל קאַמינסקי, פון ה. ד. נאָמבערג, פון י. מ. ווייסענ־בערג, איז איבערן הייפל גרויע קעפּ פון די געעלטערטע יידן געווען פונאַנדערגע־וויקלט אַ רויטע פאָן; צווישן די ווייַנענדיקע ווערבעס האָט זיך שוין דאָרט עמיץ געהאַט אויפגעשטעלט און גערעדט ביים אָפענעם קבר מיט אַ געבראָכן קול, אָבער מיט אַלטער פּאַטעטיק.

באַלד נאָך דער קבורה, נאָך איידער דאָס שיטערע געזעמל איז זיך פונאַנדער־געגאַנגען, האָט זיך שוין אַדאַם באַצייטנס צוריקגעשאָקלט אין דער דראָזשקע, גע־איילט צו אַ רווישיקער רעדאַקציע, אַ פּאַרטראָגענער, און האָט אומעטיק דערטראַכט, אַז אַ גרויסער דור לעשט זיך ביסלעכווייז אויס; ער גייט אָבער, אָן שום ספק, אַוועק זאַט אין טעג און גאַנץ אין דער נשמה; יאָ גערעכט, צי נישט גערעכט — דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַנדער ענין. ווער ווייס אָבער וואָס פאַראַ צייטן מיר גייען אַנטקעגן, ווער ווייס?

ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ער וועט שוין אפילו נישט באַוויזן אַראָפּ־צוכאַפּן זיך אויף דער אָטוואָצקער ליניע; אַליציע איז דאָרט איינע אַליין, מיט די קינדער פון דער עלטערער טאָכטער; אַז ער מוז נאָך באַצייטנס איילן צו דער אוי־סעראָרדנטלעכער סיים־דעבאַטע, וואָס איז עקסטרע אויף היינט פאַררופן געוואָרן. מער ווי אַלעמאָל, האָט זיך דאָרט שטאַרק גערודערט. דער רוצח היטלער האָט גע־פאָדערט דעם דורכגאַנג דורכן דאַנציקער קאָרידאָר. ער האָט געדראָט... ער איז געווען מיד און צעשטרייט, אַדאַם, אָבער נישט צעבראָכן; כאָטש די שווערע יאָרן, די צרות פון די קינדער, די פאַריאָגטקייט, האָבן פרי גרוי געמאַכט זיין קאָפּ, זיין שמאָל קליין־בערדל.

* * *

ווי יעדן יאָר אין די הייסע זומער־חדשים, האָבן זיך די באַטאַנזאָנס אויך אין יענעם הייסן זומער אַרויסגעקליבן צום זעלבן איינשטאָקיקן הייזל,אין מחיהדיקן סאָסנע־וואַלד אויף דער אָטוואָצקער ליניע. ס׳האָט זיך פרי געשטעלט אַ חמימה. סוף יוני האָט מען שוין פון אומעטום געצויגן אַהער, צו די שמעקנדיקע סאָסנעס, צו די אויסגעבריטע זאַמדן. מיט דער פול-געפּאַקטער, הינטערשטאָטישער „קאָ־לייקע”, וואָס גייט אָפּ אַלע האַלבע שעה פון דאַנציקער וואָקזאַל, און מיט די סקריפּנ־דיקע דראַבינע־פורלעך איבערן שטויביקן שאָסיי, זיינען צעשמייעטע יידן, קליינע גע־וועלב־לייט, באַנקראָטירטע מאַנופאַקטור־סוחרים, לעדער־סוחרים, פון דער גענשע,

פון דער פראַנציסקאַנער, פון די נאַלעזוקעס, שוין באַצייטנס געקומען אָנצוציען אַהער, אַרויסגעפּירט ס׳ווייב מיטן געזינדל אויף דאַטשע. כאָטש די צייטען זיינען געווען שווערע, גאָר שווערע. מען האָט כמעט ווי נישט פאַרדינט אויף דער הוצאה, האָט מען ווי־נישט־איז אָפּגעדונגען אַ הייזל, אויפגעשפּאַרט טיר־און־פענצטער אין די פאַרדומפּענע שטיבלעך, וואָס זיינען איבערן גאַנצן ווינטער געשטאַנען פאַרהאַקט, געלופטערט צעאָדערטע קאָלדרעס, רויט־אָפּגעצויגענע קישנס, קינדערישע העמדלעך, פאַרגעלטע ווינדעלעך. מיידלעך מיט פעך־שוואַרצע צעפּ, צעשאָטן אויפן נאַקן, אַ לייכט קליידל אַרויפגעכאַפּט אויף זיך, אַבי־ווי, האָבן פלייסיק, מיט הילכיקן געזאַנג צווישן אָפענע טיר און פענצטער, צווישן די סאָסנעס, אַרומגעפּאָרעט זיך אין דער זומערדיקער באַלעבאַטישקייט. פון באַלד אין דער פרי אָן האָבן צעשויבערטע יידענעס געצויגן צו די שטאַכעטן־פלויטלעך מיט מאַנדלעך אייער, קוישן פרוכט, גרינוואַרג, קאַנען מילך, לעבעדיקע עופות; אַרומגעדונגען זיך, געשווירן זיך מיט טויטע קללות, געקלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין.

ביז פרייטיק פאַרנאַכט, פאַר ליכט־צינדן, האָט אליציע געוואַרט, אַז אַדאַם וועט זיך פאָרט אַראָפּכאַפּן. יעדעס מאָל, ווען די „קאָלייקע” האָט אַ פייף געטאָן, איז זי אַרויס אויפן גאַניק; ס׳האַרץ איז איר אַנטפאַלן. זי האָט כסדר געלעבט מיט שלעכטע פאָרגעפילן. אין דעם פרייטיק פאַרנאַכט האָט זיך שוין אַליציע מער נישט דערוואַרט אויף אים. דערפאַר איז אומגעריכט אַריינגעפאַלן די יינגערע, רוטע. זינט ווען אַלע אומגליקן האָבן זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט אויפן הויז, האָט זי זיך שוין געריכט אויף אַלעם. זי האָט שוין געוווסט, אַז מיט גוטנס, מיט געשרייען וועט זי דער מויד נישט איינגעמען. אַרויסגעוואָרפענע רייד. וועגן יאַנעקן — איז אָפּגערעדט. די אַלטקייט האָט זיך מיטאַמאָל געלייגט אויף איר. זי איז לייכט געוואָרן אויף טרערן. ס׳האָט איר דער עיקר וויי געטאָן די מויד. די קליינע רוטע איז ווידער אַרומגעגאַנגען אין פאַרמאַכטן, מענערישן סוועטער, אין אַ קורטקע, אין נידעריקע לעטשלעך, די בלאָנדע טשופּרינע אין ווינט. וועגן אַלעם איבעריקן האָט זי שוין גאָרנישט געוואָלט פאָרן מויל ברענגען. מיטן שוואַרצן שאַל אויף די אַקסלען, איז אומגעריכט געלעגן אויף איר דער גאַנצער יידישער צער. זי האָט געקוקט אין אַ האַנט־דעכעלע, געזען פלוצים ווי דאָס מיידל גייט איבער דער אַלעע. דאָס האַרץ איז ביי איר שיר נישט אַנטפאַלן. עס איז געווען אומגעווייניכלעך. ס׳איז שוין געווען נאָך ליכט־צינדן. פון די ווייטע און נאָענטע ווילעס צווישן די סאָסנעס האָבן שוין געהאַט אויפגעלויכטן די פלעמלעך פון שבת־ליכט. מען איז שוין לאַנג געגאַנגען פון פאַר־לעצטער „קאָלייקע”, וואָס איז סאָפּענדיק און שפּייענדיק מיט רויך, געקומען אָנצופאָרן פון דער ראָיענדיקער, ערב־שבתדיקער שטאָט. פון וואַנען דערנעמט זי זיך פלוצים אַהער, די מויד און — נאָכוואָס? זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט גלאַט אַזוי. זי איז געווען אין אַן אָפּגעטראָגן קליידל, רוטע, אַ פאַרשטויבטע, אָבער פול מיט געלעכטער אין אירע בלויע אויגן אונטערן לאָק, ווי קיינמאָל גאָרנישט. זי איז געווען אַ שטיק ברען; זי האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון אַדאַמס קאָכעדיקער ענערגיע.

— רוטעשי... — האָט אַליציע שווער אַ לויף געגעבן פון די טרעפּלעך.

— דער טאַטע איז נישטאָ? — האָט זיך רוטע פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און איז די ערשטע, נאָך פריער ווי די מוטער, אַ גיי־געטון דורכן גאַניק אין שטוב אַריין —

וויסט ווער ס׳איז דאָ? — האָט זי לאַכנדיק דערציילט דער מאַמען — יאַנעק...

— ווי אַזוי?...

— פרעג נישט. ר׳איז דאָ... אָבער קיינער דאַרף עס נישט צו וויסן...

— חלילה... ווו איז ער?...

— אין שטוב — ביי אונדז אין הויז...

און זי האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז רוטע האָט נאָך אַ שליסל צום הויז; זי קומט אַרויף אַזוי פּלוצים, ווי פּלוצים זי פאַרשווינדט. זי האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. די אייניקלעך האָט אַליציע געלאָזן אויפן באַראַט פון דער פּוילישער דינסט און אַליין איז זי באַלד געלאָפן מיט דער טאָכטער כאַפּן די לעצטע „קאָלייקע".

ס׳איז שוין געווען שפּעטלעך, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעשאָקלט דורך די קליינע, אויסגעלאָשענע וואַקזאַלן אויף דער אָטוואָצקער ליניע. פון אומעטום האָבן דורך די שייבלעך אַרויסגעלויכטן שבת־ליכט. מיטן טראַמוויי נומער 12 זיינען זיי פאַרפאָרן ביזן טעאַטער־פּלאַץ, צו דער קראַקעווער פאַרשטאָט. די יידישע גאַסן האָבן אומגעוויינלעך גערוישט אין דעם דעמפּיקן פרייטיק צו נאַכטס. אַדאַם, האָט זיך אַליציע איצט דערמאָנט, איז אויף דער סיים־דעבאַטע, וואָס איז עקסטרע אויף היינט פאַררופן געוואָרן. ער וועט אוודאי אַהיימקומען שפּעט.

* * *

ערשט אַרום האַלבע נאַכט האָט זיך אַדאַם קוים דורכגעגליטשט די קולוואַרן, פול מיט ראַיענדיקע רעדלעך, מיט זשורנאַליסטן, און מיטן לעצטן טראַמוויי, וואָס ער האָט נאָך באַוויזן צו כאַפּן אין די יעראָזאָלימער אַלעען, האָט ער זיך צוריקגעשאָקלט אַהיים. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן דעם שטערן, אָבער די היץ האָט זיך פון אים מער נישט אָפּגעטאָן. איין זאַך איז קלאָר געוואָרן — ס׳איז שוין מער גאָר־נישט צו ראַטעווען. דאָס איז געווען איינע פון די לעצטע, אויסעראָרדנטלעכע דע־באַטעס. היטלער האָט געפאָדערט דעם דורכגאַנג דורכן דאַנציקער קאָרידאָר. ער האָט געדראָט... דער פּולקאָווניק בעק האָט גערעדט האַלבע רייד און עס איז גאָרנישט געווען צו דרינגען פון זיי. ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן צוגעזאָגט הילף; אָבער נאָכן „אַנשלוס" פון עסטרייך, נאָך „מינכען", נאָך טשעכן, האָט זיך עפּעס נישט גע־גלויבט. ער האָט זיי גוט געקענט, די אַלע וועלף; ער האָט געוווסט אויף וואָס זיי זיינען פעיק. מ׳זעט דען נישט? נישט אין דאַנציקער קאָרידאָר גייט עס דאָרט, עס גייט וועגן פיל מער. מען האָט דען נישט געזען מיט אַ יאָר צוריק, אין מינכען, אַז ס׳פירט דערצו? אַזוי צעטראַגן, ווי ער איז געווען, האָט אַדאַם נאָך אַמאָל אַ טאַפּ געטון ביי זיך אין בוזעם־קעשענע דעם אויסלענדישן פּאַס מיט די וויזעס. ער האָט זיך געקליבן איבערמאָרגן באַלד באַגינען צו כאַפּן דעם אינטערנאַציאָנאַלן צוג, צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ, אין באַזעל. ער וועט זיי דאָרט אַליאַרמירן. זיי שפּילן זיך אפשר מיט אילוזיעס, אין דער צייט, ווען ס׳פייער דערנענטערט זיך.

ער האָט זיך נישט געכאַפּט, ווי דער טראַמוויי האָט שוין געהאַט דורכגעשניטן דעם האַלב־אויסגעלאָשענעם טעאַטער־פּלאַץ. ס׳איז געווען אַ דעמפּיקער יולי־אָוונט. די גאַסן זיינען נאָך אַלץ געווען אומגעוויינלעך באַלעבט. אַ געדיכט יידיש פאָלק האָט דאָ אַרום געגעסטיקט. בייטאָג איז נישט געווען מער מיט וואָס צו אָטע־מען, אָבער אַרום האַלבער נאַכט איז געוואָרן אַביסל לינדער. די היץ האָט זיך אָפּ־

געזעצט. אַ לעבלעכער טוי איז אַראָפּגעפּאַלן אויף די אָנגעגליטע ווענט און שטיינער. אַ קליינע, פֿאַררויטלטע לבנה איז אַרויס פֿון הינטער די שפּיציקע מויערן. ס׳איז נאָך אַלץ געווען אַ געגיי פֿון יונגע מענטשן איבער די טראָטואַרן; און עס איז אים, צוליב עפּעס, אויפגעשווומען דאָס בילד פֿון „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק״, ביי די „ווילנער״, די מיסטעריע פֿון יידן, פֿון אידייען.

ס׳איז אים מיטאַמאָל אַ גרויס רחמנות געווען אויף אָט די אַלע; ווען זיי ווייסן כאָטש וואָס פֿאַראַ רוצחים עס לויערן אויף זיי; און ער אַליין האָט זיך אויך דערפֿילט מיט עפּעס מיטשולדיק. אַלע האָבן מיר אפשר געזינדיקט קעגן די יידן פֿון די געוועלבלעך, פֿון די בתי־מדרשים, אפילו פֿון די אומלעגאַלע פֿאַראיין־בערזעס. זיי שטורעמען, זיי קעמפֿן, זיי ווילן זיך אַוודאי נישט לאָזן... ווער אָבער, פֿרעגט זיך, וועט זיך איינשטעלן פֿאַר זיי? צי וועלן זיי דען אַליין זיין בכוח?... אַלע ווילן זיי, אָן שום ספֿק, פֿאַרקירעווען דאָס יידישע לעבן אין אַ ליכטיקער געסל. אָבער וועלכער וועג איז דער ריכטיקער? דאָ שטיקט מען זיך. נישטאָ מער קיין לופֿט צו אָטעמען. זאָלן יונגע מענטשן לויפֿן אין דער וועלט אַריין, אַבי נישט דאָ. עס איז קיין שום גוטס נישט צו דערוואַרטן. אפשר איז טאַקע הערצל אין אורשפּרונג גערעכט געווען מיטן אוגאַנדאַ־פּלאַן? הלוואי וואָלט געזיגט דער אוגאַנדאַ־פּלאַן, וואָלט אפשר ארץ ישראל... און ער האָט שוין גאָר מער אַזוי ווייט נישט געוואָלט נאָכטראַכטן, זאָל זיין בירא־בידזשאַן... זאָל זיין עק וועלט... זאָל דאָס יונגוואַרג פֿאָרן, אַבי אַוועק פֿון דאַנען. זאָלן זיי צעאַקערן די ווילדעניש, די טייגע, זאָלן זיי אויפבויען אַ הויז, זאָלן זיי לעבן מיט אַן אייגן לעבן, ווייל — אפילו ווען מיר וועלן עס שוין יאָ — צי לאָזט מען אונדז דען לעבן מיט אַ פֿרעמד לעבן? צי האָט עס דען הערצלען אַליין, דעם אַסימילירטן ווינער זשורנאַליסט, נישט צוריקגעטריבן צום פֿאָלק, ווען ער איז געשטאַנען צווישן ווילדן המון און צוגעקוקט זיך, ווי מען האָט דעם פֿראַנצויזישן קאַפּיטאַן דרייפֿוס אַרונטערגעריסן די עפּאָלעטן, דעגראַדירט, באַשפּיגן, גערופֿן „פֿאַררעטער״, נישט צוליב עפּעס אַנדערש, נאָר ווייל ער איז געווען אַ ייד? ס׳איז קלאָר. און די דייטשע יידן... וואָס איז פֿון זיי געוואָרן? מענדעלסאָן... די יידן עמאַנציפּאַציע... די טעריטאָריאַליסטן און די אַלע איבעריקע דאָרט...

אין פֿינצטערן טויער האָט דער וואָנסיקער סטרוזש, אונטערן פֿאַרדרוטעוועטן לעמפּל, טיף געצויגן פֿאַר אים דאָס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשיק, ווען אַדאַם האָט אים אָפּגעשטעקט אין דער האַנט אַריין די פּאָר גראָשן; באַלד דערנאָך האָט ער דערפֿילט אַ פֿאַרשטיקטן מורמל אים אין רוקן, איידער ער האָט זיך גענומען אויפהייבן מיט די שטיגן. ס׳איז געווען אַ בעסערער הויף, אַ ריינלעכער; דאָ האָבן געוווינט באַנק-דירעקטאָרן, באַאַמטע. אויף אייניקע פֿון זיי האָט ער געהאַט אַ חשד, אַז זיי באַדאַרפֿן אויך צו זיין יידן. די שורה פֿענצטער אויפֿן צווייטן שטאָק, האָט ער זיך פּלוצים געכאַפּט, איז ליכטיק. עס איז געווען אומגעווינלעך. קיין סך צייט איז נישט פֿאַרבליבן ביזן זונטיק באַגינענדיקן צוג, וואָס האָט אים באַדאַרפֿט פֿירן איבער עסטרייך, צו דער שווייץ. צומאָרגנס האָט ער נאָך גערעכנט אַראָפּצוכאַפּן זיך צו אַליציען אויף דער ליניע. ער האָט נאָך אַמאָל אַ טאַפּ געטאָן אין בוזעם־קעשענע דעם פּאַס מיט די וויזעס. אָנשטאָט דער דינסט, וואָס איז געוויינלעך געקומען אויפמאַכן די טיר, האָט אים אַליציע באַגעגנט אויף דער שוועל. ער האָט פּשוט אין אַלעם פֿאַרגעסן.

— רוטע איז דאָ — האָט זי געשטאַמלט — ווען דו ווייסט, אַדאַמשי...

זי איז אים נאָכגעגאַנגען טריטוויז. וועגן יאַנעקן האָט זי גאָר מורא געהאַט אַ וואָרט צו דערמאָנען. די טרערן־קישעלעך זיינען ביי איר אָנגעלאָפן; עס איז מיט־אַמאָל געווען אַ סך געעלטערטקייט אין איר שווערן באַוועגן זיך. פון אַלע זייטן האָט זי געליטן. זי האָט דעם מאַן נישט פאַרשטאַנען. זי האָט די קינדער מער נישט פאַר־שטאַנען. דאָס הויז איז פאַר אירע אויגן צעטראָגן געוואָרן. אַלע לויפן זיי אַרום אי־בער דער וועלט. אָבער דאָס מאָל האָט זי געהאַט שלעכטע פאָרגעפילן. זי האָט עס אים נישט באַלד געוואָלט אויסזאָגן, אַדאַמען, אַז יאַנעק געפינט זיך אין הויז. זי האָט אַלץ געוואָלט פאַרדעקן, פאַרשטעלן מיט אירע פּלייצעס.

אַדאַם האָט נאָך לאַנג געלאָזן ברענען דעם אַבאַזשור אויפן פול־אָנגעוואָרפענעם טיש ביי זיך אין קאַבינעט. ער האָט געשפּאַנט אַרויף און אַראָפּ. ער האָט אפילו פאַר־געסן אַראָפּצונעמען דעם ברייט־ראַנדיקן הוט, פאַררוקט איבערן נידעריקן שטערן. אַליציע איז שטיינגעבליבן ביי דער האַלב־אויפגעמאַכטער טיר.

—אדאמשי... האָט זי זיך שטיל אָפּגערופן — ס׳יינגל — יאַנעק איז דאָ...

ער איז נישט געווען סענטימענטאַל, אַדאַם, אויף אַ האָר נישט. ער האָט אפילו אין די דערוואַקסענע קינדער שוין לאַנג אויפגעהערט צו זען בלויז קינדער, נאָר גלייכע מיט גלייכע. זיי זענען מענער מיט אַ שטאַרקן רוקנביין. זיי ווייסן אַליין וואָס זיי ווילן! כאָטש דאָס האָט אים נישט געשטערט צו אינטערוועניִרן, דורך אַלע פּראָ־טעקציעס, ביי די גרעסטע אַדוואָקאַטן, אַרויסצוראַטעווען צוערשט דעם זון, דערנאָך דער יינגערער, רוטען, פון די פרעמדע באַנדיטישע הענט. ביי אַלע קאָפּ־פאַרדרייע־נישן איז אים יאַנעק נישט אַרויס פון זינען. וויפל זין, סוף כל סוף, האָדעוועט מען אויף אין אַ לעבן? ס׳האָט אים נאָר ווי געטון ס׳האַרץ — ער וועט פאַרלוירן גיין, דער לײַדאַק, דער פלאַטער-קאָפּ. פון זיין שטודירן האָט זיך גאָרנישט אויס־געלאָזן. אבי ער האָט געמיינט, אַז פאַריז וועט אים פאָרט אַביסל אויסניכטערן — די פרעמד, די ביטערע פרעמד. ווען ער כאַפּט זיך כאָטש אָן אין עפּעס, וואָס פירט יאָ ערגעץ אין אונדזער טרויעריקער יידישער רעאַליטעט. פון איין תפיסה אַרויס, אין דער אַנדערער אַריין. ער האָט אפילו נישט געוואָלט וויסן ווו ער באַהאַלט זיך ערגעץ אויס. אָבער פון וואָס לעבט ער? אַ פונקציאָנאַר... געזעלשאַפטלעכע קעסט איז ביטער, פירט צו פאַראַזיטיזם. ער אַליין האָט אויך אַמאָל געזויכט דערפון.

— ווען איז ער געקומען? — האָט ער געפרעגט קיל — איך האָב נאָך היינט אַ וועלט מיט קלייניקייטן דורכצוקוקן. זונטיק האַלב־אַכט פרי גייט אָפּ דער צוג קיין ווין...

אַליציע האָט געהאַלטן דאָס טיכעלע ביי די אויגן, האָט זיך האַסטיק אומגעדרייט און זי האָט אומגעווײַנלעך פלינק, ווי אַ מיידעלע, אַ לויף געגעבן דורך די טירן. אַ רגע שפּעטער איז פאַר אים אויסגעוואַקסן יאַנעק; ס׳קעלנערל אויפגעשטעלט, שלעכט געגאָלט, טאַקע ווי אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט. עס האָט זיך געטראָגן פון אים מיט היימלאָזיקייט. אַדאַם האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט זיך איצט געכאַפּט, אַז יאַנעק איז גאָרנישט ענלעך צו קיינעם אין דער משפחה; אַ בלאָנדער, אַ בלוי־אויגי־קער, מיט דין־געצייכנטע ליפּן, שאַרפע נאָז־פליגלען.

— מ׳האָט אונדז אָבער שיין דערפירט... — האָט ער זיך, מיט אַ קרעכצל, אויפגעשטעלט אַקעגנצוגיין דעם זון — אָנשטענדיק, אַ? — נישטאָ וואָס צו זאָגן...

אויף די שפּיצן פינגער איז יאַנעק פאָרזיכטיק צו, טיפער פאַרצויגן די פאַרהאַנגען איבערן פענצטער, אַראָפּגעדרייט דעם גרויסן לאָמפּ און דאָס לאַנגע צימער מיט די ביכער־פּאָליצעס, מיטן שווערן שרייב־טיש, איז געבליבן האַלב אין שאָטן פון דיסקרעטן ליכט אונטערן אַבאַזשור. ער האָט אַ נעם געטון פון טיש דעם פּאַטערס זילבערנעם פּאָרטסיגאַר, פאַרויכערט, רויק, ווי קיינמאָל גאָרנישט, צוזעצנדיק זיך אויפן אָנלען, האַרט לעבן פּאָטער, האָט ער אַביסל הפקרדיק גענומען בלאָזן פון זיך דעם רויך אין סופיט אַריין.

— איך ווייס נאָך נישט — האָט ער זיך דערנאָך אָפּגערופן — צי מיר זיינען איצט באַלד שוין באַרופן צו משפטן די גרויסע געשיכטלעכע קערן... עס וועט לאַכן דער, וואָס וועט לאַכן דער לעצטער...

— די פּראַזן... — האָט אַדאָם אַ שטרעק געטון דאָס פאַרעקשנטע בערדעלע און אָנגעקוקט דעם זון מיט אַ בליק, אין וועלכן עס איז געווען מער צערודערונג, ווי כעס; ער האָט אַוועקגעמאַכט — מיך אַליין האָבן די פּראַזן אויך אַמאָל פאַרפירט, יינגלעריש פאַרפירט. אַ גאַנץ לעבן ווי איך פאַרנעם זיך — מיט פּראַזן... וואָס וועט אָבער זיין מיט מיינע ייִדן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו מיר, געגלויבט מיינע רייד? איך פיל, ווי איך וואָלט זיי אָפּגענאַרט! אָבער דו — איר — צי האָט איר אויך אַמאָל נישט, פרעגט זיך, אָפּגענאַרט די ייִדן? איך מיין, די פּשוטע ייִדן, וואָס גלויבן... די אַרבעטער פון די קעלערן און בוידעם־שטיבלעך. איך רעספּעקטיר, ווייסטו, אייער פאַרביטערטן קאַמף פאַר אַ ווירדיק לעבן פון פרייע מענטשן. זאָג, ביסט כאָטש פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי? — האָט ער שאַרף אויסגעשטרעקט דעם וויַיז־פינגער און דאָס צעשויבערטע בערדל.

מיר קוקן אַביסל ווייטער... — האָט יאַנעק רויק דעררויכערט דעם פּאַפּיראָס, לאַנגזאַם צעקוועטשט אים צווישן די פינגער — דער פּראָלעטאַריאַט — דאָס פאָלק — איך האָב בכלל גענומען צווייפלען אין ייִדישן פּראָלעטאַריאַט... די בייטל־מאַכערס — די שטעקעלע־מאַכערס — די מאַכערס...

— איך האָב מורא, אַז ביסט זיך טועה, יאַנעק, איך זאָל קיין ליגנער נישט בלייבן. דיין טאַטע איז טאַקע אַ קליינבירגער... אַ בירגערלעכער זשורנאַליסט... אַ וואָס־אין־דער־קאָרט — פּראַזן! פּראַזן! — האָט עס אים אונטערגעהויבן.

ער האָט אָפּגעהאַקט, אַ מאַך אַוועק געטון מיט דער בלייכער האַנט. ניין, זיי האָבן קיין געמיינזאַמע שפּראַך נישט פאַרמאָגט, דער פּאָטער מיטן זון. ער האָט זיך עס נישט געקענט שענקען — ווען האָב איך אויפגעהאָדעוועט? אַלע טעאָריעס פון ווינט, פון עקזיסטענצלאָזיקייט האָבן זיך אַריינגעריסן אין מיין הויז...

ווו זשע איז ער, דיין פּוילישער פּראָלעטאַריאַט? — האָט ער זיך אומגעדרייט — איז דאָך שוין באַלד טרויעריק געגעכט דער מיניסטער, דער אַנטיסעמיט, אַז... נישט אַלע ייִדן זיינען קאָמוניסטן, אָבער אַלע קאָמוניסטן זיינען — ייִדן... עס איז אפשר אַביסל איבערגעטריבן, אָבער, ליידער, נישט ווייט פון אמת. פון וואַנען עס נעמט זיך, דאַרפסטו ביי מ י ר פרעגן, ווייל א י ך קען דעם גאַנג פון ייִדן אויף דער דאָזיקער ערד. האָסט עס אָבער נישט געוואָלט קענען! וואָס, זאָג מיר, האָט זיך דען, אין גרונט, געענדערט פון שמד ביז — אַסימילאַציע? די פּאָלקס־פיינטלעכע, די עגאָיסטישע, וואָס אַנטלויפט פון דער טרינקענדיקער שיף ווי די מייז... ווייל עס האַנדלט זיך נאָך אַלץ אין ראַטעווען, מיין יינגל — האָט זיך דעם פּאָטערס שטים

געבראָכן — מ׳דאַרף ראַטעווען! מיר זיינען דאָ, אויף דער דאָזיקער ערד, אַ פאָלק, צי זיי ווילן, צי זיי ווילן עס נישט. אפילו די ציוניסטן זיינען מיר נישט מוחל דערפאַר. נישט קיין ראַסע זיינען מיר, נישט קיין מיסטעריע, נישט קיין נאַציאָנאַלע מינדערהייט, נאָר — פאָלק! דאָס פויליש־רוסיש־ליטווישע יידנטום! אוודאי — ניט קיין נאָרמאַל פאָלק. ביי די ברעגן פון דער ווייסל, פון דניעפּער, פון ניעמען האָבן מיר לאַנגע יאָרהונדערטער שווער געצויגן די חיונה און געבויט אַ גרויס גייסטיק לעבן. מען האָט אונדז אויסגעראָטן, פאַרטיליקט, אויסגעריסן מיטן וואָרצל, אָבער מיר לעבן און ווילן לעבן. די פרידלעכע פעלקער־געמיינשאַפט, איבער אַזאַ ווער אַמאָל קומען האָט מפיל געווען מיט אַ גרויס קולטור־פאָלק מיט מינדעסטנס דרייסיק מיליאָן, ווען מען לאָזט אונדז לעבן...

ער האָט מער גאָרנישט געפרעגט, אַדאַם. ער האָט גוט געוווסט, אַז די פּאַרטיי אין פוילן איז אויפגעלייזט. ער האָט באַלד יאַנעקן חושד געווען, אַז זיין באַווייזן זיך איז נישט אומזיסט. די טראַגעדיע שפּאַניע איז געווען פאַרענדיקט, טרויעריק פאַרענדיקט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די אַלע צופעליקייטן האָבן מסתמא ערגעצוו אַ שייכות. ווער ווייס אין וואָס פאַראַ לייִדיקייט אַריין מיר גייען? אָבער נאָכוואָס איז ער ווידער געקומען אָנצולויפן איבער געפערלעכע גרענעצן, גלייך דעם וואָלף אין פיסק אַריין? דווקא איצט. עס איז שוין לאַנג שטיל געווען אין הויז. ער אַליין איז לעצטנס אויך אַלץ מער געווען אויפן אויג ביי דער פּאָליציי. מען האָט אים דיסקרעט געוואָרנט. אַ פינצטערער וואָלקן רוקט זיך אָן. ווידער וועט עס אויסגיין צו אונדזערע קעפּ. יאַנעק איז שוין נישט קיין קינד. וואָלט ער כאָטש, דער לײַדאַק, זיין ענערגיע אַוועקגעגעבן פאַר יידן־וועגן. אָבער אין זיין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט ווערט עפּעס גאָרנישט גערעדט, אדער כמעט ווי גאָרנישט, וועגן יידן; אין דער צייט ווען וועגן אַלע אַנדערע רעדט זיך קאָנקרעט וועגן — פאָלק. אָבער צי האָט מען דען אין גרונט געקענט זיין קעגן זייער קאַמף? זיי זיינען צו אָפט גערעכט געווען אין זייער פאַרביסענעם געראַנגל קעגן אָט דער רוצחישער וועלט. אָבער נאָכוואָס איז ער געקומען? וואָס דרייט ער זיך דאָ אַרום?

ס׳איז קיין סך צייט נישט פאַרבליבן. באַלד וועט מען זיך דאַרפן נעמען פּאַקן אין וועג אַריין. זייטיק אומגעדרייט, האָט ער באַמערקט, ווי אַליציע איז שטיינגעבליבן אין דער טיר. עס איז געווען שאַרפע צערודערונג אין איר בליק. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען מיטאַמאָל אויך דער יינגסטער, רוטען; און דאָס מיידל האָט אים פּלוצים אַ דערמאָן געגעבן אַליציען — פון יענע ווייטע יאָרן, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל געבערענגט אין „הזמיר" — פרץ — די פרייטיק־צו־נאַכטסן... די הייסע דיסקוסיעס און די פאַרבענקטע פאָלקס־לידער... ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק, אונטער פרעמדע, מיכטישע שטערן, ווען שאָטנס פון אידייען האָבן זיך געראַנגלט...

אַצינד איז ס׳הויז צעטראָגן. צום קאָנגרעס אין באַזעל האָט עס אים געטריבן. עס איז כמו אַ יידישער וועלט־פּאַרלאַמענט. מען דאַרף פאָרן וואָרענען, איינרייסן. ער האָט זיך אָבער פאַרגענומען, אַז ווי נאָר ער קומט אַהיים, נעמט ער אַליציען מיט די קינדער און פאָרט אַרויס אין אַ שטיל ווינקל, ערגעץ ווייט, אין די ווייסרוסישע וועלדער, צו זיינע אַמאָליקע היימישע קאַנטן. דער פאָרגעפיל האָט אים אָבער אונטערגעזאָגט — וואָס ווייטער פון דער דייטשער גרענעץ. פון דאָרט וועט זיך

סוף כל סוף אָנהייבן דאָס אומגליק. ער האָט זיך לאַנג געישובט: פאָרן, צי נישט פאָרן? ניין, ער מוז פאָרן. עס איז נאָך נישט עק וועלט. איצט רעדן זיי שטאַרקע רייד, רידז און בעק... זיי מאַרשירן אויף קאָוונע... זיי כאַפּן אַ ברעקל טשעכן, די פּחדנים... אָבער פאַרוואָס קוקן זיי אַלע אויף אים אַזוי?

— נאָכוואָס, אייגנטלעך, ביסטו געקומען? — האָט ער זיך שאַרף אומגעדרייט צו יאַנעקן.

— איך טאָר דאָ מער נישט בלייבן... — האָט זיך יאַנעק שטיל אָפּגערופן — עס האַנדלט זיך נישט, פאַרשטייסטו דאָך, אין מיר פערזענלעך... איך ווייס, אַז דו גרייטסט זיך אין וועג אַריין... מען וואָלט דעם פּאַס דיינעם לייכט געקענט ענדערן... איבערמעקן... איך מוז אַוועק...

— דאָס נישט! — האָט זיך אַדאַם געכאַפּט, אויפגעשטעלט זיך און גענומען שפּאַנען איבערן קאַבינעט — איך וויל דיר העלפן... אָבער ביי מיר זיינען אַלע יידן וויכטיקער! איך פאָר אין שליחות פון יידישע ענינים. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וואָלט איך אַפילו קיין רגע נישט געטראַכט...

— אַדאַם... — איז אַליציע אַ טרעט געטון נענטער — אפשר קען מען פאַרט זען...

— ניין! — האָט ער איבערגעחזרט שטיל און זיכער.

און אַלע האָבן זיי שוין פאַרשטאַנען, אַז ער זאָגט „ניין", וועט אים קיינער אין דער וועלט נישט איבערשפּאַרן, דעם ביטערן עקשן.

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון ראָמאַן „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" — תל אביב, 1961

## נ. שמן

# דער לעצטער רב פון וואַרשע



**א**קנאַפּ יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין בית-דין שטוב אויף גענשע גאַס פון ר׳ שלמה־דוד כהנא, ז״ל, דער לעצטער וואַרשעווער רב. איך בין אויך איינער פון זיינע מוסמכים. מיין נאָענטקייט צו אים נעמט זיך בעיקר, צוליב דעם, וואָס ער איז געוואָרן מיין פּראָטאָטיפּ פון אַ רבנישן מנהיגביים פּוילישן יידנטום, ווו די פאָדערונגען פון אַ רב זיינען געווען געוואַלטיק גרויס.

אין אים, ר׳ שלמה־דוד׳ן, האָב איך געזען דעם גדול בתורה און בעל־מידות; דעם חכם און פּקח אין מילי דעלמא; אַ הערלעך־שיינע רבנישע פּערזענלעכקייט, אייגנאַרטיק אין באַנעמונג צו מענטשן, איבערהויפּט צו בעלי דינים, באַזונדערס אין שליכטן פאַמיליע־קריגערייען. איך האָב אַליין בייגעוווינט אַזעלכע דין־תורה׳ס און געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן זיין טאַקט, זיין צוגאַנג און זיין באַשיידנקייט. איך האָב געזען מיט וואָס פאַר אַן אופן ער האָט באַהאַנדלט די קאָמפּליצירטסטע רבניש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען — און אויך בייגעוווינט זיין פאַרטראַכטן זיך אין שאלות עגונות, ווי אַזוי ער האָט זיך באַמיט לייכטער צו מאַכן פאַר יידישע טעכטער צו קענען אָנהייבן אַ ניי לעבן.

ר׳ שלמה־ד־ד כהנא איז געבוירן געוואָרן אין ליטווישן שטעטל יאַנאָוו. קאָוונער גוב. (לויט אַנדערע אין שטעטל פּיגור) אין יאָר תרכ״ח. זיין פאָטער ר׳ בן־ציון האָט אים נאָך אַלס קינד געשיקט קיין וואָלאָזשין לערנען תורה און ער איז געוואָרן דער תלמיד פון נצי״ב און פון ר׳ חיים בריסקער.

ער איז נאָכדעם געשיקט געוואָרן קיין קאָוונע און דאָרט געוואָרן אַ תלמיד־מובהק פון ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, פון וועמען ער האָט געקראָגן סמיכה, און

---

נחמן שמן, — געבוירן אין יאָר 1912 אין כאָדעל ביי לובלין. אין וואַרשע אין די יאָרן 1929־1930, ווו באַקומען סמיכת־רבנות. זינט 1930 אין קאַנאַדע, וווינט אין טאָראָנטאָ. זשורנאַליסט, מעמואַריסט, ביאָגראַף, פאָרשער. מחבער פון אַ ריי ביכער. צווישן זיי: באַציונג צום פרעמדן לויטן תנ״ך און תלמוד; לובלין — שטאָט פון תורה; דאָס געזאַנג פון חסידות; באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער — סאָציאַלער יושר לויט׳ן תנ״ך; ביאָגראַפיע פון אַ וואַרשעווער רב — א. אַ. מיטאַרבעטער פון צייטונגען און זשורנאַלן — צוו. זיי: דער „טאָג״ און דער „פאָרווערטס״ — ניו יאָרק. רעדאַקטאָר פון זאַמלביכער און צייטשריפטן.

װעלכער האָט אים פאַר׳שדכנ׳ט צום װאַרשעװער רב, ר׳ שמואל זײנװיל קלעפּפיש, אַ באַרימטע רבנישע פּערזענלעכקײט, בײ װעמעס טיש ער האָט געגעסן קעסט און װעמעס מידות ער האָט איבערגענומען — און אין װעמעס בית־דין שטוב ער האָט אָנגעהױבן פּסק׳ענען שאלות.

בײם שװער אין הױז, האָט ער זיך צוגעװױנט צו דער װאַרשעװער גרױס־שטאָטישקײט. ער האָט זיך באַקענט מיט װאַרשע און װאַרשע האָט זיך באַקענט מיט אים. אין יאָר תרנ״ו האָט ער אָנגעהױבן אָפיציעל זײן רבנות־קאַריערע אין זײן באַצירק און אַלס רעגירונגס־רב און רעליגיעזער אױטאָריטעט צו נעמען שבועות בײ אַרעסטאַנטן און אין תפיסה־הײזער, װו ס׳איז אים אױסגעקומען זיך צו באַקענען מיטן לעבן פון די, װעמעס גורל האָט זײ געפירט אין פינסטערניש. זײן האַרץ איז אָנגעפילט געװאָרן מיט די לײדן פון די גײַסטלעך־פאַרשטױ־סענע, תמיד געפילט די לײדן פון די דאָזיקע מענטשן און זיך פאַראינטערעסירט צו העלפן לינדערן זײערע נױטן.

מיט יאָרן שפּעטער, איז ער געװאָרן דער רב און מורה־צדק, געענטפערט אױף שאלות בעל־פּה ובכתב. זײנע ענטפערס זײנען תמיד געװען קורץ, אױטאָריטאַטיװ און צום פּונקט. און נישט דװקא שאלות איסור והיתור, נאָר בכלל אין רבנישע און געזעלשאַפטלעכע שאלות, איז ער תמיד געװען גרײט מיט לאָגישע ענטפערס.

באַרימט איז ר׳ שלמה־דוד כהנא געװאָרן נאָך דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען ער האָט זיך מערסטנס געװידמעט צו דעם עגונה־פּראָבלעם, טאָג און נאַכט געפאָרשט און שטודירט די דאָזיקע דינים אין אַלע זײערע פּרטים און דקדוקים, און געזוכט צו געפינען התירים פאַר עגונות. װי הרב איסר פרענקל גיט איבער, האָט ר׳ שלמה־דוד מתיר געװען אין משך פון זײן רבנות־קאַריערע אַרום 50 טױזנט עגונות און עגונים.

ער איז דאַן פאַקטיש געװאָרן דער הױפּט פונם װאַרשעװער ראַבינאַט, און זײן הױז איז געװאָרן דער צענטער פונם רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער שטורמישער װאַרשע, װאָס האָט געמײנט דער צענטער פון ײדישן לעבן אין פּױלן. מיט אַלע זײנע רמ״ח איברים און מיט זײן גאַנצן אָטעם, איז ער געװאָרן צוגעקניפּט צום װאַרשעװער ײדנטום — און דער לעגענדאַריש־מתנגדישער אוהב ישראל, איז געװאָרן פאַרערט און באַליבט אין אַלע ײדישע קרײזן און בײ אַלע שיכטן.

פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, װײט נאָך חצות, איז זײן הױז געװען פול מיט מענטשן, יעדער מיט זײן פּראָבלעם; יעדער מיט זײן פּעקל־צרות — און ער האָט אַלעמען אױסגעהערט, יעדן געהאָט װאָס צו זאָגן און פאַר יעדן געהאַט אַ װאָרט פון טרײסט. װאָס שײך אױסגלײכן פאַמיליען־סכסוכים איז ער געװען דער גרעסטער סבלן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פּאַסירונג אין זײן הױז: איך בין אַרײַנגעקומען גאַנץ פרי, אַרום נײן אַזײגער, און איך טרעף שױן אין קאָרידאָר װאַרטן אַ טוצן מענטשן. דער רב װערט פרײ פון אַ שמועס אין זײן חדר־מיוחד און קומט אַרײן אױסהערן די מענטשן — און עס װײזט זיך אַרױס, אַז דאָרט געפינט זיך אַ יונגע פרױ, װעלכע דערקלערט, אַז אָט־דעם... יונגנמאַן, האָט זי געטראָפן שפּאַצירן אױף דער דזשיקע־גאַס און אים דערקענט אַלס איר מאַן, װעלכער האָט זי מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרלאָזט און אַװעק פונם שטעטל... דער יונגערמאַן לײקנט די גאַנצע מעשה; ער

איז גאָר נישט איר מאַן, ער הייסט גאָר אַן אַנדער נאָמען... דער פֿאָטער פון דער פרוי, די מוטער און די דריי ברידער זיצן נישט אײַן, זיי רייסן זיך מיט פויסטן... האָסט פֿאַרשעמט אונדזער טאָכטער, שוועסטער... דו... עס האַלט ביי געשלעג. דער יונגערמאַן פֿאַר שרעק פֿאַלט אַוועק אין חלשות... איך און נאָך אייניקע ישיבה־בחורים ציטערן ממש אַ קוק צו טאָן, און מיר האָבן מורא פֿאַרן רב׳ס אינטערוועניץ...

דער רב, דער גרויסער סבלן, קאָנטראָלירט די אויפגערעגטע געמיטער... נעמט אַריין דעם יונגנמאַן אין זיין חדר־מיוחד... דערנאָך רופט ער אַריין דעם פֿאָטער מיט דער טאָכטער, האָט מיט זיי אַ לאַנגען שמועס — און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיי אין עפּעס איבערצייגט... זיין אינטערוועניץ האָט מער אויפגעטאָן, ווי די וואַרשעווער פּאָליציי און דאָס שטאָטישע געריכט האָט דאָס געוווסט, און דעריבער דעם גאַנצן פּראָצעס טראַנספערירט צום „ראַבין".

אַן אַנדער אינצידענט:

ס׳איז מוצאי שבת קודש, נאָך הבדלה, מיר זיצן ביים שיעור, פֿאַרטיפט אין לערנען, אַן עלטערער ייד קומט אַריין אַ צעפלאַמטער און אויפגערעגטער... ער וויל אַז דער רב זאָל שוין, אין דער שפּעטער שעה, פֿאָרן, אָדער טעלעפאָנירן צום פּאָליציי־הויפּט, אַז מ׳לאַכט פון אים אין טראַמוויי, אַז שיקסעס האָבן אים נאָכגעשפּעט... אויב דער רב גייט נישט שוין — גיט ער אַן אולטימאַטום — צעברעכט ער די שויבן צוזאַמען מיטן רב׳ס קאָפּ... איינער פון די תלמידים, איז אַרויס פון געדולד און געוואָלט זיך כאַפּן מקיים־פּסק זיין אַן אָנשיקעניש פֿאַר זיינע באַליידיקנדיקע ווערטער... דער רב האַלט אים צוריק.

דער רב נוצט זיין געוויינטלעכע טאַקטיק־באַרויקונג און קודם־כל געפינט ער אויס,וואָס דאָ האָט פּאַסירט.

לאָזט זיך אויס, אַז דער ייד מיט דער לאַנגער באָרד און גראָבן שטעקן איז אַריין אין טראַמוויי און באַמערקט, ווי צוויי שיקסעס לאַכן פון אים... האָט ער לאַנג נישט געוואַרט, נאָר גלייך אויפגעהויבן דעם שטעקן און פֿאַרפֿאָרן אין די קעפּ... דער קאָנדוקטאָר האָט אָפּגעשטעלט דעם טראַמוויי, גערופן פּאָליציי. דער ייד איז אַרעסטירט געוואָרן אויף עטלעכע שעה און אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף קאַוציע... איצט האָט דעם ייד דערוואַרט אַ פּראָצעס!

ר׳ שלמה־דוד כהנא האָט דעם יידן פֿאַרזיכערט, אַז נישט נאָר וועט ער זיך באַמיען פֿאַר אים דורך שתדלנות, נאָר וועט אויסנוצן זיין רעכט אַלס שופט און מיטגליד פון שטאָטישן געריכט, אָבער אַלץ דאַרף געטאָן ווערן מיט שכל, אויסגערעכנט און מיט גערעכטיקייט — און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז דער ייד האָט נישט געדאַרפט הייבן דעם שטעקן אויף פרויען־קעפּ און אַז די שיקסעס זיינען טאַקע אַזוי צעשלאָגן געוואָרן, אפילו ווען ס׳איז זיי געקומען אַ שטראָף, האָט דער ייד נישט געטאָרט זיין דער שופט און מיטן שטעקן ווערלן אָפּשטעלן אַנטיסעמיטישע שטיק...

דער רב האָט געוווסט ווי אַזוי צו באַרויקן געמיטער און אַרויסברענגען אַ משפּט־צדק!

שבת איז ער געווען אַ ראש־ישיבה, דעם גאַנצן שבת פֿאַרבראַכט מיט ישיבה־בחורים און בית־המדרש יונגעלייט. מיר איז אויסגעקומען נישט איינמאָל זיך ממש אַריינ׳גנב׳ענען אין הויף, ווייל פֿאַרנאַכט האָט מען דעם טויער נישט געעפֿנט —

אָבער ישיבה־בחורים טוען זיך אַן עצה און מיר האָבן געעפנט דעם טויער נאָך פאַר עלות השחר.

פאַר מנחה האָט מען ווידער פאַרבראַכט אין לערנען און געפּראַוועט שלש סעודות אויפן חסיד׳ישן שטייגער. נאָך מעריב און הבדלה, איז מען ווידער געזעסן מיט גמרות און געלערנט מיט התמדה ביז אַרום חצות.

אויך ביים לערנען האָט ער אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע סבלנות. ס׳האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז אַ בחור האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט סתם אַ קשיא, ס׳האָט אים געפעלט דער חוש־הבנה, איז ר׳ שלמה־דוד נישט געוואָרן בייז, אומגעדולדיק, און אפילו נישט געמאַכט וועלכע נישט איז באַמערקונג, וואָס האָט געקענט דעם בחור פאַרשעמען. ער האָט אים אויסגעהערט, זיך מפלפל געווען מיט יענעם, ביז יענער האָט אַליין איינגעזען, אַז ס׳איז אַ טעות זיין קשיא און זיין „סתם מקשן״ און צו־געגעבן דאָס עפנטלעך.

דער היסטאָריקער פון אונדזער רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכן לעבן פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט וועט זיך געוויס אָפּשטעלן אויף אָט־דעם נייעם טיפּ מזרח־אייראָפּעישן רב, וועלכער האָט נאָך אַ סך צוגעגעבן צום פויליש־ליטווישן רבנות: וועלטלעך וויסן, געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט.

צום דאָזיקן טיפּ רבנים האָבן געהערט ר׳ יצחק־אלחנן קאָוונער, ר׳ אלי׳ חיים מייזל פון לאָדזש, הרב יצחק־יעקב ריינעס און אַנדערע. ר׳ שלמה־דוד כהנא, איז איינער פון אָט־דעם טיפּ רבנים.

זייענדיק פאַרטאָן אין די „געצעלטן פון תורה״, האָט ער אַלעמאָל באַוויזן צו געפינען צייט אַלס גייסטיק־רעליגיעזער מנהיג, צו קענען זאָגן און ווירקן אין אַנ־דערע ספערן — און אפילו געטאָן פאַרן ציוניזם, כאָטש ווייט נישט אין פאַרנעם פון אַ ר׳ שמואל מאָהליווער, אָדער הרב ריינעס. ער האָט געגלויבט אינעם ציון־אידעאַל לויט דער רעליגיעזער אויפפאַסונג — איבערהויפּט, האָט ער געהאַלטן פון אָרגאַניזירטקייט און דערצו געווידמעט אַ סך צייט און ענערגיע. גאָר באַזונדערס איז ער געווען אַקטיוו ביי אָרגאַניזירן דאָס רבנות אין פּוילן און געווען איינער פון די גרינדער פון דער „אגודת הרבנים בפּוילין״ צוזאַמען מיט ר׳ יחזקאל ליפשיץ, קאַלישער רב און ר׳ מענדעל אלתר, דעם גערער רבינ׳ס ברודער (פריער רב אין פּאַביאַניץ, ביי לאָדזש, און שפּעטער רב אין קאַליש).

ער האָט אַ סך געווירקט, אַז אויך וואַרשע זאָל האָבן ישיבות פון אַ גרעסערן פאַרנעם. אין די 30ער יאָרן איז געשאַפן געוואָרן, אַז אין וואַרשע געפינען זיך אַרום 10 טויזנט ישיבה־בחורים. ער האָט אַ סך געזאָרגט פאַר זייער אויסהאַלט. אויף געגנשע 10, איז געווען אַ ספּעציעלער קיבוץ, דירעקטירט אינגאַנצן דורך אים. דאָרט האָט דער שרייבער פון די שורות געטראָפן עלויים און פּקחים אין ברייטסטן זין פון די ווערטער — זיי האָבן זיך אינגאַנצן געווידמעט צו תורה־וויסנשאַפט; איניקע האָבן באַזוכט אויך די „תחכמוני״ און ר׳ שלמה־דוד האָט מסכים געווען זיי זאָלן דאָרט לערנען.

ביי דער גרינדונג פון דער אגודת־ישראל אין פּוילן, איז ער געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט. אָבער ווען די אגודה האָט אָנגעהויבן זיך מישן אין פּאָליטיק און האָט אָנגעפירט אַ העפטיקן קאַמף קעגן ציוניזם, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און זיך דערנענטערט צו דער מזרחי, נישט ווערנדיק קיין אָפיציעלער מיטגליד. ער האָט

זיך אידענטיפיצירט מיט מזרחי אַקטיוויטעטן, אָבער אַלץ נישט געוואָרן קיין אָפי־ציעלער פּאַרטיי־מענטש.

זייענדיק אַן אומפּאַרטייאישער מענטש, איז ער דאָך געווען דער פאָרשטייער פון פויליש־רעליגיעזן יידנטום אין דער יידישער אַגענץ — און אַלס אַזעלכער פאַרטראָטן דאָס פוילישע יידנטום, סיי אין די ראַמען פון דער אַגענץ, און סיי אויסער אירע ראַמען, זיך באַטייליקט אין אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן, ווו זיין וואָרט איז געהערט געוואָרן, ווי אַ רעליגיעזע אויטאָריטעט.

ער האָט אויך צוזאַמען מיטן „חפץ חיים" און ר' חיים עוזר גראָדזענסקי'ן זיך שטאַרק געזאָרגט וועגן גורל פונם רוסישן יידנטום. ער איז געווען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן ליובאַוויטשער רבין זצ"ל, ספּעציעל ביים גרינדן דעם „ועד העזרה" פאַרן רוסישן יידנטום.

פופציק יאָר איז ר' שלמה־דוד כהנא געווען רב אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע — און אין די לעצטע יאָרן באַטראַכט געוואָרן אַלס הויפּט־רב פון אַ דריי־צענדליק אָפיציעלע רבנים מיט זייערע געהילפן און הונדערטער שול־רבנים, מורי הוראות און רעליגיעזע מנהיגים...

אין זיין לאַנגער רבנות־קאַריערע האָט ער מסמיך געווען הונדערטער רבנים און גייסטיקע מנהיגים.

נאָך אַן אינטערעסאַנטן שטריך וועגן זיין באַציונג צום ציוניזם, ווי עס גיט איבער הרב איסר פרענקל:

ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער גאַנג פון פיקטיווע שידוכים, כדי צו קריגן נאָך וויזעס־סערטיפיקאַטן פון דער מאַנדאַטן־מאַכט (ענגלאַנד), האָט דער ענגלישער קאָנ־סול געהאַט אַ שמועס מיט אים, זיך באַקלאָגנדיק אויף די פיקטיווע הייראַטן פון חלוצים, און אַז דאָס הייסט גניבת־דעת...

ר' שלמה־דוד האָט אים אויסגעהערט און שמייכלענדיק אים געענטפערט:

מיר האָבן בקבלה, אַז אויף די זעלביקע וועגן אויף וועלכע מיר זענען געפירט געוואָרן אין גלות, אויף די זעלביקע וועגן מוזן מיר זיך צוריקקערן קיין ארץ ישראל.

יידן זיינען געפירט געוואָרן אין גלות דורך גניבה, מ'האָט יוסף'ן גע'גנב'עט און גע־פירט קיין מצרים... אַזוי מוזן מיר זיך צוריק אַריינ'גנב'ענען אין לאַנד אַריין, דורך גנבה זיך אַרויסרייסן פונם גלות.

—דער פאַקט איז, — האָט ער צוגעגעבן, — אַז אין דער נאַכט פון פסח, אין דער נאַכט פון גאולה, האָבן מיר אַ סימבאָל און זכר פון יענער ערשטער גניבה; קינדער גנב'ענען דעם אפיקומן און די עלטערן דאַרפן דאָס אויסלייזן...

דער בריטישער קאָנסול, וועמען ס'איז זייער נאָענט געווען דער יידישער גייסט און זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום ציוניזם, האָט פונעם דאָזיקן ענטפער געהאַט גרויס הנאה.

פון די הונדערטער וואַרשעווער רבנים, איז ער, צוזאַמען מיטן גערער רבין זצ"ל, געראַטעוועט געוואָרן און עולה געווען אין פרילינג פון יאָר ת"ש (1940) און באַוויזן אין זיין עלטער נישט צו פאַרשעמען זיין יוגנט. נישט געקוקט אויף זיין על־טער, האָט ער אויך זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון רבנ'ישן מנהיג.

ער האָט פאַרלאָזט וואַרשע אַ האַלבע שעה איידער די נאַציס האָבן פאַרמאַכט דעם פּאַספּאָרט־ביוראָ, איבערלאָזנדיק זיין גאַנץ פאַרמעגן, אַריינגערעכנט זיין גייס־

טיק פאַרמעגן, די רייכע ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין וואַרשע און זיינע אייגענע כתבים און שו״ת אויף פאַרשיידענע הלכה־ענינים. אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן אין געטאָ־וואַרשע.

ער איז אַריבער אין אַלט ירושלים און געוואָרן דער רבי, רב און מדריך פון די אָרטיקע תושבים און זיך פאַרנומען מיט דער אויפלעבונג פון אַלט ירושלים און אירע היסטאָרישע איבערבלייבענישן. זיין הויז איז געוואָרן אַ צענטער פאַר די אָרטיקע איינוווינער און פאַר אַלע די יעניקע, וואָס האָבן באַזוכט ירושלים און זיינען דורכגעגאַנגען די גאַס פון זיין וווינונג, וואָס האָט געפירט צו דעם כותל המערבי.

דער ישוב האָט פאַר אים צוגעגרייט אַ וווינונג: דאָס הויז פון הייליק־היסטאָרישן ווערט — די וווינונג פונם מקובל ר׳ חיים בן עטר. און ווי אין וואַרשע, האָט ער צוזאַמען מיט דער רבי׳צין, זיך פאַרנומען מיט עסקנות פון יעדן סאָרט, ווי הכנסת־אורחים, תלמוד־תורה, מוסדות צדקה וחסד וכדומה.

די רבנות הראשית האָט געהאַט דערביי אַ באַזונדערע כוונה, אים צו באַזאָרגן מיט אַ קהילה־פירערשאַפט צו וועלכער ער איז געווען צוגעוווינט—און דאָס האָט ער געקראָגן דורך זיין באַזעצן זיך אין אַלט־ירושלים, ווו די חורבה־שול, באַקאַנט אַלס „חורבות ר׳ יהודה החסיד״, איז באַנייט און אויפגעלעבט געוואָרן אַלס צענטער פון רבנישער געזעלשאַפט.

ווען אַלט־ירושלים איז חרוב געוואָרן דורך די אַראַבער, איז ר׳ שלמה־דוד כהנא, מיט דער הילף פון האָלענדישן קאָנסול, אַרויסגענומען געוואָרן פון דער אָקופּאַציע, איבערלאָזנדיק זיינע ספרים און כתבי־יד; ווי אין וואַרשע איז אַלץ אויפגעגאַנגען אין פייער. ווען מ׳האָט אים נאָכדעם אָנגעבאָטן אַ רבנות אין ניי־ירושלים, אָדער אין תל אביב, האָט ער עס צוריקגעוויזן און מיט זיין כאַראַקטעריסטישן גוטמוטיקן שמייכל געענטפערט:

— ווען אַ רב נעמט איבער אַ קהילה, איז עס ווי ער וואָלט חתונה געהאַט מיט דער קהילה... איך האָב שוין צוויי מאָל חתונה געהאַט, צום דריטן מאָל איז אַ האַרבע שאלה... און איך האָב באַשלאָסן מער נישט חתונה האָבן!...

וואַרשעווער שידוך, האָט ער באַטראַכט פאַר אַ געלט־שידוך: וואַרשע, די גרויסע, די רייכע... אַלט־ירושלים, שטעלט מיט זיך פאָר ייחוס, דער גרעסטער ייחוס... וואָס האָט מען אים געקענט פאָרלייגן נאָך געלט און נאָך ייחוס. ווען ער האָט גערעדט וועגן די קהילות, וואָס זיינען פון אים אַוועקגעריסן געוואָרן, אָדער ער איז געוואָרן אָפּגעריסן פון זיי, האָט ער זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. אָן וואַרשע און אָן ירושלים, האָט ער געפילט, האָט ער מער נישט קיין מעמד...

ער האָט לאַנג נישט געקענט אויסהאַלטן, זייענדיק אַוועק פון זיין וואַרשע און פון זיין טייערער שטאָט ירושלים מיט אירע דורות׳דיקע הייליקטימער — און אין מיטן דער פאַרנומענקייט פון העלפן עגונות, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה, כ״ח כסלו, תשי״ד, דאָס פערטע חנוכה־ליכטל, האָט ער שוין נישט געצונדן.

(געדרוקט אין וואָכנבלאַט „דער אַמעריקאַנער״ — ניו יאָרק, 1956)

## בער שנאַפּער

### ליד צו אַ שטעקן!...



דו, וואָס גערכטן, ערשט נעכטן נאָך —
געווען ביזטו צווייג! געווען ביזטו בוים!
געווען ביזטו האַנט פון אַ בוים, וואָס האָט
תפילה געטון צו אַ בוימישן גאָט!...

דו' וואָס נעכטן, ערשט נעכטן נאָך —
געווען ביזטו שאָטן איבער וואַלדישן מאָך!
געווען ביזטו נעסט פאַר אַ פויגל אין שטורם —
און געווען ביזטו שפּייז פאַר דעם מינדעסטן וואָרעם!

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן קוים —
געווען ביזטו היים! געווען ביזטו טרוים
פאַר אַ הימלאָזן גייער, וואָס קניט און פאַלט
אַ מידער אַוועק — ביים ראַנד פון אַ וואַלד!

איך האָב דיך געזען היינט — אין דיין גאַנצער געוואַלט!!

איך האָב דיך געזען היינט פאַרוואַנדלט און גראָב —
זיך הייבן איבער אַ מענטשלעכן קאָפּ!
איך האָב דיך געזען היינט צעפּאָכעט און רוי —
זיך הייבן איבער אַ קאָפּ פון אַ פרוי!

---

בער שנאַפּער — דיכטער — געבוירן געוואָרן אין יאָר 1903 אין אַ שטעטל לעבן לעמבערג, גאַליציע. פון 1933 ביזן חורבן געווינט אין וואַרשע. אומגעקומען. אַרויסגעגעבן פיר לידער־זאַמלונגען. ליריקער מיט אַ שטאַרקן סאָציאַלן חוש. זיינע לידער — דראַמעס, טראַגעדיעס אין מיניאַטור. שנאַפּער האָט געווינט אין וואַרשע אין די ביטערסטע יאָרן פון יידן־האַס און פריינדשאַפט מיט היטלער־דייטשלאַנד. כוליגאַנישע יידן־איבערפאַלן אויף די גאַסן פון וואַרשע — מעשה בכל יום. אין אָט דער פינצטערער שטימונג איז געשאַפן געוואָרן דאָס וואַרשעווער ליד פון קלאָג און אָנקלאָג, וואָס מיר ברענגען דאָ.

איך האָב דיך געזען היינט צעיוכעט און בלינד —
זיך הייבן איבער אַ קעפּל פון... קינד!!...

איך האָב דיך געזען היינט, אָ! איך האָב דיך געזען
אין האַנט פון אַ יונג מיט אַ שאַרף און עמבלעם — —
אין האַנט פון אַ יונג, וואָס זיין נאָמען איז — מענטש!
וואָס זיין נאָמען איז נעכטן געוועזן מענטש!...

איך האָב דיך געזען היינט פאַרקראַמפּט אין דער האַנט
פון דעם דאָזיקן יונג —
וואָס „זיינס" איז דער פּאַרק! און „זיינס" — דאָס לאַנד!
און וואָס ער, נאָר ער —
האָט אַ רעכט צו באַוווינען די דאָזיקע ערד!
און ער נאָר בלויז —
האָט אַ רעכט אויף אַ היים!
האָט אַ רעכט אויף אַ הויז!...

איך האָב דיך געזען אַזוי פרעך און אַנטבלויזט,
צעפּאָכעט און בלינד, צעיוכעט און גראָב —
זיך הייבן אַרויף און זיך לאָזן אַראָפּ!...
און זיך לאָזן אַריבער אַ מענטשלעכן קאָפּ —
פון איינעם, אַ קליינעם, צעשראָקענעם ייד!...

דו, וואָס דיין נאָמען איז ערשט נעכטן נאָך —
צווייט!
און וואָס האָסט אַזוי גיך, איבער קאָפּ פון אַ ייד,
אין האַנט פון אַ יונג, אין אַ גרויזאַמער האַנט,
פאַרגעסן פון וואַנען און וועמען דו שטאַמסט — —

און אַז נעכטן נאָך האָסטו געקנאַספּט און געבליט!...

און אַז נעכטן, אָ! נעכטן ערשט קוים —
געוועזן ביזטו צווייג! געוועזן ביזטו בוים!...

פון בוך: „בלאָע ווערטער", וואַרשע, 1937.

# זלמן שניאור

## אין וואַרשע אויף דער גאַס . . .



א
ין וואַרשע אויף דער גאַס
לויפט אום פאַריאָגט אַ פאָלק
מיט קליינע היטעלעך
און לאַנגע רעק...
די פנימער פאַרזאָרגט
די אויגן ברענען טיף
מיט צער פון פאַרגאַנגענע
מלחמה־טעג.

די שטאָט־ווענט זענען קאַלט,
דער ברוק איז האַרביק־האַרט.
מ'ציט קידוש־ווײַן פון שטיין,
חיונה פון די ווענט.
ביים „שפע־האָרן" זיצט
אַ שליאַכטע בייז און שטייף.
שטרעקן זיך צו איר
פאַרקראַמפטע יידן־הענט.

נאָר טעכטער האָט דאָס פאָלק
געקומען אויף דער וועלט

---

זלמן־זאַלקינד שניאור — איינער פון די באַרימטסטע און גרעסטע העברעישע און יידישע פראָזאַיקערס און פאָעטן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887 אין שקלאָוו, מאָהילעווער גובערניע. געווינט, געשריבן, רעדאַגירט, און שטודירט (מעדיצין) אין אָדעס, ווילנע, וואַרשע, בערלין, פאַריז, ניו יאָרק, ירושלים, תל אביב. אָפט געווילט און געווינט חדשים־לאַנג, אפילו יאָרן־לאַנג אין וואַרשע. חתונה געהאַט מיט אַ וואַרשעווער יידישער טאָכטער. אַסך לידער זיינע טראָגן די דאַטע: וואַרשע — 1906, 1908, 1910, 1912 אאַ"וו. זיינע גרויסע ראָמאַנען און דערציילונגען — וואָס פאַרנע־מען אַ צענדלינק בענד אין יידיש און אין העברעיש, קומען פאָר אין רוסלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. זיין ראָמאַן „צוזאַמענברוך" איז אויפן פאָן פון וואַרשע; ער איז אָבער — ווי נאָך אַנדערע ווערק שניאורס, אין בוך־פאָרם ביז איצט נישט דערשינען. שניאור איז געשטאָרבן אין פעברואַר 1959 אין ניו יאָרק, געקומען צו אייביקער רו אין תל אביב לעבן די קברים פון די גדולי העם.

צווישן שרעק און נויט,
אויף פעדערן און אויף שטרוי.
די ליפּן — קאַרשן־זאַפט,
די אויגן — שאָקאָלאַד.
די פּערל־הויט באַדעקט
מיט יוגנטלעכן טוי.
פון צווישן קאָלטון־בערד
און שייטלעך שיינען זיי,
ווי ראָזעווע לבנות
אין טריבע וואָלקנס — האָר;
אַ מחנה פעניקס־פייגל,
מיט ווונדערלעכע פאַרבן,
צעפלויגן זיך פון אַש
ביים אָפּגעברענטן דור.
די האָפנונג שטראַלט פון זיי
אָ, ניין, „ישראל סבא״ —

ער איז נאָך גאָר־נישט אַלט,
ער איז נאָך גאָר-נישט מאַט!
אָט פליען זיינע טויבן
פון „קאָסטנס״ נאָכ׳ן מבול
צום פּראַכט פון מאַרשאַלקאָווסקע
און פון נאָווי־שוויאַט...

וואַרשע 1929

פון בוך: פּערציק יאָר — לידער און פּאָעמען, 1903־1944 —
ניו יאָרק 1945. (ציקל: שטעט)

## האַלינאַ שימין־שניידערמאַן

### זכרונות וועגן בנימין שימין און אַנדערע וואַרשעווער פאַרלעגערס



צווישן די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ איז אויך אָפּגעמעקט געוואָרן דאָס הויז אויף נאָוואָליפּקי 7, וואָס איז געווען אַ גוט באַקאַנטער אַדרעס פאַר די ליבהאָבערס פון יידישן בוך איבער דער גאַנצער וועלט. במשך פון דריי צענדליק יאָר, ביזן חורבן פּוילן, האָט אויף נאָוואָליפּקי 7 זיך געפונען דער פאַרלאַג „צענטראַל", איינער פון די עלטסטע און וויכטיקסטע יידישע פאַרלאַגן אין פּוילן.

מיין פאָטער, בנימין שימין, איז געווען אַ מיטגרינדער פון „צענטראַל", וואָס האָט דאָס יידישע פאַרלעגעריי צום ערשטן מאָל אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן געשעפטס־ניוואָ מיט אַ מאָדערנער פאַרשפּרייטונגס־סיסטעם. אַרום דעם דאָזיקן פאַרלאַג האָבן זיך געזאַמלט אַ צאָל פון די פּראָמינענטסטע יידישע און העברעישע בעלעטריסטן, היסטאָריקערס און פּעדאַגאָגן, ווי אויך יידישע גראַפיקערס און קינסטלערס, וואָס האָבן באַצירט די שולביכער און די רייכע קינדער־ליטעראַטור.

בנימין שימין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1880 אין שקלאָוו, מאָהילעווער גובערניע. זיין פאָטער איז געווען אַ תבואה־סוחר און פלעגט אָפט פאָרן קיין מאָסקווע, וווּ ער האָט אין אָנהייב ניינציקער יאָרן אַריבערגעבראַכט זיין משפּחה. אַ ביסל שפּעטער האָט די משפּחה זיך באַזעצט אין וואַרשע.

מיין פאָטער איז יעמאָלט געווען קוים דרייצן יאָר אַלט און געהאַט הינטער זיך אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג. דורך אַ צופאַל איז ער גלייך אָנגעקומען אויף אַ שטעלע אין פאַרלאַג „אַחיאָסף" און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן יידישער פאַרלעגעריי. ער האָט אַרויסגעוויזן פּיאָנערישע איני־ציאַטיוו און אַמביציע צו פאַרווירקלעכן פאַרלעגערישע פּלענער פון אַ גרויסן פאַרנעם און פון דויערדיקן ווערט.

זיין זעלבשטענדיקע פאַרלעגערישע טעטיקייט האָט מיין פאָטער אָנגעהויבן אין דעם שטורעם־פּעריאָד פון 1905 און ס'איז ביי אונדז אין דער משפּחה אויפ־געהיטן געוואָרן די „לעגענדע" וועגן דעם, ווי אַזוי מיין פאָטער איז אין 1905 געווען אַרעסטירט פאַר אַרויסגעבן אַלגינס אַ בראָשור. הגם ער האָט געהאַט פיל נאָענטע פריינד צווישן בונדיסטן, איז ער אָבער שוין דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו די ציוניסטישע קרייזן און אין 1906 איז ער געוואָרן אַדמיניסטראַטאָר פון נחום סאָקאָלאָווס טעגלעכער יידישער צייטונג אין וואַרשע דער טעלעגראַף.

---

האַלינאַ שימין־שניידערמאַן, פרוי פון ש. ל. שניידערמאַן, געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1908. 1933 — פּאַריז, 1940 — ניו יאָרק. שריפטשטעלערין, איבערזעצערין. שרייבט יידיש, פּויליש און ענגליש. מיטאַרבעטערין פון צייטונגען און זשורנאַלן.

אַרבעטנדיק אין „טעלעגראַף״ האָט ער זיך באַקענט מיט רבקה סעגאַל, דער סעקרעטאַרין פון דער צייטונג, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט פריער געקומען פון איר היימשטאָט מאַקעווע. זי איז געווען אַ קרובה פון סאָקאָלאָווס פרוי וואָס האָט אויך געהייסן פון דער היים סעגאַל. אַ ביסל שפּעטער האָט דער טאַטע חתונה געהאַט מיט רבקה סעגאַל און די סאָקאָלאָווס זיינען געווען אויף דער חתונה.

באַלד נאָך זיין חתונה, אַרום 1907, האָט מיין פאָטער געגרינדעט אַ בוכהאַנדלונג און אַ פאַרלאַג אויף נאַלעווקעס 33, וואָס איז געוואָרן אַ באַקאַנטער פונקט אין יידישן וואַרשע. זייענדיק פון דער נאַטור אַ פאָלקסמענטש, האָט אים געצויגן צו דער פאָלקסטימלעכער מאַמע־לשון־ליטעראַטור, וואָס וואַרשע איז יעמאָלט געווען איר צענטער. ער האָט אָנגעהויבן זיין פאַרלעגערישע טעטיקייט מיט אַ סעריע פּאָפּולערע, מיינסטנס סאָציאַליסטישע, בראָשורן א״נ „צייט־ביבליאָטעק״. דאָס פּלאַנירן סעריעס און ביבליאָטעקן איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער מעטאָד פון זיין אַרבעט.

נאָך דער „צייט־ביבליאָטעק״, וואָס האָט באַדאַרפט באַפרידיקן דעם וואַקסנדיקן אינטערעס ביי דעם יונגן יידישן לייענער פאַר אַלגעמיינע סאָציאַלע פּראָבלעמען, איז געקומען די „אוניווערסאַל־ביבליאָטעק״ (1908), וואָס האָט אַרומגענומען אַ צאָל קלייגע ביכלעך פון די מייסטערס פון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי קנוט האַמסון, גי דע מאָפּאַסאַן, ווי אויך אַ זאַמלונג דערציילונגען פון דעם העברעישן פּראָזאַיקער גרשון שאָפמאַן, אין דער איבערזעצונג פון ב. קאַרלינסקי, וואָס איז פון דעמאָלט אָן במשך פון יאָרן געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין די פאַרלעגערישע אונטערנעמונגען פון מיין פאָטער.

דער גרויסער דערפאָלג פון „אוניווערסאַל־ביבליאָטעק״ האָט געשטויסן מיין פאָטער צוצוטרעטן צו אַ גאָר אַמביציעזער פאַרלעגערישער אונטערנעמונג, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „שימינס גרויסע וועלט־ביבליאָטעק״.

די „וועלט־ביבליאָטעק״ איז געשאַפן געוואָרן לויטן מוסטער פון דעם גרויסן העברעישן פאַרלאַג „תושיה״ פון בן־אביגדור, וואָס האָט יעמאָלט אַנטוויקלט אַן ענערגישע טעטיקייט אין וואַרשע און האָט אַרויסגעגעבן אַן ערך 200 העברעישע ביכער, צווישן זיי אַ סך איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1909 זיינען אין „שימינס גרויסער וועלט־ביבליאָטעק״ אין משך פון דריי יאָר צייט אַרויסגעגאַנגען 66 אָריגינעלע און איבערגעזעצטע פינפבויגנדיקע ביכלעך. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ גאָר גרויסער אויפטו אויפן פעלד פון יידישער פאַרלעגעריי. דער אויפטו איז באַשטאַנען אין רעגלמעסיקן אַרויסגעבן די ביכלעך, אין זייער פּאָפּולערן פּרייז — אַ ביכל האָט געקאָסט 25 קאָפּ׳ און אַ יערלעכער אַבאָנאַמענט פאַר 24 ביכלעך האָט געקאָסט בלויז 3.50 רובל — און אין באַרייכערן דעם יידישן ביכער־אוצר מיט איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

דער אויסקלייב פון די ביכלעך איז געווען אַ געמיש פון אַלצדינג וואָס עס האָט געקענט אינטערעסירן דעם יונגן יידישן לייענער, וואָס האָט פון אַ יידישן בוך דערוואַרט נישט בלויז קינסטלערישן געניס, נאָר אויך בילדונג און וויסן וועגן דער ברייטער וועלט. אַזוי אַרום זיינען אין דער „ביבליאָטעק״ אַריין איבערזעצונגען פון פרעמדע ליטעראַטורן, אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער און וועלט־געשיכטע, ווי

אויך אָריגינעלע שאַפונגען פון יונגע ייִדישע פּראָזאַיקערס און פּאָעטן, וואָס האָבן אין אַ סך פאַלן דעביוטירט אין דער „וועלט־ביבליאָטעק".

אין דער רשימה פון די 24 ביכלעך, וואָס זיינען אַרויס אין דער „וועלט־ביבליאָ־טעק", זיינען פאַרטראָטן די דאָזיקע שרייבערס: ז. י. אַנכי, היינריך היינע, י. מ. וויסנבערג, מאַקס נאָרדוי, מ. סטאַווסקי, מ. ז. פייערבערג, יהודה שטיינבערג, זלמן שניאור און אַרטור שניצלער. אַחוץ דעם זיינען אַרויס צוויי בענד גרעצס „ייִדישע געשיכטע", רעדאַגירט פון הלל צייטלין.

ווייזט אויס, אַז דער פאַרלאַג פאַר ביכער פון אַ דידאַקטישן כאַראַקטער איז דעמאָלט געווען באַזונדערס גרויס, ווייל אין דער רשימה פון „שימינס גרויסער וועלט־ביבליאָטעק" אין צווייטן יאָרגאַנג געפינען מיר, חוץ די ווייטערדיקע פינף בענד „ייִדישע געשיכטע", אויך דריי בענד „די געשיכטע פון גלויבנס און רעלי־גיאָנען", אַ באַנד פון ד״ר גינצבורג וועגן תלמוד, מאַריץ לאַצאַרוס, „ירמיהו הנביא", צוויי בענד עסייען פון הלל צייטלין, „דאָס פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס", ווי אויך צוויי בענד אַנדערע שריפטן פון הלל צייטלין.

צווישן די יונגע ייִדישע פּאָעטן און פּראָזאַיקערס זיינען אין צווייטן יאָרגאַנג פון דער „ביבליאָטעק" געווען פאַרטראָטן משה טייטש, יונה ראָזנפעלד און אברהם רייזען. עס איז אויך אַרויס „ר׳ אבא" פון ז. י. אַנכי. דאָס דאָזיקע ביכל מאָנאָלאָגן, וואָס מיין פאָטער האָט אַליין שטאַרק ליב געהאַט, איז געדרוקט געוואָרן אויף אַ בעסערן פּאַפּיר און באַצירט מיט וויניעטן און צייכענונגען פון ב. קראַטקאָ, וואָס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגערוקט אין אויבנאָן צווישן די יונגע ייִדישע גראַפיקערס און האָט געהערט צום נאָענטן קרייז פון י. ל. פּרץ.

אין זיין ווייטערדיקער טעטיקייט האָט דער פאַרלאַג זיך אַלץ מער קאָנצענטרירט אויף ייִדישער בעלעטריסטיק, און די וויכטיקסטע פּאָזיציע איז דעמאָלט געווען דאָס אַרויסגעבן 5 בענד שריפטן פון שלום אַש, דוד פּינסקי, מ. ספּעקטאָר און אַ קליינע דערציילונג פון ח. נ. ביאַליק, „אריה בעל גוף". צו פאַרענדיקן די רשימה אויסגאַבעס פון דער „גרויסער וועלט־ביבליאָטעק", דאַרף מען נאָך צוגעבן די אָפּהאַנדלונג וועגן לעוו טאָלסטאָי פון אַ. ריקליס, אַ בוך פון יואל מאַסטבוים און אַ באַנד דערציילונגען וועגן יידן פון דער פּוילישער שרייבערין עליזאַ אָזשעשקאָוואַ.

* * *

אין 1911 איז מיין פאָטער אַריין ווי אַ שותף אין דער ניי געגרינדעטער פאַרלאַגס־געזעלשאַפט „צענטראַל". זיין צושטייער צום שותפות איז געווען די גאַנץ היפּשע צאָל אויסגאַבעס פון „שימינס פאַרלאַג".

צוזאַמען מיט מיין פאָטער זיינען אין דעם פאַרלאַג „צענטראַל" אַריינגעטראָטן: בן־אביגדור מיט זיין גרויסן העברעישן פאַרלאַג „תושיה", ש. שרעבערק פון ווילנע, י. לידסקי (פאַרלאַג „פּראָגרעס" און „ייִדיש") און מ. קאַפּלאַן (פאַרלאַג „השחר").

ש. שרעבערק האָט פון יאָר 1900 אָן אַרויסגעגעבן העברעישע לערנביכער און רעליגיעז־פּאָלקסטימלעכע ליטעראַטור. זינט 1908 האָט ער אַרויסגעגעבן אויך ייִדישע ביכער פון ש. ניגער, י. מ. וויסנבערג און בעל־מחשבות. (די ערשטע אויפלאַגע פון בעל־מחשבותס ווערק איז אגב קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער מאַכט איבער די אַרטיקלען וועגן שעדלעצער פּאָגראָם און וועגן מאַריא ספּירידאָנאָוואַ, און שרע־בערק מיטן מחבר זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי חדשים תפיסה). אין 1910 איז

ש. שרעבערק צוזאַמען מיטן וואַרשעווער פאַרלעגער י. לידסקי צוגעטרעטן אַרויסצו-געבן אַלע ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים. זיי האָבן פאַר די רעכט באַצאָלט דעם מחבר גאַנצע 10,000 רובל, וואָס איז געווען אַן אומגעווייניגלעך הויכער האָנאָראַר אין די דעמאָלטיקע באַדינגונגען פון יידישער פאַרלעגעריי.

מרדכי קאַפּלאַן איז געווען אַ צייט דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „תושיה". אין 1908 האָט ער געגרינדעט דעם פאַרלאַג „השחר" און אַרויסגעגעבן די ווערק פון מ. ספּעקטאָר, רחל פייגנבערג, ז. שניאור, י. קאַצנעלסאָן, דוד פּינסקי א"אַ. אין 1910 האָט ער זיך פאַראייניקט מיטן פאַרלאַג „פּראָגרעס" פון יעקב לידסקי.

אַזוי אַרום איז „צענטראַל" טאַקע געוואָרן די צענטראַלע פאַרלאַגס־געזעלשאַפט פאַר יידישע און העברעישע ביכער, וואָס האָט זיך אָבער אין איר ווייטערדיקער טעטיקייט קאָנצענטרירט דער עיקר אויף יידיש. „צענטראַל" איז אויך געווען דער ערשטער יידישער פאַרלאַג, וואָס האָט אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט אויסלענדישע יידישע יישובים און אָרגאַניזירט די פאַרשפּרייטונג פון זיינע אויסגאַבעס איבער דער גאַנצער וועלט. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון „צענטראַל" אין ניו־יאָרק.

חוץ ביכער האָט „צענטראַל" אויך גענומען אַרויסגעבן יידישע קאַלענדאַרן, וואָס זיינען במשך פון העכער אַ פערטל יאָרהונדערט געווען פּאָפּולער איבער דער גאַנצער וועלט. די וואַנטלעך פון די קאַלענדאַרן האָבן געהאַט אויף זיך קינסטלערישע קאָלירטע רעפּראָדוקציעס, מיינסטנס אויף ביבלישע טעמעס, בילדער פון ארץ־ישראל אָדער פון באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן, און די אינעווייניקסטע זייטלעך האָבן אַנטהאַלטן פאַרשיידענעם לייען־מאַטעריאַל, אַפאָריזמען, פּסוקים, אַנעקדאָטן און יידישע אינפאָרמאַציע. „צענטראַל" האָט אויך גענומען אַרויסגעבן קינסטלערישע ווינטש־קאַרטן אויף ראש־השנה, וואָס זיינען געווען שטאַרק פּאָפּולער.

אָנהייב 1914 האָט „צענטראַל" אָפּגעקויפט די טאָגצייטונג „דאָס לעבן" (דער פריינד). אין משך פון צוויי חדשים איז דער טיראַזש פאַרפירפאַכט געוואָרן און די צייטונג האָט געהאַט גאָר אַ גרויסן אָפּקלאַנג. זי האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

* * *

אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אונדזער הויז געוואָרן אַ צענטער פון יידישע שרייבערס. ווי אַ קליין קינד פלעג איך בייווינען די טומלדיקע פרייטאָג־צו־נאַכטן .ביי געדעקטע טישן פלעגט מען דיסקוטירן פאַרשיידענע פּראָבלעמען און זינגען יידישע לידער. מיין פאָטער איז געווען אַ פריילעכער, לעבנסלוסטיקער מענטש און ליב געהאַט צו פאַרברענגען און אויפצו־נעמען געסט. מיין מוטער, אַ שטילע און צוריקגעהאַלטענע, מיט אַ טיפן אינטערעס פאַר יידישן און אַלגעמיינעם וויסן, פלעגט אָנטייל נעמען אין די ליטעראַרישע דיסקוסיעס.

באַזונדערס פלעגן אונדזער הויז באַזוכן די יונגע שרייבערס, וואָס זיינען מיינסטנס ערשט נישט לאַנג געהאַט געקומען קיין וואַרשע און האָבן זיך דאָרט געפילט פרעמד. עס האָט נאָך נישט עקזיסטירט דער ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, און מען פלעגט זיך דעריבער צונויפקומען אין פּריוואַטע שטובן. איך געדענק, למשל, ווי מיין פאָטער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אַריבער־

געבראַכט קיין וואַרשע דעם הומאָריסט יוסף טונקעל (דער טונקעלער). נאָך דעם ווי ער האָט אים שריפטלעך אַנגאַזשירט צו קומען קיין וואַרשע כדי צו רעדאַגירן אַ הומאָריסטיש יום־טוב־בלעטל, האָט אין אַ געוויסן טאָג אין אונדזער טיר אָנגעקלאַפּט אַ מאַן אין אַ שווערן פּעלץ, הויכע שטיוול און אַ פוטערנעם היטל און זיך פאָרגעשטעלט: „איך בין יוסף טונקל, איך קום איצט גלייך פון באָברויסק...״

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, זיינען מיר אַוועק צו מיין פאָטערס קרובים קיין אָרשע און פאַרבליבן אין רוסלאַנד דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. געלעבט אַ יאָר אין מינסק און די לעצטע דריי יאָר פאַרבראַכט אין אָדעס. אין מיטן פון דער מלחמה איז מיין פאָטער געלונגען אַריבערצוברענגען דורך אַלע פראָנטן אַ וואַגאָן ביכער און קאַלענדאַרן פון וואַרשע און דערפון האָבן מיר געלעבט. אַ צייט האָט מיין פאָטער געהאַט אַ יידישע ביכהאַנדלונג אין אָדעס. אין 1917 איז ער אַרויסגערופן געוואָרן קיין קיעוו איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג פון דער ניי געגרינדעטער צייטונג „דער טעלעגראַף״, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם ציוניסטישן אַרבעטער־פירער ד״ר נ. סירקין דאָס איז געווען די צייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דער גרויסער אויפלעבונג פון ציוניזם. די צייטונג האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינטלעכן דערפאָלג און איז גוט פאַרשפּרייט געוואָרן ניט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען און רעוואָלוציאָנערע קאַמפן וואָס זיינען דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַרום קיעוו.

אין 1919 זיינען מיר מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט „בעזשענצעס״ (פליטים) צוריקגעקומען קיין וואַרשע און עס איז ווידער באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון „צענטראַל״. אין 1922 איז אויך ש. שרעבערק צוריקגעקומען פון ווילנע, ווו ער איז געווען בעת די מלחמה־יאָרן, און מיטגעבראַכט אַ ריי יידישע אויסגאַבעס, צווישן אַנדערע די געזאַמלטע ווערק פון ש. אַנ—סקי.

אַזוי האָט זיך גענומען אויף ס'ניי קאָנסאָלידירן די פאַרלעגערישע טעטיקייט פון „צענטראַל״. דער ערשטער פאַרלעגערישער אויפטו פון מיין פאָטער באַלד נאָך דער מלחמה איז געווען די סעריע ביכער פאַר דער יוגנט, וואָס איז במשך פון יאָרן אַרויסגעגאַנגען אין די דריי „ביבליאָטעקן״ — די „יוגנט־ביבליאָטעק״, „היסטאָרישע יוגנט־ביבליאָטעק״ און „קינדער־ביבליאָטעק״. די רעדאַקציע פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דעם שריפטשטעלער דוד קאַסעל, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געמאַכט אַ נאָמען מיט זיינע ראָמאַנען, קינדערביכער און ווי דער פיאָנער אויפן געביט פון יידישע לערנביכער.

אין דער „יוגנט־ביבליאָטעק״ פון ב. שימין זיינען אַרויס 16 ביכלעך, אַן אויסקלייב פון קלאַסישע יוגנטביכער פון דער וועלט־ליטעראַטור. צווישן זיי דערציילונגען פון סווען העדין, מיין ריד, מאַרק טווין א״אַ. אין דער „היסטאָרישער יוגנט־ביבליאָטעק״ זיינען אַרויס יידישע היסטאָרישע ראָמאַנען, צווישן זיי פון א. מאַפו, ב. דיזראַעלי, ל. לעוואַנדע און אַנדערע. די „קינדער־ביבליאָטעק״ האָט אַרויסגעלאָזט 32 ביכלעך פאַר קינדער, — „פעטער טאָמ״ פון העריעט ביטשער סטאו, מעשהלעך פון די ברידער גרים, קינדער־דערציילונגען פון שלום־עליכם, ז. רייזען, י. ל. פרץ, ר. גוטמאַן א״אַ.

די „יוגנט־ביבליאָטעק״ איז געווען דער ליבלינג פון מיין פאָטער. די ביכער זיינען געווען שטאַרק פאָפּולער און זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער

גאַנצער וועלט. עס איז געווען אַ נייס אויפן יידישן ביכערמאַרק און מען האָט די דאָזיקע אויסגאַבעס געקענט געפינען אין די ביבליאָטעקן פון די פאַרוואָרפנסטע שטעטלעך.

אין די „צענטראַל“־קאַטאַלאָגן פון יענער צייט (1922—1925), וואָס זיינען אויפגעהיטן געוואָרן אין דער ייוואָ־ביבליאָטעק, געפינען מיר איבער 500 יידישע אויסגאַבעס, חוץ דעם אַ ריי לערנביכער אויף יידיש, וואָס זיינען גענוצט געוואָרן אין די יידישע טאָגשולן; שפּראַכמעטאָדן פאַר פויליש, ענגליש און שפּאַניש, ווערטער־ביכער, אַנטאָלאָגיעס, ווי אַ שטייגער „די יידישע מוזע“, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם דיכטער יעקב פיכמאַן, טעאַטער־שטיק פאַר אַמאַטאָרן, 150 אויסגאַבעס פון יידישע לידער מיט נאָטן; וואַנטבילדער און פּאָסטקאַרטן פון יידישע שרייבערס און פּערזענלעכקייטן, קאַלענדאַרן און ווינטשקאַרטן.

צו די וויכטיקסטע אויסגאַבעס פון פאַרלאַג „צענטראַל“ (אַ גרויסער טייל פון זיי איז אַרויס אונטערן נאָמען פון פאַרלאַג „אחיספר“) האָבן געהערט: די געזאַמלטע ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים, ש. אַנ—סקי, בעל־מחשבות, י. דינעזאָן, ש. ל. ציטראָן, מ. ספּעקטאָר, ד״ר א. קאַראַלניק, דער טונקעלער, דער לעבעדיקער און ב. קלאַצקינס „פּראָבלעמען פון מאָדערנעם יידנטום“.

מיט דער אַנטוויקלונג פון יידישער פאַרלעגעריי אין די צוואַנציקער יאָרן איז אַלץ דרינגענדיקער געוואָרן די פּראָבלעם צו געפינען נייע מעטאָדן פון פאַר־שפּרייטונג. אַ גאָר וויכטיקער אויפטו אויפן געביט פון קאָנסאָלידירן דעם פאַרקויף פון יידישן בוך איז געווען די גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיוו „ביכער“, וואָס איז אין 1926 געשאַפן געוואָרן דורך די פאַרלאַגן „צענטראַל“ און „ב. קלעצקין“ מיט דער מיטווירקונג פון יידישע פאַרלאַגן איבער דער גאַנצער וועלט. דער קאָאָפּעראַטיוו „ביכער“ איז געוואָרן די וויכטיקסטע פאַרקויף־צענטראַלע פון יידישע ביכער אין פוילן. דער גרויסער אילוסטרירטער פּערטליאָריקער קאַטאַלאָג פון קאָאָפּעראַטיוו „ביכער“ איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט און האָט אַנטהאַלטן אויסגאַבעס פון צענדליקער יידישע פאַרלאַגן אין פוילן, אַמעריקע און אַנדערע יידישע יישובים. אין דעם קאַטאַלאָג פון יאָר 1931 ווערט געזאָגט, אַז אַן ערך 90 פּראָצענט פון דער ביכער־פּראָדוקציע אין יידיש געפינט זיך אין די פאַרלאַגן וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאָאָפּעראַטיוו „ביכער“.

אין 1928 איז אין פאַרלאַג „צענטראַל“ אַרויס אַ נייע אויסגעבעסערטע אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון מענדעלען. די אַלטע אויפלאַגע איז קריטיקירט געוואָרן צוליב פאַרשיידענע קליינע אומפּינקטלעכקייטן און די רעדאַקציע פון דער נייער אויפלאַגע איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דעם רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער“, נחמן מייזיל, וואָס האָט געגעבן צו יעדן באַנד אַן אַריינפיר און אויך באַאַרבעט צוויי צוגאָב־בענד וועגן מענדעלען א״נ „מענדעלע־טורעם“ און „מעשיות וועגן מענדעלען“.

פון די אויבן־געבראַכטע רשימות איז צו זען, אַז דער פאַרלאַג „צענטראַל“ האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויף די קלאַסיקערס פון דער יידישער ליטעראַטור און אויף קריטיק און באַקומען אַלץ מער אַ קאָנסערוואַטיוון כאַראַקטער, בעת די מאָדערנע יידישע בעלעטריסטיק און פּאָעזיע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך ניי אויפגעקומענע פאַרלאַגן אין וואַרשע, מיט די פאַרלאַגן „קולטור־ליגע“ און „ב. קלעצקין“ בראָש.

מיין פּאָטער האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג (ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דער לינק־דעמאָקראַטישער גרופּע „על המשמר" פון יצחק גרינבוים) און עס איז געשטיגן זיין אינטערעס פאַר העברעיש. ביים סוף צוואַנציקער יאָרן איז מיין פּאָטער, אונטער דער השפּעה פון יעקב פּיכמאַן, צוגע־טרעטן צו דער גרעסטער פאַרלעגערישער אונטערנעמונג פון „צענטראַל", וואָס האָט אויך פאַרלאַנגט ריזיקע הוצאות — די העברעיִשע אויסגאַבע פון גרעץ, וואָס איז אַרויס אין 1931.

טעכניש און רעדאַקציאָנעל האָט די דאָזיקע פּראַכטפולע, רייך אילוסטרירטע אויסגאַבע זיך געקענט פאַרמעסטן מיט די שענסטע אייראָפּעישע אויסגאַבעס פון דעם מין. די פיר בענד זיינען רעדאַגירט געוואָרן דורך אַ קאָלעגיע פון פּ. לאַכאָווער, יעקב פּיכמאַן און ד"ר א. קאַמענעצקי. ביי די לעצטע בענד האָט אויך מיטגעאַרבעט **י. וויינגאַרטן**. מיין פּאָטער האָט אַליין זייער אַ סך געאַרבעט ביים צוקלייבן די **הונדערטער** אילוסטראַציעס. זיין אויפטו איז אויך געווען דאָס באַשטעלן פאַר דער **דאָזיקער** אויסגאַבע העברעיִשע שריפט, וואָס איז געגאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט די נקודות, און וואָס איז געווען אַ נייס אין העברעיִשן דרוקוועזן און האָט אַ סך צוגעגעבן צו דער קלאָרקייט און עסטעטישן אויסזען פון דער אויסגאַבע.

מיין פּאָטער האָט אויך געפּלאַנעוועט אויסצוניצן די זעלבע שריפט און אילוס־טראַציעס, כדי פּאַראַלעל צוצוגרייטן אַ יידישע אויסגאַבע פון גרעצן, זיין אידעע איז אויך געווען צו דערגאַנצן די אויסגאַבע מיט אַ צוגאָב־באַנד, וואָס זאָל דערפירן די יידישע געשיכטע ביז דער לעצטער צייט. עס איז באַשטעלט געוואָרן אַ באַנד וועגן מאָדערנער יידישער געשיכטע ביי ד"ר יצחק שיפּער. דער טערמין פון צוגרייטן דעם באַנד איז געווען אַ יאָר. במשך פון דער צייט האָט י. שיפּער באַקומען אַ רעגלמעסיקן געהאַלט פון „צענטראַל". שיפּער האָט אָבער גענומען אָפּציען די אַרבעט און נאָך צוויי יאָר האָט ער דערקלערט, אַז דער איינציקער מאַנוסקריפּט וואָס איז ביי אים פאַרטיק, איז דיווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון יידן אין מיטל־עלטער, וואָס האָט נישט געקענט דינען ווי אַ דערגאַנצונג צו גרעצן.

דאָס דאָזיקע וויכטיקע ווערק פון יצחק שיפּער איז טאַקע אַרויס אין 1931, אָבער צוליב די גרויסע הוצאות, וואָס דאָס האָט פאַרשלונגען, דער עיקר אין האָנאָראַר פאַרן מחבר, איז דערווייל אָפּגעשלעפּט געוואָרן די געפּלאַנטע יידישע אויסגאַבע פון גרעצן, וואָס איז שוין טאַקע נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן.

אין אָט דער צייט, אָנהייב דרייסיקער יאָרן, האָט דער פינאַנציעלער מצב פון „צענטראַל", צוליב פאַרשיידענע סיבות, גענומען זינקען. דער אַלגעמיינער ווירט־שאַפטלעכער קריזיס אין פּוילן און באַזונדער די קריטישע לאַגע פון יידישן שטעטל, די באַנקראָטן פון בוכהענדלערס און בכלל דער פאַרקלענערטער פאַרקויף פון יידישן בוך האָבן געבראַכט גרייסע היזקות דעם פאַרלאַג. חוץ דעם האָט „צענטראַל" גראָד דעמאָלט געהאַט איינגעשטעלט אַן אייגענע דרוקעריי מיט די מאָדערנסטע מאַשינען, און ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, איז אָבער אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע מאָדערניזאַציע האָט גאָר פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע־קאָסטן און איז געווען איבער די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן פון אַ יידישן פאַרלאַג.

* * *

**אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָבן מיינע עלטערן געלעבט אין אָטוואָצק, הינטער וואַרשע, ווו זיי זיינען געווען די מיטאייגנטימערס פון דעם פּאַנסיאָן „זאַכענטאַ״ וואָס פלעגט אָפט באַזוכט ווערן דורך יידישע שרייבערס און אַקטיאָרן. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער פּאַנסיאָן קאָנפיסקירט געוואָרן און מיינע עלטערן זיינען צוזאַמען מיט אַלע יידן פון אָטוואָצק אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין געטאָ. זיי זיינען אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון אָטוואָצקער געטאָ, זומער 1942.**

(פון „ייוואָ־בלעטער״ — 1962)

## ש. ל. שניידערמאַן

# די טרויעריקע געאָגראַפיע פון די נאַלעווקעס



נאַלעווקעס, גענשע און פראַנציסקאַנער. ווי אַ צלם זענען די דריי גאַסן איינגעקריצט אין האַרץ פון יידישן וואַרשע. דער גוף זענען די נאַלעווקעס, און די צוויי צעקרייצטע הענט — גענשע און פראַנציסקאַנער. פון דאַנען טראָגט זיך אַן אייביקער „שמע־ישראל!“.

עס שרייען די בעטלער, וואָס טראָגן אַנטקעגן די דלאָניעס מיט אויסגעקרומטע פינגער, ווי צעלעכערטע פושקעס. עס שרייען די צעשראָקענע גאַסן־הענדלער און שטילערהייט מורמלען עס די אויפקויפערס פון דאָלאַרן, וואָס שפּאַנען הין און צוריק אויף די בלאָטיקע טראָטואַרן און פראַווען „שוואַרצע בערזע“ אין די פאַרחושכטע הייף פון די נאַלעווקעס.

אויף דעם דאָזיקן דריי־גאַסיקן צלם קרייציקט זיך די יידישע נויט און עס קלינגען די „זילבערנע טאָלערס“ ביי די סוחרים פון מאַנופאַקטור, לעדער און אַנדערע בראַנזשעס מכל המינים.

אין די קעלערס וווינען די אָרעמע בלעכערס, שוסטערס, שניידערס, בעקערס, און אויף די שטאָקן ברעכן זיך די פּאָליצעס מיט מאַנופאַקטור און מיט האַרטער און ווייכער לעדער.

פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק איילן איבער די דריי גאסן פארהאווטעטע יידן פון די ווייטסטע שטעטלעך. מיט צעפלאַטערטע שוואַרצע פּאָלעס, ווי צעשראָקענע פייגל, לויפן זיי אפער פון אונטער די קלינגענדיקע רויטע טראַמווייען. ווי פליייסיקע בינען טראָגן זיי צונויף די איינגעקויפטע פעקלעך אין די דומפּיקע אכסניהס, ווו זיי דאַווענען אויף שנעל אין פאַרשמאָלצעווטע אויסגעבאָרגטע טליתים און עסן געדיכטע קרופּניקעס מיט פעטע ביינער.

אין די פרייטיקדיקע פאַרטאָגן איילן זיי צו די מוראַנאָווער פלעצער און אין איבערגעלאָדענע פארבלאָטיקטע אויטאָבוסן צעפאָרן זיי זיך אין די שטילע שטעטלעך אריין.

אזוי איז געווען אין די גוטע צייטן . . .

---

שמואל לייב שניידערמאַן — געבוירן אין קוזמיר אין יאָר 1906. פון זיין 18־טן לעבנס־יאָר — אין וואַרשע. זינט 1933 אין פּאַריז, זינט 1940 אין ניו יאָרק. אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע מיט לידער און באַלד אַריבער צו זשורנאַליסטיק און — דער עיקר — צום שרייבן ברייט־פאַרמאָסטענע רעפּאָרטאַזשן פון זיינע רייזעס. מחבר פון אַ געשיכטע פון שפּאַנישן בירגער־קריג. זיין בוך וועגן פוילן נאָך 1945 — אויך איבערגעזעצט אין ענגליש.

די קליינשטעטלדיקע יידן האָבן מיט ציטערדיקע הענט אונטערגעשריבן וועקס־לען, געלייגט זייערע רוסישע און יידישע „פּאַטשעראַקס". די קנאַפּע בעלי־כתב'ס האָבן געמאַכט בלויז דריי רינגעלעך.

צום ערשטן האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען די וועקסלען מיט די רוסישע חתימות. די אַלטע, געניטע סוחרים נאָך פון ניקאָלאיס צייטן, וועמענס רוסישער כתב איז ענלעך געווען צו צעקנייטשטע גאַרמאָשקעס, האָבן די ערשטע געלאָזט צווואַקסן צו זייערע וועקסלען לאַנגע פּראָטעסט־עקן, און מער קיין וואַרשע זיך שוין נישט געוויזן.

שפּעטער האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען די וועקסלען מיט די יידישע אונ־טערשריפטן און צום לעצטן זיינען אָנגעקומען די וועקסלען מיט די רינגעלעך.

די סוחרים האָבן די וועקסלען פאַרהאַקט אין די אייזערנע סייפן און איבער דער „נאַלעווקי־סטריט" האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דער קראַך־געשריי:

„שמע־ישראל!"

דער מאַנופאַקטור־לאַגער „ברידער פינקעלשטיין" האָט עקזיסטירט פון יאָר 1898 ביז 1932. איצט זיינען די זעקס פענצטער, וואָס גייען אַרויס אויף דער גענשע גאַס, באַקלעפּט מיט אויפשריפטן אין פויליש און יידיש: „ביליקע מיטאָגן".

דאָס גרויסע שוי-פענצטער פון דער פירמע „בלאָך עט קאָמפּאַני", וואָס איז תמיד פאַרלייגט געווען מיט ווידזעווער לייוונט־שטיקלעך, איז איצט אָנגעשטעלט מיט הערינג־קעסטלעך, לעכערדיקע ליטווישע קעזן, אייער און פּוטער.

אין קאָרנבלום'ס לעדער־געשעפט אויף ראָג פראַנציסקאַנער און באָניפראַטן באַקומט מען היינט כשרן ווורשט און געזאַלצענע מצהלעך.

אין צוקערמאַנס גרויסן פּלאַטער־געשעפט, אויף וועמענס שילד עס זענען נאָך ביזן יאָר 1931 געהאָנגען זילבערנע און גאָלדענע מעדאַלן מיט רוסישע צוויי־קעפּיקע אָדלערס, באַקומט מען היינט דאָס געשמאַקסטע סאָדע־וואַסער פון די נאַלעווקעס.

אין לאַנדעס הורט־געשעפט פון וואָל און בוימוואָל האָט די ענגלישע רייזע־גע־זעלשאַפט „קוק" געעפנט אַן אָפּטיילונג ווו די חסידים קויפן פּרייטיק באַן־בילעטן קיין אָטוואָצק, די הויפּט־רעזידענץ פון די גרויסע רביים.

די אייניקלעך פון די הייליקע צדיקים און בעלי־מופתים האָבן פאַרכאַפּט די נאַלעווקעס. אין די שטעטלעך האָט די נויט שוין אויפגעפרעסן די לעצטע קערנדלעך, זענען די רביים געקומען צו לויפן קיין וואַרשע און זיך באַזעצט אין זייערע פּיליעס אויף די נאַלעווקעס. גאַנץ פּאַרטרעטער אויף דער זינדיקער ערד האָבן צווישן זיך איינגעטיילט דאָס מלכות. יעדער פּאַסטוך האָט זיך זיין סטאַדע.

דער קאָזשעניצער, למשל, האָט זיך גענומען אין ארענדע די בעלי־עגלות, טרע־גערס און די הענדלערס פון די וואַרשעווער האַלעס, וועלכע זאָרגן שוין דערפאַר, אַז ביים רבינס טיש זאָלן נישט פעלן קיין גרויסע קאַרפּן און פעטע גענז.

די בעלי־עגלות פירן אַרום דעם רבין אויף ווייטערע שפּאַצירן אין זייערע קאַטשן און דערפאַר בענטשט ער זייערע פערד, אַז זיי זאָלן זיך לאַנג האַלטן און ברענגען פּרנסה. דער קאָזשעניצער רבי איז אַן אייניקל פון הייליקן מגיד, וועלכער האָט פאַר־

אויסגעזען די מפלה פון נאַפּאָלעאָן און אויך די גרויסע וועלט־מלחמה, נאָך וועלכער משיח האָט שוין באַדאַרפט קומען.

פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק זיצט דער קאָזשעניצער אויף די נאַלעווקעס, נעמט פדיונות ביי יורדים און עקרות, און שבת פירט ער טיש אין אָטוואָצק אין אַ ווילע, וואָס גרענעצט זיך מיט דער ווילע פון ווייס־גוואַרדעישן מעטראָפּאָליט.

די ווילע פון מעטראָפּאָליט איז איינגעהילט אין בלומען און אין שטילקייט, דערפאַר אָבער טראָגן זיך ווילדע קולות און הילכיקע געזאַנגען פון דער אָפּגעשייל־טער, צעבויגענער ווילע, וווּ דער קאָזשעניצער צעשלאָגט זיינע געצעלטן לכבוד שבת.

דעם רבינס העוויות ווערן אויסגעטייטשט אין נסים ונפלאות, און די טרעגערס, די „אייזערנע גוואַרדיע”, וואָס רינגלט אַרום דעם צדיק, ברעכט די ביינער פון יעדן איינעם, וואָס וואָגט צו זאָגן, אַז דער רבי איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.

דער כוח פון מאָדזשיצער איז אין זינגען. די חסידים גרויסן זיך דערמיט און זאָגן, אַז זייער רבי וואָלט געקאָנט זיין אַן אָפּערע־זינגער...

צו די שלוש־סעודותן פון מאָדזשיצער קומען אַלע וואַרשעווער פרומע יונגע־לייט, וועלכע שפּילן פידל און לויפן זונטיק בגנבה אויף די פרימאַרגנס אין דער „פילהאַרמאָניע” אַריין. אפילו קאַלטע, טרוקענע מתנגדים כאַפּן זיך אַריין צום מאָדזשיצער אויף אַ שבתדיקער סעודה און קוועלן אָן פון רבינס גאָלדענער כלי.

יעדער יום־טוב טראָגן די מאָדזשיצער חסידים אַוועק פון רבינס טיש אַ ניי „שלאָגערל”, וואָס קלינגט דערנאָך לאַנגע וואָכן אין די באַנען אויף דער ליניע: וואַרשע—אָטוואָצק. פונקט ווי דער קאָזשעניצער זיצט אויך דער מאָדזשיצער אויף די נאַלעווקעס פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק.

אויף גאָר אַן אַנדערן אופן האָט איינגענומען די נאַלעווקעס דער ראַדאָמסקער רבי, וועלכער איז אַ שותף צו אַ גרויסער מאַנופאַקטור־פאַבריק אין לאָדזש. דער ראַדאָמסקער צדיק האָט געעפנט אַ לאַגער פון שניט־סחורה, און ווער עס וויל האָבן מזל־ברכה אין מסחר, דאַרף קויפן נאָר אויף גענשע נומער 6, אויפן ערשטן שטאָק.

אין לאַגער פון ראַדאָמסקער רבין איז איינגעאָרדנט אַ קליין בית־המדרשל און עטלעכע נייע פעכלדיקע טליתים ליגן גרייט פאַר די קונים פון דער פּראָווינץ. דער, וואָס קויפט אַ היבש ביסל סחורה, באַקומט נאָך רבישן כיבוד — לעקעך און בראָנפן.

די משרתים פון דעם ריזיקן לאַגער זיינען די געטרייעסטע חסידים, וועלכע האָבן אי פרנסה און אי זיי פירן אויס דעם רבינס הייליקע שליחות.

* *
*

אין ערגעץ זיינען די קעלערס נישט באַוווינט אַזוי געדיכט, ווי אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס. אין די גרויע אָפּגעשיילטע הייף קוקן אַרויס פון דער ערד קליינטשיקע פענצטערלעך, ווי די אויגן פון צעשראָקענע מויל־ווורפן. דאָ איז איינ־געגעסט די נויט פון אַרבעט, דאָ פוילן מענטשן אין דער נאַסקייט, וואָס גיסט זיך פון די ווענט, סיי ווינטער סיי זומער.

די שטיינערנע טרעפּ, וואָס פירן אַראָפּ צו די קעלערס, זענען אַרומגענומען מיט אַ צעמענטענעם פיר־עק, ענלעך צו פאַמיליען־קברים אויף גרויס־שטאָטישע בית־עלמינס.

איך עפן אַ טיר. אַ געדיכטער רויך קנוילט זיך אונטער דער שטיינערנער גע־וועלבונג. די בלייכע שיין פון פענצטערל פאַלט אויף אַ נידעריקן וואַרשטאַט, ביי וועלכן עס זיצט אַ שוסטער מיט אַ צערעפּעטן שוך צווישן די קניען.

באַלד שיילט זיך אויס די גאַנצע שטוב: צוויי אייזערנע בעטלעך מיט קויטיקן בעטגעוואַנט זענען מיט די אויסגעקרומטע פיסלעך איינגעגראָבן אין דער ערד. ביי אַ טישל נעבן אַ קליינטשיקן ליימענעם קעכל שטייט אַ פרוי און שאָבט פיצעלעך פישעלעך. די קלענסטע, וואָס גליטשן זיך איר אַרויס פון די הענט, וואַרפט זי צו דעם קינד, וואָס זיצט אויף דער ערד און שפּילט זיך מיט זיי.

ס'איז פרייטיק.

— ווי גייט עס אַ ייד?

גאָט זיי דאַנק, אבי געזונט!

מען קען אַזוי גיין פון הויף צו הויף, עפענען אַ טיר נאָך אַ טיר אין די לעבע־דיקע פאַמיליען־קברים, זוכן דעם האָס קעגן די שווערע פּאַליצעס מיט מאַנופאַקטור און אומעטום טרעפן נישט מער ווי הכנעה און פון אַלעמענס מיילער הערן בלויז דעם: „גאָט זיי דאַנק, אַבי געזונט!"

איך בין געגאַנגען פון קעלער צו קעלער און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בלעטער די ביכער פון געזאַלבטע שרייבער, וועלכע דערציילן וועגן נויט, וואָס איז באַהויכט מיט שכינה און לייטזעליקייט . . .

איך האָב מיין נאָטיץ־בוך פאַרשטופּט אין טאַש, נאָר אַז עס האָט אָנגעהויבן צופאַלן דער אָוונט, האָב איך פאַרשריבן:

„פראַנצישקאַנער נומ. . . . . , דריטער הויף".

אַ שוואַנגערדיקע פרוי מיט אַן איינגעפאַלן פּנים האָט געעפנט די טיר. אויף דעם פענצטער־פּאַראַפּעט זענען געזעסן צוויי בלאָנדע קינדער און אַרויפגעקוקט צום הימל, ווו די זון האָט שוין צונויפגעוויקלט די גאָלדענע געוועַנדער און אויף זייער אָרט אויסגעשפּרייט טונקל־בלויע.

אין דעם דאָזיקן קעלער האָט זיך איבערגעריסן די אידיליע פון אָרעמקייט. דער מאַן איז אַ בעקער. בעת אַ שטרייק איז ער אַרעסטירט געוואָרן. שוין זעקס חדשים פירט זי די קינדער יעדן טאָג פאַרביי פאַרן פּאַוויאַק, פון וואַנען דער מאַן קוקט אַראָפּ דורך די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך.

אינגיכן וועט זי אויך מיטפירן דאָס דריטע . . .

די ווערטער פון דער פרוי מיטן שווערן בויך האָבן ווי שטיינער געטראָפן אין די פנימער פון די, וואָס בענטשן די הייליקע נויט.

* *
*

פון די קעלערס פירט דער וועג גלייך אין די הייל־אַנשטאַלטן און אַמבולאַ־טאָריעס מיט די לשון־קודשדיקע נעמען: „עזרת־חולים", ביקור־חולים" און אַנדערע.

אויף די פינצטערע און שמוציקע טרעפּ פון די נאַלעווקער און פראַנצישקאַנער הייזער געפינען זיך די נעבעכדיקע הילפס־פונקטן פאַר דער נויט פון יידישן וואַרשע. אין די ענגע קאָרידאָרן וואַרטן די קראַנקע לאַנגע שעהן, און די קאַרגע שיין פון די עלעקטרישע לעמפּלעך מאַכט נאָך געלער זייערע געזיכטער.

צעשאָטן אויף די בענק זיצן פרויען, מענער און קינדער. אין זייערע אויגן גליט די האָפענונג, אַז באַלד וועט די היילנדיקע האַנט פון דאָקטאָר אַרויסרייסן דעם קראַנקן אויסבלי פון זייערע לייבער. אין די הענט דריקן זיי צונויף די נומערלעך, פונקט ווי קוויטלעך צו הייליקע צדיקים.

דאָ ווערן קיין מענטשן נישט געהיילט. פאַר גראָשנדיקע פדיונות פאַרלאַטעט מען בלויז אויף שנעל. מען פאַרנייט מיט שיטערע שטעך. איין נומער גייט נאָכן צווייטן: 36, 37, 38 — און ווי צעפּאַלנדיקע שיך מוזן זיי ווייטער ווייקן אין בלאָטע.

נישטאָ קיין ברעקל גרינס אויף די גאַסן פון יידישן קוואַרטאַל אין וואַרשע. די ענגקייט לאָזט ניט געדייען קיין בוים, און דער אָפּפאַל עסט אויף די גראָזן, וואָס שפּאַרן אַרויס צווישן די שטיינער פון ברוק.

אויף די פענצטער־פּאַראַפּעטן שטייען פאַרוויאַנעטע בלומען־טעפּ, וואָס בליען זיך קיינמאָל נישט פאַנאַנדער, און פון זייערע קרומע שטענגעלעך הענגען אַראָפּ די געל־געפלעקטע, קראַנקע בלעטער.

פון די ענגע געסלעך אַרום די נאַלעווקעס קומען אין די זומער־פרימאָרגנס זיך צונויף אין קראַשינסקיס גאָרטן די קינדער פון דער וואַרשעווער נויט. דער גאָרטן, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו דער אַלטער גראַפן־משפּחה, אָטעמט איצט אין די דושנעקייט פון יידישן קוואַרטאַל, און די אָפּגעלאָזטעביימער ווערן אַלץ מער צע־קרומט און ראַכיטיש.

דער סטאַוו איבער וועלכן ס'האָבן זיך אַמאָל געגליטשט לייכטינקע גאָנדאָלעס, געשפּאַנטע אין ווייסע שוואַנען, איז שוין איצט האַלב אויסגעטרוקנט און דער גרינער שליים פּילט אָן די לופט מיט פוילקייט.

פון פרימאָרגנס ביז פאַרנאַכט זיצן דאָ אויף די בענק אַסטמאַטיש־קראַנקע זקנים, און אויף דער ערד וואַלגערן זיך אויף הפקר געלאָזענע קינדער פון מאַמעס, וואָס זענען אַוועק וואַשן גרעט ביי רייכע באַלעבאָסטעס.

דער גאָרטן ווערט שוין נישט געפלעגט. די קלאָמבעס זענען שוין פאַרשוווּנדן און די פרוכנע אַקאַציעס גיבן אָפּ די לעצטע בליענדיקע פרילינגס. אין די טונקעלע נעכט צעלייכטן זיך זייערע פוילנדיקע געדערים מיט טויטלעכן פאָספאָר־שיין. דער גאָרטן שטאַרבט אָפּ.

* *
*

די מוכר־ספרימניקעס האָבן שוין לאַנג אויסגעשפּאַנט די דאַרע קלאַטשעס פון די צעהויקערטעביידלעך, אויפגעהערט אַרומצופאָרן איבער די שטעטלעך מיט מעשה־ביכלעך און תחינות, און זיך באַזעצט אויף נאַלעווקעס און פראַנצישקאַנער.

אין מאָרגנשטערנס „בית־מסחר של ספרים”, פראַנצישקאַנער 26, זיינען די פאַרשטויבטע פּאָליצעס אָנגעשטאָפּט מיט עברי־טייטש לוחלעך, וואָס זיינען שוין אָפּגעדרוקט פאָראויס ביזן יאָר 1950. צוזאַמען מיט לובלינער סידורימלעך און ווילנער ש"ס'ן שטייען דאָ צונויפגעקוועטשט שמ"רס ראָמאַנען און די טאָג־ביכער פון דער פּרינצעסין עליזאַבעט, וואָס ווערן פרייטיק פאַרנאַכט צעכאַפּט אויף לייען־געלט.

מאָרגנשטערן האָט די מוכר־ספרימשע בויד נישט אויפגעפרישט, נישט פאַרזען מיט קיין נייע מינים. ער איז געבליבן ביים לשון־קודש און עברי־טייטש.

גאָר אַן אַנדער פּנים האָבן די מוכר־ספרימניקעס אויף די נאַלעווקעס. די געוועזענע משרתים פון סאָקאָלאָווס „הצפירה" און די אַמאָליקע העברעישע פאַרלאַגן האָבן די הייליקע שפּראַך געלאָזט פאַר גרעסערע למדנים און זיך אַ וואָרף־געטאָן צום אָרעמען מאַמע־לשון, פון וועלכן זיי האָבן שנעל באַוויזן זיך צו קויפן הייזער און ווילעס.

די קינדער פון די נאַלעווקער מוכר־ספרימניקעס קענען שוין נישט דאָס אָרעמע מאַמע־לשון. פאַרן געלט פון די יידישע ביכלעך האָבן זיי זיך אויסגעלערנט די סאַמע פייערלעכסטע ווערטער פון מיצקעוויטש און וויספּיאַנסקי, וואָס זיי לאָזן נישט אַרויס פון מויל אפילו דאַן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן גאָר וואָכעדיקע זאַכן.

די קינדער פון די נאַלעווקער מוכר־ספרימניקעס רוימען וואָס אַמאָל אַלץ מער אַרויס פון די שוי־פענצטער די ביכער פון יידישע שרייבער און פאַרבייטן זיי אויף אַריטמעטיק ביכלעך אין דער פּוילישער שפּראַך.

* *
*

נאַלעווקעס, גענשע און פראַנציסקאַנער: ווי אַ צלם זענען די דריי גאַסן אַריינגעקריצט אין האַרץ פון יידישן וואַרשע. דער גוף זיינען די נאַלעווקעס און די צוויי צעקרייצטע הענט — גענשע און פראַנציסקאַנער. אויף די דלאָניעס פון די צוויי הענט וויגט זיך דער טויט און דאָס לעבן פון די וואַרשעווער יידן.

אַלט־מאָדישע קאַרעטעס מיט באַצילינדערטע קוטשערס פירן יעדן אָוונט יונגע פאָרלעך אויף די חתונה־סאַליעס, וואָס געפינען זיך אויפן ראָג פון דער פראַנציסקאַנער גאַס, און שוואַרצע עגלות פירן מתים צום בית־עולם, וואָס געפינט זיך ביים סוף פון דער גענשע.

אויף די ראָגעס פון די צוויי גאַסן וויגט זיך דער טויט און דאָס לעבן פון יידישן וואַרשע. ציט אַ לוויה דורך נאַלעווקעס, פאַרהאַקן זיך שנעל די געוועלבער. פאַרהאַוועטע יידן בלייבן שטיין און זענען אויף אַ רגע מבטל דאָס גאַנצע יאָגעניש נאָך געלט. גלייך אָבער ווי די עגלה דערווייטערט זיך, שטעקן זיי צעשראָקענע אַריין די הענט אין די בוזעמס, צי די נאַלעווקער קעשענע־גנבים האָבן זיי נישט אַמאָל אַרויסגעצויגן די טייסטערס.

טריט ביי טריט שפּאַנען די פערד, געהילט אין שוואַרצן געוואַנט. פון די אויסגעשניטענע לעכער גלאָצן אַרויס די פערדישע אויגן־אַפּלען, וואָס פייכטן מיט פאַרשטומטן טרויער.

די נאָענטסטע באַגלייטער פאַרלייגן די הענט אויפן שוואַרצן קאַראַוואַן און רייסן פון זיך אַרויס הייזעריקע געשרייען.

די געגשע גאַס ציט זיך ביז דער הינטערשטאָטישער פאָסטקייט. די הייזלעך ווערן וואָס אַמאָל קלענער, צעבויגענער, און די שינדלדיקע דעכער בליען מיט גרינעם מאָך. דאָ וווינען די מצבה־קריצערס פון דער שטאָט וואַרשע.

אין אָפענע הייף שטייען וויס־פאַרשטויבטע יידן צווישן די האַלב־רונדיקע שטיינער און מיט האַמער און דלאָטע שלאָגן זיי אויס טרויעריקע שבחים, וואָס ווערן באַצירט מיט גאָלדענע לייבעלעך אָדער מיט צעבראָכענע ליכט. פון די מצבה־קריצערישע הייף איז שוין קוים עטלעכע טריט צום טויער פון גוטן אָרט.

אין קליינעם פּאַלישל פון געגשער בית־עולם ברענען ליכט. חברה־קדישא־לייט מיט שטייפע שוואַרצע קאַשקעטן און לאַנגע בערד פּאַרען זיך אין די טהרה־שטיבלעך און טוען אָן די מתים אין תכריכים פון ווידזעווער לייוונט.

אָפּגעפּאַרענע חזנים בראָקן די אל־מלא־רחמימס איבער די אָפענע קברים, און די ליימיקע גרודעס פויקן אויף די ברעטער, וואָס דעקן צו דעם טויטן.

פּאַלט צו די נאַכט, פלאַטערט אַ נר־תמיד־פייערל אין פּאַליש פון בית־עולם, וואָס ליגט פאַרקוועטשט אין דער טונקעלער דלאָניע פון—געגשע, און ס׳גיסט זיך ליכט פון די חתונה־סאַליעס, וואָס ליגן אויף דער צווייטער דלאָניע — אויף פראַנ־צישקאַנער.

פונקט ווי די לוויות ווערן אויך די חתונות געטיילט אין קלאַסן: ערשטע, צווייטע, דריטע. אויף די פראַנציסקאַנער סאַליעס פּראַוועט חתונות בלויז רייכע חסידים, אָרעמע הענדלער און באַלמעלאָכעס. די פאַרטגעשריטענע סוחרים און פאַבריקאַנטן פון די נאַלעווקעס פּראַוועןָ חתונות ביי זיך אין די גרוימיקע שטובן און פירן די קינ־דער בלויז צו דער חופּה און קידושין אין דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע, וווּ דער ראַ־בינער מיטן פיר־עקיגן בערדל און גלחישן קאַפּעלע בענטשט דאָס פאַרפּאָלק אין דער שפּראַך פון די פוילישע נביאים און ענדיקט די ברכה מיטן אייביקן שפּרוך, אַז „זייער וועג זאָל באַצירט זיין מיט רויזן״ . . .

אָרעמע הענדלער און באַלמעלאָכעס, וועלכע וווינען אין בוידעם־שטיבלעך און קעלערס, נעמען צונויף די לעצטע גראָשנס און דינגען חתונה־סאַליעס אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס. איבער די איינגעדרימלטע, פינצטערע געסלעך פון אַלט־שטאָט צעגייען זיך די טענער פון פידלען, וואָס קלאָגן צום באַדעקנס אין די חתונה־סאַליעס פון פראַנציסקאַנער גאַס.

אין די רייכע סאַליעס קלינגען צימבאַלקעס און אויף די אָרעמע זעצן די פויקן. די בדחנים ברענגען אַרויף פון די קברים פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע, באַפּוצן זיי־ערע נעמען מיט הילצערנע גראַמען און ווייבער גיסן דערביי געדיכט מיט טרערן.

פונקט ווי אויף לוויות, ווימלט אויך אויף חתונות מיט גבאיטעס און בעטלערס, וואָס טראָגן אונטער טעלערלעך און פּושקעס אויף נדבות. ביי־טאָג אויף געגשע און ביינאַכט אויף פראַנציסקאַנער — די זעלבע פּנימער און די זעלבע פאַררונצלטע הענט.

* *
*

פינף תפיסות זענען פאַראַן אין דער שטאָט וואַרשע, פיר פון זיי שטייען אין יידישן קוואַרטאַל, — אין דער נאָענטסטער אויסשטראַלונג פון נאַלעווקעס און געגשע. אין געקנויל פון די ענגע געסלעך שטייען זיי, די ריזיקע טויטן־קאַראַוואַנען, און וואַרפן אָן אַ פּחד אויף די פאַרבייגייער. ווי שוואַרצע שפּינען בליקן פון זייערע שטאָקיקע מויערן די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך. איבער אַ טייל פון די פענצטערלעך הענגען אייזערנע אַרונס מיט נישט אויפגעשריבענע פ״נ.

קיינער וואָגט נישט צו שטעלן קיין פוס אויף די טראָטוארן, וואָס ציען זיך לענג־אויס די תפיסה־מויערן. אפילו די קינדער, וואָס וואַלגערן זיך אויפן ברוק, מיידן זיי אויס. צענדליקער טויזנטער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די תפיסה־טויערן פון יידישן קוואַרטאַל, דערמאָנען מיט האַס די געסלעך, וווהין זיי האָבן חדשים און יאָרן אַרויס־געבליקט פון די פאַרקראַטעטע פענצטערלעך.

**פיר תפיסות שטייען אין האַרץ פון יידישן וואַרשע. דריי זיינען שטיל, ווי פאַר־מויערטע קברים — די קרימינעלע טראָגן אַריבער געדולדיק זייער שטראָף. בלויז די פערטע, וואָס ציט זיך אינדערמיט פון צווייִ גאַסן — פּאַוויע און דזשעלנע — צע־שרייט זיך אָפּט מיט אַ טויזנט־מויליקן געשריי. די געסלעך ציטערן אויף און עס גייט דורך אַ געמורמל:**

**— ווידער אַ הונגער־שטרייק! . . .**

**פינף תפיסות זענען פאַראַן אין וואַרשע. פיר פון זיי שטייען אין יידישן קוואַרטאַל.**

* * *

## פון מחבר:

„די טרויעריקע געאָגראַפיע פון די נאַלעווקעס" איז אַ קאַפּיטל פון מיין בוך „צווישן נאַלעווקעס און איפל־טורעם", וואָס איז אין יאָר 1935 דערשינען אין וואַרשע, אין פאַרלאַג ב. שימין.

איך האָב אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל געמאַכט בלויז קליינע רעטושן — נישט צו־געשריבן קיין וואָרט, נאָר בלויז אויסגעשטראָכן עטלעכע סאַרקאַסטישע שורות וועגן די רביים און יידישע סוחרים, וועמענס געביין און אַש איז צונויפגעמישט מיטן גע־ביין און אַש פון די יידן פון די פינצטערע קעלער־שטובן אויף די אָפּגעמעקטע נאַלעווקעס, גענשע און פראַנצישקאַנער.

# ברוך שעפּנער

## די טרעפּן־קלעטערער



נאַוואָליפּיע 7.
אַ גרויער, זיבן־שטאָקיקער מויער אויף אַ שמאָלער, אויסגעקרימטער גאַס, באַדעקט מיט שפּיציקע שטיינער. אינעווייניק — אַ פיר־עקיק טונקל הייפל, צו וועלכן עס איז קיינמאָל נישט צוגעקומען די זון. לינקס — שמאָלע פענצטער, הינטער וועלכע עס האָבן הוימלען געקלאַפּט זעץ־מאַשינען. אַביסל אויף רעכטס: — ברייטע פענצטער דורך וועלכע עס האָט זיך געזען דער שטאָלענער גוף פון אַ גרויסער דרוק־מאַשין. לעבן פענצטער — אַ פּאָר באַלן ציַיטונגס־פּאַפּיר.

דורך אַ שמאָלן אַריינגאַנג האָבן געפירט טרעפּ צום ערשטן שטאָק, וווּ עס האָבן זיך געפונען די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע פון דער „פאָלקסצייטונג". מיט אַ פּאָר יאָר פריער איז דאָרט בלויז געווען די אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג און די רעדאַקציע איז געווען אויפן זעקסטן שטאָק.

שכנים האָבן זיך געריימט, אַז אַמאָל ווען דאָס הויז איז נאָך געווען ניי, איז דאָרט געווען אַ „ווינדע" (ליפט). איך ווייס נישט אויף וויפל דאָס איז אמת. איך ווייס נאָר, אַז ווען איך האָב געזען נאַוואָליפּיע 7 צום ערשטן מאָל, אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, איז דאָרט געווען בלויז אַ טונקעלער לאָך פאַר אַ ליפט. די מיטאַרבעטער פון רעדאַקציע, וועלכע פלעגן צוויי מאָל אין טאָג קלעטערן אויף די זעקס שטאָק טרעפּ, האָבן בעת זייערע וואַנדערונגען געקוקט מיט בענקשאַפט אויף דעם דאָזיקן טונקלען לאָך, טראַכטנדיק וועגן דעם ליפט, וואָס וואָלט אינעווייניק געדאַרפט זיין. אָבער זיי, די טרוימער פון אַ שענערער וועלט, זענען געווינט צו טראַכטן וועגן גוטע זאַכן, וואָס דאַרפן זיין און זענען דערווייל נישטאָ...

* * *

דער ערשטער פון די דאָזיקע קלעטערער איז געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון די וואַרשעווער „לעבענס־פראַגען" און שפּעטערדיקער „פאָלקסצייטונג",

---

ברוך שעפּנער — געבוירן אין יאָר 1894 אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקי. פון קינדהייט ביזן יאָר 1923, אין לאָדזש. שפּעטער אין וואַרשע. 1940 — איבערן ווייטן מזרח געקומען קיין אַמעריקע. אין וואַרשע — שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקסצייטונג". אין ניו־יאָרק — פון „פאָרווערטס". מחבר פון עטלעכע זאַמלונגען פעליעטאָנען, סאַטירישע מעשיות, עסייען און זכרונות. אַ בונדיסט כל ימיו. איינער פון די בעסט־שאַרפסטע יידישע פובליציסטן. די דאָזיקע צוויי פעליעטאָנען ברענגען אונדז פנים אל פנים מיט דער טאָגטעגלעכקייט פון איינעם פון די השפּעהדיקסטע וואַרשעווער יידישע טאָגבלעטער, דער „פאָלקסצייטונג".

וולאַדימיר מעדעם, וועלכער האָט דאָרט פריער געהאַט זיין פריוואַטע דירה. ווען איך בין אָנגעקומען אין דער „פאָלקסצייטונג״, אין 1923, איז ער שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. זיין אויסגעמאַטערטער גוף האָט שוין גערוט אויף דעם ניו־יאָרקער בית־עולם פון אַרבעטער רינג, און אויף דעם שטיין איבערן קבר איז געווען אָנגעשריבן „די לעגענדע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג״. אָבער דער עכאָ פון מעדעמס טריט האָט זיך געהערט אויף נאָוואָליפּיע 7 ביז דער מינוט ווען דאָרט איז אַרויס דער לעצטער נומער פון דער „פאָלקסצייטונג״. די שווערע נירן־קראַנקהייט, וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט פון די פייכטע קעלערן פון ציטאַדעל און וועלכע האָט אים שפעטער אינגאַנצן פאַרצערט, האָט אים שוין אין וואַרשע גענוג געמאַטערט. זי האָט אים כסדר באַגלייט אויף די זיבעציק האַרטע טרעפּן פון נאָוואָליפּיע 7. אָבער ער איז עטלעכע מאָל אין טאָג, און אָפטמאָל אויך אין דער נאַכט, געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ די טרעפּן, כדי צו מאַכן די ציַיטונג. ער האָט פריער אויבן נישט געקענט איינשלאָפן ביז צו אים איז טיף אין דער נאַכט נישט דערגאַנגען פון אונטן דאָס גערויש פון דער ראָטאַציע־מאַשין, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דער מאָרגנדיקער נומער דרוקט זיך שוין. ווען די דרוק־מאַשין האָט זיך פאַרשפּעטיקט, איז דער קראַנקער מעדעם אַראָפּ פון בעט און זיך געלאָזט אַן אומרויקער איבער די פינצטערע טרעפּן: אפשר איז די מאַשין קאַליע געוואָרן, אפשר פעלט אויס פּאַפּיר און אפשר איז ווידער געקומען די פּאָליציי, כדי נישט צו לאָזן דרוקן דעם מאָרגנדיקן נומער?...

דער צווייטער קלעטערער איז געווען ביניש מיכאַלעוויטש, וואָס האָט אַליין יאָרנלאַנג געווינט אין אַן איינצל צימערל אויפן זיבעטן שטאָק, אַזוי אַז ער האָט געהאַט יעדן טאָג איבערצוציילן אַ טאָפּלטע צאָל טרעפּן: זיינע פּריוואַטע, אַזוי צו זאָגן, און זיינע געזעלשאַפטלעכע... אַזוי ווי ער איז נאָך געווען, אַ חוץ אַ פּאַרטיי־פירער, אַ פּלאַמיקער רעדנער און פּובליציסט, אויך אַ באַהעם, אַ פאַרליבטער אין קונסט און אין לעבן, האָט זיך נישט זעלטן געטראָפן, אַז נאָך אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע (ער האָט געקענט אויספילן אַ גאַנצע צייטונג, אָנהייבנדיק ביים לייט־אַרטיקל און פעליעטאָן און ענדיקנדיק ביי די לעצטע טעלעגראַמעס און שטאָטישע כראָניק), זאָל ער זיך מיט זיין פרוי דינה אַריינכאַפּן אויף אַ קאָנצערט אין פילהאַר־מאָניע, אין דער הויך, אויף דער גאַליאָרקע, וועלכע איז צוגענגלעכער פאַר מענטשן מיט מאָגערע בודזשעטן. אַזוי־אַרום איז אויסגעקומען, אַז אַ חוץ די פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע טרעפּן האָט ער נאָך געהאַט צו ציילן „קינסטלערישע״ טרעפּן... ערשט געציילטע יאָרן פאַר זיין טויט, צו זיין פופציק־יעריקן יובילעאום, האָבן די וואַרשעווער יידישע דרוקער־אַרבעטער געגעבן מיכאַלעוויטשן אַ זעלטענע מתנה — אַ דירה פון צוויי צימערלעך מיט אַ קיך, צו וועלכער ער האָט געדאַרפט קלעטערן „בלויז״ פיר שטאָק.

שוין דעם ערשטן טאָג, וואָס איך האָב געטראָפן מיכאַלעוויטשן אין דער רעדאַקציע „פאָלקסצייטונג״, האָב איך דערפילט אין אים דעם באָהעם. אינמיטן פאַרלייענען אַ לייטאַרטיקל, אָדער דיסקוטירן אַ פּאָליטישע פראַגע, האָט ער געקענט פלוצלונג זיך פאַרקוקן מיט זיינע טיף־בלויע אויגן אויף אַ דרויסנדיקן זון־אונטער־גאַנג, אָדער נעמען אונטערברומען אַ פאַרבענקטן ניגון.

און נישט נאָר האָט ער אַליין זיך פאַרקוקט, נאָר אויך אָנגערעגט מיך, דעם יינגערן, זיך צו „פאַרקוקן“. איך פלעג מיט ביינישן נישט זעלטן „פאַרפאַלן ווערן“ אין מיטן טאָג אויף אַ בילדער־אויסשטעלונג, אַ באַלעט, אַ קאָנצערט, צי גאָר אין אַ קאַפע. און אומעטום איז ער געווען נישט סתם קיין צוקוקער, נאָר אַ געניסער ער האָט זיך געקענט פרייען מיטן לעבן ווי אַ געזונט קינד.

דערביי איז ער געווען אַ גלויביקער באַהעם. דער פלאַם פון גלויבן אין לעצטן זיג פון מענטש איבערן טייוול האָט אים אפילו אין די פינצטערסטע צייטן נישט פאַרלאָזט. אויך דעמאָלט ווען אַלע זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפגעלאָזטע קעפּ, האָט ער זיין קאָפּ געהאַלטן אין דער הויך.

און דערפאַר האָט ער געקענט אַזוי שטאַרק אַנדערע אָנצינדן. ווען ער האָט פון דער טריבונע אַ וואָרף־געטון אין דער טויזנט־קעפּיקער מאַסע אַזעלכע אַלטע ווערטער, ווי „פרייהייט“, „גערעכטיקייט“, „אויסלייזונג“, „סאָציאַליזם“, איז אַן עלעקטרישער שטראָם אַדורך דורכן זאַל. נעכטן און אייערנעכטן האָט מען, דאַכט זיך, די זעלבע ווערטער געהערט, אָבער ניין, עס זענען נישט געווען די זעלבע ווערטער. אינעם שיין פון מיכאַלעוויטשעס פייער האָבן זיי אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש...

ער איז נישט איינגעשטאַנען אויפן אָרט אויף דער פּלאַטפאָרמע, ווי דאָס פייער וואָלט אים געטריבן. און אָט אַזוי גייענדיק, האָט זיך ביינישׁ פלוצלונג פאַרקירעוועט צו פרצעס אַ מעשהלע, צו אַנאַטאָל פראַנסעס אַ געשטאַלט, צו בעטהאָווענס אַ סימפאָניע, און דער עולם איז מיט אים מיטגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, כדי אַביסל שפּעטער צוריקצוגיין מיט ביינישן מיט פעסטע, מאַרשירנדיקע טריט צום סאָציאַליזם...

אַ היימישער איז געווען ביינישעס סאָציאַליזם, אַ יידישער, נישט בלויז לויטן נאָמען, נאָר אויך לויט דער שפּראַך און אינהאַלט, פאַרפלאָכטן מיט ישעיהן, מיטן בעל־שם און מיט פרצן; פאַרקנאָטן מיטן האַרציקן געלעכטער פון שלום עליכמען און מיטן מונטערן געזאַנג פון יידישן קינד.

* * *

דער דריטער קלעטערער איז געווען דער לונגען־קראַנקער יוסף כמורנער, וואָס האָט אויך אַליין געוווינט אויפן פערטן שטאָק. ער, פּונקט ווי מיכאַלעוויטש (וועלכער האָט, אגב, אויך אַרומגעטראָגן, ווי אַן אָנדענק פון די תפיסות, אַ כראָנישע לונגען־קראַנקהייט, אָבער אין אַ פיל־שוואַכערער פאָרעם ווי כמורנערס), פלעגט אָפּט זיך אָפּשטעלן אינמיטן וועג אויף איינעם פון די שטאָקן, כדי, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „אַביסעלע הנאה צו האָבן פון לעבן“, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אין איין וועגס זיך אַביסעלע אויסהוסטן... אָפּטמאָל, קומענדיק אינדערפרי אין רעדאַקציע, האָב איך שוין אויפן הויף געוווסט, אַז כמורנער איז אויף די טרעפּן. דאָס איז צו מיר פון אויבן דערגאַנגען כמורנערס געדיכטער הוסט. איך האָב גיך גענומען שפּרייזן איבער די טרעפּן און נאָך געציילטע מינוטן אים געטראָפן אויף איינעם פון די שטאָקן, ווו ער איז געשטאַנען און „אַביסעלע הנאה געהאַט פון לעבן“. דאָרט האָבן מיר זיך פאַראייניקט און די לעצטע שטאָקן שוין געגאַנגען צוזאַמען.

* * *

דער פערטער קלעטערער איז געווען הענריק ערליך, וואָס האָט אין יענער צייט

אַליין געזווינט אויפן ערשטן שטאָק, אַזוי אַז ער האָט אין טעגלעכן סך־הכל געהאַט צו קלעטערן ווייניקער טרעפּן ווי אַלע איבעריקע מיטאַרבעטער. אויך ער האָט פון צייט צו צייט אונטערגעהוסט, אָבער ער פלעגט זיך אײַנמיטן די שטאָקן קיינמאָל נישט אָפּשטעלן אויף אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, סיידן ער האָט אײַנמיטן וועג געטראָפן עמיצן פון אונדז. ער האָט פאַר אַזאַ עולם־הזה קיין צייט נישט געהאַט. ער איז כסדר געווען פאַרשפּעטיקט, שטענדיק האָט ער געדאַרפט אָניאָגן אַ פאַרלוירענע שעה, אָדער צוויי, האָט ער דאָס געפּרוּווט טון אויף די טרעפּן פון דער „פאָלקס־צייטונג״.

שולדיק דערין איז פריער פאַר אַלץ געווען זײַן פאַרנומענקייט. אַ חוץ רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקסצייטונג״ און אויך רעדאַקטאָר פון פּוילישן זשורנאַל „גלאָס בונדו״, איז ערליך געווען דער פאַקטישער פירער פון „בונד״, זײַן טעאָרעטיקער און רעפּרעזענטאַנט, פאָרזיצער פון דער פראַקציע פון די בונדישע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט, פּרנס פון דער וואַרשעווער יידישער קהילה, מיטגליד פון פאַרשיידענע שטאָטישע, געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע קאָמיסיעס, רעדנער, לעקטאָר, און צו דעם אַלעם — אַדוואָקאַט, צו וועלכן עס זענען געקומען פון אַלע עקן וואַרשע און אפילו פון דער פּראָווינץ יידישע אַרבעטער און סתם אָרעמע יידן און יידענעס, פאַרפאָלגטע פון די פּוילישע גערעכטיקייטס־היטער. זיי האָבן געוווּסט, אַז אין ערליכן וועלן זיי געפינען ביידע — אַ גוטן פאַרטיידיקער און אַן אומזיסטן פאַרטיידיקער. נישט זיי האָבן געפּרוּווט אים געבן האָנאָראַר און נישט ער האָט געבעטן.

עס זענען געקומען צו אים אָרעמע יידן, וועמען עס האָט געדראָאָט צו ווערן אַרויסגעזעצט פון זייער קעלער־וווינונג פאַר נישט צאָלן קיין דירה־געלט: עס זענען געקומען צעווייטיקטע טאַטעס און מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זענען געוואָרן אַרעסטירט פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט, און ערליך, דער שפּעטערדיקער סטאַלין־קרבן, האָט עס זיי געדאַרפט פאַרטיידיקן אָן אַ גראָשן האָנאָראַר אין די געריכטן... און עס זענען אַפילו געקומען אַרבעטער, אַז ערליך זאָל זיי אָנשרייבן ביטעס צו פאַרשיידענע קלענערע אַמטן און אינסטיטוציעס ווען ערליך פלעגט אַזאַ איינעם פרעגן, פאַרוואָס ער איז נישט בעסער געגאַנגען צו אַ ביטע־שרייבער, ווייל אויף אַזאַ קלייניקייט איז נישט נויטיק ערשט אַן אַדוואָקאַט, האָט יענער מיט דער גאַנצער נאַיווער אויפריכטיקייט געענטפערט: „אַ ביטע־שרייבער נעמט דאָך געלט״...

און ווען אויפן וועג צו דער רעדאַקציע האָט ערליכן אָפּגעשטעלט אַן אַרבעטער און צו אים געהאַט טענות פאַר עפּעס אַן אַרטיקל, אָדער שטיקל נייעס אין דער „פאָלקסצייטונג״, האָט ערליך אים רויק אויסגעהערט און דערנאָך זיך גענומען גאַנץ פאָדראָבנע פאַרענטפערן. וואָלט ער דעמאָלט געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער, וואָלט ער אפשר זיך אַנטשולדיקט און גענומען לויפן. אָבער ערליך האָט נישט צו־אָפּט געקוקט אויפן זייגער. ער און דער זייגער זענען געווען גאַנץ באַזונדערע זאַכן, וואָס יעדער איז זיך געגאַנגען אַן אַנדער וועג... אויך אין רעדאַקציע האָט געקענט טרעפן, אַז אײַנמיטן שרײַבן דעם לייט־אַרטיקל זאָל אַרײַנקומען אַן אַרבעטער מיט עפּעס אַן ענין און ער, ערליך, זאָל זיך מיט יענעם אַזוי פאַרשמועסן, אַז ער זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן אַז דער זייגער רוקט זיך. ערשט ווען מען האָט אים דערמאָנט ווי שפּעט עס איז, האָט ער זיך פּלוצלונג געכאַפּט, אַז שוין זינט אַ שעה ווי עמיצער מיט אַ וויכטיקן ענין דאַרף וואַרטן אויף אים אין דער היים. ער פלעגט דעמאָלט

אָנשטעלן אויף מיר אַ פּאָר הילפלאָזע בליקן און מיר דערלאַנגען דעם נישט־פאַר־ענדיקטן לייט־אַרטיקל, איך זאָל צושרייבן דעם סוף, לאָזנדיק זיך מיטן מאַנטל אין האַנט צו דער טיר. אַזעלכע בשותּפותדיקע לייט־אַרטיקלען פלעגן מיר געוויינלעך אונטערשרייבן מיט די איניציאַלן „א. ב.״ די „א״ איז געווען זיינע (ער האָט געהאַט אַ פּסעוודאָנים „אַלעקסאַנדראָווסקי״), און די „ב״ איז געווען מיינע...

* * *

דער פינפטער קלעטערער איז געווען וויקטאָר שולמאַן, דער סעקרעטאָר פון דער רעדאַקציע. אַליין אַ בערג־ליבהאָבער און בערג־קלעטערער, האָט ער אייגנטלעך געדאַרפט גיין אויף די טרעפּן גיכער, ווי אַלע אַנדערע רעדאַקציע־מיטגלידער, אָבער גראָד ער איז געגאַנגען לאַנגזאַמער ווי מיר אַלע, און ער איז אויך געווען דער איינציקער פון אונדז, וואָס האָט זיך אָוועקגעשטעלט אָפּרוען אויף יעדן שטאָק. ער האָט עס געטאָן נישט צוליב מידקייט, נאָר צוליב סיסטעמאַטישקייט ער איז געווען דער פּינקטלעכסטער פון אונדז אַלע און דער גלאַסנסטער. אויב ערליך איז געווען צעקריגט מיטן זייגער, איז שולמאַן געווען פאַרליבט אין זייגער. אַפילו ווען ער איז געשטאַנען אויף די טרעפּן און זיך אָפּגערוט, האָט ער געקוקט אויפן זייגער. נאָך יעדן שטאָק האָט ער זיך גענומען איין מינוט אָפּרו. נישט קיין איין סעקונדע וויניקער און נישט קיין איין סעקונדע מער. אַ ציכטיקער, אַ רויקער, איז ער געשטאַנען ביים פענצטער לעבן די טרעפּ, דאָס פולע, גוטמוטיקע פּנים מיט אַן ערנסטער מינע אָנגעשטעלט אויפן גאָלדענעם האַנט־זייגערל — דאָס האָט ער געציילט די סעקונדעס, ווי לאַנג ער דאַרף נאָך וואַרטן. ענדלעך האָט ער רויק אַ זאָג־געטון: „זעכציק״ און מיט געלאַסענע טריט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין — צו דער נאָענטסטער טרעפּן־סטאַנציע...

איך האָב זעלטן באַגעגנט אַ מענטש, וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזאַ ים מיט גוטסקייט פאַר זיינע מיטמענטשן, ווי דער דאָזיקער כלומרשט־קאַלטער ליטוואַק. ער האָט רשעות פּשוט נישט געקענט באַנעמען, און יעדעס מאָל, ווען ער האָט געהערט פון עפּעס אַ פאַרברעכן אָדער געמיינקייט, איז ער געווען אַזוי צערודערט און זיינע בלויע נאַיווע אויגן האָבן געקוקט מיט אַזאַ אויפריכטיקער פאַרוווּנדערונג, ווי אַזאַ זאַך וואָלט געטראָפן אויף דער וועלט צום ערשטן מאָל.

יעדער אמתער סאָציאַליסט איז אייגנטלעך אין די אויגן פון פּראַקטישע מענטשן נאַיוו און אומרעאַליסטיש: ער שטעלט זיך אַנטקעגן האַרטע, ברוטאַלע פאַקטן; ער זאָגט זיך אָפּ פון אַקצעפּטירן איינגעפונדעוועטע, הערשנדיקע רשעות, מעג זי זיין ווי שטאַרק און „נאַטירלעך״. ציניקער מאַכן חוזק, זיי פאַרזיכערן מיט זייער קלוג, פּראַקטיש שמייכעלע, אַז „אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס בלייבן״, אָבער סאָציאַ־ליסטן גיבן נישט נאָך. „ניין, זאָגן זיי, אַזוי טאָר עס נישט בלייבן!״ אָבער פון אַלע הומאַניטאַרע סאָציאַליסטן, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַגעגענען אין לעבן, איז וויקטאָר שולמאַן געווען דער תּמימותדיקער. ער האָט נישט געזאָגט: „אַזוי טאָר נישט בלייבן!״ נאָר „אַזוי קען נישט בלייבן!״ עס איז אוממעגלעך! וואָס הייסט עס עפּעס — פלעגט ער זיך צעשרייען אין גרויס כעס — אַ פּאָליציאַנט וועט טרייבן און שלאָגן אַן אומשולדיק, אָרעם קינד? — עס קען אַזוי נישט זיין!...

וויקטאָר שולמאַן פלעגט אויך פון צייט צו צייט שרייען אויף אונדז — אויף די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקסצייטונג״.

דאָס איז געווען אין טעג, ווען עס פלעגט זיך אָפּשפּילן עפּעס אַ וויכטיק געשעעניש אויף דער יידישער גאַס, אויף דער פּוילישער צי גאָר אין אויסלאַנד: אַ שטייגער, דער פּראָטעסט־שטרייק פון „בונד'' קעגן פּשיטיקער פּאָגראָם; דער אויסברוך פון בירגער־קריג אין שפּאַניע; היטלערס אולטימאַטום צו טשעכאָ־סלאָוואַקיע אד"גל. אין אַזעלכע טעג פלעגט די רעדאַקציע און אַפילו די אַדמי־ניסטראַציע און דרוקעריי פון דער „פאָלקסצייטונג'' פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן קאָכעדיקן קעסל, אין וועלכן עס האָט זיך געקאָכט נאָר איין געריכט; אַלע האָבן געלעבט נאָר מיט דער איינער געשעעניש. איז עס געווען, למשל, די מעשה־שפּאַניע, איז דער לייט־אַרטיקל־שרייבער געווען אין שפּאַניע, דער פעליעטאָניסט האָט געוווּנקען קיין שפּאַניע, דער פּאָעט איז געפלויגן איבער שפּאַניע, דער טעלעגראַמען־שרייבער האָט געשריבן דעפּעשן בלויז פון שפּאַניע און אפילו דער שטאָטישער רעפּאָרטער האָט זיך געדרייט אין שפּאַניע... אָבער אַ וואַרשעווער יידישע צייטונג טאָר דאָך נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שפּאַנישן מלחמה־ביולעטין. ווי וויכטיק אַ געשעעניש זאָל נישט זיין, טאָר זי נישט פאַרכאַפּן די גאַנצע צייטונג. אַ רעדאַקטאָר טאָר זיך נישט פאַרקוקן אויף איין פונקט, ווי אַ דיריגענט פון אַן אָרקעסטער טאָר נישט איינגראָבן די אויגן אין איין אינסטרומענט, אָדער שטענדיק ברומען איין ניגון. אָבער ווער מיר רעדאַקטאָרן, וואָס מיר צייטונגס־שרייבער — היינט האָבן אַלע „פאָלקסצייטונג''־מענטשן פון קלענסטן ביזן גרעסטן זיך אָנגעשיכורט מיט שפּאַניע, צי מיט אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע און זיי ווילן מער פון גאָרנישט וויסן. שבת זאָל בלייבן, שבת!...

דערביי זענען זיי געווען זיכער — און נישט אָן גרונד — אַז אויך זייערע לייענער זענען היינט פּונקט אַזוי שיכורדיק און שבתדיק, ווי זיי.

און דעמאָלט איז געקומען וויקטאָר שולמאַן, דער עלטסטער צייטונגס־מענטש צווישן אונדז, און דער כלומרשט ניכטערסטער, און אונדז גענומען אַראָפּשלעפּן פון די שפּאַנישע בערג, צי פון די צעשטורעמטע וואַרשעווער גאַסן:

— מען דאַרף מאַכן אַ צייטונג — האָט ער זיך צעשריגן — אַראָפּ אויף דער ערד!...

ער, דער קאָוונער ליטוואַק מיט די בלויע קינדערישע אויגן, האָט דאָס געדאַרפט זיין אונדזער אויסניכטערער: ער האָט עס אונדז געדאַרפט אַרויסשלעפּן פון שבת אין דער וואָך־אַריין — ער, דער שבתדיקסטער פון אונדז אַלע. איז עס געווען אַ שרייען, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַלע מענטשלעכע ניגונים און קלאַנגען, אַ חוץ דעם קלאַנג פון כעס. וואָס מער ער האָט געשריגן, אַלץ וואַרעמער איז געוואָרן, אַלץ שבתדיקער...

איינע פון די שענסטע סצענעס אין רעדאַקציע איז געווען, ווי וויקטאָר שולמאַן פלעגט געבן ערליכן לעקציעס אין הלכות פּראַקטישקייט און צום סוף אַלץ רעדוצירן צום זייגער:

— אַ מענטש — האָט ער געשריגן צו אים — מוז קוקן אויפן זייגער!...

* * *

(איך האָב דאָ נאָר אויסגערעכנט די טרעפן־קלעטערער פון דער „פאָלקסצייטונג''־רעדאַקציע, וועלכע האָבן אין דער צייט, ווען די שורות זענען געשריבן געוואָרן, זיך מער נישט געפונען צווישן די לעבעדיקע).

מיט דער צייט האָבן אונדזערע טרעפן־וואַנדערונגען אויפגעהערט. מיר האָבן די באַקוועמלעכקייט געהאַט צו פאַרדאַנקען דער נויט, וועלכע האָט אונדז געצוווּנגען אָפּצוגעבן די רעדאַקציע־דירה אויפן זעקסטן שטאָק און זיך צונויפדריקן צוזאַמען מיט דער אַדמיניסטראַציע אין די פינף צימערן אויפן ערשטן שטאָק. די געשעפטס־אָפּטיילונג האָט פאַרנומען דריי צימערן, און די רעדאַקציע — צוויי, איינער אַ מיטעלער און איינער אַ קליינער צימער. אין דעם מיטעלן צימער זענען געזעסן אייניקע מיטאַרבעטער צוזאַמען מיטן רעדאַקציע־סעקרעטאַר, און אין דעם קלענערן איז געזעסן די דריי־קעפּיקע רעדאַקטאָרן־קאָלעגיע, אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן אויפן פּאַרטיי־לשון — „די פּאָליטישע רעדאַקציע”, ווייל זי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט לויט דעם פּאָליטישן איינפלוס פון די צוויי פראַקציעס אין „בונד” — די רעכטע פראַקציע און די לינקע פראַקציע. אַזוי ווי די רעכטע פראַקציע האָט געהאַט הינטער זיך די מערהייט פון דער פּאַרטיי, האָט זי געהאַט צוויי פאָרשטייער אין דער פּאָליטישער רעדאַקציע (דאָס זענען געווען ערליך און איך) און די לינקע פראַקציע — איין פאָרשטייער (כמורנער).

דאָס צימערל איז געווען צו ענג, אַז מען זאָל דאָרט קענען אַוועקשטעלן אונדזערע דריי טישן באַזונדער. האָט מען זיי צונויפגעדריקט, אַזוי אַז די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דריי איז פּאַקטיש געזעסן ביי דריי זייטן פון איין גרויסן טיש און צוזאַמען צונויפגעשטעלט די „פּאָלקסצייטונג”.

---

## מען לאָזט נישט זינדיקן



פון אַלע צייטונגען אין וואַרשע איז די „פאָלקסצייטונג” געווען די אָרעמסטע. נישט געקוקט דערויף וואָס איר צירקולאַציע האָט זיך אין די לעצטע צען יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה מער ווי פאַרדרייפאַכט און האָט אפילו אַריבער געיאָגט די צירקולאַציע פון מאַנכע רייכע וואַרשעווער צייטונגען אויך אין איר אָרעמקייט האָט די „פאָלקסצייטונג” געטריי אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון אירע לעזער, די יידישע אַרבעטער פון פּוילן. זייער נויט איז געווען דער קוואַל פון איר אָרעמקייט.

קויפן אַ צייטונג איז פאַר די מייסטע יידישע אַרבעטער און אַפילו קליינע קרעמער און בעל־מלאכות געווען אַ לוקסוס, ספּעציעל אויף דער פּראָווינץ. פלעגן אַ סך לעזער זיך אַן עצה געבן און צונעמען שותפים צו זייער צייטונג. געווען אין פּוילן יידישע שטעטלעך, וועלכע האָבן אויסגעשריבן איין צייטונג און גאַנץ קהל האָט זי געלייענט. אָט אַזוי ווי מען האָט אַלע געבענטשט מיט איין אתרוג.

דערביי איז געווען איינגעשטעלט אַן אָרדענונג, צו וועלכער יעדער האָט זיך צוגעפּאַסט. פריער האָט געלייענט דער הויפּט־שותף, און אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זי איבערגעגעבן דעם צווייטן שותף און יענער ווידער האָט נאָכן לייענען זי ווייטער געגעבן ביז זי איז אַרומגעגאַנגען צו אַלע שותפים.

נישט זעלטן פלעגט טרעפן, אַז די פרייטיקדיקע צייטונג איז אָנגעקומען צום לעצטן שותף ערשט אַרום מאָנטיק־דינסטיק. אָבער מען האָט זיך דאָס ווייניק

גענומען צום האַרצן. וואָס ברענט עס? צייט האָט מען געהאַט גענוג און אויב די נייעס איז דערוויייל אַ ביסל עלטער געוואָרן, איז אויך נישט געווען קיין אומגליק, ווייל דער עיקר ביי אַ יידישן לעזער אין פּוילן זענען אין צייטונג נישט געווען די נייעס, נאָר די אַרטיקלען, די באַשרייבונגען, די פעליעטאָנען, די פּאָלעמיקס צווישן זיינע שרייבער מיט די קעגנערישע שרייבער, און דער עיקר — מיט די אַנטי־סעמיטישע שרייבער. דער פּוילישער ייד האָט ליב געהאַט צו לייענען ווי זיין שרייבער „זאָגט אַריין" די יידן־פרעסער. דאָס איז געווען דאָס געשמאַקע ביסעלע נחת, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער וועלט. ער האָט זיך דעמאָלט דערפילט דערהויבענער, זיכערער אין דער פיינטלעכער אַרומרינגלונג, צווישן די שטעכעדיקע אַנטיסעמיטישע בליקן און שטייפע פריצישע וואָנצעס.

— מיר האָבן זיי אין דער ערד — האָט ער זיך דעמאָלט געטראַכט — מיר וועלן זיי איבערלעבן...

אַזאַ שאַרפער אַרטיקל אָדער פעליעטאָן איז אין לעזערס אויגן קיינמאָל נישט געווען פאַרעלטערט, האָט ער אַפילו געמעגט זיין פון פאַראַיאָרן. מען האָט לאַנגע וואָכן און חדשים זיך מיט אים אַרומגעטראָגן, אים דיסקוטירט, נאָכגעזאָגט די געלונגענע פראַזן און ווערטלעך.

דער שרייבער האָט דערפון געהאַט גרויס נחת, אָבער גאָר ווייניק הכנסה, ווייל די באַגייסטערטע לעזער זענען אין די מערסטע פאַלן געווען נישט מער ווי שטיקלעך קויפער, און נישט זעלטן בלויז לייענער זיי האָבן געצאָלט דעם צייטונגס־פאַרקויפער אַ פּאָר גראָשן אַ וואָך פאַר איבערלייענען די צייטונג. אפילו אין די גרויסע שטעט ווי וואַרשע, לאָדזש, קראָקע, לובלין זענען געווען צייטונגס־פאַר־קויפער, וועלכע האָבן געגעבן די אידישע בלעטער אויף אויסצולייענען, שפּעטער האָבן זיי נאָך די אויסגעלייענטע צייטונגען צוריקגעגעבן אין דער רעדאַקציע.

אַלע יידישע צייטונגען אין פּוילן האָבן געליטן פון דער דאָזיקער צרה, וואָס האָט זיך גערופן „געבן צייטונגען אויף אויסצולייענען" און זיי האָבן כסדר קעגן דעם געקעמפט סיי מיט מאָראַלישע מיטלען און סיי מיט פּראַקטישע מיטלען. צו די מאָראַלישע מיטלען האָבן געהערט — אויפרופן מיט אַפּעלאַציעס צום געוויסן פון די לייענער און צו די פּראַקטישע — פאַרמאַכן די צייטונג מיט אַ דרעטל. יידן האָבן זיך אָבער אַן עצה געגעבן און זיך אויסגעלערנט פאַרזיכטיק צו עפענען די דאָזיקע „דראָט־פאַרצוימונג" און שפּעטער — נאָכן איבערלייענען — דאָס דרעטל צוריק אַריינשטעלן... מען האָט אויך געפּרוווט באַקעמפן די צרה מיטן כוח פון דאָקטוירים. די יידישע צייטונגען האָבן געבראַכט מיינונגען פון די גרעסטע דאָק־טוירים, אַז דאָס לייענען אַ צייטונג, וואָס אַנדערע האָבן שוין פריער געלייענט, איז נישט היגיעניש. ווייל מען קען קיינמאָל נישט וויסן צי דער לייענער פאַר דיר איז נישט געווען קראַנק אויף קיין אָנשטעקנדיקער קראַנקהייט.

דער דאָזיקער אַרגומענט האָט אָבער געהאַט אַ גאַנץ שוואַכן עפעקט. פּראָווינצער יידן האָבן אים אַוועקגעווישט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— היגיענע־שמיגיענע...

* * *

אָבער מער פון אַלע יידישע צייטונגען האָט פון דער צרה געליטן די „פּאָלקס־צייטונג". ווייל יענע, די בירגערלעכע יידישע צייטונגען, האָבן זייער הויפּט־

איינקונפט געהאַט פון אַנאָנסן, בעת די „פאָלקסצייטונג“ איז אויסשליסלעך געווען אָנגעוויזן אויף דער הכנסה פון איר צירקולאַציע. קיין האַנדלס־אַנאָנסן האָט זי כמעט נישט געהאַט, און דאָס נישט אַזוי דערפאַר, ווייל די קאַפּיטאַליסטישע פירמעס האָבן נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו פאַרשטאַרקן די קאַסע פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, נאָר ווייל עס האָט פאַר זיי טאַקע זיך נישט געלוינט צו אַנאָנסירן זייערע סחורות אין דער „פאָלקסצייטונג“.

דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון די יידישע אַרבעטער אין פוילן איז געווען זייער אַ נידעריקער. דאָס אַלטע יידישע פאָלקס־לידל „זונטיק בולבעס, מאָנטיק בולבעס..“ איז געווען הונדערט פּראָצענטיקע פּראָזאַישע ווירקלעכקייט אין יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דאָס איינציקע, וואָס דער יידישער אַרבעטער אין פוילן האָט אין דעם ליטווישן לידל געדאַרפט ענדערן, כדי עס צו קענען אינגאַנצן אַדאָפּטירן, איז געווען דאָס וואָרט „בולבעס“, אַריינשטעלן אויף דעם אָרט דאָס וואָרט „קאַרטאָפל“...

אַפילו צוקער איז אין די מייסטע יידישע און אויך נישט־יידישע אַרבעטער הייזער אויף דער פּראָווינץ געווען „אַ נאַש“ און עס האָבן ווייניק געהאָלפן די רעקלאַמעס, וואָס דער פוילישער צוקער־מאָנאָפּאָל האָט פאַנאַנדערגעהאָנגען איבער אַלע וואָקזאַלן און אויך אַריינגעגעבן אין די צייטונגען מיט גרויסע אויפשריפטן: „צוקער קזשעפּי!“ (צוקער מאַכט שטאַרק). די לעזער פון דער „פאָלקסצייטונג“, ווען אַפילו זיי וואָלטן געלייענט די צוקער־רעקלאַמעס אויף די שפּאַלטן פון זייער צייטונג, וואָלטן זיי קיין גרעסערע צוקער־פאַרברויכער נישט געוואָרן. אַ שוואַכע קעשענע, האָבן זיי געוווּסט, וועט פון צוקער נישט שטאַרקער ווערן, זי וועט נאָך שוואַכער. אַז מען וועט אויסגעבן די פּאָר גראָשן אויף צוקער, וועט נישט זיין אויף צו קויפן אַביסל קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט. דער צוקער־מאָנאָפּאָל האָט דעריבער נישט געהאַט קיין אורזאַך צו רעקלאַמירן זיין כחורה אין דער „פאָלקסצייטונג“. נאָך ווייניקער האָבן געהאַט אַן אורזאַך דאָס צו טון די פירמעס פון שאָקאָלאַד, פון דעליקאַטעסן, פון נייע מעבל, פון מאַנופאַקטור, שוין אָפּגערעדט פון לוקסוס־אַרטיקלען.

* * *

וואָלט אייגנטלעך שוין דאָס וואָס זי האָט קיין געשעפטס־אַנאָנסן נישט געהאַט, גענוג געווען, כדי די „פאָלקסצייטונג“ זאָל זיין די אָרעמסטע טעגלעכע צייטונג אין וואַרשע. אָבער עס זענען געווען נאָך סיבות. איינע פון זיי איז געווען דער פּאַרטייאישער כאַראַקטער פון דער „פאָלקסצייטונג“.

ווי דער צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד“ אין פוילן, האָט די „פאָלקסצייטונג“ געמוזט דרוקן אַ סך פּאַרטייאישן מאַטעריאַל און אויך אָפּגעבן מער פּלאַץ, ווי אַנדערע יידישע צייטונגען, פאַר אַזוי גערופענע „שווערע“ אַרטיקלען און פּאָלי־טישער אינפאָרמאַציע, אַזוי אַז אין די טעגלעכע זעקס זייטן איז געבליבן גאַנץ ווייניק אָרט פאַר דעם לייכטן מאַטעריאַל, וואָס דער ברייטער עולם האָט געוויינלעך ליב צו לייענען; פאַר דעם מאַטעריאַל, ביי וועלכן דער מידער לעזער דאַרף נישט קנייטשן דעם שטערן, נאָר קען זיך אַביסל אָפּרוען און אַ שמייכל טון; ביי דעם לייכטן, טשעקאַוון מאַטעריאַל, וועלכן מען האָט אין דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקסצייטונג“ גערופן — „שאַלאַמויזן“...

דער געשווירענער לייענער פון דער „פאָלקסצייטונג" איז געווען דער באַוווסט־זיניקער, פּאָליטיש־רייפער יידישער אַרבעטער און אויך יידישער אינטעליגענט, וואָס האָט געקענט צעקייען די שווערע אַרטיקלען און פּאָליטישע אינפאָרמאַציע, און וועלכער האָט זיך אָפּגערוט אין זיין בלאַט ביי אַן ערנסטן ליטעראַרישן אַרטיקל, ביי אַ קינסטלערישער דערציילונג, ביי אַ פּאָליטישן פעליעטאָן. קיין „שאַלאַמויזן" האָט ער נישט געזוכט, האַלטנדיק, אַז זיי נידעריקן אַראָפּ דעם ניוואָ פון דער צייטונג.

אָבער די „פאָלקסצייטונג" האָט זיך נישט געקענט באַגנוגענען בלויז מיט די דאָזיקע פּאָר טויזנט געקליבענע לעזער. איר אַמביציע איז געווען צו געווינען אויך די פשוטע יידישע אַרבעטס־מענטשן, וועלכע זענען לעזער פון דער ביליקער גאַסן־פּרעסע. און אַפילו די, וועלכע לייענען נאָך אינגאַנצן נישט קיין צייטונג. אַ סך פון די דאָזיקע יידן זענען אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה געוואָרן אָנהענגער פון „בונד", און ביי אַלע וואַלן געשטימט פאַר בונדישע קאַנדידאַטן. פונדעסטוועגן זענען די מיינסטע פון זיי ווייטער געבליבן לייענער פון די גאַסן־צייטונגען. די אידעען פון „בונד" זענען פאַר זיי געווען צוגענגלעך, אָבער די צייטונג פון „בונד" איז פאַר זיי געבליבן נישט־צוגענגלעך... איז ווי אַזוי מאַכט מען, אַז אויך זי זאָל פאַר זיי זיין צוגענגלעך?

דאָס איז געווען אַ שווערע פראַגע, וועלכע איז אייגנטלעך נישט געווען קיין ספּעציפיש־יידישע. יעדער רעדאַקטאָר פון אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־צייטונג, אָנהייבנדיק ביי קאַרל מאַרקס, דעם רעדאַקטאָר פון דער „רהיינישער צייטונג", האָט זיך מיט איר געמאַטערט און וועט זיך זיכער אויך אין דער צוקונפט מיט איר מאַטערן. עס גייט וועגן דעם, ווי אַזוי צו פאַראייניקן אַזעלכע צוויי זאַכן, וועלכע זעען אויס צו זיין אין קריגס־צושטאַנד איינע מיט דער צווייטער — אַ פּאַרטיי־צייטונג און אַן אינטערעסאַנטע צייטונג...

פאַר דער „פאָלקסצייטונג" וואָלט אַ גינסטיקע לייזונג פון דער פראַגע באַדייט — אַ רעטונג פון טיפער נויט, אין וועלכער זי האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען. די בונדישע באַוועגונג אין פּוילן האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרצווייגט און אירע נויטן זענען דערפאַר כסדר געוואָרן גרעסער. די פּאַרטיי האָט מער נישט געקענט זיך פאַרנעמען מיט די דעפיציטן פון דער „פאָלקסצייטונג" און דעריבער פאַרוואַנדלט די צייטונג אין אַ קאָאָפּעראַטיוו פון אַלע אירע מיטאַרבעטער, פון שיק־יינגל ביזן רעדאַקטאָר און פאַרוואַלטער. וויפל עס וועט זיין, אַזויפיל וועט מען פאַרטיילן צווישן אַלעמען. וועט נישט זיין אין וואָך — וועט מען וואַרטן אויף דער צווייטער וואָך...

אידער די דאָזיקע „רעפאָרם" איז איינגעפירט געוואָרן, האָט מען אייגנטלעך אויך געדאַרפט וואַרטן אויף דער צווייטער וואָך און אַמאָל אויף דער דריטער, ציגאָר אויף דער פערטער. אָבער דעמאָלט האָט עס געהייסן, אַז פאַר די נישט־געצאָלטע וואָכן בלייבט אַ חוב ביי דער פּאַרטיי, אָבער נאָך דער „רעפאָרם" זענען מער קיין חובות נישט געווען. עס איז געבליבן אַ ריינער טיש — די וואָך, ווען עס איז קיין לוין נישט געווען, איז אָפּגעווישט געוואָרן און די אויגן האָט מען געדאַרפט ווענדן צו דער נייער וואָך...

די צייטונג האָט געפילט די נויט און יעדער איינער פון די שותפים האָט זי געפילט, הגם מען האָט וועגן איר זייער זעלטן גערעדט, אָרעמקייט איז טאַקע

נישט קיין שאַנדע, אָבער אַ צרה איז זי יאָ; אַ צרה, וואָס הערט נישט אויף איינצו־רוימען אין אויער אַריין: „געדענק, דו ביכט אַ קבצן‟... אין אָנהייב האָט זיך אויסגעדוכט, אַז בלויז עטלעכע טויזנט נייע לעזער וועלן די צייטונג אַרויסראַטעווען פון דער נויט. אָבער ווען מיר האָבן די פּאָר טויזנט לעזער געווונען, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אויף אויסצוגלייכן זיך די ביינער, דאַרף די צייטונג נאָך אַ פּאָר טויזנט נייע לעזער, און נאָכדעם האָבן ווידער געפעלט אַ נייע פּאָר טויזנט...

* * *

די נייע טויזנטער לעזער האָבן מיר געוווּנען טיילווייז אַ דאַנק דער וואַקסנדיקער פּאָפּולאַריטעט פון דעם „בונד” און טיילווייז דורך אונזערע באַמיונגען צו מאַכן די צייטונג לעבעדיקער. די „פאָלקסצייטונג‟ איז די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ סך אינטערעסאַנטער, ליטעראַרישער. מען האָט אַלץ אָפטער דאָרט געקענט געפינען אַ לייכטן אַרטיקל, אַ שפּילעוודיקן פעליעטאָן, אַ פאַרביקע רייזע־באַשרייבונג, אַ לעבעדיקן רעפּאָרטאַזש, אַ טשיקאַווע מעשה.

די „פאָלקסצייטונג‟ האָט לעצטנס געהאַט אַ היפּשן שטאַב נישט נאָר פון ערשטקלאַסיקע פּובליציסטן און זשורנאַליסטן, נאָר אויך פון אָנגעזעענע יידישע דיכטער און פּראָזע־שרייבער, וועלכע וואָלטן געווען אַ צירונג פאַר יעדער צייטונג. ל. האָדעס (שפּעטער — מיטרעדאַקטאָר אויפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם יוסף כמורנער), מ. אָזשעך, דינה (מיכאַלעוויטש), סאָפיע דובנאָוו־ערליך, שלום הערץ, אַרטור זיגעלבוים, י. י. טרונק, י. יאַשונסקי, ל. לעווין, שלמה מענדעלסאָן, ד. ניימאַרק (אריה), עמנואל נאָוואָגרודזקי, יעקב פּאַט, יהושע פערלע, ח. ש. קאַזדאַן, מלך ראַוויטש, פּנחס שוואַרץ, ד״ר עמנואל שערער א״אַ. אַ חוץ די שוין פריער דערמאָנטע דריי רעדאַקטאָרן, לייט־אַרטיקל־שרייבער און רעדאַקציע־סעקרעטאַר. מיט זייער הילף איז נישט געווען שווער צו מאַכן אַ לעבעדיקע און אינטערעסאַנטע צייטונג. אָבער די מורא זיך „אַראָפּצולאָזן צו דער גאַס” האָט געהאַלטן אין צוים די רעדאַקציע. און אויב עמעצער פון די מיטאַרבעטער האָט אַמאָל גאַנץ אומשולדיק זיך געפּרוווט צופיל אַ בויג טון אין דער ריכטונג פון דער „גאַס‟, איז באַלד געקומען די העכסטע אינסטאַנץ — דער געשוווירענער לעזער פון דער „פאָלקסצייטונג‟ — און פּראָטעסטירט...

איך דערמאָן זיך אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, וואָס איז געשען אין די דרייסיקער יאָרן: דער שטאָט־רעפּאָרטער האָט ביינאַכט אַריינגעגעבן אין דער צייטונג אַ שטיקל וואַרשעווער כראָניק וועגן אַ גאַסן־געשלעג צווישן אונטערוועלט־לייט און דערביי באַשריבן גאַנץ לעבעדיק איינע פון די צעשלאָגענע פרויען, וואָס איר נאָמען איז געווען וואַצלאַווע. ווען איך בין געגאַנגען אינדערפרי אין רעדאקציע, האָב איך די צייטונג נאָך נישט געהאַט געלייענט, איך בין דעריבער געווען שטאַרק איבערראַשט, ווען מיך האָט אָפּגעשטעלט אַן אַרבעטער און מיט פאָרוואורף געפרעגט:

— חבר שעפנער, ווי קומט וואַצלאַווע צו אונדז אין דער „פאָלקסצייטונג”?

— וועלכע וואַצלאַווע? — האָב איך געפרעגט אַ דערשטוינטער.

— אַזוי? — איז דער אַרבעטער געבליבן ביי זיין שטרענגן טאָן — איר ווייסט גאָרנישט ווער זי איז? אָבער אונדזער „פאָלקסצייטונג‟ ווייס יאָ! — און ער

האָט מיר געוויזן מיטן פינגער אויף אַ שטיקל נייעס אין דער צייטונג, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

ווען איך בין אַריין אין רעדאַקציע, האָט דאָרט מיר אַנטקעגנגעשמייכלט כמורנער:

— איר האָט שוין געהאַט אַ גרוס פון וואַצלאַווען?...

עס איז נישט אַוועק קיין האַלבע שעה און אין רעדאַקציע איז האַסטיק אַריין ערליך און זיך געווענדעט צו אונדז מיט אַ פראַגע:

— ווער איז וואַצלאַווע?...

ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך ער, פונקט ווי די איבעריקע מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, האָט די גאַס נישט געקענט דורכגיין צוליב וואַצלאַווען, אַרבעטער האָבן אים אָפּגעשטעלט אויף פּזשעיאַזד, באַלד ווי ער איז אַרויס פון טראַמוויי, און ביי אים מיט האַרבן וואָרט געפאָדערט אַ חשבון פאַר וואַצלאַווען. איז ער גיך אַוועק אין רעדאַקציע פרעגן, ווער עס איז דאָס די דאָזיקע וואַצלאַווע...

אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך צו דערוויסן, ווער עס איז וואַצלאַווע און ווי אַזוי זי האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער „פאָלקסצייטונג", האָט מען אים גערופן צום טעלעפאָן, און טאַקע וועגן זעלבן ענין — וועגן וואַצלאַווען...

צוריקקומענדיק פון טעלעפאָן, האָט דאָס פּנים ביי ערליכן געשמייכלט:

— אַז אפילו מיר וואָלטן שוין געוואָלט זינדיקן — האָט ער צו אונדז זיך אָפּגערופן מיט אַ געפיל פון שטאָלץ— וואָלטן מיר נישט געקענט. זיי וואָלטן אונדז נישט געלאָזט...

זיי — די געשוווירענע לעזער פון דער „פאָלקסצייטונג"

אויף כמורנערס טונקל פּנים האָט געלויכטן פון נחת.

— מיר וועלן שוין מוזן — האָט ער געזאָגט — בלייבן ווייטער די זעלבע בטלנים...

(פונעם בוך: „נאָוואָליפּיע 7", בוענאָס איירעס 1955)

## ל י י ב   ש פ י ז מ אַ ן

# בילדער פון חלוצים-לעבן אין וואַרשע

„אוי טאַטעשי, אוי מאַמעשי,
לאָמיר פאָרן קיין ארץ".



### אין וואַרשעווער סניף

**דאָס איז געווען דאָס באַליבטסטע ליד אויף זייערע ליפּן, געזונגען דורך קינדער פון פּיין און עלנט, די זין און טעכטער פון „עמך" — פון דער פּאַראַרעמטער יידישער וואַרשע, ווען זיי פלעגן זיך צונויפקומען אין „החלוץ הצעיר".**

**ס'איז געווען ווי אַ תפילה. מיט תחנונים האָט די חברה פאַרצויגן דעם ניגון, מעלאַנכאָליש פאַרבענקט. און וועלכער מענטש — מיט האַרץ און געפיל — איז נישט געוואָרן גערירט, הערנדיק דאָס דאָזיקע פּשוטע און לויטערע געבעט?**

**אָט זאַמלען זיי זיך צונויף און קומען אָן פון אַלע קעלערס און בוידעם־שטיבלעך אין דער הויפּט־שטאָט: פון וואָלינסקע, אָסטראָווסקע, ניזקע. אָנגעטאָן אין די יום־טובדיקע פאַרלאַטעטע בגדים און זייערע פּנימער רויטלען זיך, זיי צאַפּלען זיך איבער דעם דאָזיקן זכות צו זיצן בחברותא אין געראַמען, אויסגעפּוצטן און באַלויכטענעם צימער.**

---

דער שרייבער, אַנטאָלאָגיסט, קולטור־טוער און אַלע זיינע יאָרן אַקטיווער אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג — לייב שפּיזמאַן איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1903. אין יאָר 1939 איז ער אַוועק פון וואַרשע אויפן מזרח און אין יאָר 1940 איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע. דאָ ענערגיש מיטגעאַרבעט אין יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער אויפן געביט פון יידישע געשיכטע־פאָרשונגען פון די לעצטע יאָרצענדלינקער. ער האָט אויך — אַלס דירעקטאָר פון פּרעסע־דעפּאַרטמענט פון יידישן קולטור-קאָנגרעס — אָנגעפירט מיט פיל הונדערטער ראַדיאָ־אוידיציעס. זיין דריי־בענדיקע אַנטאָלאָגיע — אַרום 1500 זייטן — אונטערן נאָמען „חלוצים אין פּוילן" — איז אַן אומשאַצבאַרער אוצר אויף אַריינצולעבן זיך און צו באַנעמען דעם יוגנטלעכן יידישן אידעאַליזם אין פּוילן, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס מיטגעבויט און מעגלעך געמאַכט די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל. אויך יידיש־וואַרשע פאַרנעמט אין דער אַנטאָלאָגיע אַן אָנגעזעען אָרט. שפּיזמאַן איז געשטאָרבן פּלוצלונג דעם 20טן יוני 1963 אין ניו יאָרק. זיין געביין איז אין יולי 1964 איבערגעפירט געוואָרן קיין ישראל און געפונען זיין אייביקע רו אין קיבוץ גליל־ים.

און דער טאַטע בלאָנקעט נאָך אַרום אין גאַס, דער קאַשיק — אין זיין האַנט. אין זיינע אויגן גליווערט דער פּחד און מיט זיין מויל רעקלאַמירט ער זיין פּעקל סחורה, נישטאָ קיין אָוונט־ברויט פאַר די קינדער און נישטאָ קיין „המוציא" פאַר אים.

אַ קראַנקע מאַמע פויזעט אַרום אין שטוב און זיפצט: נישטאָ מער קיין חפץ צו פאַרקויפן. מאָרגן וועט קומען „ער" מיט אַ „ירגזון": מאַכט ליידיק די דירה — און אַ סוף זאָל עס נעמען!!!

טאַטע־מאַמע, האַרציקע, וואָס זיינען זיי נעבעך שולדיק?

ביודעים ובלא יודעים זיינען זיי דאָ געקומען. זיי האָבן געהערט אַ געזאַנג. יוגנטלעכע רעדן וועגן ענינים וואָס זיינען אַזוי נאָענט און אַזוי פאַרשטענדלעך. זיי האָבן ברידער, יונגע און צופרידענע, קינדער פון אַקערער, פאַרזייער און שניטער, וואָס בויען און זיינען באַשעפטיקט מיט יעדער אַרבעט אין שטאָט — דאָרטן אין אונדזער היימלאַנד, אין ארץ ישראל — און די אויגן הייבן זיך צעפלאַמטע מיט בענק־שאַפט: „אוי טאַטעשי, אוי מאַמעשי".

און ווען איינער פאַרוואָרפט זיין אָרעם איבערן אַקסל פון זיין חבר, רייסט עס מיט דעם דריטן, פערטן און פינפטן. און דער גאַנצער קרייז צופלעמלט זיך, צע־הוידעט זיך:

„אוי טאַטעשי, אוי מאַמעשי, לאָמיר פאָרן קיין ארץ".

(מנחם ברבש)

## די שעהן האָבן געכישופט

חסל סידור האַסעמינאַר פון „החלוץ". די סעמינאַריסטן האָבן זיך אַצינד אָוועק־געלאָזט „אָפּריכטן גלות" איבער פוילן.

אין אַ פאַרוואָרפן — פאַרשטויסן געסל ערגעץ אין וואַרשע, אין דעם אָפּגעריי־סענעם און אָפּגעשליסענעם קוואַרטאַל פון אַרבעטער און אָרעמע פאַלקסמענטשן האָט געלעבט אַ גרופּע פון פינף און פערציק חברים און חברטעס. מ'איז געווען ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין אַ גייסטיקער געשפּאַנטער טעטיקייט. אַ חלוציש־העברעישן ווינקל, — וואָס ליגט אויפן גרענעץ צווישן ארץ ישראל און גלות — האָט די דאָ־זיקע גרופּן געשאַפן מיט איר רעדן העברעיש, מיטן קלימאַט, דורך איר קאָנטאַקט מיט דער ארץ ישראלדיקערווירקלעכקייט און מיט אַלץ וואָס ווערט געשאַפן אין קיבוץ. חברים וואָס זיינען צוריקגעקומען פון אַ רייזע איבערן לאַנד האָבן מיטגע־בראַכט לעבעדיקע גרוסן. פון מאָל צו מאָל פלעגט מען לייענען בריוו פון ארץ יש־ראל. דער סעמינאַר האָט געלעבט מיט דער באַוועגונג, מיט אירע ליידן, פּראָבלעמען, דערגרייכונגען.

איצט הויבט זיך אָן די ריכטיקע אַרבעט. ס'איז נישט לייכט אַרויסצוגיין אויף דער יידישער גאַס און רופן מוטיק און מיט אינערלעכער זיכערקייט צו אַ לעבנס־וועג וואָס איז פאַרבונדן מיט ליידן און יסורים. און דער סעמינאַר איז גראָד פאַר־געקומען אין זייער שווערע צייטן.

אין גלות — אַ פאַרצווייפלטער פאַר'עקשנטער געראַנגל פון די הכשרה־קי־בוצים. די אַרבעט־פּאָזיציעס טרייסלען זיך; אַן עקסיסטענץ — אַ ביטערע; און צו

דעם אַלעמען: אַן אַלאַרם געשריי פון חברים וואָס ווילן עולה זיין און — זאָל זיין וואָס ס'איז. און מיט וויפל בענקשאַפט און יסורים איז דורכגענומען אָט דער געשריי.

און אין לאַנד — פון דאָרטן טראָגן זיך אָפּהילכן ווי פון אַ שלאַכט־פעלד. אַ וויי־געשריי פון אַרבעטער־ציבור אין די מושבות, וואָס איז געצוווּנגען צו פּוסט און פּאַ־סעווען, ער רייסט זיך צו אַרבעטן און די אַרבעטס־הענט וואָס אַרבעטן נישט, לייגן זיך צוזאַמען אין פויסטן.

אין אַזאַ צייט דאַרפן די חברים אַרויסגיין און רופן די יידישע יוגנט: דאָס איז דער וועג, וואָס זיין אָנהייב וואָרצלט אין די הכשרה־קיבוצים מיט זייער מוטשע־ניש און געשריי נאָך עליה און דער המשך זיינער איז אַפילו אין יענער מחנה וואָס שטייט איצט אויף פּיקעטן ביי די טויערן פון די פּרדסים אין פּתח תקוה, און אין נס ציונה — אָט דאָס איז דער וועג אייערער:

ס'האָט זיך געפּאָדערט אַן אינערלעכער כוח, אַ מאָראַלישער קוראַזש און אַ קלאָרער באַוווּסטזיין, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג און קיין אַנדערער איז נישטאָ; אַז עס איז כדאי און עס לוינט זיך פאַרן יידישן יוגנטלעכן צו גיין אויף אָט דעם יסורים־פולן וועג.

מיטן אָפּשלוס פון סעמינאַר האָבן זיך אַנטפּלעקט וויכטיקע נשמה־יסודות, האָט זיך אַרויסגעשיילט דאָס וואָס איז געווען פאַרהוילן אונטערן אַש פון דער גרויער וואָ־כעדיקייט. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די ווערטער וועגן דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס מ'האָט אַרויסגערעדט מיט אַן אינערלעכן פייער און מיטן גאַנצן ברען פון דער נשמה — פאַלן אויף טויבע אויערן, שטויסן זיך אָן אויף אַ בלינדער וואַנט פון ניכטערקייט און גלייכגילט. אָבער די ווערטער האָבן אָפּנים געטאָן זייערס, זיי האָבן פאָרט באַווירקט. נישט איין מאָל האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז די רייד ווערן אויפגענומען אָן אַן אינערלעכן אויפברויז, „מצוות אנשים מלומדה״, אָן אַן אינערלעכן אָפּקלאַנג. אָבער די טעג פון סיום האָבן באַוויזן, אַז די ווערטער זיינען נישט געגאַנגען אין ניוועץ; נאָר געגראָבן אין געמיט לאַנגזאַם און שטילערהייט.

דער לעצטער פייערלעכער אָפּשייד־אָוונט האָט דערהויבן דעם צוזאַמענקום צו אַ הויכפּונקט. אַ פאַרבאָרגענע האַנט פון גורל האָט פאַרוואַנדלט די מסיבה אין אַ דראַמאַטישן צוזאַמענשטויס פון נאָענט־ווייטע שיכטן פון פאָלק. יצחק גרינבוים האָט גערעדט דברים כבושים, דורכגענומען מיט דעם גרויסן ציטער און זאָרג פאַרן עיקר — דעם יסוד היסודות וואָס די חלוצישע מחנה טוט מכלומרשט פאַרנאַכלעסיקן. ס'האָט אַרויסגעשריגן אַ סך ווייטאָק פון די רייד. זיי האָבן געברענט און אויפגע־רודערט דאָס געמיט. אָבער דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט דער אָפּגרונט צווישן אים און צווישן די יעניקע צו וועמען ער האָט גערעדט. וויפיל טראַגישקייט האָט געשטעקט אין דעם, וואָס פאַר אָט דעם מאַן — אונדז אַלעמען טייער און ליב — איז נאָך גע־בליבן עד היום שטום איין סטרונע, די יסודותדיקע וואָס זאָגט אַזוי פיל צום האַרץ פון יידישן יוגנטלעכן און רופט אַרויס אַנדערע טענער און קלאַנגען, פון אַ גאַנץ אַנדערער צוקונפט. און נאָך אים האָט גערעדט יצחק טאַבענקין. זיין וואָרט האָט זיך געריסן ווי אַ פייער־צונג און אָנגעצונדן אין האַרץ דעם עיקר: נישטאָ קיין אַנדער ציוניזם אַחוץ דער ציוניזם פון אַרבעט. ס'איז געווען אַ געפּיל ווי אַ צוזאַמענשטויס צווישן אייזן און שטאָל...

און נאָך די דאָזיקע ווערטער וואָס האָבן אַנטפּלעקט די גאַנצע ערנסטקייט פון דעם דאָזיקן אָנגעצייכנטן לעבנסוועג, זיינען געקומען שעהן, דורכגענומען מיט האַרציקייט, נשמהדיקייט, מיט אמתער חברשאַפט, מיט גייסטיקער דערהויבונג. מען איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט ביזן גרויען מאָרגן. מ׳האָט געפילט, אַז אַלע לעבן טיף איבער די דאָזיקע שעהן.

אָבער מיט דעם אָפּשייד־אָוונט אַליין האָט מען זיך נישט באַנוגנט. די געזעגע־נונג מיטן סעמינאַר האָט זיך געצויגן לאַנגע טעג. מ׳האָט נאָך אַלץ — טעג נאָכן סיום — נאָך געלעבט צוזאַמען אין אונטערשטן שטאָק פון דער סעמינאַר־דירה. יעדן טאָג האָט מען באַגלייט אַנדערע חברים וואָס זיינען זיך צעפאָרן אַהיים. יעדן אָוונט פלעגט מען זיצן אין אַ חברשער מסיבה און שמועסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און אַמאָל ביז העט אין דער פרי. דאָס איז געווען אַ געטרייע חברשאַפט פון מענטשן וועמען ס׳האָט פאַראייניקט איין געמיינזאַמע זאַך — סיי די חברים פון ארץ ישראל, סיי אונדז אַלעמען. און אין צענטער פון אַלץ איז געשטאַנען ארץ ישראל; מ׳האָט געהאַט אַ געפיל, אַז די דאָזיקע שעהן כישופן, צויבערן. אַ גרויס גליק און פרייד האָט פאַרפלייצט דאָס האַרץ, וואָס מ׳האָט זוכה געווען צו גיין אויף דעם דאָזיקן וועג.

אָט יענע שעהן וועלן תמיד בלייבן אין זכרון.

(מ. ב—י)

פון בוך: חלוצים אין פוילן — באַנד 1, ניו יאָרק, 1939

# יארן איין – יארן אוים

## ראשי פרקים צו א כראָניק פון 525 יאָרן יידן אין וואַרשע

## 1939 — 1414

**צונויפגעשטעלט לויט די ווערק פון:**

מאיר באַלאַבאַן
יצחק גרינבוים
אברהם לעווינסאָן
מתתיהו מיזיש
עמנואל רינגעלבלום
יעקב שאַצקי

1241 — **ווערט די שטאָט וואַרשע דאָס ערשטע מאָל דערמאָנט אין דער געשיכטע.**

1414 — **יידן דאָס ערשטע מאָל דערמאָנט אין דער געשיכטע פון וואַרשע.**

1425 — **אָ שמש דערמאָנט אין וואַרשעווער דאָקומענטן; אַ סימן — עס איז דאָ אַ בית המדרש.**

1430 — **עס איז שוין דאָ אַ „יידישע גאַס" אין וואַרשע. 10 משפחות צאָלן שוין שטייערן. נפשות — בסך הכל אַרום 120.**

1454 — **יידישע באַנקירן אין וואַרשע. רדיפות. השפעה פון אינקוויזיטאָר קאַפּיס־טראַנאָ. גירוש אויף עטלעכע יאָר.**

1460 — **אַ רב ווערט דערמאָנט אין דאָקומענטן פון וואַרשע.**

1483 — **אַלערליי יידישע בעלי מלאכות אין וואַרשע. מיעשטשאַנעס פועלן אויס אַ גירוש ביי מלכות. אָנהויב פון הונדערטער־יעריקן געראַנגל פאַרן יישוב אין וואַרשע. כראָניקעס דערמאָנען מערערע יידישע רופאים.**

1486 — **יידן קערן זיך ווידער אום קיין וואַרשע. בעיקר אין נייע שטאָט-טיילן.**

1491 — **פון דעם יאָר ביז 1498 דערשיינען אָפט יידישע נעמען אין די געריכטס־אַקטן פון פּראָצעסן פון גוים קעגן יידן און יידן קעגן יידן.**

1498 — **פון דעם יאָר ביז 1524 פאַרשווינדן כמעט ידיעות וועגן יידן אין וואַרשע־ווער דאָקומענטן. פאַראַנען סימנים, אַז אַ גירוש איז ווידער פאָרגעקומען.**

1527 — **מלך זיגמונט דער ערשטער אין אַ דאָקומענט „דע נאָן טאָלעראַנדיס יודע־אָרום" פאַרביט „אויף אייביק" יידן צו וווינען אין וואַרשע. געבליבן איז נאָר דער גביר משה דער פאַכטער.**

1529 — **נאָך אַ פּאָגראָם אויף זיין נחלה פאַרלאָזט אויך משה דער פאַכטער — וואַרשע.**

1530 — **דערלויבט יידן־יחידים צוליב וויכטיקע עסקים צו קומען קיין וואַרשע.**

1570 — **מלך זיגמונט אויגוסט פאַרמולירט אויפסניי — און שאַרפער — דעם „אייביקן פאַרבאָט" פון מלך זיגמונט. אַ סימן, אַז דער יישוב האָט ווידער אָנגעהויבן צו וואַקסן.**

1577 — מלך סטעפאַן באַטאָרי׳ס דעקרעט קעגן בלוט־בלבולים אויף יידן.

1584 — קראָקעווער יידן פירן אָן אין וואַרשע אַ סיסטעמאַטישן גרויס־האַנדל מיט פערד.

1595 — וואַרשע ווערט הויפּטשטאָט פון דער מלוכה, גרויסער האַנדלס־צענטער. יידישער יישוב וואַקסט — נישט געקוקט אויף אַלע נגישות.

1596 — עלילת דם, אינקוויזיציע און עקזעקוציע פון די יידישע ברידער משה און יהודה — בני יקותיאל.

1613 — באַנייונג פון יידישן וווין־פאַרבאָט פון 1527. (דאָס נעמלעכע שפּעטער אין די יאָרן 1676, 1768,1710 א. אַ. אָבער פאַרבאָט איז פאַרבאָט און יישוב איז געבליבן).

1625 — ערשטער שמד אין וואַרשע; דער ספרדישער מקובל פון צפת — יהודה יונה בן יצחק.

1638 — ביז דעם יאָר 1676 — יאָרן פון דעם שתדלן, דעם גביר מרדכי נעקעל און זיין משפּחה. ער שטאַרבט אין יאָר 1660 — און זיין זון משה בן מרדכי איז ממשיך.

1643 — אַ געוויסער אַדאַם יאַזשעמבסקי גיט אַרויס אַ געגראַמטע באַשרייבונג אין פּויליש פון די יידן אין וואַרשע: זיי לעבן אין גרויסער אָרעמשאַפט און זיי־נען זיך מפרנס פון מסחר.

1648 — יאָר פון גזרת ת״ח. יידן אַנטלויפן קיין פּוילן, אָבער וואַרשע איז שאַרף פאַרשלאָסן. אפילו מרדכי נעקעלס שתדלנות העלפט ווייניק און נאָר יחידים.

1649 — ביז 1673,יאָרן פון די מלכים יאַן קאַזימיעזש און מיכאל ווישניאָוויעצקי. פאַרגרינגערט אַביסל די יידן־נגישות. יתומים פון גזרת ת״ח ות״ט ווערן גע־שטעלט אונטער דער אַפּוטרופּסות פון דער וואַרשעווער קהילה.

1674 — ביז 1696 — יאָרן פון מלך יאַן סאָביעסקי. בדרך כלל — נישט שלעכט לגבי יידן, נאָר נישט לגבי יידן אין וואַרשע. אין דעם יאָר איז געפּראַוועט געוואָרן אַ רייכע, הוטשנע יידישע חתונה אין וואַרשע — מיט „כלי זמרים און קונצן־מאַכערס פון 18 אומות" — פאַרצייכענען היסטאָרישע אַקטן...

1676 — ווידער איינע פון די פּעריאָדישע באַנייונגען פון אַנטי-יידן דעקרעט פון 1527. דאָס זעלבע נאָך 6 מאָל ביז דעם יאָר 1770.

1686 — אויפקום פון אַ נייער סעריע „יורזדיקעס" — יישובים אַרום וואַרשע, וואָס באַלאַנגען צו פּריצים און ווו יידן מעגן וווינען אָן באַגרעניצונגען; כסדר אַריינקומען אין וואַרשע און פירן מסחרים און זיין בעלי מלאכות.

1693 — גרינדונג פון דער „יורזדיקע" — וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער שטאָט-טייל „ביים אייזערנעם טויער".

1702 — 1705 און 1711 — יאָרן פון שוועדיש־זאַקסיש־רוסישע מלחמות. שווערע מגפות. וואַרשע פאַרלירט 30 טויזנט נפשות — ווער ווייסט וויפל יידן.

1712 — אַ דייטשער רייזנדער באַשרייבט דאָס מלחמה־ און מגפה־געליטענע וואַרשע. דערמאָנט, אַז ער האָט אין שטאָט אפילו קיין איין ייד נישט געזען.

1730 — פון אַ באַריכט פון דער „סוחרישער מיטברודערשאַפט" ווערט קלאָר, אַז אין וואַרשע איז ווידער דאָ אַ היפּשער יישוב. מען רעדט נישט מער פון אַן אַבסאָלוטן גרוש און נייערט צווימונג פון יידישן אויסשפּרייט.

1750 — יידישער מצב אין וואַרשע ווערט רעגולירט דורך דעם קרוין־מאַרשאַלעק. עס ווערט איינגעפירט דער „טאָג־צעטל" פאַר יידן, וואָס קומען האַנדלען קיין וואַרשע. דער אָפּצאָל איז 15 גראָשן פאַר יעדע 5 טעג. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ מין קהילה מיט יידישע „סינדיקעס" לגבי דער מאַכט. די קהילה עקזיסטירט ביז 1766, און די אינסטיטוציע פון די סינדיקעס ביז 1795. צוליב זייערע פליכטן לגבי דער מאַכט ווערן די סינדיקעס שטאַרק פאַרהאַסט ביי וואַרשעווער יידן.

1759 — דער פאַלשער משיח יעקב פראַנק שמדט זיך אין וואַרשע מיט עטלעכע הונדערט אָנהענגער זיינע.

1764 — 1365 יידישע נפשות ציילט וואַרשע.

1765 — 2519 יידישע נפשות אין וואַרשע. וווינען אין 45 הויפן.

1775 — באַפעל צו פאַרטרייבן יידן פון דעם ביישטאָטישן יישוב „נאָווא יעראָזאַלימא". באַפעל — נישט אויסגעפירט ווי געהעריק. אין דעם יאָר האָט וואַרשע 9 יידישע דאָקטוירים, 3 יידישע אַפּטייקערס, הייבאַמען און פעלטשערס. אויך נישט־יידן היילן זיך ביי יידן.

1776 — מיעשטשאַנעס נעמען דאָס רעכט אין די אייגענע הענט און פירן דורך אַ פּאָגראָם אויף יידישן האָב און גוטס אין „נאָווא יעראזאלימא". רעזולטאַט: פאַרשאַרפונג פון גרוש — חוץ די „טאָג-צעטל"-אויסקויפערס.

1780 — וויכוח אין פּראַגע ביי וואַרשע צווישן דעם בריסקער רב און דעם חסידישן רבי לוי יצחק פון זשעלעכאָוו, שפּעטערדיקן לוי יצחק בן שרה מבאַרדיטשעוו. דער בריסקער איז אַרויס מיט אַ נצחון פון וויכוח.

1781 — 6700 נפשות אין פּראַגע ביי וואַרשע — פון זיי — 5,000 יידן. פּראַגע האָט שוין זינט 1764 אַ בית עולם. אין וואַרשע גופא 3532 יידישע נפשות. אין דעם יאָר זיינען אין וואַרשע געווען 22 פאַלן פון שמד.

1782 — דער וואַרשעווער גלח פּיאָטר שוויטקאָווסקי טרעט אַרויס אין דער פּרעסע קעגן דער שאַנדע פון אָנפאַלן אויף יידן, באַזונדערס אין די חגא־טעג.

1784 — גרוש פון יידן פון דעם שטאָט־טייל „קראַקאָווסקיע פּשעדמיעשטשיע" — דערפאַר די פּריווילעגיע צו באַזעצן זיך אין „פּאָטשיעיאָוו".

1788 — ביז 1792 גרויסער „פיר־יעריקער סיים". פּריווילעגיע פאַר יידן צו האַנדלען און וווינען אין דער צייט אין וואַרשע.

1790 — אַ פּאָגראָם אויף יידישע קרעמערס דורך פּוילישע האַנטווערקערס. אינטערפּעלאַציע אין סיים לטובת יידן מצד דעם דעפּוטאַט בוטרימאָוויטש.

1792 — אין 370 הויפן וווינען 6,750 יידישע נפשות. עס זיינען דאָ 15 יידישע אַכסניות, אויך 5 שטעמפּל־מאַכערס, אַ ספּעציעל יידישער פאַך.

1794 — יידן פון וואַרשע קעמפן צוזאַמען מיט די פּאָלאַקן אין אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד. דעם 2טן נאָוועמבער פאַלט העלדיש דער יידישער פּאָלק פון 500 רייטער אַרום די מויערן פון וואַרשע־פּראַגע. דעם גענעראַל פון פּאָלק בערעק יאָסעלעוויטש — געלינגט עס צו אַנטרינען קיין מערב־אייראָפּע. נאָך דער מפּלה האָט דער פּראַגער גביר און שתדלן שמואל זביטקעווער אויסגעקויפט די געראַניעטע און די הרוגים פון יידישן פּאָלק—צאָלנדיק אַ דוקאַט פאַר אַ לעבעדיקן ייד און אַ זילבערנעם רובל פאַר אַ הרוג.

1795 — דריטע צעטיילונג פון פוילן. אָנהויב פון גרויסן אויפשוווּנג פון יישוב. יידן באַקומען לעגיטימע וווינרעכט אין וואַרשע. ווערן געצוווּנגען אָנצונעמען דייטשע נעמען. סוף פון די „סינדיקעס". אָנהויב פון דער תקופה פון גרויסע שתדלנים.

1799 — השפּעות פון דער „פּרייסישער תקופה" — 1806-1795. עס עפנט זיך אַ רעפאָרמירטע „דייטשע" סינאַגאָגע. 13 יידישע בענק אין וואַרשע, לרוב פון פּרייסישע יידן. ערשטער יידישער שפּיטאָל — אויף נאַוואַליפּיע־גאַס. אָנהויב פון אַן אייגענעם בית עולם אין וואַרשע. ביז איצט האָט מען מקבר געווען אין פּראַגע און אין די אַרומיקע שטעטלעך. עס שאַפט זיך אַן אויבערשטער יידישער קלאַס אין וואַרשע, וואָס רעדט דייטש, פּויליש, רוסיש; פראַנצויזיש אפילו. די גרויסע מאַסע בלייבט ביים מאַמע־לשון.

1800 — צאָל יידן אין וואַרשע 9,724.

1801 — ד״ר שלמה עטינגער, דער „עלטער־זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור", געבוירן אין וואַרשע. ער האָט יאָרן־לאַנג פּראַקטיצירט אין זאַמאָשץ, ווו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1856.

1804 — אַ שטיין פאַלט אויף אַ צלם בשעת אַ פּראָצעסיע. בלבול, אַז יידן האָבן געוואָרפן פּראָוואָצירט אַ פּאָגראָם אויף יידישע קראָמען. מיליטער אינטערווענירט.

1805 — וואַרשע האָט שוין אָפיציעל גרויסע יידישע צדקה-אינסטיטוציעס: ביקור חולים, מלביש ערומים, חברה קדישא — וואָס האָבן עקזיסטירט ביזן חורבן.

1806 — גענשער בית עולם אָפיציעל דערעפנט. קהילה ווערט אָנגעפירט דורך 3 פּרנסים. נאַפּאָלעאָן אין וואַרשע. באַגריסט פון אַ משכילים־דעלעגאַציע, דערלאַנגט אים אַ לויב־הימן אין לשון קודש און פראַנצויזיש. אויפגעבויט די גרויסע שיל אין פּראַגע. געשטאַנען ביזן חורבן.

1807 — אָנהויב פון דער קורצער, נאַפּאָלעאָנישער, תקופה פון „פירשטנטום וואַרשע", דויערט ביז 1813.

1808 — צאָל יידן אין וואַרשע 11,911 אויף 68,411 איינוווינער. אין גאַנצן פירשטנטום 204,834 יידישע נפשות אויף 2,615,000 איינוווינער.

1809 — באַגרעניצונג פון יידישן וווינרעכט אין אַ גאַנצער שורה מאָדערנע גאַסן אין וואַרשע. בלייבן מעגן גבירים מיט לפּחות 60 טויזנט גילדן פאַרמעגן, וואָס קענען כאָטש איין מערב-אייראָפּעיש לשון. אין מאַי, אין אַ שלאַכט מיט עסטרייכישן מיליטער געפאַלן דער יידישער גענעראַל בערעק יאָסעלעוויטש.

1810 — צאָל יידן אין וואַרשע 14,601. דער „טאָג־צעטל", די לאַנגיעריקע אָנשיקעניש פאַר יידן — נישט שטענדיקע איינוווינער אין וואַרשע אָפיציעל אָפּגעשאַפט, אָבער נישט אין דער פּראַקטיק.

1812 — צוליב די בהלות און מלחמות פאַלט די צאָל יידן אין וואַרשע ביז 8,000. אין דעצעמבער פאָרט דורך וואַרשע דער קייזער נאַפּאָלעאָן, אַנטלויפנדיק פון רוסלאַנד.

1813 — דעם 18־טן פעברואַר — אַריינמאַרש פון טריומפירנדיקן רוסישן גענעראַל קאָרף. די תקופה פון „קאָנגרעס־פּוילן" הויבט זיך אָן. נייע נגישות, נייע קאַמפן, נייע מפּלות און נייע האָפענונגען פאַרן וואַרשעווער יידישן ישוב.

1815 — צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער אין וואַרשע, נעמט אויף יידישע דעלע־גאַציע, וואָס פועלט אָבער זייער ווייניק. פאַרבאָט פון יידישע שענקען. ווייטערדיקע באַגרעניצונג פון וווינרעכט אין אַ רייע גאַסן: גראַניטשנע, לעשנאָ, יעראָזאָלימסקע, א. א.

1816 — די וואַרשעווער בערזע געגרינדעט; עטלעכע יידן צווישן אירע מיטגרינ־דערס.

1819 — ערשטע מאָדערנע יידישע עלעמענטאַר־שול געגרינדעט דורך יעקב טוגנד־האָלד, מחבר פון יודאַיסטישע ווערק אין פויליש. רב הכולל אין וואַרשע ווערט דער גרויסער למדן שלמה זלמן ליפשיץ. (1765־1839).

1822 — יידישע קהילה אין וואַרשע סוספּענדירט. איינגעפירט דעם „דאָזאָר באָזש־ניטשי" איבער בתי תפילה, בית עולם און ראַבינאַט.

1823 — אַנטאָני אייזנבאום הויבט אָן אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט אין פויליש און יידיש: „דאָסטשעגאַטש נאַדווישלאַנסקי" — „דער בעאָבאַכטער אָן דער ווייכסעל".

1824 — דער „טאָג־צעטל" ווידער אָפיציעל איינגעפירט. צוליב אַ נייער גזירה צו פאַרלאָזן אַ צאָל גאַסן — ווערן שטאַרק פונאַנדערגעבויט די נאַלעווקעס און די פראַנציסקאַנער.

1825 — אין וואַרשע זיינען דאָ — לויט אַ רשימה — 123 גבירים, וואָס זיינען אימ-שטאַנד צו צאָלן 500 גילדן רעקרוטן־שטייער. לויט אַ שתדלנות ווערט גע־גרינדעט דער „קאָמיטעט סטאַראָזאַקאָניך" — אויף צו לינדערן דעם נויט־מצב פון וואַרשעווער אָרעמע מאַסן.

1826 — די ראַבינער־שול געגרינדעט. עקזיסטירט ביז 1863. אירע אַבסאָלווענטן ווערן זעלטן — רבנים. געענדיקט האָבן די שול בסך הכל 1,209 תלמידים. די מייסטע זיינען געוואָרן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן. די שולע איז געשלאָסן געוואָרן מצד דער רוסישער מאַכט צוליב איר צו שטאַרקן פוילישן פּאַטריאָטיזם.

1829 — דערשיינונג פון אַן עקסטרעם־אַנטיסעמיטישן בוך פון גלח קיאַריני, באַשול־דיקונג אין עלילת דם.

1831 — וואַרשעווער יידן באַטייליקט אין פוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד. צאָל יידן אין וואַרשע 31,384 — 25 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג. אין גאַנץ פוילן 373 טויזנט; 10 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. נתן שריפטגיסער גרינדעט אַ גרויסע דרוקעריי אין וואַרשע. אָנהויב פון דער א. ג. פּאַסקעוויטש־תקופה, דעם צאַרישן רעגענט איבער פוילן. (1782-1856).

1832 — יידישע דעלעגאַציע ביים רעגענט פּאַסקעוויטש; צוזאָג פון פאַרלייכטע־רונגען.

1835 — גזירה: יידן מעגן קויפן הייזער נאָר אין גאַסן, וווּ זיי מעגן אויך וווינען אין וואַרשע. דאָס יידישע שפּיטאָל ציט זיך אַריבער אויף פּאָקאָרנע־גאַס; 120 בעטן.

1836 — חיים זעליג סלאָנימסקי׳ס (1810־1904) בוך „תולדות השמים" מאַכט אַ גרויסן רושם. סלאָנימסקי׳ס קולטור־השפּעה וועט זיין גרויס אין וואַרשע אין די קומענדיקע יאָרצענדלינקער.

1837 — יידישע נפשות אין וואַרשע:36,413. 42,185 „טאָג־צעטלען" אַרויסגעגעבן.

1839 — אַ קורצע צייט שפּילט אַ יידיש טעאַטער אין וואַרשע. צוליב אַ מסירה — פאַרמאַכט. פּטירה פון באַליבטן רב הכולל רבי ש. ז. ליפשיץ. גרויסע אבילות — אַ חודש צייט. פרויען טאָרן נישט טראָגן קיין קשוטים. נייער רב הכולל: הרב רבי חיים דאַווידזאָן.

1840 — יידישע באַפעלקערונג: 37,039; 405 משומדים. ווינער וואָקזאַל ווערט געבויט. יידן מוזן פאַרלאָזן יענע געגנט. פאַרשטאַרקן דעם נאַלעווקער ראַיאָן, וואָס צעוואַקסט זיך פון איצט אָן אין אַ גרויסן אינדוסטריעל־ קאָמערציעלן צענטער.

1842 — די הוצאות פון דער וואַרשעווער קהילה אין דעם יאָר — 300 טויזנט גילדן.

1845 — צאָל יידן 43,820. 27 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. 17 באַנקירן יידן, 20 — נישט־יידן. חוץ דעם 166 געלטלייערס, 27 חלפנים. צווישן 6,038 סוחרים — 3,857 יידן. עס וואַקסט שנעל דער וווילשטאַנד אָבער אויך די נויט פון די אָן־פּרנסהדיקע. 13,302 אַלערליי בעלי מלאכות, צווישן זיי 6,634 יידן.

1846 — משה מאָנטעפיאָרע באַזוכט וואַרשע אויפן וועג פון לאָנדאָן קיין סט. פּעטערסבורג. גזירה קעגן יידישער הלבשה.

1847 — יידישער וווין-שטח אין וואַרשע ווידער פאַרקלענערט, אָבער נישט אויף לאַנג.

1849 — 439 גרויס־סוחרים אין וואַרשע — 231 יידן. 1,101 קראָמען — 891 יידישע.

1850 — די פּאָסט האָט אָנגעשטעלט 5 יידישע בריוו־טרעגערס צו קענען לייענען די אַדרעסן מיט יידישן כתב אויף אָנקומענדיקע בריוו.

1851 — צאָל יידן אין וואַרשע 43,176. פרויען און מענער — גלייך אויף גלייך.

1852 — געשטאָרבן אַנטאָני אייזענבאום. געבוירן 1791.

1854 — נפטר געוואָרן דער רב הכולל רב חיים דאַווידזאָן, וואָס איז צו זיינע 80, אין יאָר 1839 געוואָרן הויפּט-רב. נייער רב הכולל: רבי דב בעריש מייזעלס.

1855 — טויט פון פעלדמאַרשאַל איוואַן פּאַסקיעוויטש, סוף פון זיין — אַביסל מילדערער — תקופה פאַר די יידן אין וואַרשע.

1856 — קענטיק די גרויסע השפּעה פון הרב מייזעלס. (1798־1870) זיין דרך: שטאַרקער פּוילישער פּאַטריאָטיזם — שטאַרק אָפּהיטן יידישע אידענטיטעט. יאָרן פון פּוילישן רעגענט אַלעקסאַנדער וויעלאָפּאָלסקי — וועלן געדויערן ביזן אויפשטאַנד 1863. יאָרן פון פולער יידישער עמאַנציפּאַציע — אָפּיציעל. צווישן 108 דאָקטוירים אין וואַרשע — 23 יידן.

1857 — יידישע נפשות — 40,922 אין וואַרשע. צווישן 119 וועלטלעכע שולעס — 6 פאַר יידישע קינדער. ערשטע גאַז־לאַמטערנעס. גאַסן ווערן וויניקער געפערלעך פאַר יידן.

1858 — ערשטע עפנטלעכע יידישע ביבליאָטעק ביים „פאַראיין פון האַנדלס־אָנגע־שטעלטע פון משהס גלויבן", אָדער „חברה משרתים". אָפיציעל אין שטאָט פאַרצייכנט 7,733 מתפללים אין 142 בתי תפילה.

1859 — באַזוך פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין וואַרשע. יידן זיינען זיך משתתף אין קבלת פנים. נאָך דער פטירה פון אַלטן קאָצקער רבין באַזעצט זיך ר' איטשע מאיר אַלטער אין גער ביי וואַרשע. ווערט דעם קאָצקערס יורש עצר. קומט גאָר אָפט קיין וואַרשע, וואָס דאָס איז גורם אַ שטאַרקונג פון וואַרשעווער חסידות. רב איטשע מאיר — געבוירן 1785 — האָט אַ מוראדיק טראַגיש משפחה־לעבן. פון 13 זין בלייבט לעבן נאָר איינער, און דעם לעבט ער אויך איבער... ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1870.

1860 — „איזראַעליטאַ", אַ וואָכנבלאַט פאַר יידן אין דער פוילישער שפּראַך, רע־דאַקטאָר דניאל נייפעלד, הויבט אָן צו דערשיינען. וועט דערשיינען ביזן יאָר 1908. גרויסע גאַסן-דעמאָנסטראַציעס צום 30טן יאָרטאָג פון פוילישן אויפשטאַנד. יידן שטאַרק באַטייליקט. 40,723 יידישע נפשות אין וואַרשע.

1861 — מילדערע שטימונג לגבי יידן מצד פאָלאַקן. יידן באַטייליקן זיך דאָס ער־שטע מאָל אין מוניציפּאַלע וואַלן. משכילים גרינדן אַ יודאַיסטישע ביב־ליאָטעק — שפּעטערדיקע ביבליאָטעק ביי דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע.

1862 — יידן אין שטאָטראַט: איגנאַצי נאַטאַנסאָן, מאַטיאַס ראָזען, הענריק טעפּליץ; יידן באַקומען פרייע וווינרעכט אומעטום אין וואַרשע; רעכט אויף האַנדל און מלאכה, רעכט צו קויפן לאַנד און באַאַרבעטן. חיים זעליג סלאָנימסקי הויבט אָן אַרויסצוגעבן דאָס וואָכנבלאַט „הצפירה". הרב ד. ב. מייזעלס קערט זיך אום קיין וואַרשע נאָך עטלעכע יאָרן פּאָליטישער פאַרשיקונג. צווישן 296 בוכהאַנדלונגען אין וואַרשע געהערן 130 צו יידן. פרומע יידן שטורעמען יידישע געשעפטן, אפילו פון משומדים, וואָס זיינען אָפן שבת. צוליב געזעצלעכע פאַרלייכטערונגען — שטאַרקער צופלוס פון ליטווישע יידן. דניאל נייפעלד גיט אַרויס אַ פוילישע חומש-איבערזעצונג.

1863 — שטאַרקע באַטייליקונג פוו וואַרשעווער יידן אין פוילישן אויפשטאַנד קעגן צאַריזם. אין אַ שותפותדיקער לוויה פון יידישע און פוילישע אויפשטענד־לער נעמען אָנטייל סיי דער אַרציביסקופּ און סיי הרב מייזעלס. פאַר־שטאַרקטע יידיש־פוילישע פאַרברידערונג פאַרגרעסערט אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. די רוסישע רעגירונג פאַרמאַכט די ראַבינער־שול. די קהילה אונטער חסידיש־מתנגדישער אָנפירונג ביזן יאָר 1870.

1864 — די צאָל יידישע נפשות — 72,000. דער דרוקער אָרגעלבראַנד גיט אַרויס אַ מאָנומענטאַלע ש״ס־אויפלאַגע פון 12 טויזנט עקזעמפּלאַרן — מיט אַ הסכמה פון דעם חידושי הרי״ם.

1865 — ערשטע פערד־טראַמווייען אין וואַרשע, אָבער גלייכצייטיק אַ גוט־אָרגאַני־זירטע נעץ פון יידישע דיליזשאַנסן אין שטאָט, און בוידן פאַר דער פּראָ־ווינץ. די צענטראַלע סטאַציע — פּלאַץ קראַשינסקיך. וואַרשע דרוקט אין דעם יאָר 36 ביכער און ספרים אין לשון קודש און יידיש. אימפּאָרטירט 748 ווערק פאַר יידן אין 163,435 עקזעמפּלאַרן.

1866 — געשטאָרבן מאטיאס ראָזען — געבוירן 1804 — אָפּט און יאָרן-לאַנג פּרע־זעס פון דער וואַרשעווער קהילה. זיין אידעאַל: רעליגיעזע אָפּגעזונדערט־קייט — קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע פּוילישע אַסימילאַציע. דער דאָזיקער גייסט האָט אין דער קהילה דאָמינירט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער וואַרשעווער גביר לעאָפּאָלד קראָנענבערג בויט די וואַרשע־בריסקער באַן.

1867 — באַזוך פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. גיט באַפעלן קעגן דער פּאַר־יידישונג פון דער שטאָט. אַ קורצע צייט דערשיינט די דייטשמערישע „וואַרשויער יידישע צייטונג". עס אַנטשטייען פאַבריקן, ווו נאָר יידישע אַר־בעטער זיינען באַשעפטיקט. די פאַבריקן האָבן לרוב קליינע, אייגענע שילעכלעך.

1868 — יידיש טעאַטער אויף די נאַלעווקעס. שפּילט — משמעות — 2 יאָר לאַנג. ליטווישע יידן און חסידישע יידן פון דער פּראָווינץ קומען אין מאַסן קיין וואַרשע.

1869 — וואַרשע האָט מערערע יידישע פינאַנץ־מאַגנאַטן. צווישן זיי — די טעפּלי־צעס, עפּשטיינס, נאַטאַנסאָנס, פּרענקעלס, בלאָכס, ווערטהיימס א. אַ.

1870 — צאָל יידן 89,318. צאָל משפחות — 16 טויזנט. פּטירה פון הרב ד. ב. מייזעלס — דעם רב הכולל. זיין דעמאָנסטראַטיווע לוויה — די גרעסטע, וואָס וואַרשע האָט ווען עס איז געזען. זיין צוואה פון אחדות פון יידן מיט פּאָלאַקן ווירקט נאָך לאַנגע יאָרן, כמעט ביזן גורלדיקן יאָר 1881. זיין ממלא מקום איז הרב יעקב געזונטהייט. ער רעזיגנירט דריי יאָר שפּעטער. פון דעם יאָר ביז 1896 ווערט די וואַרשעווער קהילה אָנגעפירט דורך ד"ר לודוויק נאַטאַנסאָן.

1872 — אין וואַרשע 5,573 יידישע בעל מלאכות, וואָס זיינען מפרנס בסך הכל 17,687 נפשות, כמעט אַ פערטל פון אַלע — אין יענעם יאָר — פּראָדוק־טיוו באַשעפטיקטע יידן. 449 יידישע גימנאַזיסטן אין וואַרשע.

1873 — זינט דעם יאָר באַשטייט דער וואַרשעווער ראַבינאַט פון צען דיינים, יעדן חודש ווערט אַן אַנדערער מורה הוראה — דער יושב ראש.

1874 — געלייגט דעם יסוד פאַר דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. זי וועט עקזיס־טירן 65 יאָר.

1876 — יצחק לייבוש פּרץ לערנט אין וואַרשע אויף פּריוואַט־אַדוואָקאַט.

1878 — אָפיציעלע דערעפענונג פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. דער געגשער בית עולם פולשטענדיק רעגרופּירט. אויפבוי פון קהילה־הויז אויף גזשיבאָוו־סקע־גאַס. אינאַוגורירט די „יודאַיסטישע ביבליאָטעק". אין 1896 וועט זי פאַרמאָגן צען טויזנט ווערטפולע יודאיקא. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה — 33 טויזנט.

1881 — 25טן דעצעמבער — צוליב אַ פּראָוואָקאַציע אין אַ קירכע — ברעכט אויס אַ פּאָגראָם אין וואַרשע, דער גרעסטער ביזן חורבן. געבליבן אין דער גע־שיכטע מיטן נאָמען „דער ראַבונעק". 3 יידן געהרגעט, 24 פאַרוווּנדעט, 2,000 דירות און קראָמען צעראַבעוועט. דער שאָדן — איבער אַ מיליאָן רובל. דער פּאָגראָם האָט געדויערט עטלעכע טעג און נעכט. — — צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — 127,917.

1882 — צוליב דער פּאָגראָמען־כוואַליע אין גאַנץ רוסלאַנד באַזעצן זיך מאַסן רוסי־שע יידן אין וואַרשע. די פּאָלאַקן רופן זיי „די ליטוואַקעס". אין דעם יאָר זיינען דאָ אין וואַרשע 1,290 יידישע הויז־ווירטן.

1883 — וואַרשע ווערט קאַנאַליזירט. אָבער די יידישע גאַסן — צום סאַמע לעצט.

1884 — וואַרשע האָט 145 טויזנט יידישע נפשות. די קהילה האָט 4,440 עטאַט־צאָלערס.200 צאָלן ביז 150 רובל אַ יאָר. 2,000 פון 2 ביז 4 רובל. 390 פאַררעגיסטרירטע חדרים מיט 5,748 קינדער — און זיכער טאָפּלט אַזויפיל חדרים אין די פּרוואַטע דירות פון די מלמדים.

1885 — וואַסערלייטונג אין וואַרשע. צום לעצט אין די יידישע גאַסן. גאָלדפאַדן פירט אָן צוויי יאָר מיט אַ יידיש טעאַטער.

1886 — נחום סאָקאָלאָוו הויבט אָן רעדאַגירן זאַמלביכער „האסיף". וואַרשע איז מיט דער צייט געוואָרן אַ העברעישער ליטעראַרישער צענטער. דער יידיש־ליטעראַרישער צענטער האָט אָבער אַלעמאָל דאָמינירט. די „הצפירה" ווערט אויף אַ ריי יאָרן אַ טאָג־צייטונג. מענדעלע מוכר ספרים באַזוכט וואַרשע אַלס גאַסט פון דעם פּוילישן שרייבער — מענדעלעס איבערזעצער — קלעמענס יונאָשא.

1887 — צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — 150,558. דינעזאָן באַקענט זיך מיט פּרצן און עס הויבט זיך אָן זייער פריינדשאַפט ביזן טויט. מרדכי ספּעקטאָר באַזעצט זיך אין וואַרשע.

1888 — עפּלבערגס „וואַרשעווער יידישע קאַלענדארן" הויבן אָן צו דערשיינען.

1889 — די גאַסן אין וואַרשע ווערן ברוקירט. די יידישע גאַסן ביים סאַמע סוף. פּרץ נעמט אָנטייל אין יאַן בלאָך׳ס סטאַטיסטישער עקספּעדיציע צו פאָרשן דעם מצב פון יידן אין פּוילן. באַזעצט זיך אין וואַרשע — ווערט אַן אָנגע־שטעלטער אין דער קהילה. אינספּירירט דורך די געשטאַלטן פון די וואַר־שעווער יידישע טרעגערס — שרייבט ער אין דעם יאָר זיין אומשטאַרביקע מיסטיש־סימבאָלישע מעשה „באָנציע שוויג".

1890 — דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט ציילט 965 סטודענטן, דערין 193 יידן. פּרץ גיט אַרויס די זאַמלביכער „די יידישע ביבליאָטעק". ווווינט אויף צעג־לאַנע 1. (די גאַס רופט זיך היינט: פּרץ־גאַס).

1891 — גירוש מאָסקווע ברענגט קיין וואַרשע אַ גרעסערע כוואַליע רוסישע יידן. דוד פּינסקי באַזעצט זיך אין וואַרשע אויף 5 יאָר.

1892 — כאָלערע־עפּידעמיע אין וואַרשע. גרויסע געזעלשאַפטלעכע יידישע אויפקלע־רונגס־אַקציע וועגן היגיענע אין קאַמף מיט דעם מוראדיקן אונטערגאַנג. פּרץ שרייבט אַ בראָשורע: ווער עס וויל נישט — שטאַרבט נישט פון דער כאָלערע.

1895 — יידישער הויז־באַזיץ אויסגעברייטערט כמעט איבער דער גאַנצער שטאָט וואַרשע. עס מערן זיך די כאַראַקטעריסטישע וואַרשעווער יידישע הויפן, וואָס זיינען אין דער אמתן אויך קליינע זיכערקייטס־פעסטונגען. 40 טויזנט יידישע היימען אין וואַרשע. פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך" דערשיינען רעגולער.

1897 — צאָל יידן אין וואַרשע 212,892. פונקט אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. ביז אַהער זיינען געווען אין וואַרשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יידישע גרופּירונגען. אין דעם יאָר איז אַנטשטאַנען דער „יידישער אַרבעטער־בונד אין פּוילן", וואָס האָט געשפּילט אַ כסדר וואַקסנדיקע ראָלע ביז דעם יאָר פון חורבן.

1899 — פּרץ אַרעסטירט 3 חדשים אין וואַרשעווער ציטאַדעל פאַר פּאָליטישער טעטיקייט.

1900 — די צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע 219,128. שלום אַש קומט דאָס ערשטע מאָל קיין וואַרשע, דרוקט זיין ערשטע מעשה „משהלע" אין וואָכנבלאַט „דער יוד", וואָס ווערט רעדאַגירט אין וואַרשע און געדרוקט, צוליב צענזור־סיבות, אין קראָקע.

1901 — ערשטער ליטעראַרישער יום טוב אין וואַרשע: פּרץ יובל — 50 יאָר לעבן, 25 יאָר שאַפן. עס דערשיינט אין וואַרשע דאָס ערשטע מאָל אַ גרויסע זאַמלונג פון ווערק, די פּרץ־יובל־אויסגאַבע.

1902 — צאָל יידן אין וואַרשע 263,824; 36 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

1903 — גרינדונג פון ציוניסטישן פאַרבאַנד „התחיה". עס שטייען צו צוו. אַנד.: יצחק גרינבוים, יוסף שפּרינצאַק, נח דאווידסאָן, נחום ראַפאַלקעס, נ. סירקין, אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס, משה קערנער. סיי די ציוניסטישע באַוועגונג אין וואַרשע, ווי אויך די דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן, האָבן אין גאַנג פון די יאָרן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין יידישן לעבן אין וואַרשע און איבער דער וועלט.

1904 — נאָך אַ באַזוך פון בער באָראָכאָוו אין וואַרשע — אויפקום און פונאַנדערבלי פון דעם פּועלי ציוניזם אין דער שטאָט. אומרוען צוליב רוסיש־יאַפּאַנישן קריג.

1905 — ערשטע גרויסע רוסישע רעוואָלוציע. דעמאָנסטראַציעס. טעראָר־אַקטן מצד דער צאַרישער זשאַנדאַרמעריע, פּאָליציי און מיליטער. שטאַרקער אָנטייל פון וואַרשעווער סאָציאַליסטישע יידישע פּאַרטייען אין די מאַניפעסטאַציעס. פאַרשטאַרקטע יסורים פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג צוליב די נגישות. (פּרטים אין מאמר פון א. ליטוואַק אין דער אַנטאָלאָגיע). דער דאַרשט נאָך פרישע נייעס פון איין זייט, טיילווייזע מילדערונג פון די צאַרישע געזעצן לגבי דער פּרעסע — פון דער אַנדערער, מאַכן מעגלעך דאָס דערשיינען פון די טאָגצייטונגען: דער וועג — רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי; דער טעלעגראַף — סירקין; יידישעס טאַגעבלאַט — ש. י. יאצקאן.

1906 — 15טן אויגוסט — פּאָגראָם אויף דער וואַרשעווער באַפעלקערונג מצד דעם גרויזאַמען פּאָלק פון די „וואָלינצעס". נקמה אַקט פון צאַרישן גובערנאַטאָר סקאַללאָן. באַזונדערס שטאַרק האָבן געליטן די יידן. דער טאָג איז אַריין אין דער געשיכטע פון וואַרשע ווי דער „בלוטיקער מיטוואָך". פופציק קרבנות זיינען געקומען צו קבר ישראל אויף דעם גענשער בית עולם, פינף

אויפֿן פּראַגער. פֿאַרשטאַרקטע טעטיקייט פֿון דער קולטור-געזעלשאַפֿט „הזמיר". עס הויבט אָן צו דערשיינען די פּויליש-יידישע וואָכנשריפֿט „גלאָס זשידאָווסקי".

1907 — מרדכי ספּעקטאָר גרינדעט די טאָג-צייטונג „אונדזער לעבן".

1908 — דער „היינט" הויבט אָן צו דערשיינען. רעדאַקטאָר ש. י. יאצקאַן. אין גאַנג פֿון די יאָרן איז דער טיראַזש דערגאַנגען ביז 150 טויזנט. הרב ר' שמואל אברהם פּאָזנאַנסקי ווערט פּרעדיקער אין דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. אָפֿיציעל — העכסטער רעליגיעזער יידישער אַמט אין וואַרשע.

1909 — פּרץ ציט זיך אַריבער אויף יערוזאַלימער אַלייען 89 — זיין צווייטע און לעצטע דירה אין וואַרשע.

1910 — צאָל יידן אין וואַרשע — 306,061; 39 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג. מענדעלע מוכר ספֿרים — דער 75־יעריקער, ווערט אויפֿגענומען אויף אַ טריומפֿאַלן אופֿן אין יידישן וואַרשע. די טאָגצייטונג „דער פֿריינד" ציט זיך אַריבער פֿון סט. פּעטערסבורג קיין וואַרשע. „דער מאָמענט" — רעדאַקטאָר צבֿי פּרילוצקי — הויבט אָן צו דערשיינען. וועט עקזיסטירן ביזן דריטן חורבן. גרויסע מאַניפֿעסטאַציע פֿאַר אַ בעסער יידיש טעאַטער ווערט צווייּ מאָל אָפּגעהאַלטן אין שענסטן וואַרשעווער זאַל, דער „פֿילהאַרמאָניע". פּרץ דער פֿאָרזיצער.

1911 — גרינדונג פֿון יידישן דרוקער־פֿאַראיין. אפֿשר די בעסט־אָרגאַניזירטע יידי־שע פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבעטער־קערפּערשאַפֿט. 1250 מיטגלידער, דערפֿון 600 אין וואַרשע. וואַרשע האָט אַ געוויסע צייט געהאַט 11 יידישע און יידיש־פּוילישע טאָג־בלעטער, אַ גרויסע צאָל יידישע בוך־דרוקערייען.

1912 — יאָר פֿון שאַרפֿן פּאָליטיש־עקאָנאָמישן קאַמף פֿון פּאָלאַקן קעגן וואַרשעווער יידן. יאָר פֿון גרויסן באָיקאָט פֿון יידישע געשעפֿטן אונטערן קלינגוואָרט: אָן אייגענער צום אייגענעם פֿאַר אייגנס. וואַלן צו דער פֿערטער דומע. יידן שטימען נישט פֿאַרן פּויליש־נאַציאָנאַלן קאַנדידאַט קוכאַרזשעווסקי, נייערט דעם סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט יאַגיעללאָ. וואַלן צו דער קהילה-פֿאַרוואַל־טונג. שאַרפֿער קאַמף צווישן די פּאַרטייען: חסידים, אַסימילאַטאָרן, ציוניס־טן, בונד און פּועלי ציון. פּרעזידענט פֿון דער קהילה ווערט מיכאל בערגסאָן.

1913 — אין וואַרשע 20 פֿאָלקס־שולעס מיט רוסישער לימודים־שפּראַך פֿאַר יידישע קינדער. מער ווי טויזנט קינדער באַזוכן די שולעס. יאָר נאָכן גרויסן באָי־קאָט.בייליס־פּראָצעס אין קיעוו. עס דערשיינען פּוילישע אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען מיט בלוט־בלבולים.

1914 — אויגוסט — אָנהויב פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. גרויש ניקאָליי ניקאָ־לייעוויטש. 600 טויזנט יידישע נפֿשות מוזן פֿאַרלאָזן די שטעטלעך אַרום וואַרשע, און אין שטאָט איז אַ מבול פֿון באָרוועסע און נאַקעטע יידישע פּלי־טים. גרויסע הילפֿסטעטיקייט לטובֿת די אויסגעוואָרצלטע. 337,074 יידן אין וואַרשע אין אָנהויב יאָר. אויפֿן אָרט פֿון טיפֿן זקן מיכאל בערגסאָן ווערט סטאַניסלאַוו נאַטאַנסאָן פּרעזעס פֿון דער קהילה. האַלט אָן דעם אַמט ביזן יאָר 1919. „דער יוד", אָרטאָדאָקסישע טאָג־צייטונג הויבט אָן דערשיינען.

1915 — חול המועד פסח נפטר געוואָרן יצחק לייבוש פּרץ. הונדערט טויזנט אויף דער גרעסטער יידישער לוויה פון אַלע צייטן, און אַלע לענדער. 5־טן אויגוסט — די דייטשן באַזעצן וואַרשע. שאַפן אָפּ אַלע צאַרישע יידן־גזרות. דערלויבן אָפן די אָרגאַניזירונג פון יידישע פּאַרטייען און קולטור־אינסטיטוציעס. גאַראַנטירן רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. עס הויבט אָן דערשיינען די בונדישע טעגלעכע „לעבנס־פראַגן״. ענדערט אין 1921 דעם נאָמען אויף „פאָלקסצייטונג״. שווערע הונגער־יאָרן אין וואַרשע, זיי־נען גורם אינטענסיוון שמוגל מיט לעבנס־מיטלען. אין די דאָזיקע יאָרן: אויף 100 יידישע געבורטן, אָן ערך 150 מתים. כמעט אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג קומט אָן צו קצבה.

1916 — גרינדונג פון דער, שפּעטער מעכטיקער, אָרטאָדאָקסישער פּאַרטיי „אגודת ישראל״. גרינדונג פון דער פאָלקיסטישער פּאַרטיי מיט נח פּרילוצקי אַלס פירער. גרינדונג פון פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אויף טלאָמאַצקע 13. די אַקטיווסטע יידישע שרייבער־אָרגאַניזאַציע פון כל תפו־צות ישראל פון אַלע צייטן. אין דער בליצייט געציילט 300 מיטגלידער, אַ זשורנאַליסטן־סינדיקאַט פאַר פּראָפעסיאָנעלע צייטונגס־שרייבער, און אַ סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלן פּאָעטן־עסעיסטן־נאָוועליסטן־„פּען״־קלוב. דער פאַראיין האָט געהאַט זיין היים אויף טלאָמאַצקע 13 ביזן יאָר 1938. ציוניסטיש־רעליגיעזע „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע געגרינדעט.

1917 — צאָל יידן אין וואַרשע 343,263. 41 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג. הויבט אָן צו דערשיינען דער פּויליש־יידישער „נאַש קוריער״. רע־דאַקטאָר — יאַקוב אַפּענשלאַק. פון יאָר 1920 רופט זיך די צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד״. האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה און אויך צירקולאַציע. דערשי־נען ביזן חורבן. עס צעבליען זיך לאַנגזאַם די וועלטלעכע יידישע לערנאַנ־שטאַלטן — געגרינדעט אין יאָר 1915 מיט דער ברכה פון י. ל. פּרץ — אונטער דער השגחה פון א. ג. דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן־קאָמיטעט.

1918 — נאָוועמבער. די דייטשן פאַרלאָזן וואַרשע. דאָס באַפרייטע פּוילן נעמט אי־בער די מאַכט. לויטן מוסטער פון אַנדערע באַפרייטע לענדער אין אייראָפּע קומען אין וואַרשע פאָר וואַלן צו אַן אַרבעטער־ראַט. טויזנט דעפּוטאַטן ווערן אויסגעקליבן — צווישן זיי 200 — אָן ערך — יידן, דערפון 120 בונ־דיסטן. דער ראַט איז אַקטיוו נאָר עטלעכע חדשים אין יענע דינאַמישע און צערודערטע צייטן.

1919 — גאַליציאַנער יידישע פּראָפעסיאָנאַלן באַזעצן זיך אין וואַרשע, פאַרנעמען מערערע קולטור־געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס. מען רופט זיי די „גאַליציאַ־נער קאָנקוויסטאַדאָרן״. לוציאַן פּרץ — פּרצעס איינציקער זון, שטאַרבט. לאָזט איבער אַ זון — יאַנעק, וואָס וועט זיך שמדן אין גאַנג פון די יאָרן און אומקומען אין געטאָ. אין די ערשטע פרייע וואַרשעווער שטאָטראַט־וואַלן ווערן אויסגעקליבן (צווישן 120) 28 יידישע ראַטמענער: אגודה — 8, ציו־ניסטן — 6, בונד — 7, פאָלקיסטן — 5, פּועלי ציון — 2. אויפן אָרט פון געשטאָרבענעם קהילה־פּרעזידענט, נאַטאַנסאָן, קומט מאיר רונדשטיין.

1920 — צוריקצי און שפּעטער אָפּענסיווע פון די פּוילישע אַרמייען קעגן די באָלשעוויקעס. ערשטער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר יידן אין פּוילן — אין יאַבלאָננע ביי וואַרשע. פיל הונדערטער וואַרשעווער יידן, פּוילישע סאָלדאַטן, אפילו אָפיצירן, אינטערנירט אַלס „נישט פאַרלאָזבאַרער עלעמענט". אין ספּעציעלע פאָלקס־שולן מיט פּוילישער לימודים־שפּראַך פאַר יידישע קינדער — לערנען 6228 תלמידים. וועלט־פּרעמיערע פון אַנ־סקיס „דיבוק". אונטער דוד הערמאַנס רעזשי. עס אַנטשטייט אין וואַרשע דער בית מדרש לרבנים ולמורים „תחכמוני".

1921 — גרינדונג פון אינטער־פּאַרטייאישן, פּראָלעטאַרישן פאַרלאַג „קולטור־ליגע". גרינדונג פון די אינטערפּאַרטייאישע, פּראָלעטאַרישע פאָלקס־שולן מיט יידישער לימודים־שפּראַך „צישאָ". גרינדונג פון העברעישן „תרבות". 322 טויזנט יידן צווישן 956 טויזנט איינוווינער אין וואַרשע. 12,414 גרעסערע און קלענערע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אין וואַרשע באַלאַנגען צו יידן. פּראָפעסאָר ד״ר משה שאָר ווערט אָפיציעלער פּרעדיקער פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע.

1922 — פּרץ מאַרקיש׳עס באַזעצן זיך אין וואַרשע איז גורם דאָס אַנטשטייען פון אַן אולטרא־מאָדערניסטישער, ליטעראַרישער, עקספּרעסיאָניסטישער גרופּע „כאַלאַסטרע" — מיט אורי צבי גרינבערג, משה בראָדערזאָן, י. י. זינגער, עוזר וואַרשאַווסקי א. אַ. עס אַנטשטייען די גרויסע וווילטעטיקייט־אינסטיטוציעס פאַר יידן אין פּוילן: ‚טאָז׳, ‚אָרט׳, ‚צענטאָס׳, ‚היאַס׳ — די מייסטע געשטיצט דורך דער אַמעריקאַניש־יידישער הילפס־אינסטיטוציע ‚דזשאָינט׳.

1923 — אָנגעהויבן בויען די „מעדעם־סאַנאַטאָריע" פאַר טובערקולאָזע יידישע קינדער אין מיעדזעשין ביי וואַרשע. דער אַנשטאַלט — אַ מוסטער פאַר איירָאפּע — איז דערעפנט געוואָרן אין יאָר 1926. גרינדונג פון דער השפּעה־פולער פּוילישער ליטעראַרישער וואָכנשריפט „וויאַדאָמאָשצי ליטעראַצקיע". איר רעדאַקטאָר — דער ייד מיעטשיסלאַוו גרידזעווסקי. אירע אַקטיווסטע מיטאַרבעטער די דיכטער אַנטאָני סלאָנימסקי (איניקל פון חיים זעליג סלאָנימסקי) און יוליאַן טובים. איר שטעלונג צו יידן און יידיש — יאָרן־לאַנג, בלויז חוזק.

1924 — געגרינדעט די וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער". פאַרלאַג פון ב. קלעצקין. צוערשט מיטרעדאַקטאָר, שפּעטער איינציקער רעדאַקטאָר — נחמן מייזיל. דערשיינט ביזן חורבן. געלייגט דעם גרונטשטיין און אין 1926 דערעפנט דאָס יידישע אַקאַדעמישע הויז, די היים פאַר 300 סטודענטן. דירעקטאָר ד״ר איגנאַצי שיפּער.

1925 — איינהייליקונג פון אוהל פּרץ — איבער די קברים פון דינעזאָן, אַנ־סקי, פּרץ. טויט פון דער „מאַמע פון יידישן טעאַטער" — אסתר רחל קאַמינסקי. אין און אַרום דעם יאָר עקסיסטירן אין וואַרשע די פאָלגנדיקע שול־טיפּן פאַר יידישע קינדער: קהילה־שולעס, תרבות־אַנשטאַלטן, צישא־שולעס, מזרחי־קלאַסן, פּריוואַטע שולעס, די אַלע שולעס האָבן עטלעכע צענדליגק טויזנט תלמידים. חוץ דעם אין מלוכה־גימנאַזיעס און אין פּריוואַטע מיטלשולן — אַרום 6 טויזנט יידישע קינדער.

1926 — דאָס יידישע לעבן אין וואַרשע צווישןביידע וועלט־מלחמות גייט „באַר־מאַל" — קריזיס־איין — קריזיס-אויס — מיט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאַמפן און אַ כסדר וואַקסנדיקער קולטורעלער רענעסאַנס־טעטיקייט. די קהילה ווערט דעמאָקראַטיזירט. אויף די זיצונגען קען מען רעדן: יידיש, העברעיש, פּויליש. דער צוזאַמענשטעל: 18 ציוניסטן, 16 אגודה, 4 אָרטאָ־דאָקסן אומפּאַרטייאישע, 6 בונדיסטן, 3 פאָלקיסטן, 2 לינקע פּועלי ציון. העשל פאַרבשטיין — ראש פון דער קהילה ביזן יאָר 1931. גרינדונג פון „וויקט"־טעאַטער, דירעקציע זיגמונט טורקאָוו.

1931 — די קהילה אונטער דער אָנפירונג פון דער „אגודה" ביזן יאָר 1937. די צאָל יידן אין וואַרשע 352,659. פון זיי האָבן ביי דער קאָנסקריפּציע 333,700 אָנגעגעבן יידיש, אָדער העברעיש ווי זייער מאַמע־לשון.

1932 — נויט און אייביקע אומזיכערקייט מיטן מאָרגן, דערצו די הערמעטיש גע־שלאָסענע גרעניצן פון די אימיגראַציע־לענדער, טרייבן צו העכסטער פאַר־צווייפלונג די יידישע מאַסן אין וואַרשע.אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד: אַ יידישער זשורנאַליסט, וואָס האָט באַזוכט רוסלאַנד, טיילט מיט, אַז עס זיינען דאָ עמיגראַציע־מעגלעכקייטן קיין ביראָ־בידזשאַן. דאָרט און דאָרט זיך מעלדן. אין איין איינציקן טאָג — האָבן אַן ערך צען טויזנט בעלנים אין וואַרשע זיך געמאָלדן. פון פּראָיעקט איז גאָרנישט געוואָרן.

1933 — די נאַציס נעמען איבער די מאַכט אין דייטשלאַנד. פּוילן חברט זיך מיט די נאַציס. כוואַליעס פון אָפּנעם, כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם שטייגן אין וואַרשע.די א. ג. „נאַראָ"־סטודענטן אַטאַקירן יידן אין די גאַסן. דער באַ־ליבטער ספּאָרט זייערער — צעשניידן פּנימער פון יידן מיט ראַזיר־מעסער־לעך, מאַנטירטע אויף שפּאַציר־שטעקעלעך. אין די אוניווערסיטעטן — א. ג. „געטאָ-בענק" פאַר יידישע סטודענטן, אָדער סתם זיי אַרויסגעוואָרפן. ד״ר מיכאל וויכערט גרינדעט דעם „יונג־טעאַטער". דאָס מאָדערנסטע וואָרט אויפן יידישן טעאַטער־געביט.

1934 — אינמיטן די אויסמאַטערנדיקע נגישות פאַרמאָגט וואַרשע אין דעם יאָר 50 עפנטלעכע יידישע ביבליאָטעקן. זייער פאַרמעגן 265 טויזנט ביכער. 35 טויזנט העברעישע, 67 טויזנט יידישע, 134 טויזנט פּוילישע א. אַ. וו. צאָל לייענערס 19,340. פון זיי לייענען 13,700 פּויליש, 5,310 יידיש, 355 העב־רעיש. 15 ביבליאָטעקן באַלאַנגען צו אַרבעטער־פּאַראיינען. צען זיינען גע־ווען פּריוואַטע. צאָל יידן אין שטאָט — 354,000. פינף, אָפיציעל דורך דער רעגירונג נאָמינירטע יידישע ראַטמענער אין שטאָטראַט: געפּנער, שערעשעווסקי, טראָקענהיים, קאָהען, זונדעלאָוויטש.

1935 — עס פונקציאָנירן און געבן אַרויס אַנזעעוודיקע ביכער די פאָלגנדיקע וואַר־שעווער יידישע פאַרלאַגן: צענטראַל, שטיבל, קולטור־ליגע, קלעצקין, בזשאָזאַ, יאַטשקאָווסקי, ביכער, ברידער לעווין־עפּשטיין, גיטלין, מ. י. פרייד, גאָלדפאַרב, ראַקאָווסקי, די וועלט, דער האַמער א. אַ. מ.

1936 — פאַר, אין און נאָך דעם יאָר האָבן אין וואַרשע — זינט דעם יאָר 1918 פונקציאָנירט צאַלרייכע לאָקאַלע יידישע צדקה־אַנשטאַלטן. צוו. זיי: דער שפּיטאָל אויף טשיסטע מיט טויזנט בעטן, אַ קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקע, פיר יתומים־הייזער, דריי אַנשטאַלטן פאַר קימפּעטאָרינס, פיר מושב זקנימס, זומער קאָלאָניעס פאַר אָרעמע קינדער, אַ סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע, אַ שולע פאַר טויב־שטומע, דריי אַנשטאַלטן פאַר גייסטיק קראַנקע,לינת הצדק, בית לחם, תומכי אסורים, מערערע גמילת־חסדים־קאַסעס. טעאַטערס האָבן פונקציאָנירט: ווילנער טרופּע, קאַמינסקי טעאַטער, צענטראַל, אזאזעל, סקאלא, יונג־טעאַטער א. אַ. דעם 22טן נאָוועמבער איז געשטאָרבן העלענא פּרץ — די אלמנה נאָך י. ל. פּרץ. ליידנשאַפטלעך־פּאָליטישע קאַמפן אין די וואַלן צו דער וואַרשעווער קהילה־פאַרוואַלטונג האָבן געגעבן אָט אַ די רעזולטאַטן: 15 בונדיסטן, 11 נאַציאָנאַלע פּאַרייניקונג פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען; די רעשט פון די 50 פּרנסים האָבן געוווּנען די אָרטאָדאָקסן. ראש הקהילה ווערט מאוריצי מייזעל — ביזן יאָר פון חורבן.

1937 — אין און אַרום דעם יאָר איז די פּראָפעסיאָנעלע יידישע אינטעליגענץ געווען אָרגאַניזירט אין אַ דאָקטוירים־פאַרבאַנד, אינזשעניערן־פאַראיין, פאַרבאַנד פון פּלאַסטישע קינסטלערס, אַרטיסטן־פאַראיין, פאַרבאַנד פון לערערס א. אַ.

1938 — פאַר, אין און אַרום דעם יאָר האָבן די וואַרשעווער יידישע סוחרים און האַנטווערקער באַטראָפן 90 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל. די סוחרים־צענטראַלע האָט געהאַט 76 סעקציעס לויט בראַנזשעס. 6 טויזנט מיטגלידער האָט דער סוחרים־פאַרבאַנד געהאַט אין וואַרשע גופא. דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד — אַרום 7 טויזנט מיטגלידער אין וואַרשע, דער קליינהענדלער־פאַרבאַנד — 6 טויזנט אין וואַרשע. חוץ דעם קאָאָפּעראַטיווע בענק ארום יעדן גרעסערן פאַרבאַנד. עס זיינען אין דעם יאָר פאָרגעקומען רעגולערע וואַלן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער טערמין פון די דורך דער רעגירונג באַשטימטע ראַטמענער האָט זיך געענדיקט. צוליב אַלערליי סיבות האָבן די בונדיסטן באַקומען 20 מאַנדאַטן, די אַנדערע צוויי גרופּירונגען — ציוניסטישע און אָרטאָדאָקסישע — בלויז 3; 48 פּראָצענט וואַלבאַרעכטיקטע האָבן געשטימט. אַזוי זיינען די יידן געווען רעפּרעזענטירט אין שטאָטראט פון וואַרשע ביזן חודש סעפּטעמבער 1939 — ווען דער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן. — — דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך איבערגעצויגן פון טלאָמאַצקע 13 אויף גראַניטשנע 10.

1939 — די שעה פון פינצטערן גורל איז געקומען נענטער און נענטער. יעדער ייד אין פּוילן האָט עס געפילט, יעדער ייד אין וואַרשע האָט עס געוווּסט כאָטש קיינער האָט עס נישט געגלויבט... דאָס יידישע לעבן איז געגאַנגען ווייטער — כאָטש נישט מער נאָרמאַל. די צייטונגען זיינען אַרויס יעדן פרימאָרגן ביזן לעצטן טאָג; די טעאַטערס האָבן געשפּילט יעדן

אָוונט ביז דער לעצטער נאַכט. די טויערן פון די פרייע לענדער — פאַר־מאַכט אויף זיבן שלעסער. די האָפנס פון ארץ ישראל אָפּן פאַר דער גאַנ-צער וועלט, חוץ פאַר יידן פון פוילן, יידן פון וואַרשע. און — — יידישע קונסט האָט געבליט. די יידישע פּלאַסטיקערס פון וואַרשע האָבן אין פרי־לינג אַראַנזשירט די גרעסטע אויסשטעלונג פון יידישע בילדער און סקולפּ־טורן. אָנטייל פון 55 קינסטלערס. די רעאַליטעט פון יידישן וואַרשע איז דורך אָט דער לעצטער אויסשטעלונג סימבאָליש מגולגל געוואָרן אין אַן אימאַזש. די צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — 360,000.

1940 — די צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — אַ האַלבער מיליאָן.

1942 — די צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — 40,000.

1945 — די צאָל יידישע נפשות אין וואַרשע — 7,800.

* * *

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי איז אין פאַרלויף פון 525 יאָרן מיטן קאָפּ דורך 525 וועגט פון נגישות און יסורים געוואַקסן דער גרעסטער, היילקסטער און טראַ־גישסטער יידישער יישוב פון אַלע צייטן פון אייראָפּע און אַזוי איז ער אין משך פון פינף יאָרן אונטערגעגאַנגען.



מיר געדענקען,
מיר דערמאָנען,
אייביק — —
די טײַערסטע
פֿאַרשניטענע
אין דריטן חורבן.
ערד! דעק ניט צו.
זייער אַש!
יזכּור:

| | | |
|---|---|---|
| דוד און ליבע<br>אויגענפעלד (געב. מהרשק) | פאָטער | ישראל יחזקאל<br>איגעלפעלד<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | מוטער | רבקה<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | שוועסטער | שרה איטע<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | ברודער | חיים נתן<br>געשט. מאָנטרעאָל 1952 |
| | באָבע | כינקע<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | חבר | מאָניש קאַרצאָוויטש<br>9־טער פאָרט, קאָוונע 1942 |
| | חבר | אבראַמעק האַרטבליי<br>רוסלאַנד 1941 |
| | פאָטער | ישראל מהרשק<br>אין עסטלאַנד 1943 |
| | מוטער | שרה דינה מהרשק<br>ווילנער געטאָ 1943 |

---

| | | |
|---|---|---|
| אבע און שיפרה (סטעפאַ)<br>איגעלפעלד (געב. קאָן) | פאָטער | ישראל יחזקאל<br>איגעלפעלד<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | מוטער | רבקה<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | שוועסטער | שרה איטע<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | ברודער | חיים נתן<br>געשט. מאָנטרעאָל 1952 |
| | באָבע | כינקע<br>וואַרשעווער געטאָ 1942 |
| | חבר | מאירקע שוכמאַכער<br>רוסלאַנד |

המשך — זייט 4

| | | |
|---|---|---|
| המשך — איגעלפעלד | חבר | אברהם ראָזענפעלד<br>רוסלאַנד 1941 |
| | חבר | קלמן טייטלבוים<br>רוסלאַנד 1941 |
| | ברודער | יעקב מאיר קאָן<br>געטאָ |
| | ברודער | לייבל ווייסבלום<br>וואַרשע 1939 |
| | שוועסטער | אסתר רבקה רייזמאַן<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | יוכבד קאָן-גאָלדשטיין<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוואָגער | יצחק גאָלדשטיין<br>וואַרשעווער געטאָ |

---

| | | |
|---|---|---|
| בערל אייזענבערג<br>און פריידע (געב. פלאַם) | פאָטער | יעקב בן צבי חיים<br>אייזענבערג<br>אין טרעבלינקע, 1942 |
| | ברודער | ישראל מיכאל בן יעקב<br>אין סאָבאָלעוו, 1943 |
| | שוועסטער | ליבע בת יעקב<br>אייזענבערג<br>אין טרעבלינקע, 1943 |
| | פאָטער | שמחה יוסף פלאַם<br>אין מאַטשיעוויץ, 1940 |
| | מוטער | מלכה בלימה פלאַם<br>אין אַ קאַ-צעט, 1943 |
| | ברודער | שלמה פלאַם און<br>משפחה |

| | | |
|---|---|---|
| רחל אייזענבערג | פעטער | יוסף אייזען<br>האַרכיוו, וואלין, 1942 |
| | זיין פרוי | לאָלא אייזען (געב. באַרט)<br>האַרכיוו, וואָלין 1942 |
| | זייער זון | שאוליק<br>האַרכיוו, וואלין, 1942 |

| | | |
|---|---|---|
| אדם אַלטענבערג | פאָטער | ברוך מרדכי אַלטענבערג<br>אין יאָר 1943 |
| | מוטער | חנה אַלטענבערג<br>אין מאַידאַנעק, אין 1943 |
| | שוועסטער | גוטא שליט<br>אוישוויץ, 1944 |
| | שוועסטער | עווא אַלטענבערג<br>אין אוישוויץ אין יאָר 1944 |
| | פעטער | מאיר הלל ראָטער<br>אין וואַרשע |
| | קוזינע | רוזיא בידערמאַן<br>אין וואַרשע |

| | | |
|---|---|---|
| בעלא אַלטענבערג | פאָטער | מרדכי מענדל קוציק<br>געשטאָרבן אין יאָר 1925 |
| | מוטער | הינדע קוציק<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |
| | ברודער | אהרן קוציק<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |
| | שוועסטער | אסתר שיין<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |
| | שוועסטער | יאדזיאַ קיבאָוויטש<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |
| | שוועסטער | סטעפא זימעלמאַן<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |
| | שוועסטער | האַנקא ליבעק<br>אין געטאָ וואַרשע 1943 |

| | | |
|---|---|---|
| יצחק און רייזל<br>אָסטשעגאַ (געב. פּאַטאַק) | טאַטע | אברהם נתן אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| דוד און סאָניאַ<br>אָסטשעגאַ (געב. אָרנער) | מאַמע | חיה עלקע אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | פייגע אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | דבורה אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | ברודער | מאיר שלום אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | ברודער | שמואל אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | יהודית אָסטשעגאַ<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | טאַטע | אהרן פּאַטאַק<br>אוישוויץ |
| | מאַמע | מאלע פּאַטאַק<br>אוישוויץ |
| | שוועסטער | חייה פּאַטאַק<br>אוישוויץ |
| | שוועסטער | יהודית פּאַטאַק<br>אוישוויץ |
| | ברודער | אברהם פּאַטאַק<br>אוישוויץ |

---

| | | |
|---|---|---|
| לעאָן אַראַנאָוויטש | פרוי | עוואַ אַראַנאָוויטש-<br>טוכבאַנד<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | טאָכטער | רישא אַראַנאָוויטש<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | טאַטע | יקותיאל אַראַנאָוויטש<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | שוועסטער | לאָלאַ פידעלזייד<br>געטאָ וואַרשע 1942 |

| | | |
|---|---|---|
| המשך — אַראַנאָוויטש | ברודער | יאַנעק אַראַנאָוויטש<br>לעמבערג, 1942 |
| | שוועסטער | געניא וויינבערג<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | ברודער | מאָניעק אַראַנאָוויטש<br>געטאָ וואַרשע |

| | | |
|---|---|---|
| בערנאַרד און פרוי אַראַנטשיק<br>(געב. כאַסקעלבערג) | פאָטער | משה אראנטשיק |
| | מוטער | טאבע אראנטשיק<br>און קינדער |
| | פאָטער | שלמה כאסקעלבערג |
| | מוטער | שרה כאסקעלבערג<br>און קינדער |

| | | |
|---|---|---|
| ראָזאַ באָסעס | מאַמע | שרה לאה קאמיעננא<br>אין וואָלאָמין 1940 |
| | טאַטע | לייזער קאַמיענני<br>וואָלאָמין 1940 |
| | שוועסטער | זעלדע קאַמיעננא<br>וואָלאָמין 1940 |
| | שוועסטער | יענטע קאַמיעננא<br>וואָלאָמין 1940 |
| | ברודער | אַלטער קאַמיענני<br>וואָלאָמין 1940 |
| | קוזינקע | רבקה וואַגמאַן<br>אין וואַרשע 1939 |

| | | |
|---|---|---|
| ראָזע באָקסער | טאַטע | ישעיהו בלאָנדמאַן<br>אין וואַרשע |
| | מאַמע | מלכה בלאָנדמאַן<br>אין וואַרשע |
| | ברודער | חיים בלאָנדמאַן<br>פאַרטיזאַן. ביאַליסטאָק 1943 |

המשך — זייט 8

| | | |
|---|---|---|
| המשך — באָקסער | ברודער | משה בלאָנדמאַן<br>און משפחה<br>טרעבלינקע 1942 |
| | ברודער | שלמה בלאָנדמאַן<br>און משפחה<br>מיידאַנעק 1943 |
| | ברודער | אהרן בלאָנדמאַן<br>און משפחה<br>טרעבלינקע 1942 |
| | מאַן | טוביה מיינער<br>אין רוסלאַנד, אין יאָר 1941 |
| אַננאַ באָרטשוק<br>(געב. בלימבאום) | פאָטער | אברהב בלימבאום<br>אין טרעבלינקע |
| | מוטער | בריינדל בלימבאום<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | משה בלימבאום<br>אין מאַידאַנעק |
| | ברודער | בנימין בלימבאום<br>אין קרעמענעץ פּאָדאָלסק |
| | שוועסטער | גוטא בלימבאום<br>אין בערגען־בעלזען |
| פראַנקע בורשטיין<br>(געב. סיטען) | טאַטע | משה סיטען<br>פּאָניאַטאָוו לובעלסקי 1943 |
| | מאַמע | סאלע סיטען<br>טרעבלינקע 1942 |
| | ברודער | שלמה סיטען<br>פּאָניאַטאָוו לובעלסקי 1943 |
| | שוועסטער | טאניא סיטען<br>טרעבלינקע 1942 |
| | פעטער | אהרן באַס<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | שוויגער | רבקה בורשטיין<br>אוישוויץ 1942 |

| | | |
|---|---|---|
| דוד ביבערגאַל | מוטער |ביילע ביבערגאַל<br>אין לוקאוו, 1944 |
| | פֿאָטער | מענדל ביבערגאַל<br>אין וואַרשע |
| | שוועסטער | איטע ביבערגאַל־<br>אַנקער מיט מאַן און זון<br>אין בריסק, 1943 |
| | שוועסטער | פייגע ביבערגאַל<br>אין וואַרשע, 1943 |
| | שוועסטער | רייזל ביבערגאַל<br>אין לוקאָוו, 1944 |
| | שוועסטער | מינדל ביבערגאַל<br>אין לוקאָוו, 1944 |

---

| | | |
|---|---|---|
| הערש בלומשטיין | פֿאָטער | יצחק מאיר בלומשטין |
| | מוטער | חייה שרה (באַדער)<br>בלומשטיין |
| | זון | יעזשי־יורעק בלומ־<br>שטיין |
| | זון | טאַדעאוש־טאַדזיק<br>בלומשטיין |
| | ברודער און<br>שוועגערין | מיכאל און לאָניא<br>בלומשטיין |
| | שוועסטער | העלענא הינדע (קרומ־<br>האָלץ) בלומשטיין |
| | ברודערס זון | העניעק בלומשטיין |
| | שווער | הערש בער רימער |
| | שוויגער | צפורה שיינבורג־רימער |
| | שוועגערין | אלינא רימער־לעשנאָ |
| | שוועסטערס זון | רישאַרד לעשנאָ |
| | שוועגערין | אירענא רימער |
| | קוזינע | ראמא לענגאַ פריוועס |

ישכר און ליובע
בערגאַייזען
(געב. טרעגער)

| | |
|---|---|
| טאַטע | ישראל יצחק בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| מאַמע | בלומע בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| זון | ישראל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| זון | יעקב בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוועסטער | שיינדל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוועסטער | דינה בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוועסטער | אסתר בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוועסטער | גיטל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| ברודער | מענדל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| ברודער | לייבל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| ברודער | מעכל בערגאַייזען<br>וואַרשעווער געטאָ |
| טאַטע | יצחק טרעגער<br>וואַרשעווער געטאָ |
| מאַמע | טאבע טרעגער<br>וואַרשעווער געטאָ |
| ברודער | יאנקל טרעגער<br>וואַרשעווער געטאָ |
| ברודער | ישעיה טרעגער<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוועסטער | רענע וויערניק<br>וואַרשעווער געטאָ |
| שוואָגער | ישראליק וויערניק<br>וואַרשעווער געטאָ |

| | | |
|---|---|---|
| **אהרן בערנהאָלץ** | טאַטע | **וואָלף בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | מאַמע | **ציפּיע בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ זואַרשע |
| | שוועסטער | **בעלא בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | **ישראל משה בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | **ברוך בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **איטע בערנהאָלץ**<br>אין געטאָ וואַרשע |

| | | |
|---|---|---|
| **טעד בראַנדשטעטער** | טאַטע | **זלמן משה בראַנדשטעטער**<br>טרעבלינקע |
| | מאַמע | **שרה בראַנדשטעטער**<br>טרעבלינקע |
| | שוועסטער | **בראָנקע וואַסערשטראָם**<br>טרעבלינקע |
| | שוואָגער | **הענעך וואַסערשטראָם**<br>טרעבלינקע |
| | ברודער | **סאלעק בראנדשטעטער**<br>מיידאַנעק — 1942 |
| | ברודער | **בעניעק בראַנד־שטעטער**<br>מיידאַנעק — 1942 |

| | | |
|---|---|---|
| **יחיאל בראַנטשפּיגעל** | פאָטער | **לוזער**<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | מוטער | **גיטל**<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | ברודער | **ראובן**<br>געטאָ זואַרשע 1942 |
| | ברודער | **אַבע**<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | שוועסטער | **רייזל**<br>געטאָ זואַרשע 1942 |

| | | |
|---|---|---|
| מאַשע בראַנטשפּיגל (געב. מידלאַזש | פאָטער | ישראל דוד מידלאַזש<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | מוטער | מירל<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | ברודער | לייזער<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | שוועסטער | מלכה<br>געטאָ וואַרשע 1942 |
| | שוועסטער | אסתר<br>געטאָ וואַרשע 1942 |

---

| | | |
|---|---|---|
| משה און איטע ברוקאַזש (געב. טשאַנאַוויטש | פאָטער | יעקב ברוקאַזש<br>טרעבלינקע 1943 |
| | מוטער | חייה ברוקאַזש<br>טרעבלניקע 1943 |
| | שוועסטער | גיטל ברוקאַזש<br>טרעבלינקע 1943 |
| | פאָטער | אשר טשאנאָוויטש<br>טרעבלינקע 1943 |
| | מוטער | מינדל טשאַנאָוויטש<br>טרעבלינקע 1943 |
| | ברודער | משה טשאַנאָוויטש<br>טרעבלינקע 1943 |

---

| | | |
|---|---|---|
| טאָלאַ גאָלדמיץ | שוועסטער און שוואָגער | בעלאַ און קובא לאַנצע<br>אין יאָר 1942 |
| | מוטער | חנה האָלץ<br>אין יאָר 1942 |
| | ברודער | לעאָן האָלץ און משפחה<br>אין יאָר 1942 |
| | שוועסטער | רוזיא האָלץ און משפחה<br>אין יאָר 1942 |
| | קרובים | לובלינער און משפחה<br>אין יאָר 1943 |
| | קרובים | ז. רייזמאַן און משפחה<br>אין יאָר 1943 |

| | | |
|---|---|---|
| סאבינא גאָלדען<br>און סאריטא גאָלדוואַסער | מאַן, פון סאַבינאַ | צבי היילינג<br>אין טרעבלינקע 1942 |
| | זון, פון סאַבינאַ | יעקב היילינג<br>אין טרעבלינקע 1942 |
| | שוואָגער | יוסף עדלשטיין<br>אין טרעבלינקע 1942 |
| | שוועסטער | פערל עדלשטיין<br>אין טרעבלינקע 1942 |
| | ברודער | שלום בערלינערבלוי<br>אין אוישוויץ 1942 |
| | שוועגערין | חיהלע בערלינערבלוי<br>אין אוישוויץ 1942 |

---

| | | |
|---|---|---|
| משה און שרה גאָלדשאו<br>(געב. בוראַק) | פאָטער | הלל בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | מוטער | חנה בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | ברודער | זעליק בוראַק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | ברודער | ראובן בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | שוועסטער | איטקע בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | שוועסטער | רויזע בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | שוועסטער | שבע בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | שוועסטער | פעסעלע בוראק<br>שעדלעצער געטאָ |
| | טאַטע | וועלוול גאָלדשאו<br>שעדלעצער געטאָ |
| | מאַמע | ליבע גאָלדשאו<br>שעדלעצער געטאָ |

המשך — זייט 14

| | | |
|---|---|---|
| המשך — גאָלדשאו | שוועסטער | **חייהטשע גאָלדשאו**<br>שעדלעצער געטאָ |
| | שוועסטער | **פייגע גאָלדשאו**<br>שעדלעצער געטאָ |
| **העניע גאָלדשטעפּ**<br>(געב. ביבעלשטיין) | פאָטער | **הענעך ביבעלשטיין**<br>1943 — געטאָ וואַרשע |
| | מוטער | **פייגע ביבעלשטיין**<br>1943 — געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | **שמואל משה ביבעלשטיין**<br>1939, סעפּטעמבער, וואַרשע |
| | שוועסטער | **טעמע זיסל ביבעלשטיין**<br>1943 — געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **איטע ביבעלשטיין**<br>1943 — געטאָ וואַרשע |
| | שוויגער | **ביילע גאָלדשטעפּ**<br>1944 — אָלאָפּאַיעווסק |
| **חיים און צפורה גארנעק**<br>(געב. שפּאַנצער) | טאַטע | **יצחק גארנעק**<br>אין טרעבלינקע |
| | מאַמע | **חוה גארנעק**<br>אין טרעבלינקע |
| | ברודער | **שעפּסל גארנעק**<br>אין טרעבלינקע |
| | מאַמע | **תרצה שפּאַנצער**<br>געטאָ אָטוואָצק 1942 |
| | טאַטע | **שמואל מרדכי שפּאַנצער**<br>אין אָטוואָצק |
| | שוועסטער | **שרה לאה גינגאָלד**<br>געטאָ אָטוואָצק, 1942 |
| | שוועסטער | **פערל געלבאַרד**<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **פייגע שטאָלצמאַן**<br>געטאָ סאַבין 1942 |



המשך — זייט 15

המשך — גארנעק

| | | |
|---|---|---|
| ברודער | **אלטער שפאנצער**<br>געטאָ סאבין 1942 | |
| ברודער | **יוסף דוד נירענבערג**<br>אין אָטוואָצק 1942 | |
| ברודער | **שמחה שפאנצער**<br>סלאנים 1941 | |
| ברודער | **משה שפאנצער**<br>סלאנים 1941 | |

---

יעקב גוראַ

| | | |
|---|---|---|
| פאָטער | **חיים גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| מוטער | **שרה גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| פרוי | **פריידעלע גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| טאָכטער | **טעמעלע גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| זון | **משה מענדל גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| ברודער | **אפרים גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| ברודער | **קלמן גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| שוועסטער | **העסע גורא**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| שוויגער | **מרים קארמאן**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| שוואָגער | **דוד קארמאן**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| שוואָגער | **אברהם קארמאן**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |
| קוזין | **פנחס קארמאן**<br>אין וואַרשעווער געטאָ | |

| | | |
|---|---|---|
| לייבל (לעאָן) גורני<br>און פייגע גורני<br>(געב. זילבערשטיין) | פאָטער | עליע זילבערשטיין<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | מוטער | רייזל זילבערשטיין<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | כאַוותשע ראכמאַן<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | חייהלע זילבערשטיין<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | משה זילבערשטיין<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | פאָטער | הערש גורני<br>אין פּאָוואָנזעק ביי וואַרשע |
| | מוטער | דבורה גורני<br>געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | איטשע גורני<br>געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | אליעזר גורני<br>געטאָ וואַרשע |
| | ברודער | דוד גורני<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער |ביילע גורני<br>געטאָ וואַרשע |

---

| | | |
|---|---|---|
| הערשל גיטעלמאַן | טאַטע | אברהם יצחק גיטעלמאַן<br>געטאָ מאלאריטא |
| | מאַמע | שיינדל גיטעלמאַן<br>געטאָ מאלאריטא |
| | ברודער | קיווע גיטעלמאַן<br>פינסקער געטאָ |
| | שוועסטער | חנה מרים גיטעלמאַן<br>געטאָ מאלאריטא |
| | שוועסטער | חייה גיטעלמאַן<br>געטאָ מאלאריטא |
| | ברודער | חיים שלום גיטעלמאַן<br>געטאָ מאלאריטא |

יוסף און מרים גלאַסראָט
(געב. בלאַכער)

פאָטער — ירוחם בלאכער
סעמיליסאַק געטאָ 1941

מוטער — יענטל בלאכער
סעמיליסאק געטאָ 1941

ברודער — ראובן בלאכער
סעמיליסאק געטאָ 1941

ברודער — הענעך בלאכער
קא־צעט אין עסטרייך

ברודער — יהושע בלאכער
סלאבבאָטקער געטאָ 1941

ברודער — מתתיהו בלאכער
געטאָ קאָוונע 1942

שוועסטער — שיינעלע בלאכער
פאנאר 1941

פאָטער — דוד גלאסראַט
געטאָ וואַרשע

מוטער — טאָבע גלאסראַט
געטאָ וואַרשע

שוועסטער — שרה גלאסראַט
געטאָ וואַרשע

---

סימה גראמאַן
(געב. בראָצקי)

פאָטער — שיע בראָצקי
אין געטאָ וואַרשע 1942

מוטער — רבקה בראצקי
אין געטאָ וואַרשע 1942

שוועסטער — פעלא בראצקי
אין טראַווניקי

ברודער — איטשע בראצקי
אין געטאָ וואַרשע 1943

שוועסטער — רוזיא בראצקי
אין טראַווניקי

שוועסטער — סאלא בראצקי
אין טראַווניקי



המשך — זייט 18

המשך — גראַמאַן

| | | |
|---|---|---|
| | שוועסטער | **דארקא בראצקי**<br>אומגעקומען אין געטאָ וואַר־שע אין יאָר 1943 |
| | ברודער | **מאַניעק בראצקי**<br>אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד 1940 |

| | | |
|---|---|---|
| **חנה גרושקאָ**<br>(געב. האַמבורגער) | פאָטער | **משה יצחק האַמבורגער**<br>געטאָ וואַרשע |
| | מוטער | **רבקה**<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **מאַשע שיינדל**<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **מינדל**<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **חיה**<br>געטאָ וואַרשע |
| | שוועסטער | **רחל**<br>געטאָ וואַרשע |

| | | |
|---|---|---|
| **שיינדל גרושקאָ**<br>(געב. זילבערשטיין) | פאָטער | **יעקב זילבערשטיין**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | מוטער | **דבורה זילבערשטיין**<br>געשט. אָטוואָצק 1918 |
| | ברודער | **ישראל זילבערשטיין**<br>אין געטאָ וואַרשע |
| | באָבע | **שרה גאָלדע זילבערשטיין**<br>געשט. 1940 וואַרשע |
| | גאַנצע משפחה זילבערשטיין | אומגעקומען געטאָ וואַרשע |

| | | |
|---|---|---|
| **שמעון גרייצער** | טאַטע | **ישראל גרייצער**<br>1941 — אין טרעבלינקע |
| | מאַמע | **רבקה גרייצער**<br>1941 — אין טרעבלינקע |
| | ברודער | **יוחנן גרייצער**<br>1941 — אין טרעבלינקע |
| | שוועגערין | **רחל גרייצער**<br>**און קינדער**<br>1941 — אין טרעבלינקע |
| | שוועסטער | **אסתר זילבערמאַן**<br>**און קינדער**<br>אין וואַרשעווער געטאָ |
| | שוואָגער | **נאטע זילבערמאַן**<br>אין וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | **צירל טייטעלבוים**<br>**און קינדער**<br>1941 אין טרעבלינקע |
| | שוואָגער | **פייוול טייטלבוים**<br>1941 — אין טרעבלינקע |

---

| | | |
|---|---|---|
| **שמואל גרינבערג** | ברודער | **לייבל גרינבערג**<br>**און פרוי**<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | **פרומעט גרינבערג**<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | שוועסטער | **רבקה גרינבערג**<br>וואַרשעווער געטאָ |
| | קוזין | **יצחק גרינבערג**<br>אין געטאָ־אויפשטאַנד, 1943 |

הערצקע און שרה
גרינבערג
(געב. שערמייסטער)

פאָטער — נחמן שערמייסטער
אין וואַרשע

מוטער — מינדל שערמייסטער
אין וואַרשע

שוועסטער — יוכבד שערמייסטער
ברודער — מאיר שערמייסטער

שוועגערין — פריידל שערמייסטער

שוועסטער — ליבע שערמייסטער

שוועסטער — פערל שערמייסטער

שוועסטער — פייגעלע שערמייסטער
אַלע אין פּאָניאַטאָוו

שוועסטער — ברכהלע שערמייסטער

שוועסטער — לאהלע שערמייסטער
אין וואַרשע

פעטער — שמואל-עליע
שערמייסטער

מומע — פייגע שערמייסטער

קוזינע — מאַשע שערמייסטער

באָבע — אסתרל שערמייסטער

פאָטער — יצחק גרינבערג

מוטער — פרומעט גרינבערג
אַלע אין געטאָ וואַרשע

ברודער — וואָלף גרינבערג
אין פּאָניאַטאָוו

שוועסטער — לאה גרינבערג

פעטער — הערשל גורפינקל

מומע — טאָבאַ גורפינקעל

קוזין — נחמן גורפינקל
און פרוי רויזע
נאָווי סווירזשען

קוזינע — מינקע גורפינקל
וואַרשע

| | | |
|---|---|---|
| **יצחק אלחנן דזשאָזעפס** | ברודער | **משה קרעטשמער**<br>באַכמוט, יאַנואַר 1942<br>(כ׳ טבת) |
| | שוועגערין | **טעמע קרעטשמער**<br>באַכמוט, יאַנואַר 1942 |
| | שוועסטער | **שיינע קרעטשמער**<br>קרים, 1942־1943 |
| | שוועסטער | **שרה רבקה באַרלינסקי**<br>כאַרקאָוו, 1942־1943 |
| | שוואָגער | **שלמה בארלינסקי**<br>כאַרקאָוו 1942־1943 |
| **שמואל און מאַטל דראַנזשעק**<br>(געב. שינדעלמאַן) | טאַטע<br>מאַמע | **אנשל דראַנזשעק**<br>**נעשע גיטל**<br>אין טרעבלינקע 1942 |
| | ברודער | **יצחק און משפחה** |
| | ברודער | **חיים מיט משפחה** |
| | שוועסטער | **מלכה מיט משפחה** |
| | שוועסטער | **באַלטשע**<br>אַלע אין וואַרשעווער געטאָ |
| **גדליה דרעשמאַן** | טאַטע | **משה הערש קירשנבאום**<br>אין אוישוויץ |
| | מאַמע | **דבורה דרעשמאַן**<br>אין אוישוויץ |
| | ברודער | **חיים ישראל קירשנבאום**<br>אין אוישוויץ |
| | שוועסטער | **שרה קירשנבאום**<br>אין אוישוויץ |
| | ברודער | **אליעזר קירשנבאום**<br>אין אוישוויץ |
| | פעטער | **וואָלף יעלין**<br>אין אוישוויץ |

